לענין-ביבליאטעק
סעריע № 1

ב. לענין (וו. אוליאַנאָוו).

# אויסגעוויילטע ווערק

באנד IV טייל 1

## די אימפעריאליסטישע מילכאָמע

אידיש ד. האָכבערג

צענטראלער פארלאג פאר די פעלקער פון פ. ס. ס. ר.
מאָסקווע 1925

# פון דער רעדאַקציע

קעדיי בעסער צו פאַרשטיין לענינס ווערק, איז גוט פריער האָבן איבערגעלייענט אַ וועלכע ניט איז געשיכטע פון ר. ק. פּ. אף אידיש זיינען פאראַן:

**זינאָוויעוו** — געשיכטע פון ר. ק. פּ.

**בובנאָוו** — גרונטמאָמענטן אין דער געשיכטע פון ר. ק. פּ.

**קאַמעניעוו** — וו. אי. לענין און די געשיכטע פון ר. ק. פּ.

ס'איז אויך נויטיק צו האָבן איבערגעלייענט וועגן לענינס לעבן און טעטיקייט. אף אידיש איז פאַראַן:

**עסטער** — לענין און זיין ארבעט.

די עפּאָכע, צו וועלכער עס באַציט זיך דער איצטיקער באַנד, איז כאַראַקטעריזירט אין דעם קאַפּיטל XXII: „לענין און די וועלט-מילכאָמע".

וועגן די באַגריפן, וועלכע ווערן אָפט איבערגעכאַזערט אין דעם באַנד — „עקאָנאָמיסטן", „ליקווידאַטאָריי", „דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון אַרבעטער און פויערים" א. אז. וו. — וועט דער לעזער געפינען דערקלערונגען אין די פריערדיקע קאַפּיטלען פון דעמזעלביקן בוך.

---

# 1914-טע יאָר.

## די מילכאמע און די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

די אייראָפּעאישע מילכאָמע, וועלכע איז אין א מעשעך פון צענדליקער יאָרן צוגעגרייט געוואָרן דורך די רעגירונגען און דורך די בורזשואַזע פּאַרטייען פון אַלע לענדער, האט אויסגעבראָכן. דער וואוקס פון באַוואָפענונגען, די געוואַלטיקע פאַרשארפונג פונם קאַמף פאַר מערק אין דער עפּאָכע פון דער נייסטער, אימפּעריאַליסטישער אַנטוויקלונג-סטאַדיע פונם קאַפּיטאַליזם אין די פאָרגעשריטענע לענדער; די דינאַסטישע אינטערעסן פון די סאַמע אָפּגעשטאַנענע מיזרעך-אייראָפּעאישע מאָנארכיעס — דאס אלץ האט אומפארמיידלעך געמוזט ברענגען און געבראכט צו דערדאָזיקער מילכאָמע. נייע ערד-פלעצער פארכאפּן און אונטערטעניק מאכן פרעמדע נאַציעס, די קאנקורירנדיקע נאציעס רואינירן, אירע אויצרעס אוועקגאזלענען, די אויפמערקזאמקייט פון די אַרבעטנדיקע מאסן אָפּווענדן פון די אינעווייניקסטע פּאָליטישע קריזיסן אין רוסלאַנד, דייטשלאנד, ענגלאַנד און אין אנדערע לענדער, די אַרבעטער צעשיידן און נאַציאָנאַליסטיש זיי פארשיקערן, דעם אַוואַנגאַרד פון די אַרבעטערמאַסן פאַרטיליקן, קעדיי אָפּצושוואכן די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג פונם פּראָלעטאַריאַט — אָט וואס עס איז דער איינציקערווירקלעכער אינהאלט, דער באַטייט און דער זינען פון דער איצטיקער מילכאָמע.

אַף דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ליגט, קוידעמקאָל, אַ כויוו אויפצוקלערן דעמדאָזיקן עמעסן באַדייט פון דער מילכאָמע און אָן ראַכמאָנעס אויפדעקן דעם ליגן, די סאָפיזמען און די „פּאַטריאָטישע" פראַזן, וואָס די הערשנדיקע קלאַסן, די פּריצים און די בורזשואזיע פארשפרייטן, קעדיי צו באַרעכטיקן די מילכאָמע.

בעראָש פון איין גרופּע קריגפירנדיקע נאַציעס שטייט די דייטשישע בורזשואַזיע. דידאָזיקע בורזשואזיע נאַרט דעם אַרבעטערקלאַס און די אַרבעטנדיקע מאַסן, איינריידנדיק זיי, אַז זי פירט א מילכאָמע, קעדיי צו פּארטיידיקן דאָס פאָטערלאנד, די פרייהייט און די קולטור, אַז זי קעמפט קעדיי צו באַפרייען די פעלקער, וואס זיינען אונטערדריקט דורכן צאַריזם, קעדיי כאָרעוו צו מאַכן דעם רעאַקציאָנערן צאַריזם. אין דערעמעסן אָבער האָט זיך גראָד דידאָזיקע בורזשואַזיע די גאַנצע צייט קנעכטיש נאָכגעשלעפּט נאך די פרייסישע יונקערס מיט ווילהעלם דעם צווייטן אין דער שפּיץ און איז שטענדיק

געווען די סאַמע טרייע פאַרבינדעטע פונם צאַריזם און אַ דאמסוינע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די אַרבעטער און פויערים אין רוסלאַנד. אין דער ווירקלעכקייט איז, ווי די מילכאָמע זאָל זיך ניט ענדיקן, וועט דידאָזיקע בורזשואזיע צוזאמען מיט די יונקערס אָנווענדן אלע אירע קויכעס אַף אונטערצוהאלטן די צאַרישע מאָנארכיע קעגן דער רעוואָלוציע אין רוסלאנד.

אין דערעמעסן האט די דייטשישע בורזשואַזיע אונטערגענומען איר רויבערישן מאַרש קעגן סערביע, קעדיי איינצונעמען זי און דערשטיקן די נאַציאָנאלע רעוואלוציע פון די דאָרעם-סלאוון. און אין דערזעלביקער צייט האָט דידאָזיקע בורזשואזיע געווענדעט די הויפט-מאסע פון אירע מיליטערישע קרעפטן קעגן די פרייערע לענדער, קעגן בעלגיע און פראַנקרייך, קעדיי צו באגאזלענען דעם רייכערן קאָנקורענט. פארשפרייטנדיק באָבע-מאיסעס וועגן דעם, אַז פון איר זייט ווערט געפירט א פארטיידיקונגס-קריג, האט די דייטשישע בורזשואזיע פאַקטיש אויסגעקליבן דעם סאַמע גינסטיקן, לויט איר מיינונג, מאָמענט פאר א מילכאָמע, אויסנוצנדיק אירע לעצטע דערגרייכונגען אין מיליטערישער טעכניק, איידער ס'זיינען פארווירקלעכט געוואָרן די נייע באוואָפענונגען, וואס זיינען שוין אָנגעמערקט און אָנגענומען געווארן אין רוסלאנד און אין פראַנקרייך.

בעראָש פון דער צווייטער גרופע קריגפירנדיקע נאציעס שטייט די ענגלישע און פראנצויזישע בורזשואזיע, וועלכע נארט דעם ארבעטערקלאס און די ארבעטנדיקע מאַסן, איינריידנדיק זיי, אַז זי פירט א מילכאָמע, קעדיי צו באַשיצן דאס פאָטערלאנד, די פרייהייט און די קולטור קעגן דעם מיליטאריזם און דעספאָטיזם פון דייטשלאנד. אין דער ווירקלעכקייט אָבער האט דידאָזיקע בורזשואזיע פאר אירע מיליארדן שוין לאנג געהאט געדונגען די כאַיאָלעס פונם רוסישן צאַריזם, פון דער סאַמע רעאַקציאָנערער און באַרבאַרישער מאָנארכיע אין אייראָפע, און געגרייט זיי צום אָנפאל אף דייטשלאנד.

פאַקטיש איז פאַר דער ענגלישער און פאר דער פראנצויזישער בורזשואַזיע דער ציל פון זייער קאַמף — פאַרכאפן די דייטשישע קאָלאָניעס און כאָרעוו מאכן די קאָנקורירנדיקע נאַציע, וואס צייכנט זיך אויס מיט איר גיכערער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג, און צוליב דעמדאזיקן פיינעם ציל העלפן די „פראָגרעסיווע”, דעמאָקראטישע נאציעס דעם ווילדן צאריזם נאך שטארקער צו דריקן פוילן, אוקראינע און אזוי וו., נאך שטאַרקער צו שטיקן די רעוואָלוציע אין רוסלאנד.

ביידע גרופעס קריגפירנדיקע לענדער שטייען אַף אַ האָר ניט אפ איינע פון דער אנדערער אין פראַט פון גזיילעס, רעציכעס און אומענדלעכע מילכאָמע-אַכזאָריעס. קעדיי אָבער אָפצונארן דעם פראָלעטאריאט און אָפווענדן זיין אויפמערקזאמקייט פון דער איינציקער באפרייערישער מילכאָמע, ד. ה. פון דעם בירגער-קריג קעגן דער בורזשואזיע סאַי פון דעם „אייגענעם” לאנד, סאַי פון די „פרעמדע” לענדער, — צוליב דעמדאזיקן הויכן ציל פלייסט זיך די בורזשואזיע פון יעדן לאנד דורך פאלשע פראזן וועגן פאטריאָטיזם צו דערהויבן דעם באדייט פון „איר” נאציאָנאלער מילכאָמע און איינצוריידן, אז זי שטרעבט

בייצוקומען דעם קעגנער ניט צוליב רויבן און פארכאפּן ערד, נאר צוליב דער „באפרייאונג" פון אַלע אַנדערע פעלקער, אַכוץ איר אייגענעם פאלק.

וואס פלייסיקער אָבער די רעגירונגען און די בורזשואזיע פון אלע לענדער באמיען זיך פאנאנדערצושיידן די ארבעטער און ארויפוואַרפן זיי איינע אף די אנדערע, וואס אַכזאָריעסדיקער זי װאוּנדעט אָן צוליב דעמדאָזיקן דערהויבענעם ציל די סיסטעם פון קריגצושטאנדן און פון קריג-צענזור (אַפילע איצט, אין דער צייט פון מילכאָמע רוידעפט זי פיל מער דעם „אינערלעכן", איידער דעם אויסערלעכן פיינט), — אלץ דרינגענדיקער איז דער באוואוסטזיניקער פראָלעטאריער מעכויעוו צו פארטיידיקן זיין קלאסן-אייניקייט, זיין אינטערנאציאָנאליזם, זיינע סאָציאליסטישע איבערצייגונגען קעגן דער שאָוויניסטישער וואקכאנאליע פון דער „פּאַטריאָטישער" בורזשואזער קנופיע *) אין אלע לענדער. א-זאָגן זיך פון דעררדאזיקער אויפגאבע וואָלט פאר די באוואוסטזיניקע ארבעטער געהייסן אלציינס ווי אָפּזאגן זיך פון אלע זייערע באפרייערישע און דעמאָקראטישע, שוין ניט גערעדט פון סאָציאליסטישע, שטרעבונגען.

מיט א געפיל פון טיפסטער פארביטערטקייט קומט אויס צו קאָנסטאטירן, אז די סאָציאליסטישע פּארטייען פון די וויכטיקסטע אייראָפּעאישע לענדער האבן דידאזיקע אויפגאבע זייערע ניט אויסגעפילט, און די אויפירונג פון די לידערס פון דידאָזיקע פארטייען — ביפראט פון דער דייטשישער פּארטיי — גרעניצט מיט דירעקטן פאראט בעניגייע צום סאָציאליזם. אין א מאָמענט פון גרעסטער אלוועלטלעכער היסטארישער וויכטיקייט פרואווט דער גרעסטער טייל אָנפירער פונם איצטיקן, צווייטן (1889—1914) סאָציאליסטישן אינטערנאציאָנאל אונטערצורוקן אנשטאט סאָציאליזם דעם נאציאָנאליזם. אדאנק דערדאזיקער אויפירונג פון די פירער, האבן די ארבעטער-פּארטייען פון דידאזיקע לענדער ניט געשטעלט זיך אנטקעגן דער פארברעכערישער אויפירונג פון די רעגירונגען, נאָר, פארקערט, זיי האבן גערופן דעם ארבעטערקלאס, אַז ער זאל צונויפגיסן זיין פּאָזיציע מיט דער פּאָזיציע פון די אימפעריאליסטישע רעגירונגען. די פירער פונם אינטערנאציאנאל האבן פאראטן דעם סאָציאליזם דערמיט, וואס זיי האבן געשטימט פאר קריגס-קרעדיטן, וואס זיי האבן נאָכגעזאגט די שאָוויניסטישע („פּאַטריאָטישע") לאָזונגען פון דער בורזשואזיע פון „זייערע" לענדער, וואס זיי האבן פארענטפערט און פארטיידיקט די מילכאָמע, וואס זיי זיינען אַריינגעטראָטן אין די בורזשואזע מיניסטעריומס פון די קריגפירנדיקע לענדער און אז. וו. און ד. גל. די סאַמע איינפלוסרייכע סאציאליסטישע פירער און די סאמע איינפלוסרייכע אָרגאַנען פון דער סאציאליסטישער פּרעסע אין דער איצטיקער אייראָפּע שטייען אף א שאוויניסטיש-בורזשואזן און ליבעראלן שטאנדפּונקט, בעשום אויפן ניט אף קיין סאָציאליסטישן. די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר אזא שענדן דעם סאָציאליזם לייגט זיך קוידעמקאל אף די דייטשישע סאָציאלדעמאקראטן, וועלכע זיינען געוועזן די שטארקסטע און איינפלוסרייכסטע פּארטיי פונם צווייטן אינטערנאציאנאל. מע קאָן אָבער אויך ניט פארענטפערן די פראנצויזישע

*) קנופיע — קאמפאניע, כעווריע.

סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן פאַרנומען מיניסטערשע פּאָסטנס אין דער רעגירונג פון דערזועלביקער בורזשואזיע, וואָס האָט געהאַט פאַראַטן איר אייגן לאַנד און האָט זיך געהאַט פאַרייניקט מיט ביסמאַרקן, קעדיי צו דערשטיקן די קאָמונע.

די דייטשישע און די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן פּרואוון זיך זייער פּאָזיטיווע באַציאונג צו דער מי[...]אָמע צו פאַרענטפערן דערמיט, וואָס אַף אַזאַ אויפן קעמפן זיי קלוימערשט מיטן רוסישן צאַריזם. מיר, די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, דערקלערן, אַז אַזאַ מין באַרעכטיקונג האַלטן מיר פאַר אַ פּאָשעטן סאָפיזם. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קעגן צאַריזם האָט אין די לעצטע יאָרן ווידער אָנגענומען אין אונזער לאַנד אַ קאָלאָסאַלן פאַרנעם.

אין דער שפּיץ פון דערדאָזיקער באַוועגונג איז די גאַנצע צייט געגאַנגען דער רוסלענדישער אַרבעטערקלאַס. די מיליאָנקעפּיקע פּאָליטישע שטרייקן פאַר די לעצטע יאָרן זיינען געגאַנגען אונטערן לאָזונג „אַראָפּ דעם צאַריזם" און אונטער דער פּאָדערונג פון אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק. ערשט גאָר ניט לאַנג, ערעוו דער מילכאָמע, האָט פּואַנקאַרע, דער פּרעזידענט פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק, געהאַט די מעגלעכקייט בעשאַס זיין וויזיט בא ניקאָלאַי דעם צווייטן צו זעען מיט די אייגענע אויגן אַף די פּעטערבורגער גאַסן די באַריקאַדן, וואָס זיינען געבויט געוואָרן מיט די הענט פון די רוסישע אַרבעטער. דער רוסלענדישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיינע קאָרבאָנעס, אַבי נאָר צו באַפרייען די גאַנצע מענטשהייט פון דער שענדלעכער צאַרישער מאָנאַרכיע. מיר מוזן אָבער זאָגן, אַז אויב באַ געוויסע באַדינגונגען קאָן עפּעס יאָ פאַרהאַלטן דעם אונטערגאַנג פונם צאַריזם, אַז אויב עפּעס קאָן יאָ מיטהעלפן דעם צאַריזם אין זיין קאַמף קעגן דער גאַנצער רוסלענדישער דעמאָקראַטיע, איז דאָס גראָד די איצטיקע מילכאָמע, וועלכע האָט דעם געלטזאַק פון דער ענגלישער, פראַנצויזישער און רוסישער בורזשואזיע איבערגעגעבן אַף צו באַדינען די רעאַקציאָנערע צילן פונם צאַריזם. און אויב עפּעס קאָן יאָ שווערער מאַכן דעם קאַמף פונם רוסלענדישן אַרבעטער-קלאַס קעגן צאַריזם, איז דאָס גראָד די אויפירונג פון די פירער פון דער דייטשישער און עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, — די אויפירונג, מיט וועלכער די שאָוויניסטישע פּרעסע אין רוסלאַנד הערט ניט אויף צו שטעכן אונז די אויגן.

אויב מיר זאָלן אַפילע נאָכגעבן, אַז דער מאַנגל אין קויכעס איז באַ דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געווען אַזוי גרויס, אַז דאָס האָט זי געקאָנט צווינגען אָפּצוזאָגן זיך פון וואָסערע ס׳ניט איז רעוואָלוציאָנערע מאַסים, — איז אין אַזאַ פאַל אַפילע האָט זי אויך בעשום אויפן ניט געטאָרט צושטיין צום שאָוויניסטישן לאַגער. האָט זי ניט געטאָרט מאַכן אַזעלכע טריט, וועגן וועלכע די איטאַליענישע סאָציאַליסטן האָבן מיט רעכט געקאָנט זאָגן, אַז די פירער פון די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן מאַכן צו שאַנד די פאָן פונם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַל.

אונזער פּאַרטיי, די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי האָט שוין געבראַכט און וועט נאָך ברענגען גרויסע קאָרבאָנעס אין פאַרבינדונג מיט דער מילכאָמע. אונזער גאַנצע לעגאַלע אַרבעטער-פּרעסע איז

פאַרניכטעט. דאס ראָוו פאַרייינען זיינען פאַרמאַכט, פיל פון אונזערע כאַוויירים זיינען אַרעסטירט און פאַרשיקט. אונזער פּאַרלאַמענטאַרישע פאַרשטייערשאַפט — די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פּראַקציע אין דער מלוכע-דומע — האָט אָבער געהאַלטן פאַר איר אומבאַדינגטן סאָציאַליסטישן כויוו ניט צו שטימען פאַר די קריגס-קרעדיטן און האָט אַפילע פאַרלאָזט דעם זיצונג-זאַל פון דער דומע, קעדיי נאָך מער ענערגיש אויסצודריקן איר פּראָטעסט, זי האָט געהאַלטן פאַר איר כויוו צו שטעמפּלען די פּאָליטיק פון די אייראָפּע-אישע רעגירונגען, ווי אַ אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק. און ניט געקוקט אָפן פאַרצענפאַכטן דרוק פון דער צאַרישער רעגיר.גג, גיבן שוין אונזערע כאַוויי-רים אַרבעטער אין רוסלאַנד אַרויס זייערע ערשטע אומלעגאַלע אויפרופן קעגן דער מילכאָמע און פילן אויס זייער כויוו בענויגייע דער דעמאָקראַטיע און דעם אינ-טערנאַציאָנאַל.

אויב די פאָרשטייער פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע — אין דער פּערזאָן פון דער מינדערהייט אין דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָ-קראַטיע און פון די בעסטע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין די נייטראַלע לענדער — לעבן איבער אַ ברענענדיקן געפיל פון ביזאָיען אין פאַרבינדונג מיט דעם דאָזיקן באַנ-קראָט פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל; אויב סאָציאַליסטישע שטימען קעגן דעם שאָ-וויניזם פון דער מערהייט סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטייען לאָזן זיך הערן סאַי אין ענגלאַנד, סאַי אין פראַנקרייך; אויב די אָפּאָרטוניסטן (אין דער פּערזאָן פון די דייטשישע "סאָציאַליסטישע מאָנאַטהעפטן", צום ביישפּיל), וואָס שטייען שוין פון לאַנג אָף אַ נאַציאָנאַל-ליבעראַלער פּאָזיציע, פייערן מיט פולן רעכט זייער ניצחון איבערן אייראָפּעאישן סאָציאַליזם — איז די גרעסטע ראָע ברענ-גען דעם פּראָלעטאַריאַט די, וואָס וואַקלען זיך צווישן אָפּאָרטוניזם און רעוואָ-לוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע (ווי דער "צענטר" אין דער דייטשישער ס.ד. פּאַרטיי), די, וואָס פּרואוון זיך צו פאַרשווייגן און מיט דיפּלאָמאַטישע פראַזן צו פאַרדעקן דעם באַנקראָט פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

פאַרקערט, מע דאַרף אָפן אנערקענען דעם דאָזיקן באַנקראָט און פאַר-שטיין די סיבעס, וואָס האָבן געבראַכט צו אַזאַ באַנקראָט, קעדיי מע זאָל זיין אימשטאַנד צו בויען אַ נייע, מער פעסטע סאָציאַליסטישע פאַרייניקונג פאַר די אַרבעטער פון אַלע לענדער.

די אָפּאָרטוניסטן האָבן אַרונטערגעריסן די באַשלוסן פון שטוטגאַרטער, קאָפּענהאַגענער און באַזעלער קאָנגרעסן, וועלכע האָבן פאַרפליכטעט די סאָ-ציאַליסטן פון אַלע לענדער צו קעמפן קעגן שאָוויניזם באַ יעדע מעגלעכע באַ-דינגונגען, וואָס האָבן פאַרפליכטעט די סאָציאַליסטן, אַז אָף יעטווידער מילכאָ-מע, וואָס די בורזשואַזיע און זייערע רעגירונגען הויבן אָן, זאָלן זיי ענטפערן מיט אַ פאַרשטאַרקטער אַגיטאַציע פאַר אַ בירגערקריג און פאַר אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער קראַך פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז אַ קראַך פון דעם אָפּאָרטוניזם, וועלכער איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן אָפן באָדן פון די באַזונ-דערקייטן, מיט וועלכע די פאַרגאַנגענע (די אַזוי גערופענע "פרידלעכע") היס-טאָרישע עפּאָכע האָט זיך אויסגעצייכנט, און וועלכער האָט אין די לעצטע

ָרן באקומען די פאַקטישע איבערהאַנט אינם אינטערנאציאָנאל. די אָפּאָרטו=
ניסטן האבן שוין לאנג צוגעגרייט דעמדאָזיקן באַנקראָט דערמיט, וואס זיי
האבן אָפּגעלייקנט די סאָציאליסטישע רעוואָלוציע און פאַרביטן זי אַף בורזשו-
אַזן רעפאָרמיזם. דערמיט, וואס זיי האבן אָפּגעלייקנט דעם קלאַסנקאמף מיט
זיין נויטיקייט צו פארוואַנדלען אים אין געוויסע מאָמענטן אין אַ בירגערקריג
און האבן געפריידיקט מיטארבעטערשאפט צווישן קלאסן. דערמיט, וואס זיי
האבן געפריידיקט דעם בורזשואַזן שאָוויניזם אונטערן נאָמען פון פאַטריאָטיזם
און פאָטערלאנד-פארטיידיקונג און האבן איגנאָרירט אָדער אָפּגעלייקנט דעם
הויפּט-עמעס פונם סאָציאליזם, וועלכער איז נאך פאָרמולירט געווארן אין קאָ=
מוניסטישן מאַניפעסט — דעם עמעס, אז די אַרבעטער האבן ניט קיין פאָטער-
לאנד. דערמיט, וואס אין זייער קאמף קעגן מיליטאריזם האבן זיי זיך גע=
שטעלט אף אַ סאנטימענטאל=באלעבאטישן שטאנדפונקט, אנשטאָט צו אנערקענען
די נויטיקייט פון א רעוואלוציאָנערער מילכאָמע פון די פראָלעטאריער פון
אלע לענדער קעגן דער בורזשואזיע פון אלע לענדער. דערמיט, וואס אנ-
שטאט אויסצונוצן אין דער נויטיקער מאָס דעם בורזשואזן פארלאמענטאריזם
און די בורזשואזע לעגאלקייט, האבן זיי דידאזיקע לעגאלקייט פארוואנדלט אין
אַן אָפּגאָט און האבן אינגאנצן פארגעסן די אומבאדינגטע נויטיקייט פון אומ-
לעגאלע פאָרמען פון אָרגאניזאציע און אַגיטאַציע אין די עפּאָכעס פון קריזיסן.
דער נאטירלעכער „צוגאב" צום אָפּאָרטוניזם — פונקט אַזאַ בורזשואזער און
פיינטלעכער צו דעם פּראָלעטארישן, ד. ה. צו דעם מארקסיסטישן שטאנד-
פונקט — די אַנאַרכיש=סינדיקאליסטישע באוועגונג, האט זיך ניט ווייניקער שענד-
לעך אויסגעצייכנט דערמיט, וואס זי האט מיט אַ זעלבסטצופרידנקייט איבער=
געכאזערט די לאָזונגען פון שאָוויניזם אין דער צייט פונם איצטיקן קריזיס.

ס'איז אומעגלעך אויסצופילן די אויפגאבן פונם סאָציאליזם אין דער
איצטיקער צייט, ס'איז אומעגלעך דורכצופירן דיווירקלעכע אינטערנאציאָנאלע
פאראייניקונג פון די ארבעטער, אויב מע זאל אַפריער אינגאנצן ניט רייסן מיטן
אָפּאָרטוניזם און ניט אויפקלערן די מאסן, אז ער (דער אָפּאָרטוניזם) מוז אומ-
פארמיידלעך קומען צו א דורכפאל.

די אויפגאַבע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פון יעדן לאַנד דאַרף, קוי=
דעמקאָל, זיין דער קאַמף קעגן דעם שאָוויניזם פונם געגעבענעם לאַנד. אין
רוסלאַנד האָט דערדאָזיקער שאָוויניזם פולשטענדיק פאַרכאַפּט דעם בורזשואַזן
ליבעראַליזם („קאַדעטן") און אַ טייל פון די „פאָלקיסטן" ביז צו די ס. ר.
און די „רעכטע" ס. ד. (ס'איז באַזונדערס נויטיק צו שטעמפּלען די שאָוויניס-
טישע אַרויסטרעטונגען, לעמאָשל, פון יע. סמירנאָוון, פּ. מאַסלאָוון און ג. פּלע-
כאַנאָוון — אַרויסטרעטונגען, וואָס די בורזשואַז=„פּאַטריאָטישע" פּרעסע האט
אונטערגעכאַפּט און ברייט אויסגענוצט).

בא דער איצטיקער לאַגע איז פונם שטאַנדפּונקט פון צווישנפעלקערלעכן
פּראָלעטאַריאַט ניט מעגלעך צו באַשטימען, וועמעס (פון דיביידע גרופּעס
קריגפירנדיקע נאַציעס) מאַפּאָלע וואָלט געווען א קלענערע צאָרע פאַרן סאָציאַ-
ליזם. פאַר אונז אָבער, פאַר די רוסישע ס. ד., קאָן קיין שום סאָפעק ניט זיין,

אַז פונם שטאַנדפּונקט פונם אַרבעטערקלאַס און פון די האָרעפּאַשנע מאַסן פון אלע רוסלענדישע פעלקער וואָלט געווען די קלענסטע צאָרע, ווען ס׳זאָל באַקומען אַ מאַפּאָלע די צאַרישע מאָנארכיע, די סאַמע רעאַקציאָנערע און באַרבאַרישע רעגירונג, וועלכע אונטערדריקט די גרעסטע צאָל נאַציעס און די גרעסטע מאַסע באַפעלקערונג אין אייראָפּע און אין אזיע.

דער נאָענטסטער פּאָליטישער לאָזונג דאַרף באַ די ס. ד. פון אייראָפּע זיין די אָרגאַניזירונג פון רעפּובליקאַנישע פאַרייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע. צום אונטערשייד אָבער פון דער בורזשואַזיע, וועלכע איז גרייט „צוצוזאָגן“ וואס איר ווילט נאָר, אַבי נאָר אַריינצוציען דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַלגעמיינעם שטראָם פון שאָוויניזם, וועלן די ס. ד. אויפקלערן די גאנצע ליגנערישקייט און אומזיניקייט פונם דאָזיקן לאָזונג, אָן רעוואָלוציאָנער אראָפּוואַרפן די דייטשישע, עסטרייכישע און רוסישע מאָנאַרכיעס *).

אין רוסלאַנד, וואס צייכנט זיך אויס מיט זיין געוואָלטיקער אָפּגעשטאַנענקייט און וואס האט נאך ניט פאַרענדיקט זיין בורזשואַזע רעוואָלוציע, דאַרפן די אויפגאַבן פון די ס. ד. זיין, ווי ביז אַהער, די דריי הויפּט-באַדינגונגען פון אויסגעהאלטענער דעמאָקראַטישער איבערבויאונג: דעמאָקראַטישע רעפּובליק (באַ פולער גלייכבאַרעכטיקונג און זעלבסטבאַשטימונג פון אלע נאַציעס), קאָנפיסקאַציע פון דער פּריצישער ערד און אַכטשאָעדיקער אַרבעטסטאָג. אָבער אין אַלע פּאָרגעשריטענע לענדער שטעלט די מילכאָמע אָפן טאָגסיידער דעם לאָזונג פון אַ סאָציאָליסטישער רעוואָלוציע, א לאָזונג, וואס ווערט אַלץ מער דרינגענדיק, וואס מערער די שווערקייטן פון דער מילכאָמע לייגט זיך אָף די אַקסלען פונם פּראָלעטאַריאַט, וואס אַקטיווער ס׳וועט דאַרפן ווערן די ראָלע זיינע באַם אויפשטעלן אייראָפּע נאָך די שרעקן פון מאָדערנעם „פּאַטריאָטישן“ באַרבאַריזם, אָפן יעסאָד פון די גיגאַנטישע טעכנישע דערגרייכונגען פונם גרויסן קאַפּיטאַליזם. די בורזשואַזיע נוצט אויס די געזעצן פון קריגצייט, קעדיי צו פאַרשטאָפּן אינגאַנצן דאס מויל דעם פּראָלעטאַריאַט. דאס שטעלט פאַרן פּראָלעטאַריאַט אַן אומבאַדינגטע אויפגאַבע צו שאַפן אומלעגאַלע פאָרמען פון אַגיטאַציע און אָרגאַניזאַציע. זאָלן די אָפּאָרטוניסטן „היטן“ די לעגאַלע

*) די פאָדערונג פון פאַרייניקטע אייראָפּעאישע שטאַטן, אין דער פאָרם, אין וועלכער ס׳האָט זי ארויסגעשטעלט דער מאניפעסט פון צ. ק., וועלכער האָט צו איר צוגעגעבן דעם צורוף אראָפּצוּוואַרפן די רוסישע, עסטרייכישע און דייטשישע מאָנאַרכיעס,—אונטערשיידעט זיך פון דעם פּאַציפיסטישן פּיירעש, וואָס קאַאוטסקי און אנדערע גיבן צו דעמדאָזיקן לאָזונג. אין № 44 פונם צענטראַלן ארגאַן פון אונזער פּאַרטיי: „סאָציאל דעמאָקראַט“ איז אין נאָמען פון דער רעדאַקציע אפּגעדרוקט אַן ארטיקל, וואו ס׳ווערט דערוויזן די עקאָנאָמישע ניטריכטיקייט פונם לאָזונג „אייראָפּעאישע פּאַרייניקטע שטאַטן“. איינס פון די ביידע: אדער דאָס איז א פאָדערונג, וואָס קאָן ניט פאַרווירקלעכט ווערן באַם קאַפּיטאַליזם, א פאָדערונג, וואָס מיינט איינצושטעלן א פּלאַנמעסיקייט אין דער וועלט-ווירטשאַפט באַם צעטיילן די קאָלאָניעס, די ווירקונג-ספערעס און ד. גל. צווישן איינצלנע לענדער; אדער דאָס איז א לאָזונג א רעאַקציאָנערער, וואָס באַדייט אַ צייטווייליקן פאַרבאַנד פון די גרויסע אייראָפּעאישע מלוכעס, קעדיי מיט מער דערפאָלג דריקן די קאָלאָניעס און בארויבן די לענדער, וואָס צייכענען זיך אויס מיט א גיכערער אנטוויקלונג—יאַפּאָניע און אמעריקע.

אנמערקונג פון רעדאקציע „סאציאַל-דעמאָקראַט“.

אָרגאַניזאַציעס, באַצאָלנדיק דערפאר מיט א פּאַראַט צו זייערע אייגענע איבערצייגונגען, — די רעוואָלוציאָנערע ס.ד. וועלן אויסנוצן די אָרגאַניזאַציאָנעלע געוויינהייטן און פאַרבינדונגען פונם ארבעטערקלאַס קעדיי צו שאַפן אזעלכע אומלעגאלע פאָרמען פון קאַמף כּארן סאָציאַליזם, וואס פּאַסן פאר דער עפּאָכע פון קריזיס, פאָרמען פון פאַרייניקן די ארבעטער ניט מיט דער שאָוויניסטישער בורזשואזיע פון זייער לאַנד, נאָר מיט די אַרבעטער פון אלע לענדער. דער פּראָלעטארישער אינטערנאַציאָנאַל איז ניט אומגעקומען און וועט ניט אומקומען. די אַרבעטער-מאַסן וועלן, ניט געקוקט אַף אלע מעניעס, שאַפן א נייעם אינטערנאַציאָנאַל, דער איצטיקער טריומף פונם אָפּאָרטוניזם וועט ניט לאַנג דויערן. וואָס מער קאָרבאָנעס די מילכאָמע וועט פאָדערן, אלץ קלאָרער וועט פאר די ארבעטערמאַסן ווערן, אַז די אָפּאָרטוניסטן פאַראַטן די ארבעטער-זאַך, אלץ קלאָרער וועט ווערן די נייטיקייט צו ווענדן דעם שווערד אַקעגן דער רעגירונג און אַקעגן דער בורזשואזיע פון יעדן לאַנד.

פאַרוואַנדלען די איצטיקע אימפעריאַליסטישע מילכאָמע אין א בירגער-קריג — דאס איז דער איינציק-ריכטיקער פּראָלעטארישער לאָזונג, וועלכער ווערט אָנגעוויזן דורך דער דערפאַרונג פון דער קאָמונע, דער איינציק ריכטיקער לאָזונג, וועלכער איז אָנגעצייכנט געוואָרן אין 1912-טן יאָר אין דער באַזעלער רעזאָלוציע, און וועלכער דרינגט ארויס פון אלע באַדינגונגען פון א אימפעריאַליסטישער מילכאָמע צווישן הויך אנטוויקלטע בורזשואזע לענדער. ווי גרויס ס'זאָלן זיך אין דער אָדער יענער מינוט ניט אויסווייזן די שוועריקייטן פון אזא פאַרוואַנדלונג, וועלן די סאָציאַליסטן, וויבאַלד די מילכאָמע איז שוין געוואָרן א פאַקט, קיינמאָל זיך ניט אָפּזאָגן פון א סיסטעמאַטישער, אַקשאָנעסדיקער און אומאָפּנויגלעכער צוגרייטונגס-ארבעט אין דערדאָזיקער ריכטונג.

נאָר אַף דעם וועג וועט דער פּראָלעטאַריאַט קאָנען זיך ארויסרייסן פון זיין אָפּהענגיקייט פון דער שאָוויניסטישער בורזשואזיע, נאָר אַף דעם וועג וועט ער אין דער אדער יענער פאָרם, מער אָדער ווייניקער גיכער, קאָנען מאַכן אנטשיידענע טריט אַפן וועג צו דער ווירקלעכער פרייהייט פון פעלקער און אַפן וועג צום סאָציאַליזם.

זאל לעבן די צווישנפעלקערלעכע ברודערשאַפט פון די אַרבעטער קעגן שאָוויניזם און פּאַטריאָטיזם פון דער בורזשואזיע אין אַלע לענדער!

זאל לעבן דער פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַל, א באַפרייטער פון אָפּאָרטוניזם!

צענטראַלער קאָמיטעט פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-
דעמאָקראַטישער ארבעטער-פּאַרטיי.

„סאציאל-דעמאקראט“ נומ. 33
פון 1-טן נאיאבר 1914-טן יאר.

# וועגן דער מאפאלע פון דער אייגענער רעגירונג אין א אימפעריאליסטישער מילכאמע.

אַ רעוואָלוציאָנערער קלאַס קאָן ניט בעאייס א רעאַקציאָנערער מילכאָמע ניט וועלן, אַז זיין רעגירונג זאל באַקומען אַ מאַפּאָלע.

דאס איז אן אַקסיאָמע. קעגן דעררעאָזיקער אַקסיאָמע טרעטן ארויס בלויז באוואוסטזיניקע אָנהענגער אָדער אומבאַהאָלפענע מעשאָרסים פון די סאָציאַל-שאָוויניסטן. צו די ערשטע געהערט, לעמאָשל, סעמקאָווסקי פונם אָ. ק. *) (איזוועסטיע פון אָ. ק. נומ. 2). צו די צווייטע געהערן טראצקי און בוקוואיעד, און אין דייטשלאנד — קאַאוטסקי. „ווען, אַז רוסלאנד זאל באקומען א מאפאלע“ — שרייבט טראצקי — דאס איז א מין נאכגעבן (וואס איז פון גארניט ארויסגערופן און מיט גארניט בארעכטיקט) דער פּאָליטישער מעטאדאלאגיע פונם סאָציאַל-פּאטריאטיזם, וועלכער פארבייט דעם רעוואלוציאָנערן קאמף קעגן דער מילכאמע און קעגן די סיבעס, וואס האבן זי ארויסגערופן, מיט א פולקום ניט באגרינדעטער (אין די געגעבענע באדינגונגען) אריענטאַציע אַף דער ליניע פון א וואס קלענערער צארע“ (Наше Слово נומ. 105).

אט האט איר א מוסטער פון אויפגעבלאזענע פראזן, מיט וועלכע טראצקי באַרעכטיקט שטענדיק דעם אפארטוניזם. „רעוואלוציאנערער קאמף קעגן מילכאמע“ — דאס איז אַ פוסטער און א אינהאלטלאזיקער אויסגעשריי (אַף אזעלכע פראַזן זיינען די העלדן פונם II אינטערנאציאנאל גרויסע בעריעס), אויב מע זאל מיט דעם ניט האבן אין זינען קיין רעוואלוציאנערע מאיסים קעגן דער אייגענער רעגירונג און אין דער צייט פון מילכאמע. ס'איז גענוג עטוואס א טראַכט צו טאן, אַז מע זאל דאס פאַרשטיין. און רעוואלוציאנערע מאַיסים קעגן דער אייגענער רעגירונג אין אַ צייט פון מילכאמע באדייטן, אן א שום כאפעק, אן א עום שטרייט, ניט נאר וועלן א מאַפאלע, נאר פאַקטיש מיטהעלפן, אז די אייגענע רעגירונג זאל באַקומען די מאפּאָלע (פארן „פארשטאנדיקן לייענער“: דאס הייסט גארניט, אַז מע דאַרף „אויפרייסן בריקן“, איינארדענען ניט קיין געלונגענע מיליטערישע שטרייקן און אז. וו., נאר מע דארף העלפן די רעוואלוציאנערן, אז זיי זאלן ברענגען א מאפאלע דער רעגירונג).

וועלנדיק אפּאַטערן זיך מיט פראזן, האט טראָצקי זיך אליין פארפלאנטערט „צווישן דריי סאסנעס“. אים דוכט זיך, אַז וועלן אַ מאפאלע פאר רוסלאנד הייסט וועלן א ניצאכן פאר דייטשלאנד (בוקוואיעד און סעמקאווסקי דריקן אפענער אויס דעמדאזיקן, געמיינזאמען מיט טראצקין, „געדאנק“ זייערן, ריכטיקער: געדאנקען-ניטרע-פארנקייט) און אין דעם כאזערט טראצקי איבער די „מעטאדאלאגיע פונם סאציאל-פאטריאטיזם“! קעדיי קומען צו הילף די מענטשן, וועלכע זיינען ניט אימשטאנד צו דענקען, האט די בערנער רעזאלוציע („סאציאַל-דעמאקראט“ נומ. 40) דערקלערט: אין אלע אימפעריאַליסטישע

*) אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט — דער צענטר, וועלכן די אַנטי-באָלשעוויסטישע פראקציעס האבן באשאפן אף דער אַווגוסט-קאָנפערענץ 1912. פאק.-יש דער מענשעוויסטישער צ. ק.

מילכאמעס דארף איצט דער פראלעטאריאט ווערן א מאפאלע פון זיין רעגירונג. בוקוואיעד און טראצקי האבן געפונען פאר בעסער צו פארשווייגן דעמדאזיקן עמעס. און סעמקאווסקי (אַן אפארטוניסט, וועלכער ברענגט מער פאר אלעמען נוצן דעם אַרבעטערקלאס דערמיט, וואס ער כאזוערט איבער נאַאיוו - אפנהערציק די בורזשואזע כאכמעס), סעמקאווסקי האט „ליבלעך א בראק געטאן״: דאס איז אַן אומזינען, ווייל מענאצייעך זיין קאן אדער דייטשלאנד, אדער רוסלאנד („איזוועסטיא״ נומ. 2)

נעמט דעם ביישפיל פון דער קאמונע. דייטשלאנד האט אפגעהאלטן אַ ניצאכן איבער פראנקרייך, און ביסמארק מיט טיערן האבן מענאצייעך געווען די ארבעטער! אויב בוקוואיעד און טראצקי וואלטן זיך אריינטראכטן, וואלטן זיי באמערקט, אז זיי שטייען אפן שטאנדפונקט פון א מילכאמע פון רעגירונ-גען און פון דער בורזשואזיע, ד. ה. אז זיי ווארפן זיך שקלאפיש אונ-טער אונטער דער „פאליטישער מעטאדאלאגיע פון סאציאל-פאטריאטיזם״, אויב מיר זאלן זיך אויסדריקן מיט טראצקיס געקינצלטער שפראך.

א רעוואלוציע אין אַ צייט פון מילכאמע — דאס איז א בירגערקריג. די פארוואנדלונג פון אַ מילכאמע צווישן רעגירונגען אין אַ בירגערקריג ווערט, פון איין זייט, פארגרינגערט דורך די מיליטערישע דורכפאלן פון די רעגירונגען און, פון דער אנדער זייט, — איז פאַקטיש אומעגלעך צו שטרעבן צו אַזאַ פאר-וואַנדלונג און דערמיט ניט מיטהעלפן גופע דער מאפאלע פון דער רעגירונג.

דעריבער שאקלען זיך אַזוי ענערגיש אפ פונם מאפאלע-„לאזונג״ די שאוויניסטן (מיטן א. ק., מיט טשכעאידזעס פראַקציע), ווייל נאר אַט דער לאָזונג אַליין באַדייט אַן אויסגעהאלטענע פראָפּאַגאַנדע פאר רעוואָלוציאָנערע אַקציעס קעגן דער אייגענער רעגירונג אין צייט פון מילכאָמע. און אָן אַזעל-כע רעוואָלוציאָנערע אַקציעס זיינען די מיליאָנען רעוואָלוציאָנערע פראזן וועגן מילכאָמע „קעגן דער מילכאָמע און קעגן די באדינגונגען און אז. וו.״ ניט ווערט קיין צעבראָכענעם גראָשן.

דער, וועלכער וואָלט ערנסט זיך אונטערגענומען אָפּצולייקענען דעם „לאָזונג״ פון אַ מאַפּאָלע פאַר דער אייגענער רעגירונג אין אַ אימפּעריאַליס-טישער מילכאמע, יענער וואָלט באַדאַרפט דערווייזן איינע פון אָט די דריי זאַכן: אָדער 1) אַז די מילכאָמע פון די יאָרן 1914—1915 איז ניט קיין רע-אַקציאָנערע; אָדער 2) אז ס'איז אומעגלעך א רעוואָלוציע אין פאר-בינדונג מיט דער מילכאָמע; אָדער 3) אז ס'איז אומעגלעך, אַז די רעוואָלוציאָ-נערע באוועגונגען אין אַלע קריגפירנדיקע לענדער זאָלן אַנטשפּרעכן און העלפן איינע דער אַנדערער. דער לעצטער מאמענט איז באזונדערס וויכטיק פאַר רוסלאַנד, ווייל דאָס איז אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד, וואו אומיטלבאַר איז די סאָציאַ-ליסטישע רעוואָלוציע אומעגלעך. דעריבער טאַקע האבן די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן די ערשטע באַדאַרפט ארויסטרעטן מיט דער טעאָריע און מיט דער פּראַקטיק פונם מאַפּאָלע-„לאָזונג״. און די צאַרישע רעגירונג איז געווען פולשטענדיק גערעכט, אַז די אַגיטאַציע פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָ-קראַטישער ארבעטער-פראַקציע — דער איינציקער מוסטער אינם אינטער-

נאַציאָנאַל ניט בלויז פון אַ פּאַרלאַמענטאַרישער אָפּאָזיציע, נאָר פון אַ ווירקלעך-רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע צווישן די מאַסן קעגן דער אייגענער רעגירונג, — אַז דידאָזיקע אַגיטאַציע האָט אָפּגעשוואַכט די „מיליטערישע קראַפט" פון רוסלאַנד, האָט מיטגעווירקט דער מאַפּאָלע אירער. דאָס איז אַ פאַקט. ס'איז ניט קלוג זיך אויסצובאַהאַלטן פון דעם פאַקט.

די קעגנער פונם מאַפּאָלע-לאָזונג האָבן פּאַשעט מוירע פאַר זיך אַליין און ווילן ניט מיט אָפענע אויגן אַ קוק טאָן אָפן דאָזיקן באַשיינפּערלעכסטן פאַקט, אַז די רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע קעגן דער רעגירונג קאָן ניט אָפּגעריסן ווערן פון מיטווירקונג דער מאַפּאָלע אירער.

צי איז מעגלעך די אַנטשפּרעכונג און די מיטווירקונג צווישן דער רעוואָלוציאָנערער (אין בורזשואַזי-דעמאָקראַטישן זינען) באַוועגונג אין רוסלאַנד און דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין מאַירעוו-אייראָפּע? אין דעם האָט פאַרן לעצטן צענדליק יאָר ניט געצווייפלט קיין איין סאָציאַליסט, ווען ס'איז נאָר אויסגעקומען עפנטלעך אַרויסצוטרעטן. און די באַוועגונג אינם עסטרייכישן פּראָלעטאַריאַט נאָכן 17-טן אָקטיאַבר 1905-טן יאָר האָט פאַקטיש דערוויזן דידאָזיקע מעגלעכקייט.

פרעגט ווען איר ווילט פון די, וואָס רופן זיך אָן סאָציאַל-דעמאָקראַטן-אינטערנאַציאָנאַליסטן, צי פילט ער מיט דעם אָפּמאַך צווישן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין פאַרשיידענע קריגפירנדיקע לענדער וועגן געמיינזאַמע רעוואָלוציאָנערע אַקציעס קעגן אַלע קריגפירנדיקע רעגירונגען? פיל וועלן ענטפערן אַז דאָס איז אומעגלעך, ווי ס'האָט געענטפערט קאַאוטסקי („נייע צייט" 2-טן אָקטיאַבר 1914), וועלכער האָט דערמיט פולשטענדיק דערוויזן זיין סאָציאַל-שאָוויניזם, ווייל, פון איין זייט, איז דאָס אַ בעפיירעשער, שרייענדיקער ליגן, וואָס לייקנט די אַלעמען באַוואוסטע פאַקטן און דעם באַזעלער מאַניפעסט, און — פון דער צווייטער זייט — ווען דאָס זאָל טאַקע זיין עמעס, וואָלטן דאָך דעמאָלט די אָפּאָרטוניסטן אין פיל הינזיכטן געווען גערעכט!

פילע וועלן ענטפערן, אַז זיי פילן מיט אַזאַ אָפּמאַך. און דאָך וועלן מיר זאָגן: אויב דערדאָזיקער מיטגעפיל איז ניט קיין צוויעסדיקער, איז דאָך לעכערלעך צו מיינען, אַז בעאייס אַ מילכאָמע און צוליב אַ מילכאָמע פאָדערט זיך אַן אָפּמאַך „לויט אַן איינגעשטעלטער פאָרם": אויסקלייבן פאַרשטייער, זיך באַגעגענען, אונטערשרייבן אַן אָפּמאַך, פעסטשטעלן דעם טאָג און די שאָ! אַזוי צו דענקען זיינען אימשטאַנד נאָר סעמקאָווסקיס. אַ העסקעם וועגן רעוואָלוציאָנערע מאַיסים אַפילע נאָר אין איין לאַנד, שוין אָפּגערעדט וועגן אַ רייע לענדער, איז מעגלעך צו פאַרווירקלעכן בלויז דורך דער קראַפט פון אַ מוסטער פון ערנסטע רעוואָלוציאָנערע מאַיסים, דורך אַצוטריט צו זיי און דורך דער אַנטוויקלונג פון אַזוינע רעוואָלוציאָנערע מאַיסים. און אַזאַ צוטריט איז ווידער אָמאָל אומעגלעך אָן דעם, אַז מע זאָל ניט וועלן און ניט מיטהעלפן דער מאַפּאָלע. די פאַרוואַנדלונג פון אַ אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע אין אַ בירגערקריג קאָן ניט „געמאַכט" ווערן, ווי מע קאָן ניט „מאַכן" קיין

רעוואָלוציע, — אזאַ מין פארוואנדלונג וואקסט אויס פון א גאנצער רייע פארשיידנאַרטיקע דערשיינונגען, זייטן, שטריכן, אייגנשאַפטן און רעזולטאַטן פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. און אַזאַ מין אויסוואקסן איז אומעגלעך אָן אַ גאנצער רייע מיליטערישע דורכפאלן און מאפּאָלעס פון די רעגירונגען, וועלכע באַקומען קלעפּ אויך מיצאד זייערע אייגענע אונטערדריקטע קלאַסן.

אָפּזאָגן זיך פונם מאַפּאָלע־לאָזונג הייסט פאַרוואַנדלען די אייגענע רעוואָלוציאָנערישקייט אין א פוסטער פראַזע אָדער אין הוילער צוויעס.

אַף וואס זשע לייגט מען אונז פאָר צו פארבייטן דעם מאפּאָלע־„לאָזונג"? אַן לאָזונג „ניט קיין ניצחוינעס, ניט קיין מאפּאָלעס" (סעמקאָווסקי, „איזוועסטיאַ" נומ. 2 דאס אייגענע דער גאנצער א. ק. אין נומ. 1). דאס איז דאָך אָבער ניט מער, ווי אַ איבערפראַזירונג פונם לאָזונג „פּאָטערלאַנד־פאַרטיידיקונג". דאָס איז דאָך ניט קיין אַנדער זאַך, ווי איבערטראָגן די פראַגע אַף דער פלאַך פון אַ מילכאָמע צווישן רעגירונגען (וועלכע דאַרפן לויטן אינהאַלט פונם לאָזונג בלייבן אין זייער פריערדיקער לאַגע, „איינהאַלטן זייערע פּאָזיציעס") און ניט פון א קאמף פון אונטערדריקטע קלאסן קעגן זייער רעגירונג! דאס הייסט דאָך באַרעכטיקן דעם שאָוויניזם פון אלע אימפּעריאליסטישע נאציעס, וואס זייערע בורזשואזיעס זיינען שטענדיק גרייט צו זאגן דעם פאלק — און זאָגן דאס אים טאקע — אז זיי קעמפן „בלויז" „קעגן א מאַפּאָלע". „דער זינען פון אונזער אָפּשטימונג דעם 4־טן אווגוסט: ניט פאר מילכאָמע, נאָר קעגן א מאַפּאָלע" — אזוי שרייבט ע. דאַוויד, דער פירער פון די אָפּאָרטוניסטן, אין זיין בוך. די „אָקיסטן" *), אינאיינעם מיט בוקוואָיעדן און טראָצקין, שטעלן זיך אַפּן באָדן פון דאַווידן דערביי, וואס זיי פאַרטיידיקן דעם לאָזונג: „ניט קיין ניצחוינעס, ניט קיין מאַפּאָלעס"!

דערדאָזיקער לאָזונג, אויב מע זאָל זיך נאר אריינטראכטן אין אים, באַדייט „בירגער־שאַלעם", אַן אָפּזאָג פון קלאַסנקאַמף מיצאַד דעם אונטערדריקטן קלאַס אין אַלע קריגפירנדיקע לענדער, ווייל דער קלאסנקאמף איז אומעגלעך אָן דעם, אַז מע זאל ניט אַטאַקירן די „אייגענע" בורזשואזיע און די „אייגענע" רעגירונג, און אטאקירן די אייגענע רעגירונג אין א צייט פון א מילכאָמע הייסט דאָך באגיין א מלוכע־פאַראַט (זאל בוקוואיעד עס ניט פאַרגעסן!), הייסט דאָך מיטהעלפן דער מאַפּאָלע פונם אייגענעם לאנד. ווער ס'אנערקענט דעם לאזונג „ניט קיין ניצחוינעס, ניט קיין מאפּאָלעס", דער קאן בלויז צוויעסדיק שטיין פאר קלאסנקאמף, פארן „צערייסן דעם בירגערשאָלעם", דער זאגט זיך פאַקטיש אָפּ פון אַ זעלבשטענדיקער פּראָלעטארישער פּאָליטיק און וואַרפט אונטער דעם פּראָלעטאַריאַט פון אלע קריגפירנדיקע לענדער אונטער א פולשטענדיק בורזשואזער אויפגאבע: פארהיטן די געגעבענע אימפּעריאליסטישע רעגירונגען פון א מאַפּאָלע. די איינציקע פּאָליטיק פון ווירקלעך — ניט נאר אַפּן וואָרט — רייסן דעם „בירגער־שאלעם", פון ווירקלעך אַנערקענען

*) „אָקיסטן" — מיטגלידער פון א. ק. (ארגאניזאציאנס־קאמיטעט).

דעם קלאַסנקאַמף, — איז אַזאַ פּאָליטיק, ווען דער פּראָלעטאַריאַט נוצט אויס די קריטישע לאַגע פון זיין רעגירונג און פון זיין בורזשואַזיע, קעדיי אַראָפּצוואַרפן זיי. און דאָס איז אומעגלעך צו דערגרייכן, דערצו איז אומעגלעך צו שטרעבן, אויב מע זאָל ניט ווען, אַז די אייגענע רעגירונג זאָל באַקומען אַ מאַפּאָלע, אויב מע זאָל ניט מיטהעלפן דערדאָזיקער מאַפּאָלע.

ווען די איטאַליענישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן פאַר דער מילכאָמע געשטעלט די פראַגע וועגן אַ מאַסנשטרייק, האָט די בורזשואַזיע זיי געענטפערט (און אומבאַדינגט ריכטיק פון זייער שטאַנדפּונקט): דאָס וועט הייסן אַ מלוכע-פאַראַט, און מע וועט זיך מיט אייך באַגיין אַזוי, ווי מע באַגייט זיך מיט פאַרעטער. דאָס איז עמעס, ווי עמעס איז אויך דאָס, אַז ברידערן זיך אין די טראַנשייען איז אַ מלוכע-פאַראַט. ווער ס׳שרייבט קעגן „מלוכע-פאַראַט", ווי דאָס טוט בוקוואָיעד, קעגן דער „צעפאַלונג פון רוסלאַנד", ווי דאָס טוט סעמקאָווסקי, — דער שטייט אַף אַ בורזשואַזן, און ניט אַף אַ פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט. דער פּראָלעטאַריער איז ניט אימשטאַנד ניט צו דערלאַנגען קיין שום קלאַסנקלאַפּ זיין רעגירונג, ניט אויסצושטרעקן (פאַקטיש) די האַנט צו זיין ברודער, צום פּראָלעטאַריער פונם „פרעמדן" לאַנד, וואָס פירט „מיט אונז" מילכאָמע, אויב ער זאָל דערביי ניט באַגיין קיין „מלוכע-פאַראַט", ניט מיטווירקן דערביי דער מאַפּאָלע, ניט מיטהעלפן דער צעפאַלונג פון זיין „אייגענער" אימפּעריאַליסטישער „גרויסער" מלוכע.

ווער ס׳שטייט פאַרן לאָזונג „ניט קיין ניצחוינעס, ניט קיין מאַפּאָלעס", דער איז אַ באַוואוסטזיניקער אָדער אַן אומבאַוואוסטזיניקער שאָוויניסט, דער איז אין בעסטן פאַל אַ פשאַרע-מאַכערישער קליינבירגער, אָבער יעדנפאַלס איז ער אַ סוינע פון דער פּראָלעטאַרישער פּאָליטיק, אַן אָנהענגער פון די איצטיקע רעגירונגען, פון די איצטיקע הערשנדיקע קלאַסן.

לאָמיר אַ קוק טאָן אַף דער פראַגע נאָך פון איין זייט. די מילכאָמע קאָן ניט ניט אַרויסרופן אין די מאַסן זייער שטורמישע געפילן, וועלכע ברעכן דעם געוויינלעכן צושטאַנד פון דער שלעפּעריקער פּסיכיק. און אָן אַן אַנטשפּרעכונג מיט דידאָזיקע נייע שטורמישע געפילן איז אַ רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק אומעגלעך.

וואָסערע זיינען עס די הויפּטשטראָמען פון דידאָזיקע שטורמישע געפילן? 1) שרעק און איעש. פון דאַנען נעמט זיך די פאַרשטאַרקונג פון דער רעליגיע. די קלויסטערס ווערן ווידער געפאַקט — זיינען מאָלע סימכע די רעאַקציאָנערן. „וואו אומגליקן, דאָרטן איז רעליגיע", זאָגט דער אַרכי-רעאַקציאָנער באַרעס. און ער איז גערעכט. 2) סינע צום „פיינט" — אַ געפיל, וואָס ווערט אונטערגעהיצט ספּעציעל דורך דער בורזשואַזיע (מערער, איידער דורך די גאַלאָכים) און וואָס לוינט סאַי עקאָנאָמיש, סאַי פּאָליטיש בלויז דער בורזשואַזיע. 3) סינע צו דער אייגענער רעגירונג און צו דער אייגענער בורזשואַזיע — אַ געפיל פון אַלע באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, וואָס, פון איין זייט, פאַרשטייען זיי, אַז די מילכאָמע איז אַ „העמשעך פון דער פּאָליטיק" פונם אימפּעריאַליזם און ענטפערן אַף איר מיטן „העמשעך" פון זייער סינע צו זייער קלאַסנסוינע, און,

פון דער אַנדער זייט, פאַרשטייען זיי, אַז אַ „מילכאָמע קעגן דער מילכאָמע" איז אַ באַנאַלע פראַזע, אָן אַ רעוואָלוציע קעגן דער אייגענער רעגירונג. מע קאָן ניט אויפוועקן קיין האַס צו דער אייגענער רעגירונג און צו דער אייגענער בורזשואַזיע, אויב מע זאָל ניט וועלן, אַז זיי זאָלן באַקומען אַ מאַפּאָלע, — און מע קאָן ניט זיין קיין אָרנטלעכער קעגנער פון „בירגער"-(קלאַסן-)שאָלעם, און ניט אויפוועקן קיין סינע צו דער אייגענער רעגירונג און צו דער אייגענער בורזשואַזיע!!!

די אָנהענגער פונם לאָזונג „ניט קיין ניצכוינעס, ניט קיין מאַפּאָלעס" שטייען אַפן צאַד פון דער בורזשואַזיע און פון די אָפּאָרטוניסטן, ווייל זיי „גלויבן ניט" אין דער מעגלעכקייט פון אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען מיצאַד דעם אַרבעטערקלאַס קעגן זיינע רעגירונגען, ווייל זיי ווילן ניט מיטהעלפן דער אַנטוויקלונג פון אַזעלכע אַרויסטרעטונגען — דערדאָזיקער אויפגאַבע, וועלכע איז אַוואַדע און אַוואַדע ניט קיין גרינגע זאַך, וועלכע איז אָבער דערפאַר די איינציק ווירדיקע פאַרן פּראָלעטאַריאַט, די איינציק סאָציאַליסטישע אויפגאַבע. גראָד דער פּראָלעטאַריאַט פון דער סאַמע אָפּגעשטאַנענער צווישן די קריגפירנדיקע גרויסע מלוכעס האָט געמוזט (באַזונדערס באַ אַזאַ שענדלעכן פאַראַט מיצאַד די דייטשישע און פראַנצויזישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן) אין דער פּערזאָן פון זיין פאַרטיי אַרויסטרעטן מיט אַ רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק, וועלכע איז אַבסאָלוט אומעגלעך אָן „מיטהעלפן דער מאַפּאָלע" פון דער אייגענער רעגירונג, נאָר וועלכע איז אָבער די איינציקע טאַקטיק, וואָס פירט צו דער אייראָפּעאישער רעוואָלוציע, צו דעם פעסטן שאָלעם פון סאָציאַליזם, צו דעם, אַז די מענטשהייט זאָל באַפרייט ווערן פון די שרעקן, אומגליקן, פון דער פאַרווילדונג און אַכזאָריעס, וואָס הערשן איצט.

„סאָציאַל-דעמאָקראַט" נומ. 43

26-טן יולי 1915-טן יאָר.

# סאָציאַליזם און מילכאָמע

(די באציאונג פון דער רוסלענדישער ס. ד.
ארבעטער־פארטיי צו דער מילכאָמע)

אנגעשריבן אין אווגוסט
1915 יאָר

אָפּגעדרוקט אין זשענעווע
אין הארבסט 1915 יאָר

# די באַציאונג פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָ-קראַטישער ארבעטער-פּאַרטיי צו דער מילכאָמע.

## פ אָ ר ו ו אָ ר ט.

דידאָזיקע בראָשור איז אָנגעשריבן געוואָרן זומער 1915 יאָר פּונקט פאַר דער צימערוואַלדער קאָנפערענץ. זי איז ארויס אויך אין דער דייטשישער און אין דער פראַנצויזישער שפּראַך און איז געווען איבערגעדרוקט אין נאָרוועגיש אינם נאָרוועגישן אָרגאַן פון דער ס. ד. יוגנט. די דייטשישע אויסגאַבע פון דערדאָזיקער בראָשור פלעגט אָף אַן אומלעגאַלן אויפן אריינגעבראַכט ווערן קיין דייטשלאַנד — קיין בערלין, לייפּציק, ברעמען און אַנדערע שטעט, וואו זי פלעגט אומלעגאַל פארשפּרייט ווערן דורך די אָנהענגער פון דער צימערוואַל-דער לינקער און דורך דער גרופּע פון קאַרל ליבקנעכט. די פראַנצויזישע אויס-גאַבע איז אומלעגאַל אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פּאַריז און איז דאָרט פאַר-שפּרייט געוואָרן דורך די פראַנצויזישע צימערוואַלדיסטן. די רוסישע אויסגאַבע איז אריינגעפאַלן קיין רוסלאַנד אין א זייער באַגרעניצטער צאָל, און אין מאָסקווע פלעגן זי די ארבעטער איבערשרייבן מיט דער האַנט.

מיר דרוקן איצט איבער דידאָזיקע בראָשור אינגאַנצן, ווי א דאָקומענט. דער לייענער דאַרף די גאַנצע צייט געדענקען, אז דידאָזיקע בראָשור איז אָנ-געשריבן געוואָרן אין אווגוסט 1915 יאָר. באַזונדערס דאַרף מען דאָס געדענ-קען אין די ערטער, וואו ס'ווערט גערעדט וועגן רוסלאַנד: רוסלאַנד איז דאַן נאָך געווען א צאַרישע, אַ ראָמאַנאָווישע רוסלאַנד.

---

## פאָרוואָרט צו דער ערשטער (אויסלענדישער) אויסגאַבע.

די מילכאָמע דויערט שוין אַ יאָר. אונזער פאַרטיי האָט באַשטימט איר באַציאונג צו דערדאָזיקער מילכאָמע נאָך אין סאַמע אָנהויב, אינם מאַניפעסט פונם צ. ק., וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין סענטיאַבר 1914 יאָר און איז אָפגעדרוקט געוואָרן (נאָכדעם, ווי ער איז פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן צו די מיטגלידער פון צ. ק. און צו די פאַראַנטוואָרטלעכע פאָרשטייער פון אונזער פאַרטיי אין רוסלאַנד און איז פון זיי באַוויליקט געוואָרן) דעם ערשטן נאָיאַבר 1914 יאָר אין № 33 פונם צענטראַל-אָרגאַן פון אונזער פאַרטיי „סאָציאַל-דעמאָקראַט" *). ווייטער זיינען אינם № 40 (דעם 29 מאַרט 1915 יאָר) אָפגע-געדרוקט געוואָרן די רעזאָלוציעס פון דער בערנער קאָנפערענץ, וועלכע גיבן איבער פינקטלעכער אונזערע פרינציפן און אונזער טאַקטיק.

בא היינטיקן טאָג וואַקסט אין רוסלאַנד באַשיינפערלעך די רעוואָלוציאָ-נערע שטימונג באַ די מאסן. אין אנדערע לענדער באַמערקן מיר אומעטום סימאָנים פון דערזעלביקער דערשיינונג, ניט געקוקט דערויף, וואָס די רעוואָ-לוציאָנערע שטרעבונגען פונם פראָלעטאַריאַט זיינען צוגעשטיקט דורך דער מער-הייט אָפיציעלע ס. ד. פאַרטייען, וועלכע האָבן זיך געשטעלט אף דער זייט פון זייערע רעגירונגען און זייער בורזשואזיע. באַ אזא מין לאגע פילט זיך באַזונדערס דרינגענדיק די נויטיקייט ארויסצוגעבן א בראָשור, וואָס פירט אונ-טער אַ סאַכאַקל אונטער דער טאַקטיק פון די ס. ד. בענויגייע דער מילכאָמע. איבערדרוקנדיק אינגאַנצן די אויבנדערמאָנטע פאַרטייאישע דאָקומענטן, גיבן מיר צו צו זיי קורצע דערקלערונגען, און מיר באַמיען זיך צו נעמען אין אַכט אַלע הויפט-מאָטיוון פאַר אַ בורזשואזער און פאַר א פראָלעטאַרישער טאַקטיק, וואָס זיינען ארויסגעזאָגט געוואָרן אין דער ליטעראַטור און אף פאַרטייאישע פאַרזאַמלונגען.

ג. זינאָוויעוו.

---

*) זע אויבן, זייט 5—12.

# קאַפּיטל 1. די פּרינציפּן פון סאָציאַליזם און די מילכאָמע פון 1914—1915

## די באַציאונג פון סאָציאַליסטן צו מילכאָמעס.

די סאָציאַליסטן פלעגן שטענדיק פאַרורטיילן מילכאָמעס צווישן פעלקער, ווי אַ באַרבאַרישע און אַכזאָריעסדיקע זאַך. אונזער באַציאונג אָבער צו מילכאָמע איז פּרינציפּיעל אַן אַנדערע, איידער די באַציאונג פון די בורזשואַזע פּאַציפיסטן (אנהענגער און פרייִדיקער פון שאָלעם) און אַנאַרכיסטן. פון די ערשטע אונטערשיידן מיר זיך דערמיט, וואס מיר פאַרשטייען די אומפאַרמיידלעכע פאַרבינדונג צווישן מילכאָמעס מיט דעם קלאַסנקאַמף אינעווייניק אין לאַנד, מיר פאַרשטייען די אומעגלעכקייט צו פארניכטן די מילכאָמעס אָן דעם, אז מע זאָל ניט פאַרניכטן די קלאַסן און ניט שאַפן דעם סאָציאַליזם. מיר אונטערשיידן זיך פון זיי אויך דערמיט, וואס מיר אַנערקענען פולשטענדיק די געזעצלעכקייט, די פּראָגרעסיווקייט און די נויטיקייט פון בירגער־מילכאָמעס, ד. ה. פון מילכאָמעס פון אונטערדריקטן קלאַס קעגן זיינע אונטערדריקער, פון קנעכט קעגן קנעכטבאַזיצער, פון לייבאייגענע פויערים קעגן פריצים, פון געדונגענע ארבעטער קעגן דער בורזשואַזיע. מיר, מאַרקסיסטן, אונטערשיידן זיך סאי פון די פּאַציפיסטן, סאי פון די אַנאַרכיסטן דערמיט, וואס מיר אַנערקענען די נויטיקייט היסטאָריש (פונם שטאַנדפונקט פון מאַרקס דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם) צו שטודירן יעדע מילכאָמע באַזונדער. אין דער געשיכטע זיינען ניט איינמאָל פאַרגעקומען אַזעלכע מילכאָמעס, וואס, ניט געקוקט אף אלע שרעקן, רעציכעס, אומגליקן, פלאָגן, וואס זיינען אומפאַרמיידלעך פארבונדן מיט יעטווידער מילכאָמע, זיינען זיי (דידאָזיקע מילכאָמעס) דאָך געווען פּראָגרעסיווע, ד. ה. זיי האבן געבראכט נוצן דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט דערמיט, וואס זיי האבן מיטגעהאָלפן צעשטערן די באַזונדערס שרעקלעכע און רעאַקציאָנערע אנשטאלטן (לעמאָשל, זעלבסטהערשונג אָדער לייב־אייגנטום), די סאמע באַרבארישע דעספּאָטיעס אין אייראָפּע (טערקישע און רוסישע). דעריבער דארף מען באטראכטן די היסטאָרישע באַזונדערקייטן אויך פון דער איצטיקער מילכאָמע.

## היסטאָרישע טיפּן פון מילכאָמעס אין דער נייער צייט.

די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האט אויפגעעפנט א נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. פון יענער צייט אָן ביז דער פאַריזער קאָמונע — פון 1789 יאָר ביזן 1871 יאָר — איז איינער פון די מילכאָמעס־טיפּן

געווען — מילכאָמעס פון א בורזשואז-פּראָגרעסיוון, נאציאָנאל-באפרייערישן כא-ראקטער. מיט אנדערע ווערטער: דער הויפּט-אינהאַלט און דער היסטאָרישער באדייט פון דידאָזיקע מילכאָמעס איז געווען אונטערצוגראָבן און אראָפּצוא-ווארפן דעם אבסאָלוטיזם און דעם פעאָדאליזם, אראָפּווארפן דעם פרעמדנאציאָ-נאלן דרוק. דעריבער זיינען דאס געווען פּראָגרעסיווע מילכאָמעס, און אלע אָרנטלעכע, רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראטן און אויך אלע סאָציאליסטן פלעגן אין אזעלכע מילכאָמעס שטענדיק מיטפילן דעם ניצאָכן פון יענעם צאד (ד. ה. פון יענער בורזשואזיע), וועלכער האט מיטגעהאָלפן אומצוּוואַרפן אָדער אונטערצוגראָבן די סאמע געפערלעכסטע זיילן, אף וועלכע ס'האָבן זיך געהאלטן דער פעאָדאליזם, דער אבסאָלוטיזם און די אונטערדריקונג פון פרעמדע פעל-קער. אין די רעוואָלוציאָנערע מילכאָמעס, לעמאָשל, פון פראנקרייך, איז געווען מיצאד די פראנצויזן אן עלעמענט פון רויבעריי און פון פארכאפּן פרעמדע לענדער, דאָס ענדערט אָבער בעשום אויפן ניט דעם היסטאָרישן גרונט-באדייט פון דידאָזיקע מילכאָמעס, וועלכע האָבן צעשטערט און צעטרייסלט דעם פעאָ-דאליזם און דעם אבסאָלוטיזם פון דער גאנצער אַלטער לייבאייגנטימערישער אייראָפּע. אין דער פראנצויזיש-פּרייסישער מילכאָמע האט דייטשלאנד באגאזלט פראנקרייך, דאס ענדערט אָבער ניט דעם היסטאָרישן גרונט-באדייט פון דער-דאָזיקער מילכאָמע, וועלכע האט צענדליקער מיליאָנען פונם דייטשישן פאָלק באפרייט פון דער פעאָדאלער צעבּרעקלטקייט און פון אונטערדריקונג מיצאד צווי דעספּאָטן: מיצאד דעם רוסישן צאַר און מיצאד נאפּאָלעאָן דעם דריטן.

## דער אונטערשייד צווישן אַן אָנגרייפנדיקער און אַ פאַרטיי-דיקונגס-מילכאָמע.

די עפּאָכע פון די יאָרן 1789—1871 האט איבערגעלאָזט נאָך זיך טיפע שפּורן און רעוואָלוציאָנערע זיכרוינעס. ביז וואַנען ס'איז ניט אראָפּגעווארפן געוואָרן דער פעאָדאַליזם, אַבסאָלוטיזם און דער פרעמד-נאַציאָנאַלער דרוק, האט גאָר אַפילע קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן דער אַנטוויקלונג פונם פּראָ-לעטאַרישן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. ריידנדיק וועגן דער געזעצלעכקייט פון אַ „פאַרטיידיקונגס"-מילכאָמע בענוגייע די מילכאָמעס פון אַזאַ עפּאָכע, האבן די סאָציאַליסטן שטענדיק געהאט אין אויג גראָד דידאָזיקע צילן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ רעוואָלוציע קעגן דעם מיטלאַלטער און קעגן דעם לייבאייגנטום. די סאָציאליסטן האבן אונטערן נאָמען „פאַרטיידיקונגס"-מילכאָמע שטענדיק פארשטאנען אַ „גערעכטיקע" (אין אויבנדערמאָנטן זינען) מילכאָמע (וו. ליבּ-קנעכט האט זיך איינמאָל אַזוי טאַקע אויסגעדריקט).

נאָר אין אַזאַ זינען האָבן די סאָציאַליסטן אַנערקענט און אַנערקענען איצט די געזעצלעכקייט, פּראָגרעסיווקייט, גערעכטיקייט פון „פאַטערלאַנד-פאַרטיידיקונג" אָדער פון אַ „פאַרטיידיקונגס"-מילכאָמע. אויב מאָרגן, לעמאָשל, וואָלט מאראָקע דערקלערט אַ מילכאָמע קעגן פראנקרייך,

אינדיע—קעגן ענגלאַנד, פערסיע און כינע—קעגן רוסלאנד און ד. גל.—וואָלט דאָס געהייסן „גערעכטיקע" „פאַרטיי-דיקונגס"-מילכאָמעס אומאָפּהענגיק פון דעם, ווער איז דער ער-שטער אָנגעפאַלן, און יעדער סאָציאַליסט וואָלט מיטגעפילט דעם ניצאָכן פון די געדריקטע, אָפּהענגיקע, ניט-פולבאַרעכטיקטע מלוכעס קעגן די באַדריקערישע, קנעכטבאַזיצערישע, רויבערישע „גרויסע" מלוכעס. *

שטעלט זיך אָבער פאָר, אז איין קנעכטבאזיצער, וואס האט הונדערט קנעכט, פירט אַ מילכאָמע מיט אן אנדער קנעכטבאזיצער, וואס האט 200 קנעכט, פאר אַ מער „גערעכטיקער" פאנאנדערטיילונג פון די קנעכט. ס'איז קלאָר, אז אָנווענדן אין אזא פאל דעם באַגריף „פארטיידיקונגס"-מילכאָמע אָדער „פא-טערלאנד-פארטיידיקונג" וואָלט געווען אַ היסטאָרישע פעלשונג, און פראקטיש וואָלט דאס געהייסן, אז די דורכגעטריבענע קנעכטבאזיצער נאַרן אָפּ דעם האַ-מוין, די קליינבירגער און דעם פינסטערן אוילעם. גראַד אַזוי טוט די איצטיקע, אימפעריאליסטישע בורזשואזיע אין דער היינטיקער מילכאָמע צווישן די קנעכט-באַזיצער פאר פארשטארקן און באפעסטיקן די קנעכטשאפט. זי נארט אָפּ די פעלקער מיט הילף פון „נאציאָנאַל'ער" אידעאָלאָגיע און פון באגריף—פארטיי-דיקן דאס פאטערלאנד.

## די איצטיקע מילכאָמע איז אַ אימפעריאַליסטישע מילכאָמע.

אלע קימאט אנערקענען די איצטיקע מילכאָמע פאר א אימפעריאליסטישער, דאסראָוו אָבער פארדרייט מען דעמדאָזיקן באגריף, אָדער מע ווענדט אים אָן בענויגייע צו איין צאַד, אָדער מע רוקט דאָך אונטער א מעגלעכקייט, אז די-דאָזיקע מילכאָמע זאָל האבן א בורזשואז-פּראָגרעסיוון, נאציאָנאַל-באפרייערישן באדייט. אימפעריאליזם—דאס איז די העכסטע אנטוויקלונג-שטופע פונם קא-פיטאליזם, וועלכע איז דערגרייכט געוואָרן ערשט אינם צוואנציקסטן יאָרהונ-דערט. דעם קאפיטאליזם איז געוואָרן ענג אין די אלטע נאציאָנאלע מלוכעס, וואס אָן זייער אויסבילדונג וואָלט ער ניט געקענט אראָפּווארפן דעם פעאָ-דאליזם. דער קאפיטאליזם האט אין אזא מאָס אנטוויקלט די קאָנצענטראציע, אז גאנצע אינדוסטריע-צווייגן זיינען פארכאפט דורך סינדיקאטן, טרעסטן, פאר-באנדן פון קאפיטאליסטן-מיליארדערן, און קימאט דער גאנצער ערד-קוגל איז צע-טיילט צווישן דידאָזיקע „קאפיטאל-הערשער" צי אין דער פאָרם פון קאָלאָניעס, אָדער דורך דעם, וואס מע האט די פרעמדע לענדער פארפלאָנטערט מיט טויזנ-טער פעדים פון פינאנציעלער עקספלואטאציע. דעם פרייען האנדל און די פרייע קאָנקורענץ האבן פארביטן די שטרעבונגען צו מאָנאָפּאָליע, צו פארכאפן ערד-פלעצער אף אריינצולייגן דאָרטן דעם קאפיטאל, אף ארויסצופירן פון דאָרטן רויוואַרג און אז. וו. א באפרייער פון נאציעס איז דער קאפיטאליזם געווען אין זיין קאמף מיטן פעאָדאליזם, איצט איז דער אימפעריאליסטישער קאפיטא-ליזם געוואָרן דער גרעסטער אונטערדריקער פון נאציעס. דער קאפיטאליזם איז פון א פראָגרעסיוון געוואָרן א רעאקציאָנערער. ער האט די פראָדוקטיווע קוי-

כעס אנטוויקלט אף אזוי פיל, אז דער מענטשהייט שטייט פאַר אָדער איבער־צוגיין צום סאָציאַליזם, אָדער אין א מעשעך פון יאָרן און אפילע פון צענדליקער יאָרן איבערצולעבן א באוואפנטן קאמף פון די „גרויסע״ מלוכעס פאר קינסטלעך איינהאלטן דעם קאפיטאליזם מיט דער הילף פון קאָלאָניעס, מאָנאָפאָליעס, פריווילעגיעס און קאָלערליי נאציאָנאלע אונטערדריקונגען.

## די מילכאָמע צווישן די גרעסטע קנעכטבאַזיצער פאַר אײַנהאַלטן און פאַרפעסטיקן די קנעכטשאַפט.

קעדיי קלאָר צו מאכן דעם באדייט פונם אימפעריאליזם, וועלן מיר ברענגען געגויע ציפערן וועגן דעם, ווי אזוי די אזוי גערופענע „גרויסע״ מלוכעס (דאס הייסט די, וואס האָבן מאזל אין דער גרויסער רויבעריי) האבן צעטיילט צווישן זיך די וועלט:

### די צעטיילונג פון דער וועלט צווישן די „גרויסע״ קנעכטבאזיצערישע מלוכעס.

| די „גרויסע״ מלוכעס | קאלאניעס 1876: קוואדראט־קילאמעטער (מיליאנען) | קאלאניעס 1876: איינוואוינער (מיליאנען) | קאלאניעס 1914: קוואדראט־קילאמעטער (מיליאנען) | קאלאניעס 1914: איינוואוינער (מיליאנען) | מעטראפאליעס 1914: קוואדראט־קילאמעטער (מיליאנען) | מעטראפאליעס 1914: איינוואוינער (מיליאנען) | סאכאקל: קוואדראט־קילאמעטער (מיליאנען) | סאכאקל: איינוואוינער (מיליאנען) |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ענגלאנד . . . . . . . | 22,5 | 251,9 | 33,5 | 393,5 | 0,3 | 46,5 | 33,8 | 440,0 |
| רוסלאנד . . . . . . | 17,0 | 15,9 | 17,4 | 33,2 | 5,4 | 136,2 | 22,8 | 169,4 |
| פראַנקרייך . . . . . . | 0,9 | 6,0 | 10,6 | 55,5 | 0,5 | 39,9 | 11,1 | 95,1 |
| דייטשלאנד . . . . . . | — | — | 2,9 | 12,3 | 0,5 | 64,9 | 3,4 | 77,2 |
| יאפאניע . . . . . . | — | — | 0,3 | 19,2 | 0,4 | 53,0 | 0,7 | 72,2 |
| פאראייניקטע שטאטן פון צפון־אמעריקע . . . . . | — | — | 0,3 | 9,7 | 0,4 | 97,0 | 9,7 | 106,7 |
| זעקס „גרויסע״ מלוכעס . . | 40,4 | 273,8 | 65,0 | 523,4 | 19,5 | 437,2 | 81,5 | 960,6 |
| קאלאניעס, וואָס געהערן צו ניט־גרויסע מלוכעס (צו בעלגיע, האלאנד און אנדערע מלוכעס) | 9,9 | 45,3 | | | | | 9,9 | 45,3 |
| דריי לענדער „האלב״-קאלאניעס (טערקיי, כינע און פערסיע) . . . . . | | | | | | | 14,5 | 361,2 |
| סאכאקל . . | | | | | | | 105,9 | 1397,1 |
| די איבעריקע מלוכעס און לענדער . . . . . . . . . | | | | | | | 28,0 | 289,9 |
| דער גאנצער ערד-קוגל (אָן דעם פּאָלאר-געגנט) . . . . . . . | | | | | | | 133,9 | 1657,0 |

פון דאַנען איז צו זעען, ווי די פעלקער, וועלכע זיינען אינם קאַמף פאַר פרייהייט אין די יאָרן 1789—1871 געגאַנגען דאסראָוו אין דער שפּיץ פון די איבעריקע, זיינען נאָכן 1876-טן יאָר, אַפן באָדן פונם הויך אנטוויקלטן און „איבערגעצייטיקטן” קאַפּיטאַליזם, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אונטערדריקער און פאַרשקלאַפער בענויגייע דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג און פון די נאַציעס אַף דער גאַנצער וועלט. פון 1876 ביזן 1914-טן יאָר האָבן זעקס „גרויסע” מלוכעס אָנגעגאַזלט 25 מיליאָן קוואַדראַט-קילאָמעטער — אַ שעטעך, וואס איז דריטהאַלבן מאָל גרעסער פאַר גאַנץ אייראָפּע. זעקס מלוכעס האַלטן אין קנעכטשאַפט העכער אַ האַלבן מיליאַרד (523 מיליאָן) באַפעלקערונג אין די קאָלאָניעס. אַף יעדע 4 איינוואוינער פון די „גרויסע” מלוכעס קומט אויס צו 5 איינוואוינער אין „זייערע” קאָלאָניעס. און אַלעמען איז באַוואוסט, אַז די קאָלאָניעס זיינען איינגענומען געוואָרן דורך פייער און אייזן, אַז אין די קאָלאָניעס באַגייט מען זיך ווי ווילדע כאַיעס מיט דער באַפעלקערונג, אַז מע עקספּלואַטירט דידאָזיקע באַפעלקערונג אַף טויזנטערליי אויפאַנים (דורך קאַפּיטאַל-עקספּאָרט, קאָנצעסיעס און ד. גל.; דורך אָפּנאַרן באַם סכוירעס-פאַרקויף, דורך אונטערוואַרפן אונטער דער אַדמיניסטראַציע פון דער „הערשנדיקער” נאַציע און אזוי ווייטער און ד. גלייכן). די ענגליש-פראַנצויזישע בורזשואַזיע נאַרט דאָס פאָלק, ווען זי זאָגט, אַז זי פירט אַ מילכאָמע פאַר דער פרייהייט פון די פעלקער און פון בעלגיע: פאַקטיש פירט זי די מילכאָמע קעדיי איינצוהאַלטן די קאָלאָניעס, וועלכע זי האָט אָן אַ שיר אָנגעגאַזלט. די דייטשישע אימפּעריאַליסטן וואָלטן באַלד באַפרייט בעלגיע א. אַז. וו., ווען די ענגלענדער און די פראַנצויזן זאָלן „מיט יוישער” צעטיילן מיט זיי די קאָלאָניעס זייערע. — די אייגנאַרטיקייט פון דער לאַגע באַשטייט אין דעם, וואס אין דערדאָזיקער מילכאָמע ווערט דער גוירל פון די קאָלאָניעס באַשלאָסן דורך אַ מילכאָמע אַפן קאָנטינענט. פון שטאַנדפּונקט פון בורזשואַזער גערעכטיקייט און נאַציאָנאַלער פרייהייט (אָדער פון רעכט פון נאַציעס אַף עקזיסטענץ) וואָלט דייטשלאַנד אומבאַדינגט געווען גערעכט לעגאַבע ענגלאַנד און פראַנקרייך, ווייל אין פראַט פון קאָלאָניעס איז דייטשלאַנד „באַאַוולט”. אירע סאנים אונטערדריקן אַסאַך אַ גרעסערע צאָל נאַציעס, איידער זי, און באַ איר פאַרבינדעטן, באַ עסטרייך, האָבן די געדריקטע סלאַוון, אָן צווייפל, מער פרייהייט, איידער אין צאַרישן רוסלאַנד — אין דערדאָזיקער עמעסער „פעלקער-טפיסע”. דייטשלאַנד גופע אָבער פירט אַ מילכאָמע ניט פאַר דער באַפרייאונג, נאָר פאַר דער אונטערדריקונג פון נאַציעס. ס'איז ניט קיין אייסעק פאַר סאָציאַליסטן צו העלפן דעם איינגערן און שטאַרקערן רויצייעך (דייטשלאַנד) צו ראַבירן די מער עלטערע און איבערגעפרעסענע ראָצכים. די סאָציאַליסטן דאַרפן אויסנוצן דעם קאַמף צווישן די ראָצכים, קעדיי אַראָפּצוואַרפן זיי אַלעמען. צוליב דעם דאַרפן די סאָציאַליסטן קוידעמקאָל דערציילן דעם פאָלק דעם עמעס, דעהאַינו, אַז דידאָזיקע מילכאָמע איז אין אַ דרייערלייאיקן זינען אַ מילכאָמע פון די קנעכטבאַזיצער אף צו פאַרפעסטיקן די ערגסטע קנעכטשאַפט. דאס איז, ערשטנס, אַ מילכאָמע אַף צו פאַרפעסטיקן די קנעכטשאַפט פון די קאָלאָניעס מיט דער

הילף פון אַ מער „יושערדיקער“ צעטיילונג און מיט דער הילף פון זייער ווייטערדיקער, מער „שותּפעסדיקער“ עקספּלואַטאַציע; צווייטנס, אַף צו פאַר־פעסטיקן דעם דרוק איבער די פרעמדע נאַציעס אינעווייניק אין די „גרויסע“ מלוכעס גופא, ווייל הען עסטרייך, הען רוסלאַנד (רוסלאַנד פיל מער און פיל ערגער, איידער עסטרייך) האַלטן זיך נאָר אַדאַנק דעמדאָזיקן דרוק, וועלכן זיי פאַרשטאַרקן נאָך דורך דער מילכאָמע; דריטנס — קעדיי צו פאַרפעסטיקן און פאַרלענגערן די געדונגענע קנעכטשאַפט, ווייל דער פּראָלעטאַריאַט איז צע־שפּאַלטן און צוגעדריקט, און די קאַפּיטאַליסטן געווינען דערפון, וואָס זיי ווערן אַדאַנק דער מילכאָמע אַלץ רייכער, דערפון, וואס זיי רייצן אויף די נאַציאָנאַ־לע פאַרורטיילן און פאַרשטאַרקן די רעאַקציע, וועלכע האט אויפגעהויבן איר קאָפּ אין אַלע לענדער, אַפילע אין די סאַמע פרייע און רעפּובליקאַנישע לענדער.

## „מילכאָמע — דאס איז א פאַרזעצונג פון פּאָליטיק, נאָר מיט אַנ־דערע מיטלען (ד. ה. מיט „געוואַלטמיטלען)“.

דידאָזיקע באַרימטע ווערטער געהערן צו איינעם פון די סאַמע טיפע שרייבער וועגן מיליטערישע פּראַגן — קלויזעוויצן. די מאַרקסיסטן האבן שטענ־דיק מיט רעכט געהאַלטן דידאָזיקע האַנאָכע פאַר דעם טעאָרעטישן גרונט פון זייערע אַנשויאונגען וועגן באַדייט פון יעדער געגעבענער מילכאָמע. מאַרקס און ענגעלס האָבן שטענדיק גראָד פון אָט דעם שטאַנדפונקט געקוקט אַף די פאַרשיידענע מילכאָמעס.

ווענדט אָן דעמדאָזיקן שטאַנדפונקט צו דער איצטיקער מילכאָמע. איר וועט דערזעען, אַז אין אַ מעשעך פון צענדליקער יאָרן, אין אַ מעשעך קימאַט פון אַ האַלבן יאָרהונדערט, האבן די הערשנדיקע קלאַסן אין ענגלאַנד און פראנק־רייך, אין דייטשלאַנד און איטאַליע, אין עסטרייך און רוסלאנד געפירט אַ פּאָ־ליטיק פון באַגאַזלענען די קאָלאָניעס, פון אונטערדריקן פרעמדע נאַציעס, פון דערשטיקן די אַרבעטער-באַוועגונג. גראד אַזאַ פּאָליטיק, און נאָר אַזאַ, ווערט פאָרגעזעצט אין דער איצטיקער מילכאָמע. ספּעציעל, איז אי אין עסטרייך, אי־אין רוסלאַנד, הען אין דער פרידלעכער צייט, הען אין דער צייט פון אַ מיל־כאָמע, באַשטייט די פּאָליטיק אין פאַרשקלאַפן נאַציעס און ניט באַפרייען זיי. פאַרקערט, אין כינע, פּערסיע, אינדיע און אנדערע אָפּהענ־גיקע לענדער זעען מיר אין די לעצטע צענדליקער יאָרן א פּאָליטיק פון אויפוועקן צום נאַציאָנאַלן לעבן צענדליקער און הונדערטער מיליאָנען מענטשן, א פּאָליטיק פון באַפרייען זיי פונם דרוק מיצאַד די רעאַקציאָנערע „גרויסע“ מלוכעס. אַ מילכאָמע אַף אַזאַ היסטאָרישן באָדן קאָן אויך איצט זיין אַ בור־זשואַז-פּראָגרעסיווע, אַ נאַציאָנאַל-באַפרייערישע מילכאָמע.

ס'איז גענוג אַ קוק צו טאָן אַף דער איצטיקער מילכאָמע פונם שטאַנד־פונקט, אַז אין איר ווערט פאָרגעזעצט די פּאָליטיק פון די „גרויסע“ מלוכעס און פון די גרונטקלאַסן אינעווייניק אין די „גרויסע“ מלוכעס, אַז מע זאָל טיי־

קעף דערזועען די שרייענדיקע אַנטיהיסטאָרישקייט, ליגנערישקייט און צוויעסדי=
קייט פון דער מיינונג, אַז מע קאָן קלוימערשט אין דער איצטיקער מילכאָמע
באַרעכטיקן די אידייע פון „פאָטערלאַנד-פאַרטיידיקונג".

## דער ביישפּיל פון בעלגיע.

די סאָציאַל=שאָוויניסטן פון דעם דריי - (איצט פיר=) אויסגלייך *) (אין רוסלאַנד פּלעכאַנאָוו עט קאָמפּאַניע) האָבן מער פאַר אַלץ ליב צו באַרופן זיך אָפן ביישפּיל פון בעלגיע. דערדאָזיקער ביישפּיל אָבער רעדט קעגן זיי. די דייטשישע אימפּעריאַליסטן האָבן אומפאַרשעמט אָנגעריירט די נייטראַליטעט פון בעלגיע, פונקט אַזוי, ווי ס'האבן שטענדיק און אומעטום געטאָן די קריגפירנ- דיקע מלוכעס, וואָס שטענדיק, אויב דאָס איז נאָר פאַר זיי נויטיק, טרעטן זיי מיט די פיס אַלע אָפּמאַכן און פאַרפליכטונגען. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז אַלע מלו= כעס, וואָס זיינען פאַרינטערעסירט אין דעם, אַז די צווישנפעלקערלעכע אָפּמאַכן זאָלן אָפּגעהיט ווערן, האָבן דערקלערט אַ מילכאָמע קעגן דייטשלאַנד מיט דער פאָדערונג צו באַפרייען און באַפרידיקן בעלגיע. אין אַזאַ פאַל וואָלט דער מיט- געפיל פון די סאָציאַליסטן געווויס געווען אַף דער זייט פון דייטשלאַנדס פיינט. די זאַך באַשטייט אָבער גראד אין דעם, וואס דער דריי = (און דער פיר)= אויסגלייך פירט די מילכאָמע ניט צוליב בעלגיע: דאס איז גאַנץ גוט באַ= וואוסט, און נאָר צוואואַקעס באַהאַלטן דאָס. ענגלאַנד רויבט די דייטשישע קאָלאָניעס און טערקיי, רוסלאַנד—גאַליציע און טערקיי, פראנקרייך שטרעבט צו עלזאַס-לאָטאַרינגיע און אַפּילע צום לינקן ברעג פון ריין; מיט איטאַליע איז געשלאָסן אַן אָפּמאַך וועגן צעטיילן דעם רויב (אַלבאַניע, קליין-אַזיע); מיט בולגאריע און רומעניע דינגט מען זיך אויך וועגן דער צעטיילונג פון דעם רויב. אָפן באָדן פון דער איצטיקער מילכאָמע צווישן די איצטיקע רעגירונגען איז אומעגלעך צו העלפן בעלגיע, סאַידן מע זאָל דערביי העלפן שטיקן עסטרייך אָדער טערקיי און אזוי ווייטער! וואס פאַר אַ שאַיכעס האט אַהער די „פאָ= טערלאנד=פאַרטיידיקונג"?? אָט אין דעם באַשטייט טאָקע די באַזונדערקייט פון אַ אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, פון אַ מילכאָמע צווישן רעאַקציאָנער= בורזשואַזע רעגירונגען, וואס האָבן היסטאָריש זיך אַליין איבערגעלעבט, און וועלכע ווערט געפירט צוליב אונטערדריקן אַנדערע נאַציעס. דער, וואס באַ= רעכטיקט דעם אנטייל אין אַזאַ מין מילכאָמע, דער פאַרייביקט די אימפּעריאַ- ליסטישע אונטערדריקונג פון נאַציעס. ווער ס'פּריידיקט, אַז מע זאָל די איצטיקע פאַרשווערטע לאַגע פון די רעגירונגען אויסנוצן צוליבן קאמף פאַר דער סאָ= ציאַלער רעוואָלוציע, דער פאַרטיידיקט דיווירקלעכע פרייהייט פון ווירק- לעך אַלע נאציעס — די פרייהייט, וועלכע קאָן פאַרווירקלעכט ווערן נאָר באַם סאָציאַליזם.

*) דריי-אויסגלייך, אַנדערש אַנטאַנט, האט געהייסן די פאַרבינדונג צווישן ענגלאַנד, פראַנק- רייך און רוסלאַנד. דער פערטער איז געוואָרן איטאַליע.

## פאר וואס האלט מילכאמע רוסלאנד?

אין רוסלאנד האט דער קאפיטאליסטישער אימפעריאליזם פון נייסטן טיפּ זיך פולשטענדיק אַרויסגעוויזן אין דער פּאָליטיק פונם צאַריזם בענוי=גייע צו פערסיע, מאַנדזשוריע, מאָנגאָליע, ביכלאל אָבער דאָמינירט אין רוסלאנד דער מיליטערישער און פעאָדאַלער אימפעריאליזם. אין ערגעץ אין דער וועלט באגעגענען מיר ניט, אַז מע זאל אזוי דריקן די מערהייט באַ=פעלקערונג פון א לאַנד, ווי דאס ווערט געטאָן אין רוסלאנד: די גרויסרוסן באַטרעפן אינגאַנצן 43% ד. ה. ווייניקער ווי אַ העלפט פון דער באפעלקערונג, און אַלע איבעריקע זיינען רעכטלאָזיק, ווי פרעמד=אָפּשטאַמיקע („אינאָראָדצעס"). פון 170 מיליאָנען באַפעלקערונג אין רוסלאנד זיינען באַ הונדערט מי=ליאָן געדריקט און רעכטלאָזיק. דער צאַריזם פירט מילכאָמע קעדיי צו פאַר-כאפּן גאליציע און ענדגילטיק צו דערשטיקן די פרייהייט פון די אוקראינער, קע-דיי צו פאַרכאפּן אַרמעניע, קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אז. וו. דער צאריזם זעט אין דער מילכאָמע אַ מיטל אפצוואווענדן די אויפמערקזאמקייט פון דער אומצו-פרידנקייט, וואס וואקסט אינעווייניק אין לאנד, א מיטל צו דערשטיקן די אלץ וואקסנדיקע רעוואלוציאנערע באוועגונג. אף יעדע צוויי גרויסרוסן אין רוס-לאנד קומט איצט אויס פון צוויי ביז דריי רעכטלאזיקע „פרעמדע"; דורך דער מילכאָמע שטרעבט דער צאריזם צו פארגרעסערן די צאָל נאציעס, וואס ווערן געדריקט דורך רוסלאנד, צו פארפעסטיקן די אונטערדריקונג זייערע און דער=מיט אונטערייסן דעם קאמף פאר פרייהייט אויך באַ די גרויסרוסן גופע. די מעגלעכקייט צו אונטערדריקן און צו רויבן פרעמדע פעלקער פארשטארקט די עקאנאמישע פארגליווערטקייט, ווייל ניט זעלטן איז, אנשטאט דער אנטוויקלונג פון די פראדוקטיווע קויכעס, די האלבפעאָדאלע עקספלואטאציע פון די „פרעמדע" א קוואל פון האכנאסעס. אף אזא אויפן צייכנט זיך אויס די מילכאמע מיצאד רוסלאנד מיט איר געוואלטיקער רעאקציאנערקייט און מיט איר אנטי=באפריי-רישן כאראקטער.

---

# די לעצטע פאַזע פון דער מילכאָמע. בולגאַריע, סערביע, באַגדאַד און אַז. וו.

## וואָס איז אַזוינס סאָציאַל-שאָוויניזם?

סאָציאַל-שאָוויניזם — דאס הייסט פאַרטיידיקן די אידייע פון „פאטערלאַנד=באַשיצונג" אין דער איצטיקער מילכאָמע. פון דערדאָזיקער אידייע דרינגט ווי=טער אַרויס דער אָפּזאָג פון קלאַסנקאַמף בעאייס דער מילכאָמע, דאס שטימען פאר קריגס-קרעדיטן און ד. גל. אין דער ווירקלעכקייט פירן דורך די סאָצי-אַל-שאָוויניסטן אַן אַנטיפּראָלעטאַרישע, בורזשואַזע פּאָליטיק, ווייל פאַקטיש פאַרטיידיקן זיי ניט די „באַשיצונג פונם פאטערלאנד" אין זינען פון קאַמף קעגן

פרעמדנאַציאָנאַלן דרוק, נאר דאס „רעכט" פון די אָדער יענע „גרויסע" מלוכעס צו ראַבירן קאָלאָניעס און צו אונטערדריקן פרעמדע פעלקער. די סאָציאַל־שאָוויניסטן, פונקט ווי די בורזשואַזיע, נאַרן אָפּ דאָס פאָלק, אַז די מילכאָמע פירט זיך קלוימערשט צוליב פאַרטיידיקן די פרייהייט און די עקזיסטענץ פון די נאַציעס, און דערמיט גייען זיי (די סאָציאַל־שאָוויניסטן) אַריבער אַפן צאַד פון דער בורזשואַזיע קעגן פראָלעטאַריאַט. צו די סאָציאַל־שאָוויניסטן געהערן הען די, וואס באַרעכטיקן און פוצן צו די רעגירונגען און די בורזשואַזיע פון א י י נ ע ר פון די קריגפירנדיקע מלוכע־גרופּעס, הען די, וואס אנערקענען — ווי קאַאוטסקי — דאס גלייכע רעכט פון די סאָציאַליסטן אין א ל ע קריגפירנדיקע מלוכעס צו „פאַרטיידיקן דאס פאטערלאַנד". דער סאָציאַל־שאָוויניזם, וועלכער פאַרטיידיקט פאַקטיש די רעכט, די פריווילעגיעס, די רויבערייען און די געוואַלטאַטן פון „זיין" (אָדער פון יעטווידער ביכלאל) אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע, שטעלט פאַר מיט זיך אַ פולשטענדיקן פאַראַט בענויגייע צו אַלע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען און בענויגייע צו די באַשלוסן פונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין באַזעל.

## דער באַזעלער מאַניפעסט.

דער מאַניפעסט וועגן מילכאָמע, וועלכער איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן אין באַזעל, אין 1912 יאָר, האט אין זינען גראָד די מילכאָמע צווישן דייטשלאנד און ענגלאנד, מיט זייערע איצטיקע פאַרבינדעטע, וואס איז אויסגעבראָכן אינם 1914 יאָר. דער מאַניפעסט דערקלערט אָפן, אז קיין שום פאָלקס־אינטערעס קאָן ניט באַרעכטיקן אַזאַ מילכאָמע, וועלכע ווערט געפירט „צוליב די רעוואָכים פון די קאַפּיטאַליסטן און צוליבן נוצן פון די דינאַסטיעס" אָפן באָדן פון דער אימפּעריאַליסטישער, רויבערישער פּאָליטיק פון די „גרויסע" מלוכעס. דער מאניפעסט דערקלערט בעפיירעש, אז די מילכאָמע איז געפערלעך פאַר די „רעגירונגען" (פאַר אַלע אָן אויסנאַם), ער באַצייכנט די שרעק זייערע פאַר דער „פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע", ער ווייזט אָן מיט דער פעסטער באַשטימטקייט אָפן ביישפּיל פון דער קאָמונע אין 1871 יאָר און אַפן ביישפּיל פון אָקטיאַבר—דעקאַבר 1905 יאָר, ד. ה. אַף אַ ב י י ש פּ י ל פ ו ן ר ע וואָ ל ו צ י ע א ו ן ב י ר ג ע ר ק ר י ג. אף אַזאַ אויפן, איז גראָד פאַר דער איצטיקער מילכאָמע שטעלט איין דער באַזעלער קאָנגרעס די טאַקטיק פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די ארבעטער אין אינטערנאציאָנאַלן מאַסשטאַב קעגן זייערע רעגירונגען, די טאַקטיק פון פראָלעטארישער רעוואָלוציע. דער באַזעלער קאָנגרעס כאַזערט איבער די ווערטער פון דער שטוטגארטער רעזאָלוציע, אַז אין פאַל פון אַ מילכאָמע דאַרפן די סאָציאַליסטן אויסנוצן דעם „עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קריזיס", וואס ווערט געשאַפן דורך דערדאָזיקער מילכאָמע, קעדיי צו „פאַרגיכערן די מאפאַלע פונם קאַפּיטאליזם", ד. ה. אויסנוצן די אלע שוועריקייטן פון די רעגירונגען, וואס ווערן געשאַפן דורך דער מילכאָמע, און די אויפרעגונג פון די מאַסן צוליב דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

די פּאָליטיק פון די סאָציאַל־שאָוויניסטן, זייער פאַרענטפערן די מילכאָמע

פון בורזשואַזי-באַפרייערישע שטאַנדפונקטן, זייער אַנערקענען די „פאַטערלאַנד-באַשיצונג“, דאס שטימען פאַר קרעדיטן, דאס אַריינטרעטן אין מיניסטעריום און אַז. וו. און אַז. וו. — דאס איז אַ בעפיירעשער פּאַראַט בענויגייע דעם סאָציאַליזם, אַ פאַראט, וואס קאָן — ווי מיר וועלן ווייטער זעען — דערקלערט ווערן נאָר דורך דעם ניצאָכן, וואס דער אָפּאָרטוניזם און די נאַציאָנאַל-ליבעראַלע אַרבעטער-פּאָליטיק האבן אָפּגעהאלטן אינעווייניק אין דער מערהייט אייראָפּעאישע פּאַרטייען.

## פּאַלש באַרופן זיך אַף מארקסן און ענגעלסן.

די רוסישע סאָציאַל-שאָוויניסטן (מיט פּלעכאַנאָוון בעראָש) באַרופן זיך אַף דער טאַקטיק פון מארקסן אין דער מילכאָמע פון 1870 יאָר; די דייטשישע סאָציאַל-שאָוויניסטן (פונם טיפּ לענטש, דאוויד און קאָמפּ.) באַרופן זיך אַף ענגעלסעס דערקלערונג אין 1891 יאָר וועגן דעם, אַז די דייטשישע סאָציאַליסטן זיינען מעכויעוו באַשיצן דאס פאטערלאנד אין פּאַל פון אַן איינצייטיקער מילכאָמע מיט פראנקרייך און רוסלאנד; ענדלעך, די סאָציאַל-שאָוויניסטן פון קאַאוטסקיס טיפּ, וואס ווילן שאָלעם מאכן און לעגאַליזירן דעם אינטערנאציאָנאַלן שאָוויניזם, באַרופן זיך אַף דעם, וואס מארקס און ענגעלס, האגאם זיי האבן פארורטיילט מילכאָמעס, האבן פונ-עסטוועגן, ווי באַלד די מילכאָמע איז דאָך אויסגעבראָכן, שטענדיק (פון די יאָרן 1854—1855 ביז די יאָרן 1870—1871 און 1876—1877) געשטעלט זיך אַף דער זייט פון דער אָדער יענער קריגפירנדיקער מלוכע.

אָט די אלע באַרופונגען שטעלן מיט זיך פאָר אַ כוצפּעדיקע פארדרייאונג פון מארקס און ענגעלסעס מיינונגען לעטויוועס דער בורזשואזיע און די אָפּאָר-טוניסטן, פּונקט ווי די שרייבערייען פון די אנארכיסטן גיליאם און קאָמפּ. פאר-דרייען מארקס און ענגעלסעס מיינונגען, קעדיי צו באַרעכטיקן דעם אנארכיזם. די מילכאָמע פון די יאָרן 1870—1871 איז מיצאַד דייטשלאנד געווען אַ היס-טאָריש-פּראָגרעסיווע, ביז וואנען ס'האָט ניט באַקומען די מאַפּאָלע נאַפּאָלעאָן דער דריטער, ווייל ער האט איינגעם מיטן צאר יאָרנלאנג געדריקט דייטש-לאנד, שטיצנדיק די פעאָדאלע צעברעקלטקייט פונם לאנד. ווי נאָר אָבער די מילכאָמע איז דערגאנגען דערצו, אַז מע האט אָנגעהויבן ראבירן פראנקרייך (די אנעקסירונג פון עלזאס און לאָטארינגיע), האבן מארקס און ענגעלס אנט-שיידן פארורטיילט די דייטשן. נאָר אַפילע שוין אין אָנהויב פון דער מילכאָמע האבן מארקס און ענגעלס באוויליקט בעבעלס און ליבקנעכטס אָפּזאָגן זיך צו שטימען פאר די קרעדיטן און האבן געאייצעט די ס.-ד. זיך ניט צונויפצוגיסן מיט דער בורזשואזיע, נאר פארטיידיקן די זעלבשטענדיקע קלאסן-אינטערעסן פונם פּראָלעטאריאט. אריבערטראָגן אַף דער איצטיקער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע די אָפּשאצונג פון דערדאָזיקער בורזשואזי-פּראָגרעסיווער און נאַציאָנאַל-באַפרייערישער מילכאָמע — דאס הייסט פּאָשעט כויזעק מאכן פונם עמעס. דאסזעלביקע האט נאך אין אַ גרעסערער מאָס אַ שאיכעס צו דער מילכאָמע פון די יאָרן 1854—1855 און צו אלע מילכאָמעס פון XIX יאָרהונדערט, ווען

מיר האָבן ניט געהאט פארמאָגט ניט דעם מאָדערנעם אים=פעריאליזם, ניט די צייטיק געוואָרענע אָביעקטיווע באַ-דינגונגען פארן סאָציאליזם, ניט קיין סאָציאליסטישע מאסנפארטייען אין אלע קריגפירנדיקע לענדער, ד. ה. מיר האָבן ניט געהאט גראָד יענע באדינגונגען, פון וועלכע דער באזעלער מאניפעסט האט ארויסגעפירט די טאקטיק פון א „פּראָלעטארישער רעוואָלוציע“ אין פארבינדונג מיט א מילכאָמע צווישן די גרויסע מלוכעס.

דער, וועלכער באַרופט זיך איצט אף מארקס באציאונג צו מילכאָמעס אין דער עפּאָכע פון דער פּראָגרעסיווער בורזשואזיע און פארגעסט מארקס ווערטער: „די ארבעטער פארמאָגן ניט קיין פאטערלאנד“ — ווערטער, וואס האבן א שאיכעס גראָד צו דער עפּאָכע פון רעאקציאָנערער, אָפּגעלעבטער בורזשואזיע, צו דער עפּאָכע פון סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, — דער פארדרייט אומפארשעמטערהייט מארקסן, און דער רוקט אונטער אנשטאט דעם סאָציאליסטישן שטאנדפונקט א בורזשואזן.

## קראַך פונם II אינטערנאַציאָנאַל.

די סאָציאליסטן פון דער גאנצער וועלט האבן אין 1912 יאָר אין באזעל פייערלעך פּראָקלאמירט, אז זיי האלטן די קומענדיקע אייראָפּעאישע מילכאָמע פאר א „פארברעכערישן“ און רעאקציאָנערן אקט פון אלע רעגירונגען, אן אקט, וואס מוז פארגיכערן דאס פאלן פונם קאפּיטאליזם, ווייל דאס רופט ארויס אומפארמיידלעך א רעוואלוציע קעגן אים. ס׳איז אָנגעקומען די מילכאָמע, ס׳איז אָנגעקומען דער קריזיס. אנשטאט דער רעוואלוציאָנערער טאקטיק, האבן די מערהייט פון די ס. ד. פארטייען אָנגענומען א רעאקציאָנערע טאקטיק, שטעלנ-דיק זיך אף דער זייט פון זייערע רעגירונגען, פון זייער בורזשואזיע. דידאָזיקע פעלשונג אינם סאָציאליזם באדייט א קראך פונם צווייטן (1889—1914) אינ-טערנאציאָנאל, און מיר דארפן זיך אָפּגעבן א רעכענונג אין דעם, פון וואנען ס׳האט זיך גענומען דערדאָזיקער קראך ווי אזוי איז געבארן געוואָרן דער סאָציאל=שאוויניזם, וואס האט אים געגעבן זיין קויעך.

## סאָציאל־שאוויניזם איז־פארענדיקטער אפּאָרטוניזם.

אין מעשעך פון דער גאנצער עפּאָכע פונם צווייטן אינטערנאציאָנאל איז אינעווייניק אין די ס. ד. פארטייען, אומעטום פאָרגעקומען א קאמף צווישן דעם רעוואלוציאנערן און אָפּאָרטוניסטישן פליגל. אין א רייע לענדער איז אף דערדאזיקער ליניע פארגעקומען א שפּאלטונג (ענגלאנד, איטאליע, האלאנד, בולגאריע). קיין איין מארקסיסט האט ניט געצווייפלט אין דעם, אז דער אָפּאָרטוניזם דריקט אויס די בורזשואזע פּאליטיק אין דער ארבעטער=באוועגונג, אדער דריקט אויס די אינטערעסן פון דער קליינבורזשואזיע און די אינטערעסן פון דעם פארבאנד צווישן א נישטיקן טייל פארבורזשואזירט געווארענע אר-בעטער מיט זייער „אייגענער“ בורזשואזיע קעגן די אינטערעסן פון דער מאסע פּראָלעטאריער, פון דער מאסע אונטערדריקטע.

די אָביעקטיווע באַדינגונגען צום סאָף פונם 19-טן יאָרהונדערט האבן באַזונדערס פאַרשטאַרקט דעם אָפּאָרטוניזם דערמיט, וואס די אויסנוצונג פון דער בורזשואַזער לעגאַלקייט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א מין קוירים-פאַלן פאַר דערדאַזיקער לעגאַלקייט, דערמיט, וואס עס איז געשאַפן געוואָרן א קליי-נער שיכט ביוראַקראַטיע און אַריסטאָקראַטיע אינעם אַרבעטערקלאַס, דערמיט, וואס אין די רייען פון די ס. ד. פּאַרטייען זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אַסאַך קליינבירגערלעכע „מיטלויפּער״.

די מילכאָמע האט פאַרגיכערט די אַנטוויקלונג דערמיט, וואס זי האט דעם אָפּאָרטוניזם פאַרוואַנדלט אין סאָציאַל-שאָוויניזם, דעם געהיימען בונד פון די אָפּאָרטוניסטן מיט דער בורזשואַזיע — אין אַן אָפענעם. דערביי האט די מיליטערישע מאַכט אומעטום איינגעפירט קריגס-צושטאַנד און האט אַנגעטאָן א היינטישן מוילקאָרב דער אַרבעטערמאַסע, וואס אירע אַלטע פירער זיינען קימאַט אַלע אַריבערגעגאַנגען צו דער בורזשואַזיע.

דער עקאָנאָמישער יעסאָד פונם אָפּאָרטוניזם און פונם סאָציאַל-שאָוויניזם איז איינער און דערזעלביקער: די אינטערעסן פון אַ נישטיקן שיכט פּריווילע-גירטע אַרבעטער און קליינבורזשואַזיע, וואס פאַרטיידיקן זייער פּריווילעגירטע לאַגע, זייער „רעכט״ אויף די ברעקלעך פון די רעוואָכים, וואָס עס באַקומט „זייער״ נאַציאָנאַלע בורזשואַזיע, אַדאַנק דעם, וואס זי באַגאַזלט פרעמדע נאַ-ציעס, אַדאַנק איר גרויסמעכטיקער לאַגע, און אַז. וו.

דער אידייאיש-פּאָליטישער אינהאַלט פונם אָפּאָרטוניזם און פונם סאָ-ציאַל-שאָוויניזם איז איינער און דערזעלבער: מיטאַרבעט צווישן קלאַסן אַנ-שטאָט קלאַסנקאַמף, אָפּזאָג פון רעוואָלוציאָנערע קאַמפמיטלען, הילף דער „איי-גענער״ רעגירונג אין איר שווערער לאַגע אַנשטאט אויסנוצן דידאָזיקע לאַגע צוליב דער רעוואָלוציע.

ווען מיר זאָלן נעמען אַלע אייראָפּעאישע לענדער איניינעם, אויב מיר זאָלן נעמען אין אַכט ניט קיין איינצלנע פּערזאָנען (זאָל זיין אַפילע מיטן גרעסטן אַוטאָריטעט), וועט זיך אַרויסווייזן, אַז גראָד די אָפּאָרטוניסטישע שטרעמונג איז געוואָרן די הויפּטשטיצע פונם סאָציאַל-שאָוויניזם, און אַז פונם לאַגער פון די רעוואָלוציאָנערן הערט זיך קימאַט אומעטום א מער אָדער ווי-ניקער אויסגעהאַלטענער פּראָטעסט קעגן אים. און אויב מיר זאָלן, לעמאָשל, נעמען די גרופּירונג פון די ריכטונגען אויפן שטוטגאַרטער סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין 1907-טן יאָר, וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער מאַרקסיזם איז געווען קעגן אימפּעריאַליזם, און דער אינטערנאַציאָנאַלער אָפּאָרטוניזם איז שוין דעמאָלט געווען פאַר אים.

## איינהייט מיט די אָפּאָרטוניסטן—דאס איז א בונד פון די אַרבע-טער מיט „זייער״ נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע און א צעשפּאַלטונג פונם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטערקלאַס.

אין דער פאַרגאַנגענער עפּאָכע, ביז דער מילכאָמע, האט מען דעם אָפּאָרטוניזם ניט זעלטן גערעכנט פאַר אַן „אָפּנויגונג״, פאַר אַן „עקסטרעמקייט״,

דאָך אָבער פאר אַ געזעצלעכן באַשטאַנדטייל פון דער ס. ד. פאַרטיי. די מילכאָמע האט באוויזן, אַז אַף ווייטער איז דאָס אומעגלעך. דער אָפּאָרטוניזם איז „צייטיק געוואָרן“. ער האט דערפירט ביזן סאָף די ראָלע זיינע פון א בורזשואַזן עמיסאַר *) אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. די אייניקייט מיט אָפּאָרטוניסטן איז געוואָרן דורכויס אַ צוויעס; אַביישפּיל דערצו זעען מיר אין דער דייטשישער ס. ד. פּאַרטיי. באַ אַלע וויכטיקע פאַלן (לעמאָשל, באַ דער אָפּשטימונג פון 4-טן אַווגוסט **) קומען די אָפּאָרטוניסטן מיט זייער אולטימאטום און פירן אים דורך מיט דער הילף פון זייערע פילצאָליקע פארבינדונגען מיט דער בורזשואַזיע, מיט דער הילף פון זייער מערהייט אין די פּאַרוואַלטונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אז. וו. *אייניקייט* מיט די אָפּאָרטוניסטן באַדייט איצט *פּאַקטיש* אונטערוואַרפן דעם אַרבעטער-קלאַס אונטער „זיין“ נאציאָנאַל‚ר בורזשואַזיע, באדייט אַ פארבאַנד מיט איר אַף אונטערצודריקן פרעמדע נאַציעס און אַף צו קעמפן פאר גרויסמעכטיקע פריווילעגיעס, באַדייט אַ *צעשפּאלטונג* פון רעוואלוציאָנערן פּראָלעטאַריאט אין אַלע לענדער.

ווי שווער ס'זאל ניט זיין אין איינצלנע פאַלן דער קאמף מיט די אָפּאָרטוניסטן, וואס הערשן אין פיל אָרגאניזאַציעס, ווי אייגנארטיק ס'זאל ניט פּאָרקומען אין איינצלנע לענדער דער פּראָצעס פון אָפּריייניקן די ארבעטער-פּארטייען פון די אָפּאָרטוניסטן, — איז דאָך דערדאָזיקער פּראָצעס אן אומפארמיידלעכער און א פרוכטבאַרער. דער רעפאָרמיסטישער סאָציאַליזם שטאַרבט אָפּ; דער סאָציאליזם, וואס לעבט ווידער אויף, „וועט זיין א רעוואָלוציאָנערער, אַן אָנשאָלעמדיקער, א בונטארישער“, לויטן ריכטיקן אויסדרוק פונם פראנצויזישן סאָציאליסט פּאָול גאָליי.

## „קאאוטסקיזם“.

קאאוטסקי — דער גרעסטער אויטאריטעט פונם צווייטן אינטערנאציאנאל — שטעלט מיט זיך פאר א העכסט טיפּישן און בולעטן ביישפּיל פון דעם, ווי אזוי דאָס אַנערקענען דעם מארקסיזם אפן וואָרט האט אין דערווירקלעכקייט געבראכט דערצו, אז ער איז פארוואנדלט געווארן אין „סטרואוויזם“ אדער אין „ברענטאניזם“. דאָס זעען מיר אויך אפן ביישפּיל פון פּלעכאנאָוון. מיט דער הילף פון ריינע סאָפיזמען טרייבט מען ארויס פונם מארקסיזם די רעוואָלוציאנערע לעבעדיקע נעשאָמע זיינע; אינם מארקסיזם אנערקענט מען *אלץ*, *אכוץ* רעוואָלוציאָנערע קאמפמיטלען, אכוץ דער אגיטאציע און דער צוגרייטונג פון דידאזיקע מיטלען, אכוץ דער דערציאונג פון די מאסן גראָד אין דערדאזיקער ריכטונג. קאאוטסקי מאכט אידייענלאָזיק „שאָלעם“ צווישן דעם גרונט-געדאנק פונם סאָציאל-שאָוויניזם — די אנערקענונג פון פּאָטערלאנדפארטיידיקונג — מיט דער איצטיקער מילכאָמע — מיט א דיפּלאמאטישן לעפּאָנימדיקן נאָכגעבן די לינקע (אין דער פאָרם פון אָפּהאלטן זיך באם שטימען די

---

*) עמיסאַר — באַפולמעכטיקטער, אַגענט.

**) אין אווגוסט 1914 האבן די דייטשישע ס. ד. געשטימט פאר מילכאָמע-קרעדיטן.

קרעדיטן, פון אנערקענען אפן ווארט זיין אָפּאָזיציאָנעלקייט און ד. גל.). קאאוטס־קי, וועלכער האט אין 1909־טן יאר געשריבן א גאנצן בוך וועגן דעם, אז עס דערנענטערט זיך די עפּאָכע פון רעוואלוציעס, און אז א מילכאָמע איז פאר־בונדן מיט א רעוואלוציע, קאאוטסקי, וועלכער האט אין 1912־טן יאר אונטער־געשריבן דעם באזעלער מאניפעסט וועגן רעוואלוציאנער אויסנוצן די קומענ־דיקע מילכאָמע, — דערזועלביקער קאאוטסקי באַרעכטיקט און פוצט איצט צו אף קאָלערליי אויפאנים דעם סאָציאל־שאָוויניזם און, פונקט ווי פּלעכאנאוו, שטייט ער צו צו דער בורזשואזיע, קעדיי אויסצולאכן יעדן געדאנק וועגן רע־וואלוציע, יעדן טריט צום דירעקטן רעוואלוציאנערן קאמף.

דער ארבעטערקלאס איז ניט אימשטאנד צו פארווירקלעכן זיין אלוועלט־לעך־רעוואָלוציאנערע ראָלע, אויב ער פירט ניט קיין אומבעראכמאָנעסדיקע מילכאמע קעגן דערדאָזיקער רענעגאטישקייט, כאראקטערלאזיקייט, קעגן דעם קנעכטישן בוקן זיך פארן אָפּאָרטוניזם און קעגן דער אומגעהערטער טעארע־טישער וואולגאריזירונג פונם מארקסיזם. קאאוטסקיזם איז ניט קיין צופעליקייט, נאָר א סאציאלער פּראָדוקט פון די סטירעס אינם 2־טן אינטערנאציאנאל, א פּראָדוקט פון פארייניקן די טרייקייט צום מארקסיזם אפן ווארט מיטן אונ־טערווארפן זיך אונטערן אפּארטוניזם אין דער האנדלונג.

אין פארשיידענע לענדער ווייזט זיך ארויס דידאזיקע גרונט־פאלשקייט פונם „קאאוטסקיזם" אין פארשיידענע פאָרמען, אין רוסלאנד איז דאס טראָצ־קי, וועלכער ווארפט אויך אָפּ דידאזיקע אידייע, און דאך פארטיידיקט ער גלייכצייטיק די אייניקייט מיט דער אָפּאָרטוניסטישער און שאוויניסטישער גרופּע פון „נאשא זאריא". אין רומעניע איז עס ראקאווסקי, וועלכער דער־קלערט א קריג דעם אָפּאָרטוניזם, וואס איז שולדיק אין דעם באנקראָט פונם אינטערנאציאנאל, און אין דער אייגענער צייט איז דערזעלביקער ראקאווסקי גרייט צו אנערקענען די געזעצלעכקייט פון דער אידייע וועגן פאטערלאנד־פאר־טיידיקונג. דאס אלץ זיינען דערשיינונגען פון איין און דערזעלביקער צאָרע, וואס די האָלענדער מארקסיסטן (האָרטער, פּאנעקוק) האבן דאס אָנגערופן „פּאסי־ווער ראדיקאליזם" און וועלכע באשטייט אין דעם, וואס אין דער טעאריע פארבייט מען דעם רעוואלוציאנערן מארקסיזם אף עקלעקטיזם, און וואס אין דער פּראקטיק איז מען קנעכטיש איבערגעגעבן אדער אנמעכטיק בענויגייע דעם אפּארטוניזם.

## דער לאָזונג פון מארקסיסטן איז דער לאָזונג פון א רעוואלו־ציאנערער סאציאל־דעמאקראטיע.

די מילכאָמע האט, אָן שום צווייפל, אַרויסגערופן זייער אַ שאַרפן קריזיס און האָט אומגעהויער פאַרשאַרפט די ליידן פון די מאַסן. דער רעאַק־ציאָנערער כאַראַקטער פון דערדאָזיקער מילכאָמע, די אומפאַרשעמטע שקאָרים פון דער בורזשואַזיע אין אַלע לענדער, וועלכע פאַרדעקט אירע רויבערישע צילן מיט אַ „נאַציאָנאַלער" אידעאָלאָגיע — דאס אלץ מוז אַפן באָדן פון אַן אָביעקטיוו־רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע אומפאַרמיידלעך שאַפן רעוואָלוציאָנערע

שטימונגען באַ די מאַסן. אונזער כּיוון איז מיטהעלפן, דידאָזיקע שטימונגען זאָלן ווערן פאַרבונדן מיט באַוואוסטזיין, אונזער כּיוון איז פאַרטיפערן און אויספאָרמירן זיי. דידאָזיקע אויפגאַבע דריקט אויס ריכטיק בלויז דער לאָזונג וועגן פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע אין א בירגערקריג. און יעטווידער אויסגעהאַלטענער קלאַסנקאַמף אין דער צייט פון מילכאָמע, יעטווידע ערנסט דורכגעפירטע טאַקטיק פון „מאַסן-אַקציעס” פירט אומפאַרמיידלעך צו דעם. מע קאָן ניט וויסן, צי אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ערשטער אָדער מיט דער צווייטער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע צווישן די גרויסע מלוכעס, צי אין דער צייט פון דער מילכאָמע אָדער נאָך איר וועט אויפלאַקערן א שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, — יעדנפאַלס אַבער איז אונזער אומ=באַדינגטער כּיוון סיסטעמאַטיש און אָן אָפּנויגונגען צו אַרבעטן גראַד אין דער ריכטונג.

דער באַזעלער מאַניפעסט באַרופט זיך בעפיירעש אף דער פּאַריזער קאָ-נע, ד. ה. אף א ביישפּיל פון פאַרוואַנדלען די מילכאָמע צווישן רעגירונגען אין א בירגערקריג. א האַלב=יאָרהונדערט צוריק איז דער פּראָלעטאַריאַט גע-ווען נאָך צו שוואַך, די אָביעקטיווע באַדינגונגען פאַרן סאָציאַליזם זיינען נאָך ניט געווען רייף; קיין קאָאָרדינאַציע און מיטווירקונג פון די רעוואָלוצי=אָנערע באַוועגונגען אין אַלע קריגפירנדיקע לענדער האָט ניט געקאָנט זיין; דאָס, וואָס א טייל פון די פּאַריזער אַרבעטער איז געווען פאַרכאַפּט פון דער „נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע” (די טראַדיציע פון 1792-טן יאָר), איז געווען באַ זיי א קליינבירגערלעכע שוואַכקייט, וואָס מאַרקס האָט זי אין יענער צייט אונטערגעשטראָכן, און איינע פון די סיבּעס, וואָס האָבן אַרויסגערופן די מאַ=פּאַלע פון דער קאָמונע. א האַלב-יאָרהונדערט נאָך דער קאָמונע זיינען אָפּגע-פאַלן די באַדינגונגען, וואָס האָבן געהאַט אָפּגעשוואַכט די דאַמאָלסדיקע רעוואָ=לוציע, און באַ היינטיקן טאָג איז ניט צו פאַרצייען יענעם סאָציאַליסט, וועל-כער פּויעלט באַ זיך אָפּצוזאָגן זיך פון א טעטיקייט, וואָס איז גראָד אינם גייסט פון די פּאַריזער קאָמונאַרן.

## אַ ביישפּיל פון ברידערן זיך אין די טראַנשייען.

די בורזשואַזע צייטונגען פון אַלע קריגפירנדיקע לענדער האָבן געבראַכט ביישפּילן, ווען די סאָלדאַטן פון די קריגפירנדיקע נאַציעס האָבן זיך געברידערט אפילע אין די טראַנשייען. און דאָס, וואָס די מיליטערישע מאַכט (פון דייטש-לאַנד, פון ענגלאַנד) האָט אַרויסגעגעבן דראַקאָנישע*) באַפעלן קעגן אַזאַ מין ברידערן זיך, האָט באַוויזן, אז די רעגירונג און די בורזשואַזיע גיבן צו דעם ברידערן זיך אַן ערנסטן באַדייט. אויב באַ אַ פולשטענדיקער הערשאַפט פונם אָפּאָרטוניזם אין די אויבערשטע שיכטן פון די מאַירעוו-אייראָפּעאישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען; אויב דעמאָלט, ווען דער סאָציאַל-שאָוויניזם ווערט אונטערגעהאַלטן דורך דער גאַנצער ס. ד. פּרעסע, דורך אַלע אויטאָריטעטן פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, זיינען דאָך מעגלעך געווען פאַלן פון ברידערן

*) אַכזאָריעסדיקע.

זיך, — באַווייזט דאָס אונז, ווי ווייט ס'וואָלט מעגלעך געווען צו פּאַרקירצן די איצטיקע פאַרברעכערישע, רעאַקציאָנערע, קנעכטבאַזיצערישע מילכאָמע און צו אָרגאַניזירן אַ רעוואָלוציאָנערע אינטערנאַציאָנאַלע באַוועגונג, ווען אַפילע נאָר די לינקע סאָציאַליסטן אין אַלע קריגפירנדיקע לענדער זאָלן פירן אַ סיסטע-מאַטישע ארבעט אין דערדאָזיקער ריכטונג.

## דער באַדײַט פון אַן אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע.

די אָנגעזעענסטע אַנאַרכיסטן פון דער גאַנצער וועלט האָבן זיך אין דער-דאָזיקער מילכאָמע דיסקרעדיטירט מיטן סאָציאַל-שאָוויניזם (אין גייסט פון פלע-כאַנאָוון און קאַאוטסקין) ניט ווייניקער, איידער די אפּאַרטוניסטן. איינער פון די נוצלעכסטע רעזולטאַטן פון דער מילכאָמע וועט זײַן דאָס, וואָס זי וועט דערהאַרגענען אי דעם אפּאָרטוניזם, אי דעם אַנאַרכיזם.

ניט אָפּזאָגנדיק זיך אין קיין שום פאַל און בײַ קיינע אומשטאַנדן פון אויסצונוצן די מינימאַלסטע לעגאַלע מעגלעכקייט אַף צו אָרגאַניזירן די מאַסן און צו אַגיטירן פאַרן סאָציאַליזם, דאַרפן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען רײַסן מיטן קנעכטישן בוקן זיך פאַר לעגאַלקייט. „שיסט איר די ערשטע, הערן בורזשועו", האָט געשריבן ענגעלס, געבנדיק גראָד דערמיט אַן אנצוהע-רעניש אַפן בירגערקריג און אַף דער נויטיקייט, אַז מיר זאָלן אויוועך זײַן אַף דער לעגאַלקייט נאָכדעם, ווי די בורזשואזיע וועט זי אָנרירן. דער קריזיס האט באַוויזן, אז אין אלע, אפילע אין די סאַמע פרייע לענדער, רירט אָן די בורזשואַזיע די לעגאַלקייט, און אז ס'איז אומעגלעך צו פירן די מאַסן צו דער רעוואָלוציע, אויב מע זאָל ניט באשאפן קיין אומלעגאלע אָרגאניזאציעס אַף צו אַגיטירן, באַהאַנדלען, אָפּשאַצן און צוגרייטן די רעוואָלוציאָנערע קאמפמיטלען. אין דייטשלאנד, לעמאָשל, איז אַלץ, וואס עס ווערט נאָר ערלעכס געטאָן דורך די סאָציאליסטן, ווערט עס געטאָן קעגן דעם געמיינעם אפּאָרטוניזם און קעגן דעם צוויעסדיקן „קאַאוטסקיזם", און ווערט געטאָן גראָד אומלעגאַל. אין ענגלאנד איז פאר געדרוקטע צורופן ניט צו גיין אין מיליטער שיקט מען אוועק אַף קאַטאָרגע.

רעכענען, אז מע קאָן געהערן צו דער ס. ד. פּאַרטיי און אין דערזעל-ביקער צייט אָפּלייקענען אומלעגאַלע מעטאָדן פון פּראָפּאגאנדע און אויסלאכן זיי אין דער לעגאַלער פרעסע, הייסט פעלשן אין סאָציאַליזם.

## וועגן דער מאַפּאָלע פון דער „אייגענער" רעגירונג אין דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע.

די, וואס פאַרטיידיקן דעם ניצאָכן פון דער אייגענער רעגירונג אין דער איצטיקער מילכאָמע, און אויך די, וואָס פאַרטיידיקן דעם לאָזונג „ניט קיין ני-צאָכן, ניט קיין מאפּאָלע", שטייען ביידע גלייך אַף אַ סאָציאַל-שאָוויניסטישן שטאַנדפּונקט. אין אַ רעאַקציאָנערער מילכאָמע קאָן ניט דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס ניט וועלן, אז זיין רעגירונג זאָל באַקומען די מאפּאָלע, ער קאָן ניט ניט זעען, אז די מיליטערישע דורכפאַלן פון זיין רעגירונג מאכן גרינגער די מעג-

לעכקייטן אַראָפּצוואוואַרפן דידאָזיקע רעגירונג. נאָר דער בורזשואַ, וועלכער
גלויבט, אַז די מילכאָמע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צווישן די רעגירונגען, וועט
אומבאַדינגט אויך ענדיקן זיך, ווי אַ מילכאָמע צווישן רעגירונגען, וועלכער
וויל טאקע, זי זאָל זיך אזוי ענדיקן, געפינט פאר „קאָמיש״ אָדער „אומגע-
לומפערט״ די אידייע וועגן דעם, אַז די סאָציאַליסטן פון אַלע קריגפירנדיקע
לענדער זאָלן ארויסטרעטן מיט א מאפּאָלע-וואונש בענויגייע צו אַלע „זייערע״
רעגירונגען. אדעראבע, גראָד אזא ארויסטרעטונג וואָלט געשטימט מיט די פאר-
באָרגענע געדאנקען פון יעטווידן באוואוסטזיניקן ארבעטער, און וואָלט גע-
לעגן אף דער ליניע פון אונזער טעטיקייט, וועלכע איז געווענדעט אף צו פאר-
וואנדלען די אימפעריאליסטישע מילכאָמע אין א בירגערקריג.

ס'איז קיין סאָפעק ניט, אַז די ערנסטע אגיטאַציע, וואָס א טייל פון די
ענגלישע, דייטשישע און רוסישע סאָציאַליסטן האָבן געפירט קעגן דער מיל-
כאָמע, האט „אָפּגעשוואכט די מיליטערישע קראפט״ פון די באטרעפנדיקע רע-
גירונגען, אָבער אזא אגיטאציע איז געווען א פ א ר ד י נ ס ט פון די סאָציא-
ליסטן. די סאָציאַליסטן דארפן דערקלערן די מאסן, אַז פאר זיי עקזיסטירט ניט
קיין שום רעטונג אויסער דער רעוואָלוציאָנערער אראָפּוואַרפונג פון „זייערע״
רעגירונגען, און אַז די קריטישע לאגע פון זייערע רעגירונגען אין דער איצ-
טיקער מילכאָמע דארף מען אויסנוצן גראָד צוליב אָט דעם ציל.

## וועגן פּאַציפיזם און שאָלעם-לאָזונג.

די שטימונג פון די מאסן לעטויוועס שאָלעם דריקט אָפטמאָל אויס אָן
אָנהויב פון פּראָטעסט, פון אויפרעגונג און אָן אָנהויב פון אנערקענען, אַז די
מילכאָמע איז א רעאקציאָנערע. אויסנוצן דידאָזיקע שטימונג איז דער כויוו פון
אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. די ס. ד. וועלן נעמען דעם סאמע הייסן אָנטייל אין
יעטווידער באוועגונג און אין יעטווידער דעמאָנסטראַציע אף דעם באָדן. זיי
וועלן אָבער ניט נארן דאס פאָלק מיט דערלאָזן דעם געדאנק, אַז אָן א רע-
וואָלוציאָנערער באוועגונג איז מעגלעך א שאָלעם אָן אנעקסיעס, אָן נאציאָנא-
לער אונטערדריקונג, אָן רויבערייען, אָן אן עמבריאָן פון נייע מילכאָמעס צווישן
די איצטיקע רעגירונגען און די הערשנדיקע קלאסן. אזא מין נארן דאס פאָלק
קאָן ברענגען נוצן נאָר דער געהיימער דיפּלאָמאַטיע פון די קריגפירנדיקע מלו-
כעס און זייערע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע פּלענער. ווער ס'וויל א פעסטן און
דעמאָקראַטישן שאָלעם, דער דארף זיין פאר א בירגערקריג קעגן די רעגירונ-
גען און דער בורזשואַזיע.

## וועגן רעכט פון די נאַציעס אף זעלבסטבאַשטימונג.

דאס סאמע פארשפּרייטסטע מיטל אף אָפּצונארן דאס פאָלק, וואָס די
בורזשואַזיע ווענדעט אָן אין דער איצטיקער מילכאָמע, איז דאס, וואס זי פאר-
דעקט אירע רויבערישע צילן מיט א „נאציאָנאַל-באפרייערישער״ אידעאָלאָגיע.
ענגלאנד זאָגט צו פרייהייט פאר בעלגיע, די דייטשן — פאר פּוילן און אז. וו.
אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס, ווי מיר האבן געזעען, א מילכאָמע, וואס עס

פירן די, וועלכע אונטערדריקן די מערהייט נאציעס אף דער וועלט, קעדיי צו פארפעסטיקן און פארברייטערן אזא מין אונטערדריקונג.

די סאָציאליסטן קאָנען ניט דערגרייכן צו זייער גרויכן ציל, אויב זיי וועלן ניט קעמפן קעגן יעטווידער אונטערדריקונג פון נאציעס. דעריבער דארפן זיי אומבאדינגט פאָדערן, אז די ס. ד. פארטייען פון די אונטערדריקנדיקע לענדער, באזונדערס פון די אזוי גערופענע „גרויסע" מלוכעס, זאָלן אנערקענען און פארטיידיקן דאס רעכט פון די אונטערדריקטע נאציעס אף זעלבסטבאשטימונג, און גראָד אין פאָליטישן זינען פונם וואָרט, ד. ה. דאס רעכט אף פאָליטיש אָפּצוטיילן זיך. א סאָציאליסט פון א גרויסמעכטיקער נאציע, אָדער פון א נאציע, וואָס געוועלטיקט איבער קאָלאָניעס, וועלכער פארטיידיקט ניט דאָסדאָזיקע רעכט, איז אַ שאָוויניסט.

די פארטיידיקונג פון דעמדאָזיקן רעכט שטויסט ניט נאָר צו אן אויס-בילדונג פון קליינינקע מלוכעס, נאר, פארקערט, דאָס פירט צו א מער פרייער, דרייסטער און דעריבער מער ברייטער און אומעטומיקער אָרגאניזירונג פון זייער גרויסע מלוכעס און פון פארבאנדן צווישן מלוכעס, וואס דאס לוינט מער פאר די מאסן און שטימט מער מיט דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג.

די סאָציאליסטן פון די אונטערדריקטע נאציעס דארפן, פון זייער זייט, אומבאדינגט פירן א קאמף פאר א פולער (דערביי אויך פאר אן אָרגא-ניזאציאָנעלער) אייניקייט פון די ארבעטער פון די אונטערדריקטע און פון די אונטערדריקנדיקע פעלקער. די אידייע פון רעכטלעך אָפּטיילן איין נאציע פון דער צווייטער (די אזוי גערופענע קולטור-נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע פון באאוערן און רענערן) איז א רעאקציאנערע אידייע.

דער אימפעריאליזם — דאס איז די עפּאָכע, ווען עס פראָגרעסירט די אונטערדריקונג פון די נאציעס פון גאָר דער וועלט מיצאד א הייפל „גרויסע" מלוכעס. דעריבער איז דער קאמף פאר דער סאָציאליסטישער אינטערנאציאָ-נאלער רעוואָלוציע קעגן אימפעריאליזם אוממעגלעך אָן דעם אנערקענען דאס רעכט פון די נאציעס אף זעלבסטבאשטימונג. „ס'קאָן ניט זיין פריי אזא פאָלק, וואס אונטערדריקט פרעמדע פעלקער" (מארקס און ענגעלס). ס'קאָן ניט זיין סאָציאליסטיש דער פּראָלעטאריאט, וואס מאכט שאָלעם מיט דער קלענסטער געוואלט-טאט, וואס „זיין" נאציע באגייט בענויגייע צו אנדערע נאציעס.

---

# קאַפּיטל וו. קלאַסן און פּאַרטייען אין רוסלאַנד.

## די בורזשואַזיע און די מילכאָמע.

אין איין פּראַט איז די רוסישע רעגירונג ניט אָפּגעשטאַנען פון אירע איירָאָפּעאישע שוועסטער: פּונקט ווי זיי, האָט זיך איר איינגעגעבן אָפּצונאַרן „איר" פאָלק אין אַ גראַנדיעזן מאַשטאַב. אַ קאָלאָסאַלער, מעשוגעדיקער אַפּאַראַט פון שקאָרים און ראַמאָעס איז אין רוסלאַנד געבראַכט געוואָרן אין באַוועגונג, קעדיי אָנצושטעקן די מאַסן מיט שאָוויניזם, קעדיי אַרויסצורופן א פאַרשטעלונג, אַז די צאַרישע רעגירונג פירט קלוימערשט אַ „יושערדיקע" מילכאָמע, אַז אָן שום פּניעס פאַרטיידיקט זי די „ברידער-סלאַוון" און א. וו.

דער קלאַס פון די פּריצים און די אויבערשטע שיכטן פון דער האַנדל-אינדוסטריעלער בורזשואַזיע האבן מיט היץ אונטערגעהאלטן די קריגערישע פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג. מיט רעכט וואַרטן זיי פאַר זיך אַף גרויסע מאַטעריעלע נוצן און פּריווילעגיעס נאָך דער צעטיילונג פון דער טערקישער און עסטרייכישער יערושע. אַ גאַנצע רייע צוזאַמענפאָרן זייערע באַלעקן זיך שוין פון די רעוואָכים, וואָס וועלן זיך אַ שאָט טאָן אין זייערע קעשענעס, אויב ס'וועט זיגן די צאַרישע אַרמיי. כוץ דעם, פאַרשטייען די רעאַקציאָנערן גאַנץ גוט, אַז אויב עפּעס קאָן נאָך יאָ אָפּהאַלטן די מאַפּאָלע פון ראָמאַנאָווס מאָנאַרכיע און פאַרהאַלטן די נייע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, איז דאָס נאָר אַ זיגרייכע פאַרן צאַר אויסערלעכע מילכאָמע.

די ברייטע שיכטן פון דער שטאָטישער „מיטעלער" בורזשואַזיע, פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ, מענטשן פון פרייע פּראָפעסיעס און אַז. וו. זיינען — לעכאָלאָפּאָכעס אין אָנהויב פון דער מילכאָמע — אויך געווען אָנגעשטעקט מיטן שאָוויניזם. די פּאַרטיי פון דער רוסישער ליבעראַלער בורזשואַזיע — די קאַדעטן — האט אינגאנצן און אָן שום רעזערוון אונטערגעהאַלטן די צאַרישע רעגירונג. אינם געביט פון אויסערלעכער פּאָליטיק שטעלן די קאַדעטן מיט זיך שוין לאַנג פאַר אַ רעגירונגס-פּאַרטיי. דער פּאַנסלאַוויזם, וואס מיט זיין הילף האט די צאַרישע דיפּלאָמאַטיע שוין ניט איינמאָל דורכגעמאַכט אירע גראַנדיעזע פּאָליטישע שווינדלערייען, — דערדאָזיקער פּאַנסלאַוויזם איז געוואָרן די אָפּיציעלע אידעאָלאָגיע פון די קאַדעטן. דער רוסישער ליבעראַליזם איז דעגענערירט געוואָרן אין אַ נאַציאָנאַל-ליבעראַליזם. ער קאָנקורירט אין „פּאַטריאָטיזם" מיט די שוואַרצמייעניקעס, ער שטימט גערן פאַר מיליטאַריזם, מאַריניזם און ד. גל. אינם לאַגער פונם רוסישן ליבעראַליזם באַמערקט זיך די זעלביקע בעערעך דערשיינונג, וואס אין די 70-טע יאָרן אין דייטשלאַנד, ווען דער „פריידענקערישער" ליבעראַליזם איז זיך צעפאַלן און האט אויסגע-

טיילט פון זיך די נאַציאָנאַל-ליבעראַלע פּאַרטיי. די רוסישע ליבעראַלע בורזשואַזיע האָט זיך ענדגילטיק געשטעלט אַפן וועג פון קאָנטר-רעוואָלוציע.

דער שטאַנדפּונקט פון דער רוסלענדישער ס. ד. אַרבעטער-פּאַרטיי אין דערדאָזיקער פראַגע האָט זיך פולשטענדיק באַשטעטיקט. דאס לעבן האט צעקלאַפּט די מיינונג פון אונזערע אָפּאָרטוניסטן, אז דער רוסישער ליבעראַליזם איז נאָך קלוימערשט אַ טרייבקראַפט פון דער רעוואלוציע אין רוסלאנד.

צווישן די פויערים האָט זיך, מיט דער הילף פון דער בורזשואַזער פּרעסע, פון די גייסטלעכע און אַז. וו., דער רעגירנדיקער קנופּיע אויך איינגעגעבן אַרויסצורופן אַ שאָוויניסטישע שטימונג. צוגלייך אָבער דערמיט, וואס די סאָלדאַטן וועלן קומען צוריק אַהיים פון די שלאַכט-פעלדער, וועט זיך די שטימונג אין דאָרף בלי ספק בייטן ניט לעטויוועס דער צאַרישער מאָנאַרכיע. די בורזשואַז-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, וואָס קומען אין אַ באַריר מיט דער פויערשאַפט, זיינען ניט בייגעשטאַנען דעם דראנג פון דער שאָוויניסטישער כוואַליע. די פּאַרטיי פון די „טרודאָוויקעס” האָט זיך אָפּגעזאָגט אין דער מלוכע-דומע צו שטימען פאַר די מיליטערישע קרעדיטן. דערביי אָבער האט דער לידער זייערער, קערענסקי, פאַרעפנטלעכט אַ „פּאַטריאָטישע” דעקלאַראַציע, וועלכע איז געווען ווי געוואונשן פאַר דער מאָנאַרכיע. די גאַנצע לעגאַלע פּרעסע פון די „נאַראָדניקעס” (פּאָלקיסטן) האט זיך אין אַלגעמיין אַ לאָז געטאָן נאָך די ליבעראַלן נאָך. אַפילו דער לינקער פליגל פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע — די אַזוי גערופענע פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, וועלכע איז פאַרבונדן מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ — האט זיך אויך אַ לאָז געטאָן נאָכן דאָזיקן שטראָם. דער פאָרשטייער פון דערדאָזיקער פּארטיי אין דער „אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ” הער רובאנאָוויטש טרעט אָפן אַרויס ווי אַ סאָציאַל-שאָוויניסט. אַ העלפט דעלעגאַטן פון דערדאָזיקער פּאַרטיי האָבן אַף דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ פון די „אַנטאַנט”-סאָציאַליסטן געשטימט פאר אַ שאָוויניסטישער רעזאָלוציע (דערביי האט זיך די צווייטע העלפט דעלעגאטן אָפּגעהאלטן). אין דער אומלעגאַלער פּרעסע פון די ס. ר. („נאָוואָסט”, און אַנדערע) האבן די איבערהאַנט די שאָוויניסטן. די רעוואָלוציאָנערן פון דער „בורזשואַזער סוויווע”, ד. ה. די בורזשואזע רעוואָלוציאָנערן, וואס זיינען ניט פאַרבונדן מיטן אַרבעטער-קלאַס, זיינען אין דערדאָזיקער מילכאָמע שרעקלעך דורכגעפאַלן. דער טרויעריקער גורל פון קראָפּאָטקינען, בורצעוון, רובאַנאָוויטשן האט גענוג וואס צו זאָגן.

## דער ארבעטערקלאס און די מילכאמע.

דער איינציקער קלאס אין רוסלאנד, וועמען ס'האָט זיך ניט איינגעגעבן אָנצושטעקן מיט דער שאָוויניסטישער קרענק, איז דער פּראָלעטאַריאַט. איינצלנע עקסצעסן אין אָנהויב פון דער מילכאָמע האָבן אָנגערירט בלויז די סאַמע פינסטערע שיכטן ארבעטער. דער אָנטייל, וואס די אַרבעטער האָבן גענומען אין די מאָסקווער פּאָגראָמען קעגן די דייטשן, איז שטארק איבערגעטריבן. אין

אַלגעמיין און אינגאנצן גענומען, איז דער ארבעטערקלאס פון רוסלאנד גע-בליבן אימוניזירט *) אין פראַט פון שאוויניזם.

דאס ווערט דערקלערט מיט דער רעוואָלוציאָנערער לאגע אין לאנד און מיט די אלגעמיינע לעבנס-באדינגונגען פונם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט.

די יאָרן 1912—1914 האָבן באצייכנט מיט זיך אן אָנהויב פון א נייעם גראַנדיעזן רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג אין רוסלאַנד. פאר אונזערע אויגן איז ווידעראַמאל פאָרגעקומען אַזאַ קאָלאָסאַלע שטרייק-באַוועגונג, וואס די וועלט האט נאָך ניט געזעען. דער מאסאווער רעוואָלוציאָנערער שטרייק אין 1913-טן יאָר האט, לויט די מינימאלסטע אויסרעכענונגען, ארייַנגעצויגן אָנדערהאַלבן מיליאָן אנטיילנעמער, און אין 1914-טן יאָר האט די צאָל שטרייקער אריבער-געשטייגט 2 מיליאָן און האט דערגרייכט קימאט ביז צו דער מאדרייגע פונם 1905-טן יאָר. ערעוו דער מילכאָמע איז אין פּעטערבורג דערגאנגען שוין צו די ערשטע באַריקאַד-געשלעגן.

די אומלעגאלע רוסלענדישע ס. ד. ארבעטער-פארטיי האט אויסגעפילט איר כויוו בענוגייע דעם אינטערנאציאָנאל. די פאָן פונם אינטערנאציאנאל האט אין אירע הענט ניט געטאָן קיין ציטער. אונזער פארטיי האָט שוין לאנג גע-ריסן אָרגאניזאציאָנעל מיט די אָפּאָרטוניסטישע גרופּעס און עלעמענטן. קיין קייטן פון אָפּארטוניזם און פון „לעגאליזם ס'מעג זיך זיין, וואס עס וויל", איז אף די פיס פון אונזער פארטיי ניט געווען. און דאָס האט געהאָלפן אונזער פּאַרטיי אויסצופילן איר רעוואלוציאנערן כויוו, פונקט ווי דאָס שפאלטן זיך מיט ביסאָלאַטיס אָפּאָרטוניסטישער פאַרטיי האט געהאָלפן אונזערע איטאליענישע כאוויירים.

די אלגעמיינע לאגע אין אונזער לאנד איז ניט גינסטיק פאר דער אויפ-בליאונג פונם „סאָציאליסטישן" אָפּאָרטוניזם צווישן די אַרבעטער-מאסן. מיר זעען אין רוסלאנד א גאנצע רייע ניואנסן פון אָפּאָרטוניזם און רעפאָרמיזם בא דער אינטעליגענץ, בא דער קליינבורזשואזיע און אז. וו. זייער א נישטיק אָרט אבער פארנעמט דער אָפּאָרטוניזם בא די פּאָליטיש אקטיווע שיכטן פון די אר-בעטער. די שיכט פון פריווילעגירטע ארבעטער און אָנגעשטעלטע איז בא אונז זייער א שוואכע. קיין פעטישיזם פון לעגאלקייט האט בא אונז ניט געקאָנט געשאפן ווערן. די ליקווידאטארן (די אָפּאָרטוניסטן-פּארטיי, וועלכע ווערט אָנגע-געפירט דורך אקסעלראָדן, פאטרעסאָוון, טשערעוואָנינען, מאסלאָוון און אנד.) האָבן ביז דער מילכאָמע ניט געהאט קיין ערנסטן אָנשפּאר אין די אר-בעטערמאסן. די וואלן אין דער פערטער מלוכע-דומע האבן געגעבן 6 ארבע-טער-דעפּוטאטן, וואס זיינען אלע געווען קעגנער פון די ליקווידאטאָרן. דער טיראַזש און די געלט-זאמלונגען פון דער לעגאַלער ארבעטער-פּרעסע אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע האבן באוויזן, — און קיינער קאָן עס ניט אָפּלייקענען, — אז 4/5 באוואוסטזיניקע ארבעטער גייען קעגן אָפּאָרטוניזם און ליקווידאטאָריי.

אין אָנהויב פון דער מילכאָמע האט די צארישע רעגירונג ארעסטירט און פארשיקט טויזנטער און טויזנטער פּאָרגעשריטענע ארבעטער-מיטגלידער

*) דאס הייסט, דער שאוויניזם האט אף אים קיין שליטע ניט.

פון אונזער אומלעגאלער רוסלענדישער ס. ד. ארבעטער-פּארטיי. דערדאָזיקער פאקט, איניינעם מיטן איינפירן קריג=צושטאנד אין לאנד און מיטן פארמאכן אונזערע צייטונגען און אז. וו., האט פארהאלטן די באוועגונג. נאר די אומלע= גאלע רעוואלוציאנערע ארבעט פון אונזער פארטיי פירט זיך פונדעסטוועגן ווייטער. אין פּעטערבורג לאזט ארויס דער קאמיטעט פון אונזער פארטיי אן אומלעגאלע צייטונג „פּראָלעטארסקי גאָלאָס" (פּראָלעטארישע שטים).

די אַרטיקלען פונם צענטראַלן אָרגאַן „סאָציאַל-דעמאָקראט", וואס ווערט אַרויסגעגעבן אין אויסלאַנד, ווערן איבערגעדרוקט אין פּעטערבורג און ווערן צעשיקט איבער דער פּראָווינץ. ס'ווערן ארויסגעלאָזט אומלעגאַלע פּראָקלאמא- ציעס, וועלכע ווערן פאַרשפּרייט אויך אין די קאַזאַרמעס. הינטער דער שטאָט, אין פאַרשיידענע פאַרבאָרגענע ערטער, קומען פאָר אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען פון ארבעטער. די לעצטע צייט האבן זיך אין פּעטערבורג אָנגעהויבן גרויסע שטרייקן פון אַרבעטער-מעטאַליסטן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דידאָזיקע שטרייקן האט אונזער פּעטערבורגער קאָמיטעט אַרויסגעלאָזט עטלעכע אויפרופן צו די אַרבעטער.

## די רוסלענדישע ס. ד. אַרבעטער-פּראַקציע אין דער מלוכע-דומע און די מילכאָמע.

אין 1913 יאָר איז באַ די ס. ד. דעפּוטאַטן פון דער מלוכע-דומע פאָר- געקומען אַ שפּאַלטונג. אַף איין זייט זיינען געווען די 7 אנהענגער פונם אפּאר- טוניזם אונטערן אנפיר פון טשכעאידזע. זיי זיינען אויסגעווילט געוואָרן אין זיבן ניט-פּראָלעטארישע גובערניעס, וואו ס'געפינט זיך 214 טויזנט אַרבעטער; אַף דער צווייטער זייט איז פאַרבליבן זעקס דעפּוטאטן, אַ ל ע פון דער אר- בעטער-קוריע, וועלכע זיינען אויסגעווילט געוואָרן אין די סאַמע אינדוסטריעלע צענטרען פון רוסלאַנד, וואו ס'געפינט זיך אַ מיליאָן מיט אַכט טויזנט אַרבעטער.

דער הויפּט-אָביעקט פון זייערע כלוקעדייעס איז געווען: די טאַקטיק פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם, אָדער די טאַקטיק פון אפּאָרטוניסטישן רעפאָרמיזם. פּראַקטיש האָבן זיך די כלוקעדייעס אַרויסגעוויזן מער פון אַלץ אין געביט פון א ו י ס ע ר - פאַרלאַמענטאַרישער אַרבעט צווישן די מאסן. דידאָזיקע אַרבעט האט אין רוסלאנד באדארפט פירן זיך אומלעגאל, אויב די, וואס פירן זי, האָבן גע- וואָלט בלייבן אַף אַ רעוואָלוציאָנערן באָדן. טשכעאידזעס פּראַקציע איז געבליבן די טרייסטע פאַרבינדעטע פון די ליקווידאַטאָרן, וועלכע האָבן אָפּגעווארפן אומ- לעגאַלע אַרבעט, און האט זיי פאַרטיידיקט אין אלע אירע געשפּרעכן מיט אַרבעטער, אַף אַלע פאַרזאַמלונגען. פון דאנען האָט זיך גענומען די שפּאַלטונג, און זעקס דעפּוטאַטן האָבן געבילדעט די רוסלענדישע ס. ד. אַרבעטער-פּראַק- ציע. אַ יאָר אַרבעט האט קאַטעגאָריש באַוויזן, אַז דידאָזיקע פּראַקציע האָט הינטער זיך די איבערוועגנדיקע מערהייט רוסישע ארבעטער.

אין אָנהויב מילכאָמע האָבן זיך דידאָזיקע פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן אַרויסגעוויזן מיט אַן אומגעהויער בוילעטקייט. טשכעאידזעס פּראַקציע האָט זיך באַגרעניצט מיטן פאַרלאמענטארישן באָדן. זי האָט ניט געשטימט פאַר די קרע-

דיטן, ווייל אַנדערש וואָלט זי קעגן זיך געהאַט אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקן צאָרן מיצאַד די אַרבעטער (מיר האָבן געזעען, אַז אין רוסלאַנד האָבן אַפילע די קליינבירגערלעכע „טרודאָוויקעס" אויך ניט געשטימט פאַר די קרעדיטן). זי איז אָבער ניט אַרויסגעטראָטן מיט קיין פּראָטעסט קעגן סאָציאַל-שאָוויניזם.

אַנדערש האָט זיך אויפגעפירט די רוסלענדישע ס. ד. אַרבעטער-פראַקציע, וועלכע דריקט אויס די פּאָליטישע ליניע פון אונזער פּאַרטיי. זי האָט איר פּראָטעסט קעגן דער מילכאָמע געטראָגן אין דער סאַמע געדיכטעניש פונם אַרבעטערקלאַס, זי איז מיט איר אַגיטאַציע קעגן אימפּעריאַליזם געגאַנגען צו דער ברייטער מאַסע רוסישע פּראָלעטאַריער.

און זי האָט געפונען זייער אַ מיטפילנדיקן אָפּקלאַנג מיצאַד די אַרבעטער. און דאָס טאַקע האָט אָנגעשראָקן די רעגירונג און האָט זי געצוואונגען בעפיירעש אויוועך צו זיין אַף אירע אייגענע געזעצן, אַרעסטירן און פאַרמישפּעטן אונזערע כאַוויירים-דעפּוטאַטן אַף אייביקער פאַרשיקונג, אַף „פּאָסעלעניע" (באַזעצן) אין סיביר. שוין אין דער ערשטער אָפיציעלער מיטיילונג וועגן אַרעסט פון אונזערע כאַוויירים האָט די צאַרישע רעגירונג געשריבן:

„אַ גאַנץ באַזונדערע לאַגע האָבן אין דעם פראַט פאַרנומען אייניקע מיטגלידער פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע געזעלשאַפטן, וועלכע האבן זיך אין זייער טעטיקייט געשטעלט פאַר אַ ציל פּאַנאַנדערצעשאָקלען די מיליטערישע קראַפט פון רוסלאַנד דורך אַגיטאַציע קעגן מילכאָמע, דורך אונטערערדישע אויפרופן און מונדלעכער פּראָפּאַגאַנדע".

אַף דער באַרימטער ווענדונג פון וואַנדערוועלדען „אַף אַ געוויסער צייט" אָפּצושטעלן דעם קאַמף קעגן צאַריזם (איצט איז פון די מיטיילונגען פונם צאַרישן געזאַנדטן אין בעלגיע — דעם פירשט קודאשאוו — געוואָרן באַוואוסט, אַז די ווענדונג האָט צונויפגעשטעלט וואַנדערוועלדע ניט אַליין, נאָר איינעם מיטן אויבנדערמאָנטן צאַרישן געזאַנדטן) — האָט נאָר אונזער פּאַרטיי, אין פערזאָן פון איר צ. ק., געגעבן אַ נעגאַטיוון ענטפער. דער אָנפירנדיקער צענטער פון די ליקווידאַטאָרס האָט מאַסקים געווען מיט וואַנדערוועלדען און האָט אָפיציעל דערקלערט אין דער פּרעסע, אַז „אין זיין טעטיקייט אַרבעט ער (דער צענטר) ניט קעגן דער מילכאָמע".

די צאַרישע רעגירונג האָט פריער פאַר אַלץ באַשולדיקט אונזערע כאַוויירים-דעפּוטאַטן אין דעם, וואָס זיי האָבן דעמדאָזיקן נעגאַטיוון ענטפער אַף וואַנדערוועלדעס ווענדונג פּראָפּאַגאַנדירט צווישן די אַרבעטער.

דער צאַרישער פּראָקוראָר, הער נענאַראָקאָמאָוו, האָט אָפן געריכט אַרויסגעשטעלט פאַר אונזערע כאַוויירים אַלס מוסטער די דייטשישע און פראַנצויזישע סאָציאַליסטן. „די דייטשישע ס. ד., — האָט ער געזאָגט, — האָבן געשטימט פאַר מיליטערישע קרעדיטן און האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פריינט פון דער רעגירונג. אַזוי האָבן זיך געפירט די דייטשישע ס. ד., אָבער ניט אַזוי האָבן געהאַנדלט די טרויעריקע העלדן (ריטער) פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע... די סאָציאַליסטן פון בעלגיע און פון פראַנקרייך האָבן איינמוטיק פאַרגעסן וועגן זייערע שטרייטן מיט די איבעריקע קלאַסן, האָבן פאַרגעסן זייערע

פּאַרטייאישע רייסערייען און האָבן זיך אָן שום וואַקלונגען געשטעלט אונטער די פאָנען". און די מיטגלידער פון דער רוסלענדישער ס. ד. ארבעטער-פראקציע האָבן, אונטערוואַרפנדיק זיך אונטער די דירעקטיוון פונם צ. ק. פון דער פּאַרטיי, געהאַנדלט ניט אזוי...

דער געריכט האט פאַנאַנדערגעוויקלט אַ גאַנץ אימפּאָנירנדיק בילד פון אַ ברייטער אומלעגאַלער אַגיטאציע, וואס אונזער פּאַרטיי האט געפירט קעגן דער מילכאָמע צווישן די פראָלעטארישע מאַסן. דעם צאַרישן געריכט האָט זיך, געוויינלעך, איינגעגעבן „אויפצודעקן" ווייט, ווייט ניט די גאנצע טעטיקייט פון אונזערע כאוויירים אין דעם געביט. נאָר אַפילע דאָס, וואס איז יאָ אויפגעדעקט געוואָרן, האט באוויזן, וויפל ס'איז אָפּגעטאָן געוואָרן פאַר אַ קורצער צייט פון עטלעכע כאדאָשים.

אַפן געריכט זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די אומלעגאַלע אויפרופן פון אונזערע גרופּעס און אונזערע קאָמיטעטן קעגן דער מילכאָמע און פאַר אַ אינטערנאציאָנאלער טאקטיק. פון די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער אין גאַנץ רוסלאנד האָבן זיך געצויגן פעדים צו די מיטגלידער פון דער רוסלענדישער ס. ד. אַרבעטער-פראַקציע, און אונזער פראַקציע האָט, ווי ווייט נאָר זי האָט געקאָנט, באמיט זיך מיטהעלפן די אַרבעטער אָפּצושאַצן די מילכאָמע פונם שטאַנדפּונקט פונם מאַרקסיזם.

דער כאַוועער מוראנאוו, אַ דעפּוטאט פון די ארבעטער פון כאַרקאָווער גובערניע, האט בעאייסן געריכט געזאָגט: „פאַרשטייענדיק, אז איך בין פונם פאָלק געשיקט געוואָרן אין דער מלוכע-דומע ניט צוליב דעם, איך זאָל קוועטשן דעם פאטערשטול אין דומע, בין איך געפאָרן אף די ערטער צו באקענען זיך מיט די שטימונגען פונם אַרבעטערקלאַס". דערזעלביקער מוראנאוו האָט אינם געריכט מויד'ע געווען, אז ער האָט גענומען אף זיך די פונקציעס פון אַן אומלעגאלן אַגיטאטאר פון אונזער פּאַרטיי, אז ער האט אַפן אוראל אָרגאניזירט אַן ארבעטער-קאָמיטעט אין ווערכניאוסטעטישן זאַוואָד און אין אנדערע ערטער. דער געריכט האָט באוויזן, אז ווי נאָר די מילכאָמע האט זיך אָנגעהויבן, זיינען די מיטגלידער פון דער רוסלענדישער ס. ד. אַרבעטער-פראַקציע צוליב פּראָפּאַגאַנדע-צילן אויסגעפאָרן קימאט גאנץ רוסלאנד, און אז מוראנאוו, פּעטראָווסקי, באדאיעוו און אנדערע האבן אָרגאניזירט פילצאָליקע ארבעטער-פארזאמלונגען, אף וועלכע ס'פלעגן אָנגענומען ווערן רעזאָלוציעס קעגן מילכאָמע און דאס גל.

די צאַרישע רעגירונג האט געדראָט די אָנגעקלאָגטע מיט טויטשטראָף. אין צוזאמענהאנג דערמיט זיינען אַפן פּראָצעס גופע ניט אלע אָנגעקלאָגטע אַרויסגעטראָטן אזוי העלדיש, ווי דער כאַוועער מוראנאוו. זיי האָבן זיך געמיט שווערער צו מאכן פאר די צארישע פּראָקוראָרן די מעגלעכקייט צו פאַרמישפּעטן זיי. דאס נוצן איצט אומערלעך אויס די רוסישע סאציאל-שאָוויניסטן, קעדיי צו פאַרטונקלען דעם מעהוס פון דער פראגע: וואס פאר אַ פּאַרלאַמענטאריזם איז נויטיק פאַרן ארבעטערקלאס?

דעם פּאַרלאַמענטאַריזם אַנערקענען זיודעקום מיט היינען *), סאמבא מיט וואליאַנען **), ביסאלאטי מיט מוסאָלינין ***), טשכעאידזע מיט פלעכאַנאָוון. פּאַרלאַמענטאַריזם אנערקענען אויך אונזערע כאווירים פון דער רוסלענדישער ס. ד. ארבעטער-פּראַקציע, אים אַנערקענען אויך די בולגאַרישע, איטאַליענישע כאווירים, וועלכע האָבן געריסן מיטן שאָוויניזם. פּאַרלאַמענטאַריזם צו פּאַרלאַמענטאַריזם איז ניט גלייך. איינע נוצן אויס די פּאַרלאַמענטאַרישע אַרענע קעדיי נויסעכיין זיין באַ זייערע רעגירונגען, אָדער, אין בעסטן פּאַל, קעדיי אָפּצואוואַשן די הענט ****), ווי דאס טוט טשכעאידזעס פּראַקציע. אנדערע נוצן אויס דעם פּאַרלאַמענטאַריזם, קעדיי צו בלייבן רעוואָלוציאָנערן ביזן סאָף, קעדיי אויסצופילן דעם כייוו פון סאָציאַליסטן און אינטערנאַציאָנאַליסטן אפילע באַ די סאַמע שווערע אומשטאנדן. די פּאַרלאַמענטאַרישע טעטיקייט פון איינע ברענגט זיי צו מיניסטאָרישע שטולן; די פּאַרלאַמענטאַרישע טעטיקייט פון אנדערע פירט זיי אין טפיסע, אין פאַרשיקונג, אף קאַטאָרגע. איינע דינען דער בורזשואזיע, די אנדערע — דעם פּראָלעטאַריאַט. איינע זיינען סאָציאַל-אימפּעריאַליסטן, די אנדערע — רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן.

---

# קאַפּיטל III. די אויפשטעלונג פונם אינטערנאַציאָנאַל.

ווי אַזוי זאל מען אויפשטעלן דעם אינטערנאַציאָנאַל? נאָר — פּריער עטלעכע ווערטער וועגן דעם, ווי אזוי מע דאַרף נ י ט אויפשטעלן דעם אינטערנאַציאָנאַל.

## דער מעטאד פון די סאָציאַל-שאָוויניסטן און פונם „צענטר“.

אָ, די סאָציאַל-שאָוויניסטן פון אַלע לענדער זיינען גרויסע „אינטערנאַציאָנאַליסטן“! פון אָנהויב מילכאָמע אָן האַלטן זיי אין איין דאַיגענען וועגן אינטערנאַציאָנאַל. פון איין זייט, פאַרזיכערן זיי, אַז די טאַינעס וועגן קראַך פונם אינטערנאַציאָנאַל זיינען „איבערגעטריבן“, אין דערעמעסן איז דאָ גאָרניט געשעען עפעס אַזוינס באַזונדערעס. הערט זיך צו צו קאַאוטסקין: דער אינטערנאַציאָנאַל איז פּאָשעט אַ „געווער פאַר פרידנסצייט“, נאַטירלעך, אז אין דער צייט פון מילכאָמע האָט זיך דאסדאָזיקע געווער אַרויסגעוויזן ניט גאָר אַף דער הויך. פון דער אַנדערער זייט, האָבן די סאָציאַל-שאָוויניסטן פון אַלע

*) דייטשישע סאָציאַל-שאָוויניסטן.

**) פּראַנצויזישע סאָציאַל-שאָוויניסטן.

***) איטאַליענישע סאָציאַל-שאָוויניסטן.

****) אַראָפּנעמען פון זיך דאס אַכראַיעס.

לענדער געפונען אייגנס זייער אַ פּאָשעט — און דעריקער: אַ אינטערנאַציאנאַל — מיטל, ווי אַזוי אַרויסצודרייען זיך פון דער געשאַפענער לאַגע. דאָס מיטל איז אַן איינפאַכע: מע דאַרף נאָר צוואוואַרטן ביזן סאָף פון דער מילכאָמע. ביז די מילכאָמע וועט זיך ניט ענדיקן, דאַרפן די סאָציאַליסטן פון יעדן לאַנד פאַרטיידיקן זייער „פאָטערלאנד" און אונטערהאלטן „זייערע" רעגירונגען; און אַז די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, דעמאָלט דארף מען „אַמניסטירן" איינער דעם אַנדערן, אַנערקענען, אַז אַלע זיינען געווען גערעכט, אַז אין צייט פון פרידן לעבן מיר ווי ברידער, נאָר אין צייט פון מילכאמע רופן מיר (אַפן קלאָרן סמאַך פון די און די רעזאָלוציעס) די דייטשישע אַרבעטער, אַז זיי זאָלן פאַרטיליקן זייערע פראַנצויזישע ברידער און פאַרקערט.

אין דעם פראַט גייען זיי זיך אַלע צונויף: אי קאַאוטסקי, אי פלעכאַנאָוו, אי וויקטאָר אַדלער, אי היינע. וויקטאָר אַדלער שרייבט, אַז „ווען מיר וועלן איבערלעבן דידאָזיקע שווערע צייט, וועט די ערשטע פליכט אונזערע זיין „ניט גריבלען זיך איינער אין דעם אַנדערנס מאַיסים". קאַאוטסקי פאַרזיכערט, אַז „ביז אַהער האָט זיך נאָך פון ערגעץ ניט געלאָזט הערן קיין שטימע פון ערנסטע סאָציאַליסטן, שטימען, וועלכע זאָלן אונז צווינגען צו שרעקן זיך פאַרן גוירל פונם אינטערנאציאָנאַל". פלעכאַנאָוו זאָגט, אַז „ס'איז ניט אָנגענעם צו דריקן די הענט (פון די דייטשישע ס. ד.), וואָס שמעקן מיט בלוט פון אומשולדיק געהאַרגעטע". און דאָ באַלד טאַקע לייגט ער פאָר אַן „אַמניסטיע": „דאָ — זאָגט ער — וועט זיין פולקום פאַסיקער, אויב דאס האַרץ וועט זיך אונטערגעבן דעם פאַרשטאַנד. צוליב זיין גרויסער אויפגאַבע וועט דער אינטערנאציאָנאל דאַרפן נעמען אין אַכט אַפילע די פאַרשפעטיקטע כאַראָטע-געפילן". די אויפירונג פון וואַנדערוועלדן רופט היינע אין די „סאָציאַליסטישע מאָנאַטהעפטן" — „העלדישע און שטאָלצע" און שטעלט אַרויס דידאָזיקע אויפירונג אַלס מוסטער פאַר די דייטשישע לינקע.

האַקלאַל, ווען די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, זעצט אַנידער אַ קאָמיסיע פון קאאוטסקין, פלעכאַנאָוון, וואַנדערוועלדען און אַדלערן, און די מינוט וועט צונויפגעשטעלט ווערן אַן „איינשטימיקע" רעזאלוציע אין גייסט פון קעגנזייטיקער אַמניסטיע. דער שטרייט וועט בעשאָלעם פאַרשמירט ווערן. אנשטאָט דעם, מע זאָל העלפן די אַרבעטער פאַנאַנדערצוקלייבן זיך אין דעם, וואס עס איז פאָרגעקומען, וועט מען זיי אָפנאַרן מיט אַ לעפאָנימדיקער „פאַפירענער" אייניקייט. די פאַראייניקונג פון די סאָציאַל-שאָוויניסטן און צוואוואַקעס פון אַלע לענדער וועט מען אָנרופן אויפשטעלונג פונם אינטערנאציאָנאַל.

מע דארף זיך ניט נארן: די געפאר פון אַזאַ מין „אויפשטעלונג" איז זייער גרויס. די סאָציאַל-שאָוויניסטן פון אלע לענדער זיינען אַלע גלייך פאַרינטערעסירט אין דעם. אלע גלייך ווילן זיי ניט, אז די ארבעטער-מאסן פון זייער לאנד זאלן זיך אליין פאנאנדערקלייבן אין דער פראגע: סאָציאַליזם אָדער נאציאָנאליזם. אלע זיינען זיי גלייך פארינטערעסירט אין דעם, אַז זיי זאָלן איינע די אנדערע פארדעקן די כאטאָאים. זיי אלע קאָנען קיין שום אנדער

זאָך ניט פאַרלייגן, אכוץ דעם, וואס עס לייגט פאַר דער ווירטואָז פון דער אינטערנאציאָנאלער צוויעסדיקייט — קאאוטסקי.

און פונדעסטוועגן שאַצט מען ניט גענוג אָפּ דידאַזיקע געפאר. פאַרן יאָר מילכאָמע האבן מיר געזעען א ריי פרואוון אויפצושטעלן די אינטערנאצי-אָנאלע פארבינדונגען. מיר וועלן דאָ ניט ריידן וועגן די קאָנפערענצן אין לאָנ-דאָן און אין ווין, וואו ס'האָבן זיך צונויפגעזאמלט אויסגעשפּראָכענע שאָווי-ניסטן, קעדיי קומען צו הילף די גענעראל-שטאבן און דער בורזשואזיע פון זייערע „פאַטערלענדער". מיר מיינען דאָ די קאנפערענצן אין לוגאנא, קאָפּענ-האגען, די אינטערנאציאָנאלע פרויען-קאנפערענץ און די אינטערנאציאנאלע קאָנפערענץ פון דער יוגנט. דידאָזיקע פארזאמלונגען זיינען געווען באגייס-טערט מיט די בעסטע קאוואָנעס. זיי האבן אָבער לאכלוטן ניט באמערקט די אויבנדערמאָנטע געפאר. זיי האבן ניט אָנגעמערקט די קאמפליניע פון די אינ-טערנאציאָנאליסטן. זיי האבן דעם פראָלעטאריאט ניט אָנגעוויזן אַף דער סאַ-קאָנע, וואס דראָעט אים מיצאד דעם סאציאל-שאָוויניסטישן אויפן פון „אויפ-שטעלן" דעם אינטערנאציאנאל. אין בעסטן פאל האבן זיי זיך באגרעניצט דערמיט, וואס זיי האבן איבערגעכאזערט די אלטע רעזאלוציעס, ניט אָנווייזנ-דיק דערביי די ארבעטער, אז אָן א קאמף קעגן די סאָציאל-שאָוויניסטן איז דער סאָציאליזם האָפענונגסלאָזיק. אין בעסטן פאל זיינען זיי געווען טריט אף איין אָרט *).

## די לאגע בא דער אפאזיציע.

ס'איז קיין שום סאָפעק ניט, אז דעם גרעסטן אינטערעס פאר אלע אינ-טערנאציאנאליסטן שטעלט מיט זיך פאָר די לאגע אין דער דייטשישער ס. ד. אָפּאָזיציע. די אָפיציעלע דייטשישע סאָציאל-דעמאקראטיע, וועלכע איז געווען די סאמע שטארקע און די אנפירנדיקע פארטיי אינם צווייטן אינטערנאציאנאל, האט געגעבן דעם סאמע פילבארן קלאפ דער אינטערנאציאנאַלער אָרגאניזאציע פון די ארבעטער. אין דער דייטשישער סאָציאל-דעמאָקראטיע געפינט זיך אָבער אין דערזעלביקער צייט די סאמע שטארקסטע אָפּאָזיציע. צווישן אלע גרויסע אייראפעאישע פארטייען איז זי די ערשטע, וואו ס'האט זיך דערהערט די הויכע פראָטעסט-שטים פון כאווירים, וועלכע זיינען געבליבן טריי דער פאָן פונם סאָציאליזם. מיט פרייד האבן מיר געלייענט די זשורנאלן „ליכטשטראלן" און „דער אינטערנאציאנאל". נאך גרעסער איז געווען די פרייד, ווען מיר האבן זיך דערוואוסט, אז אין דייטשלאנד ווערן פארשפרייט אומלעגאלע רע-וואלוציאנערע אויפרופן, ווי, לעמאָשל, דער אויפרוף: „דער הויפט-סוינע איז אינם אייגענעם לאנד". דאס האט באוויזן, אז צווישן די דייטשישע ארבעטער לעבט דער גייסט פונם סאציאליזם, און אז אין דייטשלאנד זיינען נאך פאראן מענטשן, וואס זיינען פעאיק צו פארטיידיקן דעם רעוואלוציאנערן מארקסיזם.

*) ווען מע שטייט אף איין אָרט און מע מאכט מיט די פיס, קלוימערשט מע גייט.

דאָרטן, אין דער דייטשישער סאציאל-דעמאקראטיע, טרעט ארויס אף א באשיינפערלעכסטן אויפן די שפּאלטונג אינם איצטיקן סאציאליזם. דאָ זעען מיר גאנץ רעליעף דריי שטרעמונגען: אפּארטוניסטן-שאוויניסטן, וועלכע זיינען אין ערגעץ ניט דערגאנגען צו אזא מאדרייגע פון יערידע און רענעגאטישקייט, ווי אין דייטשלאַנד; א קאַאוטסקיאנישן „צענטר", וועלכער האט זיך דאָ באַוויזן פאר פולשטענדיק אומבאהאלפן אויסצופילן א וואסערע ס׳ניט איז אנדער ראָלע, אכוץ דער ראלע פון א מעשארעס בא די אפּארטוניסטן; און לינקע, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר די איינציקע סאציאל-דעמאקראטן אין דייטשלאנד.

מער פאר אלץ אינטערעסירט אונז, פארשטייט זיך, די לאגע בא די דייטשישע לינקע. מיר זעען אין זיי אונזערע כאוויירים, די האפענונג פון אלע אינטערנאציאנאליסטישע עלעמענטן.

ווי זשע האלט דידאזיקע לאגע?

פולקום גערעכט איז געווען דער זשורנאל „דער אינטערנאַציאנאל", ווען ער האט געזאגט, אז די דייטשישע לינקע געפינט זיך נאך אלץ אין א פּראָצעס פון אירן, אז ס׳שטייען נאך פאר גרויסע איבערגרופּירונגען, אז צווישן די לינקע זיינען פאראן מער אנטשלאסענע און ווייניקער אנטשלאסענע עלעמענטן.

מיר, די רוסישע אינטערנאציאנאליסטן, פּרעטענדירן, פארשטייט זיך, ניט, אפילע אין דער קלענסטער מאָס, אף אריינצומישן זיך אין די אינערלעכע אינ-יאנים פון אונזערע כאוויירים, די דייטשישע לינקע. מיר פארשטייען, אז זיי אליין זיינען פולשטענדיק קאמפּעטענט צו באשטימען זייערע קאמף-אויפאנים קעגן די אפּארטוניסטן, רעכענענדיק זיך מיט די באדינגונגען פון צייט און ארט. מיר האלטן נאר פאר אונזער רעכט און אונזער כויוו אפנהארציק ארויס-צוזאגן אונזער מיינונג וועגן דער לאגע.

מיר זיינען איבערצייגט, אז דער מעכאבער פונם לייטארטיקל אינם זשורנאל „דער אינטערנאציאנאל" איז געווען שטארק גערעכט, ווען ער האט געזאגט, אז דער קאאוטסקיסטישער „צענטר" ברענגט דעם מארקסיזם מער שאדן, איידער דער אפענער סאָציאל-שאוויניזם. ווער ס׳פארשמירט איצט די מיי-נונגס-פארשיידנקייטן, ווער ס׳טראגט אונטער די ארבעטער אלס מארקסיזם דאס, וואס עס פּריידיקט דער קאאוטסקיזם, דער פארשלעפערט די ארבעטער, דער איז שעדלעכער פאר זיודעקומען און היינען, וועלכע שטעלן די פראגע שארף און צווינגען די ארבעטער זיך פאנאנדערצוקלייבן.

די פראנדע *) קעגן די „אינסטאנציעס", וועלכע קאאוטסקי און האאַזע האבן זיך די לעצטע צייט דערלויבט ארויסצואוויזן, דארף קיינעם ניט פאר-בלענדן די אויגן. די כלוקעדייעס צווישן זיי און די שיידעמאנער זיינען ניט קיין פּרינציפּיעלע כלוקעדייעס. איינע האלטן, אז הינדענבורג און מאקענזען**)

*) די אפּאזיציע.

**) דייטשישע גענעראלן.

האבן שוין מענאצייעך געווען, און מע קאן זיך דעריבער איצט דערלויבן דעם לוקסוס צו פּראָטעסטירן קעגן אנעקסיעס. די אנדערע רעכענען, אז הינדענ-בורג און מאקענזען האבן נאך ניט מענאצייעך געווען, און דעריבער דארף מען זיך „האלטן ביזן סאף”.

דער קאַאוטסקיזם פירט קעגן די „אינסטאנציעס” בלויז אַ לעפּאַנימדיקן קאמף, — גראָד צוליב דעם, קעדיי נאָך דער מילכאָמע צו פארשמירן פאר די ארבעטער דעם פרינציפּיעלן שטרייט און אוועקמאכן דעם גאנצן איניען מיט אַ טויזנט ערשטער געשוואָלענער רעזאָלוציע אין אן אומבאשטימט „ליבקן גייסט”, וואס אף דעם זיינען די דיפּלאָמאטן פונם II אינטערנאציאָנאל אזעלכע גרויסע בעריעס.

ס'איז גאנץ פארשטענדלעך, אז אין זייער שווערן קאמף קעגן די „אינ-סטאנציעס” דארף די דייטשישע אָפּאָזיציע אויסנוצן אויך דידאָזיקע אומפּרינ-ציפּיעלע פראָנדע פונם קאאוטסקיזם. דער פּראָביר-שטיין אָבער פון יעטווידן אינטערנאציאָנאליסט דארף זיין די נעגאטיווע באציאונג זיינע צום נעאָ-קא-אוטסקיזם (נייעם קאאוטסקיזם). נאר דער איז ווירקלעך א אינטערנאציאָנאליסט, ווער ס'פירט א קאמף קעגן דעם קאאוטסקיזם, ווער ס'פארשטייט, אז אפילע גאָכדעם, ווי די פירער האבן קלוימערשט געענדערט זייער פראָנט, בלייבט דאָך דער „צענטער” אין פרינציפּיעלער הינזיכט פארבונדן מיט די שאָוויניסטן און אפּארטוניסטן.

א קאָלאָסאלע וויכטיקייט האט אונזער באציאונג צו די וואקלענדיקע עלע-מענטן אינם אינטערנאציאָנאל ביכלאל. דידאָזיקע עלעמענטן — דערהויפּט סאָ-ציאליסטן מיט א פּאציפיסטישער באפארבונג — עקזיסטירן אי אין די נייטראלע לענדער, אי אין אייניקע קריגפירנדיקע לענדער (אין ענגלאנד, לעמאָשל, די אומאפּהענגיקע ארבעטער-פּארטיי). דידאָזיקע עלעמענטן קאָנען זיין אונזערע מיטגייער. פארבינדן זיך מיט זיי קעגן די סאָציאל-שאָוויניסטן איז נויטיק. מע מוז אָבער געדענקען, אז דאס זיינען בלויז מיטגייער, אז בעאיים דער אויפ-שטעלונג פונם אינטערנאציאָנאל וועלן דידאָזיקע עלעמענטן בא גרונטלעכע פראגן הויפּטזאכלעך גיין ניט מיט אונז, נאר קעגן אונז, אז זיי וועלן גיין מיט קאאוטסקין, שיידעמאנען, וואַנדערוועלדען און סאמבאַ. אף אינטערנאציאָנאלע באראטונגען קאָן מען אונזער פּראָגראם ניט באגרענעצן מיט דעם, וואס איז אָנעמבאר פאר דידאָזיקע עלעמענטן. אנדערש וועלן מיר אליין אריינפאלן אין געפענגעניש צו די וואקלדיקע פּאציפיסטן. אזוי איז פארגעקומען, לעמאשל, אף דער אינטערנאציאנאלער פרויען-קאנפערענץ אין בערן. די דייטשישע דעלע-גאציע, וועלכע האט זיך געהאלטן באם שטאנדפּונקט פון דער כאווערטע קלארע צעטקין, האט פאקטיש אף דערדאזיקער קאנפערענץ געשפּילט די ראָלע פונם „צענטער”. די פרויען-קאנפערענץ האט געזאגט נאר דאס, וואס עס איז געווען אנעמבאר פאר די דעלעגאטקעס פון דער אפּארטוניסטישער האלענדישער פּארטיי פון טרולסטרען און פאר די דעלעגאטקעס פון I. L. P. (אומאפּהענגיקע ארבע-טער-פּארטיי), וועלכע האט — לאמיר דאס ניט פארגעסן — אף דער לאנדאנער

קאנפערענץ פון די „אנטאנט"-שאָוויניסטן געשטימט פאר וואנדערוועלדעס רע־זאלוציע. מיר דריקן אויס אונזער טיפסטע אכטונג דער I. L. P. פאר איר קאַמף קעגן דער ענגלישער רעגירונג אין דער צייט פון דער מילכאמע. מיר ווייסן אבער, אז דידאזיקע פארטיי איז ניט געשטאנען און שטייט ניט אפן באָדן פון מארקסיזם. און מיר רעכענען, אז די הויפט-אויפגאבע פון דער ס. ד. אָפּאָזיציע אינם איצטיקן מאמענט איז — אויפהויבן די פאן פונם רעוואלוציא-נערן מארקסיזם, זאגן צו די ארבעטער פעסט און באשטימט, ווי מיר קוקן אף אימפעריאליסטישע מילכאמעס, ארויסרוקן דעם פאראל פון רעוואָלוציאָנערע מאַסן-אַקציעס, ד. ה. דעם פאַראַל וועגן פארוואנדלען די עפּאכע פון אימפעריא-ליסטישע מילכאמעס אין אן אנהויב פון אן עפּאכע פון בירגער־מילכאמעס.

רעוואלוציאנערע סאציאל־דעמאקראטישע עלעמענטן עקזיסטירן דאך, ניט געקוקט אף קיין זאַך, אין פילע לענדער. זיי עקזיסטירן סאי אין דייטשלאנד, סאי אין רוסלאנד, סאי אין סקאנדינאַוויע (אַן איינפלוסרייכע ריכטונג, וואָס איר פאַרשטייער איז כאַווער העגלונד), אי אף די באַלקאנען (די פאַרטיי פון די בולגארישע „טעסניאקעס"), אי אין איטאַליע, אי אין ענגלאנד (א טייל פון דער בריטאנישער סאָציאליסטישער פאַרטיי), אי אין פראנקרייך (וואליאן גופע האָט זיך מוידע געווען אין „הומאניטע" *), אז ער האט באַקומען פּראָטעסטירנדיקע בריוו פון אינטערנאציאָנאַליסטן, נאָר ער האט קיין איינעם פון דידאָזיקע בריוו ניט פארעפנטלעכט אינגאנצן), אי אין האָלאנד („טריבוניסטן") און אז. וו. צו-נויפשמעלצן דידאָזיקע מאַרקסיסטישע עלעמענטן — ווי קליינצאָליק זיי זאָלן ניט זיין אין אָנהויב, — אין זייער נאָמען דערמאָנען די איצט פארגעסענע ווער-טער פונם עמעסן סאָציאליזם, רופן די ארבעטער פון אלע לענדער, אז זיי זאָלן רייסן מיט די שאָוויניסטן און זיך שטעלן אונטער דער אלטער פאָן פונם מאַרקסיזם — אָט דאָס איז די טאָג־אויפגאַבע.

די באַראַטונגען מיט די אַזוי גערופענע „טאַט"-פּראָגראַמען האָבן זיך ביז אַהער אויסגעדריקט בלויז אין דעם, וואָס מע האט אַף דידאָזיקע באַראַטונגען פּראָקלאַמירט אַ מער אָדער ווייניקער פולע פּראָגראַם פון פּאָשעטן פּאַציפיזם. מאַרקסיזם איז ניט פּאַציפיזם. פירן אַ קאַמף דערפאַר, אַז די מילכאָמע זאָל וואָס גיכער אויפהערן, איז נויטיק. אָבער נאָר איניינעם מיטן צורוף צו ר ע וו אָ ל ו־צ י אָ נ ע ר ן קאַמף באַקומט די פּאָדערונג פון „שאָלעם" אַ פּראָלעטאַרישן זינען. אָן רעוואָלוציעס איז דער אַזוי גערופענער דעמאָקראַטישער שאָלעם ניט מער, ווי אַ קליינבירגערלעכע אוטאָפּיע. אַווירקלעכע טאַט־פּראָגראַם קאָן זיין נאָר די מ אַ ר ק ס י ס ט י ש ע פּראָגראַם, וועלכע גיט די מאַסן אַ פולן און קלאָרן ענטפער אף דעם, וואס עס איז געשען, וועלכע דערקלערט, וואס איז אַזוינס דער אימפּעריאַליזם, און ווי אַזוי מע דאַרף מיט אים קעמפן, וועלכע פּראָ־קלאַמירט אָפן, אז דעם קראַך פון II אינטערנאַציאָנאַל האָט אַרויסגערופן דער אָפּאָרטוניזם, וועלכע רופט אָפן צו בויען דעם מאַרקסיסטישן אינטערנאציאָנאַל

*) צענטראַל-אָרגאַן פון דער פראנצויזישער סאָציאליסטישער פאַרטיי, היינט פון דער קאָ-מוניסטישער.

אָן די אפּאַרטוניסטן און ק ע ג ן זיי. נאָר אַזאַ פּראָגראַם, וועלכע וואָלט באַוויזן, אַז מיר גלויבן אין זיך, גלויבן אין מאַרקסיזם, אַז מיר דערקלערן דעם אפּאַרטוניזם אַ קאַמף אויף לעבן און אויף טויט, נאָר אַזאַ פּראָגראַם וואָלט אונז פריער אָדער שפּעטער גאַראַנטירט דעם מיטגעפיל פון די עמעסע פּראָלעטאַרישע מאַסן.

## די רוסלענדישע סאציאל־דעמאקראטישע ארבעטער־פּארטיי און דער דריטער אינטערנאציאנאל.

די רוסלענדישע ס. ד. אַרבעטער־פּאַרטיי האָט שוין לאַנג געריסן מיט אירע אָפּאָרטוניסטן. די רוסישע אָפּאָרטוניסטן זיינען איצט געוואָרן אויך שאָוויניסטן. דאָס באַפעסטיקט אונז נאָר אין אונזער מיינונג, אַז דידאָזיקע שפּאַלטונג איז געווען נויטיק צוליב די אינטערעסן פונם סאָציאַליזם. מיר זיינען איבערצייגט אין דעם, אַז די איצטיקע מיינונגס-פאַרשיידנקייט צווישן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן מיט די סאָציאַל-שאָוויניסטן זיינען קלאַל ניט קיין קלענערע, איידער די מיינונגס־פאַרשיידנקייטן, וואס זיינען געווען באַ די סאָציאַליסטן מיט די אַנאַרכיסטן, בעאייס די ס. ד. האָבן זיך געהאַט אָפּגעטיילט פון די לעצטע. דער אָפּאָרטוניסט „מאָניטאר" אין די „פּרייסישע יאַרביכער" האָט ריכטיק געזאָגט, אַז פאַר די אָפּאָרטוניסטן און פאר דער בורזשואַזיע איז די איצטיקע אייניקייט גינסטיק, ווייל דאָס צווינגט די לינקע אונטערצוואוואַרפן זיך אונטער די שאָוויניסטן און דאָס שטערט די אַרבעטער זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין די שטרייטן און שאַפן זייער אייגענע ווירקלעך אַרבעטערישע, ווירקלעך סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. מיר זיינען טיף איבערצייגט, אַז באַ דער איצטיקער לאַגע איז אָפּשפּאַלטן זיך פון די אָפּאָרטוניסטן און שאָוויניסטן דער ערשטער כויוו פון אַ רעוואָלוציאָנער — פּונקט אַזוי, ווי דאָס רייסן מיט די געלע, מיט די אַנטיסעמיטן, מיט די ליבעראַלע אַרבעטער-פאַריינען און אַז. וו. איז געווען נויטיק, קעדיי גיכער אויפצוקלערן די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער און צוציען זיי אין די רייען פון דער ס. ד. אַרבעטער-פּאַרטיי.

דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל וואָלט, לויט אונזער מיינונג, באַדאַרפט געשאַפן ווערן גראַד אויף אַזאַ רעוואָלוציאָנערער באַזע. פאַר אונזער פּאַרטיי עקזיסטירט ניט קיין פראַגע וועגן דעם, צי ס'איז צוועקמעסיק צו רייסן מיט די סאָציאַל-שאָוויניסטן. דידאָזיקע פראַגע האט אונזער פּאַרטיי געלייזט איינמאָל פאַר אַלע מאָל. פאַר איר שטייט בלויז די פראַגע צו פאַרווירקלעכן אין דער נאָענטסטער צייט דידאָזיקע שפּאַלטונג אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב.

ס'איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז קעדיי צו פאַרווירקלעכן אַ צווישנפעלקערלעכע מאַרקסיסטישע אָרגאַניזאַציע איז נויטיק, אז ס'זאָל עקזיסטירן אַ גרייטקייט צו שאַפן זעלבשטענדיקע מאַרקסיסטישע פּאַרטייען אין פאַרשיידענע לענדער. די אַנטשיידנדיקע באַדייטונג אין דעם פראַט האָט דייטשלאַנד, ווי אַ לאַנד פון דער עלטסטער און מעכטיקסטער אַרבעטער־באַוועגונג. די נאָענטסטע צוקונפט וועט באַווייזן, צי זיינען שוין רייף גע-

וואָרן די באַדינגונגען אַף צו שאַפן אַ נייעם מאַרקסיסטישן אינטערנאַציאָנאַל. אויב יאָ, וועט אונזער פאַרטיי מיט פרייד אריינטרעטן אין אַזאַ III אינטערנאַ-ציאָנאַל, וועלכער וועט זיין אָפגעריניקט פון אָפּאָרטוניזם און שאָוויניזם. אויב ניט, וועט דאָס באַווייזן, אַז צוליב אָט דער רייניקונג איז נאָך נויטיק א מער אָדער ווייניקער לאנגדויעריקע עוואָלוציע. און דעמאָלט וועט אונזער פאַרטיי זיין די עקסטע אָפּאָזיציע אינם פריערדיקן אינטערנאציאָנאל — ביז וואַנען ס'וועט אין פאַרשיידענע לענדער ניט געשאפן ווערן קיין באַזע פאַר אַזא צווישנפעלקערלעכער פאַרייניקונג פון אַרבעטער, וואס שטייט אפן באָדן פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם.

מיר ווייסן ניט און קאָנען ניט וויסן, ווי אַזוי וועט אין די נאָענטסטע יאָרן גיין די אַנטוויקלונג אַף דער צווישנפעלקערלעכער אַרענע. נאָר איינס ווייסן מיר אַף געוויס, אין איין זאַך אָבער זיינען מיר פעסט איבערצייגט — אין דעם, אַז אונזער פאַרטיי, אין אונזער לאַנד צווישן אונזער פּראָלעטאַ-ריאַט, וועט אומדערמידלעך ארבעטן אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג, און די גאַנצע אַלטעגלעכע טעטיקייט אירע וועט זיין געווענדעט אַף צו שאַפן די רוסלענדישע סעקציע פונם מאַרקסיסטישן אינטערנאציאָנאל.

באַ אונז אין רוסלאַנד פילט זיך אויך ניט קיין מאַנגל אין אָפנהארציקע סאָציאַל-שאָוויניסטן און אין „צענטר“-גרופּעס. דידאָזיקע לייט וועלן קעמפן קעגן דער אויסבילדונג פון א מאַרקסיסטישן אינטערנאציאָנאל. מיר ווייסן, אַז פּלעכאַנאָוו שטייט אַף איין פּרינציפּיעלן באָדן מיט זיודעקומען און שטרעקט שוין איצט אויס צו אים די האַנט. מיר ווייסן, אַז דער אַזוי גערופענער „אָר-גאַניזאציאָנס-קאָמיטעט“, וואס ווערט אָנגעפירט פון אַקסעלראָדן, פּריידיקט דעם קאַאוטסקיזם אַפן רוסישן באָדן. אונטער דער מאַסקע פון אייניקייט אין דעם אַרבעטער-קלאס פּריידיקן דידאָזיקע לייט אייניקייט מיט די אָפּאָרטוניסטן און דורך זיי — מיט דער בורזשואַזיע. דאס אַלץ אָבער, וואס אונז איז באוואוסט וועגן דער איצטיקער אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד, גיט אונז די פולע זיכערקייט אין דעם, אַז דער באַוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד וועט, ווי ביז אהער, בלייבן מיט אונזער פּאַרטיי.

---

# קאַפּיטל IV. די געשיכטע פון דער צעשפּאַלטונג און די איצטיקע לאַגע פון דער ס. ד. אין רוסלאַנד.

די אויבן-אָנגעוויזענע טאַקטיק פון דער רוסלענדישער ס. ד. אַרבעטער-פּאַרטיי בעגויגייע דער מילכאָמע שטעלט מיט זיך פאָר אן אומפאַרמיידלעכן רעזולטאַט פון דער דרייסיק-יאָריקער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַ-טיע אין רוסלאַנד. ס'איז אוממעגלעך ריכטיק צו פאַרשטיין דידאָזיקע טאַקטיק און די איצטיקע לאַגע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין אונזער לאַנד, אויב

מיר זאָלן זיך ניט אַריינטראַכטן אין דער געשיכטע פון אונזער פּאַרטיי. אָט פאַרוואָס מיר מוזן דאָ דערמאָנען דעם לייענער די גרונט-פאַקטן פון דערדאָזיקער געשיכטע.

ווי אַ אידייאישע באַוועגונג איז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אויפגעקומען אין 1883 יאָר, ווען ס'זיינען צום ערשטן מאָל אין אויסלאַנד דורך דער גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט" סיסטעמאַטיש פאָרמולירט געוואָרן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אנשויאונגען אין זייער אָנווענדונג צו רוסלאַנד. ביזן אָנהויב פון די 90-טע יאָרן בלייבט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַ אידייאישע שטרעמונג און איז ניט פאַרבונדן מיט דער מאַסאָווער אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד. אין אָנהויב פון די 90-טע יאָרן האָט דער געזעלשאַפטלעכער אויפשטייג, די אירונג און די שטרייק-באַוועגונגען צווישן די אַרבעטער געמאַכט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פאַר אַן אַקטיווער פּאָליטישער קראַפט, וועלכע איז פעסט פאַרבונדן מיטן קאַמף (העט עקאָנאָמישן, העט פּאָליטישן) פונם אַרבעטער-קלאַס. און טאַקע פון דעמאָלט אָן הויבט זיך אָן די צעשפּאַלטונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַף „עקאָנאָמיסטן" און „איסקראָווצעס".

## די „עקאָנאָמיסטן" און די אַלטע „איסקרא" (1894-1903)

דער „עקאָנאָמיזם"—דאָס איז געווען אַן אָפּאָרטוניסטישע שטרעמונג אין דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דער פּאָליטישער מעהוס זיינער האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פּראָגראַם: „פאַר די אַרבעטער—עקאָנאָמישער קאַמף, פאַר די ליבעראַלן—פּאָליטישער". זיין טעאָרעטישע הויפּט-באַזע איז געווען דער אַזוי געררופענער „לעגאַלער מאַרקסיזם" אָדער „סטרואוויזם", וואָס „אנערקענט" דעם „מאַרקסיזם", אַף וויפל ער איז אינגאַנצן אָפּגערייניקט פון יעטווידער רעוואָלוציאָנערקייט און צוגעפּאַסט צו די באַדערפעונישן פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. באַרופנדיק זיך אַף דער אומאַנטוויקלטקייט פון די אַרבעטער-מאַסן אין רוסלאַנד און ווילנדיק „גיין מיט די מאַסן", האָבן די „עקאָנאָמיסטן" באַגרעניצט די אויפגאַבן און דעם פאַרנעם פון דער אַרבעטער-באַוועגונג מיט דעם עקאָנאָמישן קאַמף און מיט אַ פּאָליטישער שטיצע דעם ליבעראַליזם, און האָבן זיך ניט געשטעלט ניט קיין זעלבשטענדיקע פּאָליטישע און ניט קיין שום רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן.

די אַלטע „איסקרא" (1900-1903) האָט זיגרייך דורכגעפירט דעם קאַמף מיטן „עקאָנאָמיזם" לעשעם די פּרינציפּן פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דאָס בעסטע, וואָס איז נאָר געווען צווישן באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט, האָט זיך געשטעלט אַף דער זייט פון דער „איסקרא". עטלעכע יאָר פאַר דער רעוואָלוציע איז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַרויסגעטראָטן מיט אַ שטאַרק אויסגעהאַלטענער און אָנשאָלעמדיקער פּראָגראַם. און דער קלאַסנקאַמף, די אַרויסטרעטונג פון די מאַסן בעאייס דער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר האָבן באַשטעטיקט דידאָזיקע פּראָגראַם. די „עקאָנאָמיסטן" האָבן זיך צוגעפּאַסט צו דער אָפּגעשטאַנענקייט פון די מאַסן. „איסקרא" האָט דערצויגן אַן אַרבעטער-

אַוואַנגאַרד, וועלכער איז פעאיק צו פירן די מאַסן פאָרויס. די איצטיקע טאַי־נעס פון די סאָציאַל־שאָוויניסטן (וועגן דער נויטיקייט צו רעכענען זיך מיט דער מאַסע, וועגן דער פראָגרעסיווקייט פונם אימפעריאַליזם, וועגן די „אילו־זיעס" פון די רעוואָלוציאָנערן און ד. גל.) זיינען שוין אַלע געוועזן אַרויס־געשטעלט פון די עקאָנאָמיסטן. מיט אן אָפּאָרטוניסטישער איבערדרייאונג פונם מאַרקסיזם אָפּן נוסעך פון „סטרואוויזם" האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון רוסלאַנד זיך געהאַט באַקאַנט נאָך מיט 20 יאָר צוריק.

## מענשעוויקעס און באָלשעוויזם (1903־1908)

די עפּאָכע פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע האָט אַרויס־גערופן אַ נייעם קאַמף פון שטרעמונגען אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע,—אַ קאַמף, וועלכער איז ניט מער, ווי אַ דירעקטער העמשעך פונם פריערדיקן קאַמף. דער „עקאָנאָמיזם" האָט זיך מאָדיפיצירט אין „מענשעוויזם". די פאַר־טיידיקונג פון דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פון דער אַלטער „איסקרא" האָט געשאַפן דעם „באָלשעוויזם".

אין די שטורמישע יאָרן 1905־1907 איז דער מענשעוויזם געוועזן אַן אָפּאָרטוניסטישע שטרעמונג, וועלכע איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן פון די לי־בעראַלע בורזשואַ, און וועלכע האָט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג דורכגעפירט ליבעראַל־בורזשואַזע טענדענצן. צוצופּאַסן דעם קאַמף פונם ארבעטערקלאַס צום ליבעראַליזם—אָט אין וואָס ס'איז באַשטאַנען דער מעהוס פונם מענשעוויזם. דער באָלשעוויזם, פאַרקערט, האָט פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער געשטעלט די אויפגאַבע אויפצוהויבן די דעמאָקראַטישע פויערשאַפט אף א רע־וואָלוציאָנערן קאַמף, ניט געקוקט אַף די וואַקלונגען און אף די פעלשונגען פונם ליבעראַליזם. און די אַרבעטערמאַסן, ווי דאָס האָבן ניט איינמאָל אנער־קענט די מענשעוויקעס גופע, זיינען בעאייס דער רעוואָלוציע, באַ אלע וויכ־טיקע ארויסטרעטונגען געגאַנגען מיט די באָלשעוויקעס.

די רעוואָלוציע פונם 1905־טן יאָר האָט אויסגעפּרואווט, פארשטארקט, פארטיפט און פאַרהאַרטעוועט די אנשאַלעמדיק־רעוואָלוציאָנערע סאציאַל־דעמאָ־קראַטישע טאַקטיק אין רוסלאַנד. די עפנטלעכע ארויסטרעטונג פון קלאַסן און פארטייען האָט ניט איינמאל אנטפּלעקט די פארבינדונג צווישן דעם סאציאַל־דעמאקראַטישן אפּאַרטוניזם („מענשעוויזם") מיטן ליבעראַליזם.

## מארקסיזם און ליקווידאַטאָרײַ (1908־1914)

די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע האָט אין אַ פולקום נייער פאָרם ווי־דער אַמאָל געשטעלט אָפן טאָג־סײַדער די פראַגע וועגן אפּאָרטוניסטישער אָדער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פון דער סאציאַל־דעמאקראַטיע. דער הויפּט־שטראָם פונם מענשעוויזם האָט, ניט געקוקט אָפּן פּראָטעסט פון פיל בעסטע פאַרשטייער זיינע, געבוירן די שטרעמונג פון ליקווידאַטאָרײַ, דאָס אָפּזאָגן זיך פונם קאַמף פאַר א נייער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, פון דער אומלעגאַלער

ארגאניזאציע און ארבעט, האט באשאפן א שפּאטישע באציאונג צום „אונטערערד", צום לאזונג פון א רעפּובליק און אז. וו. אין דער פּערזאן פון א גרופּע לעגאלע ליטעראטן פונם זשורנאל „נאשא זאריא" (די הערן פּאטרעסאוו, טשערעוואנין און אז. וו.) האט זיך פּאררייניקט א קערן, וואס איז געוועזן אומאפּהענגיק פון דער אלטער ס. ד. פּארטיי, און וואס די ליבעראלע בורזשואזיע פון רוסלאנד, ווילנדיק אפּגעוויינען די ארבעטער פון רעוואלוציאנערן קאמף, האט אים אף טויזנטער אויפנים געשטיצט, רעקלאמירט און געצערטלט.

דידאָזיקע גרופּע אָפּאָרטוניסטן איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי אף דער יאנוואַר-קאָנפערענץ אין 1912 יאָר, וועלכע האָט, ניט געקוקט אַפן ווילדן ווידערשטאַנד פון אַ גאַנצער רייע אויסלענדישע גרופּעס און גרופּקעלעך, ווידעראויפגעשטעלט די פּאַרטיי. אין אַ מעשעך פון העכער צוויי יאָר (פון אָנהויב 1912 ביזן מיטן 1914) איז געגאַנגען אַן אַקשאָנעסדיקער קאַמף צווישן צוויי ס. ד. פּאַרטייען: צווישן דעם צ. ק., וועלכער איז אויסגעקליבן געוואָרן אין יאַנוואַר 1912 יאָר, און דעם „אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט", וועלכער האָט זיך ניט גערעכנט מיט דער יאַנוואַר-קאָנפערענץ און וועלכער האָט געוואָלט אף אַן אַנדער אויפן אויפשטעלן די פּאַרטיי, אַזוי אַז די אייניקייט מיט דער גרופּע פון „נאַשאַ זאַריאַ" זאָל ניט אָנגערירט ווערן.

אַן אַקשאָנעסדיקער קאַמף האָט זיך געפירט צווישן צוויי טעגלעכע אַרבעטער-צייטונגען („פּראַוודאַ" און „לוטש" מיט זייערע יאָרשים) און צווישן צוויי סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פראַקציעס אין דער IV מלוכע-דומע („רוסלענדישע ס. ד. אַרבעטער-פראַקציע" פון די „פּראַוודיסטן" אָדער מאַרקסיסטן און די „ס. ד. פראַקציע" פון די ליקווידאַטאָרן מיט טשכעאידזען בעראָש).

פאַרטיידיקנדיק די טרייקייט צו די רעוואָלוציאָנערע געבאָטן פון דער פּאַרטיי, אונטערשטיצנדיק דעם אויפשטייג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסווייזן (באַזונדערס נאָכן פרילינג פון 1912 יאָר), פאַרייניקנדיק די לעגאַלע מיט דער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע, פּרעסע און אַגיטאַציע, האָבן די „פּראַוודיסטן" פאַראייניקט אַרום זיך די איבערוועגנדיקע מערהייט פונם באַוואוסטזיניקן אַרבעטערקלאַס. די ליקווידאַטאָרן, וועלכע זיינען ווי אַ פּאָליטישע קראַפט אַרויסגעטראָטן בלויז אין דער פּערזאָן פון דער גרופּע „נאַשאַ זאַריאַ", האָבן זיך געשטיצט אַף דער אַלזייטיקער שטיצע פון די ליבעראַל-בורזשואַזע עלעמענטן.

די עפנטלעכע געלט-אָפּצאָלונגען, וואָס די אַרבעטער-גרופּעס האָבן אַריינגעטראָגן אין די צייטונגען פון ביידע פּאַרטייען,—די אָפּצאָלונגען, וועלכע זיינען אין יענער עפּאָכע געווען אַ פאָרם פון מיטגלידס-אָפּצאָלן דער סאָציאַל-דעמ. פּאַרטיי, אַ פאָרם, צוגעפּאַסט צו די רוסישע באַדינגונגען (די איינציקע לעגאַל דערלויבטע, וועלכע יעדערער האָט געקאָנט פריי קאָנטראָלירן),—דידאָזיקע אָפּצאָלונגען האָבן באַשיינפּערלעך דערוויזן דעם פּראָלעטאַרישן קוואַל פון קראַפט און ווירקונג בא די „פּראַוודיסטן" (מאַרקסיסטן) און דעם בורזשואַז-ליבעראַלן קוואַל בא די ליקווידאַטאָרן (און בא זייער אָרג. קאָמיטעט). אָט

זיינען קורצע סאַכאַקלען פון דידאָזיקע אָפּצאָלונגען, וועלכע זיינען געווען אָפּגעדרוקט אויספירלעך אינם בוך „מאַרקסיזם און ליקווידאַטאָריי“ און פאַרקירצט — אין דער דייטשישער ס. ד. צייטונג: „לייפּציקער פאָלקסצייטונג“ פונם 21 יולי 1914 יאָר.

די צאָל און די סומען פון די אָפּצאָלונגען אין די פּעטערבורגער צייטונגען, מאַרקסיסטישע (פּראַוודיסטישע) און ליקווידאַטאָרישע, פונם 1-טן יאַנוואַר ביזן 13-טן מאַי 1914 יאָר:

| | פּראַוודיסטן. די צאָל אָפּצאָלונגען | געלט-סומע רובל | ליקווידאַטאָרן. די צאָל אָפּצאָלונגען | געלט-סומע רובל |
|---|---|---|---|---|
| פון אַרבעטער-גרופּעס . . . . . . . . | 2873 | 18934 | 671 | 5296 |
| ניט פון אַרבעטער-גרופּעס . . . . . . . | 713 | 2650 | 423 | 6760 |

אַף אַזאַ אויפן, האָט צום 1914 יאָר אונזער פּאַרטיי געהאַט פאַרייניקט אַרום דער רעוואָלוציאָנערער ס. ד. טאַקטיק 4/5 פון די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער אין רוסלאַנד. פאַרן גאַנצן יאָר איז די צאָל אָפּצאָלונגען פון די אַרבעטער-גרופּעס געווען באַ די „פּראַוודיסטן“ 2181, און באַ די ליקווידאַטאָרן—661. פונם 1-טן יאַנוואַר 1913 ביזן 13-טן מאַי 1914 באַקומט זיך אַזאַ סאַכאַקל: 5054 אָפּצאָלונגען פון אַרבעטער-גרופּעס באַ די „פּראַוודיסטן“ (ד. ה. באַ אונזער פּאַרטיי) און 1332, ד. ה. 20,8% — באַ די ליקווידאַטאָרן.

## מאַרקסיזם און סאָציאַל-שאָוויניזם (1914—1915).

די גרויסע אייראָפּעאישע מילכאָמע פון די יאָרן 1914—1915 האָט פאַר אַלע אייראָפּעאישע און אויך פאַר די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן געשאַפן די מעגלעכקייט אויסצופּרובירן זייער טאַקטיק אַף א קריזיס פון אן אלוועלטלעכן מאַסשטאַב. דער רעאַקציאָנערער, רויבערישער, קנעכטבאַזיצערישער כאַראַקטער פון דער מילכאָמע מיצאַד דעם צאַריזם איז אָן אַן ערעך באַשיינפּערלעכער, איידער מיצאַד אנדערע רעגירונגען. פונדעסטוועגן האָט די גרונט-גרופּע פון די ליקווידאַטאָרן (די איינציקע גרופּע, אכוץ אונזערער), וועלכע האָט אין רוסלאַנד אַן ערנסטע ווירקונג, אַדאַנק אירע ליבעראַלע פאַרבינדונגען) זיך א קירעווע געטאָן צום סאָציאַל-שאָוויניזם! האָבנדיק אין מעשעך פון א לאַנגער צייט די מאָנאָפּאָליע אַף לעגאַלקייט, האָט דידאָזיקע גרופּע פון „נאַשאַ זאַריאַ“ אָנגעהויבן צו פירן צווישן די מאַסן אן אגיטאַציע אין דעם זינען, אַז מע דאַרף „זיך ניט שטעלן קעגן דער מילכאָמע“, אַז מע דאַרף שטרעבן צו אַ ניצאָכן פון דעם דרייאויסגלייך (אַנטאַנט), אַז דער דייטשישער אימפּעריאַליזם איז שולדיק „אין אלע כאַטאָאים פון דער וועלט“ און ד. גל. פּלעכאַנאָוו, וועלכער האָט פונם 1903 יאָר פיל מאָל אונז באַוויזן מוסטערן פון זיין געוואַלטיקער פּאָליטישער כאַראַקטערלאָזיקייט און פון איבערגאַנגען צו די אָפּאָרטוניסטן, — דערדאָזיקער פּלעכאַנאָוו האָט איצט נאָך שאַרפער פאַרנומען דיזעלביקע פּאָזיציע, וואָס ער ווערט פון דער גאַנצער בורזשואזער פּרעסע אין רוסלאַנד געלויבט

אין טאָג ארײן. פּלעכאַנאָוו האָט אף אזוי פיל זיך אראָפּגעלאָזט, אז ער האָט די איצטיקע מילכאָמע דערקלערט פאר א גערעכטיקער מיצאַד דעם צאַריזם, און אין די רעגירונגס-צײטונגען פון איטאַליע האָט ער אָפּגעדרוקט א אינטער-וויו, אין וועלכן ער באַמיט זיך ארײנציציען אין דער מילכאָמע אויך איטאַליע.

די ריכטיקייט פון אונזער אָפּשאצן די ליקווידאטאָריי און פונם אויסשליסן פון אונזער פארטיי די ליקווידאטאָרן איז, אף אזא אויפן, פולשטענדיק באַ-שטעטיקט געוואָרן. די רעאַלע פּראָגראַם פון די ליקווידאטאָרן און דער רעאַ-לער באדײט פון זײער ריכטונג באַשטייט איצט ניט בלויז אינם אָפּארטוניזם ביכלאַל, נאָר אויך אין דעם, וואָס זיי פארטיידיקן די גרויסמעכטיקע אינטע-רעסן און פריווילעגיעס פון די גרויסרוסישע פריצים און בורזשואזיע. דאָס איז אַ ריכטונג פון א נאַציאָנאַל-ליבעראלער ארבעטער-פּאָליטיק. דאס איז אַ פאר-באנד פון א טייל ראַדיקאַלע קליינבירגער און פון א נישטיקן שיכט פריווי-לעגירטע ארבעטער מיט „זייער" נאציאנאלער בורזשואזיע קעגן דער מאָסע פונם פראלעטאריאט.

## די איצטיקע לאגע פון די ס. ד. אין רוסלאנד.

ווי מיר האבן שוין אויבן געזאגט, איז ניט די ליקווידאטאָרן, ניט א גאנצע רייע אויסלענדישע גרופּעס (פּלעכאנאווס, אלעקסינסקיס, טראָצקיס און אַנדערע), ניט די אזוי גערופענע „נאציאנאַלע" (ד. ה. ניט-גרויסרוסישע) ס. ד. האבן ניט אנערקענט אונזער יאנוואר-קאָנפערענץ פונם 1912 יאָר. צווישן די אָנצאָליקע זידלערייען, וואס האבן זיך געשאָטן אף אונז, האט זיך מער פאר אלץ איבערגעכאזערט די באשולדיקונג אין „אוזורפאטאריי" *) און „שפאלטע-רישקייט". אונזער ענטפער אף אזא באשולדיקונג איז באשטאנען אין דעם, וואס מיר האבן געבראכט פּינקטלעכע ציפערן, וועלכע קאנען אָביעקטיוו קאָנ-טראלירט ווערן און וועלכע דערווייזן, אז אונזער פארטיי האט פארייניקט $4/5$ פון די באוואוסטזיניקע ארבעטער אין רוסלאנד. דאָס איז ניט ווייניק — בא אלע שווערקייטן פון אומלעגאלער ארבעט אין א קאָנטער-רעוואָלוציאנערער עפּאָכע.

אויב די „אייניקייט" אף אַ באַזע פון אַ ס. ד. טאַקטיק וואָלט געווען מעגלעך אין רוסלאַנד אָן דעם, אַז די גרופּע פון „נאַשאַ זאַריאַ" זאָל אויס-געשלאָסן ווערן, טאָ פאַרוואָס זשע האָבן אונזערע פּילצאָליקע קעגנער ניט פארווירקלעכט דידאָזיקע אייניקייט אפילע צווישן זיך גופע? פון יאַנוואַר 1912 יאָר איז שוין אַוועק גאַנצע $3\frac{1}{2}$ יאָר. און פאר אָט דער גאנ-צער צייט האָבן אונזערע קעגנער, ניט געקוקט אַף זייער שטאַרקן ווילן, ניט געקאנט שאַפן קיין ס. ד. פאַרטיי קעגן אונז. דערדאָזיקער פאַקט איז די בעס-טע פאַרטיידיקונג פון אונזער פאַרטיי.

די גאַנצע געשיכטע פון די ס. ד. גרופּעס, וואָס קעמפן קעגן אונזער פאַרטיי, איז אַ געשיכטע פון צעקראָכנקייט און צעפּוילונג. אין מאַרט 1912

*) אוזורפירן — ניט געזעצלעך פארכאפן.

יאָר האָבן זיך אַלע, אַן אויסנאַם, „פאַרייניקט“ אַף צו זידלען אונז. אבער שוין אין אויגוסט 1912 יאָר, ווען ס'איז קעגן אונז געשאַפן געוואָרן דער אזוי גערופענער „אויגוסט-בלאָק“, האָט זיך באַ זיי אָנגעהויבן אַ סעדרע פון צעפאַלענישן. אַ טייל גרופעס פאַלן פון זיי אָפּ. זיי זיינען ניט אימשטאַנד צו שאַפן קיין פאַרטיי און קיין צ. ק. זיי שאַפן בלויז אַן אָרגאַניז. קאמיטעט אַף „ווידעראויפצושטעלן די אייניקייט“. פאַקטיש אָבער איז דערדאָזיקער א. ק. געווען אַן אַנמעכטיקער צודעק פאַר דער ליקווידאַטאָרישער גרופע אין רוסלאַנד. פאַרן גאַנצן פעריאָד פון קאָלאָסאַלן אויפשטייג אין דער אַרבעטער=באַוועגונג פון רוסלאַנד און פון די מאַסן-שטרייקן פון די יאָרן 1914-1912 איז פונם גאַנצן אויגוסט-בלאָק די איינציקע גרופע, וועלכע האָט געפירט אַן אַרבעט אין די מאַסן, געווען די גרופע פון „נאַשאַ זאַריאַ“, וואָס די קראַפט אירע האָט זיך באַזירט אַף ליבעראַלע פאַרבינדונגען. און אין אָנהויב 1914-טן יאָר גייען ארויס פונם „אויגוסט-בלאָק“ פאָרמעל די לעטישע ס. ד. (די פוילישע ס. ד. זיינען אין בלאָק ניט געווען), און טראָצקי—איינער פון די לידערס פונם בלאָק—גייט ארויס פון אים ניט-פאָרמעל און שאַפט ווידער זיינע אַ באַזונדערע גרופע. אין יולי 1914 יאָר ווערט אַף דער קאָנפערענץ אין בריוסעל, באַם אַנטייל פונם אויספירקאמיטעט פון דער אינטערנאַציאנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ, פון קאַאוטסקין און וואַנדערוועלדען, צונויפגעשטעלט קעגן אונז דער אזוי גערופענער „בריוסעלער=בלאָק“, אין וועלכן די לעטן זיינען ניט אריין, און פון וועלכן ס'האָבן זיך באַלד אָפּגעשפּאַלטן די פוילישע ס. ד.—די אָפּאָזיציע. נאָכדעם, ווי ס'האָט זיך אנגעהויבן די מילכאָמע, איז דער בלאָק צעפאַלן געוואָרן. „נאַשאַ זאַריאַ“, פּלעכאַנאָוו, אַלעקסינסקי, דער פירער פון די קאַווקאַזער ס. ד. אַן (זשאָרדאַניע) ווערן אָפענע סאָציאַל=שאָוויניסטן און פריידיקן, אַז ס'איז ווינטשנסווערט די מאַפּאָלע פון דייטשלאַנד. דער א. ק. און דער „בונד“ פאַרטיידיקן די סאָציאַל-שאָוויניסטן און די הויפּט-יעסוידעס פונם סאָציאַל=שאָוויניזם. טשכעאידזעס פראַקציע, האַגאַם זי האָט געשטימט קעגן די קריגס-קרעדיטן (אין רוסלאַנד האָבן אַפילע די בורזשואַזע דעמאָקראַטן, די „טרודאָוויקעס“ אויך געשטימט קעגן), בלייבט אַ טרייע פאַרבינדעטע פון דער גרופע „נאַשאַ זאַריאַ“. אונזערע עקסטרעמע סאָציאַל-שאָוויניסטן, פּלעכאַנאָוו מיט אַלעקסינסקין און קאָמפּ., זיינען פולשטענדיק צופרידן מיט טשכעאידזעס פראַקציע. אין פאַריז שאַפט זיך אַ צייטונג „נאַשע סלאָווא“ (פריער „גאָלאָס“) מיטן אַנטייל דער איקער פון מאַרטאָוון און טראָצקין, וועלכע ווילן פאַרייניקן די פּלאַטאָנישע*) פאַרטיידיקונג פונם אינטערנאַציאָנאַליזם מיט דער אומבאַדינגטער פאָדערונג צו בלייבן אייניק מיט „נאַשאַ זאַריאַ“, מיטן א. ק. אָדער מיט טשכעאידזעס פראַקציע. נאָך 250 נומערן האָט דידאָזיקע צייטונג אַליין געמוזט אַנערקענען איר צעפאַלונג: איין טייל רעדאַקציע ציט צו אונזער פאַרטיי, מאַרטאָוו בלייבט טריי דעם א. ק., וועלכער טאַדלט עפענטלעך „נאַשע סלאָוואָ“

*) פּלאַטאָנישע ליבע האָט געהייסן אַ ליבע נאָר אין גייסט, אַ ליבע אָן יעדער ריאַלער ליבע-פאַרבינדונג.

פאַר אַנאַרכיזם (ווי די אָפּאָרטוניסטן אין דייטשלאַנד, דאוויד און קאָמפּ., די „אינטערנאציאָנאַלע קארעספאנדענץ״, לעגין און קאָמפּ. באשולדיקן אין אַנאַרכיזם דעם כאַוועער ליבקנעכט); טראָצקי דערקלערט, אַז ער רייסט מיטן א. ק., נאָר ער וויל גיין איניינעם מיט טשכעאידזעס פראַקציע. אָט איז די פּראָגראַם פון טשכעאידזעס פראַקציע, פאָרמולירט דורך איינעם פון אירע לידערס. אין זעקסטן נומער „סאָווּרעמעני מיר״, פאַרן 1915 יאָר, אַ זשורנאַל מיט דער ריכטונג פון פּלעכאַנאָוון און אַלעקסינסקין, שרייבט טשכענקעלי: „זאָגן, אַז די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז געווען אימשטאַנד ניט צו דערלאָזן די מיליטערישע אַרויסטרעטונג פון איר לאַנד, נאָר זי האָט דאָס ניט געטאָן — וואָלט הייסן אָדער האָבן אַ פּאַרבאָרגענע קאַוואָנע, אַז זי (די ס. ד.) זאָל אַף די באַריקאַדעס אַוועקלייגן ניט נאָר איר קאָפּ, נאָר אויך דעם קאָפּ פון איר פאָטערלאַנד, אָדער דאָס וואָלט הייסן קוקן דורך אַן אַנאַרכישן טעלעסקאָפּ אַף זאַכן, וואָס ליגן נעבן אונז*).

אין דידאָזיקע עטלעכע שורעס איז אויסגעדריקט דער גאַנצער מעהוס פונם סאָציאַל-שאָוויניזם: דאָ האָט איר אי אַ פּרינציפּיעלע באַרעכטיקונג פון דער אידייע וועגן „פאָטערלאנד-פאַרטיידיקונג״ אין דער איצטיקער מילכאָמע, דאָ האָט איר אויך — מיט דער האַסקאָמע פון דער מיליטערישער צענזור — א שפּאָטישע באַציאונג צו אַגיטירן פאַר דער רעוואָלוציע און צו דער צוגרייטונג פון דער רעוואָלוציע. די פראַגע איז גאָר ניט אין דעם, צי די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז געווען אימשטאַנד ניט צו דערלאָזן די מילכאָמע, און אויך ניט אין דעם, צי קאָנען די רעוואָלוציאָנערן ביכלאַל גאראנטירן דעם דערפאָלג פון דער רעוואָלוציע. די פראַגע איז אין דעם, צי זאָל מען זיך פירן ווי סאָציאַליסטן, אָדער אין דערעמעסן טאַקע „קרעפּירן״ אין די אָרעמס פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע.

## די אויפגאַבן פון אונזער פּאַרטיי.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד איז אויפגעקומען פאַר דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע אין אונזער לאַנד (1905) און איז קרעפטיק געוואָרן אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע און קאָנטער-רעוואָלוציע. די אָפּגעשטאַנענקייט פון רוסלאַנד האָט באַ אונז אַרויסגערופן אן אומגעהויערע צאָל שטרעמונגען און ניואַנסן פון קליינבירגערלעכן אָפּאָרטוניזם. די ווירקונג פונם מאַרקסיזם אין אייראָפּע און די פעסטקייט פון די לעגאַלע ס. ד. פּאַרטייען פאַר דער מילכאָמע האָבן געבראַכט דערצו, וואָס אסאַך פון אונזערע ליבעראַלן זיי=

*) № 5, 15, „סאָווּרעמעני מיר״ זייט 148. טראָצקי האָט ניט לאנג דערקלערט, אַז ער רעכנט פאַר זיין אויפגאַבע אויפצוהויבן אין אינטערנאַציאָנאַל דעם אַווטאָריטעט פון טשכעאידזעס פראַקציע. ס'איז קיין שום סאָפעק ניטאָ, אַז טשכענקעלי, פון זיין זייט, וועט פונקט אַזוי ענערגיש הויבן אין אינטערנאַציאנאַל דעם אווטאריטעט פון טראָצקין.

נען געוואָרן קימאַט ווי כסידים פון דער „ראַציאָנעלער", „אייראָפּעאישער" („ניט-רעוואָלוציאָנערער") „מאַרקסיסטישער" טעאָריע און סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

דער ארבעטערקלאַס אין רוסלאַנד האָט געקאָנט אויסבילדן זיין פּאַרטיי ניט אַנדערש, ווי דורך א דרייסיק-יאָריקן אנטשיידענעם קאַמף קעגן קאָלערליי מינים אָפּאָרטוניזם. די פּראַקטיק פון דער אַלוועלטלעכער מילכאָמע, וועלכע האָט געבראַכט צו א מיעסן קראַך פונם אייראָפּעאישן אָפּאָרטוניזם און וועלכע האָט פאַרפעסטיקט די פאַרבינדונג צווישן אונזערע נאַציאָנאַל-ליבעראַלן מיט דער סאָציאַל-שאָוויניסטישער ליקווידאטאָריי — דאָס באפעסטיקט אונז נאָך מער אין דער איבערצייגונג, אַז אונזער פּאַרטיי דאַרף אויך ווייטער גיין אף דעמזעלביקן אויסגעהאלטענעם רעוואָלוציאָנערן וועג.

## וועגן לאָזונג „פאַרייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע".

אינם נומער 40 „סאָציאַל-דעמאָקראַט" האָבן מיר מיטגעטיילט, אז די קאָנפערענץ פון די אויסלענדישע סעקציעס פון אונזער פּאַרטיי האָט באַשלאָסן אָפּצולייגן די פראַגע וועגן לאָזונג „פאַרייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע" ביז וואַנען ס'וועט אין דער פּרעסע ניט באַהאַנדלט ווערן די עקאָנאָמישע זייט פון דעמדאָזיקן איניען.

די דיסקוסיע וועגן דערדאָזיקער פראַגע האט אַף אונזער קאָנפערענץ אָנגענומען אַן איינזייטיק-פּאָליטישן כאַראַקטער. אין אַ געוויסער מאָס איז דאָס קען זיין, פאָרגעקומען דערפאַר, וואס אינם מאַניפעסט פונם צענטראַלן קאָמיטעט איז דערדאָזיקער לאָזונג פאָרמולירט געווען דירעקט ווי אַ פּאָליטישער („דער נאָענטסטער פּאָליטישער לאָזונג..." — ווערט דאָרט געזאָגט), דערביי ווערן דאָרטן ניט בלויז אַרויסגעשטעלט די רעפּובליקאַנישע פאַרייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע, נאָר ס'איז ספּעציעל אונטערגעשטראָכן, אז „אויב ס'זאָלן אַפריער אף אַ רעוואָלוציאָנערן אויפן ניט אַראָפּגעווארפן ווערן די דייטשישע, עסטרייכישע און רוסישע מאָנאַרכיעס", איז דערדאָזיקער לאָזונג אומזיניק און פאַלש.

עס וואָלט געווען אינגאַנצן ניט ריכטיק צו דערווידערן אַקעגן אַזאַ שטעלונג פון דער פראַגע אין די ראַמען פון פּאָליטישער אָפּשאַצונג—לעמאָשל, פון דעם שטאַנדפונקט, וואָס דערדאָזיקער לאָזונג פאַרשטעלט אָדער שוואַכט אָפּ א. אז. וו. דעם לאָזונג פון סאָציאַלער רעוואָלוציע. פּאָליטישע איבערבויאונגען אין אַ ווירקלעך דעמאָקראַטישער ריכטונג, ביפראט נאָך פּאָליטישע רעוואָלוציעס, קאָנען קיינמאָל ניט און באַ קיינע באַדינגונגען ניט פאַרשטעלן און ניט אָפּשוואַכן דעם לאָזונג פון סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. פאַרקערט, זיי דערנעענטערן זי, זיי פאַרברייטערן די באַזע פאַר איר, זיי ציִען אַריין אין סאָציאַליסטישן קאַמף נייע שיכטן פון קליינבירגערטום און פון די האַלב-פּראָלעטאַרישע מאסן. און, פון דער אַנדערער זייט, זיינען פּאָליטישע רעוואָלוציעס אומפאַרמיידלעך אינם גאַנג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וועלכע קאָן ניט באַטראַכט ווערן ווי איין אַקט, נאָר זי דאַרף באטראַכט ווערן, ווי אַן

עפּאָכע פון שטורמישע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אויפטרייסלונגען, פון זייער א פּארשארפטן קלאַסנקאַמף, בירגערקריג, רעוואָלוציעס און קאָנטר-רעוואָלוציעס.

אָבער, אויב דער לאָזונג פון רעפּובליקאנישע פאראייניקטע אייראָפּעאישע שטאַטן, ווען מע שטעלט אים אין פארבינדונג מיט דער רעוואָלוציאָנערער פאר-ניכטונג פון די דריי סאַמע רעאקציאָנערע מאָנארכיעס פון אייראָפּע (די רוסישע אַפּן ערשטן פּלאַן), האט ניט קיין שוואכע ערטער, ווי א פּאָליטישער לאָזונג, בלייבט אָבער נאָך איבער די זייער וויכטיקע פראגע וועגן דעם עקאָנאָמישן אינהאַלט און באדייט פונם דאָזיקן לאָזונג. פונם שטאנדפּונקט פון די עקאָנאָ-מישע באדינגונגען פונם אימפּעריאליזם, ד. ה. פונם קאפּיטאַל-עקספּאָרט און דער וועלט-צעטיילונג דורך די „פּאָרגעשריטענע" און „ציוויליזירטע" קאָלאָ-ניאלע מלוכעס, — פונם דאָזיקן שטאנדפּונקט זיינען די פאראייניקטע שטאטן פון איראָפּע באַם קאפּיטאליזם אָדער ניט מעגלעך, אָדער רעאקציאָנער.

דער קאפּיטאל איז געוואָרן אינטערנאציאנאל און מאָנאָפּאָליסטיש. די וועלט איז צעטיילט צווישן א הייפעלע גרויסע מלוכעס, ד. ה. אזוינע מלוכעס, וועלכע זיינען גרויסע בעריעס אינם איניען פון רויבן און אונטערדריקן נאציעס. פיר גרויסע מלוכעס פון אייראָפּע: ענגלאנד, פראנקרייך, רוסלאנד און דייטשלאנד, מיט א באפעלקערונג פון 250—300 מיליאן, מיט א שעטעך בא 7 מיליאן קוו. קילאמעטער, האבן קאלאניעס מיט א באפעלקערונג קימאט פון א האַלבן מיליארד (494,5 מיליאן), מיט א שעטעך פון 64,6 מיליאן קוו. קילאמעטער, ד. ה. קי-מאט א העלפט פונם ערד-קוגל (133 מיליאן אכוצן פּאלאר-געגנט). דערצו דארף מען באך צוגעבן דריי אזיאטישע מלוכעס: כינע, טערקיי, פּערסיע, וועמען עס רייסן שוין איצט אף שטיקער די רויבער, וואס פירן א „באַפרייערישע" מיל-כאמע, נעמלעך: יאפּאניע, רוסלאנד, ענגלאנד און פראנקרייך. אין די דאזיקע דריי אזיאטישע מלוכעס, וועלכע מע מעג אנרופן האלב-קאלאניעס (פאקטיש זיינען זיי קאלאניעס אף $^{9}/_{10}$), איז פאראן 360 מיליאן איינוואוינער און א שע-טעך פון 14,5 מיליאן קוו. קילאמעטער (ד. ה. קימאט אנדערהאלבן מאל מער פארן שעטעך פון גאַנץ אייראָפּע).

ווייטער, האבן ענגלאנד, פראנקרייך און דייטשלאנד אריינגעלייגט אין אויסלאנד א קאפּיטאל ניט וויינִיקער פון 70 מיליארד. און קעדיי צו באקומען דאס „געזעצלעכע" האכנאסעלע פון דער דאזיקער אנגענעמער סומע, — א האכ-נאסעלע פון העכער דריי מיליארד א יאר, — עקזיסטירן נאציאנאלע קאמיטעטן פון מיליאנערן, קאמיטעטן מיטן נאמען רעגירונגען, וועלכע זיינען באזארגט מיט כאיאלעס און מיט א קריגס-פלאט און וועלכע „אָרדענען איין" אין די קאלאניעס און אין די האלבקאלאניעס די זינדלעך און די ברידערלעך פונם „הער מיליארד" אלס וויצע-קיניגן, קאנסולן, געזאנדטע, קאלערליי באאמטע גאלאכים און אנדערע בלוטזויגער.

אט אזוי איז אין דער עפּאכע פון דער העכסטער אנטוויקלונג פונם קא פּיטאליזם ארגאניזירט דער סיידער, לויט וועלכן א הייפעלע גרויסע מלוכעס באגאזלענען בא א האלבן מיליארד באַפעלקערונג. און באַם קאפּיטאליזם איז

קיין אנדער מין ארגאניזאציע ניט מעגלעך. אפזאגן זיך פון די קאלאניעס, פון די „ווירקונג־ספערעס“, פונם קאפיטאל-עקספארט? אזוי צו מיינען וואלט געהייסן אראפלאזן זיך צו דער מאדרייגע פון דעם גאלעכל, וואס פריידיקט אלע זונטיק פאר די רייכע וועגן דער דערהויבנקייט פונם קריסטנטום און אייצעט, אז זיי זאלן מענאדעוו זיין פאר די ארימע לייט... נו, אויב ניט עטלעכע מיליארדן, איז עטלעכע הונדערט רובל א יאר.

באם קאפיטאליזם איז פאראייניקטע שטאטן פון אייראפע דאס אייגענע ווי אן אפמאך וועגן צעטיילן די קאלאניעס. באם קאפיטאליזם אבער גילט ניט קיין שום אנדער יעסאד, קיין שום אנדער צעטיילונג-פרינציפ, אכוץ קויעך. דער מיליארדער קאן ניט טיילן די „נאציאנאלע האכנאסע“ פונם קאפיטאליסטישן לאנד אנדערש, ווי אין דער פראפארציע: „לויטן קאפיטאל“ (דערביי נאך מיט א הויסאפעלע, אז דער גרעסטער קאפיטאל זאל באקומען מער, איידער ס'קומט אים). קאפיטאליזם — דאס איז פריוואט-אייגנטום בענויגייע צו די פראדוקציע-מיטלען, דאס איז אַנאַרכיע אין דער פראדוקציע. פריידיקן אף אזא מין באַזוע אַ „יושערדיקע“ צעטיילונג פון דער האַכנאסע — דאס איז פרודאניזם*), קליינבירגערלעכע און פיליסטערישע טעמפקייט. מע קאן אנדערש ניט טיילן, סאידן „לויטן קויעך“. קויעך אבער ענדערט זיך איניינעם מיטן גאַנג פון דער עקאנאמישער אנטוויקלונג. נאכן 1871 יאר איז דייטשלאנד פארשטארקט געווארן דריי־פיר מאל גיכער, איידער ענגלאַנד און פראַנקרייך. יאַפאניע — צען מאל שנעלער, איידער רוסלאַנד. אַף אויסצופרובירן די ווירקלעכע קראפט פון אַ קאַפיטאַליסטישער מלוכע איז ניטאַ און ס'קאן ניט זיין קיין אַנדער מיטל, אַכוץ מילכאמע. מילכאמע — דאס איז ניט קיין סטירע צו די יעסוידעס פון פריוואט־אייגנטום, נאר אַ דירעקטע און אומפאַרמיידלעכע אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע יעסוידעס. באַם קאַפּיטאַליזם איז אומעגלעך אַ גלייכמעסיקער וואוקס פון עקאַנאמישער אַנטוויקלונג אין באַזונדערע ווירטשאַפטן און אין באַזונדערע מלוכעס. אַף ווידעראויפצושטעלן, פון צייט צו צייט, דעם צעשטערטן גלייכגעוויכט, איז באַם קאַפיטאַליזם ניט פאַראַן קיין שום אַנדערע מיטלען, אַכוץ קריזיסן אין דער אינדוסטריע און מילכאָמעס אין דער פּאָליטיק.

ס'זיינען, פאַרשטייט זיך, מעגלעך צייטווייליקע אָפּמאַכן צווישן קאַפיטאַליסטן און צווישן מלוכעס. אין דעם זינען זיינען אויך מעגלעך פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע, ווי אַן אָפּמאַך צווישן אייראָפּעאישע קאַפיטאַליסטן... וועגן וואָס? בלויז וועגן דעם, ווי אַזוי מע זאָל בעשוטפעס שטיקן דעם סאָציאַליזם אין אייראָפּע, ווי אזוי מע זאָל בעשוטפעס באַוואָרענען די אָנגעגאַזלטע קאָלאָניעס קעגן יאַפּאָניע און אַמעריקע, וועלכע זיינען ניט צופרידן מיט דער איצטיקער פאַנאַנדערטיילונג פון די קאָלאָניעס, און וועלכע האָבן זיך פאַרן לעצטן האַלבן יאָרהונדערט אָן אַן ערעך שנעלער פאַרשטאַרקט, איידער די אָפּגעשטאַנענע, מאָנאַרכיסטישע אייראָפּע, וואָס האָט פון אַלטקייט שוין אָנגעהויבן פוילן. אין פאַרגלייך מיט די פאַראייניקטע שטאַטן פון

*) פּרודאָן — אַ קליינבירגערלעכער פראַנצויזישער סאָציאַליסט.

אַמעריקע, שטעלט אייראָפּע, אין גאַנצן גענומען, מיט זיך פאַר עקאָנאָמישע פאַרגליווערטקייט. אף דער איצטיקער עקאָנאָמישער באַזע, ד. ה. באַם קאַפּי-טאַליזם, וואלטן פאַרייניקטע אייראָפּעאישע שטאַטן באַדייט אַן אָרגאַניזאַציע פון דער רעאַקציע, קעדיי אָפּצוהאַלטן די מער שנעלערע אַנטוויקלונג פון אַמע-ריקע. יענע צייטן, ווען דער איניען פון דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם איז געווען פאַרבונדן בלויז מיט אייראָפּע, — יענע צייטן זיינען פאַרביי און וועלן זיך שוין מער ניט אומקערן.

פאַרייניקטע שטאַטן פון דער וועלט (און ניט פון אייראָפּע) — דאָס איז יענע מלוכישע פאָרם פון פאַרייניקונג און פון פרייהייט פון נאַציעס, וואָס מיר פאַרבינדן זי מיטן סאָציאַליזם, — קאָלזמאַן דער פולשטענדיקער ניצאָכן פונם קאָמוניזם וועט ניט ברענגען דערצו, אַז ס'וועט אינגאַנצן פאַרשווינדן ווערן יעטווידער, אין אין דעם אויך די דעמאָקראַטישע, מלוכע. ווי א זעלבשטענ-דיקער לאָזונג, וואָלט דער לאָזונג וועגן פאַרייניקטע שטאַטן פון דער וועלט דאָך געווען ניט קיין ריכטיקער, ערשטנס, דערפאַר, ווייל ער גיסט זיך צונויף מיטן סאָציאַליזם אין, צווייטנס, ווייל ער וואָלט געקאָנט אַרויסרופן א ניט ריכטיקע אויסטייטשונג, אַז ס'איז אומעגלעך, דער סאָציאַליזם זאָל זיגן אין איין לאַנד, און אויך שאַפן א ניט ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגן דער באַציאונג פון אַזא לאַנד צו די איבעריקע לענדער.

די אומגלייכמעסיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אַנטוויקלונג — דאָס איז אַן אומבאַדינגטער געזעץ פונם קאַפּיטאַליזם. דערפון איז געדרונגען, אַז ס'איז מעגלעך א ניצאָכן פונם סאָציאַליזם טכילעס אין עטלעכע לענדער, אדער אפילע נאָר אין איין, באַזונדער גענומען, קאַפּיטאַליסטישן לאַנד. דער זיגרײַשער פּראָלעטאַריאַט פונם דאָזיקן לאַנד וואָלט, עקספּראָפּריאירנדיק די קאַפּיטאַליסטן און אָרגאַניזירנדיק באַ זיך די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע, זיך געשטעלט קעגן דער איבעריקער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. ער וואָלט צוגעצויגן צו זיך די אונטערדריקטע קלאַסן פון אַנדערע לענדער, ער וואָלט דאָרטן אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד קעגן די קאַפּיטאַליסטן און וואָלט אויך, ווען דאָס וועט נויטיק זיין, אַפילע אַרויסטרעטן מיט אַ מיליטערישער קראַפט קעגן די עקספּלו-אַטאַטאָרישע קלאַסן און זייערע מלוכעס. די פּאָליטישע פאָרם פון דער גע-זעלשאַפט, וואו דער פּראָלעטאַריאַט האָט מענאַציעך געווען און האָט אראָפּ-געוואָרפן די בורזשואַזיע, וועט זיין די דעמאָקראַטישע רעפּובליק, וועלכע וועט די פּראָלעטאַרישע קרעפטן פון דער געגעבענער נאַציע אָדער פון די געגע-בענע נאַציעס אַלץ מער צענטראַליזירן צוליבן קאַמף קעגן די מלוכעס, וועלכע זיינען נאָך ניט איבערגעגאַנגען צום סאָציאַליזם. אָן דער דיקטאַטור פונם אונ-טערגעדריקטן קלאַס, פונם פּראָלעטאַריאַט, איז די פאַרניכטונג פון די קלאַסן ניט מעגלעך. די פרייע פאַרייניקונג פון נאַציעס אינם סאָציאַליזם איז ניט מעגלעך אָן א מער אָדער ווייניקער לאַנגדויעריקן, אקשנעסדיקן קאַמף פון די סאָציאַליסטישע רעפּובליקן מיט די אָפּגעשטאַנענע מלוכעס.

אָט מאכמעס וואָסערע מאָטיוון איז די רעדאקציע פון צ. אָ. נאָכדעם, ווי דידאָזיקע פראַגע איז פיל מאָל באַטראַכט געוואָרן אף דער קאָנפערענץ און נאָך דער קאנפערענץ פון די אויסלענדישע סעקציעס פון דער רוסלענדישער ס. ד. ארבעטער-פארטיי, געקומען צום אויספיר, אז דער לאָזונג „פארייניקטע שטאַטן פון אייראָפע״ איז ניט קיין ריכטיקער.

„סאָציאל-דעמאקראט״ № 44
פון 22-טן אווגוסט 1915 יאר.

---

# קראך פונם צווייטן אינטערנאציאנאל

מיט די ווערטער „קראך פונם אינטערנאציאָנאַל״ האָט מען אָפטמאָל איך זינען פאָשעט די פאָרמעלע זייט פון דער זאַך, דעם איבערייס פון אינטערנאציאָנאַלע פאַרבינדונגען צווישן די סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון די קריגפירנדיקע לענדער, די אומעגלעכקייט צונויפצורופן ניט די צווישנפעלקערלעכע קאָנפערענץ, ניט די צווישנפעלקערלעכע סאָציאַליסטישע ביוראָ און ד. גל. אף דעם שטאַנדפונקט שטייען אייניקע סאָציאַליסטן פון די נייטראלע, קליינע לענדער, מיסטאָמע, אפילע די מערהייט אָפיציעלע פאַרטייען אין די דערמאָנטע לענדער, ווייטער די אָפּאָרטוניסטן און זייערע פאַרטיידיקער. אין דער רוסישער פרעסע האָט מיט דער גאַנצער אָפנהאַרציקייט, וועלכע פארדינט דעם טיפסטן דאַנק אונזערן, גענומען אף זיך צו פארטיידיקן דידאָזיקע פאָזיציע דער ה׳ וול. קאָסאווסקי אינם № 8 פונם „אינפארמאציאָנס-בלעטל״ פונם „בונד״, דערביי האָט די רעדאַקציע פונם „בלעטל״ ניט געפונען פאַר נויטיק אפילע איין וואָרט צוצוגעבן, אַז זי איז ניט מאַסקים מיטן מעכאַבער. מע קאָן האָפן, אז די פאַרטיידיקונג פונם נאַציאָנאַליזם דורכן ה׳ קאסאווסקי, וועלכער האָט זיך דערעדט ביז פארענטפערן די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראטן, וואָס האָבן געשטימט פאר די קריגס-קרעדיטן, — אז אזא פארטיידיקונג וועט מיטהעלפן, אז פיל אַרבעטער וועלן זיך ענדגילטיק איבערצייגן אינם בורזשואז-נאַציאָנאַליסטישן כאראַקטער פונם „בונד״.

פאַר באַוואוסטזיניקע אַרבעטער איז דער סאָציאליזם אן ערנסטע איבערצייגונג, און ניט קיין באַקוועמער צודעק פאַר קליינבירגערלעך-פשאָרעסדיקע און נאציאָנאַליסטיש-אָפּאָזיציאנעלע שטרעבונגען. דעם קראך פונם אינטערנאציאָנאל פארשטייען זיי ווי א שרייענדיקן פאראט פון דער מערהייט אפיציעלע ס. ד. פארטייען אין זייערע איבערצייגונגען, אין די פייערלעכע דערקלערונגען פון די רעדעס אף די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן אין שטוטגארט און באזעל, אין די רעזאָלוציעס פון דידאָזיקע קאָנגרעסן און אז. וו. ניט זעען דעמדאָזיקן פאַראַט קאָנען בלויז די, וואָס ווילן דאָס ניט זעען, וועמען דאס לוינט ניט צו זעען. אויב מיר וועלן די זאך פארמולירן אף אַ וויסנשאַפטלעכן אויפן, ד. ה. פונם שטאנדפונקט פון קלאסנפארהעלטענישן אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט,

וועלן מיר מוזן זאָגן, אז די מערהייט סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען און בעראַש פון זיי און אין דער ערשטער רייע די סאַמע גרעסטע, די סאַמע איינפלוסרייכסטע פּאַרטיי פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, די דייטשישע, — זיינען איבערגעגאַנגען אַף דער זייט פון זייער גענעראַל-שטאַב, פון זייער רעגירונג, פון זייער בורזשואַזיע קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז אַ געשעעניש פון אַן אַלוועלטלעך-היסטאָרישער וויכטיקייט, און אפן אַלזייטיקן אַנאַליז פון דערדאָזיקער געשעעניש איז אומעגלעך ניט אָפּצושטעלן זיך. ס'איז שוין לאַנג אנערקענט, אַז די מילכאָמעס, באַ אַלע זייערע שרעקן און אומגליקן, וואָס זיי פאַרשאַפן, ברענגען מיט זיך מער אָדער ווייניקער גרויסע נוצן דערמיט, וואָס אומראַכמאָנעסדיק דעקן זיי אויף, אַנטפּלעקן און צעשטערן אסאַך פון דעם, וואָס עס איז אין די מענטשלעכע אינסטיטוציעס שוין צעפוילט, אפגעלעבט, אפגעשטאָרבן. אויך די אייראָפּעאישע מילכאָמע פון די יאָרן 1914-1915 האָט, אָן אַ שום ספק, שוין אָנגעהויבן ברענגען דער מענטשהייט נוצן דערמיט, וואָס זי האָט דעם פאַרשריטלעכן קלאַס פון די ציוויליזירטע לענדער באַוויזן, אַז אין זייערע פּאַרטייען איז אויסגעוואַקסן אַ מין עקלדיקע, אייטערדיקע מאַקע, און אַז פון ערגעץ הערט זיך אַן אומדערטרעגלעכער רייעך פון אַ פייגער.

I

צי איז דאָס טאַקע אַ פאַקט, אז די וויכטיקסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן געפעלשט אין אלע זייערע איבערצייגונגען און אויפגאַבן? וועגן דעם האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט ליב צו ריידן ניט די פאַרעטער גופע, ניט די, וועלכע ווייסן גאַנץ גוט — אָדער שטויסן זיך ניט קלאָר אָן, — אַז זיי וועט אויסקומען צו כאַווערן זיך און שאָלעם צו מאַכן מיט דידאָזיקע פאַרעטער. נאָר, ווי דאָס זאָל ניט זיין אומאַנגענעם פאַר קאָלערליי „אַווטאָריטעטן" פון II אינטערנאַציאָנאַל אָדער פאַר זייערע פראַקציאָנערע פריינט צווישן די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, מוזן מיר דאָך אָפן אַ קוק טאָן אַף די זאַכן, אָנרופן זיי מיט זייערע נעמען, זאָגן די אַרבעטער דעם עמעס.

צי זיינען פאַראַן פאַקטישע מאַטעריאַלן מיקויעך דער פראַגע וועגן דעם, ווי אַזוי האָבן די סאָציאַליסטישע פאַרטייען געקוקט אַף זייערע אויפגאַבן און אַף זייער טאַקטיק פאַר דער איצטיקער מילכאָמע, בעאייס זיי האָבן פאַרויסגעזען די מילכאָמע? אַוואַדע איז אַזוינע מאַטעריאַלן פאַראַן. דאָס איז די רעזאָלוציע פונם באַזעלער אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אינם 1912-טן יאָר, וועלכע מיר דרוקן דאָ איבער, אינאיינעם מיט דער רעזאָלוציע פונם כעמניצער דייטשישן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן צוזאַמענפאָר אינם זעלביקן יאָר, קעדיי צו דערמאָנען וועגן די „פאַרגעסענע ווערטער" פונם סאָציאַליזם. אונטערפירנדיק אַ סאַכאַקל אונטער דער קאָלאָסאַלער פראָפּאַגאַנדיסטישער און אַגיטאַטאָרישער ליטעראַטור פון אַלע לענדער קעגן מילכאָמע, שטעלט דידאָזיקע רעזאָלוציע פאָר מיט זיך די סאַמע גענויע און פולע, די סאַמע פייערלעכע און פאָרמעלע ארויסזאָגונג פון די סאָציאַליסטישע מיינונגען וועגן מילכאָמע און וועגן דער טאַקטיק בענויגייע צו א מילכאָמע. מע קאָן אַנדערש ניט אָנרופן,

אַכוץ פאַראַט, שוין דעם פאַקט גופע, וואָס קיין איינער ניט פון די אַווטאָריטעטן פינם נעכטיקן אינטערנאַציאָנאַל און פונם היינטיקן סאָציאַל-שאָוויניזם, — ניט הײנדמאַן *), ניט געד **), ניט קאַאוטסקי, ניט פּלעכאַנאָוו האט קיין מוט ניט צו דערמאָנען זייערע לייענער דיראָזיקע רעזאָלוציע. אָדער זיי פארשווייגן זי אינגאַנצן, אָדער זיי ציטירן (ווי קאַאוטסקי, אַשטייגער) ניט וויכטיקע ערטער, דורכלאָזנדיק דעם סאַמע איקער. די „לינקסטע", די אַרכי-רעוואָלוציאָנערסטע רעזאָלוציעס — און אַפן סאַמע אומפארשעמטן אויפן פאַרגעסן דיראָזיקע רעזאָלוציעס אדער אָפּזאָגן זיך פון זיי — דאָס איז איינע פון די סאַמע באַשיינפּערלעכע אַנטפּלעקונגען פונם קראַך פונם אינטערנאציאָנאַל. און דאָס איז אויך איינער פון די סאַמע באַשיינפּערלעכע באַווייזן, אַז גלויבן אין דעם, אַז מע קאָן „פאַריכטן" דעם סאָציאַליזם און „אויסגלייכן" זיין ליניע בלויז דורך רעזאָלוציעס, קאָנען איצט נאָר אַזעלכע לייט, באַ וועלכע די גרעסטע נאַאיווקייט גרעניצט זיך מיט א ליסטיקן ווילן צו פאַרייביקן די פריערדיקע צוויעסדיקייט.

נעכטן ערשט, קאָן מען זאָגן, ווען הײנדמאַן האט זיך פאַר דער מילכאָמע אַ קער געטאָן צו דער פאַרטיידיקונג פונם אימפעריאַליזם, האבן אַלע „אָנשטענדיקע" סאָציאַליסטן געהאַלטן אים פאַר אַ מענטשן, וואָס איז ניט באַם קלאָרן זינען, און קיינער האט וועגן אים ניט גערעדט אַנדערש, ווי מיט אַ טאָן פון ביטל. און איצט האָבן זיך צו הײנדמאַנס פּאָזיציע אַראָפּגעקייקלט (מיט אַן אונטערשייד איינער פונם אַנדערן נאָר אין ניואַנסן און אין טעמפּעראַמענט) די אָנגעזעענסטע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע לידערס פון אַלע לענדער. און מיר זיינען קלאל ניט אימשטאַנד דורך אַ וואָסער ס'ניט איז פּאַרלאַמענטאַרישן אויסדרוק אָפּצושאַצן און כאַראַקטעריזירן דעם בירגער-מוט פון אַזעלכע לייט, ווי, אַשטייגער, די שרייבער פון „נאַשע סלאָוואָ", ווען זיי שרייבן וועגן דעם „הער" הײנדמאַן מיט אַ טאָן פון ביטל, און וועגן „כאַווער" קאַאוטסקי רעדן זיי — אָדער זיי שווייגן — מיט רעספּעקט (אָדער האַכנאָע?). צי קאָן מען דען באַ אַזאַ באַציאונג ריידן וועגן אַכטונג צום סאָציאַליזם אָדער וועגן אַכטונג צו די אייגענע איבערצייגונגען ביכלאל? אויב איר זייט איבערצייגט אין דער פאַלשקייט און שעדלעכקייט פון הײנדמאַנס שאָוויניזם, פאַרוואָס זשע זאָלט איר איער קריטיק און אייערע אָנפאַלן ניט ווענדן אַף קאַאוטסקין, אַפן מער איינפלוסרייכן און מער געפערלעכן פארטיידיקער פון פונקט אַזעלכע מיינונגען?

געדס מיינונגען פאַר דער לעצטער צייט האָט עפּשער קיינער אַזוי אויספירלעך ניט אויסגעדריקט, ווי דער געדיסט שאַרל דיומאַ אין זיין בראָשור: „וואָס פאַר א שאָלעם ווילן מיר". דערדאָזיקער „פאַרוואַלטער פון זשול געדס קאַבינעט", וועלכער האָט זיך טאַקע אַזוי אונטערגעשריבן אפן שאַרבלעטל פון דער בראָשור, „ציטירט", פאַרשטייט זיך, די פריערדיקע מעלדונגען פון די סאָציאַליסטן אין פּאַטריאָטישן גייסט (ווי ס'ציטירט ענלעכע מעלדונגען אויך דער דייטשישער סאָציאַל-שאָוויניסט דאַוויד אין זיין לעצטער בראָשור

*) ענגלישער סאָציאַליסט.

**) פראַנצויזישער סאָציאַליסט.

וועגן דער פארטיידיקונג פונם פאָטערלאַנד). דעם באַזעלער מאַניפעסט אָבער ציטירט ער ניט! וועגן דעם מאַניפעסט שווייגט אויך פּלעכאַנאָוו, און מיט אַן אומגעוויינלעך צופרידענער מינע טראַגט ער אונטער שאָוויניסטישע געמיינ־הייטן. קאַאוטסקי איז פּונקט ווי פּלעכאַנאָוו: ציטירנדיק דעם באַזעלער מאַני־פעסט, לאָזט ער דורך אין אים אַלע רעוואָלוציאָנערע ערטער (ד. ה. דעם גאַנצן וויכטיקן אינהאַלט זיינעם!),—מיסטאָמע, מיטן אויסרייד, אַז די צענזור פאַרבאָט עס... די פּאָליציי און די מיליטער־מאַכט זיינען מיט זייער צענזור־פאַרבאָט צו ריידן וועגן קלאַסנקאַמף און רעוואָלוציע פּונקט אין דער צייט געקומען צו הילף צו די פאַרעטער פונם סאָציאַליזם!

נאָר עפּשער שטעלט דער באַזעלער מאַניפעסט מיט זיך פאָר עפּעס אַ מין אינהאַלטלאָזיקן אויפרוף, וועלכער האָט אין זיך ניט קיין שום היסטאָרישן, ניט קיין טאַקטישן אינהאַלט, וואָס זאָל האָבן אַן אומבאַדינגטע שייכעס צו דער געגעבענער קאָנקרעטער מילכאָמע?

גראָד פאַרקערט. אין דער באַזעלער רעזאָלוציע איז פאַראַן ווייניקער פּוסטע דעקלאַמאַציע, און מער קאָנקרעטער אינהאַלט, איידער אין אַנ־דערע רעזאָלוציעס. די באַזעלער רעזאָלוציע רעדט גראָד וועגן דערזעלביקער מילכאָמע, וועלכע איז טאַקע אָנגעקומען, גראָד וועגן דיזעלביקע אימפּעריאַ־ליסטישע קאָנפליקטן, וועלכע האָבן אויסגעבראָכן אין די יאָרן 1914-1915. די קאָנפליקטן צווישן עסטרייך און סערביע איבער די באַלקאַנען, צווישן עסטרייך און איטאַליע איבער אַלבאַניע און אַז. וו., צווישן ענגלאַנד און דייטשלאַנד איבער מערק און קאָלאָניעס ביכלאַל, צווישן רוסלאַנד און טערקיי און אַנדערע איבער ארמעניע און קאָנסטאַנטינאָפּאָל — אָט וועגן וואָס עס רעדט די באַזעלער רעזאָלוציע, וועלכע האָט פאָרויסגעזען גראָד די איצ־טיקע מילכאָמע. גראָד וועגן דער איצטיקער מילכאָמע צווישן „די גרויסע מלו־כעס פון אייראָפּע" זאָגט די באַזעלער רעזאָלוציע, אַז דידאָזיקע מילכאָמע קאָן מען ניט באַרעכטיקן אַפילע מיט דעם מינימאַלסטן אויסרייד וועגן אַ וואָסער ס'ניט איז פאָלקס־אינטערעס"!

און אויב פּלעכאַנאָוו און קאַאוטסקי — מיר נעמען די צוויי סאַמע טיפּי־שע און סאַמע נאָענטע פאַר אונז (איינער שרייבט אָף רוסיש, און דער אַנ־דערער ווערט דורך די ליקווידאַטאָרן איבערגעזעצט אין רוסיש) אַווטאָריטעטע סאָציאַליסטן — קלייבן איצט צונויף (מיט דער הילף פון אַקסעלראָדן) קאַלערליי „פאָלקישע" (אָדער, ריכטיקער, וואולגאַרע, פון דער בורזשואַזער גאַסן־פּרעסע געצונומענע) „באַרעכטיקונגען" פאַר דער מילכאָמע; אויב מיט אַ מינע פון גע־לערנטע און מיט אַ פאַרגרייט פון געפעלשטע ציטאַטן פון מאַרקסן באַרופן זיי זיך אָף „ביישפּילן", אָף די מילכאָמעס פון די יאָרן 1813 און 1870 (פּלע־כאַנאָוו) אָדער פון די יאָרן 1854—1871, 1876—1877, 1897 (קאַאוטסקי), — איז ווירקלעך טאַקע נאָר מענטשן אָן אַ שום שפּור סאָציאַליסטישע איבערציי־גונגען, אָן אַ טראָפּן סאָציאַליסטישע אָרנטלעכקייט, נאָר אַזעלכע מענטשן קע־נען אָנעמען „פאַר ערנסט" אַזעלכע באַווייזן און ניט אָנרופן זיי מיט זייער עמעסן נאָמען: אומגעהערטער יעזואיטיזם, צוויעס און פּראָסטיטואירונג

פונם סאָציאַליזם. זאָל דער דייטשישער פאָרשטאַנד פון דער פּאַרטיי (צ. ק.) אריינוואַרפן אין כּיירעם דעם נייעם זשורנאַל פון מערינגען און ראָזע לוקסעמבורג („אינטערנאַציאָנאַל״) דערפאַר, וואָס ער שאַצט אָפּ ווי געהעריק אִיז קאַאוטסקין; זאָלן וואַנדערוועלדע, פלעכאַנאָוו, הײנדמאַן און קאמפּאַניע, מיט דער הילף פון דער פּאָליציי פון דעם דרייאויסגלייך, פונקט אַף אַזאַ אויפן טרעטירן זייערע קעגנער, — מיר, פון אונזער זייט, וועלן דערויף ענטפערן דערמיט, וואָס מיר וועלן פּאָשעט איבערדרוקן דעם באַזעלער מאַניפעסט, וועלכער דעקט אויף אַזאַ ווענדונג פון די פירער, וועלכע קאָן ניט אָנגערופן ווערן אַנדערש, ווי פאַראַט.

די באַזעלער רעזאָלוציע רעדט ניט וועגן אַ נאַציאָנאַלער, ניט וועגן אַ פאָלקס-מילכאָמע, וואָס אַזוינע ביישפּילן זיינען פאָרגעקומען אין אייראָפּע, און וועלכע זיינען אַפילע טיפּיש פאַר דער עפּאָכע פון די יאָרן 1789—1871, ניט וועגן אַ רעוואָלוציאָנערער מילכאָמע, וואס די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן זיך קיינמאָל ניט פאַרשוואָרן אין זיי ניט צו נעמען קיין אַנטייל. די רעזאָלוציע רעדט וועגן דער איצטיקער מילכאָמע, וועגן אַ מילכאָמע אָפּן באָדן פון „קאַפּיטאַליסטישן אימפּעריאַליזם״ און „דינאַסטישע אינטערעסן״, אָפן באָדן פון „אַגרעסיווער פּאָליטיק״ מיצאַד ביידע גרופּעס קריגפירנדיקע מלוכעס, הען מיצאַד דער עסטרייך-דייטשישער גרופּע, הען מיצאַד דער ענגליש-פראַנצויזיש-רוסישער. פלעכאַנאָוו, קאַאוטסקי און קאמפּאַניע נאַרן פּאָשעט די אַרבעטער דערמיט, וואָס זיי כאַזערן איבער די פּניעסדיקע שקאָרים פון דער בורזשואַזיע אין אַלע לענדער, וועלכע אַרבעט אַף אַלע קיילים, קעדיי פאַרצושטעלן דידאָזיקע אימפּעריאַליסטישע, קאָלאָניאַלע, רויבערישע מילכאָמע, ווי אַ פאָלקס-מילכאָמע, ווי אַ פאַרטיידיקונגס-מילכאָמע (ווען ס׳זאָל ניט אויסקומען צו פאַרטיידיקן), דערמיט, וואס זיי זוכן אויף פאר דערדאָזיקער מילכאָמע באַרעכטיקונגען, באַנוצנדיק זיך מיט היסטאָרישע ביישפּילן פון ניט-אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס.

די פראַגע וועגן דעם אימפּעריאַליסטישן, רויבערישן, קעגנפּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון דער איצטיקער מילכאָמע איז שוין לאַנג אַריבער די סטאַדיע פון אַ ריין-טעאָרעטישער פראַגע. ס׳איז ניט נאָר אין אַלע זיינע הויפּט-שטריכן טעאָרעטיש שוין אָפּגעשאַצט געוואָרן דער אימפּעריאַליזם, ווי אַ קאַמף פון דער אומקומענדיקער, פאַרעלטערטער, פאַרפוילטער בורזשואַזיע פאַר דער צעטיילונג פון דער וועלט און פאַר דער פאַרשקלאַפונג פון די „קליינע נאַציעס״; מע האָט ניט נאָר טויזנטערמאָל שוין איבערגעכאַזערט דידאָזיקע אויספירן אין דער קאָלאָסאַלער צייטונגס ליטעראַטור פון די סאָציאַליסטן פון אַלע לענדער, ניט נאָר, אַשטייגער, דער פאָרשטייער פון דער „פאַרבינדעטער״ נאַציע בענויגייע צו אונז, דער פראַנצויז דעלעזי, האָט אין זיין בראָשור וועגן „דער קומענדיקער מילכאָמע״ (1911-טן יאָר!) פּאָפּולער אויפגעקלערט דעם רויבערישן כאַראַקטער פון דער איצטיקער מילכאָמע מיצאַד דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע. דאָס איז נאָך ווייניק. די פאָרשטייער פון די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען אין אַלע לענדער האָבן איינשטימיק און פאָרמעל אויסגעדריקט אין באַזעל זייער פעסטע איבערצײ-

גונג, אַז עס וועט אויסברעכן גראָד אַ אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע, און, אַרויס־גייענדיק דערפון, האָבן זיי געמאַכט טאַקטישע אויספירן. דעריבער דאַרפן, אַגעוו, מיטאַמאָל אָפּגעוואָרפן ווערן, ווי סאָפיזמען, די אַלע טאַינעס וועגן דעם, אַז דער אונטערשייד צווישן אַ נאַציאָנאַלער און אַ אינטערנאַציאָנאַלער טאַקטיק איז ניט גענוי באַטראַכט געוואָרן (פאַרגלייך דעם לעצטן אינטערוויו פון אַקסעלראָדן אין די נומערן 87, 90, פון „נאַשע סלאָוואָ") און אַז. וו. און ד. גל. דאָס איז אַ סאָפיזם, ווייל די אלזייטיקע וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונג פונם אימפּעריאַליזם איז איין זאַך; אַזאַ מין אויספאָרשונג הויבט זיך ערשט אָן און לויטן עצעם אירן איז זי אומענדלעך, ווי ס'איז אומענדלעך די וויסנשאפט בי־כלאַל. אַן אַנדער זאַך איז די יעסוידעס פון דער סאָציאַליסטישער טאַקטיק קעגן קאַפּיטאַליסטישן אימפּעריאַליזם. דידאָזיקע יעסוידעס זיינען פאָרמולירט געוואָרן אין מיליאָנען עקזעמפּליאַרן פון סאָציאַל-דעמאָקראַטישע צייטונגען און אויך אינם באַשלוס פונם אינטערנאַציאָנאַל. סאָציאַליסטישע פּאַרטייען — דאָס זיינען ניט קיין דיסקוסיר-קלובן, נאָר אָרגאַניזאַציעס פונם קעמפנדיקן פּראָלע־טאַריאַט, און אויב אַ רייע באַטאַליאָנען זיינען איבערגעגאַנגען אַף דער זייט פונם סוינע, דאַרף מען זיי אָנרופן און באַרימט מאַכן מיטן נאָמען פאַרעטער, און ניט לאָזן זיך „פאַרפירן" דורך צוויעסדיקע רעדעס וועגן דעם, אַז „ניט אַלע פאַרשטייען אַלציינס" דעם אימפּעריאַליזם, אַז אָט, אַשטייגער, דער שאָוויניסט קאַאוטסקי און דער שאָוויניסט קונאָוו זיינען פעאיק וועגן דעם איניען אָנצו־שרייבן גאַנצע בענדער, אַז די פראַגע איז „ניט גענוי באַלויכטן" און אַז. וו. און ד. גל. דער קאַפּיטאַליזם אין אַלע אַנטפּלעקונגען פון זיין רויבערישער פּאָליטיק און אין אַלע מינדסטע פאַרצווייגונגען פון זיין היסטאָרישער אַנט־וויקלונג און פון זיינע נאַציאָנאַלע באַזונדערקייטן וועט קיינמאָל ניט אויס־געשטודירט ווערן ביזן סאָף. וועגן איינצלהייטן וועלן די געלערנטע (און די פעדאַנטן ביפּראַט) קיינמאָל ניט אויפהערן צו פירן קיין שטרייט. „אַף דעם גרונט" אָפּזאָגן זיך פון סאָציאַליסטישן קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַליזם, אָפּזאָגן זיך פון שטעלן זיך אַנטקעגן די, וואָס האָבן פאַראַטן דעמדאָזיקן קאַמף — דאָס וואָלט געווען קאָמיש — און וואָס אַנדערש לייגן דען אונז פאָר קאַאוטסקי, קו־נאָוו, אַקסעלראָד און ד. גל.?

קיינער האָט דאָך איצט, נאָכדעם ווי די מילכאָמע איז אויסגעבראָכן, אַפילע ניט געפּרוּווט זיך צו קריטיקירן די באַזעלער רעזאלוציע און צו דער־ווייזן איר אומריכטיקייט!

## II

נאָר עפשער זיינען די אויפריכטיקע סאָציאַליסטן געשטאַנען פאַר דער באַזעלער רעזאָלוציע, אַף וויפל זיי האָבן פאָרויסגעזעען, אַז די מילכאָמע וועט שאַפן אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע, די געשעענישן אָבער האָבן דאָס אָפּגע־לייקנט, און די רעוואָלוציע איז דעריבער געוואָרן אַן אומעגלעכע זאַך?

גראָד דורך אַזאַ סאָפיזם פּרוּווט זיך קונאָוו (אין זיין בראָשור „קראַך פון דער פּאַרטיי?" און אין אַ רייע אַרטיקלען) באַרעכטיקן זיין איבערגאַנג אין

לאַגער פון דער בורזשואזיע, און אָנצוהערענישן אַף אַזעלכע „מאָטיוון" באַגע־גענען מיר קימאַט באַ אַלע סאָציאַל־שאָוויניסטן מיט קאַאוטסקין בעראָש. די האָפענונגען אַף אַ רעוואָלוציע זיינען געווען ניט מער ווי אַ אילוזיע, און האַלטן זיך פאַר אילוזיעס איז ניט קיין איניען פאַר אַ מאַרקסיסט, — אַזוי בקירעט זיך קונאָוו, דערביי זאָגט דערדאָזיקער סטרואוויסט אַפילע קיין איין וואָרט ניט וועגן „אילוזיעס" באַ די אַלע, וואס האָבן אונטערגעשריבן דעם באַזעלער מאַ־ניפעסט, נאָר, ווי זייער אַ לייטישער מענטש, באַמיט ער זיך אַרויפוואַרפן די גאַנצע זאַך אַף די עקסט לינקע, ווי פאַנעקוק און ראַדעק!

לאָמיר, אין טאָך אַריין, באַטראַכטן דעם מאָטיוו, אַז די מעכאַבערים פונם באַזעלער מאַניפעסט האָבן געמיינט, אַז ס׳וועט אָנקומען אַ רעוואָלוציע, נאָר די געשעענישן האָבן דאָס אָפּגעלייקנט. דער באַזעלער מאַניפעסט זאָגט, — 1) אַז די מילכאָמע וועט אַרויסרופן אַן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קריזיס; 2) אַז די אַרבעטער וועלן רעכענען זייער אָנטייל אין דער מילכאָמע פאַר אַ פאַרברעך, פאַר אַ פאַרברעכערישע „שיסערײַ איינער אינם אַנדערן צוליב די רעוואָכים פון די קאַפּיטאַליסטן, צוליבן ערגייץ פון די דינאַסטיעס, צוליב אויספירן געהיימע דיפּלאָמאַטישע אָפּמאַכן", און אַז די מילכאָמע רופט אַרויס באַ די אַרבעטער „צאָרן און אויפגעבראַכטקייט"; 3) אַז דעם אַנגעוויזענעם קריזיס און דעם אָנ־געוויזענעם פסיכישן צושטאַנד פון די אַרבעטער דאַרפן די סאָציאַליסטן אויסנוצן, קעדיי „אויפצורודערן דאָס פאָלק און קעדיי צו פאַרשנעלערן דעם קראַך פונם קאַפּיטאַליזם"; 4) אַז די „רעגירונגען"—אַלע אָן אויסנאַם—קענען ניט אָנהויבן די מילכאָמע, אָן אַ „געפאַר פאַר זיך זעלבסט"; 5) אַז די רעגירונגען „האָבן מוירע פאַר אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע"; 6) אַז פאַר די רעגירונגען „שאַדט ניט צו דערמאָנען זיך" וועגן דער פאַריזער קאָמונע (ד. ה. וועגן בירגערקריג), וועגן דער רעוואָלוציע פונם 1905 יאָר אין רוסלאַנד און אַז. וו. דאָס זיינען אַלץ גאַנץ קלאָרע געדאַנקען; דאָ האָבן מיר ניט קיין גאַראַנטיע, אַז די רעוואָלוציע וועט קומען. דער טראָפּ ווערט דאָ געשטעלט אַף דער גענויער כאַראַקטעריסטיק פון פאַקטן און טענדענצן. ווער ס׳זאָגט מיקויעך אַזעלכע געדאַנקען און מיינונגען, אַז פון דער רעוואָלוציע, אַף וועלכער מע האָט געיוּאָרט, אַז זי וועט אָנקומען, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ אילוזיע, דער אַנטפּלעקט ניט קיין מאַרקסיסטישע, נאָר אַ סטרואוויסטישע און פּאָליצייאיש־רענעגאַטישע באַציאונג צו דער רעוואָלוציע.

פאַר אַ מאַרקסיסט קאָן קיין קאָפעק ניט זיין, אַז אַ רעוואָלוציע איז אוּ־מעגלעך אָן אַ רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע, דערביי איז ניט יעדע רעוואָלוציאָ־נערע סיטואַציע ברענגט צו אַ רעוואָלוציע. וואָסערע זיינען דאָס, ביכלאַל גע־רעדט, די סימאָנים פון אַ רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע? מיר וועלן געוויס קיין טאָעס ניט האָבן, אויב מיר וועלן אָנווייזן פאָלגנדיקע דריי הויפּט־סימאָנים: 1) די אומעגלעכקייט פאַר די הערשנדיקע קלאַסן איינצוהאַלטן אין אַן אומ־פאַרענדערלעכער פאָרם זייער הערשאַפט; אַזאַ אָדער אַן אַנדערער קריזיס פון די „אויבערשטע שיכטן", אַ קריזיס אין דער פּאָליטיק פונם הערשנדיקן קלאַס, וועלכער (דער קריזיס) בילדעט אַ שפּאַלט, וואוהין ס׳רייסט זיך דורך די אומ־

צופרידנקייט און די אויפגעבראַכטקייט פון די אונטערדריקטע קלאַסן. קעדיי ס'זאָל אויסברעכן אַ רעוואָלוציע, איז געוויינלעך ניט גענוג, אַז די „אונטערשטע זאָלן ניט וועלן", נאָר ס'פאָדערט זיך נאָך, אַז די „אויבערשטע זאָלן ניט קענ׳ען" לעבן לויטן אַלטן סיידער; 2) אַ איבערגעוויינלעכע פאַרשאַרפונג פון נויט און עלנט בא די אונטערדריקטע קלאַסן; 3) אַ באַדייטנדיקע (אַדאַנק די אַנגעוויזענע סיבעס) שטייגונג פון דער אַקטיווקייט באַ די מאַסן, וואָס אין אַ „פרידלעכער" עפּאָכע לאָזן זיי זיך רואיק באַראַבעווען, נאָר אין שטורמישע צייטן ווערן זיי העזן דורך דער גאַנצער קריזיס-סיטואַציע, העזן דורך די „אויבערשטע" גופא געשטויסן צו אַ זעלבשטענדיקער היסטאָרישער אַרויסטרעטונג.

אָן אַט די אָביעקטיווע ענדערונגען, וואָס זיינען אומאָפּהענגיק פונם ווילן ניט נאָר פון באַזונדערע גרופּעס און פּאַרטייען, נאָר אויך פון באַזונדערע קלאַסן, איז אַ רעוואָלוציע — לויט אַלגעמיינעם קלאל — אומעגלעך. אַ פאַרייניקונג פון אַט די אָביעקטיווע ענדערונגען ווערט אָנגערופן רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע. אַזאַ סיטואַציע איז געווען אין 1905 יאָר אין רוסלאַנד און אין אַלע רעוואָלוציע-עפּאָכעס אין מאירעוו-אייראָפּע. אַזאַ סיטואַציע איז אויך אָבער געווען אין די 60-ער יאָרן פונם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט אין דייטשלאַנד, אין די יאָרן 1859—1861 און 1879—1880 אין רוסלאַנד, האָגאָם קיין רעוואָלוציעס זיינען אין די פאַלן ניט פאָרגעקומען. פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס ניט פון יעטווידער רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע קומט אויף אַ רעוואָלוציע, נאָר פון אַזאַ סיטואַציע, ווען צו די אויבן אויסגערעכנטע אָביעקטיווע ענדערונגען קומט צו נאָך אַ סובּיעקטיווע ענדערונג, ד. ה. ס'קומט צו די פעאיקייט פונם רעוואָלוציאָנערן קלאַס צו רעוואָלוציאָנערע מאַסן-אַקציעס, באַוועגונגען אַף אַזוי פיל מעכטיקע, אַז זיי זאָלן אימשטאַנד זיין צו צעברעכן (אָדער אונטערברעכן) די אַלטע רעגירונג, וועלכע וועט קיינמאָל, אַפילע אין אַן עפּאָכע פון קריזיסן, ניט „פאַלן", אויב מע וועט זי ניט „אַראָפּוואַרפן".

אַט אזעלכע זיינען די מאַרקסיסטישע אנשויאונגען וועגן רעוואָלוציע, אנשויאונגען, וועלכע זיינען אסאַך, אסאַך מאָל ארויסגעזאָגט געוואָרן און אנערקענט געוואָרן פאַר פעסטגעשטעלטע דורך אלע מאַרקסיסטן, אנשויאונגען, וועלכע האָבן זיך פאַר אונז, רוסן, באַזונדערס באַשיינפערלעך באַשטעטיקט דורך דער פּראַקטיק פונם 1905 יאָר. ס'שטעלט זיך די פראגע, וואָס האָט זיך אין דעם פּראַט פאָרגעשטעלט דער באזעלער מאַניפעסט אין 1912-טן יאָר, און וואָס איז געשעען אין די יאָרן 1914-1915?

מע האָט אין זינען געהאַט אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע, וועלכע איז אין קורצן באַשריבן מיטן אויסדרוק „עקאָנאָמישער און פּאָליטישער קריזיס". צי איז אזא סיטואציע געשאפן געוואָרן? אָן א שום סאָפעק, יאָ. דער סאָציאַל-שאָוויניסט לענטש (וועלכער פארטיידיקט דעם שאָוויניזם אסאַך אָפענער, אויפריכטיקער און ערלעכער, איידער די צוואוואָקעס קונאוו, קאאוטסקי, פּלעכאַנאוו און קאָמפּ.) האט זיך אפילע אויסגעדריקט אזוי, אז „מיר לעבן איבער אַן אייגנאַרטיקע רעוואָלוציע" (6-טע זייט פון זיין בראשור: „די דייטשישע

סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און די מילכאָמע", בערלין, 1915). א פּאָליטישער קרי-
זיס איז פאראן: קיין איינע פון די רעגירונגען איז ניט זיכער אין מאָרגע-
דיקן טאָג, קיין איינע איז ניט גאַראַנטירט פון דער סאָקאָנע פון א פינאנצי-
עלן קראַך, פון דעם, אז מע זאָל בא איר ניט צונעמען קיין טעריטאָריע, אז
מע זאָל זי ניט ארויסטרייבן פון לאנד (ווי מע האט ארויסגעטריבן די רעגי-
רונג פון בעלגיע). אלע רעגירונגען געפינען זיך אף אַ וואולקאַן, אַלע אַפּע-
לירן ז ע ל ב ס ט צו דער זעלבסטעטיקייט און צו דער העלדישקייט פון די
מאַסן. דער פּאָליטישער רעזשים פון אייראָפּע איז אינגאנצן אויפגעטרייסלט,
און קיינער וועט, מיסטאָמע, ניט לייקענען, אז מיר זיינען ארייַנגעטראָטן (און
טרעטן ארייַן אַלץ טיפער — דאס שרייב איך אין דעמזעלביקן טאָג, ווען אי-
טאַליע האט דערקלערט א מילכאָמע) אין אַן עפּאָכע פון די גרעסטע פּאָליטי-
שע אויפטרייסלונגען. אויב קאאוטסקי האט אין צוויי כאדאשים ארום נאָכדעם,
ווי די מילכאָמע האט אויסגעבראָכן, געשריבן (דעם 2-טן אָקטיאבר 1914 יאָר
אין דער „נייער צייט"), אז „קיינמאָל איז א רעגירונג ניט אַזוי שטאַרק, קיינ-
מאָל זיינען פארטייען ניט אזוי שוואַך, ווי בעאיים עס הויבט זיך אָן אַ מיל-
כאָמע" — איז דאָס ניט מער, ווי איינער פון די מוסטערן פון פעלשן די היס-
טאָרישע וויסנשאַפט, וואָס קאַאוטסקי פירט דורך, קעדיי נויסע כיין זיין בא די
זיודעקומס און אנדערע אָפּאָרטוניסטן. קיינמאָל נויטיקט זיך ניט אזוי, ווי אין
אַ צייט פון מילכאָמע, די רעגירונג אין דעם, אַז ס'זאָל הערשן אַן איינשטימי-
קייט צווישן אַלע פּאַרטייען פון די הערשנדיקע קלאַסן, און אז די אונטער-
דריקטע קלאַסן זאָלן זיך „פרידלעך" אונטערווארפן אונטער דערדאָזיקער הער-
שאַפט. דאָס איז ערשטנס, און, צווייטנס, אויב „אין אָנהויב מילכאָמע", ביפּ-
ראַט אין אַ לאַנד, וואָס האָפט אף אַ גיכן ניצאָכן, זעט אויס די רעגירונג אל-
מעכטיק, האָט קיינער קיינמאָל ניט און אין ערגעץ אין דער וועלט ניט פאַר-
בונדן די האָפענונגען אַף אַ רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע אויסשליסלעך מיטן
מאָמענט פון „אָנהויב" מילכאָמע. און אַפּשיטע שוין ניט אידענטיפיצירט דאָס,
וואָס עס „ז ע ט  א ו י ס", מיט דעם, וואָס עס איז א י ן  ד ע ר  ו ו י ר ק ל ע כ ק י י ט.

אַז די אייראָפּעאישע מילכאָמע וועט זיין אַ שווערע, ניט צו פאַרגלייכן
מיט אַלע אַנדערע מילכאָמעס, דאָס האָבן אַלע געוואוסט, געזען און אנער-
קענט. די פּראַקטיק פון דער איצטיקער מילכאָמע באַשטעטיקט דאָס אַלץ מער.
די מילכאָמע פאַרברייטערט זיך, די פּאָליטישע זיילן פון אייראָפּע טרייסלען
זיך אַלץ מערער. די ליידן פון די מאַסן זיינען שרעקלעך, און די באַמיאונגען
פון די רעגירונגען, פון דער בורזשואזיע און פון די אָפּאָרטוניסטן צו פאַרשווייגן
דידאָזיקע ליידן באַנקראָטירן אַלץ אָפטער. די רעוואָכים, וואָס געוויסע גרופּעס
קאַפּיטאַליסטן באַקומען פון דער מילכאָמע, זיינען אומגעהערטע, סקאַנדאַליעז
גרויסע. די פאַרשאַרפונג פון די סטירעס איז אַן אומגעהויערע. אַ פאַרבאָרגענע
אויפרעגונג פון די מאַסן, אַן אומקלאָרע בענקעניש מיצאַד די דערשלאָגענע און
פינסטערע שיכטן נאָך א גוטינקן („דעמאָקראַטישן") שאָלעם, דאָס, וואָס עס
הויבט זיך אָן אַ מין מורמלען בא די „אונטערשטע שיכטן" — דאָס אַלץ איז
פאַראַן. און וואָס ווייטער די מילכאָמע פאַרציט זיך און פאַרשאַרפט זיך, אַלץ

שטאַרקער אנטוויקלען די רעגירונגען און מוזן אַנטוויקלען די אַקטיווקייט פון די מאַסן, רופנדיק זיי צו איבערנאַרמאַלער קויכעס-אָנשטרענגונג און מעסירעס-נעפעש. די דערפאַרונג פון דער מילכאָמע, ווי די דערפאַרונג פון יעדן קריזיס אין דער געשיכטע, פון יעדן גרויסן אומגליק און פון יעדן איבערבראָך אינם לעבן פונם מענטשן, פאַרטעמפּט און ברעכט איין איינע, דערפאַר אָבער קלערט דאָס אויף און פאַרהאַרטעוועט אַנדערע. דערביי איז צו באַמערקן, אַז אין אַלגעמיין און אינגאַנצן גענומען, אין דער געשיכטע פון דער גאַנצער וועלט, האָט זיך די צאָל און די קראַפט פון די לעצטע ארויסגעוויזן גרעסער פאַר די ערשטע, אכוץ ספּעציעלע פאַלן, ווען די אָדער יענע מלוכע דעגראַדירט און גייט אונטער.

די שליסונג פון אַ שאָלעם וועט ניט נאָר ניט זיין אימשטאַנד „מיט-אמאָל" אָפּצושטעלן אָט די אַלע אומגליקן און אָט די גאַנצע סטירעס-פאַרשאַרפונג, נאָר, פאַרקערט, דאָס וועט אין פיל הינזיכטן מאַכן דידאָזיקע אומגליקן נאָך פילבאַרער און באַזונדערס בוילעט פאַר די סאַמע אָפּגעשטאַנענע מאַסן פון דער באַפעלקערונג.

מיט איין וואָרט, אין דאָס ראָוו פאַרשריטלעכע לענדער און גרויסע מלוכעס איז אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואציע פאַראַן. אין דעם פּראַט האָט זיך דאָס פּאָרויסזעען פונם באַזעלער מאַניפעסט פולשטענדיק באַשטעטיקט. אָפּלייקענען עס דירעקט אָדער אומדירעקט, אדער אינגאַנצן פארשווייגן דעמדאָזיקן עמעס, ווי דאָס טוען קונאָוו, פּלעכאַנאָוו, קאַאוטסקי און קאַמפּ., הייסט זאָגן דעם גרעסטן ליגן, אָפּנאַרן דעם אַרבעטערקלאַס און דינען דער בורזשואַזיע. אין „סאָציאַל-דעמאָקראַט" (נומער 34, 40, 41) האָבן מיר געבראַכט פאַקטן, וואָס באַווייזן, אז מענטשן, וועלכע ציטערן פאַר אַ רעוואָלוציע, קריסטלעכע גאַלאָכים-קליינבירגער, גענעראַל-שטאַבן און אויך צייטונגען פון די מיליאָנערן זיינען געצוואונגען צו קאָנסטאַטירן סימאָנים פון אַ רעוואָלוציאָנערער סיטואציע אין אייראָפּע.

צי וועט זיך לאַנג האַלטן דידאָזיקע סיטואציע און אין וואָס פאַר אַ מאָס וועט זי זיך נאָך פאַרשאַרפן? צי וועט זי ברענגען צו אַ רעוואָלוציע? דאָס ווייסן מיר ניט, און קיינער קאָן דאָס ניט וויסן. דאָס וועט באַווייזן ווערן נאָר דורך דער דערפאַרונג פון דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען און דורך דעם איבערגאַנג צו רעוואָלוציאָנערע מאַסים מיצאַד דעם פאַרשריטלעכן קלאַס, מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָ קאָן קיין רייד ניט זיין ניט ביכלאַל וועגן וואָסערע ס'ניט איז „אילוזיעס", ניט וועגן אָפּלייקענען די-דאָזיקע אילוזיעס, ווייל קיין סאָציאַליסט האָט אין ערגעץ ניט און קיינמאָל ניט ניט גענומען אף זיך קיין גאַראַנטיע וועגן דעם, אז גראָד די איצטיקע (און ניט די קומענדיקע) מילכאָמע, אַז גראָד די היינטיקע (און ניט די מאָרגעדיקע) רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע וועט ארויסרופן אַ רעוואָלוציע.

דאָ רעדט זיך וועגן דער סאַמע קלאָרער פליכט, וועגן דער הויפּט-פליכט פון אַלע סאָציאַליסטן: וועגן דער פליכט אויפצודעקן פאַר די מאַסן די פאַראַנענע רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע, אויפצוקלערן די ברייטקייט און די טיפקייט

אירע, צו וועקן דעם רעוואָלוציאָנערן באַוואוסטזיין און די רעוואָלוציאָנערע אַנטשלאָסנקייט פונם פראָלעטאַריאַט, העלפן אים איבערצוגיין צו רעוואָלוציאָנערע מאיסים און שאַפן פאַר דער אַרבעט אין דערדאָזיקער ריכטונג אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען צוגעפּאַסט צו דער רעוואָלוציאנערער סיטואַציע.

קיינמאָל האָט קיין איין אָנגעזעענער און פאַראַנטוואָרטלעכער סאָציאַליסט ניט געהאַט די האָזע צו צווייפלען, אז גראָד אין דעם באַשטייט די פליכט פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען. און דער באַזעלער מאַניפעסט, וועלכער פאַרשפּרייט ניט און האַלט ניט אונטער קיין שום „אילוזיעס", רעדט טאַקע גראָד וועגן דערדאָזיקער פליכט, ווען ער זאָגט: וועקן, „אויפטרייסלען" דאָס פאלק (און ניט פאַרשלעפערן דאָס מיט שאָוויניזם, ווי דאָס טוען פלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד, קאַאוטסקי), „אויסנוצן" דעם קריזיס, קעדיי צו „פאַרגיכערן" דעם קראַך פונם קאַפּיטאַליזם, „האָבן פאַר אַ ריכטשנור" די ביישפּילן פון דער קאָמונע און פון אָקטיאַבער-דעקאַבער פונם 1905 יאָר. די איצטיקע פאַרטייען האָבן דידאָזיקע פליכטן זייערע ניט אויסגעפילט — און אין דעם באַשטייט זייער פאַראַט, זייער פּאָליטישער טויט, זייער אָפּזאָגן זיך פון זייער ראָלע, זייער איבערגאַנג אַף דער זייט פון דער בורזשואזיע.

III

נאָר ווי אזוי האָט דאָס געקאָנט פארקומען, אַז די אנגעזעענסטע פאָרשטייער און די פירער פונם II אינטערנאַציאָנאַל זאָלן האבן געפעלשט אינם סאָציאַליזם? אַף דערדאָזיקער פראַגע וועלן מיר זיך דעטאַל אפּשטעלן ווייטער, פריער אָבער וועלן מיר באַטראַכטן די פּרואוון „טעאָרעטיש" צו באַרעכטיקן דידאָזיקע פעלשונג. מיר וועלן פּרואוון כאַראַקטעריזירן די הויפּט-טעאָריעס פונם סאָציאַל-שאָוויניזם. פאר פאָרשטייער פון דידאָזיקע טעאָריעס קאָן מען רעכענען פלעכאַנאָוון (ער כאַזערט איבער הויפּטזאַכלעך די מאָטיוון פון די ענגליש-פראַנצויזישע שאָוויניסטן, פון היינדמאנען און פון זיינע נייע אָנהענגער) און קאאוטסקין (ער שטעלט אַרויס מאָטיוון אסאַך מער „איידעלע", וועלכע האָבן אַ פּאָנים פון אַן אומפּארגלייכלעך גרעסערער סאָלידקייט).

פּרימיטיווער פאַר אַלץ איז אוואַדע די טעאָריע וועגן דעם, „ווער ס'איז געווען דער ערשטער". אַף אונז איז מען אָנגעפאַלן, מיר פאַרטיידיקן זיך; די אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט פאָדערן אַ ווידערשטאַנד קעגן די, וואָס האָבן צעשטערט דעם אייראָפּעאישן שאָלעם. דאָס איז אַן איבערגעזאַנג פון די דערקלערונגען פון אַלע רעגירונגען און פון די דעקלאמאַציעס פון דער גאַנצער בורזשואזער און געלער פּרעסע אַף דער גאַנצער וועלט. פלעכאַנאָוו באַפּוצט אַפילע אויך אַזאַ אויסגעדראָשענע באַנאַליטעט מיט זיין געוויינלעכער יעזואיטישער אָנווייזונג אַף דער „דיאַלעקטיק": לעשעם דער אויפקלערונג פון דער קאָנקרעטער סיטואַציע דאַרף מען, הייסט עס, קוידעםקאָל אויפזוכן דעם, וואָס האָט „דער ערשטער אָנגעהויבן", מיט אים זיך אָפּרעכענען, און אַלע איבעריקע פּראָגן אפּלייגן ביז אַן אַנדער סיטואַציע (זע פלעכאַנאָוס בראָשור „וועגן מילכאָמע" פאַריז 1914. דיזעלביקע כקירעס ווערן איבערגעכאַזערט דורך אקסעל-

ראָדן אין „גאלאס" (86-87). אין דער מיצווע פון פארבייטן דיאלעקטיק אַף סאפיסטיק האָט פלעכאַנאָוו געבראַכן אַ רעקאָרד. דער סאָפיסט כאַפּט אַרויס איינעם פון די „מאָטיוון", און העגעל נאך האָט ריכטיק געזאָגט, אַז „מאָטיוון" קאָן מען צוזוכן צו וואָס איר ווילט נאָר אין דער וועלט. די דיאַלעקטיק פאָדערט, אַז מע זאָל אלזייטיק אויספאָרשן די געגעבענע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג אין איר אַנטוויקלונג, און אַז מע זאָל דאָס אויסערלעכע, דאָס לעפאָנימדיקע צופירן צו די גרונטלעכע באַוועגונגס-קרעפטן—צו דער אַנטוויקלונג פון די פראָדוקציע-קויכעס און צום קלאַסנקאמף. פלעכאַנאָוו כאַפּט אַרויס אַ ציטאַט פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פרעסע: די דייטשן גופא האָבן פאַר דער מילכאָמע אנערקענט עסטרייך און דייטשלאַנד פאַר „אַנהויבער" —און פאַרטיק. וועגן דעם, אַז די רוסישע סאָציאַליסטן האָבן פיל מאָל אויפגעדעקט די דעראָבערונגס-פּלענער פונם צאַריזם בענויגייע צו גאַליציע, אַרמעניע און אַז. וו.—וועגן דעם שווייגט פלעכאַנאָוו. ער הויבט אַפילע ניט אָן פרואיון צוצורירן זיך צו דער עקאָנאָמישער און דיפּלאָמאַטישער געשיכטע לעכאַלאפּאָכעס פון די דריי לעצטע צענדליקער יאָרן. און דידאָזיקע געשיכטע באַווייזט, אַן שום צווייפל, אַז גראָד פאַרכאַפּן קאָלאָניעס, ראַבירן פרעמדע לענדער, ארויסשטויסן און רואינירן דעם מאַזלדיקערן קאָנקורענט—דאָס איז געווען די הויפּט-אקס פון דער פּאָליטיק בא ביידע מלוכע-גרופּעס, וואָס האַלטן איצט מילכאָמע*. די גרונט-האַנאָכע פון דער דיאלעקטיק, וועלכע פלעכאנאָוו האָט

*) ס'איז זייער באַלערעוודיק דער בוך פונם ענגלישן פאציפיסט ברעילספּאָרד, וועלכער איז אפילע א באַלן צו מאכן אן אנשטעל פון א סאָציאַליסט: „די מילכאָמע פון שטאָל או. אייזן" (לאָנדאָן 1914; אפן בוך שטייט די דאטע מאַרט 1914 !). דער אווטאָר אנערקענט גאַנץ קלאָר, אז נאַציאָנאַלע פראגן זיינען שוין, אין אלגעמיין פאריבער, זיינען שוין געלייזט (35), אז איצטער איז די זאַך גאָר אַן אַנדערע, אַז „די טיפּישע פראַגע פון דער מאָדערנער דיפּלאמאַטיע" (36) איז באגדאדער אייזנבאַן, רעלסן-ליווערונג פאר דעראָזיקער באַן, שאכטעס אין מאַראָקאָ און ד. גל. דער אווטאָר מיינט מיט רעכט, אז „איינער פון די סאמע באַלערעוודיקע אינצידענטן אין דער נייסטער געשיכטע פון דער אייראפּעאישער דיפּלאָמאַטיע" איז דער קאַמף פון די פראַנצויזישע פּאַטריאָטן און פון די ענגלישע אימפּעריאַליסטן קעגן די פרואוון פון קאיא (אין ד יאָרן 1911 און 1913) צונויפצורייידן זיך מיט דייטשלאַנד אפן יעסאד פון אן אפמאַך וועגן צעטיילן די קאָלאָניאַלע ווירקונגס-ספערעס און וועגן צולאָזן דייטשישע פאַפּירן אַף דער פראַנצויזישער בירזשע. די ענגלישע און די פראנצויזישע בורזשואזיע האָבן אַראָפּגעריסן אזא אָפּמאַך (38-40). דער ציל פונם אימפּעריאַליזם איז עקספּארטירן קאַפּיטאַל אין די מער שוואַכע לענדער (74). דער רעווער פון אַזאַ קאַפּיטאַל איז אין ענגלאַנד געווען 90-100 מיליאָן פונט סט. אין 1899 יאר (דזשיפפען), 140 מיליאָן אין 1909 יאָר (פּעיש). און ללאָיד-דזשאָרדזש האָט אין זיין רעדע, וואָס ער האָט ניט לאנג געהאַלטן (דאָס גיבן מיר צו פון זיך), גערעכנט, אַז דער רעווער טרעפט אָן 200 מיליאָן פונט סט., קימאַט 2 מיליאַרד רובל. פירן שמוציקע געשעפטלעך און אונטערקויפן די טערקישע אריסטאָקראַטן, באַוואָרענען די זינדלעך מיט „ערטער" אין אינדיע און אין עגיפּטן—אָט אין וואָס ס'באַשטייט דער עצעם פון דער זאַך (85-87). א נישטיקע מינדערהייט געווינט פון די באַוואָפענונגען און מילכאָמעס, נאָר דידאָזיקע מינדערהייט האָט פאַר זיך די געזעלשאַפט און די פינאַנסיסטן, און די אנהענגער פון שאלעם האָבן פאַר זיך א צעשטויבטע באפעלקערונג (93). א פאציפיסט, וואָס פרעדיקט היינט וועגן שאלעם און אַנטוואָפענונג, ווערט מאָרגן א מיטגליד פון א פּאַרטיי, וואָס איז פולקום אפּהענגיק פון די מיליטערישע ליוועראַנטן (161). וועט דער דריי-אויסגלייך ארויסווייזן זיך שטאַרקער, וועט ער צונעמען מאראָקאָ און צעטיילן פּערסיע; וועט דער דרייבונד זיין שטאַרקער, וועט ער צונעמען טריפּאָלי, פאַרפעסטיקן זיך אין באסניע, אונטערטעניק מאכן אונגער

אזוי אומפארשעמט פארדרייט לעטויוועס דער בורזשואזיע, באשטייט, בעניגייע צו מילכאמעס, אין דעם, וואס „אַ מ י ל כ א מ ע א י ז פ אָ ש ע ט א ה ע מ ש ע ך פ ו ן ד ע ר פ אָ ל י ט י ק, נ א ר מ י ט א נ ד ע ר ע מ י ט ל ע ן (מ י ט ג וו א ל ט מ י ט ל ע ן). אט אַזא איז די פארמולירונג פון קלויזעוויצן*), וואס זיינע אידייען זיינען באַפרוכפּערט געוואָרן דורך העגעלן, און וועלכער איז איינער פון די גרעסטע שרייבער איבער די פראַגן פון קריג-געשיכטע. און גראָד אַזאַ איז שטענדיק געווען דער שטאַנדפונקט פון מאַרקסן און ענגעלסן, וועלכע האָבן י ע ד ע מילכאָמע באַטראַכט, ווי אַ ה ע מ ש ע ך פון דער פּאָליטיק מיצאַד די געגעבענע, פאַרינטערעסירטע מלוכעס — און אויך מיצאַד די פ א ר ש יי ד ע נ ע ק ל א ס ן אינעווייניק אין זיי — אין דער געגעבענער צייט.

פּלעכאַנאָווס גראָבער שאָוויניזם שטייט אינגאַנצן אַף דערזעלביקער טעאָרעטישער פּאָזיציע, אַף וועלכער ס'שטייט דער איידעלערער פשאָרעסדיקזיסלעכער שאָוויניזם פון קאַאוטסקין, בעאייס דער לעצטער פאַרהייליקט מיט פאָלגנדיקער כקירע דעם איבערגאַנג פון די סאָציאַליסטן אין אַלע לענדער אַף דער זייט פון „זייערע" קאַפּיטאַליסטן:

אַלע האָבן רעכט און זיינען מעכויעוו צו פאַרטיידיקן זייער פאָטערלאַנד; דער עמעסער אינטערנאַציאָנאַליזם באשטייט אין דעם, אַז מע זאָל דאָסדאָזיקע רעכט אַנערקענען פאַר די סאָציאַליסטן פון אלע נאציעס, בעסויכאם אויך פאר די, וואָס האלטן מילכאָמע מיט מיין נאַציע... (זע „נייע צייט", 2-טן אָקטיאבר 1914-טן יאָר, און אנדערע ווערק פון דעמזעלביקן אַווטאָר).

דידאָזיקע כקירע, וואָס עס איז ניטאָ קיין גלייכן צו איר, איז אַזאַ מין אומענדלעך-באנאלער כויזעק איבערן סאָציאַליזם, אַז דער בעסטער ענטפער דערויף וואָלט געווען באשטעלן אַ מעדאל מיט די פיגורן פון ווילהעלם דעם צווייטן און ניקאָלאַי דעם צווייטן אַף איין זייט, און פון פּלעכאַנאָוון און

זיך טערקיי (167). לאנדאָן און פּאַריז האָבן אין מאַרט 1906 יאר געגעבן רוסלאַנד מיליאַרדן און האָבן דערמיט געהאָלפן דעם צאַריזם צו דערשטיקן די באפריי-ונגס-באוועגונג (225-228). ענגלאַנד העלפט איצט מיט רוסלאַנד צו שטיקן פּערסיע (229). רוסלאַנד האָט אנגעצונדן די באַלקאַנישע מילכאָמע (230)—ניט עמעס, אַז דאָס אַלץ איז גאָרניט ניי? ניט עמעס, אז דאָס איז אלעמען שוין באַוואוסט, און ס'איז טויזנט מאָל איבערגעכאַזערט געוואָרן אין די סאָציאַל-דעמאָקראטישע צייטונגען פון דער גאַנצער וועלט? ערעוו דער מילכאָמע האָט אן ענגלענדער—א בורזשוא דאָס אלץ פאַרשטאַנען אזוי קלאָר, אז קלאָרער קאָן שוין גאָר ניט זיין. הייַנט וואָס פאַר אן אומאָנשטענדיקער שטוס, וואָס פאַר אַן אומדערטרעגלעכע צוויעס, וואָס פאר לאקריץ-זיסע שקאָרים לעגאבע אזעלכע פּאָשעטע און אלעמען באוואוסטע פאַקטן שטעלן מיט זיך פאר די טעאָריעס פון פּלעכאַנאוון און פּאָטרעסאוון וועגן דער שולד פון דייטשלאַנד און די טעאָריע פון קאאוטסקין וועגן די „פערספּעקטיון" פון אנטוואַפענונג און פון לאנגדויעריקן שאלעם באם קאפּיטאַליזם!

*) Carl von Clausewitz, „Yom Kriege", Werke ערשטער באנד, זייט 28: „אלע ווייסן, אז מילכאָמעס ווערן ארויסגערופן בלויז דורך פּאָליטישע פארהעלטענישן צווישן די רעגירונגען און צווישן די פעלקער; געוויינלעך אבער שטעלט מען זיך די זאך פאר אף אַזאַ אויפן, אז ווי נאָר די מילכאָמע הויבט זיך אָן, הערן קלוימערשט אויף דידאָזיקע פארהעלטענישן צו ווירקן, און ס'ווערט געשאפן א גאַנץ אנדערע לאַגע, וועלכע איז אונטערגעווארפן בלויז אונזער אירע באזונדערע געזעצן. מיר באהויפטן פארקערט: א מילכאָמע איז ניט מער, ווי א העמשעך פון די פּאָליטישע פארהעלטענישן בא דער אריינמישונג פון אנדערע מיטלען".

קאַאוטסקין אַף דער אַנדערער זייט. דער עמעסער אינטערנאַציאָנאַליזם באַשטייט, פאַרשטייט איר מיך, אין דעם, מע זאָל באַרעכטיקן דאָס, וואָס די פראַנצויזישע אַרבעטער שיסן אין די דייטשישע, און די דייטשישע אין די פראַנצוי-זישע, אין נאָמען „פון פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד״!

נאָר אויב מיר ווילן זיך צוקוקן צו די טעאָרעטישע פּאָר-האַנאָ:עס פון קאַאוטסקיס כקירעס, ווילן מיר באַקומען גראָד יענע מיינונג, וועלכע קלוי-זעוויטץ האָט אויסגעלאַכט שוין אַרום 80 יאָר צוריק: אַז די מילכאָמע הויבט זיך אָן, הערן אויף צו ווירקן די היסטאָריש צוגעגרייטע פּאַרהעלטענישן צווישן פעלקער און קלאַסן, און ס׳ווערט געשאַפן אַ פולקום אַנדערע לאַגע! „פּאַשעט״ אַטאַקירנדיקע און זיך פאַרטיידיקנדיקע, „פּאַשעט״ צוריקאָפּוואַרפן די „סאָנים פון פאָטערלאַנד״! דאָס, וואָס די גרויס:מעכטיקע אימפּעריאַליסטישע פעלקער אונטערדריקן אַ גאַנצע רייע נאַציעס, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר העכער אַ העלפט באַפעלקערונג פון דער גאַנצער וועלט, דאָס, וואָס די בורזשואַזיע פון דידאָזיקע לענדער קאָנקורירט צווישן זיך צוליבן טיילן דעם רויב; דאָס, וואָס דער קאַפּיטאַל שטרעבט צו צעשפּאַלטן און דערשטיקן די אַרבעטער=באַוועגונג: — דאָס אַלץ איז מיטאַמאָל פאַרשוואונדן געוואָרן פון פּלעכאַנאָווס און קאַאוטסקיס אויגן, האַגאַם זיי גופע האָבן אין א מעשעך פון צענדליקער יאָרן ביז דער מילכאָמע געשילדערט גראָד אַזאַ „פּאָליטיק״.

דעם הויפּט=טרומף באַ ביידע פירער פון סאָציאַל=שאָוויניזם איז דערביי: פאַלשע באַרופונגען אַף מאַרקסן און ענגעלסן. פּלעכאַנאָוו דערמאָנט די נאַצי-אָנאַלע מילכאָמע פון פּרייסן אין 1813 יאָר און פון דייטשלאַנד אין 1870 יאָר. קאַאוטסקי באַווייזט מיט אַן אָנשטעל פון אַ גרויסן לאמדן, אז מארקס לייזט די פראַגע וועגן דעם, וועמעס ניצאָכן (ד. ה. דער ניצאָכן פון וועלכער בור-זשואַזיע) איז מער געוואונשן אין די מילכאָמעס פון די יאָרן 1854-1855, 1859, 1870-1871. און די מאַרקסיסטן — אויך אין די מילכאָמעס פון די יאָרן 1876-1877 און 1897. אַלע סאָפיסטן אין אַלע צייטן האָבן שוין אַזאַ שטייגער: זיי באַנוצן זיך מיט אזוינע ביישפּילן, וועגן וועלכע ס׳איז פון לעכאַטכילע אָן באוואוסט, אַז זיי האָבן אַ שאַיכעס צו פּרינציפּיעל אַנדערע פאַלן. די פריער-דיקע מילכאָמעס, אַף וועלכע מע ווייזט אונז אָן, זיינען געווען „אַ העמשעך פון דער פּאָליטיק״ פון פּ׳ליאָריקע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען פון דער בורזשואַזיע, פון באַוועגונגען קעגן דעם פרעמדן, פרעמדנאַציאָנאַלן דרוק און קעגן דעם אַבסאָלוטיזם (טערקישן און רוסישן). אַכוץ דער פראַגע, וועמעס ניצאָכן (פון דער אָדער פון יענער בורזשואַזיע) ס׳האָט פאַר אונז א גרעסערן ווערט, האָט קיין שום אַנדער פראַגע דעמאָלט ניט געקאָנט זיין. צו אַזעלכע מינים מילכאָ-מעס האָבן די מאַרקסיסטן פון לעכאַטכילע אָן געמעגט רופן די פעלקער, אויפהעצנדיק דעם נאַציאָנאַלן האַס. אַזוי האָט מאַרקס אינם 1848 יאָר און שפּעטער גערופן צו אַ מילכאָמע מיט רוסלאַנד; אַזוי האָט ענגעלס אין 1859 יאָר אויפגעהעצט דעם נאַציאָנאלן האס פון די דייטשן צו זייערע אונטער-

דריקער—צו נאַפּאָלעאָן דעם III און צום רוסישן צאַריזם*). דעם „העמשעך פון דער פּאָליטיק" פון קאַמף קעגן פעאָדאַליזם און אַבסאָלוטיזם, דעם „העמשעך פון דער פּאָליטיק" פון דער זיך באַפרייענדיקער בורזשואַזיע פאַרגלייכן מיטן „העמשעך פון דער פּאָליטיק" פון דער אַלט געוואָרענער, דאָס הייסט פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע, דאָס הייסט פון דער רעאַקציאָנערער בורזשואַזיע, וועלכע האָט באַגאַזלט די גאַנצע וועלט, און וועלכע האָט זיך פאַרבונדן מיט די פעאָדאַלן, קעדיי אייניקעם דריקן דעם פּראָלעטאַריאַט—דאָס צו פאַרגלייכן וואָלט געהייסן פאַרגלייכן אַרשינען מיט פודן. דאָס איז אַלצייגס, ווי מע זאָל „פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע"—ראָבעספּיערן, גאַריבאַלדין און זשעליאַבאָוון פאַרגלייכן מיט די „פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע" — מיט מיליעראַנען, סאַלאַנדרען און גוטשקאָוון. מע קאָן ניט זיין קיין מאַרקסיסט, אויב מע פילט ניט קיין טיפסטע אַכטונג צו די גרויסע בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן געהאַט דאָס אַלוועלטלעך-היסטאָרישע רעכט צו ריידן אינם נאָמען פון די בורזשואַזע „פאָטערלענדער", צו די גרויסע בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן אין קאַמף מיטן פעאָדאַליזם געהויבן צענדליקער מיליאָנען מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציעס, געהויבן צו אַ ציוויליזירט לעבן. און מע קאָן ניט זיין קיין מאַרקסיסט, אויב מע פילט ניט קיין פאַראַכטונג צו דער סאָפיסטיק פון פּלעכאַנאָוון און קאַאוטסקין, וועלכע רופן אָן מיטן נאָמען „פאָטערלאַנד-פאַרטיידיקונג" דאָס, וואָס די דייטשישע אימפּעריאַליסטן האָבן דערשטיקט בעלגיע, און דאָס, וואָס די אימפּעריאַליסטן פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד און איטאַליע האָבן זיך צונויפגערעדט וועגן באַראַבעווען עסטרייך און טערקיי.

אָט איז נאָך איין „מאַרקסיסטישע" טעאָריע פון סאָציאַל-שאָוויניזם: דער סאָציאַליזם באַזירט זיך אַף דער שנעלער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם; דער ניצחון פון מיין לאַנד וועט דאָרטן פאַרגיכערן די אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם, און וועט, הייסט עס, פאַרגיכערן אויך דאָס אָנקומען פונם סאָציאַליזם; די מאַפּאָלע פון מיין לאַנד וועט פאַרהאַלטן זיין עקאָנאָמישע אַנט-

*) גאַרדענין אין „זשיזן" געפינט, אַגעוו. אַז ס׳איז געווען, עמעס, אַ „רעוואָלוציאָנערער שאָוויניזם", אָבער דאָך אַ שאָוויניזם מיטאַמאָל מיט דאָס, וואָס ער (מאַרקס) איז אין 1848 יאָר געשטאַנען פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע קעגן די פעלקער פון אייראָפּע, וועלכע האָבן זיך פאַקטיש אַרויסגעוויזן פאַר קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע, וואָס ער איז געשטאַנען פאַר אַ מילכאָמע „קעגן די סלאַוון און קעגן די רוסן ביפּראַט". אַזאַ פאָרוואורף מאַרקסן באַווייזט נאָר נאָך אַן איבער-ריז מאָל דעם אַפּאָרטוניזם (אָדער — ריכטיקער און אויך — די פולטערדיקע ניט-ערנסטקייט) פונם דאָזיקן ליניקן סאָציאַל-רעוואָלוציאָנער. מיר, מאַרקסיסטן, זיינען שטענדיק געשטאַנען און שטייען פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע קעגן קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע פעלקער. אויב, לעמאָשל, דער סאָציאַליזם וועט אין אַמעריקע אָדער אין אייראָפּע מנצח זיין אין 1920 יאָר, און יאַפּאַניע מיט כינע וועלן דעמאָלט אַרויסשטעלן אַנטקעגן אונז — זאָל זיין פון אָנהויב אַפילו נאָר אַף אַ דיפּלאָמאַטישן אופן — זייערע ביסמאַרקס, וועלן מיר זיין פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע אַנגריף-מילכאָמע קעגן זיי. אייך קומט דאָס אויס מאָדנע, הער גאַרדענין? זייט איר טאַקע אַ רעוואָלוציאָנער פון ראָפּשינס שניט (ראָפּשין—ליטעראַרישער פּסעוודאָנים פון באַרימטן סאַווינקאָוו, וועלכער האָט אין זיין ראָמאַן „דער פערד דער בלייכער", געשילדערט אַ צינקראַכענעם, אַ איעשריקן טעראָריסט (רעד.).

וויקלונג, און וועט, הייסט עס, אויך פאַרהאַלטן דאָס אָנקומען פונם סאָציאַליזם. אַזאַ, סטרואַוויסטישע, טעאָריע פאַרטיידיקט בײַ אונז פּלעכאַנאָוו, און בײַ די דײַטשן — לענטש און אַנדערע. קאַאוטסקי טרעט אַרויס קעגן דערדאָזיקער וואולגאַרער טעאָריע, קעגן לענטשן, וועלכער פאַרטיידיקט זי אָפן, און קעגן קונאָוון, וועלכער פאַרטיידיקט זי פאַרשטעלטערהייט. קאַאוטסקי אָבער טרעט אַרויס קעגן דערדאָזיקער טעאָריע בלויז צוליב דעם, קעדיי ער זאָל אָפּן יעסאָד פון א מער איידעלער, מער יעזואיטישער שאָוויניסטישער טעאָריע דערשלאָגן זיך צו אן אויסגלייך צווישן די סאָציאַל-שאָוויניסטן פון אלע לענדער.

מיר פאַרשפּאָרן לאַנג אָפּצושטעלן זיך אָפן אַנאַליז פון דערדאָזיקער וואולגאַרער טעאָריע. סטרואַוועס „קריטישע נאָטיצן" זיינען אַרויס אין 1894 יאָר, און פאַר 20 יאָר האָבן זיך די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן גרונטלעך באַקאַנט מיט דערדאָזיקער „מאַניר" פון די רוסישע געבילדעטע בורזשויען דורכצופירן זייערע אַנשויאונגען און וואונשן אונטערן צודעק פון „מאַרקסיזם", וועלכן זיי ר ײ נ י ק ן אָפּריער אָ פּ פון יעטווידער רעוואָלוציאָנערישקייט. דער סטרואַוויזם איז ניט בלויז אַ רוסישע, נאָר, ווי דאָס באַווייזן באַזונדערס באַשיינפערלעך די לעצטע געשעענישן—אויך אַ אינטערנאַציאָנאַלע שטרעבונג פון די בורזשואַזע טעאָרעטיקער צו טויטן דעם מאַרקסיזם „דורך ווייכקייט", צו דערשטיקן אים מיט זייערע קושן, דורך דעם, וואָס מע אנערקענט קלוימערשט „אַלע" „עמעס-וויסנשאַפטלעכע" זייטן און עלעמענטן פון מאַרקסיזם, אַ ח ו ץ דער „אַגיטאַטאָרישער", „דעמאַגאָגישער", „בלאַנקיסטיש-אוטאָפּישער" זייט זיינער. אַנדערש געזאָגט: מע נעמט פונם מאַרקסיזם אַלץ, וואָס עס איז אָנעמבאַר פאַר דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, אַפילע דעם קאַמף פאַר רעפאָרמען, אַפילע דעם קלאַסנקאַמף (אָן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט), אַפילע די „אַל-געמיינע" אַנערקענונג פון „סאָציאַליסטישע אידעאַלן" און אַפילע דאָס, אז דער קאַפּיטאַליזם דאַרף פאַרביטן ווערן אַף אַ „נייער אָרדענונג", נאָר דערביי וואַרפט מען אָפּ „סאַכאַקל" די „לעבעדיקע נעשאָמע" פונם מאַרקסיזם, „סאַ-כאַקל" זיין רעוואָלוציאָנערישקייט.

מאַרקסיזם—דאָס איז די טעאָריע פון דער באַפרייאונגס-באַוועגונג פונם פּראָלעטאַריאַט. ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז די באַוואוסטזיניקע אַרבע-טער דאַרפן אָפּגעבן אַ קאָלאָסאַלע אויפמערקזאַמקייט דעמדאָזיקן פּראָצעס פון פאַרבייטן דעם מאַרקסיזם אַף סטרואַוויזם. די טרייבקרעפטן פונם דאָזיקן פּראָ-צעס זיינען פילצאָליקע און פאַרשיידנאַרטיקע. איך וועל אונטערשטרייכן נאָר דריי הויפּט-קרעפטן: 1) די אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט גיט אַלץ מער מאַטעריאַל, וואָס דערווייזט די גערעכטיקייט פון מאַרקסן. ס'קומט אויס צו קעמפן קעגן אים צוויעסדיק, ניט אַרויסטרעטנדיק אָפן קעגן די יעסוידעס פונם מאַרקסיזם, נאָר אנערקענענדיק קלוימערשט דעם מאַרקסיזם, דורך קאָלערליי סאָפיזמען אויסשווענקען פון אים דעם אינהאַלט זיינעם און פאַרוואַנדלען אים אין אַ הייליקער „איקאָנע", וואָס איז אומשעדלעך פאַר דער בורזשואַזיע. 2) די אַנטוויקלונג פונם אָפּאָרטוניזם צווישן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטייען

האַלט אונטער אַזאַ מין „איבערמאַכונג״ פונם מאַרקסיזם און פאַסט צו דעם מאַרקסיזם אַף אַזאַ אויפן, אַז ער זאָל באַרעכטיקן קאָלערליי האַנאָכעס דעם אָפאָרטוניזם. 3) דער פעריאָד פון אימפעריאַליזם—דאָס איז די צעטיילונג פון דער וועלט צווישן די „גרויסע״ פריווילעגירטע נאַציעס, וועלכע אונטערדריקן אַלע איבעריקע פעלקער. ברעקלעך פון דער רויב, וואָס באַקומט זיך אַדאַנק דידאָזיקע פריווילעגיעס און אַדאַנק דערדאָזיקער אונטערדריקונג, פאַלן, אָן אַ שום סאָפעק, אַריין צו געוויסע שיכטן פון דער קליינבורזשואַזיע און פון דער אַריסטאָקראַטיע און אויך צו דער ביוראָקראַטיע פונם אַרבעטערקלאַס. אַזעלכע שיכטן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ נישטיקע מינדערהייט פונם פראָלעטאַריאַט און פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, ציען זיך צום „סטרואוויזם״, ווייל ער גיט זיי די מעגלעכקייט צו באַרעכטיקן זייער בונד מיט דער „אייגענער״ נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע קעגן די געדריקטע מאַסן פון אַ ל ע נאַציעס. וועגן דעם וועט אונז נאָך אויסקומען צו ריידן שפעטער אין פאַרבינדונג מיט דער פראַגע וועגן די סיבעס פונם קראַך פונם אינטערנאַציאָנאַל.

IV.

די סאַמע פיינע, די סאַמע קונציק פאַרשטעלטע, קלוימערשט וויסנשאַפטלעכע און קלוימערשט אינטערנאַציאָנאַלע טעאָריע פון סאָציאַל-שאָוויניזם איז די טעאָריע פון „אולטראַאימפעריאַליזם״, וואָס קאַאוטסקי האָט אַרויסגעשטעלט. אָט איז די סאַמע קלאָרע, די סאַמע גענויע און די סאַמע נייע פאָרמולירונג פון דערדאָזיקער טעאָריע דורכן מעכאַבער גופע:

„די אָפשוואַכונג פון דער פראָטעקציאָניסטישער באַוועגונג אין ענגלאַנד, די פאַרקלענערונג פון די גרעניץ-אָפצאָלונגען אין אַמעריקע, די שטרעבונג צו אַנטוואָפענונג, די שנעלע פאַרקלענערונג (אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מילכאָמע) פונם קאַפיטאַל-עקספאָרט פון פראַנקרייך און פון דייטשלאַנד, און, לעסאָף, די אַלץ שטאַרקער ווערנדיקע צווישנפעלקערלעכע איבערפלעכטונג פון די פאַרשיידענע קנופיעס פון פינאַנץ-קאַפיטאַל,—דאָס אַלץ האָט מיך באַוואויגן אַריינצוטראַכטן זיך, צי קאָן די איצטיקע אימפעריאַליסטישע פאָליטיק ניט אַרויסגעשטויסן ווערן דורך אַ נייער, אולטראַאימפעריאַליסטישער פאָליטיק, וועלכע וועט, אָנשטאָט דעם קאַמף פון נאַציאָנאַלע פינאַנץ-קאַפיטאַלן צווישן זיך, אַוועקשטעלן די אַלגעמיינע עקספלואַטירונג פון דער וועלט דורך דעם אינטערנאַציאָנאַל-פאַראייניקטן פינאַנץ-קאַפיטאַל. אַזאַ מין נייע פאַזע פון קאַפיטאַליזם איז אַלקאָלפאָנים דענקבאַר. צי וועט זי פאַרווירקלעכט ווערן—אַף צו לייזן דידאָזיקע פראַגע האָבן מיר נאָך ניט קיין גענוגנדיקע פאָרהאַנאָכעס״ („נייע צייט״ 5 № 30 אַפרעל, 1915 יאָר, זייט 144).

„...דער גאַנג און דער רעזולטאַט פון דער איצטיקער מילכאָמע קאָן אין דעם פראַט האָבן אַן אַנטשיידנדיקע ווירקונג. זי קאָן אינגאַנצן דערשטיקן די שוואַכע שפראָצן פונם אולטראַאימפעריאַליזם, אויפהיצן ביז דעם העכסטן גראַד די נאַציאָנאַלע סינע אויך צווישן די פינאַנץ-קאַפיטאַליסטן, פאַרשטאַרקן די באַוואָפענונג און די שטרעבונג איבערצוואָגן אין דעם פראַט איינער דעם אַנ=

דערן, און מאַכן פאַר אומפאַרמיידלעך אַ צווייטע אַלוועלטלעכע מילכאָמע. דעמאָלט וועט די פאָרויסזעאונג, וואָס איך האָב פאָרמולירט אין מיין בראָשור: „דער וועג צו מאַכט״, פאַרווירקלעכט ווערן אין אַ קאָלאָסאַלן מאַסשטאַב. ס׳וועט פאַרגרעסערט ווערן די פאַרשאַרפונג פון די קלאַסן-סטירעס, און צוגלייך מיט דעם וועט אויך שטאַרקער ווערן די מאָראַלע אָפשטאַרבונג (בוכשטעבלעך Abwirtschaftung, דאָס אָפּבאַלעבאַטעווען זיך, די באַנקראָטירונג) פונם קאַפיטאַליזם״... (מע דאַרף געדענקען, אַז מיט דעם געקינצלטן וואָרט איז קאַאוטסקי אויסן פראָסט און פאָשעט די „סינע״ צום קאַפיטאַליזם מיצאַד די צווישנדיקע שיכטן, וואָס צווישן דעם פראָלעטאַריאַט און דעם פינאַנץ-קאַפיטאַל, נעמלעך: „מיצאַד דער אינטעליגענץ, קליינבירגער און אַפילע קליינע קאַפיטאַליסטן״)... „די מילכאָמע קאָן זיך אָבער ענדיקן אַנדערש. זי קאָן ברענגען דערצו, אַז די שוואַכע שפּראָצן פונם אולטראַאימפּעריאַליזם זאָלן פאַרשטאַרקט ווערן״. „אירע לעקציעס״ (ניט פאַרגעסט דאָס!) „קאָנען אַרויסרופן אַזאַ שנעלע אַנטוויקלונג, אַף וועלכער עס וואָלט אין אַ פרידנצייט אויסגעקומען לאַנג צו וואַרטן. אויב ס׳וועט דערגיין דערצו, צו אַ העסקעם צווישן נאַציעס, צו אַן אַנטוואָפענונג, צו אַ לאַנגדויעריקן שאָלעם, קאָנען דעמאָלט פאַרשוואונדן ווערן די ערגסטע פון די סיבעס, וועלכע האָבן פאַר דער מילכאָמע געפירט צו דער מאָראַלער אָפשטאַרבונג פונם קאַפיטאַליזם״. די נייע פאַזע וועט, פאַרשטייט זיך, ברענגען מיט זיך „נייע, מעגלעך אַפילע נאָך ערגערע צאָרעס״ פאַרן פראָלעטאַריאַט, נאָר „אַף אַ צייט״ וואָלט דער „אולטראַאימפּעריאַליזם״ „געקאָנט שאַפן אַן ערע פון נייע האָפענונגען און דערוואַרטונגען אין די גרעניצן פונם קאַפיטאַליזם״ (זייט 145).

אַף וואָס פאַר אַן אויפן ווערט פון דערדאָזיקער „טעאָריע״ אַרויסגעבראַכט די באַרעכטיקונג פונם סאָציאַל-שאָוויניזם?

פאַר אַ טעאָרעטיקער—אַף אַ גאַנץ וואונדערלעכן אויפן—נעמלעך אַף פאָלגנדיקן אויפן:

די לינקע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין דייטשלאַנד זאָגן, אַז דער אימפּעריאַליזם און די מילכאָמעס, וואָס ווערן דורך אים אַרויסגערופן, זיינען ניט קיין צופעליקייט, נאָר אַ נויטווענדיקער פראָדוקט פונם קאַפיטאַליזם, וועלכער האָט געבראַכט צו דער הערשאַפט פונם פינאַנץ-קאַפיטאַל. דעריבער איז נויטיק אַ איבערגאַנג צו רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די מאַסן, ווייל די עפּאָכע פון דער לפיערעך פרידלעכער אַנטוויקלונג איז שוין אויסגעלעבט. די „רעכטע״ סאָציאַל-דעמאָקראַטן דערקלערן אָפן: וויבאַלד דער אימפּעריאַליזם איז „נויטווענדיק״, דאַרפן מיר אויך זיין אימפּעריאַליסטן. קאַאוטסקי נעמט אַף זיך די ראָלע פון אַ „צענטר״ און מאַכט אַ פשאָרע:

די „עקסט לינקע״ (אַזוי שרייבט קאַאוטסקי אין זיין בראָשור: „נאַציאָנאַלע מלוכע, אימפּעריאַליסטישע מלוכע און פאַרבאַנד פון מלוכעס״, נירנבערג 1915) ווילן קעגן דעם אומפאַרמיידלעכן אימפּעריאַליזם „אַנטקעגנשטעלן דעם סאָציאַליזם, ד. ה. ניט בלויז די פראָפּאַגאַנדע פונם סאָציאַליזם, וועלכע מיר האָבן זיך אַ מעשעך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט אַנטקעגנגעשטעלט קעגן אַלע פאָרמען

פון קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט, נאָר די באַלדיקע פאַרווירקלעכונג פונם סאָציאַליזם. דאָס שיינט צו זיין זייער ראַדיקאַל, דאָס קאָן אָבער בלויז אָפּשטויסן אין לאַגער אַריין פונם אימפּעריאַליזם יעדערן, וואָס גלויבט ניט אין דער באַלדיקער פּראַקטישער פאַרווירקלעכונג פונם סאָציאַליזם" (זייט 17).

ריידנדיק וועגן דער באַלדיקער פאַרווירקלעכונג פונם סאָציאַליזם, „פאַרווירקלעכט" קאַאוטסקי אַ פעלשונג, באַנוצנדיק זיך דערמיט, וואָס אין דייטשלאַנד און באַזונדערס באַ דער מיליטער-צענזור טאָר מען ניט ריידן וועגן רעוואָלוציאָנערע מאַיסים. קאַאוטסקי ווייסט גאַנץ גוט, אַז די לינקע פאָדערן פון דער פּאַרטיי אַ באַלדיקע פּראָפּאַגאַנדע און צוגרייטונג צו רעוואָלוציאָנערע מאַיסים, און קלאָל ניט קיין „באַלדיקע פּראַקטישע פאַרווירקלעכונג פונם סאָציאַליזם".

פון דער נויטווענדיקייט פונם אימפּעריאַליזם ברענגען די לינקע אַרויס די נויטיקייט פון רעוואָלוציאָנערע מאַיסים. די „טעאָריע פון אולטראַאימפּעריאַליזם" דינט באַ קאַאוטסקין אַף צו באַרעכטיקן די אָפּאָרטוניסטן, אַף פאַרצושטעלן די זאַך אין אַזא באַלייכטונג, אַז זיי זיינען גאָרניט אַריבערגעגאַנגען אַף דער זייט פון דער בורזשואַזיע, נאָר זיי „גלויבן ניט" פּאַשעט אינם באַלדיקן סאָציאַליזם און וואַרטן, אַז עס וועט, „קאָן זיין", אָנקומען אַ נייע „ערע" פון אָנטוואָפּעונג און פון לאַנגדויעריקן שאָלעם. די „טעאָריע" באַשטייט אין דעם און נאָר אין דעם, וואָס דורך דער האָפעונג אַף אַ נייער פרידלעכער ערע פונם קאַפּיטאַליזם באַרעכטיקט קאַאוטסקי דאָס, וואָס די אָפּאָרטוניסטן און די אָפיציעלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען זיינען צוגעשטאַנען צו דער בורזשואַזיע, און דאָס, וואָס זיי האָבן זיך אין דער צייט פון דער איצטיקער שטורמישער ערע אָפּגעזאָגט פון דער רעוואָלוציאָנערער (ד. ה. פּראָלעטאַרישער) טאַקטיק, ניט געקוקט אַף די פייערלעכע דעקלאַרירונגען פון דער באַזעלער רעזאָלוציע!

באַמערקט, אַז קאַאוטסקי ניט נאָר ער זאָגט ניט דערביי: די נייע פּאַזע דרינגט אַרויס און דאַרף זיך באַקומען פון די און די אומשטאַנדן און באַדינגונגען, — נאָר, פאַרקערט, ער דערקלערט אָפן: אַפילע די פראַגע וועגן דער „מעגלעכקייט" פון אַזא נייער פּאַזע קען איך ניט לייזן. און אין דערעמעסן, גיט נאָר אַ קוק אַף יענע „טענדענצן" צו דער נייער ערע, אַף וועלכע קאַאוטסקי האָט אָנגעוויזן. ס'איז צו באַוואונדערן, וואָס די „שטרעבונגען צו אָנטוואָפּעונג פאַרעכנט דער אַווטאָר פאַר עקאָנאָמישע פאַקטן! דאָס הייסט: אונטערן שאָטן פון קליינבירגערלעכע טרוימען און פלאַפלערייען באַהאַלטן זיך פון די אומסאָפעקדיקע פאַקטן, וועלכע קלעפּן זיך ניט צו דער טעאָריע וועגן דער פאַרטעמפּונג פון די סטירעס. קאַאוטסקיס „אולטראַאימפּעריאַליזם"—דאָסדאָזיקע וואָרט דריקט, אַגעוו, גאָר ניט אויס דאָס, וואָס דער מעכאַבער וויל זאָגן—באַדייט אַ קאָלאָסאַלע פאַרטעמפּונג פון די סטירעס פונם קאַפּיטאַליזם. מע דערציילט אונז—„די אָפּשוואַכונג פונם פּראָטעקציאָניזם אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע". וואו האָט איר דאָ אַפילע די מינדסטע טענדענץ צו אַ

נייער ערע? דער פּראָטעקציאָניזם אין אַמעריקע, וואו ער איז דערפירט גע-
וואָרן ביז צו דער העכסטער שטופע, איז אָפּגעשוואכט געוואָרן, דער פּראָ-
טעקציאָניזם אָבער איז דאָך געבליבן, ווי ס׳זיינען געבליבן אין די ענגלישע
קאָלאָניעס די פּריווילעגיעס, די גינסטיקע טאַריפן לעטויוועס ענגלאַנד. לאָמיר
זיך דערמאָנען, אף וואָס באַזירט זיך דאָס, וואָס די פריערדיקע, „פרידלעכע“
עפּאָכע פונם קאַפּיטאליזם האָט אָפּגעטראָטן איר אָרט דער איצטיקער, דער
אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע: אַף דעם, וואָס די פרייע קאָנקורענץ האָט אָפּגע-
טראָטן איר אָרט פאַר די מאָנאָפּאָליסטישע קאַפּיטאַליסטן-פאַרבאַנדן, און אַף
דעם, וואָס די גאַנצע וועלט איז פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן. ס׳איז קלאָר, אז
אָט די ביידע פאַקטן (און פאַקטאָ־ן) האָבן ווירקלעך אַ וועלטלעכן באַדייט:
דער פרייער האַנדל און די פרידלעכע קאָנקורענץ זיינען געווען מעגלעך און
נויטיק קאָלזמאַן דער קאַפּיטאַל האָט אָן שום שטערונגען געקאָנט פאַגרעסערן
די קאָלאָניעס און פאַרכאַפּן אין אַפריקע און דאָס גלייכן ניט פאַרנומענע
ערד-פלעצער, דערביי איז די קאָנצענטראַציע פונם קאַפּיטאַל געווען נאָך
שוואַך, קיין מאָנאָפּאָליסטישע אונטערנעמונגען, ד. ה. אַזעלכע קאָלאָסאַלע אונ-
טערנעמונגען, וועלכע געוועלטיקן איבער דעם גאַנצן געגעבענעם אינדוסטריע-
צווייג, זיינען נאָך ניט געווען. די אויפקומונג און דער וואוקס פון אַזעלכע
מאָנאָפּאָליסטישע אונטערנעמונגען (דערדאָזיקער פּראָצעס האָט זיך, וואַרשיינלעך,
ניט אָפּגעשטעלט ניט אין ענגלאַנד און ניט אין אַמעריקע? איך מיין, אַז אַפילע
קאַאוטסקי וועט זיך ניט אונטערנעמען צו פאַרלייקענען, אַז די מילכאָמע האָט
פאַרגיכערט און פאַרשאַרפט דעמדאָזיקן פּראָצעס) מאַכן פאַר אומעגלעך
די פריערדיקע פרייע קאָנקורענץ, רייסן אַרויס דעם באָדן פון אונטער אירע
פיס, און די צעטיילונג פון דעם ערדקוגל צווינגט איבערצוגיין פון פרידלע-
כער פאַרברייטערונג צו אַ באַוואָפנטן קאַמף פאַר דער איבערטיילונג פון
די קאָלאָניעס און פון די ווירקונגס-ספערעס. ס׳איז פאָשעט אַ געלעכטער צו
מיינען, אַז די אָפּשוואַכונג פונם פּראָטעקציאָניזם אין צוויי לענדער קאָן
אין דעם פּראָט עפּעס וואָס ענדערן.

ווייטער, די פאַרקלענערונג פונם קאַפּיטאַל-עקספּאָרט אין צוויי לענדער
פאַר עטלעכע יאָר. דידאָזיקע צוויי לענדער, פראַנקרייך און דייטשלאַנד, האָבן
לויט דער סטאַטיסטיק פון האַרמסן, לעמאָשל, אין 1912-טן יאָר, געהאַט אין
אויסלאַנד קאַפּיטאַל יעדערע צו 35 מיליאַרד מאַרק (אַזעלכע 17 מיליאַרד רובל)
אַן ערעך, און ענגלאַנד אַליין האָט געהאַט צוויי מאָל אַזוי פיל *). דער וואוקס
פונם קאַפּיטאַל-עקספּאָרט איז באַם קאַפּיטאַליזם קיינמאָל ניט געווען און
האָט ניט געקאָנט זיין גלייכמעסיק. וועגן דעם, אַז די אָנזאַמלונג פון קאַ-
פּיטאַל זאָל ווערן אָפּגעשוואַכט, אָדער אַז די אויפנעמפעאיקייט פונם אינע-

*) זע Bernard Harms: „Probleme der Weltwirtschaft“, Iena 1912.— George Paish: „Great Britains Capital Investments in Colonie etc.“, Iournal of the Royal Statist. Soc.“ vol. 75, 1910/11 p. 167. ללאָיד דזשאָרדזש האט אין זיין רעדע אין אָנהויב 1915 יאָר גערעכנט, אז די ענגלישע קאפּיטאלן אין אויסלאנד באטרעפן 4 מיליארד פונט סטערלינג, אדער 80 מיליארד מארק.

ווייניקסטן מאַרק זאָל זיך האָבן ערנסט געענדערט, לעמאָשל, אַדאַנק דעם, וואָס די לאַגע פון די מאַסן האָט זיך באַדייטנדיק פאַרבעסערט — וועגן דעם קאָן קאַאוטסקי קיין וואָרט ניט זאָגן. באַ אַזעלכע באַדינגונגען קאָן מען פון דעם, וואָס אין צוויי לענדער האָט זיך אין משך פון עטלעכע יאָר פאַרקלענערט דער קאַפּיטאַל-עקספּאָרט, בשום אופן ניט אַרויסדרינגען, אַז עס קומט אָן אַ נייע ערע.

„די אַלץ שטאַרקער ווערנדיקע צווישנפעלקערלעכע איבערפלעכטונג צווישן די קנופּיעס פון פינאַנץ-קאַפּיטאַל“. דאָס איז די איינציקע ווירקלעך אַל-געמיינע און אומסאַפּעקדיקע טענדענץ ניט פון עטלעכע יאָר, ניט פון צוויי לענדער, נאָר פון דער גאַנצער וועלט, פונם גאַנצן קאַפּיטאַליזם. פאַרוואָס זשע אָבער דאַרף פון דערדאָזיקער טענדענץ אַרויסדרינגען א שטרעבונג צו אַנטוואָ-פענונג, און ניט צו באַוואָפענונג, ווי ביז אהער? לאָמיר נעמען וואָסערע ס'ניט איז פון די אַלוועלטלעכע „האַרמאַטן“-פירמעס (און ביכלאַל פון די פירמעס, וואָס פּראָדוצירן מילכאָמע-געווער), אַרמסטראָנג, לעמאָשל. דאָ ניט לאַנג האָט דאָס ענגלישע בלאַט „עקאָנאָמיסט“ (פונם 1-טן מאַי 1915 יאָר) מיטגע-טיילט, אַז די רעוואָכים פון דערדאָזיקער פירמע זיינען פון 606 טויזנט פונט סטערלינג (אַזעלכע 6 מיליאָן רובל) אין די יאָרן 1905-6 אויסגעוואַקסן ביז 856 טויזנט אין 1913 יאָר און ביז 940 טויזנט (אַזעלכע ניין מיליאָן רובל) אין 1914 יאָר. די איבערגעפלאָכטנקייט פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל איז דאָ זייער גרויס און ווערט אַלץ גרעסער; דייטשישע קאַפּיטאַליסטן „נעמען אנטייל“ אין די גע-שעפטן פון דער ענגלישער פירמע; ענגלישע פירמעס בויען אונטערוואַסערשיפ-לעך פאַר עסטרייך און אַז. וו. דער צווישנפעלקערלעך-איבערגעפלאָכטענער קאַפּיטאַל מאַכט טייערע געשעפטן פון די באַוואָפענונגען און פון די מילכאָמעס. נאָר פון דעם, וואָס פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלן פאַראייניקן זיך און פלעכטן זיך איבער אין איין אינטערנאַציאָנאַלע גאַנצע, אויסדרינגען אַן עקאָ-נאָמישע טענדענץ צו אַנטוואָפענונג — הייסט פאַשעט די ווירקלעכע פאַרשאַר-פונג פון קלאַסן=סטירעס פאַרבייטן אף גוטינקע קליינבירגערלעכע וואונשן וועגן דער פאַרטעמפּונג פון די סטירעס.

V

וועגן „די לעקציעס“ פון דער מילכאָמע רעדט קאַאוטסקי אין א פולקום פּיליסטערישן *) גייסט, און שטעלט פאַר דעמדאָזיקן „מוסער-האַסקל“ אין זי-נען פון עפּעס א מין מאראלער שרעק פאַר די צאָרעס פון דער מילכאָמע. אט איז, לעמאָשל, זיין בקירע אין דער בראָשור „נאַציאָנאַלע מלוכע“ און אַנדערע:

„ס'קען קיין שום ספק ניט זיין, און ס'פאָדערט ניט קיין שום באַווייז דער פאַקט, אז עס עקזיסטירן אזעלכע שיכטן, וועלכע זיינען אפן שטאַרקסטן אויפן פאַרינטערעסירט אין אַלוועלטלעכן שאָלעם און אין אנטוואָפענונג. קליינ-בירגער און קליינע פויערים, אַפילע אסאַך פון די אינטעליגענטן זיינען ניט צוגעבונדן צו די אימפּעריאַליסטן מיט אַזעלכע אינטערעסן, וועלכע זאָלן אי-

*) קליינבירגערלעכן

בערוועגן דעם שאָדן, וואָס דידאָזיקע שיכטן ליידן פון דער מילכאָמע און פון די באַוואָפּענונגען" (זייט 21).

דאָס איז אנגעשריבן אין פעוורואַל 1915 יאָר. די פאַקטן אָבער זאָגן, אַז אַלע פאַרמעגלעכע קלאַסן, אינאיינעם מיט די קליינבירגער און מיט דער „אינטעליגענץ", זייגען איגגאַנצן צוגעשטאַנען צו די אימפּעריאַליסטן, און קאַאוטסקי, פונקט ווי א מענטש אין א שיידל, מאַכט מיט אן אומגעוויינלעך זעלבסטצופרידענער מינע אוועק מיט דער האַנט דידאָזיקע פאַקטן דורך לאַקריץ-זיסע ווערטער. ער אורטיילט וועגן די אינטערעסן פון דער קליינבורזשואַזיע ניט לויט איר אויפירונג, נאָר לויט ווערטער פון אייניקע קליינבירגער, האַגאָם דידאָזיקע ווערטער ווערן אף יעדן טריט אפּגעלייקנט דורך זייערע מאַיסים. ס'איז פונקט דאָס אייגענע, ווי ווען מיר וואָלטן ארויסזאָגן אונזער מיינונג וועגן די „אינטערעסן" פון דער בורזשואַזיע ניט לויט די מאַיסים אירע, נאָר לויט די ליבפולע רייד פון די בורזשואַזע גאַלאָכים, וועלכע שווערן זיך און פאַרזיכערן אונז, אז די איצטיקע ארדענונג איז דורכגעדרונגען מיט די אידעאַלן פון קריסטנטום. קאַאוטסקי ווענדעט אן דעם מאַרקסיזם אף אזאַ אויפן, אז יעטווידער אינהאַלט ווערט פון אים אויסגעלופּטערט, און פונם מאַרקסיזם בלייבט איבער נאָר דאָס וואָרט „אינטערעס" אין עפּעס א מין איבערנאַטירלעכן, ספּיריטואַליסטישן באַדייט, ווייל דאָ האָט מען אין זינען ניט די רעאַלע עקאָנאָמיק, נאָר די אומשולדיקע וואונשן מיקויעך אלגעמיינעם גליק.

די מאַרקסיסטן אורטיילן וועגן „אינטערעסן" אפן גרונט פון די קלאַסן-סטירעס און פון דעם קלאַסנקאַמף, וואָס אנטפּלעקן זיך אין מיליאָנען פאַקטן פונם אלטעגלעכן לעבן. די קליינבורזשואַזיע טרוימט און פּלאַפּלט וועגן פאַרטעמפּונג פון סטירעס און שטעלט ארויס אלס „ראיע" דאָס, וואָס די פאַרשאַרפונג פון די סטירעס רופט ארויס „שעדלעכע רעזולטאַטן". אימפּעריאַליזם—דאָס איז די אונטערוואַרפונג פון אַלע שיכטן פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן אונטער דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל און די צעטיילונג פון דער גאַנצער וועלט צווישן 5-6 „גרויסע" מלוכעס, וואָס די מערהייט פון זיי נעמען איצט אַן אָנטייל אין דער מילכאָמע. די וועלט-צעטיילונג צווישן די גרויסע מלוכעס באַדייט, אז אלע פאַרמעגלעכע שיכטן פון דידאָזיקע מלוכעס זיינען פאַרינטערעסירט צו האָבן קאָלאָניעס און ווירקונג-ספערעס, זיינען פאַרינטערעסירט אין דער אונטערדריקונג פון פרעמדע נאַציעס און אין מער אָדער ווייניקער האַכנאָסעדיקע ערטער און פּריווילעגיעס, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דעם, וואָס מע געהערט צו א „גרויסער" מלוכע און צו אן אונטערדריקנדיקער נאַציע *).

*) ע. שולצע גיט איבער, אז צום 1915 יאָר האָט מען גערעכנט, אַז די גאַנצע סומע ווערטפּאַפּירן אף דער גאַנצער וועלט (בעסויכעם אויך די מלוכע-האַלוואָעס און קאָמונאַלע האַלוואָעס, היפּאָטעקן, אַקציעס פון האַנדל-אינדוסטריעלע געזעלשאַפטן און אַז. וו.) באַטרעפט 732 מיליאַרד פראַנק. פון דערדאָזיקער סומע קומט אויס אף ענגלאַנד 130 מיליאַרד, אף די פאַראייניקטע שטאַטן פון אמעריקע — 115, אף פראַנקרייך — 100, אַף דייטשלאַנד — 75, בעכיין, באַקומט זיך פאַר אַלע פיר גרויסע מלוכעס 420 מיליאַרד פראַנק, ד. ה. העכער אַ העלפט פון דער גאַנצער סומע. דערפון איז צו זען, ווי גרויס ס'זיינען די נוצן און פּריווילעגיעס, וואָס עס באַקומען די פאָרשריטלעכע, גרויסמעכטיקע נאַציעס, וועלכע האָבן איבערגעיאָגט די אנדערע פעלקער, וועמען זיי אונטערדריקן און רויבעוען (ד-ר עמיל שולצע „דאָס פראַנצויזישע קאַפּיטאַל אין רוסלאַנד", פינאַנץ-אַרכיוו, בערלין,

לעבן ווי ביז אהער אין א לעפּיערעך רואיקער קולטורעלער, פרידלע-
כער סוויווע פון א קאַפּיטאַליזם, וואָס עוואָלוציאָנירט רואיק און פאַרשפּרייט
זיך ביסלעכווייז אף נייע לענדער — דאָס קאָן מען איצט ניט, ווייל ס'איז
אָנגעקומען א נייע עפּאָכע. דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל שטויסט ארויס און וועט
ארויסשטויסן דאָס געגעבענע לאַנד פון דער רייע גרויסע מלוכעס, וועט אוועק-
נ'נעמען באַ דעם די קאָלאָניעס און די ווירקונג-ספערעס זיינע (ווי דאָס דראָט
צו טאָן דייטשלאַנד, וואָס איז ארויס מיט א מילכאָמע אף ענגלאַנד), וועט צו-
נעמען באַ דער קליינבורזשואַזיע אירע „גרויסמעכטיקע" פּריווילעגיעס און זיי-
טיקע האַכנאָסעס. צו דערצו האָט אין דער ווירקלעכקייט געבראַכט יענע סטי-
רעס-פאַרשאַרפונג, וועלכע איז שוין לאַנג אנערקענט געוואָרן פון אַלעמען, בע-
סייכעם אויך פון דעמזעלביקן קאַאוטסקין אין זיין בראָשור „דער וועג צו מאַכט".

און אַט, ווען דער באַוואָפנטער קאַמף פאַר גרויסמעכטיקע פּריווילעגיעס
איז געוואָרן א פאַקט, הויבט קאַאוטסקי אן איינרייד ן די קאַפּיטאַליסטן און די
קליינבורזשואַזיע, אז מילכאָמע איז אַ שרעקלעכע זאַך און אז די אַנטוואָפּע-
נונג איז זייער א גוטע זאַך. ער טוט עס פּונקט אף אזא אויפן און פּונקט מיט
אזוינע רעזולטאַטן, ווי א קריסטלעכער גאַלעך רעדט איין פון דער בימע די
קאַפּיטאַליסטן, אז מענטשנליבע איז א מיצווע פון גאָט, א שטרעבונג פון אונ-
זער נעשאָמע און א מאָראַלישער געזעץ פון דער ציוויליזאַציע. דאָס, וואָס קאַ-
אוטסקי רופט אָן עקאָנאָמישע טענדענצן צום „אולטראַאימפּעריאַליזם", איז אין
דערעמעסן ניט מער ווי א קליינבירגערלעכע באַקאָשע צו די קאַפּיטאַליסטן, זיי
זאָלן ניט טאָן קיין שלעכטס.

קאַפּיטאַל-עקספּאָרט! דער קאַפּיטאַל אבער ווערט עקספּאָרטירט מער אין די
זעלבשטענדיקע לענדער, אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, לעמאָשל.
איידער אין די קאָלאָניעס אריין. קאָלאָניעס פאַרכאַפּן? אלע קאָלאָניעס אָבער
זיינען שוין פאַרכאַפּט, און קימאַט אַלע שטרעבן זיי צו באַפרייען זיך: „אינ-
דיע קאָן אויפהערן צו זיין א באַזיצונג פון ענגלאַנד, נאָר ווי א גאַנצע אימ-
פּעריע וועט זי קיינמאָל ניט געקראָגן ווערן דורך קיין אנדער פרעמדער הער-
שאַפט" (זייט 49, ציטירטע בראָשור). „יעטווידע שטרעבונג פון וואָסער ס'ניט
איז אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליסטישער מלוכע צו באַקומען פאַר זיך אזא קאָ-
לאָניאַלע אימפּעריע, וועלכע איז גענוג אף דעם, אז מע זאָל זיין אומאָפּהענ-
גיק פון אויסלאַנד אין פראַט פון רויוואַרג, — יעטווידע שטרעבונג אזעלכע
וואָלט קעגן אזא מעלוכע געמוזט פאַראייניקן אלע איבעריקע קאַפּיטאַליסטישע
מלוכעס, וואָלט פאַרפּלאָנטערט דידאָזיקע מלוכע אין אומענדלעכע רואינירנדי-
קע מילכאָמעס, און וואָלט אף א האָר ניט דערנעענטערט זי צו איר ציל. אזא
פּאָליטיק וואָלט זיכער געבראַכט צו דעם, אז דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע לעבן
פון דערדאָזיקער מלוכע זאָל באַנקראָטירן (זייט 72-73).

1915, יאָרגאַנג 32, ז' 127). די „פּאַטערלאַנד-פאַרטיידיקונג" פון די גרויסמעכטיקע נאַציעס — דאָס
איז די פאַרט־ידיקונג פון דעם רעכט אף צו רויבן פרעמדע נאַציעס. אין רוסלאַנד איז, ווי ס'איז
באַוואוסט, דער קאַפּיטאַליסטישער אימפּעריאַליזם שוואַכער, דערפאַר אבער איז דער מיליטער-פעאָ-
דאַלער אימפּעריאַליזם שטאַרקער.

צי איז דאָס ניט מין פיליסטעריש איינריידן די פינאַנסיסטן, אַז זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פונם אימפּעריאַליזם? שרעקן די קאַפּיטאַליסטן מיט באַנקראָט איז דאָסזעלביקע, ווי אייצענען די בירזשעוויקעס, אַז זיי זאָלן ניט שפּילן אַף דער בירזשע, ווייל „אַסאַך מענטשן פאַרלירן אַף אַזאַ אויפן אינגאַנצן זייער פאַרמעגן". פון דעם, וואָס דער קאָנקורירנדיקער קאַפּיטאַליסט און די קאָנקורירנדיקע נאַציע באַנקראָטירט, דערפון געווינט דער קאַפּיטאַל, ווייל ער קאָנצענטרירט זיך נאָך שטאַרקער. דעריבער, איז וואָס פאַרשאַרפטער און „ענגער" ס'ווערט די עקאָנאָמישע קאָנקורענץ, ד. ה. די עקאָנאָמישע שטויסונג צום באַנקראָט, אַלץ שטאַרקער איז די שטרעבונג פון די קאַפּיטאַליסטן צו שטויסן דעם קאָנקורענט צום באַנקראָט אויך דורך מיליטערישע מיטלען. וואָס ווייניקער ס'איז געבליבן לענדער, וואוהין דער קאַפּיטאַל קאָן עקספּאָרטירט ווערן מיט אַזאַ רעווען, ווי אין די קאָלאָניעס, אָדער אין די אָפּהענגיקע מלוכעס, ווי, לעמאָשל, טערקיי (ווייל אין אָט די פאַלן באַקומט דער פינאַנסיסט אַ דרייפאַכיקן רעווען אין פאַרגלייך מיט דעם, ווען דער קאַפּיטאַל ווערט עקספּאָרטירט אין אַ פריי, זעלבשטענדיק, ציוויליזירט לאַנד, ווי די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע), אַלץ אַכזאָריעסדיקער ווערט דער קאַמף פאַר אונטערוואַרפן אונטער זיך און צעטיילן טערקיי, כינע און אַנדערע. אַזוי לערנט אונז די עקאָנאָמישע טעאָריע וועגן דער עפּאָכע פון פינאַנץ-קאַפּיטאַל און אימפּעריאַליזם. אַזוי ריידן די פאַקטן. און קאַאוטסקי פאַרוואַנדלט אַלץ אין אַ באַנאַלער קליינבירגערלעכער „מאָראַל": ס'איז גאָר ניט קעדאַי זיך אַזוי שטאַרק צו היצן, און ביפראט נאָך צו פירן מילכאָמעס, קעדיי צו צעטיילן טערקיי אָדער צו פאַרכאַפּן אינדיע, ווייל ס'איז דאָך „סאַי ווי סאַי ניט אַף לאַנג", און ס'וואָלט כלעבן אסאַך בעסער געווען צו אַנטוויקלען דעם קאַפּיטאַליזם אַף אַ פרידלעכן אויפן... ס'פאַרשטייט זיך, אַז נאָך בעסער וואָלט געווען צו אַנטוויקלען דעם קאַפּיטאַליזם און צו פאַרברייטערן דעם מאַרק דורך פאַרגרעסערן דעם אַרבעטלוין; דאָס איז פולשטענדיק „דענקבאַר", און ווענדן זיך אין אַזאַ זינען צום געוויסן פון די פינאַנסיסטן — דאָס איז די פּאַסיקסטע טעמע פאַר אַ דראָשע פון אַ גאַלעך... דער גוטער קאַאוטסקי האָט קימאַט איבערצייגט און איבערגערעדט די דייטשישע פינאַנסיסטן, אַז ס'איז ניט קעדאַי מילכאָמע האַלטן קעגן ענגלאַנד צוליב די קאָלאָניעס, ווייל דידאָזיקע קאָלאָניעס וועלן סאַי ווי סאַי זייער גיך זיך באַפרייען!..

ענגלאַנדס עקספּאָרט און אימפּאָרט אין עגיפּטן איז פון 1872 ביז 1912-טן יאָר געוואַקסן שוואַכער, איידער דער אַלגעמיינער עקספּאָרט און אימפּאָרט פון ענגלאַנד. די מאָראַל פונם „מאַרקסיסט" קאַאוטסקין איז: „מיר האָבן קיין שום גרונט ניט צו מיינען, אַז אָן דער מיליטערישער אָקופּאַציע פון עגיפּטן, בלויז אונטער דער ווירקונג פונם פּאָשעטן געוויכט פון די עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, וואָלט דער האַנדל מיטן דאָזיקן לאַנד געוואַקסן שוואַכער" (72). „די שטרעבונג פונם קאַפּיטאַליזם צו פאַרברייטערן זיך" „קאָנען בעסער פאַר אַלץ דערגרייכט ווערן ניט דורך געוואַלט-מעטאָדן פונם אימפּעריאַליזם, נאָר דורך דער פרידלעכער דעמאָקראַטיע" (70).

וואָס פאַר אַן אויסגעצייכנט ערנסטער, וויסנשאַפטלעכער, „מאַרקסיסטישער" אַנאַליז! קאַאוטסקי האָט אויסגעצייכנט „פאַריכט" דידאָזיקע נאַרישע געשיכטע, האָט „דע־רוויזן", אַז די ענגלענדער האָבן קלאָל ניט באַדאַרפט צונעמען עגיפּטן באַ די פראַנצויזן, און פאַר די דייטשישע פינאַנסיסטן האָט בעשום אויפן ניט געלוינט צו פאַרפירן אַ מילכאָמע און איינינעם מיט אַנדערע מאָסמיטלען אָרגאַניזירן דעם טערקישן פעלדמאַרש, קעדיי אַרויסצויאָגן די ענגלענדער פון עגיפּטן! דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַ מיספאַרשטייעניש, — די ענגלענדער האָבן זיך נאָך ניט געכאַפּט, אַז „בעסער פאַר אַלץ" איז אָפּצוזאָגן זיך פון געוואַלט־מיטלען קעגן עגיפּטן און איבערגיין (קעדיי צו פאַרברייטערן דעם קאַפּיטאַל־עקספּאָרט, לויט קאַאוטסקין!) צו „פרידלעכער דעמאָקראַטיע".

„ס'פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ אילוזיע פון די בורזשואַזע פריטרעדערס *), ווען זיי האָבן געמיינט, אַז דער פרייער האַנדל באַזייטיקט פולשטענדיק די עקאָנאָמישע סטירעס, וואָס דער קאַפּיטאַליזם רופט אַרויס. ניט דער פרייער האַנדל און ניט די דעמאָקראַטיע קענען ניט באַזייטיקן דידאָזיקע סטירעס. מיר זיינען אָבער אין אַלע הינזיכטן פאַרינטערעסירט אין דעם, אַז דידאָזיקע סטירעס זאָלן אויסגעלעבט ווערן דורך קאַמף אין אַזעלכע פאָרמען, וועלכע לייגן אַרויף אַף די אַרבעטנדיקע מאַסן וואָס וויניקער ליידן און קאָרבאָנעס" (73).

גאָטעניו, העלף! ריבוינע שעלוילאָם, דערבאַרים זיך! וואָס איז אַזוינס אַ פיליסטער? — פרעגט לאַסאַל — און ענטפערט מיט דער באַקאַנטער סענטענץ פונם פּאָעט: „אַ פיליסטער — דאָס איז אַ פוסטע קישקע, וועלכע איז פול מיט שרעק און האָפענונג, אַז דער אויבערשטער וועט זיך דערבאַרימען".

קאַאוטסקי האָט דערפירט דעם מאַרקסיזם צו אַן אומגעהערטער פּראָסטיטואירונג און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן עמעסן גאַלעך. דער גאַלעך רעדט איין די קאַפּיטאַליסטן, זיי זאָלן איבערגיין צו פרידלעכער דעמאָקראַטיע — און רופט דאָס אָן דיאַלעקטיק: אויב אין אָנהויב איז געווען פרייער האַנדל און דערנאָך מאָנאָפּאָליעס און אימפּעריאַליזם, טאָ פאַרוואָס זאָל ניט זיין קיין „אולטראַאימפּעריאַליזם" און ווידער אַמאָל פרייער האַנדל? דער גאַלעך טרייסט די געדריקטע מאסן דערמיט, וואס ער מאָלט פאר זיי די גליקן פונם דאָזיקן „אולטראאימפעריאליזם", האַגאַם דערדאָזיקער גאַלעך נעמט זיך אַפילע ניט אונטער צו זאָגן, צי אַזאַ „אולטראַאימפּעריאַליזם" קאָן „פאַרווירקלעכט ווערן"! גאַנץ ריכטיק האָט פייערבאַך אָנגעוויזן די, וואס האָבן פאַרטיידיקט די רעליגיע מיט דער ראַיע, אַז זי שאַפט אַ טרייסט פארן מענטשן, — אַף דעם רעאַקציאָנערן באדייט פונם טרייסט: ווער ס'טרייסט דעם קנעכט אנשטאָט אויפהויבן אים אַף אַן אויפשטאַנד קעגן קנעכטשאפט, דער העלפט די קנעכטבאזיצער.

אַף איינצוהאלטן זייער הערשאַפט נויטיקן זיך אַלע און קאָלערליי אונטערדריקנדיקע קלאַסן אין צוויי סאָציאַלע פונקציעס: אין דער פונקציע פון אַ

*) פריטרעדער — אנהענגער פון פרייען האנדל, דאס הייסט קעגנער פון ארויפלייגן הויכע גרעניץ־אָפּצאָלן אַף אויסלענדישע סכוירעס. רעד.

טאַליען און אין דער פונקציע פון אַ גאַלעך. דער טאַליען דאַרף דערשטיקן דעם פּראָטעסט און די אויפרעגונג פון די געדריקטע, דער גאַלעך דאַרף מאָלן פאַר זיי פּערספּעקטיוון (דאָס איז באַזונדערס באַקוועם צו טאָן אָן שום גאַראַנטיעס, אַז דידאָזיקע פּערספּעקטיוון וועלן „פאַרווירקלעכט ווערן”...), אַז די צאָרעס און די קאָרבאָנעס וועלן אָפּגעשוואַכט ווערן באַ דער קלאַסנהערשאַפט, און דערמיט גופא ווירקן אַף די אונטערדריקטע מאַסן, אַז זיי זאָלן שאָלעם מאַכן מיט דערדאָזיקער הערשאַפט, דערמיט גופא אָפּגעוויינען זיי פון רעוואָלוציאָנערע מאַיסים, אונטערייסן זייער רעוואָלוציאָנערע שטימונג, צעשטערן זייער רעוואָלוציאָנערן אימפּעט. קאַאוטסקי האָט פאַרוואַנדלט דעם מאַרקסיזם אין די עקלדיקסטע און טעמפּקעפּיקסטע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טעאָריע, אין די שמוציקסטע גאַלאָכעריי.

אין 1909 יאָר, אין דער בראָשור זיינער „דער וועג צו מאַכט” אָנערקענט קאַאוטסקי (און דאָס איז נאָך פון קיינעם ניט אָפּגעלייקנט און ניט אָפּגעפרעגט געוואָרן), אַז די ווידערשפּרוכן פון קאַפּיטאַליזם ווערן פאַרשאַרפט, אַז ס'דערנעענטערט זיך אַן עפּאָכע פון מילכאָמעס און רעוואָלוציעס, אַ נייער „רעוואָלוציאָנערער פּעריאָד”. ס'קאָן ניט זיין — זאָגט ער — קיין „פּריצייטיקע” רעוואָלוציע, און ער דערקלערט, אַז ס'וואָלט געהייסן אַ „דירעקטער פאַראַט בענויגייע צו אונזער זאַך”, ווען מע זאָל זיך ניט רעכענען מיט דער מעגלעכקייט פון אַ ניצאָכן אין פאַל פון אַן אויפשטאַנד, האַגאַם איידער דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן קאָן מען ניט אָפּלייקענען אויך די מעגלעכקייט פון אַ מאַפּאָלע.

ס'איז געקומען די מילכאָמע. די ווידערשפּרוכן האָבן זיך נאָך מער פאַרשאַרפט. די צאָרעס פון די מאַסן האָבן דערגרייכט צו אַ גיגאַנטישן מאַסשטאַב. די מילכאָמע פאַרציט זיך, און איר פעלד פאַרברייטערט זיך אַלץ. קאַאוטסקי שרייבט איין בראָשור נאָך דער צווייטער, פאָלגט קנעכטיש די באַפעלן פונם צענזאָר, ער ברענגט ניט קיין פאַקטן ניט וועגן דעם, ווי מע באַגאַזלט לענדער, און ניט וועגן די שרעקן פון דער מילכאָמע, ניט וועגן די סקאַנדאַליעזע רעוואָכים פון די קריג-ליוועראנטן, ניט וועגן יאַקרעס, ניט וועגן דער „מיליטערישער פאַרשקלאַפטקייט” פון די מאָביליזירטע אַרבעטער, דערפאַר אָבער טרייסט ער און טרייסט דעם פּראָלעטאַריאַט, — ער טרייסט מיט ביישפּילן פון יענע מילכאָמעס, ווען די בורזשואַזיע איז געווען רעוואָלוציאָנער אָדער פּראָגרעסיוו, ווען „מאַרקס אליין” האָט געוואונשן אַ ניצאָכן דער אָדער יענער בורזשואַזיע; ער טרייסט מיט גאַנצע רייען און זיילן פון ציפערן, וועלכע דערווייזן די „מעגלעכקייט” פון אַ קאפּיטאַליזם אָן קאָלאָניעס און אָן גזיילע, אָן מילכאָמעס און אָן באַוואפענונגען, וועלכע דערווייזן די מאַיכעס פון „פרידלעכער דעמאָקראַטיע”. ניט האָבנדיק קיין מוט אָפּצולייקענען, אַז די ליידן פון די מאַסן האָבן זיך פאַרשארפט, און אז פאַקטיש, פאַר אונזערע אויגן, איז געשאַפן געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע (ריידן וועגן דעם טאָר מען ניט! די צענזור דערלויבט ניט...), כאַנפעט קאַאוטסקי די בורזשואַזיע און די אָפּאָרטוניסטן און מאָלט אַ „פּערספּעקטיוו” (אַז זי „קאָן פאַרווירקלעכט ווערן” איז ער ניט אָרעוו)

פון אַזעלכע קאַמף-פאָרמען אין אַ נייער פאַזע, ווען ס'וועט זיין „וויניקער קאָרבאָנעס אוןליידן"... פולשטענדיק גערעכט זיינען פר. מערינג און ראָזע לוקסעמבורג, ווען זיי רופן דערפאַר קאַאוטסקין פראָסטיטוטקע („אַ מיידל פאַר אַלעמען").

* * *

אין אַווגוסט 1905 יאָר האָבן מיר אין רוסלאַנד געהאַט אַ רעוואָלוציאַנערע סיטואַציע. דער קייסער האָט צוגעזאָגט די בוליגינישע דומע, קעדיי צו „טרייסטן" די אויפגערודערטע מאַסן. דעם בוליגינישן געזעצבאַראַטנדיקן רעזשים וואָלט מען געקאָנט אָנרופן „אולטראַ=זעלבסטהערשונג", אויב מע קאָן אָס אָפּזאָגן זיך פון באַוואָפענונגען מיצאַד די פינאַנסיסטן און דעם אָפּמאַך צווישן זיי וועגן אַ „דויעריקן שאָלעם" אָנרופן „אולטראַ=אימפּעריאַליזם". לאָמיר אַף איין מינוט נאָכגעבן, אַז מאָרגן וועט אַ מייע פון די גרעסטע פינאַנסיסטן פון דער וועלט, וועלכע זיינען „איבערגעפלאָכטן" אין הונדערטער קאָלאָסאַלע אונטערנעמונגען, צוזאָגן די פעלקער, אַז נאָך דער מילכאָמע וועלן זיי (די פינאַנסיסטן) קעמפן פאַר אַן אָנטוואָפענונג (מיר דערלאָזן אַף אַ מינוט אַזאַ זאַך, קעדיי נאָכצופאָלגן נאָך די פּאָליטישע אויספירן פון קאַאוטסקיס נאַרישעוואַטער טעאָריע). אַפילע אין אַזאַ פאַל וואָלט געהייסן מאַמעש פאַראַטן דעם פראָלעטאַריאַט, ווען מע זאָל אים אָפּהאַלטן פון רעוואָלוציאָנערע מאַיסים, אָן וועלכע אַלע האַפטאָכעס און אַלע גוטע פערספּעקטיוון זיינען ניט מער ווי אַ מיראַזש.

די מילכאָמע האָט דעם קאַפּיטאַליסטן=קלאַס געבראַכט ניט בלויז קאָלאָסאַלע רעוואָכים און פּראַכטפולע פערספּעקטיוון פון נייע גזיילעס (טערקיי, כינע און אַנדערע), פון נייע באַשטעלונגען אַף מיליאַרדן, פון נייע האַלוואָעס אַף פאַרגרעסערטע פּראָצענטן. דאָס איז נאָך ניט אַלץ. די מילכאָמע האָט דעם קאַפּיטאַליסטן-קלאַס געבראַכט נאָך אַ גרעסערן פּאָליטישן נוצן דערמיט, וואָס זי האָט צעשפּאַלטן און דעמאָראַליזירט דעם פּראָלעטאַריאַט. קאַאוטסקי העלפט מיט דערדאָזיקער דעמאָראַליזירונג פונם פּראָלעטאַריאַט. ער פאַרהייליקט די דאָזיקע אינטערנאַציאָנאַלע שפּאַלטונג פון די קעמפנדיקע פּראָלעטאַריער אין נאָמען פון איינהייט מיט די אָפּאָרטוניסטן פון דער „אייגענער" נאַציע, מיט די זיוּדעקומעס! און ס'געפינען זיך מענטשן, וואָס פאַרשטייען ניט, אַז דער איינהייט=לאָזונג פון די אַלטע פּאַרטייען באַדייט „איינהייט" פונם נאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט מיט זיין נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע און אַ צעשפּאַלטונג צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט פון פאַרשיידענע נאַציעס...

## VI

די פריערדיקע שורעס זיינען שוין געווען אָנגעשריבן, ווען ס'איז אַרויס דער № „נייע צייט" פונם 28 מאַי (№ 9) מיט קאַאוטסקיס שלוס=כקירע וועגן דעם „קראַך פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע" (§ 7 פון זיין ענטפער קונאָ'ון). אַלע אַלטע סאָפיזמען און איין נייעם סאָפיזם לעטויוועס דער פאַרטיידיקונג פונם סאָציאַל-שאָוויניזם האט קאַאוטסקי אַליין צונויפגענומען און פאַרסאַכאַקלט אַף אַזאַ אויפן:

„ס'איז פּאַשעט ניט עמעס, אַז די מילכאָמע איז קלוימערשט אַ ריין-אימפּעריאַליסטישע, אַז בעאייס די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, איז די אַלטערנאַטיוו (בריירע) קלוימערשט געווען אַזאַ: אימפּעריאַליזם אָדער סאָציאַליזם. ס'איז ניט עמעס, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די פּראָלעטאַרישע מאַסן פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך און אין פיל הינזיכטן אויך פון ענגלאַנד האָבן קלוימערשט אָן שום איבערלייגונגען, בלויז לויטן רוף פון אַ הייפל פּאַרלאַמענטאַריער, זיך אַ וואָרף געטאָן אין די אָרעמס פונם אימפּעריאַליזם, האָבן פאַראַטן דעם סאָציאַליזם און אַף אַזאַ אויפן אַרויסגערופן אַ קראַך, וואָס די גאַנצע געשיכטע ווייסט ניט קיין גלייכן צו אים".

אַ נייער סאָפיזם און אַ נייער מין אָפּנאַרן די אַרבעטער: די מילכאָמע, פאַרשטייט איר מיך, איז ניט קיין „ריין"-אימפּעריאַליסטישע!

אין דער פראַגע וועגן דעם כאַראַקטער און דעם באַדייט פון דער איצטיקער מילכאָמע וואַקלט זיך קאַאוטסקי אַף אַ וואונדערלעכן אויפן, און דערביי מיידט אויס אָט דער פּאַרטייאישער פירער די פּינקטלעכע און קאַטעגאָרישע דערקלערונגען פון די באַזעלער און כעמניצער צוזאַמענפאָרן מיט אַזאַ פאַרזיכטיקייט, פּונקט ווי אַ גאַנעוו מיידט אויס דאָס אָרט פון זיין לעצטער גנייווע. אין דער בראָשור וועגן „נאַציאָנאַלער מלוכע און אז. וו.", וועלכע איז געשריבן געוואָרן אין פעוורואַל 1915 יאָר, פאַרזיכערט קאַאוטסקי, אַז „די מילכאָמע איז אין לעצטן סאַכאַקל דאָך אַ אימפּעריאַליסטישע" (זייט 64). איצט ווערט אַריינגעטראָגן אַ נייע אויסבעסערונג: ניט קיין ר י י ן-אימפּעריאַליסטישע — איז וואָסערע דען נאָך?

ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז זי איז נאָך אַ נאַציאָנאַלע אויך! קאַאוטסקי האָט זיך דערעדט צו אַזאַ אומגעהערטער זאַך מיט דער הילף פון אָט וואָסערער „פּלעכאַנאָווישער" „אויך מיר דיאַלעקטיק".

„די איצטיקע מילכאָמע איז אַ קינד ניט נאָר פונם אימפּעריאַליזם, נאָר אויך פון דער רוסישער רעוואָלוציע". ער, קאַאוטסקי, האָט נאָך אין 1904 יאָר פאָרויסגעזען, אַז די רוסישע רעוואָלוציע וועט אַרויסרופן דעם פּאַנסלאַוויזם אין אַ נייער פאָרם, אַז „דאָס דעמאָקראַטישע רוסלאַנד וועט אומפאַרמיידלעך מוזן שטאַרק צעהיצן די שטרעבונגען פון די עסטרייכישע און טערקישע סלאַוון צו דערגרייכן נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט... דעמאָלט וועט אויך די פּוילישע פראַגע פאַרשאַרפט ווערן... עסטרייך וועט זיך דאַן צעפאַלן, ווייל צוגלייך מיטן קראַך פונם צאַריזם וועט אויך פּלאַצן דער אייזערנער רייף, וועלכער בינדט איצט צונויף די עלעמענטן, וועלכע שטרעבן צו דערווייטערן זיך איינער פונם אַנדערן" (די לעצטע ציטאַטע ציטירט קאַאוטסקי גופא פון זיין אַרטיקל אינם 1904 יאָר)...

„די רוסישע רעוואָלוציע... האָט געגעבן אַ נייעם מעכטיקן שטויס די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פונם מיזרעך; זי האָט צו די אייראָפּעאישע פּראָבלעמען צוגעגעבן די אַזיאַטישע. ד י ד אָ ז י ק ע אַ ל ע פּ ר אָ ב ל ע מ ע ן לאָזן שטורמיש הערן וועגן זיך אין דער א י צ ט י ק ע ר מילכאָמע, און זיי באַקומען אַ באַזונדערס וויכטיקן באַדייט פאַר דער שטימונג פון די פ אָ ל ק ס מ אַ ס ן, בעסויכעם

אויך פון די פּראָלעטאַרישע, בעאיים באַ די הערשנדיקע קלאַסן דאָמינירן אימפּעריאַליסטישע טענדענצן" (זייט 273; אונטערגעשטרייכט פון אונז).

אָט האט איר נאָך אַ מוסטער, ווי אַזוי מע פּראָסטיטואירט דעם מאַרקסיזם. העיויס ווי דאס „דעמאָקראַטישע רוסלאַנד" וואָלט צעהיצט באַ די מיזרעך-אייראָפּאישע נאַציעס זייער שטרעבונג צו פרייהייט (דאָס קאָן מען ניט אָפּלייקענען), בעכיין איז די איצטיקע מילכאָמע, וועלכע באַפרייט ניט קיין איין נאַציע, און וועלכע וועט (ווי זי זאָל זיך ניט ענדיקן) פאַרשקלאַפן פיל נאַציעס, ניט קיין „ריין" אימפּעריאליסטישע מילכאָמע. העיויס ווי דער „קראַך פונם צאַריזם" וואָלט באַדייט אַ צעפאַלונג פון עסטרייך, מאַכמעס דער אומדעמאָקראטישקייט פון איר נאַציאָנאַלער סטרוקטור, דעריבער האָט דער צייטוויייליק פאַרשטאַרקטער קאָנטר-רעוואָלוציאָנערער צאַריזם, וועלכער באַגאַזלט עסטרייך, און וועלכער טראָגט פאַר די נאַציעס פון עסטרייך נאָך אַ גרעסערן דרוק, — האָט דערדאָזיקער צאַריזם צוגעגעבן דער „איצטיקער מילכאָמע" ניט קיין אימפּעריאליסטישן, נאָר אין אַ געוויסער מאָס אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. העיויס ווי די „הערשנדיקע קלאַסן" נאַרן אָפּ די טעמפּע קליינבירגער און די דערשלאָגענע פּויערים מיט באָבע-מאַיסעס וועגן די נאַציאָנאַלע צילן פון דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, דעריבער האָט אַ מענטש פון וויסנשאַפט, אַן אַווטאָריטעט פון „מאַרקסיזם", אַ פאָרשטייער פונם II אינטערנאַציאָנאַל, רעכט צו באַרואיקן די מאַסן בעגויגייע דערדאָזיקער אָפּנאַרעריי מיט דער הילף פון אַזאַ „פאָרמול": באַ די הערשנדיקע קלאַסן האָבן מיר אימפּעריאַליסטישע טענדענצן, אָבער באַם „פאָלק" און באַ די פּראָלעטאַרישע מאַסן — „נאַציאָנאַלע" טענדענצן.

די דיאַלעקטיק ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ סאַמע מיעסער, סאַמע געמיינער סאָפיסטיק!

אין דער איצטיקער מילכאָמע איז דער נאַציאָנאַלער מאָמענט פאַרגעשטעלט בלויז אין דער מילכאָמע פון סערביע קעגן עסטרייך (דאָס איז, אַגעוו, אָנגעוויזן אין דער רעזאָלוציע פון דער בערנער באַראַטונג פון אונזער פּאַרטיי). נאָר אין סערביע צווישן די סערבן האָבן מיר אַ פיליאָריקע נאַציאָנאַל-באַפרייערישע באַוועגונג, וועלכע נעמט אַרום מיליאָנען „נאַציאָנאַלע מאסן", — אַ באַוועגונג, וואס איר העמשעך איז די מילכאָמע פון סערביע קעגן עסטרייך. ווען דידאָזיקע מילכאָמע וואָלט געווען איזאָלירט, ד. ה. ווען זי זאָל ניט זיין פאַרבונדן מיט דער אַלגעמיין-אייראָפּעאישער מילכאָמע, מיט די אייגן-נוציקע אינטערעסן און מיט די רויבערישע צילן פון ענגלאַנד, רוסלאנד און אנדערע, דעמאָלט וואָלטן אַלע סאָציאַליסטן מעכויעוו געווען צו ווען, אַז די סערבישע בורזשואַזיע זאָל מענאַצייעך זיין. דאָס איז דער איינציק ריכטיקער און אַבסאָלוט נויטיקער אויספיר פונם נאַציאָנאלן מאָמענט אין דער איצטיקער מילכאָמע. אָבער דער סאָפיסט קאַאוטסקי, וועלכער געפינט זיך איצט אין דינסט באַ די עסטרייכישע בורזשויען, קלעריקאלן און גענעראלן, מאַכט דערדאָזיקן אויספיר דאַפקע ניט.

ווייטער. מאַרקס דיאַלעקטיק — דאָס לעצטע וואָרט פונם וויסנשאַפטלעך-עוואָלוציאָנערן מעטאָד — פאַרוועט גראָד די איזאָלירטע, ד. ה. די איינזייטיקע און פאַרקריפלט-פאַרדרייטע באַטראַכטונג פון אַ זאַך. דער נאַציאָנאַלער מאָמענט פון דער סערביש-עסטרייכישער מילכאָמע האָט ניט און קאָן ניט האָבן קיין שום ערנסטן באַדייט אין דער אַלגעמיין-אייראָפּעאישער מילכאָמע. אויב דייטשלאַנד וועט מענאַצייעך זיין, וועט זי דערשטיקן בעלגיע, אַ טייל פון פוילן, מעגלעך אויך אַ טייל פון פראַנקרייך און אַנדערע. וועט זיגן רוסלאַנד, וועט זי דערשטיקן גאַליציע, אַ טייל פון פוילן, אַרמעניע און אַז. וו. אויב די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן מיט „גאָרניט״ (קיין איין צאַד וועט ניט מענאַצייעך זיין), וועט בלייבן דער אַלטער נאַציאָנאַלער דרוק. פאַר סערביע, ד. ה. פאַר אַן ערעך אַ הונדערטכיילעק פון די אנטיילנעמער אין דער איצטיקער מילכאָמע, איז די מילכאָמע א „העמשעך פון דער פּאָליטיק״ פון דער בורזשואַזי-באַפרייערישער באַוועגונג. פאַר $^{99}/_{100}$ איז די מילכאָמע א העמשעך פון אַן אַנדער פּאָליטיק — פון דער אימפּעריאַליסטישער, דאָס הייסט, פון דער פּאָליטיק פון דער אַלטגעוואָרענער בורזשואַזיע, וועלכע איז פעאיק צו מאַכן אַ טעל פון נאַציעס, אָבער ניט צו באַפרייען זיי. דער דרייאויסגלייך, „באַפרייענדיק״ סערביע, פאַרקויפט די אינטערעסן פון דער סערבישער פרייהייט דעם איטאַליענישן אימפּעריאַליזם פאַר דער הילף באַם ראַבירן עסטרייך.

דאָס אַלץ איז אַלעמען באַוואוסט, און דאָס אַלץ איז געוויסנלאָזיק פאַרדרייט פון קאַאוטסקין, קעדיי צו פאַרענטפערן די אָפּאָרטוניסטן. קיין „ריינע״ דערשיינונגען איז ניטאָ און קען ניט זיין ניט אין דער נאַטור און ניט אין דער געזעלשאַפט — אָט דאָס גראָד לערנט אונז די דיאַלעקטיק פון מאַרקסן, וועלכע באַווייזט אונז, אַז דער עצעם באַגריף „ריינקייט״ איז שוין זעלבסט א געוויסע באַגרעניצטקייט, איינזייטיקייט פונם מענטשלעכן דערקענען, וואָס נעמט ניט אַרום די זאַך ביזן סאָף, אין דער גאַנצער קאָמפּליצירטקייט אירער. אף דער וועלט איז ניטאָ און ס׳קאָן ניט זיין קיין „ריינער״ קאַפּיטאַליזם, נאָר שטענדיק איז פאַראַן אַ צומיש אָדער פון פעאָדאַליזם, אָדער פון קליינבירגערלעכקייט, אָדער פון נאָך עפּעס וואָס. דעריבער איז דערמאָנען וועגן דעם, אַז די מילכאָמע איז ניט קיין „ריין״-אימפּעריאַליסטישע דעמאָלט, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן אַן אומגעהערטן אָפּנאַרן די „פּאָלקסמאַסן״ דורך די אימפּעריאַליסטן, וואָס מיט דער „נאַציאָנאַלער״ פראַזעאָלאָגיע פאַרשטעלן זיי בעקיוון די צילן פון בלויזער גזיילע, — אַזוי צו ריידן הייסט זיך ארויסווייזן פאַר אַ געוואַלטיק טעמפּן פעדאַנט, אָדער פאַר אַ שווינדלער און פאַרפירער. דער איקער פון דער זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס קאַאוטסקי העלפט די אימפּעריאַליסטן אַריינצונאַרן דאָס פאָלק דערמיט, וואָס ער זאָגט, אַז „פאַר די פאָלקסמאַסן און פאַר די פּראָלעטאַריער בעסויכעם האָבן דעם אַנטשיידנדיקן באַדייט געהאַט „נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען״, און פאַר די הערשנדיקע קלאַסן — אימפּעריאַליסטישע טענדענצן״ (זייט 273), און דערמיט, וואָס ער שטיצט דאָס אונטער מיט אַ קלוימערשט דיאַלעקטישער באַרופונג אף דער „אומענדלעך פאַרשיידנאַרטיקער ווירקלעכקייט״ (274). ס׳איז קלאָר, אַז די ווירקלעכקייט איז אומענדלעך פאַר-

שיידנארטיק — דאָס איז אַ הייליקער עמעס! ס'איז אָבער אויך קלאָר, אז אין דערראָזיקער אומענדלעכער פאַרשיידנארטיקייט האָבן מיר צוויי הויפּטלעכע און גרונטלעכע שטראָמען: דער אָביעקטיווער אינהאַלט פון דער מילכאָמע איז דער „העמשעך פון דער פּאָליטיק" פונם אימפּעריאַליזם, ד. ה. פון דער גזיילע, וואָס די אלטגעוואָרענע בורזשואַזיע פון די „גרויסע מלוכעס" (און זייערע רע-גירונגען) באַגאַזלענען פרעמדע נאַציעס; די דאָמינירנדיקע „סוביעקטיווע" אי-דעאָלאָגיע אָבער איז „נאַציאָנאַלע" פראַזן, וועלכע מע פאַרשפּרייט, קעדיי צו נאַרן די מאַסן.

דעם אַלטן סאָפיזם. וועלכן קאַאוטסקי כאַזערט איצט נאָכאַמאָל איבער, אַז די „לינקע" האָבן קלוימערשט פאַרגעשטעלט די זאַך אַזוי, אַז בעאייס „די מילכאָמע האָט אויסגעבראָכן" איז געשטאַנען די אלטערנאטיוו (ברייררע): אימ-פּעריאַליזם אָדער סאָציאַליזם—דעמדאָזיקן סאָפיזם האָבן מיר שוין אַנאַליזירט. דאָס איז אַן אומפאַרשעמטע פאַרדרייעניש, ווייל קאַאוטסקי ווייסט גאַנץ גוט, אַז די לינקע האָבן געשטעלט אַן אַנדער אלטערנאטיוו: אָדער די פּאַרטיי זאָל צושטיין צו דער אימפּעריאַליסטישער גזיילע און פאַרפירעניש, אָדער מע זאָל פּריידיקן און צוגרייטן רעוואָלוציאָנערע מאַיסים. קאַאוטסקי ווייסט אויך, אַז נאָר די צענזור באַשיצט אים פון דעם, אַז די „לינקע" אין דייטשלאַנד זאָלן קענען אויפדעקן די באָבע-מאַיסע, וואָס ער פאַרשפּרייט קעדיי אויסצודינען זיך באַ די זיודעקומס.

וואָס איז שאַייך דער באַציאונג צווישן די „פּראָלעטאַרישע מאַסן" און דעם „הייפעלע פּאַרלאמענטאַריער", שטעלט דאָ קאַאוטסקי אַרויס איינע פון די סאמע באנאַלע דערווידערונגען:

„לאָמיר לאָזן אין אַ זייט די דייטשן, קעדיי ניט צו פאַרטיידיקן זיך זעלבסט. נאָר ווער וואָלט עס וועלן ערנסט באַהויפּטן, אַז אַזעלכע מענטשן, ווי וואַליאַן, געד, היינדמאַן און פּלעכאַנאָוו זיינען אין אַ מעשעך פון איין טאָג געוואָרן אימפּעריאַליסטן און האָבן פאַראַטן דעם סאָציאַליזם? לאָמיר לאָזן אין אַ זייט די פּאַרלאַמענטאַריער און די „אינסטאַנצן"... (קאַאוטסקי גיט דאָ דייטלעך אַן אָנצוהערעניש אף ראָזע לוקסעמבורגס און פר. מערינגס זשורנאַל „אינטערנאַציאָנאַל", וואו ס'ווערט אויסגעדריקט די קאָשער פאַרדינטע פּאַר-אַכטונג צו דער פּאָליטיק פון די אינסטאַנצן, ד. ה. פון די אָפיציעלע אויבער-שטע שיכטן פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, פון איר צענטראַלן קאָמיטעט—„פּאָרשטאַנד", צו איר פּאַרלאַמענטאַרישער פראַקציע און אַז. וו.)—... „ווער אָבער וועט זיך אונטערנעמען צו באַהויפּטן, אַז ס'איז גענוג געווען איין באַפעל מיצאַד אַ הייפל פּאַרלאַמענטאַריער, קעדיי 4 מיליאָן באַ-וואוסטזיניקע דייטשישע פּראָלעטאַריער זאָלן אין אַ מעשעך פון 24 שאָ זיך אַ קער טאָן רעכטס אום, דירעקט קעגן זייערע פריערדיקע צילן? אויב דאָס זאָל טאַקע אַזוי זיין, וואָלט עס, פאַרשטייט זיך, באַוויזן אַ שרעקלעכן קראַך, אָבער ניט בלויז פון אונזער פּאַרטיי, נאָר אויך פון די מאַסן (אונטערגע-שטרייכט פון קאַאוטסקין). אויב די מאַסע וואָלט געווען אַזאַ כאַראַקטערלאָזיקע

טשערדע שאָף, וואָלטן מיר דעמאָלט געמעגט זיך לאָזן אַליין באַגראָבן״ (זייט 274).

פּאָליטיש און וויסנשאַפטלעך האָט דער זייער אַווטאָריטעטער קאַאוטסקי זיך שוין באַגראָבן מיט זיין אויפירונג און מיט זיין אויסנוצן געמיינע דרייד-לעך. ווער ס׳פאַרשטייט עס ניט, אָדער פילט עס, לעכאָלאַפּאָכעס, ניט, דער איז אַ פאַרפאַלענער אין פראַט פון סאָציאַליזם. דעריבער מוז מען זאָגן, אַז מערינג, ראָזע לוקסעמבורג און זייערע אָנהענגער האָבן אינם „אינטערנאַציאָ-נאַל״ גענומען דעם איינציק ריכטיקן טאָן, ווען זיי קוקן אַף קאַאוטסקין און קאָמפּ. ווי אַף סאַמע פאַראַכטע סוביעקטן.

טראַכט זיך נאָר גוט איין: ווען דער באַציאונג צו דער מילכאָמע האָבן זיך אין א געוויסער מאָס פריי געקאָנט ארויסזאָגן (ד. ה. ס׳האָט זיי ניט געדראָט, אַז מע זאָל זיי באַלד כאַפּן און אַוועקפירן אין די קאַזאַרמעס, ס׳האָט זיי ניט געדראָט קיין טויטשטראָף) אויסשליסלעך אַ „הייפל פאַרלאָמען-טאַריער״ (זיי האָבן געשטימט פריי, אַלפי געזעץ, זיי האָבן פולשטענדיק גע-קאָנט שטימען קעגן — דערפאַר האָט מען אַפילע אין רוסלאַנד ניט געשלאָגן, ניט גערוידעפט, אַפילע ניט אַרעסטירט), א הייפל באַאַמטע, זשורנאַליסטן און אז. וו. איצט וואַרפט קאַאוטסקי גאַנץ איידל אַרויף אַף די מאַסן דעם פאַראַט און די כאַראַקטערלאָזיקייט פון דעמדאָזיקן געזעלשאַפטלעכן שיכט, וועגן וועלכן קאַאוטסקי האָט אין אַ מעשעך פון אַ גאַנצע רייע יאָרן צענדליקער מאָל געשריבן, אַז ער איז פאַרבונדן מיט דער טאַקטיק און מיט דער אידעאָ-לאָגיע פונם אָפּאָרטוניזם! דער סאַמע ערשטער און דער סאַמע גרונטלעכער קלאַל פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג ביכלאַל און פון מאַרקס דיאַלעקטיק בי-פראַט פאָדערט פונם שרייבער, אַז ער זאָל באַטראַכטן די פאַרבינדונג פונם איצטיקן קאַמף צווישן ריכטונגען אינם סאָציאַליזם (פון דער ריכטונג, וועל-כע רעדט, שרייט און מאַכט גוואַלדן וועגן פאַראַט, און דער ריכטונג, וועלכע זעט ניט איין קיין שום פאַראַט) מיט יענעם קאַמף, וועלכער האָט זיך ביז אַהער געפירט אין אַ מעשעך פון גאַנצע צענדליקער יאָרן. קאַאוטסקי דערמאָנט עס אַפילע ניט, ער וויל אַפילע ניט שטעלן די פראַגע וועגן ריכטונ-גען און שטרעמונגען. ביז אַהער האָבן מיר געהאַט שטרעמונגען, איצטער איז אַזעלכע מער ניט פאַראַן! איצט האָבן מיר נאָר גרויסע נעמען פון „אַווטאָריטעטן״, וועמען די לאַקייאישע נעשאָמעס שטעלן שטענדיק אַרויס. דערביי איז באַזונדערס באַקוועם צו באַרופן זיך איינער אַפן אַנדערן און פריינטלעך צודעקן די אייגענע „כאַטאָים״ לויטן קלאַל: איין האַנט וואַשט די צווייטע. נו, וואָס פאַר אַן אָפּאָרטוניזם איז דאָס, — שרייט אויס ל. מאַרטאָוו אין זיין רעפעראַט אין בערן (זע „סאָציאַל-דעמאָקראַט״ נומ. 36) ווען... געד, פּלעכאַנאָוו, קאַאוטסקי! מע דאַרף זיין אַביסל פאָרזיכטיקער באַם באַשולדיקן אין אָפּאָרטוניזם אַזעלכע מענטשן, ווי געד — שרייבט אַקסעלראָד („גאָלאָס״ נומ. 86, 87). איך וועל זיך ניט פאַרטיידיקן, — רעדט מיט דעמזעלביקן טאָן קאַאוטסקי אין בערלין, — אָבער... וואַליאַן, געד, היינדמאַן און פּלעכאַנאָוו! די קוקאַווקע לויבט דעם האָן, ווייל דער האָן לויבט די קוקאַווקע.

אין ברען פון לאַקייאישן היסלאַיוועס האָט זיך קאַאוטסקי דערשריבן ביז דעם, אַז ער האָט אַפילע אַ קוש געטאָן די האַנט באַ היינדמאַנען, און שטעלט אים פאָר, אַז ער (היינדמאַן) איז קלוימערשט בלויז איין טאָג צוריק איבער־געגאַנגען צום אימפעריאַליזם. און אין דערזעלביקער „נייער צייט" און אין צענדליקער אנדערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונגען פון דער גאַנצער וועלט האט מען שוין אין אַ מעשעך פון פיל יאָרן געשריבן וועגן היינדמאַנס אימ־פעריאַליזם! ווען קאַאוטסקי וואָלט זיך געוויסנהאפט אינטערעסירן מיט דער פּאָלי־טישער ביאָגראַפיע פון די פערזאָנען, וואָס ער רופט אָן, וואָלט ער זיך באַדאַרפט דערמאָנען, צי איז אין דערדאָזיקער ביאָגראַפיע ניט געווען אַזעלכע שטריכעלעך און געשעענישן, וועלכע האָבן ניט „אין איין טאָג", נאָר אין מעשעך פון א צענדליק יאָרן צוגעגרייט דעם איבערגאַנג צום אימפעריאַליזם, צי איז וואַ־ליאַן ניט געווען אין געפענגעניש באַ די זשאָרעסיסטן, און פלעכאַנאָוו — באַ די מענשעוויקעס און ליקווידאַטאָרן? צי איז דען פאַר אַלעמען אין די אויגן ניט אָפּ־געשטאָרבן געדס ריכטונג אינם מוסטערלעך־טויטן, טאַלענטלאָזיקן געדיסטישן זשורנאַל „סאָציאַליזם", וועלכער איז אין קיין איין וויכטיקער פראַגע ניט געווען פעאיק צו פאַרנעמען א זעלבשטענדיקע פּאָזיציע? צי האָט דען קאַאוטסקי ניט אַרויסגעוויזן (מיר זאָגן עס פאַר די, וועלכע שטעלן אים אויך — גאַנץ ריכטיק — אין איין שורע מיט היינדמאַנען און פלעכאַנאָוון) קיין כאַראַקטערלאָזיקייט אין דער פראַגע וועגן מיליעראַניזם *) אין אָנהויב פונם קאַמף מיט דער בערנ־שטייניאַדע און אַז. וו.?

מיר זעען אָבער ניט אַפילע קיין מינימאַלן שפור פון אינטערעס וויסנ־שאַפטלעך אויסצופאָרשן די ביאָגראַפיעס פון דידאָזיקע פירער. מע פּרוּווט זיך אַפילע ניט צו באַטראַכטן, צי דידאָזיקע פירער באַשיצן זיך איצט מיט זייערע אייגע־נע באַווייזן, אָדער זיי כאַזערן איבער די ראַיעם פון די אָפּאָרטוניסטן און פון די בורזשויען? צי האָט די אויפירונג פון דידאָזיקע פירער באַקומען אַן ערנסטן פּאָליטישן באַדייט אַדאַנק זייער ספּעציעלן איינפלוס, אָדער אַדאַנק דעם, וואָס זיי זיינען צוגעשטאַנען צו אַ פרעמדער, ווירקלעך „איינפלוסרייכער" שטרעמונג, וועלכע ווערט אונטערגעהאלטן דורך דער מיליטערישער אָרגאַני־זאַציע — נעמלעך צו דער בורזשואַזער שטרעמונג. קאַאוטסקי טרעט אַפילע ניט צו אויסצופאָרשן די פראַגע, ער פאַרנעמט זיך בלויז דערמיט, וואָס ער פאַר־בלענדעט די אויגן פון די מאַסן, וואָס ער איבעראַשט זיי מיטן קלאַנג פון אַוו־טאָריטעטע נעמען, וואָס ער שטערט די מאַסן קלאָר אַוועקצושטעלן די שטרייט־פראַגע און אַלזייטיק זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין איר **).

---

*) מיליעראַן, וועלכן היינטיקע לעזער קענען בלויז ווי דעם פארשטייער פון דער אפנסטער בורזשואזער רעאקציע, איז אמאָל געווען א סאציאליסט. אָבער שוין דעמאָלט האט ער אויפגעהויבן די פראגע וועגן דעם, אַז סאָציאַליסטן מעגן זיין מיניסטאָרן אין בורזשואזע רעגירונגען.

**) קאאוטסקיס בארופן זיך אף וואליאנען און געדן, אף היינדמאנען און פלעכאנאָוון איז כאראקטעריסטיש נאָך אין איין הינזיכט. די אָפנהערציקע אימפעריאַליסטן, אשטייגער, ווי לענטש און העניש (שוין אָפּגערעדט וועגן די אָפּאָרטוניסטן), באַרופן זיך גראָד אַף היינדמאַנען און פלע־כאַנאָוון אף צו באַרעכטיקן זייער פּאָליטיק. און זיי האבן רעכט צו בארופן זיך אף זיי, זיי זאָגן

„... אַ פירמיליאָניקע מאַסע האָט לויטן באַפעל פון אַ הייפל פּאַרלאַמענטאַריער אַ קער געטאָן זיך רעכטס אום“...

דאָ איז איטלעך וואָרט אַ פולשטענדיקער ליגן. אין דער פּאַרטייאישער אָרגאַניזאציע באַ די דייטשן איז געווען ניט 4 מיליאָן, נאָר איין מיליאָן מענטשן. דערביי האָט דעם איינהייטלעכן ווילן פון דערדאָזיקער מאַסן־אָרגאַניזאַציע (ווי פון יעדער אָרגאניזאציע) אויסגעדריקט בלויז דער איינהייטלעכער פּאָליטישער צענטר אירער, אַ „הייפעלע“, וואס האָט פאַראַטן דעם סאָציאַליזם. דאס הייפעלע האָט מען געפרעגט, מע האָט זיי גערופן צו שטימען, זיי האָבן געקאָנט שטימען, געקאָנט שרייבן אַרטיקלען און אז. וו. די מאַסן אָבער האָט קיינער ניט געפרעגט. זיי האָט מען ניט נאָר ניט געלאָזט שטימען, מע האָט זיי פאַנאַנדערגעשיידט און מע האָט זיי געטריבן „לויטן באַפעל“ ניט פונם הייפל פּאַרלאַמענטאַריער, נאָר לויטן באַפעל פון דער מיליטערישער מאַכט. די מיליטערישע אָרגאַניזאציע איז געווען אַף איר אָרט. דאָרטן איז ניט געווען קיין פּאַראַט מיצאַד די פירער. די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע האָט גערופן די „מאַסן“ איינציקווייז, שטעלנדיק דערביי אַן אולטימאַטום: גיי אין מיליטער (לויטן ראַט פון דיינע פירער) אָדער ווער געשאָסן, די מאַסן האָבן ניט געקאָנט ארויסטרעטן אָרגאַניזירטערהייט, ווייל זייער אָרגאַניזאציע, וועלכע איז פון פריער געשאפן געוואָרן, די אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז פארקערפּערט אינם „הייפל“ לעגינס, קאַאוטסקיס, שיידעמאנעס, האט פאראטן די מאסן, און אַף צו שאפן א נייע אָרגאַניזאציע פאָדערט זיך צייט, פאָדערט זיך אנטשלאָסנקייט אַף ארויסצושליידערן די אלטע, פוילע, אָפּגעלעבטע אָרגאַניזאציע.

קאַאוטסקי באַמיט זיך צו צעקלאַפּן זיינע קעגנער, די לינקע, דערמיט, וואָס ער לייגט זיי אַריין אין מויל אַ פּאָשעטן אומזינען: די לינקע שטעלן קלוימערשט די פראַגע אַזוי, אַז אַלס „ענטפער“ אַף דער מילכאָמע האָבן די מאַסן אין „24 שאָ“ באַדאַרפט מאַכן אַ רעוואָלוציע, אַריינפירן דעם סאָציאַליזם קעגן דעם אימפּעריאַליזם, ווייל אַנדערש וואָלטן די מאַסן אַרויסגעוויזן „כאַראקטערלאָזיקייט און פאַראַט“. דאָס איז דאָך ניט מער ווי דיזעלביקע פּלאַפּלעריי, מיט וועלכער די פאַרפאַסער פון די אַנאַלפאַבעטישע בורזשואַזע און פּאָליציייאישע ביכלעך פלעגן ביז אַהער „צעקלאַפּן“ די רעוואָלוציאָנערן, און מיט וועלכער ס'שטאָלצירט איצט קאַאוטסקי. די לינקע קעגנער פון קאַאוטסקין וויסן אויסגעצייכנט, אַז אַ רעוואָלוציע קען מען ניט „מאַכן“, אַז רעוואָלוציעס וואַקסן ארויס פון די אָביעקטיוו (אומאָפּהענגיק פונם ווילן פון די פּאַרטייען און קלאַסן) צייטיק געוואָרענע קריזיסן און איבערבראָכן אין דער געשיכטע, אַז אָן אַן אָרגאַניזאַציע האָבן ניט די מאַסן קיין איינהייטלעכן ווילן, אַז דער קאַמף

---

עמעס אין דעם פראַט, אז דאס איזווירקלעך איינע און דיזעלביקע פּאָליטיק. קאַאוטסקי אבער רעדט מיט פאראכטונג וועגן לענטשן און הענישן, וועגן דידאָזיקע ראַדיקאַלן, וועלכע זיינען אַוועק צום אימפּעריאליזם. קאַאוטסקי דאנקט דעם ריבוינע שעלוילעם, וואס ער איז ניט ענלעך צו דידאָזיקע פארברעכער, וואס ער האלט ניט מיט זיי, וואס ער איז פארבליבן א רעוואלוציאָנער — לאכט ניט! פאַקטיש אבער איז קאאוטסקיס פּאָזיציע פונקט דיזעלביקע. דער צוויעסדיקער שאוויניסט קאאוטסקי, מיט זיינע לאקריץ-זיסע פראַזן, איז פיל מער עקלהאפטיק, איידער די פּאָשעטע שאוויניסטן דאוויד און היינע, לענטש און העניש.

מיט דער שטאַרקער, טעראָריסטישער, מיליטערישער אָרגאַניזאַציע פון די צענטראַליזירטע מלוכעס איז אַ שווערע און דויעריקע זאַך. די מאַסן האָבן גאָרניט ניט געקענט טאָן, ווען זייערע פירער האָבן זיי פאַראַטן אינם קריטישן מאָמענט. דאָס „הייפעלע" פירער אָבער האָבן געקענט און האבן באַדאַרפט שטימען קעגן די קרעדיטן, ארויסטרעטן קעגן „בירגער-שאָלעם" און קעגן דער באַרעכטיקונג פון דער מילכאָמע, ארויסזאָגן זיך פאַר אַ מאַפּאָלע פון זייערע רעגירונגען, איינאָרדענען אַ צווישנפעלקערלעכן אַפּאַראַט אַף צו פּראָפּאַגאַנדירן דאָס ברודעדן זיך אין די טראַנשייען, אָרגאַניזירן אַן אומלעגאַלע ליטעראַטור *), וועלכע זאָל פּראָפּאַגאַנדירן די נויטיקייט אַריבערצוגיין צו רעוואָלוציאָנערע מאַיסים און אַז. וו.

קאַאוטסקי ווייסט אויסגעצייכנט, אַז די „לינקע" אין דייטשלאַנד זיינען אויסן גראָד אַזעלכע אָדער, ריכטיקער, ענלעכע מאַיסים, און אַז דירעקט און אָפן ריידן וועגן דידאָזיקע מאַיסים קאָן מען ניט איבער דער מיליטער-צענזור. די שטרעבונג ניט אָנדערש צו פאַרטיידיקן די אָפּאָרטוניסטן האָט געבראַכט קאַאוטסקין צו אַן אומגעהערטער געמיינקייט, ווען, באַהאַלטנדיק זיך אונטער די פּלייצעס פון די מיליטערישע צענזאָרן, שרייבט ער צו די לינקע בעפּיירעשע שטוסערייען, זייענדיק דערביי זיכער, אַז די צענזאָרן וועלן אים באַשיצן פון דעמאַסקירט צו ווערן.

## VII.

די ערנסטע וויסנשאַפטלעכע און פּאָליטישע פראַגע, וואָס קאַאוטסקי מיידט זי אויס באַוואוסטזיניק, מיט דער הילף פון קאָלערליי דריידלעך, און פאַרשאַפט דערמיט אַ קאלאסאלן פאַרגעניגן די אָפּאָרטוניסטן, באַשטייט אין דעם, ווי אַזוי האָבן דאָס די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פונם II אינטערנאַציאָנאַל געקענט פעלשן אינם סאָציאַליזם?

דידאָזיקע פראַגע דאַרפן מיר, פאַרשטייט זיך, שטעלן ניט אין זינען פון דער פערזענלעכער ביאָגראַפיע פון די און די אַווטאָריטעטן. די קומענדיקע ביאָגראַפן זייערע וועלן דאַרפן באַטראַכטן די זאַך אויך פון אָט דער זייט, אָבער די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז איצט פאַרינטערעסירט ניט אין דעם, נאָר אין אויסשטודירן די היסטאָרישע אָפּשטאַמונג, די באַדינגונגען, דעם באַ=

*) אַגעוואורכע. דערצו איז גאָר ניט געווען נויטיק צו פאַרמאַכן אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע צייטונגען, אַלס ענטפער אַפן פאַרבאָט צו שרייבן וועגן קלאַסנהאַס און קלאַסנקאַמף. מאַסקים זיין אַף דעם טנאי, אַז מע זאָל דערפון ניט שרייבן, ווי דאס האט געטאָן דער „פאָרווערטס"‚—דאס איז געמיינקייט און פאַכדאָנעס. דער „פאָרווערטס", וועלכער האט אף דעם מאסקים געווען, איז פּאָליטיש אָפּגעשטאָרבן. מארטאָוו איז געווען גערעכט, וואס ער האט זיך אזוי אויסגעדריקט. מע האט אָבער געקענט איינהיטן די לעגאַלע צייטונגען, דערקלערנדיק, אַז זיי זיינען ניט קיין פּאַרטייאישע און ניט קיין סאָציאַל-דעמאקראטישע, נאָר זיי באדינען פּאָשעט די טעכנישע באדערפענישן פון א טייל ארבעטער, ד. ה. אז זיי זיינען ניט קיין פּאָליטישע צייטונגען. אומלעגאַלע סאָציאַל-דעמאקראַטישע ליטעראטור, וועלכע וואלט אפגעשאצט די מילכאמע, און א לעגאלע ארבעטער-פּרעסע אָן אזא אפשאצונג, א לעגאלע פּרעסע, וועלכע זאגט ניט קיין ליגנס, נאָר וועלכע שוויגט וועגן עמעס, — פארוואס וואלט דאס געווען אומעגלעך?

דייט און די קרעפטן פון דער סאָציאַל-שאָוויניסטישער שטרעמונג. 1) פון וואַנען האָט זיך גענומען דער סאָציאַל־שאָוויניזם? 2) וואָס גיט אים צו קראַפט? 3) ווי אַזוי זאָל מען מיט אים קעמפן? נאָר אַזאַ שטעלונג פון דער פראַגע איז אַן ערנסטע; איבערטראַגן אָבער די זאַך אַף „פערזאָנען" באַדייט אין דער פראַקטיק ניט מער, ווי א פילפל, אַ דריידל פון אַ סאָפיסט.

קעדיי צו ענטפערן אַף דער ערשטער פראַגע, דאַרף מען באַטראַכטן, ערשטנס, צי געפינט זיך ניט דער אידייאיש־פּאָליטישער אינהאַלט פונם סאָציאַל־שאָוויניזם אין אַ „פאַרבינדונג" מיט אַ וואָסערער ס'ניט איז פריערדיקער שטרעמונג אינם סאָציאַליזם? צווייטנס, וואָס פאַר א שאיכעס (פונם שטאַנדפּונקט פון די פאַקטישע פּאָליטישע גרופּירונגען) עס עקזיסטירט צווישן דער איצטיקער צעטיילונג פון סאָציאַליסטן אַף קעגנער און פאַרטיידיקער פונם סאָציאַל-שאָוויניזם — און די פריערדיקע, היסטאָריש פאַרגייענדיקע, טיילונגען?

אונטער סאָציאַל־שאָוויניזם פארשטייען מיר — אנערקענען די אידייע פון פאָטערלאַנד-פאַרטיידיקונג אין דער איצטיקער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, באַרעכטיקן אין דערדאָזיקער מילכאָמע דעם בונד פון די סאָציאַליסטן מיט דער בורזשואַזיע און מיט די רעגירונגען פון „זייערע" לענדער, אָפּזאָגן זיך פון פריי־דיקן און אונטערהאַלטן פראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערע האַנדלונגען אַקעגן דער „אייגענער" בורזשואַזיע און אַז. וו. ס'איז גאַנץ קלאָר, אז דער גרונטלע־כער אידייאיש-פּאָליטישער אינהאַלט פונם סאָציאַל-שאָוויניזם פאַלט פולקום צונויף מיט די יעסוידעס פונם אָפּאָרטוניזם, דאָס איז איינע און דיזעל־ביקע שטרעמונג. דער אָפּאָרטוניזם אין דער סיטואַציע פון דער מילכאָמע אין די יאָרן 1914-1915 שאַפט טאַקע דעם סאָציאַל-שאָוויניזם. אינם אָפּאָרטוניזם איז דער איקער די אידייע פון קלאַסן־מיטאַרבעטערשאַפט. די מילכאָמע דערפירט דידאָזיקע אידייע ביזן סאָף, זי גיט צו צו די געוויינלעכע פאַקטאָרן און סטימולן אירע נאָך א גאַנצע רייע עקסטראָאָרדינערע, מיט דער הילף פון ספּע־ציעלע דראָאונגען און געוואַלטאַטן צווינגט זי די באַלעבאַטיש געשטימטע און די צעשטויבטע מאַסע צו מיטאַרבעטערשאַפט מיט דער בורזשואַזיע. דערדאָזיקער אומשטאַנד פאַרגרעסערט, נאַטירלעך, דעם קרייז אָנהענגער פון די אָפּאָרטוניסטן, און דערמיט ווערט פולשטענדיק דערקלערט, פאַרוואָס פיל נעכטיקע ראַדיקאַלן האָבן זיך איבערגעוואָרפן אינם דאָזיקן לאַגער.

אָפּאָרטוניזם—הייסט מאַקריוו זיין די גרונט-אינטערעסן פון דער מאַסע לעשעם די צייטווייליקע אינטערעסן פון א נישטיקער מינדערהייט אַרבעטער, אַנדערש געזאָגט, אַ בונד פון אַ טייל אַרבעטער מיט דער בורזשואַזיע קעגן דער מאַסע פונם פראָלעטאַריאַט. די מילכאָמע מאַכט דעמדאָזיקן פאַרבאַנד באַ־זונדערס בוילעט און גיט אים צו אַ צוואַנג־כאַראַקטער. דער אָפּאָרטוניזם איז אויפגעקומען אין אַ מעשעך פון צענדליקער יאָרן, אַדאַנק די באַזונדערקייטן פון אַזא עפּאָכע אין דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, ווען די לעפּיערעך פרידלעכע און קולטורעלע עקזיסטענץ פון אַ שיכט פריווילעגירטע אַרבעטער האָט „פאַרבורזשואַזירט" דידאָזיקע אַרבעטער, האָט זיי געגעבן ברעקלעך פון די רעוואָכים פון זייער נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל, האָט זיי אָפּגעריסן פון די צאָרעס,

ליידן און רעוואָלוציאָנערע שטימונגען פון דער רואינירטער און פּאַראַרימטער מאַסע. די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע איז אַ דירעקטער העמשעך און אַ פאַרענדיקונג פון אַזאַ מין לאַגע, ווייל דאָס איז אַ מילכאָמע פאַר די פּריווי- לעגיעס פון די גרויסמעכטיקע נאַציעס, פאַר איבערטיילן די קאָלאָניעס צווישן דידאָזיקע נאַציעס, פאַר זייער הערשאַפט איבער אַנדערע נאַציעס. פאַרטיידיקן און פאַרפעסטיקן זייער פּריווילעגירטע לאַגע פון אַ „העכערן שיכט" קליינביר- גער אָדער אַריסטאָקראַטיע (און ביוראָקראַטיע) אינם אַרבעטערקלאַס — דאָס איז דער נאַטירלעכער העמשעך פון די קליינבירגערלעך=אָפּאָרטוניסטישע האָפענונגען און פון דער אנטשפּרעכיקער טאַקטיק אין צייט פון מילכאָמע, דאָס איז די עקאָנאָמישע באַזע פונם סאָציאַל-שאָוויניזם אין אונזערע טעג*). און ס'פאַרשטייט זיך, אַז די קראַפט פון געוויינהייט, די רוטין פון אַ פאַרהעלטניס- מעסיק „פרידלעכער" עוואָלוציע, די נאַציאָנאַלע פאַרורטיילן, דער פאַכעד פאַר שאַרפע איבערבראָכן און דער אומגלויבן אין אַזעלכע איבערבראָכן,—דאָס אַלץ האָט געשפּילט אַ ראָלע פון צוגאָב-סיבעס, וואָס האָבן פאַרשטאַרקט דעם אָפּאָרטוניזם און דאָס צוויעסדיקע און פאַכדאָנישע שאָלעם מאַכן מיט אים קלוימערשט נאָר אַף אַ ווײַלע, קלוימערשט נאָר מאַכמעס ספּעציעלע סיבעס

*) עטלעכע ביישפּילן פון דעם, ווי אַזוי די אימפּעריאַליסטן און די בורזשויען שעצן הויך דעם באַדייט פון די „גרויסמעכטיקע" און נאַציאָנאַלע פּריווילעגיעס אין פראַט פון צעשפּאַלטן די אַרבעטער און אָפּציען זיי פונם סאָציאַליזם. דער ענגלישער אימפּעריאַליסט לוקאַס אַנערקענט אין זיין ווערק „גרויסער רוים און גרויסבריטאַניע" (אָקספאָרד, 1912) די אומגלייכבאַרעכטיקונג פון די רויט- הויטיקע אין דער איצטיקער בריטאַנישער אימפּעריע (זייט 96-97) און באַמערקט: „אין אונזער אים- פּעריע, איז בעאייס די ווייסע אַרבעטער איניינעם מיט די רויטהויטיקע, אַרבעטן זיי ניט ווי באַווירים, נאָר דער ווייסער אַרבעטער איז גיכער אַ מין מאַשגיעך איבער דעם רויטהויטיקן (98).— דער געוועזענער סעקרעטאַר פונם אימפּערישן פאַרבאַנד קעגן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, ערווין בעלגער, לויבט אין זיין בראָשור: „די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע נאָך דער מילכאָמע" די אויפירונג פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, דערקלערנדיק, אַז זיי דאַרפן ווערן אַ „ריינע אַרבעטער-פאַרטיי", אַ „נאַציאָנאַלע", „דייטשישע אַרבעטער פאַרטיי" (45), אָן „איגטערנאַציאָנאַלע, אוטאָפּישע", „רעוואָלוציאָנערע" אידייען (44).—דער דייטשישער אימפּעריאַליסט סאַרטאָריאוס פאָן וואַלטערסהויזן, אין זיין בוך וועגן אַריינ- טאָן קאַפּיטאַל אין אויסלאַנד (1907), וואַרפט אויס די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אַז זיי איגנאָרירן דעם „נאַציאָנאַלן אינטערעס" (438). — וועלכער באַשטייט אין פאַרכאַפּן קאָלאָניעס — און לויבט די ענגלישע אַרבעטער פאַר זייער „רעאַליזם", פאַר זייער קאַמף, לעמאָשל, קעגן אימיגראַציע. — דער דייטשישער דיפּלאָמאַט—ריודאָרפער—שטרייכט אונטער אין זיין בוך וועגן די יעסוידעס פון דער וועלט- פּאָליטיק דעם אַלגעמיין באַוואוסטן פאַקט, אַז די אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פונם קאַפּיטאַל באַזייטיקט לאַכלוטן ניט דעם פאַרשאַרפטן קאַמף פון די נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלן פאַר דער מאַכט, פאַרן איינפלוס אַף דער „מערהייט אַקציעס" (161), און באַמערקט דערביי, אַז דערדאָזיקער פאַרשאַרפטער קאַמף ציט אַריין אויך די אַרבעטער (175). דער בוך האָט די דאַטע אָקטיאַבר 1913 יאָר, און דער מעכאַבער רעדט מיט פולשטענדיקער קלאָרקייט וועגן די „אינטערעסן פונם קאַפּיטאַל", ווי וועגן דער סיבע פון די איצטיקע מילכאָמעס. ער ווייזט אָן, אַז די פראַגע וועגן דער „נאַציאָנאַלער טענדענץ" ווערט „דער טשוואָק" פונם סאָציאַליזם (176), אַז די רעגירונגען האָבן ניט וואָס מוירע צו האָבן פאַר די אינטערנאַציאָנאַלע מאַניפעסטאַציעס פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן (177), וועלכע ווערן פאַק- טיש אַלץ מער נאַציאָנאַל (103, 110, 176). דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם וועט מענאַצייעך זיין דאַן, אויב ער וועט ארויסרייסן די אַרבעטער פון אונטער דער ווירקונג פון נאַציאָנאַליטעט, ווייל בלויז מיט געוואַלט אליין קאָן מען גאָרניט מאַכן. דער סאָציאַליזם וועט אָבער באַקומען די מאַפּאָלע- רוען דער נאַציאָנאַלער געפיל וועט באַקומען די אויבערהאַנט (173-174).

און ספעציעלע פאַלן. די מילכאָמע האָט מאָדיפיצירט דעמדאָזיקן אפּאָרטוניזם, וועלכער איז אויפגעצויגן געוואָרן אין אַ מעשעך פון צענדליקער יאָרן, האָט אים אויפגעהויבן אַף אַ העכערער מאַדרייגע, האָט פאַרגרעסערט די צאָל און די פאַרשיידנאַרטיקייט פון זיינע ניואַנסן, האָט פאַרמערט די רייען פון זיינע אָנהענגער און האָט זייערע ראַיעס באַרייכערט מיט אַסאַך נייע סאָפיזמען, האָט צונויפגעגאָסן, אַזוי צו זאָגן, מיטן גרונטשטראָם פונם אפּאָרטוניזם פיל נייע טיילכעלעך און שטראָמעלעך, נאָר דער גרונטשטראָם איז ניט פאַרשוואונדן געוואָרן. פאַרקערט.

דער סאָציאַל-שאָוויניזם—דאָס איז דער אָפּאָרטוניזם, וועלכער האָט דערגרייכט צו אַזאַ מאַדרייגע פון רייפקייט, אַז ס'איז געוואָרן אומעגלעך אַף ווייטער איבערלאָזן, ווי ביז אהער, דידאָזיקע בורזשואַזע מאַקע אינעווייניק אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

מענטשן, וועלכע ווילן ניט איינזעען די סאַמע ענגע און די סאַמע אום-צערייסלעכע פאַרבינדונג צווישן דעם סאָציאַל-שאָוויניזם מיטן אָפּאָרטוניזם, כאַפּן אויף איינצלנע פאַלן און „קאַזוסן" — אזא און אַזאַ אָפּאָרטוניסט איז געוואָרן אַ אינטערנאַציאָנאַליסט, און אַזאַ און אזא ראַדיקאַל איז געוואָרן א שאָוויניסט. דאָס איז דאָך אָבער פאָשעט ניט קיין ערנסטע ראַיע בענוגייע צו אַ פראַגע וועגן אנטוויקלונג פון ש ט ר ע מ ו נ ג ע ן. ערשטנס, איז די עקאָנאָמישע באַזע פונם שאָוויניזם און פונם אָפּאָרטוניזם אין דער ארבעטער-באַוועגונג איינע און דיזעלביקע: דער בונד פון א קליינער צאָל אויבערשטע שיכטן פראָלעטאַריער און קליינבירגער, וועלכע געניסן ברעקלעך פון די פּריווילעגיעס פון „זייער" נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל, קעגן דער מאַסע פּראָלעטאַריער, קעגן דער מאסע האָרעפאַשניקעס און ביכלאַל געדריקטע. צווייטנס, איז דער אידייאיש-פּאָליטישער אינהאַלט פון ביידע שטרעמונגען איינער און דערזעלביקער. דריטנס, איז די טיילונג פון די סאָציאַליסטן אַף א שטרעמונג אן אָפּאָרטוניסטישער און א שטרעמונג א רעוואָלוציאָנערער — די טיילונג, וועלכע איז, אין אַלגעמיין און אין גאנצן, כאַראַקטעריסטיש פאַר דער עפּאָכע פונם II אינטערנאַציאָנאַל (1914-1889), אַנטשפּרעכט דער נייער טיילונג אַף שאָוויניסטן און אינטערנאַציאָנאַליסטן.

קעדיי צו איבערצייגן זיך אין דער ריכטיקייט פון אָט דער לעצטער האַנאָכע, דאַרף מען געדענקען דעם קלאַל, אז אין דער געזעלשאַפט-וויסנשאַפט (ווי אין וויסנשאַפט ביכלאַל) גייט די רייד וועגן מאַסנדערשיינונגען און ניט וועגן איינצלנע פאַלן. נעמט די 10 אייראָפּעאישע לענדער: דייטשלאַנד, ענגלאַנד, רוסלאַנד, איטאַליע, האָלאַנד, שוועדן, בולגאַריע, שווייץ, פראַנקרייך, בעלגיע. אין די ערשטע אכט לענדער איז די נייע טיילונג פון די סאָציאַליסטן (לויטן אינטערנאַציאָנאַליזם) אנטשפּרעכט דער אַלטער טיילונג (לויטן אָפּאָרטוניזם): אין דייטשלאַנד איז די פעסטונג פונם אָפּאָרטוניזם — דער זשורנאַל „סאָציאַליסטישע מאָנאַטסהעפטע" — געוואָרן די פעסטונג פונם שאָוויניזם. די אידייען פונם אינטערנאַציאָנאַליזם ווערן אונטערגעהאַלטן דורך די עקסט לינקע. אין ענגלאַנד איז אין דער בריטאַנישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פאַראַן אן ערעך 3/7 אינטערנאַציאָנאַליסטן (לויט די לעצטע אויסרעכענונגען — 66 שטימען פאַר

אַ אינטערנאַציאָנאַליסטישער רעוואָלוציע און 84 — קעגן), און אינם בלאָק פון
די אָפּאָרטוניסטן (די אַרבעטער-פּאַרטיי + פּאַביאַנער + אומאָפּהענגיקע אַרבעטער-
פּאַרטיי) האָבן מיר אינטערנאַציאָנאַליסטן ווייניקער ווי איין זיבעטל *). אין רוס-
לאַנד איז דער גרונטקערן פון די אָפּאָרטוניסטן — די ליקווידאַטאָרישע „נאַ-
שאַ זאַריאַ" — געוואָרן דער גרונטקערן פון די שאָוויניסטן. פּלעכאַנאָוו מיט
אַלעקסינסקין פּילדערן נאָר, מיר ווייסן אָבער שוין לויט דער דערפאַרונג פון די
פינף יאָר 1910-1914, אַז זיי זיינען ניט פעאיק צו פירן א סיסטעמאַטישע פּראָ-
פּאַגאַנדע צווישן די מאַסן אין רוסלאַנד. דער גרונטקערן פון די אינטערנאַציאָ-
נאַליסטן אין רוסלאַנד — דאָס איז דער „פּראַוודיזם" און די רוסלענדישע סאָ-
ציאַל-דעמאָקראַטישע ארבעטער-פראַקציע, אלס א פאָרשטייערין פון די פאָרשריט-
לעכע אַרבעטער, וועלכע האבן צוריק אויפגעשטעלט די פּאַרטיי אין יאַנוואַר 1912 י.**).

אין איטאַליע איז די פּאַרטיי פון ביסאלאטי און קאָמפּ. — א ריין אָפּאָר-
טוניסטישע פּאַרטיי — געוואָרן אַ שאָוויניסטישע. דער אינטערנאַציאָנאַליזם איז
דאָרט פאַרטראָטן דורך דער אַ ר ב ע ט ע ר-פּאַרטיי. די מאַסן פון די אַרבעטער
זיינען פאַר דערדאָזיקער פּאַרטיי; די אָפּאָרטוניסטן, פּאַרלאַמענטאַריער, קליינ-
בירגער זיינען פאַרן שאָוויניזם. אין איטאַליע איז אין א מעשעך פון א גאַנצע
רייע כאַדאָשים מעגלעך געווען פריי מאַכן דעם אויסקלייב, און דער אויסקלייב
איז געמאַכט געוואָרן ניט צופעליק, נאָר בעהעסקעם מיט דער פאַרשיידנקייט
פון דער קלאַסן-לאַגע פונם פּראָלעטאַריער, דעם מאַסנמענטשן און פון די קליינ-
בירגערלעכע שיכטן.

אין האָלאַנד איז די אָפּאָרטוניסטישע פּאַרטיי פון טרולסטרע מאַכט שאָ-
לעם מיטן שאָוויניזם ביכלאַל (מע דארף זיך ניט לאָזן אָפּנאַרן מיט דעם, וואָס
אין האָלאַנד האָבן די קליינבירגער, פונקט ווי די גרויסבורזשואזיע, באַזונדערס
פיינט דייטשלאַנד, וועלכע איז פריער פאַר אַלץ פעאיק „איינצושלינגען" זיי).
אויסגעהאַלטענע, אויפריכטיקע, הייסע, איבערצייגטע אינטערנאַציאָנאַליסטן האָט
געגעבן די מאַרקסיסטישע פּאַרטיי מיט האָרטערן און פּאַנעקוקן בעראָש. אין
שוועדן איז דער אפּאָרטוניסטישער לידער בראַנטינג אויפגעבראַכט דערפון, וואָס
מע באַשולדיקט די דייטשישע סאָציאַליסטן אין פאַראַט, און דער פירער פון די
לינקע, העגלונד, דערקלערט, אַז צווישן זיינע אָנהענגער געפינען זיך מענטשן,
וועלכע האַלטן זיך פונקט בא אזא מיינונג וועגן די דייטשישע סאָציאַליסטן (זע „סאָ-
ציאַל-דעמאָקראַט" № 36). די בולגאַרישע „טעסניאַקעס", די קעגנער פונם
אָפּאָרטוניזם באַשולדיקן עפנטלעך אין זייער אָרגאַן „נאָוואָיע וורעמיאַ" די דייט-
שישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין דעם, אַז זיי „זיינען באַגאַנגען א מיעסקייט".

*) געוויינלעך פאַרגלייכט מען די „אומאָפּהענגיקע אַרבעטערפּאַרטיי" א ל יי ן מיט דער
„בריטאַנישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי". דאָס איז ניט ריכטיק. מיר דאַרפן נעמען ניט די אָרגאַניזאַ-
ציאָנעלע פאָרמען, נאָר די עצעם זאַך. נעמט די טעגלעכע צייטונגען: אזעלכע זיינען געווען צוויי —
איינע („דיילי העראלד") בא דער בריטאַנישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, די צווייטע („דיילי סיטי-
זען") באַם בלאָק פון די אָפּאָרטוניסטן. די טעגלעכע צייטונגען דריקן אויס די פאַקטישע ארבעט פון
פּראָפּאַגאַנדע, אגיטאַציע און אָרגאַניזאַציע.

**) יאַנווארער קאָנפערענץ 1912 יאָר.

אין דער שווייץ זיינען די אָנהענגער פונם אָפּאָרטוניסט גריילין נויטע צו פאַר-
טיידיקן די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן (זע זייער אָרגאַן, ציוריכער „פאָלקס-
רעכט"), און די אָנהענגער פונם מער ראַדיקאַלן ר. גרים האָבן פון דער בער-
נער צייטונג („בערנער טאָגוואַכט") געשאפן אן ארגאן פון די דייטשישע לינ-
קע. אַן אויסנאַם שטעלן פאָר נאָר 2 לענדער פון 10 — פראנקרייך און בעל-
גיע. נאָר אַפילע דאָ קאָנען מיר, אייגנטלעך, ניט זאָגן, אַז קיין אינטערנאַציאָ-
נאַליסטן איז קלאַל ניטאָ, נאָר זיי זיינען (טיילוויז מאַכמעס פולשטענדיק פאַר-
שטענדלעכע סיבעס) שוואַך און דערשלאָגן. מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז אַפּי-
לע וואליאַן גופע האָט זיך מוידע געווען אין „הומאַניטע", אַז ער באַקומט פון
זיינע לייענער בריוו מיט א אינטערנאַציאָנאליסטישער ריכטונג, נאָר קיין איי-
נעם ניט פון די דאָזיקע בריוו האָט ער ניט אָפּגעדרוקט אינגאַנצן!

אין אלגעמיין און אין גאַנצן גענומען (אויב מיר וועלן נעמען שטרע-
מונגען און ריכטונגען), איז אומעגלעך ניט צו מוידע זיין, אז גראָד דער אָפּאָר-
טוניסטישער פליגל פונם אייראָפּעאישן סאָציאַליזם האָט פאַראַטן דעם סאָציאַ-
ליזם און איז אַוועק צום שאָוויניזם. פון וואַנען האָט זיך גענומען די קראַפט
פונם שאָוויניזם, די לעפּאָנימדיקע אלמעכטיקייט זיינע אין די אָפּיציעלע פאַר-
טייען? קאַאוטסקי, וועלכער קען זייער גוט שטעלן היסטאָרישע פראַגן, באַ-
זונדערס ווען ס'רעדט זיך וועגן אלטן רוים און ענלעכע מאַטעריעס, וואָס זיי-
נען ניט שטאַרק נאָענט צום לעבעדיקן לעבן, — דערזעלביקער קאַאוטסקי מאַכט
איצט, ווען די זאַך איז נויגייע אים זעלבסט, א צוויעסדיקן אָנשטעל, אַז ער
פאַרשטייט דאָס קלוימערשט ניט. די זאַך איז אָבער קלאָר, וואָס קלאָרער קאָן
גאָר ניט זיין. די אָפּאָרטוניסטן און די שאָוויניסטן האָבן באַקומען א גיגאַנטי-
שע קראַפט נאָר אדאַנק זייער בונד מיט דער בורזשואַזיע, מיט די רעגירונ-
גען און מיט די גענעראַל-שטאַבן. בא אונז אין רוסלאַנד פאַרגעסט מען זייער
אָפט וועגן דעם און מע באַטראַכט די זאַך אף אַזאַ אויפן, אַז די אָפּאָרטוניסטן
זיינען אַ טייל פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, אַז שטענדיק זיינען געווען
און וועלן זיין אין די דאָזיקע פאַרטייען צוויי עקסטרעמע פליגלען, אַז די גאַנ-
צע זאַך באַשטייט אין דעם, אַז מע זאָל אויסמיידן „עקסטרעמקייטן" און אַז. וו.
און ד. ג., ווי מע שרייבט אין אַלע פיליסטערישע בריוונשטעלערס.

אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס, וואָס די אפּאָרטוניסטן געהערן פאָרמעל
צו די אַרבעטער-פאַרטייען, באַזייטיקט קלאַל ניט דעם פאַקט, אז אָביעקטיוו
זיינען זיי אַ פּאָליטישער באַטאַליאָן פון דער בורזשואַזיע, דורכפירער פון איר
ווירקונג, אירע אַגענטן אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. ווען דער העראָסטראַ-
טיש*) בארימטער אָפּאָרטוניסט זיודעקום האָט באַשיינפּערלעך דורכדעמאָנסטרירט
דעמדאָזיקן סאָציאַלן קלאַסן-עמעס, זיינען פיל גוטע, פרומע לייט נישטוימעם
געוואָרן. די פראַנצויזישע סאָציאליסטן און אויך פּלעכאַנאָוו האָבן אָנגעהויבן
טייטלען אַף זיודעקומען מיט די פינגער, — האַגאַם ס'וואָלט גענוג געווען, וואנ-

*) העראסטראַט — א נאָמען פון א גריך, וועלכער האָט, ווי ס'דערציילט די לעגענדע, פאַר-
ברענט דעם באַרימטן טעמפּל פון דער געטין דיאַנע פון עפעס, קעדיי אף אַזאַ אויפן בארימט צו
ווערן אין דער געשיכטע. העראסטראַטיש באַרימט — טרויעריק בארימט.

דערוועלדע, סאמבא און פלעכאַנאָוו זאָלן אַ קוק טאָן אין שפּיגל, אַז זיי זאָלן דאָרטן דערזעען ג ר א ד ז י ו ד ע ק ו מ ע ן, נאָר מיט עטוואָס אַן אַנדער נאַציאָנאַלער צורע. די דייטשישע צעקיסטן („פארשטאנד״), וועלכע ליבן קאַאוטסקין און וועלכע ווערן געליבט פון קאַאוטסקין, האָבן זיך געאיילט פאַרזיכטיק, באַשיידן און העפלעך צו דערקלערן (ניט אָנרופנדיק זיודעקומען), אַז זיי זיינען „ניט מאַסקים״ מיט זיודעקומס ליניע.

דאָס איז לעכערלעך, ווייל פאַקטיש אין דער פּראַקטישער פּאָליטיק פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט זיך זיודעקום אינם אַנטשיידנדיקן מאָמענט ארויסגעוויזן שטאַרקער פאַר הונדערטער האַאזעס און קאַאוטסקיס (פונקט ווי די איינע „נאַשאַ זאַריאַ״ איז שטאַרקער פאַר אַלע שטרעמונגען פונם ברוסעלער בלאָק*), וועלכע האָבן מוירע אָפּצושפּאַלטן זיך פון איר).

פאַרוואָס? טאָקע דערפאַר, וואָס הינטער זיודעקומס פּלייצעס שטייט די בורזשואַזיע, די רעגירונג און דער גענעראַל-שטאָב פון אַ גרויסער מלוכע. זיודעקומס פּאָליטיק האַלטן זיי אונטער אף טויזנטערליי אויפנים, און די פּאָליטיק פון זיינע קעגנער האַקן זיי אָפּ מיט קאָלערליי מיטלען, ביז אָפּשטעלנדיק זיך פאַר טפּיסעס און טויטשטראָפן. זיודעקומס שטים ווערט דורך דער בורזשואַזער פּרעסע צעטראָגן אין מיליאָנען עקזעמפּליאַרן צייטונגען (פונקט ווי די שטים פון וואַנדערוועלדען, סאמבאן, פלעכאַנאָוון), און די שטימען פון זיינע קעגנער קאָן מען ניט ה ע ר ן אין דער לעגאַלער פּרעסע, ווייל אף דער וועלט עקזיסטירט אַ מיליטערישע צענזור!

אַלע זיינען מאַסקים, אַז דער אָפּאָרטוניזם איז ניט קיין צופעליקייט, ניט קיין זינד, ניט קיין פאַרזעען, ניט קיין פאַראַט פון איינצלנע מענטשן, נאָר דאָס איז אַ סאָציאַלער פּראָדוקט פון א גאַנצער היסטאָרישער עפּאָכע. ניט אַלע אָבער טראַכטן זיך ארײַן אין דעם באַדייט פונם דאָזיקן עמעס. דער אָפּאָרטוניזם איז אויפגעצויגן געוואָרן דורכן לעגאַליזם. די אַרבעטער-פּאַרטייען אין דער עפּאָכע פון די יאָרן 1889—1914 האָבן באַדארפט אויסנוצן די בורזשואַזע לעגאַלישקייט. ווען ס'איז אָנגעקומען דער קריזיס, האָט מען באַדארפט איבערגיין צו אומלעגאַלער אַרבעט (און אַזאַ איבערגאַנג איז אומעגלעך דורכצופירן, סאידן מיט דער גרעסטער ענערגיע און אַנטשלאָסנקייט, פאַרבונדן מיט א גאַנצער רייע מיליטערישע האַמצאָעס). קעדיי ניט דערלאָזן צו אַזאַ איבערגאַנג, איז גענוג א י י ן זיודעקום, ווייל יענער האָט געהאַט פאַר זיך (אויב זיך אויסדריקן היסטאָריש-פילאָזאָפיש) די גאַנצע „אַלטע וועלט״, ווייל ער, זיודעקום, האָט שטענדיק (אויב זיך אויסדריקן פּראַקטיש-פּאָליטיש) ארויסגעגעבן און וועט שטענדיק אַרויסגעבן דער בורזשואַזיע אַלע מיליטערישע פּלענער פון איר קלאַסנסוינע.

ס'איז א פאַקט, אַז די גאַנצע דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי (דאָס איז נויגייע אויך די פראַנצויזן און אז. וו.) טוט נאָר דאָס, וואָס ס'איז אנגענעם פאַר זיודעקומען, אָדער דאָס, וואָס קאָן געדולדעט ווערן פון זיודע-

*) אלע ניט-באלשעוויסטישע גרופּירונגען אין דער רוסלענדישער סאצ. דעמאקראטיע, וועלכע זיינען צוזאמען ארויסגעטראטן קעגן לענינען באם אינטערנאציאנאלן סאצ. ביורא אין ברוסעל.

קומען. קיין שום אַנדער זאַך קאָן מען לעגאַל ניט טאָן. אלץ וואָס אין דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַרטיי ווערט געטאָן אָרנטלעכס, ווירקלעך סאָציאַליסטישעס, ווערט עס געטאָן קעגן אירע צענטרען, אויסמיידנדיק איר צענטראַלן קאָמיטעט און צענטראַלן אָרגאַן, ווערט געטאָן קעגן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער דיסציפּלין, ווערט געטאָן פראַקציאָנעל אינם נאָמען פון נייע אַנאָנימע צענטרען פון אַ נייער פאַרטיי, ווי ס'איז אנאָנים, לעמאָשל, דער אויפרוף פון די דייטשישע „לינקע", — דער אויפרוף, וועלכער איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „בערנער טאַגוואַכט" דעם 31 מאַי הייַנטיקס יאָר. פאַקטיש וואַקסט, פאַרשטאַרקט זיך, אָרגאַניזירט זיך אַ נייע פאַרטיי, וואָס איז ווירקלעך אַן אַרבעטער-פאַרטיי, וואס איז ווירקלעך א רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטיי, און ניט די אַלטע, צעפוילטע, נאַציאָנאַל-ליבעראַלע פאַרטיי פון לעגין—זיודעקום—קאַאוטסקי—האאזע, שיידעמאַן און קאָמפּ. *).

דעריבער האָט דער אָפּאָרטוניסט מאָניטאָר אינם קאָנסערוואַטיוון „פּרייסישן יאָרבוך" אומגערן אויסגעפּלאַפּלט אַזאַ טיפן היסטאָרישן עמעס, בעאייסער האָט דערקלערט, אַז פאַר די אָפּאָרטוניסטן (לייען: פאַר דער בורזשואַזיע) וואָלט געווען שעדלעך, ווען די איצטיקע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטיי וואלט געוואָרן רעכט,—ווייל דעמאָלט וואָלטן די אַרבעטער אַוועק פון איר. פאַר די אָפּאָרטוניסטן (און פאַר דער בורזשואַזיע) איז נויטיק גראָד די איצטיקע פאַרטיי, וועלכע פאַראייניקט דעם רעכטן און דעם לינקן פליגל, און וועלכע איז אפיציעל פאַרטראָטן דורך קאַאוטסקין, וועלכער וועט וואָס איר ווילט אין דער וועלט קאָנען פאַרענטפערן מיט גלאַטע און „עכט-מאַרקסיסטישע" פראַזן. אָפן וואָרט סאָציאַליזם, רעוואָלוציאָנערישקייט—פאַרן פאָלק, פאַר דער מאַסע, פאַר די אַרבעטער; אין דער ווירקלעכקייט אָבער—זיודעקומעריי, ד. ה. צושטיין צו דער בורזשואַזיע אין מאָמענט פון יעטווידן ערנסטן קריזיס. מיר זאָגן: יעטווידער קריזיס, ווייל ניט בלויז אין פאַל פון מילכאָמע, נאָר אויך אין פאַל פון יעטווידן ערנסטן פאָליטישן שטרייק איז אי דאָס „פעאָדאַלע" דייטשלאנד, אי דאָס „פריי-פאַרלאמענטאַרישע" ענגלאַנד אָדער פראַנקרייך פירן

---

*) עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש דאָס, וואס איז פאָרגעקומען פאַר דער היסטאָרישער אָפּשטימונג פון 4-טן אווגוסט. די אָפיציעלע פאַרטיי האָט דערויף אַרויפגעוואָרפן אַ דעקטוך פון קאַזיאָנער צוויעס: די מערהייט האָט באַשלאָסן און אַלע האָבן ווי איין מענטש געשטימט פאַר. אָבער שטרעבל האָט אין זשורנאַל „דער אינטערנאַציאָנאַל" דעמאַסקירט די צוויעס און דערציילט דעם עמעס. אין דער סאָציאַל-דעמאָקראטישער פראַקציע זייגען געווען צוויי גרופּעס, וועלכע זייגען געקומען מיט אַ פאַרטיקן אולטימאַטום, דאָס הייסט מיט א פראַקציאָנעלן, דאָס הייסט מיט א שפּאַלטערישן באַשלוס. איין גרופּע, די אָפּאָרטוניסטן, א מאַן 30, האָט באַשלאָסן אלנפאַלס צו שטימען פאַר; די צווייטע, די לינקע, א מאַן 15, האָט באַשטימט—ווייניקער פעסט—צו שטימען קעגן. ווען דער „צענטר", אדער די „בלאָטע", וועלכער האָט ניט געהאַט קיין שום פעסטע פּאָזיציע, האָט א שטים געטאָן מיט די אָפּאָרטוניסטן, זייגען די לינקע געבליבן צעקלאַפּט און... האבן זיך אונטערגעוואָרפן! די „איינקייט" פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראטיע איז לויטער צוויעס, וועלכע פאַרמאַסקירט פאַקטיש דאָס אומפאַרמיידלעכע אונטערוואַרפן זיך די אולטימאַטומס פון די אָפּאָרטוניסטן.

טייקעף איין קריג-צושטאַנדן אונטער דעם אָדער יענעם נאָמען. אין דעם קען ניט צווייפלען קיין איין מענטש, וועלכער געפינט זיך באַם געזונטן סייכל און באַם פעסטן זיקאָרן.

פון דאנען באַקומט זיך דער ענטפער אויף דער אויבנגעשטעלטער פראגע: ווי אזוי זאָל מען קעמפן מיטן סאָציאַל-שאָוויניזם. דער סאָציאַל-שאָוויניזם — דאָס איז אפּאָרטוניזם, וועלכער איז אויך אזוי פיל צייטיק געוואָרן, אַף אזוי פיל שטארק און כוצפּעדיק געוואָרן אין דער לאַנגדויעריקער עפּאָכע פונם לעפּיערעך „פרידלעכן" קאפיטאליזם, וועלכער האָט אויך אזוי פיל זיך באַשטימט אידייאיש-פּאָליטיש, וועלכער איז אויך אזוי פיל נאָענט זיך צונויפגעגאנגען מיט דער בורזשואַזיע און מיט די רעגירונגען, אז ס'איז געוואָרן אומעגלעך ווייטער צו ליידן אזא מין סאָרט שטרעמונג איינעווייניק אין די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ארבעטער-פּארטייען. אויב מע קאָן נאָך פּויעלן בא זיך צו טראָגן דינע און שוואכע זוילן, בעאייס ס'קומט אויס צו גיין איבער די קולטורעלע טראָטואַרן פון אַ קליין פּראָווינציעל שטעטל, איז אומעגלעך צו באַגיין זיך אָן דיקע, מיט טשוועקעס אונטערגעשלאָגענע זוילן, בעאייס מע גייט אין די בערג. דער סאָציאַליזם אין אייראָפּע איז שוין אַרויס פון דער לעפּיערעך פרידלעכער סטאַדיע, וועלכע איז באַגרעניצט מיט ענגע נאַציאָנאַלע גרעניצן. איניינעם מיט דער מילכאָמע פון די יאָרן 1914—1915 איז דער סאָציאַליזם אַריינגעטראָטן אין אַ סטאַדיע פון רעוואָלוציאָנערע מאַיסים, און ס'איז שוין אומבאַדינגט אָנגעקומען די צייט, אז מע זאָל פולשטענדיק רייסן מיטן אפּאָרטוניזם, מע זאָל אים אַרויסטרייבן פון די אַרבעטערפּאַרטייען.

ס'פאַרשטייט זיך, אז דידאָזיקע באַשטימונג פון די אויפגאַבן, וואָס עס שטעלט פאַרן סאָציאַליזם די נייע עפּאָכע פון אַלוועלטלעכער אַנטוויקלונג, ווייזט נאָך ניט אָן דירעקט, מיט וואָס פאַר אַ שנעלקייט און פונקט אין וואָס פאַר אַ פאָרמען וועט אין באַזונדערע לענדער גיין דער פּראָצעס פונם אָפּטיילן די רעוואָלוציאָנער-סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבעטערפּאַרטייען פון די קליינבירגערלעך-אפּאָרטוניסטישע. דערפון שטאַמט אָבער די נויטיקייט זיך קלאָר צו מאַכן, אַז אַזאַ מין אָפּטיילן איז אומפאַרמיידלעך, און גראָד אין דער ריכטונג דאַרף געוועדעט ווערן די גאַנצע פּאָליטיק פון די אַרבעטערפּאַרטייען. די מילכאָמע פון די יאָרן 1914—1915 איז אַזאַ קאָלאָסאַלער איבערבראָך אין דער געשיכטע, אז די באַציאונג צום אפּאָרטוניזם קאָן ניט בלייבן די אייגענע, וואס ביז אַהער. מע קאָן ניט פאַרעכענען פאַר ניט-געווען דאָס, וואָס איז פאַקטיש געווען, און ס'איז אומעגלעך אויסצושטרייכן הען פונם באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער, הען פון דער דערפאַרונג פון דער בורזשואַזיע, הען פון די פּאָליטישע דערגרייכונגען פון אונזער עפּאָכע ביכלאל דעם פאַקט, אז די אפּאָרטוניסטן זיינען אין אַ מאָמענט פון קריזיס געוואָרן דער קערן פון יענע עלעמענטן אינעווייניק אין די אַרבעטערפּאַרטייען, וועלכע זיינען אַריבערגעגאַנגען אַף דער זייט פון דער בורזשואַזיע. דער אפּאָרטוניזם — אויב מיר וועלןריידן אין אַן אַלגעמיין-אייראָפּעאישן מאַסשטאַב — איז ביז דער מילכאָמע געווען, אַזוי צו זאָגן, אין אַ יוגנט-צושטאַנד. מיט דער מילכאָמע איז ער ענדגילטיק רייף געוואָרן, און מאַכן אים

ווידער „אומשולדיק״ און יונג איז אומעגלעך. ס׳איז צייטיק געוואָרן אַ גאַנצער געזעלשאַפטלעכער שיכט פון פאַרלאַמענטאַריער, זשורנאַליסטן, באַאַמטע פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, פּריווילעגירטע אָנגעשטעלטע און אייניקע שיכטלעך פונם פּראָלעטאַריאַט, — אַ גאַנצער געזעלשאַפטלעכער שיכט, וועלכער איז זיך צונויפגעוואַקסן מיט זיין נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע, און וועלכן דידאָזיקע בורזשואַזיע האט גוט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן און „צוצופּאַסן״. א קער טאָן זיך אַף צוריק, אָדער אָפּשטעלן די רעדער פון דער געשיכטע — איז אומעגלעך. מע דאַרף און מע מוז גיין אָן מוירע פאָרויס, פון די לעגאַלע, צוגרייטונגס-אָרגאַניזאַציעס פונם אַרבעטערקלאַס, וואס זיינען אריינגעפאלן אין געפענגעניש בא די אפּאָרטוניסטן, צו רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציעס פונם פּראָלעטאריאט, וועלכע פארשטייען ניט צו באגרעניצן זיך מיט לעגאלישקייט, וועלכע זיינען פעאיק צו באשיצן זיך פון אפּאָרטוניסטישן פאראט, — צו די רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציעס פון דעם פּראָלעטאריאט, וועלכער טרעט אריין אין „קאמף פאר מאכט״, אין קאמף פאר אראָפּוואַרפן די בורזשואזיע.

דערפון איז, אגעוו, צו זעען, ווי ניט ריכטיק ס׳קוקן אף דער זאך די, וואָס פארבלענדן זייער באוואוסטזיין און דעם באוואוסטזיין פון די ארבעטער מיט דער פראגע, וואָס טוט מען מיט די און די אָנגעזעענסטע אווטאָריטעטן פונם II אינטערנאציאָנאל, — מיט געדן, פּלעכאנאָוון, קאאוטסקין און אז. וו. אין דער ווירקלעכקייט עקזיסטירט דאָ קיין שום פראגע ניט: אויב זיי, דידאָזיקע מענטשן, וועלן ניט פארשטיין די נייע אויפגאבן, וועלן זיי מוזן אָדער בלייבן אָן אַ זייט, אָדער אויך ווייטער זיין אין דערזעלביקער געפענגעניש באַ די אפּאָרטוניסטן, אין וועלכער זיי געפינען זיך איצט. אויב אָבער דידאָזיקע מענטשן וועלן זיך באַפרייען פון זייער „געפענגעניש״, וועלן זיך מיסטאָמע ניט באגעגענען קיין פּאָליטישע מעניעס דערצו, אז זיי זאָלן זיך אומקערן צוריק אין לאַגער פון די רעוואָלוציאָנערן. אַלנפאַלס איז אָן אומזין צו פאַרבייטן די פראַגע וועגן קאַמף פון שטרעמונגען און וועגן בייטן זיך פון עפּאָכעס אין דער אַרבעטער-באַוועגונג אַף אַ פראַגע וועגן דער ראָלע פון איינצלנע פערזאָנען.

## VIII

די לעגאַלע מאַסן-ארגאַניזאַציעס פונם ארבעטערקלאַס זיינען עפּשער דער סאַמע וויכטיקסטער אונטערשייד-סימען פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען אין דער עפּאָכע פונם II אינטערנאַציאָנאַל. אין דער דייטשישער פארטיי זיינען די-דאָזיקע לעגאַלע מאַסן-אָרגאַניזאַציעס געווען שטאַרקער ווי אומעטום, דעריבער האָט דאָ די מילכאָמע פון די יאָרן 1914-1915 באַשאַפן דעם שטאַרקסטן איבער-בראָך, האָט דאָ געשטעלט די פראַגע שאַרפער, איידער ערגעץ-וואו. ס׳איז קלאָר, אז דער איבערגאנג צו רעוואָלוציאָנערע מאַיסים וואָלט געבראכט דערצו, אז די פּאָליציי וואָלט פאַרמאַכט די לעגאלע אָרגאַניזאַציעס, און די אלטע פאַרטיי — פון לעגינען ביז קאַאוטסקין איינגעשלאָסן—האָט מאַקריוו געווען די רעוואָ-לוציאָנערע צילן פונם פּראָלעטאַריאט, קעדיי צו פאַרהיטן די איצטיקע לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס. דער פאַקט בלייבט א פאַקט, וויפל מע זאָל זיך ניט באַמיען

דאָס אָפּצולייקענען. פאַר אַ טאָפּ לינזן פון די אָרגאַניזאַציעס, וואָס דער איצ־טיקער פּאָליציייאישער געזעץ האָט דערלויבט, האָט מען פאַרקויפט דאָס רעכט פונם פּראָלעטאַריאַט אױף רעוואָלוציע.

נעמט די בראָשור פון לעגינען, פונם פירער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין דייטשלאַנד: „פאַרוואָס דאַרפן די באַאַמטע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען נעמען אַ גרעסערן אַנטייל אינם אינעווייניקסטן לעבן פון דער פּאַרטיי?“ (בערלין 1915). דאָס איז אַ פאָרטראַג, וועלכן דער מעכאַבער האָט געלייענט דעם 27־טן יאַנוואַר 1915 יאָר אױף דער פאַרזאַמלונג פון די באַאַמטע פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. לעגין האָט דורכגעלייענט אין זיין פאָרטראַג און האָט איבערגעדרוקט אין זיין בראָשור איינעם זייער אַ אינ־טערעסאַנטן דאָקומענט, וועלכן די מיליטערישע צענזור וואָלט אַנדערש קיינמאָל ניט דורכגעלאָזט. דערדאָזיקער דאָקומענט — אַזוי גערופענער „מאַטעריאַל פאַר רעפערענטן פונם באַצירק נידערבאַרנים“ (אַ פאָרשטאָט פון בערלין) — פאָרמו־לירט די מיינונגען פון די לינקע דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, דעם פּראָ־טעסט זייערן קעגן דער פּאַרטיי. די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, — אַזוי ווערט געזאָגט אינם דאָזיקן דאָקומענט, — האָבן ניט פאָרויסגעזעען און האָבן ניט געקאָנט פאָרויסזעען איין פאַקטאָר, דהאינו: „אַז די גאַנצע אָרגאַ־ניזירטע קראַפט פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן זיך געשטעלט אױפן צד פון דער קריגפירנ־דיקער רעגירונג, אַז דידאָזיקע גאַנצע קראַפט איז אויסגענוצט געוואָרן מיטן צוועק צו דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פון די מאַסן (34־טע זייט פון לעגינס בראָשור).

דאָס איז פולקום עמעס. עמעס איז אויך די ווייטערדיקע באַהויפּטונג פונם זעלביקן דאָקומענט:

„די אָפּשטימונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע דעם 4־טן אויגוסט האָט באַדייט, אַז אַן אַנדער מיינונג איז אין דעם פאַל אַפילו, ווען זי זאָל זיין טיף איינגעוואָרצלט אין די מאַסן, וואָלט זיך געקאָנט דורכלייגן אַ וועג נאָר ניט אונטער דער אָנפירונג פון דער אויסגעפּרוּווטער פּאַרטיי, און בלויז קעגן דעם ווילן פון די פּאַרטייאישע אינסטאַנצן, בלויז נאָכן בייקומען דעם ווידערשטאַנד פון דער פּאַרטיי און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען (דאָרטן).

אויך דאָס איז פולשטענדיק עמעס.

„ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע וואָלט דעם 4־טן אויגוסט אויסגעפילט איר כויוו, וואָלט די אויסנווייניקסטע פאָרם פון דער אָרגאַניזאַציע אוודאי פאַרניכטעט געוואָרן, נאָר דער גייסט וואָלט געבליבן, יענער גייסט, וועלכער האָט אין דער צייט פונם אויסנאַם־געזעץ באַגייסטערט די פּאַרטיי און האָט איר געהאָלפן באַזייטיקן אַלע מעניעס“ (דאָרטן).

אין לעגינס בראָשור ווערט אַנגעוויזן, אַז יענע קאָמפּאַניע „פירער“, וועלכע ער האָט צונויפגעקליבן אױף אויסצוהערן זיין פאָרטראַג, און וועלכע ווערט אַנגערופן אָנפירער, באַאַמטע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, — דידאָזיקע

קאָמפּאַניע האָט זיך געשטיקט פּאַר געלעכטער, בעאייס זי האָט דאָס אַלץ געהערט. פּאַר זיי איז געווען לעכערלעך דער געדאַנק וועגן דעם, אַז מע קאָן און מע דאַרף שאַפֿן אומלעגאַלע (ווי אין דער צייט פֿונם אויסנאַם-געזעץ) רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס אין אַ מאָמענט פֿון קריזיס. און לעגין, ווי דער געטרייסטער וואַך-הונט פֿון דער בורזשואַזיע, האָט זיך געשלאגן אין האַרצן און אויסגעשריען:

„דאָס איז בעפיידעש אַן אַנאַרכיסטישער געדאנק! אויפרייסן די אָרגאַניזאַציעס, קעדיי איבערגעבן אין די הענט פֿון די מאַסן די לייזונג פֿון דער פֿראַגע. באַ מיר איז קיין סאָפעק ניט, אַז דידאָזיקע אידייע איז אַן אַנאַרכיסטישע”.

„ריכטיק!” האבן געשריען אין איין קאָל (דאָרטן, זייט 37) די לאַקייען פֿון דער בורזשואַזיע, וועלכע רופֿן זיך פֿירער פֿון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס פֿונם אַרבעטער-קלאַס.

א באָלערעוודיק בילד. מענטשן זיינען אַף אַזוי פיל פֿאַרדאָרבן און פֿאַרטעמפּט דורך דער בורזשואַזער לעגאַלישקייט, אַז זיי זיינען ניט אימשטאַנד אפילע צו פֿאַרשטיין דעם געדאַנק וועגן דער נויטיקייט פֿון אַנדערע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס אַף אָנצופירן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף. מענטשן זיינען דערגאַנגען דערצו, אז זיי האָבן זיך איינגערעדט, אַז די לעגאַלע פֿאַרייִנען, וואס עקזיסטירן לויט פּאָליציייאישע דערלויבענישן, זיינען קלוימערשט דער גרעניץ, וועלכן מע טאָר ניט איבערטרעטן, — אַז ס׳איז קלוימערשט ביכלאַל מעגלעך אין אַ צייט פֿון קריזיס אייַנהאַלטן אַזעלכע פֿאַרייִנען, ווי אָנפירנדיקע פֿאַרייִנען. אָט האָט איר די לעבעדיקע דיאַלעקטיק פֿון די אָפּאָרטוניסטן: דער פּאָשעטער וואוקס פֿון לעגאַלע פֿאַרייִנען, די פּאָשעטע געוויינהייט פֿון טעמפּלעכע, נאָר אָרנטלעכע פיליסטערס צו באַגרעניצן זיך מיט קאָנטאָרישער בוכפירונג, — דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אין אַ מאָמענט פֿון קריזיס זיינען דידאָזיקע געוויסנהאַפטע קלייַנבירגער געוואָרען פֿעלשער, פֿאַרעטער, דערשטיקער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע באַ די מאַסן. און דאָס איז ניט קיין צופעליקייט. אַריבערגיין צו אַ רעוואָלוציאנערער אָרגאַניזאַציע איז נויטיק, דאס פֿאָדערט די אומגעענדערטע היסטארישע סיטואַציע, דאס פֿאָדערט די עפּאָכע פֿון רעוואָלוציאָנערע מאַיסים פֿונם פּראָלעטאַריאַט, — דערדאָזיקער איבערגאַנג איז אָבער מעגלעך נאר איבער די קעפּ פֿון די אַלטע פירער, פֿון די דערשטיקער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע, אַיבערן קאָפּ פֿון דער אַלטער פּאַרטיי, דורך צעשטערן זי.

און די קאָנטר-רעוואָלוציאנערע קלייַנבירגער גוואַלדעווען, פֿאַרשטייט זיך: „אַנאַרכיזם”, פּונקט ווי דער אָפּאָרטוניסט עד. דאוויד האָט געגוואַלדעוועט וועגן „אַנאַרכיזם”, בעאייס ער האָט געזידלט קאַרל ליבקנעכטן. ערלעכע סאָציאַליסטן זיינען אין דייטשלאנד, ווייזט אויס, פֿאַרבליבן נאָר יענע פירער, וואָס די אָפּאָרטוניסטן זידלען און באַשולדיקן זיי אין אַנאַרכיזם...

לאָמיר נעמען דאס מאָדערנע מיליטער. אט דאס איז איינער פֿון די גוטע מוסטערן פֿון אָרגאַניזאַציע. און גוט איז דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע בלויז דערמיט,

וואס זי איז בויגעוודיק און קאָן דערביי מיליאָנען מענטשן געבן אן איינהייטלעכן ווילן. היינט זיצן דידאָזיקע מיליאָנען באַ זיך אין דער היים אין פאַרשיידענע עקן פונם לאַנד. מאָרגן איז אַ באַפעל וועגן מאָביליזאַציע—און זיי האבן זיך צונויפגעזאַמלט אין די באַשטימטע פונקטן. היינט ליגן זיי אין די טראַנשייען, ליגן אָפטמאָל כאַדאָשים-לאַנג, מאָרגן גייען זיי שוין אין אַן אַנדער אָרדענונג אין שטורעם. היינט באַווייזן זיי וואונדער, באַהאַלטנדיק זיך אויס פון די קוילן און פון שראַפּנעלן. מאָרגן באַווייזן זיי וואונדער אין אַן אָפענער שלאַכט. היינט פאַרלייגן זייערע אַוואַנגאַרדן מינעס אונטער דער ערד, מאָרגן רוקן זיי זיך איבער אַף צענדליקער ווירָסט, לויט די אָנווייזונגען פון די אַוויאַטאָרן, וועלכע פליען איבער דער ערד. אָט דאָס הייסט אָרגאַניזאַציע, ווען צוליב איין ציל, באַגייסטערט מיט איין ווילן, בייטן מיליאָנען מענטשן די פאָרם פון זייער פאַרקער צווישן זיך און די פאָרם פון זייער האנדלונג, בייטן דאס אָרט און די מעטאָדן פון זייער טעטיקייט, בייטן דאס געצייג און דאס געווער בעהעסקעם מיט די אומגעענדערטע אומשטענדן און לויט די באַדערפענישן פונם קאַמף.

דאָס אייגענע באַציט זיך צום קאַמף פונם אַרבעטערקלאַס קעגן דער בורזשואַזיע. היינט איז נאָך ניטאָ קיין רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע, ניטאָ נאָך קיין באַדינגונגען פאַר אַן אויפרודערונג באַ די מאַסן, פאר פארשטארקן זייער אַקטיווקייט, היינט גיט מען דיר אין האנט אַריין דעם וואַל-ביולעטען—נעם אים, זיי אימשטאנד צו אָרגאַניזירן זיך, קעדיי דו זאָלסט מיטן דאָזיקן ביולעטען קלאַפּן דיינע סאָנים, אָבער ניט צוליב דורכפירן אין פארלאמענט אף וואַרימע ערטלעך אַזעלכע מענטשן, וואס כאַפּן זיך פארן דעפוטאַטן-שטול, ווייל זיי האָבן מוירע פאר טפּיסע. מאָרגן האט מען בא דיר אָפּגענומען דעם וואַל-ביולעטען, און מע האט דיר אין די הענט אריין געגעבן א ביקס און אן אויסגעצייכנטן שנעלשיסנדיקן האַרמאַט, וואס איז אויפגעשטעלט לויטן לעצטן וואָרט פון מאַשינען-טעכניק,—נעם דאָסדאָזיקע געווער פון טויט און צעשטערונג, הער זיך ניט צו צו די סאַנטימענטאַלע קלאָגמוטערס, וואס שרעקן זיך פאר מילכאָמע; אף דער וועלט איז נאָך צופיל פאַרבליבן אַזוינס, וואָס מוז פאַרניכטעט ווערן דורך פייער און אייזן צוליב דער באַפרייאונג פונם אַרבעטערקלאַס. און אויב בא די מאַסן וואַקסט אָן צאָרן און פאַרצווייפלונג, אויב ס'איז פאַראַן אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע, זיי גרייט צו שאַפן נייע אָרגאַניזאַציעס און לאָזן אין גאַנג דאָסדאָזיקע נוצלעכע ווערקצייג פון טויט און צעשטערונג קעגן דיין רעגירונג און קעגן דיין בורזשואַזיע.

דאס איז ניט קיין גרינגע זאַך, ניטאָ וואס צו ריידן. דאס וועט פאָדערן שווערע צוגרייטונגס-מאַיסים. דאס וועט פאָדערן גרויסע קאָרבאָנעס. דאס איז א נייע אַרט אָרגאַניזאַציע און קאַמף, וואס מע דאַרף עס ערשט אויסלערנען, און די לערע גיט זיך ניט אָן פעלערן און אָן דורכפאַלן. דידאָזיקע אַרט קלאַסנקאַמף באַציט זיך אַזוי צום אָנטייל נעמען אין די וואַלן, ווי דאָס שטורמעווען באַציט זיך צו מאנעוורען, צו פעלדמאַרשן, צום ליגן אין די טראנשייען. דידאָזיקע אַרט קאמף ווערט אין דער געשיכטע געשטעלט אפן

טאָג-סיידער זייער ניט אָפּט, — אָבער זיין באַדייט און זיינע רעזולטאַטן פאַרשפּרייטן זיך אַף צענדליקער יאָרן. יענע טעג, ווען מע מעג און מע קאָן אין סיידער פונם קאַמף אוועקשטעלן אַזעלכע קאַמף-מעטאָדן, זיינען געגליכן צו צוואַנציקער יאָרן פון אַנדערע היסטאָרישע עפּאָכעס.

פאַרגלייכט ק. קאַאוטסקין מיט ק. לעגינען.

„קאָלזמאַן די פאַרטיי איז געווען אַ קליינע, — שרייבט קאַאוטסקי, — האָט יעדער פּראָטעסט קעגן מילכאָמע געווירקט אין פּראָפּאַגאַנדיסטישן הינזיכט ווי אַ מוטיקער אַרויסטריט... די אויפפירונג פון די רוסישע און סערבישע כאַוויי-רים אין דער לעצטער צייט האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינע אַנערקענונג. וואָס שטאַרקער אָבער ס'ווערט די פאַרטיי, אַלץ מער איז אין די מאָטיוון פון אירע באַשלוסן ווערן די פּראָפּאַגאַנדיסטישע האַשאָרעס איבערגעפלאָכטן מיטן דיסקאָנט פון די פּראַקטישע רעזולטאַטן, אַלץ שווערער ווערט אָפּצושאַצן אין אַ גלייכער מאָס ביידע קאַטעגאָריעס מאָטיוון, און ניט צו רעכענען זיך סאַי מיט די סאַי מיט יענע איז אומעגלעך. דעריבער איז וואָס שטאַרקער מיר ווערן, אַלץ גרינגער קומען אויף צווישן אונז כלוקעדייעס באַ יעדער נייער קאָמפּליצירטער סיטואַציע" („אינטערנאַציאָנאַלישקייט און מילכאָמע", זייט 30).

פון די לעגינישע כקירעס אונטערשיידן זיך דידאָזיקע כקירעס פון קאַ-אוטסקין בלויז מיט זייער צוויעסדיקייט און פאַכדאָנישקייט. אין עצעם גענו-מען, האַלט קאַאוטסקי אונטער און באַרעכטיקט דאָס, וואָס די לעגינס זאָגן זיך נידערטרעכטיק אָפּ פון רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, נאָר ער מאַכט עס שטילערהייט, ער זאָגט עס ניט אַרויס באַשטימט, ער פאַטערט דאָס אָפּ מיט רעמאַזים און באַגרעניצט זיך דערמיט, וואָס ער בויגט זיך סאַי אין דער זייט פון לעגינען און סאַי אין דער זייט פון דער רעוואָלוציאָנערער אויפפירונג פון די רוסן. אַזאַ מין באַציאונג צו די רעוואָלוציאָנערן זיינען מיר, רוסן, געוויינט געוואָרן צו באַגעגענען בלויז מיצאַד די ליבעראַלן: די ליבעראַלן זיינען שטענ-דיק גרייט צו אָנערקענען די „מוטיקייט" פון די רעוואָלוציאָנערן, נאָר פונ-דעסטוועגן וועלן זיי (די ליבעראַלן) אין קיין פאַל זיך ניט אָפּזאָגן פון זייער אַרכי-אָפּאָרטוניסטישער טאַקטיק. רעוואָלוציאָנערן, וועלכע אַכטן זיך זעלבסט, וועלן ניט אָנעמען פון קאַאוטסקין קיין „אַנערקענונג" און וועלן מיט צאָרן אָפּוואַרפן אַזאַ מין שטעלונג פון דער פראַגע. אויב קיין רעוואָלוציאָנערע סי-טואַציע איז ניט געווען, אויב ס'איז קיין כויוו ניט געווען צו פריידיקן רעוואָ-לוציאָנערע מאַיסים, דאַן איז די אויפפירונג פון די רוסן און פון די סערבן ניט קיין פּאַסיקע, דאַן איז זייער טאַקטיק ניט קיין ריכטיקע. זאָלן אַזעלכע העלדן, ווי לעגין און קאַאוטסקי, האָבן אַלקאָלפּאָנים מוט אַרויסצוזאָגן זייער אייגענע מיינונג, זאָלן זיי עס אַרויסזאָגן אָפן.

אויב אָבער די טאַקטיק פון די רוסישע און סערבישע סאָציאַליסטן פאַר-דינט „אַנערקענונג", דאַן איז ניט דערלאָזבאַר, דעמאָלט איז פאַרברעכעריש צו באַרעכטיקן די הייפּעכדיקע טאַקטיק פון די שטאַרקע פאַרטייען, פון דער דייטשישער, פראַנצויזישער און אַז. וו. מיט דער הילף פון אַ בעקיוון אומ-קלאָרן אויסדרוק: „פּראַקטישע רעזולטאַטן" האָט קאַאוטסקי פאַרדעקט דעם פּאַ-

שעטן עמעס, אַז די גרויסע און די שטאַרקע פּאַרטייען האָבן זיך דער־שראָקן, אַז די רעגירונג זאָל ניט פאַנאַנדערלאָזן זייערע אָרגאַניזאַציעס, מע זאָל ניט פאַרכאַפּן זייערע קאַסעס, מע זאָל ניט אַרעסטירן זייערע פירער. דאָס באַטייט, אַז מיט מאָטיוון פון אומאָנגענעמע „פראַקטישע רעזול־טאַטן" פון דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק באַרעכטיקט קאַאוטסקי די פעלשונג אינם סאָציאַליזם. צי הייסט דאָס דען ניט פראָסטיטואירן דעם מאַרקסיזם?

מע וואָלט אונז אַרעסטירט — אַזוי האָט, ווי מע דערציילט, דערקלערט אַף אַן אַרבעטער־פאַרזאַמלונג אין בערלין איינער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע דעפּוטאַטן, וועלכע האָבן דעם 4־טן אַווגוסט געשטימט פאַר די קרעדיטן. און די אַרבעטער האָבן אַלס אַן ענטפער דערויף געשריען: „נו, וואָס זשע פאַר אַן אומגליק וואָלט דאָ געווען?"

אויב מע פאַרמאָגט ניט קיין אַנדער סיגנאַל אַף איבערצוגעבן די אַר־בעטער־מאַסן אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך די רעוואָלוציאָנערע שטימונ־גען און געדאַנקען וועגן דער נויטיקייט צוגרייטן רעוואָלוציאָנערע מאַסים, וואָלט דער אַרעסט פון אַ דעפּוטאַט פאַר אַ דרייסטער רעדע געקאָנט שפּילן אַ נוצלעכע ראָלע פון אַן עפנטלעכן רוף צום פּראָלעטאַריאַט פון פאַרשיידענע לענדער, ער זאָל זיך פאַרייניקן אין רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. אזאַ פאַ־רייניקונג איז ניט קיין גרינגע זאַך: דעריבער טאַקע זיינען גראָד די דעפּוטאַטן, וועלכע שטייען פון אויבן און וועלכע זעען די גאַנצע פּאָליטיק, נאָך מער מעכויעוו געווען צו נעמען אַף זיך די איניציאַטיוו.

ניט נאָר אין אַ צייט פון מילכאָמע, נאָר באַ יעטווידער פאַרשאַרפונג פון דער פּאָליטישער לאַגע, און ווער שמועסט בעאייס וואָסערע ס׳ניט איז רעוואָ־לוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פון די מאַסן, וועט די רעגירונג פונם סאַמע פרייען בורזשואַזן לאַנד אומבאַדינגט דראָען, אַז זי וועט פאַנאַנדערלאָזן די לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס, וועט פאַרכאַפּן די קאַסעס, וועט אַרעסטירן די פירער און אַנדערע „פראַקטישע רעזולטאַטן" פון דעמזעלביקן אַרט. וואָס זשע טוט מען? צי זאָל מען עפּשער אַף דעם סמאַך באַרעכטיקן די אָפּאָרטוניסטן, ווי דאָס טוט קאַאוטסקי? דאָס וואָלט אָבער הייסן מאַסקים זיין אַף דעם, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין נאַציאָנאַל־ליבע־ראַלע אַרבעטערפּאַרטייען.

פאַר אַ סאָציאַליסט קאָן דאָ דער אויספיר זיין בלויז איינער: דער ריי־נער לעגאַליזם, דער בלויז־לעגאַליזם פון די „אייראָפּעאישע" פּאַרטייען האָט זיך זעלבסט אויסגעלעבט און איז אַדאַנק דער אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם אין דער פאַר־אימפּעריאַליסטישער סטאַדיע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַזע פאַר אַ בורזשואַזער אַרבעטער־פּאָליטיק. ס׳איז נויטיק דעם לעגאַליזם צו דער־גאַנצן אַף אַזאַ אויפן, אַז ס׳זאָל געשאַפן ווערן אַן אומלעגאַלע באַזע, אַן אומ־לעגאַלע אָרגאַניזאַציע, אַן אומלעגאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעט, דערביי דאַרף מען ניט אָפּגעבן קיין איין לעגאַלע פּאָזיציע. ווי אַזוי דאַרף דאָס גע־טאָן ווערן — דאָס וועט אונז ווייזן די דערפאַרונג, וואָלט נאָר געווען אַ כיישעק צו שטעלן זיך אַפן דאָזיקן וועג, וואָלט נאָר געווען דאָס באַוואוסטזיין,

אַז אַזאַ וועג איז נויטיק. די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון רוסלאַנד אין די יאָרן 1912—1914 האָבן באַוויזן, אַז דידאָזיקע אויפגאַבע קאָן געלייזט ווערן. דער אַרבעטער-דעפּוטאַט מוראַנאָוו, וועלכער האָט זיך בעסער פון די אַלע איבעריקע געהאַלטן אין געריכט, און וועלכער איז דורכן צאַריזם פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, האָט באַשיינפּערלעך באַוויזן, אַז אַכוץ דעם פאַרלאַמענטאַריזם דעם מיניסטעריאַבעלישן (פון הענדערסאָנען, סאַמבאָן, וואַנדערוועלדען ביז זיודעקומען און שיידעמאַנען, וועלכע זיינען אויך פולשטענדיק און פולשטענדיק מיניסטעריאבעלישע, נאָר ווייטער פונם פאָדערצימער לאָזט מען זיי ניט אַריין!) איז פאַראַן נאָך אַ פאַרלאַמענטאַריזם, אַן אומלעגאלער און אַ רעוואָלוציאָנערער. זאָלן זיך די קאָסאָוווסקיס און די פּאָטרעסאָווס קוויקן מיטן „אייראָפּעאישן“ פאַרלאַמענטאריזם פון די לאַקייען אָדער פּאָשעט שאָלם מאַכן מיט אים, — מיר אבער וועלן ניט מיד ווערן איבערצוכאַזערן פאַר די אַרבעטער, אַז אַזאַ מין לעגאַליזם, אַז אַזאַ מין סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ווי פון די לעגינס, קאַאוטסקיס און שיידעמאנעס, פאַרדינען בלויז פאראכטונג.

IX

מיר פירן אונטער די סאכאקלען.

דער קראַך פונם II אינטערנאציאָנאַל האָט זיך בוילעטער פון אַלץ ארויסגעוויזן אין דער שרייענדיקער פעלשונג, וואָס די מערהייט פון די אָפּיציעלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פארטייען פון אייראָפּע האבן געפעלשט אין זייערע אייגענע איבערצייגונגען, אין זייערע אייגענע פייערלעכע רעזאלוציעס אין שטוטגאַרט און אין באַזעל. דערדאָזיקער קראַך אָבער, וועלכער באַווייזט, אַז דער אָפּאָרטוניזם האָט אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן ניצאָכן, און אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נאַציאָנאַל-ליבראַלע אַרבעטערפּאַרטייען, — דערדאָזיקער קראַך איז אַ רעזולטאַט פון דער גאַנצער היסטאָרישער עפּאָכע פונם II אינטערנאציאָנאַל, פונם סאָף פונם XIX און פונם אָנהויב פון XX יאָרהונדערט. די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון דערדאָזיקער עפּאָכע — אַן איבערגאַנג-עפּאָכע פון בורזשואַזע און נאַציאָנאַלע רעוואָלוציעס אין מאַירעוו-אייראָפּע צו אַן אָנהויב פון סאָציאַליסטישע רעוואָלוציעס — האָבן אַרויסגערופן און געשפּייזט דעם אָפּאָרטוניזם. אין אייניקע לענדער פון אייראָפּע באַמערקן מיר אין דערדאָזיקער צייט אַ שפּאַלטונג אין דער אַרבעטער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אַ שפּאַלטונג, וועלכע גייט (אין אַלגעמיין און אינגאַנצן גענומען) לויט דער ליניע פונם אָפּאָרטוניזם (ענגלאַנד, איטאַליע, האָלאַנד, בולגאַריע, רוסלאַנד), אין אַנדערע לענדער — א דויעריקן און אַן אַקשאָנעסדיקן קאַמף פון שטרעמונגען לויט דערזעלביקער ליניע (דייטשלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע, שוועדן, שוויץ). דער קריזיס, וועלכן עס האָט געשאַפן די גרויסע מילכאָמע, האָט אַראָפּגעריסן דעם באַדעקנס, האט אָפּגעוואָרפן אַלע באַדינגלעכקייטן, האָט געעפנט דעם געשוויר, וועלכער האָט שוין לאַנג אָנגעריסן, און האט באַוויזן דעם אָפּאָרטוניזם אין זיין עמעסער ראָלע, אין דער

ראָלע פון אַ באַהעלפער בײַ דער בורזשואַזיע. ס'איז נויטיק געוואָרן דעמדאָ-
זיקן עלעמענט פולשטענדיק, אָרגאַניזאַציאָנעל אָפּצוטיילן פון די אַרבעטער-
פּאַרטייען. די אימפּעריאַליסטישע עפּאָכע קען ניט דערלאָזן, אַז אין איין פּאַרטיי זאָלן
זיך געפינען די אַוואַנגאַרדן פונם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט אײַנײַנעם מיט
דער האַלב-קלײנבירגערלעכער אַריסטאָקראַטיע פונם אַרבעטערקלאַס, וועלכע
באַקומט ברעקלעך פון די פּריווילעגיעס, וואָס שטאַמען פון דער „גרויסמעכ-
טיקער" לאַגע, וואָס „איר" נאַציע פאַרנעמט. די אַלטע טעאָריע וועגן אָפּאָר-
טוניזם, ווי וועגן אַ „געזעצלעכן ניואַנס" אין אַ פאַרייניקטער פּאַרטיי, וועלכע
האַלט ניט פון „עקסטרעמקייטן", איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געוואַל-
טיקער נאַרעריי פאַר די אַרבעטער, אין אַ געוואַלטיקער שטערונג פאַר דער
אַרבעטערבאַוועגונג. דער אָפּענער אָפּאָרטוניזם, וועלכער שטויסט באַלד פון
זיך אָפּ די אַרבעטערמאַסן, איז ניט אַזוי שרעקלעך און שעדלעך, ווי די טע-
אָריע פון אַ „גאָלדענעם מיטן", וועלכע באַרעכטיקט מיט מאַרקסיסטישע פראַזן
די אָפּאָרטוניסטישע פּראַקטיק און וועלכע באַווײַזט מיט דער הילף פון א גאַנ-
צער רייע סאָפיזמען, אַז ס'איז ניט די צײַט פאַר רעוואָלוציאָנערע מאַסים.
דער אָנגעזעענסטער פאָרשטייער פון דערדאָזיקער טעאָריע, קאַאוטסקי, וועלכער
איז אין דערזעלביקער צײַט אויך דער אָנגעזעענסטער אַווטאָריטעט פונם II אינ-
טערנאַציאָנאַל, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן ערשטקלאַסיקן צוואַואַק און פאר
א ווירטואָז *) אין פּראַט פון פּראָסטיטואירן דעם מאַרקסיזם. אין דער מיליאָ-
ניקער דייטשישער פּאַרטיי איז ניט פארבליבן אַזעלכע מער אָדער ווייניקער
אָרנטלעכע באַוואוסטזיניקע און רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע
זאָלן זיך מיט צאָרן ניט אָפּקערן פון אַזאַ „אַווטאָריטעט", וואָס די זיודעקומעס
און די שיידעמאַנעס פאַרטיידיקן אים מיט אַזאַ היץ.

די פּראָלעטאַרישע מאַסן, פון וועלכע אַן ערעך 9/10 פונם אַלטן אָנפירנ-
דיקן שיכט זײַנען מיסטאָמע אָפּגעגאַנגען צו דער בורזשואַזיע, זײַנען געבליבן
צעבראָקלט און אומבאַהאָלפן פּאָנים-על-פּאָנים מיטן צעווילדעוועטן שאָ-
וויניזם — מיטן דרוק פון די מיליטערישע צושטאַנדן און פון דער מיליטערישער
צענזור. אָבער די אָביעקטיווע רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע, וועלכע איז געשאַפן
געוואָרן דורך דער מילכאָמע, און וועלכע ווערט אַלץ פאַרברייטערט און אַלץ
פּאַרטיפערט, רופט אומפאַרמיידלעך אַרויס רעוואָלוציאָנערע שטימונגען, פאַר-
האַרטעוועט און קלערט אויף אַלע בעסטע און באַוואוסטזיניקסטע פּראָלעטאַריער.
ס'איז ניט נאָר מעגלעך, נאָר וואָס ווייטער, ווערט אַלץ מער און מער זיכע-
רער, אַז אין די שטימונגען פון די מאַסן קאָן פאָרקומען אַ שנעלע ענדערונג,
פּונקט אַזוי ווי די, וואָס איז צום אָנהויב פונם 1905-טן יאָר אין רוסלאַנד גע-
ווען פאַרבונדן מיט דער „גאַפּאָניאַדע", ווען אין עטלעכע כאַדאָשים און אָפּט-
מאָל אין עטלעכע וואָכן איז פון אָפּגעשטאַנענע פּראָלעטאַרישע שיכטן אויס-
געוואַקסן אַ מיליאָנען-אַרמיי, וועלכע גייט נאָכן רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד פונם
פּראָלעטאַריאַט. מע קאָן ניט וויסן, צי די מעכטיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג
וועט זיך פאַנאַנדערוויקלען אינגיכן נאָך דערדאָזיקער מילכאָמע, אין דער

*) א גרויסער מאיסטער. איבערז.

צייט פון דער מילכאָמע גופע און ד. גל., אַלנפאלס אָבער איז בלויז אַן ארבעט אין דערדאָזיקער ריכטונג קאָן מיט רעכט אָנגערופן ווערן סאָציאַליסטישע ארבעט. דער לאָזונג, וועלכער פּאראַלגעמיינערט און גיט א ריכטונג דערדאָזיקער אַרבעט, וועלכער העלפט מיט צו פאַרייניקן און צו באַהעפטן די אלע, וואָס ווילן העלפן אינם רעוואָלוציאָנערן קאמף פונם פּראָלעטאַריאַט קעגן זיין רעגירונג און קעגן זיין בורזשואזיע — דאָס איז דער לאָזונג פון אַ בירגערקריג.

אין רוסלאַנד איז דאָס פולע אָפּטיילן די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּראָלעטאַרישע עלעמענטן פון די קליינבירגערלעך-אפּאָרטוניסטישע צוגעגרייט געוואָרן דורך דער גאַנצער געשיכטע פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. אַ גרויסע ראָלע ברענגען דער אַרבעטער-באַוועגונג די מענטשן, וועלכע רעכענען זיך גיט מיט דערדאָזיקער געשיכטע און, דעקלאַמירנדיק קעגן „פּראַקציאָנעלישקייט״, נעמען זיי באַ זיך זעלבסט אָפּ די מעגלעכקייט צו פאַרשטיין דעםווירקלעכן פּראָצעס, לויט וועלכן ס׳איז אין רוסלאַנד געגאַנגען די אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך אויסגעבילדעט אין אַ פיליאָריקן קאַמף קעגן פארשיידענע מינים אפּאָרטוניזם. פון אַלע „גרויסע״ מלוכעס, וועלכע נעמען אַן אָנטייל אין דער איצטיקער מילכאָמע, האָט נאָר איין רוסלאַנד די לעצטע צייט איבערגעלעבט אַ רעוואָלוציע; דער בורזשואזער אינהאַלט אירער האָט באַ דער אַנטשיידנדיקער ראָלע, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט געשפּילט אין דערדאָזיקער רעוואָלוציע, געמוזט אַרויסרופן אַ שפּאַלטונג צווישן די בורזשואַזע און פּראָלעטאַרישע שטרעמונגען אין דער אַרבעטערבאַוועגונג. אין משך פונם גאַנצן אַן ערעך צוואַנציקיאָריקן פּעריאָד (1894—1914), וואָס די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט עקזיסטירט ווי אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז פאַרבונדן מיט דער מאַסנווייזער אַרבעטערבאַוועגונג (און ניט בלויז ווי אַ אידייאישע שטרעמונג פון די יאָרן 1883—1893), איז געגאַנגען אַ קאַמף צווישן די פּראָלעטאַריש-רעוואָלוציאָנערע און קליינבירגערלעך-אפּאָרטוניסטישע שטרעמונגען. דער „עקאָנאָמיזם״ פון דער עפּאָכע פון די יאָרן 1894—1902 איז, בליסאָפּעק, געווען אַ שטרעמונג פונם לעצטן מין. אַ גאַנצע רייע אַרגומענטן און שטריכן פון זיין אידעאָלאָגיע — דאָס „סטרואוויסטישע״ פאַרדרייען דעם מאַרקסיזם, דאָס באַרופן זיך אַף די „מאַסן״ און דאָס באַרעכטיקן דעם אפּאָרטוניזם און אַז. וו. — דערמאָנען וואונדערלעך דעם איצטיקן וואולגאַריזירטן מאַרקסיזם פון קאַאוטסקין, קונאָוון, פּלעכאַנאָוון און ד. גל. ס׳וואָלט געווען זייער אַ דאַנקבאַרע אויפגאַבע, וועז מע זאָל פאר דעם איצטיקן דאָר פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דעמאָנסטרירן די אַלטע „ראַבאָטשאַיאַ מיסל״ און „ראַבאָטשעיע דעלאָ״ *) פּאַראַלעל מיטן איצטיקן קאַאוטסקין.

דער „מענשעוויזם״ פונם פּאָלגנדיקן (1903—1908) פּעריאָד איז געווען אַ דירעקטער, ניט בלויז אַ אידייאישער, נאָר אויך אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער, יורעש פונם „עקאָנאָמיזם״. אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט דער „מענשעוויזם״ דורכגעפירט אַ טאַקטיק, וועלכע האָט אָביעקטיוו באַדייט די אָפּ-

*) אָרגאַנען פון די עקאָנאָמיסטן. איבערז.

הענגיקייט פונם פראָלעטאַריאַט פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, און וועלכע האָט אויסגעדריקט קליינבירגערלעך-אפּאָרטוניסטישע טענדענצן. ווען דער הויפּט-שטראָם פון דער מענשעוויסטישער שטרעמונג האט אינם וויטערדיקן פּעריאָד (1914—1908) געבוירן די ליקווידאַטאָרײַ, — איז דער קלאַסנבאַדייט פון דער-דאָזיקער שטרעמונג געוואָרן אַף אַזוי פיל דייטלעך, אַז די בעסטע פאָרשטייער פונם מענשעוויזם האָבן די גאַנצע צייט פּראָטעסטירט קעגן דער פּאָליטיק פון דער גרופּע „נאַשאַ זאַריאַ”. און דידאָזיקע גרופּע, — די איינציקע, וועלכע האָט פאַר די לעצטע 5—6 יאָר געפירט אַ סיסטעמאַטישע אַרבעט אין די מאַסן קעגן דער רעוואָלוציאָנער-מאַרקסיסטישער פּאַרטיי פונם אַרבעטערקלאַס, — האט זיך אין דער מילכאָמע פון די יאָרן 1914—1915 אַרויסגעוויזן פאַר אַ ס אָ צ י אַ ל-ש אָ ו י נ י ס ט י ש ע ר ! און דאס איז אין אַזאַ לאַנד, וואו עס לעבט די זעלבסט-הערשונג, וואו ס'איז נאָך וויט ניט פאַרענדיקט געוואָרן די בורזשואַזע רעוואָ-לוציע, וואו 43% באַפעלקערונג דריקן די מערהייט „פרעמדע” נאַציעס. דער „אייראָפּעאישער” טיפּ אַנטוויקלונג, ווען געוויסע שיכטן קליינבירגערטום, באַ-זונדערס די אינטעליגענץ, און אַ נישטיקער טייל אַרבעטער-אַריסטאָקראַטיע קאָנען „געניסן” פון די פּריווילעגיעס, וואָס עס גיט די „גרויסמעכטיקע” לאַגע פון „זייער” נאַציע, — דערדאָזיקער „אייראָפּעאישער” טיפּ אַנטוויקלונג האָט געמוזט לאָזן זיך פילן אויך אין רוסלאַנד.

צו אַ „אינטערנאַציאָנאַליסטישער” טאַקטיק, ד. ה. צו אַ ווירקלעך רע-וואָלוציאָנערער און צו אַן אויסגעהאַלטן רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק זיינען דער אַרבעטערקלאַס און די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטערפּאַרטיי פון רוסלאַנד צוגעגרייט געוואָרן דורך דער גאַנצער געשיכטע פון זייער אַנטוויקלונג.

---

P. S. דערדאָזיקער אַרטיקל איז שוין געווען אויסגעזעצט, ווען אין די ציייטונגען איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דער „מאַניפעסט” פון קאַאוטסקין, האַאַזען צוזאַמען מיט בערנשטיינען, וועלכע האָבן דערזעען, אַז די מאַסן ווערן לינקער, זיי זיינען דעריבער איצט גרייט „שאָלעם צו מאַכן” מיט די לינקע, — ס'פּאַר-שטייט זיך, ביטנאַי, אַז מע זאָל איינהיטן דעם „שאָלעם” מיט די זיודעקומעס. בעעמעס — „מיידלעך פאַר אַלעמען”.

„קאָמוניסט” № 1—2 פונם 1915-טן יאָר
מיט דער אונטערשריפט נ. ל ע נ י ן.

---

# די רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן אַף דער אינטער-נאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ 5-8 סענטיאַבר 1915 יאָר.

דער אידייאישער קאַמף אַף דער קאָנפערענץ איז געגאַנגען צווישן דער קאָנסאָלידירטער גרופּע אינטערנאַציאָנאַליסטן, רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן מיט די וואַקלענדיקע קימאַט-קאַאוטסקיאַנער, וועלכע האָבן פאָרגעשטעלט דעם

רעכטן פלאַנג פון דער קאָנפערענץ. די קאָנסאלידאציע פון דער אָנגעוויזענער גרופּע—דאָס איז איינער פון די סאַמע וויכטיקע פאַקטן און איינער פון די גרעסטע דערפאָלגן פון דער קאָנפערענץ. נאָך אַ גאַנצן יאָר מילכאָמע איז די אייניקע שטרעמונג אינם אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ פולקום באַשטימטער רעזאָלוציע,—און אויך מיט אַ פּראָעקט פון אַ מאַניפעסט, באַגרינדעט דורך דערדאָזיקער רעזאָלוציע,—און האָט פאַרייניקט די אויסגעהאַלטענע מאַרקסיסטן פון רוסלאַנד, פוילן, לעטישן קאַנט, דייטשלאַנד, שוועדן, נאָרוועגיע, שווייץ, האָלאַנד, — איז געווען די שטרעמונג, וועלכע איז געווען פאַרטראָטן דורך אונזער פאַרטיי.

וואָס זשע פאַר אַ ראַיעס האָבן קעגן אונז אַרויסגעשטעלט די וואַקלענדיקע? די דייטשן האָבן אָנערקענט, אַז מיר גייען אַנטקעגן רעוואָלוציאָנערע שלאַכטן, נאָר — זאָגן זיי — וועגן אַזעלכע זאַכן, ווי ברידערן זיך אין די טראַנשייען, ווי פּאָליטישע שטרייקן, גאַסנדעמאָנסטראַציעס, בירגערקריג, דאַרף מען ניט שרייען פאַר דער גאַנצער וועלט. דאָס טוט מען, נאָר דערפון רעדט מען ניט. און אַנדערע האָבן צוגעגעבן: דאָס איז אַ קינדערשפּיל, דאָס איז פונקען-וואַרפעריי („פּוטשיזם").

פאַר אַזעלכע קאָמישע, אומאַנשטענדיקע, ווידערשפּרעכלעכע און ניטקלאָרע רעדעס האָבן די דייטשישע האַלבקאַאוטסקיאַנער זיך אַליין באַשטראָפט דערמיט, וואָס זיי האָבן אָנגענומען אַ סימפּאַטיע-אויסדרוק צו די מיטגלידער פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטערפראַקציע און אַ דערקלערונג וועגן דער נויטיקייט נאָכצוטאָן דיזעלביקע מיטגלידער, וואָס האָבן גראָד פאַרשפּרייט אונזער צענטראַלן אָרגאַן „סאָציאַל-דעמאָקראַט", וואָס „שרייט פאַר דער גאַנצער וועלט" וועגן בירגערקריג.

איר פירט זיך אויף לויטן שלעכטן מוסטער פון קאַאוטסקין, האָבן מיר געענטפערט די „דייטשן": אָפן וואָרט — אָנערקענט איר די קומענדיקע רעוואָלוציע, פּאַקטיש אָבער—זאָגט איר זיך אָפּ פון דעם, אַז מע זאָל אָפן ריידן צו די מאַסן וועגן איר, מע זאָל רופן צו איר, מע זאָל אָנמערקן די סאַמע קאָנקרעטע קאַמפמיטלען, וועלכע די מאַסע פּרואווט אויס און פאַרגעזעצלעכט אינם גאַנג פון דער רעוואָלוציע. מאַרקס און ענגעלס האָבן פון אויסלאַנד — פאַר די דייטשישע פיליסטערן איז געווען שרעקלעך דאָס, וואָס וועגן רעוואָלוציאָנערע קאַמפמיטלען וויל מען ריידן פון אויסלאַנד,—אין 1847 יאָר, אין דעם באַרימטן „מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי" גערופן צו רעוואָלוציע, זיי האָבן גערעדט דירעקט און אָפן וועגן אָנווענדן געוואלט, זיי האָבן דערקלערט, אַז פאַרבאַהאַלטן די רעוואָלוציאָנערע צילן, אויפגאַבן און קאַמפמעטאָדן איז אַ זאַך, וואָס מע דאַרף זי „פאַראַכטן". די רעוואָלוציע פונם 1848 יאָר האָט באַוויזן, אַז נאָר מאַרקס און ענגעלס זיינען צוגעגאַנגען צו די געשעענישן מיט אַ ריכטיקער טאַקטיק. עטלעכע יאָר פאַר דער רעוואָלוציע פונם 1905 יאָר אין רוסלאַנד האָט פּלעכאַנאָוו, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַ מאַרקסיסט, אין דער אַלטער „איסקרא" פונם 1901 יאָר, אין אַן אַרטיקל, וועלכער איז געגאַנגען אָן אַן אונטערשריפט, ווי אַן אויסדרוק פון די מיינונגען פון דער גאַנצער רע-

דאַקציע, געשריבן וועגן דעם קומענדיקן אויפשטאַנד און מיקויעך אַזעלכע וועגן פון אויפשטאַנד־צוגרייטונג, ווי גאַסנדעמאָנסטראַציעס, און אפילע מיקויעך אַזעלכע טעכנישע מעטאָדן, ווי באַנוצן דראָט צוליבן קאַמף קעגן דער קאַוואַלעריע. די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט באַוויזן, אַז נאָר די אַלטע „איס־קראַווצעס" זיינען צוגעגאַנגען צו די געשעענישן מיט אַ ריכטיקער טאַקטיק. און איצט איז איינס פון די ביידע. אָדער מיר זיינען ווירקלעך פעסט איבערצייגט, אַז די מילכאָמע באַשאַפט אין איירָאָפּע אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע, אַז די גאַנצע עקאָנאָמישע און סאָציאַל-פּאָליטישע סיטואַציע פון דער אימפּעריאַליסטי־שער עפּאָכע פירט צו דער רעוואָלוציע פונם פּראָלעטאַריאַט,—דאַן איז אונזער אומבאַדינגטער כויוו צו דערקלערן פאַר די מאַסן די נויטיקייט פון דער רעוואָ־לוציע, רופן צו איר, באַשאַפן די געהעריקע אָרגאַניזאַציעס, ניט מוירע האָבן צו ריידן אָפן סאַמע קאָנקרעטן אויפן וועגן פאַרשיידענע מעטאָדן פון געוואַלט-קאַמף און וועגן דער „טעכניק" זיינער. דערדאָזיקער אומבאַדינגטער כויוו אונזע־רער הענגט ניט אָפּ פון דעם, צי די רעוואָלוציע וועט זיין גענוג שטאַרק און צי זי וועט אָנקומען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ערשטער אָדער מיט דער צווייטער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און ד. גל. אָדער מיר זיינען ניט זיכער אין דעם, אַז די סיטואַציע איז אַ רעוואָלוציאָנערע,—דאַן דאַרף מען ניט געברויכן גלאַט אין דער וועלט אַריין קיין ווערטער מיקויעך אַ מילכאָמע קעגן מילכאָמע. דאַן זיינען מיר פאַקטיש נאַציאָנאַל-ליבעראַלע אַרבעטער־פּאָליטיקער פון זיודעקום-פּלעכאַנאָוס אָדער פון קאַאוטסקיס ניואַנס.

די פראַנצויזישע דעלעגאַטן האָבן אויך דערקלערט, אַז, לויט זייער אי־בערצייגונג, וועט די איצטיקע לאַגע אין איירָאָפּע ברענגען צו אַ רעוואָלוציע. „אָבער,—האָבן זיי געזאָגט,—מיר זיינען געקומען אַהער ניט צוליב דעם, קעדיי צו „געבן אַ פאָרמול פון אַ III אינטערנאַציאָנאַל", דאָס איז ערשטנס. און צווייטנס, איז דער פראַנצויזישער אַרבעטער „גלויבט אין קיינעם ניט און אין גאָר ניט"; ער איז דעמאָראַליזירט און איבערגעזעטיקט מיט דער אַנאַרכיסטישער און ערוועאיסטישער פראַזע". דער ערשטער מאָטיוו איז ניט קיין סייכלדיקער, ווייל אין אַלגעמיינעם פשאָרעסדיקן מאַניפעסט איז דאָך פאָרט „געגעבן געוואָרן" די פאָרמול פון אַ III אינטערנאַציאָנאַל, נאָר ניט קיין אויסגעהאַלטענע, ניט קיין דערעדטע, ניט קיין פאַרענדיקטע פאָרמול. דער צווייטער מאָטיוו איז זייער וויכטיק, ווי אַן ערנסטער פאַקטישער באַווייז, אַז מע דיסקאָנטירט די ספּעציעלע לאַגע פון פראַנקרייך—ניט אינם זינען פון פאָטערלאַנד-פאַרטיידיקונג און פון סאָנים-אָנפאַל, נאָר אין זינען פון די „קראַנקע זייטן" אין דער פראַנ־צויזישער אַרבעטערבאַוועגונג. פון דעמדאָזיקן דיסקאָנט אָבער וואָלט מען נאָר געקאָנט דרינגען, אַז די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן וואָלטן עפּשער לאַנגזאַמער צוגעשטאַנען צו די אַלגעמיין-איירָאָפּעאישע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פונם פּראָלעטאַריאַט, אָבער קלאַל ניט דרינגען, אַז דידאָזיקע אַרויסטרעטונגען זיינען ניט נויטיק. די פראַגע וועגן דעם, מיט וואָס פאַר א גיכקייט, מיט וואָס פאַר אַ וועג, אין וואָס פאַר אַ ספּעציעלע פאָרמען איז דער פּראָלעטאַריאַט פעאיק דורכצומאַכן דעם איבערגאַנג צו רעוואָלוציאָנערע מאַיסים, — דידאָזיקע

פראגע איז גאָר אַף דער קאָנפערענץ ניט געשטעלט געוואָרן און האָט ניט געקאָנט געשטעלט ווערן. מיר האָבן נאָך ניט קיין מאטעריאַלן צו לייזן דידאָזיקע פראגע. אונזער זאך איז לעסאטע געמיינזאַם צו פריידיקן די ריכטיקע טאקטיק, און ווייטער ווען די געשעעניש אָנווייזן דעם טעמפּ פון דער באַוועגונג און די מאדיפיצירונגען (נאַציאָנאַלע, לאָקאלע, פראָפעסיאָנעלע) פונם אַלגעמיינעם שטראָם. אויב דער פראנצויזישער פראָלעטאריאט איז פאַרדאָרבן דורכן אנארכיזם, איז ער דאָך פאַרדאָרבן אויך דורכן מיליעראניזם, און ס'איז ניט אונזער זאַך צו פ אַ ר ש ט א ר ק ן דידאָזיקע פאַרדארבונג דורך די נ י ט ד ע ר ע ד ק י י ט ן פונם מאַניפעסט.

ניט קיין אנדערער, ווי מערהיים גופע, האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אָ כאראקטעריסטישער און א טיף ריכטיקער פראזע: „די פארטיי (די סאָציאליסטישע), זשוּאָ (דער סעקרעטאר פון דער גענעראַלער קאָנפעדעראציע פון ארבעט) און די רעגירונג — דאָס זיינען דריי קעפּ אונטער איין מיץ". דאָס איז עמעס. דאָס איז אַ פאַקט, וואָס איז דערוויזן געוואָרן דורך א יאָר קאַמף-דערפארונג פון די פראנצויזישע אינטערנאַציאָנאַליסטן מיט דער פארטיי און מיט די הערן זשוּאָ. דער ארויסגאנג דערפון איז אָבער בלויז איינער: ס'איז אוממעגלעך צו קעמפן קעגן דער רעגירונג, אויב מע זאָל ניט קעמפן קעגן די פאַרטייען פון די אפּארטוניסטן און קעגן די פירער פונם אַנאַרכאָסינדיקאַליזם. און די אויפגאַבן פונם דאָזיקן קאמף האָט דער אלגעמיינער מאניפעסט, צום אונטערשייד פון אונזער רעזאָלוציע, נאָר אָנגעמערקט, אָבער ניט דערעדט ביזן סאָף.

איינער אַ איטאליענער האָט, דערווידערנדיק קעגן אונזער טאקטיק, געזאָגט: „אַייער טאקטיק איז געקומען אָדער צו שפּעט (ווייל די מילכאָמע קומט שוין פאָר), אָדער צו פרי (ווייל די מילכאָמע האָט נאָך ניט ארויסגערופן קיין באַדינגונגען פאר א רעוואָלוציע); און דערביי לייגט איר פאָר „צו ענדערן די פּראָגראם" פונם אינטערנאציאָנאל, ווייל שטענדיק האָט זיך די גאנצע פראפאגאדע אונזערע געפירט קעגן געוואַלטאַטן". אונז איז גרינג געווען צו ענטפערן אַף דעם מיט א ציטאט פון זשול געדס „אן גארד" („אַף דער וואך"), אז קיינמאָל האָט קיין איין איינפלוסרייכער פירער פונם II אינטערנאציאָנאל ניט ארויסגעזאָגט זיך קעגן אָנווענדן געוואלט און דירעקטע רעוואָלוציאָנערע קאמפּמעטאָדן ביכלאל. שטענדיק האָבן אלע געזאָגט, אַז לעגאלער קאמף, פּארלאמענטאריזם און אויפשטאנדן זיינען איינער מיטן אנדערן צוזאמענגעבונדן און מוזן אומפאַרמיידלעך אריבערגיין איינער אינם אנדערן אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען פון דער באוועגונג. אַגעוו, פונם זעלביקן בוך „אן גארד" האָבן מיר געבראכט א ציטאט פון געדס אַ רעדע אינם 1899 יאָר, וואו ער רעדט וועגן דער מעגלעכקייט פון א מילכאָמע צוליב מערק, קאָלאָניעס און ד. גל. און ווייזט דערביי אָן, אז אויב באַ אזאַ מילכאָמע וואָלטן זיך ארויסגעוויזן מיליעראנעס פראנצויזישע, דייטשישע, ענגלישע, טאָ „וואָס וואָלט געוואָרן פון דער אינטערנאציאָנאלער ס אָ ל י ד א ר י ש ק י י ט פונם פּ ר אָ ל ע ט א ר י אַ ט". מיט דערדאָזיקער רעדע זיינער האָט געד פאָרויס פארמישפּעט זיך זעלבסט. וואָס איז שאַיעך דער „ניטצייטמעסיקייט" צו פּראָפּאגאנדירן רעוואָלוציע, איז

דידאָזיקע טאַינע נעמט זיך פון דער באַגריפן-פאַרמישונג, וועלכע איז א גאַנץ געוויינלעכע דערשיינונג באַ די ראָמאַנישע סאָציאַליסטן: דעם אָנהויב פון דער רעוואָלוציע מישן זיי צונויף מיט דער אָפענער פּראָפּאַגאַנדע פון רעוואָלוציע. דעם אָנהויב פון דער רעוואָלוציע פונם 1905 יאָר אין רוסלאַנד רעכנט קיינער ניט פריער פאַרן 9-טן יאַנוואַר 1905 יאָר. די רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע אָבער אין סאַמע ענגען זינען פון וואָרט, פאַר פּראָפּאַגאַנדירן און צוגרייטן מאַסן-אַרויסטרעטונגען, דעמאָנסטראַציעס, שטרייקן, באַריקאַדעס, — דידאָזיקע רעוואָ-לוציאָנערע אַגיטאַציע האָט זיך געפירט אין א מעשעך פון יאָרן ביז דער רעוואָלוציע. לעמאָשל, די אַלטע „איסקראַ“ האָט געפירט דידאָזיקע אַגיטאַציע פונם סאָף 1900 יאָר אָן, ווי מאַרקס האָט זי געפירט פונם 1847 יאָר אָן, ווען וועגן אַן אָנהויב פון א רעוואָלוציע אין אייראָפּע האָט נאָך גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין.

בעאייס די רעוואָלוציע האָט זיך שוין אָנגעהויבן, איז דעמאָלט „אַנער-קענען“ זי אויך די ליבעראַלן און אַנדערע פיינט אירע; זיי אַנערקענען זי אָפּטמאָל צוליב דעם, קעדיי אָפּצונאַרן זי און פאַראַטן. פאָרויסזעענדיק פריער די רעוואָלוציע, איידער נאָך זי קומט אָן, אַנערקענען די רעוואָלוציאָנערן די אומפאַרמיידלעכקייט פון דער רעוואָלוציע, זיי דערקלערן די מאַסן די נויטיקייט אירע, קלערן אויף פאַר די מאַסן אירע וועגן און אירע אויפגאַבנים.

די איראָניע פון דער געשיכטע האָט געבראַכט דערצו, אַז גראַד קאַאוט-סקי און זיינע פריינט, וועלכע האָבן זיך געפּרוּווט מאַמעש אַרויסצורייסן פון די הענט באַ גרימען די צוזאַמענרופונג פון דער קאָנפערענץ, וועלכע האָבן זיך געפּרוּווט פּאַשעט אַראָפּצורייסן די קאָנפערענץ פון די לינקע (די נאָענט-סטע קאַאוטסקיס פריינט האָבן אַפילע געמאַכט נעסיעס צוליב דעמדאָזיקן ציל, און גרים האָט דאָס אויפגעדעקט אויף דער קאָנפערענץ),—גראַד קאַאוטסקי און זיינע פריינט האָבן געשטויסן די קאָנפערענץ אויף לינקס. די אָפּאָר-טוניסטן און די קאַאוטסקיאַנער דערווייזן מיט זייער פּראַקטיק די ריכטיקייט פון דער פּאָזיציע, וואָס אונזער פּאַרטיי האָט פאַרנומען.

„סאָציאַל-דעמאָקראַט“ № 45-4, 11 אָקטיאַבער 1915 יאָר.

---

# עטלעכע טעזיסן

(פון דער רעדאַקציע)

דער מאַטעריאַל, וועלכער ס'איז געבראַכט אין דעם היינטיקן נומער, באַ-ווייזט, וואָס פאַר א קאָלאָסאַלע אַרבעט ס'האָט פאַנאַנדערגעוויקלט דער פּעטער-בורגער קאָמיטעט פון אונזער פּאַרטיי. פאַר רוסלאַנד און פאַרן גאַנצן אינטער-נאַציאָנאַל איז דאָס — בעעמעס א מוסטער פון סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַר-בעט בעשאַס רעאַקציאָנערער מילכאָמע, באַ די שווערסטע באַדינגונגען. די

אַרבעטער פון פּעטערבורג און מאָסקווע וועלן מיט אַלע קויכעס שטיצן דידאָזיקע אַרבעט און פירן זי ווייטער, ענערגישער, שטאַרקער, ברייטער אף דעמזעלביקן וועג.

רעכענענדיק זיך מיט די אָנווייזונגען פון די כאַווייירים פון רוסלאַנד, פאָרמולירן מיר עטלעכע טעזיסן וועגן די טאָגפראַגן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעט: 1) דער לאָזונג פון א „גרינדונגס-פאַרזאַמלונג", ווי א זעלבשטענדיקער לאָזונג איז ניט ריכטיק, ווייל די גאַנצע פראַגע שטייט איצט אין דעם, ווער ס'וועט זי צונויפרופן. די ליבעראַלן פלעגן אָנעמען דעמדאָזיקן לאָזונג אין 1905 יאָר, ווייל מע האָט אים געקענט אויסטייטשן אין זינען פון א פאַרזאַמלונג, וואָס צונויפרופן וועט זי דער צאַר און וואָס זי וועט מיטן צאַר שטימען. ריכטיקער פאַר אלץ זיינען די לאָזונגען פון די „דריי וואלפישן" (דעמאָקראַטישע רעפּובליק, קאָנפיסקאַציע פון דער פּויערשער ערד און אַכטשאָעדיקער אַרבעטס-טאָג) מיט א צוגאָב (ז' № 9) פון א צורוף צו אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט פון די אַרבעטער אין קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, פאַר רעוואָלוציאָנער אַראָפּוואַרפן די קריגפירנדיקע רעגירונגען און אַקעגן מילכאָמע. 2) מיר זיינען אקעגן באַטייליקן זיך אין די מיליטעריש-אינדוסטריעלע קאָמיטעטן, וועלכע העלפן צו פירן די אימפּעריאַליסטישע, רעאַקציאָנערע מילכאָמע. מיר זיינען פאַר אויסניצן די וואַל-קאַמפּאַניע, צום ביישפּיל, פאַר באַטייליקן זיך אין דער ערשטער סטאַדיע פון די וואַלן נאָר צוליב אַגיטאַציעצילן און אָרגאַניזאַציע-צילן. וועגן באָיקאָט פון דער מלוכע-דומע קאָן קיין רייד ניט זיין. באַטייליקן זיך אין די וואַלן איז אומבאַדינגט נויטיק. ביז וואַנען אין דער מלוכע-דומע זיינען ניטאָ קיין דעפּוטאַטן פון אונזער פּאַרטיי, מוז מען אויסנוצן אַלץ, וואָס ס'קומט פאָר אין דומע, פון שטאַנדפּונקט פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. 3) פאַר די באַלדיקסטע און ברענענדיקסטע אויפגאַבן האַלטן מיר — באַפעסטיקן און פאַרברייטערן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ארבעט אין פּראָלעטאַריאַט, און דערנאָך פאַרשפּרייטן זי אף דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט, אף די דאָרפישע אָרימקייט און אף די אַרמיי.—די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז — אנטוויקלען די אנגעפאַנגענע שטרייקבאַוועגונג, דורכפירנדיק זי אונטער דעם לאָזונג פון די „דריי וואַלפישן". אין דער אַגיטאַציע מוז מען אָפּגעבן א געהעריק אָרט דער פאָדערונג טייקעף צו ענדיקן די מילכאָמע. צווישן די איבעריקע פאָדערונגען טאָרן די אַרבעטער ניט פאַרגעסן וועגן דער פאָדערונג — אומצוקערן טייקעף די אַרבעטער-דעפּוטאַטן, מיטגלידער פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ארבעטער-פּראַקציע. 4) ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן א. ד. גל. דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי אָרגאַנען פון אויפשטאַנד, ווי אָרגאַנען פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט. נאָר צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פונם מאַסנווייזן פּאָליטישן שטרייק און צוזאַמען מיטן אויפשטאַנד, אין פּראָצעס פון זיין צוגרייטונג, אנטוויקלונג, דערפאָלג — קענען דידאָזיקע אינסטיטוציעס ברענגען א פעסטן נוצן.— 5) דער סאָציאַלער אינהאַלט פון דער נאָענטסטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד קאָן זיין נאָר די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאַטור

פון פראָלעטאַריאַט און פויערטום. די רעוואָלוציע קאָן ניט זיגן אין רוסלאַנד,
ניט אראָפּוואַרפנדיק די מאָנאַרכיע און די לייבאייגנטימערשע פּריצים. און אַראָפּ-
וואַרפן זיי קאָן מען ניט אָן דעם, אז דאָס פּויערטום זאָל שטיצן דעם פּראָלע-
טאַריאַט. דער טראָט פאָרווערטס — די צעגלידערונג פון דאָרף אף „אישואוו-
ניקעס-פּריצים" (כוטערניקעס) און אף דאָרפישע פּראָלעטאַריער האָט ניט פאַר-
ניכטעט דעם דרוק פון די מאַרקאָווס *) און קאָמפּאַניע איבער דעם דאָרף. פאַר
דער נויטיקייט פון א ב אַ ז ו נ ד ע ר אָרגאַניזאַציע פון די דאָרפישע פּ ר אָ ל ע-
ט אַ ר י ע ר זיינען מיר געשטאַנען און שטייען אומבאַדינגט, אין אלע מעגלעכע
פאַלן. — 6) די אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד — איז דערפירן
ביזן סאָף די בורזשואַז-דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, כ ק ע ד י י פאַ-
נאַנדערצוברענען די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין אייראָפּע. דידאָזיקע אויפ-
גאַבע האָט זיך איצטער אויסערסט דערנעענטערט צו דער ערשטער, אָבער זי
בלייבט פאָרט א באַזונדערע און א צווייטע אויפגאַבע, ווייל ס'האַנדלט זיך דאָ
וועגן פ אַ ר ש י י ד ע נ ע ק ל אַ ס ן, וועלכע קאָאָפּערירן מיטן פּראָלעטאַריאַט פון
רוסלאַנד: פאַר דער ערשטער אויפגאַבע איז דער שותּף — דאָס קליינביר-
גערלעכע פּויערטום פון רוסלאַנד, פאַר דער צווייטער — דער פּראָלעטאַריאַט
פון אַנדערע לענדער. — 7) דעם אָנטייל פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין א
צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג צוזאַמען מיט דעם דעמאָקראַטישן קליינ-
בירגערטום האַלטן מיר, ווי פריער, פאַר דערלאָזבאר, נאָר ניט מיט די רעוואָ-
לוציאָנערן-שאָוויניסטן. — 8) פאַר רעוואָלוציאָנערן-שאָוויניסטן האלטן מיר יע-
נע, ווער ס'וויל מענאצייעך זיין דעם צאריזם צוליב מענאצייעך זיין דייטש-
לאנד, — צוליב ראבירן אנדערע לענדער, — צוליב באפעסטיקן די הערשאפט
פון די גרויסרוסן איבער די איבעריקע פעלקער פון רוסלאנד א. א. וו. דער
יעסאָד פון רעוואָלוציאָנערן שאָוויניזם — איז די קלאסנלאגע פונם קליינביר-
גערטום. דאָס וואקלט זיך שטענדיק צווישן בורזשואזיע און פּראָלעטאריאט.
איצט וואקלט זיך דאָס צווישן שאָוויניזם (וועלכער שטערט אים צו זיין אויס-
געהאלטן-רעוואָלוציאָנער אפילע אין זינען פון דעמאָקראטישער רעוואָלוציע)
און פּראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם. די פּאָליטישע אויסדריקער פון דעמדאָ-
זיקן קליינבירגערטום זיינען אין רוסלאנד אין היינטיקן מאָמענט — די טרודאָ-
וויקעס, סאָציאליסטן-רעוואָלוציאָנערן, „נאשא זאריא", טשכעאידזעס פראקציע,
דער אָרגאניזאציאָנס-קאָמיטעט, הער פּלעכאנאָוו א. ד. גל. — 9) אויב אין רוס-
לאַנד וואָלטן זיגן די רעוואָלוציאָנערן-שאָוויניסטן, וואָלטן מיר זיין קעגן בא-
שיצן „זייער" פאָטערלאנד אין דער געגעבענער מילכאָמע. אונזער לאָזונג —
אקעגן די שאָוויניסטן, זיי מעגן אפילע זיין רעוואָלוציאָנערן און רעפּובליקא-
נער, אקעגן זיי און פ א ר ן בונד צווישן אינטערנאציאָנאלן פּראָלעטאריאט צו-
ליב דער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע. — 10) אף דער פראגע, צי איז מעג-
לעך, דער פּראָלעטאריאט זאָל שפּילן אן אָנפירנדיקע ראָלע אין דער בורזשו-
אזער רוסישער רעוואָלוציע, ענטפערן מיר: יאָ, דאָס איז מעגלעך, א ו י ב דאָס
קליינבירגערטום וועט זיך אין די אנטשיידנדיקע מאָמענטן א שאָקל טאָן אף לינקס

*) איינער פון די רעאקציאָנערסטע פּריצישע פירער-פּאָגראָמענמאכער אין די לעצטע דומעס.

און אף לינקס ווערט דאָס געשטויסן ניט בלויז דורך אונזער פּראָפּאגאנדע, אבער אויך דורך א רייע אָביעקטיווע פאקטאָרן, עקאָנאָמישע, פינאַנציעלע (די לאסטן פון דער מילכאָמע), מיליטערישע, פּאָליטישע א. א. וו. — 11) אף דער פראגע, וואָס וואָלט טאָן די פּארטיי פון פּראָלעטאַריאט, אויב די רעוואָלוציע וואָלט זי אין דער איצטערדיקער מילכאָמע געשטעלט בא דער מאכט, ענטפערן מיר: מיר וואָלטן פאָרגעשלאָגן שאָלעם אלעמען, ווער ס׳פירט דעם קריג, מיטן טנאי צו באפרייען די קאָלאָניעס און אלע אפהענגיקע, אונטערדריקטע און ניט-פולבארעכטיקטע פעלקער. ניט דייטשלאנד, ניט ענגלאַנד מיט פראנקרייך וואָלטן, באַ די איצטערדיקע רעגירונגען זייערע, ניט אָנגענומען דעמדאָזיקן טנאַי. דעמאָלט וואָלטן מיר געדאַרפט צוגרייטן און פירן א רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע, ד. ה. מיר וואָלטן ניט נאָר מיט די אנטשלאָסנסטע מיטלען דורכגעפירט אין גאַנצן אונזער פראָגראַם-מינימום, אבער מיר וואָלטן סיסטעמאַטיש אנגעהויבן הויבן צום אויפשטאַנד אלע פעלקער, וועלכע זיינען הייַנט אונטערדריקט דורך די גרויסרוסן, אלע קאָלאָניעס און אפהענגיקע לענדער פון אַזיע (אינדיע, כינע, פערסיע א. אז. וו.), און מיר וואָלטן אויך — דאָס קודעמקאָל — געהויבן דעם סאָציאָליסטישן פּראָלעטאַריאַט פון אייראָפּע צום אויפשטאַנד אַקעגן זיינע רעגירונגען און ניט קוקנדיק אף זיינע סאָציאַל-שאָוויניסטן. עס איז אָן שום סאָפעק, אז דער ניצאָכן פון פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד וואָלט געגעבן אויסעראָרדנטלעך גינסטיקע באַדינגונגען פאַר אנטוויקלען די רעוואָלוציע סאַי אין אזיע, אזוי אין אייראָפּע. דאָס האָט באוויזן אפילע דאָס 1905 יאָר. און די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַרישקייט פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט איז א פאַקט, ניט געקוקט אף דעם שמוציקן שוים פון אָפּאָרטוניזם און פון סאָציאַל-שאָוויניזם. — ארויסשטעלנדיק דידאָזיקע טעזיסן צוליב מיינונגס-אויסטויש מיט די כאַווירים, וועלן מיר אנטוויקלען אונזערע מיינונגען אין די קומענדיקע נומערן פון צענטראַל-אָרגאַן.

„סאָציאַל-דעמאָקראַט“ № 47 פון 13 אָקטיאבר 1915.

---

# וועגן צוויי ליניעס פון דער רעוואלוציע.

אין „פריזיוו“ נומער 3 פרואווט זיך הער פלעכאַנאָוו צו שטעלן די טעאָרעטישע גרונטפראַגע וועגן דער קומענדיקער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. ער בעמט איין ציטאַטע פון מאַרקסן, וואו ס׳רעדט זיך, אז די רעוואָלוציע פון יאָר 1789 אין פראַנקרייך איז געגאַנגען לויט אן אויפשטייגנדיקער ליניע, און פון 1848—לויט א פאלנדיקער. אין ערשטן פאַל איז די מאַכט געווען אריבערגעגאנגען בעהאדראגע פון אַ מעסיקערער פאַרטיי צו אַ לינקערער: קאָנסטיטוציאנאליסטן—זשיראנדיסטן—יאקאבינער. אין דער צווייטער—פאַרקערט (פּראָלעטאַריאַט—קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן—בורזשואזע רעפּובליקאַנער—נאַפּאָלעאָן דער דריטער). „עס איז געוואונשן—דרינגט ארויס אונזער פארפאסער—צו קערעווען די רוסישע רעוואָלוציע לויט דער אויפשטייגנדיקער ליניע“, ד. ה. די

מאַכט זאָל צוערשט אריבערגיין צו די קאַדעטן און אקטיאבריסטן, דערנאָך צו די טרודאוויקעס, דערנאָך צו די סאָציאַליסטן. נאַטירלעך, ווערט פון דער דאָזיקער כקירע געמאַכט דער אויספיר, אז די לינקע אין רוסלאַנד, וועלכע ווילן ניט שטיצן די קאַדעטן און דיסקרעדיטירן זיי פאַר דער צייט, האָבן ניט קיין סייכל.

דידאָזיקע פּלעכאַנאָווס טעאָרעטישע כקירע שטעלט מיט זיך פאָר נאָך און נאָך אַ מוסטער פון אונטערוקן אנשטאָט מאַרקסיזם דעם ליבעראַליזם. פאַרן הער פּלעכאַנאָוו באַשטייט דער גאַנצער איניען נאָר אין דער פראַגע, צי זיינען „ריכטיק" אָדער ניט ריכטיק געווען די „סטראַטעגישע-באַגריפן" פון די פאַרשריטלעכע עלעמענטן? מאַרקס פלעגט בויען זיינע געדאַנקען אנדערש. ער האָט אָנגעוויזן דעם פאַקט: די רעוואָלוציע איז אין ביידע פאַלן געגאַנגען פאַרשיידן, און די דערקלערונג פון דעמדאָזיקן אונטערשייד האָט מאַרקס געזוכט ניט אין „סטראַטעגישע באַגריפן". ס'איז לעכערלעך, פון שטאַנדפונקט פון מאַרקסיזם, צו זוכן זי אין באגריפן. מע דאַרף זי זוכן אין דעם אונטערשייד פונם קלאַסנפאַרהעלטעניש. דערזעלביקער מאַרקס האָט געשריבן, אז אין יאָר 1789 האָט זיך די בורזשואזיע אין פראַנקרייך פאַראייניקט מיטן פויערטום און אז אין 1848 יאָר האָט די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע פאַראַטן דעם פּראָלעטאַריאַט. הער פּלעכאַנאָוו ווייס דידאָזיקע מיינונג פון מאַרקסן, אָבער ער שווייגט וועגן איר, קעדיי צוצוריכטן מאַרקסן „אַ לא סטרואווע". אין פראַנקרייך פון 1789 יאָר האָט זיך געהאַנדלט וועגן אראָפּוואַרפן דעם אבסאָלוטיזם און דעם אדל. די בורזשואזיע האָט אַף דער דעמאָלטיקער שטאַפּל פון עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג געגלויבט אין די האַרמאָניע פון אינטערעסן, האָט ניט מוירע געהאַט פאַר די פעסטקייט פון איר הערשאַפט און איז געגאַנגען אַף אַ בונד מיטן פויערטום. דערדאָזיקער בונד האָט געזיכערט דער רעוואָלוציע אַ פולן ניצחון. אין 1848 יאָר האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, דער פּראָלעטאַריאַט זאָל אראָפּוואַרפן די בורזשואזיע. דעם פּראָלעטאַריאַט האָט זיך ניט איינגעגעבן צוצוציען צו זיך דאָס קליינבירגערטום, און זיין פאַראַט האָט מיטגעבראַכט די מאַפּאָלע פון דער רעוואָלוציע. די אויפשטייגנדיקע ליניע איז אין יאָר 1789 געווען יענע פאָרם פון דער רעוואָלוציע, אין וועלכער די מאַסע פון פאָלק איז ביַיגעקומען דעם אבסאָלוטיזם. די פאַלנדיקע ליניע פון יאָר 1848 איז געווען יענע פאָרם פון דער רעוואָלוציע, ווען דאָס קליינבירגערטום האָט פאַראַטן דעם פּראָלעטאַריאַט. און האָט געבראַכט צו דער מאַפּאָלע פון דער רעוואָלוציע.

הער פּלעכאַנאָוו האָט אנשטאָט מאַרקסיזם אונטערגערוקט דעם וואולגאַרן אידעאַליזם, מאַכנדיק פון דעם גאַנצן איניען—„סטראַטעגישע באגריפן", און ניט קלאַסנפאַרהעלטעניש.

די דערפאַרונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר און פון דער קאָנטר-רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע נאָך איר זאָגט אונז, אז בא אונז האָט מען געקענט קאָנסטאַטירן צוויי ליניעס פון דער רעוואָלוציע אין זינען פון קאַמף פון צוויי קלאַסן—פון פּראָלעטאַריאַט און פון דער ליבעראַלער בורזשואזיע.

פאַר דער אָנפירנדיקער ווירקונג אַף די מאַסן. דער פראָלעטאַריאַט איז ארויס-
געטראָטן רעוואָלוציאָנער און האָט געפירט נאָך זיך דאָס דעמאָקראַטישע פוי-
ערטום אף אראָפוואַרפן די מאָנארכיע און די פריצים. אז דאָס פויערטום האָט
ארויסגעוויזן רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען אין דעמאָקראַטישן זינען, דאָס האָבן
דערוויזן אין אַ מאַסנווייזן מאסשטאב אַלע גרויסע פּאָליטישע געשע-
ענישן: סאַי די פויערשע אויפשטאַנדן פון די יאָרן 1905-1906, סאַי די מילי-
טערישע אומרוען פון דיזעלביקע יאָרן, סאַי דער „פויערשער בונד" פון
1905 יאָר, סאַיביידע ערשטע דומעס, וואו די פויערים-טרודאוויקעס זיי-
נען ארויסגעטראָטן ניט נאָר „לינקער פון די קאַדעטן", אָבער אויך רעוואָלו-
ציאָנערער, איידער די אינטעליגענטן—סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן
און טרודאוויקעס. אָפט, צום באדויערן, פארגעסט מען וועגן דעם, אָבער דאָס
איז אַ פאַקט. אויך אין דער III, אויך אין דער IV דומע האָבן די פוי-
ערים-טרודאָוויקעס באַוויזן, באַ זייער גאנצער שוואַכקייט, אַז די דאָרפישע
מאַסן זיינען געשטימט אַקעגן די פריצים.

די ערשטע ליניע פון דער רוסישער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָ-
לוציע, גענומען פון די פאקטן, און ניט פון „סטראטעגישער" פלאַפלעריי, איז
באשטאנען אין דעם, אז אנטשלאָסן האָט געקעמפט דער פראָלעטאַריאַט, ניט-
אנטשלאָסן איז נאכגעגאַנגען נאָך אים דאָס פויערטום. געגאַנגען זיינען דידאָ-
זיקע צוויי קלאַסן ביידע אקעגן דער מאנארכיע און אקעגן די פריצים. דער
דויכעק אין קויעך און אנטשלאסנקייט באַ דידאָזיקע ביידע קלאַסן האָט גע-
בראכט צו אַ מאַפּאָלע (האַגאַם טיילווייז איז אַ לאָך אין דער זעלבסטהער-
שונג פאָרט דורכגעבראכן געוואָרן).

די צווייטע ליניע איז געוועזן די אויפירונג פון דער ליבעראַלער בור-
זשואַזיע. מיר, די באָלשעוויקעס, האָבן שטענדיק געזאגט, באזונדערס פון פרי-
לינג 1906 יאָר, אז די ליבעראַלע בורזשואזיע איז פארגעשטעלט דורך די
קאַדעטן און אָקטיאבריסטן, ווי דורך אַן איינהייטלעכע קראַפט. דאָס יאָר-
צענט 1905—1915 האָט באשטעטיקט אונזער מיינונג. אין די אנטשיידנדיקע
מאָמענטן פון קאַמף פלעגן די קאַדעטן צוזאַמען מיט די אקטיאבריסטן פא-
ראטן די דעמאקראַטיע און „גיין" העלפן דעם צאר און די פריצים. די „לי-
בעראַלע" ליניע פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז באשטאנען אין „באַרואיק"
און צעברעקלען דעם קאַמף פון די מאַסן, צוליב שאָלעם מאַכן צווישן דער
בורזשואַזיע און דער מאנארכיע. סאַי די צווישנפעלקערלעכע סיטואציע ארום
דער רוסישער רעוואָלוציע, סאַי דער קויעך פון רוסישן פראָלעטאַריאט האָבן
געמאכט פאַר אומפארמיידלעך, די ליבעראַלן זאָלן זיך אויפירן דאַפקע אזוי.

די באָלשעוויקעס האָבן באוואוסטזיניק געהאָלפן דעם פראָלעטאַריאַט צו
גיין מיט דער ערשטער ליניע, צו קעמפן מיט אַ גרעניצלאזער דרייסטקייט און
צו פירן נאָך זיך דאָס פויערטום. די מענשעוויקעס פלעגן זיך שטענדיק אראָפ-
קייקלען אַף דער צווייטער ליניע, דעמאראליזירנדיק דעם פראָלעטאַריאט דורך
צופאסן זיין באוועגונג צו די ליבעראלן, אנהויבנדיק מיטן צורוף צו גיין אין
בוליגינס דומע (אווגוסט 1904), אויסלאזנדיק מיטן קאדעטישן מיניסטעריום פון

1906 יאָר און מיטן בלאָק מיט די קאַדעטן קעגן דער דעמאָקראַטיע אין 1907 יאָר (פון הער פלעכאַנאָווס שטאַנדפונקט, וועלן מיר באַמערקן אין קלאַמערן, האָבן „די ריכטיקע סטראַטעגישע באַגריפן” פון די קאַדעטן און פון די מענשעוויקעס געכאַפּט דעמאָלט אַ מאָפּאָלע. פאַרוואָס? פאַרוואָס האָבן די מאַסן ניט געפאָלגט דעם כאָכעם הער פלעכאַנאָוו און די קאַדעטישע אייצעס, וועלכע פלעגן פאַרשפּרייט ווערן הונדערט מאָל ברייטער, איידער די אייצעס פון די באָלשעוויקעס?).

בלויז דידאָזיקע שטרעמונגען, די באָלשעוויסטישע און די מענשעוויסטישע, בלויז זיי האָבן זיך אָנטפּלעקט אין דער פּאָליטיק פון די מאַסן אין די יאָרן 1903=1904, ווי אויך שפּעטער, אין די יאָרן 1908-1914. פאַרוואָס? ווייל נאָר דידאָזיקע שטרעמונגען האָבן געהאַט פעסטע קלאַסנוואָרצלען, די ערשטע—פּראָלעטאַרישע, די צווייטע—ליבעראַל=בורזשואַזע.

איצטער גייען מיר ווייטער צו אַ רעוואָלוציע. דאָס זעען אַלע. כ וואָ ס= ט אָ וו *) אַליין רעדט וועגן א שטימונג בײַ די פּויערים, וועלכע דערמאָנט די יאָרן 1905-1906. און ווייטער האָבן מיר פאַר אונז ד י ז ע ל ב י ק ע צוויי ליניעס פון דער רעוואָלוציע, דיזעלביקע קלאַסנפאַרהעלטעניש, נאָר מאָדיפיצירט (באַקומען אַן אַנדער אויסזעען) דורך דער פאַרענדערטער צווישנפעלקערלעכער סיטואַציע. אין 1905 יאָר איז די גאַנצע אייראָפּעאישע בורזשואַזיע געווען פאַרן צאַריזם און האָט אים געהאָלפן ווער מיט מיליאַרדן (פראַנצויזן), ווער—דורך צוגרייטן א קאָנטר=רעוואָלוציאָנערע אַרמיי (דייטשן). אין 1914 יאָר האָט זיך צעפלאַקערט די אייראָפּעאישע מילכאָמע; די בורזשואַזיע האָט אומעטום אויף אַ געוויסע צייט בייגעקומען דעם פּראָלעטאַריאַט, פאַרכלינעט אים מיט אַ מוטנעם שטראָם פון נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם. אין רוסלאַנד בילדן ווי פריער א מערהייט פון דער באַפעלקערונג—קליינבירגערלעכע פאָלקסמאַסן, דער איקער פּויערטום. זיי זיינען קוידעמקאָל געדריקט דורך די פּריצים. פּאָליטיש איז אָדער זיי שלאָפן, אָדער זיי וואַקלען זיך צווישן שאָוויניזם („ניצאָכן איבער דייטשלאַנד”, „פאָטערלאַנד-פאַרטיידיקונג”) און רעוואָלוציאָנערישקייט. די פּאָליטישע אויסדריקער פון דידאָזיקע מאַסן—און פון דידאָזיקע וואַקלונגען—זיינען, פון איין זייט, די פאָלקיסטן (טרודאָוויקעס און סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן), פון דער אַנדערער—אָפּאָרטוניסטן-סאָציאַלדעמאָקראַטן („נאַשע דיעלאָ”, פּלעכאַנאָוו, טשכעאידזעס פראַקציע, אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט), וועלכע האָבן פון 1910 יאָר אָן אָנטשלאָסן אָנגעקייקלט זיך מיט דער סטעזשקע פון ליבעראַלער אַרבעטער-פּאָליטיק און האָבן זיך צום 1915 יאָר דערקייקלט ביזן סאָציאַל-שאָוויניזם פון די הערן פּאָטרעסאָוו, טשערעוואַנין, לעוויצקי, מאַסלאָוו אָדער ביז דער פאָדערונג פון „איינהייט” מיט זיי.

פון דערדאָזיקער פאַקטישער לאַגע דרינגט אַרויס באַשיינפּערלעך די אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט. אַ גרעניצלאָז דרייסטער רעוואָלוציאָנערער קאַמף אַקעגן מאָנאַרכיע (לאָזונגען פון דער קאָנפערענץ פון יאַנוואַר 1912, „דריי וואַלפישן”), קאַמף, וואָס רייסט מיט זיך אַוועק אַלע דעמאָקראַטישע מאַסן,

*) א רעאַקציאָנערער צאַרישער מיניסטער פון יענער צייט.

דאָס הייסט דער איקער דאָס פויערטום, און צוזאמען דערמיט—אן אומראכמא-נעסדיקער קאַמף אקעגן שאַוויניזם, קאַמף פאַר דער סאָציאַליסטישער רעוואָ-לוציע אין אייראָפע אין בונד מיט איר פּראָלעטאַריאַט. די וואקלונגען פון קלייגבירגערטום זיינען ניט צופעליק, זיי זיינען אומפארמיידלעך, זיי נעמען זיך פון זיין קלאַסנלאַגע. דער מילכאָמע-קריזיס האָט פאַרשטאַרקט די עקא-נאמישע און פּאָליטישע פאקטאָרן, וועלכע שטויסן אים—און אין דעם אויך דאָס פויערטום—אף לינקס. דערינען ליגט די אביעקטיווע גרונטלאַגע פאַר דער פולער מעגלעכקייט, די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד זאָל זיגן. אז אין מאירעוו-אייראָפע זיינען די אביעקטיווע באדינגונגען פון דער סאָציאַליס-טישער רעוואָלוציע פולקום צייטיק געוואָרן, דאָס איז איבעריק דאָ צו דער-ווייזן; דאָס האָבן ביז דער מילכאָמע אנערקענט אַלע איינפלוסרייכע סאָציאַ-ליסטן אין אלע פאַרגעשריטענע לענדער.

קלאָר מאַכן די קלאַסנפאַרהעלטעניש אין דער קומענדיקער רעוואָלוציע—דאָס איז די הויפּטאויפגאַבע פון אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. דידאָזיקע אויפ-גאַבע מיידט אויס דער אָרגאַניזאַציאָנסקאָמיטעט, וועלכער בלייבט אין רוס-לאַנד אַ געטרייער פּאַרבינדעטער פון „נאַשע דיעלא", און אין אויסלאַנד וואַרפט ער „לינקע" פראַזן, וואָס באַדייטן גאָרנישט. דידאָזיקע אויפגאַבע לייזט פאַלש טראָצקי אין „נאַשע סלאָווא". ער כאַזערט איבער זיין „אריגינעלע" טעאָריע פון 1905 יאָר און וויל ניט אַ טראַכט געבן וועגן דעם, צוליב וועלכע סיבעס דאָס לעבן איז גאַנצע צען יאָר געגאַנגען פאַרביי דערדאָזיקער שיינער טעאָריע.

טראָצקיס אריגינעלע טעאָריע נעמט באַ די באָלשעוויקעס דעם צורוף צו אנטשלאָסענעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט און צו דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, און באַ די מענשעוויקעס נעמט זי—דאָס „לייקענען" די ראָלע פון פויערטום. דאָס פויערטום האָט זיך קלוימערשט צעגלידערט, דיפע-רענצירט, זיין מעגלעכע רעוואָלוציאָנערע ראָלע האָט געהאלטן אין איין פאַלן; אין רוסלאַנד איז אומעגלעך אַ „נאַציאָנאַלע" רעוואָלוציע. „מיר לעבן אין עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם", און „דער אימפּעריאַליזם שטעלט אנידער ניט די בורזשואזע נאַציע אקעגן דעם אלטן רעזשים, נאָר דעם פּראָלעטאַריאַט אקעגן דער בורזשואַזער נאַציע".

אָט דאָס איז אַ שפּאַסיק ביישפּיל פון „שפּיל מיטן וואָרט": אימפּעריא-ליזם. אויב אין רוסלאַנד שטייט שוין דער פּראָלעטאַריאַט אקעגן דער בורזשואזער נאַציע, הייסט דאָס, אַז רוסלאַנד שטייט שוין דירעקט פאַר דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע!! דעמאָלט איז פאַלש דער לאזונג פון „קאָנפיסקירן די פּריצישע ערדן" (וועלכן טראָצקי כאַזערט איבער אין 1915 יאָר נאָך דער יאַנוואַר-קאָנפערענץ פון 1912). דעמאָלט דאַרף מען ריידן ניט וועגן אַ „רעוואָלוציאָנערער ארבעטער-רעגירונג", נאָר וועגן „אַ סאָציאַ-ליסטישער אַרבעטער-רעגירונג"!! ביז וואָס פאַר גרעניצן ס'דערגייט דער פּלאָנטער באַ טראָצקין, איז צו זעען פון זיין פראזע, אז דורך אנטשלאָסנקייט וועט דער פּראָלעטאַריאַט מיטרייסן מיט זיך אויך די „ניט-פּראָלעטאַרישע (!)

פאלקסמאַסן" (№ 217)!! טראָצקי האָט ניט געגעבן קיין טראַכט, אז אויב דער פּראָלעטאַריאַט וועט מיטרייסן די ניט-פּראָלעטאַרישע מאַסן פון דארף אָף קאנפיסקירן די פּריצישע ערדן און וועט אראָפּוואַרפן די מאנארכיע, וועט דאָס טאַקע זיין די „פּארענדיקונג" פון דער „נאַציאָנאַלער בורזשואזער רעוואָלוציע" אין רוסלאַנד, דאָס וועט טאַקע זיין אַ רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פון פּויערטום!

דאָס גאַנצע יאָרצענט—דאָס גרויסע יאָרצענט 1905-1915 יאָרן האָט דערוויזן, אז ס'זיינען פאַראַן צוויי און נאָר צוויי קלאַסנליניעס אין דער רוסישער רעוואָלוציע. די צעגלידערונג פון פּויערטום האָט פארשטאַרקט אין אים דעם אינעווייניקסטן קלאַסנקאַמף, האָט אויפגעוועקט זייער פיל עלעמענטן, וועלכע האָבן פּאָליטיש געשלאָפן, האָט דערנעענטערט צום שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט דעם דאָרפישן (אָף באזונדער ארגאניזירן אים זיינען די באָלשעוויקעס באשטאַנען פון 1906=טן יאָר און האָבן ארייַנגעפירט דידאָזיקע פאָדערונג אין דער רעזאָלוציע פון סטאקהאלמער, מענשעוויסטישן, צוזאמענפאָר). אָבער דער אנטאגאניזם צווישן „פּויערטום" און די מאַרקאווס=ראמאנאווס-כוואסטאווס האָט זיך פארשטארקט, איז אויסגעוואקסן, האָט זיך פארשאַרפט. דאָס איז אַזאַ באַשיינפּערלעכער עמעס, אז אפילע טויזנטער פּראזן און טראָצקיס צענדליקער פּאַריזער אַרטיקלען וועלן זי ניט „אומוואַרפן". אין דער ווירקלעכקייט העלפט טראָצקי די ליבעראַלע אַרבעטער=פּאָליטיקער פון רוסלאַנד, וועלכע האַלטן, אז „לייקענען די ראָלע פון פּויערטום" הייסט ניט-וועלן אויפהויבן די פּויערים אָף רעוואָלוציע!

אין דערינען שטעקט איצט דער טשוואָק. דער פּראָלעטאַריאַט קעמפט און וועט מיט גרעניצלאזן מוט קעמפן פאַר דעראָבערן די מאַכט, פאַר דער רעפּובליק, פאר קאנפיסקירן די ערד, דאָס הייסט, פאר צוציען דאָס פּויערטום, פאַר אויסשעפּן זיינע רעוואָלוציאָנערע קויכעס, פאַרן אנטייל פון די „ניט-פּראָלעטאַרישע פּאָלקסמאַסן" אין דער באפרייאונג פון בורזשואַזן רוסלאנד פון מיליטעריש-פעאדאלן „אימפּעריאַליזם" (צאריזם). און דידאָזיקע באפרייאונג פון בורזשואזן רוסלאַנד פון צאריזם, פון דער פּריצישער מאַכט איבער דער ערד, וועט דער פּראָלעטאריאט אויסנוצן טייקעף ניט קעדיי צו העלפן די טאקיפע פּויערים אין זייער קאַמף מיט דעם דאָרפישן אַרבעטער, נאָר קעדיי דורכצופירן די סאציאליסטישע רעוואָלוציע אין בונד מיט די פּראָלעטאריער פון אייראָפּע.

„סאציאל-דעמאקראט" № 48
פון 20-טן נאיאבר 1915.

---

# מע פאַרמאַסקירט די סאָציאַל-שאָוויניסטישע פּאָליטיק מיט אינטערנאַציאָנאַליסטישע פראַזן.

וואָס פאַר אַ שאַיכעס האָבן פּאָליטישע פּאַקטן צו פּאָליטישער ליטעראַטור? פּאָליטישע געשעענישן צו פּאָליטישע לאָזונגען? פּאָליטישע ווירקלעכקייט צו פּאָליטישער אידעאָלאָגיע? דידאָזיקע פראַגע האט איצט זייער אַ גרונטלעכן באַדייט פאַרן פאַרשטיין דעם גאַנצן קריזיס פונם אינטערנאַציאָנאַל, ווייל יעטווידער קריזיס, אַפילע יעטווידער איבערבראָך אין דער אַנטוויקלונג, ברענגט אומפאַרמיידלעך דערצו, אז די אַלטע פאָרם אַנטשפּרעכט ניט דעם נייעם אינהאַלט. מיר ריידן שוין ניט דערפון, וואָס די בורזשואַזע געזעלשאַפט האָדעוועט שטענדיק אויס אַזעלכע פּאָליטיקער, וואָס האָבן ליב צו זאָגן וועגן זיך, אַז זיי שטייען אויסער קלאַסן, און אַזעלכע אפּאָרטוניסטן, וואָס האבן ליב צו זאָגן וועגן זיך, אז זיי זיינען סאָציאַליסטן, וועלכע נאַרן בעקיוון און סיסטעמאַטיש די מאַסן מיט סאַמע מעליצעדיקע, סאַמע „לינקע" ווערטער. אין אַן עפּאָכע פון קריזיס אָבער באַמערקן מיר אַפילע באַ די געוויסנהאַפטעסטע אָנטיילנעמער זיינע, אַז אַף יעדן שריט און טריט גייען זיך באַ זיי פאַנאַנדער וואָרט און טאַט. און דער גרויסער פּראָגרעסיווער באַדייט פון אַלע קריזיסן, אַפילע פון די סאַמע שווערע און קרענקלעכע, באַשטייט, אַגעוו, גראָד אין דעם, וואָס מיט אַן אויסגעצייכנטער שנעלקייט, קראַפט, באַשיינפּערלעכקייט דעקן זיי אויף און שליידערן אַוועק די פוילע (מעג זיין אַפילע גאַנץ געוויסנהאַפטע) ווערטער, די פוילע (מעג זיין געבויט אַף א באַזע פון בעסטע קאַוואָנעס) אנשטאַלטן.

די וואַלן פון די פּעטערבורגער אַרבעטער אין דעם מיליטעריש-אינדוסטריעלן קאָמיטעט*) — דאָס איז איצט דער גרעסטער פּאַקט אינם לעבן פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דאָס ערשטע מאָל פאַר דער צייט פון דער מילכאָמע און בלויז דידאָזיקע וואַלן האָבן ווירקלעך צוגעצויגן *מאַסן* פּראָלעטאַריער צום באַטראַכטן און צום לייזן די גרונטלעכע פראַגן פון דער איצטיקער פּאָליטיק, האָבן אונז באַוויזן דאָס עמעסע בילד *פון דעם*, וואָס *מיר האָבן* אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ווי אין אַ מאַסנפּאַרטיי. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן צוויי, סאַכאַקל נאָר צוויי שטרעמונגען: איינע — אַ רעוואָלוציאָנער-אינטערנאציאָנאליסטישע, אַ ווירקלעך פּראָלעטאַרישע שטרעמונג, וועלכע איז אָרגאַניזירט דורך אונזער פּאַרטיי; דידאָזיקע שטרעמונג איז געווען *קעגן באַשיצונג*. די צווייטע שטרעמונג, די „באַשיצלערישע", אָדער די סאָציאַל-שאָוויניסטישע — דאס איז געווען אַ בלאָק פון די אנהעגער פון „נאַשע דיעלאָ" (דער הויפּטקערן פון די ליקווידאַטאָרן), פון פלעכאַנאָוויסטן, פּאָלקיסטן

*) מיליטעריש-אינדוסטריעלע קאָמיטעטן — דאָס זיינען געווען אָרגאַניזאַציעס פון דער גרויסער בורזשואַזיע בעראָש מיט ריאַבושינסקין און גוטשקאָוון, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרן, נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן צעקלאַפּט די רוסישע אַרמיי זומער 1915 יאָר, אַף צו מאָבּיליזירן די רוסישע אינדוסטריע צוליב פּאַרטיידיקונגס-צילן. אין דידאָזיקע קאָמיטעטן זיינען אַריין אויך די סאָציאַל-שאָוויניסטן מיט גוואָזדיאָוון בעראָש. (איבערז.)

און אומפּאַרטייאישע, דערביי האָט דעמדאָזיקן גאַנצן בלאָק געשטיצט די גאַנצע בורזשואַזע פּרעסע און אַלע שוואַרצמייעניקעס אין רוסלאַנד, און דערמיט באַוויזן, אַז דער מעהוס פון דער פּאָליטיק פונם דאָזיקן בלאָק איז אַ בורזשואַזער און ניט קיין פּראָלעטאַרישער.

אָט אַזעלכע זיינען די פאַקטן. אָט אַזאַ איז דיווירקלעכקייט. נו, און די לאָזונגען, די אידעאָלאָגיע? די פּעטערבורגער „ראַבאָטשעיע אוטראָ״ נומ. 2 (22/X), דער זאַמלבוך פון די „אָקיסטן״ („אינטערנאַציאָנאַל און מילכאָמע״, נומ. 1 30/XI, 1915 יאָר), די לעצטע נומערן פון „נאַשע סלאַוואָ״ גיבן אַן ענטפער, אַף וועלכן ס׳דאַרף זיך פאַרטראַכטן, זייער פאַרטראַכטן יעדערער, ווער ס׳אינטערעסירט זיך מיט פּאָליטיק ניט אַזוי, ווי גאָגאָלס פּעטרושקע האָט זיך אינטערעסירט מיט לייענען.

לאָמיר אַ קוק טאָן אַף דעם אינהאַלט און באַדייט פון דער דאָזיקער אידעאָלאָגיע.

די פּעטערבורגער „ראַבאָטשעיע אוטראָ״ — דאָס איז דער סאַמע וויכטיקער דאָקומענט. דאָ זיצן די לידערס פון דער ליקווידאַטאָריי און פונם סאָציאַל-שאָוויניזם אייניינעם מיטן מאָסער ה. גוואָזדיאַוו. דידאָזיקע לייט ווייסן גרונטלעך אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען פאַר די וואַלן פון 27/IX און אַלץ, וואָס עס האָט פּאַסירט בעת די וואַלן גופא. דידאָזיקע לייט האָבן געקאָנט אַרויפוואַרפן אַ שלייער אַף זייער בלאָק מיט די פלעכאַנאָוויסטן, פּאָלקיסטן און אומפּאַרטייאישע, און זיי האָבן טאַקע אַרויפגעוואָרפן אַ שלייער, און קיין איין וואָרט האָבן זיי ניט געזאָגט ניט וועגן באַדייט פונם דאָזיקן בלאָק, ניט וועגן דער צאָלפאַרהעלטעניש צווישן די פאַרשיידענע עלעמענטן זיינע. זיי האָט געלוינט צו פאַרדעקן אַזאַ „קלייניקייט״ (דער הער גוואָזדיאַוו און זיינע פריינט פון „ראַבאָטשעיע אוטראָ״ האָבן בליסאָפּעק געהאַט אַלע נויטיקע מאַטעריאַלן), און זיי האָבן עס פאַרדעקט. אויסטראַכטן אָבער אַ „דריטע״ גרופּע, אַכוץ די 90 און 81, האָבן זיי ניט געקאָנט. לייגן אָפן אָרט, אין פּעטערבורג, אין די אויגן פון די אַרבעטער, אויסטראַכטן אַ „דריטע״ גרופּע, וועגן וועלכער דער „קאָפּענהאַגענער אַנאָנים״ דערציילט באַבעמאַיסעס אַף די זייטלעך פון דער דייטשישער פּרעסע און פון „נאַשע סלאָווע״ — דאָס איז אומעגלעך, ווייל מענטשן, וועלכע זיינען נאָך אינגאַנצן ניט אַראָפּ פון זינען, לייגן ניט, ווען זיי ווייסן, אַז באַלד דאָ אָפן אָרט וועט דער ליגן אומפאַרמיידלעך אויפגעדעקט ווערן. דעריבער דרוקט „ראַבאָטשעיע אוטראָ״ ק. אָראַנסקיס (אַן אַלטער באַקאַנטער!) אַן אַרטיקל: „צוויי פּאָזיציעס״, באַהאַנדלט אַף זייער אַן אויספירלעכן אופןביידע פּאָזיציעס, פון דער גרופּע 90 און פון דער גרופּע 81, און דערמאָנט מיט קיין איין וואָרט אַפילע ניט וועגן דער דריטער פּאָזיציע. אַגעוו: די צענזור האָט דעם נומ. 2 „ראַבאָטשעיע אוטראָ״ קימאַט אינגאַנצן צעקאַלעטשעט; ווייסע שפּאַלטן איז פאַרבליבן קימאַט מער, איידער געדרוקטע, אָבער פון די אַרטיקלען זיינען ניט גערירט געוואָרן גראָד יענע, נאָר יענע צוויי אַרטיקלען — „צוויי פּאָזיציעס״ און א פעליעטאָן, וועלכער פאַרדרייט אף א ליבעראַלן אופן די געשיכטע פונם 1905 יאָר, — אין וועלכע מע זידלט די באָלשעוויקעס פאַר „אַנאַרכיזם״ און

„באַיקאָטיזם“. דער צארישער רעגירונג ל ו י נ ט, אז אזעלכע זאכן זאָלן גע-
שריבן ווערן און געדרוקט ווערן. ס'איז ניט צופעליק, וואס אזעלכע רעדעס
האבן די מאָנאָפּאָליע פון לעגאלקייט אומעטום — פונם דעספּאָטישן רוסלאנד ביזן
רעפּובליקאנישן פראנקרייך!

מיט וואָסערע זשע ראַיעס פאַרטיידיקט די „ראַבאָטשעיע אוטראָ“ איר
פּאָזיציע וועגן „באַשיצונג“ אָדער „סאָציאַל-שאָוויניזם?“ בלויז מיט דריידלעך,
בלויז מיט אינטערנאַציאָנאַליסטישע פראַזן. אונזער פּאָזיציע איז, פארשטייט איר
מיך, קלאַל ניט קיין „נאַציאָנאַלע“, קלאַל ניט קיין „באַשיצלערישע“; באַ אונז
איז בלויז אויסגעדריקט — „דאָס, וואָס איז קלאַל ניט אויסגעדריקט באַ דער
ערשטער פּאָזיציע“ (באַ דער פּאָזיציע פון דער גרופּע 90) — „די ניט גלייכגיל-
טיקע“ באַציאונג צו דער לאַגע פונם לאַנד“, צו דער פראַגע וועגן „ראַטעווען“
פון „כורבן און אונטערגאַנג“. אונזער פּאָזיציע איז, פארשטייט איר מיך, געווען
אַ „ווירקלעך צווישנפעלקערלעכע“, זי האָט אָנגעוויזן וועגן און מיטלען אַף צו
„באַפרייען“ דאָס לאַנד; מיר האָבן „גלייך (!! מיט דער ערשטער פּאָזיציע) אָפּ-
געשאַצט די אָפּשטאַמונג פון דער מילכאָמע און דעם סאָציאַל-פּאָליטישן מעהוס
אירן“, מיר האָבן „גלייך (!! מיט דער ערשטער פּאָזיציע) אָנגעמערקט די אל-
געמיינע פּראָבלעם פון א אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע און פון אַ אינ-
טערנאַציאָנאַלער אַרבעט פונם פּראָלעטאַריאַט“ (לאַכט ניט!) „און פון דער
דעמאָקראַטיע אין דער צייט פון מילכאָמע, אין אַלע אָן אויסנאַם אַנטוויקלונג-
פּעריאָדן פונם וועלט-קאָנפליקט“. מיר האָבן, פאַרשטייט איר מיך, אין אונזער
אָנזאָג דערקלערט, אַז „אין דער געגעבענער געזעלשאַפטלעך-פּאָליטישער סיטו-
אַציע קאָן דער אַרבעטערקלאַס ניט נעמען אַף זיך קיין שום פאַראַנטוואָרט-
לעכקייט פאַר דער באַשיצונג פונם לאַנד“, „מיר זיינען אנטשיידן צוגעשטאַנען
קוידעמקאָל צו די אינטערנאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון דער דעמאָקראַטיע“, „מיר
האָבן אריינגעטראָגן אונזער כיילעק אינם לעבעדיקן שטראָם שטרעבונגען, וואס
זייערע עטאַפּן זיינען קאָפּענהאַגען און צימערוואַלד“ (אָט ווער מיר זיינען!).
מיר זיינען, פאַרשטייט איר מיך, פאַרן לאָזונג „שאָלעם אָן א נ ע ק ס י ע ס“
(אונטערגעשטרייכט דורך „ראַבאָטשעיע אוטראָ“). מיר „האָבן דער אבסטראַקט-
קייט און דעם קאָסמאָפּאָליטישן אַנאַרכיזם פון דער ערשטער פּאָזיציע אנט-
קעגנגעשטעלט דעם רעאַליזם און דעם אינטערנאַציאָנאַליזם פון אונזער פּאָזיציע,
פון אונזער טאַקטיק“.

ניט עמעס, דאָס איז דאָך אַלץ מאַמעש פּערל! אין דידאָזיקע פּערל
אָבער האָבן מיר, אַכוץ אַמאראַצישקייט און רעפּעטילאָווישן *) לייגן, אַ פולקום
ניכטערע און ר י כ ט י ק ע דיפּלאָמאַטיע, פונם שטאַנדפּונקט פון דער בור-
זשואַזיע. קעדיי צו ווירקן אַף די אַרבעטער, מוזן די בורזשויען זיך פארשטעלן
פאַר סאָציאַליסטן, עסדעקן, אינטערנאַציאָנאַליסטן און אַז. וו., אַנדערש איז
אומעגלעך צו האָבן אַ ווירקונג. און די „ראַבאָטשעיע אוטראָ“ פּוצט זיך צו,
פאַרבט זיך צו, שמירט זיך צו, מאַכט אויגלעך און שטעלט זיך
פאַר גאָרניט נישט אָפּ! מיר זיינען גרייט אַפילע הונדערט מאָל אונטער-

*) רעפּעטילאָוו—העלד פון גריבאָיעדאָווס קאָמעדיע „גאָרע אָט אומאַ“, א גרויסער ליגנער.

צושרייבן סאַי דעם צימערוואַלדישן מאַניפעסט (דאָס איז אַ פּאַטש אין פּאָנים די צימערוואַלדיסטן, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן דעמדאָזיקן מאַניפעסט, ניט קעמפנדיק קעגן זיין פּאַכדאַנעס און ניט מאַכנדיק קיין נויטיקע אויסריידן!), סאַי וואָסערע איר ווילט נאָר רעזאָלוציע וועגן אימפּעריאַליסטישן מעהוס פון דער מילכאָמע, סאַי וואָסערע איר ווילט נאָר שוואַכע וועגן אונזער „אינטער-נאַציאָנאַליזם” און וועגן אונזער „רעוואָלוציאָנערישקייט” („באַפרייען דאָס לאַנד” אין דער צענזורירטער פּרעסע-רעוואָלוציע און דער אומלעגאַלער פּרעסע)— אַבי נאָר... אַבי נאָר מע זאָל אונז ניט שטערן צו רופן די אַרבעטער אנטייל צו נעמען אין די מיליטעריש-אינדוסטריעלע קאָמיטעטן, ד. ה. צום פּ אַ ק-ט י ש ן אנטיילנעמען אין דער רויבערישער, רעאַקציאָנערער („באַשיצלערישער”) מילכאָמע.

נאָר ד אָ ס איז די זאַך, דאָס איבעריקע איז לגיטער ווערטער. נאָר אין ד ע ם איז דער איקער, דאָס איבעריקע איז לויטער פראַזן. נ אָ ר ד אָ ס א י ז נ ו י ט י ק דער פּאָליציי, דער צאַרישער מאָנארכיע, כוואָסטאָוון און דער בור-זשואַזיע. די קלוגע בורזשויען אין די קליגערע לענדער זיינען טאָלעראַנט צו דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער און סאָציאַליסטישער פראַזע, אַבי נאָר מע זאָל אנטיילנעמען אין דער באַשיצונג: דערמאָנט זיך, ווי די פראַנצויזישע רעאַק-ציאָנערע צייטונגען האָבן זיך אָפּגערופן וועגן דער קאָנפערענץ פון די סאָצי-אַליסטן פון דעם „דריי-אויסגלייך”. דאָס איז, פאַרשטייט איר, באַ די הערן סאָציאַליסטן עפּעס אַ מין „טיק”, — אַזוי האָט געשריבן איינע פון דידאָזיקע צייטונגען, — א מין נערוון-קראַנקייט, ווען מענטשן כאַזערן איבער אַוטאָ-מאַטיש איין זשעסט, איין מוסקול-באַוועגונג, איין וואָרט. אזוי קאָנען „אונזערע” סאָציאַליסטן אויך פון קיין שום זאַך ניט ריידן, אויב זיי זאָלן דערביי ניט איבערכאַזערן די ווערטער: מיר זיינען אינטערנאַציאָנאַליסטן, מיר זיינען פאַר אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. דאָס איז ניט געפערלעך! דאָס איז ניט מער, ווי אַ „טיק”, און „פאַר אונז” איז וויכטיק דאָס, וואָס זיי זיינען פאַר דער ב אַ-ש י צ ו נ ג פונם פאָטערלאַנד.

אַזוי האָבן געטראַכט די קלוגע פראַנצויזישע און ענגלישע בורזשויען: אויב דעם אנטייל אין דער רויבערישער מילכאָמע באַשיצט מען מיט פראַזן וועגן דעמאָקראַטיע, סאָציאַליזם און ד. גל., צי איז דאָס דען אין דערעמעסן ניט נוצלעך פאַר די רויבערישע רעגירונגען, פאַר דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע? צי איז דען ניט נוצלעך פאַרן פאָרעך צו פאַרמאָגן אַזאַ מעשאָ-רעס, וועלכער זאָל זיך ציילעמען און שווערן פאַרן פאָלק, אז דער פּאָרעך גיט אַפּ זיין גאַנץ לעבן צוליבן זאָרגן פאַרן פאָלק און צוליב דער ליבע צו אים?

די „ראַבאָטשעיע אוטראָ” שווערט זיך מיט צימערוואַלד און צאַמט זיך אָפּ מ י ט ו ו ע ר ט ע ר פון די פּלעכאַנאָוויסטן, דערקלערנדיק (№ 2), אַז זי איז אין „פיל זאַכן ניט מאַסקים” מיט זיי. אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז זי א י ן ג ר ו נ ט מאַסקים מיט די פּלעכאַנאָוויסטן, אין דער ווירקלעכקייט גייט זי צוזאַמען מיט זיי, צוזאַמען מיט דער אייגענער בורזשואַזיע, אין די „באַשיצלערישע” אנשטאַלטן פון דער שאָוויניסטישער בורזשואַזיע.

דער אָרגאַנ. קאָמ. איז ניט נאָר ער שווערט זיך מיט צימערוואַלד, נאָר ער „כאַסמעט" זיך אונטער און צעשרייבט זיך לויט אַלע פּישטשעוועס, ניט נאָר ער צאַמט זיך אָפּ פון די פלעכאַנאָוויסטן, נאָר ער האָט אַפילע אַרויסגעלאָזט עפּעס אַן אַנאָנים א. מ., וועלכער שרייבט, באַהאַלטנדיק זיך אונטער זיין אַנאָנימישקייט, ווי אַ הונט אונטערן טויער: „מיר, וואָס שליסן זיך אָן" (? עפּשער איז א. מ. גאַנצע צוויי „זיך=אָנשליסנדיקע ?") צום אַווגוסט-בלאָק, רעכענען פאַר נויטיק צו דערקלערן: די אָרגאַניזאַציע „פּריזיוו" איז ווייט אריבערגעטראָטן איבער די גרעניצן פון דעם, וואָס עס קאָן זיין דערלאָזט אין אונזער פאַרטיי, ווי מיר פאַרשטייען דאָס, דעריבער קאָנען די מיטגלידער פון דער הילפסגרופּע „פּריזיוו" קיין אָרט ניט האָבן אין די רייען פון די אָרגאַניזאַציעס פונם אַוווגוסט-בלאָק. נו, דרייסטע מענטשן זיינען זיי, אָט די „זיך-אָנשליסנדיקע" א. מ., זיי האָקן דעם עמעס גלייך אין פּאָנים אַריין!

פון די פינף מענטשן, וועלכע בילדן דעם „אויסלענדישן סעקרעטאַריאַט" פונם א. ק., וועלכער האָט אַרויסגעלאָזט דעם ציטירטן זאַמלבוך, האָט קיין איינער ניט געוואָלט דעקלארירן אַזא דרייסטע זאַך! ס'קומט אויס, אַז די פינף סעקרעטאַרן זיינען קעגן דעם, אז מע זאָל רייסן מיט פלעכאַנאָוון (ערשט ניט אַזוי לאַנג האָט פּ. אַקסעלראָד דערקלערט, אז דער מענשעוויק פלעכאַנאָוו איז אים פיל נעענטער פאַר די באָלשעוויקעס אינטערנאַציאָנאַליסטן), נאָר מוירע האָבנדיק פאַר די אַרבעטער און ניט וועלנדיק קאַליע מאַכן זייער „אייגענע רעפּוטאַציע", האַלטן זיי פאַר בעסער צו שווייגן וועגן דעם און ארויסלאָזן איינעם פון די צוויי אַנאָנימע זיך-אָנשליסנדיקע, קעדיי זיי זאָלן א בלישצע טאָן מיטן וואָלוועלן און אומשעדלעכן אינטערנאַציאָנאַליזם...

פון איין זייט, איז איינצלנע סעקרעטאַרן — א. מאַרטינאָוו, ל. מאַרטאָוו, אַסטראָוו, פּאַלעמיזירן מיט „נאַשע דיעלאָ", און מאַרטאָוו זאָגט זיך אַפילע ארויס פון זיין נאָמען פערזענלעך קעגן אַנטייל נעמען אין די מיליטעריש=אינדוסטריעלע קאָמיטעטן, פון דער אַנדער זייט, איז דער בונדיסט יאָנאָוו, וועלכער האַלט זיך פאַר אַ מער „לינקערן", איידער קאָסאָווסקי, וואָס שפּיגלט אָפּ די ווירקלעכע פּאָליטיק פונם בונד, און דעריבער ווערט ער (יאָנאָוו) גערן אַרויסגעשטעלט פון די בונדיסטן, קעדיי צו פאַרשטעלן זייער נאַציאָנאַליזם, דערדאָזיקער יאָנאָוו פריידיקט „די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער אַלטער טאַקטיק" (די טאַקטיק פונם II אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע האָט אַרויסגערופן דעם קראַך זיינעם), „אָבער בעשום אויפן ניט די ליקווידאַציע פון דערדאָזיקער טאַקטיק". די רעדאַקציע דרוקט צווידייטיקע, גאָרניט זאָגנדיקע, דיפּלאָמאַטיש דריידלדיקע דערקלערונגען צו יאָנאָווס אַרטיקל, און דערווידערט ניט קעגן דעם מעהוס פון אַרטיקל, קעגן דער פאַרטיידיקונג פון דעם פוילן און אָפּאָרטוניסטישן אין דער „אַלטער טאַקטיק". די אַנאָנימע א. מ., וועלכע „שליסן זיך אָן" אָן דעם אַיוגוסט=בלאָק, פּ אַ ר ט י י ד י ק ן אָפן די „נאַשאַ זאַריאַ": האַגאַם זי האָט זיך „אָפּגענויגט" פון דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער פּאָזיציע, דאָך האָט זי אָפּגעוואָרפן (?) די פּאָליטיק פון „בירגערשאַלעם" (בורגפרידן) פאַר רוסלאַנד, האָט אַנערקענט די נויטיקייט טייקעף אויפצושטעלן די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינ-

דונגען, און, ווי „אונז" (די זיך־אַנשליסנדיקע אַנאָנימען א. מ.) „איז באַוואוסט, האָט זי באַוויליקט, מאַנקאָוו זאָל אויסגעשלאָסן ווערן פון דער דומע־פראַקציע". אַן אויסגעצייכנטע פּאַרטיידיקונג! די קליינבירגערלעכע פּאָלקיסטן זיינען אויך פאַר אויפשטעלן די פאַרבינדונגען, קערענסקי איז אויך קעגן מאַנקאָווו. זאָגן וועגן די מענטשן, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר „ניט קעגנווירקן דער מילכאָמע", אַז זיי וואַרפן אָפּ די פּאָליטיק פון בירגערשאַלעם (בורגפרידן) — דאָס הייסט נאַרן די אַרבעטער מיט פּוסטע ווערטער.

די רעדאַקציע פונם זאַמלבוך פון אַ. ק. טרעט אַרויס, ווי אַ גאַנצע, מיט אַן אַרטיקל: „געפערלעכע טענדענצן". אָט האָט איר אַ מוסטער פון פּאָליטישן דרייען זיך! פון איין זייט, קלינגענדיקע לינקע פראַזן קעגן די מעכאַברים פון די באַשיצלערישע אויפרופן (פון די מאָסקווער און פּעטראָגראַדער סאָציאַל־שאָוויניסטן). פון דער אַנדער זייט, איז „שווער צו אַנטשיידן, פון וועלכע פּאַרטייאישע קרייזן זיינען אַרויס ביידע דעקלאַראַציעס"!! אין דערעמעסן איז קיין שום סאָפעק ניט, אַז זיי זיינען אַרויס „פון די קרייזן" „נאַשע דיעלאָ", האַגאַם די מיטאַרבעטער פונם דאָזיקן לעגאַלן זשורנאַל זיינען געוויס ניט שולדיק אין צונויפשטעלן אומלעגאַלע דעקלאַראַציעס... די אָקיסטן האָבן אונטערגעטוישט די פראַגע וועגן די אידייאישע וואָרצלען פון דידאָזיקע דעקלאַראַציעס, וועגן דער פולער אידענטישקייט פון דידאָזיקע וואָרצלען מיט דער שטרעמונג פון דער ליקווידאַטאָריי, פונם סאָציאַל־שאָוויניזם, פון „נאַשע דיעלאָ" — דידאָזיקע פראַגע האָבן זיי אונטערגעטוישט אָף אַן אומגעלומפּערטער פּילפּלדיקער פראַגע, וואָס איז פאַר קיינעם, אַכוץ דער פּאָליציי, ניט אינטערעסאַנט, אָף דער פראַגע וועגן דער אַווטאָרשאַפט פון די מיטגלידער פון דעם אָדער יענעם קרייז. פון איין זייט, דונערט און בליצט די רעדאַקציע: לאָמיר, אינטערנאַציאָנאַליסטן פונם אַווגוסט־בלאָק, באַהעפטן אונזערע רייען צוליבן „סאַמע ענערגישן ווידערשטאַנד קעגן די באַשיצלערישע טענדענצן" (129), צוליבן „אומבעשאָלעמדיקן קאַמף" (126). פון דער אַנדער זייט, אָט דאָ טאַקע, באַלד, אַ שווינדלערישע פראַזע: די ליניע פון דער דומע־פראַקציע — די ליניע, וועלכע ווערט אונטערשטיצט דורכן אַ. ק., האָט „ניט באַגעגנט" (ביז אַהער) קיין „אָפענע אָפּאָזיציע" (129)!!

און דידאָזיקע ליניע באַשטייט אין דעם, — ווי דאָס איז גאַנץ גוט באַוואוסט די מעכאַברים גופע, — וואָס עס איז ביכלאַל ניטאָ קיין ליניע און אין דעם, וואָס מע „פּאַרטיידיקט" פאַרשטעלטערהייט אין „נאַשע דיעלאָ" און „ראַבאָטשעיע אוטראָ".

נעמט דעם סאַמע „לינקן" און דעם סאַמע „פּרינציפּיעלן" אַרטיקל פונם זאַמלבוך, דעם אַרטיקל, וואָס איז אָנגעשריבן דורך ל. מאַרטאָוו. ס'איז גענוג צו ברענגען דעם מעכאַבערס איינע אַ פראַזע, וועלכע דריקט אויס דעם הויפּטגעדאַנק, קעדיי צו איבערציינן זיך, אין וואָס עס באַשטייט זיין פּרינציפּיעלקייט. „ס'איז פאַרשטענדלעך פון זיך זעלבסט, אַז אויב דער איצטיקער קריזיס וואָלט געבראַכט צום ניצאָכן פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, צו אַ רעפּובליק, וואָלט דעמאָלט דער כאַראַקטער פון דער מילכאָמע זיך געענדערט

אַף אַ גרונטלעכן אויפן" (116). דאָס איז אַ דורכויסיקער און אַ שרייענדיקער ליגן. מאַרטאָוו האָט ניט געקאָנט ניט וויסן, אַז דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע און רעפּובליק זיינען אַ בורזשואַז-דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע און רעפּובליק. דער כאַראַקטער פון דער מילכאָמע צווישן די בורזשואַזע און אימפּעריאַ-ליסטישע גרויסע מלוכעס וואָלט זיך אַף אַ האָר אפילע ניט געביטן, אויב אין איינער פון דידאָזיקע מלוכעס וואָלט מיטאַמאָל אויסגעראַמט געוואָרן דער מיליטעריש-אַבסאָלוטיסטיש-פעאָדאַלער אימפּעריאַליזם, ווייל דער ריין-בורזשואַ-זער אימפּעריאַליזם וואָלט דורך דעם ניט פאַרשוואונדן געוואָרן, נאָר נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן. דעריבער טאַקע האָט אונזער צייטונג אינם נומ. 47, טעזיס 9, דערקלערט, אַז די פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד וועט אין דער איצטיקער מילכאָמע ניט פאַרטיידיקן אַפילע דאָס פאָטערלאַנד פון די רעפּובליקאַנער און רעיואָלוציאָנערן, קאָלזמאַן זיי זיינען שאָוויניסטן, ווי פּלע-כאַנאָוו, די פּאָלקיסטן, קאַאוטסקי, „נאַשעדעלצעס", טשכעאידזע, אָרג. קאָמ. און ד. גל.

און ס'העלפט אים, מאַרטאָוון, קלאָל ניט די ניטקלאָרע פראַזע אין דער באַמערקונג אַף דער 118-טער זייט, וואו, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס ער האָט ארויסגעזאָגט אַף דער 116-טער זייט, „צווייפלט" ער, צי קאָן די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע פירן אַ קאַמף „קעגן דעם צווישנפעלקערלעכן אימפּעריאַליזם" (אָוואַדע קאָן זי ניט); ער „צווייפלט", צי די בורזשואַזיע וועט ניט פאַרוואַנד-לען די רעפּובליק פונם 1793-טן יאָר אין א רעפּובליק פון גאַמבעטען און קלעמאַנסאָ. די גרונטלעכע טעאָרעטישע פאַלשקייט בלייבט דאָ איבער: אין 1793-טן יאָר האָט דער פאָרשריטלעכער קלאַס פון דער בורזשואַזער רע-וואָלוציע אין פראנקרייך געקעמפט קעגן די פאַר-רעוואלוציאָנערע מאָנאַרכיעס פון אייראָפּע. רוסלאַנד פונם 1915-טן יאָר האָלט מילכאָמע ניט מיט די אָפּגעשטאַנענע, נאָר מיט די מער פאָרשריטלעכע לענדער, וועלכע שטיי-ען ערעוו א סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. דאָס הייסט, אַז די ראָלע פון די יאַקאָבינער פונם 1793-טן יאָר קאָן שפּילן אין דער מילכאָמע פון די יאָרן 1914—1915 בלויז דער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער פירט דורך אַ זיגרייכע סאָ-ציאַליסטישע רעוואָלוציע. דאָס הייסט, אַז דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט וואָלט אין דער איצטיקער מילכאָמע געקאָנט „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד", וואָלט געקאָנט אָנעמען, אַז „דער כאַראַקטער פון דער מילכאָמע האָט זיך אַף אַ גרונט-לעכן אויפן געענדערט" נאָר דאַן, ווען די רעוואָלוציע וואָלט אַוועקגעשטעלט באַ דער מאַכט גראָד די פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט, ווען די רעוואָלוציע וואָלט גראָד דערדאָזיקער פּאַרטיי געגעבן די מעגלעכקייט, אַז זי זאָל די גאַנצע קראַפט פון דעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג און פונם מלוכישן אַפּאַראַט קאָ-נען אָנווענדן אַף צו פאַרווירקלעכן באַלד און אומיטלבאַר דעם פאַרבאַנד מיטן סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט פון דייטשלאַנד און אייראָפּע (נומ. 37 „סאָציאַל-דעמאָקראַט", טעזיס 11).

מאַרטאָוו פאַרענדיקט זיין אַרטיקל, וואָס זשאָנגלירט מיט עפעקטפולע פראַזן, מיט אַן עפעקטפולן רוף צו דער „רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע",

אז זי זאל „אין סאמע אָנהויב פונם פּאָליטישן קריזיס פּארנעמען א קלאָרע רעוואָלוציאָנער-אינטערנאציאָנאליסטישע פּאָזיציע". אויב דער לייענער וויל דורכקאָנטראָלירן, צי שטעקט ניט ארויס פון אונטער דעם עפעקטפולן שילד קיין פּארפוילטקייט, טאָ זאָל ער זיך שטעלן די פראגע: וואָס הייסט עס ביכלאל פּארנעמען א פּאָזיציע אין דער פּאָליטיק? (1) געבן אין נאָמען פון דער אָרגאַניזאציע (זאָל זיין אפילע אין נאָמען פונם „פּינפלינג" סעקרעטארן) אן אויסגעפּאָרמירטע אָפּשאצונג פונם מאָמענט און פון דער טאקטיק, א רייע רעזאָלוציעס; (2) געבן דעם קאמפּלאָזונג פונם מאָמענט; (3) פּארבינדן סאי דאָס סאי יענץ מיט דער אקציע פון די פּראָלעטארישע מאסן און פון זייער באוואוסטזיניקן אוואנגארד. מארטאָוו און אקסעלראָד — די אידייאישע פּירער פונם „פּינפלינג"—האָבן ניט געגעבן ניט דאָס ערשטע, ניט דאָס צווייטע, ניט דאס דריטע, נאר פאקטיש גיבן זיי אין דידאָזיקע אלע דריי געביטן שטיצע פאר די סאָציאל-שאָוויניסטן, א שירעם פאר זיי! פאר די 16 כאדאָשים פון דער מילכאָמע האָבן די פּינף אויסלענדישע סעקרעטארן ניט פּארנומען ניט קיין „קלאָרע" פּאָזיציע, ניט קיין שום פּראָגראמאטיש-טאקטישע פּאָזיציע ביכלאל. מארטאָוו שאָקלט זיך דאָס אף לינקס, דאָס אף רעכטס. אקסעלראָד ציט בלויז אף רעכטס (זע באזונדערס זיין דייטשישע בראָשור). קיין שום קלאָרע, קיין שום אויסגעפּאָרמירטע, קיין שום אָרגאניזירטע זאך, קיין שום פּאָזיציע! „דער צענטראלער קאמפּלאָזונג פונם מאָמענט — אזוי שרייבט מארטאָוו פון זיך — דארף ווערן פארן רוסלענדישן פּראָלעטאריאט די אלפּאָלקישע גרינדונגס-פארזאמלונג אף צו ליקווידירן אי דעם צאריזם, אי די מילכאָמע". דאָס איז א לאָזונג, וואָס טויג אף גאָרנישט ניט, דאס איז ניט קיין צענטראלער און ניט קיין קאמפּלאָזונג, ווייל אין אים פעלט דער איקער, דער סאָציאל-קלאסנאינהאלט, דער פּאָליטיש באשטימטער אינהאלט פונם באגריף פון דערדאָזיקער דאָפּלטער „ליקווידאציע". דאס איז א וואולגארע בורזשואז-דעמאָקראטישע פראזע און ניט קיין צענטראלער, ניט קיין פּראָלעטארישער, ניט קיין קאמפּלאָזונג.

לעסאָף, אינם איקער, בענויגייע צו דער פּארבינדונג מיט די מאסן אין רוסלאנד איז מארטאָוו עט קאָמפּ. גיבן ניט נאָר א נול, נאָר א מינוס, ווייל זיי האבן הינטער זיך גאָרנישט ניט. די וואלן האָבן דערוויזן, אז מאסן זיינען פאראן נאָר באם בלאָק פון דער בורזשואזיע מיט דער „ראבאָטשעיע אוטראָ", און דאס פארופן זיך אפן אָרג. קאָמ. און אף טשכעאידזעס פראקציע איז ניט מער ווי א פאלשע מאסקע פארן בורזשואזן בלאָק.

„סאציאל-דעמאָקראט נומ. 49
פונם 21-טן דעקאבר 1915-טן יאָר.

---

# וועגן „אַנטוואָפענונג"-לאָזונג.

אין אַ גאַנצע רייע לענדער, דערהויפט אין די קליינע לענדער און אין די, וואָס שטייען אָן אַ זייט פון דער איצטיקער מילכאָמע, ווי, אַשטייגער, אין שוועדן, נאָרוועגיע, האָלאַנד, שווייץ, לאָזן זיך הערן שטימען, אַז מע דאַרף דעם אַלטן פּונקט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּראָגראַם-מינימום: „מיליציע" אָדער „באַוואָפענען דאָס פאָלק" פאַרבייטן אַף אַ נייעם פּונקט: „אַנטוואָפענונג". אינעם אָרגאַן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער יוגנט-אָרגאַניזאַציע: „יוגנט-אינטערנאַציאָנאַל" („Jugend-Internationale") איז אינעם דריטן נומער אָפּגעדרוקט אַ רעדאַקציאָנס-אַרטיקל פאַר אַנטוואָפענונג. אין ר. גרימס „טעזיסן" וועגן דער מיליטער-פראַגע, טעזיסן, וועלכע זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן צוליבן צוזאַמענפאָר פון דער שווייצערישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַרטיי, געפינען מיר אַ האַנאָכע דער אידייע פון „אַנטוואָפענונג". אין שווייצערישן זשורנאַל „ניי לעבן" פאַרן 1915 יאָר טרעט ראלאנד—האָלסט אַרויס קלוימערשט קעדיי „אויסצוגלייכן"ביירע פאָדערונגען, אין דערעמעסן אָבער — פאַר דערזעלביקער האַנאָכע. אינעם אָרגאַן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לינקער „פאָרויסזאָגער" („Vorbote") איז אין נומ. 2 אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל פונם האלענדער מאַרקסיסט וואינקאָפּ פאַר דער אַלטער פאָדערונג פון פאָלקס-באַוואָפענונג. די סקאַנדינאַווישע לינקע — ווי דאָס איז צו זעען פון די ווייטער געדרוקטע אַרטיקלען — נעמען אָן די „אַנטוואָפענונג", אַנערקענענדיק פון צייט צו צייט, אַז דערדאָזיקער לאָזונג האָט אין זיך אַן עלעמענט פון פאַציפיזם.

לאָמיר זיך צוקוקן צו דער פּאָזיציע פון די, וואָס פאַרטיידיקן די אַנטוואָפענונג.

I

איינע פון די גרונט-האַנאָכעס פאַר אַנטוואָפענונג איז דער געדאַנק, וועלכער ווערט ניט שטענדיק אָפן אַרויסגעזאָגט: מיר זיינען קעגן מילכאָמע, בכלאל קעגן יעטווידער מילכאָמע, און דער סאַמע באַשטימטער, קלאָרער און ניט צווייטייטיקער אויסדרוק פון דערדאָזיקער מיינונג אונזערער איז די פאָדערונג פון אנטוואָפענונג.

אַף דער ניטריכטיקייט פון דעמדאָזיקן געדאַנק האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אינעם אַרטיקל וועגן יוניאוסעס בראָשור; צו דעם אַרטיקל שיקן מיר אָפּ דעם לייענער. סאָציאַליסטן קאָנען ניט זיין קעגן יעטווידער מילכאָמע, ניט אויפהערנדיק דערביי צו זיין סאָציאַליסטן. מע טאָר זיך ניט לאָזן פאַרבלענדן דורך דער איצטיקער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. פאַר דער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע זיינען טיפּיש גראָד אַזעלכע מילכאָמעס צווישן די „גרויסע" מלוכעס. ס'זיינען אָבער קלאל ניט אומעגלעך אויך דעמאָקראַטישע מילכאָמעס, אויך אויפשטאַנדן, לעמאָשל, פון אונטערדריקטע נאַציעס קעגן זייערע אונטערדריקער, פאַר דער באַפרייאונג פונם דרוק. ס'זיינען אומפאַרמיידלעך בירגער-מילכאָמעס פונם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע פאַרן סאָציאַליזם. ס'זיינען מעגלעך מילכאָמעס,

וואָס דער סאָציאַליזם, וועלכער האָט מענאַצייעך געוועזן אין איין לאַנד, וועט פירן קעגן אַנדערע, בורזשואַזע אָדער רעאַקציאָנערע לענדער.

די אַנטוואפענונג איז דער אידעאַל פונם סאָציאַליזם. אין דער סאָציאַ-ליסטישער געזעלשאַפט וועט ניט זיין קיין מילכאָמעס, און, מעמיילע, וועט פאַרווירקלעכט ווערן די אַנטוואפענונג. דער איז אָבער ניט קיין סאָציאַליסט-ווער ס'האָפט, אַז דער סאָציאַליזם וועט פאַרווירקלעכט ווערן אָן דער סאָציאַ-לער רעוואָלוציע און אָן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. דיקטאַטור—דאָס איז אַ מלוכישע מאַכט, וואס שפּאַרט זיך אָן דירעקט אַף געוואלט. געוואַלט אין דער עפּאָכע פון XX יאָרהונדערט, — ווי ביכלאל אין דער עפּאָכע פון ציוויליזאַציע, — דאס איז ניט קיין פויסט און ניט קיין שטעקן, נאָר מי-ליטער. אַריינשטעלן אין פּראָגראם „אנטוואפענונג” הייסט זאָגן ביכלאל: מיר זיינען קעגן דער אָנווענדונג פון געווער. אין דעם איז אויך ניטאָ קיין מאַרק-סיזם אַף אַ האָר אַפילע ניט, פונקט אַזוי, ווי מיר וואָלטן געזאָגט: מיר זיינען קעגן דער אָנווענדונג פון געוואַלט!

מיר דאַרפן באַמערקן, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע דיסקוסיע וועגן דער-דאָזיקער פראַגע האָט זיך געפירט דער איקער, אויב ניט אויסשליסלעך, אף דער דייטשישער שפּראַך. אין דייטשיש געברויכט מען צוויי ווערטער, וואס דעם אונטערשייד צווישן זיי איז שווער איבערצוגעבן אף רוסיש. איין וואָרט באַדייט אייגנטלעך „אַנטוואפענונג” און ווערט באַנוצט דורך קאַאוטסקין און דורך די קאַאוטסקיאַנער, לעמאָשל, אין זינען פון פאַרקלענערן די באַוואפענונג. דאָס צווייטע וואָרט באַדייט אייגנטלעך „וואָפנלאָזיק מאַכן” און ווערט באַנוצט דער איקער דורך די לינקע אין זינען פון אָפּשאַפן דעם מיליטאַריזם, פון אָפּשאַפן יעטווידע מיליטאַריסטישע (מיליטערישע) סיסטעם. אינם דאָזיקן אַרטיקל ריידן מיר וועגן דער צווייטער פאָדערונג, וועלכע עס שטעלן געוויינלעך אַרויס אייניקע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן.

די קאַאוטסקיאַנישע דראָשע וועגן „אַנטוואפענונג”, די דראָשע, וועלכער איז געווענדעט גראָד צו די רעגירונגען פון די אימפּעריאַליסטישע גרויסע מלו-כעס — דאס איז אַ וואולגאַרער אָפּאָרטוניזם, אַ בורזשואַזער פּאַציפיזם, וועלכער העלפט אין דער ווירקלעכקייט — ניט געקוקט אף די פרומע וואונשן פון די זיסינקע קאַאוטסקיאַנער — אָפּצוציען די אַרבעטער פונם רעוואָלוציאָנערן קאַמף. דורך אַזאַ מין דראָשע קולטיווירט מען באַ די ארבעטער דעם געדאַנק, אַז די איצטיקע בורזשואַזע רעגירונגען פון די אימפּעריאַליסטישע מלוכעס זיינען קלוי-מערשט ניט אַרומגעפלאָנטערט מיט טויזנטער פעדים פון פינאַנץ-קאַפּיטאַל און מיט צענדליקער און הונדערטער אַנטשפּרעכנדיקע (ד. ה. רויבערישע, גאַזלאָ-נישע, וואס רופן ארויס אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס) געהיימע אָפּמאַכן צווישן זיך.

## II

אַן אונטערדריקטער קלאַס, וועלכער שטרעבט ניט דערצו, אַז ער זאָל זיך אויסלערנען צו באַנוצן זיך מיט געווער, צו האָבן געווער, וואָלט ווירקלעך פאַרדינט בלויז איין זאַך: מע זאָל זיך מיט אים באַגיין, ווי מיט שקלאַפן. אויב

מיר ווילן זיך ניט פארוואנדלען אין בורזשואזע פאציפיסטן אָדער אפּאָרטוניסטן, קאָנען מיר דאָך ניט פארגעסן, אז מיר לעבן אין אַ קלאסנגעזעלשאפט, און אז פון דערדאָזיקער געזעלשאפט איז ניטאָ און ס'קאָן ניט זיין קיין אנדער אויסוועג, אכוץ קלאסנקאמף, אכוץ אראָפּווארפן די מאכט פונם הערשנדיקן קלאס.

אין יעדער קלאסנגעזעלשאפט — אלציינס, צי זי איז געגרינדעט אף שקלאפעריי, לייבאייגנטום, אדער, ווי די איצטיקע געזעלשאפט, אף לוינארבעט — איז דער אונטערדריקנדיקער קלאס א באוואפנטער. ניט נאָר די איצטיקע רעגולערע ארמיי, נאר אויך די איצטיקע מיליציע — אפילע אין די סאמע דעמאָקראטישע בורזשואזע רעפובליקן, ווי, לעמאָשל, אין דער שווייץ — איז א באוואפענונג פון דער בורזשואזיע קעגן פראָלעטאריאט. דאס איז אזא עלעמענטארער עמעס, וואס ספּעציעל אָפּשטעלן זיך אף דעם איז אפילע ניט נויטיק. ס'איז גענוג צו דערמאָנען, אז די באנוצונג פון מיליטער (און אויך פון דער דעמאָקראטיש-רעפובליקאנישער מיליציע) קעגן שטרייקער איז אן אלגעמיינע דערשיינונג פאר אלע, אָן אויסנאם, קאפּיטאליסטישע לענדער. די באוואפענונג פון דער בורזשואזיע קעגן דעם פראָלעטאריאט איז איינער פון די סאמע גרויסע, גרונטלעכע און וויכטיקסטע פאקטן פון דער איצטיקער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט.

און, האבנדיק פאר זיך אזא פאקט, פאָרלייגן די סאָציאַל-דעמאָקראטן, אז זיי זאָלן ארויסשטעלן א „פאָדערונג“ פון „אנטוואפענונג“! דאס איז פונקט דאס אייגנע, ווי פולשטענדיק אָפּזאָגן זיך פונם שטאנדפּונקט פון קלאסנקאמף, ווי אָפּזאָגן זיך פון יעטווידן געדאנק וועגן רעוואָלוציע. אונזער לאָזונג דארף זיין: באוואפענען דעם פראָלעטאריאט, קעדיי צו באזיגן, עקספּראָפּריאירן און אנטוואפענען די בורזשואזיע. דאס איז די איינציק מעגלעכע טאקטיק פונם רעוואָלוציאָנערן קלאס, א טאקטיק, וואס דרינגט ארויס פון דער גאנצער אָביעקטיווער אנטוויקלונג פונם קאפּיטאליסטישן מיליטאריזם, א טאקטיק, וואס ווערט דיקטירט דורך דערדאָזיקער אנטוויקלונג. ערשט נאָך דעם, ווי דער פראָלעטאריאַט וועט האבן אנטוואָפנט די בורזשואזיע, וועט ער קענען, ניט פעלשנדיק זיין אלוועלטלעך-היסטאָרישער אויפגאבע, צעברעכן יעטווידער געווער ביכלאל, און דער פראָלעטאַריאט וועט עס, אָן א שום סאָפעק, געוויס טאָן. אָבער — בלויז דאן, און בעשום אויפן ניט פריער.

אויב די איצטיקע מילכאָמע רופט ארויס בא די רעאקציאָנערע קריסטלעכע סאָציאליסטן, בא די סאנטימענטאלע קליינבירגער בלויז א שרעק און א ציטערניש, בלויז אן עקל צו יעטווידער אָנווענדונג פון געווער, אן עקל צו בלוט, צו מאָרד און אז. וו., איז דארפן מיר זאָגן: די קאפּיטאליסטישע געזעלשאפט איז געווען און וועט שטענדיק זיין א שרעק אָן א סאָף. און אויב די איצטיקע העכסט-רעאקציאָנערע מילכאָמע גרייט איצט צו פאר דערדאָזיקער געזעלשאפט א סאָף מיט שרעק, — האָבן מיר קיין שום גרונט ניט ארייננצופאלן אין א איעש. און טאקע ניט קיין שום אנדער זאך, ווי נאָר אן אויסדרוק פון איעש איז לויט איר אָביעקטיוון באדייט די „פאָדערונג“ פון אנטוואפענונג — ריכטיקער: דאס כאָלעמען וועגן אנטוואפענונג — אין אזא צייט, ווען

פאר אַלעמען אין די אויגן ווערט דורך די קויכעס פון דער בורזשואַזיע גופע צוגעגרייט די איינציק געזעצלעכע און רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע, נעמלעך: דער בירגערקריג קעגן דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע.

דער, ווער ס'וועט זאָגן, אַז דאָס איז אַ טעאָריע, וואָס איז אָפּגעריסן פונם לעבן, דעם וועלן מיר דערמאָנען צוויי אַלוועלטלעך-היסטאָרישע פאַקטן: די ראָלע פון די טרעסטן און פון דער פאַבריק-אַרבעט, פון איין זייט, די קאָמונע פונם 1871-טן יאָר און דעם דעקאַבר-אויפשטאַנד פונם 1905-טן יאָר אין רוסלאַנד, פון דער אַנדער זייט.

אַנטוויקלען די טרעסטן, טרייבן די קינדער און די פרויען אַף די פאַבריקן, מאַטערן זיי דאָרטן, פאַרדאַרבן זיי, פאַרמישפּעטן זיי אַף אַ געוואַלטיקער נויט — דאָס איז די זאַך פון דער בורזשואַזיע. מיר „פאָדערן" ניט אַזאַ אַנטוויקלונג, מיר „האַלטן" דאָס ניט אונטער, מיר קעמפן קעגן דעם. ווי אַזוי אָבער קעמפן מיר? מיר ווייסן, אַז די טרעסטן און די פאַבריק-אַרבעט פון די פרויען זיינען פּראָגרעסיוו. מיר וועלן ניט גיין אַף צוריק, צו האַנט-אַרבעט, צום פאַרמאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם, צו דער הויז-אַרבעט פון די פרויען. פאָרויס דורך די טרעסטן א. אז. וו, און ווייטער פון זיי צום סאָציאַליזם.

אָט דער געדאַנק, וועלכער דיסקאָנטירט דעם אָביעקטיוון גאַנג פון דער אַנטוויקלונג, קאָן מיט געהעריקע ענדערונגען אָנגעווענדעט ווערן אויך צו דער איצטיקער מיליטאַריזאַציע פונם פאָלק. היינט מיליטאַריזירט די אימפּעריאַליסטישע בורזשואַזיע ניט בלויז דאָס גאַנצע פאָלק, נאָר אויך די יוגנט. מאָרגן וועט די בורזשואַזיע, קאָן זיין, צוטרעטן צו מיליטאַריזירן די פרויען. מיר דאַרפן וועגן דעם זאָגן: איז נאָך בעסער! גיכער פאָרויס! וואָס גיכער, אַלץ נעענטער צום באַוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן קאַפּיטאַליזם. ווי אַזוי קאָנען די סאָציאַל-דעמאָקראַטן זיך לאָזן אָנשרעקן מיט דער מיליטאַריזאַציע פון דער יוגנט און דאָס גלייכן, אויב זיי פאַרגעסן ניט דעם ביישפּיל פון דער קאָמונע? דאָס איז ניט קיין „טעאָריע, וואָס איז אָפּגעריסן פון לעבן", דאָס איז ניט קיין טרוים, נאָר אַ פאַקט, און ס'וואָלט בעעמעס געווען זייער ניט גוט, ווען, ניט געקוקט אַף אַלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאַקטן, וואָלטן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן בעעמעס אנגעהויבן צווייפלען אין דעם, אַז די אימפּעריאַליסטישע עפּאָכע און די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס דאַרפן אומפאַרמיידלעך פירן צו דער איבערכאַזערונג פון אַזעלכע פאַקטן.

איינער אַ בורזשואַזער באַאָבאַכטער פון דער קאָמונע האָט אין מאַי 1871-טן יאָר געשריבן אין אַן ענגלישער צייטונג: „ווען די פראַנצויזישע נאַציע וואָלט באַשטיין בלויז פון פרויען, — וואָס פאַר אַ שרעקלעכע נאַציע וואָלט דאָס געווען"! פרויען און קינדער פון 13 יאָר אָן האָבן אין דער צייט פון דער קאָמונע געקעמפט האַנט באַ האַנט מיט די מענער. אַנדערש קען דאָס ניט זיין אויך באַ די קומענדיקע געשלעגן פאַר אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע. די פּראָלעטאַרישע פרויען וועלן ניט צוזעען פּאַסיוו, ווי די גוט באַוואָפנטע בורזשואַזיע וועט צעשיסן די שלעכט-באַוואָפנטע אָדער די אומבאַוואָפנטע אַרבעטער. זיי וועלן זיך נעמען פאַרן געווער, ווי אין 1871-טן יאָר, און פון די

איצטיקע פאַרשראָקענע נאַציעס — ריכטיקער: פון דער איצטיקער אַר-בעטער-באַוועגונג, וועלכע איז אַסאַך מער דעזאָרגאַניזירט דורך די אָפּאָר-טוניסטן, איידער דורך די רעגירונגען — וועט אָן אַ שום סאָפּעק, פריער אָדער שפּעטער, נאָר אַבסאָלוט אָן אַ שום סאָפּעק, אויסוואַקסן אַ אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבאַנד פון „שרעקלעכע נאַציעס" פונם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

די מיליטאַריזאַציע דרינגט איצט דורך דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן. דער אימפּעריאַליזם — דאָס איז אַן אַכזאָריעסדיקער קאַמף פון די גרוי-סע מלוכעס פאַר צעטיילן און איבערטיילן די וועלט. ער מוז דעריבער אומ-פאַרמיידלעך פירן צו אַ ווייטערדיקער מיליטאַריזאַציע אין אַלע לענדער, אויך אין די נייטראַלע, אויך אין די קליינע לענדער. וואס זשע וועלן טאָן קעגן דעם די פּראָלעטאַרישע פרויען? צי וועלן זיי נאָר שעלטן יעטווידע מילכאָמע און אַלץ, וואס עס איז מיליטעריש, צי וועלן זיי נאָר פאָדערן אַנטוואָפענונג? קיינמאָל וועלן די פרויען פונם אונטערדריקטן קלאַס, וועלכער איז ווירקלעך רעוואָלוציאָנער, ניט איינגיין אַף אַזאַ שענדלעכער ראָלע. ניין, זיי וועלן זאָגן צו זייערע זין:

„דו וועסט אינגיכן אויסוואַקסן אַ גרויסער. מע וועט דיר געבן א ביקס. נעם אים און לערן זיך גוט אויס די מיליטערקונסט. דידאָזיקע וויסנשאַפט איז א נויטיקע זאַך פאַר די פּראָלעטאַריער — ניט קעדיי צו שיסן אין דיינע ברי-דער, אין די אַרבעטער פון אַנדערע לענדער, ווי דאָס ווערט געטאָן אין דער איצטיקער מילכאָמע און ווי ס'אייצענען דיר צו טאָן די פאַררעטער פונם סאָ-ציאַליזם, — נאָר קעדיי צו קעמפן קעגן דער בורזשואזיע פון דיין אייגענעם לאַנד, קעדיי צו מאַכן א סאָף צו דער עקספּלואַטאַציע, צו דער אָרימקייט און צו די מילכאָמעס ניט דורך גוטינקע ווּאונשן, נאָר דורך ניצאָבן איבער דער בורזשו-אַזיע און דורך דער אנטוואָפענונג פון דער בורזשואזיע".

אויב זיך אָפּזאָגן פון צו פירן אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע, און דאַפקע אַזאַ פּראָפּאַ-גאַנדע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער איצטיקער מילכאָמע, איז שוין פיל גלייכער גאָר ניט צו ריידן קיין הויכע ווערטער וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָ-לוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וועגן סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וועגן מילכאָמע קעגן מילכאָמע.

## III

די אָנהענגער פון אַנטוואָפענונג טרעטן ארויס קעגן דעם פּראָגראַם-פונקט „וועגן באַוואָפענען דאָס פאָלק", צווישן איבעריקן, אויך דערפאַר, ווייל אָט די לעצטע פאָדערונג פירט קלוימערשט גרינגער צום נאָכגעבן דעם אָפּאָר-טוניזם. מיר האָבן אויבן באַטראַכט דאָס סאַמע וויכטיקע: דאָס שאַיכעס פון אנטוואָפענונג צום קלאַסנקאַמף און צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. איצט וועלן מיר באַטראַכטן די פראַגע וועגן שאַיכעס, וואָס די פאָדערונג פון אנט-וואָפענונג האָט צום אָפּאָרטוניזם. איינע פון די וויכטיקסטע סיבעס, איבער וועלכע דידאָזיקע פאָדערונג איז ניט אנעמבאַר, איז דאָס, וואָס דידאָזיקע פאָ-

דערונג און די אילוזיעס, וואָס ווערן דורך איר ארויסגערופן, שוואכן אומפּאר-מיידלעך אָפּ אונזער קאמף קעגן דעם אָפּאָרטוניזם.

ס'איז קיין שום סאָפעק ניט, אז דערדאָזיקער קאמף איז די איקערדיקע טאָגפראגע פונם אינטערנאציאָנאל. דער קאמף קעגן אימפּעריאליזם, וועלכער (דער קאמף) איז ניט פעסט פארבונדן מיטן קאמף קעגן אָפּאָרטוניזם, איז א פּוסטע פראזע, אָדער א נארעריי. איינער פון די הויפּטכעסרוינעס פון ציממערוואלד און קינטאל, איינער פון די גרונט-סיבעס פונם מעגלעכן פיאַסקאָ (ווּרכפאל, קראך) פון דידאָזיקע עמבריאָנען פונם III אינטערנאציאָנאל באַשטייט גראָד אין דעם, וואָס די פראגע וועגן קאמף קעגן אָפּאָרטוניזם איז אָפן אָפילע ניט געשטעלט געוואָרן, שוין אָפּגערעדט וועגן לייזן דידאָזיקע פראגע אין זינען פון נויטיקייט צו רייסן מיט די אָפּאָרטוניסטן. דער אָפּאָרטוניזם האָט מענאַצייעך געווען — אָף א ווײַלע — אינעווייניק אין דער אייראָפּעאישער ארבעטער-באוועגונג. אין אלע גרעסערע לענדער האָבן זיך אויסגעבילדעט צוויי הויפּט-ניואנסן פונם אָפּאָרטוניזם: ערשטנס, דער אָפנהערציקער, צינישער און דעריבער ווייניקער געפערלעכער סאָציאַל-אימפּעריאליזם פון די הערן פּלעכאַנאָווס, שיידעמאנעס, לעגינעס, אלבער טאָמאס און סאמבאָס, וואנדערוועלדעס, הײַנדמאַנעס, הענדערסאָנעס און אנדערע. צווייטנס, דער פארשטעלטער, קאאוטסקיאנישער סאָציאַל-אימפּעריאליזם: קאאוטסקי — האַאַזע און די „סאָציאַל-דעמאָקראטישע ארבעטער-גרופּע" אין דייטשלאנד; לאָנגע, פרעסמאן, מאיעראס און אנדערע אין פראנקרייך; ראמזאי מאקדאָנאלד און אנדערע פירער פון דער „אומאָפּהענגיקער ארבעטערפארטיי" אין ענגלאנד; מארטאָוו, טשכעאידזע און אנדערע אין רוסלאנד; טרעוועס און אנדערע אזוי גערופענע לינקע רעפאָרמיסטן אין איטאליע.

דער אָפנהערציקער אָפּאָרטוניזם איז אָפן און דירעקט קעגן דער רעוואָלוציע און קעגן די רעוואָלוציאָנערע באוועגונגען און אויפרייסן, וואס הײַבן זיך אָן, ער איז אין א דירעקטן בונד מיט די רעגירונגען, ווי פארשיידן ס'זאָלן ניט זיין די פאָרמען פונם דאָזיקן בונד, אָנגעהויבן פון אנטיילנעמען אין מיניסטעריום און געענדיקט מיטן אנטייל אין די מיליטעריש-אינדוסטריעלע קאָמיטעטן. די פארשטעלטע אָפּאָרטוניסטן, די קאאוטסקיאנער, זיינען אַסאַך שעדלעכער און געפערלעכער פאר דער ארבעטערבאוועגונג, ווייל זייער פארטיידיקן דעם בונד מיט די ערשטע באהאלטן זיי מיט דער הילף פון שיין קלינגענדיקע קלוימערשט „מארקסיסטישע" ווערטלעך און פּאַציפיסטישע לאָזונגען. דער קאמף קעגן אָט די ביידע פאָרמען פונם הערשנדיקן אָפּאָרטוניזם דארף דורכגעפירט ווערן אָף אלע געביטן פון דער פּראָלעטארישער פּאָליטיק: פּארלאמענטאריזם, פּראָפעסיאָנעלע פאריינען, שטרייקן, מיליטער-איניאָנים און אזוי ווייטער.

אין וואס זשע באשטייט די הויפּט-אייגנשאַפט, מיט וועלכער ס'צייכענען זיך אויס דידאָזיקע ביידע פאָרמען פונם הערשנדיקן אָפּאָרטוניזם?

אין דעם, וואס עס ווערט פארשוויגן, צוגעדעקט (אָדער ס'ווערט בהאנדלט מיט ווארפן אויגן אָף די פּאָליצייאישע פארבאָטן) די קאָנקרעטע פראגע וועגן

צואַמענהאַנג פון דער איצטיקער מילכאָמע מיט דער רעוואָלוציע און מיט אַנדערע קאָנקרעטע פראַגן פון דער רעוואָלוציע. און דאָס ווערט געטאָן ניט געקוקט דערויף, וואָס ביז דער מילכאָמע איז פיל און פיל מאָל העכער ניט אָפיציעל, העכער אָפיציעל אינם באַזונדער מאַניפעסט אָנגעוויזן געוואָרן אויף דער פאַרבינדונג פון גראָד דער דאָזיקער קומענדיקער מילכאָמע מיט דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

דער הויפּטכיסאָרן פון דער אַנטוואָפֿענונג-פאָדערונג באַשטייט גראָד אין דעם, וואָס דערביי מיידט מען אויס אַלע קאָנקרעטע פראַגן פון דער רעוואָלוציע. אָדער עפשער שטייען די אָנהענגער פון אַנטוואָפענונג פאַר אַ פולקום ביי'ער אַרט וואַפנלאָזיקע רעוואָליציע?

IV

ווייטער. מיר זיינען אויף קיין אויפן ניט קעגן קאַמף פאַר רעפאָרמען. מיר ווילן ניט איגנאָרירן די טרויעריקע מעגלעכקייט, אַז די מענטשהייט זאָל איבערלעבן — אין ערגסטן פאַל — נאָך אַ צווייטע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע, אויב, ניט געקוקט אויף די פילצאָליקע אויפרייסונגען פון מאַסן-אויפרעגונג און מאַסן-אומצופרידנקייט און ניט געקוקט אויף אונזערע אָנשטרענגונגען, וועט דאָך די רעוואָלוציע ניט אויסוואַקסן פון דער איצטיקער מילכאָמע. מיר זיינען אַנהענגער פון אַזאַ רעפאָרמען-פּראָגראַם, וואָס אויך זי דאַרף זיין געווענדעט קעגן די אָפּאָרטוניסטן. די אָפּאָרטוניסטן וואָלטן געוועזן נאָר צופרידן, ווען מיר וואָלטן דעם קאַמף פאַר רעפאָרמען איבערגעלאָזט בלויז פאַר זיי אַליין, און מיר זעלבסט וואָלטן זיך דערווייטערט אין די הינטערוואָלקנדיקע הויכן פון עפּעס אַ מין „אַנטוואָפענונג“, אַנטלויפנדיק, אויף אַזאַ אויפן, פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט. „אַנטוואָפענונג“ הייסט גראָד אַנטלויפן פון דער העסלעכער ווירקלעכקייט, אָבער קלאָל ניט קיין קאַמף קעגן איר.

אַגעוו: איינער פון די גרויסע פעלערן אין דער שטעלונג פון דער פראַגע, לעמאָשל, וועגן פאַטערלאַנד-באַשיצונג, באַשטייט בא אייניקע לינקע אין דער ניט-גענוגנדיקער קאָנקרעטקייט פונם ענטפער. ס'איז אַסאַך ריכטיקער טעאָרעטיש און אַן ערעך אַן וויכטיקער פּראַקטיש צו זאָגן, אַז אין דער געגעבענער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע איז די באַשיצונג פונם פאַטערלאַנד אַ בורזשואַזרעאַקציאָנערער שווינדל, איידער אַרויסצושטעלן אַן „אַלגעמיינע“ האַנאָכע קעגן „יעטווידער“ פאַטערלאַנד-באַשיצונג. דאָס איז סאַי ניט ריכטיק, סאַי דאָס „קלאַפּט“ ניט דירעקט דעם סוינע פון די אַרבעטער, וואָס געפינט זיך אינעווייניק אין די אַרבעטערפּאַרטייען: די אָפּאָרטוניסטן.

מיקויעך דער פראַגע וועגן מיליציע וואָלטן מיר באַדאַרפט געוועזן זאָגן באַם אויסאַרבעטן אַ קאָנקרעטן און אַ פּראַקטיש נויטיקן ענטפער: מיר זיינען ניט פאַר קיין בורזשואַזער מיליציע, נאָר פאַר אַ פּראָלעטאַרישער מיליציע. דעריבער איז „קיין איין גראָשן ניט און קיין איין מענטשן ניט“ ניט נאָר פאַר דער רעגולערער אַרמיי, נאַר אויך פאַר דער בורזשואַזער מיליציע, אַפילע אין

אזעלכע לענדער. ווי די פאַראייניקטע אַמעריקאַנישע שטאַטן, ווי אין דער שווייץ, נאָרוועגיע און ד. גל. ביפראט נאך, ווען מיר זעען, אז אין די סאַמע פרייע רעפובליקאנישע לענדער (לעמאָשל, אין דער שווייץ) ווערט די מיליציע אַלץ מער און מער פארפרייסישט, ווערט אלץ מער פראָסטיטואירט אַף צו מאָביליזירן מיליטער קעגן די שטרייקער. מיר קאָנען פאָדערן: די אָפיצירן זאָלן אויסגעוויילט ווערן דורכן פאָלק, ס'זאָל יעטווידע מיליטער-יוסטיציע אָפגעשאפט ווערן, די אויסלענדישע און די איינגעבארענע ארבעטער זאָלן גלייכבארעכטיקט ווערן (אַ באזונדערס וויכטיקער פונקט איז דאס פאר די אימפעריאליסטישע מלוכעס, וואס — ווי די שווייץ, לעמאָשל — עקספלואטירן אין אַן אַלץ גרעסערער מאָס און אלץ מער כוצפּעדיק די אויסלענדישע ארבעטער, וועלכע ווערן גערעכנט פאר רעכטלאָזיקע), ווייטער: יעדע הונדערט, לעמאָשל, איינוואוינער פונם געגעבענעם לאַנד זאָלן האָבן רעכט צו בילדן פרייע פאריינען אַף צו שטודירן די מיליטערקונסט, פריי אויסצוקלייבן פאַר זיך אינסטרוקטאָרן, וועלכע דארפן אויסגעהאלטן ווערן אַפן כעשבן פון דער מלוכע און אַז. וו. בלויז באַ אַזעלכע באַדינגונגען וואָלט דער פראָלעטאריאט געקענט דערלערנען די מיליטערקונסט ווירקלעך צוליב זיך זעלבסט, און ניט צוליב זיינע קנעכטבאזיצער. און אזא שטודירונג פאָדערן אומבאַדינגט די אינטערעסן פונם פראָלעטאַריאט. די רוסישע רעוואָלוציע האָט דערוויזן, אז יעטווידער דערפאָלג, אַפילע בלויז אַ טיילווייזער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, — לעמאָשל, דאס פארכאפּן אַ געוויסע שטאָט, אַ געוויסן פאַבריק-אישעוו, אַ געוויסן טייל פון דער אַרמיי, — וועט אומפארמיידלעך נויטן דעם זיגערישן פראָלעטאריאט צו פארווירקלעכן גראָד אַזאַ פראָגראם.

צום סאָף, איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז קעמפן מיטן אפּאָרטוניזם בלויז מיט פראָגראמען אַליין קאָן מען ניט. דערצו איז נאָך נויטיק נאכאנאנד אַכטונג צו געבן, אז דידאָזיקע פראָגראמען זאָלן בעעמעס פארווירקלעכט ווערן אין לעבן. דער סאַמע גרעסטער, דער סאַמע פאטאלער פעלער פונם באַנקראָטירטן II אינטערנאציאָנאל איז באשטאנען אין דעם, וואס די ווערטער האָבן ניט געשטימט מיט די מאיסים, וואס עס איז דערצויגן געוואָרן אַ געוווינהייט צו געוויסנלאָזיקע רעוואָלוציאָנערע פראַזן (זע די איצטיקע באציאונג פון קאַאוטסקין און קאָמפּ. צום באזעלער מאניפעסט). צוגייענדיק פון דערדאָזיקער זייט צו דער פאָדערונג פון אנטוואפענונג, מוזן מיר קוידעמקאָל שטעלן די פראגע וועגן איר אָביעקטיוון באדייט. די אַנטוואפענונג, ווי א סאָציאלע אידייע — ד. ה. אזעלכע, וועלכע ווערט ארויסגערופן דורך געוויסע סאָציאלע אומשטאנדן, און וועלכע בלייבט ניט קיין פערזענלעכער קרייזל-קאפריז, נאָר זי קאָן ווירקן אף אַ געוויסע סאָציאלע סוויווע, — דידאָזיקע אידייע איז, ווי עס שיינט, געבוירן געוואָרן דורך די ספּעציעלע, „רואיקע” (ווי אן אויסנאם) לעבנס-באדינגונגען פון איינצלנע קליינינקע מלוכעס, וועלכע זיינען א גענוג לאנגע צייט געשטאנען אָן א זייט פונם בלוטיקן וועלטלעכן מילכאָמע-וועג און וועלכע האָפן, אז אזוי טאקע וועלן זיי שוין פארבלייבן בא דער זייט. קעדיי צו איבערצייגן זיך אין דעם, איז גענוג ארייננצוטראכטן זיך, לעמאָשל, אין דער ארגומענטאציע פון די

נאָרוועגישע אנהענגער פון אנטוואפענונג: „מיר זיינען א לאנד א קליינס, דאס כאיעל בא אונז איז א קליינס, מיר קאָנען גאָרנישט ניט מאכן קעגן די גרויסע מלוכעס“ (און דעריבער זיינען מיר אויך אָנמעכטיק קעגן ארייננציען אונז מיט געוואלט אין א אימפעריאליסטישן פארבאנד מיט דער אָדער יענער גרופּע גרויסע מלוכעס!), „מיר ווילן זיך לעבן רואיק אין אונזער פארווארפן ווינקעלע און ווייטער פירן אונזער איזאָלירטע פּאָליטיק, פאָדערן אנטוואפענונג, אָבליגאטאָרישע בוירערים-געריכטן, באשטענדיקע נייטראלישקייט און ד. גל.“ („באשטענדיקע“, — ווי די בעלגישע, אשטייגער?).

די קליינלעכע שטרעבונג פון די קלייניקנע מלוכעס צו בלייבן אָן א זייט, דער קליינבורזשואזער ווונש צו זיין וואס ווייטער פון די גרויסע שלאכטן פון דער וועלטלעכער געשיכטע, אויסצונוצן זייער לעפיערעך מאָנאָפּאָליסטישע לאגע אף צו פארבלייבן אין א פארשימלטער פּאסיווקייט — אָט דאָס איז די אָביעקטיווע געזעלשאפטלעכע סיטואציע, וועלכע קאָן פאר דער אידייע פון אנטוואפענונג שאפן א געוויסן דערפאָלג און א געוויסע פארשפרייטונג אין אייניקע קלייניקע מלוכעלעך. ס'פארשטייט זיך, אז דידאָזיקע שטרעבונג איז א רעאקציאָנערע און באזירט זיך אינגאנצן אף אילוזיעס, ווייל דער אימפעריאליזם ציט אריין אף אזא אָדער אף אן אנדער אויפן די קלייניקע מלוכעס אין שטראָם פון דער אלוועלטלעכער ווירטשאפט און וועלטלעכער פּאָליטיק.

מיר וועלן דאס קלאָר מאכן אפן ביישפּיל פון דער שווייץ. איר אימפעריאליסטישע קאָניונקטור דיקטירט איר אָביעקטיוו צוויי ליניעס אין דער ארבעטערבאוועגונג. די אפּאָרטוניסטן איניינעם מיט דער בורזשואזיע שטרעבן צו דעם, אז מע זאָל פון דער שווייץ מאכן א רעפּובליקאניש-דעמאָקראטישן מאָנאָפּאָליסטישן פארבאנד אף צו באקומען רעווע פון די טוריסטן פון דער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע און אז דידאָזיקע „רואיקע“ מאָנאָפּאָליסטישע לאגע זאָל אויסגענוצט ווערן וואס בעסער און וואס רואיקער. פאקטיש איז דידאָזיקע פּאָליטיק א פּאָליטיק פון א פארבאנד צווישן א קליינעם פּריווילעגירטן שיכט ארבעטער אין א קליין פּריווילעגירט לאנד מיט דער בורזשואזיע פון זיין לאנד קעגן די מאסן פונם פּראָלעטאריאט. דיווירקלעכע סאָציאל-דעמאָקראטן פון דער שווייץ שטרעבן צו דעם, אז מע זאָל אויסנוצן די לעפיערעכדיקע פרייהייט פון דער שווייץ, די צווישנפעלקערלעכע לאגע אירע (די שכיינעשאפט פון די סאמע הויכקולטורעלע לענדער) און אויך דאס, וואס די שווייץ רעדט, גאָט צו דאַנקען, ניט אף קיין „אייגענער“ זעלבשטענדיקער שפראך, נאר אף דריי וועלט-שפראכן, — אויסנוצן דאָס אלץ, קעדיי צו פארברייטערן, פארשטארקן און פארפעסטיקן דעם רעוואָלוציאָנערן פארבאנד פון די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פונם פּראָלעטאריאט אין גאנץ אייראָפּע. מיר וועלן מיטהעלפן אונזער בורזשואזיע וואס לענגער איינצוהאלטן זיך אין דער מאָנאָפּאָליסטישער לאגע פון דעם ארכי-רואיקן האנדל מיט די שיינקייטן פון די אלפּן-בערג, טאָמער וועט אויך צו אונז ארייננפאלן א גראָשן — אָט דאס איז דער אָביעקטיווער אינהאלט פון דער פּאָליטיק פון די שווייצאַרישע אפּאָרטוניסטן. מיר וועלן מיטהעלפן דעם פארבאנד פונם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאט צווישן די פראַנ-

צויזן, דייטשן, איטאַליענער אף אראָפּצוואוארפן די בורזשואזיע — אָט דאס איז דער אָביעקטיווער אינהאלט פון דער פּאָליטיק פון די שווייצאַרישע רעוואָלוציאָנערע סאָציאל־דעמאָקראטן. צום באַדויערן, ווערט דידאָזיקע פּאָליטיק דורכגעפירט דורך די „לינקע" אין דער שווייץ אין אַ ווייט ניט גענוגנדיקער מאָס, און דער אויסגעצייכנטער באשלוס פונם צוזאמענפאָר פון זייער פּארטיי אין אַאַראַאו אין 1915 יאָר (די אַנערקענונג פון רעוואָלוציאָנערן מאַסנקאַמף) בלייבט נאָך לעסאַטע מער אַפן פּאַפּיר. ניט דאס אָבער זיינען מיר איצט אויסן.

די פראַגע, וואס אינטערעסירט אונז איצט, שטייט אזוי: צי אַנטשפּרעכט די פּאָדערונג פון אַנטוואפענונג דער רעוואָלוציאָנערער ריכטונג צווישן די שווייצאַרישע סאָציאל־דעמאָקראַטן? אַוואַדע ניט. אָביעקטיוו, אנטשפּרעכט די „פּאָדערונג" פון אנטוואפענונג דער אפּאָרטוניסטישער, ענג-נאַציאָנאלער ליניע פון דער ארבעטערבאַוועגונג, — דער ליניע, וועלכע איז באַגרעניצט מיט אַ האָריזאָנט פון אַ קליין מלוכעלע. אָביעקטיוו איז „אנטוואפענונג" די סאַמע נאַציאָנאלע, ספּעציפיש-נאַציאָנאלע פּראָגראַם פון די קליינינקע מלוכעס, און קלאל ניט קיין אינטערנאציאָנאלע פּראָגראַם פון דער אינטערנאציאָנאלער רעוואָלוציאָנערער סאָציאל-דעמאָקראַטיע.

---

P. S. אינם לעצטן נומער פונם ענגלישן „סאָציאַליסטישן איבערזיכט" — „The Socialist Review" (סענטיאַבר 1916) — דער אָרגאַן פון דער אפּאָרטוניסטישער „אומאָפּהענגיקער ארבעטערפּארטיי" — געפינען מיר אף דער 287 זייט די רעזאָלוציע פון דער ניוקאסטלער קאָנפערענץ פון דערדאָזיקער פּאַרטיי: אָפּזאָגן זיך פון אונטערצוהאַלטן וואָסער ס'זאָל ניט זיין מילכאָמע מיצאַד וואָסערער ס'זאָל ניט זיין מלוכע, ווען „נאָמינעל" זאָל דאָס אַפּילע זיין אַ פּארטיידיקונגס־מילכאָמע. און אף דער 205 זייט באַגעגענען מיר אזא מעלדונג אין א רעדאקציאָנעלן ארטיקל: „מיר אפּראָבירן ניט דעם אויפשטאנד פון די סין-פעניער" (אירלענדישער אויפשטאנד אינם 1916 יאָר). „מיר האלטן ניט פון קיין שום באוואפנטן אויפשטאנד, פּונקט ווי מיר האלטן ניט פון קיין שום אנדער פאָרם פון מיליטאריזם און מילכאָמע".

צי איז דען נויטיק צו דערווייזן, אז דידאָזיקע „אנטימיליטאריסטן", אז אזעלכע אָנהענגער פון אנטוואפענונג ניט אין א קליינינקן לאנד, נאָר אין א גרויסער מלוכע זיינען די ערגסטע אפּאָרטוניסטן? און טעאָרעטיש זיינען זיי דאָך פולשטענדיק גערעכט, ווען זיי באַטראַכטן דעם באוואפנטן אויפשטאנד ווי א געוויסע „פאָרם" פון מיליטאריזם און מילכאָמע.

„זאַמלבוך פון סאָציאַל-דעמאָקראַט" № 2, דעקאַבר, 1916 יאָר מיט דער אונטערשריפט ב. לענין.

# רעזאלוציע פונם שטוטגאַרטער אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס (1907) וועגן מילכאָמע.

## V. מיליטאַריזם און צווישנפעלקערלעכע קאָנפליקטן.

דער קאָנגרעס באַשטעטיקט די רעזאָלוציעס פון די פריערדיקע צווישנ-פעלקערלעכע קאָנגרעסן קעגן מיליטאַריזם און אימפּעריאַליזם און ווייזט אָן נאָכאַמאָל, אַז דער קאַמף מיטן מיליטאַריזם קאָן ניט אָפּגעטיילט ווערן פונם סאָ-ציאַליסטישן קלאַסנקאַמף אינגאַנצן גענומען.

די מילכאָמעס צווישן די קאַפּיטאַליסטישע מלוכעס זיינען געוויינלעך אַ רעזולטאַט פון זייער קאָנקורענץ אַפן וועלט-מאַרק, ווייל יעטווידע מלוכע שטרעבט ניט נאָר צו זיכערן פאַר זיך די אָפּזאַץ-געגנט, נאָר אויך איינצונע-מען נייע געגנטן; און דערביי שפּילט דאָ די הויפּטראָלע די פאַרשקלאַפונג פון פרעמדע פעלקער און לענדער. דידאָזיקע מילכאָמעס זיינען אויך אַ רעזולטאַט פון די אומאויפהערלעכע מיליטערישע באַוואָפענונגען, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורכן מיליטאַריזם, וועלכער איז דאָס הויפּטגעווער פון דער בורזשואַזיע פאַר איר קלאַסנהערשאַפט און פאַר פּאָליטיש אונטערטעניק מאַכן דעם אַרבעטער-קלאַס.

פאַר די מילכאָמעס זיינען גינסטיק די נאַציאָנאַליסטישע פאָרורטיילן, וואָס ווערן סיסטעמאַטיש קולטיווירט אין די ציוויליזירטע לענדער צוליב די אינטערעסן פון די הערשנדיקע קלאַסן, קעדיי אָפּצוציען די פּראָלעטאַרישע מאַסן פון זייערע אייגענע קלאַסן-אויפגאַבן און צווינגען זיי צו פאַרגעסן דעם כויוו פון דער צווישנפעלקערלעכער קלאַסן-סאָלידאַרישקייט.

די מילכאָמעס האָבן, אַזוי אַרום, זייער וואָרצל אינם עצעם-מעהוס פונם קאַפּיטאַליזם, זיי וועלן אויפהערן צו עקזיסטירן בלויז דאַן, ווען ס'וועט אויפ-הערן צו עקזיסטירן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, אָדער ווען די קאָלאָסאַל-קייט פון די קאָרבאָנעס אין מענטשן און געלט, וואָס עס פאָדערט די מיליטער-טעכנישע אַנטוויקלונג, און די פאָלקס-אויפרעגונג, וואָס ווערט אַרויסגערופן דורך די באַוואָפענונגען, וועלן ברענגען צו דער באַזייטיקונג פון דערדאָזיקער סיסטעם.

דער אַרבעטערקלאַס, בא וועלכן ס'ווערן דער איקער גענומען די סאָל-דאַטן, און וועלכן ס'פאַלן דער איקער די מאַטעריעלע קאָרבאָנעס, איז באַזונ-דערס אַ נאַטירלעכער סוינע פון מילכאָמעס, ווייל די מילכאָמעס ווידערשפּרעכן

דעם ציל, וואָס דער אַרבעטערקלאַס האָט פאַר זיך: צו שאַפן אַן עקאָנאָמישע
אָרדענונג, וועלכע איז געגרינדעט אַף אַ סאָציאַליסטישן פּרינציפּ, און וועלכע
וועט פּאַקטיש פאַרווירקלעכן די סאָלידאַרישקייט פון די פעלקער.

דער קאָנגרעס רעכנט דעריבער, אַז דער אַרבעטנדיקער קלאַס, באַזונ-
דערס זיינע פאָרשטייער אין פּאַרלאַמענט, איז מעכויעוו אָנצואווייזן אַפן קלאַסנ-
כאַראַקטער פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט און אַף די מאָטיוון, וואָס צווינ-
גען אונטערצוהאַלטן די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט, אַז ער איז מעכויעוו
צו קעמפן מיט אַלע קויכעס קעגן באַוואָפענונגען אַפן יאַם און אַף דער יאַבאָ-
שע, אָפּוואַרפן די אַסיגנירונגען אַף באַוואָפענונגען און אויך מיטהעלפן דערצו,
אַז די יוגנט פונם אַרבעטערקלאַס זאָל דערצויגן ווערן אינם גייסט פון פעל-
קער-ברודערשאַפט און סאָציאַליזם און זאָל זיך דורכדרינגען מיט קלאַסנבאַ-
וואוסטזיין.

אינם פאַרבייטן דאָס רעגולערע מיליטער אַף אַ דעמאָקראַטיש-אָרגאַני-
זירטע מיליציע זעט דער קאָנגרעס אַ וויכטיקע גאַראַנטיע, וועלכע וועט מאַכן
פאַר אומעגלעך די אָנגרייפנדיקע מילכאָמעס און וועלכע וועט פאַרגרינגערן
דאָס פאַרשוואונדן ווערן פון נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט.

דער אינטערנאַציאָנאַל איז ניט אימשטאַנד פון פאָרויס איינשטעלן פאַרן
אַרבעטערקלאַס אין פאַרשיידענע לענדער שטרענג באַשטימטע פאָרמען פון
קאַמף קעגן מיליטאַריזם, ווייל די קאַמף פאָרמען ווערן נאַטירלעך מאָדיפיצירט
אָפּהענגיק פון אָרט און צייט. דער אינטערנאַציאָנאַל רעכנט אָבער פאר זיין
כויוו אַף קאָלערליי אויפאַנים אונטערצוהאַלטן און קאָאָרדינירן די אָנשטרענגונ-
גען פונם אַרבעטערקלאַס, וואס זיינען געווענדעט קעגן מיליטאַריזם און מיל-
כאָמע.

אין דער ווירקלעכקייט, איז זינט דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין
ברוסעל האָט דער פּראָלעטאַריאַט אָן אויפהער געקעמפט קעגן דעם מיליטאַריזם
דערמיט, וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אַסיגנירן פאַר באַוואָפענונגען אַף
דער יאַבאָשע און אַפן יאַם, דערמיט, וואס ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו
דעמאָקראַטיזירן די אָרגאַניזאַציע פון דעם מיליטער-איניען. ער האָט מיט אַלץ
מער שטייגנדיקער ענערגיע און דערפאָלג אָנגעווענדעט קאָלערליי מיטלען,
קעדיי ניט דערלאָזן, עס זאָל דערקלערט ווערן אַ מילכאָמע, אָדער קעדיי צו
מאַכן אַ סאָף צו דער מילכאָמע און אויך קעדיי אויסצונוצן צוליב די אינטע-
רעסן פונם באַפרייענדיקן קאַמף פונם אַרבעטערקלאס די אויפטרייסלונג, וואָס
די מילכאָמע רופט אַרויס בּאַ אַלע געזעלשאַפטלעכע שיכטן. אַזעלכע פאַקטן
זיינען געווען: דער העסקעם, צו וועלכן ס'זיינען נאָכן אינצידענט אין פאַשאָד
געקומען די ענגלישע און פראַנצויזישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, קעדיי צו
פאַרזיכערן דעם שאָלעם און אויפצושטעלן די פריינטלעכע באַציאונגען צווישן
ענגלאַנד און פראַנקרייך; די אויפירונג פון די סאציאַליסטישע פאַרטייען אינם
דייטשישן און פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט אין דער צייט פונם מאַראָקאַנער קרי-
זיס; די דעמאָנסטראַציעס, וואָס זיינען צוליב דעמזעלביקן ציל אָרגאַניזירט גע-
וואָרן דורך די פראַנצויזישע און דייטשישע סאָציאַליסטן; די געמיינזאַמע אַרויסטרע-

טונג פון די עסטרייכישע און איטאַליענישע סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט אין טריעסט קעדיי ניט צו דערלאָזן אַ קאָנפליקט צווישן די ביידע מלוכעס; די ענערגישע אַריינמישונג פון די סאָציאַליסטישע אַרבעטער אין שוועדן, קעדיי ניט צו דערלאָזן קיין אָנפאַל אַף נאָרוועגיע; לעסאָף, די העראָאישע קאָרבאָנעס און דער מאַסנקאַמף פון די סאָציאַליסטישע אַרבעטער און פויערים אין רוסלאַנד און אין פוילן, — דער קאַמף, וועלכער האט זיך געפירט קעגן דער מילכאָמע, וואָס דער צאַריזם האָט אָנגעהויבן, מיטן ציל מאַכן אַ סאָף צו דערדאָזיקער מילכאָמע און אויסנוצן דעם קריזיס צוליב די אינטערעסן פון באַפרייען דאס לאנד און די אַרבעטנדיקע קלאַסן. אָט די אַלע אָנשטרענגונגען זאָגן איידעס וועגן דער וואַקסנדיקער קראַפט פונם פראָלעטאַריאַט און וועגן דער וואַקסנדיקער שטרעבונג זיינער צו פארזיכערן דעם שאַלעם דורך אַן ענערגישער אַריינמישונג.

די אַרויסטרעטונג פונם אַרבעטערקלאַס וועט האָבן אלץ מער דערפאָלג, וואס מער די מויכעס וועלן זיין דערצו צוגעגרייט דורך באַשטענדיקער אַגיטאַציע און וואָס מער דער אינטערנאציאָנאל וועט אין דעם פראַט ווירקן אַף די אַרבעטערפאַרטייען פון פאַרשיידענע לענדער און וועט קאָאָרדיגירן זייערע מאַיסים.

דער קאָנגרעס איז, אַכוץ דעם, איבערצייגט אויך אין דעם, אַז אונטערן דרוק פונם פראָלעטאַריאַט וועט דאָס אָרט פון די קלאָגעדיקע פרואוון מיצאַד די רעגירונגען פאַרנעמען די ערנסטע אָנווענדונג פון בוירערים-געריכט און ס׳וועט פארווירקלעכט ווערן די אַלגעמייגע פעלקער-אַנטוואָפענונג, וועלכע וועט געבן די מעגלעכקייט אָנצואווענדן אַף קולטורעלע צילן די קאָלאָסאַלע הויצאָעס מיט ענערגיע און געלט, וואָס די באַוואָפענונגען און די מילכאָמע שלינגען איין.

ווען ס׳דראָט אַ מילכאָמע, זיינען אין די געהעריקע לענדער דער אַרבעטערקלאַס און די פאָרשטייער זיינע אין פאַרלאמענט מעכויעוו, בא דער אונטערשטיצונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ, צו טאָן אלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך, קעדיי ניט צו דערלאָזן צו א מילכאָמע, אָנווענדנדיק דערביי אַזעלכע מיטלען, וועלכע זיי וועלן רעכענען פאר מער ווירקזאַמע, און וועלכע ווערן, נאַטירלעך, געענדערט, אָפהענגיק פון דער פארשאַרפונג פונם קלאַסנקאַמף און פון דער אַלגעמיינער פאָליטישער סיטואַציע.

אין דעם פאל, ווען די מילכאָמע וועט דאָך אויסברעכן, דארפן די אַרבעטערקלאַסן אַקטיוו אַרויסטרעטן פאר וואס א גיכערן סאָף צו דער מילכאָמע, און זיי דארפן מיט אַלע מיטלען שטרעבן דערצו, אז זיי זאלן אויסנוצן דעם עקאָנאָמישן און פאָליטישן קריזיס, וואָס ווערט געשאפן דורך דער מילכאָמע, קעדיי אויפצואוועקן די פאָלקסמאַסן און קעדיי צו פארגיכערן דאָס פאלן פון דער קאַפיטאַליסטישער קלאַסנהערשאַפט.

# מאַניפעסט פון באַזעלער אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַ־ליסטישן קאָנגרעס (24—25 נאָיאבר 1912 יאָר)

אַף די קאָנגרעסן אין שטוטגאַרט און אין קאָפּענהאַגען האָט דער אינ־טערנאַציאָנאַל פעסטגעשטעלט פאָלגנדיקע גרונט-פּרינציפּן פאַרן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער קעגן מילכאָמע:

„אויב ס'דראָעט אַ מילכאָמע, זיינען אין די געהעריקע לענדער דער אַר-בעטערקלאַס און זיינע פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרשטייער מעכויעוו, באַ דער אונ־טערשטיצונג פון דער פאַרייניקנדיקער טעטיקייט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ, צו טאָן אַלץ, וואָס זיי קאָנען, קעדיי, אָנווענדנדיק די מיטלען, וועלכע זיי געפינען פאַר די סאַמע ווירקזאַמע, ניט דערלאָזן צו קיין מילכאָמע, דיראַזיקע מיטלען זיינען, פאַרשטייט זיך, פאַרשיידענע, אָפּהענגיק פון דער מאַס, אין וועלכער עס איז פאַרשאַרפט דער קלאַסנקאַמף, און פון דער אַלגעמיינער פּאָליטישער סיטואַציע".

„אין פאַל, ווען אַ מילכאָמע וועט דאָך אויסברעכן, זיינען די סאָציאַליסטן מעכויעוו אַריינצומישן זיך, קעדיי וואָס גיכער צו מאַכן אַ סאָף צו דער מיל־כאָמע און מיט אַלע מיטלען אויסנוצן דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קריזיס, וואס ווערט געשאַפן דורך דער מילכאָמע, צוליב אויפהויבן דאָס פאָלק און דערמיט גופע פאַרגיכערן דאָס פאַלן פון דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל".

די געשעענישן פון דער לעצטער צייט לייגן אַרויף אַפן פּראָלעטאַריאַט מיט אַ באַזונדערער קראַפט אַ היסכאַייוועס, אַז זיינע אַלגעמיינע פּלאַנמעסיקע אַרויסטרעטונגען זאָלן דורכגעפירט ווערן מיט דער מאַקסימאַלער קראַפט און ענערגיע. פון איין זייט, האָט די אַלגעמיינע מאַניע פון באַוואָפענונגען פאַר-גרעסערט דעם יאָקרעס אַף די סאַמע נויטיקסטע לעבנספּראָדוקטן, און דערמיט גופע האָט זי פאַרשאַרפט די קלאַסנסטירעס און האט אַריינגעטראָגן אינם אַר-בעטערקלאַס אַ גייסט פון אויפרעגונג, וואָס קאָן ניט געשטילט ווערן. די אַר-בעטער ווילן מאַכן אַ סאָף צו אָט דער סיסטעם פון אומרויִקייט און צילאָ־זיקער פאַרשווענדערישקייט. פון דער אַנדער זייט, ווירקט אַלץ מער און מער אויפרייצנדיק די שטענדיק אויפשווימענדיקע סאַקאָנע פון מילכאָמע. אין יעטווידן מאָמענט איז מעגלעך, אַז די גרויסע אייראָפּעאישע פעלקער זאָלן געוואָרפן ווערן איינע קעגן די אַנדערע, דערביי איז דעראַזיקער פאַרברעכן קעגן דער מענטשלעכקייט און קעגן געזונטן פאַרשטאַנד קאָן ניט באַרעכטיקט ווערן אַפילע מיטן מינימאַלסטן אויסרייד פון אַ וואָסערן ס'ניט איז פאָלקס־אינטערעס.

דער באַלקאַנישער קריזיס, וועלכער האָט שוין געבראַכט מיט זיך אַזעלכע שרעקלעכע אומגליקן, וואָלט אין פאַל, ווען ער פאַרשפּרייט זיך ווייטער, געקאָנט שאַפן די גרעסטע סאַקאַנע פאַר דער ציוויליזאַציע און פאַרן פּראָלעטאַריאַט. ער — דער באַלקאַנישער קריזיס — וואָלט אין דערזעלביקער צייט געוואָרן דער גרעסטער שענדלעכער אַקט אין דער וועלט-געשיכטע, ווייל מוירעדיק גרויס איז די סטירע צווישן דער גרויסקייט פון דער קאַטאַסטראָפע מיט דער נישטיקייט פון די אינטערעסן, צוליב וועלכע דידאָזיקע קאַטאַסטראָפע ווערט אַרויסגערופן.

מיט פרייד קאָנסטאַטירט, דעריבער, דער קאָנגרעס די פולע איינמוטיקייט פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון אַלע לענדער אין דער פראַגע וועגן מילכאָמע קעגן מילכאָמע.

דערמיט, וואָס די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער זיינען איינצייטיק אויפגעשטאַנען צום קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם, האָט יעדע סעקציע פונם אינטערנאַציאָנאַל קעגן דער רעגירונג פון איר לאַנד אַנטקעגנגעשטעלט דעם ווידערשטאַנד פונם פּראָלעטאַריאַט און האָט מאָביליזירט די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון איר נאַציע קעגן קאָלערליי קריגערישע פּרואוון, און דערמיט גופא איז געשאַפן געוואָרן אַ גראַנדיעזע מיטאַרבעטערשאַפט פון די אַרבעטער אין אַלע לענדער, אַ מיטאַרבעטערשאַפט, וועלכע האָט שוין ביז איצט פיל מיטגעהאָלפן איינצוהאַלטן דעם צווישנפעלקערלעכן שאָלעם, וואָס עס דראָט אים אַלץ גרעסערע און גרעסערע געפאַרן. דער שרעק מיצאַד די הערשנדיקע קלאַסן פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וועלכע קאָן קומען, ווי אַ רעזולטאַט פון אַ וועלטמילכאָמע, — דערדאָזיקער שרעק האט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ וויכטיקע גאַראַנטיע פאַר שאָלעם.

דעריבער לייגט פאַר דער קאָנגרעס די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטייען ווייטער פאָרצוזעצן דידאָזיקע טעטיקייט, אויסנוצנדיק דערביי אַלע מיטלען, וועלכע זיי געפינען פאַר צוועקמעסיק. אין דערדאָזיקער אַלגעמיינער טעטיקייט מערקט דער קאָנגרעס אָן פאַר יעטווידער סאָציאַליסטישער פאַרטיי איר ספּעציעלע אויפגאַבע.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטייען פונם באַלקאַנישן האַלבאינזל האָבן פאַר זיך אַ שווערע אויפגאַבע. די גרויסע מלוכעס פון אייראָפּע האָבן דערמיט, וואָס זיי האָבן סיסטעמאַטיש טאַרמאַזירט יעטווידע רעפאָרם, ניט וויניק מיטגעהאָלפן, אז אין טערקיי זאָלן זיך איינשטעלן אומדערטרעגלעכע עקאָנאָמישע, נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע אָרדענונגען, וועלכע האָבן אומפאַרמיידלעך געמוזט ברענגען צו אויפשטאַנד און צו מילכאָמע. קעגן עקספּלואַטירן דעמדאָזיקן צושטאַנד צוליב די אינטערעסן פון די דינאַסטיעס און פון דער בורזשואַזיע האָבן די באַלקאַנישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטייען מיט אַ העראָאישער מוטיקייט אַרויסגערוקט די פאָדערונג פון א דעמאָקראַטישער פעדעראַציע. דער קאָנגרעס לייגט זיי פאַר צו בלייבן אויף זייער פריערדיקער באַוואונדערונגסווערטער פּאָזיציע; דער קאָנגרעס האָפט, אז נאָך דער מילכאָמע וועט די באַלקאַנישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אָנשטרענגען אלע אירע קויכעס, קעדיי ניט צו דערלאָזן, אז

די דינאַסטיעס, די מיליטערשאפט און די בורזשואזיע פון די באלקאנישע מלו־כעס, וואס שטרעבן צו עקספאנסיע, זאָלן אויסנוצן צוליב זייערע אינטערעסן די רעזולטאטן פון דער באלקאנישער מילכאָמע, וועלכע זיינען געקויפט דורך אזא טייערן פרייז. דער קאָנגרעס ווענדעט זיך אָבער ספעציעל צו די באלקא־נישע סאָציאַליסטן, זיי זאָלן ניט נאָר ניט דערלאָזן, אז ס׳זאָל ווידער באַנייט ווערן די פריערדיקע סינע צווישן די סערבן, בולגארן, רומענער און גריכן, נאָר זיי זאָלן אויך ניט דערלאָזן צו קיין שום דרוק בענויגייע צו די באלקא־נישע פעלקער, וועלכע געפינען זיך איצט אינם קעגנערישן מיליטעריזשן לאַגער — בענויגייע צו טערקיי און אַלבאַניע.

דעריבער איז א כוייוו פאר די באלקאנישע סאָציאַליסטן צו קעמפן קעגן יעטווידן פרואוו אָפצונעמען די רעכט בא דידאָזיקע פעלקער. די סאָציאַליסטן זיינען מעכויעוו אקעגן דעם צעווילדעוועטן נאציאָנאַלן שאָוויניזם אנטקעגנשטעלן די ברידערשאפט פון אלע באלקאנישע פעלקער, איינגעשלאָסן אויך די אלבא־נער, טערקן און רומענער.

די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פארטייען פון עסטרייך, אונגארן, קראָאַציע און סלאַוואָניע, באָסניע און הערצעגאָווינע זיינען מעכויעוו מיט אלע קויכעס וויטער פאָרצוזעצן זייער פרוכטבארע טעטיקייט קעגן אן אטענטאט פון דער דונאיער מאָנארכיע אף סערביע. איצט, ווי ביז אהער, אזוי אויך אף ווייטער, איז זייער אויפגאבע זיך שטעלן קעגן דעם פלאן מיטן קויעך פון געווער אָפ־צונעמען בא די סערבן די פרוכטן פון דער מילכאָמע, צו פארוואנדלען סערביע אין אן עסטרייכישער קאָלאָנ׳יע, אוועקצושטעלן צוליב דינאסטישע אינטערעסן פעלקער פון עסטרייך־אונגארן גופע און איניינעם מיט זיי אויך אלע איירא־פעאישע נאציעס אונטער די גרעסטע געפארן. אפן זעלביקן אופן דארפן די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פארטייען פון עסטרייך־אונגארן אויך ווייטער קעמפן פאר דעם, אז דער טייל פונם דאָרעם־סלאַווישן פאָלק, וואס געפינט זיך אונ־טערן יאָך פון האבסבורגער דינאסטיע, זאָל שוין אין די גרעניצן פון דער עסט־רייך־אונגארישער מאָנארכיע אויסקעמפן רעכט פון דעמאָקראטישער זעלבסט־פארוואלטונג.

א ספעציעלע אויפמערקזאמקייט דארפן די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פאר־טייען פון עסטרייך־אונגארן, ווי אויך די סאָציאַליסטן פון איטאליע, אָפגעבן דער אלבאנער פראגע. דער קאָנגרעס אנערקענט דאס רעכט פון יעדן פאָלק אף אווטאנאמיע. ער קאָן אָבער ניט דערלאָזן, אז אונטער דער מאסקע פון אווו־טאָנאָמיע זאָל אלבאניע ווערן דער קאָרבן פון די עסטרייך־אונגארישע און אי־טאליענישע שטרעבונגען צו הערשאפט. אין דעם זעט איין דער קאָנגרעס ניט בלויז א סאקאָנע פאר אלבאניע גופע, נאָר, גאָר אינגיכן, אויך א געפאר פארן שאָלעם צווישן עסטרייך־אונגארן און איטאליע. אווירקלעך אומאפהענגיקן קיעם קאָן אלבאניע באקומען בלויז ווי אן אווטאָנאָמער מיטגליד פון דער דעמאָ־קראטישער באלקאנישער פעדעראציע. נעמענדיק דאָס אלץ אין באטראכט, לייגט פאָר דער קאָנגרעס די סאָציאַל־דעמאָקראטן פון עסטרייך־אונגארן און פון אי־טאליע, אַז זיי זאָלן פירן א קאמף קעגן אלע פרואוון פון זייער רעגירונג ארייג־

צוציען אלבאניע אין זייער ווירקונג-ספערע. ער לייגט זיי פאָר, אז זיי זאָלן פאַרזעצן זייער ארבעט אף צו פארפעסטיקן די פרידלעכע באציאונגען צווישן עסטרייך-אונגארן און איטאליע.

מיט גרויס פרייד באגריסט דער קאָנגרעס די פראָטעסט-שטרייקן פון די רוסישע ארבעטער. ער באגריסט דידאָזיקע שטרייקן, ווי א באווייז, אז דער פראָלעטאריאט פון רוסלאנד און פון פוילן הויבט אָן קומען צו זיך נאָך די קלעפּ, וואס ער האט באקומען פון דער צאַרישער קאָנטר-רעוואָלוציע. אין דעם זעט איין דער קאָנגרעס די גרעסטע גאראנטיע קעגן די פארברעכערישע אינטריגעס פונם צאַריזם, וועלכער האט דערטרונקען אין בלוט די פעלקער פון זיין אייגן לאנד, וועלכער האט פיל מאָל פארעטעריש איבערגעגעבן די באלקאנישע פעלקער אין די הענט פון זייערע סאָנים, און איצט וואקלט ער זיך צווישן דער מוירע פאר די רעזולטאטן, וואס די מילכאָמע קאָן אים אף ברענגען, און דער מוירע פאר די נאציאָנאליסטישע באוועגונגען, וואס ער — דער צאַריזם גופע — האט ארויסגערופן.

אויב דעם צאַריזם וועט זיך, פונדעסטוועגן, נאָכאמאל איינגעבן ארויסצושטעלן זיך פאר א באפרייער פון די באלקאנישע נאציעס, וועט דאָס פאָרקומען בלויז צוליב דעם, קעדיי מיט דעמדאָזיקן אויסרייד, דורך א בלוטיקער מילכאָמע נאָכאמאָל באקומען די אויבערהאנט איבער די באלקאנען. דער קאָנגרעס האָפט, אז דער פילצאליקער שטאָטישער און דארפישער פראלעטאריאט פון רוסלאַנד, פינלאַנד און פוילן וועט צעררייסן דאסדאָזיקע שפינוועבס פון ליגן, וועט אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד קעגן יעטווידער מיליטערישער אַוואַנטיור, וועט קעמפן קעגן יעטווידן אַטענטאַט פונם צאַריזם אַף אַרמעניע, קאָנסטאנטינאָפּאָל און ד. גל. און וועט קאָנצענטרירן אַלע זיינע קרעפטן אַף צו באַנייען דעם רעוואָלוציאָנערן באפרייאונגס-קאַמף. דער צאַריזם איז דאָך די האָפענונג פון אַלע רעאַקציאָנערע קויכעס אין אייראָפּע, ער איז דאָך דער שרעקלעכסטער סוינע פון דער גאַנצער דעמאָקראַטיע ביכלאל און פון די פעלקער, איבער וועלכע ער הערשט — ביפראט. אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם — דאָס דאַרף דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַל באַטראַכטן, ווי איינע פון זיינע הויפּט-אויפגאַבן.

די וויכטיקסטע אויפגאַבע אָבער אין די טעטיקייט-ראַמען פונם אינטערנאַציאָנאַל דאַרף אויספילן דער אַרבעטערקלאַס פון דייטשלאַנד, פראנקרייך און ענגלאַנד. אינם איצטיקן מאָמענט באַשטייט די אויפגאַבע פון די אַרבעטער פון דידאָזיקע לענדער אין דעם, זיי זאָלן פאָדערן פון זייערע רעגירונגען, אַז זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון צו שטיצן אַף אַ וואָסערן ס׳ניט איז אויפן הען עסטרייך-אונגאַרן, הען רוסלאַנד, אַז זיי זאָלן זיך אָפּהאַלטן פון יעטווידן אַריינמישן זיך אין די באַלקאַנישע אומאָרדענונגען, אַז זיי זאָלן אָפּהיטן די אומבאַדינגטע נייטראַלישקייט. אַ מילכאָמע צווישן די דריי גרויסע פאָרשריטלעכע קולטורעלע פעלקער צוליב דעם עסטרייך-סערבישן שטרייט איבער די האַפנס, — אַזאַ מילכאָמע וואָלט געווען אַ פאַרברעכערישע מעשוגאַאַס. די אַרבעטער פון דייטשלאנד און פראנקרייך קאָנען ניט אַנערקענען די עקזיסטענץ פון אַ וואָסערער

ס'איז היסכאיוועס, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן דורך געהיימע אָפּמאַכן — אַ היסכאַיוועס וועגן אַריינמישן זיך אין באַלקאַנישן קאָנפליקט.

אין פאַל אָבער, ווען דער מיליטערישער קראַך פון טערקיי וועט פאָרט ברענגען דערצו, אַז די אָטאָמאַנישע הערשאַפט אין קליין-אַזיע וועט צע-טרייסלט ווערן, איז די אויפגאַבע פון די ענגלישע, פראַנצויזישע און דייטשישע סאָציאַליסטן ווי ווייט ס'איז נאָר מעגלעך ניט דערלאָזן צו קיין פאַרכאַפּונגס-פּאָליטיק אין קליין-אַזיע, ווייל אַזאַ פּאָליטיק מוז גלייך פירן צו אַ וועלטמיל-כאָמע. דער קאָנגרעס רעכנט, אַז דער קינסטלעך קולטיווירטער אנטאגאָניזם צווישן גרויסבריטאַניע און דער דייטשישער אימפּעריע איז איינע פון די גרעסטע געפאַרן פאַרן שאָלעם. דער קאָנגרעס באַגריסט דעריבער די אָנשטרענגונגען פונם אַרבעטערקלאַס אין דידאָזיקעביידע לענדער אַף איבערוויינדן דעמדאָזיקן אַנטאַגאָניזם. דער קאָנגרעס רעכנט, אַז דאָס בעסטע מיטל אַף צו דערגרייכן דעם דערמאָנטן ציל איז — שליסן אַן אָפּמאַך צווישן דייטשלאנד און ענגלאַנד וועגן באַגרעניצן די יאַם-באַוואפענונגען און וועגן אָפּשאַפן דאס רעכט פון יאַם-רויב. דער קאָנגרעס לייגט פאָר די ענגלישע און דייטשישע סאָציאַליסטן פאָר-צוזעצן זייער אַגיטאַציע פאַר אַזאַ אָפּמאַך.

דאָס איבערווינדן דעם ווידערשפּרוך צווישן דייטשלאַנד אף איין זייט און ענגלאַנד אַף דער צווייטער זייט — דאָס וואָלט באַזייטיקט די גרעסטע געפאַר, וועלכע דראָט צו שטערן דעם שאָלעם, דאָס וואָלט אַ שאָקל געטאָן די מעכ-טיקייט פונם צאַריזם, וועלכער עקספּלואַטירט דעמדאָזיקן ווידערשפּרוך, דאָס וואָלט געמאַכט פאר אומעגלעך, עסטרייך-אונגאַרן זאָל באַפאַלן סערביע, און דאָס וואָלט גאַראַנטירט דעם שאָלעם אַף דער וועלט. דעריבער דאַרפן אַלע אָנשטרענגונגען פונם אינטערנאַציאָנאַל זיין געווענדעט צום דאָזיקן ציל.

דער קאָנגרעס קאָנסטאַטירט, אַז דער גאַנצער סאָציאַליסטישער אינטער-נאַציאָנאַל איז איינמוטיק בענוגייע דידאָזיקע גרונטפּרינציפּן פון אויסערלעכער פּאָליטיק. ער לייגט פאָר די אַרבעטער פון אַלע לענדער, אַז זיי זאָלן קעגן דעם קאַפּיטאַליסטישן אימפּעריאַליזם אַנטקעגנשטעלן די מעכטיקייט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט פונם פּראָלעטאַריאַט. ער וואָרנט די הערשנ-דיקע קלאַסן פון אַלע מלוכעס וועגן די רעזולטאַטן פון ווייטער פאַרערגער דורך מילכאָמע-אָפּעראַציעס די טרויעריקע לאַגע פון די מאַסן, וואָס ווערט אַרויסגערופן דורכן קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוציר-אופן. דער קאָנגרעס פאָדערט שאָלעם אַף אַ סאַמע קאַטעגאָרישן אופן. זאָלן די רעגירונגען ניט פאַרגעסן, אַז באַ דער איצטיקער לאַגע פון אייראָפּע און באַ דער איצטיקער שטימונג פונם אַרבעטערקלאַס קאָנען זיי ניט אַרויסלאָזן דעם מילכאָמע-טייוול ניט באַ-שאַפנדיק דערמיט קיין געפאַר פאַר זיך גופע; זאָלן די רעגירונגען געדענקען, אַז נאָך דער פראַנצויזיש-דייטשישער מילכאָמע איז געקומען די קאָמונע, אַז די רוסיש-יאַפּאָנישע מילכאָמע האָט געבראַכט אין באַוועגונג די רעוואָלוציאָ-נערע קויכעס פון די פעלקער אין דער רוסלענדישער אימפּעריע, אַז דער וואוקס פון די מיליטערישע און מיליטעריש-מאַרינישע באוואפענונגען האט אומגעהערט פאַרשאַרפט די קלאַסנקאָנפליקטן אין ענגלאַנד און אַפן קאָנטינענט און האָט

אַרויסגערופן גראַנדיעזע שטרייקן. בלויז מיט אַ פולשטענדיקער בלינדקייט אָדער אומזיניקייט וואָלט מען געקאָנט דערקלערן אַזאַ פאַקט, אויב די רעגירונגען וואָלטן ניט פאַרשטאַנען, אַז שוין נאָך דער געדאַנק גופא וועגן אַ מוידעדיקער וועלטמילכאָמע דאַרף אַרויסרופן אַ צאָרן און אַן אויפרעגונג באַם אַרבעטערקלאַס. דער פּראָלעטאַריאַט רעכנט פאַר אַ פאַרברעכן צו שיסן איינער אינעם אַנדערן צוליב פאַרמערן די רעוואָכים פון די קאַפּיטאַליסטן, צוליב דער אַמביציע פון די דינאַסטיעס אָדער לעשעם די געהיימע אָפּמאַכן פון די דיפּלאָמאַטן.

אויב די רעגירונגען וועלן פאַרניכטן יעטווידע מעגלעכקייט פון נאָרמאַלער אַנטוויקלונג און דערמיט שטויסן דעם פּראָלעטאַריאַט צו פאַרצווייפלטע אַרויסטרעטונגען, וועלן זיי אַליין טראָגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די רעזולטאַטן פון דעם קריזיס, וואָס זיי וועלן אַרויסרופן. דער אינטערנאַציאָנאַל וועט פאַרטאָפּלען זיינע אָנשטרענגונגען, קעדיי ניט צו דערלאָזן, אַז אַזאַ קריזיס זאָל אָנקומען; מיט אַלץ אַ גרעסערער קראַפט וועט קלינגען זיין פּראָטעסט, אַלץ שטאַרקער און ברייטער וועט ער פירן זיין פּראָפּאַגאַנדע. דער קאָנגרעס גיט דעריבער אָן אויפטראַג דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ, אַז זי זאָל מיט אַלץ אַ גרעסערער אויפמערקזאַמקייט נאָכפאָלגן נאָך די געשעענישן און, וואָס עס זאָל ניט פאַסירן, זאָל זי אונטערהאַלטן און פאַרפעסטיקן די פאַרבינדונגען צווישן די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען.

אינעם דאָזיקן מאָמענט אַנערקענט זיך דער פּראָלעטאַריאַט פאַרן טרעגער פון דער גאַנצער צוקונפט פון דער מענטשהייט. דער פּראָלעטאַריאַט וועט אָנווענדן איינגאַנצן זיין ענערגיע, קעדיי ניט צו דערלאָזן, ס'זאָל פאַרניכטעט ווערן די בליאונג פון אַלע פעלקער, וואָס עס דראָען זיי קאָלערליי אומגליקן פון מאַסן־האַריגעס, הונגער און עפּידעמיעס.

דער קאָנגרעס ווענדעט זיך צו אייך, — פּראָלעטאַריער און סאָציאַליסטן פון אַלע לענדער, — אין אַזאַ ערנסטער שאָ מוז אונזער שטים דערהערט ווערן! דעקלאַרירט אייער ווילן אומעטום און אין אַלערליי פאָרמען, זאָל זיך מעכטיק לאָזן הערן אייער פּראָטעסט אין די פּאַרלאַמענטן, זאַמלט זיך צונויף אין גרויסע מאַסן, קעדיי באַקאַנט צו מאַכן די וועלט מיט אייערע מיינונגען, נוצט אויס אַלע מיטלען, וואָס די אָרגאַניזאַציעס און די קראַפט פונם פּראָלעטאַריאַט שאַפט פאַר אייך! זעט, אַז די רעגירונגען זאָלן שטענדיק האָבן פאַר זייערע אויגן דעם וואַכזאַמען, ליידנשאַפטלעכן ווילן צו פרידן מיצאַד דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט פון עקספּלואַטאַציע און מאַסן־האַריגעס שטעלט אַנטקעגן, אויף אַזאַ אויפן, די פּראָלעטאַרישע וועלט פון פרידן און פעלקער־ברידערשאַפט!

# אינהאלט.



---

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

לענין-ביבליאטעק

№ 1 סעריע

נ. לענין (וו. אוליאנאָוו).

# אויסגעווילטע ווערק

## באנד IV טייל 2

## אימפעריאליזם ווי דער בייסטער עטאפ פון קאפיטאליזם

אידיש א. ראָזענטאל

צענטראלער פארלאג פאר די פעלקער פון פ. ס. ס. ר.
מאָסקווע 1925

# פון דער רעדאקציע

קעדיי בעסער צו פאַרשטיין לענינס ווערק, איז גוט פריער האָבן אי-בערגעלייענט אַ וועלכע ניט איז געשיכטע פון ר. ק. פּ. אף אידיש זיינען פאַראַן:

**זינאָוויעוו.**—געשיכטע פון ר. ק. פּ.

**בובנאָוו.**—גרונטמאָמענטן אין דער געשיכטע פון ר. ק. פּ.

**קאמעניעוו.**—וו. אי. לענין און די געשיכטע פון ר. ק. פּ.

ס'איז אויך נויטיק צו האָבן איבערגעלייענט וועגן לענינס לעבן און טעטיקייט. אף אידיש איז פאַראַן:

**עסטער.**—לענין און זיין אַרבעט.

די עפּאָכע, צו וועלכער עס באציט זיך דער איצטיקער באַנד, איז כאַ-ראקטעריזירט אין דעם קאפּיטל XXII: „לענין און די וועלט-מילכאָמע”.

# פ אָ ר וו אָ ר ט.

די בראָשור, וואָס ווערט פאָרגעלייגט דער אויפמערקזאַמקייט פונם לייענער, איז אָנגעשריבן אין פרילינג 1916 אין ציוריך. באַ די דאַרטיקע באַדינגונגען פון אַרבעט איז מיר, נאַטירלעך, אויסגעקומען צו פילן אַ געוויסן מאנגל אין פראַנצויזישער און ענגלישער ליטעראַטור און גאר אַ גרויסן מאנגל אין רוסישער ליטעראַטור. נאָר פונדעסטוועגן איז דאָס ענגלישע הויפטווערק וועגן אימפעריאַליזם — דאָס בוך פון דזש. א. האָבסאָן—האָב איך אויסגענוצט מיט דער אויפמערקזאַמקייט, וואָס דאָס ווערק פאַרדינט, לויט מיין איבערצייגונג.

די בראָשור איז געווען געשריבן פאַר דער צאַרישער צענזור. איך בין דעריבער ניט בלויז געווען געצוואונגען שטרענג צו באַגרעניצן זיך אויסשליסלעך מיט דעם טעאָרעטישן — באַזונדערס מיטן עקאָנאָמישן אַנאַליז, נאָר אויך פאָרמולירן די קליינע צאָל נויטיקע אָנמערקונגען וועגן פּאָליטיק מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט, מיט רעמאָזים, אין דער עזאָפּישער — דער פאַרשאָלטענער עזאָפּישער — שפּראַך, וואָס דער צאַריזם האָט געצוואונגען אָנקומען צו איר אַלע רעוואָלוציאָנערן, ווען זיי פלעגן נאָר נעמען די פען אין האנט אַף צו שרייבן אַ „לעגאַל" ווערק.

ס'איז שווער איצט, אין די טעג פון פרייהייט, איבערצולייענען אָט די ערטער פון דער בראָשור, וואָס זיינען פאַרדרייט געוואָרן איבער דער צאַרישער צענזור, צונויפגעדריקט און צונויפגעפרעסט געוואָרן אין אַן אייזערנער קלעם, וועגן דעם, אַז דער אימפּעריאַליזם איז דער ערעוו-טאָג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וועגן דעם, אַז דער סאָציאַל-שאָוויניזם (סאָציאַליזם אַפן וואָרט און שאָוויניזם אין טאַט) איז אַ פולער פאַראַט קעגן דעם סאָציאַליזם, אַ פולער איבערגאַנג אַף דער זייט פון דער בורזשואזיע, אַז די דאָזיקע שפּאַלטונג אין דער אַרבעטער-באַוועגונג איז פאַרבונדן מיט די אָביעקטיווע באַדינגונגען פונם אימפּעריאַליזם א. אז. וו. — וועגן אלדעם איז מיר אויסגעקומען צו ריידן מיט אַ „קנעכטישער" שפּראַך, און איך בין געצוואונגען אָפּצושיקן דעם לייענער, וואָס אינטערעסירט זיך מיט דער פראַגע, צו דעם זאַמלבוך פון מיינע אויסלענדישע אַרטיקלען פון 1914-1917, וואָס וועט איבגיכן ארויסגיין. באַזונדערס דאַרף מען פאַרצייכענען איין אָרט אַף דער זייט 100. קעדיי צו דערקלערן דעם לייענער אין אַ צענזור-פאָרם, ווי אומפאַרשעמט עס לייגן די קאַפּיטאַליסטן און די סאָציאַל-שאָוויניסטן (מיט וועלכע קאַוטסקי קעמפט אזוי ניט אויסגעהאַלטן), וואָס זיינען איבערגעגאנגען אַף זייער זייט,

אין דער פראַגע וועגן אנעקסיעס, ווי אומפאַרשעמט זיי דעקן צו די אַנעק-סיעס פון זייערע קאַפּיטאַליסטן, בין איך געווען געצוואונגען צו נעמען פאַר א ביישפּיל... יאַפּאָניע. דער אויפמערקזאַמער לייענער וועט אָנשטאָט יאַפּאָניע גרינג אונטערשטעלן רוסלאַנד, און אָנשטאָט קאָרייע — פינלאַנד, פּוילן, קור-לאנד, אוקראַינע, כיווע, בוכאַרע, עסטלאנד און די איבעריקע געגנטן, וועלכע זיינען באַזעצט מיט ניט קיין גרויסרוסן.

איך וואָלט וועלן האָפן, אז מיין בראָשור וועט העלפן זיך פאנאַנדערקלייבן אין דער עקאָנאָמישער גרונט-פראגע, וואָס ניט דערלערנענדיק זי, קען מען גאָר-נישט ניט פאַרשטיין אין דער אפשאַצונג פון דער איצטיקער מילכאָמע און פון דער איצטיקער פּאָליטיק, נעמלעך — אין דער פראַגע וועגן דעם עקאָנאָמישן מעהוס פונם קאפּיטאליזם.

פּעטראָגראַד, דעם 26-טן אפריל 1917.

---

I.

# דער נייסטער קאפּיטאַליזם.

פאַר די לעצטע 10—15 יאָר, באזונדערס נאָך דער שפּאַניש-אַמעריקאַנישער (1898) און נאָך דער ענגליש-בורישער (1899—1902) מילכאָמע, איז די עקאָנאָמישע און אויך די פּאָליטישע ליטעראַטור פון דער אַלטער און פון דער נייער וועלט שטעלט זיך אָפּ אלץ אָפטער און אָפטער אָפּן באַגריף „אימפּעריאַליזם", קעדיי צו כאַראַקטעריזירן די טקופע, וועלכע מיר לעבן איבער. אין 1902-טן יאָר איז אין לאָנדאָן און ניו-יאָרק אַרויס דאָס ווערק פונם ענגלישן עקאנאָמיסט דזש. א. האבסאָן „אימפּעריאַליזם". דער אַווטאָר, וועלכער שטייט אָפן שטאַנדפּונקט פון סאָציאַל-רעפאָרמיזם און פון פּאַציפיזם, — אין טאָך גענומען, פון איין מין מיט דער איצטיקער פּאָזיציע פון ק. קאַאוטסקין, — האָט געגעבן זייער אַ גוטע און אויספירלעכע באַשרייבונג פון די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע גרונט-באַזונדערקייטן פונם אימפּעריאַליזם. אין יאָר 1910 איז אין ווין אַרויס דאָס ווערק פון דעם עסטרייכישן מאַרקסיסט רודאָלף הילפערדינג „דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל" (פאַראַן אַ רוסישע איבערזעצונג). דאָסדאָזיקע ווערק שטעלט מיט זיך פאָר אַ העכסט ווערטפולן טעאָרעטישן אַנאַליז „פון דער נייסטער פאַזע אין דער אנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם" — אזוי הייסט דאָס אונטערקעפּל פון הילפערדינגס בוך, — ניט געקוקט אף דעם טאָעס פון דעם מעכאַבער אין דער פראַגע וועגן דער געלט-טעאָריע און אף א געוויסער גענויגטקייט צו מאַכן אַ פּשאָרע צווישן מארקסיזם און אָפּאָרטוניזם. אין טאָך, איז דאָס אלץ, וואָס פאר די לעצטע יאָרן איז געזאָגט געוואָרן וועגן אימפּעריאליזם, באזונדערס אין דער קאָלאָסאלער צאָל אַרטיקלען אף דערדאזיקער טעמע אין צייטונגען און זשורנאלן, ווי אויך אין די רעזאָלוציעס, לעמאָשל, פון דעם כעמניצער און באַזעלער קאָנגרעסן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין הארבסט 1912-טן יאָר,—דאָס אלץ, קאן מען זאָגן, איז ניט ארויסגעגאנגען פון דעם קרייז אידייען, וואס זיינען ארויסגעזאָגט אדער, ריכטיקער, סומירט געווארן בא ביידע אָנגערופענע אַווטאָרן.

ווייטער וועלן מיר זיך פרואוון בעקיצער, אין א מעגלעך פּאָפּולערער פאָרם, איבערגעבן דעם צוזאַמענבונד און די צווישנבאַציאונג צווישן די עקאָנאמישע באַזונדערקייטן פונם אימפּעריאליזם. אף דער ניט-עקאָנאמישער זייט פונם איניען וועט אונז ניט אויסקומען אָפּצושטעלן זיך, ווי זי זאָל דאָס ניט פארדינען. די אָנווייזונגען אף דער ליטעראַטור און אנדערע אָנמערקונגען, וועלכע קאָנען אינטערעסירן ניט אלע לייענער, טראָגן מיר איבער צום סאף פון דער בראָשור.

# 1. די קאנצענטראציע פון דער פראדוקציע און די מאנאפאליע.

דער קאָלאָסאלער וואוקס פון דער אינדוסטריע און דער מערקווירדיק גיכער פּראָצעס פון דער קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע אין אלץ גרע-סערע אונטערנעמונגען זיינען איינע פון די אַמערסטן כאַראקטעריסטישע באַ-זונדערקייטן פונם קאַפּיטאליזם. די פולסטע און פּינקטלעכסטע מאטעריאַלן וועגן דעמדאזיקן פּראצעס גיבן די איצטיקע אינדוסטריעלע איבערשרייבונגען.

אין דייטשלאנד, לעמאָשל, איז פון יעדע טויזנט אינדוסטריעלע אונטער-נעמונגען געווען גרויסע, דאס הייסט אזעלכע, וועלכע האָבן מער פון 50 גע-דונגענע ארבעטער, אין 1882-טן יאָר—3, אין 1895-טן יאָר—6 און אין 1907=טן יאָר—9. פון יעדע 100 אַרבעטער איז אף דידאָזיקע אונטערנעמונגען אויסגע-קומען: 22, 30 און 37. נאָר די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע איז אסאך שטארקער, איידער די קאָנצענטרירונג פון די אַרבעטער, ווייל אין גרויסע אונטערנעמונגען איז די ארבעט אַסאַך פּראָדוקטיווער. אף דעם ווייזן אָן די מאטעריאַלן וועגן דאַמף=מאַשינעס און וועגן עלעקטרישע מאָטאָרן. אויב מע זאָל נעמען דאָס, וואס מע רופט אָן אין דייטשלאנד אינדוסטריע אין ברייטן זינען, דאס הייסט איינשליסן אויך דעם האנדל און די קאמוניקאציע=וועגן אוכעדוימע, וועלן מיר באקומען פאָלגנדיק בילד: גרויסע אונטערנעמונגען 30.588 פון 3.265.623, דאס הייסט סאַכאקל 0,9%; ארבעטער אין זיי—5,7 מיליאָן פון 14,4 מיליאָן, דאָס הייסט 39,5%; דאַמפקראַפט—6,6 מיליאָן פערד-קראפט פון 8,8, דאָס הייסט 75%; עלעקטרישע—1,2 מיליאן קילאָוואט פון 1,5 מיליאָן, דאָס הייסט 80%.

ווייניקער ווי א הונדערטכיילעק אונטערנעמונגען פאַרמאָגן מער ווי 3/4 פונם אלגעמיינעם סכום דאמפקראַפט און עלעקטרישע קראפט. אָפּן כיילעק פון 2.197 מיליאָן קליינע (ביז 5 געדונגענע ארבעטער) אונטערנעמונגען, וועלכע בילדן 91% פון דער גאנצער צאָל אונטערנעמונגען, קומט אויס סאכאַקל 7% פון דער דאמפישער און עלעקטרישער קראפט. צענדליקער טויזנטער גאָר גרויסע אונטערנעמונגען זיינען אלץ; מיליאָנען קליינע—גאָרנישט.

אין 1907=טן יאָר איז אין דייטשלאנד געווען 586 אונטערנעמונגען מיט 100 און מער ארבעטער. זיי פארנעמען קימאט א צענטכיילעק (1,38 מיליאָן) פון דער אַלגעמיינער צאָל ארבעטער און קימאט אַ דריטל (32%) פון דעם אלגעמיינעם סכום דאמפישע און עלעקטרישע קראפט [1].

דער געלט-קאַפּיטאַל און די בענק מאכן, ווי מיר וועלן שפּעטער זען, דידאָזיקע איבערמאכט פון דעם הייפעלע גאָר גרויסע אונטערנעמונגען נאָך מער געוואלטיק און דערצו אין סאמע בוכשטעבלעכן זינען פון וואָרט, דאָס הייסט, מיליאָנען קליינע, מיטעלע און אפילע א טייל פון די גרויסע „באלע=באטים" זיינען אין דער ווירקלעכקייט פולשטענדיק פארקנעכטעט בא עטלעכע הונדערט מיליאָנערן=פינאנסיסטן.

אין א צווייטן פארשריטלעכן לאנד פון מאדערנעם קאפיטאליזם, אין די פאראייניקטע שטאטן פון צאפן־אמעריקע, איז דער וואוקס פון דער קאנצענטרירונג אין דער פראדוקציע נאך שטארקער. דא טיילט אויס די סטאטיסטיק די אינדוסטריע אין ענגן זינען פון ווארט און גרופירט די אונטערנעמונגען לויט דער גרויס פון יערלעכן פראדוקטן-ווערט. אין 1904-טן יאר איז די צאל פון די גרעסטע אונטערנעמונגען, מיט א פּראָדוקציע פון 1 מיליאָן דאלער און מער, געווען 1900 (פון 216,180, דאָס הייסט 0,9%); זיי האָבן געהאט 1,4 מיליאן ארבעטער (פון 5,5 מיליאן, דאָס הייסט 25,6%) און 5,6 מיליארד פראדוקציע (פון 14,8 מיליארד, דאָס הייסט 38%). 5 יאָר שפּעטער, אין 1909־טן יאר, זיינען די געהעריקע ציפערן געווען: 3060 אונטערנעמונגען (פון 268,491 — 1,1%) מיט 2 מיליאָן ארבעטער (פון 6,61 — 30,5%) מיט אַ פּראדוקציע פון 9,9 מיליארד (פון 20,7 מיליארד — 43,8%)[2].

קימאט א העלפט פון דער גאנצער פּראדוקציע פון אלע אונטערנעמונגען אינם לאנד געפינט זיך אין די הענט פון איין הונדערטסטעלעק פון דער אלגעמיינער צאל אונטערנעמונגען. און אָט די דריי טויזנט ריזן־אונטערנעמונגען נעמען ארום 258 אינדוסטריע-צווייגן. פון דאנען איז קלאר, אז די קאָנצענטראציע, אַף א געוויסער שטופע פון איר אנטוויקלונג, פירט, קאָן מען זאָגן, פון זיך אליין גלייך צו דער מאנאָפּאָליע. ווארום עטלעכע צענדליק אונ־טערנעמונגען איז גרינג צו קומען צו אן אויסגלייך צווישן זיך, און, פון דער אנדער זייט, ווערט דאפקע דורך דעם גרויסן מאסשטאב פון די אונטערנעמונגען ארויסגערופן די שוועריקייט פון דער קאָנקורענץ און די טענדענץ צו א מאנאפּאליע. אָט די פארוואנדלונג פון דער קאָנקורענץ אין א מאנאָפּאָליע איז איינע פון די וויכטיקע — אויב ניט די סאמע וויכטיקע—דערשיינונגען אין דער עקאָנאָמיק פונם נייסטן קאפיטאליזם, און מיר מוזן זיך אויספירלעכער אָפּשטעלן אַף דעם. נאר טכילעס מוזן מיר באזייטיקן איין מעגלעכע מיספאר־שטייעניש.

די אמעריקאנער סטאטיסטיק זאָגט: 3000 גיגאנטישע אונטערנעמונגען אין 250 אינדוסטריע-צווייגן. קלוימערשט קומט אויס סאכאקל צו 12 אונטער־נעמונגען פון גאָר גרויסן פארנעם אף יעדן צווייג. נאָר דאָס איז ניט אזוי. ניט אין יעדן אינדוסטריע־צווייג זיינען פאראן גרויסע אונטערנעמונגען. און, פון דער אנדער זייט, איז א העכסט וויכטיקע באזונדערקייט פונם קאפּיטאליזם, וואס האט דערגרייכט ביז דער העכסטער מאדרייגע פון אנטוויקלונג, די אזוי גערופענע קאָמבינאַציע, דאס הייסט דאס, וואס אין איין אונטערנעמונג ווערן פאראייניקט פארשיידענע אינדוסטריע-צווייגן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאר אדער קעסיידערדיקע שטופן פון רוישטאף-באארבעטונג (לעמאָשל, אויס־שמעלצן גוסאייזן-טשוהון פון אַרץ און איבערארבעטן דעם טשוהון אין שטאָל און ווייטער, עפשער, פּראדוצירן פון שטאָל די אָדער יענע פארטיקע פּראָ־דוקטן), אָדער וועלכע שפּילן א הילפראלע איינע בענויגייע דער צווייטער (לעמאָשל, די באארבעטונג פון אָפּפאלפּראָדוקטן אָדער פון נעבנפּראדוקטן, די פּראָדוצירונג פון איינפּאַק־מאטעריאלן א. אז. וו.).

„די קאָמבינאציע, — שרייבט הילפערדינג, — גלייכט אויס די פארשיידנ-קייט פון דער קאָניונקטור און גאראנטירט דעריבער פאר דער קאָמבינירטער אונטערנעמונג א גרעסערע באשטענדיקייט פון דער רעווער-נאָרמע. צווייטנס, פירט די קאָמבינאציע צו דער באזייטיקונג פונם האנדל, דריטנס, מאכט זי מעגלעך טעכנישע פארפולקומונגען און מעמיילע שאפט זי אויך די מעגלעכ-קייט צו באקומען צוגאב-רעווער אין פארגלייך מיט די „ריינע" (דאָס הייסט ניט קאָמביגירטע) אונטערנעמונגען. זי באפעסטיקט, פערטנס, די פּאָזיציע פון דער קאָמבינירטער אונטערנעמונג אין פארגלייך מיט דער „ריינער"—זי מאכט זי שטארקער אינם קאָנקורענץ-קאמף—אין א צייט פון א שטארקער דעפּרעסיע (בעאייס אַן אָפּהאלט אין די געשעפטן, בעאייס א קריזיס), בעאייס דאָס פאלן פון די פרייזן אף רוישטאָף קומט פּאָר מיט א קלענערן טעמפּ, ווי דאָס פּאַלן פון די פרייזן אף פּראָדוקטן"[3]).

דער דייטשישער בורזשואזער עקאָנאָמיסט היימאן, וועלכער האָט געווידמעט אַ ספּעציעל ווערק דער באשרייבונג פון די „געמישטע", ד. ה. פון די קאָמ-בינירטע אונטערנעמונגען אין דער דייטשישער אייזן=אינדוסטריע, זאָגט: „די „ריינע" אונטערנעמונגען קומען אום, ווערנדיק דערשטיקט דורך די הויכע פרייזן אף מאטעריאלן בא די נידעריקע פרייזן אַף פארטיקע פּראָדוקטן". עס באקומט זיך אַזאַ בילד: „פון איין זייט, זיינען פארבליבן די גרויסע שטיינ-קוילן-קאָמפּאניעס, וועלכע באקומען ארויס עטלעכע מיליאָן טאָנען קוילן, וועלכע זיינען פעסט אָרגאניזירט אין זייער שטיינקוילן-סינדיקאַט, — און, פון דער אַנדער זייט, די ענג פארבונדענע מיט זיי גרויסע שטאָלגוס=זאַוואָדן מיט זייער שטאָלסינדיקאַט. אָט די גיגאנטישע אונטערנעמונגען, וועלכע פּראָדוצירן 4 הונדערט טויזנט טאָנען (אַ טאָנע האַלט 60 פּוד) שטאָל אַ יאָר, וועלכע באַ-קומען ארויס אַ קאָלאָסאַלע מאַסע אַרץ און שטיינקוילן, וועלכע ארבעטן אויס פארטיקע פּראדוקטן פון שטאָל, וועלכע האָבן 10,000 אַרבעטער, וואָס לעבן אין די קאזארמעס פון די ארבעטער-אישואוויס, וועלכע האָבן אָפטמאָל זייערע אייגענע אייזנבאנען און האפנס — אָט די אונטערנעמונגען זיינען די טיפּישע פאָרשטייער פון דער דייטשישער אייזן=אינדוסטריע. און די קאָנצענטרירונג גייט אַלץ ווייטער און ווייטער פאָרויס. איינצלנע אונטערנעמונגען ווערן אַלץ גרעסער; אַלץ א גרעסערע צאָל אונטערנעמונגען פון איינעם און דעמזעלביקן אָדער פון פארשיידענע אינדוסטריע=צווייגן פארייניקן זיך אין גיגאנטישע אונ-טערנעמונגען, וועלכע ווערן געשטיצט און אָנגעפירט דורך אַ האַלבן טוץ גרויסע בערלינער בענק. די ריכטיקייט פון קארל מארקס לערע וועגן דער קאָנצענטראציע איז פּינקטלעך דערוויזן בענוגייע דער דייטשישער בארג-אינדוסטריע. עמעס, דאָס איז נויגייע א לאנד, וואו די אינדוסטריע איז באַ-שיצט דורך פּראָטעקציאָנס-אָפּצאָלונגען און דורך טראנספּאָרט=טאריפן. די בארג-אינדוסטריע פון דייטשלאנד איז געוואָרן שוין צייטיק אף צו עקספּראָ-פּריאירן זי"[4]).

צו אַזאַ אויספיר האָט געמוזט קומען אַ געוויסנהאַפטער בורזשואַזער עקאָ-נאָמיסט. מע דאַרף באַצייכענען, אַז ער טיילט אַזוי ווי אויס דייטשלאַנד באַ-

זונדער, מאַכמעס דעם, וואָס איר אינדוסטריע איז באַשיצט דורך הויכע פּראָ-
טעקציאָנס-אָפּצאָלונגען. דאָס אָבער האָט בלויז געקאָנט פאַרגיכערן די קאָנ=
צענטרירונג און די אויסבילדונג פון מאָנאָפּאָליסטישע אונטערנעמער-פאַרבאַנדן
פון קאַרטעלן, סינדיקאַטן אוכעדוימע. ס'איז אומגעהויער וויכטיק, וואָס אין
ענגלאַנד, אין אַ לאַנד פון פרייען האַנדל, פירט די קאָנצענטרירונג א ו י ך צו
מאָנאָפּאָל, האַגאַם אַביסל שפּעטער און מעגלעך אין אַן אַנדער פאָרם. אָט וואָס
עס שרייבט דער פּראָפעסאָר הערמאַן לעווי אין אַ ספּעציעלער אויספאָרשונג
וועגן „מאָנאָפּאָלן, קאַרטעלן און טרעסטן” אַפן סמאַך פון מאַטעריאַלן וועגן דער
עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון גרויס=בריטאַניע:

„אין גרויס-בריטאניע איז גראָד דער גראַנדיעזער מאַסשטאַב פון די אונ-
טערנעמונגען און זייער הויכער טעכנישער שטאַנד טראָגן אין זיך אַ טענדענץ
צו מאָנאָפּאָל. פון איין זייט, האָט די קאָנצענטרירונג געבראַכט צו דעם, אַז אַף
איין אונטערנעמונג קומט אויס אויסצוגעבן געוואַלטיקע קאַפּיטאַלן. די נייע אונ-
טערנעמונגען שטייען דעריבער פאַר אַלץ העכערע פאָדערונגען בענויגייע דעם
מאַסשטאַב פונם נויטיקן קאַפּיטאַל, און דאָס מאַכט שווער זייער אויפקומען. און,
פון דער אַנדער זייט (און אָט דעם פונקט האַלטן מיר פאַר אַ מער וויכטיקן),
איז יעדע נייע אונטערנעמונג, וועלכע וויל זיך שטעלן אַף דער הויך פון די
גיגאַנטישע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן דורך דער קאָנצענ-
טרירונג, מוז דידאָזיקע אונטערנעמונג אויסאַרבעטן אַזאַ קאָלאָסאַלע איבער-
פליסיקע צאָל פּראָדוקטן, אַז פאַרקויפן זיי מיט רעווען איז מעגלעך נאָר דאַן,
ווען ס'ווערט אויסערגעוויינלעך פאַרגרעסערט דער נאָכפרעג אַף זיי. ווען אָבער
ניט, ווערט דער פּראָדוקטן-איבערפלוס נידעריק מאַכן די פּרייזן אַף אַזוי פיל,
אַז ס'וועט ניט לוינען ניט פאַר דער נייער פאַבריק, ניט פאַר דער גרויסער
צאָל פאַרבאַנדן”. אין ענגלאַנד קומען אויף מאָנאָפּאָליסטישע אונטערנעמער,
פאַרבאַנדן, קאַרטעלן און טרעסטן, צום אונטערשייד פון אַנדערע לענדער, וואו
די פּראָטעקציאָנס-אָפּצאָלונגען פאַרגרינגערן די קאַרטעלירונג, דאָסראָוו בלויז
דאַן, ווען די צאָל קאָנקורירנדיקע הויפּט-אונטערנעמונגען ווערן דערפירט צו
„אַזעלכע צוויי טוץ”. די ווירקונג פון דער קאָנצענטראַציע אַף דער אויפקומונג
פון דער מאָנאָפּאָל אין דער גרויס=אינדוסטריע ווייזט זיך דאָ אַרויס מיט דער
גרעסטער קלאָרקייט [5].

50 יאָר צוריק, ווען מאַרקס האָט געשריבן זיין „קאַפּיטאַל”, האָט דאָס-
ראָוו עקאָנאָמיסטן געהאַלטן די פרייע קאָנקורענץ פאַר אַ „נאַטור-געזעץ”. די
אָפיציעלע וויסנשאַפט האָט מיט דער הילף פון אַ פאַרשווייגונגס-פאַרשווערונג
זיך געפּרואווט דערהאַרגענען דאָס ווערק פון מאַרקסן, וועלכער האָט דורכן
טעאָרעטישן און היסטאָרישן אַנאַליז פונם קאַפּיטאַליזם דערוויזן, אַז די פרייע
קאָנקורענץ רופט אַרויס די קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע, און דידאָזיקע
קאָנצענטרירונג פירט אַף אַ געוויסער שטופע פון איר אַנטוויקלונג צו מאָנאָ-
פּאָליע. איצט איז די מאָנאָפּאָליע געוואָרן אַ פאַקט. די עקאָנאָמיסטן שאַפן גאַנ-
צענע בערג ביכער, וואו זיי באַשרייבן באַזונדערע דערשיינונגען פון דער מאָ=
נאָפּאָליע און טאַינען נאָך אַלץ אין איין קאָל, אַז „דער מאַרקסיזם איז צע-

קלאַפּט". נאָר „דער פאַקט איז אַ גרויסער אַקשן" — זאָגט אַן ענגליש שפּריכ־וואָרט, און ווילנדיק-ניט-ווילנדיק מוז מען זיך מיט אים רעכענען. די פאַקטן באַווייזן, אַז די פאַרשיידנקייטן צווישן באַזונדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער בע־נויגייע, לעמאָשל, דעם פּראָטעקציאָניזם אָדער דעם פרייען האַנדל רופן אַרויס בלויז קליינוואַרטיקע פאַרשיידנקייטן אין דער פאָרם פון די מאָנאָפּאָליעס אָדער אין דער צייט, ווען זיי קומען אויף, נאָר דאָס, אַז די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע רופט אַרויס די מאָנאָפּאָליע ביכלאַל, דאָס איז אַן אַלגעמיינער און אַ גרונטגעזעץ פון דער איצטיקער שטופע אין דער אַנטוויקלונג פון קאַפּי-טאַליזם.

פאַר אייראָפּע קען מען גאַנץ פּינקטלעך פעסטשטעלן די צייט, ווען דער אַלטער קאַפּיטאַליזם איז ענדגילטיק פאַרביטן געוואָרן אָפן נייעם: דאָס איז, נעמלעך, דער אָנהויב פונם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אין איינעם פון די נייסטע זאַמלווערק וועגן דער געשיכטע „פון דער אויסבילדונג פון די מאָנאָפּאָליעס" לייענען מיר: „פון דער טקופע ביזן 1860-טן יאָר קען מען ברענגען איינצלנע ביישפּילן פון קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס, מע קען אין זיי אַנטדעקן שפּראָ-צונגען פון יענע פאָרמען, וועלכע זיינען געוואָרן אַזעלכע געוויינלעכע פאַר דער איצטיקער צייט; נאָר דאָס אַלץ איז אָבער בענויגייע די קאַרטעלן לאַכ־לוטן פאַרהיסטאָרישע צייטן. דער ווירקלעכער אָנהויב פון די מאָדערנע מאָנאָ־פּאָליעס איז יעדנפאַלס ניט פריער פאַרן 1860-טן יאָר. דער ערשטער גרויסער פעריאָד פון דער מאָנאָפּאָליעס-אַנטוויקלונג הויבט זיך אָן פון דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער דעפּרעסיע אין דער אינדוסטריע אין די 1870-קער יאָרן און ציט זיך ביזן אָנהויב פון די 1890-קער יאָרן". „אויב מע זאָל באַטראַכטן דעם אינ-יען אין אייראָפּעאישן מאַסשטאַב, דעמאָלט זיינען די 60—70-קער יאָרן דער גרעניץ-פּונקט אין דער אַנטוויקלונג פון דער פרייער קאָנקורענץ. דאַן האָט ענגלאַנד געהאַט פאַרענדיקט די בויאונג פון איר קאַפּיטאַליסטישער אָרגאַניזאַ־ציע פונם אַלטן סטיל. אין דייטשלאַנד טרעט דאַן אַריין דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע אין אַן אַנטשיידנעם קאַמף מיט דער האַנטווערקעריי און מיט דער הויז-אינ-דוסטריע און הויבט אָן שאַפן אירע עקזיסטענץ-פאָרמען"... „אַ גרויסע איבער-קערעניש הויבט זיך אָן פונם קראַך אין 1873-טן יאָר אָדער, ריכטיקער, פון דער דעפּרעסיע, וועלכע איז אָנגעקומען נאָך אים און וועלכע — מיט אַ קוים באַמערקלעכן איבעררייס אין אָנהויב פון די 80-קער יאָרן און מיט אַן אויסער-געוויינלעך שטאַרקן, נאָר קורצן אויפשטייג אַן ערעך אין 1889־טן יאָר — פילט אָן 22 יאָר פון דער אייראָפּעאישער עקאָנאָמישער געשיכטע". „פאַר דעם קורצן פעריאָד פון אויפשטייג אין די יאָרן 1889—90 האָט מען שטאַרק באַנוצט די קאַרטעלן, קעדיי אויסצונוצן די קאָניונקטור. די ניט־אַריינגעטראַכטע פּאָליטיק האָט געהויבן די פּרייזן נאָך גיכער און שטאַרקער, איידער דאָס וואָלט פאַר-געקומען אָן קאַרטעלן, און קימאַט אַלע קאַרטעלן האָבן געהאַט אַ מיעסן סאָף און זיינען באַגראָבן געוואָרן אין „קייווער פון קראַך". ס'איז אריבער נאָך 5 יאָר מיט שלעכטע געשעפטן און נידעריקע פּרייזן, נאָר אין דער אינדוסטריע האָט שוין געהערשט אַן אַנדער שטימונג: די דעפּרעסיע האָט מען ניט גע־

האלטן פאר א באזונדערער זעלבשטענדיקער זאך, מע האָט אין איר איינגעזעען בלויז א פויזע פאר א נייער גינסטיקער קאָניונקטור.

„און אָט איז די קאַרטעל-באַוועגונג אַריינגעטראָטן אין איר צווייטער עפּאָכע. אנשטאָט צו זיין אַ איבערגייענדיקע דערשיינונג, ווערן די קאַרטעלן איינער פון די יעסוידעס פונם גאַנצן ווירטשאַפטלעכן לעבן. זיי נעמען אַיין איין אינדוסטריע-געביט נאָכן צווייטן און, אין דער ערשטער רייע, די באַאַר־בעטונג פון רוי-מאַטעריאַלן. שוין אין אָנהויב פון 1890־טן יאָר האָבן די קאַר-טעלן אין דער אָרגאַניזאַציע פונם קאָקס-סינדיקאַט, וואָס לויט זיין מוסטער איז געשאַפן געוואָרן דער קוילנסינדיקאַט, אויסגעאַרבעט פאַר זיך אַזאַ קאַר-טעלן-טעכניק, וואָס ווייטער פון איר איז די באַוועגונג אין טאָך געגומען ניט אוועק. דער גרויסער אויפשטייג צום סאָף פון 19-טן יאָרהונדערט און דער קריזיס אין די יאָרן 1900—3 שטייען—לעכאָלאַפּאָכעס אין דער באַרג- און אַייזן-אינדוסטריע—צום ערשטן מאָל אינגאַנצן אונטערן צייכן פון קאַרטעלן. און אויב דאַן האָט עס נאָך אויסגעזעען ווי אַ נייע זאַך, איז עס איצטער געוואָרן אַ באַשיינפערלעכער עמעס פאַרן ברייטן געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין, אַז די גרויסע טיילן פונם ווירטשאַפטלעכן לעבן זיינען, ווי אַן אַלגעמיינער קלאַל, אויסגעשלאָסן פון דער פרייער קאָנקורענץ" [6].

אָט דאָס זיינען, אַזוי אַרום, די גרונט־עטאַפּן פון דער מאָנאָפּאָליעס־גע-שיכטע: 1) די יאָרן 1860—70 — די העכסטע גרעניץ-שטופע אין דער אַנטוויק-לונג פון דער פרייער קאָנקורענץ, — מאָנאָפּאָליעס זיינען בלויז קוים מערקלעכע שפּראָצונגען. 2) נאָכן קריזיס פון 1873־טן יאָר גייט אַ פּעריאָד פון ברייטער אַנטוויקלונג פון די קאַרטעלן, נאָר זיי זיינען נאָך אַן אויסנאַם, זיי זיינען נאָך ניט פעסט, זיי זיינען נאָך אַ איבערגייענדיקע דערשיינונג. 3) דער אויפשטייג צום סאָף פון נײַנצעטן יאָרהונדערט און דער קריזיס פון די יאָרן 1900—3. די קאַרטעלן ווערן איינער פון די יעסוידעס פון דעם גאַנצן ווירטשאַפטלעכן לעבן. דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אימפּעריאַליזם.

די קאַרטעלן ריידן זיך צונויף וועגן די טנאָאים פון פאַרקויף, וועגן די טערמינען פון צאָלונגען א. א. וו., זיי טיילן צווישן זיך די אָפּזאַץ-געביטן. זיי באַשטימען דעם סכום פּראָדוקטן, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט, זיי שטעלן איין די פּרייזן, זיי פאַרטיילן דעם רעווח צווישן באַזונדערע אונטערנעמונגען און אז. וו.

אין דייטשלאַנד איז די צאָל קאַרטעלן געוועזן אין 1896-טן יאָר אַן ערעך 250, און אין 1905-טן יאָר — 385; אין זיי האָבן אַנטייל גענומען באַ 12 טויזנט אונטערנעמונגען [7]. נאָר אַלע אַנערקענען, אַז דידאָזיקע ציפערן זיינען פאַר־קלענערט. פון די אויבנגעבראַכטע מאַטעריאַלן פון דער דייטשישער אינדוסט-ריע-סטאַטיסטיק אין 1907-טן יאָר איז קענטיק, אַז אַפילע די 12-טויזנט גאָר גרויסע אונטערנעמונגען קאָנצענטרירן באַ זיך געוויס מער ווי אַ העלפט פון דעם אַלגעמיינעם סכום דאַמף־ און עלעקטריע־קראַפט.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע איז די צאָל טרעסטן אין 1900־טן יאָר געוועזן 185, אין 1907 — 250. די אַמעריקאַנער סטאַטיסטיק טיילט

אין אַלע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין אַזעלכע, וואָס געהערן צו איינ=צלנע פּערזאָנען, צו פירמעס און צו קאָרפּאָראַציעס. צו די לעצטע האָט אין 1904-טן יאָר געהערט 23,6%, אין 1909-טן יאָר—25,9%, ד. ה. מער ווי אַ פערטל פון דער אַלגעמיינער צאָל אונטערנעמונגען. אין דידאָזיקע אונטערנע-מונגען איז געווען אַרבעטער: 70,6% — אין 1904 יאָר, 75,6% (דריי פערטל פון דער אַלגעמיינער צאָל) — אין 1909-טן יאָר; די גרויס פון דער פּראָדוקציע איז געווען: 10,9 און 16,3 מיליאַרד דאָלער, ד. ה. 73,7% און 79% פון דער אַלגעמיינער סומע.

אין די הענט פון די קאַרטעלן און פון די טרעסטן איז ניט זעלטן קאָנ-צענטרירט 7—8 צענטל פון דער גאַנצער פּראָדוקציע אין דעם געגעבענעם אינ-דוסטריע-צווייג: דער רייניש-וועסטפאַלישער שטיינקוילן-סינדיקאַט האם באַ זיין גרינדן זיך אין 1893-טן יאָר געהאַט קאָנצענטרירט 86,7% פון דער גאַנ=צער קוילנפּראָדוקציע אין ראַיאָן און אין יאָר 1910 — 95,4%.

די מאָנאָפּאָליע, וואָס שאַפט זיך אַף אַזאַ אויפן, גאַראַנטירט גיגאַנטישע האַכנאָסעס און פירט צו דער אויסבילדונג פון אומגעהויער גרויסע טעכניש-פּראָדוקציאָנעלע אייניהייטן. דער באַרימטער נאַפט=טרעסט אין די פאַרייניקטע שטאַטן (Stanbard Oil Company) איז געגרינדעט געוואָרן אין 1900-טן יאָר. „זיין קאַפּיטאַל איז באַשטאַנען פון 150 מיליאָן דאָלער. ס'איז ארויסגעלאָזט געוואָרן געוויינלעכע אַקציעס אַף 100 מיליאָן און פּריווילעגירטע — אַף 106 מיליאָן. אַף די לעצטע האָט מען אויסגעצאָלט דיווידענד אין מעשעך פון די יאָרן 1900—1907: 40, 40, 40, 36, 44, 45, 48, 48 פּראָצענט, סאַכאַקל 341 מי-ליאָן דאָלער. פון 1882-טן יאָר ביז 1907-טן יאָר האָט מען באקומען ריינעם רעווען 889 מיליאָן דאָלער; דערפון האָט מען 606 מיליאָן איינגעצאָלט דיווי=דענד און דאָס איבעריקע איז אַריין אין רעזערוו-קאַפּיטאַל [8]. אין אלע אונ-טערנעמונגען פון שטאָל-טרעסט (United States Steel Corporation) איז אין 1907=טן יאָר געווען ניט ווייניקער פון 210.180 אַרבעטער און אַנגעשטעלטע. די גרעסטע אונטערנעמונג פון דער דייטשישער באַרג=אינדוסטריע — די געלזענ-קירכענער באַרג-געזעלשאַפט (Gelsenkirchner Bergwerksgesellschaft) האָט אין 1908-טן יאָר געהאט 46,048 ארבעטער או ן אַנגעשטעלטע” [9]. נאָך אין 1902-טן יאָר האט דער שטאָלטרעסט אויסגעאַרבעט 9 מיליאָן טאנעס שטאָל [10]. אין 1901-טן יאָר האָט זיין פּראָדוקציע אויסגעמאַכט 66,3% און אין 1908-טן יאָר — 56,1% פון דער גאנצער שטאָל-פּראָדוק-ציע אין די פאַרייניקטע שטאַטן [11]; די אַרץ=אַרויסבאקומונג האט אויסגעמאכט 43,3% און 46,3 פאַר דיזעלביקע יאָרן [12].

דער באַריכט פון דער אַמעריקאַנישער רעגירונגס-קאָמיסיע וועגן די טרעסטן זאָגט: „זייער אויבערמאַכט איבער די קאָנקורענטן באזירט זיך אַף דער קאָלאָסאַלער גרויס פון זייערע אונטערנעמונגען און אַף זייער אויסגע=צייכנט-אָוועקגעשטעלטער טעכניק. דער טאַבאַק=טרעסט האָט פון זיין סאַמע גרינדונג אָן אָנגעווענדעט אלע קויכעס, קעדיי אומעטום צו פאַרבייטן אין אַ ברייטער מאָס די האַנט=אַרבעט מיט מאַשין-אַרבעט. צו דעם צוועק פלעגט ער

אויפקויפן אלע פאַטענטן, וועלכע האָבן אַ וועלכע ס'ניט איז שאַיכעס צו דער טאַבאַק-באַאַרבעטונג, און האָט אויסגעגעבן אַף דעם קאָלאָסאַלע סומען. אַסאַך פאַטענטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן פון אָנהויב ניט געטויגט, און ס'איז זיי אויסגעקומען איבערצואַרבעטן דורך אינזשענערן, וואָס דינען באַם טרעסט. צום סאָף פון 1906-טן יאָר זיינען געשאַפן געוואָרן 2 פיליאַלע געזעלשאַפטן מיטן אויסשליסלעכן צוועק אויפצוקויפן פאַטענטן. צוליב דעמזעלביקן צוועק האָט דער טרעסט געגרינדעט זיינע גיסערייען, מאַשינפאַבריקן און רעמאָנט-וואַרשטאַטן. איינע פון דידאָזיקע אונטערנעמונגען אין ברוקלין פאַרנעמט דורכשניטלעך 300 אַרבעטער; דאָ ווערן דורכגעמאַכט עקספּערימענטן איבער די דערפינדונגען אַף אויסצואַרבעטן פאַפּיראָסן, קליינע סיגאַרן, שמעקטאַבאַק, פלאַטבליי אַף איינפאַקונג, קעסטלעך אוכעדוימע. דאָ ווערן אויך די דערפינדונגען פאַרפולקומט [13]. אויך די איבעריקע טרעסטן האַלטן באַ זיך אַף שטעלעס די אזוי גערופענע developping engineers (אינזשענערן אַף צו אנטוויקלען די טעכניק), וואָס זייער אויפגאַבע איז צו דערפינדן נייע מעטאָדען פון פראָדוקציע, אויספרואוון די טעכנישע אויסבעסערונגען. דער שטאָלטרעסט צאָלט זיינע אינזשענערן און אַרבעטער גרויסע פרעמיעס פאַר די דערפינדונגען, וואָס קענען הויבן די טעכניק אָדער קלענער מאַכן די הויצאָעס" [14].

פונקט אַף אזא אויפן איז אויך אָרגאַניזירט דער איניען פון טעכנישע אויסבעסערונגען אין דער דייטשישער גרויס=אינדוסטריע — לעמאָשל, אין דער כעמישער, וועלכע האָט זיך אַזוי גיגאַנטיש אַנטוויקלט פאַר די לעצטע יאָר=צענדליקן. דער פּראָצעס פון דער פראָדוקציע-קאָנצענטרירונג האָט שוין אין 1908-טן יאָר געהאַט געשאַפן אין דערדאָזיקער אינדוסטריע 2 הויפּט-„גרופּעס" וועלכע זיינען אף זייער שטייגער אויך צוגעגאַנגען צו דער מאָנאָפּאָל. דידאָזיקע גרופּעס זיינען טכילעס געווען א „צוויי-בונד" פון 2 פּאָר גרויסע פאַבריקן, איטלעכע מיט א קאַפּיטאַל פון 20—21 מיליאָן מאַרק: פון איין זייט, די געוועזענע מאַיסטערס-פאַבריק אין כאָכסט און קאַסעל, — אין פראַנקפורט אפן מיין, פון דער אַנדערער זייט, די אנילין- און סאָדע-פאַבריק אין לודוויקסהאַפן און די געוועזענע באַיערס=פאַבריק אין עלבערפעלד. דערנאָך האָט אין 1905 יאָר איין גרופּע, און אין 1908 יאָר—די צווייטע געמאַכט אַן אָפּמאַך איטלעכע מיט נאָך איין גרויסער פאַבריק; ס'האָט זיך באַקומען 2 „דריי-בונדן" איטלעכער מיט א קאַפּיטאַל פון 40—50 מיליאָן מאַרק, און צווישן דידאָזיקע צוויי פאַרבאַנדן האָט זיך שוין אָנגעהויבן א „דערנעענטערונג", „אָפּמאַכן" וועגן פּרייזן א. אז. וו. *).

די קאָנקורענץ פאַרוואַנדלט זיך אין א מאָנאָפּאָליע. ס'באַקומט זיך א גיגאַנטישער פּראָצעס פון פראָדוקציע-פאַרגעזעלשאַפטלעכונג. ספּעציעל ווערט אויך פאַרגעזעלשאַפטלעכט דער פּראָצעס פון טעכנישע דערפינדונגען און פאַרפולקומונגען.

---

*) די צייטונגען טיילן מיט (יוני 1916) וועגן אַ נייעם גיגאַנטישן טרעסט, וועלכער פאַרייניקט די כעמישע פראָדוקציע פון דייטשלאַנד.

דאָס איז שוין גאַרניט דאָס, וואס די אַלטע פרייע קאָנקורענץ צווישן די צעברעקלטע באַלעבאַטים, וואָס ווייסן גאָרניט ניט איינער וועגן דעם צווייטן, וואָס פראָדוצירן צום אָפּזאַץ אַף אַן אומבאַוואוסטן מאַרק. די קאָנצענטראַציע איז אַזוי ווייט אַוועק, אַז מע קען מאַכן אַ לעפּיערעכדיקן דיסקאָנט פון אַלע קוואַלן פון רוימאַטעריאַלן (לעמאָשל, פון ערד, וואָס איז רייך מיט אייזן-אַרץ) אין דעם געגעבענעם לאַנד און אַפּילע, ווי מיר וועלן זען, אין אַ רייע לענדער, אין דער גאַנצער וועלט. ס׳ווערט ניט בלויז געמאַכט אַזאַ דיסקאָנט, נאָר דידאָזיקע קוואַלן ווערן פאַרכאַפּט אין איינע הענט דורך די גיגאַנטישע מאָנאָפּאָליסטישע פאַרבאַנדן. ס׳ווערט דורכגעפירט אַ לעפּיערעכדיקער דיסקאנט פון דער גרויס פונם מאַרק, און דידאָזיקע פאַרבאַנדן „צעטיילן" אים צווישן זיך לויט אַן אָפּמאַך. ס׳ווערט מאָנאָפּאָליזירט די אויסגעלערנטע ארבעטקראַפט; ס׳ווערן געדונגען די בעסטע אינזשענערן; ס׳ווערן פאַרכאַפּט די קאָמוניקאַציע-וועגן און מיטלען — די אייזנבאַנען אין אמעריקע, די דאַמפשיפגעזעלשאַפטן אין אייראָפּע און אין אַמעריקע. דער קאַפּיטאַליזם אין זיין אימפעריאַליסטישער סטאַדיע פירט צו דירעקט צו דער אַלזייטיקסטער פאַרגעזעלשאַפטלעכונג פון דער פּראָדוקציע, ער שלעפט אריין, אַזוי צו זאָגן, די קאַפּיטאַליסטן, קעגן זייער ווילן און באַוואוסטזיין, אין עפּעס אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, אין אַ איבערגאַנג-אָרדענונג פון פולשטענדיקער קאָנקורענץ-פרייהייט צו פולשטענדיקער פאַרגעזעלשאַפטלעכונג. די פּראָדוקציע ווערט אַ געזעלשאַפטלעכע, נאָר די אָנאייגענונג פאַרבלייבט פּריוואַט, די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוציר-מיטלען פאַרבלייבן אַ פּריוואַט-אייגנטום פון ניט קיין גרויסער צאָל פּערזאָנען. עס פאַרבלייבן די אַלגעמיינע ראַמען פון דער פאָרמעל אנערקענטער פרייער קאָנקורענץ, און דער דרוק פון אַ קליינער צאָל מאָנאָפּאָליסטן איבער דער איבעריקער באַפעלקערונג ווערט הונדערט מאָל שווערער, מאַמאָשעסדיקער און אומדערטרעגלעכער.

דער דייטשישער עקאָנאָמיסט קעסטנער האָט געווידמעט אַ ספּעציעל ווערק „דעם קאמף צווישן די קארטעלן און די זייטיקע", דאָס הייסט מיט די אונטערנעמער, וואָס גייען ניט אריין אין קארטעלן. דאָסדאָזיקע ווערק האָט ער אַ נאָמען געגעבן: „דער צוואנג צו אָרגאַניזאציע", אין דער צייט ווען מע וואָלט באדארפט ריידן וועגן „צוואנג אונטערצואווארפן זיך אונטער די פאַרבאנדן פון די מאָנאָפּאָליסטן". ס׳איז באלערעוודיק אַ קוק צו געבן כאָטש בלויז אַף דער רעשימע פון די מיטלען פון דעם מאָדערנעם, נייסטן, ציוויליזירטן קאמף פאר „אָרגאַניזאציע", וואָס עס ווענדן אָן די פארבאנדן פון די מאָנאָפּאָליסטן: 1) ניט צולאָזן קיין רוימאטעריאַלן... (איינער פון די וויכטיקסטע מעטאָדן צו צווינגען אריינטרעטן אין קארטעל); 2) ניט צולאָזן קיין ארבעטהענט מיט דער הילף פון „אליאנסן" (דאָס הייסט דורך אָפּמאכן צווישן די קאפּיטאַליסטן מיט די ארבעטער-פאריינען וועגן דעם, אַז די לעצטע זאָלן אָנעמען ארבעט נאָר אין די קארטעלירטע אונטערנעמונגען); 3) ניט צולאָזן קיין צופיר; 4) אָפּנעמען דעם אָפּזאַץ; 5) אַן אָפּמאַך מיטן קוינע וועגן האָבן האנדלס-באַציאונגען אויסשליסלעך מיט די קארטעלן; 6) פּלאנמעסיק אראָפּזעצן די פרייזן,

קעדיי צו רואינירן די זייטיקע, דאָס הייסט די אונטערנעמונגען, וואָס ווארפן זיך ניט אונטער אונטער די מאָנאָפּאָליסטן: ס'ווערן אויסגעגעבן מיליאָנען אָף צו פּאַרקויפן אין מעשעך פון א געוויסער צייט ווערלוועלער פון דעם קערן (אין דער בענזין-אינדוסטריע זיינען געווען ביישפילן, ווען מע פלעגט קלענער מאכן די פּרייזן פון 40 אָף 22 מארק, ד. ה. קימאט אין צווייען!); 7) אָפּנעמען קרע־דיט; 8) דערקלערן באָיקאָט.

דאָ האָבן מיר שוין צו טאָן ניט מיט קיין קאָנקורענץ-קאַמף צווישן קליי-נע און גרויסע, צווישן טעכניש־אָפּגעשטאנענע און טעכניש פּאָרשריטלעכע אונ־טערנעמונגען. דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט דעם, וואָס די מאָנאָפּאָליסטן דער-שטיקן יענע, וועלכע ווארפן זיך ניט אונטער אונטער דער מאָנאָפּאָליע, אונ־טער איר דרוק, אונטער איר ווילקיר. אט ווי דערדאָזיקער פּראָצעס שפּיגלט זיך אָפּ אינם באוואוסטזיין פון א בורזשואזן עקאָנאָמיסט: „אפילע אינם געביט פון ריין-ווירטשאפטלעכער טעטיקייט, — שרייבט קעסטנער, — קומט פאר א געוויסע איבערוקונג פון האנדלס־טעטיקייט אין פריערדיקן זינען צו אן אָרגא-ניזאטאָריש־ספּעקוליאטיווער. דעם גרעסטן דערפאָלג האָט ניט דער סוחר, וועלכער קען אפן גרונט פון זיין טעכנישער און האנדלס-פּראקטיק בעסער פון אלץ אָפּשאצן די באדערפענישן פון די קויפער, געפינען און, אזוי צו זאָגן, „אנט־דעקן" דעם נאָכפרעג, וואָס געפינט זיך אין א פארבאָרגענעם צושטאנד, נאָר דער ספּעקוליאטיווער גאָען (!?), וועלכער קען אפצופריער אויסרעכענען אָדער כאָטש דערשפּירן די אָרגאניזאציאָנעלע אנטוויקלונג, די מעגלעכקייט פון גע-וויסע פארבינדונגען צווישן איינצלנע אונטערנעמונגען און בענק"...

איבערזעצט אין א מענטשלעכער שפּראך באדייט עס אָט וואָס: די אנט-וויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז האגאם די סכוירעס-פּראָדוקציע „הערשט" ווי פריער, און זי ווערט גערעכנט פארן יעסאָד פון דער גאנצער ווירטשאפט, איז אין דערעמעסן אָבער איז זי שוין אונטערגעריסן, און די הויפּט רעוואָכים קומען אָן די געאוינים פון די פינאנציעלע קונצשטיק. אין גרונט פון דידאָזיקע קונצשטיק און שווינדלערייען ליגט די פארגעזעלשאפטלעכונג פון דער פּראָדוקציע, נאָר דער גיגאנטישער פּראָגרעס פון דער מענטשהייט, וועלכע האָט זיך ארויפגעארבעט צו דערדאָזיקער פארגעזעלשאפטלעכונג, גייט לעטויוועס די ספּעקוליאנטן. מיר וועלן זעען ווייטער, ווי „אָף דעמדאָזיקן גרונט" טרוימט די קליינבירגערלעך-רעאַקציאָנערע קריטיק פונם קאַפּיטאַליסטישן אימ־פּעריאַליזם וועגן אומקערן זיך אָף צוריק צו דער „פרייער", „פרידלעכער", „ער־לעכער" קאָנקורענץ [15].

„א לאנגדויעריקע הויבונג פון די פרייזן, ווי א רעזולטאט פון דער קאַר־טעל-אויסבילדונג, — זאָגט קעסטנער, — האָט מען ביז איצט געקענט באמערקן נאָר בענויגייע די וויכטיקסטע פּראָדוציר-מיטלען, באזונדערס בענויגייע צו שטיינ-קוילן, אייזן, קאלי און מע האָט, פאַרקערט, קיינמאָל עס ניט באמערקט בע־נויגייע פאַרטיקע פּראָדוקטן. דער וואוקס פון דער האַכנאָסעדיקייט, וואָס איז מיט דעם פארבונדן, האָט זיך אויך באגרעניצט מיט דער אינדוסטריע, וואָס

ארבעט אויס פּראָדוציר-מיטלען. צו דערדאָזיקער באַאָבאַכטונג דאַרף מען נאָך צוגעבן דאָס, וואָס די אינדוסטריע, וועלכע באַארבעט רוי-מאַטעריאַלן (און ניט קיין האַלב=פאַבריקאַטן) איז ניט נאָר, וואָס, אדאנק דער קארטעל-אויסבילדונג, באקומט זי גרויסע רעוואָכים צום שאדן פון דער אינדוסטריע, וועלכע איז פארנומען מיט דער ווייטערדיקער איבעראַרבעטונג פון די האַלבפאבריקאטן, נאָר זי האָט פארנומען בענויגייע צו דערדאָזיקער אינדוסטריע א געוויסע ה ע ר-ש א פ ט-פ אַ ר ה ע ל ט ע נ י ש, וועלכע איז ניט געווען בא דער פרייער קאָנקו=רענץ" 16).

די אונטערגעשטראָכענע פון אונז ווערטער באווייזן דעם מעהוס פון דעם איניען, וואָס די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן אנערקענען אים אזוי זעלטן און ניט גערן, און פון וועלכן ס'באמיען זיך אזוי פלייסיק ארויסדרייען און אָפּשאָקלען זיך די איצטיקע פּאַרטיידיקער פונם אָפּאָרטוניזם מיט קאַרל קאַאוטסקין בעראָש. פאַרהעלטעניש פון הערשאַפט און געוואלט, וואָס איז מיט אזא הערשאפט פאַר-בונדן — אָט וואָס עס איז טיפיש פאַר „דער נייסטער פאַזע אין דער אנטוויק-לונג פונם קאַפּיטאַליזם", אָט וואָס עס האָט אומפאַרמיידלעך געמוזט ארויסקו-מען און עס איז ארויסגעקומען פון דער אויסבילדונג פון די אלמעכטיקע עקאָ-נאָמישע מאָנאָפּאָליעס.

מיר וועלן ברענגען נאָך אַ ביישפּיל, ווי אַזוי ס'באלעבאַטעווען די קאַר-טעלן. דאָרטן, וואו ס'איז מעגלעך צו פאַרכאַפּן אין די הענט אלע אָדער די הויפּטקוואַלן פון רוישטאָף, דאָרטן איז באַזונדערס גרינג די אויפקומונג פון די קאַרטעלן און די אויסבילדונג פון מאָנאָפּאָליעס. ס'וואָלט אָבער געווען אַ טאָעס צו מיינען, אז די מאָנאָפּאָליעס קומען ניט אויף אויך אין די איבעריקע אינ=דוסטריע-צווייגן, וואו ס'איז אומעגלעך צו פאַרכאַפּן די קוואַלן פון רוישטאָף. אין דער צעמענט-אינדוסטריע איז רוימאַטעריאַל פאראן אומעטום, נאָר אויך דידאָזיקע אינדוסטריע איז שטאַרק קאַרטעלירט אין דייטשלאנד. די זאַוואָדן האָבן זיך פאַראייניקט אין סובראַיאָן=סינדיקאטן: דער דאָרעם-דייטשלענדישער, דער ריינישׂ=וועסטפאלישער א. א. וו.; ס'זיינען איינגעשטעלט מאָנאָפּאָל-פרייזן: 230—280 מאַרק פאר א וואַגאָן באַ זעלבסטקאָסטן פון 180 מאַרק! די אונ-טערנעמונגען גיבן פון 12 ביז 16 פראָצענט דיווידענד, און דערביי דאַרף מען ניט פארגעסן, אז די „געאוינים" פון דער מאָדערנער ספעקולאציע ווייסן, ווי אזוי איבערצולייגן אין זייערע אייגענע קעשענעס גרויסע סומען רעוואָכים, אכוץ די, וואס ווערן פאַנאנדערגעטיילט אלס דיווידענד. קעדיי צו באזייטיקן די קאָנקורענץ פון אַזא רעוועכדיקער אינדוסטריע, לאָזן זיך די מאָנאָפּאָליסטן אפילע אף שווינדל: ס'ווערן פאַרשפרייט פאלשע קלאַנגען וועגן דער שלעכ-טער לאַגע פון דער אינדוסטריע; ס'ווערן געדרוקט אין די ציימונגען אַנאָ=נימע מעלדונגען: „קאַפּיטאליסטן! היט זיך ארייַנצולייגן אייערע קאפּיטאלן אין דעם צעמענט=געשעפט"; לעסאָף, קויפט מען אויף די אונטערנעמונגען פון די „זייטיקע" (דאָס הייסט פון די, וועלכע נעמען ניט קיין אנטייל אין די סינ-דיקאטן), מע צאָלט זיי „אָפּטרעטגעלט" 60—80—150 טויזנט מאַרק 17). די מאָנאָפּאָל שלאָגט זיך דורך א וועג אומעטום און אף אלערליי אויפאנים, אָנ-

געהויבן פון דעם „באשיידענעם" אָפּטרעטגעלט און געענדיקט מיטן „אָנווענדן" דינאמיט צום קאָנקורענט, אפן אַמעריקאַנישן שטייגער.

אז די קארטעלן באזייטיקן די קריזיסן—דאס איז א באָבעמאיסע פון די בורזשואזע עקאָנאמיסטן, וועלכע בארעכטיקן דעם קאפּיטאַליזם אין אלע פאלן. פארקערט, די מאָנאפּאָליע, וואס ווערט געשאַפן אין א י י נ י ק ע צווייגן פון דער אינדוסטריע, פארשטאַרקט און פאַרשאַרפט די כאַאָטישקייט, וועלכע ליגט בעטעווע פון דער ג אַ נ צ ע ר קאַפּיטאליסטישער פּראָדוקציע; די ניט-אנטשפּרע-כיקייט אין דער אנטוויקלונג פון ערדארבעט און פון אינדוסטריע, וועלכע איז כאַראקטעריש פאַרן קאַפּיטאליזם ביכלאַל, ווערט נאָך גרעסער. די פּריווילע-גירטע לאַגע, אין וועלכער ס׳געפינט זיך די אמערסטן קאַרטעלירטע, די אַזוי׳ גערופענע ש ווע ר ע אינדוסטריע, באַזונדערס קוילן און אייזן, פירט צו דעם, אז אין די איבעריקע אינדוסטריע=צווייגן „פילט זיך נאָך שארפער דאָס פעלן פון פלאַנמעסיקייט", ווי ס׳איז זיך מוידע איידעלס, דער מעכאבער פון איינעם פון די בעסטע ווערק וועגן „דער באַציאונג פון די דייטשישע גרויסע בענק צו דער אינדוסטריע" [18].

„וואס מער די פאָלקסווירטשאַפט איז אַנטוויקלט, — שרייבט ליפמאן, אַ כוצפּעדיקער פאַרטיידיקער פון קאפּיטאליזם,—אלץ מער ווענדעט זי זיך צו מער ריזיקאַלישע אָדער צו אויסלענדישע אונטערנעמונגען, צו אַזעלכע, וועלכע פאָדערן אַ לאַנגע צייט פאַר זייער אנטוויקלונג, אָדער ענדלעך צו אזעלכע, וועלכע האָבן בלויז אַן אָרטיקן באַדייט" [19].

די פאַרגרעסערונג פון דער ריזיקע איז סאָפּקאָלסאָף פאַרבונדן מיט אַ גיגאַנטישער פאַרגרעסערונג פונם קאַפּיטאַל, וועלכער גיסט זיך, אַזוי צו זאָגן, איבער די ברעגן, פליסט אַוועק קיין אויסלאַנד און אַז. וו. און צוזאַמען מיט דעם איז דער שטאַרק גיכער וואוקס פון דער טעכניק ברענגט מיט זיך אַלץ מער עלעמענטן פון ניט-אַנטשפּרעכיקייט צווישן די פאַרשיידענע זייטן פון דער פאָלקסווירטשאַפט, אַלץ מער עלעמענטן פון כאַאָטישקייט, פון קריזיסן. „פאַר דער מענטשהייט, — איז געצוואונגען צו אַנערקענען דערזעלביקער ליפמאַן,— שטייען, מיסטאמע, ווידער פאַר אין דער נאָענטער צוקונפט גרויסע איבערקע=רענישן אינם געביט פון טעכניק, וועלכע וועלן אַרויסבאַווייזן זייער ווירקונג אויך אַף דער פאָלקסווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע"... עלעקטריע, לופטפלי=ערייַ. „געוויינלעך און לויט דעם אַלגעמיינעם קלאַל, איז אין אַזעלכע צייטן פון ראַדיקאַלע עקאָנאָמישע ענדערונגען אַנטוויקלט זיך אַ גרויסע ספּעקוליאַ-ציע"... [20].

און קאָלעראַליי קריזיסן — אָפּטער פאַר אַלץ עקאָנאָמישע, נאָר ניט בלויז עקאָנאָמישע — פאַרשטאַרקן, פון זייער זייט, אין אַ גרויסער מאָס די טענדענץ צו קאָנצענטראַציע און צו מאָנאָפּאָליזירונג. אָט זיינען די זייער באַלערעוודיקע געדאַנקען פון איידעלסן וועגן דעם באַדייט פונם קריזיס אין 1900=טן יאָר, פונם קריזיס, וואָס האָט, ווי מיר ווייסן, געשפּילט די ראָלע פון אַ ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון די נייסטע מאָנאָפּאָלן.

„דער קריזיס פון 1900=טן יאָר האָט איינײנעם מיט גיגאַנטישע אונטער=נעמונגען אין די הויפּטצווייגן פון דער אינדוסטריע געפונען נאָך אַסאַך אונטער=נעמונגען מיט אַ פאַרעלטערטער אָרגאַניזאַציע לויט די איצטערדיקע באַגריפן, „ריינע" אונטערנעמונגען (דאָס הייסט, ניט קאָמבינירטע), וועלכע האָבן זיך אויפגעהויבן אין דער הויך אַפן שפּיץ פון דער כוואַליע בעאייס דעם אינדוסטריעלן אויפשטייג. דאָס פאַלן פון די פּרייזן, די פאַרקלענערונג פון נאָכפרעג האָבן געבראַכט דידאָזיקע „ריינע" אונטערנעמונגען צו זייער אַ קלאָגעדיקער לאַגע, וועלכע האָט אָדער גאָרניט אָנגערירט די קאָמבינירטע גיגאַנטישע אונטערנעמונגען, אָדער האָט זיי אָנגערירט אַף אַ קורצער צייט. דער קריזיס פון 1900=טן יאָר האָט דעריבער אין אַ גרעסערער מאָס געפירט צו דער קאָנצענטראַציע פון דער אינדוסטריע, גאָרניט צו פאַרגלייכן מיטן קריזיס פון 1873-טן יאָר: דער לעצטער האָט אויך געשאַפן אַ געוויסן אָפּקלייב פון די בעסערע אונטערנעמונגען, נאָר באַ דעם דאַמאָלסדיקן שטאַנד פון דער טעכניק האָט דערדאָזיקער אָפּקלייב ניט געקענט פירן צו דער מאָנאָפּאָליזירונג פון די אונטערנעמונגען, וועלכע זיינען געווען בעקויעך מיט ניצאָכן אַרויסגיין פונם קריזיס. טאַקע אַזאַ לאַנגדויעריקע מאָנאָפּאָליע, און דערביי אין אַ הויכן גראַד, פאַרמאָגן די אונטערנעמונגען פון דער איצטיקער אייזן-און עלעקטריע-אינדוסטריע, אַדאַנק זייער העכסט-קאָמפּליצירטער טעכניק, זייער וויטגייענדיקער אָרגאַניזאַציע, אַדאַנק דער מעכטיקייט פון קאַפּיטאַל, און ווייטער אין אַ קלענערן גראַד פאַרמאָגן אַזאַ מאָנאָפּאָליע אויך די אונטערנעמונגען פון דער מאַשינענבוי-אינדוסטריע, פון געוויסע צווייגן פון דער מעטאַלורגישער אינדוסטריע, פון די פאַרקער-מיטלען און אַז. וו.[21]).

מאָנאָפּאָליע — אָט דאָס איז דאָס לעצטע וואָרט „פון דער נייסטער פאַזע אין דער אנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם". אונזערע פאָרשטעלונגען אָבער וועגן דער עמעסער קראַפט און באַדייט פון די איצטיקע מאָנאָפּאָליעס וואָלטן זיין זייער ניט קיין גענוגנדיקע, ניט קיין פולע, פאַרקלענערטע, אויב מיר וואָלטן ניט גענומען אין באַטראַכט די ראָלע פון די בענק.

---

## 2. די בענק און זייער נייע ראָלע.

די אנפאַנגלעכע און די גרונט=אָפּעראַציע פון די בענק איז פאַרמיטלונג בעניוגייע צו צאָלונגען. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פאַרוואַנדלען די בענק דעם פאַסיוון געלט=קאַפּיטאַל אין אַן אַקטיוון, ד. ה. אין אַזאַ, וואָס ברענגט רעווער. זיי קלייבן אויף אַלע און קאָלערליי געלט=האַכנאָסעס און גיבן דאָס איבער אין רעשוס פון די קאַפּיטאַליסטן.

אין דער מאָס, וואָס עס אַנטוויקלט זיך דער באַנק=געשעפט און ער קאָנצענטרירט זיך אין אַ קליינער צאָל אַנשטאַלטן, פאַרוואַנדלען זיך די בענק פון באַשיידענע פאַרמיטלער אין מעכטיקע מאָנאָפּאָליסטן, וועלכע שאַפן קימאַט

איבערן גאַנצן געלטקאַפּיטאַל פון אַלע קאַפּיטאַליסטן און קליינע באַלעבאַטים, ווי אויך איבערן גרעסטן טייל פּראָדוקצירמיטלען און קוואַלן פון רוי־שטאָף אין דעם געגעבענעם לאַנד און אין אַ גאַנצער רייע אַנדערע לענדער. אָט די פאַרוואַנדלונג פון דער גרויסער צאָל באַשיידענע פאַרמיטלער אין אַ הייפל מאָנאָפּאָליסטן — דאָס איז איינער פון די גרונטפּראָצעסן פון דער פאַרוואַנדלונג פונם קאַפּיטאַליזם אין אַ קאַפּיטאַליסטישן אימפּעריאַליזם, און דעריבער דאַרפן מיר אין דער ערשטער רייע אָפּשטעלן זיך אָף דער קאָנצענטרירונג פונם באַנק־געשעפט.

אין די יאָרן 1907—08 האָבן די דעפּאָזיטן פון אַלע אַקציאָנערע בענק אין דייטשלאַנד, וועלכע האָבן געהאַט אַ קאַפּיטאַל פון העכער אַ מיליאָן מאַרק, באַטראָפן 7 מיליאַרד מאַרק, אין די יאָרן 1912—13 — שוין 9,8 מיליאַרד, פאַר 5 יאָר אַ פאַרגרעסערונג אָף 40%, דערביי איז פון דידאָזיקע צוגעקומענע 2,8 מיליאַרד קומט אויס 2,75 מיליאַרד אָף 57 בענק, וועלכע האָבן געהאַט אַ קאַפּיטאַל פון העכער 10 מיליאָן מאַרק. די פאַרטיילונג פון די דעפּאָזיטן צווישן די גרויסע און קליינע בענק איז געווען אַזעלכע [22]:

## דער פּראָצענט פון אַלע דעפּאָזיטן:

| | באַ די 9 גרעסטע בערלינער בענק. | באַ די איבעריקע 48 בענק מיט א קאפיטאל פון העכער 10. מיליאָן מאַרק. | באַ 115 בענק מיט א קאַפּיטאַל פון 1-10 מיליאָן מאַרק. | באַ די קליינע בענק (ווייניקער פון 1 מיליאָן). |
|---|---|---|---|---|
| 1907/8 | 47% | 32,5% | 16,5% | 4% |
| 1912/13 | 49% | 36% | 12% | 3% |

די קליינע בענק ווערן אָפּגעשטויסן דורך די גרויסע בענק, וואָס סאַכאַקל 9 פון זיי קאָנצענטרירן קימאַט אַ העלפט פון אַלע דעפּאָזיטן, נאָר דאָ האָבן מיר נאָך זייער פיל זאַכן ניט גענומען אין באַטראַכט, לעמאָשל, די פאַרוואַנדלונג פון אַ גאַנצער רייע קליינע בענק אין פאַקטישע אָפּטיילונגען פון די גרויסע א. א. וו., וואָס וועגן דעם וועלן מיר ריידן שפּעטער.

צום סאָף פון 1913-טן יאָר האָט שולצע־העווערניץ אויסגערעכנט, אַז די דעפּאָזיטן פון די 9 בערלינער גרויסע בענק באַטרעפן 5,1 מיליאַרד מאַרק פון דער אַלגעמיינער סומע, וואָס באַטרעפט בעערך 10 מיליאַרד. נעמענדיק אין באַטראַכט ניט בלויז די דעפּאָזיטן, נאָר דעם גאַנצן באַנק־קאַפּיטאַל, האָט דערזעלביקער אַווטאָר געשריבן: „צום סאָף פון 1909-טן יאָר האָבן 9 גרויסע בערלינער בענק, צוזאַמען מיט די בענק, וואָס שליסן זיך אָן אין זיי, אָפּערירט מיט 11,3 מיליאַרד מאַרק, דאָס הייסט אַן ערך מיט 83% פונם גאַנצן דייטשישן באַנק־קאַפּיטאַל. דער „דייטשישער באַנק" (Deutsche Bank), וועלכער אָפּערירט צוזאַמען מיט די בענק, וואָס שליסן זיך אָן אין אים מיט אַ סומע פון אַן ערך 3 מיליאַרד מאַרק, איז, צוזאַמען מיט

דער פרייסישער פאַרוואַלטונג פון די מלוכישע אייזנבאַנען, די גרעסטע און דער־
ביי די העכסט־דעצענטראַליזירטע קאַפיטאַל־אַנזאַמלונג אין דער אַלטער
וועלט״ [23].

מיר האָבן אונטערגעשטריכט די אָנווייזונג אַף די בענק, וואָס „שליסן
זיך אָן״, ווייל דאָס איז איינע פון די וויכטיקסטע אונטערשייד־באַזונדערקייטן
פון דער נייסטער קאַפיטאַליסטישער קאָנצענטראַציע. די גרויסע אונטערנע־
מונגען, באַזונדערס די בענק, איז ניט נאָר זיי שלינגען איין די קליינע, נאָר
זיי „שליסן זיי אָן״ אָן זיך, וואַרפן זיי אונטער אונטער זיך, שליסן זיי איין
אין „זייער״ גרופּע, אין זייער „קאָנצערן״ — אַזוי הייסט דער טעכנישער טער־
מין — דורכן „אנטיילנעמען״ אין זייער קאַפּיטאַל, דורכן אויפקויפן אָדער אויס־
בייטן זייערע אַקציעס, דורך דער סיסטעם פון כויוועס־פאַרהעלטענישן און אַזוי
ווייטער. דער פּראָפעסאָר ליפמאַן האָט געווידמעט אַ גאַנץ גרויסע „אַרבעט״ פון
500 זייטן דער באַשרייבונג וועגן די מאָדערנע „אנטייל־און פינאַנצירונג־גע־
זעלשאַפטן״. צום באַדויערן, האָט ער צום רויען מאַטעריאַל צוגעגעבן „טעאָרע־
טישע״ בקירעס פון זייער אַ נידעריקן סאָרט. צו וואָס פאַר אַ סאַכאַקל אין זי־
נען פון קאָנצענטראַציע עס פירט דידאָזיקע סיסטעם פון „אַנטיילנעמען״, איז
בעסער פאַר אַלץ אויפגעוויזן אינם ווערק פון דעם באַנק־„טוער״ ריסער וועגן
די גרויסע דייטשישע בענק, נאָר איידער מיר וועלן איבערגיין צו זיינע מאַ־
טעריאַלן, וועלן מיר ברענגען איין קאָנקרעטן ביישפּיל פון דער סיסטעם פון
„אַנטיילנעמען״.

די גרופּע פון „דייטשישן באַנק״ איז איינע פון די גרעסטע, אויב ניט
די סאַמע גרעסטע, פון אַלע גרופּעס גרויסע בענק. קעדיי צו דיסקאָנטירן די
הויפּט־פעדים, וואָס בינדן צונויף אינייגעם אַלע בענק פון דערדאָזיקער גרופּע,
מוז מען אונטערשיידן צווישן „אַנטיילנעמען״ פון ערשטן, צווייטן און דריטן
גראַד, אָדער, וואָס עס איז אַלציינס, צווישן אָפּהענגיקייט (אין וועלכער עס
געפינען זיך די קלענערע בענק בענויגייע צום „דייטשישן־באַנק״) פון דער ער־
שטער, צווייטער און דריטער מאַדרייגע. עס באַקומט זיך אַזאַ בילד [24]:

| | אָפּהענגיקייט פון דער ערשטער מאַדרייגע. | אָפּהענגיקייט פון דער צווייטער מאַדרייגע. | אָפּהענגיקייט פון דער דריטער מאַדרייגע. |
|---|---|---|---|
| דער דייטשישער באַנק בעמט אנטייל | שטענדיק אין 17 בענק | פון זיי 9 אין 34 | פון זיי 4 אין 7 |
| | אף אן אומבאַ־וואוסטער צייט אין — „ — 5 „ | „ „ — „ — | „ „ — „ — |
| | פון צייט צו צייט אין — „ — 8 „ | „ „ 5 „ 14 | „ „ 2 „ 2 |
| סאַכאַקל . . . | אין 30 בענק, | פון זיי 14 אין 48, | פון זיי 6 אין 9. |

אין דער צאָל פון די 8 בענק מיט אן „אָפּהענגיקייט פון דער ערשטער
מאַדרייגע״ גייען אַריין 3 אויסלענדישע בענק: איין עסטרייכישער (דער ווי־

נער „באַנק-פֿאַריין" (Bank Verein), און צווײ רוסישע (דער סיבירער האַנדלס-באַנק און דער רוסישער באַנק פֿאַר אויסערלעכן האַנדל). סאַכאַקל גייען אַריין אין דער גרופּע פֿונם „דייטשישן באַנק", דירעקט און אומדירעקט, אײנגאַנצן און טיילווייז, 87 בענק, און דער אַלגעמיינער סכום קאַפּיטאַל, אייגענער און פֿרעמדער, איבער וועלכן ס'האָט צו שאַפֿן די גרופּע, באַטרעפֿט 2—3 מיליאַרד מאַרק.

ס'איז קלאָר, אַז דער באַנק, וועלכער שטייט בעראָש פֿון אַזאַ גרופּע און וועלכער טרעט אַריין אין אַן אָפּמאַך מיט אַ האַלבן טוץ אַנדערע, עט-וואָס קלענערע בענק, וועגן באַזונדערס גרויסע און רעוועכדיקע פֿינאַנץ-אָפּעראַציעס, ווי, אַשטייגער, מלוכה-האַלוואָעס, אַז אַזאַ באַנק איז שוין איבער-געוואַקסן די ראָלע פֿון „אַ פֿאַרמיטלער" און האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ פֿאַרבאַנד פֿון אַ הייפֿל מאָנאָפּאָליסטן.

מיט וואָס פֿאַר אַ גיכקייט ס'איז גראָד אין 19-טן און אין אָנהויב 20-טן יאָרהונדערט געגאַנגען אין דייטשלאַנד די קאָנצענטראַציע פֿון דעם באַנק-געשעפֿט, איז קענטיק פֿון די פֿאָלגנדיקע ריסערס מאַטעריאַלן, וואָס מיר ברענגען זיי דאָ פֿאַרקירצט.

6 בערלינער גרויסע בענק האָבן געהאַט:

| יאָרן | אָפּטיילונגען אין דייטשלאַנד | דעפּאָזיט - קאַסעס און בייט-קאַנ-טאָרן | באַשטענדיקע אנטיילנע-מונגען אין דייטשישע אַקציאָנערע בענק | סאַכאַקל אַנ-שטאַלטן |
|---|---|---|---|---|
| 1895 | 16 | 14 | 1 | 42 |
| 1900 | 21 | 40 | 8 | 80 |
| 1911 | 104 | 276 | 63 | 450 |

מיר זעען, ווי גיך עס וואַקסט אויס אַ געדיכטע נעץ פֿון קאַנאַלן, וואָס נעמען אַרום דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס צענטראַליזירן אַלע קאַפּיטאַלן און געלט-האַכנאָסעס, וואָס פֿאַרוואַנדלען טויזנטער צעבראָקלטע ווירטשאַפֿטן אין אַן איינהייטלעכער אַלגעמיין-נאַציאָנאַלער קאַפּיטאַליסטישער און דערנאָך אין אַן אַלוועלטלעך-קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפֿט. יענע „דעצענטראַליזאַציע", וואָס וועגן איר האָט גערעדט אין דער אויבנגעבראַכטער ציטאַטע שולצע-העווערניץ אין נאָמען פֿון דער בורזשואַזער פּאָליטישער עקאָנאָמיע פֿון אונזער צייט, באַשטייט בעעמעס אין דעם, וואָס אַלץ אַ גרעסערע און אַ גרעסערע צאָל ווירטשאַפֿטלעכע איינהייטן, וועלכע זיינען פֿריער געווען לעפּיערעך „זעלב-שטענדיקע", אָדער, ריכטיקער, לאָקאַל (אָרטיק) אייגעשלאָסן, ווערן אונטער-געוואָרפֿן אונטער איין איינהייטלעכן צענטער. אין דערעמעסן איז דאָס, הייסט עס, צענטראַליזאַציע, פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער ראָלע, פֿון דעם באַדייט, פֿון דער מעכטיקייט פֿון די מאָנאָפּאָליסטישע גיגאַנטן.

אין די עלטערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז דידאָזיקע „באַנק-נעץ" נאָך געדיכטער. אין ענגלאַנד אינאיינעם מיט אירלאַנד האָט זיך אין 1910-טן יאָר די צאָל אָפּטיילונגען פֿון אַלע בענק גערעכנט — 7151. פֿיר גרויסע בענק

האָבן געהאַט איטלעכער מער פון 400 אָפּטיילונגען (פון 447 ביז 639), ווייטער נאָך 4 — מער ווי 200 און 11 — מער ווי 100.

אין פראנקרייך האָבן די דריי גרעסטע בענק ,,Crédit Lyonnais'', ,,Comptoir National d'Escompte'' און ,,Société Générale'' אנטוויקלט זייערע אָפּעראַציעס און די נעץ פון זייערע אָפּזיילונגען אף פאָלגנדיקן אופן [25]:

| | די צאָל אָפּטיילונגען און קאַסעס | | | די גרויס פון די קאַפּיטאַלן | |
|---|---|---|---|---|---|
| | אין דער פּראָווינץ | אין פּאַריז | סאַכאַקל | פונם אייגענעם (מיליאָנען פראַנק) | פון פרעמדן |
| 1870 | 47 | 17 | 64 | 200 | 427 |
| 1890 | 192 | 66 | 258 | 265 | 1245 |
| 1909 | 1033 | 196 | 1229 | 887 | 4 363 |

קעדיי צו כאַראַקטעריזירן די „פּאַרבינדונגען” פון א מאָדערנעם גרויסן באַנק, ברענגט ריסער יעדיעס וועגן דער צאָל בריוו, וואָס עס שיקט אוועק און באַקומט די „דיסקאָנט-געזעלשאַפט” (,,Disconto Gesellschaft''), איינער פון די גרעסטע בענק אין דייטשלאַנד און אין דער גאנצער וועלט (זיין קאַפּיטאַל האָט אין 1914-טן יאָר דערגרייכט ביז 300 מיליאָן מאַרק).

| | די צאָל אריינגייענדיקע בריוו | די צאָל אַרויסגייענדיקע בריוו |
|---|---|---|
| 1852 | 6.135 | 6.292 |
| 1870 | 85.800 | 87.513 |
| 1900 | 533.102 | 626.043 |

אינם גרויסן פּאַריזער באנק „ליאָנער קרעדיט” האָט די צאָל רעכענונגען געשטייגט פון 28535 אין 1875-טן יאָר ביז 633539 אין 1912-טן יאָר [26].

דידאָזיקע פּאָשעטע ציפערן באַווייזן באשיינפּערלעכער, איידער לאנגע בקירעס, ווי מיט דער קאָנצענטראַציע פונם קאַפּיטאל און מיט דעם וואוקס פון די אומזאַצן פון די בענק ענדערט זיך ראדיקאַל זייער באַדייט. פון איזאָלירטע קאַפּיטאליסטן בילדעט זיך אויס איין קאָלעקטיווער קאַפּיטאליסט. פירנדיק די קוראַנט-רעכענונג (לויפנדיקער כעשבן) פון עטלעכע קאַפּיטאליסטן, פירט דער באַנק קלוימערשט אויס א ריין טעכנישע, אויסשליסלעך א הילפס-אָפּעראַציע. נאָר ווען דידאָזיקע אָפּעראַציע וואַקסט אויס ביז צו א קאָלאָסאלן מאַסשטאַב, דאַן ווייזט זיך אַרויס, אז א הייפעלע מאָנאָפּאָליסטן וואַרפט אונטער אונטער זיך די האנדלס-אינדוסטריעלע אָפּעראַציעס פון דער גאנצער קאַפּיטאליסטישער געזעלשאַפט און באַקומט א מעגלעכקייט — דורך די באַנק-פּאַרבינדונגען, דורך די קוראַנט-רעכענונגען און דורך אנדערע פינאַנציעלע אָפּעראַציעס — טכילעס גענוי זיך צו דערוויסן וועגן דעם צושטאנד פון די געשעפטן בא איינצלנע קאַפּיטאליסטן, דערנאָך צו קאָנטראָלירן זיי,

צו ווירקן אויף זיי דורך פאַרברייטערן אָדער פאַרשמעלערן דורך פאַרגרינגערן אָדער שווערער מאַכן דעם קרעדיט, און לעסאָף — אײַנגאַנצן באַשטימען זייער גורל, באַשטימען זייערע האַכנאָסעס, אָפּנעמען בא זיי דעם קאַפּיטאַל אָדער געבן זיי א מעגלעכקייט גיך און געוואַלטיק צו פאַרגרעסערן זייער קאַ-פּיטאַל און אז. וו.

מיר האָבן נאָר וואָס דערמאָנט וועגן א קאַפּיטאַל פון 300 מיליאָן מארק בא דער „דיסקאָנט-געזעלשאַפט" אין בערלין. דידאָזיקע פאַרגרעסערונג פונם קאַפּיטאַל אין דער „דיסקאָנט-געזעלשאַפט" איז געווען איינער פון די עפּיזאָדן אינם קאַמף פאַר העגעמאָניע צווישן צוויי פון די גרעסטע בערלינער בענק: צווישן דעם „דייטשישן באַנק" און דער „דיסקאָנט-געזעלשאַפט".

אין 1870-טן יאָר איז דער ערשטער נאָך געווען אַן אָנפאַנגער און האָט געהאַט א קאַפּיטאַל סאַכאַקל פון 15 מיליאָן, דער צווייטער — פון 30 מיליאָן. אין 1908-טן יאָר האָט דער ערשטער געהאַט א קאַפּיטאַל פון 200 מיליאָן, דער צווייטער — פון 170 מיליאָן. אין 1914-טן יאָר האָט דער ערשטער גע-הויבן זיין קאַפּיטאַל ביז 250 מיליאָן, דער צווייטער האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט אַן אנדער ערשטקלאַסיק-גרויסן באַנק, מיט דעם „שאַפהויזענער פאַרייניקטן באַנק" און האָט געהויבן זיין קאַפּיטאַל ביז 300 מיליאָן, און, ס'פאַרשטייט זיך, אז דערדאָזיקער קאַמף פאַר העגעמאָניע גייט האַנט בא האַנט מיט אַלץ אָפ-טער פאַרקומענדיקע און אַלץ פעסטער ווערנדיקע „אָפּמאַכן" צווישןביידע בענק. אָט וואָס פאַר אויספירן דערדאָזיקער אַנטוויקלונגס-גאַנג צווינגט צו מאַכן די ספּעציאַליסטן פון באַנק-פאַך, וועלכע באַטראַכטן די עקאָנאָמישע פראַגן פון א שטאַנדפונקט, וואָס גייט אויף קיין פאַל ניט ווייטער פון מעסיקן און פינקטלעכסטן בורזשואַזן רעפאָרמיזם:

„די אַנדערע בענק וועלן אויך גיין מיט דעמזעלביקן וועג, — האָט גע-שריבן דער דייטשישער זשורנאַל „באַנק" מיקויעך דעם, וואָס די „דיסקאָנט-גע-זעלשאַפט" האָט געהויבן איר קאַפּיטאַל ביז 300 מיליאָן, — און פון די 300 מאַן, וועלכע רעגירן איצט עקאָנאָמיש איבער דייטשלאַנד, וועט מיט דער צייט פאַרבלייבן 25,50 אָדער נאָך ווייניקער. ס'איז ניטאָ וואָס צו האָפן, אַז די נייסטע קאָנצענטרירונגס-באַוועגונג זאָל זיך באַגרעניצן בלויז מיטן באַנקפאַך. די ענגע פאַרבינדונגען צווישן איינצלנע בענק פירן נאַטירלעך אויך צו דער דערנעענטערונג צווישן די סינדיקאַטן פון די אינדוסטריעלער, וועלכע ווערן פּראַטעזשירט דורך דידאָזיקע בענק... מיר וועלן זיך אויפכאַפן אין איין שיי-נעם פרימאָרגן, און פאַר אונזערע פאַרוואונדערטע אויגן וועלן זיך געפינען לויטער טרעסטן. מיר וועלן זיין געצוואונגען צו פאַרבייטן די פּריוואַטע מאָנאָ-פּאָליעס מיט מלוכע-מאָנאָפּאָליעס. און פונדעסטוועגן קאָנען מיר, בעעצעם, זיך ניט באַשולדיקן אין קיין זאַך, אויב ניט רעכענען דאָס, וואָס מיר האָבן ניט געשטעלט קיין שום צאַמען פאַרן אַנטוויקלונגס-גאַנג, וועלכער איז עטוואָס פאַרגיכערט געוואָרן דורך דער אַקציע" [27].

דאָס איז א מוסטער פון דער אומבאַהאָלפנקייט פון דער בורזשואַזער פובליציסטיק, פון וועלכער די בורזשואַזע וויסנשאַפט אונטערשיידט זיך נאָר

מיט א קלענערער אויפריכטיקייט און מיט דער שטרעבונג צו פארשמירן דעם מעהוס פון דעם איניען, צו פארשטעלן מיט די בוימער דעם וואלד. „נישטוימעם ווערן פון די רעזולטאטן פון דער קאָנצענטרירונג", „אויפוואַרפן" דער רעגי-רונג פון קאפיטאליסטישן דייטשלאנד אָדער דער קאפיטאליסטישער „געזעל-שאַפט" („מיר"), מוירע האָבן, אַז די איינפירונג פון אקציעס וועט „פארגיכערן" די קאָנצענטראַציע, — ווי איין דייטשישער „קארטעלן"-ספעציאליסט טשירשקי האָט מוירע פאר די אמעריקאנער טרעסטן און „האלט מער" פון די דייטשישע קארטעלן, ווייל זיי זיינען קלוימערשט מעסוגל „ניט אזוי איבערמעסיק צו פארגיכערן דעם טעכנישן פראָגרעס, ווי די טרעסטן" [28] — צי דען איז עס ניט קיין אומבאהאָלפנקייט ?

נאָר פאקטן בלייבן פאקטן. אין דייטשלאנד איז ניטאָ קיין טרעסטן, ס'זיינען פאראן בלויז קאַרטעלן, נאָר מיט דייטשלאנד פ א ר וו א ל ט ן ניט מער פון 300 מאגנאטן, און זייער צאָל ווערט אלץ קלענער. יעדנפאלס, די בענק אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער, בא אלע מינים פון באנק-געזעצגעבעריי, פארשטארקן און פארגיכערן דעם פראָצעס פון דער קאפיטאל-קאָנצענטראציע און פון דער אויסבילדונג פון מאָנאָפּאָליעס.

„די בענק שאפן אין א געזעלשאפטלעכן מאסשטאב אַ פאָרם, נאָר טאַקע בלויז אַ פאָרם, פון אן אַלגעמיינער רעכענונג-פירעריי און פון אן אלגעמיינער פארטיילונג פון די פראָדוציר-מיטלען",—האָט מארקס געשריבן 50 יאָר צוריק אין „קאפיטאל" (רוסישע איבערזעצונג ב. III ט. II ז. 144). די אויבנגעבראכטע פאקטן וועגן וואוקס פונם באנק-קאַפיטאל, וועגן דער פארגרעסערונג פון דער צאל קאנטארן און אָפּטיילונגען בא די גרעסטע בענק, אז ס'האָט זיך פאַר-גרעסערט די צאָל פון זייערע רעכענונגען א. אז. וו. באווייזן אונז קאָנקרעט אָט די „אלגעמיינע רעכענונג-פירעריי" פון דעם ג א נ צ ן קאַפיטאַליסטן-קלאַס, און אפילע ניט נאָר פון קאַפיטאליסטן, ווייל די בענק קלייבן אויף, זאָל זיין אפילע אַף אַ צייט, קאָלערליי געלט-האכנאָסעס הען פון קליינע באלעבאטימלעך, הען פון אָנגעשטעלטע, הען פונם נישטיקן אויבערשטן שיכט ארבעטער. „די אלגעמיינע פארטיילונג פון די פראָדוציר-מיטלען" — אָט וואָס עס וו א ק ס ט ארויס, פון דער פאָרמעלער זייט גענומען, פון די איצטיקע בענק, וועלכע האָבן אין א צאָל פון א וועלכע דריי-זעקס גרעסטע בענק אין פראנקרייך, פון א 6-8 אין דייטשלאנר צו שאפן איבער מיליארדן און מיליארדן. נאָר לויט דעם א י נ ה א ל ט אירן איז דידאָזיקע פארטיילונג פון די פראָדוציר-מיטלען קלאל ניט קיין „אַלגעמיינע", נאָר א פריוואטע, דאָס הייסט אזא, וואָס איז צו-געפאסט צו די אינטערעסן פון דעם גרויסן און, ריישיסקאָל, פון דעם גרעסטן נאָפּאָ[?]יסטישן קאפיטאל, וועלכער ארבעט אין אזעלכע באדינגונגען, ווען דאָס ראָוו באפעלקערונג לעבט אין דאכקעס, ווען די גאנצע אנטוויקלונג פון דער ערד-ארבעט שטייט האָפּענונגסלאָזיק אָפּ פון דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, און ווען „די שווערע אינדוסטריע" נעמט צינזן פון אלע איבעריקע אינדוסטריע-צווייגן.

אינם פראט פון פארגעזעלשאפטלעכן די קאפיטאליסטישע ווירטשאפט

הויבן אָן צו קאָנקורירן מיט די בענק די שפּאָרקאַסעס און די פּאָסט-אַנשטאלטן, וואס זיינען מער „דעצענטראליזירט“, דאָס הייסט זיי נעמען אריין אין זייער ווירקונג-ספערע אַ גרעסערע צאָל געגנטן, אָ גרעסערע צאָל פּארוואָרפענע ווינקלעך, ברייטערע קרייזן פון דער באפעלקערונג. אָט זיינען די מאטעריאלן, וואָס האָט געזאַמלט די אמעריקאנער קאָמיסיע בענויגייע דער פראגע וועגן דער לעפּיערעכדיקער אנטוויקלונג פון די דעפּאזיטן אין די בענק און אין די שפּאָרקאַסעס [29]:

### דעפּאָזיטן (אין מיליארדן מארק):

| | ענגלאנד | | פראנקרייך | | דייטשלאַנד | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אין בענק | אין שפּאָר-קאַסעס | אין בענק | אין שפּאָר-קאַסעס | אין בענק | אין קרעדיט-געזעלשאפטן | אין שפּאָר-קאַסעס |
| 1880 | 8,4 | 1,6 | ? | 0,9 | 0,5 | 0,4 | 2,6 |
| 1888 | 12,4 | 2,0 | 1,5 | 2,1 | 1,1 | 0,4 | 4,5 |
| 1908 | 23,2 | 4,2 | 3,7 | 4,2 | 7,1 | 2,2 | 13,9 |

צאָלנדיק פאַר דעפּאָזיטן 4 און $4\,1/2\,\%$, זיינען די שפּאָרקאַסעס גע-צוואונגען צו זוכן א „האכנאָסעדיקן“ פּלאַץ פאַר זייערע קאַפּיטאַלן, אריינצו-לאָזן זיך אין וועקסלדיקע, היפּאטעקישע און אנדערע אפּעראציעס. ס'ווערן אלץ מער אָפּגעריבן די גרעניצן צווישן די בענק און די שפּאָרקאַסעס. די האַנדלס-קאַמערן אין באָכום און אין ערפורט, לעמאָשל, פאָדערן, מע זאָל „פּארווערן“ די שפּאָרקאסעס צו פאַרנעמען זיך מיט „ריין“-באנקישע אָפּעראציעס, ווי דיס-קאנטירן וועקסלען, זיי פאָדערן, אז מען זאָל באגרעניצן די „באַנק“-טעטיקייט פון די פּאָסט-אנשטאלטן [30]. די באנק-גדולים האָבן ווי מוירע, צי די מאָנאָ-פּאָליע גאַנוועט זיך ניט אונטער צו זיי פון אָן אומדערוואַרטעטער זייט. ס'פאַר-שטייט זיך אָבער, אז דידאָזיקע מוירע גייט ניט ווייטער פון א קאָנקורענץ צווישן, אזוי צו זאָגן, צוויי טישפּארוואלטער אין איין קאנצעלאריע. איבער די מיליארד-קאפּיטאַלן פון די שפּאָרקאַסעס האָבן דאָך, פון איין זייט, סאָפּקאָלסאָף צו שאַפן אין דער ווירקלעכקייט דיזעלביקע מאגנאטן פון באַנק-קאַפּיטאַל, און די מלוכע-מאָנאָפּאָל אין א קאַפּיטאליסטישער געזעלשאַפט איז, פון דער אנדער זייט, מער ניט ווי א מיטל צו הויבן און צו פארפעסטיקן די האַכנאָסעס פאַר די מיליאָנערן פון דעם אָדער יענעם אינדוסטריע-צווייג, וואָס זיינען נאָענט צו באנקראָט.

די פאַרבייטונג פונם אלטן קאַפּיטאַליזם מיט דער הערשאַפט פון פרייער קאָנקורענץ אף א נייעם קאַפּיטאַליזם מיט דער הערשאַפט פון מאָנאָפּאָליע דריקט זיך אויס, אגעוו, אין דעם, וואָס עס פאַלט דער באַדייט פון דער בירזשע. „די בירזשע, — שרייבט דער זשורנאַל „באנק“, — האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין דער נויטיקער פאַרמיטלער פון צירקולאציע, ווי זי איז געווען פריער, ווען די בענק האָבן נאָך ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פאַרטיילן צווישן זייערע קליענטן דעם גרעסטן טייל פון די פאָנד-ווערטן, וואָס זיי לאָזן ארויס [31].

„איטלעכער באנק איז א בירזשע" — אט דאָס מאָדערנע שפּריכוואָרט איז אלץ מער נאָענט צום עמעס, וואָס גרעסער עס איז דער באַנק, וואָס מער דערפאָלגן עס מאַכט די קאָנצענטראַציע אינם באַנק-געשעפט"[32]. „אויב פריער, אין די זיבעציקער יאָרן, האָט די בירזשע מיט אירע יוגנטלעכע עקסצעסן (א „דעליקאטע" אָנצוהערעניש וועגן בירזשע-קראַך פון 1873-טן יאָר, וועגן די גרינדערישע סקאַנדאַלן און אַז. וו.) אָנגעהויבן די אינדוסטריאליזירונג-טקופע אין דייטשלאנד, איז בא היינטיקער צייט קענען די בענק און די אינדוסטריע זיך באגיין מיט די אייגענע קויכעס". די הערשאַפט פון אונזערע גרויסע בענק איבער דער בירזשע איז ניט מער ווי אַן אויסדרוק פון דער פולשטענדיק אָ ר ג אַ נ י ז י ר ט ע ר דייטשישער אינדוסטריעלער מלוכע. אויב אַף אזא אויפן ווערט פאַרשמעלערט דער ווירקונגס-געביט פון די אווטאמאטיש פונקציאנירנדיקע עקאָנאָמישע געזעצן און ס'ווערט אומגעהויער פאַרברייטערט דער געביט פון באַוואוסטזיניקער רעגולירונג דורך די בענק, איז אין צוזאַמענהאנג מיט דעם וואַקסט גיגאנטיש אויך די פאָלקס-ווירטשאַפטלעכע פאראנטווארטלעכקייט פון דער קליינער צאָל אָנפירנדיקע פערזאָנען", — אַזוי שרייבט דער דייטשישער פּראָפעסאָר שולצע-העווערניץ, א פאַרטיידיקער פונם דייטשישן אימפּעריאַליזם, אַן אווטאָריטעט פאַר די אימפּעריאליסטן פון אלע לענדער, וועלכער שטרעבט צו פאַרשמירן „א קלייניקייט", דעהאיינע, אז אט די „באַוואוסטזיניקע רעגולירונג" דורך די בענק באשטייט אין דעם, וואָס א הייפעלע „פולשטענדיק אָרגאַניזירטע" מאָנאָפּאָליסטן נעמט ארום דעם אוילעם. די אויפגאַבע פון דעם בורזשואַזן פּראָפעסאָר באַשטייט ניט אין אנטפּלעקן די גאַנצע מעכאַניק, ניט אין אויפדעקן אלע דריידלעך פון די באַנק-מאָנאָפּאָליסטן, נאָר אין פאַרדעקן זיי.

אזוי טוט אויך ריסער, א נאָך מער אווטאָריטעטער עקאָנאָמיסט און א באנק-„טוער". ער דרייט זיך אויך ארויס מיט פוסטע פראַזן פון אזעלכע פאַקטן, וואָס עס איז אומעגלעך אָפּצולייקענען זיי: „די בירזשע פארלירט אלץ מער די אומבאדינגט נויטיקע אייגנשאַפט פאר דער גאנצער ווירטשאַפט און פאַר דער צירקולאציע פון ווערטפּאפּירן, צו זיין ניט נאָר דער פּינקטלעכסטער אויסמעסט-אינסטרומענט, נאָר אויך קימאַט אַן אווטאָמאַטיש-ווירקנדיקער רעגוליאטאָר פון די עקאָנאָמישע באוועגונגען, וועלכע קומען זיך צו איר צונויף"[33].

מיט אנדערע ווערטער: דער אלטער קאַפּיטאַליזם פון פרייער קאָנקורענץ, מיט דער בירזשע, ווי מיט אַן אומבאַדינגט נויטיקן פאַר אים רעגוליאטאָר, לעבט אָפּ. אַף זיין אָרט איז געקומען דער נייער קאַפּיטאַליזם, וועלכער פאַרמאָגט אין זיך שטריכן פון עפּעס איבערגייענדיקס, פון עפּעס א צונויפמישונג פון פרייער קאָנקורענץ מיט מאָנאָפּאָליע. ס'שווימט נאַטירלעך ארויס די פראַגע, אין וואָס „גייט איבער" דערדאָזיקער נייסטער קאַפּיטאַליזם, די בורזשואַזע געלערנטע האָבן אָבער מוירע צו שטעלן דידאָזיקע פראַגע.

„דרייסיק יאָר צוריק האָבן די פריי קאָנקורירנדיקע אונטערנעמער אויסגעפילט $^9/_{10}$ פון יענער עקאָנאָמישער אַרבעט, וועלכע געהערט ניט צום געביט פון פיזישער אַרבעט „פון די אַרבעטער". בא היינטיקער צייט פירן אויס די ב א א מ ט ע $^9|_{10}$ פון דערדאָזיקער עקאָנאָמישער גייסטיקער אַרבעט. דער באַנק-

פאַך שטייט בעראַש פון דערדאָזיקער אַנטוויקלונג״ [34]. אַט די אַנערקענונג מי־צאַד שולצע־העווערניצן שטויסט זיך אָן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אין דער פראַ־גע, אין וואָס גייט איבער דער נייסטער קאַפּיטאַליזם — דער קאַפּיטאַליזם אין זיין אימפּעריאַליסטישער סטאַדיע.

נאַטירלעך, צווישן דער קליינער צאָל בענק, וועלכע פאַרבלייבן מאַכמעס דעם קאָנצענטראַציע־פּראָצעס בעראַש פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער ווירט־שאַפט, מערקט זיך אָן אַלץ מער און ווערט אַלץ שטאַרקער די שטרעבונג צו אַ מאָנאָפּאָליסטישן אויסגלייך, צו אַ טרעסט פון די בענק. אין אַמעריקע הערשן איבער אַ קאַפּיטאַל פון 11 מיליאַרד מאַרק ניט ניין, נאָר צוויי זייער גרויסע בענק פון די מיליאַרדערן ראָקפעלער און מאָרגאַן. דאָס, וואָס די „דיס־קאָנטאָ־געזעלשאַפט״, ווי מיר האָבן אויבן אָנגעמערקט, האָט איינגעשלונגען דעם „שאַפהויזענער פאַריייניקטן באַנק״, האָט אַרויסגערופן מיצאַד דער „פראַנקפור־טער צייטונג״, דער צייטונג פון די בירזשע־אינטערעסן, פאָלגנדיקע אָפּשאַצונג:

„צוגלייך מיט דעם, וואָס עס וואַקסט די קאָנצענטרירונג פון די בענק, ווערט שמאָלער דער קרייז אַנשטאַלטן, צו וועלכע מע קאָן זיך ביכלאַל ווענדן נאָך קרעדיט, און מאַכמעס דעם ווערט גרעסער די אָפּהענגיקייט פון דער גרויס־אינדוסטריע פון אַ קליינער צאָל באַנק־גרופּעס. בא דער ענגער פאַרבינדונג צווישן דער אינדוסטריע און דער פינאַנציסטן־וועלט, ווערט געענגט די פריי־הייט פון באַוועגונג פאַר די אינדוסטריע־געזעלשאַפטן, וועלכע נויטיקן זיך אינם קאַפּיטאַל פון די בענק. דעריבער קוקט די גרויס־אינדוסטריע מיט געמישטע געפילן אויף דער אַלץ שטאַרקער ווערנדיקער טרעסטירונג (פאַריייניקונג אָדער פאַרוואַנדלונג אין טרעסטן) פון די בענק; און ס׳איז שוין טאַקע ניט איינמאָל אויסגעקומען צו באַמערקן אָנהויבן פון געוויסע אָפּמאַכן צווישן איינצלנע קאָנ־צערנעס פון גרויסע בענק, אָפּמאַכן, וועלכע באַשטייען אין דער באַגרעניצונג פון קאָנקורענץ״ [35].

דאָס לעצטע וואָרט אין דער אַנטוויקלונג פון דעם באַנק־געשעפט איז ווי־טער און ווידער אַמאָל די מאָנאָפּאָליע.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם ענגן צוזאַמענבונד צווישן די בענק מיט דער אינ־דוסטריע, איז גראָד אין אָט דעם געביט טרעט אַרויס באַשיינפּערלעכער ווי אומעטום די נייע ראָלע פון די בענק. אויב דער באַנק דיסקאָנטירט די וועקס־לען פון דעם געגעבענעם אונטערנעמער, ער עפנט אים אויף אַ קוראַנט־כעשבן און אַז. וו., איז דידאָזיקע אָפּעראַציעס, באַזונדער גענומען, פאַרקלענערן אויף קיין האָר ניט די זעלבשטענדיקייט פון דעמדאָזיקן אונטערנעמער, און דער באַנק טרעט ניט אָפּ פון זיין באַשיידענער ראָלע פון אַ פאַרמיטלער. נאָר אויב דידאָזיקע אָפּעראַציעס קומען פאָר אָפט און ווערן פעסטער, אויב דער באַנק זאַמלט צונויף אין זיינע הענט אומגעהויערע גרויסע קאַפּיטאַלן, אויב די פירונג פון די קוראַנט־כעשבוינעס פון דער געגעבענער אונטערנעמונג גיט דעם באַנק די מעגלעכקייט — און אַזוי איז עס טאַקע — אַלץ דעטאַלער און פולער צו דערגיין די עקאָנאָמישע לאַגע פון זיין קליענט, איז שוין פון דעם דער פויעל־

יויצע דאָס, וואס דער אינדוסטריע-קאַפּיטאַליסט ווערט אלץ מער אָפּהענגיק פונם באַנק.

צוזאַמען מיט דעם אנטוויקלט זיך די, אזוי צו זאָגן, פּערזענלעכע אוניע צווישן די בענק מיט די גרעסטע אונטערנעמונגען פון אינדוסטריע און האנדל, די צוזאמענגיסונג פון די מיט יענע דורכן באַזיצן די אקציעס, דורך דעם, וואָס די באַנק-דירעקטאָרן טרעטן אריין ווי מיטגלידער פון די אויפזיכט-ראַטן (אָדער פון די פּארוואַלטונגען) פון די האַנדלס-אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און פּאַרקערט. דער דייטשישער עקאָנאָמיסט איידעלס האָט צונויפגעקליבן די אויספירלעכסטע מאטעריאלן וועגן אָט דעם מין קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַלן און אונטערנעמונגען. די 6 גרעסטע בערלינער בענק זיינען דורך זייערע דירעקטאָרן געווען פאָרגעשטעלט אין 344 אינדוסטריע-געזעלשאַפטן און דורך די מיטגלידער פון זייערע פּאַרוואלטונגען נאָך אין 407, סאכאַקל אין 751 געזעלשאפטן. אין 289 געזעלשאפטן האָבן זיי געהאַט אָדער צו צוויי מיטגלידער פון די אויפזיכט-ראַטן, אדער פאַרנומען די פּאָסטנס פון פּאָרזיצערס אין דידאָזיקע ראטן. צווישן דידאָזיקע האנדלס-אינדוסטריעלע געזעלשאַפטן געפינען מיר פאַרשיידנארטיקסטע אינדוסטריע-צווייגן: אי אסעקוראַנץ-געשעפט, אי קאָמוניקאַציע-וועגן, אי רעסטאָראַנען, אי טעאטערס, אי קונסט-אינדוסטריע און אַז. וו. פון דער אַנדער זייט, האָבן זיך אין די אויפזיכטראַטן פון דידאָזיקע זעקס בענק געפונען (אין 1910 יאָר) 51 גרויס-אינדוסטריעלער, בעסויכעם אויך דער דירעקטאָר פון דער פירמע קרופּ, פון דער גיגאנטישער דאמפשיף-געזעלשאפט „Hapag" (Hamburg-America) און אז. וו. איטלעכער פון די זעקס בענק האָט אין משך פון 1895-טן יאָר ביז 1910-טן יאָר זיך באַטייליקט אין אַרויסלאָזן אַקציעס און אָבליגאציעס פאַר פילע הונדערטער אינדוסטריע-געזעלשאפטן, נעמלעך פון 281 ביז 419 [36]).

די „פּערזענלעכע אוניע" צווישן די בענק מיט דער אינדוסטריע ווערט דערגאַנצט מיט דער „פּערזענלעכער אוניע" פון ביידע מינים געזעלשאפטן מיט דער רעגירונג. „די שטעלעס פון מיטגלידער אין די אויפזיכטראַטן, — שרייבט איידעלס, — ווערן פרייוויליק אָפּגעגעבן מענטשן מיט הויכע נעמען, ווי אויך געוועזענע מלוכע-באַאַמטע, וועלכע קאָנען אַסאַך פאַרגרינגערן (!!) די באַציאונגען מיט דער מאַכט"... „אין אויפזיכטראַט פון אַ גרויסן באנק געפינען מיר געוויינלעך א מיטגליד פון פּאַרלאַמענט אָדער אַ מיטגליד פון בערלינער שטאָט-דומע".

הייסט עס, אַז די אויסאַרבעטונג אָדער די פאַנאנדעראַרבעטונג פון די, אַזוי צו זאָגן, גרויסע קאפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס גייט מיטן גאנצן אימפּעט דורך אלע „נאַטירלעכע" און „איבערנאַטירלעכע" וועגן. ס'בילדעט זיך סיסטעמאַטיש אויס אַ געוויסע אַרבעט-צעטיילונג צווישן עטלעכע הונדערט פינאַנץ-קיניגן פון דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

„האַנט בײַ האַנט מיט דעם, וואָס עס ווערט פאַרברייטערט דער טעטיקייט-געביט פון איינצלנע גרויס-אינדוסטריעלער (וועלכע טרעטן אַריין אין די

פאַרוואַלטונגען פון די בענק אוכעדוימע), און מיט דעם, וואָס אין רעשוס פון די פּראָווינציעלע באַנק=דירעקטאָרן ווערט אויסשליסלעך איבערגעגעבן איין באַשטימטער אינדוסטריע=קרייז, וואַקסט אויך אין אַ געוויסער מאָס די ספּעציאַליזירונג צווישן די אָנפירער פון די גרויסע בענק. אַזאַ ספּעציאַליזירונג קאָן געמאָלט זיין נאָר באַ אַ געוואַלטיקן מאַסשטאַב פון דער גאַנצער באַנק-אונטערנעמונג ביכלאַל און פון זיינע פאַרבינדונגען מיט דער אינדוסטריע ביפראַט. די-דאָזיקע אַרבעט=צעטיילונג גייט אין צוויי ריכטונגען: פון איין זייט, ווערן די באַציאונגען מיט דער אינדוסטריע אינגאַנצן איבערגעגעבן איינעם פון די דירעקטאָרן, ווי זיינע אַ ספּעציעלע באַשעפטיקונג; פון דער אַנדער זייט, נעמט אַף זיך יעדער דירעקטאָר די אויפזיכט איבער איינצלנע אונטערנעמונגען אָדער איבער גרופּעס אונטערנעמונגען, וועלכע שטייען נאָענט איינע צו דער צווייטער לויט דער פּראָפעסיע אָדער לויט די אינטערעסן" (דער קאַפּיטאַליזם איז שוין דערוואַקסן ביז צו אַן אָרגאַניזירטער האַשגאָכע איבער איינצלנע אונטערנעמונגען)... „איינעמס ספּעציאַליטעט איז די דייטשישע אינדוסטריע, אַמאָל אַפּילע בלויז די מאירעוו=דייטשישע" (מאירעוו-דייטשלאַנד איז דער אַמערסטן אינדוסטריעלער טייל פון דייטשלאַנד), „דעם צווייטנס — די פאַרהעלטענישן צו די מלוכעס און צו דער אויסלענדישער אינדוסטריע, יעדיעס וועגן דער פּערזענלעכקייט פון די אינדוסטריעלער און דאס גל., בירזשע-געשעפטן און אַז. וו. כוץ דעם, באַקומט אָפט יעדער דירעקטאָר אין זיין רעשוס אַ באַזונדערן געגנט אָדער אַ באַזונדערן אינדוסטריע-צווייג: איינער אַרבעט דעריקער אין די אויפזיכטראַטן פון די עלעקטריע-געזעלשאַפטן, דער צווייטער — אין די כעמישע פאַבריקן, ביר-ברויערייען אָדער צוקער-פאַבריקן, דער דריטער — אין אַ קליינער צאָל איזאָלירטע אונטערנעמונגען און צוזאַמען מיט דעם אינם אויפזיכטראַט פון די אַסעקוראַנץ=געזעלשאַפטן... מיט איין וואָרט, ס'איז אָן אַ שום סאָפעק, אַז אין די גרויסע בענק בילדעט זיך אויס אַלץ אַ גרעסערע אַרבעט-צעטיילונג צווישן די אָנפירער, וואָס מער עס וואַקסט דער מאַסשטאַב און די פאַרשיידנאַרטיקייט פון זייערע אָפּעראַציעס; און דאָס ווערט געטאָן מיט דעם צוועק (און צוליב דעם רעזולטאַט), קעדיי עטוואָס אויפצוהויבן זיי, אַזוי צו זאָגן, העכער פון די באַנק=געשעפטן, צו מאַכן זיי פאַר מער פעאיק צו באַהאַנדלען, בעסער צו פאַנאַנדערקלייבן זיך אין די אַלגעמיינע פראַגן פון אינדוסטריע און אין ספּעציעלע פראַגן פון איינצלנע אינדוסטריע-צווייגן, צוגרייטן צו אַ טעטיקייט אינם געביט פון דער אינדוסטריעלער ווירקונג=ספּערע פונם באַנק. צו דער דאָזיקער סיסטעם פון די בענק ווערט נאָך צוגעגעבן די שטרעבונג אויסצוקלייבן אין די אויפזיכטראַטן מענטשן, וואָס זיינען גוט באַקאַנט מיט דער אינדוסטריע, אונטערנעמער, געוועזענע באַאַמטע, באַזונדערס אַזעלכע, וואָס האָבן געדינט אין דעם אייזנבאַן-אַמט, באַרג-אַמט" און אַז. וו. [37]).

אויך אינם פראַנצויזישן באַנק-געשעפט געפינען מיר איינריכטונגען פון דעמזעלביקן מין, נאָר עטוואָס אין אַן אַנדער פאָרם. איינער, לעמאָשל, פון די דריי גרעסטע פראַנצויזישע בענק, „דער ליאָנער קרעדיט", האָט אָרגאַניזירט באַ זיך אַ באַזונדערע „אָפּטיילונג צו זאַמלען פינאַנציעלע יעדיעס" („Service

des études financières“)‚ אין דערדאָזיקער אָפּטיילונג ארבעטן שטענדיק העכער פופציק מאן אינזשענערן, סטאַטיסטיקער, עקאָנאָמיסטן, יוריסטן און אז. וו. זי קאָסט אָפּ פון 6 ביז 7 הונדערט טויזנט פראנק א יאָר. פון איר זייט, ווערט זי ווידער איינגעטיילט אין 8 אָפּטיילן: איינער זאמלט יעדיעס ספּעציעל וועגן אינדוסטריע=אונטערנעמונגען, דער צווייטער שטודירט די אלגעמיינע סטאַ=טיסטיק, דער דריטער—די סטאַטיסטיק פון אייזנבאַנען-און דאמפשיף=געזעלשאפטן, דער פערטער—די פאָנדן, דער פינפטער—די פינאַנץ-באריכטן און אז. וו.[38].

עס באַקומט זיך, פון איין זייט, אַלץ אַ גרעסערע צונויפגיסונג אָדער, ווי ס'האָט זיך גאַנץ געלונגען אויסגעדריקט נ. א. בוכאַרין, אַ צונויפוואַקסונג פונם באַנק-קאַפּיטאַל מיט דעם אינדוסטריע=קאַפּיטאַל און, פון דער אַנדער זייט, באַמערקן מיר, אַז די בענק פאַרוואַנדלען זיך אין אַנשטאַלטן, וועלכע טראָגן בעעמעס אַן „אוניווערסאַלן כאַראַקטער“. מיר האלטן פאַר נויטיק צו ברענגען וועגן דערדאָזיקער פראַגע בוכשטעבלעך די אויסדריקן פון איידעלסן, פון אַ שרייבער, וואָס האָט בעסער פאַר אַלעמען דורכגעשטודירט דעם איניען: „ווי אַ רעזולטאַט פונם באַטראַכטן די אינדוסטריע-פאַרבינדונגען, אַלס אַ קאָמ-פּלעקס באקומען מיר דעם אוניווערסאלן כאראקטער פון די פינאַנץ-אינסטיטוטן, וועלכע ארבעטן פאר דער אינדוסטריע. לעהייפעך צו די איבערי-קע פאָרמען פון די בענק, לעהייפעך צו די פאָדערונגען, וועלכע ווערן אָפּט אַרויסגעשטעלט אין דער ליטעראַטור, אַז די בענק דאַרפן זיך ספּעציאַליזירן אין אַ באַשטימטן געשעפט-געביט אָדער אינדוסטריע-צווייגן, קעדיי ניט צו פארלירן דעם באָדן אונטער די פיס, — שטרעבן די גרויסע בענק צו מאַכן ווי-וויט מעגלעך פאַרשיידנאַרטיקער לויטן אָרט און לויטן מין פון פראָדוקציע זיי-ערע פאַרבינדונגען מיט די אינדוסטריע-אונטערנעמונגען, זיי שטרעבן צו באַ-זייטיקן די אומגלייכמעסיקייט אין דער פארטיילונג פונם קאַפּיטאל צווישן איינצלנע געגנטן אָדער אינדוסטריע=צווייגן, אומגלייכמעסיקייט, וועלכע ווערט דערקלערט פון דער געשיכטע פון איינצלנע אונטערנעמונגען“. „איין טענדענץ באשטייט אין דעם, אז די פארבינדונג מיט דער אינדוסטריע זאָל ווערן אַן אלגעמיינע דערשיינונג, די צווייטע—אין דעם, אז דידאָזיקע פארבינדונג זאָל ווערן פעסט און אינטענסיוו; די ביידע טענדענצן זיינען אין די זעקס גרויסע בענק פארווירקלעכט ניט פול-שטענדיק, אָבער שוין אין א באדייטנדיקן מאסשטאב און אין א גלייכער מאָס“.

די האנדלס-אינדוסטריעלע קרייזן באקלאָגן זיך אָפּט אָפּן „טעראריזם“ פון די בענק. און דאָס איז גאָר קיין וואונדער ניט אין דער צייט, ווען די גרויסע בענק „קאָמאַנדעווען“ אזוי, ווי ס'באַווייזט פאָלגנדיקער ביישפּיל: דעם 19 נאָיאַבר 1901 האט זיך איינער פון די אזוי גערופענע בערלינער „ד“ בענק (די נעמען פון די פיר גרעסטע בענק, הויבן זיך אָן מיט אַ „ד“) געווענדעט צו דער פארוואלטונג פון דעם צאָפן-מאירעווידיקן מיטל=דייטשישן צעמענט-סינ-דיקאט מיט אזא בריוו: „פון דער מיטיילונג, וואס איר האט פארעפנטלעכט דעם 18-טן פון דעם כוידעש אין דער און דער צייטונג, איז קענטיק, אז מיר מוזן זיך רעכענען מיט דער מעגלעכקייט, אז אף דער אלגעמיינער פארזאמלונג פון אייער סינדיקאט, וואס דארף פאָרקומען דעם 30=טן, וועלן אָנגענומען

ווערן באשלוסן, וואס קענען גוירעם זיין אין אייער אונטערנעמונג אזעלכע ענדערונגען, מיט וועלכע מיר קענען ניט מאסקים זיין. דעריבער זיינען מיר, צו אונזער טיפן באדויערן, געצוואונגען אָפּצושטעלן דעם קרעדיט, וועלכן איר האָט געהאט... נאָר אויב אף דערדאָזיקער אלגעמיינער פארזאמלונג וועלן ניט אָנגענומען ווערן אזעלכע באשלוסן, מיט וועלכע מיר קענען ניט מאסקים זיין, און אויב עס וועלן אונז אין דעם פראט געגעבן ווערן געהעריקע גאראנטיעס אף ווייטער, זיינען מיר גרייט אריינצוטרעטן אין אונטערהאנדלונגען וועגן עפּענען אייך א נייעם קרעדיט"[39].

דאָס זיינען, בעעצעם, דיזעלביקע טאַינעס פון דעם קליינעם קאפיטאל בענויגייע דעם דרוק פון דעם גרויסקאפיטאל, נאר אין ראנג פון „קליינקאפי־טאל" איז דאָ אריינגעפאלן א גאנצער סינדיקאט! דער אלטער קאמף צווישן דעם קליין און גרויס קאפיטאל ווערט באנייט אף א נייער, אומגעהויער הע־כערער אנטוויקלונגס־שטופע. ס'פארשטייט זיך, אז די מיליארד-אונטערנעמונגען פון די גרויסע בענק קענען אויך דעם טעכנישן פראָגרעס שטויסן פארויס מיט מיטלען, וועלכע קאָנען בעשום אויפן ניט פארגליכן ווערן מיט די פריערדיקע. די בענק גרינדן, לעמאָשל, ספּעציעלע געזעלשאפטן פאר טעכנישע אויספאָר־שונגען, און די רעזולטאטן פון דידאָזיקע אויספאָרשונגען נוצן, פארשטייט זיך, אויס בלויז די „פריינטלעכע" אינדוסטריע-אונטערנעמונגען. אהער געהערן „די געזעלשאפט צו שטודירן די פראגע וועגן עלעקטרישע אייזנבאנען", „די צענ־טראלע ביוראָ פאר וויסנשאפט־טעכנישע פאָרשונגען", און אז. וו.

די אָנפירער גופע פון די גרויסע בענק קענען ניט ניט איינזעען, אז ס'בילדן זיך אויס עפּעס נייע באדינגונגען פאר דער פאָלקסווירטשאפט, זיי זיי־נען אָבער אומבאהאָלפן בענויגייע צו אָט די באדינגונגען.

„ווער ס'האט זיך פאר די לעצטע יאָרן צוגעקוקט, — שרייבט איידעלס,— צו דעם, ווי עס בייטן זיך די פערזאנען אף די שטעלעס פון דירעקטאָרן און פון מיטגלידער אין די אויפזיכטסראטן פון די גרויסע בענק, יענער האט ניט געקאָנט ניט באמערקן, ווי די מאכט גייט איבער בעהאדראָגע אין די הענט פון פערזאָנען, וועלכע האלטן פאר א נויטיקער און אלץ מער דרינגענדיקער אויפגאבע פון די גרויסע בענק אקטיוו זיך אריינמישן אין דער אלגעמיינער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע. און דערביי אנטוויקלט זיך צווישן דידאָזיקע פערזאנען און די אלטע דירעקטאָרן א כאלוקעדייעס אפן געשעפט-באָדן, און אָפט אויך אפן פערזענלעכן באָדן. דאָ האנדלט זיך, אייגנטלעך, וועגן דעם, צי ליידן ניט די בענק, ווי קרעדיט־אנשטאלטן, פון דעם, וואס זיי מישן זיך אריין אין אינדוסטריע־פראָצעס פון דער פּראָדוקציע, צי ברענגט מען ניט פאר א קאָרבן די סאָלידע פּרינציפּן און דעם זיכערן רעווע‍ך צוליב אזא טעטיקייט, וועלכע האט קיין שום שאיכעס ניט צו פארמיטלעריי אין איניען פון קרעדיט-שאפונג און וועלכע פארפירט דעם באנק אין אזא געביט, וואו ער איז נאָך מער, ווי פריער, אונטערגעוואָרפן אונטער דער הערשאפט פון דער אינדוסט־ריעלער קאניונקטור. אזוי טאַינען אסאך פון די אלטע בענק־אָנפירער, און דאָס

ראוו יונגע האלטן די אקטיווע ארייגמישונג אין די פראגן פון אינדוסטריע פאר פונקט אזא נויטיקייט, ווי די, וואס האט ארויסגערופן צום לעבן צוזאמען מיט דער איצטיקער גרויס־אינדוסטריע אויך די גרויסע בענק און די נייסטע אינדוסטריעלע באנק־אונטערנעמונג. אין איין זאך נאָר גייען זיך צונויף ביידע צדאָדים, אז פאר דער נייער טעטיקייט פון די גרויסע בענק זיינען ניט פאראן ניט קיין פעסטע פרינציפן, ניט קיין קאנקרעטער צוועק" [40].

דער אלטער קאפיטאליזם האָט אָפּגעלעבט, דער נייער איז א איבער־גאנג צו עפּעס. ס'איז, פאַרשטייט זיך, ניטאָ וואָס צו האָפן, אז ס'וועט זיך איינגעבן אויסצוגעפינען „פעסטע פרינציפן און א קאָנקרעטן צוועק" אָף צו „מאכן אַ פשאָרע" צווישן דער מאָנאָפּאָליע מיט דער פרייער קאָנקורענץ. דאָס, וואָס מיר הערן מיצאַד די פּראַקטיקער, קלינגט קלאל ניט אזוי, ווי די אָפּי־ציעלע לויבלידער לעקאָוועד די שיינקייטן פון דעם „אָרגאַניזירטן" קאַפּיטאַליזם, וועלכע עס זינגען זיינע אפאלאגעטן, ווי שולצע-העווערניץ, ליפמאן אוכעדוימע „טעאָרעטיקער".

אף דער וויכטיקער פראגע, אין וועלכער צייט האָט זיך ענדגילטיק איינגעשטעלט „די נייע טעטיקייט" פון די גרויסע בענק, געפינען מיר א גאַנץ גענויע טשואווע בא איידעלסן:

„די פארבינדונגען צווישן די אינדוסטריע־אונטערנעמונגען מיט זייער נייעם אינהאלט, נייע פאָרמען, נייע אָרגאַנען, נעמלעך, מיט די גרויסע בענק, וועלכע זיינען איינצייטיק אָרגאַניזירט סאי צענטראליסטיש, סאַי דעצענטראַלי־סטיש, בילדן זיך אויס אלס א כאראַקטערע פאָלקסווירטשאפטלעכע דערשיינונג ניט פריער פאַר די 1890-ער יאָרן; אין א געוויסן זינען קען מען אפילע אָפּ־רוקן דעם אָנהויב־פונקט ביזן 1897 יאָר, מיט זיינע גרויסע „צונויפגיסונגען" פון אונטערנעמונגען, וועלכע פירן צוערשט ארייַן אַ נייע פאָרם פון דעצענטראַ־ליזירטער אָרגאַניזאַציע צוליב די צוועקן פון דער אינדוסטריע־פּאָליטיק פון די בענק. דעמדאָזיקער אָנהויב-פונקט קען, עפשער, אָפּגערוקט ווערן נאָך ווייטער, ווייל נאָר דער קריזיס פון 1900 יאָר האָט גיגאנטיש פארגיכערט דעם קאָנ־צענטרירונג-פּראָצעס סאי אין דער אינדוסטריע, סאי אין דעם באנק-געשעפט, האָט פארפעסטיקט דעמדאָזיקן פּראָצעס, האָט צום ערשטן מאָל פאַרוואַנדלט די באַציאונגען מיט דער אינדוסטריע אין אַן עמעסער מאָנאָפּאָליע פון די גרויסע בענק, האָט אַסאַך ענגער און אינטענסיווער געמאַכט דידאָזיקע באַציאונגען" [41].

דער צוואנציקסטער יאָרהונדערט, — דאָס איז דער ווענדפונקט פונם אלטן צום נייעם קאַפּיטאַליזם, פון דער הערשאפט פונם קאַפּיטאל ביכלאל צו דער הערשאַפט פונם פינאַנץ־קאַפּיטאַל.

---

## 3. דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל און די פינאַנץ-אָליגאַרכיע.

„אַן אַלץ וואַקסנדיקער טייל פונם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל, — שרייבט הילפערדינג, — געהערט ניט צו יענע אינדוסטריעלער, וועלכע פאַרווענדן אים. זיי באַקומען אין זייער רעשוס דעם קאַפּיטאַל נאָר דורך דער פאַרמיטלונג פונם באַנק, וועלכער איז בענוגייע צו זיי דער אייגנטימער פון דעמדאָזיקן קאַפּיטאַל. פון דער אַנדער זייט, איז אויך דעם באַנק קומט אויס צו באַפעסטיקן אין דער אינדוסטריע אַלץ אַ גרעסערן טייל פון זיינע קאַפּיטאַלן. אַדאַנק דעם, ווערט ער אַלץ אין אַ גרעסערער מאָס אַ אינדוסטריע-קאַפּיטאַליסט. אַזאַ מין באַנק-קאַפּיטאַל — אַ קאַפּיטאַל, הייסט עס, אין אַ געלט-פאָרם, — וועלכער ווערט אַף אַזאַ אופן אין דערווירקלעכקייט פאַרוואַנדלט אין אינדוסטריע-קאַפּיטאַל, רוף איך אָן פינאַנץ-קאַפּיטאַל. „דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל — דאָס איז אַ קאַפּיטאַל, וואָס געפינט זיך אין רעשוס פון די בענק און ווערט פאַרווענדעט דורך די אינדוסטריעלער“ 42).

דידאָזיקע דעפיניציע איז אַף אַזוי פיל ניט קיין פולע, אַף וויפל ס'איז אין איר ניט פאַראַן קיין אָנווייזונג אַף איינעם פון די וויכטיקסטע מאָמענטן, נעמלעך, אַף דעם וואוקס פון קאָנצענטראַציע אין דער פּראָדוקציע און פונם קאַפּיטאַל אין אַזאַ שטאַרקער מאָס, אַז די קאָנצענטראַציע ברענגט און האָט געבראַכט צו מאָנאָפּאָל. נאָר אינם גאַנצן בוך פון הילפערדינגן ביכלאַל און ביפראַט אין די צוויי קאַפּיטלעך, וועלכע גייען פאַר דעם קאַפּיטל, פון וואַנען ס'איז גענומען דידאָזיקע דעפיניציע, ווערט אונטערגעשטרייכט די ראָלע פון די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס.

די קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע; די מאָנאָפּאָליעס, וואָס וואַקסן פון דעם אויס; די צונויפגיסונג אָדער צונויפוואַקסונג פון די בענק מיט דער אינדוסטריע — דאָס איז די אויפקומונגס-געשיכטע פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל און דער אינהאַלט פון דעמדאָזיקן באַגריף.

מיר דאַרפן איצט איבערגיין צו באַשרייבן, ווי אַזוי „דאָס באַלעבאַטעווען“ פון די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס ווערט, אין דער אַלגעמיינער סוויווע פון סכוירעס-פּראָדוקציע און פון פּריוואַט-אייגנטום, אומפאַרמיידלעך פאַרוואַנדלט אין אַ הערשאַפט פון דער פינאַנץ-אָליגאַרכיע. מיר דאַרפן באַמערקן, אַז די פאָרשטייער פון דער בורזשואַזער דייטשישער — און ניט נאָר פון דער דייטשישער — וויסנשאַפט, ווי ריססער, שולצע-העווערניץ, ליפמאַן און אַנד. זיינען דורכויס אַפּאָלאָגעטן פונם אימפּעריאַליזם און פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל. זיי דעקן ניט אויף, זיי פאַרשמירן נאָר און פוצן צו די „מעכאַניק“, ווי אַזוי ס'ווערט אויסגעבילדעט די אָליגאַרכיע, אירע מעטאָדן, די גרויס פון אירע האַכנאָסעס, סאַי פון די „קאָשערע“, סאַי פון די „טרייפע“, אירע פאַרבינדונגען מיט די פּאַרלאַמענטן אוכעדוימע א. אַז. וו. די „פאַרשאָלטענע פראַגן“ פּאַטערן זיי אָפּ מיט הויכע, אומקלאָרע פראַזן, מיט דעם, וואָס זיי אַפּעלירן צום „אַכ-

ראיעס-געפיל״ פון די באנק-דירעקטאָרן, מיט דעם, וואָס זיי לויבן דעם „אַכ-ראיעס-געפיל״ פון די פרייסישע באאמטע, מיט אן ערנסטן באטראכטן די קלייניקייטן פון די גאָר ניט ערנסטע געזעץ-פּראָיעקטן וועגן „אויפזיכט״, „רעגלאַמענטאַציע״, מיט טעאָרעטישע קינדער-שפּילן, ווי, לעמאָשל, אָט די „וויסנ-שאַפטלעכע״ דעפיניציע, צו וועלכער ס׳האָט זיך דערעדט דער פּראָפעסאָר ליפמאן: „...דער האַנדל איז א געווערב-טעטיקייט, וואָס איז געווענדעט אַף זאמלען גיטער, היטן זיי, איבערגעבן זיי אין רעשוס״...[43]. ס׳קומט אויס, אַז דער האנדל האָט עקזיסטירט בא דעם אורמענטשן, וועלכער האָט נאָך ניט געוואוסט פון קיין אויסטויש, און וועט עקזיסטירן אויך אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט.

נאָר די מעאויעמדיקע פאַקטן פון דער מעאויעמדיקער הערשאפט פון דער פינאנץ-אָליגארכיע וואַרפן זיך אַף אַזוי פיל אין די אויגן, אַז אין אלע קאַפּיטאליסטישע לענדער, סאַי אין אמעריקע, סאַי אין פראנקרייך און אין דייטשלאנד, איז אויפגעקומען אַ ליטעראַטור, וואָס שטייט אף אַ בורזשואַזן שטאנדפּונקט און וואָס גיט לעפּערעך אַ ריכטיק בילד און — אַ קלייגבירגערלעכע, פארשטייט זיך — קריטיק פון דער פינאנץ-אָליגארכיע.

אַפן ערשטן אָרט דאַרף מען אוועקשטעלן יענע סיסטעם פון „אָנטיילנעמען״, וועגן וועלכער ס׳איז שוין אויבן געזאָגט געוואָרן אַ פּאָר ווערטער. אָט ווי דער דייטשישער עקאָנאָמיסט הײמאן, וועלכער האָט שיר ניט פריער פאר אנדערע געווענדעט זיין אויפמערקזאַמקייט אַף דערדאָזיקער סיסטעם, באשרייבט דעם מעהוס פון דעם איניען:

„דער אָנפירער קאָנטראָלירט די גרונט-געזעלשאפט (בוכשטעבלעך „די מוטער-געזעלשאפט״); זי, פון איר זייט, הערשט איבער אָפּהענגיקע פון איר געזעלשאפטן („טעכטער-געזעלשאפטן״), די לעצטע—איבער „אייניקלעך-געזעלשאפטן״ א. אז. וו. אף אזא אויפן קען מען, ניט פאַרמאָגנדיק קיין זייער גרויסן קאַפּיטאל, הערשן איבער גיגאַנטישע פּראָדוקציע-צווייגן. אין דערעמעסן: אויב פארמאָגן 50% פונם קאַפּיטאל איז שטענדיק גענוג אף צו קאָנטראָלירן אַן אַקציאָנערע געזעלשאפט, איז גענוג, אז דער אָנפירער זאָל פארמאָגן סאַכאַקל איין מיליאָן, קעדיי ער זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן 8 מיליאָן קאַפּיטאל בא די „אייניקלעך-געזעלשאפטן״. און אויב דידאָזיקע „איבערפלעכטונג״ גייט נאָך ווייטער, קען מען מיט איין מיליאָן קאָנטראָלירן 16 מיליאָן, 32 מיליאָן א. אז. וו.[44]).

אין דערעמעסן באַווייזט די דערפאַרונג, אַז ס׳איז גענוג צו פאַרמאָגן 40% אַקציעס, קעדיי צו זיין אַ באַלעבאָס איבער דער גאַנצער אַקציען-געזעלשאַפט[45]), ווייל אַ געוויסער טייל פון די צעברעקלטע, קליינע אַקציאָנערן האָבן פּראַקטיש קיין שום מעגלעכקייט ניט צו נעמען אָנטייל אין די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען און אז. וו. די „דעמאָקראַטיזירונג״ פון דער אַקציעס-האַלטונג, וועלכע דאַרף, לויט דער מיינונג פון די בורזשואַזע סאָפיסטן און אָפּאָרטוניסטן „אויך-סאָציאַלדעמאָקראַטן״, „דעמאָקראַטיזירן״ דעם קאַפּיטאַל, פאַרשטאַרקן די ראָלע און דעם באַדייט פון דער קליינפּראָדוקציע א. אז. וו. — דאָס איז אין דער

עמעסן איינס פון די מיטלען צו פאַרשטאַרקן די מאַכט פון דער פינאַנץ-אָליגאַרכיע. אַגעוו, דעריבער טאַקע דערלויבט די געזעצגעבונג אין די מער פאָרשריטלעכע אָדער אין די עלטערע און „געניטערע" קאַפּיטאַליסטישע לענדער אויך קלענערע אַקציעס. אין דייטשלאַנד דערלויבט ניט דער געזעץ קיין אַקציעס קלענער פון טויזנט מאַרק, און די דייטשישע פינאַנץ-מאַגנאַטן קוקן מיט קינעאַף ענגלאַנד, וואו דער געזעץ דערלויבט אַקציעס אויך צו איין פונט סטערלינג (20 מאַרק — אַן ערעך 10 רובל). איינער פון די גרעסטע אינדוסטריעלער און „פינאַנץ-קיניגן" פון דייטשלאַנד, סימענס, האָט דעם 7-טן יוני 1900-טן יאָר געמאָלדן אין רייכסטאַג, אז „די אַקציע פון איין פונט סטערלינג איז דער יעסאָד פונם בריטאַנישן אימפּעריאַליזם"[46]. באַ דעמדאָזיקן סויכער איז צו באַמערקן אַ טיפערע „מאַרקסיסטישע" באַנעמונג פון דעם, וואָס איז אַזוינס אימפּעריאַליזם, איידער באַ איינעם אַ מאָדנעם שרייבער, וועלכן מע האַלט פאַר דעם גרינדער פון דעם רוסישן מאַרקסיזם און וועלכער מיינט פונדעסטוועגן, אז דער אימפּעריאַליזם איז אַ מיעסע אייגנשאַפט מער ניט ווי פון איינעם פון די אייראָפּעאישע פעלקער.

נאָר „די סיסטעם פון אָנטיילנעמען" — לוי דאַי וואָס זי פירט צו דער גיגאַנטישער פאַרגרעסערונג פון דער מאַכט פון די מאָנאָפּאָליסטן, גיט זי נאָך, כוץ דעם, אַ מעגלעכקייט אומבאַשטראָפטערהייט אָפּצומאַכן קאָלערליי פינסטערע און שמוציקע געשעפטן, באַנעמען דעם אוילעם, ווייל די אָנפירערס פון דער „מוטער-געזעלשאַפט" זיינען פאָרמעל, לויטן געזעץ, ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער „טאָכטער-געזעלשאַפט", וועלכע איז פאַרעכנט פאר אַ „זעלבשטענדיקער" און דורך וועלכער מע קען אַלץ „דורכפירן". אָט איז אַ ביישפּיל, וואָס מיר נעמען פון דעם מאַי-ביכל פונם דייטשישן זשורנאַל „דער באַנק" פאַרן 1914-טן יאָר: „די אַקציען-געזעלשאַפט פון רעסאָרן-שטאָל" אין קאַסעל האָט עטלעכע יאָר צוריק זיך גערעכנט פאר איינער פון די סאַמע האַכנאָסעדיקע אונטערנעמונגען אין דייטשלאַנד. אַ שלעכטע פאַרוואַלטונג האָט געבראַכט צו דעם, אַז די דיווידענדן זיינען פון 15% געפאַלן ביז 0%. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט די פאַרוואלטונג אָן דעם וויסן פון די אַקציאָנערן געגעבן אַ האַלוואָע פון 6 מיליאָן מארק איינער פון אירע „טעכטער-געזעלשאַפטן" „כאַססיע", וואָס איר נאָמינאַלער קאַפּיטאַל איז באַשטאַנען סאַכאַקל פון עטלעכע הונדערט טויזנט מאַרק. וועגן דערדאָזיקער האַלוואָע, וועלכע איז קימאַט דריי מאָל גרעסער פאַרן אַקציאָנערן-קאַפּיטאַל פון דער „מוטער-געזעלשאַפט", איז אין די באַלאַנסן פון דער לעצטער קיין איין וואָרט ניט געווען; יורידיש איז אַזאַ פאַרשווייגן געווען פולקום געזעצלעך און האָט געקענט דויערן גאַנצע צוויי יאָר, ווייל מיט דעם האָט מען ניט איבערגעטרעטן קיין איין פּאַראַגראַף פון דער האַנדלס-געזעצגעבונג. דער פאָרזיצער פון דעם אויפזיכטראַט, וועלכער פלעגט אלס פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָן אונטערשרייבן די פאַלשע באַלאַנסן, איז געווען און פאַרבלייבט דער פאָרזיצער פון דער קאַסעלער האַנדלסקאַמער. די אַקציאָנערן האָבן זיך דערוואוסט פון דער האַלוואָע דער געזעלשאַפט „כאַססיע" ערשט אַ לאַנגע צייט נאָך דעם, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז דאָס איז

געווען „א טאָעס"... (דאָסדאָזיקע וואָרט האָט דער מעכאַבער געמעגט נעמען אין גענזנפיסלעך...) און ווען די אקציעס פון „רעסאָרן-שטאָל" זיינען געפאלן אַן ערעך אף 100% מאכמעס דעם, וואָס די, וועלכע האָבן געוואוסט פון דער מאיסע, האָבן אָנגעהויבן אין איילעניש פארקויפן די אקציעס.

„אָט דער טיפּישער ביישפּיל פון עקוויליבריסטיק מיט די באלאנסן, וואָס איז זייער א געוויינלעכע זאך בא די אקציען-געזעלשאפטן, דערקלערט אונז, פארוואָס די פארוואלטונגען פון אקציען-געזעלשאפטן נעמען זיך מיט אסאך א גרינגערן הארץ פאר ריזיקאלישע געשעפטן, איידער פריוואטע אונטערנעמער. די נייסטע טעכניק פון צוזאמענשטעלן באלאנסן גיט זיי די מעגלעכקייט ניט בלויז צו באהאלטן די ריזיקאלישע געשעפטן פון דעם פּאָשעטן אקציאָנער, נאָר זי דערלאָזט, אז די הויפּט-פארינטערעסירטע פערזאָנען זאָלן אראָפּוואַרפן פון זיך די פאראנטוואָרטלעכקייט דורך דעם, וואָס זיי פארקויפן באצייטנס די אקציעס, ווען דער עקספּערימענט גיט זיך ניט איין, אין דער צייט ווען דער פריוואטער אונטערנעמער מוז מיט זיין אייגענער הויט באצאָלן פאר אלץ, וואָס ער טוט...

„די באלאנסן פון פיל אקציען-געזעלשאפטן זיינען ענלעך צו יענע פּאַלימפּסעסטן, וואָס זיינען באוואוסט פון דער מיטלאלטער-טקופע, אף וועלכע מע האָט טכילעס געדארפט אָפּרייבן דאס אָנגעשריבענע, קעדיי אויסצוגעפינען די צייכנס, וואָס גיבן איבער דעם עמעסן אינהאלט פונם מאנוסקריפּט"*).

„דער פּאָשעטסטער און דעריבער דער סאמע אָנגענומענער אויפן צו מאכן די באלאנסן אומדורכדרינגלעך באשטייט אין דעם, וואָס מע צעטיילט די איינהייטלעכע אונטערנעמונג אף עטלעכע טיילן דורך דעם, וואָס מע גרינדעט „טעכטער-געזעלשאפטן", אָדער דורך דעם, וואָס מע גיט צו אזעלכע צו דער אונטערנעמונג. די נוצן, וואס דידאָזיקע סיסטעם ברענגט, פונם שטאנדפּונקט פון פארשיידענע צוועקן — געזעצלעכע און ניט-געזעצלעכע — זיינען אזוי באשיינפערלעך, אז בא היינטיקער צייט זיינען מאמעש א יויצע מין האקלאל אזעלכע גרויסע געשעפטן, וואס האָבן ניט אָנגענומען דידאָזיקע סיסטעם"[47].

ווי א ביישפּיל פון זייער א גרויסער און מאָנאָפּאָליסטישער געזעלשאפט, וועלכע נוצט אויס אפן ברייטסטן אויפן דידאָזיקע סיסטעם, רופט דער מעכאַבער אָן די בארימטע „אלגעמיינע עלעקטריע-קאָמפאניע" (A. E. G.), וועגן איר וועלן מיר נאָךריידן ווייטער). אין 1912-טן יאָר האט מען געהאלטן, אז דידאָזיקע געזעלשאפט נעמט אָנטייל אין 175—200 געזעלשאפטן, איבער וועלכע זי הערדשט, פארשטייט זיך, און אז זי נעמט ארום איינגאנצן א קאפּיטאל פון אַן ערעך $1^1/_2$ מיליארד מארק[48].

אלע קלאָלים פון קאָנטראָל, פון פארעפנטלעכן די באלאנסן, פון אויסארבעטן פאר זיי א באשטימטע סכעמע, פון איינאָרדענען די האשגאָכע און אז.וו., וואס מיט אלדעם פארנעמען די אויפמערקזאמקייט פונם אוילעם די וואויל-

*) פּאַלימפּסעסט איז אַ פּאַרמעט, אַף וועלכן ס'איז אָפּגעריבן די גרונט-אויפשריפט און אַף דעם אָרט איז אָנגעשריבן אַן אַנדער זאַך.

דענקענדיקע — דאס הייסט, די פראָפעסאָרן און באאמטע, וועלכע האָבן די גוטע קאוואָנע צו פארטיידיקן און צו פארפוצן דעם קאפיטאליזם, — קענען קיין שום באדייט ניט האָבן, ווייל דאָס פריוואט=אייגנטום איז הייליק, מע קען קיינעם ניט פארווערן צו קויפן, פארקויפן, אויסבייטן אקציעס, פארמאשקענען זיי און אזוי ווייטער.

וועגן דעם, ווי גרויס עס איז די סיסטעם פון „אַנטיילנעמען" אין די רוסישע גרויסע בענק, קען מען באקומען א באגריף פון די פאקטן, וואס עס גיט איבער יע. אגאד, וועלכער איז 15 יאָר געווען א באאמטער אין רוסיש-כינעזישן באַנק און האָט אין מאי 1914-טן יאָר ארויסגעלאָזט א ווערק מיט ניט קיין גאנץ פינקטלעכן נאָמען: „די גרויסע בענק און דער אלוועלטלעכער מארק"[49]. דער מעכאבער טיילט איין די גרויסע רוסישע בענק אין צוויי גרונט-גרופּעס: א) אזעלכע, וואָס ארבעטן לויט „דער סיסטעם פון אַנטיילנעמען" און ב) „אומאפּהענגיקע", — אונטערן וואָרט „אומאפּהענגיקע" געפעלט אים אגעוו צו פארשטיין די אומאפּהענגיקייט פון אויסלענדישע בענק. די ערשטע גרופּע טיילט דער אווטאָר איין אין דריי אונטערגרופּעס: 1) דאס דייטשישע אַנטיילנעמען, 2) דאס ענגלישע, 3) דאס פראנצויזישע, — פארשטייענדיק אונטער דעם דאָס אַנטיילנעמען און די הערשאפט פון די גרעסטע אויסלענדישע בענק פון יעדער געהעריקער נאציע. די קאפיטאלן פון די בענק טיילט דער אווטאָר איין אין אזעלכע, וואָס זיינען פארטאָן „פּראָדוקטיוו" (אין האנדל און אינדוס-טריע), און אין אזעלכע, וואָס זיינען פארטאָן „ספּעקוליאטיוו" אין בירזשע-און פינאנץ-אפּעראציעס; פון זיין קליינבירגערלעך=רעפאָרמיסטישן שטאנדפּונקט מיינט ער, אז ס'איז מעגלעך, אייגהיטנדיק דעם קאפיטאליזם, אָפּטיילן דעם ערשטן מין קאפיטאל-אָנווענדונג פון דעם צווייטן און באזייטיקן דעם צווייטן מין.

אָט דאס זיינען דעם אווטאָרס פאקטן:

## דער אַקטיוו פון די בענק (לויט די באריכטן פאר אָקטיאַבער — נאָיאַבער 1913=טן יאָר) אין מיליאָנען רובלס.

| גרופּעס רוסישע בענק | פּראָדוקטיוו | ספּעקוליאטיוו | סאכאקל |
|---|---|---|---|
| | די קאפיטאלן, וואָס ווערן פאַרטאָן | | |
| א. 1) פיר בענק: דער סיבירער האנדלס-באנק, דער רוסישער, דער צווישנפעלקערלעכער און דער דיסקאָנטבאנק. | 413,7 | 859,1 | 1272,8 |
| 2) צוויי בענק: דער האנדלס-אינדוסטריעלער און דער רו-סיש-ענגלישער. | 239,3 | 169,1 | 408,4 |
| 3) פינף בענק: דער פריוואטער פעטראָגראדער, רוסיש-אזיא-טישער, אזאָוו-דאָנער, אוניאָן, דער מאָסקווער, דער רוסיש-פראנצויזישער האנדלסבאנק | 711,8 | 661,2 | 1373,0 |
| (11 בענק) סאכאקל | 1364,8 | 1689,4 | 3054,2 |

| | | | |
|---|---|---|---|
| ב. 8 בענק: דער מאָסקווער סאָכרים-באַנק, דער וואָלגע-קאַמער, יונקער און קאָמפ., פּעטראָגר. האנדלס-באַנק, גע-ווענע וואוועלבערג, מאָסק-ווער, געוו. ריאַבושינסקיס באַנק, מאָסקווער דיסקאָנט-באַנק, מאָסקווער האנדלס-באַנק און מאָסקווער פּריוואטער | 504,2 | 391,1 | 895,2 |
| (19 בענק) סאכאקל | 1869,0 | 2.080,5 | 3949,4 |

לויט דידאַזיקע מאַטעריאַלן קומט אויס, אַז פון קימאַט 4 מיליאַרד רובל, וואָס בילדן דעם אַקטיוון קאַפּיטאַל פון די גרויסע בענק, איז העכער $^3/_4$, העכער 3 מיליאַרד פאַלט אַפן כיילעק פון די בענק, וועלכע שטעלן פאַר מיט זיך, אייגנטלעך, „טעכטער-געזעלשאַפטן" פון אויסלענדישע בענק, ריישיסקאַל פון די פּאַריזער (דער באַרימטער באַנק-טריאָ: „דער פּאַריזער פּאַרבאַנד"; דער פּאַריזער און דער נידערלענדישער; די גענעראַל-געזעלשאַפט) און פון די בערלינער (באַזונדערס דער דייטשישער באַנק און די דיסקאָנט-געזעלשאַפט). די צוויי גרעסטע רוסישע בענק — „דער רוסישער" (דער רוסישער באַנק פאַר אויסערלעכן האַנדל) און „דער צווישנפעלקערלעכער" (דער פּעטראָגראַדער צווישנפעלקערלעכער האַנדלסבאַנק) האָבן פון 1906-טן יאָר ביז 1912-טן געהויבן זייערע קאַפּיטאַלן פון 44 ביז 98 מיליאָן, און זייערע רעזערוון — פון 15 ביז 39 מיליאָן, „אַר-בעטנדיק אַף $^3/_4$ מיט דייטשישע קאַפּיטאַלן"; דער ערשטער באַנק געהערט צום „קאָנצערן" פון בערלינער „דייטשישן באַנק", דער צווייטער — פון „בערלינער דיסקאָנט-געזעלשאַפט". דער גוטער אַגאַד איז שטאַרק אויפגעבראַכט פון דעם, וואָס די בערלינער בענק האַלטן אין זייערע הענט די מערהייט אַקציעס און וואָס די רוסישע אַקציאָנערן זיינען דעריבער גאַנץ אנמעכטיק. און ס'פאַרשטייט זיך, אַז דאָס לאַנד, וואָס פירט אַרויס קאַפּיטאַל, נעמט אַראָפּ דעם פעטסטן כיילעק. דער בערלינער „דייטשישער באַנק", לעמאָשל, האָט, אַריינפירנדיק אין בערלין די אַקציעס פון סיבירער האַנדלסבאַנק, זיי אָפּגעהאַלטן אַ גאַנץ יאָר בא זיך אין פּאָרטפעל, האָט זיי דערנאָך פאַרקויפט לויטן קורס 193 פאַר 100, דאָס הייסט קימאַט אין צווייען, „און האָט פאַרדינט" באַ אַ זעקס מיליאָן רובל רע-ווען, וועלכן הילפערדינג רופט אָן „גרינדונגס-רעווען".

די גאַנצע „מעכטיקייט" פון די פּעטראָגראַדער גרעסטע בענק באַשטימט דער אַווטאָר אין 8.235 מיליאָן רובל, קימאט $8^1/_4$ מיליאַרד, און דערביי פאַר-טיילט ער אַף אַזאַ אויפן דעם „אַנטייל" אָדער, ריכטיקער, די הערשאַפט פון די אויסלענדישע בענק: די פראַנצויזישע בענק — 55%, די ענגלישע — 10, די דייטשישע — 35%. פון דערדאָזיקער סומע 8.235 מיליאָן פונקציאָנירנדיקן קאַ-פּיטאַל קומט אויס לויטן כעשבן פונם אַווטאָר 3.687 מיליאָן רובל, דאָס הייסט העכער 40%, אַף די סינדיקאַטן: פּראָדוגאָל (קוילן), פּראַדאַמעט (מעטאַל), אַף די סינדיקאַטן אין דער נאַפט-, מעטאַלורגישער און צעמענט-אינדוסטריע. הייסט

עס, אַז אויך אין רוסלאַנד איז די צונויפגיסונג פונם באַנק-קאַפּיטאַל מיטן אינ-דוסטריע=קאַפּיטאַל באַדייטנדיק אַוועק פאָרויס אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויס=בילדונג פון קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס.

דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל, וואָס איז קאָנצענטרירט אין די הענט פון אַ קליי=נער צאָל מענטשן און וואָס איז פאַקטיש דער מאָנאָפּאָליסט, באַקומט אַ קאָ-לאָסאַלן און אַלץ וואַקסנדיקן רעווען פון גרינדעריי, פון אַרויסלאָזן פאָנד=פּאַ=פּירן, פון מלוכע-האַלוואָעס און אַז. וו. ער פאַרפעסטיקט די הערשאַפט פון דער פינאַנץ-אָליגאַרכיע און לייגט אַרויף אַף דער גאַנצער געזעלשאַפט צינז לע-טויוועס די מאָנאָפּאָליסטן. אָט איז איינער פון די אָנצאָליקע ביישפּילן וועגן דעם, ווי אַזוי „ס'באַלעבאַטעוועון" די אַמעריקאַנער טרעסטן, אַ ביישפּיל, וועלכן ס'ברענגט הילפערדינג: אין 1887-טן יאָר האָט האַוועמייער געגרינדעט דעם צו-קער-טרעסט דורך דער צונויפגיסונג פון 15 קליינע קאָמפּאַניעס, וואָס זייער געמיינזאַמער קאַפּיטאַל איז געווען 6½ מיליאָן דאָלער. דער קאַפּיטאַל פונם טרעסט איז אָבער, ווי די אַמעריקאַנער דריקן זיך אויס, „צעפּירט געוואָרן מיט וואַסער", און איז באַשטימט געוואָרן אין 50 מיליאָן דאָלער. „די איבערקאַפּי-טאַליזירונג" האָט דיסקאָנטירט די קומענדיקע מאָנאָפּאָליע=רעוואָכים, פּונקט ווי דער שטאָל=טרעסט אין דערזעלביקער אַמעריקע האָט, איינקויפנדיק אַלץ מער ערד מיט אייזן-אַרץ, דיסקאָנטירט די קומענדיקע מאנאפּאָליע=רעוואָכים. און דער צוקער=טרעסט האָט טאַקע איינגעשטעלט מאָנאָפּאָליע-פּרייזן און האָט גע=האַט אַזוי פיל האַכנאָסע, אַז ער איז געווען אימשטאַנד צו צאָלן 10% דיווי-דענד אַפן קאַפּיטאַל, וואָס איז *זיבן מאָל* „צעפּירט געוואָרן מיט וואַסער", ד. ה. קימאַט 70% *אַפן קאַפּיטאַל, וואָס מע האָט בעעמעס אַריינ-געטראָגן באַם גרינדן דעם טרעסט!* אין 1909=טן יאָר האָט דער קאַ-פּיטאַל פון דעמדאָזיקן טרעסט באַטראָפן 90 מיליאָן דאָלער. פאר 22 יאָר איז דער קאַפּיטאַל גרעסער געוואָרן מער ווי צען מאָל.

אין פראַנקרייך האָט די הערשאַפט פון דער פינאַנץ=אָליגאַרכיע („קעגן דער פינאַנץ=אָליגאַרכיע אין פראַנקרייך" — אַזוי איז דאָס קעפּל פון ליזיסעס באַוואוסטן בוך, וואָס איז אין 1908-טן יאָר אַרויס אין דער פינפטער אויפלאַגע) אָנגענומען בלויז אַביסל אַ געענדערטע פאָרם. באַם אַרויסלאָזן ווערטפּאַפּירן האָבן די פיר גרעסערע בענק ניט קיין רעלאַטיווע, נאָר אַן אַבסאָלוטע מאָנאָ-פּאָליע. פאַקטיש איז עס „אַ טרעסט פון די גרויסע בענק", און די מאָנאָפּאָליע גאַראַנטירט זיי אויך מאָנאָפּאָליע=רעוואָכים פון עמיסיעס. דאָס לאַנד, וואָס באַ-קומט האַלוואָע, באַקומט געוויינלעך ניט מער ווי 90% פון דער גאַנצער סומע, 10% קומט אָן די בענק און די איבעריקע פאַרמיטלער. דער רעווען פון די בענק באַ דער רוסיש-כינעזישער האַלוואָע פון 400 מיליאָן פראַנק האָט באַ=טראָפן 8 פּראָצ., באַ דער רוסישער (1904) פון 800 מיליאָן — 10 פּראָצ., באַ דער מאַראָקאַנישער (1904) פון 62½ מיליאָן — 18¾ פּראָצענט. דער קאַ-פּיטאַליזם, וואָס האָט אָנגעהויבן זיין אַנטוויקלונג פון דעם קליינעם וואָכערישן קאַפּיטאַל, פאַרענדיקט זיין אַנטוויקלונג מיט אַ גיגאַנטישן וואָכערישן קאַפּיטאַל. „די פראַנצויזן זיינען די פּראָצענטניקעס פון אייראָפּע", — זאָגט ליזיס. מאַכמעס

אַט דעם איבערגעבוירן ווערן פונם קאַפּיטאַליזם ענדערן זיך טיף אַלע באַדינ=
גונגען פון עקאָנאָמישן לעבן. באַ אַ שטילשטאַנד אין וואוקס פון דער באַפעל=
קערונג, פון דער אינדוסטריע, פונם האַנדל, פונם יאַם-טראַנספּאָרט, „איז נאָר
פון פראָצענט קאָן דאָס לאַנד רייך ווערן". פופציק מענטשן, וועלכע שטעלן
מיט זיך פאַר אַ קאַפּיטאַל פון 8 מיליאָן פראַנק, קענען שאַפן איבער צוויי
מיליאַרד אין פיר בענק. די סיסטעם פון „אַנטיילנעמען", מיט וועלכער מיר
זיינען שוין באקאַנט, ברענגט צו דיזעלביקע רעזולטאַטן; איינער פון די גרעסטע
בענק — „די גענעראַל=געזעלשאַפט" (Société Générale) לאָזט אַרויס 64.000
אָבליגאַציעס פון דער „טאָכטער=געזעלשאַפט", — פון די „ראַפינאַד-זאַוואָדן אין
עגיפטן". דער אַרויסלאָז=קורס איז 150%, ד. ה. דער באַנק פאַרדינט 50 קאָפּ.
אַף אַ רובל. די דיווידענדן פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט האָבן זיך אַרויסגע=
וויזן פאַר פיקטיווע, „דער אוילעם" האָט פאַרלאָרן פון 90 ביז 100 מיליאָן
פראַנק. איינער פון די דירעקטאָרן פון דער „גענעראַל=געזעלשאַפט" איז געווען
אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג אין די „ראַפינאַד-זאַוואָדן". ס'איז דעריבער
קיין וואונדער ניט, וואָס דער אַווטאָר האָט געמוזט קומען צו אַזאַ אויספיר:
„די פראַנצויזישע רעפובליק איז אַ פינאַנץ-מאָנאַרכיע"; די פינאַנץ-אָליגאַרכיע
הערשט פולשטענדיק; זי געוועלטיקט הען איבער דער פרעסע און הען איבער
דער רעגירונג"[50].

די אויסשליסלעך הויכע רעוועכדיקייט, וואָס עס גיט די אַרויסלאָזונג פון
ווערטפּאַפּירן, וועלכע שטעלט מיט זיך פאַר איינע פון די הויפּט=אָפּעראַציעס
פונם פינאַנץ=קאַפּיטאַל, שפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג
און אין דער פאַרפעסטיקונג פון דער פינאַנץ-אָליגאַרכיע. „אינעווייניק אינם
לאַנד איז ניטאָ קיין איין געשעפט, וואָס זאָל געבן אַפילו לעפּיערעך אַזאַ הויכן
רעווע, ווי די פאַרמיטלעריי באַם אַרויסלאָזן אויסלענדישע האַלוואָעס", — שרייבט
דער דייטשישער זשורנאַל „דער באַנק"[51].

„ס'איז ניטאָ קיין איין באַנק=אָפּעראַציע, וועלכע זאָל ברענגען אַזאַ הויכן
רעווע, ווי דער עמיסיע-געשעפט". דער דורכשניטלעכער רעווע פאַר אַ יאָר
באַם אַרויסלאָזן פאָנדן פון אינדוסטריע-אונטערנעמונגען איז געווען, לויט די
מאַטעריאַלן פון דעם „דייטשישן עקאָנאָמיסט":

| | |
|---|---|
| 1895 | 38,6% |
| 1896 | 36,1 „ |
| 1897 | 66,7 „ |
| 1898 | 67,7 „ |
| 1899 | 66,9 „ |
| 1900 | 55,2 „ |

אין אַ מעשעך פון צען יאָר (1891—1900) איז באַם אַרויסלאָזן די דייט-
שישע אינדוסטריע-פאָנדן „פאַרדינט" געוואָרן העכער אַ מיליאַרד[52].

אויב אין אַ צייט פון אינדוסטריע-אויפשטייג זיינען די רעוואָכים פונם
פינאַנץ-קאַפּיטאַל אומגעהויער גרויס, איז אין אַ צייט פון דעפּרעסיע קומען אום

די קליינע און ניט פעסטע אונטערנעמונגען, און די גרויסע בענק „נעמען אָנ־טייל" אין אויפקויפן פאַר ביליק אָדער אין „געזונטמאַכונגען" און אין „רעאָר־גאַניזירונגען", וועלכע ברענגען אַ גאַנץ שיינעם רעווער. באַם „געזונטמאַכן" אונטערנעמונגען, וואָס ברענגען היזיק, ווערט פאַרקלענערט דער אַקציען-קאַ־פּיטאַל, דאָס הייסט די פאַרנאָסע ווערט פאַרטיילט אַף אַ קלענערן קאַפּיטאַל. און אַף לעהאַבע ווערט זי שוין אויסגערעכנט אַף דעמדאָזיקן פאַרקלענערטן קאַפּיטאַל. אָדער אויב די האַכנאָסעדיקייט איז דערגאַנגען ביז 0, ווערט דאַן צוגעצויגן אַ נייער קאַפּיטאַל, וועלכער וועט שוין איצט טראָגן אַ גענוגנדיקע האַכנאָסע, נאָכדעם ווי ער האָט זיך פאַראייניקט מיטן אַלטן קאַפּיטאַל, וועלכער פלעגט טראָגן אַ קלענערע האַכנאָסע. מע דאַרף, אַגעוו, באַמערקן, — גיט צו הילפערדינג, — אַז אַט די אַלע געזונטמאַכונגען און רעאָרגאַניזירונגען האָבן אַ צווייענדיקן באַדייט פאַר די בענק: ערשטנס, איז דאָס אַן אָפּעראַציע, וואָס ברענגט רעווער, און, צווייטנס, איז דאָס אַ פּאַסיקע געלעגנהייט אַף צו מאַכן אָפּהענגיק פון זיך די געזעלשאַפטן, וואָס נויטיקן זיך אין זיי [53].

אָט איז אַ ביישפּיל: די באַרג-אינדוסטריעלע אַקציען-געזעלשאַפט „אוניאָן" אין דאָרטמונד איז געגרינדעט געוואָרן אין 1872-טן יאָר. מע האָט אַרויסגעלאָזן אַן אַקציען-קאַפּיטאַל פון קאָרעוו צו 40 מיליאָן מאַרק און, ווען דאָס ערשטע יאָר האָט געגעבן 12% דיווידענד, האָט זיך דער קורס פון די אַקציעס געהויבן ביז 170%. דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל האָט אַראָפּגענומען די סמעטענע און האָט פאַרדינט אַ „קלייניקייט" — עפּעס אַן 28 מיליאָן מאַרק. די הויפּטראָלע באַם גרינדן דידאָזיקע געזעלשאַפט האָט געשפּילט דערזעלביקער זייער גרויסער דייטשישער באַנק „דיסקאָנט-געזעלשאַפט", וואָס האָט בעשאָלעם דערגרייכט ביז אַ קאַפּיטאַל פון 300 מיליאָן מאַרק. דערנאָך פאַלן די דיווידענדן פון „אוניאָן" ביז נול. די אַקציאָנערן קומט אויס איינגיין אַף „אַראָפּשרייבן" דעם קאַפּיטאַל, ד. ה. מאַסקים זיין צו פאַרלירן אַ טייל פון קאַפּיטאַל, אַבי ניט אָנ־ווערן אים אינגאַנצן. אַלס רעזולטאַט פון אַ רייע אַזעלכע „געזונטמאַכונגען" ווערט אין מעשעך פון 30 יאָר פאַרשוואונדן פון די ביכער פון דער געזעל־שאַפט „אוניאָן" העכער 73 מיליאָן מאַרק. באַ היינטיקן טאָג געפינט זיך אין די הענט פון די אָנפאַנגלעכע אַקציאָנערן פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט סאַ־כאַקל 5% פון נאָמינאַלן ווערט פון זייערע אַקציעס [54], די בענק אָבער האָבן אַלץ „פאַרדינט" באַ איטלעכער „געזונטמאַכונג".

אַ באַזונדערס רעווועכדיקע אָפּעראַציע איז פאַר דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל די ספּעקוליאַציע מיט ערדפּלעצער אין די אומגעגנטן פון גיך וואַקסנדיקע גרויסע שטעט. די מאָנאָפּאָליע פון די בענק גיסט זיך דאָ צונויף מיט דער מאָנאָפּאָ־ליע אַף קאָמוניקאַציע-וועגן, ווייל דער וואוקס פון די פרייזן אַף ערדפּלעצער, די מעגלעכקייט גוט צו פאַרקויפן זיי שטיקלעכווייז א. א. וו. הענגט אָפּ מער פון אַלץ פון גוטע קאָמוניקאַציע-וועגן צום צענטער פון שטאָט, און דידאָזיקע קאָמוניקאַציע-וועגן געפינען זיך אין די הענט פון גרויסע קאמפּאַניעס, וועלכע זיינען צונויפגעבונדן מיט דיזעלביקע בענק דורך דער סיסטעם פון אנטיילנע־מען און דורך דער פאַרטיילונג פון דירעקטאָרן-שטעלעס. ס'באַקומט זיך דאָס,

וואָס דער דייטשישער שרייבער ל. עשווענע, א מיטאַרבעטער פונם זשורנאַל „דער באַנק“, וועלכער האָט ספּעציעל געשטודירט די אָפּעראַציעס מיטן ערד־פּלעצער-האַנדל, מיט היפּאטעק א. א. וו., האָט אָנגערופן מיטן נאָמען „זומפּ“: אַ געוואַלטיקע ספּעקולירונג מיט די פּאַרשטעטישע ערדפּלעצער, קראַכן פון בוי־פירמעס, ווי פון דער בערלינער פירמע „באָסוואַאו און קנאַאוער“, וועל-כע האָט דורך דער „פּאַרמיטלונג“ פון דעם זייער סאָלידן און גרויסן „דייטשישן באַנק“ (Deutsche Bank) אָנגעכאַפּט ארום 100 מיליאָן מאַרק; דער באַנק האָט, פאַרשטייט זיך, געארבעט לויט דער סיסטעם פון „אַנטיילנעמען“, ד. ה. באַהאַלטענערהייט, אונטער יענעמס פּלייצעס, און האָט זיך אַרויסגעדרייט, פאַר־לירנדיק סאַכאַקל 12 מיליאָן מאַרק, — ווייטער, די רואינירונג פון קליינע באַ-לעבאַטים און אַרבעטער, וואָס באַקומען גאָרניט ניט פון די אויפגעבלאָזענע בוי-פירמעס, פון שווינדלערישע געשעפטן, וועלכע מע מאַכט מיט דער בערלי־נער „אָרנטלעכער“ פּאָליציי און מיט דער אַדמיניסטראַציע אף צו פאַרכאַפּן אין די הענט דאָס אַרויסגעבן יעדיעס וועגן די ערדפּלעצער און די דערלויבענישן פון דער שטאָט-דומע אף אויפשטעלן ביניאָנים אוכעדוימע א. אז. וו. [55].

„די אַמעריקאַנער זיטן“, וועגן וועלכע די אייראָפּעאישע פּראָפעסאָרן און די וואוילדענקענדיקע בורזשואַ הויבן מיט צוויעס זייערע אויגן צום הימל, זיינען אין דער טקופע פון פינאַנץ-קאַפּיטאַל געוואָרן די זיטן בוכשטעבלעך פון אַלע גרויסע שטעט אין אלע לענדער.

אין בערלין האָט מען אין אָנהויב 1914-טן יאָר גערעדט וועגן דעם, אז עס שטייט פאַר אַן אויסבילדונג פון א „טראַנספּאָרט-טרעסט“, ד. ה. פון „א אינטערעסן-געמיינזאַמקייט“ צווישן די דריי בערלינער טראַנספּאָרט-אונטערנע-מונגען: צווישן דער שטאָטישער עלעקטרישער אייזנבאַן, דער טראַמוואַי-גע-זעלשאַפט און דער אָמניבוס־געזעלשאַפט. „אז אַזאַ מין קאַוואָנע איז פאַראַן, דאָס ווייסן מיר, — האָט געשריבן דער זשורנאַל „דער באַנק“, — זינט ס'איז באַ-וואוסט געוואָרן, אַז דאָס ראָוו אַקציעס פון דער אמניבוס־געזעלשאַפט איז אי-בערגעגאַנגען אין די הענט פון די צוויי איבעריקע טראַנספּאָרט-געזעלשאַפטן. מע קאָן פולקום גלויבן די פּערזאָנען, וועלכע שטעלן זיך אַזאַ צוועק, אז זיי האָפן דורך דער איינארטיקער רעגולירונג פון דער טראנספּאָרט-זאך אזוי פיל אַיינ-שפּארן, אז אַ טייל פון דעם אָפּגעשפּארטן זאָל טאַקע סאָפקאָלסאָף אָנקומען דעם אוילעם. די פראַגע אָבער ווערט קאָמפּליצירטער דורך דעם, וואָס הינטער דעמדאָ־זיקן טראַנספּאָרט-טרעסט, וואָס בילדעט זיך אויס, שטייען די בענק, וועלכע האָבן די מעגלעכקייט, אויב זיי ווילן נאָר ווילן, אונטערצואוואַרפן די דורך זיי מאָנאָפּאָליזירטע קאָמוניקאַציע־וועגן אונטער די אינטערעסן פון זייער האַנדל מיט ערדפּלעצער. קעדיי זיך צו איבערצייגן אין דעם, אף וויפל ס'איז נאַטירלעך אזא האַשאָרע, איז גענוג זיך צו דערמאָנען, אז שוין באַם גרינדן די געזעלשאַפט פון דער שטאָטישער עלעקטרישער אייזנבאַן זיינען פארמישט געווען די אינטע-רעסן פון יענעם גרויסן באַנק, וועלכער האָט מיטגעהאָלפן איר גרינדונג. און גראָד די אינטערעסן פון אָט דער טראַנספּאָרט-אונטערנעמונג זיינען געווען איבערגעפלאָכטן מיט די אינטערעסן פון האַנדל מיט ערדפּלעצער. די זאַך

באַשטייט אין דעם, וואָס די מיזרעך־ליניע פון דערדאָזיקער אייזנבאַן האָט געזאָלט אַרומנעמען יענע ערדפלעצער, וועלכע דערדאָזיקער באַנק האָט שפּעטער, ווען דאָס אויפבויען פון דער אייזנבאַן איז שוין געווען אַ זיכערע זאַך, פאַרקויפט מיט אַ גרויסן רעווען פאַר זיך און פאַר עטלעכע אנטיילנעמענדיקע פערזאָנען[56].

וויבאַלד נאָר די מאָנאָפּאָל האָט זיך אויסגעבילדעט און זי האָט צו שאַפן איבער אַסאַך מיליאַרדן, מוז זי מיט אַן אַבסאָלוטער אומפארמיידלעכקייט דורכנעמען אַלע זייטן פון געזעלשאפטלעכן לעבן, אומאָפּהענגיק פון דער פּאָליטישער אָרדענונג און פון וועלכע ס׳ניט איז אנדערע „פּראָטים”. ס׳איז אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך אין דער דייטשישער עקאָנאָמישער ליטעראַטור צו זעלבסטלויבן די אָרנטלעכקייט פון דער פּרייסישער באַאַמטנשאַפט און צו געבן אָנצוהערענישן וועגן דער פראַנצויזישער פּאַנאַמע און וועגן דער אַמעריקאנער פּאליטישער פאַרקויפלעכקייט. נאָר ס׳איז א פאַקט, אז אַפילע די בורזשואַזע ליטעראַטור, וואָס איז געווידמעט די באַנק-געשעפטן אין דייטשלאַנד, איז שטענדיק געצוואונגען ווייט אַרויסצוגיין פון די גרעניצן פון ריינע באַנקאָפּעראַציעס און שרייבן, לעמאָשל, וועגן דער „יאָגעניש אין באַנק אריין”[57], אדאַנק די אַלץ אָפטער ווערנדיקע פאַלן, ווען באַאַמטע גייען איבער דינען אין באַנק: „ווי האַלט עס מיט דער אומאונטערקויפלעכקייט פון דעם מלוכעבאַאַמטן, וואָס זיין אינעווייניקסטע שטרעבונג איז צו פאַרנעמען אַ פעט אָרט אין דער בערנגאַס?” *). אלפרעד לאנסבורג, דער אַרויסגעבער פונם זשורנאַל „דער באַנק”, האָט אין 1909-טן יאָר אָנגעשריבן אן אַרטיקל „דער עקאָנאָמישער באדייט פונם וויזאַנטיזם”, צווישן איבעריקן וועגן ווילהעלם דעם צווייטנס נעסיע קיין פּאַלעסטינע און וועגן „דעם אומיטלבאַרן רעזולטאַט פון דערדאָזיקער נעסיע, וועגן דער אויסבויאונג פון דער באַגדאדער אייזנבאַן-ליניע, — דעמדאָזיקן פאַטאַלן „גרויסן אויפטו פון דעם דייטשישן אונטערנעמונגס-גייסט”, וואס איז מער שולדיק אין דער „אַרומרינגלונג”, איידער אלע אונזערע פּאָליטישע קראַכן איניינעם גענומען” (אונטער אַרומרינגלונג פאַרשטייט מען דאָ די פּאָליטיק פון עדוואַרד דעם זיבעטן, וועלכער האָט געשטרעבט צו איזאָלירן דייטשלאַנד און אַרומרינגלען זי מיט אַ רינג פון אַ אימפּעריאַליסטישן אַנטידייטשישן פארבאַנד). דער שוין דערמאָנטער מיטארבעטער עשוועגע האָט אין 1912-טן יאָר אָנגעשריבן אַן ארטיקל „די פּלוטאָקראַטיע און די באַאַמטנשאפט”, וואו ער האָט אויפגעדעקט דעם צופאַל מיטן דייטשישן באַאַמטן פעלקער, וואָס איז געווען א מיטגליד פון דער קאַרטעלן-קאָמיסיע און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ענערגיע; אין אַ קורצער צייט ארום האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז ער פאַרנעמט אַ גאַנץ פעטע שטעל אין דעם גרעסטן קאַרטעל — אין שטאָל-סינדיקאַט. אזעלכע פאַלן, וואָס זיינען גאָרניט צופעליק, האָבן געצוואונגען דעמזעלביקן בורזשואזן שרייבער מוידע צו זיין, אז „די עקאָנאָמישע פרייהייט, וואָס איז גאַראַנטירט דורך דער דייטשישער קאָנסטיטוציע, איז אין אַסאַך געביטן פונם ווירטשאַפטלעכן לעבן געוואָרן אַ פּוסטע פראַזע אָן שום אינהאַלט”, און אַז בײַ דער עקזיסטירנדיקער הערשאַפט פון דער פּלוטאָקראַטיע „קאַן אונז

*) א גאַס אין בערלין, אף וועלכער ס׳געפינט זיך „דער דייטשישער באַנק”.

די ברייטסטע פּאָליטישע פרייהייט ניט ראַטעוועט פון דעם, אז מיר זאָלן ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פאָלק פון ניט קיין פרייע מענטשן״[58].

וואָס איז שײַעך רוסלאַנד, וועלן מיר זיך באַגרעניצן מיט איין ביי-שפּיל: עטלעכע יאָר צוריק האָבן אלע צייטונגען געבראַכט די ידיעה, אז דער דירעקטאָר פון דער קרעדיט-קאַנצעלאַריע דאווידאָוו פאַרלאָזט די רעגירונג-שטעלע און נעמט אָן א שטעלע אין איינעם פון די גרויסע בענק מיט אַ גע-האלט, וואָס דאַרף, לויטן אָפּמאַך, אין אַ מעשעך פון עטלעכע יאָר דערגרייכן ביז א סומע פון העכער א מיליאָן רובל. די קרעדיט-קאַנצעלאַריע איז אַן אנשטאַלט, וואָס זיין אויפגאַבע איז „צו פאַרייניקן די טעטיקייט פון אַלע קרע-דיט-אנשטאַלטן אין דער מלוכע״, און וועלכער סובסידירט די בענק פון די הויפּטשטעט אף אַ סומע ביז 800—1000 מיליאָן רובל [59].

ביכלאל ליגט אין דער טעווע פונם קאַפּיטאַליזם אָפּצוטיילן דאָס אייגנ-טום אַפן קאַפּיטאל פון זיין אָנווענדונג אין דער פּראָדוקציע, אָפּצוטיילן דעם געלטקאַפּיטאַל פונם אינדוסטריעלן אָדער פּראָדוקטיוון, אָפּצוטיילן דעם ראַנטיע, וועלכער לעבט בלויז פון דער האַכנאָסע, וואס עס ברענגט אים דער געלט-קאַפּיטאל, פון דעם אונטערנעמער און פון אלע פּערזאנען, וואָס נעמען אַ די-רעקטן אנטייל אין שאַפן איבערן קאַפּיטאל. דער אימפּעריאַליזם אדער די הערשאַפט פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל איז די העכסטע שטופע פון קאַפּיטאליזם, בײַ וועלכער דידאָזיקע אָפּטיילונג דערגרייכט אַ קאָלאָסאַלן מאסשטאַב. די איבערמאַכט פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל איבער אלע איבעריקע פאָרמען פון קאַ-פּיטאל באַדייט די הערשנדיקע לאַגע פון די ראַנטיע און פון דער פינאַנץ-אליגאַרכיע, באדייט, אז די קליינע צאָל פינאַנציעל „מעכטיקע״ מלוכעס ווערט אויסגעטיילט פון אלע איבעריקע מלוכעס. ווי ווייט ס׳דערגרייכט דערדאָזיקער פּראָצעס, קאָן מען זעען פון דער עמיסיע-סטאַטיסטיק, ד. ה. פון דער סטא-טיסטיק וועגן אַרויסלאָזן קאָלערליי ווערט-פּאַפּירן.

אינם „ביולעטען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן סטאַטיסטישן אינסטיטוט״ האָט אַ. ניימאַרק פאַרעפנטלעכט זייער אויספירלעכע, פולע און פארגלייכבארע ציפערן וועגן עמיסיעס אין דער גאַנצער וועלט, ציפערן, וועלכע זיינען שוין טיילווייז ניט איינמאָל ציטירט געוואָרן אין דער עקאָנאָמישער ליטעראטור. אָט זיינען די סאַכאקלען פאַר 4 יאָרצענדליקער.

דער סכום פון עמיסיעס אין מיליאַרדן פראַנק פאַרן יאָרצענדליק:

| | |
|---|---|
| 1871—1880 . . . . . . . . | 76,1 |
| 1881—1890 . . . . . . . . | 64,5 |
| 1891—1900 . . . . . . . . | 100,4 |
| 1901—1910 . . . . . . . . | 197,8 |

אין די 70-ער יאָרן האָט זיך דער אלגעמיינער סכום פון עמיסיעס אף דער גאנצער וועלט פאַרגרעסערט, באַזונדערס דורך האלוואָעס אין פאַרבינדונג מיט דעם פראַנצויזיש-פּרייסישן קריג און מיט דער גרינדערײ-טקופע אין דייטשלאַנד, וואָס איז געקומען גלייך נאָכן קריג. אין אַלגעמיין און אינגאנצן

גייט די פאַרגרעסערונג אין מעשעך פון די לעצטע דריי יאָרצענדליקער פון 19-טן יאָרהונדערט ניט זייער גיך, און נאָר דער ערשטער יאָרצענדליק פון 20-טן יאָרהונדערט גיט אַ קאָלאָסאלע פאַרגרעסערונג, קימאַט א פאַרדאָפּלונג פאַר 10 יאָר. דער אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז, הייסט עס, אַ טקופע פון איבערבראָך ניט בלויז אינם פראַט פון וואוקס פון מאָנאָפּאָלן (פון קאַרטעלן, סינדיקאַטן, טרעסטן), וואָס וועגן דעם האָבן מיר שוין גערעדט, נאָר אויך אינם פראַט פון וואוקס פון פינאַנץ-קאַפּיטאַל.

די אַלגעמיינע סומע פון ווערט-פּאַפּירן אין דער וועלט אין 1910-טן יאָר באַשטימט ניימארק אַן ערעך אין 815 מיליארד פראַנק. אַראָפּנעמענדיק בעערעך די איבערכאַזערונגען, פאַרקלענערט ער דידאָזיקע סומע ביז 575—600 מיליארד. אָט איז די פאַרטיילונג צווישן איינצלנע לענדער (מיר נעמען 600 מיליאַרד).

די סומע פון ווערט-פּאַפּירן אין 1910-טן יאָר (מיליארדן פראַנק).

| | | |
|---|---|---|
| ענגלאַנד . . . . . . . . . | 142 | 479 |
| די פאַרייניקטע שטאַטן . . . . | 132 | |
| פראַנקרייך . . . . . . . . | 110 | |
| דייטשלאַנד . . . . . . . . | 95 | |
| רוסלאַנד . . . . . . . . . | 31 | |
| עסטרייך-אונגאַרן . . . . . . | 24 | |
| איטאַליע . . . . . . . . | 14 | |
| יאַפּאָניע . . . . . . . . | 12 | |
| האָלאַנד . . . . . . . . . | 12,5 | |
| בעלגיע . . . . . . . . . | 7,5 | |
| שפּאַניע . . . . . . . . . | 7,5 | |
| שווייץ . . . . . . . . . | 6,25 | |
| דענעמאַרק . . . . . . . . | 3,75 | |
| שוועדן, נאָרוועגיע, רומעניע און די איבעריקע . . . . . | 2,5 | |
| סאַכאַקל . . . . . | 600 | |

פון אָט די ציפערן איז גלייך קענטיק, ווי שאַרף עס טיילן זיך אויס די פיר רייכסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וועלכע האָבן יעדערע אַן ערעך פון 100 ביז 150 מיליאַרד פראַנק אין ווערט-פּאַפּירן. צוויי פון זיי זיינען די סאַמע עלטסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער און, ווי מיר וועלן זען, די רייכסטע מיט קאָלאָניעס: ענגלאַנד און פראַנקרייך; די איבעריקע צוויי זיינען די סאַמע פאַר-געשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, לויט דער גיכקייט פון אנטוויקלונג און לויט דער מאָס, אין וועלכער ס'זיינען פאַרשפּרייט קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן אין דער פּראָדוקציע — די פאַרייניקטע שטאַטן און דייטשלאַנד. אָט די פיר לענדער האָבן אינאיינעם 479 מיליאַרד פראַנק, דאָס הייסט קימאַט 80% פון דעם אַלוועלטלעכן פינאַנץ-קאַפּיטאַל. קימאַט די גאַנצע איבעריקע וועלט שפּילט, אַזוי אָדער אַנדערש, די ראָלע פון א באַלכויוו און פון אַ צינזצאָלער בענויגייע

צו דידאָזיקע לענרער—בענויגייע צו די אינטערנאַציאָנאַלע באַנקירן, בענויגייע צו אָט די פיר „זיילן" פון דעם אַלוועלטלעכן פינאַנץ־קאַפּיטאַל.

ספּעציעל מוז מען זיך אָפּשטעלן אַף דער ראָלע, וואס עס שפּילט דער עקספּאָרט פונם קאַפּיטאַל באַם שאַפן די צווישנפעלקערלעכע נעץ פון אָפּהענגיקייט און פון פאַרבינדונגען פונם פינאַנץ־קאַפּיטאַל.

---

# 4. עקספּאָרט פון קאַפּיטאַל.

פאַרן אַלטן קאַפּיטאַליזם, מיט דער פולער הערשאַפט פון פרייער קאָנקורענץ, איז געווען טיפּיש דער עקספּאָרט פון סכוירעס. פאַר דעם נייסטן קאַפּיטאַליזם, מיט דער הערשאַפט פון מאָנאָפּאָלן, איז געוואָרן טיפּיש דער עקספּאָרט פון קאַפּיטאַל.

דער קאַפּיטאַליזם איז אַ סכוירעס־פּראָדוקציע אַף דער העכסטער אַנטוויקלונגס־שטופע אירער, ווען אויך די אַרבעט־קראַפט ווערט אַ סכוירע. דער כאַראַקטעריסטישער אונטערשייד־שטריך פונם קאַפּיטאַליזם איז דער וואוקס פונם אויסטויש, הען אינעווייניק אינם לאַנד, הען, באַזונדערס, פון דעם צווישנפעלקערלעכן אויסטויש. אומגלייכמעסיקייט און זיגזאַג־אַרטיקייט אין דער אַנטוויקלונג פון איינצלנע אונטערנעמונגען, פון איינצלנע אינדוסטריע־צווייגן, פון איינצלנע לענדער זיינען באַם קאַפּיטאַליזם אומפאַרמיידלעך. לעכאַטכילע איז ענגלאַנד, פריער פון די איבעריקע לענדער, געוואָרן אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד און צום מיטן פון 19־טן יאָרהונדערט, נאָכדעם ווי זי האט איינגעפירט פרייען האַנדל, האָט זי פּרעטענדירט אַף דער ראָלע „פון אַ וואַרשטאַט פאַר דער גאַנצער וועלט", פון אַ ליוועראַנט פון פאַבריקאַטן אין אַלע לענדער, וועלכע האָבן געזאָלט דערפאַר, אַלס בייט, פאַרזאָרגן זי מיט רוימאַטעריאַלן. נאָר די דאָזיקע מאָנאָפּאָליע פון ענגלאַנד איז שוין געווען אונטערגעריסן אין לעצטן פערטל פון 19־טן יאָרהונדערט, ווייל אַ רייע אַנדערע לענדער, באוואָרנדיק זיך מיט „שוץ"־אָפּצאָלונגען, האָבן זיך אַנטוויקלט צו זעלבשטענדיקע קאַפּיטאַליסטישע מלוכעס. אַף דער שוועל פון 20־טן יאָרהונדערט זעען מיר די אויסבילדונג פון אַן אַנדער מין מאָנאָפּאָליע: ערשטנס, די אויסבילדונג פון מאָנאָפּאָליסטישע קאַפּיטאַליסטן־פאַרבאַנדן אין אַלע לענדער פון אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם; צווייטנס, די אויסבילדונג פון דער מאָנאָפּאָליסטישער לאַגע פון אַ קליינער צאָל זייער רייכע לענדער, אין וועלכע די אָנזאמלונג פון קאַפּיטאַל האט דערגרייכט אַ גיגאַנטישן מאַסשטאַב. אין די פאָרשריטלעכע לענדער איז אויפגעקומען אַ גרויסער סכום „איבעריקער קאַפּיטאַל".

ס'פאַרשטייט זיך, אַז אויב דער קאַפּיטאַליזם וואָלט אימשטאַנד געווען צו אַנטוויקלען די ערדאַרבעט, וועלכע איז איצט אומעטום שרעקלעך אָפּגעשטאַנען פון דער אינדוסטריע, אויב ער וואָלט אימשטאַנד געווען אויפצוהייבן דעם לעבנסגראַד פון די באַפעלקערונגס־מאַסן, וועלכער בלייבט אומעטום, ניט

געקוקט אף דעם קאָפּשווינדלדיקן טעכנישן פּראָגרעס, א האלב־הונגעריקער און אַן אָרימער — דאַן וואָלט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין וועגן איבעריקן קאַפּיטאַל. און אַזאַ „ראַיע״ ווערט טאַקע אַף יעדן שריט און טריט ארויסגע־רוקט מיצאַד די קליינבירגערלעכע קריטיקער פון קאַפּיטאַליזם. דער קאַפּיטא-ליזם וואָלט אָבער דאַן קיין קאפּיטאליזם ניט געווען, ווייל אי די אומגלייכ־מעסיקייט פון אנטוויקלונג, אי דער האלב-הונגעריקער לעבנסגראַד פון די מאסן זיינען גרונטלעכע און אומפארמיידלעכע באדינגונגען און פאָרהאנאָכעס פון דעמדאָזיקן פּראָדוקציע-אויפן. קאָלזמאַן דער קאפּיטאליזם בלייבט קאפּיטא־ליזם, וועט דער איבעריקער קאפּיטאל פאַרטאָן ווערן ניט אַף אויסבעסערן דעם לעבנס-מאַצעוו פון די מאסן אין דעם געגעבענעם לאנד, ווייל דאס וואָלט הייסן קלענער מאכן דעם רעוועך פון קאפּיטאליסט, נאָר ער וועט פארטאָן ווערן אַף העכערן דעם רעוועך דורך עקספּאָרטירן קאפּיטאל קיין אויסלאנד אין די אָפּגעשטאנענע לענדער. אין דידאָזיקע אָפּגעשטאנענע לענ-דער איז דער רעוועך געוויינלעך א הויכער, ווייל קאפּיטאלן איז פאַראַן ווייניק, די פּרייז אף ערד איז לעפּיערעך א קליינע, דער ארבעטלוין א נידע־דעריקער, רוימאַטעריאלן זיינען ביליק. די מעגלעכקייט צו עקספּאָרטירן קאַ-פּיטאל ווערט געשאפן דורך דעם, וואס א רייע אָפּגעשטאנענע לענדער איז שוין אריינגעצויגן אין דעם קרייז פונם וועלט-קאפּיטאליזם, ס'זיינען דורכגע-פירט געוואָרן, אָדער אַלקאָלפּאָנים אָנגעהויבן געוואָרן די הויפּטליניעס פון די אייזנבאנען, ס'זיינען גאראנטירט די עלעמענטאַרע באַדינגונגען פאר דער אינ-דוסטריע-אנטוויקלונג און אז. וו. די נויטיקייט צו עקספּאָרטירן קאפּיטאלן ווערט געשאפן דורך דעם, וואס אין א קליינער צאָל לענדער איז דער קא-פּיטאליזם „איבערצייטיק געוואָרן״, און דעם קאפּיטאל פעלן אויס (באַ דער בא-דינגונג פון אָפּגעשטאנענקייט פון ערד-ארבעט און פון אָרימקייט פון די מאַסן) ערטער, וואו ער קאָן „רעוועכדיק״ פאַרטאָן ווערן.

אָט זיינען לעפּיערעכדיקע ציפערן וועגן דער גרויס פון קאפּיטאל, וואס איז אריינגעלייגט אין אויסלאנד דורך די דריי הויפּט-לענדער [60].

### דער קאפּיטאל, וואס איז אריינגעלייגט אין אויסלאנד (אין מיליארדן פראנק).

| יארן | ענגלאנד | פראנקרייך | דייטשלאנד |
|---|---|---|---|
| 1862 | 3,6 | — | — |
| 1872 | 15 | 10 (1869) | — |
| 1882 | 22 | 15 (1880) | ? |
| 1893 | 42 | 20 (1890) | ? |
| 1902 | 62 | 27—37 | 12,5 |
| 1914 | 75—100 | 60 | 44 |

פון דאנען זעען מיר, אז נאָר אין אנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט האט

דער עקספּאָרט פון קאפּיטאל דערגרייכט א גיגאנטישע אנטוויקלונג. פאר דער מילכאָמע האט דער קאפּיטאל, וואס איז געווען ארייננעלייגט אין אויסלאנד דורך די דריי הויפּטלענדער, דערגרייכט ביז 120—175 מיליארד פראנק. לויט דער באשיידענער נאָרמע פון 5%, האט די האכנאָסע פון דעררדאָזיקער סומע געדארפט דערגרייכן 8—10 מיליארד פראנק א יאָר. סאָראַ סאָלידער פונדא-מענט פאר אימפּעריאליסטישער אונטערדריקונג און פאר עקספּלואטירן די מער-הייט נאציעס און לענדער פון דער וועלט, פארן קאפּיטאליסטישן פאראזיטיזם פון א הייפעלע זייער רייכע מלוכעס!

אף דער פראגע וועגן דעם, ווי אזוי דעררדאָזיקער קאפּיטאל, וואס איז פארטאָן אין אויסלאנד, ווערט פארטיילט צווישן די פארשיידענע לענדער, אין וועלכע ער איז פארטאָן, קאָן מען געבן מער ניט ווי א לעפּיערעכדיקן ענט-פער, וועלכער איז פונדעסטוועגן אימשטאנד צו באלייכטן אייניקע אלגעמיינע פארהעלטענישן און פארבינדונגען פונם מאָדערנעם אימפּעריאליזם:

די וועלט-טיילן, צווישן וועלכע ס'זיינען פארטיילט (לעפּי-ערעך) די אויסלענדישע קאפּיטאלן (אין 1910-טן יאָר אן ערעך, אין מיליארדן מארק).

| | ענגלאנד | פראנקרייך | דייטשלאנד | סאכאקל |
|---|---|---|---|---|
| אייראָפּע | 4 | 23 | 18 | 45 |
| אַמעריקע | 37 | 4 | 10 | 51 |
| אַזיע, אַפריקע און אַווסטראַליע | 29 | 8 | 7 | 44 |
| סאכאקל | 70 | 35 | 35 | 140 |

אין ענגלאנד רוקן זיך אַרויס אַפן ערשטן אָרט אירע קאָלאָניאַלע באַ-זיצונגען, וואָס זיינען זייער גרויס אויך אין אַמעריקע (קאנאַדע, לעמאָשל), ניט גערעדט שוין וועגן אזיע און אַנדערע. דער גיגאַנטישער עקספּאָרט פון קאַפּיטאַל איז ענגער פון אַלץ צונויפגעבונדן מיט גיגאַנטישע קאָלאָניעס, וואָס וועגן זייער באדייט פאַרן אימפּעריאַליזם וועלן מיר נאָך שפּעטער ריידן. אַנ-דערש איז די זאַך אין פראַנקרייך. דאָ איז דער אויסלענדישער קאַפּיטאַל ארייננעלייגט הויפּטזאַכלעך אין אייראָפּע און, קודעמקאָל, אין רוסלאַנד (ניט ווייניקער פון 10 מיליאַרד פראַנק); און דערביי איז עס דעריקער ליי-קאַפּיטאַל, מלוכע-האַלוואָעס, און ניט קיין קאַפּיטאַל, וואָס איז פאַרטאָן אין אינדוסטריע-אונטערנעמונגען. דעם פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם קען מען, צום אונטערשייד פונם ענגלישן, פונם קאָלאָניאַלן אימפּעריאַליזם, אָנרופן וואָכער-אימפּעריאַליזם. אין דייטשלאַנד איז א דריטער מין אימפּעריאַליזם: די קאָלאָניעס אירע זיינען ניט גרויס, און איר אויסלענדישער קאַפּיטאַל איז קימאַט גלייכמעסיק צעטיילט צווישן אייראָפּע און אַמעריקע.

דער עקספּאָרט פון קאַפּיטאַל ווירקט אין יענע לענדער, וואוהין ער ווערט געוועגדעט, אַף דער אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם, פאַרגיכערנדיק אומ-

געהויער דידאַזיקע אַנטוויקלונג, און אויב דערדאָזיקער עקספּאָרט איז דעריבער אימשטאַנד צו ברענגען אַ וועלכן ס'ניט איז אָפּהאַלט אין דער אַנטוויקלונג אין די לענדער, וואָס עקספּאָרטירן, קען עס פאָרקומען נאָר אפן כעשבן פון פאַר-ברייטערן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין דער גאַנצער וועלט.

די לענדער, וואָס עקספּאָרטירן קאַפּיטאַל, באַקומען קימאַט שטענדיק די מעגלעכקייט צו באַקומען פאר זיך געוויסע „נוצן". דער כאַראַקטער פון דידאָ-זיקע „נוצן" וואַרפט אָפּ אַ שיין אַף דער אייגנאַרטיקייט פון דער טקופע פון פינאַנץ-קאַפּיטאַל און פון מאָנאָפּאָליעס. אָט וואָס עס האָט, לעמאָשל, געשריבן אין אָקטיאַבר 1913 יאָר דער בערלינער זשורנאַל „דער באַנק":

„אַף דעם אינטערנאַציאָנאַלן מאַרק פון קאַפּיטאַלן ווערט פון גאָר ניט לאַנג אָן אָפּגעשפּילט אַ קאָמעדיע, וועלכע איז ווערט צו באַשריבן ווערן דורך אריסטאָפאַנען. אַ גאַנצע רייע פרעמדע מלוכעס, פון שפּאַניע ביז די באַלקאַנען, פון רוסלאַנד ביז ארגענטינע, בראַזיליע און כינע, טרעטן אָפן אַרויס פאַר די גרויסע געלטמערק מיט פאָדערונגען, אַמאָל העכסט דרינגענדיקע, צו באַקומען א האַלוואָע. די געלטמערק זיינען איצט ניט גאָר אין קיין גלענצנדיקער לאַגע, און די פּאָליטישע פערספּעקטיוון זיינען ניט קיין פריילעכע, נאָר קיין איינער וואגט ניט אָפּצוזאָגן אין דער האַלוואָע, ווייל ער האָט מוירע, אַז זיין שאָכן וועט אים פאַרלויפן דעם וועג, וועט איינגיין אף דער האַלוואָע און וועט אַף אַזאַ אויפן גאַראַנטירן פאַר זיך געוויסע נוצן פאַר די טויוועס. באַ אַזאַ מין אַרט צווישנפעלקערלעכע געשעפטן קומט קימאַט שטענדיק עפּעס אָן דעם קרע-דיטאָר; אַ האַנאָכע אינם האַנדלס-אָפּמאַך, אַ קוילן-סטאַנציע, אויפבויען אַ האפן, א פעטע קאָנצעסיע, אַ באַשטעלונג אַף הארמאַטן[61].

דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל האָט געשאַפן אַ טקופע פון מאָנאָפּאָליעס, און די מאָנאָפּאָליעס ברענגען אומעטום צו מאָנאָפּאָליסטישע פּרינציפּן: דאָס אָרט פון קאָנקורענץ אפן אָפענעם מאַרק פאַרנעמט די אויסנוצונג פון „פאַרבינדונגען" צוליב אַ לוינענדיקן געשעפט. א גאַנץ געוויינלעכע זאַך: די האַלוואָע ווערט געגעבן מיט אַ טנאַי, אז אַ טייל אירער זאָל אויסגעגעבן ווערן אַף איינקויפן פּראָדוקטן פונם לאַנד, וואָס קרעדיטירט, באַזונדערס אַף איינקויפן פאַרשיידן געוועער, שיפן און אז. וו. אין מעשעך פון די לעצטע צוויי יאָרצענדליקער (1890—1910) פלעגט פראַנקרייך גאַנץ אָפט אָנווענדן דאָסדאָזיקע מיטל. דער עקספּאָרט פון קאַפּיטאַלן קיין אויסלאַנד ווערט אַ מיטל אונטערצוהאַלטן דעם עקספּאָרט פון סכוירעס קיין אויסלאַנד, און דערביי זיינען די געשעפטן באַ-זונדערס צווישן די גרויסע אונטערנעמונגען אַזעלכע, אַז זיי געפינען זיך, ווי ס'האָט זיך „ווייך" אויסגעדריקט שילדער, „אַף דער גרעניץ פון אונטערקויפן". קרופּ אין דייטשלאַנד, שניידער אין פראַנקרייך, ארמסטראָנג אין ענגלאַנד זיינען מוסטערן פון אַזעלכע פירמעס, וואָס זיינען ענג צוזאַמענגעבונדן מיט די גיגאַנ-טישע בענק און מיט דער רעגירונג, און וועלכע ס'איז שווער „אויסצומיידן", בעאייס מע מאַכט אַ האַלוואָע.

פראַנקרייך האָט, לייענדיק געלט רוסלאַנד, זי „צוגעדריקט״ אינם האַנדלס-אָפּמאַך פון 16 סענטיאַבר 1905 און האָט אויסגערעדט פאַר זיך געוויסע האַנאָכעס ביזן 1917 יאָר. דאָס אייגענע איז אויך בענויגייע דעם האַנדלס-אָפּמאַך מיט יאַפּאָניע פון 19 אַווגוסט 1911-טן יאָר. די מילכאָמע צווישן עסט-רייך מיט סערביע פאַר די גרעניץ-צאָלונגען, וועלכע האָט מיט א זיבנכאַדאָ-שימדיקער האַפּסאָקע געדויערט פון 1905 ביז 1911 יאָר, איז טיילווייז ארויס-גערופן געוואָרן דורך דער קאָנקורענץ צווישן עסטרייך און פראַנקרייך אין איניען פון צושטעלן פאַר סערביע קריגס-מאַטעריאַלן: פאַל דעשאַנעל האָט אין יאַנוואַר 1912 יאָר געמעלדעט אין פּאַרלאמענט, אַז די פראַנצויזישע פירמעס האָבן פאַר די יאָרן 1908—1911 צוגעשטעלט פאַר סערביע קריגס-מאַטעריאַלן פאַר 45 מיליאָן פראַנק.

אין דעם באריכט פון דעם עסטרייך-אונגאַרישן קאָנסול אין סאַאָ-פּאאולע (בראַזיליע) ווערט געזאָגט: „די בויאונג פון די בראַזילישע אייזנבאַנען קומט פאַר דאָסראָוו אַף פראַנצויזישע, בעלגישע, בריטאַנישע און דייטשישע קאַפּיטאַלן; דידאָזיקע לענדער באַווערענען פאַר זיך באַ די פינאַנץ-אָפּעראַציעס, וואָס זיינען צונויפגעבונדן מיט בויען די אַייזנבאַנען, דאָס צושטעלן פון בוי-מאַטעריאַלן פאַר די אַייזנבאַנען״ [62].

דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל פאַרוואַרפט אַף אַזאַ אויפן אין בוכשטעבלעכן זינען פון וואָרט זיינע נעצן אין אלע לענדער פון דער וועלט. אַ גרויסע ראָלע שפּילן דערביי די בענק, וואָס ווערן געגרינדעט אין די קאָלאָניעס, און זייערע אָפּטיילונגען. די דייטשישע אימפּעריאַליסטן קוקן מיט קינאַ אַף די „אַלטע״ קאָ-לאָניאַלע לענדער, וועלכע האָבן זיך אין דעם פּראַט באַזונדערס „גוט״ בא-וואָרנט. ענגלאַנד האָט אין 1904-טן יאָר געהאט 50 קאָלאָניאלע בענק מיט 2279 אָפּטיילונגען (אין 1910-טן יאָר — 72 מיט 5449 אָפּטיילונגען); פראַנקרייך—20 מיט 136 אָפּטיילונגען, האָלאַנד — 16 מיט 48, און דייטשלאַנד סאַכאַקל 13 מיט זיבעציק אָפּטיילונגען [63]. די אמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן זיינען פון זייער זייט מעקאַנע די ענגלישע און דייטשישע: „אין דאָרעם-אַמעריקע,—האָבן זיי זיך געקלאָגט אין 1915-טן יאָר, — האָבן 5 דייטשישע בענק 40 אָפּטיילונגען, און 5 ענגלישע—70 אָפּטיילונגען״... ענגלאַנד און דייטשלאַנד האָבן פאַר די לעצטע 25 יאָר פאַרטאָן אין ארגענטינע, בראַזיליע, אורוגוואי אַן ערעך 4 מיליאַרד דאָלער, און דער רעזולטאַט פון דעם איז אַזאַ, אַז אין זייערע הענט געפינט זיך 40% פונם האַנדל אין דידאָזיקע דריי לענדער [64].

די לענדער, וואָס עקספּאָרטירן קאַפּיטאַל, האָבן, פיגוראַל גערעדט, צע-טיילט צווישן זיך די וועלט, נאָר דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל האָט געבראַכט אויך צו אַ **דירעקטער** צעטיילונג פון דער וועלט.

# 5. די צעטיילונג פון דער וועלט צווישן פארבאנדן פון קאפיטאליסטן.

די מאָנאָפּאליסטישע קאפיטאליסטן=פארבאנדן — די קארטעלן=סינדיקאטן, טרעסטן — טיילן קודעמקאָל פאנאנדער צווישן זיך דעם אינערלעכן מארק, פארכאפנדיק מער אָדער ווייניקער פולשטענדיק אין די אייגענע הענט די פּראָדוקציע פון דעם געגעבענעם לאנד. באם קאפיטאליזם איז אבער דער אינערלעכער מארק אומפארמיידלעך צונויפגעבונדן מיט דעם אויסערלעכן. דער קאפיטאליזם האט שוין לאנג באשאפן אַן אַלוועלטלעכן מארק. און אַף וויפל ס'איז געוואקסן דער עקספּאָרט פון קאפיטאל, און ס'זיינען פארברייטערט געוואָרן אַף אלערליי אויפאנים די קאָלאָניאלע פארבינדונגען און די „ווירקונגספערעס" פון די גרעסטע מאָנאָפּאָליסטישע פארבאנדן, אַף אזוי פיל איז די זאַך „נאטירלעך" צוגעגאנגען צו אַן אלוועלטלעכן אָפּמאך צווישן זיי, צו דער אויסבילדונג פון צווישנפעלקערלעכע קארטעלן.

דאָס איז אַ נייע שטופע אין דער אלוועלטלעכער קאָנצענטרירונג פונם קאפיטאל און פון דער פּראָדוקציע, אָן אַן ערעך אַ העכערע שטופע, איידער די פריערדיקע. לאָמיר אַ קוק טאָן, ווי אזוי ס'וואקסט אויס דידאָזיקע אויבערמאָנאָפּאָל.

די עלעקטרישע אינדוסטריע איז די סאמע טיפּישע פאר די נייסטע דערפאָלגן פון טעכניק, פארן קאפיטאליזם אין סאָף פון נײַנצעטן און אנהויב פון צוואנציקסטן יאָרהונדערט. און מער ווי אומעטום האט זי זיך אנטוויקלט אין די צוויי סאמע פאָרגעשריטענע פון די נייע קאפיטאליסטישע לענדער — אין די פאראייניקטע שטאטן און אין דייטשלאנד. אין דייטשלאנד האָט א באזונדערס שטארקע ווירקונג אף דעם וואוקס פון קאָנצענטרירונג אין דעמדאָזיקן צווייג געהאט דער קריזיס פון 1900=טן יאָר. די בענק, וועלכע זיינען שוין צו יענער צייט געווען גענוג צונויפגעוואקסן מיט דער אינדוסטריע, האבן אַפן העכסטן גראַד פארגיכערט און פארטיפט אין דער צייט פון קריזיס דעם אונטערגאנג פון די לעפיערעך קליינע אונטערנעמונגען, זייער איינגעשלונגען ווערן דורך די גרויסע. „די בענק,—שרייבט איידעלס,— פלעגן אָפּזאָגן אין הילף גראָד יענע אונטערנעמונגען, וועלכע האבן זיך מער פון אלץ גענויטיקט אין איר, און דורך דעם פלעגן זיי ארויסרופן פון אָנהויב אַ מעשונעדיקן אויפשטײַג, און דערנאָך א האָפענונגסלאָזיקן קראַך פון יענע געזעלשאפטן, וואס זיינען ניט גענוג ענג געווען צונויפגעבונדן מיט זיי" [65].

אלס רעזולטאט פון דעם, איז נאָך דעם 1900-טן יאָר די קאָנצענטרירונג אָוועק מיט גיגאנטישע טריט פארויס. ביז 1900-טן יאָר איז אין דער עלעקטרישער אינדוסטריע געווען זיבן אָדער אַכט „גרופּן", און דערביי איז איטלעכע פון זיי באַשטאנען פון עטלעכע „געזעלשאפטן" (אינגאנצן איז געווען 28), און הינטער יעדערער איז געשטאנען פון 2 ביז 11 בענק. צו די יאָרן 1908—1912 האָבן זיך אָט די אלע גרופּן צונויפגעגאָסן אין צוויי אָדער אין איינער. אָט ווי אזוי ס'איז געגאנגען דערדאָזיקער פּראָצעס.

## גרופּן אין דער עלעקטרישער אינדוסטריע

**ביז 1910 יאָר:**

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| פעלטען און גיליאָם | לאַמייער | אוניאָן A. E. G. | סימענס גאַלסקע | שוקערט און קאָמפּ. | בערגמאַן | קומער |
| פעלטען און לאַמייער | | A. E. G. (אלגעמ. עלעק-טריע-געזעלש.) | סימענס און גאַלסקע-שוקערט | | בערגמאַן. | געקראַכט אין 1910 יאָר. |

**אין 1912 יאָר:**

A. E. G. (אלגעמיינע עלעקטריע-געזעלשאַפט) — סימענס און גאַלסקע-שוקערט.

(ענגע קאָאָפּעראַציע פון 1908 יאָר)

די באוואוסטע AEG (אלגעמיינע עלעקטריע-געזעלשאַפט), וואָס איז אַף אזא אויפן אויסגעוואַקסן, הערשט איבער 175—200 געזעלשאַפטן (לויט דער סיסטעם פון „אנטיילנעמען") און האָט צו שאפן איבער אן אַלגע-מיינעם קאַפּיטאַל פון אן ערעך 1¹/₂ מיליאַרד מאַרק. בלויז די-רעקטע אויסלענדישע פאַרשטייערשאַפטן האָט זי 35, דערין 12 אַקציען-געזעל-שאַפטן, מער ווי אין צען מלוכעס. נאָך אין 1904-טן יאָר האָט מען גערעכנט, אז דער קאַפּיטאַל, וועלכן די דייטשישע עלעקטרישע אינדוסטריע האָט פאַר-טאָן אין אויסלאַנד, דערגרייכט ביז 233 מיליאָן מאַרק, דערפון 62 מיליאָן אין רוסלאַנד. ס'איז איבעריק צו ריידן, אַז די „א. ע. ג." שטעלט מיט זיך פאָר אַ גיגאַנטישע קאָמבינירטע אונטערנעמונג — בלויז די צאָל פון אירע פאַבריצירנ-דיקע געזעלשאַפטן איז 16 — מיט א פראָדוקציע פון סאַמע פאַרשיידענע פּראָ-דוקטן, פון קאַבעלן און איזאָליאטאָרס ביז אַווטאָמאָבילן און פלי-אַפּאַראַטן.

נאָר די קאָנצענטראַציע אין אייראָפּע איז געווען אויך א באַשטאַנדטייל פון דעם קאָנצענטראַציע-פּראָצעס אין אַמעריקע. אָט ווי אזוי די זאַך איז גע-גאַנגען:

## די אלגעמיינע עלעקטריע-געזעלשאַפט.

| | | |
|---|---|---|
| אמעריקע | די קאָמפּ. טאמסאן הויסטאן גרינ-דעט א פירמע פאַר אייראָפּע. | קאָמפאניע עדיסאן גרינדעט פאר אייראָפּע א פירמע „עדיסאָנס פראנצויזישע קאָמפּאַניע", וועל-כע גיט איבער די פאטענטן דער דייטשישער פירמע. |
| דייטשלאנד | אוניאָן, קאָמפּ. פאר עלעקטריע | אלג. עלעקטריע-געזעלשאפט AEG |

אף אזא אויפן האָבן זיך אויסגעבילדעט צוויי עלעקטרישע „מלוכעס": „קיין אנדערע, פּולקום אומאָפּהענגיקע פון זיי עלעקטרישע געזעלשאַפטן איז אַף דער וועלט ניטאָ", — שרייבט היינינג אין זיין אַרטיקל „דער וועג פון אן עלעקטרישן טרעסט". וועגן דער גרויס פון די אומזאצן און וועגן דער גרויס פון די אונטערנעמונגען פון דיביידע „טרעסטן" גיבן א וועלכע ס'ניט איז, ווייט ניט קיין פולע, פאָרשטעלונג פאָלגנדיקע ציפערן:

| | דער אומזאַץ פון סכוירעס (מיליאָ-נען מארק) | די צאָל אָנגע-שטעלטע | דער ריינער רע-ווער (מיליאָנען מארק) |
|---|---|---|---|
| אמעריקע: אלג. עלעקטר. קאָמפּ. (G.E.G.) | 1907 —252 | 28.000 | 35,4 |
| | 1910 —298 | 32.000 | 45,6 |
| דייטשלאנד: אלג. עלעקטריע-געזעלשאפט (AEG) | 1907 —216 | 30.700 | 14,5 |
| | 1911 —362 | 60.800 | 21,7 |

און אָט איז אין 1907-טן יאָר צווישן דעם אמעריקאנישן און דייטשישן טרעסט געשלאָסן געוואָרן אן אָפּמאך וועגן צעטיילן די וועלט. די קאָנקורענץ

ווערט באזייטיקט. די G.E.G. „באקומט" די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע; AEG „באקומט" דייטשלאַנד, עסטרייך, רוסלאַנד, האָלאַנד, דענעמאַרק, די שווייץ, טערקיי, די באלקאנען. באזונדערע — פארשטייט זיך, געהיימע — אָפּמאכן זיינען געשלאָסן געוואָרן בענוגייע צו „טעכטער-געזעלשאפטן", וואָס דרינגען אריין אין נייע אינדוסטריע-צווייגן און אין „נייע", פאָרמעל נאָך ניט פאַנאַנדערגעטיילטע לענדער. ס'ווערט איינגעשטעלט א קעגנזייטיקער בייט מיט דערפינדונגען און עקספּערימענטן [66].

ס'איז זעלבסטפארשטענדלעך, ווי שווער ס'איז צו קאָנקורירן מיט אַט דעם, פאַקטיש איינהייטלעכן, אלוועלטלעכן טרעסט, וואָס האָט אין זיין רעשוס א קאַפּיטאַל פון עטלעכע מיליאַרד מאַרק, וואָס האָט זיינע אָפּטיילונגען, פאָרשטייערשאַפטן, אגענטורן, פאַרבינדונגען און אַז. וו. אין אלע עקן וועלט. נאָר די צעטיילונג פון דער וועלט צווישן די צוויי שטאַרקע טרעסטן שליסט, פאַרשטייט זיך, ניט אויס קיין איבערטיילונג, ווען ס'וועלן זיך ענדערן די קויכעס-פארהעלטעניש — אדאַנק דער אומגלייכמעסיקייט פון דער אנטוויקלונג, אדאנק מילכאָמעס, קראַכן א. אז. וו.

א באלערעוודיקן ביישפּיל וועגן אזא מין פּרואוו פון איבערטיילונג, וועגן א קאַמף פאר איבערטיילונג שטעלט פאָר די נאפט-אינדוסטריע.

„דער נאַפט-מארק פון דער וועלט, — האָט איידעלס געשריבן אין 1905 יאָר, — איז נאָך אויך איצטער צעטיילט צווישן צוויי גרויסע פינאנץ-גרופּעס: צווישן ראָקפעלערס „נאַפט-טרעסט" (Standard Oil C-y) און די באַלעבאַטים פון דער רוסישער באַקוער נאַפט, ראָטשילד און נאבעל. ביידע גרופּעס זיינען ענג צוזאַמענגעבונדן איינע מיט דער צווייטער. זייער מאָנאָפּאָלער לאַגע אָבער דראָעט אָט שוין אין מעשעך פון עטלעכע יאָר א סאקאָנע מיצאַד פינף סאָנים" [67]: 1) די אויסשעפּונג פון די אמעריקאנער נאַפט-קוואַלן; 2) די קאָנקורירנדיקע פירמע פון מאנטאשאוון אין באקו; 3) די נאַפט-קוואלן אין עסטרייך; 4) אין רומעניע; 5) די טראנסאקעאנישע נאפט-קוואלן, באזונדערס אין די האָלענדישע קאָלאָניעס (די זייער רייכע פירמעס פון סאמועל און שעל, וועלכע זיינען צונויפגעבונדן אויך מיט דעם ענגלישן קאפיטאל). די לעצטע דריי גרופעס אונטערנעמונגען זיינען צונויפגעבונדן מיט די גרויסע דייטשישע בענק מיטן גרעסטן „דייטשישן באנק" בעראָש. די דאָזיקע בענק האָבן זעלבשטענדיק און פּלאנמעסיק אנטוויקלט די נאפט-אינדוסטריע, למשל, אין רומעניע, קעדיי צו האָבן אן „אייגענעם" אנשפאר-פונקט. אין דער רומענישער נאפט-אינדוסטריע האָט מען אין 1907-טן יאָר גערעכנט 185 מיליאָן פראנק אויסלענדישע קאפּיטאלן, אין דעם 74 מיליאָן דייטשישע [68].

ס'האָט זיך אָנגעהויבן א קאמף, וועלכער ווערט טאקע אין דער עקאָנאָמישער ליטעראטור אָנגערופן א קאמף פאר „צעטיילן די וועלט". פון איין זייט, האָט ראקפעלערס „נאפט-טרעסט", וועלכער האָט געוואָלט אלץ פארכאפּן אין זיינע הענט, געגרינדעט אין האָלאנד גופא א „טאכטער-געזעלשאפט", וואָס פלעגט אויפקויפן די נאפט-קוואלן אין דער האָלענדישער אינדיע און האָט אף אזא אופן געוואָלט געבן א קלאפּ זיין הויפטסוינע, דעם האָלענדיש-ענגלישן

טרעסט „שעל”. פון דער אנדער זייט, האָט „דער דייטשישער באנק” און די איבעריקע בערלינער ביַנק געשטרעבט „איינצוהאלטן” „פאר זיך” רומעניע און פארייניקן זי מיט רוסלאנד קעגן ראָקפעלערן. דער לעצטער האָט געהאט אין זיין רעשוס אסאך א גרעסערן קאפיטאל, בא אים איז בעסער געווען אָרגאניזירט דער טראנספּאָרט און דאָס צושטעלן די נאפט צו די געברויכער. דער קאמף האָט זיך געמוזט ענדיקן און האָט זיך געענדיקט אין 1907-טן יאָר מיט א פולשטענדיקער מאפּאָלע פונם „דייטשישן באנק”, וועלכן ס'איז געבליבן איינס פון דיביידע: אָדער ליקווידירן מיט מיליאָנען-העזייקעס זיינע „נאפטאינטערעסן”, אָדער אונטערגעבן זיך. מע האָט אויסגעקליבן דאָס לעצטע און מע האָט געשלאָסן מיטן „נאפט-טרעסט” אן אָפּמאך, וואָס האָט שטארק ניט געלוינט דעם „דייטשישן באנק”. לויט דעמדאָזיקן אָפּמאך האָט זיך „דער דייטשישער באנק” מיסכאיעוו געווען — „ניט פארצונעמען קיין איין זאך, וואָס זאָל ניט לוינען פאר די אמעריקאנער אינטערעסן”. נאָר דערביי איז פונדעסטוועגן פאָרויסגעזען געוואָרן, אז דער אָפּמאך פארלירט זיין קראפט, אויב אין דייטשלאנד וועט דורכגיין א געזעץ וועגן מלוכישער מאָנאָפּאָליע אף נאפט.

דאָן הויבט זיך אָן די „נאפט-קאָמעדיע”. איינער פון די פינאנץ-קיניגן פון דייטשלאַנד, פאָן-גווינער, דירעקטאָר פונם „דייטשישן באנק”, הויבט אויף דורך זיין פריוואט-סעקרעטאר שטויס אן אגיטאציע פאַר נאפט-מאָנאָפּאָליע. עס ווערט בעבּראכט אין באוועגונג דער גאנצער גיגאנטישער אפאראט פון דעם גרעסטן בערלינער באנק, אלע זיינע ברייטע „פארבינדונגען”, די פרעסע ווערט פארטרוקן אין „פּאטריאָטישע” געשרייען קעגן „דעם יאָך” פונם אמעריקאנער טרעסט, און דעם 15-טן מארט 1911-טן יאָר נעמט אָן דער רייכסטאג קימאט איינשטימיק א רעזאָלוציע, וועלכע לאדט איין די רעגירונג, זי זאָל אויסארבעטן א פּראָיעקט וועגן באפט-מאָנאָפּאָליע. די רעגירונג האָט זיך אָנגעכאפּט אָן אט דער „פּאָפּולערער אידייע”, און ס'האָט זיך געדוכט, אז „דער דייטשישער באנק”, וואָס האָט געהאט בעדייע אָפּצונארן זיין אמעריקאנער קאָנטראגענט און צו פארבעסערן זיינע געשעפטן מיט דער הילף פון דער מלוכע-מאָנאָפּאָליע, האָט געוואונען די שפּיל. די דייטשישע נאפט-קיניגן האָבן שוין פאָרויס געציילט דעם קאָלאָסאלן רעווח, וואָס וועט זיין ניט קלענער פאר דעם רעווח פון די רוסישע צוקער-פאבריקאנטן... נאָר, ערשטנס, האָבן זיך די דייטשישע גרויסע בענק צעריסן איינער מיטן צווייטן צוליב פאנאנדערטיילן דעם רויב, און די „דיסקאָנט-געזעלשאפט” האָט אויפגעדעקט די פניע פונם „דייטשישן באנק”; צווייטנס, האָט זיך די רעגירונג דערשראָקן פארן קאמף מיט ראָקפעלערן, ווייל ס'איז געווען א גרויסער ספק, צי וועט דייטשלאנד קריגן נאפט ערגעץ וואו אנדערש (די פּראָדוקטיווקייט פון רומעניע איז זייער א קליינע); דריטנס, איז צוגעקומען די מיליארד-אסיגנירונג אף דער מיליטערישער צוגרייטונג פון דייטשלאנד. דעם פּראָיעקט פון מאָנאָפּאָליע האָט מען אָפּגעלייגט. לעסאטע איז ראָקפעלערס „נאפט-טרעסט” ארויס דער זיגער פונם קאמף.

דער בערלינער זשורנאַל „דער באַנק” האָט וועגן דעם געשריבן, אַז דייטשלאַנד וואָלט נאָר דאָן געקענט קעמפן מיטן „נאַפט-טרעסט”, ווען זי

וואָלט איינגעפירט אַ מאנאפּאָליע אַף עלעקטרישן שטראָם און פאַרוואַנדלט די וואַסער-קראַפט אין ביליקער עלעקטריע. נאָר,—גיט ער צו,—„די עלעקטרישע מאנאפּאָליע וועט קומען דאַן, ווען זי וועט זיין נויטיק פאַר די געברויכער; גראָד דאַן, ווען בײַ אונזער טיר וועט נאָך אַמאָל שטיין דער גרויסער קראַך אין דער עלעקטרישער אינדוסטריע און ווען די גיגאַנטישע טייערע עלעקטרישע סטאַנציעס, וועלכע ווערן איצט אומעטום אויפגעבויט דורך פּריוואַטע „קאָנצערנעס" פון דער עלעקטרישער אינדוסטריע און פאַר וועלכע דידאָזיקע „קאָנצערנעס" באַקומען שוין איצט געוויסע ספּעציעלע מאנאפּאָלן פון שטעט, מלוכעס און אַז. וו., וועלן ניט זיין אימשטאַנד צו אַרבעטן מיט רעווען. דאַן וועט מען מוזן אָנהויבן אויסנוצן די וואַסער-קראַפט; נאָר מע וועט זי ניט קענען פאַרוואַנדלען אין ביליקער עלעקטריע אַפן מלוכע-כעשבן, מע וועט זי אויך מוזן איבערגעבן „דער פּריוואַטער מאנאפּאָליע, וועלכע ווערט קאָנטראָלירט דורך דער מלוכע", ווייל די פּריוואַטע אינדוסטריע האָט שוין געשלאָסן אַ רייע אָפּמאַכן און האָט אויסגערעדט פאַר זיך גרויסע באַלוינונגען... אַזוי איז עס געווען מיט דער קאַלי-מאָנאָפּאָליע, אַזוי איז עס איצט מיט דער נאַפט-מאָנאָפּאָליע, אַזוי וועט עס זיין מיט דער עלעקטריע-מאָנאָפּאָליע. ס'איז שוין צייט, אַז אונזערע מלוכע-סאָציאַליסטן, וואָס לאָזן זיך פאַרבלענדן דורך שיינע פּרינציפּן, זאָלן סאָפקאָלסאָף פאַרשטיין, אַז אין דייטשלאַנד האָבן זיך די מאָנאָפּאָליעס קיינמאָל ניט געשטעלט פאַר אַ צוועק און האָבן קיינמאָל ניט געפירט צו דעם, אַז די געברויכער זאָלן האָבן עפּעס נוצן, אָדער די מלוכע זאָל באַקומען כאָטש אַ טייל פונם אונטערנעמער-רעווען, נאָר זיי האָבן בלויז געפירט צו דעם, אַז די פּריוואַטע אינדוסטריע, וועלכע האָט שוין געהאַלטן באַם באַנקראָטירן, זאָל געהיילט ווערן אַפן מלוכע-כעשבן [69].

אָט אַזוינע ווערטפולע אָנערקענונגען מוזן מאַכן אַפילע די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן פון דייטשלאַנד. מיר זעען דאָ באַשיינפּערלעך, ווי אין דער טקופע פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל פלעכטן זיך איבער איינעם די פּריוואַטע און די מלוכע-מאָנאָפּאָליעס, ווייל סײַ די, סײַ יענע זיינען אין דערעמעסן מער ניט, ווי איינצלנע רינגען פונם אימפּעריאַליסטישן קאַמף-צווישן די גרעסטע מאנאפּאָליסטן פאַר דער צעטיילונג פון דער וועלט.

אויך אינם האַנדלס-פּלאָט האָט דער גיגאַנטישער וואוקס פון דער קאָנצענטראַציע געפירט צו דער צעטיילונג פון דער וועלט. אין דייטשלאַנד האָבן זיך אויסגעטיילט צוויי זייער גרויסע געזעלשאַפטן: „האַמבורג-אַמעריקע" און „דער צאָפן-דייטשישער לאיד", ביידע מיט אַ קאַפּיטאַל צו 200 מיליאָן מאַרק (אַקציעס און אָבליגאַציעס), מיט דאַמפשיפן, וואָס קאָסטן 185—189 מיליאָן מאַרק. פון דער אַנדער זייט, האָט זיך דעם ערשטן יאַנוואַר 1903 אין אַמעריקע אויסגעבילדעט דער אַזוי גערופענער מאָרגאַן-טרעסט „די צווישנפעלקערלעכע קאָמפּאַניע פאַר יאַם-האַנדל", וועלכע פאַראייניקט 9 אַמעריקאַנישע און ענגלישע שיף-קאָמפּאַניעס און וועלכע האָט אין איר רעשוס אַ קאַפּיטאַל פון 120 מיליאָן דאָלער (480 מיליאָן מאַרק). שוין אין 1903-טן יאָר איז צווישן די דייטשישע ריזן און אָט דעם אַמעריקאַניש-ענגלישן טרעסט געשלאָסן געוואָרן

אַן אָפּמאַך וועגן צעטיילן די וועלט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער צעטיילונג פונם רעוועך. די דייטשישע געזעלשאַפטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון קאָנקו-רירן אינם איניען פון טראַנספּאָרט צווישן ענגלאַנד און אַמעריקע. ס'איז פּינקטלעך פעסטגעשטעלט געוואָרן, וואָס פאַר אַ האפגס ווער „ס'באַקומט", ס'איז באַשאַפן געוואָרן אַ געמיינזאַמער קאָנטראָל-קאָמיטעט און אַז וו. דער אָפּמאַך איז געשלאָסן געוואָרן אַף צוואַנציק יאָר מיטן פאָרזיכטיקן אויסרייד, אַז ער פאַרלירט זיין קראַפט אין פאַל פון אַ מילכאָמע.

זייער באַלערעווודיק איז אויך די געשיכטע, ווי אַזוי ס'האָט זיך אויס-געבילדעט דער צווישנפעלקערלעכער רעלסן-קאַרטעל. דעם ערשטן פּרואוו צו גרינדן אַזאַ קארטעל האָבן די ענגלישע, בעלגישע און דייטשישע רעלסן-פאַב-ריקן געמאַכט נאָך אין 1884-טן יאָר—אין דער צייט פון דער שטאַרקסטער דעפּרעסיע אין דער אינדוסטריע. מען איז איינגעגאַנגען ניט צו קאָנקורירן אַף דעם אינערלעכן מאַרק פון די לענדער, וואָס האָבן געשלאָסן צווישן זיך אַן אָפּמאַך, און אַף צו צעטיילן צווישן זיך דעם אויסערלעכן מאַרק לויט דער נאָרמע: 66%—ענגלאַנד, 27%—דייטשלאַנד און 17%—בעלגיע. אינדיע איז אינגאַנצן אָפּגעגעבן געוואָרן ענגלאַנד. קעגן איין ענגלישער פירמע, וועלכע איז ניט צוגעשטאַנען צום אָפּמאַך, האָט מען אָנגעהויבן געמיינזאַם פירן אַ מילכאָמע, די הויצאָעס אַף דערדאָזיקער מילכאָמע האָט מען געדעקט מיט אַ געוויסן פּראָצענט פון די אַלגעמיינע געשעפטן. נאָר אין 1886-טן יאָר איז דערדאָזיקער פאַרבאַנד צעפאַלן געוואָרן, ווען פון אים זיינען אַרויסגעטראָטן צוויי ענגלישע פירמעס. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז עס האָט זיך ניט איינגע-געבן קומען צו אַן אויסגלייך אין די שפּעטערדיקע פּעריאָדן פון אויפבליאונג אין דער אינדוסטריע.

אין אָנהויב 1904-טן יאָר איז געגרינדעט געוואָרן דער שטאָל-סינדיקאַט פון דייטשלאַנד; אין נאָיאַבר 1904-טן יאָר איז באַנייט געוואָרן דער צווישנ-פעלקערלעכער רעלסן-קארטעל לויט די נאָרמעס: ענגלאַנד—53,5%, דייטש-לאַנד—28,83%, בעלגיע—17,67%. דערנאָך איז צוגעשטאַנען פראַנקרייך מיט דער נאָרמע 4,8%, 5,8% און 6,4% אַף דעם ערשטן, צווייטן און דריטן יאָר באַ העכער פון הונדערט פּראָצענט, ד. ה. באַ דער אַלגעמיינער סומע פון 104,8% און אַז. וו. אין 1905-טן יאָר איז צוגעשטאַנען דער „שטאָל-טרעסט" פון די פאַראייניקטע שטאַטן („די שטאָל-קארפּאראציע"), דערנאָך עסטרייך און שפּאַניע. אין דעם געגעבענעם מאָמענט, — האָט אין 1910-טן יאָר געשריבן פאָגעלשטיין, — איז שוין פאַרענדיקט די צעטיילונג פון דער ערד, און די גרויסע געברויכער, אין דער ערשטער רייע די מלוכישע אייזנבאַנען, קאָנען לעבן, ווי דער פּאָעט, אַף די הימלען פון יופּיטער*), און זייערע אינטערעסן האָט מען ניט גענומען אין באַטראַכט [70].

---

*) יופּיטער—אַלט רוימישער גאָט. אַ ליד דערציילט, אַז יופּיטער האָט צונויפגערופן אַלע לעבעדיקע און צעטיילט צווישן זיי די וועלט. נאָר דער פּאָעט האָט זיך פאַרכאָלעמט, האָט פאַרשפּעטיקט און איז באַם טיילן פאַרגעסן געוואָרן.

לאָמיר נאָך דערמאָנען דעם צווישנפעלקערלעכן צין-סינדיקאַט, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1909-טן יאָר און וועלכער האָט גענוי פאַרטיילט די פּראָדוקציע צווישן 5 גרופּעס פאַבריקן: דייטשישע, בעלגישע, פראַנצויזישע, שפּאַנישע און ענגלישע; דערנאָך דעם צווישנפעלקערלעכן פולווער-טרעסט — אָט דעם, ווי ליפמאַן דריקט זיך אויס, פולשטענדיק מאָדערנעם ענגן פאַרבאַנד צווישן אַלע דייטשישע פאַבריקן פון אויפרייס-מאַטעריאַלן, וועלכע האָבן דער-נאָך צוזאַמען מיט די אַנאַלאָגיש אָרגאַניזירטע פראַנצויזישע און אַמעריקאַנישע דינאַמיט-פאַבריקן צעטיילט צווישן זיך, אַזוי צו זאָגן, די גאַנצע וועלט" [71]).

ליפמאַן האָט גערעכנט, אַז אין 1897-טן יאָר איז אינגאַנצן געווען אַן ערך 40 צווישנפעלקערלעכע קאַרטעלן, אין וועלכע דייטשלאַנד האָט אָנטייל גענומען, און אין 1910-טן יאָר — אַן ערך 100.

אייניקע בורזשואַזע שרייבער האָבן אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז די צווישנפעלקערלעכע קאַרטעלן, וואָס זיינען איינער פון די מער בולטסטע אויסדריקן פון דער אינטערנאַציאָנאַליזירונג פונם קאַפּיטאַל, גיבן אַ מעגלעכ-קייט צו האָפן, אַז באַם קאַפּיטאַליזם וועט ווערן שאָלעם צווישן די פעלקער. די דאָזיקע מיינונג איז טעאָרעטיש אַ פולשטענדיקער אומזינען, און פּראַקטיש איז עס אַ סאָפיזם — אַ מיטל אויף אַ ניט-ערלעכן אויפן צו פאַרטיידיקן דעם ערגסטן אָפּאָרטוניזם. די צווישנפעלקערלעכע קאַרטעלן באַווייזן, אויף וויפל ס'זיינען איצט אויסגעוואַקסן די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס, און איבער וואָס עס פירט זיך דער קאַמף צווישן די קאַפּיטאַליסטן-פאַרבאַנדן. אָט דער לעצטער אומשטאַנד איז דער וויכטיקסטער; בלויז ער מאַכט אונז קלאָר דעם היסטאָריש-עקאָנאָמישן זינען פון דעם, וואָס עס קומט פאָר, ווייל די פאָרם פון קאַמף קאָן זיך ענדערן און ענדערט זיך שטענדיק, אָפּהענגיק פון פאַר-שיידענע, לעפיערעך טיילווייזע, און צייטווייליקע סיבעס; אָבער דער טאָך פונם קאַמף, זיין קלאַסן-אינהאַלט קאָן זיך ניט ענדערן, קאָלזמאַן עס עק-זיסטירן קלאַסן. ס'פאַרשטייט זיך, אַז דער דייטשישער, לעמאָשל, בורזשואַזיע לוינט צו פאַרשמירן דעם אינהאַלט פון דעם איצטערדיקן עקאָנאָמישן קאַמף (די צעטיילונג פון דער וועלט) און אונטערשטרייכן אַמאָל די, אַמאָל יענע פאָרם פון דעם דאָזיקן קאַמף. דעמזעלביקן טאָעס באַגייט קאַאוטסקי. און די רייד גייט, פאַרשטייט זיך, ניט וועגן דער דייטשישער, נאָר וועגן דער אַל-וועלטלעכער בורזשואַזיע. און ניט דערפאַר טיילן די קאַפּיטאַליסטן צווישן זיך די וועלט, ווייל זיי זיינען באַזונדערס זייער שלעכטע מענטשן, נאָר דערפאַר, ווייל די דערגרייכטע מאַדרייגע פון קאָנצענטראַציע צווינגט זיי צו שטעלן זיך אויף אָט דעם וועג, קעדיי צו באַקומען רעווח. דערביי טיילן זיי די וועלט „לויטן קאַפּיטאַל", „לויט דעם קויעך" — קיין אַנדער טיילונגס-מיטל קען ניט זיין אין דער סיסטעם פון סכוירעס-פּראָדוקציע און פון קאַפּיטאַליזם. דער קויעך אָבער בייט זיך אָפּהענגיק פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנט-וויקלונג; קעדיי צו פאַרשטיין דאָס, וואָס עס קומט פאָר, דאַרף מען וויסן, וועלכע פראַגן ווערן געלייזט דורך דער ענדערונג פונם קויעך, און די פראַגע וועגן דעם, צי זיינען די דאָזיקע ענדערונגען ריין-עקאָנאָמישע אָדער אויסער-

עקאָנאָמישע (מיליטערישע, לעמאָשל)—דאָס איז שוין אַ פראַגע פון אַ צווייטן גראַד, וואָס קען גאָרנישט ניט ענדערן אין די גרונט-אנשויאונגען אַף דער נייסטער טקופע פונם קאַפּיטאַליזם. פאַרבייטן די פראַגע וועגן דעם אינהאַלט פונם קאַמף און פון די אָפּמאַכן צווישן די קאַפּיטאַליסטן-פאַרבאַנדן מיט דער פראַגע וועגן דער פאָרם פונם קאַמף און פון די אָפּמאַכן (וואָס קאָן היינט פאָרקומען אַף אַ פרידלעכן אויפן, מאָרגן—אַף אַ ניט-פרידלעכן, איבערמאָרגן —ווידער אַף אַ פרידלעכן) דאָס הייסט אַראָפּלאָזן זיך צו דער ראָלע פון אַ סאָפיסט.

די טקופע פונם נייסטן קאַפּיטאַליזם באַווייזט אונז, אַז צווישן די קאַפּי-טאַליסטן-פאַרבאַנדן בילדן זיך אויס געוויסע פאַרהעלטענישן אַפן באָדן פון עקאָנאָמישן צעטיילן די וועלט, און גלייך מיט דעם, אין פאַרבינדונג מיט דעם, בילדן זיך אויס צווישן די פּאָליטישע פאַרבאַנדן, צווישן די מלוכעס געוויסע פאַרהעלטענישן אַפן באָדן פון טעריטאָריאַלן צעטיילן די וועלט, פון אַ קאַמף פאַר קאָלאָניעס, „פון אַ קאַמף פאַר דער ווירטשאַפטלעכער טע-ריטאָריע".

---

## 6. די צעטיילונג פון דער וועלט צווישן די גרויסע מלוכעס.

דער געאָגראַף א. סופאַן פירט אונטער אין זיין בוך „וועגן דער טערי-טאָריאַלער אנטוויקלונג פון די אייראָפּעאישע קאָלאָניעס"73) אַזאַ קורצן סאַ-כאַקל פון דערדאָזיקער אַנטוויקלונג צום סאָף פון נייַנצעטן יאָרהונדערט:

**דער פּראָצענט פון ערדשעטעך, וואָס געהערט צו די אייראָפּעאישע קאָלאָניאלע מלוכעס**

(בעסויכעם אויך צו די פאַרייניקטע שטאַטן).

| | 1876 יאר | 1900 יאר | פארגרעסערונג אף |
|---|---|---|---|
| אין אפריקע | 10,8% | 90,4% | +79,6% |
| אין פאלינעזיע | 56,8 „ | 98,9 „ | +42,1 „ |
| אין אַזיע | 51,5 „ | 56,5 „ | +5,1 „ |
| אין אווסטראליע | 100,0 „ | 100,0 „ | — |
| אין אמעריקע | 27,5 „ | 27,2 „ | —0,3% |

„דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דעמדאָזיקן פעריאָד, — מאכט ער דעם אויספיר,—איז, הייסט עס, די צעטיילונג פון אַפריקע און פון פּאָלינעזיע". אזוי ווי אין אַזיע און אין אַמעריקע איז ניטאָ קיין ניטפאַרנומענע ערדפלע-צער, ד. ה. אזעלכע, וואס זאָלן ניט געהערן צו קיין איין מלוכע, דאַרף מען פאַרברייטערן סופאנס אויספיר און זאָגן, אַז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דעם פעריאָד, וועלכער ווערט באַטראַכט, איז די ענדגילטיקע צעטיילונג

פון דער וועלט, די ענדגילטיקע ניט אין דעם זינען, אז ס'זאָל אומעגלעך זיין אַ א י ב ע ר ט יי ל ו נ ג — פאַרקערט, איבערטיילונגען זיינען מעגלעך און אומ-פאַרמיידלעך — נאָר אין דעם זינען, אַז די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פון די קאַפּי-טאַליסטישע לענדער ה אָ ט ש וי ן פ אַ ר ע נ ד י ק ט דאָס פארכאַפּן די ניט-פאַרנומענע ערדפלעצער אַף אונזער פלאַנעט. די וועלט איז דאָס ערשטע מאָל צעטיילט געוואָרן אַזוי, אז אַף ווייטער שטייט פאָר מער ניט ווי א איבער-טיילונג, ד. ה. א איבערגאַנג פון איין „באַזיצער" צו אַ צווייטן און ניט פון א צושטאַנד פון גאָר אָן א באַלעבאָס צו אַ „באַלעבאָס".

מיר לעבן, הייסט עס, איבער אן אייגנאַרטיקע טקופע פון אן אלוועלט-לעך-קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, וועלכע איז אַפּן ענגסטן אויפן צוזאַמענגעבונדן מיט דער „נייסטער שטופע אין דער אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם", מיטן פינאַנץ-קאַפּיטאַל. דעריבער מוז מען זיך קוידעמקאָל אויספירלעכער אָפּשטעלן אַף די פאַקטישע מאַטעריאַלן, קעדיי מעגלעך פּינקטלעכער קלאָר צו מאַכן, מיט וואָס אונטערשיידט זיך אָט די טקופע פון די פריערדיקע, און אויך קלאָר מאַכן די לאַגע פון דער זאַך בא היינטיקער צייט. דאָ קומען קוידעמקאָל אויף צוויי פאַקטישע פראגן: צי באַמערקט זיך אַ פארשטאַרקונג פון דער קאָלאָני-אלער פּאָליטיק, אַ פאַרשאַרפונג פונם קאַמף פאַר קאָלאָניעס דאַפקע אין אָט דער טקופע פון פינאַנץ-קאַפּיטאַל, און ווי אַזוי איז אין דעם פראַט צעטיילט די וועלט בא היינטיקער צייט.

דער אַמעריקאַנער שרייבער מאריס מאַכט אין זיין בוך וועגן דער גע-שיכטע פון קאָלאָניזאציע א פרואוו צו סומירן די ציפערן וועגן דער גרויס פון די קאָלאָניאלע באַזיצונגען פון ענגלאַנד, פראנקרייך און דייטשלאנד פאַר פאר-שיידענע פעריאָדן פון נייַנצעטן יאָרהונדערט. אָט זיינען בעקיצער די סאַכאַק-לען, וואָס ער האָט באַקומען.

די גרויס פון די קאָלאָניאלע באזיצונגען:

| יאָרן | ענגלאַנד: דער שעטעך (מייל. קוואדראט מיילן) | ענגלאַנד: באפעלקערונג (אין מיליאָנען) | פראנקרייך: דער שעטעך (מייל. קוואדראט-מיילן) | פראנקרייך: באפעלקערונג (אין מיליאָנען) | דייטשלאנד: דער שעטעך (מייל. קוואדראט-מיילן) | דייטשלאנד: באפעלקערונג (אין מיליאָנען) |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1815—30 | ? | 126,4 | 0,02 | 0,5 | — | — |
| 1860 | 2,5 | 145,1 | 0,2 | 3,4 | — | — |
| 1880 | 7,7 | 267,9 | 0,7 | 7,5 | — | — |
| 1899 | 9,3 | 309,0 | 3,7 | 56,4 | 1.0 | 14.7 |

פאַר ענגלאַנד זיינען די יאָרן 1860—1880 אַ פעריאָד פון קאָלאָסאַלער פאַרשטאַרקונג פון די קאָלאָניאַלע פאַרכאַפּונגען, און די לעצטע 20 יאָר פונם נייַנצעטן יאָרהונדערט זיינען אַ פעריאָד פון קלענערע, נאָר אויך זייער באַ-דייטנדיקע פאַרכאַפּונגען. פאַר פראַנקרייך און דייטשלאַנד זיינען דידאָזיקע צוואַנציק יאָר גראָד דער פעריאָד פון די גרעסטע פאַרכאַפּונגען.

אויבן האָבן מיר געזעען, אַז דער פּעריאָד פון העכסטער אַנטוויקלונג פונם פּאַר-מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם, פונם קאַפּיטאַליזם מיט דער איבערוואָג פון פרייער קאָנקורענץ, קומט אויס אַף 1860-ער און 1870-ער יאָרן. איצט זעען מיר, אַז ג ר אָ ד נ אָ ך אָ ט ד ע ם פּ ע ר י אָ ד הויבט זיך אָן אַ קאָלאָסאַלער „אויפשטייג" פון קאָלאָניאַלע פאַרכאַפּונגען, ס'ווערט אין אַ געוואַלטיקער מאָס פאַרשאַרפט דער קאַמף פאַר דער טעריטאָריאַלער צעטיילונג פון דער וועלט. איז, הייסט עס, אויסער סאָפעק דער פאַקט, אַז דער איבערגאַנג פונם קאַפּיטאַליזם צו דער שטופע פונם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם, צום פינאַנץ-קאַפּיטאַליזם איז צ ו נ ו י פ ג ע ב ו נ ד ן מיט דער פאַרשאַרפונג פונם קאַמף פאַר דער צעטיילונג פון דער וועלט.

אין זיין ווערק וועגן אימפּעריאַליזם טיילט האבסאָן אויס די טקופע פון די יאָרן 1884—1900, ווי אַ טקופע פון פאַרשטאַרקטער „עקספּאַנסיע" (פאַרברייטערונג פון די טעריטאָריעס) פון די אייראָפּעאישע הויפּט-מלוכעס. לויט זיין כעשבן, האָט ענגלאַנד פאַר דער צייט באַקומען 3,7 מיליאָן קוואַדראַט-מייל מיט אַ באַפעלקערונג פון 57 מיליאָן; פראַנקרייך האָט באַקומען 3,6 מיליאָן קוואַדראַט-מייל מיט אַ באַפעלקערונג פון 36 מיליאָן; דייטשלאַנד — 1,0 מיליאָן קוואַדראַט-מייל מיט אַ באַפעלקערונג פון 1,47 מיליאָן; בעלגיע — 900 טויזנט קוו. מ. מיט 30 מיליאָן; פּאָרטוגאַליע — 800 טויזנט קוו. מ. מיט 9 מיליאָן. די יאָגעניש מיצאַד אַלע קאַפּיטאַליסטישע מלוכעס נאָך קאָלאָניעס צום סאָף פון נייַנצעטן יאָרהונדערט, באַזונדערס פון די 1880-ער יאָרן, שטעלט מיט זיך פאָר אַן אַלגעמיין באַוואוסטן פאַקט אין דער געשיכטע פון דער דיפּלאָמאַטיע און פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק.

אין דער עפּאָכע פון דער העכסטער בליאונג פון דער פרייער קאָנקורענץ אין ענגלאַנד, אין די יאָרן 1840—1860, זיינען אירע אָנפירנדיקע בורזשואַזע פּאָליטיקער געווען קעגנער פון קאָלאָניאַלער פּאָליטיק. זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַן אומפאַרמיידלעכער און נוצלעכער זאַך די באַפרייאונג פון די קאָלאָניעס, זייער פולשטענדיקע אָפּטיילונג פון ענגלאַנד. אין זיין אַרטיקל וועגן „דעם נייסטן ענגלישן אימפּעריאַליזם", וואָס איז דערשינען אין 1898-טן יאָר, ווייזט אָן מ. בער, ווי אין 1852-טן יאָר האָט אַזאַ מלוכע-טוער פון ענגלאַנד, ווי דיזראַעלי, וועלכער איז ביכלאַל געווען נויטע צום אימפּעריאַליזם, געזאָגט: „די קאָלאָניעס — דאָס זיינען מילשטיינער אַף אונזער האַלז". און צום סאָף פון נייַנצעטן יאָרהונדערט זיינען די העלדן פון ענגלאַנד שוין געווען סעסיל ראָדס און דזשאָזעף טשעמבערלען, וועלכע האָבן אָפן געפּריידיקט דעם אימפּעריאַליזם און וועלכע האָבן אָנגעווענדעט די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק מיטן גרעסטן ציניזם.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז שוין דאַן איז פאַר דידאָזיקע אָנפירנדיקע פּאָליטיקער פון דער ענגלישער בורזשואַזיע קלאָר געווען דער צוזאַמענבונד צווישן די, אַזוי צו זאָגן, ריין-עקאָנאָמישע און די סאָציאַל-פּאָליטישע וואָרצלען פונם נייסטן אימפּעריאַליזם. טשעמבערלען האָט געפּריידיקט, אַז דער אימפּעריאַליזם „איז די עמעסע, קלוגע און שפּאָרעוודיקע פּאָליטיק", און האָט באַזונדערס אָנ-

געווינען אַף דער קאָנקורענץ, מיט וועלכער ענגלאַנד טרעפט זיך איצט אַף דעם וועלטמאַרק מיצאַד דייטשלאַנד, אַמעריקע, בעלגיע. די רעטונג איז אין דער מאָנאָפּאָליע, האָבן געטאַינעט די קאַפּיטאַליסטן, גרינדנדיק קאַרטעלן, סינדיקאַטן, טרעסטן. די רעטונג איז אין דער מאָנאָפּאָליע — האָבן איבערגעכאַזערט די פּאָליטישע פירער פון דער בורזשואַזיע, איילנדיק זיך צו פאַרכאַפּן די נאָך ניט צעטיילטע טיילן פון דער וועלט. און סעסיל ראָדס האָט אין 1895-טן יאָר, ווי ס'גיט איבער זיין אינטימער פריינט, דער זשורנאַליסט סטעד, געזאָגט אים וועגן זיינע אימפּעריאַליסטישע אידייען: „איך בין נעכטן געווען אין לאָנדאָנער איסט-ענד (אַן אַרבעטער-קוואַרטאַל) און האָב באַזוכט אַ פאַרזאַמלונג פון אַרבעטסלאָזיקע. ווען איך האָב דאָרט אויסגעהערט ווילדע רעדעס, וואָס באַשטייען פון איין געשריי: ברויט, ברויט! האָב איך, גייענדיק אַהיים און באַקלערנדיק דאָס, וואָס איך האָב געזעען, זיך נאָך מער, איידער פריער, איבערצייגט אין דער וויכטיקייט פונם אימפּעריאַליזם. די הייליקע אידייע איז באַ מיר די לייזונג פון דער סאָציאַלער פראַגע, נעמלעך: קעדיי צו ראַטעווען די 40 מיליאָן איינוואוינער פונם פאַרייניקטן קיניגרייך פון אַ שרעקלעכן בירגערקריג, מוזן מיר, קאָלאָניאַלע פּאָליטיקער, פאַרכאַפּן נייע ערד-פלעצער, קעדיי צו באַזעצן דאָרט די איבעריקע באַפעלקערונג, קעדיי צו באַקומען נייע געביטן, וואו אָפּצוזעצן די סכוירעס, וואָס ווערן אויסגעארבעט אין די פאַבריקן און אין די מעטאַל-גרובן. די אימפּעריע — און דאָס האָב איך שטענדיק געזאָגט — איז אַ מאָגן-פראַגע. אויב איר ווילט ניט קיין בירגערקריג, מוזט איר ווערן אימפּעריאַליסטן"[74].

אזוי האָט אין 1895-טן יאָר געטאַינעט סעסיל ראדס, א מיליאָנער, א פינאַנץ-קיניג, דער הויפּט-שולדיקער פון דעם ענגליש-בורישן קריג...

קעדיי צו געבן א מעגלעכסט פינקטלעך בילד וועגן דער טעריטאָריאַלער צעטיילונג פון דער וועלט און וועגן די ענדערונגען, וואָס זיינען אין דעם פראַט פאָרגעקומען פאַר די לעצטע יאָרצענדליקער, וועלן מיר אויסנוצן די סאכאַקלען, וואס סופאַן גיט אין דעם אָנגערופענעם ווערק בענוגייע דער פראגע וועגן די קאָלאָניאַלע באַזיצונגען פון אלע מלוכעס אין דער וועלט. סופאַן נעמט דאס 1876-טע און דאס 1900-טע יאָר; מיר וועלן נעמען דאס 1876-טע יאָר, א דאטע, וואס איז אויסגעקליבן גאַנץ געלונגען, ווייל גראָד צו דער צייט קען מען אין אַלגעמיין און אינגאַנצן האלטן, אז עס האט זיך פארענדיקט די אנטוויקלונג פונם מאירעוו-אייראָפּעאישן קאַפּיטאליזם אין זיין פאַרמאָנאָפּאָליסטישער סטאַדיע, און מיר וועלן נעמען אויך דאס 1914-טע יאָר, נאָר דערביי וועלן מיר סופּאַנס ציפערן פאַרבייטן מיט נייערע, לויט היובנערס „געאָגראַפיש-סטאַטיסטישע טאַבעלן". סופאַן נעמט אין באַטראַכט נאר די קאלאָניעס; מיר האלטן פאַר נוצלעך — קעדיי פאַרצושטעלן א מער פול בילד וועגן דער צעטיילונג פון דער וועלט — צוצוגעבן אויך בעקיצער יעדיעס וועגן די ניט-קאלאניאלע לענדער און וועגן די האלב-קאלאניעס, צו וועלכע מיר רעכענען צו: פערסיע, כינע און טערקיי; דאס ערשטע פון דידאזיקע לענדער איז שוין קימאַט אינ-

גאנצן געווארן א קאלאניע, דאס צווייטע און דאס דריטע האלטן באם ווערן אזוינע.

מיר באקומען אזעלכע סאכאקלען:

## די קאָלאָניאלע באַזיצונגען פון די גרויסע מלוכעס
(מיליאָנען קוואדראט-קילאָמעטער און מיליאָנען איינוואוינער)

| | קאָלאָניעס | | | | מעטראָפּאָליעס | | סאכאקל | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1876-טן יאָר | | 1914-טן יאָר | | 1914-טן יאָר | | 1914-טן יאָר | |
| | קוואדר. קיל. | איינוו. | קוואדר. קיל. | איינוו. | קוואדר. קיל. | איינוו. | קוואדר. קיל. | איינוו. |
| ענגלאנד . . . . . . . | 22,5 | 251,9 | 33,5 | 393,5 | 0,3 | 46,5 | 33,8 | 440,0 |
| רוסלאַנד . . . . . . . | 17,0 | 15,9 | 17,4 | 33,2 | 5,4 | 136,2 | 22,8 | 169,4 |
| פראנקרייך . . . . . . | 0,9 | 6,0 | 10,6 | 55,5 | 0,5 | 39,6 | 11,1 | 95,1 |
| דייטשלאנד . . . . . . | — | — | 2,9 | 12,3 | 0,5 | 64,9 | 3,4 | 77,2 |
| פאראייניקטע שטאַטן . . . | — | — | 0,3 | 9,7 | 9,4 | 97,0 | 9,7 | 106,7 |
| יאַפּאַניע . . . . . . . | — | — | 0,3 | 19,2 | 0,4 | 53,0 | 0,7 | 72,7 |
| זעקס מלוכעס אינאיינעם . . | 40,4 | 273,8 | 65,0 | 523,4 | 16,5 | 437,2 | 81,5 | 961,1 |

| | קוואדר. קיל. | איינוו. |
|---|---|---|
| די קאָלאָניעס פון די איבעריקע מלוכעס (בעלגיע, האָלאנד און אז. וו.) . . . . | 9,9 | 45,3 |
| האַלב-קאָלאָניעס (פּערסיע, כינע, טערקיי) . | 14,5 | 361,0 |
| די איבעריקע לענדער . . . . . . . . | 28,0 | 289,2 |
| די גאַנצע ערד . . . . . . . . . . | 133,9 | 1656,6 |

מיר זעען דאָ באַשיינפּערלעך, ווי אָפן גרעניץ פונם ניינצעטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז „פאַרענדיקט געווען" די צעטיילונג פון דער וועלט. נאָך דעם 1876-טן יאָר האָבן זיך די קאָלאָניאלע באַזיצונגען גיגאַנטיש פאַרברייטערט: מער ווי אָנדערטהאַלבן מאָל, פון 40 ביז 65 מיליאָן קוואַדראַט קילאָמעטער; באַ די זעקס גרעסטע מלוכעס בילדעט דער צוואוקס 25 מיליאָן קוואַדראַט-קילאָמעטער, אָנדערטהאלבן מאָל מער פאַר דעם שעטעך פון די מעטראָפּאָליעס

(16$\frac{1}{2}$ מיל.). דריי מלוכעס האָבן אין 1876-טן יאָר גאָר ניט געהאַט קיין קאָלאָניעס, און די פערטע, פראַנקרייך, האָט קימאַט ווי ניט געהאַט. צום 1914-טן יאָר האָבן דידאָזיקע מלוכעס באַקומען קאָלאָניעס מיט אַ שעטעך פון 14,1 מיליאָן קוואַדראַט-קילאָמעטער, דאָס הייסט, אַן ערעך אָנדערטהאַלבן מאָל גרעסער ווי דער שעטעך פון אייראָפּע, מיט אַ באַפעלקערונג פון קימאַט 100 מיליאָן. זייער גרויס איז די אומגלייכמעסיקייט אין דער פאַרברייטערונג פון די קאָלאָניעס. אויב מע זאָל, לעמאָשל, פאַרגלייכן פראַנקרייך, דייטשלאַנד און יאַפּאָניע, וועלכע אונטערשיידן זיך ווייניק איינע פון דער צווייטער לויט דער גרויס פונם שעטעך און לויט דער באַפעלקערונג, וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דאָס ערשטע פון אָט די לענדער האָט באַקומען קימאַט דריי מאָל מער קאָלאָניעס (לויטן שעטעך), ווי דאָס צווייטע און דאָס דריטע אינאיינעם. נאָר לויט דער גרויס פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל איז פראַנקרייך אין אָנהויב פון דעם פעריאָד, וועלכן מיר באַטראַכטן, אויך עפשער געווען דריי מאָל רייכער, איידער דייטשלאַנד און יאַפּאָניע אינאיינעם. אַכוץ די ריין-עקאָנאָמישע באַדינגונגען און אַפן באַזיס פון דידאָזיקע באַדינגונגען, איז אַף דער גרויס פון די קאָלאָניעס ווירקן אויך די געאָגראַפישע און אנדערע באַדינגונגען. ווי גיך ס'איז פאַר די לעצטע יאָרצענדליקער ניט געגאנגען די ניוועלירונג פון דער וועלט, די אויסגלייכונג פון די באַדינגונגען פון ווירטשאַפט און לעבן אין פאַרשיידענע לענדער אונטערן דרוק פון דער גרויסער אינדוסטריע, פונם אויסטויש און פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, איז פונדעסטוועגן דער כילעק נאָך אַלץ ניט קיין קליינער, און צווישן די זעקס אָנגערופענע לענדער געפינען מיר, פון איין זייט, יונגע, אומגעוויינלעך גיך פּראָגרעסירנדיקע קאַפּיטאַליסטישע לענדער (אַמעריקע, דייטשלאַנד און יאַפּאָניע); פון דער אַנדער זייט, לענדער פון אַן אַלטער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, וואס האבן אין דער לעצטער צייט אַסאַך לאַנגזאַמער פּראָגרעסירט, איידער די פריערדיקע (פראַנקרייך און ענגלאנד); פון דער דריטער זייט — א לאַנד, וואָס איז אַמערסטן אָפּגעשטאנען אין עקאָנאָמישן הינזיכט (רוסלאנד), אין וועלכן דער נייסטער קאפּיטאליסטישער אימפּעריאַליזם איז נאָך, אזוי צו זאָגן, אַרומגעפלאכטן מיט אַ באזונדערס געדיכטער נעץ פון פארקאַפּיטאליסטישע פאַרהעלטענישן.

נעבן די קאָלאָניאַלע באַזיצונגען פון די גרויסע מלוכעס האָבן מיר געשטעלט די קליינע קאָלאָניעס פון די קליינע מלוכעס, וועלכע זיינען, אַזוי צו זאָגן, דער נאָענטסטער אָביעקט פאַר דער מעגלעכער און וואַרשיינלעכער „איבערטיילונג" פון די קאָלאָניעס. דידאָזיקע קליינע מלוכעס האלטן דאָס ראָוו איין זייערע קאָלאָניעס נאָר אַדאַנק דעם, וואס צווישן די גרויסע מלוכעס עקזיסטירן הייפּעכדיקע אינטערעסן, רייבונגען און אַזוי ווייטער, וועלכע דערלאָזן ניט קומען צו אַן אויסגלייך וועגן צעטיילן דעם רויב. וואס אָנבאַלאנגט די „האלבקאָלאָניאַלע" מלוכעס, איז זיי שטעלן פאַר אַ מוסטער פון יענע איבערגאַנגס-פאָרמען, וואָס באַגעגענען זיך אין אַלע געביטן פון דער נאַטור און פון דער געזעלשאַפט. דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל איז אַזאַ גרויסער, מע קען זאָגן, באַשליסנדיקער קויעך אין אַלע עקאָנאָמישע און אין אלע צווישנפעלקערלעכע

פאַרהעלטעניש, אַז ער איז בעקויעך צו אונטערטעניק מאַכן פאַר זיך, און מאַכט טאַקע אונטערטעניק אַפילע מלוכעס, וואס זיינען פּאָליטיש פולשטענדיק אומאָפּהענגיק: מיר וועלן באַלד זעען ביישפּילן פון דעם. ס׳פארשטייט זיך אָבער, אַז די גרעסטע „באַקוועמלעכקייטן“ און די גרעסטע נוצן ברענגט דעם פינאַנץ-קאַפּיטאל אַזאַ אונטערטעניקייט, בא וועלכער די אונטערטעניקע לענדער און פעלקער פאַרלירן זייער פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט. די האלב-קאָלאָניאַלע לענדער זיינען טיפּיש, ווי א „מיט“ אין דעם פראַט. ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז דער קאַמף פאַר אָט די האַלב-אָפּהענגיקע לענדער האט באַזונדערס גע-מוזט פארשאַרפט ווערן אין דער טקופע פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, ווען די איבע-ריקע וועלט איז שוין געווען צעטיילט.

די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק און דער אימפּעריאַליזם האָבן עקזיסטירט אויך ביז דער נייסטער שטופע פונם קאַפּיטאַליזם און אפילע ביז דעם קאַפּיטאַליזם. רוים, וועלכער איז געווען געגרינדעט אַף קנעכטשאַפט, האָט געפירט אַ קאָלאָ-ניאַלע פּאָליטיק און האָט פאַרווירקלעכט דעם אימפּעריאַליזם. נאָר „אַלגעמיינע“ סוואָרעס וועגן אימפּעריאַליזם, וועלכע פאַרגעסן אָדער וועלכע רוקן אָפּ אָפּן הינטערגרונט דעם ראַדיקאַלן אונטערשייד צווישן די געזעלשאַפטלעך-עקאנאמישע פארמאַציעס, ווערן אומפאַרמיידלעך פאַרוואַנדלט אין פוסטע באַנאַליטעטן אָדער שטוּסערייען, ווי, אשטייגער, דער פאַרגלייך „צווישן דעם גרויסן רוים מיט דער גרויסער בריטאַניע“ 74). אַפילע די קאַפּיטאַליסטישע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פון די פריערדיקע סטאַדיעס פונם קאַפּיטאַליזם אונטערשיידעט זיך גרונטלעך פון דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל.

די גרונט-באַזונדערקייט פון דעם נייסטן קאַפּיטאַליזם באַשטייט אין דער הערשאַפט פון מאָנאָפּאָליסטישע פאַרבאַנדן פון די גרעסטע אונטערנעמער. אזעלכע מאנאָפּאָליעס זיינען אַם שטאַרקסטן, ווען ס׳ווערן פארכאַפּט אין איינע הענט אַלע קוואַלן פון רוי-מאַטעריאַלן, און מיר האָבן געזעען, מיט וואָס פאַר אַ פלייס עס אַרבעטן די צווישנפעלקערלעכע קאַפּיטאַליסטן-פאַרבאַנדן קעדיי ארויסצורייסן באַם קעגנער יעדע מעגלעכקייט פון קאָנקורענץ, קעדיי אויסצו-קויפן, לעמאָשל, די אייזנגרובן אָדער די נאַפט-קוואַלן און אז. וו. בלויז דאָס באַזיצן קאָלאָניעס באַוואָרנט פולשטענדיק דעם דערפאָלג פון די מאָנאָפּאָליעס קעגן אַלערליי צופעליקייטן אינם קאַמף מיטן קעגנער, קעגן אַפילע אַזאַ צופע-ליקייט, ווען דער קעגנער וויל זיך פאַרטיידיקן מיט אַ געזעץ וועגן מלוכע-מאָנאָפּאָליע. וואָס העכער עס שטייט די אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם, וואָס שטאַרקער ס׳פילט זיך דער מאַנגל אין רוי-מאַטעריאַלן, וואָס שאַרפער ס׳איז די קאָנקורענץ און יאָגעניש נאָך קוואַלן פון רוישטאָף אין דער גאַנצער וועלט, אַלץ פאַרצווייפלטער איז דער קאַמף פאַר באַקומען קאָלאָניעס.

„מע קען ארויסזאָגן א מיינונג, — שרייבט שילדער, — וועלכע אייניקע וועלן, עפשער, האַלטן פאַר אַ פאַראַדאָקסאַלער, נעמלעך, אז דער וואוקס פון דער שטאָטישער און אינדוסטריעלער באַפעלקערונג וועט אין דער מער אָדער ווייניקער נאָענטער צוקונפט אסאַך גיכער טרעפן אַ מעניע אין דעם מאַנגל פון

רוי-מאַטעריאַלן פאַר דער אינדוסטריע, איידער אין דעם מאַנגל פון דערנערונגס-פּראָדוקטן. אַזוי, לעמאָשל, ווערט פאַרשאַרפט דער מאַנגל אין האָלץ, וואָס ווערט אַלץ טייערער, אין פעל, אין רוישטאָף פאַר דער טעקסטיל-אינדוסטריע. די פאַרבאַנדן פון די אינדוסטריעלער פּרוואוון שאַפן אַ גלייכגעוויכט צווישן דער לאַנדווירטשאַפט מיט דער אינדוסטריע אין די גרעניצן פון דער גאַנצער וועלט-ווירטשאַפט. אַלס א ביישפּיל קען מען אָנרופן דעם צווישנפעלקערלעכן פאַר-באַנד פון די פאַריינען פון די באַוול-שפּינערײ-פאַבריקאַנטן אין עטלעכע זייער וויכטיקסטע אינדוסטריעלע מלוכעס, וואָס עקזיסטירט פון 1904-טן יאָר, דער-נאָך דעם פאַרבאַנד פון די אייראָפּעאישע פאַרבאַנדן פון ליינשפּינערײ, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן לויטן מוסטער פונם ערשטן אין 1910-טן יאָר [75].

ס'פאַרשטייט זיך, אז די בורזשואזע רעפאָרמיסטן פּרוואוון אָפּשוואַכן דעם באַדייט פון אָט דעם מין פאַקטן מיט אן אָנווייזונג אף דעם, אז „ס'וואָלט מעגלעך" געווען צו באַקומען רוימאַטעריאַלן אפן פרייען מארק אָן „דער טייע-רער און געפערלעכער" קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, אז „מע קען" ביכלאַל גיגאַנ-טיש פאַרגרעסערן דעם אָנבאָט פון רוימאַטעריאַלן דורך אַ פּאָשעטן פאַרבע-סערן די באַדינגונגען פון דער לאַנדווירטשאַפט ביכלאַל. נאָר אזעלכע אָנווײ-זונגען פאַרוואַנדלען זיך אין אן אַפּאָלאָגעטיק פונם אימפּעריאַליזם, אין א צופּוצן אים, ווייל זיי זיינען געגרינדעט אף דעם, וואָס מע פאַרגעסט די הויפּט-באַ-זונדערקייט פון דעם נייסטן קאַפּיטאַליזם: די מאָנאָפּאָליעס. דער פרייער מארק גייט אַלץ מער אריבער אין אוועק, די מאָנאָפּאָליסטישע סינדיקאַטן און טרעסטן שניידן אים ארום מיט יעדן טאָג, און די „פּאָשעטע" פאַרבעסערונג פון די לאַנדווירטשאַפט-באַדינגונגען באַשטייט אין דער אויסבעסערונג פון דער לאַגע פון די מאסן, אין העכערן דעם ארבעטסלוין און אין דער פאַרקלענערונג פונם רעווח. און וואו זשע, אכוץ דער פאַנטאַזיע פון די רעפאָרמיסטן, זיינען עס פאַראַן אזעלכע טרעסטן, וועלכע זאָלן זיין פעאיק צו זאָרגן וועגן דער לאַגע פון די מאסן, אנשטאָט איינצונעמען קאָלאָניעס? פאַרן פינאַנץ-קאַפּיטאַל האָבן אַ באַדייטונג ניט נאָר די שוין אנטדעקטע קוואַלן פון רוימאַטעריאַלן, נאָר אויך די מעגלעכע קוואַלן, ווייל די טעכניק אַנטוויקלט זיך אין אונזערע צייטן מיט אַן אומגעהויערער גיכקייט, און די ערד-פּלעצער, וואָס היינט טויגן זיי ניט, קענען טויגן מאָרגן, אויב ס'וועלן אויסגעפונען ווערן נייע מעטאָדן (און דער גרויסער באַנק קאָן צוליב דעם אויסריכטן אן עקספּעדיציע פון אינזשענערן, אגראָנאָמען א. אז. וו.), אויב ס'וועט אריינגעלייגט ווערן א גרויסער קאַפּיטאַל. דאָס אייגענע איז אויך בענוגע צו אויסזוכונגען פון מינעראַל-רייכקייטן, צו נייע אויפאַנים פון באַארבעטן און אוטיליזירן די אָדער יענע רוימאַטעריאַלן און אז. וו. פון דאַנען נעמט זיך די אומפאַרמיידלעכע שטרעבונג פונם פינאַנץ-קאַ-פּיטאַל צו פאַרברייטערן די ווירטשאַפטלעכע טעריטאָריע און אפילו די טערי-טאָריע ביכלאַל. פּונקט ווי די טרעסטן קאַפּיטאַליזירן זייער פאַרמעגן לויט א צווייענדיקער אָדער א דרייענדיקער אָפּשאַצונג, דיסקאָנטירנדיק די „מעגלעכע" רעוואַכים אין דער צוקונפט (און ניט די איצטיקע), דיסקאָנטירנדיק די ווייטער-דיקע רעזולטאַטן פון דער מאָנאָפּאָל, אזוי שטרעבט ביכלאַל אויך דער פינאַנץ-

קאפיטאל צו פארכאפן וואָס מער שטיקער ערד, וואסערע דאָס זאָל ניט זיין, וואו דאָס זאָל ניט זיין און אף וואָס פאר אַן אויפן דאָס זאָל ניט זיין, דיס־קאנטירנדיק די מעגלעכע קוואלן פון רוישטאָף, מוירע האָבנדיק אָפצושטיין אין דעם ווילדן קאמף פאר די לעצטע שטיקלעך פון דער נאָך ניטצעטיילטער וועלט אָדער פאר דער איבערטיילונג פון די שטיקלעך, וואָס זיינען שוין צעטיילט געוואָרן.

די ענגלישע קאפיטאליסטן זעען מיט אלע מיטלען צו אנטוויקלען די פראָדוקציע פון באוול אין זייער קאָלאָניע, אין עגיפטן (אין 1904-טן יאָר איז פון 2,3 מיליאָן העקטאָר באארבעטע ערד 0,6 מיליאָן, דאָס הייסט העכער א פערטל געווען שוין פארזייט מיט באוול), די רוסישע אין זייער קאָלאָניע—טורקעסטאן, ווייל אף אזא אויפן איז זיי גרינגער בייצוקומען זייערע אויסלענדישע קאָנקורענטן, ווייל אף אַזא אויפן קענען זיי גיכער קומען צו דער מאָנאָפּאָליזירונג פון די קוואלן פון רוישטאָף, אף אזא אויפן וועלן זיי גיכער שאפן א מער שפּאָרעוודיקן און מער האכנאָסעדיקן טעקסטיל־טרעסט, א טרעסט מיט א „קאָמבינירטער״ פראָדוקציע, מיט קאנצענטרירן אין איין האנט אַלע שטופן פון דער פראָדוקציע און פון באארבעטונג.

אויך די אינטערעסן פון קאפיטאל-עקספּאָרט צווינגען איינצונעמען קאָ־לאָניעס, ווייל אפן קאלאניאלן מארק איז גרינגער (און אמאָל איז עס דאָס איינציק מעגלעכע אָרט) צו באזייטיקן אף מאָנאָפּאָליסטישע אויפאנים דעם קאָנקורענט, צו באקומען פאר זיך די ליווערונג, צו באפעסטיקן די געהעריקע „פארבינדונגען״ און אז. וו.

דער אויסער-עקאָנאָמישער איבערבוי, וואס וואקסט אויס אפן יעסאָד פון פינאנץ-קאפיטאל, זיין פּאָליטיק, זיין אידעאלאגיע פארשטארקן די שטרעבונג צו קאָלאָניאלע איינעמונגען. „דער פינאנץ־קאפיטאל וויל ניט קיין פרייהייט, נאר הערשאפט״,—זאָגט מיט רעכט הילפערדינג. און איין פראנצויזישער בור־זשואזער שרייבער, ווי ער וואלט אנטוויקלען און דערגאנצן סעסיל ראדס געדאנקען, וועלכע מיר האָבן געבראכט אויבן, שרייבט, אז צו די עקאנאמישע סיבעס פון דער איצטיקער קאָלאָניאלער פּאָליטיק דארף מען נאך צוגעבן סאָ־ציאלע סיבעס: „מאכמעס דער וואקסנדיקער קאָמפּליצירטקייט פונם לעבן, מאכמעס דער קאמפּליצירטקייט און שווערקייט, וואָס דריקט ניט נאָר אף די ארבעטער־מאסן, נאר אויך אף די מיטלקלאסן, קלייבן זיך אַן אין אלע לענדער פון דער אלטער ציוויליזאציע אומגעדולד, אויפרעגונג, האס, וועלכע שטעלן פאר א סאקאנע פאר דער געזעלשאפטלעכער רואיקייט; מע מוז געפינען וואו אנצוואווענדן די ענערגיע, וואָס ווערט ארויסגעשטופט פון א באשטימטן קלאסן־וועג, מע מוז זי מיט עפּעס פארנעמען אויסערן לאנד, קעדיי עס זאָל ניט פארקומען קיין אופרייס אינעווייניק״ [76]).

ווי באלד ס'האנדלט זיך וועגן דער קאלאניאלער פאליטיק אין דער טקופע פונם קאפיטאליסטישן אימפעריאליזם, איז נויטיק צו פארצייכענען, אז דער פינאנץ־קאפיטאל און די צווישנפעלקערלעכע פּאָליטיק, וואס אנטשפּרעכט אים און וואָס באשטייט אינם קאמף פון די גרויסע מלוכעס פאר דער עקאָנאָמישער

און פּאָליטישער צעטיילונג פון דער וועלט, שאַפן א גאנצע רייע איבער-גאנגס-פאַרמען פון מלוכע-אָפּהענגיקייט. פאַר דערדאזיקער טקופע זיינען טיפּיש ניט בלויז די צוויי גרונט-גרופּעס לענדער, די, וואס האָבן קאלאניעס, און די קאלאניעס, נאר אויך פארשיידנארטיקע פארמען פון אָפּהענגיקע לענדער, וועלכע זיינען פארמעל פּאָליטיש זעלבשטענדיק, אבער פאקטיש זיינען זיי ארומגעפלאָנטערט מיט א נעץ פון פינאנציעלער און דיפלאמאטישער אָפּהענ-גיקייט. איינע פון די פארמען — האלב-קאָלאָניעס — האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אויבן. אלס מוסטער פון א צווייטער פאָרם קען מען, לעמאשל, אָנווייזן ארגענטינע.

„דאָרעם-אמעריקע, באזונדערס ארגענטינע, — שרייבט שולצע-העווערניץ אין זיין ווערק וועגן דעם בריטאנישן אימפּעריאליזם, — געפינט זיך אין אזא פינאנציעלער אָפּהענגיקייט פון לאנדאָן, אז מע דארף זי קימאט אנרופן אן ענגלישע האנדלס-קאָלאָניע" 77). די קאפּיטאלן, וואס ענגלאנד האָט פארטאָן אין ארגענטינע, באשטימט שילדער, לויט די מיטיילונגען פון דעם עסטרייך-אונגא-רישן קאנסול אין בוענאס-איירעס פארן 1909-טן יאָר, אין 8 3/4 מיליארד פראנק. ס'איז ניט שווער זיך פארצושטעלן, וואָס פאר א פעסטע פארבינדונגען ס'בא-קומט אדאנק דעם דער פינאנץ-קאפּיטאל (און זיין געטרייער פריינט — די דיפלאָמאטיע) פון ענגלאנד מיט דער בורזשואזיע פון אַרגענטינע, מיט די אָנפירנדיקע קרייזן פון איר גאנצן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן.

אביסל אן אנדער פאָרם פון פינאנציעלער און דיפלאָמאטישער אָפּהענ-גיקייט בא פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט גיט אונז פּארטוגאל. פּארטוגאל איז א זעלבשטענדיקע סואווערענע מלוכע, פאקטיש אָבער געפינט זי זיך אין א מעשעך פון מער ווי 200 יאָר, זינט דער מילכאָמע פאר דער שפּאנישער יע-רושע (1700-1714) אונטערן פּראטעקטאראט פון ענגלאנד. קעדיי צו באפעסטיקן איר פּאָזיציע אינם קאמף מיט די קעגנער, מיט שפּאניע און פראנקרייך, האָט ענגלאנד פּארטיידיקט פּארטוגאל און אירע קאלאניעס. פאר דעם האט ענגלאנד באקומען האנאכעס בענויגייע דעם האנדל, בעסערע באדינגונגען אף ארויסצו-פירן סכוירעס און באזונדערס פאר ארויספירן קאפּיטאל קיין פּארטוגאל און אין אירע קאלאניעס, א מעגלעכקייט צו באנוצן זיך מיט די האפנס און מיט די אינזלען פון פּארטוגאל, מיט אירע קאבעלן א. אז. וו. 78). אזעלכע מינע פארהעלטענישן צווישן איינצלנע גרויסע און קליינע מלוכעס זיינען געווען שטענדיק, נאָר אין דער טקופע פונם קאפּיטאליסטישן אימפּעריאליזם ווערן זיי אן אלגעמיינע סיסטעם, זיי גייען אריין, ווי א טייל, אין סכום פארהעלטענישן „פון דער צעטיילונג פון דער וועלט", זיי ווערן פארוואנדלט אין רינגען פון די אָפּעראציעס פונם אלוועלטלעכן פינאנץ-קאפּיטאל.

קעדיי צו פאַרענדיקן מיט דער פראַגע וועגן דער צעטיילונג פון דער וועלט, מוזן מיר נאָך פאַרצייכענען אָט וואָס. צום סאָף פון נייַנצעטן און אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט ניט נאָר די אַמעריקאנישע ליטע-ראַטור נאָך דעם יאַפּאַניש-אַמעריקאַנישן קריג און די ענגלישע נאָך דעם ענג-ליש-בורישן קריג גאַנץ אָפן און קלאָר אַוועקגעשטעלט די דאָזיקע פראַגע, ניט

נאָך די דייטשישע ליטעראַטור, וואָס האָט מיט דער גרעסטער „האַסמאָדע“ נאָכגעשפּירט נאָכן „בריטאַנישן אימפּעריאַליזם“, פלעגט סיסטעמאַטיש אָפּשאַצן דעמדאָזיקן פאַקט. אויך אין דער פראַנצויזישער בורזשואַזער ליטעראַטור איז די פראַגע אוועקגעשטעלט גאַנץ קלאָר און ברייט, אַף וויפל דאָס איז ביכלאַל מעגלעך פונם בורזשואַזן שטאַנדפּונקט. לאָמיר זיך פאַרופן אַפן היסטאָריקער דריאָ, וועלכער האָט געשריבן אין זיין בוך „די פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען צום סאָף פון נײַנצעטן יאָרהונדערט“, אינם קאַפּיטל וועגן „די גרויסע מלוכעס און וועגן דער צעטיילונג פון דער וועלט“: „אין מעשעך פון די לעצטע יאָרן זײַנען אַלע פרייע פּלעצער אַף דער ערד, אכוץ כינע, פאַרנומען דורך די מלוכעס פון אייראָפּע און פון צאָפן-אַמעריקע. אַף דעמדאָזיקן באָדן זײַנען שוין פאָרגעקומען עטלעכע קאָנפליקטן, און ס'האָבן זיך שוין געביטן די האַשפּאָעס, און דאָס דינט פאַר אַן אָנזאָג פון מער שרעקלעכע אויפרייסן אין דער נאָענטסטער צוקונפט. ווייל מע מוז זיך איילן: די פעלקער, וואָס האָבן זיך ניט באַזאָרגט, שטייען פאַר דער סאַקאָנע קיינמאָל ניט צו באקומען זייער כיילעק און ניט צו באַטייליקן זיך אין יענער גיגאַנטישער עקספּלואַטאַציע פון דער וועלט, וועלכע וועט זיין איינער פון די איקערדיקע פאַקטן אין דעם קומענדיקן (דאָס הייסט, אינם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט). און אָט פאַרוואָס גאַנץ אייראָפּע און אַמעריקע זײַנען פאר דער לעצטער צייט געווען אָנגעשטעקט מיט א פיבער פון קאָלאָניאַלע פאַרברייטערונגען פונם „אימפּעריאַליזם“, וועלכער בילדעט דעם מערקווירדיקסטן כאַראַקטעריסטישן שטריך פונם סאָף פונם נײַנצעטן יאָרהונדערט“. און דער אַווטאָר גיט צו: „באַ דערדאָזיקער צעטיילונג פון דער וועלט, באַ דעררדאָזיקער ווילדער יאָגעניש נאָך די אוצרעס און נאָך די גרויסע מערק פון דער וועלט, איז די לעפּיערעכדיקע קראַפט פון די אימפּעריעס, וואָס זײַנען געגרינדעט געוואָרן אין נײַנצעטן יאָרהונדערט אנטשפּרעכט לאַכלוטן ניט דעם פּלאַץ, וועלכן ס'פאַרנעמען אין אייראָפּע די פעלקער, וועלכע האָבן זיי געגרינדעט. יענע מלוכעס, וואָס האָבן די אויבערהאנט אין אייראָפּע, וואָס אין זייערע הענט געפינט זיך דער גוירל פון אַנדערע מלוכעס, האָבן נ י ט אין דערזעלביקער מאָס די אויבערהאַנט אין דער גאַנצער וועלט. און אזוי ווי די קאָלאָניאַלע טעטיקייט, די האָפענונג צו באַקומען רייכקייטן, וואָס זײַנען נאָך ניט דיסקאָנטירט געוואָרן, וועלן אַפּאָנים האָבן זייער אָפּגעשפּיגלטע ווירקונג אַף דער לעפּיערעכדיקער קראַפט פון די אייראָפּעאישע מלוכעס, איז אַדאַנק דעם וועט די קאָלאָניאַלע פראַגע — דער „אימפּעריאַליזם“, אויב איר ווילט — וואָס האָט שוין געענדערט די פּאָליטישע באַדינגונגען אין אייראָפּע גופע, ענדערן זיי אַלץ מער און מער“ [79].

## 7. אימפּעריאליזם ווי א ספּעציעלע סטאַדיע פונם קאַפּיטאליזם.

איצט דארפן מיר זיך פּרואוון אונטערפירן געוויסע סאַכאַקלען, צונויפנעמען איניינעם אלץ, וואָס מיר האָבן אויבן געזאָגט וועגן דעם אימפּעריאַליזם. דער אימפּעריאַליזם איז אויסגעוואַקסן, ווי אַן אנטוויקלונג און אַ דירעקטער

העמשעך פון די גרונט-אייגנשאַפטן פונם קאַפּיטאַליזם ביכלאַל. אָבער נאָר אַף א געוויסער, זייער הויכער שטופּע פון זיין אנטוויקלונג איז דער קאַפּיטאַליזם געוואָרן א קאַפּיטאַליסטישער אימפּעריאַליזם; דאָס איז געוואָרן ערשט דאַן, ווען אייניקע גרונט-אייגנשאַפטן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין זייער היפּעך, ווען ס'האָבן זיך דורכויס געהאַט אויסגעבילדעט און אַנטפּלעקט שטריכן פון א איבערגאַנגס-עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם צו א העכערער געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישער אָרדענונג. דאָס עקאָנאָמישע גרונטלעכע אין דעמדאָזיקן פּראָצעס איז דאָס, וואָס דאָס אָרט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פרייער קאָנקורענץ פאַרנעמען קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס. די פרייע קאָנקורענץ איז די גרונט-אייגנשאַפט פונם קאַפּיטאַליזם און פון דער סכוירעס-פּראָדוקציע ביכלאַל; די מאָנאָפּאָליע איז אַ דירעקטער היפּעך פון פרייער קאָנקורענץ. נאָר פאַר אונזערע אויגן האָט זיך די פרייע קאָנקורענץ אָנגעהויבן פאַרוואַנדלען אין א מאָנאָפּאָליע דורך שאַפן גרויסע פּראָדוקציע, דורך אַרויסשטופּן די קליינע, דורך פאַרבייטן די גרויסע פּראָדוקציע מיט נאָך א גרעסערער, דורך דערפירן די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע און פונם קאַפּיטאַל ביז אַזאַ הויך, אַז פון איר פלעגט אויסוואַקסן און ס'וואַקסט אויס די מאָנאָפּאָליע: קאַרטעלן, סינדיקאַטן, טרעסטן, און דער צוזאַמענגעבונדענער מיט זיי קאַפּיטאַל פון א וועלכן ס'ניט איז צענדליק בענק, וואָס האַבן צו שאַפן איבער מיליאַרדן. און די מאָנאָפּאָליעס, האַגאַם זיי זיינען אויסגעוואַקסן פון דער פרייער קאָנקורענץ, באַזייטיקן זיי זי דאָך ניט, נאָר זיי עקזיסטירן איבער איר, האַנט בא האַנט מיט איר און רופן דורך דעם אַרויס אַ ריי באַזונדערס שאַרפע און גרויסע סטירעס, רייבונגען, קאָנפליקטן. די מאָנאָפּאָליע — דאָס איז אַ איבערגאַנג פונם קאַפּיטאַליזם צו אַ העכערער אָרדענונג.

אויב ס'וואָלט געווען נויטיק צו געבן אַ מעגלעכסט קורצע דעפינירונג פונם אימפּעריאַליזם, וואָלט מען געדאַרפט זאָגן, אַז דער אימפּעריאַליזם איז די מאָנאָפּאָליסטישע סטאַדיע פונם קאַפּיטאַליזם. אַזאַ דעפיניציע וואָלט אין זיך געהאַט דעם איקער, ווייל, פון איין זייט, איז דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל דער באַנק-קאַפּיטאַל פון א קליינער צאָל מאָנאָפּאָליסטישע גרויסע בענק, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן קאַפּיטאַל פון מאָנאָפּאָליסטישע קאַפּיטאַליסטן-פאַרבאַנדן, און, פון דער אַנדערער זייט, איז די צעטיילונג פון דער וועלט אַ איבערגאַנג פון דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, וואָס פאַרברייטערט זיך אומגעשטערט אַף די געגנטן, וועלכע זיינען נאָך ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פון קיין איין קאַפּיטאַליסטישער מלוכע, צו אַ קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פון מאָנאָפּאָליסטישער הערשאַפט איבער דער וועלט-טעריטאָריע, וועלכע איז שוין אינגאַנצן צעטיילט געוואָרן.

נאָר די קורצע דעפיניציעס, האַגאַם זיי זיינען באַקוועם, ווייל זיי גיבן אונז דעם הויפּט-סאַכאַקל, זיינען זיי אָבער פונדעסטוועגן ניט גענוג, ווען מע דאַרף פון זיי ספּעציעל אַרויסדרינגען זייער וויכטיקע שטריכן פון דער דערשיינונג, וואָס מע דאַרף דעפינירן. דעריבער, איז ניט פאַרגעסנדיק דעם קאָנ-

ווענציאָנעלן *) און לעפיערעכדיקן באַדייט פון אַלע דעפיניציעס ביכלאַל, וואָס קענען קיינמאָל ניט אַרומנעמען די אַלזייטיקע צוזאַמענבונדן פון דער דער־שיינונג אין איר פולער אַנטוויקלונג, דאַרף מען געבן אַזאַ דעפיניציע פונם אימפעריאַליזם, וועלכע זאָל אַריינעמען אָט די פינף גרונטסימאָנים זיינע:
1) די קאָנצענטרירונג פון דער פראדוקציע און פונם קאַפּיטאל, וועלכע האט דערגרייכט צו אַזאַ הויכער אַנטוויקלונג-שטופע, אַז זי האָט געשאַפן די מאָ־נאָפּאָליעס, וואָס שפילן אַן אַנטשיידנדיקע ראָלע אינםווירטשאַפטלעכן לעבן;
2) די צונויפגיסונג פונם באַנק-קאַפּיטאל מיטן אינדוסטריעלן און די שאַפונג פון אַ פינאַנץ-אָליגאַרכיע, אף דער באַזע פון דעמדאָזיקן „פינאַנץ-קאַפּיטאַל";
3) דער קאַפּיטאַל-עקספּאָרט באַקומט, צום אונטערשייד פונם סכוירעס-עקספּאָרט, אַ ספּעציעל וויכטיקן באַדייט; 4) ס'בילדן זיך אויס צווישנפעלקערלעכע מאָ־נאָפּאָליסטישע קאַפּיטאַליסטן-פאַרבאנדן, וואָס צעטיילן צווישן זיך די וועלט;
5) ס'איז פאַרענדיקט די טעריטאָריאַלע צעטיילונג פון דער וועלט דורך די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע מלוכעס. דער אימפּעריאַליזם איז דער קאַפּיטאַליזם אף דער אַנטוויקלונג-שטופע זיינער, ווען ס'האָט זיך אויסגעבילדעט די הער־שאַפט פון מאָנאָפּאָלן און פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, ווען ס'האָט באַקומען זייער אַ גרויסן באַדייט דער עקספּאָרט פונם קאַפּיטאַל, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די צעטיילונג פון דער וועלט צווישן צווישנפעלקערלעכע טרעסטן און ווען ס'האָט זיך פאַרענדיקט די צעטיילונג פון דער גאַנצער וועלט-טעריטאָריע צווישן די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע מלוכעס.

מיר וועלן נאָך ווייטער זען, ווי אזוי מע קען און מע דאַרף אנדערש דעפינירן דעם אימפעריאליזם, ווען מע זאָל האָבן אין זינען ניט בלויז די ריין-עקאָנאָמישע גרונטבאַגריפן (מיט וועלכע עס באַגרעניצט זיך די געבראַכטע דעפיניציע), נאָר דאָס היסטאָרישע אָרט פון דער געגעבענער סטאַדיע פון קאַ־פּיטאַליזם בענויגייע צום קאַפּיטאַליזם ביכלאַל, אָדער די באַציאונג צווישן אימ־פּעריאַליזם און די צוויי גרונטריכטונגען אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. דאָ אַף אַן אָרט אָבער מוז מען פאַרציייכענען, אַז דער אימפעריאַליזם, אויב מע פאַר־שטייט אים אין דעם אָנגעוויזענעם זינען, שטעלט מיט זיך פאָר, בלי שום ספק, א ספּעציעלע סטאַדיע אין דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם. קעדיי צו געבן דעם לעזער אַ מעגלעכסט באַגרינדעטע פאָרשטעלונג וועגן אימפּע־ריאַליזם, האָבן מיר בעקיוון געזוען צו ברענגען וואס מער מיינונגען פון בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן, וואס זיינען געצוואונגען צו אַנערקענען די באַ־זונדערס פעסט איינגעשטעלטע פאַקטן פון דער נייסטער עקאָנאָמיק פונם קאַ־פּיטאליזם. מיט דעמזעלביקן צוועק האָבן מיר געבראַכט אויספירלעכע סטאַטיס־טישע מאַטעריאַלן, וואס גיבן אונז די מעגלעכקייט צו זען, אַף וויפל ס'איז אויסגעוואַקסן דער באַנק-קאַפּיטאַל און אַז. וו. אין וואָס נעמלעך האט זיך אויסגעדריקט דער איבערגאַנג פון קאַמעס אין אייכעס, דער איבערגאנג פונם

*) קאָנווענציע—אָפּמאַך. קאָנווענציאָנעל—אָפּגעמאַכט. לעמאָשל, מיר רעכענען דאָס נייע יאָר פון ערשטן יאַנואַר. דאָס איז אַן אָפּגעמאַכטע זאַך. מע האָט געמעגט רעכענען פון אַן אַנדער טאָג. דאָס איז אַ קאָנוועציאָנעלע דאַטע. איבערז.

אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם אינם אימפּעריאַליזם. ס'איז, פאַרשטייט זיך, איבעריק צו ריידן, אַז אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפט זיינען אַלע גרעניצן קאָנווענציאָנעל און באַוועגלעך, און ס'וואָלט געווען, לעמאָשל, אן אומזינען צו שטרייטן וועגן דעם, אין וואָס פאַר א יאָר אָדער יאָרצענדליק האָט זיך „ענדגילטיק" איינגעשטעלט דער אימפּעריאַליזם.

אָבער שטרייטן וועגן דער דעפיניציע פונם אימפּעריאַליזם קומט יאָ אויס און, קוידעמקאָל, מיטן מאַרקסיסטישן הויפּט-טעאָרעטיקער פון דער תּקופה פון דעם אזוי גערופענעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, דאס הייסט, פון די 25 יאָר,— 1889—1914, מיט ק. קאַאוטסקין.

נאָך אין 1915=טן יאָר און אַפילע נאָך אין נאָיאַבר 1914-טן יאָר איז קאַאוטסקי גאַנץ קאַטעגאָריש אַרויסגעטראָטן קעגן די גרונט=אידייען, וואס זיינען אויסגעדריקט אין דער דעפיניציע, וועלכע מיר האָבן געגעבן. ער האָט דערקלערט, אַז אונטער אימפּעריאַליזם דאַרף מען פאַרשטיין ניט קיין „פּאַזע" אָדער „שטופע פון ווירטשאַפט", נאָר פּאָליטיק, נעמלעך, די באַשטימטע פּאָליטיק, פון וועלכער דער פינאַנץ=קאַפּיטאַל „האַלט" מער, ווי פון אַנדערע, אַז מע טאָר ניט „אידענטיפיצירן" דעם אימפּעריאַליזם מיט דעם „מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם", אַז אויב מע זאָל אונטער אימפּעריאַליזם פאַרשטיין „אַלע דערשיינונגען פון דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם" — די קאַרטעלן, דעם פּראָטעקציאָניזם, די הערשאַפט פון די פינאַנציסטן, די קאָלאָניאַל-פּאָליטיק,—איז דאן וועט די פראַגע וועגן דער נויטיקייט פונם אימפּעריאַליזם פארן קאַפּיטאַליזם באקומען א זינען פון א סאַמע פלאַטשיקער „טאַווטאָלאָגיע" *), ווייל דאן „איז דער אימפּעריאַליזם, נאַטירלעך, אַ לעבנס-נויטווענדיקייט פארן קאַפּיטאַליזם" און אז. וו. מיר וועלן פינקטלעכער פאַר אלץ אויסדריקן קאַאוטסקיס געדאנק, אויב מיר וועלן ברענגען די דעפינירונג פונם אימפּעריאליזם, וואס ער גיט (ווייל די דערווידערונגען מיצאַד די דייטשישע מאַרקסיסטן, וואס האבן אין א משך פון א גאנצער רייע יאָרן דורכגעפירט ענלעכע אידייען, זיינען לאנג באוואוסט קאַאוטסקין, ווי דערווידערונגען פון אַ באשטימטער שטרעמונג אינם מארקסיזם).

אָט איז קאַאוטסקיס דעפיניציע:

„דער אימפּעריאַליזם איז אַ פּראָדוקט פון דעם הויך-אַנטוויקלטן אינדוסטריעלן קאַפּיטאליזם. ער באשטייט אין דער שטרעבונג פון איטלעכער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליסטישער נאַציע צוצונעמען צו זיך אָדער אונטערוואַרפן אונטער זיך אלץ גרעסערע אַ ג ר אַ ר-(קאַאוטסקיס קורסיוו) געגנטן אָן א שאַיכעס צו דעם, מיט וואס פאַר אַ פעלקער דידאָזיקע געגנטן זיינען באזעצט"[80].

דידאָזיקע דעפיניציע איז אינגאנצן ניט ריכטיק, ווייל זי איז אַן איינזייטיקע, דאָס הייסט זי טיילט ווילקירלעך אויס בלויז די נאַציאָנאַלע פראגע (האַגאַם דאָס איז זייער אַ וויכטיקע פראגע, סאי אליין פאר זיך, סאַי אין איר

*) טאווטאלאגיע — זאגן דיזעלביקע זאך בלויז מיט אנדערע ווערטער. לעמאשל, וואס איז אזוינס א מלוכע? א מלוכע איז אַן אָרגאניזאציע מיט מלוכע-מאכט. אזוי דעפינירן הייסט ניט דערקלערן, נאָר געבן א טאווטאָלאָגיע. איבערזעצער.

שאַיכעס צום אימפּעריאַליזם), זי בינדט אים צונויף ווילקירלעך און נ י ט ר י כ-ט י ק ב ל ו י ז מיטן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל אין די לענדער, וועלכע אַנעק-סירן פרעמדע פעלקער, און שטעלט פונקט אַזוי ווילקירלעך און ניט ריכטיק ארויס די אַנעקסיעס פון אַ ג ר אַ ר=געגנטן.

דער אימפּעריאַליזם איז א שטרעבונג צו אַנעקסיעס — אָט אין וואָס עס באשטייט דער אינהאַלט פונם פּ אָ ל י ט י ש ן טייל פון קאַאוטסקיס דעפיניציע. דאָס איז ריכטיק, אָבער קלאָל ניט אלץ, ווייל דער אימפּעריאַליזם איז פּאָלי-טיש ביכלאַל א שטרעבונג צו געוואַלט און צו רעאַקציע. אונז אינטערעסירט אָבער דאָ די ע ק אָ נ אָ מ י ש ע זייט פונם איניען, וואָס קאַאוטסקי האָט אריינ-געבראַכט אין ז י י ן דעפיניציע. די ניטריכטיקייטן אין קאַאוטסקיס דעפיניציע וואַרפן זיך אין די אויגן. פאַרן אימפּעריאַליזם איז כאַראַקטעריסטיש גראָד נ י ט דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַל, נאָר דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל. ס'איז ניט קיין צופעליקייט, וואָס אין פראַנקרייך האָט גראָד די באַזונדערס גיכע אנטוויקלונג פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, בײַ דער אָפּגעשוואַכטקייט פונם אינדוסטריע-קאַפּיטאַל, ארויסגערופן, אָנגעהויבן פון די 80-ער יאָרן פונם פאָריקן יאָרהונדערט, א שטאַרקע פאַרשאַרפונג פון דער אנעקסיאָניסטישער (קאָלאָניאַלער) פּאָליטיק. פאַרן אימפּעריאַליזם איז כאַראַקטעריסטיש גראָד די שטרעבונג צו אנעקסירן נ י ט ב ל ו י ז אַגראַר=געגנטן, נאָר אַפילע די סאַמע אינדוסטריעלע (די דייט-שישע אַפּעטיטן בענויגייע בעלגיע, די פראַנצויזישע — בענויגייע לאָטארינגיע), ווייל, ערשטנס, צווינגט די פאַרענדיקטע צעטיילונג פון דער ערד אויסצושטרעקן די האַנט, בײַ דער א י ב ע ר ט י י ל ו נ ג, צו אלערליי ערדשטיקער; צווייטנס, איז א וויכטיקער מאָמענט פונם אימפּעריאַליזם די קאָנקורענץ צווישן עטלעכע גרויסע מלוכעס אין דער שטרעבונג צו העגעמאָניע, ד. ה. צו פאַרכאַפּן לענ-דער ניט אַזוי פיל דירעקט פאַר זיך, ווי קעדיי אָפּצושוואַכן דעם קעגנער און אונטעררייסן זיין העגעמאָניע (בעלגיע איז באַזונדערס וויכטיק פאַר דייטשלאַנד, ווי א שטיצפונקט קעגן ענגלאַנד; פאַר ענגלאַנד — באַגדאַד, ווי א שטיצפונקט קעגן דייטשלאַנד און אז. וו.)

קאַאוטסקי פאַררופט זיך באַזונדערס — און ניט איינמאָל — אויף די ענגלענדער, וועלכע האָבן, קלוימערשט, איינגעשטעלט דעם ריין-פּאָליטישן באַדייט פונם וואָרט אימפּעריאַליזם אין דעם זינען, אין וועלכן ער, קאַאוטסקי, פאַרשטייט עס. מיר נעמען דעם ענגלענדער, האָבסאָנען, און לייענען אין זיין ווערק „דער אימפּעריאַליזם", וואָס איז ארויס אין 1902-טן יאָר.

„דער נייער אימפּעריאַליזם אונטערשיידעט זיך פון דעם אלטן, ערשטנס, מיט דעם, וואָס אנשטאָט די שטרעבונגען פון איין וואַקסנדיקער אימפּעריע, שטעלט ער אַוועק די טעאָריע און די פּראַקטיק פון קאָנקורירנדיקע אימפּע-ריעס, וואָס יעדערע פון זיי איז דורכגעדרונגען מיט אלצאיינע טאַיוועס צו פּאָליטישער פאַרברייטערונג און צו קאָמערציעלע נוצן; צווייטנס, מיט דעם, וואָס איבער די האַנדלס-אינטערעסן הערשן פינאַנציעלע אינטערעסן אדער אַזעלכע, וואָס זיינען שייך צו דער אנווענדונג פון קאַפּיטאַל 81).

מיר זעען, אז קאַאוטסקי איז פאַקטיש אבסאָלוט ניט גערעכט אין זיין

פארופן זיך אף די ענגלענדער ביכלאל (ער וואָלט זיך נאָך עפשער געקענט פארופן אף די וואולגארע ענגלישע אימפעריאַליסטן אדער אף די דירעקטע אפאלאגעטן פונם אימפעריאליזם). מיר זעען, אז קאאוטסקי, וואָס פרעטענדירט, אז ער זעצט פאָר די פארטיידיקונג פון דעם מאַרקסיזם, מאכט אין דערעמעסן א טריט צוריק אין פארגלייך מיטן ס א צ י א ל - ל י ב ע ר א ל האבסאן, וועלכער שאַצט ר י כ ט י ק ע ר אפ די צוויי „היסטאָריש-קאנקרעטע״ באזונדערקייטן פון דעם מאדערנעם אימפעריאליזם: 1) די קאָנקורענץ צווישן ע ט ל ע כ ע אימפעריאליזמען און 2) די איבערהאנט פונם פינאנציסט איבערן סויכער. ווען אבער ס'האנדלט זיך דעריקער וועגן דעם, אז א אינדוסטריעל לאַנד אנעקסירט אן אגראַר-לאַנד, איז מיט דעם רוקט מען דאָך ארויס די הויפטראָלע פון דעם סויכער.

קאאוטסקיס דעפיניציע איז ניט נאָר ניט קיין ריכטיקע און ניט קיין מארקסיסטישע, זי דינט פאַר אַ יעסאד פון אַ גאַנצער סיסטעם אנשויאונגען, וואָס רייסן אף דער גאַנצער ליניע סאי מיט דער מאַרקסיסטישער טעאריע, סאַי מיט דער מאַרקסיסטישער פראַקטיק; וועגן דעם וועלן מיר נאָך שפעטער ריידן. גאַנץ ניט ערנסט איז דער שטרייט וועגן ווערטער, וואָס קאאוטסקי האָט אויפגעהויבן: צי דארף מען אנרופן די נייסטע שטופע פונם קאפיטאַליזם אימפעריאַליזם אָדער די שטופע פונם פינאַנץ-קאַפיטאַל. רופט אן, ווי איר ווילט, דאָס איז אַלץ איינס. דער עצעם פון דער זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס קאאוטסקי רייסט אָפּ די פּאָליטיק פונם אימפעריאַליזם פון זיין עקאנאמיק, ווען ער רעדט וועגן אנעקסיעס, ווי וועגן א פאליטיק, פון וועלכער דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל „האָלט מער״, ווי פון אנדערע, און ווען ער שטעלט איר אנטקעגן אן אנדער בורזשואַזע פּאָליטיק, וועלכע איז קלוימערשט מעגלעך אף דעמזעלביקן יעסאד פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל. עס קומט אויס, אז מאנאפאלן אין דער עקאנאמיק קענען זיך פּאָרן מיט נ י ט קיין מאנאפאליסטישן, מיט נ י ט קיין געוואלטזאמען, מיט נ י ט קיין פארכאפערישן האנדלונגס-אויפן אין דער פּאָליטיק. עס קומט אויס, אז די טעריטאָריאַלע צעטיילונג פון דער ערד, וואָס האָט זיך פארענדיקט גראַד אין דער עפּאָכע פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל און וואָס בילדעט דעם יעסאד פאַר דער אייגנאַרטיקייט פון די איצטערדיקע פאָרמען פון קאנקורענץ צווישן די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע מלוכעס, קאָן זיך פּ אָ ר ן מיט אַ נ י ט-אימפעריאַליסטישער פּאָליטיק. אף אַזאַ אויפן, ווערן פאַרשמירט און פאַרטעמפּט די סאַמע גרונטלעכע סטירעס פון דער נייסטער שטופע פונם קאַפּיטאַליזם, אנשטאָט דעם. ס'זאָל ווערן אויפגעדעקט זייער טיפקייט. עס באקומט זיך, אנשטאָט מאַרקסיזם, אַ בורזשואַזער רעפאָרמיזם.

קאאוטסקי פּאָלעמיזירט מיט קונאוון, מיט דעם דייטשישן אפּאלאגעט פון אימפעריאליזם און פון אנעקסיעס, וועלכער טאַינעט וואולגאר און ציניש: דער אימפּעריאַליזם—דאָס איז דער מאדערנער קאפּיטאַליזם; די אנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם איז אומפאַרמיידלעך און פּראָגרעסיוו; הייסט עס, אַז דער אימפּעריאַליזם איז פּראָגרעסיוו; הייסט עס, אז מע דאַרף זיך בוקן פאַרן אימפּעריאַליזם און זינגען אים לויבלידער! ס'דערמאָנט די קאריקאטור, וואָס די פאָל-

קיסטן האָבן ארויסגעשטעלט קעגן די רוסישע מאַרקסיסטן אין די יאָרן 1894-5.
אויב די מאַרקסיסטן, הייסט עס, האַלטן, אז דער קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד איז
אומפאַרמיידלעך און פּראָגרעסיוו, איז דאַרפן זיי עפּעס אַ שענק און פאַר-
נעמען זיך מיט איינפלאַנצן דעם קאַפּיטאַליזם. קאַאוטסקי „ענטפערט" קונאוון:
ניין, דער אימפּעריאַליזם איז נ י ט דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם, ער איז
בלויז איינע פון די פאָרמען פון דער פּאָליטיק פונם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם,
און מיר קענען און דאַרפן קעמפן מיט דערדאָזיקער פּאָליטיק, קעמפן מיטן
אימפּעריאַליזם, מיט אַנעקסיעס א. אז. וו.

דערדאָזיקער ענטפער ווייזט אויס זייער פיין. אין דערעמעסן אָבער איז
ער בלויז אַ מער איידעלע, מער באַהאַלטענע (און דעריבער מער געפערלעכע)
דראָשע וועגן אַ פשרה מיטן אימפּעריאַליזם, ווייל „אַ קאַמף" מיט דער פּאָ-
ליטיק פון די טרעסטן און פון די בענק, דער קאַמף, וואָס רירט ניט אָן די
יעסוידעס פון דער עקאָנאָמיק פון די טרעסטן און פון די בענק, לאָזט זיך
אויס צו בורזשואַזן רעפאָרמיזם און פּאַציפיזם, צו גוטינקע און אומשולדיקע
פרומע וואונטשן. ארויסדרייען זיך פון די עקזיסטירנדיקע סטירעס, פאַרגעסן
וועגן די וויכטיקסטע פון זיי, אָנשטאָט אויפצודעקן די גאַנצע טיפקייט פון די
סטירעס—אָט אין באַשטייט קאַאוטסקיס טעאָריע.

„פון ריין-עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט,—שרייבט קאַאוטסקי,—איז ניט קיין
אומעגלעכע זאַך, אַז דער קאַפּיטאַליזם זאָל איבערלעבן נאָך אַ נייע פאַזע,
ווען די פּאָליטיק פון די קאַרטעלן וועט אריבערגעטראָגן ווערן אַף דער אוי-
סערלעכער פּאָליטיק, „אַ פאַזע פון אולטראַ-אימפּעריאַליזם"[82]), דאָס הייסט פון
א איבער-אימפּעריאַליזם, פון אַ פאַראייניקונג צווישן די אימפּעריאַליזמען פון
דער גאַנצער וועלט, און ניט פון אַ קאַמף צווישן זיי, אַ פאַזע, ווען באַם קאַ-
פּיטאַליזם הערן אויף מילכאָמעס, אַ פאַזע „פון געמיינזאַמען עקספּלואַטירן די
וועלט דורך דעם אינטערנאַציאָנאַל-פאַראייניקטן פינאַנץ-קאַפּיטאַל".

אַף דערדאָזיקער „טעאָריע פון אולטראַ-אימפּעריאַליזם" וועט אונז אויס-
קומען אָפּצושטעלן זיך, קעדיי אויספירלעך אויפצואווייזן, אַף וויפל זי רייסט
קאַטעגאָריש און ענדגילטיק מיטן מאַרקסיזם. בעהעסקעם מיט דעם אַלגעמיי-
נעם פּלאַן פון אונזער ביכל, וועלן מיר אַ קוק טאָן אַף די פּינקטלעכע סטאַ-
טיסטישע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שאַיכעס צו דערדאָזיקער פראַגע. צי איז
פון ריין עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט מעגלעך אַן „אולטראַ-אימפּעריאַליזם"?

אויב מע זאָל אונטער דעם ריין-עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט פאַרשטיין „אַ
ריינע" אַבסטראַקציע, וועט דאַן אַלץ, וואָס מע קען זאָגן, צוגעפירט ווערן צו
דער האַנאָכע: די אַנטוויקלונג פירט צו מאָנאָפּאָליע, פירט, הייסט עס, צו איין
אַלוועלטלעכער מאָנאָפּאָליע, צו איין אַלוועלטלעכן טרעסט. דאָס איז אומבאַ-
שטרייטבאַר, אָבער דאָס איז אינגאַנצן אָן אַ אינהאַלט.

אויב אָבער מע זאָל ריידן וועגן די „ריין-עקאָנאָמישע" באַדינגונגען פון
דער טקופע פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, ווי וועגן אַ היסטאָרישער קאָנקרעטער
טקופע, וואָס האָט אַ שאַיכעס צום אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וועט
דער בעסטער ענטפער אַף די טויטע אַבסטראַקציעס פונם „אולטראַ-אימפּע-

ריאַליזם״ זיין שטעלן זיי אנטקעגן די קאנקרעט-עקאנאמישע ווירקלעכקייט פון דער איצטיקער אלוועלטלעכער ווירטשאַפט. קאאוטסקיס רייד וועגן אולטרא-אימפעריאליזם מונטערן אַגעוו אויף דעם העכסט פאַלשן געדאַנק, וואָס גיסט וואַסער אַף די רעדער פון די אפאלאגעטן פונם אימפעריאַליזם, אַז די הער-שאַפט פון דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל שוואַכט, קלוימערשט, אפּ די אומגלייכ-מעסיקייטן און די סטירעס אינעווייניק אין דער אלוועלטלעכער ווירטשאַפט, ווען אין דערעמעסן מאַכט דידאָזיקע הערשאַפט נאָך שטאַרקער די סטירעס.

אין זיין קליין ביכל „אריינפיר אין דער אַלוועלטלעכער ווירטשאַפט״ האָט ר. קאַלווער געמאַכט אַ פּרואוו אונטערצורעכענען די ריין=עקאנאמישע הויפּט=פאַקטן, וועלכע דערלויבן קאנקרעט זיך פאָרצושטעלן די צווישנבאצי=אונגען אינעווייניק אין דער אלוועלטלעכער ווירטשאַפט אפן גרעניץ פון 19-טן און 20-טן יאָרהונדערט. ער טיילט די גאַנצע וועלט אַף פינף ווירטשאַפטלעכע הויפּטגעביטן: 1) דער מיטל-אייראָפּעאישער (גאַנץ אייראָפּע, אַכוץ רוסלאַנד און ענגלאַנד); 2) דער בריטאנישער; 3) דער רוסלענדישער; 4) דער מיזרעך=אזי=אטישער; 5) דער אַמעריקאַנישער, אריינעמענדיק די קאלאניעס און „די געביטן״ פון יענע מלוכעס, צו וועלכע זיי געהערן, און „לאזנדיק אן אַ זייט״ די קליינע צאָל לענדער, וואָס זיינען ניט פארטיילט לויט די געביטן, לעמאָשל, פּערסיע, אפגאניסטאן, אראביע אין אַזיע, מאראקא און אביסיניע אין אפריקע א. אז. וו.

אָט זיינען בעקיצער די עקאנאמישע ציפערן, וועלכע ער ברענגט וועגן דידאָזיקע געביטן:

| די ווירטשאַפט-לעכע הויפּטגע-ביטן פון דער וועלט | דער שטעך (מיליאָן קוואדר. קילאמעטער) | די באפעלקערונג (אין מיל.) | די קאמוניקאציאנס-וועגן: אייזנבאנען (טויזנטער קילאמעטער) | האנדלס-פלאָט (מיליאָן טאָן) | דער האנדל: דער אימפּארט און עקספּארט (מיל. מארק) | די אינדוסטריע: די ארויסבאקומונג פון קוילן טשוהון (מיל. טאָן) | | די צאל שפינדלעך אין דער באוול-אינדוסטריע (מיל.) |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1) מיטל-אייראָפּ. | 27,6 (23,6*) | 388 (146*) | 204 | 8 | 41 | 251 | 15 | 26 |
| 2) דער בריטאַנישער | 28,9 (28,4*) | 398 (355*) | 140 | 11 | 25 | 249 | 9 | 51 |
| 3) דער רוסלענדישער | 22,6 | 131 | 63 | 1 | 3 | 16 | 3 | 7 |
| 4) דער מיזרעך-אזיאטישער | 12 | 389 | 8 | 1 | 2 | 8 | 0,02 | 2 |
| 5) דער אמעריקאנער | 30 | 148 | 379 | 6 | 14 | 245 | 14 | 19 |

מיר זעען דריי געביטן מיט א הויך אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם (אַ שטאַרקע אנטוויקלונג הען פון די טראַנספּאָרט-מיטלען, הען פונם האַנדל, הען פון דער אינדוסטריע): דעם מיטל=אייראָפּעאישן, דעם בריטאנישן און דעם אַמעריקאַנישן.

*) אין קלאמערן איז דער שעטעך און די באפעלקערונג פון די קאלאניעס.

צווישן זיי געפינען זיך די דריי מלוכעס, וואָס הערשן איבער דער וועלט: דייטשלאַנד, ענגלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן. די אימפּעריאַליסטישע קאָנ־קורענץ צווישן זיי און דער קאַמף זייער העכסט פאַרשאַרפט דורך דעם, וואָס דייטשלאַנד האָט א נישטיקן געביט און ווייניק קאָלאָניעס; די שאַפונג פון „מיטל־איירָאָפּע" איז נאָך אַ זאַך פון דער צוקונפט, און זי ווערט געבוירן אין א פאַרצווייפלטן קאַמף. דערווייל איז דער סימען פון גאַנץ איירָאָפּע פּאָליטישע צעברעקלטקייט. אין דעם בריטאַנישן און אַמעריקאַנישן געביט שטייט, פאַר־קערט, זייער הויך די פּאָליטישע קאָנצענטראַציע, נאָר ס׳איז פאַראַן אַ קאָלאָ־סאַלע אומגלייכמעסיקייט צווישן די מוירעדיק גרויסע קאָלאָניעס פון דעם ערשטן און די נישטיקע — פון דעם צווייטן געביט. און אין די קאָלאָניעס הויבט ערשט אָן דער קאַפּיטאַליזם צו אַנטוויקלען זיך. דער קאַמף פאַר דאָרעם־אַמעריקע ווערט אַלץ שאַרפער.

צוויי געביטן מיט אַ שוואַך אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם — דאָס איז דער רוסלענדישער און דער מיזרעך־אַזיאַטישער. אין דעם ערשטן איז די באַפעל־קערונג זייער א שיטערע; אינם צווייטן — זייער אַ געדיכטע, אינם ערשטן איז די פּאָליטישע קאָנצענטראַציע זייער גרויס, אין דעם צווייטן איז ניט פאַראַן קיין שום פּאָליטישע קאָנצענטראַציע. כינע האָט מען ערשט אָנגעהויבן טיילן. און דער קאַמף איבער איר צווישן יאַפּאָניע, די פאַראייניקטע שטאַטן א. אז. וו. ווערט אַלץ שטאַרקער.

פאַרגלייכט מיט אָט דער ווירקלעכקייט — מיט דער גיגאַנטישער פאַר־שיידנאַרטיקייט פון עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען, מיט דער גרעסטער אומאַנטשפּרעכלעכקייט אין דער גיכקייט פונם וואוקס פון פאַרשיידענע לענדער א. אז. וו., מיט דעם ווילדן קאַמף צווישן די אימפּעריאַליסטישע מלוכעס — אָט מיט דעם אַלץ פאַרגלייכט קאַאוטסקיס אידייען וועגן א „פרידלעכן" אולטראַ־אימפּעריאַליזם! צי באַווייזן אונז דען ניט די אינטערנאַציאָנאַלע קאַרטעלן, וועלכע קאַאוטסקי נעמט אָן פאַר עמבריאָנען פונם אולטראַ־אימפּעריאַליזם, אַביישפּיל פון טיילן און פון איבערטיילן די וועלט, פון א איבערגאַנג פון פרידלעכער צעטיילונג צו ניט־פרידלעכער, און פאַרקערט? צי טיילט דען איצט ניט איבער דער אַמעריקאַנישער און דער איבעריקער פינאַנץ־קאַפּיטאַל, וואָס האָט מיטן אַנטייל פון דייטשלאַנד אָפּן פרידלעכן אויפן צעטיילט די גאַנצע וועלט, לאָמיר זאָגן, אין דעם צווישנפעלקערלעכן רעלסן־סינדיקאַט, אָדער אין דעם צווישנפעלקערלעכן טרעסט פאַר האַנדלסשיף־פאַרעריי, צי טיילט ער דען איצט ניט איבער די וועלט אָפּן יעסאָד פון נייע קויכעס־פאַרהעלטענישן, וואָס ענדערן זיך אף א גאָר ניט קיין פרידלעכן אויפן?

דער פינאַנץ־קאַפּיטאַל און די טרעסטן שוואַכן ניט אָפּ, נאָר פאַרשטאַרקן די אונטערשיידן אין דער גיכקייט פונם וואוקס פון פאַרשיידענע טיילן פון דער אַלוועלטלעכער ווירטשאַפט. און וויבאַלד נאָר די קויכעס־פאַרהעלטענישן האָבן זיך געענדערט, טאָ אין וואָס זשע, אויב ניט אין קראַפט, קאָן באַם קאַפּיטאַליזם באַשטיין די לייזונג פון דער סתירע? העכסט פינקטלעכע ציפערן וועגן דער פאַרשיידענער גיכקייט פונם וואוקס פונם קאַפּיטאַליזם אין

פון דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל אין דער גאַנצער אַלוועלטלעכער ווירטשאַפט האָבן מיר אין דער סטאַטיסטיק פון די אייזנבאַנען [83]. פאַר די לעצטע יאָרצענדליקער פון דער אימפּעריאַליסטישער אַנטוויקלונג האָט זיך די לענג פון די אייזנבאַנען געענדערט אף אַזאַ אויפן:

די אייזנבאַנען
(טויזנטער קילאָמעטער)

| | 1890 יאָר | | 1913 יאָר | | פאַרגרעסערט אף | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| אייראָפּע | 224 | | 346 | | + 122 | |
| די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע | 268 | | 411 | | + 143 | |
| אַלע קאָלאָניעס | 82 | 125 | 210 | 347 | + 128 | + 222 |
| די זעלבשטענדיקע און האלב-זעלבשטענדיקע מלוכעס פון אַזיע און אַמעריקע | 43 | | 137 | | + 94 | |
| סאַכאַקל . . . | 617 | | 1104 | | | |

הייסט עס, אז גיכער פאַר אלץ איז געגאַנגען די אנטוויקלונג פון אייזנבאַנען אין די קאָלאָניעס און אין די זעלבשטענדיקע (און די האלבזעלב-שטענדיקע מלוכעס) פון אזיע און אמעריקע. ס'איז באַוואוסט, אז דער פינאַנץ-קאפּיטאל פון די 4—5 גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע מלוכעס איז דאָ דער פול-שטענדיקער הערשער און רעגירער. צוויי הונדערט טויזנט קילאָמעטער נייע אייזנבאַנען אין די קאָלאָניעס און אין די איבעריקע לענדער פון אַזיע און פון אַמעריקע באַדייטן, אז אַ קאַפּיטאַל פון העכער 40 מיליארד מאַרק איז פאַרטאָן געוואָרן אף באַזונדערס גוטע באַדינגונגען, מיט באַזונדערע גאַראַנטיעס פון האַכנאָסעדיקייט, מיט רעוועכדיקע באַשטעלונגען פאַר די שטאָלגוס-פאַבריקן א. אז. וו.

גיכער פאַר אַלץ וואַקסט דער קאַפּיטאַליזם אין די קאָלאָניעס און אין די טראַנס=אָקעאַנישע לענדער. צווישן זיי קומען אויף נייע אימפּעריאַליסטישע מלוכעס (יאַפּאָניע). דער קאַמף צווישן די אלוועלטלעכע אימפּעריאַליסטן ווערט פאַרשאַרפט. ס'וואַקסט דער צינז, וועלכן דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל נעמט פון די באַזונדערס רעוועכדיקע קאָלאָניאַלע און טראַנס=אָקעאַנישע אונטערנעמונגען. אַן אויסשליסלעך גרויסער כיילעק באַם טיילן דעמדאָזיקן „רויב" קומט אָן די לענדער, וואָס נית שטענדיק פאַרנעמען זיי דאָס ערשטע אָרט לויט דער גיכקייט פון דער אנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קויכעס.

אין די גרעסטע מלוכעס, צוזאמען מיט זייערע קאָלאָניעס, האָט די לענג פון די אייזנבאַנען באַטראָפן:

| | (טויזנטער קילאָמעטער) 1890 יאָר | 1913 יאָר | |
|---|---|---|---|
| די פאַרייניקטע שטאַטן | 268 | 413 | + 145 |
| די בריטאַנישע אימפּעריע | 107 | 208 | + 101 |
| רוסלאַנד | 32 | 78 | + 46 |
| דייטשלאַנד | 43 | 68 | + 25 |
| פראַנקרייך | 41 | 63 | + 22 |
| סאַכאַקל אין פינף מלוכעס | 491 | 830 | + 339 |

הייסט עס, אַז קאָרעוו צו 80% פון דעם גאַנצן סכום אײַזנבאַנען איז קאָנצענטרירט אין פינף גרעסטע מלוכעס, נאָר די קאָנצענטראַציע פון אייגנטום אויף די דאָזיקע באַנען, די קאָנצענטראַציע פונם פינאַנץ־קאַפּיטאַל איז נאָך אַסאַך גרעסער, ווײַל אַן אומגעהויער גרויסע מאַסע אַקציעס, אָבליגאַציעס פון די אַמעריקאַנישע, רוסלענדישע און פון אַנדערע אײַזנבאַנען געפינט זיך אין די הענט פון ענגלישע און פראַנצויזישע מיליאָנערן.

אַדאַנק אירע קאָלאָניעס האָט ענגלאַנד פאַרגרעסערט „איר“ אײַזנבאַן־נעץ אויף 100 טויזנט קילאָמעטער, פיל מאָל מער, איידער דייטשלאַנד. און ס'איז דאָך אַלעמען באַוואוסט, אַז די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קריכעס, באַזונדערס אין דער פּראָדוקציע פון שטיינקוילן און פון אײַזנבאַאַרבעטונג איז פאַר דער צײַט געגאַנגען אין דייטשלאַנד אַסאַך גיכער, איידער אין ענגלאַנד, שוין אָפּגערעדט פון פראַנקרײַך און רוסלאַנד. אין 1892־טן יאָר האָט דייטשלאַנד פּראָדוצירט 4,2 מיליאָן טאָן טשוהון קעגן 6,8 אין ענגלאַנד, און אין 1912־טן יאָר — שוין 17,6 קעגן 9,0, ד. ה. א גיגאַנטישע איבערוואָג לעגאַבע ענגלאַנד[84]! כ'פרעגט זיך, וואָס פאַר אַן אַנדער מיטל, כוץ מילכאָמע, אַפּן באָדן פון קאַפּיטאַליזם האָט געקענט זײַן פאַרן פינאַנץ־קאַפּיטאַל אויף צו באַזײַטיקן די אומאַנטשפּרעכלעכקייט צווישן דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קריכעס און דער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל, פון איין זײַט, און צווישן דער צעטיילונג פון די קאָלאָניעס און פון די „ווירקונג־ספּערעס“, פון דער אַנדער זײַט?

---

## 8. פּאַראַזיטיזם און פוילונג פונם קאַפּיטאַליזם.

איצט דאַרפן מיר זיך אָפּשטעלן נאָך אויף איין וויכטיקער זײַט פונם אימפּעריאַליזם, וועלכע ווערט דאָסראָוו ניט גענוג אָפּגעשאַצט אין דער מערהייט באַהאַנדלונגען פון דער דאָזיקער טעמע. איינער פונם מאַרקסיסט הילפערדינגס בעסרוינעס איז דאָס, וואָס ער האָט געמאַכט א טריט אויף צוריק אין פאַרגלײַך

מיטן ניט־מאַרקסיסט האבסאנען. מיר ריידן וועגן דעם פּאַראַזיטיזם, וואָס ליגט אין דער טעווע פונם אימפּעריאַליזם.

ווי מיר האָבן געזעען, איז די מאָנאָפּאָליע דער טיפסטער עקאָנאָמישער יעסאָד פונם אימפעריאליזם. דאָס איז א קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליע, ד. ה. אזא, וואָס איז אויסגעוואַקסן פונם קאַפּיטאַליזם און געפינט זיך אין דער אַל־געמיינער סוויווע פונם קאַפּיטאַליזם, פון דער סכוירעס־פּראָדוקציע, פון דער קאָנקורענץ, אין א שטענדיקן ווידערשפּרוך אָן אן אויסגאנג מיט דער דאָזיקער אלגעמיינער סוויווע. פונדעסטוועגן אבער, רופט זי, ווי יעדע מאָנאָפּאָל, אומ־פארמיידלעך ארויס א שטרעבונג צו שטילשטאַנד און פוילונג: אף וויפל ס'שטעלן זיך איין, האגאם נאָר צייטווייליק, מאָנאָפּאָלע פרייזן, אף אזוי פיל ווערן ביז א געוויסן גראד פארשוואונדן די סטימולן, וואָס שטופּן צום טעכנישן און מעמיי־לע אויך צו יעדן אנדערן פּראָגרעס, צו א באַוועגונג פאָרויס; וויטער איז אף אזוי פיל ווערט אן עקאָנאָמישע מעגלעכקייט קינסטלעך צו פאַרהאלטן דעם טעכנישן פּראָגרעס. א ביישפּיל: אין אמעריקע האָט איינער אָ ווענס דערפונען א פלאַש־מאַשין, וואָס רופט ארויס א רעוואָלוציע אין דער פּראָדוקציע פון פלע־שער. דער דייטשישער קארטעל פון פלעשער־פאַבריקאנטן קויפט אויף אָאוענס פּאטענטן, באהאלט זיי בא זיך, און פארהאלט זייער אָנווענדונג. ס'פאַרשטייט זיך, אז בא דער קאַפּיטאליסטישער אָרדענונג קען די מאָנאָפּאָל קיינמאָל ניט פול־שטענדיק און אף זייער א לאנגער צייט באַזייטיקן די קאָנקורענץ פון אלוועלט־לעכן מארק. ס'פארשטייט זיך, אז די מעגלעכקייט קלענער צו מאכן די הוי־צאָעס פון דער פּראָדוקציע און גרעסער צו מאכן דעם רעווע דורכן איינפירן טעכנישע אויסבעסערונגען ווירקט לעטויוועס ענדערונגען. ס'ווירקט אָבער אויך, פון איר זייט, די טענדענץ צו שטילשטאנד און פוילונג, וואס ליגט אין דער טעווע פון מאָנאָפּאָליע. און אין איניקע פּראָדוקציע־צווייגן, אין איינצלנע לענדער, נעמט זי אָף א געוויסער צייט די אויבערהאָנט.

אין דערזעלביקער ריכטונג ווירקט אויך די מאנאָפּאָליע אף צו באזיצן באזונדערס גרויסע, רייכע קאָלאָניעס אדער אזעלכע, וואָס געפינען זיך אין גו־טע געאָגראַפישע באדינגונגען.

ווייטער באדייט דער אימפּעריאליזם א געוואלטיקע אנזאמלונג פון געלט־קאַפּיטאל אין א קליינער צאָל לענדער, און די גרויס פון דעמדאָזיקן קאַפּיטאַל דערגרייכט, ווי מיר האָבן געזעען, ביז 100־150 מיליארד פראנק אין ווערט־פּאַפּירן. פון דעם קומט ארויס אן אומפארמיידלעכער וואוקס פון דעם קלאַס אָדער, ריכטיקער, פונם שיכט ראנטיע, ד. ה. פון פּערזאָנען, וועלכע לעבן פון דעם, וואָס זיי „שניידן קופּאָנעס“, — פון מענטשן, וואָס זיינען אינגאנצן אָפּגעריסן פון אנטיילנעמען אין א וועלכער ס'ניט איז אונטערנעמונג, — פון פּערזאָנען, וואָס זייער פּראָפעסיע איז ליידיקגייעריי. דער קאַפּיטאַל־עקספּאָרט, איינער פון די איקערדיקע עקאָנאָמישע יעסוידעס פונם אימפעריאליזם, פאַר־שטאַרקט נאָך מער אט די פולשטענדיקע אָפּגעריסנקייט פון דעם ראנטיע־שיכט פון דער פּראָדוקציע, עֵר לייגט ארויף א שטעמפּל פון פּאַראַזיטיזם אף דעם

גאנצן לאנד, וואָס לעבט פון עקספלואטירן די ארבעט פון עטלעכע טראנס=
אָקעאַנישע לענדער און קאָלאָניעס.

„אין 1873=טן יאָר, — שרייבט האבסאן, — האָט דער בריטישער קאַפּי-
טאַל, וואָס איז געווען פארטאָן אין אויסלאנד, אויסגעמאכט ארום 15% פון דעם
גאנצן פאַרמעגן פון פאַרייניקטן קיניגרייך״ [85]. מיר ווײלן דערמאָנען, אז צום
1915-טן יאָר האָט זיך דערדאָזיקער קאַפּיטאל פארגרעסערט אן ערעך 2½ מאָל.
„דער אַגרעסיווער אימפּעריאַליזם, — לייענען מיר ווייטער בא האָבסאָנען, —
וועלכער קאָסט אזוי טייער די שטייערצאָלער און וועלכער האָט אזא קליינעם
באדייט פאַרן אינדוסטריעלער און פאַרן סוחר... איז א קוואל פון גרויסע רע-
וואכים פאַרן קאַפּיטאַליסט, וועלכער זוכט וואו צו פאַרטאָן זיין קאַפּיטאַל״ (אין
ענגליש ווערט דערדאָזיקער באגריף באצייכנט מיט איין וואָרט „אינוועסטאָר״—
„דער, וואָס פארטוט״, ראנטיע). די גאנצע יאָריקע האַכנאָסע, וואָס ענגלאנד באַ-
קומט פון איר גאנצן אויסערלעכן און קאָלאָניאַלן האַנדל, פון אימפּאָרט און
עקספּאָרט, באשטימט דער סטאַטיסטיקער היפּפּען אין 18 מיליאָן פונט סטערלינג
(ארום 176 מיליאָן רובל) פאַרן 1899-טן יאָר, רעכענענדיק 2½% אַפּן גאנצן
אומזאץ פון 800 מיליאָן פונט סטערלינג. ווי גרויס ס׳איז ניט דידאָזיקע סומע,
קען זי פונדעסטוועגן ניט דערקלערן דעם אגרעסיוון אימפּעריאליזם פון ענג-
לאַנד. ער ווערט דערקלערט דורך דער סומע 90—100 מיליאָן פונט, וועלכע
שטעלט פאָר די האכנאָסע פונם קאַפּיטאַל, וואָס איז „פארטאן״, די האכנאָסע
פון דעם ראנטיע=שיכט.

די האַכנאָסע פון די ראנטיע איז פ י נ ף מאָל גרעסער פאַר דער האַכ-
נאָסע פון אויסערלעכן האַנדל אין דעם סאַמע גרעסטן „האנדלסלאנד״ פון דער
וועלט! אָט דאָס איז דער מְהוס פונם אימפּעריאַליזם און פונם אימפּעריאַליס=
טישן פאראזיטיזם.

דער באַגריף פון א „מלוכע א ראנטיע״ (Rentnerstaat) אָדער פון א
מלוכע א פּראָצענטניק הויבט אן דעריבער באנוצט ווערן פון אלעמען אין דער
עקאנאָמישער ליטעראטור וועגן אימפּעריאליזם. די וועלט האָט זיך צעטיילט אף
א הייפעלע מלוכעס-פּראָצענטניקעס און אף א ג י ג א נ ט י ש ע ר מערהייט פון
מלוכעס-באַלעכויווּעס. „צווישן די קאַפּיטאַלן, — שרייבט שולצע-העווערניץ, —
וואָס זיינען פארטאָן אין אויסלאַנד, פארנעמען דעם ערשטן פּלאַץ די, וואָס זיי-
נען פאַרטאָן אין פּאָליטיש אָפּהענגיקע אָדער פארבינדעטע לענדער: ענגלאַנד
מאַכט האַלוואָעס עגיפּטן, יאַפּאָניע, כינע, דאָרעם-אַמעריקע, איר קריגספלאָט
שפּילט אין די פאַלן, ווען ס׳איז נויטיק, א ראָלע פון א געריכט-עקזעקוטאר.
די פּאָליטישע קראַפט פון ענגלאַנד באשיצט זי קעגן דער אויפרעגונג פון די
באַלעכויוועס״ [86]. סארטאריוס-פאָן-וואלטערסהויזען שטעלט ארויס אין זיין ווערק
„די פאָלקסווירטשאַפטלעכע סיסטעם פון פארטאָן קאַפּיטאַל אין אויסלאַנד״ פאַר
א מוסטער פון א „מלוכע=ראנטיע״ האָלאַנד און ווייזט אָן, אַז ענגלאנד און
פראנקרייך ווערן איצט אזוינע מלוכעס״ [87]. שילדער האלט, אז פינף אינ-
דוסטריעלע מלוכעס — ענגלאנד, פראנקרייך, דייטשלאַנד, בעלגיע און שווייץ
זיינען „קלאר אויסגעשפּראָכענע לענדער=קרעדיטאָרן״. ער פארעכנט ניט אהער

האָלאַנד בלויז דערפּאַר, וואָס זי איז „ווייניק אינדוסטריעל". די פּאַרייניקטע שטאַטן זײַנען אַ קרעדיטאָר מער ניט ווי בענויגייע צו אַמעריקע" [88].

„ענגלאַנד, — שרייבט שולצע-העווערניץ, — וואַקסט ביסלעכווייז איבער פון אַ אינדוסטריעלער מלוכע אין אַ מלוכע-קרעדיטאָר. ניט געקוקט אף דער אַבסאָלוטער פאַרגרעסערונג פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע און פונם אינ-דוסטריעלן עקספּאָרט, איז פאַר דער גאַנצער פאָלקסווירטשאַפט וואַקסט אויס דער לעפּיערעכדיקער באַדייט פון די האַכנאָסעס פון פּראָצענטן און דיווידענדן, פון עמיסיעס און ספּעקוליאַציעס. לויט מיין מיינונג, איז גראַד אט דער פאַקט דער עקאָנאָמישער יעסאָד פון דעם אימפּעריאַליסטישן אויפשטייג. דער קרעדי-טאָר איז פעסטער פאַרבונדן מיטן באַלכויוו, איידער דער פאַרקויפער מיטן קוי-פער". דער אַרויסגעבער פונם בערלינער זשורנאַל „דער באַנק" אַ. לאַנסבורג האָט אין 1911-טן יאָר אין אַרטיקל „דייטשלאַנד — אַ ראַנטיע-מלוכע" געשריבן וועגן דייטשלאַנד: „אין דייטשלאַנד לאַכט מען גערן פון דער נײַטיע צו פאַר-וואַנדלען זיך אין אַ ראַנטיע, וועלכע ס'באַמערקט זיך אין פראַנקרייך. מע פאַר-געסט אָבער דערביי, אַז אף וויפל ס'האַנדלט זיך וועגן דער בורזשואַזיע, איז די דייטשישע באַדינגונגען ווערן אַלץ מער ענלעך צו די פראַנצויזישע" [89].

אַ ראַנטיע-מלוכע איז אַ מלוכע פון אַ פּאַראַזיטישן, פוילנדיקן קאַפּיטאַ-ליזם, און אָט דער אומשטאַנד מוז זיך אָפּשפּיגלען סאַי ביכלאַל אף אַלע סאָ-ציאַל-פּאָליטישע באַדינגונגען פון די געגעבענע לענדער, סאַי באַזונדערס אף די צוויי גרונטשטריכטונגען אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. קעדיי עס צו באַווייזן וואָס מער באַשיינפּערלעכער, לאָמיר לאָזן ריידן האָבסאָנען, וועלכער איז מער פון אַלץ „זיכער", ווי אַן איידעס, ווייל אים איז אומעגלעך כוישעד צו זיין אין פּניעס בענויגייע צו דער „מאַרקסיסטישער אָרטאָדאָקסיע", און, פון דער אַנדער זייט, איז ער אַן ענגלענדער, וואָס איז גוט באַקאַנט מיט דער לאַגע פון דער זאַך אין אַ לאַנד, וואָס איז רייכער פון אַנדערע אי מיט קאָלאָניעס, אי מיט פי-נאַנץ-קאַפּיטאַל, אי מיט אימפּעריאַליסטישער דערפאַרונג.

באַשרייבנדיק אונטערן לעבעדיקן איינדרוק פון דעם ענגליש-בורישן קריג דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דעם אימפּעריאַליזם מיט די אינטערעסן פון די „פינאַנציסטן", מיט דעם וואוקס פונם רעווענוע, וואָס עס גיבן ליווערונגען, פּאָדריאַדן א. א. וו., האָט האָבסאָן געשריבן: „דאָס זײַנען די קאַפּיטאַליסטן, וואָס גיבן צו דער פּאָליטיק אַן אויסגעשפּראָכן פּאַראַזיטישע ריכטונג; דיזעל-ביקע מאָטיוון ווירקן אָבער אויך אף ספּעציעלע קאַטעגאָריעס אַרבעטער. אין אַסאַך שטעט זײַנען די וויכטיקסטע אינדוסטריע-צווייגן אָפּהענגיק פון רעגירונג-באַשטעלונגען; פון אָט דעם פאַקט הענגט אָפּ אין אַ ניט קיין קליינער מאָס דער אימפּעריאַליזם אין די צענטרען פון דער מעטאַלורגישער און פון דער שיפּבוי-אינדוסטריע". לויט דער מיינונג פונם אַווטאָר, האָבן צווייערליי אומ-שטענדן אָפּגעשוואַכט די קראַפט פון די אַלטע אימפּעריעס: 1) דער „עקאָנאָ-מישער פּאַראַזיטיזם" און 2) דאָס, וואָס די אַרמיי פלעגט צוזאַמענגעשטעלט ווערן פון אָפּהענגיקע פעלקער. „דער ערשטער אומשטאַנד איז אַ שטריך פון עקאָנאָמישן פּאַראַזיטיזם, לויט וועלכן די הערשנדיקע מלוכע נוצט אויס אירע

פּראָווינציעס, קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער, קעדיי צו באַרייכערן איר רעגירנדיקן קלאַס און קעדיי צו אונטערצוקויפן אירע נידעריקערע קלאסן, זיי זאָלן בלייבן רואיק". פאַר דער עקאָנאָמישער מעגלעכקייט פון אַזא אונטערקויפן, אין וואָס פאַר אַ פאָרם דאָס זאָל ניט פאָרקומען, איז נויטיק — ווען מיר צו-געבן פון זיך — אַ מאָנאָפּאָליסטיש הויכער רעווח.

וועגן דעם צווייטן אומשטאַנד שרייבט האָבסאָן: „איינער פון די סאמע מעשונעדיקע סימפּטאָמען פון דער בלינדקייט פונם אימפּעריאַליזם איז די זאָרגלאָזיקייט, מיט וועלכער ענגלאַנד, פראנקרייך און די איבעריקע אימפּע-ריאַליסטישע נאַציעס שטעלן זיך אַף דעמדאָזיקן וועג. גרויסבריטאַניע איז אַוועק ווייטער פון אַלעמען. דעם גרעסטן טייל שלאַכטן, אדאַנק וועלכע מיר האָבן איינגענומען אונזער אינדישע אימפּעריע, האָבן געפירט אונזערע ארמייען, וואָס זיינען געווען צונויפגעשטעלט פון אָרטיקע איינוואוינער. אין אינדיע, און די לעצטע צייט אויך אין עגיפּטן, איז די גרויסע שטענדיקע אַרמייען געפינען זיך אונטער דער קאָמאַנדע פון ענגלענדער; קימאַט אַלע מילכאָמעס, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט אונזער איינעמען אמעריקע, מיטן אויסנאַם פון איר דאָרעם-טייל, האָבן דורכגעפירט פאַר אונז די אָרטיקע איינוואוינער".

די פּערספּעקטיוו אַף דער צעטיילונג פון כינע רופט אַרויס בא האָב-סאָנען אַזא עקאָנאָמישע אָפּשאַצונג: „דער גרעסטער טייל פון מאַירעוו-איי-ראָפּע וואָלט דאַן געקאָנט אַנעמען דאָס אויסזעען און דעם כאראקטער, וואָס עס טראָגן איצט טיילן פון דידאָזיקע לענדער: דער דאָרעם-טייל פון ענגלאַנד, די ריוויערע, די ערטער פון איטאַליע און פון דער שווייץ, וואָס זיינען אמערסטן באַ-זוכט פון טוריסטן און באזעצט מיט גווירים, נעמלעך: אַ קליין הייפעלע ריינע אריס-טאקראטן, וואָס באקומען דיווידענדן און פּענסיעס פונם ווייטן מיזרעך, מיט עטוואָס אַ גרעסערער גרופּע פּראָפעסיאָנעלע אָנגעשטעלטע און סאכרים און מיט אַ מער גרעסערער צאָל הויזדינער און ארבעטער אין דער טראַנספּאָרט-אינדוסטריע און אין דער אינדוסטריע, וואָס איז פאַרנומען מיט דער ענדגילטיקער באַ-אַרבעטונג פון פאַבריקאַטן. די הויפּט-צווייגן פון דער אינדוסטריע וואָלטן פאַרשוואונדן געוואָרן, און די מאַסן דערנערונגס-פּראָדוקטן, די מאַסן האַלב-פאַבריקאַטן וואָלטן געבראַכט געוואָרן, ווי צינז, פון אַזיע און פון אַפריקע".

„אָט וואָס פאַר אַ מעגלעכקייטן ס'עפנט פאַר אונז אַ ברייטערער פאַרבאַנד פון די מאַירעוו-מלוכעס, די אייראָפּעאישע פעדעראַציע פון די גרויסע מלוכעס; זי וואָלט ניט נאָר ניט גערוקט פאָרויס די אַלוועלטלעכע ציוויליזאַציע, נאָר זי וואָלט געקאָנט באַדייטן אַ מוירעדיקע געפאַר פון אַ מאַירעוו-פּאַראַזיטיזם: עס זאָל אויסגעטיילט ווערן אַ גרופּע פאָרשריטלעכע אינדוסטריעלע פעלקער, וואָס די העכערע קלאַסן זייערע באַקומען אַ קאָלאָסאַלן צינז פון אַזיע און פון אַפריקע, און מיט דער הילף פון דעמדאָזיקן צינז האַלטן זיי אויס גרויסע מאַסן לייטישע אנגעשטעלטע און דינער, וואָס זיינען שוין פאַרנומען ניט מיט דער פּראָדוקציע פון לאַנדווירטשאַפטלעכע און אינדוסטריעלע מאַסנפּראָדוקטן, נאָר מיט פּערזענלעכער באַדינונג, אָדער מיט אַ אינדוסטריעלער ארבעט פון דער צווייטער מאַדרייגע, אונטערן קאָנטראָל פון דער נייער פינאַנץ-אַריסטאָקראַטיע.

זאָלן די, וואָס זיינען גרייט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט דעם מין טעאָריע (מע האָט באַדאַרפט זאָגן: פּערספּעקטיוו) אלס אַזאַ, וואָס „פאַרדינט ניט, מע זאָל זי באטראַכטן", זאָלן זיי זיך איינטראַכטן אין די עקאָנאמישע און סאָציאַלע באַדינגונגען פון יענע געגנטן פונם איצטיקן דאָרעם-ענגלאַנד, וועלכע זיינען שוין געבראַכט געוואָרן צו אַזאַ צושטאַנד. זאָלן זיי א טראַכט טאָן, וואָס פאַר א קאָלאָסאַלע פאַרברייטערונג פון אַזאַ סיסטעם וואלט געוואָרן מעגלעך, ווען כינע וואָלט אונטערגעווארפן געווארן אונטערן עקאָנאָמישן קאָנטראָל פון אַזעלכע גרופּעס פינאַנציסטן, „וואָס דעפּאָנירן זייער קאַפּיטאַל", פון זייערע פּאָליטישע און האַנדלס-אינדוסטריעלע אָנגעשטעלטע, וואָס פּאָמפּען ארויס רעוועך פון דעם גרעסטן פּאָטענציעלן רעזערוואואר, וועלכן ס'האָט נאָר אַמאָל געוואוסט די וועלט, מיטן צוועק צו פאַרברויכן דידאָזיקע רעוואכים אין אייראָפּע. ס'פאַרשטייט זיך, די סיטואַציע איז א צו פאַרוויקלטע, ס'איז צו שווער צו דיסקאָנטירן די שפּיל פון די וועלט-קויכעס, אַז מע זאָל רעכענען פאַר גאַנץ זיכער די אָדער אַן אַנדער אויסטייטשונג פון דער צוקונפט בלויז אין איין ריכטונג. נאָר יענע ווירקונגען, וועלכע פירן אָן היינטיקע צייט דעם אימפּעריאַליזם פון מאַירעוו-אייראָפּע, גייען אין אָט דער ריכטונג, און אויב זיי וועלן ניט קריגן קיין ווידערשטאַנד, אויב זיי וועלן ניט אפּגעצויגן ווערן אין אַן אַנדער זייט, ארבעטן זיי אין דער ריכטונג, אַז דער פּראָצעס זאָל זיך גראָד אַזוי פאַרענדיקן" [90].

דער אווטאָר איז גאַנץ גערעכט: אויב די קויכעס פונם אימפּעריאַליזם וואָלטן ניט געטראָפן קיין ווידערשטאַנד, וואָלטן זיי טאַקע געבראַכט צו אַזאַ סאָף. דער באַדייט פון „די פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע" אין דער איצטיקער אימפּעריאַליסטישער סיטואַציע איז דאָ ריכטיק אָפּגעשאַצט. מע האָט נאָר געדאַרפט צוגעבן, אַז אויך אינעווייניק אין דער אַרבעטער-באַוועגונג „אַרבעטן" די אָפּאָרטוניסטן, וואָס זיינען איצט צייטווייליק געבליבן די זיגער אין דעם גרעסטן טייל לענדער, סיסטעמאַטיש און אָן אָפּגויגונגען גראד אין אָט דער ריכטונג. דער אימפּעריאַליזם, וואָס באַדייט די צעטיילונג פון דער וועלט און די עקספּלואַטירונג ניט נאָר פון איין כינע, וואָס באַדייט מאָנאָפּאָליסטישהויכן רעוועך פאַר אַ הייפעלע זייער רייכע לענדער, שאַפט אַן עקאָנאָמישע מעגלעכקייט אף אונטערצוקויפן די אויבערשטע שיכטן פונם פּראָלעטאַריאַט, און דערמיט שפּייזט ער, פאַרמירט אויס און פאַרשטאַרקט דעם אָפּאָרטוניזם. מע דאַרף נאָר ניט פאַרגעסן אָן יענע קויכעס, וואָס ווירקן קעגן דעם אימפּעריאַליזם ביכלאַל און קעגן דעם אָפּאָרטוניזם ביפּראַט, קויכעס, וואָס דער סאָציאַל-ליבעראַל האָבסאָן האָט, נאַטירלעך, ניט געקאָנט זעען זיי.

דער דייטשישער אָפּאָרטוניסט הערגאַרד הילדעבראַנד, וועלכער איז בעשאַיטע אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרטיידיקט דעם אימפּעריאַליזם, און וועלכער וואָלט איצט געמעגט ווערן א פירער פון דער אַזוי גערופענער „סאָציאַל-דעמאָקראַטישער" פּאַרטיי פון דייטשלאַנד, דערגאַנצט גאַנץ גוט האָבסאָנען מיט דעם, וואָס ער פּריידיקט וועגן „פאַראייניקטע שטאַטן פון מאַירעוו-אייראָפּע" (אַחוץ רוסלאַנד) מיטן צוועק „גע-

מיינזאַם״ אַרויסצוטרעטן קעגן... די אַפריקאַנישע נעגרען, קעגן „דער גרויסער איסלאַמיטישער באַוועגונג״, קעדיי אויסצוהאלטן א שטאַרקע אַרמיי און פלאַט קעגן „דער יאַפּאַניש-כינעזישער קאָאַליציע[91]) א. א. וו.

די באַשרייבונג „פונם בריטאַנישן אימפּעריאַליזם״ בא שולצע-העווערניצן דעקט אונז אויף דיזעלביקע שטריכן פון פּאַראַזיטיזם. די פאָלקס-האַכנאָסע פון ענגלאַנד האָט זיך פאַרגרעסערט אַן ערעך צוויי מאָל פאר דער צייט פון 1865-טן יאָר ביזן 1898-טן יאָר, און די האַכנאָסע „פון אויסלאַנד״ איז פאַר דערזעלביקער צייט אויסגעוואַקסן ניין מאָל. אויב „דער פאַרדינסט״ פונם אימ-פּעריאַליזם באַשטייט אין דעם, וואָס ער „דערציט דעם נעגר צו אַרבעט״ (אָן צוואַנג איז, פארשטייט זיך, שווער אויסקומען...), באַשטייט „די געפאַר״ פונם אימפּעריאַליזם אין דעם, וואָס אייראָפּע וועט ארויפלייגן די פיזישע אַרבעט — פון אָנהויב די לאַנדווירטשאַפטלעכע און די באַרג-אַרבעט און דערנאָך אויך די פאָשעטערע אינדוסטריעלע — אַף די פלייצעס פון דער שוואַרצהויטיקער מענטשהייט, און אַליין וועט זי זיך באַגענוגענען מיט דער ראָלע פון א ראַנטיע, און דורך דעם וועט זי, עפשער, צוגרייטן די עקאָנאָמישע און דערנאָך אויך די פּאָליטישע עמאַנסיפּאַציע פון די רויטהויטיקע און שוואַרצהויטיקע ראַסן״.

אין ענגלאַנד ווערט אלץ א גרעסערער טייל ערד אָפּגענומען פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע און אָפּגעגעבן פאַר ספּאָרט און אַמוזירונגען פון די גווירים. וועגן שאָטלאַנד — דעם סאַמע אריסטאָקראַטישן אָרט פאַר יאַגד און פאַר אַנדערן ספּאָרט — זאָגט מען, אז „זי לעבט מיט איר פאַרגאַנגענהייט און מיטן מיסטער קארנעגיש!״ (אַן אַמעריקאַנער מיליאַרדער). אין ענגלאַנד ווערט יערלעך אויסגעגעבן בלויז אַף היפּאָדראָמען און אַף יאַגד נאָך פוקסן 14 מיליאָן פונט סטערלינג (ארום 130 מיליאָן רובל). אין ענגלאַנד איז פאַראַן ביז אַ מיליאָן ראַנטיע. דער פּראָצענט פון דער פּראָדוקטיווער באַפעלקערונג ווערט קלענער.

| די יאָרן | די באַפעלקערונג פון ענגלאַנד | די צאָל אַרבעטער אין די הויפּטצווייגן פון דער אינדוסטריע (מיליאָנען) | דער פּראָצענט בענויגייע דער באַפעלקערונג |
|---|---|---|---|
| 1851 | 17,9 | 4,1 | 23 % |
| 1901 | 32,5 | 4,9 | 15 % |

און ריידנדיק וועגן דעם ענגלישן אַרבעטערקלאַס, איז דער בורזשואזער פאָרשער פון דעם „בריטאַנישן אימפּעריאַליזם אין אָנהויב פון 20-טן יאָרהונ-דערט״ געצוואונגען סיסטעמאַטיש דורכצופירן אַן אונטערשייד צווישן „דעם אויבערשטן שיכט״ ארבעטער און „דעם אייגנטלעך פּראָלע-טאַרישן נידעריקערן שיכט״. דער אויבערשטער שיכט גיט ארויס די מאַסע מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוון און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, פון ספּאָרט-געזעלשאַפטן און פון צאָלרייכע רעליגיעזע סעקטעס. צו זיין שטאנד איז צו-געפּאַסט דאָס וואלרעכט, וואָס איז אין ענגלאנד „נאָך אַלץ גענוג באַ-

גרעניצט, קעדיי אויסצושליסן דעם אייגנטלעך פּראָלע־טאַרישן שיכט״. קעדיי צוצופּוצן די לאַגע פונם ענגלישן אַרבעטערקלאַס, רעדט מען געוויינלעך בלויז וועגן אַט דעם אויבערשטן שיכט, וואָס איז א מינדערהייט פונם פּראָלעטאַריאַט: לעמאָשל, „די פראַגע וועגן ארבעטלאָזיקייט איז דעריקער א פראַגע, וואָס רירט אָן לאָנדאָן און דעם פּראָלעטאַרישן ני־דעריקן שיכט, מיט וועלכן די פּאָליטיקער רעכענען זיך ווייניק״[92]. מע וואָלט געדאַרפט זאָגן: מיט וועלכן די בורזשואַזע פּאָליטיקאַנער און „די סאָציאַליסטישע״ אָפּאָרטוניסטן רעכענען זיך ווייניק.

צו די באַזונדערקייטן פונם אימפּעריאַליזם, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם קרייז דערשיינונגען, וועלכן מיר באַשרייבן, געהערט אויך די פאַרקלע־נערונג פון דער עמיגראַציע, וואָס גייט פון די אימפּעריאַליסטישע לענדער, און די פאַרגרעסערונג פון דער אימיגראַציע (דאָס אנקומען פון אַרבעטער און איבערוואַנדערונגען) אין די דאָזיקע לענדער פון די מער אָפּגעשטאַנענע לענ־דער, מיט אַ נידעריקערן סכירעס. ווי ס׳מערקט אָן האבסאָן, פאַלט די עמי־גראַציע פון ענגלאַנד, אָנגעהויבן פון 1884-טן יאָר: אין דעם יאָר האָבן עמי־גרירט 242 טויזנט מאַן, און אין 1900-טן יאָר — 169 טויזנט. די עמיגראַציע פון דייטשלאַנד האָט דערגרייכט איר מאַקסימום אין דעם יאָרצענדליק 1881—1890: 1453 טויזנט, און אין די ווייטערדיקע יאָרצענדליקער איז זי געפאַלן ביז 544 און 341 טויזנט. דערפאַר איז געוואַקסן די צאָל אַרבעטער, וואָס קו־מען קיין דייטשלאַנד פון עסטרייך, איטאַליע, רוסלאַנד א. אז. וו. לויט דער ציילונג פון 1907-טן יאָר, איז אין דייטשלאַנד געווען 1.342.294 אויסלענדער, פון זיי אינדוסטריעלע־אַרבעטער—440.800, לאַנדווירטשאַפטלעכע — 257.329[93]. אין פראַנקרייך זיינען די אַרבעטער פון דער באַרג־אינדוסטריע „אין א באַ־דייטנדיקן טייל״ אויסלענדער: פּאָליאַקן, איטאַליענער, שפּאַניער[94]. אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרנעמען די עמיגראַנטן פון מיזרעך און דאָרעם־אייראָפּע די ערטער, וואָס ווערן באַצאָלט אַם ערגסטן, און די אמעריקאַנער ארבעטער גיבן דעם גרעסטן פּראָצענט אַזעלכע, וואָס רוקן זיך ארויס אַלס אויפזעער, און וואָס פאַרנעמען די בעסטבאַצאָלטע ערטער. דער אימפּעריאַליזם האָט אַ טענדענץ אויסצוטיילן אויך פון די ארבעטער פּריווילעגירטע קאַטעגאָריעס און אָפּשפּאַלטן זיי פון די ברייטע פּראָלעטאַרישע מאַסן.

ס׳איז נויטיק צו פאַרצייכענען, אַז אין ענגלאַנד איז די טענדענץ פונם אימפּעריאַליזם צו צעשפּאַלטן די אַרבעטער און צו פאַרשטאַרקן צווישן זיי דעם אָפּאָרטוניזם, אַרויסצורופן א צייטווייליקע פוילונג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצווייזן אַסאך פריער, איידער צום סאָף פון 19-טן און צום אָנהויב פון 20-טן יאָרהונדערט. ווייל די צוויי גרויסע אונטערשייד־שטריכן פונם אימפּעריאַליזם זיינען שוין געווען אין ענגלאַנד פון מיטן ניינ־צעטן יאָרהונדערט: קאָלאָסאַלע קאָלאָניאַלע באַזיצונגען און אַ מאָנאָפּאָלע לאַגע אפן אַלוועלטלעכן מאַרק. מאַרקס און ענגעלס האָבן סיסטעמאַטיש, אין אַ מעשעך פון אַ רייע יאָרצענדליקער, נאָכגעשפּירט נאָך אָט דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דעם אָפּאָרטוניזם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג מיט די אימפּעריאַליס־

טישע באַזונדערקייטן פון דעם ענגלישן קאַפּיטאַליזם. ענגעלס, לעמאָשל, האָט געשריבן מאַרקסן דעם 7-טן אָקטיאַבר 1858-טן יאָר: „דער ענגלישער פּראָלע-טאַריאַט ווערט פאַקטיש אַלץ מער און מער בורזשואַזיש, און אַט די סאַמע בור-זשואַזיע פון אַלע נאַציעס וויל אַפּאָנים סאָפּקאָלסאָף דערפירן די זאַך צו דעם, אַז זי זאָל צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע האָבן אויך אַ בורזשואַזע אַריס-טאָקראַטיע און אַ בורזשואַזן פּראָלעטאַריאַט. ס'פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ביז אַ געוויסער מאָס רעכטמעסיק מיצאַד אַזאַ נאַציע, וואָס עקספּלואַטירט די גאַנצע וועלט". קימאַט מיט פינף און צוואַנציק יאָר שפּעטער רעדט ער אין זיין בריוו פון 11-טן אַווגוסט 1881-טן יאָר וועגן די ערגסטע ענגלישע טרעד-יוניאָנען, וועלכע „דערלאָזן, אַז ס'זאָלן זיי אָנפירן מענטשן, וועלכע זיינען אונטערגעקויפט פון דער בורזשואַזיע אָדער וועלכע ווערן, לעכאָלאָפּאָכעס, פון איר באַצאָלט". און אין זיין בריוו צו קאַאוטסקין פון 12-טן סענטיאַבר 1882-טן יאָר האָט ענגעלס געשריבן: „איר פרעגט מיך, וואָס דענקען די ענגלישע אַרבעטער וועגן דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק? דאָס אייגענע, וואָס זיי דענקען ביכלאַל וועגן פּאָלי-טיק. דאָ איז ניטאָ קיין אַרבעטער-פּאַרטיי, דאָ זיינען פאַראַן נאָר קאָנ-סערוואַטיווע און ליבעראַלע ראַדיקאַלן, און די אַרבעטער נוצן גאַנץ רואיק אויס איניינעם מיט זיי די קאָלאָניאַלע מאָנאָפּאָליע פון ענגלאַנד און איר מאָ-נאָפּאָליע אַף דעם אַלוועלטלעכן מאַרק" [95]). דאָסזעלביקע האָט ענגעלס אויך געזאָגט אין דער פאָרעדע צו דער צווייטער אויפלאַגע „די לאַגע פונם אַרבע-טער-קלאַס אין ענגלאַנד" אין 1892-טן יאָר).

דאָ זיינען קלאָר אָנגעוויזן די סיבעס און די פּויעל-יויצעס. די סיבעס: 1) דאָס, וואָס דאָס געגעבענע לאַנד עקספּלואַטירט די גאַנצע וועלט; 2) זיין מאָנאָפּאָלע לאַגע אַף דעם אַלוועלטלעכן מאַרק; 3) זיין קאָלאָניאַלע מאָנאָ-פּאָליע. די פּויעל-יויצעס: 1) אַ טייל פונם ענגלישן פּראָלעטאַריאַט ווערט בורזשואַז; 2) אַ טייל פון אים דערלאָזט, אַז מיט אים זאָלן אָנפירן מענטשן, וואָס זיינען געקויפט פון דער בורזשואַזיע, אָדער וואָס ווערן, לעכאָלאָפּאָכעס, באַ-צאָלט פון איר. דער אימפּעריאַליזם אין אָנהויב פון דעם צוואַנציקסטן יאָר-הונדערט האָט פאַרענדיקט די צעטיילונג פון דער וועלט דורך אַ הייפעלע מלוכעס, וואָס איטלעכע פון זיי עקספּלואַטירט איצט (אינם זינען פון באַקומען אויבער-רעוועך) עטוואָס אַ קלענערן טייל פון דער גאַנצער וועלט, איידער ענגלאַנד אין 1858-טן יאָר, איטלעכע פאַרנעמט אַ מאָנאָפּאָלע לאַגע אַף דעם אַלוועלטלעכן מאַרק, אַדאַנק די טרעסטן, קאַרטעלן, דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, פאַרהעלטענישן פונם קרעדיטאָר צום באַלכויוו; איטלעכע האָט ביז אַ געוויסער מאָס אַ קאָלאָניאַלע מאָנאָפּאָל (מיר האָבן געזען, אַז פון 75 מיליאָן קוואַדראַט קילאָמעטער, וואָס עס פאַרנעמען אַלע קאָלאָניעס פון דער וועלט, איז 65 מיליאָן, ד. ה. 86%, קאָנצענטרירט אין די הענט פון זעקס מלוכעס, 61 מי-ליאָן, ד. ה. 81% איז קאָנצענטרירט אין די הענט פון דריי מלוכעס).

די איצטערדיקע לאַגע אונטערשיידט זיך מיט אַזעלכע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען, וועלכע האָבן ניט געקענט ניט טיפער מאַכן דעם טהאָם צווישן דעם אָפּאָרטוניזם מיט די אַלגעמיינע און איקערדיקע אינטע-

רעסן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג; דער אימפּעריאַליזם איז פון אָן עמבריאָן אויסגעוואַקסן אין אַ הערשנדיקער סיסטעם; די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס האָבן פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין דער פאָלקסווירטשאַפט און אין דער פּאָליטיק; די צעטיילונג פון דער וועלט איז דערפירט ביזן סאָף, און, פון דער אַנדער זייט, זעען מיר, אָנשטאָט דער ניטגעטיילטער מאָנאָפּאָליע פון ענגלאַנד, אַ קאַמף צווישן אַ קלענער צאָל אימפּעריאַליסטישע מלוכעס פאַרן אנטיילנעמען אין דער מאָנאָפּאָליע, אַ קאַמף, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם גאַנצן אָנהויב פונם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דער אָפּאָרטוניזם קאָן שוין איצט ניט בלייבן דער פולשטענדיקער זיגער אין דער אַרבעטער-באַוועגונג פון אַ וועלכן ס׳איז לאַנד אַף אַ לאַנגער צייט, ווי ס׳האָט געהאַט געזיגט דער אָפּאָרטוניזם אין ענגלאַנד אין דער צווייטער העלפט פון נײַנצעטן יאָרהונדערט, נאָר ער איז שוין ענדגילטיק צייטיק געוואָרן, איז שוין איבערגעצייטיקט געוואָרן און איז שוין צעפוילט געוואָרן אין אַ רייע לענדער, וואו ער האָט זיך, ווי אַ סאָציאַל-שאָוויניזם, צונויפגעגאָסן מיט דער בורזשואַזער פּאָליטיק[96].

---

# 9. די קריטיק פונם אימפּעריאַליזם.

די קריטיק פונם אימפּעריאַליזם פאַרשטייען מיר אינם ברייטן זינען פונם וואָרט, ווי אַ באַציאונג צו דער פּאָליטיק פונם אימפּעריאַליזם מיצאַד פאַרשיידענע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער אַלגעמיינער אידעאָלאָגיע.

דער גיגאַנטישער מאַסשטאַב פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, וואָס איז קאָנצענטרירט אין אַ קלענער צאָל הענט און וואָס שאַפט אַן אויסערגעוויינלעך ברייט צעוואָרפענע און געדיכטע נעץ פון פאַרהעלטענישן און פאַרבינדונגען, וועלכע מאַכט אים אונטערטעניק ניט בלויז די מיטעלע און די קליינע, נאָר אויך די קלענסטע קאַפּיטאַליסטן און באַלעבאַטימלעך — פון איין זייט, און דער פאַרשאַרפטער קאַמף מיט אַנדערע נאַציאָנאַל-מלוכישע גרופּעס פינאַנציסטן פאַר דער צעטיילונג פון דער וועלט און פאַר דער הערשאַפט איבער די איבעריקע לענדער, פון דער אַנדער זייט — דאָס אַלץ רופט אַרויס אַ דורכויסיקן איבערגאַנג פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן אַף דער זייט פון אימפּעריאַליזם. „אַלע" ריידן מיט היסלאַוועס וועגן זיינע פּערספּעקטיוון, אַלע פאַרטיידיקן אים מעשוגענערווייז, אַלע פאַרפּוצן אים אַף וויפל ס׳איז נאָר מעגלעך, — אָט דאָס איז דער צייכן פון אונזער צייט. די אימפּעריאַליסטישע אידעאָלאָגיע דרינגט אַריין אויך אין אַרבעטערקלאַס. ער איז ניט אָפּגעזונדערט מיט קיין כינעזישער וואַנט פון די איבעריקע קלאַסן. אויב די פירער פון דער איצטיקער אַזוי גערופענער „סאָציאַל-דעמאָקראַטישער" פּאַרטיי פון דייטשלאַנד האָבן מיט רעכט באַקומען דעם נאָמען „סאָציאַל-אימפּעריאַליסטן", דאָס הייסט, סאָציאַליסטן לויט זייערע רייד און אימפּעריאַליסטן לויט זייערע מאַסים, האָט האָבסאָן נאָך אין 1902-טן

יאָר פאַרצייכנט די עקזיסטענץ פון „פאַביאַנישע אימפּעריאַליסטן“ אין ענגלאַנד, וואָס געהערן צו דער אָפּאָרטוניסטישער „פאַביאַנער געזעלשאַפט“.

די בורזשואַזע געלערנטע און פּובליציסטן טרעטן ארויס אַלס פאַרטיידיקער פון דעם אימפּעריאַליזם, געוויינלעך, אין עטוואָס א באַהאַלטענער פאָרם; זיי פאַרשמירן די פולשטענדיקע הערשאַפט פונם אימפּעריאַליזם און זיינע טיפע וואָרצלן; זיי זעען אַרויסצורוקן אָפּן פאָדערגרונט פּראָטים און נישטיקע איינצלהייטן; זיי באַמיען זיך אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם עצעם איניען דורך גאָרניט ערנסטע פּראָיעקטן פון „רעפאָרמען“, ווי פּאָליצייאישע האַשגאָכע איבער די טרעסטן אָדער איבער די בענק אוכעדוימע. זעלטענער טרעטן אַרויס ציניש, אָפנהאַרציקע אימפּעריאַליסטן, וועלכע זיינען גענוג דרייסט אַף צו אנערקענען דעם אומזין פונם געדאַנק וועגן „רעפאָרמירן“ די גרונט-אייגנשאַפטן פונם אימפּעריאַליזם.

לאָמיר ברענגען איין ביישפּיל. די דייטשישע אימפּעריאַליסטן אין דער אויסגאַבע „דער אַרכיוו פון דער אַלוועלטלעכער ווירטשאַפט“ באַמיען זיך נאָכצושפּירן נאָך די נאַציאָנאַל-באַפרייערישע באַוועגונגען אין די קאָלאָניעס, באַזונדער, פאַרשטייט זיך, אין די ניט-דייטשישע. זיי פאַרצייכענען אַן אויפרודערונג און פּראָטעסטן אין אינדיע, אַ באַוועגונג אין נאַטאל (דאָרעם-אַפריקע), אין האָלענדישער אינדיע און אַז. וו. אָט וואָס עס שרייבט איינער פון זיי אין אַ נאָטיץ וועגן אַן ענגלישער אויסגאַבע, וואָס גיט אַ באַריכט וועגן דער קאָנפערענץ פון אונטערטעניקע פעלקער און ראַסעס, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 28—30 יולי 1910 פון פאָרשטייער פון פאַרשיידענע פעלקער פון אַזיע, אַפריקע, אייראָפּע, וואָס געפינען זיך אונטער פרעמדער הערשאַפט, אָפּשאַצנדיק די רעדעס, וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן אַף דערדאָזיקער קאָנפערענץ: „מע זאָגט אונז, אַז מע מוז קעמפן מיטן אימפּעריאַליזם; די הערשנדיקע מלוכעס מוזן אנערקענען דאָס רעכט פון די אונטערטעניקע פעלקער אַף זעלבשטענדיקייט; אַ צווישנפעלקערלעכער טריבונאַל דאַרף אַכטונג געבן, ס'זאָלן אויסגעפירט ווערן די אָפּמאַכן, וואָס זיינען געשלאָסן געוואָרן צווישן די גרויסע מלוכעס מיט די שוואַכע פעלקער. די קאָנפערענץ גייט ניט ווייטער פון אָט די אומשולדיקע וואונשן. מיר זעען דאָ קיין שפּור ניט פון פאַרשטייען עמעס, אַז דער אימפּעריאַליזם איז ענג צוזאַמענגעבונדן מיטן קאַפּיטאַליזם אין זיין איצטערדיקער פאָרם, און אַז דער דירעקטער קאַמף מיטן אימפּעריאַליזם מוז דעריבער (!!) זיין האָפענונגסלאָזיק, סאידן אויב מע זאָל זיך באַגרעניצן מיט אַרויסטרעטונגען קעגן איינצלנע, באַזונדערס עקלהאַפטע עקסצעסן“ [97].

די פראַגן וועגן דעם, צי איז מעגלעך אַפּן רעפאָרמיסטישן אויפן צו ענדערן די יעסוידעס פונם אימפּעריאַליזם, צי דאַרף מען גיין פאָרויס, צו דער ווייטערדיקער פאַרשאַרפונג און פאַרטיפונג פון די סטירעס, וועלכע זיי רופן אַרויס, אָדער מע דאַרף גיין אַף צוריק, צו זייער פאַרטעמפּונג,—דאָס זיינען די גרונטפראַגן פאַר דער קריטיק פונם אימפּעריאַליזם. אַזוי ווי די פּאָליטישע באַזונדערקייטן פונם אימפּעריאַליזם איז די רעאַקציע אַף דער גאַנצער ליניע און

די פאַרשטאַרקונג פונם נאַציאָנאַלן דרוק אין צוזאַמענהאַנג מיטן דרוק פון דער פינאַנץ-אָליגאַרכיע און מיט דער באַזייטיקונג פון דער פרייער קאָנקורענץ, איז די קליינבירגערלעך-דעמאָקראַטישע אָפּאָזיציע קעגן אימפּעריאַליזם טרעט דע-ריבער אַרויס קימאַט אין אַלע אימפּעריאַליסטישע לענדער פון אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. און טאַקע אין דעם באַשטייט דאָס, וואָס קאַאוטסקי און דער ברייטער אינטערנאַציאָנאַלער קאַאוטסקיאַניזם האָבן געריסן מיטן מאַרקסיזם, וואָס קאַאוטסקי האָט ניט נאָר ניט געזאָרגט, ער האָט ניט נאָר ניט געקענט זיך שטעלן אַנטקעגן אָט דער אָפּאָזיציע, וואָס איז קליינבירגערלעך-רעפאָרמיסטיש, רעאַקציאָנער, לויט איר עקאָנאָמישן יעסאָד, נאָר ער האָט זיך פּראַקטיש מיט איר צונויפגעגאָסן.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט ידי אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע קעגן שפּאַניע אין 1898-טן יאָר אַרויסגערופן אַן אָפּאָזיציע מיצאַד די „אַנטיאימפּע-ריאַליסטן”, מיצאַד די לעצטע רעשטלעך פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, וועלכע האָבן געהאַלטן דידאָזיקע מילכאָמע פאַר אַ „פאַרברעכערישער”, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז מיטן אַנעקסירן פרעמדע לענדער איז מען אויוועקר אַף דער קאָנסטיטוציע, וועלכע האָבן דערקלערט פאַר אַ „שווינדל פין די שאָוויניסטן” דאָס, ווי מע איז זיך באַגאַנגען מיט אַגווינאַלדאָן, דעם פירער פון די אָרטיקע איינוואוינער פון די פיליפּינען (מע האָט אים צוגעזאָגט, אַז זיין לאַנד וועט בלייבן פריי, און דערנאָך האָט מען געשיקט אַף די אינזלען אַן אַמעריקאַנער אַרמיי, און מע האָט אַנעקסירט די פיליפּינען), וועלכע האָבן ציטירט לינקאָלנס ווערטער: „ווען אַ ווייסער מענטש פאַרוואַלטעט מיט זיך אַליין, איז דאָס זעלבסט-פאַרוואַלטונג; ווען ער פאַרוואַלטעט מיט זיך אליין און צוגלייך אויך מיט אַנדערע, איז עס שוין ניט קיין זעלבסטפאַרוואַלטונג, דאָס איז שוין דעספּאָטיזם”[98]. נאָר קאָלזמאַן אָט די גאַנצע קריטיק האָט מוירע געהאַט צו אַנערקענען דעם פעסטן צוזאַמענבונד צווישן דעם אימפּעריאַליזם מיט די טרעסטן און, הייסט עס, מיט די יעסוידעס פונם קאַפּיטאַליזם, קאָלזמאַן זי האָט מוירע געהאַט צוצושטיין צו די קויכעס, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורכן גרויסקאַפּיטאַליזם און דורך זיין אַנטוויקלונג, איז זי פאַרבליבן מער ניט, ווי „אַן אומשולדיקער וואונטש”.

פונקט אַזאַ איז אויך האָבסאָנס גרונט-פּאָזיציע אין זיין קריטיק פונם אימפּעריאַליזם. האָבסאָן איז נאָר פאַרלאָפן דעם וועג קאַאוטסקין, ווען ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן „דער אומפאַרמיידלעכקייט פונם אימפּעריאַליזם” און האָט אַפּעלירט צו דער נויטיקייט „אויפצוהייבן די געברויך-פעאיקייט פון דער באַ-פעלקערונג” (באַם קאַפּיטאַליזם!). אויך די ניט איינמאָל פון אונז ציטירטע אגאַד, ל. לאַנסבורג, ל. עשוועגע און פון די פראַנצויזישע שרייבער—וויקטאָר בעראַר, דער אַווטאָר פון דעם אויבערפלעכלעכן „ענגלאַנד און דער אימפּעריאַליזם”, וואָס איז אַרויס אין 1900-טן יאָר, אויך זיי שטייען אַף אַ קליינבירגערלעכן שטאַנדפּונקט אין דער קריטיק פונם אימפּעריאַליזם, פון דער אַלמעכטיקייט פון די בענק, פון דער פינאַנץ-אָליגאַרכיע א. אז. וו. זיי אַלע, ניט פּרעטענדירנדיק אָפּילע צו זיין מאַרקסיסטן, שטעלן אַנטקעגן דעם אימפּעריאַליזם די פרייע קאָנ-

קורענץ און די דעמאָקראַטיע, זיי פאַרורטיילן דעם „אויפטו" מיט דער באַג־דאַדער אייזנבאַן, וואָס פירט צו קאָנפליקטן און צו אַ מילכאָמע, זיי זאָגן אַרויס „אומשולדיקע וואונשן" וועגן שאָלעם א. אז. וו.; דאָס טוען אַלע, ניט אויס-געשלאָסן אויך דעם סטאַטיסטיקער פון צווישנפעלקערלעכע עמיסיעס א. ניימארק, וועלכער האט אויסגעשריען אין 1912־טן יאָר, באַם צונויפרעכענען די הונדער-טער מיליאַרדן פראַנק „צווישנפעלקערלעכע" ווערטן: צי קען מען דען מיינען, אַז עס קען געשטערט ווערן דער שאָלעם? צי וועט מען דען באַ אַזעלכע קאָ־לאָסאַלע ציפערן ריזיקירן אַרויסרופן אַ מילכאָמע?[99].

מיצאַד בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן איז אַזאַ נאַאיווקייט ניט קיין וואונדער; און זיי לוינט טאַקע זיך פאַרצושטעלן פאר אַזעלכע נאַאיווע און „ערנסט" ריידן וועגן שאָלעם באַם אימפּעריאַליזם. נאָר וואָס איז פאַרבליבן פונם מאַרקסיזם באַ קאַאוטסקין, ווען ער שטעלט זיך אין די יאָרן 1914, 15, 16 אַף דעמזעלביקן בורזשואַז־רעפאָרמיסטישן שטאַנדפונקט און פאַרזיכערט, אַז „אַלע זיינען מאַסקים" (אימפּעריאַליסטן, קלוימערשט-סאָציאַליסטן און סאָציאַל-פאַציפיסטן) אין דער פראַגע וועגן שאָלעם? אַנשטאָט צו אַנאַליזירן און אויפצודעקן די טיפקייט פון די סטירעס פונם אימפּעריאַליזם, גיט ער אונז מער ניט ווי אַ רעפאָרמיסטישן „אומשולדיקן וואונש" אָפּצושאָקלען זיך, אַרויסצודרייען זיך פון דידאָזיקע סטירעס.

אָט איז אַ מוסטער פון קאַאוטסקיס עקאָנאָמישער קריטיק פונם אימפּע-ריאַליזם. ער נעמט די ציפערן וועגן עקספּאָרט און אימפּאָרט פון עגיפּטן קיין ענגלאַנד פאַר די יאָרן 1872 און 1912; עס ווייזט זיך אַרויס, אז דערדאָזיקער עקספּאָרט און אימפּאָרט איז געוואַקסן שוואַכער, איידער דער אַלגעמיינער עקספּאָרט און אימפּאָרט פון ענגלאַנד. און קאַאוטסקי מאַכט דעם אויספיר: מיר האבן קיין שום גרונט ניט צו מיינען, אַז אויב עגיפּטן וואָלט ניט פאַרנומען געוואָרן מיט מיליטערישער קראַפט, וואָלט זיך דער האַנדל מיט אים ווייניקער אַנטוויקלט אונטער דער ווירקונג פון דעם פּאָשעטן געוויכט פון די עקאָנאָמישע „פאַקטאָרן". „די שטרעבונגען פונם קאַפּיטאַל צו פאַרברייטערונג" קענען בע-סער פון אַלץ דערגרייכט ווערן ניט דורך די געוואַלט-מיטלען פונם אימפּעריאַ-ליזם, נאָר דורך פרידלעכער דעמאָקראַטיע"[100].

אָט דער געדאַנק קאַאוטסקיס, וועלכן ס'כאַזערן איבער אַף הונדערטערליי אויפאַנים זיינע רוסלענדישע אנהענגער, איז דער יעסאָד פון זיין קריטיק פונם אימפּעריאַליזם. און מיר מוזן זיך דעריבער אויספירלעכער אַף אים אָפּשטעלן. לאָמיר אָנהויבן מיט אַ ציטאַטע פון הילפערדינגען, וועמעס אויספירן קאַאוטסקי האט פיל מאָל, און אויך אין אפּרעל 1915־טן יאָר, דערקלערט „פאַר איינשטי-מיק אָנגענומענע פון אַלע סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער".

„ס'איז ניט די אַרבעט פונם פראָלעטאַריאַט, — שרייבט הילפערדינג, — אַנט־קעגנצושטעלן דער מער פראָגרעסיווער קאַפּיטאַליסטישער פּאָליטיק די טקופע פון פרייען האַנדל און פון פיינטלעכער באַציאונג צו דער מלוכע, די טקופע, וואָס איז שוין געבליבן הינטער אונז. אַף דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, אַפּן אימפּעריאַליזם, דאַרף דער פראָלעטאַריאַט ענטפערן ניט מיט פרייהייט פון האַנדל, נאָר מיט סאָציאַליזם. דער צוועק פון דער פראָלע-

טאַרישער פּאָליטיק קען איצט ניט זיין אַזאַ אידעאַל, ווי צוריק אויפשטעלן די פרייע קאָנקורענץ — ער האט זיך שוין איצט פאַרוואַנדלט אין אַ רעאַקציאָנערן אידעאַל — נאָר בלויז די פולשטענדיקע פאַרניכטונג פון דער קאָנקורענץ דורך אָפּשאַפן דעם קאַפּיטאַליזם"[101].

קאַאוטסקי האט געריסן מיטן מאַרקסיזם, ווען ער פאַרטיידיקט פאַר דער טקופע פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל אַ „רעאַקציאָנערן אידעאַל", אַ „פרידלעכע דע-מאָקראַטיע", אַ פּאַשעטן דרוק פון עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, ווייל אָט דער אי-דעאַל שלעפּט אונז אָביעקטיוו אָף צוריק, פון דעם מאָנאָפּאָליסטישן קאַ-פּיטאַליזם צו דעם ניט-מאָנאָפּאָליסטישן, ווייל דאָס איז אַ רעפאָרמיסטישער שווינדל.

דער האַנדל מיט עגיפּטן (אָדער מיט אַן אַנדער קאָלאָניע, אָדער מיט אַ האַלבקאָלאָניע) „וואָלט אויסגעוואַקסן" שטאַרקער אָן מיליטערישער אָקופּאַציע, אָן דעם אימפּעריאַליזם, אָן דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל. וואָס באַדייט עס? אַז דער קאַפּיטאַליזם וואָלט זיך אַנטוויקלט גיכער, ווען די פרייע קאָנקורענץ וואָלט ניט געוואָרן באַגרעניצט ניט דורך מאָנאָפּאָליע ביכלאַל, ניט „דורך פאַרבינדונגען" אָדער דורכן דרוק (ד. ה. אויך דורך דער מאָנאָפּאָל) פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, ניט דורך מאָנאָפּאָלן באַזיצן די קאָלאָניעס מיצאַד איינצלנע לענדער?

קיין אַנדער זינען קענען קאַאוטסקיס טאַינעס ניט האָבן. זאָל זיין, אַז יאָ, אַז די פרייע קאָנקורענץ וואָלט אָן שום מאָנאָפּאָליעס גיכער אַנטוויקלט דעם קאַפּיטאַליזם און דעם האַנדל. נאָר וואָס גיכער עס גייט די אַנטוויקלונג פונם האַנדל און פונם קאַפּיטאַליזם, אַלץ שטאַרקער איז די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע און פונם קאַפּיטאַל, פון וועלכער ס'ווערט געבוירן די מאָ-נאָפּאָליע. און די מאָנאָפּאָליעס זיינען שוין געבוירן געוואָרן — און טאַקע פון דער פרייער קאָנקורענץ! אויב אַפילו די מאָנאָפּאָליעס אַנטוויקלען זיך איצט לאַנגזאַמער, איז עס פונדעסטוועגן ניט קיין ראַיע לטובת דער פרייער קאָנקורענץ, וועלכע איז אַן אומעגלעכע זאַך נאָכדעם, ווי זי האָט געבוירן די מאָנאָפּאָל.

אויב מע זאָל אויסבעסערן דעמדאָזיקן געדאַנק און זאָגן, ווי עס זאָגט ספּעקטאַטאָר: דער האַנדל פון די ענגלישע קאָלאָניעס מיט ענגלאַנד אַנט-וויקלט זיך איצט לאַנגזאַמער, איידער דער האַנדל מיט אַנדערע לענדער — וועט עס אויך ניט ראַטעווען קאַאוטסקין, ווייל ענגלאַנד ווערט געשלאָגן אויך דורך דער מאָנאָפּאָליע, אויך דורכן אימפּעריאַליזם, נאָר פון אַן אַנדער לאַנד (פון אַמעריקע און דייטשלאַנד). ס'איז באַוואוסט, אַז די קאַרטעלן האָבן גע-בראַכט צו שוץ-אָפּצאָלונגען פון אַ נייעם, אָריגינעלן טיפּ: ס'ווערן באַשיצט (דאָס האָט פאַרצייכנט ענגעלס אין דריטן באַנד „קאַפּיטאַל") גראָד יענע פּראָ-דוקטן, וועלכע זיינען מעסוגל עקספּאָרטירט צו ווערן. ס'איז ווייטער באַוואוסט די סיסטעם, וואָס ליגט אין דער טעווע פון די קאַרטעלן און פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, „צו עקספּאָרטירן לויט שליידער-פרייזן", „אַרויסצושליידערן", ווי ס'דריקן זיך אויס די ענגלענדער. אינעווייניק אינם לאַנד פאַרקויפט דער קאַר-טעל זיינע פּראָדוקטן לויט אַ מאָנאָפּאָליסטיש הויכן פרייז, און אין אויסלאַנד

פאַרקויפט ער זיי קימאַט ווי אומזיסט, קעדיי אונטערצורייסן דעם קאָנקורענט, קעדיי צו פאַרברייטערן ביזן מאַקסימום זיין פראָדוקציע און אַז. וו. אויב דייטשלאַנד אַנטוויקלט גיכער, איידער ענגלאַנד, איר האַנדל מיט די ענגלישע קאָלאָניעס,—באַווייזט עס נאָר, אַז דער דייטשישער אימפעריאַליזם איז פרישער, שטאַרקער, אָרגאַניזירטער, העכער פאַרן ענגלישן. דאָס באַווייזט אָבער לאַכ־לוטן ניט „די אויבערוואָג״ פון דעם פרייען האַנדל, ווייל דאָ קעמפט ניט דער פרייער האַנדל מיטן פראָטעקציאָניזם, מיט קאָלאָניאַלער אָפּהענגיקייט, נאָר דאָ קעמפט איין אימפעריאַליזם מיטן צווייטן, איין מאָנאָפּאָליע מיט דער צווייטער, איין פינאַנץ־קאַפּיטאַל מיטן צווייטן. די אויבערוואָג פונם דייטשישן אימפעריאַ־ליזם איבערן ענגלישן איז שטאַרקער, איידער די וואַנט פון קאָלאָניאַלע גרעניצן אָדער פון שוץ־אָפּצאָלונגען; נעמען דאָס פאַר „אַ ראַיע״ פאַרן פרייען האַנדל און פאַר „פרידלעכער דעמאָקראַטיע״ הייסט פאַרגעסן די גרונטשטריכן און אייגנשאַפטן פונם אימפעריאַליזם, הייסט פאַרבייטן דעם מאַרקסיזם מיט קליינבירגערלעכן רעפאָרמיזם.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז אַפילע דער בורזשואַזער עקאָנאָמיסט א. לאַנס־בורג, וועלכער קריטיקירט דעם אימפעריאַליזם פונקט אַזוי אויבערפלעכלעך ווי קאַאוטסקי, איז פונדעסטוועגן געקומען צו אַ מער וויסנשאַפטלעכער באַאַרבע־טונג פון די מאַטעריאַלן פון דער האַנדל־סטאַטיסטיק. ער האָט פאַרגליכן ניט נאָר איין צופעליק גענומען לאַנד, און ניט בלויז אַ קאָלאָניע מיט די איבערי־קע לענדער, נאָר ער האָט פאַרגליכן דעם עקספּאָרט פון אַ אימפעריאַליסטישן לאַנד: 1) אין די לענדער, וואָס זיינען פון אים פינאַנציעל אָפּהענגיק, וואָס לייען בא אים געלט און 2) אין לענדער, וואָס זיינען פינאַנציעל אומאָפּהענגיק. ס'האָט זיך באַקומען אָט וואָס:

דער עקספּאָרט פון דייטשלאַנד (מיליאָן מארק).

| | | 1889 | 1908 | פארגרעסערט אין % |
|---|---|---|---|---|
| אין לענדער, וואָס זיינען פי־נאַנציעל אָפּהענ־גיק פון דייטש־לאַנד. | רומעניע | 48,2 | 70,8 | +47% |
| | פּאָרטוגאַליע | 19,0 | 32,8 | +73% |
| | אַרגענטינע | 60,7 | 147,0 | +143% |
| | בראַזיליע | 48,7 | 84,5 | +73% |
| | טשילי | 28,3 | 52,4 | +85% |
| | טערקיי | 29,9 | 64,0 | +114% |
| | סאכאקל | 234,8 | 451,5 | +92% |
| אין לענדער, וואָס זיינען פי־נאַנציעל אומאָפּ־הענגיק פון דייטש־לאַנד. | ענגלאַנד | 651,8 | 997,4 | +53% |
| | פראַנקרייך | 210,2 | 437,9 | +108% |
| | בעלגיע | 137,2 | 322,8 | +130% |
| | שווייץ | 177,4 | 401,4 | +127% |
| | אַוסטראַליע | 21,2 | 64,5 | +205% |
| | האָלענד. אינדיע | 8,8 | 40,7 | +363% |
| | סאכאקל | 1,206,6 | 2,264,4 | +87% |

לאנסבורג האָט ניט אונטערגעפירט קיין סאכאקלען און האָט דעריבער אף א מעשונעדיקן אופן ניט באמערקט, אז א ו י ב דידאָזיקע ציפערן דער־וויזן עפּעס יאָ, דערוויזן זיי עס נאָר ק ע ג ן אים, ווייל דער עקספּאָרט אין פינאנציעל־אָפּהענגיקע לענדער איז, האגאם ניט אף קיין סאך, נאָר ד אָ ך געוואקסן ג י כ ע ר, איידער אין די פינאנציעל־אומאָפּהענגיקע (מיר שטרייכן אונטער „א ו י ב", ווייל לאנסבורגס סטאטיסטיק איז ווייט ניט קיין פולע).

אויספאָרשנדיק דעם צוזאמענבונד, וואָס איז פאראן צווישן עקספּאָרט און האלוואָעס, שרייבט לאנסבורג:

„אין 1890/1 איז געשלאָסן געוואָרן די רומענישע האלוואָע דורך דער פּארמיטלונג פון די דייטשישע בענק, וואָס האָבן שוין אין די פריערדיקע יאָרן געליען געלט אף דעם סמאך. די האלוואָע האָט דעריקער געדינט אף איינצו־קויפן אייזנבאן־מאטעריאלן, וועלכע מע פלעגט באקומען פון דייטשלאנד. אין 1891־טן האָט דייטשלאנד עקספּאָרטירט קיין רומעניע אף 55 מיליאָן מארק. אינם צווייטן יאָר איז דער עקספּאָרט געפאלן ביז 39,4 מיליאָן און, מיט אי־בעררייסן, ביז 25,4 מיליאָן, אין 1900־טן יאָר. ערשט די סאמע לעצטע יאָרן האָט ער ווידער דערגרייכט ביז דער הויך פון 1891־טן יאָר, אדאנק צוויי נייע האלוואָעס.

„דער דייטשישער עקספּאָרט קיין פּאָרטוגאל איז אויסגעוואקסן, אדאנק די האלוואָעס פון 1888/9, ביז 21,1 מיליאָן (1890); אין די ווייטערדיקע צוויי יאָר איז ער געפאלן ביז 16,2 און 7,4 און האָט ערשט אין 1903־טן יאָר דערגרייכט זיין פריערדיקע הויך.

נאָך בוילעטער זיינען די ציפערן וועגן דעם דייטשיש־ארגענטינישן האנדל. אדאנק די האלוואָעס פון די יאָרן 1887 און 1890 האָט דער דייטשישער עקס־פּאָרט קיין ארגענטינע דערגרייכט אין 1889־טן יאָר ביז 60,7 מיליאָן. צוויי יאָר שפּעטער האָט דער עקספּאָרט באטראָפן אינגאנצן 18,6 מיליאָן, ווייניקער ווי א דריטכיילעך פונם פריערדיקן. ערשט אין 1901־טן יאָר האָט דער עקס־פּאָרט דערגרייכט און אריבערגעשטייגט דעם שטאנד פון 1889־טן יאָר, און דאָס איז געווען פארבונדן מיט נייע מלוכישע און שטאָטישע האלוואָעס, מיט ארויסגעבן געלט אף צו בויען עלעקטרישע פאבריקן און מיט אנדערע קרע־דיט־אָפּעראציעס.

דער עקספּאָרט קיין טשילי איז אויסגעוואקסן, אדאנק דער האלוואָע פון 1889־טן יאָר, ביז 45,2 מיליאָן (1892), און דערנאָך, אין א יאָר ארום, איז ער געפאלן ביז 22,5 מיליאָן. נאָך א נייער האלוואָע, וואָס איז געמאכט גע־וואָרן דורך דער פּארמיטלונג פון דייטשישע בענק אין 1906־טן יאָר, האָט דער עקספּאָרט זיך אויפגעהויבן ביז 84,7 מיליאָן (1907), און איז ווידער געפאלן ביז 52,4 מיליאָן אין 1908־טן יאָר" [102].

פון אָט די פאַקטן ברענגט לאַנסבורג ארויס יענע קאָמישע קליינביר־גערלעכע מאָראַל, ווי ניט פעסט און ניט גלייכמעסיק ס'איז דער עקספּאָרט, וואָס איז פאַרבונדן מיט האַלוואָעס, ווי ניט גוט עס איז ארויסצופירן די קאַ־פּיטאַלן קיין אויסלאַנד, אנשטאָט צו אַנטוויקלען „נאַטירלעך" און „האַרמאָניש"

די אייגענע אינדוסטריע, ווי „טייער״ ס׳קאָסט קרופּן דער פילמיליאָניקער באַקשיש *) באַ די אויסלענדישע האַלוואָעס און אַז. וו. נאָר די פֿאַקטן ריידן קלאָר: די העכערונג פונם עקספּאָרט איז גראד פאַרבונדן מיט די שווינדלערישע געשעפטן פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, וועלכער זאָרגט ניט וועגן דער קליינבירגערלעכער מאָראַל און שינדט אַראָפּ פונם אָקס צוויי פעלן: ערשטנס, רעווען פון דערזועלביקער האַלוואָע, ווען זי ווערט אויסגעגעבן אַף איינצוקויפן קרופּס פּראָדוקטן אָדער די אייזנבאַן-מאַטעריאלן פון דעם שטאָל-סינדיקאַט און אַז. וו.

מיר כאַזוערן איבער נאָך אַמאָל, אַז מיר האַלטן לאַכלוטן ניט לאַנסבורגס סטאטיסטיק פאַר א פולקומענער. נאָר מע האָט זי געמוזט ברענגען, ווייל זי איז וויסנשאַפטלעכער, איידער קאַאוטסקיס סטאַטיסטיק, ווייל לאַנסבורג האָט אָנגעמערקט אַ ריכטיקן צוגאַנג צו דער פראַגע, אַף וויפל ער רעדט וועגן דעם באַדייט פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל אין איניען פון עקספּאָרט ספּעציעל און גאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט די שווינדלערייען פון די פינאַנציסטן, ספּעציעל און נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאַרקויף פון די קאַרטעל-פּראָדוקטן און אַז. וו. פּאַשעט אבער פאַרגלייכן קאָלאָניעס ביכלאל מיט ניט-קאָלאָניעס, איין אימפּעריאַליזם מיט אַ צווייטן אימפּעריאַליזם, איין האַלבקאָלאָניע אָדער קאָלאָניע (עגיפּטן) מיט אַלע איבעריקע לענדער — הייסט גיין פאַרביי און פאַרשמירן גראָד דעם עצעם איניען.

און טאַקע דערפאַר האָט קאַאוטסקיס טעאָרעטישע קריטיק פונם אימפּעריאַליזם קיין שום שאַיכעס ניט צום מאַרקסיזם. טאַקע דערפאַר טויג זי נאָר ווי א צוגאַנג אַף צו פּריידיקן שאָלעם און איינהייט מיט די אָפּאָרטוניסטן און סאָציאַל-שאָוויניסטן, ווייל דידאָזיקע קריטיק גייט פאַרביי און פאַרשמירט גראָד די טיפסטע און איקערדיקע סטירעס פונם אימפּעריאַליזם: די סטירע צווישן מאָנאָפּאָלן מיט דער פרייער קאָנקורענץ, וואָס עקזיסטירט האַנט באַ האַנט מיט זיי, צווישן די גיגאַנטישע „אָפּעראַציעס״ (און גיגאַנטישע רעוואָכים) פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל מיט דעם „ערנטלעכן״ האַנדל אפן פרייען מאַרק, צווישן די קארטעלן און טרעסטן, פון איין זייט, און דער ניט-קאַרטעלירטער אינדוסטריע — פון דער אַנדער זייט, און אַז. וו.

פונקט אַזא אָפּגעשטאַנענעם כאַראַקטער טראָגט אויך, ווי מיר האָבן אויבן געזען, די באַרימטע טעאָריע פון „אולטראַ-אימפּעריאַליזם״, וואָס קאַאוטסקי האָט זי אויסגעטראַכט [103].

אין דערעמעסן, ס׳איז גענוג צו פאַרגלייכן די אַלעמען באַוואוסטע אומבאַשטרייטבארע פאַקטן, קעדיי צו איבערצייגן זיך אין דעם, אַף וויפל ס׳זיינען פאַלש די פּערספּעקטיוון, וועלכע קאַאוטסקי באַמיט זיך איינצופלאַנצן באַ די דייטשישע אַרבעטער (און באַ די אַרבעטער פון אַלע לענדער). לאָמיר נעמען אינדיע, אינדאָ-כינע און כינע. ס׳איז באַוואוסט, אַז אָט די דריי קאָלאָניאַלע און האַלב-קאָלאָניאַלע לענדער מיט אַ באַפעלקערונג פון 6—7 הונדערט

*) אונטערקויפגעלט. איבערז.

מיליאָן ווערן עקספּלואַטירט דורכן פינאַנץ-קאַפּיטאַל פון עטלעכע אימפּעריאַ-
ליסטישע מלוכעס: ענגלאַנד, פראַנקרייך, יאַפּאַניע, פאַראייניקטע שטאַטן און
אז. וו. זאָל זיין, אַז אָט די אימפּעריאַליסטישע לענדער וועלן זיך פאַראייניקן
אין פאַרבאַנדן, איינער קעגן דעם צווייטן, מיטן צוועק צו באַשיצן אָדער צו
פאַרברייטערן זייערע באַזיצונגען, אינטערעסן און „ווירקונג-ספערעס" אין די
אַנגערופענע אַזיאַטישע מלוכעס. דאָס וועלן זיין „אינטער-אימפּעריאַליסטישע"
פאַרבאַנדן. זאָל זיין, אַז אַ ל ע אימפּעריאַליסטישע מלוכעס וועלן בילדן אַ
פאַרבאַנד, קעדיי אויף אַ „פרידלעכן אופן" צו צעטיילן די אָנגערופענע אַזיאַ-
טישע לענדער, — דאָס וועט זיין „אַ אינטערנאַציאָנאַל-פאַראייניקטער פינאַנץ-
קאַפּיטאַל". פּאַקטישע ביישפּילן פון אַזאַ פאַרבאַנד זיינען פאַראַן אין דער גע-
שיכטע פון 20-טן יאָרהונדערט, לעמאָשל, אין די באַציאונגען פון די מלוכעס
צו כינע. פרעגט זיך, צי איז „מעגלעך" פאַרצושטעלן זיך, באַם טנאַי, אַז עס
פאַרבלייבט דער קאַפּיטאַליזם (און גראַד אַזאַ טנאַי איז זיך דאָך מעשאַער
קאַאוטסקי), אַז אַזעלכע פאַרבאַנדן זאָלן זיין נ י ט קיין קורצטערמיניקע ? אַז
זיי וועלן אָפּשאַפן די רייבונגען, קאָנפליקטן און דעם קאַמף אין קאָלערליי
פאָרמען ?

ס'איז גענוג קלאָר אוועקצושטעלן אָט די פראַגע, קעדיי צו זען, אַז
קיין אַנדער ענטפער, כוץ אַ נעגאַטיוון, קאָן אויף איר ניט געגעבן ווערן, ווייל
באַם קאַפּיטאַליזם קאָן ניט זיין קיין אַנדער יעסאָד אויף צו צעטיילן די ווירקונג-
ספערעס, די אינטערעסן, די קאָלאָניעס און אז. וו. אויסער דעם דיסקאָנט פון
דער ק ר אַ פ ט פון די אָנטיילנעמער אין דער כאַלוקע, פון זייער אַלגעמיין
עקאָנאָמישער, פינאַנציעלער, מיליטערישער קראַפט און אז. וו. און די קראַפט
ענדערט זיך ניט אין אַ גלייכער מאָס באַ די דאָזיקע אָנטיילנעמער אין דער
כאַלוקע, ווייל באַם קאַפּיטאַליזם איז אוממעגלעך אַ ג ל י י כ מ ע ס י ק ע אַנטוויק-
לונג פון איינצלנע אונטערנעמונגען, טרעסטן, אינדוסטריע-צווייגן, לענדער.
פופציק יאָר צוריק האָט דייטשלאַנד פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ נעבעכדיקן גאָר-
נישט, אויב מע זאָל פאַרגלייכן איר קאַפּיטאַליסטישע קראַפט מיט דער קראַפט
פון דעם דאַמאָלסדיקן ענגלאַנד; דאָס אייגענע איז אויך געווען יאַפּאַניע אין
פאַרגלייך מיט רוסלאַנד. צי קען מען זיך דען פאָרשטעלן, אַז אין צען, צוואַנ-
ציק יאָר אַרום זאָלן בלייבן אומפאַרענדערט די קויכעס-פאַרהעלטענישן צווישן
די אימפּעריאַליסטישע מלוכעס ? אַבסאָלוט אוממעגלעך.

און די „אינטער-אימפּעריאַליסטישע" אָדער „אולטראַ-אימפּעריאַליסטישע"
פאַרבאַנדן—אַלץ איינס, אין וואָס פאַר אַ פאָרם די דאָזיקע פאַרבאַנדן זאָלן ניט גע-
שאַפן ווערן, צי אין אַ פאָרם פון איין אימפּעריאַליסטישער קאָאַליציע קעגן אַ
צווייטער אימפּעריאַליסטישער קאָאַליציע, צי אין אַ פאָרם פון אַן אַלגעמיינעם
פאַרבאַנד פון אַ ל ע אימפּעריאַליסטישע מלוכעס — זיינען דעריבער אוממפאַר-
מיידלעך ניט מער ווי „אַ אינטערוואַל" צווישן מילכאָמעס. די פרידלעכע פאַר-
באַנדן גרייטן צו מילכאָמעס און וואַקסן, פון זייער זייט, אַרויס פון מילכאָמעס,
ווייל זיי באַדינגען איינער דעם צווייטן, ווייל זיי ענדערן די פאָרם פון פריד-
לעכן און ניט-פרידלעכן קאַמף אויפן יעסאָד פון א י י נ ע ם און ד ע מ ז ע ל ב י ק ן

באָדן פון אימפעריאַליסטישע פאַרבינדונגען און פון צווישנבאַציאונגען צווישן דער אַלוועלטלעכער ווירטשאַפט און דער אַלוועלטלעכער פּאָליטיק.

דער אמעריקאַנער היל מערקט אָן אין דער פאָרעדע צו זיין „געשיכטע פון דער דיפּלאָמאַטיע אין דער צווישנפעלקערלעכער אַנטוויקלונג פון אייראָפּע“ אַזוינע פּעריאָדן אין דער נייסטער געשיכטע פון דער דיפּלאָמאַטיע: 1) די טקופע פון דער רעוואָלוציע; 2) די קאָנסטיטוציאָנעלע באַוועגונג; 3) די טקופע פונם „האַנדל-אימפעריאַליזם“ [104]) פון אונזערע טעג. און איין שרייבער טיילט די געשיכטע פון דער אַלוועלטלעכער פּאָליטיק פון ענגלאַנד, אָנגעהויבן פון 1870-טן יאָר, אויף פיר פּעריאָדן; 1) דער ערשטער אַזיאַטישער (דער קאַמף קעגן דער באַוועגונג פון רוסלאַנד אין מיטלאַזיע אין דער ריכטונג צו אינדיע צו; 2) דער אַפריקאַנישער (אַן ערעך 1885—1902) — דער קאַמף מיט פראַנקרייך פאַר דער צעטיילונג פון אַפריקע („פאַשאָדע“ אין 1898-טן יאָר — אויף אַ האָר פון אַ מילכאָמע מיט פראַנקרייך) 3) דער צווייטער אזיאַטישער אָפּמאַך מיט יאַפּאַניע קעגן רוסלאַנד און 4) דער „אייראָפּעאישער“, הויפּטזאַכלעך קעגן דייטשלאַנד [105]). „די פּאָליטישע צוזאַמענשטויסן צווישן די אַוואַנגאַרדן שפּילן זיך פאַנאַנדער אַפן פינאַנץ-באָדן“, — האט נאך אין 1905-טן יאָר געשריבן דער באַנק-טוער ריסער, אָנווייזנדיק, ווי דער פראַנצויזישער פינאַנץ-קאַפּיטאַל האָט מיט זיינע אָפּעראַציעס אין איטאַליע צוגעגרייט אַ פּאָליטישן בונד פון דידאָזיקע לענדער, ווי ס'האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט דער קאַמף פאַר פּערסיע צווישן דייטשלאַנד מיט ענגלאַנד, דער קאַמף צווישן אַלע אייראָפּעאישע קאַפּיטאַלן פאַר געבן האַלוואָעס כינע און אַז. וו. אָט דאָס איז די לעבעדיקע ווירקלעכקייט פון די „אולטראַ-אימפעריאַליסטישע“ פרידלעכע פאַרבאַנדן אין זייער פעסטן צוזאמענבונד מיט פּאָשעט-אימפעריאַליסטישע קאָנפליקטן.

דאָס פאַרשמירן די סאַמע טיפסטע סטירעס פונם אימפעריאַליזם ברענגט אומפאַרמיידלעך דערצו, אַז קאַאוטסקי פוצט צו דעם אימפעריאַליזם, און דאָס האָט אַ ווירקונג אויך אויף דער קריטיק זיינער בענויגייע צו די פּאָליטישע אייגנשאַפטן פונם אימפעריאַליזם. דער אימפעריאַליזם איז די טקופע פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל און פון מאָנאָפּאָלן, וועלכע טראָגן אומעטום אַריין אַ שטרעבונג צו הערשאַפט און ניט צו פרייהייט. דער רעזולטאַט פון דידאָזיקע טענדענצן איז רעאַקציע אויף דער גאַנצער ליניע באַ אַלערליי פּאָליטישע אָרדענונגען, אַ געוואַלטיקע פאַרשאַרפונג פון די סטירעס אויך אַף דעם געביט. באַזונדערס ווערט אויך פאַרשאַרפט דער נאַציאָנאַלער דרוק און די שטרעבונג צו אַנעקסיעס, דאָס הייסט די שטרעבונג אָנצורירן די נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט (וויל אַנעקסיע באַדייט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אָנרירן די זעלבסט-באַשטימונג פון די נאַציעס). הילפערדינג פאַרצייכנט מיט רעכט דעם צוזאמענבונד צווישן אימפעריאַליזם מיט דער פאַרשאַרפונג פונם נאַציאָנאַלן דרוק: „וואָס איז נויגייע די ניי-אַנטדעקטע לענדער, — שרייבט ער, — פאַרשטאַרקט דאָרט דער אריינגעפירטער קאַפּיטאַל די סטירעס און רופט אַרויס אַ שטענדיקן וואַקסנדיקן ווידערשטאַנד מיצאַד די פעלקער, וועלכע

דערוואַכן צום נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין, קעגן די אָנגעקומענע: דערדאָזיקער ווידערשטאַנד קען גרינג אויסוואַקסן אין געפערלעכע מאַסמיטלען קעגן דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל. ס'ווערן ראַדיקאַל רעוואָלוציאָניזירט די אַלטע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, ס'ווערט צעשטערט די טויזנטיאָריקע אַגראַרע אָפּגעזונדערטקייט פון די „אויסער-היסטאָרישע" פעלקער. זיי ווערן אריינגעצויגן אין קאַפּיטאַליסטישער קעסל-גרוב. דער קאַפּיטאַליזם גופא ווייזט ביסלעכווייז אָן די איינגענומענע פעלקער די מיטלען און וועגן, ווי אַזוי זיך צו באַפרייען, און זיי רוקן ארויס דעם ציל, וואָס די אייראָפּעאישע פעלקער האבן אים אַמאָל געהאַלטן פאר דעם העכסטן: די שאַפונג פון אַן איינהייטלעכער נאַציאָנאַלער מלוכע, ווי אַ װערקצייג פון עקאָנאָמישער און קולטורעלער פרייהייט. דידאָזיקע באַוועגונג צו אומאָפּהענגיקייט שטעלט פאָר א סאַקאָנע פאר דעם אייראָפּעאישן קאפּיטאל אין זיינע סאַמע ווערטפולע עקספּלואַטאַציע-געביטן, וואָס עפענען פאר אים די גלענצנדיקסטע פערספּעקטיוון, און דער אייראָפּעאישער קאפּיטאל קען איינהאלטן זיין הערשאַפט ניט אנדערש ווי פאַרגרעסערנדיק שטענדיק זיינע מיליטערישע קויכעס" 106).

צו דעם דאַרף מען צוגעבן, אַז דער אימפּעריאַליזם פירט צו אַנעקסיעס ניט נאָר אין די ניי-אַנטדעקטע, נאָר אויך אין די אַלטע לענדער. אויך דאָ פירט ער צו דער פאַרשאַרפונג פון דעם נאַציאָנאַלן דרוק און, הייסט עס, אויך צו דער פאַרשאַרפונג פונם ווידערשטאַנד. בעאייס ער שטעלט ארויס זיין טאַינע קעגן דעם, אַז דער אימפּעריאַליזם פאַרשטאַרקט די פּאָליטישע רעאַקציע, לאָזט קאַאוטסקי איבער אין שאָטן די באַזונדערס דרינגענדיק געוואָרענע פראַגע וועגן דער אומעגלעכקייט צו פאַרייניקן זיך מיט די אָפּאָרטוניסטן אין דער אימפּעריאַליסטישער טקופע. בעאייס ער טרעט אַרויס קעגן אַנעקסיעס, גיט ער צו זיינע טאַינעס אַזאַ פאָרם, וועלכע איז גאַנץ לייכט אָנעמבאַר פאַר די אָפּאָרטוניסטן. ער ווענדעט זיך דירעקט צו דער דייטשישער אַאודיטאָריע, און פונדעסטוועגן פאַרשווייגט ער גראָד דאָס וויכטיקסטע און דאָס דרינגענדיקסטע, ווי, לעמאָשל, דאָס, וואָס עלזאַס-לאָטאָרינגיע איז אַנעקסירט פון דייטשלאַנד. קעדיי אָפּצושאַצן די „גדאַנקען-אָפּנויגונג" פון קאַאוטסקין, וועלן מיר ברענגען אַזאַ ביישפּיל. לאָמיר זיך פארשטעלן, אַז אַ יאַפּאָנער זאָגט זיך אַרויס קעגן דעם, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן אַנעקסירט די פיליפינען. פרעגט זיך, צי וועלן פיל מענטשן גלויבן, אַז ער טוט עס מאַכמעס פיינטשאַפט צו אַנעקסיעס ביכלאַל, און ניט מאַכמעס דעם, וואָס ער וויל אַליין אַנעקסירן די פיליפינען? און צי וועט מען ניט מוזן מודע זיין, אַז דעם „קאַמף" פון דעם יאַפּאָנער קעגן אַנעקסיעס וועט מען קענען האַלטן פאַר אַן אויפריכטיקן און פאַר א פּאָליטיש-ערלעכן אויסשליסלעך נאָר דאַן, ווען ער וועט ארויסטרעטן קעגן דעם, וואָס יאַפּאָניע אנעקסירט קאָרייע, ווען ער וועט פאָדערן, אַז קאָרייע זאָל זיין פריי אָפּצוטיילן זיך פון יאַפּאָניע?

סאַי קאַאוטסקיס טעאָרעטישער אַנאַליז פונם אימפּעריאַליזם, סאַי זיין עקאָנאָמישע און אויך זיין פּאָליטישע קריטיק פונם אימפּעריאַליזם זיינען דורכ-

געדרונגען מיט אַ גייסט, וואָס קען אַבסאָלוט ניט שאָלעם מאַכן מיטן מאַרק־סיזם, מיט אַ גייסט פון פאַרשמירן און פאַרגלעטן די איקערדיקע סטירעס, מיט אַ שטרעבונג אומבאַדינגט איינהאַלטן די צעפאַלנדיקע איינהייט מיטן אָפּאָר־טוניזם אין דער אייראָפּעאישער ארבעטער־באַוועגונג.

---

## 10. דאָס היסטאָרישע אָרט פונם אימפּעריאַליזם.

מיר האָבן געזעען, אַז לויט זיין עקאנאָמישן מעהוס איז דער אימפּע־ריאַליזם אַ מאָנאָפּאָליסטישער קאַפּיטאַליזם. אָט דאָס אליין באַשטימט שוין דאָס היסטאָרישע אָרט פונם אימפּעריאַליזם, ווייל די מאָנאָפּאָליע, וואָס וואַקסט אויס אָפּן באָדן פון פרייער קאָנקורענץ, איז אַ איבערגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטי־שער צו אַ העכערער געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישער אָרדענונג. באַזונדערס דאַרף מען פאַרצייכענען פיר הויפּטמינים־מאָנאָפּאָליעס, אָדער פיר הויפּט־אנטפּלעקונגען פונם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם, וועלכע זיינען כאַראַקטע־ריסטיש פאַר דער טקופע, וואָס מיר באַטראַכטן.

ערשטנס, איז די מאָנאָפּאָליע אויסגעוואקסן פון דער קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע אַף זייער אַ הויכער שטופע פון איר אַנטוויקלונג. דאָס זיינען די מאָנאָפּאָליסטישע קאַפּיטאַליסטן־פאַרבאנדן: קארטעלן, סינדיקאטן, טרעסטן. מיר האָבן געזעען, וואָס פאַר א גרויסע ראָלע זיי שפּילן אין דעם מאָדערנעם ווירטשאַפטלעכן לעבן. צום אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן זיי באַקומען אַ פולשטענדיקע איבערהאַנט אין די פאָרשריטלעכע לענ־דער, און אויב די ערשטע טריט אָפּן וועג פון קאַרטעלירונג זיינען פריער דורכגעמאַכט געוואָרן דורך לענדער מיט א הויכן שוץ־טאַריף (דייטשלאַנד, אַמעריקע), האָט ענגלאַנד מיט איר סיסטעם פון פרייען האַנדל בלויז עטוואָס שפּעטער באוויזן דעמזעלביקן גרונטפאַקט, אַז די מאָנאָפּאָלן קומען אויף פון דער פּראָדוקציע־קאָנצענטרירונג.

צווייטנס, האָבן די מאָנאָפּאָליעס געפירט צו דעם, אַז ס'זאָלן אין אַ פאַרשטאַקטער פאָרם פאַרכאַפּט ווערן די וויכטיקסטע קוואַלן פון רוי־מאַטערי־אַלן, באַזונדערס פאר דער גרונטלעכער און אמערסטן קארטעלירטער אינדו־סטריע פון דער קאַפּיטאליסטישער געזעלשאפט, פאַר דער שטיינקוילן־אינדוסטריע און פאר דער אייזנבאארבעטונג־אינדוסטריע. דאָס מאָנאָפּאָליסטישע באזיצן די וויכטיקסטע קוואלן פון רוי־מאטעריאלן האָט מוירעדיק פארגרע־סערט די מאַכט פון דעם קאַפּיטאַל און האָט פארשארפט די סטירע צווישן דער קארטעלירטער און דער ניט־קאַרטעלירטער אינדוסטריע.

דריטנס, איז די מאָנאָפּאָליע אויסגעוואקסן פון די בענק. פון באשיידענע פארמיטלערישע אונטערנעמונגען האָבן זיי זיך פארוואנדלט אין מאָנאָפּאָליסטן פונם פינאַנץ־קאַפּיטאל. אזעלכע דריי־פינף זייער גרויסע בענק אין יעדן פון די סאַמע פארשריטלעכע קאַפּיטאליסטישע נאציעס האָבן פארווירקלעכט „די

„פערזענלעכע אוניע״ צווישן דעם אינדוסטריעלן און דעם באנק-קאפיטאל, האָבן קאָנצענטרירט אין זייערע הענט דאָס באלעבאטעווען איבער אזוי פיל מיליארדן און מיליארדן, וואָס בילדן דעם גרעסטן טייל פון די קאפּיטאלן און געלט־האכנאָסעס פון דעם גאנצן לאנד. די פינאנץ-אָליגארכיע, וואָס ווארפט ארויף א געדיכטע נעץ פון אָפּהענגיקייט־פארהעלטענישן אף אלע, אָן אויסנאם, עקאָ־נאָמישע און פּאָליטישע אנשטאלטן פון דער מאָדערנער בורזשואזער געזעל-שאפט—אָט דאָס איז די בוילעטסטע אנטפלעקונג פון דערדאָזיקער מאָנאָ-פּאָליע.

פערטנס, איז די מאָנאָפּאָליע אויסגעוואקסן פון דער קאָלאָניאלער פּאָ-ליטיק. צו די פילצאָליקע „אלטע״ מאָטיוון פון דער קאָלאָניאלער פּאָליטיק האָט דער פינאנץ-קאפיטאל צוגעגעבן דעם קאמף פאר די קוואלן פון רוי-מאטעריאלן, פאר עקספּאָרט פון קאפיטאל, פאר „ווירקונג־ספערעס״, דאָס הייסט, פאר ספערעס פון גוטע געשעפטן, פון קאָנצעסיעס, פון מאָנאָפּאָליסטישע רעוואָכים אוכעדוימע, לעסאָף פאר א ווירט-שאפטלעכער טעריטאָריע ביכלאל. בעאייס די אייראָפּעאישע מלוכעס האָבן, לעמאָשל, געהאט פארנומען מיט זייערע קאָלאָניעס א צענטכיילעק פון אפריקע, ווי דאָס איז געווען אין 1876-טן יאָר, דאן האָט די קאָלאָניאלע פּאָליטיק זיך געקענט אנטוויקלען ניט מאָנאָפּאָליסטיש לויטן טיפּ פון, אזוי צו זאגן, „פריי פארכאפּערישן״ פארנעמען ערדפלעצער. נאר ווען ס'איז שוין געווען פארכאפּט 9 צענטל אפריקע (צום 1900־טן יאר), ווען די גאנצע וועלט איז שוין געווען צעטיילט,—דאן איז אומפארמיידלעך אנגעקומען די טקופע פון מאנאפּאליסטישן באזיצן די קאלאניעס, און, הייסט עס, אויך די צייט פון א באזונדערס פאר־שארפטן קאמף פאר דער צעטיילונג און איבערטיילונג פון דער וועלט.

ס'איז אלעמען באוואוסט, אף וויפל דער מאנאפּאליסטישער קאפּיטאל האט פארשארפט אלע סטירעס פונם קאפיטאליזם. ס'איז גענוג אנצואווייזן אף דעם יאקרעס און אף דעם דרוק פון די קארטעלן. דידאזיקע פארשארפונג פון די סטירעס איז די מעכטיקסטע באוועגונג-קראפט פון דעם היסטארישן איבער-גאנג-פעריאד, וועלכער האט זיך אנגעהויבן זינט דעם ענדגילטיקן ניצאכן פון דעם פינאנץ-קאפיטאל.

די מאָנאָפּאָליעס, די אָליגאַרכיע, די שטרעבונג צו הערשאַפט, אָנשטאָט דער שטרעבונג צו פרייהייט, די עקספּלואַטאציע פון אַלץ אַ גרעסערער צאָל קליינע אָדער שוואַכע פעלקער דורך אַ קליין הייפעלע זייער רייכע אָדער שטאַרקע פעלקער, — דאָס אַלץ האט אַרויסגערופן יענע אונטערשייד-שטריכן פונם אימפעריאליזם, וועלכע צווינגען צו כאַראַקטעריזירן אים ווי א פּאַראַזי-טישן אָדער פוילנדיקן קאַפּיטאליזם. אַלץ בוילעטער און בוילעטער טרעט ארויס, ווי איינע פון די טענדענצן פונם אימפּעריאַליזם, די שאַפונג פון אַ „מלוכע-ראַנטיע״, פון אַ מלוכע־פּראָצענטניק, וואָס איר בורזשואַזיע ציט איר יעניקע פון קאַפּיטאַל-עקספּאָרט און „פון שניידן קופּאָנעס״. ס'וואָלט געווען אַ טאָעס צו מיינען, אַז אָט די טענדענץ צום פוילן שליסט אויס דעם גיכן וואוקס פונם קאַפּיטאַליזם: ניין, איינצלנע אינדוסטריע־צווייגן, איינצלנע שיכטן פון דער

בורזשואַזיע, איינצלנע לענדער אַנטפּלעקן אין דער אימפּעריאַליסטישער טקופע מיט אַ גרעסערער אָדער אַ קלענערער קראַפט אַמאָל די, אַמאָל יענע פון אָט די טענדענצן. אײנגאַנצן גענומען, וואַקסט דער קאַפּיטאַליזם אומגעהויער גיכער, איידער פריער, נאָר דערדאָזיקער וואוקס, כוץ דעם, וואָס ער ווערט אַלץ מער אומגלייכמעסיק, איז די אומגלייכמעסיקייט ווייזט זיך אַרויס ספּעציעל אין דעם, וואָס עס פוילן די שטאַרקסטע קאַפּיטאַל-רייכסטע לענדער (ענגלאַנד).

ריסער, דער אַווטאָר פון דער אויספאָרשונג וועגן די דייטשישע גרויסע בענק, זאָגט וועגן דער גיכקייט פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון דייטש-לאַנד: „דער ניט צו לאַנגזאַמער פּראָגרעס פון דער פריקער עפּאָכע (1848—1870) פאַרהאַלט זיך צו דער גיכקייט פון דער אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער ווירטשאַפט אין דייטשלאַנד און ספּעציעל פון אירע בענק אין דער געגעבענער עפּאָכע (1870—1905) אַן ערעך אַזוי, ווי די גיכקייט פון דער באַ-וועגונג פון אַ פּאָסט-קאַרעטע אין די גוטע אַלטע צייטן פאַרהאַלט זיך צו דער געשווינדקייט פון אַ מאָדערנעם אַוטאָמאָביל, וועלכער טראָגט זיך אַזוי, אַז ער ווערט געפערלעך הען פאַר דעם זאָרגלאָזיק גייענדיקן פוסגייער, הען פאַר די, וואָס זיצן אין אַוטאָמאָביל". און אָט דער אומגעוויינלעך גיך אויסגעוואַק-סענער פינאַנץ-קאַפּיטאַל טאַקע דערפאַר, וואָס ער איז אַזוי גיך אויסגעוואַקסן, איז, פון איין זייט, א באַלן איבערצוגיין צו א מער „רואיקן" באַזיצן קאָלאָ-ניעס, וועלכע דאַרפן פאַרכאַפּט ווערן — און ניט נאָר אויף פרידלעכע אויפאַ-נים — באַ די רייכערע פעלקער. און אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז די עקאָ-נאָמישע אַנטוויקלונג געגאַנגען פאַר די לעצטע יאָרצענדליקער נאָך גיכער, ווי אין דייטשלאַנד. און גראָד אַדאַנק דעם זיינען באַזונדערס בוילעט אַרויסגע-טראָטן די פּאַראַזיטישע שטריכן פונם נייסטן אמעריקאנישן קאַפּיטאַליזם. פון דער אנדער זייט, באַווייזט די פאַרגלייכונג אַפילע פון דער רעפּובליקאַנישער אמעריקאַנישער בורזשואַזיע מיט דער מאָנאַרכיסטישער יאַפּאַנישער אָדער דייטשישער, אַז דער גרעסטער פּאָליטישער אונטערשייד ווערט אָפּגעשוואַכט אין דער אימפּעריאַליסטישער טקופע — ניט דערפאַר, ווייל דאָס איז בּיכלאַל ניט קיין וויכטיקע זאַך, נאָר דערפאַר, ווייל אין אָט די אַלע פאַלן האַנדלט זיך וועגן א בורזשואַזיע מיט באַשטימטע שטריכן פון פּאַראַזיטיזם.

דאָס, וואָס די קאַפּיטאַליסטן פון איינעם פון די פילצאָליקע אינדוסטריע-צווייגן, פון איינעם פון דער גרויסער צאָל לענדער און אז. וו. באַקומען א מאָנאָפּאָליסטיש-הויכן רעווער, דאָס גיט זיי אַן עקאָנאָמישע מעגלעכקייט און-טערצוקויפן איינצלנע שיכטן אַרבעטער, צייטנווייז אַפילע א גאַנץ באַדייטנ-דיקע מינדערהייט, צוציענדיק זיי אויף דער זייט פון דער בורזשואַזיע פון דעם געגעבענעם צווייג אָדער פון דעם געגעבענעם פאָלק קעגן אלע איבעריקע. און דער פאַרשטאַרקטער אַנטאַגאָניזם צווישן די אימפּעריאַליסטישע פעלקער פאַר דער צעטיילונג פון דער וועלט מאַכט נאָך שטאַרקער דידאָזיקע שטרעבונג. אַזוי אזא אויפן ווערט געשאַפן דער צוזאַמענבונד צווישן אימפּעריאַ-ליזם מיטן אָפּאָרטוניזם, וואָס האָט זיך פריער און בוילעטער ווי אומעטום אַרויסגעוויזן אין ענגלאַנד, מאַכמעס דעם, וואָס איניקע אימפּעריאַליסטישע

אנטוויקלונג-שטריכן זיינען דאָ שוין געווען פריער, איידער אין אנדערע לענדער.

פון דעם אַלץ, וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן דעם עקאָנאָמישן מעהוס פונם אימפּעריאַליזם, דרינגט אַרויס, אַז מע דאַרף אים כאַראַקטעריזירן, ווי א איבערגאנגס-קאַפּיטאַליזם, ריכטיקער, ווי אַן אָפּשטאַרבנדיקן קאַפּיטאַליזם. אין דעם פּראַט איז זייער באַלערעוודיק דאָס, וואָס די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן, וועלכע באשרייבן דעם נייסטן קאַפּיטאַליזם, באנוצן גאנץ אָפט אזעלכע אויס-דריקן, ווי „די איבערפלעכטונג", „ניט-איזאָלירטקייט" אוכעדוימע; „די בענק זיינען אונטערנעמונגען, וועלכע טראָגן ניט, העָן לויט זייערע אויפגאַבן, העָן לויט זייער אַנטוויקלונג, קיין ריין ווירטשאַפטלעכן כאַראקטער, נאָר וואַקסן אַלץ מער ארויס פונם געביט פון פּריוואַט-ווירטשאפטלעכער רעגולירונג". און דערזעלביקער ריסער, וועלכער האָט אָנגעשריבן אָט די לעצטע ווערטער, דערקלערט אין א גאַנץ ערנסטן טאָן, אַז די „פּאָרויסזאָגונג" פון די מאַרקסיסטן וועגן דער „פאַרגעזעלשאַפטלעכונג" איז ניט מעקוייעם געוואָרן!

וואָס זשע אַזוינס דריקט אויס דאָס וואָרט „איבערפלעכטונג"? עס דריקט אויס ניט מער, ווי יענעם שטריך פון דעם פּראָצעס, וואָס קומט איצט פאָר און וואָס וואַרפט זיך מער פון אנדערע אין די אויגן; עס באַווייזט, אַז דער באַאבאַכטער ציילט איינצלנע בוימער און זעט ניט דעם גאנצן וואַלד. ער קאָפּירט קנעכטיש דאָס אויסערלעכע, דאָס צופעליקע, דאָס כאַאָטישע. עס דעקט אויף אין דעם באַאבאַכטער א מענטשן, וועלכער איז צעטומלט פון דעם רויען מאטעריאַל און וועלכער קען זיך לאכלוטן ניט פאַנאַנדערקלייבן אין זיין איג-האלט און זיין באַדייט. „עס פלעכטן זיך צופעליק איבער" דאָס באַזיצן אַקציעס, די פּאַרהעלטעגישן צווישן פּריוואַטנאַייגנטימער. נאָר דאָס, וואָס עס בילדעט דעם אונטערשלאַק פון דערדאָזיקער איבערפלעכטונג, דאָס, וואָס עס בילדעט איר יעסאָד, דאָס זיינען די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקציע-פאַרהעלטעגישן, וואָס ענדערן זיך. ווען א גרויסע אונטערנעמונג פּאַרוואַנדלט זיך אין א גיגאַנטישער און אָרגאַניזירט פּלאַנמעסיק, אפן גרונט פון גענויעם דיסקאַנטירן מאסנמאַטע-ריאַלן, דאָס צושטעלן פונם אָנפאַנגלעכן רוימאַטעריאַל אין אַ מאסשטאַב פון 2/3 אָדער 3/4 פון דעם, וואָס איז נויטיק פאַר צענדליקער מיליאָנען פון דער באַפעלקערונג, ווען ס'ווערט סיסטעמאַטיש אָרגאַניזירט דער טראַנספּאָרט פון דעמדאָזיקן רוימאַטעריאַל אין די באַקוועמסטע פּראָדוקציע-פּונקטן, וועלכע זיינען גאַנץ אָפט אַף הונדערטער און טויזנטער וויאָרסט אָפּגעטיילט איינער פון דעם צווייטן; ווען פון איין צענטער פירט מען אָן אַלע סטאַדיעס פון דער קעסיידער-דיקער באַאַרבעטונג פונם מאַטעריאַל, ביז מע באַקומט אַ גאַנצע רייע מינים פּאַרטיקע פּראָדוקטן; ווען די פארטיילונג פון דידאָזיקע פּראָדוקטן צווישן צענ-דליקער און הונדערטער מיליאָנען געברויכער ווערט דורכגעפירט לויט איין פּלאַן צווישן צענדליקער און הונדערטער מיליאָנען געברויכער (דער פאַרקויף פון נאַפט אין אַמעריקע און אין דייטשלאַנד דורך דעם אמעריקאַנער „נאַפט-טרעסט"), — דאן ווערט קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פּאַרגעזעל-שאַפטלעכונג פון דער פּראָדוקציע, און ניט מיט קיין פּאָשעטער „איבערפלעכטונג";

אַז די פּריוואַט-ווירטשאַפטלעכע און די פּריוואַט-אייגנטימערישע פאַרהעלטענישן זיינען בלויז אַ שאָלעכץ, וואָס אַנטשפּרעכט שוין ניט דעם אינהאַלט, און וואָס מוז אומפאַרמיידלעך אָנהויבן פוילן, אויב מע וועט קינסטלעך פאַרציִען זיין באַזייטיקונג, אַ שאָלעכץ, וואָס קען לעפּיערעך אַ גאַנץ לאַנגע צייט זיך האַלטן אין אַ פוילנדיקן צושטאַנד (אין ערגסטן פאַל, ווען די רעפּוּע קעגן דעם אָפּאָרטוניסטישן געשוויר וועט לאַנג ניט קומען), נאָר וואָס וועט פאָרט אומ-פאַרמיידלעך באַזייטיקט ווערן.

שולצע-העווערניץ, אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פונם דייטשישן אימפּע-ריאַליזם, שרייבט אויס:

„אויב די אָנפירונג מיט די דייטשישע בענק געפינט זיך אין דער לעצ-טער שורע אין די הענט פון אַ טוץ מענטשן, איז זייער טעטיקייט שוין איצט אַסאַך וויכטיקער פאַר דעם וואוילשטאַנד פונם פאָלק, איידער די טעטיקייט פון דעם גרעסטן טייל מלוכע-מיניסטאָרן (דאָ ווערט איגנאָרירט פאַרגעסן וועגן „דער איבערפלעכטונג” צווישן די בענק-לייט, מיניסטאָרן, אינדוסטריעלער, ראַנטיע...) אויב מע זאָל ביזן סאָף דורכטראַכטן די טענדענצן, וועלכע מיר האָבן געזען, דאַן באַקומען מיר: דער געלט-קאַפּיטאַל פון דער נאַציע איז פאַריי-ניקט אין די בענק; די בענק זיינען צונויפגעבונדן איינער מיט דעם צווייטן אין אַ קאַרטעל; דער קאַפּיטאַל פון דער נאַציע, וואָס זוכט אַן אָנווענדונג, האָט זיך אויסגעגאָסן אין דער פאָרם פון ווערטפּאַפּירן. דאַן ווערן פאַרווירק-לעכט סען-סימאָנס געניאַלע ווערטער: „די איצטערדיקע אַנאַרכיע אין דער פּראָדוקציע, וועלכע אַנטשפּרעכט אינגאַנצן דעם פאַקט, וואָס די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן וויקלען זיך פאַנאַנדער אָן אַן איינאַרטיקער רעגולירונג, דאַרף אָפּטרעטן איר אָרט דער אָרגאַניזירונג פון דער פּראָדוקציע. די פּראָדוקציע וועלן אָנפירן ניט איינצלנע אונטערנעמער, וואָס זיינען אומאָפּהענגיק איינער פון דעם צווייטן, וואָס ווייסן ניט די עקאָנאָמישע באַדערפענישן פון די מענטשן; די אָנפירונג וועט זיך געפינען אין די הענט פון אַ געוויסן ספּעציעלן אַנשטאַלט. דער צענטראַלער פאַרוואַלטונגס-קאָמיטעט, וועלכער האָט אַ מעגלעכקייט צו אַרומקוקן דעם ברייטן געביט פון סאָציאַלער עקאָנאָמיע פון אַ העכערן שטאַנד-פונקט, ער וועט זי רעגולירן אַזוי, ווי דאָס וועט זיין נוצלעך פאַר דער גאַנ-צער געזעלשאַפט, ער וועט איבערגעבן די פּראָדוציר-מיטלען אין פּאַסיקע הענט, און וועט באַזונדערס זאָרגן וועגן אַ שטענדיקער האַרמאָניע צווישן דער פּראָ-דוקציע מיט דעם געברויך. ס׳זיינען פאַראַן אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן אין דעם קרייז פון זייערע אויפגאַבן אַריינגענומען אַ געוויסע אָרגאַניזירונג פון דער ווירטשאַפטלעכער אַרבעט: דאָס זיינען די בענק”. מיר זיינען נאָך ווייט פון דער פאַרווירקלעכונג פון דידאָזיקע סען-סימאָנס ווערטער, נאָר מיר שטייען שוין אויפן וועג צו זייער פאַרווירקלעכונג. דער מאַרקסיזם אַנדערש, איידער עס האָט זיך פאָרגעשטעלט מאַרקסן, נאָר אַנדערש בלויז לויט דער פאָרם”[107].

ניטאָ וואָס צו ריידן: אַ שיינע „אָפּלייקענונג” פון מאַרקסן, וועלכע מאַכט אַ שריט אויף צוריק — פון מאַרקס פּינקטלעכן וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז, צו סען-סימאָנס השערע, וועלכע איז דאָך מער ניט ווי אַ השערה, האַגאַם אַ געניאַלע-

---

# אָנמערקונגען

1. דער סאַכאַקל פון די ציפערן לויט „אַננאַלן דעס דויטשען רייכס״ (דייטש) 1911.
2. „סטעטיסטיקעל אבסטראַקט אָוו דזי יוניטייד סטייטס״ (ענגליש) 1912, זייט 202.
3. „פינאַנץ-קאַפּיטאַל״, רוסישע איבערזעצונג, זייט 286—287.
4. האַנס אידעאָן היימאַן: „די געמישטען ווערקע אים דויטשען גראָססאייזענגעווערקע״ (דייטש) 1904, זייטן 256—278.
5. הערמאַן לעווי: „מאָנאָפּאָלע, קאַרטעללע אונד טרעסטס״ (דייטש) 1909, זייטן 286, 290, 298.
6. ט. פאָגעלשטיין: „די פינאַנציעללע אָרגאַניזאַציאָן דער קאַפּיטאַליסטישען אינדוסטרי אונד די מאָנאָפּאָלבילדונג״ אין „גרונדריס דער סאָציאַלעקאָנאָמיק״ (דייטש) VI אָפּט. טיב. 1914 — פאַרגלייך פונם זעלביקן אווטאָר: „אָרגאַניזאַציאָנספאָרמען דער אייזנאינדוסטרי אונד טעקסטילאינדוסטרי אין ענגלאַנד און אמעריקאַ״ (דייטש), באַנד I 1910.
7. ד״ר ריעססער: „די דויטשען גראָסבאנקען אונד אירע קאָנצענטראַציאָן אים צוזאַמענהאַנגע מיט דער ענטוויקלונג דער געזאַמטווירטשאפט אין דויטשלאַנד״ (דייטש), 4 אויפלאַגע 1912, זייט 149 — ר. ליפמאַן: „קאַרטעללע אונד טרעסטס אונד די ווייטערבילדונג דער פאָלקסווירטשאפטליכען אָרגאַניזאַציאָן״ (דייטש) 2 אויפלאגע 1910, זייט 25.
8. ד״ר פריץ קעסטנער: „דער אָרגאַניזאַציאָנס-צוואַנג״ איינע אונטערזוכונג איבער די קעמפפע צווישן קאַרטעללען אונד אויסענזייטערן (דייטש), ברל. 1912, זייט 11.
9. ר. ליפמאַן: „בעטייליגונגס אונד פינאַנצירונגסגעזעלשאַפטען. איינע שטודיע איבער דען מאָדערנען קאַפּיטאַליסמוס אונד דאַס עפפעקטענוועזען״ (דייטש), 1-טע אויפלאגע, יענאַ, 1909, זייט 212.
10. דאָרטן, זייט 218.
11. ד״ר ס. טשירשקי: „קאַרטעלל אונד טרעסט״ (דייטש) געטט. 1903, זייט 13.
12. ט. פאָגעלשטיין: „ארגאַניזאַציאָנספאָרמען״ (דייטש), זייט 275.
13. „רעפּאָרט אָוו דזי קאמיישן אָוו קאָרפּאריישען אָן דזי טאַבעקאָ אינדוסטרי״ (ענגליש), וואַשינגטאָן, 1909, זייט 266 — ציטירט לויטן בוך פון ד״ר טאפעל: „די נאָרדאַמעריקאַנישען טרעסטס אונד אירע ווירקונגען אף דען פאָרשריט דער טעכניק״, 1913, זייט 48.
14. דאָרטן, זייט 49.
15. ריעססער, אויבנדערמאָנט, זייט 547 און ווייטערדיקע לויט דער 3 אויפלאגע.
16. קעסטנער, זייט 254.
17. „צעמענט״ פון ל. עשוועגע, „די באַנק״ (דייטש), 1909, I, זייט 115 און ווייטערדיקע.
18. יעידעלס: דאַס פאַרהעלטניס דער דויטשען גראָסבאַנקען צור אינדוסטרי מיט בעזונדערער בעריקזיכטיגונג דער אייזענאינדוסטרי״ (דייטש), 1905, זייט 271.
19. ליפמאַן: „בעטייליגונגס עטצ. געז.״ (דייטש), זייט 434.
20. דאָרטן, זייט 466.
21. יעידעלס, זייט 108.
22. אַלפרעד לאנסבורג: „פינף יאַהרע דער באַנקוועזען״, „די באַנק״ (דייטש), 1913, נומ. 8, ז. 728.
23. שולצע-העווערניץ: „די דויטשע קרעדיטבאנק אין גרונדריס דער סאָציאַלעקאָנאָמיק״ (דייטש), טיב. 1915, זייטן 12 און 137.

24. א. לאַנסבורג: „דאָס בעטייליגונגס-סיסטעם אים דייטשען באַנקוועזען", „די באַנק" (דייטש) 1910, I, 500.

25. ע. קויפמאַן: „דאָס פראַנצויזישע באַנקוועזען" (דייטש), 1911, ז. 356, 362.

26. זשאַן לעסקור: „לעפּאַרן אַן פראַנס" (פראַנצ.), 1914, זייט 52, I.

27. א. לאַנסבורג: „די באַנק מיט דען 300 מיללי‏אָנען", „די באַנק", 1914, I, 426.

28. ז. טשיערשקי, 128.

29. יעדיעס פון אַמעריקאַנער „נעשאַנעל מאָנעטערי קאָמישען" (ענגליש), „די באַנק", 1900, I, 1200.

30. דאָרטן, 1913, זייטן 811, 1022; 1914 — זייט 743.

31. „די באַנק", 1914, זייט 316.

32. ד"ר אָסקאַר שטיללי‏ך: „געלד-אונד באַנקוועזען" (דייטש), ברל. 1907, זייט 169.

33. ריססער, זייט 630, 4 אויפלאַגע.

34. „די באַנק", 1912, I, 435.

35. ציטירט פון שולצע-העווערניצען אין גרדר. ד. ס. עק. 155.

36. יעידעלס און ריססלער, נייע ווערק.

37. יעידעלס, זייט 157.

38. יעווגעני קויפמאנס ארטיקל וועגן די פראַנצויזישע בענק אין „די באנק", 1909, 2, 851.

39. אָסקאַר שטיללי‏ך, זייט 148.

40. יעידעלס, זייט 184.

41. דאָרטן, זייט 181.

42. הילפערדינג: פינאַנץ-קאַפּיטאַל, מאָסקווע, 1912, זייט 336.

43. ר. ליפמאַן, אויבנדערמאָנט, זייט 476.

44. ה. גיד, היימאַן, אויבנדערמאָנט, זייט 269.

45. ליפמאן: „בעטייליגונגסגעזעלשאַפטען" (דייטש), זייט 258, 1-טע אויפלאַגע.

46. „שולצע-העווערניץ אין גרדר. דער ס.-עקאָנ." (דייטש) באנד V, 2, זייט 3.

47. ל. עשוועגע: „טאכטערגעזעלשאפטן", „די באַנק" (דייטש), 1914, I, ז. 545.

48. קורט הייניג: „דער וועג דעס עלעקטראָטרעסט", „נויע צייט" (דייטש), 1912, 30 יאָרגאַנג, 2, זייט 484.

49. ע. אַגאַד: „גראָססבאַנקען אונד וועלטמארק. די ווירטשאפטליכע אונד פּאָליטישע בעדויטונג דער גראָססבאנקען אים וועלט-מארק אונטער דער בעריקזיכטיגונג אירעס איינפלוססעס אף רוס-לאַנדס פאָלקסווירטשאפט און די דויטש-רוססישען בעציאונגען" (דייטש), ברל. 1914.

50. ליזיס: „קאָנטר ל'אָליגארכיע, פינאַנסיער אן פראנס (פראנצ.) 5 אויפלאגע, 1908, זייטן 11, 12, 26, 34, 40, 48.

51. „די באנק", 1913, נומ. 7, זייט 630.

52. שטיללי‏ך, אויבנדערמאָנט, זייט 143; וו. זאָמבאַרט: „די דויטשע פּאָלקסווירטשאפט אים 19 יאָרהונדערט" (דייטש), 1909, A2, זייט 526, ביילאַגע 8.

53. „פינאנץ-קאַפּיטאַל" זייט 172.

54. שטיללי‏ך, זייט 138; ליפמאַן, זייט 57.

55. „די באַנק" 1913, זייט 952. ל. עשוועגע: „דער זומפּף" (דייטש): דאָרטן, 1912, 4, זייט 223

56. „פערקעהרסטרעסט", „די באנק" (דייטש), 1914, I, זייט 89.

57. „דער צוג צור באנק" דאָרטן, 1909, I, זייט 79.

58. דאָרטן, 1912, 2, זייט 825; 1913, 2, זייט 962.

59. ע. אַגאַד, זייט 202.

60. האבסאָן: „אימפּעריאליזם" (ענגל.) 1902, זייט 58. — ריעססער, אויבנדערמאָנט, זייטן 395, 404. — פּ. ארנדט אין „וועלט-ווירטשאפטלעכעס ארכיוו" (דייטש) באַנד 7, 1916, זייט 35; ניימאַרק אין ביולעטען; הילפערדינג „פינאַנץ-קאַפּיטאַל", זייט 492; ללאָיד דזשאָרדזש: רעדע אין געמיינדע-קאַמער פון 4-טן מאי 1915, „דיילי טעלעגראַף" 5 מאַי 1915. — ב. האַרמס: פּראָ-

בלעמע דער וועלט-ווירטשאַפט" (דייטש) יעפא 1912, זייט 235. — ד"ר זיגמונד שילדער : „ענט-וויקלונגס-טענדענצן דער וועלטווירטשאַפט" (דייטש) 1912, באַנד I, זייט 150 ; — דזשאָרדזש פּעיש : „גרייט בריטענס קעפּיטעל אינוועסטמענטס" (ענגליש) אין דזשענעראַל און דהי ראיאַל סטעטיסטיקעל סאָסייעטי" (ענגליש) באנד 74, 1910—11, זייט 167. — דזשאָרדזש דריטש : „ל'עקספּאַנסיאָן דע באַנק אללעמאַנד א ל'עטראַנזשעי. סע ראַפּאָר אוועק לע דעוועלאָמאַן עקאָ-נאָמיק דע ל'אַלעמאַן" (פראַנצ.) פּ. 1909, זייט 84.

61. „די באַנק", 1913, 2, זייט 1024.

62. שילדער, אויבנדערמאָנט, זייטן 346, 350, 371.

63. ריעססער, אויבנדערמאָנט, זייט 375, 4 אויפלאַגע, אין דיוריטש, זייט 283.

64. דזי ענעלס אָוו דזי אמעריקען אקאַדעמי אָוו פּאָליטיקל ענד סאָשועל סייענס (ענגל.) באנד LIX, מאַי 1915, זייט 301. אין זעלביקן בוך זייט 331 לייענען מיר, אַז דער באַוואוסטער סטאַטיסטיק פּעיש האָט אין לעצטן העפט פון פינאַנציעלן זשורנאַל „סטאַטיסט" אויסגערעכנט, אז די סומע פון קאַפּיטאַל, וואָס איז ארויסגעפירט געוואָרן דורך ענגלאנד, דייטשלאנד, פראַנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד באַטרעפט 40 מיליאַרד דאָלאַר, ד. ה. 200 מיליאַרד פראַנק.

65. עידעלס, זייט 232.

66. ריעססער, אויבנדערמאָנט, דיוריטש, ז. 239 ; קורט הייניג, אויבנדערמאָנט.

67. עידעלס, זייט 193.

68. דיוריטש, זייט 245.

69. „די באַנק", 1912, I, זייט 1032 ; 1912, II, זייט 629 ; 1913, I, זייט 388.

70. פאָגעלשטיין : „אָרג.-פאָרמען", זייט 100.

71. ליפמאַן : „קאַרט. אונד טר.", 2 №, זייט 161.

72. א. זופאַן : „די טעריטאָריאַלע ענטוויקלונג דער אייראָפּעאישער קאָלאָניען" (דייטש), 1906, זייט 254.

73. „די נייע צייט" XVI, I, זייטן 302, 1898.

. דאָרטן, זייט 304.

75. צ. פּ. לוקאַס : „גרייטער ראָם ענד גרייטער בריטען" (ענגל.) אקספ. 1912. ערל אָוו קראָמער „ענשענט ענד מאָדערן אימפּעריאַליזם" (ענגל.) 1910.

76. שילדער, אויבנדערמאָנט, זייטן 38—42.

77. וואל-לא פראַנס אָ קאָלאָני (פראַנצ.) ציטירט פון הענרי רוססיע : לא פּאַרטאַזש דע ל'יאקעני (פראַנצ.) פּ., 1905, זייט 167.

78. שולצע-העווערניץ : „בריטישער אימפּעריאַליזמוס אונד ענגלישער פרייהאַנדל צו בעגינען דעס 20 יאָרהונדערטס" (דייטש) לפּצ., 1906, זייט 318. דאָסזעלביקע זאָגט אויך זאַרטאָריוס פאָן וואלטערסהאוזען : „דאָס פאָלקסווירטשאַפטלעכע סיסטעם דער קאַפּיטאַלאַנלאַגע אים אויסלאַנדע" (דייטש), ברל., 1907, זייט 46.

79. שילדער, I, זייט 160—161.

80. ל.—ע. דריאָלט : „פּראָבלעם פּאָליטיקע סאָסיאַ" (פראַנצ.), פּ. 1907, זייט 299.

81. די נויע צייט", 1914 ; 2 (32 באַנד), זייט 909, 11 נאָיאַבר 1914. — פארגל. 1915, 2, 107.

82. האבסאָן : „אימפּעריאַליזם", זייט 324.

83. ר. קאַלווער : „איינפירונג אין די וועלט-ווירטשאַפט", (דייטש), ברל., 1906.

84. „סטאַט. יארבוך פיר דאַס דויטשע רייך" (דייטש), 1915, אַרכיוו פיר אייזענבאַנוועזען", (דייטש) פאַר 1890—1892 יאָר איז אויסגעקומען ניט קיין גרויסע איינצלהייטן וועגן דער פאַנאַנדער-טיילונג פון די אייזנבאַנען צווישן די קאָלאָניעס פון פאַרשיידענע לענדער אָפּצושאַצן לעפיערעך.

85. פארגל. אויך עדגאַר גראַממאָנד : „דזי עקאָנאָמיק רעלייששאָן אָוו דזי בריטישענד עמפּיירס" אין „דזשאַרנעל אָוו דזי ראָיאַל סטעטיסטיקל סאָסייעט" (ענגל.) 1914, יולי, 777.

86. האבסאָן, זייטן 59, 60.

87. שולצע-העווערניץ : „בר. אימפּ.", זייט 320 און אנד.

88. זארט. פאָן וואלטערסהאוזען : „דאָס פאָלקסווירטשאַפט

89. שילדער, 393.
90. „די באַנק״, 1911, I, זייט 11.
91. האבסאָן, זייטן, 103, 205, 144, 335, 386.
92. גערהארד הילדעבראנד: „די ערשיטערונג דער אינדוסטריהערשאפט אונד דעס אינדוסטרי סאָ-ציאַליזמוס״ (דייטש), 1900, זייט 229.
93. „סטאַטיסטיק דעס דויטשן רייכס, באַנד 211.
94. הענגער: „די קאַפּיטאַלסאַנלאַגע דער פראנצויזען״ (דייט), שט. 1913,
95. „בריעפוועקסעל פאָן מארקס אונד ענגעלס״ (דייטש), באַנד II, זייט 290; באנד IV, זייט. 453. — ק. קאַאוטסקי: „סאָציאַליזמוס אונד קאָלאָניאַלפּאָליטיק״ (דייטש) ברל., 1907, זייט 79; דידאָזיקע בראשור איז נאָך געווען געשריבן אין יענע אומענדלעך ווייטע צייטן, ווען קאַאוט-סקי איז געווען א מאַרקסיסט.
96. דער רוסישער סאָציאַל-שאָוויניזם פון די הערן פּאָטרעסאָוס, טשכענקעלים, מאסלאָוואס א. אז. וו. סאַי אין זיין אָפּנהאַרציקן אויסזעען, סאי אין זיין פאַרדעקטן (פון די הערן טשכעאידזע, סקאָבעלעוו, אקסעלראָד א. א.) איז אויך אויסגעוואַקסן פון דעם רוסישן אָרטיקן אָפּאָרטוניזם, נעמלעך פון ליקווידאַטאָרישקייט.
97. „וועלטווירטשאַפטלעכעס ארכיוו״ (דייטש), באַנד II, זייט 193.
98. זש. פּאַטוּיע: „ל'עמפּעריאַליזם אמעריקען״ (פראַנצ.) דיזשאָן, 1904, זייט 272.
99. „ביולעט. דער ל'אינסט. ענט. דע סטא״ (פראנצ.) באַנד XIX, בוך II, זייט 225.
100. קאַאוטסקי: „נאַציאָנאַלשטאַט, אימפּעריאַליסטישער שטאַט אונד שטאַאַטענבונד״ (דייטש), ניורנג, 1915, זייטן 70 און 72.
101. פינאַנץ-קאַפּיטאַל, זייט 567.
102. „די באַנק״, 1909, II, זייט 810.
103. „נויע צייט״, 30 אפּריל 1915, ז. 144.
104. דעוויד דזשיין היל: „ע היסטאָרי אָוו דזשי דיפּלאָמערס אין דזי אינטערנאשיאָנעל דעוועלאָפּ-מענט אָוו יוראָפּ״. (ענגל.) באנד I, זייט 178.
105. שילדער, אויבנדערמאָנט, זייט 178.
106. „פינאַנץ-קאַפּיטאַל״, זייט 487.
107. „גרדר. דער סאָצ. עק.״, 146.

# אינהאַלט

פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

לעני ן-ביבליאטעק

סעריע № 1

ב. לענין (וו. אוליאַנאָוו).

# אויסגעוויילטע ווערק

באנד V טייל 1

## פון פעווראל ביז אקטיאבר

אידיש ל. גאלדבערג.

צענטראלער פארלאג פאר די פעלקער פון פ. ס. ס. ר.
מאסקווע 1925

# פון פארלאג.

מאטעריאַל פון לענינס לעבן און אַרבעט פאַר דעם פעריאָד, אין וועלכן ס'זיינען געשריבן געוואָרן די ארטיקלען פון דעמדאָזיקן באַנד, געפינט זיך אין בוך פון כ-טע עסטער „לענין און זיין אַרבעט", קאַפיטל XXIII—לענין און די פעווראַל-רעוואָלוציע, XXIV—לענין און די יולי-טעג, XXV—אַפן וועג צו דער מאַכט.

# דער ערשטער עטאַפּ פון דער ערשטער רעוואָלוציע

(אַ בריוו פון דערווייטנס) *)

די ערשטע רעוואָלוציע, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער אַלוועלטלעכער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, האָט אויסגעבראָכן. דידאָזיקע ערשטע רעוואָלוציע וועט געוויס ניט זיין די לעצטע.

אויב מע זאָל אורטיילן לויט די קאַרגע ידיעס, וואָס זיינען פאַראַן אין רעשוס פונם שרייבער פון דידאָזיקע שורעס אין דער שווייץ, האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער עטאַפּ פון דערדאָזיקער ערשטער רעוואָלוציע, דעהאיינע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, פון ערשטן מאַרט 1917.

ווי אַזוי האָט געקאָנט געשעען אַזאַ „נעס”, אַז אינגאַנצן אין 8 טאָג, דער טערמין, וועלכן עס האָט אָנגעוויזן דער ה׳ מיליוקאָוו **) אין זיין באַרימערישער טעלעגראַמע צו אַלע פאָרשטייער פון רוסלאַנד אין אויסלאַנד—איז צעפאַלן געוואָרן די מאָנאַרכיע, וואָס האָט זיך געהאַלטן יאָרן-הונדערטער און וואָס אין מעשעך פון דריי יאָר פון די גרעסטע אַלנאַציאָנאַלע קלאַסן-שלאַכטן פון די יאָרן 1905—1907 איז זי שטיין געבליבן, ניט געקוקט אַף קיין זאַך?

קיין ניסים אין דער נאַטור און אין דער געשיכטע קומען ניט פאָר, אָבער יעדער שאַרפער קער אין דער געשיכטע, דערונטער אויך יעדע רעוואָלוציע, גיט אַזאַ רייכטום פון אינהאַלט, וויקלט פאַנאַנדער אַזוינע אומדערוואַרטעט-אייגנאַרטיקע קאָמבינאַציעס פון קאַמפּס-פאָרמען און קויכעס-פאַרהעלטענישן פון די קעמפנדיקע, אַז פאַרן באַלעבאַטישן סייכל דאַרף פילעס אויסזעען ווי אַ נעס.

קעדיי די צאַרישע מאָנאַרכיע זאָל קאָנען צעפאַלן ווערן אין מעשעך פון עטלעכע טעג, איז נויטיק געווען אַ קאָמבינאַציע פון אַ גאַנצער ריי באַדינגונגען, וואָס האָבן אַן אַלוועלטלעך-היסטאָרישע וויכטיקייט. לאָמיר אָנווייזן די וויכטיקסטע פון זיי.

אָן די דריי יאָר גרעסטע קלאַסן-שלאַכטן און רעוואָלוציאָנערער ענערגיע פונם רוסישן פּראָלעטאַריאַט אין 1905—1907 יאָר וואָלט אוממעגלעך געווען אַזאַ גיכע צווייטע רעוואָלוציע, וואָס איר אָנהויב-עטאַפּ האָט זיך פאַרענדיקט אין עטלעכע טעג. די ערשטע (1905 יאָר) האָט טיף אויפגעאַקערט

---

*) דעם אַרטיקל האָט כ׳ לענין געשיקט פון דער שווייץ.

**) דער פירער פון דער בורזשואַזער פאַרטיי: דער קאַדעטישער ערשטער מיניסטער פון אויסערלעכע איניאָנים נאָך דער פעוורואַל-רעוואָלוציע.

דעם באָדן, האָט אויסגעוואָרצלט די פאַרורטיילן פון יאָר-הונדערטער, האָט אויפגעוועקט צום פּאָליטישן לעבן און צו פּאָליטישן קאַמף מיליאָנען אַרבעטער און צענדליקער מיליאָנען פּויערים, האָט באַוויזן איינעם דעם אַנדערן—און דער גאַנצער וועלט—אַלע קלאַסן (און אַלע הויפּט-פּאַרטייען) פון דער רוסישער געזעלשאַפט אין זייערווירקלעכער נאַטור, אין דער ווירקלעכער פאַרהעלטניש פון זייערע אינטערעסן, פון זייערע קויכעס, פון די אויפאַנים פון זייער טעטיקייט, פון זייערע נאָענטסטע און ווייטסטע צילן. די ערשטע רעוואָלוציע און די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע, וואָס איז געקומען נאָך איר (1907—1914 יאָרן), האָט אַנטבלויזט דעם גאַנצן טאָך פון דער צאַרישער מאָנאַרכיע, האָט זי דערפירט ביזן „לעצטן שטריך", האָט אויפגעדעקט איר גאַנצע צעפוילטקייט, עקלדיקייט, דעם גאַנצן ציניזם און די אויסגעלאַסנקייט פון דער צאַרישער באַנדע מיטן מוירעדיקן ראַספּוטין בערויש, דאָס גאַנצע אכזאָריעס פון דער ראָמאַנאָוו-מישפּאָכע—אָט די פּאָגראָמען-מאַכערס, וואָס האָבן פאַרפלייצט רוסלאַנד מיטן בלוט פון אידן, אַרבעטער, רעוואָלוציאָנערן, אָט די „ערשטע צווישן גלייכע" פּריצים, וואָס פאַרמעגן מיליאָנען דעסיאַטין ערד און וואָס גייען אָף אַלע אכזאַריעסן, אָף אַלע פאַרברעכנס, אָף צערואינירן און דערשטיקן יעטווידער צאָל, אבי צו פאַרהיטן אָט דעם „הייליקן אייגנטום" זייערן און פון זייער קלאַס.

אָן דער רעוואָלוציע פון 1905—1907 יאָרן, אָן דער קאָנטר-רעוואָלוציע פון 1907—1914 יאָרן, וואָלט אומעגלעך געווען אַזאַ פּינקטלעכע „זעלבסטבאַשטימונג" פון אַלע קלאַסן פון רוסישן פאָלק און פון די פעלקער, וואָס באַוואוינען רוסלאַנד, אַ באַשטימונג פון דער באַציאונג פון דידאָזיקע קלאַסן פון איינעם צום אַנדערן און צו דער צאַרישער מאָנאַרכיע, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין די אכט טעג פון דער פעברואַל-מאַרטישער רעוואָלוציע פון 1917 יאָר. דידאָזיקע אַכט-טאָגיקע רעוואָלוציע איז, אויב מע מעג זיך אַזוי מעטאַפאָריש אויסדריקן, „פאַנאַנדערגעשפּילט" געוואָרן פּונקט ווי נאָך אַ צענדליק גענעראַלע און צווייט-גראַדיקע רעפּעטיציעס; די „אַקטיאָרן" האָבן געקאָנט איינער דעם אַנדערן, זייערע ראָלעס, זייערע ערטער, זייער סוויווע אין דער לענג און אין דער ברייט, דורכויס, ביז יעטווידער וויפל ניט איז באַדייטנדיקער שאַטירונג פון פּאָליטישע ריכטונגען און טעטיקייט-אויפאַנים.

אָבער אויב די ערשטע גרויסע רעוואָלוציע פון 1905 יאָר, וואָס איז פאַרורטיילט געוואָרן, ווי „אַ גרויסער בונט", דורך די הערן גוטשקאָווס *), מיליוקאָווס מיט זייערע נאָכלויפער, האָט אין 12 יאָר אַרום געבראַכט צו דער „גלענצנדיקער" „רומפולער רעוואָלוציע" פון 1917 יאָר, וועלכע די הערן גוטשקאָווס און מיליוקאָווס דערקלערן פאַר אַ „רומפולער", ווייל זי האָט זיי (דערווייל) געגעבן די מאַכט,—איז נויטיק געווען נאָך איין גרויסער, מעכטיקער, אַלמעכטיקער „רעזשיסער", וועלכער איז, פון איין זייט, אימשטאַנד

*) פירער פון דער פּאַרטיי פון גרויסע סאָחרים און קאַפּיטאַליסטן, דער אָקטיאַבריסטישער פּאַרטיי.

געוועןאין אַ גוואַלטיקער מאָס צו פאַרגיכערן דעם גאַנג פון דער אַלוועלט-לעכער געשיכטע, און, פון דער אַנדערער זייט,—אַרויסרופן אַלוועלטלעכע קריזיסן פון אומגעזעענער קראַפט, עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע. אַכוץ דער אומגעווייגלעכער פאַרגיכערונג פון דער אַלוועלט-לעכער געשיכטע, זיינען נויטיק געוועןאין איר באַזונדערס שאַרפע אומ-ווענדונגען, קעדיי אַף איינעם פון אזוינע קער=פונקטן זאָל מ י ט א מ א ל זיך קאָנען איבערקערן דער מיט בלוט און קויט פאַרגאָסענער וואגן פון דער ראָמאַנאָוו=מאָנאַרכיע.

אָט דער אַלמעכטיקער „רעזשיסער", אָט דער מעכטיקער פאַרגיכערער איז געוועןדי אַלוועלטלעכע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע.

איצט איז שוין פעסט קלאָר, אז זי איז אַן אַלוועלטלעכע, ווייל די פאַרייניקטע שטאַטן און כינע זיינען אַף האַלב שוין ארייננגעצויגן אין איר היינט, וועלן איגנאַנצן ארייננגעצויגן ווערן מאָרגן.

איצט איז שוין פעסט קלאָר, אז זי איז א אימפּעריאַליסטישע פון ב ײ ־ ד ע זייטן. נאָר די קאַפּיטאַליסטן און זייערע לאַקייען —די סאָציאַל-פּאַטריאָטן און סאָציאַל-שאָוויניסטן, קאָנען אָפלייקענען אָדער פאַרשמירן דעמדאָזיקן פאַקט. די מילכאָמע פירט סאַי די דייטשישע, סאַי די ענגליש-פראַנצויזישע בורזשואזיע צוליב באַראַבעווען פרעמדע לענדער, צוליב דערשטיקן די קליינע פעלקער, צוליב פינאַנציעלער הערשאַפט איבער דער וועלט, צוליב צעטיילונג און איבערפאַרטיילונג פון די קאָלאָניעס, צוליב ראַטעווען די אונטערגייענדיקע קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג מיט דער הילף פון אָפנאַרן און צעברעקלען די אַרבעטער פון פאַרשיידענע לענדער.

די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע האָט מיט אָביעקטיווער אומפאַרמיידלעכ-קייט געמוזט אומגעווייגלעך פאַרגיכערן און אומגעזעען פאַרשאַרפן דעם קלאַסנ-קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואזיע, זי האָט געמוזט פאַר-וואַנדלט ווערן אין אַ בירגער=קריג צווישן די פיינטלעכע קלאַסן.

ד י ד אָ ז י ק ע פ אַ ר וו אַ נ ד ל ו נ ג א י ז אָ נ ג ע ה ו י ב ן ג ע וו אָ ר ן דורך דער פעווראַל=מאַרטישער רעוואָלוציע פון 1917 יאָר, וואָס דער ערשטער שטאָפּ אירער האָט אונז באַוויזן ערשטנס, דעם געמיינזאַמען קלאַפּ, וואָס עס האָבן געגעבן דעם צאַריזם צוויי קויכעס: דאָס גאַנצע בורזשואזע און פּריצי-שע רוסלאַנד צוזאַמען מיט אַלע זיינע אומבאַוואוסטזיניקע נאָכלויפער און מיט אַלע זיינע באַוואוסטזיניקע פירער אין דער פּערזאָן פון די ענגליש-פראַנצוי=זישע געזאַנדטע און קאַפּיטאַליסטן, פון איין זייט, און ד ע ר ר אַ ט פ ו ן אַ ר ב ע ט ע ר ש ע א ו ן ס אָ ל ד אַ ט י ש ע ד ע פ ו ט אַ ט ן פון דער אַנ-דערער.

די דריי פּאָליטישע לאַגערן, די דריי פּאָליטישע גרונט=קויכעס: 1) די צאַרישע מאָנאַרכיע, דער ראָש פון די פּריצים-לייב-אייגנטימער, דער ראָש פון די אַלטע באַאַמטע און גענעראַלן; 2) די בורזשואזיע און דאָס פּריצישע אָק-טיאַבריסטיש-קאַדעטישע רוסלאַנד, נאָך וועלכן עס האָט זיך נאָכגעשלעפט די קליין-בורזשואזיע; 3) דער ראַט פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן,

וואָס זוכט פֿאַר זיך פֿאַרבינדעטע אינם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט און אין דער גאַנצער מאַסע פֿון דער אָרימסטער באַפֿעלקערונג — אָט די דריי פּאָליטישע גרונט-קויכעס האָבן מיט דער פֿולסטער קלאָרקייט זיך ארויסבאַוויזן אַפֿילע אין די ערשטע 8 טעג פֿונם „ערשטן עטאַפּ" אַפֿילע פֿאַר אזאַ פֿון די געשעענישן דערוויטערטן צושויער, ווי דער שרייבער פֿון דידאָזיקע שורעס, וועלכער איז געצוואונגען זיך צו באַגרעניצן מיט די קאַרגע טעלעגראַמעס פֿון די אויסלענדישע צייטונגען.

אָבער איידער איך וועל גענוי ריידן וועגן דעם, דאַרף איך זיך אומקערן צו דעם טייל פֿון מיין בריוו, וועלכער איז געווידמעט צו א פֿאַקטאָר פֿון ערשטראַנגיקער קראַפֿט — דער אַלוועלטלעכער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע.

די מילכאָמע האָט צוזאַמענגעבונדן די מילכאָמע-האַלטנדיקע מלוכעס, די מילכאָמע-האַלטנדיקע גרויסע קאַפּיטאַליסטן, „באַלעבאַטים" פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, שקלאַפֿן-באַזיצער פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער שקלאַפֿעריי, מיט אייזערנע קייטן איינעם מיטן אַנדערן. איין בלוטיקער קנויפּ — אָט וואָס עס איז אַזוינס דאָס געזעלשאַפֿטלעך-פּאָליטישע לעבן פֿון דעם היסטאָרישן מאָמענט, וואָס מיר לעבן איבער.

די סאָציאַליסטן, וואָס זיינען אַריבערגעגאַנגען אַף דער זייט פֿון דער בורזשואַזיע אין אָנהויב פֿון דער מילכאָמע, די אַלע דאַווידס און שיידעמאַנס אין דייטשלאַנד, די פּלעכאַנאָווס, פּאָטרעסאָווס, גוואָזדיאָווס *) און קאָמפּ. אין רוסלאַנד, האָבן לאַנג און מיט אַלע קויכעס געשריען קעגן די „אילוזיעס" פֿון די רעוואָלוציאָנערן, קעגן די „אילוזיעס" פֿונם באַזעלער מאַניפֿעסט, קעגן דעם „כאָלעם-פֿאַרס" צו פֿאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע אין אַ בירגער-קריג. זיי האָבן אַף אַלע אויפֿאַנים באַזונגען די קראַפֿט, די לעבנספּעאיקייט, די צופּאַסונגס-פֿעאיקייט, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט קלוימערשט אַרויסגעוויזן, זיי, וואָס האָבן מיטגעהאָלפֿן די קאַפּיטאַליסטן „צוצופּאַסן", צוגעוואוינען, אָפּנאַרן, צעבּרעקלען די אַרבעטער-קלאַסן פֿון פֿאַרשיידענע לענדער.

אָבער „גוט וועט לאַכן דער, ווער עס וועט לאַכן דער לעצטער". ניט אַף לאַנג האָט זיך דער בורזשואַזיע איינגעגעבן אָפּצוציען דעם רעוואָלוציאָנערן קריזיס, וואָס איז ארויסגערופֿן געוואָרן דורך דער מילכאָמע. מיט אַ קראַפֿט, וואָס ס'איז אומעגלעך איינצוהאַלטן, וואַקסט ער אין אַלע לענדער, אָנהויבנדיק פֿון דייטשלאַנד, וואָס לעבט איבער, לויטן אויסדרוק פֿון אַ צושויער, וואָס האָט זי ניט לאַנג באַזוכט, א „געניאַל אָרגאַניזירטן הונגער", ענדיקנדיק מיט ענגלאַנד און פֿראַנקרייך, וואו דער הונגער רוקט זיך אויך אָן און וואו די אָרגאַניזאַציע איז אסאַך ווייניקער „געניאַל".

נאַטירלעך, אז אינם צאַרישן רוסלאַנד, וואו די דעזאָרגאַניזאַציע איז געווען די סאַמע מעשונעדיקע, און וואו דער פּראָלעטאַריאַט איז דער סאַמע רעוואָלוציאָנערער (ניט אדאַנק זיינע באַזונדערע אייגנשאַפֿטן, נאָר אַדאַנק די לע-

*) נעמען פֿון מענשעוויקעס — עקסטע באַשיצלער.

בעדיקע טראַדיציעס פונם „פינפטן" יאָר),—אז דאָרט האט דער רעוואָלוציאָנע-רער קריזיס אויסגעבראָכן פריער פון אַלץ. דערדאָזיקער קריזיס איז פאַרגיכערט געוואָרן דורך א ריי פון די סאַמע שווערסטע מאַפּאָלעס, וועלכע עס האָט געליטן רוסלאַנד און אירע פאַרבינדעטע. די מאַפּאָלעס האָבן צע-טרייסלט דעם גאַנצן אַלטן רעגירונגס-מעכאַניזם און די גאַנצע אַלטע אָרדע-נונג, האבן דערצאָרנט קעגן איר אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג, האָבן פאַרביטערט די ארמיי, האָבן אין אַ גוואַלטיקער צאָל אויסגעראָטן איר אלטן קאָמאַנדירן-באַשטאַנד, וועלכער האט געהאַט א פאַרשימלט-פּריצישן און בא-זונדערס פוילן באַאַמטישן כאַראַקטער, האָבן אים פאַרביטן דורך אַ יונגן, פרישן, הויפּזאַכלעך בורזשואזן, פאַרשיידן-אַפּשטאַמיקן, קליינבירגערלעכן.

אויב אָבער די מאַפּאָלעס אין דער מילכאָמע האָבן געשפּילט די ראָלע פון א נעגאַטיוון פאַקטאָר, וואָס האָט פאַרגיכערט דעם אויפרייס, איז די פ אַ ר ב י נ ד ו נ ג צווישן דעם ענגליש-פראַנצויזישן פינאַנציעלן קאַפּיטאַל, דעם ענגליש-פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם מיטן אָקטיאַבריסטיש-קאַדעטישן קאַפּיטאַל פון רוסלאַנד געווען דער פאַקטאָר, וואָס האט פאַרגיכערט דעמדאָזיקן קריזיס.

דידאָזיקע זייט פונס איניען, זייער א וויכטיקע, פאַרשווייגט צוליב פאַר-שטענדלעכע סיבעס די ענגליש-פראַנצויזישע פּרעסע און עס שטרייכט זי מיט בייזער האַנאָע אונטער די דייטשישע. מיר, מאַרקסיסטן, דאַרפן ניכטער קוקן דעם עמעס אין די אויגן אריין, ניט ניספּאָעל ווערן ניט פונם שעקער, דעם זיסלעך-דיפּלאָמאַטישן שעקער פון די דיפּלאָמאַטן און מיניסטאָרן פון דער ער-שטער מילכאָמע-האַלטנדיקער גרופּע, ניט פונם אונטערווינקען און פון די גע-לעכטערלעך פון זייערע פינאַנציעלע און מילכאָמע-קאָנקורענטן פון דער אַנ-דערער מילכאָמע-האַלטנדיקער גרופּע. דער גאַנצער גאַנג פון די געשעענישן פון דער פעוורואַל-מארטישער רעוואָלוציע באווייזט קלאָר, אז די ענגלישע און פראַנצויזישע געזאַנדשאַפטן צוזאַמען מיט זייערע אַגענטן און „פאַרבינדונגען", וואָס האבן שוין לאַנג געמאַכט די סאַמע פאַרצווייפלטע אנשטרענגונגען, קעדיי צו שטערן די „סעפּאַראַטע" אויסגלייכן און דעם סעפּאַראַטן שאָלעם פון ניקאָ-לאַי דעם צווייטן (אָבער לאָמיר האָפן און זיך דערשלאָגן דערצו—דעם לעצטן מיט ווילהעלם דעם צווייטן, האבן דירעקט געשטרעבט אַראָפּצוזעצן ני-קאָלאַי ראָמאַנאָוון.

לאָמיר זיך ניט שאַפן קיין אילוזיעס.

אויב די רעוואָלוציע האָט געזיגט אַזוי גיך און אַזוי אויסערלעך, אַפן ערשטן אויבערפלעכלעכן קוק — „ראַדיקאַל", איז עס בלויז דערפאַר, ווייל אַדאַנק דער העכסט אָריגינעלער היסטאָרישער סיטואַציע האָבן זיך צ ו נ א מ ע נ ג ע-ג אָ ס ן אַ ב ס אָ ל ו ט פ אַ ר ש יי ד ע נ ע שטראָמען, אַ ב ס אָ ל ו ט פ אַ ר ש יי ד נ-אַ ר ט י ק ע קלאַסן-אינטערעסן, אַ ב ס אָ ל ו ט ק ע ג נ ז ע צ ל ע כ ע פּאָליטישע און סאָציאַלע שטרעבונגען, דעהאַינע: די פאַרשווערונג פון די ענגליש-פראַנצויזי-שע אימפּעריאַליסטן, וועלכע האָבן געשטויסן מיליוקאָוון און גוטשקאָוון מיט דער קאָמפּ. צו פאַרכאַפּן די מאַכט, קעדיי ווייטער צו פירן די מיל-כאָמע, קעדיי נאָך פאַרביסענער און אַקשאָנעסדיקער צו פירן זי, קעדיי

אויסצוהאָרגענעַן נייע מיליאָנען ארבעטער און פויערים פון רוסלאנד אַף צו באַקומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל... פאַר די גוטשקאָווס, סיריע... פאַר די פראַנצויזן, מעסאָפּאָטאַמיע... פאַר די ענגלישע קאַפּיטאַליסטן א. א. וו. דאָס איז פון איין זייט. און פון דער אַנדערער זייט, די טיפע פּראָלעטאַרישע און מאַסנהאַפטע פּאָלקס-באַוועגונג (די גאנצע אָרימסטע באַפעלקערונג פון די שטעט און דערפער) מיט אַ רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פאַר ברויט, פאַר שאָלעם, פאַר עמעסער פרייהייט.

די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און סאָלדאַטן האבן ביזן גרונט צעשטערט די עקלדיקע צאַרישע מאָנאַרכיע, ניט אַנטציקט און ניט ניספּאָעל ווערנדיק דערפון, וואס אין געוויסע, קורצע, לויט דער קאָניוקטור אויסשליסלעכע היסטאָרישע מאָמענטן קומט זיי צו הילף דער קאַמף פון ביוקענען*), גוטשקאָוו, מיליוקאָוו און קאָמפּ., וועלכע האָבן געוואָלט נאָר פאַרבייטן איין קייסער אַף אַן אַנדערן.

אַזוי און נאָר אַזוי איז די זאַך געווען, אַזוי און נאָר אַזוי קאָן קוקן אַ פּאָליטיקער, וואס האט ניט מוירע פאַרן עמעס, וואָס וועגט אָפּ ניכטער די פאַרהעלטעניש צווישן די געזעלשאַפטלעכע קויכעס אין דער רעוואלוציע, וואס שאַצט אָפּ יעדן „לויפנדן מאָמענט“ ניט נאָר פונם שטאַנדפּונקט פון זיין גאַנצער געגעבענער, הײנטיקער אָריגינעלקייט, נאָר אויך פונם שטאַנדפּונקט פון די טיפערע טרייב-פעדערן, פון דער טיפערער פאַרהעלטניש פון די אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט און פון דער בורזשואַזיע ווי אין רוסלאנד, אַזוי אויך אין דער גאַנצער וועלט.

די פּיטערער אַרבעטער און סאָלדאַטן, פונקט ווי די ארבעטער און סאָלדאַטן פון גאנץ רוסלאַנד, האבן זיך מיט זעלבסטאָפּפערונג געשלאָגן קעגן דער צאַרישער מאָנאַרכיע, פאַר פרייהייט, פאַר ערד פאר די פויערים, פאַר שאָלעם, קעגן דער אימפּעריאַליסטישער שכיטע. דער ענגליש-פראַנצויזישער אימפּעריאַליסטישער קאַפּיטאַל האָט, קעדיי ווייטער צו פירן און פארשטארקן דידאָזיקע שכיטע, געפירט הויף-אינטריגעס, אָרגאניזירט אַ פארשווערונג, אונטערגעהעצט און צוגעגעבן האָפענונגען די גוטשקאָווס און מיליוקאָווס, צוגעגרייט איינגאַנצן אַ פאַרטיקע נייע רעגירונג, וועלכע האָט פאַרכאַפּט די מאַכט גלייך נאָך די ערשטע קלעפּ פון פּראָלעטארישן קאַמף, וואָס דער צאַריזם האָט באַקומען.

דידאָזיקע רעגירונג איז ניט קיין צופעליקע גרופּע מענטשן.

דאָס זיינען פאָרשטייער פון דעם נייעם קלאַס, וואָס האט זיך אויפגעגעהויבן צו דער פּאָליטישער מאַכט אין רוסלאַנד, פון דעם קלאַס פון קאַפּיטאַליסטישע פּריצים און בורזשואַזיע, וועלכער רעגירט שוין לאַנג איבער אונזער לאַנד עקאָנאָמיש און וועלכער האָט זיך, סאַי אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע פון 1905—1907-טן יאָר, סאַי אין דער צייט פון דער קאָנטער-רעוואָלוציע פון 1907—1914-טן יאָר, סאַי ענדלעך, — און דערביי מיט אַ באַזונ-

*) ענגלישער געזאנדטער אין רוסלאנד אין יענער צייט.

דערער שנעלקייט, — אין דער צייט פון דער מילכאָמע פון 1914—1917-טן יאָרן, זייער שנעל אָרגאַניזירט פּאָליטיש, אַריינעמענדיק אין זיינע הענט סײַ די אָרטיקע זעלבסטפאַרוואַלטונג, סײַ די פאָלקס-בילדונג, סײַ די צוזאַמענפאָרן פון פאַרשיידענע מינים, סײַ די דומע, סײַ די מיליטעריש-אינדוסטריעלע קאָמיטעטן א. א. וו. דערדאָזיקער נייער קלאַס איז שוין „קימאַט אינגאַנצן" געווען באַ דער מאַכט צום 1917-טן יאָר; דעריבער זיינען גענוג געווען די ערשטע קלעפּ, דער צאַריזם זאָל צעפאלן ווערן, אָפּרייניקנדיק דאָס אָרט פאר דער בורזשואזיע. די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע האט, פאדערנדיק אַן אומגלויבלעכע קויכעס-אָנשטרענגונג, אַזוי פאַרגיכערט דעם גאַנג פון די געשעענישן אינם אָפּגעשטאַנענעם רוסלאַנד, אַז מיר האָבן „גלייך" (אין דערעמעסן קלויםערשט גלייך) דעריאָגט איטאַליע, ענגלאַנד, קימאַט פראַנקרייך, האָבן באַקומען אַ „נאַציאָנאַלע" (ד. ה. אַ צוגעפּאַסטע אַף צו פירן די אימפּעריאַליסטישע שכיטע און אָפּנאַרן דאָס פאָלק) „פּאַרלאַמענטאַרישע", „קאָאַליציע"-רעגירונג.

צוגלייך מיט דערדאָזיקער רעגירונג — וואס איז אין טאָך געקומען פונם שטאנדפּונקט פון דער געגעבענער מילכאָמע אַן איינפאַכער אָנגעשטעלטער באַ די מיליאַרדן-„פירמעס": ענגלאנד און פראנקרייך, צוגלייך מיט איר — איז אַנטשטאַנען אַ נייע, ניט אָפיציעלע, נאך ניט אנטוויקלטע, פארהעלטניסמעסיק שוואַכע ארבעטער-רעגירונג, וואס דריקט אויס די אינטערעסן פונם פראָלעטאריאט און פונם גאנצן אָרימסטן טייל פון דער שטאָטישער און דאָרפישער באַפעלקערונג. דאס איז דער ראט פון אַרבעטערשע און סאָלדאטישע דעפּוטאטן אין פּיטער.

אַזאַ איז דיווירקלעכע פּאָליטישע לאגע, וועלכע מיר דארפן פריער פון אַלץ באַמיען זיך פעסטצושטעלן מיט דער מעגלעכסטער אָביעקטיווער פּינקטלעכקייט, קעדיי צו באַגרינדן די מאַרקסיסטישע טאַקטיק אַפן איינציק פעסטן פונדאמענט, אַף וועלכן זי דארף זיך באַזירן, אַפן פונדאמענט פון פאַקטן.

די צאַרישע מאָנארכיע איז צעקלאַפּט, אָבער נאך ניט דערשלאָגן ביזן סאָף.

די אָקטיאַבריסטיש-קאַדעטישע בורזשואַזע רעגירונג, וואס וויל פירן „ביזן סאָף" די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע, איז אין דערעמעסן אַן אָנגעשטעלטע באַ דער פינאַנציעלע פירמע „ענגלאנד און פראנקרייך". זי איז געצוואונגען צוצוזאָגן דעם פאָלק דעם מאַקסימום פרייהייטן און מאַטאָנעס, וועלכע קאָנען נאָר צונויפגעפּאַסט ווערן דערמיט, אַז דידאזיקע רעגירונג זאָל פאַרהיטן איר מאַכט איבערן פאָלק און די מעגלעכקייט ווייטער צו פירן די אימפּעריאַליסטישע שכיטע.

דער ראַט פון אַרבעטערשע און סאָלדאטישע דעפּוטאטן, דער שפּראָצלינג פון אַן ארבעטער-רעגירונג, דער פאָרשטייער פון די אינטערעסן פון אַלע אָרימסטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג ד. ה. פון 9/10 פון דער באַפעלקערונג, וואָס וויל זיך דערשלאָגן אַ שאָלעם, ברויט און פרייהייט.

דער קאַמף פון דידאָזיקע דריי קויכעס באַשטימט די לאַגע, וואָס האט

זיך איצט געשאַפן, און וואָס איז אַן איבערגאַנג פונם ערשטן צום צווייטן עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע.

קעדיי וירקלעך צו קעמפן קעגן דער צאַרישער מאָנאַרכיע, קעדיי וירקלעך צו באַוואָרענען די פרייהייט, ניט נאָר אַפן וואָרט, ניט אין די צוזאָגן פון די שיין-ריידערס פונם ליבעראַליזם, איז ניט די אַרבעטער דאַרפן אונטערשטיצן די נייע רעגירונג, נאָר די נייע רעגירונג דאַרף „אונטערשטיצן" די אַרבעטער! ווייל די איינציקע גאַראַנטיע פאַר דער פרייהייט און צעשטערונג פונם צאַריזם ביזן סאָף איז די באַוואָפענונג פונם פּראָלעטאַריאַט, די פאַרפעסטיקונג, פאַרברייטערונג, אַנטוויקלונג פון דער ראָלע, פון דער באַדייטונג, פון דער קראַפט פונם ראַט פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן.

אַל דאָס איבעריקע איז פראַזע און ליגן, זעלבסטנאַרעריי פון די פּאָליטיקאַנער פון ליבעראַלן און ראַדיקאַלן לאַגער.

העלפט דער באַוואָפענונג אָדער לעכאָל האַפּאָכעס שטערט ניט דערדאָזיקער זאַך — און די פרייהייט אין רוסלאַנד וועט זיין אומבאַזיגבאַר, די מאָנאַרכיע וועט אומעגלעך זיין צוריק אויפצושטעלן, די רעפּובליק וועט זיין באַוואָרנט.

אַנדערש וועט דאָס פאָלק אָפּגענאַרט ווערן. צוזאָגן איז א ביליקע זאַך, צוזאָגן זיינען גאָרניט ניט ווערט. מיט צוזאָגן האָבן „געשפּייזט" דאָס פאָלק און אָפּגענאַרט די אַרבעטער אַלע בורזשואַזע פּאָליטיקאַנער אין אַלע בורזשואַזע רעוואָלוציעס.

אונזער רעוואָלוציע איז א בורזשואַזע — דעריבער דאַרפן די אַרבעטער אונטערשטיצן די בורזשואַזיע — זאָגן די טויגעניכטסן — די פּאָליטיקער פונם ליקווידאַטאָרישן לאַגער.

אונזער רעוואָלוציע איז א בורזשואַזע, — זאָגן מיר, מאַרקסיסטן, — דעריבער דאַרפן די אַרבעטער עפענען דעם פאָלק די אויגן אַף דער גענאַרעריי פון די בורזשואַזע פּאָליטיקאַנער, לערנען אים, אַז ער זאָל ניט גלויבן אין זייערע ווערטער, זאָל זיך פאַרלאָזן נאָר אַף זיינע קויכעס, אַף זיין אָרגאַניזאַציע, אַף זיין פאַראייניקונג, אַף זיין באַוואָפענונג.

די רעגירונג פון אָקטיאַבריסטן און קאַדעטן, פון די גוטשקאָווס און מיליוקאָווס, קאָן ניט געבן — אַפילע אויב זיי זאָלן עס אויפריכטיק וועלן — ניט קיין שאָלעם, ניט קיין ברויט, ניט קיין פרייהייט.

קיין שאָלעם דערפאַר, ווייל זי איז א רעגירונג פון מילכאָמע, א רעגירונג פון ווייטער פירן די אימפּעריאַליסטישע שכיטע, א רעגירונג פון פאַרכאַפּן, וואָס האָט זיך נאָך דערווייל מיט קיין איין קלאַנג ניט אָפּגעזאָגט פון דער צאַריסטישער פּאָליטיק, פון פאַרכאַפּן אַרמעניע, גאַליציע, טערקיי, פון צונעמען קאָנסטאַנטינאָפּאָל, פון דעראָבערן אויפסניי פּוילן, קורלאַנד, דעם ליטווישן קאַנט א. א. וו. דידאָזיקע רעגירונג איז איבער הענט און פיס געבונדן דורך דעם ענגליש-פראַנצויזישן אימפּעריאַליסטישן קאַפּיטאַל. דער רוסישער קאַפּיטאַל איז בלויז אַן אָפּטיילונג פון דער אַלוועלטלעכער „פירמע", וואָס קע-

דרעועט מיט הונדערטער מיליארדן רובלס און טראָגט דעם נאָמען: „ענגלאנד און פראנקרייך“.

קיין ברויט דערפאר, ווייל זי איז א בורזשואזע רעגירונג. אין בעסטן פאַל וועט זי געבן דעם פאָלק, ווי דייטשלאנד האט געגעבן, א „געניאל אָרגאַניזירטן הונגער“. דאס פאָלק וועט אָבער ניט ליידן קיין הונגער. דאָס פאָלק וועט זיך דערוויסן, אז ברויט איז פאַראַן און מע קאָן עס באקומען, אָבער ניט אנדערש, ווי דורך מיטלען, וואס בוקן זיך ניט פאר דער הייליקייט פון קאפיטאל און פון ערד-באזיץ“.

קיין פרייהייט דערפאר, ווייל זי איז א פריציש-קאפיטאליסטישע רעגירונג, וואס האט מוירע פארן פאָלק.

וועגן די טאַקטישע אויפגאַבן פון אונזער נאָענטסטער אויפירונג בענויגייע דערדאָזיקער רעגירונג וועלן מיר ריידן אין אַ צווייטן אַרטיקל. דאָרט וועלן מיר באווייזן, אין וואָס עס באַשטייט די אייגנאַרטיקייט פונם מאָמענט, פונם איבערגאנג פון ערשטן צום צווייטן עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע, פאַרוואָס דאַרף דער לאָזונג, די „אויפגאַבע פון טאָג“ אין דעמדאָזיקן מאָמענט זיין: אַרבעטער, איר האָט אַרויסגעוויזן וואונדער פון פראָלעטאַרישער העלדישקייט, פון פאָלקס-העלדישקייט אינם בירגער-קריג קעגן צאַריזם, איר דאַרפט אַרויסווייזן וואונדער פון פראָלעטאַרישער און אַלנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, קעדיי צוצוגרייטן אייער ניצאָכן אינם צווייטן עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע. באַגרעניצנדיק זיך איצט מיטן אַנאַליז פונם קלאַסן-קאַמף און פון דער פאַרהעלטניש פון די קלאַסן-קויכעס אַפן געגעבענעם עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע, דאַרפן מיר נאָך שטעלן די פראַגע: ווער זיינען די פאַרבינדעטע פונם פראָלעטאַריאַט אין דער געגעבענער רעוואָלוציע?

ער האָט צוויי פאַרבינדעטע: ערשטנס, די ברייטע מאַסע פון האַלבפּראָלעטאַרישער און טיילווייז קליינפויערשער באַפעלקערונג פון רוסלאַנד, וואָס ציילט פיל צענדליקער מיליאָנען און בילדעט א גוואלטיקע מערהייט פון דער באַפעלקערונג. דידאָזיקע מאַסע מוז נויטיק האָבן שאָלעם, ברויט פרייהייט, ערד. דידאָזיקע מאַסע וועט זיך אומפאַרמיידלעך געפינען אונטער א באַשטימטער ווירקונג פון דער בורזשואזיע און באַזונדערס פון דער קליינבורזשואזיע, צו וועלכער זי גייט נעענטער פון אַלץ צו לויט אירע לעבנסבאַדינגונגען, וואקלענדיק זיך צווישן דער בורזשואזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט. די גרויזאַמע לעקציעס פון דער מילכאָמע, וועלכע וועלן זיין אַף אַזויפיל גרויזאַמער, אַף וויפל ענערגישער עס וועלן פירן די מילכאָמע גוטשקאָוו, לוואָוו, מיליוקאָוו און קאָמפּ., וועלן אומפאַרמיידלעך שטויסן דידאָזיקע מאַסע צום פּראָלעטאַריאַט, וועלן זי צווינגען צו גיין נאָך אים. אויסנוצנדיק די פרייהייט פון דער נייער אָרדענונג אין די ראַטן פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן, דאַרפן מיר זיך איצט באַמיען דידאָזיקע מאַסע אויפצוקלערן און אָרגאַניזירן פריער פון אַלץ און מער פון אַלץ. ראַטן פון פויערשע

דעפוטאַטן, ראַטן פון לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער — דאָס איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן. אונזערע שטרעבונגען וועלן באַשטיין דערביי ניט נאָר דערין, אז די לאַנדווירטשאַפטלעכע ארבעטער זאָלן אויסטיילן זייערע באַזונדערע ראַטן, נאָר אויך דערין, אז די אומפאַרמעגלעכע און אָרימסטע פויערים זאָלן זיך אָרגאַניזירן באַזונדער פון די פאַרמעגלעכע פויערים. וועגן די באַזונדערע אויפגאַבן און באַזונדערע פאָרמען פון דער איצט העכסט-וויכטיקער אָרגאַניזאַציע אינם פאָלגנדיקן בריוו.

צווייטנס, א פאַרבינדעטער פונם רוסישן פראָלעטאַריאַט איז דער פראָלעטאַריאַט פון אַלע מילכאָמע-האַלטנדיקע לענדער און ביכלאַל פון אַלע לענדער. אין אַ באַדייטנדיקער מאָס איז ער צוגעדריקט דורך דער מילכאָמע, און אין זיין נאָמען ריידן צו אָפט די סאָציאַל-שאָוויניסטן, וואָס זיינען אויך אין אייראָפּע, פּונקט ווי פּלעכאַנאָוו, גוואָזדיאָוו, פּאָטרעסאָוו אין רוסלאנד, אַריבער אַף דער זייט פון דער בורזשואַזיע. אָבער די באַפרייאונג פונם פראָלעטאַריאַט פון אונטער זייער ווירקונג איז געגאַנגען פאָרויס מיט יעדן כוידעש פון דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע, און די רוסישע רעוואָלוציע וועט אומפארמיידלעך פאַרגיכערן דעמדאָזיקן פראָצעס אין א גוואַלטיקער מאָס.

מיט דידאָזיקע צוויי פאַרבינדעטע קאָן דער פראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד גיין און וועט גיין, אויסנוצנדיק די באַזונדערהייטן פונם איצטיקן איבערגאַנגס-מאָמענט, אין אָנהויב צו דער דעראָבערונג פון דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק און דעם פולן ניצאָכן פונם פויערטום איבער די פּריצים, און דערנאָך צום סאָציאַליזם, וואָס נאָר ער אַליין וועט געבן די אויסגעמאַטערטע פעלקער שאָלעם, ברויט און פרייהייט.

„פראוודא“, №№ 14—15, 21—22 מארט 1917 יאָר מיט דער אונטערשריפט נ. לעני ן.

---

# וועגן די אויפגאַבן פונם פראָלעטאַריאַט אין דער געגעבענער רעוואָלוציע.

קומענדיק ערשט דעם 3-טן אַפּריל באַנאַכט קיין פּעטראָגראַד, האָב איך געקאָנט, פארשטייט זיך, בלויז אין מיין נאָמען און מיט אויסריידן מיקויאַך דער ניט-גענוגנדער צוגעגרייטקייט, ארויסטרעטן אַף דער פארזאַמלונג פון 4-טן אַפּריל מיט א פאָרטראַג וועגן די אויפגאַבן פונם רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאַריאַט.

דאָס איינציקע, וואָס איך האָב געקאָנט טאָן אַף צו פארלייכטערן די אַרבעט זיך און די געווויסנהאַפטע אָפּאָנענטן — איז געווען צוגרייטן שריפטלעכע טעזיסן. איך האָב זיי איבערגעלייענט און איבערגעגעבן זייער טעקסט דעם כ׳ צערעטעלי. געלייענט האָב איך זיי זייער לאַנגזאַם און

צוויימאָל: איינמאָל אף א פארזאַמלונג פון די באָלשעוויקעס, דערנאָך אַף אַ פארזאַמלונג פון די באָלשעוויקעס מיט די מענשעוויקעס.

איך דרוק אָט די פערזענלעכע טעזיסן מיינע, וואָס זיינען באַזאָרגט בלויז מיט די קירצסטע דערקלערונגס-באמערקונגען, וועלכע זיינען אַסאַך אויספירלעכער אנטוויקלט געוועזן אינם פאָרטראג:

## טעזיסן.

„1. אין אונזער באַציאונג צו דער מילכאָמע, וואָס מיצאַד רוסלאַנד פאַר-בלייבט זי אומבאַדינגט אויך בא דער נייער רעגירונג פון לוואָוו און קאָמפּ. אַ רויבערישע אימפּעריאליסטישע מילכאָמע אַדאנק דעם קאַפּיטאַליסטישן כאַראַק-טער פון דעראָזיקער רעגירונג, אין דער באַציאונג אונזערער צו דער מיל-כאָמע זיינען ניט דערלאָזבאַר אפילע די קלענסטע האַנאָכעס דער „רעוואָלוצי-אָנערער באַשיצלעריי".

„אַף א רעוואָלוציאנערער מילכאָמע, וואָס באַרעכטיקט ווירקלעך די רע-וואָלוציאָנערע באשיצלעריי, קאָן דער באוואוסטזיניקער פּראלעטאריאט געבן זיין האַסקאָמע נאָר בא דעם טנאַי: א) אז די מאכט זאל אריבערגיין אין די הענט פונם פּראלעטאריאט און פון די אָרימסטע טיילן פונם פּויערטום, וואָס שטייען צו אים צו; ב) אז מע זאָל זיך אָפּזאָגן פון אלע אנעקסיעס אין דער עמעסן, און ניט מיט ווערטער; ג) אז מע זאל אין דער עמעסן איינגאנצן צע-רייסן מיט אַלע אינטערעסן פונם קאפּיטאל.

„נעמענדיק אין באטראכט די אָנצווייפלדיקע געוויסנהאפטקייט פון די ברייטע שיכטן מאסנפארשטייער פון דער רעוואָלוציאָנערער באשיצלעריי, וואָס אנערקענען די מילכאָמע נאר אויס נויטווענדיקייט, און ניט צוליב דעראבע-רונגען, אדאנק דעם, וואָס זיי ווערן אָפּגענארט דורך דער בורזשואזיע, דאַרף מען באזונדערס אויספירלעך, אקשאָנעסדיק, געדולדיק דערקלערן זיי זייער פעלער, דערקלערן די ניט צערייסבארע פארבינדונג צווישן דעם קאפּיטאל מיט דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, דערווייזן, אז פארענדיקן די מילכאָמע דורך אן עכט-דעמאָקראטישן, ניט קיין גוואלטערישן שאָלעם קאָן מען ניט, אויב מע זאל ניט אראפּוואַרפן דעם קאפּיטאל.

„אָרגאניזירן די סאמע ברייטע פּראפּאגאנדע פון דעמדאזיקן קוק אין דער אקטיווער ארמיי.

„ברידערן זיך.

„2. די אייגנארטיקייט פונם לויפנדיקן מאָמענט אין רוסלאַנד באַשטייט אינם אריבערגאנג פונם ערשטן עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע, וואָס אַדאנק דער ניט גענוגנדער באוואוסטזיניקייט און אָרגאניזירטקייט פונם פּראלעטא-ריאט, האט ער געגעבן די מאכט דער בורזשואזיע—צו איר צווייטן עטאַפּ, וועלכער דאַרף געבן די מאַכט אין די הענט פונם פּראלעטאריאט און פון די אָרימסטע שיכטן פונם פּויערטום.

דעראָזיקער איבערגאנג ווערט כאראַקטעריזירט, פון איין זייט, דורך דעם מאקסימום פון לעגאלקייט (רוסלאנד איז איצט דאָס פרייסטע לאַנד

פון אלע מילכאָמע-פירנדיקע לענדער), פון דער אַנדערער זייט, דורך דעם, וואָס איבער די מאַסן איז ניטאָ קיין געוואַלט און, ענדלעך, דורך זייער צוטרוילעך-אומבאוואוסטזיניקער באציאונג צו דער רעגירונג פון די קאַפּיטאַליסטן, די ערגסטע סאָנים פון שאָלעם און סאָציאַליזם.

„דידאָזיקע אייגנאַרטיקייט פאָדערט פון אונז, אַז מיר זאָלן קאָנען זיך צופּאַסן צו די ספּעציעלע באַדינגונגען פון פּאַרטיי-אַרבעט צווישן די אומדערהערט-ברייטע, נאָר וואָס צום פּאָליטישן לעבן אויפגעוואַכטע מאַסן פונם פּראָלעטאַריאַט.

„3. קיין שום שטיצע דער צייטווייליקער רעגירונג, דערקלערן די פולע ליגנערישקייט פון אַלע אירע צוזאָגן, באַזונדערס בענויגייע דעם אָפּזאָג פון אַנעקסיע. דעמאַסקירונג, אנשטאט דער ניטדערלאָזבארער „פאָדערונג“,—וואָס זייט אילוזיעס,— אַז דידאָזיקע רעגירונג, די רעגירונג פון קאַפּיטאַליסטן, זאָל אויפהערן צו זיין אימפּעריאַליסטיש.

„4. אנערקענען דעם פאַקט, אַז אינם ראָוו ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן געפינט זיך אונזער פּאַרטיי אין דער מינדערהייט, און דערווייל נאָך אין אַ שוואַכער מינדערהייט, אנטקעגן דעם בלאָק פון אַלע קלייןבירגערלעכע, אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך אונטערגעגעבן דער ווירקונג פון דער בורזשואַזיע און פירן דורך איר ווירקונג אַפן פּראָלעטאַריאַט, אָנהויבנדיק פון די פאָלקס-סאָציאַליסטן, עסערן ביז דעם אָ. ק. *) (טשכעאידזע, צערעטעלי א. אַנד), סטעקלאָוון א. א. וו. א. א. וו.

„דערקלערן די מאַסן, אַז די ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן זיינען די איינציק מעגלעכע פאָרם פון אַ רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, און אַז דערפאַר איז, קאָלזמאַן דידאָזיקע רעגירונג גיט זיך אונטער דער ווירקונג פון דער בורזשואַזיע, קאָן אונזער אויפגאַבע זיין בלויז געדולדיק, סיסטעמאַטיש, אַקשאָנעסדיק, צופּאַסנדיק זיך באַזונדערס צו די פּראַקטישע באַדערפענישן פון די מאַסן, דערקלערן די פעלערן פון זייער טאַקטיק“.

„קאָלזמאַן מיר זיינען אין דער מינדערהייט, פירן מיר אָן אַרבעט פון קריטיק און פון דערקלערן די פעלערן, פריידיקנדיק אין דערזעלבער צייט די נויטוענדיקייט פונם איבערגאַנג פון דער גאַנצער מלוכע-מאַכט צו די ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן, קעדיי די מאַסן זאָלן זיך אַף דער דערפאַרונג באפרייען פון זייערע פעלערן“.

„5. ניט א פּאַרלאַמענטארישע רעפּובליק — אומקערן זיך צו איר פון די ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן, וואלט געווען אַ טריט צוריק,— נאָר א רעפּובליק פון ראטן פון אַרבעטערשע, באַטראַקישע און פויערשע דעפּוטאַטן איבערן גאַנצן לאַנד פון אונטן ביז אויבן.

„באַזייטיקן די פּאָליציי, די אַרמיי, די באַאַמטע **).

---

*) אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט — אזוי האט דעמאָלט געהייסן דער פאַקטישער צ. ק. פון די מענשעוויקעס. איבערזעצ.

**) דאס הייסט פארבייטן די שטענדיקע ארמיי דורך באוואפענונג פון פאָלק. לענינס אָנמערקונג.

„אַלע באַאַמטע, וועלכע דארפן זיין געקליבענע און מע זאָל זיי קאָנען אַראָפּנעמען צו יעדער צייט, דאַרפן באַקומען אַ געהאַלט ניט העכער פון אַ מיטעלן אַרבעטער.

„6. אין דער אַגראַר-פּראָגראַם אַריבערטראָגן דעם שווערפּונקט אַף די ראַטן פון באַטראַקישע דעפּוטאַטן.

„קאָנפיסקירן אַלע פּריצישע ערדן.

„ נאַציאָנאַליזירן די ג אַ נ צ ע ערד אין לאַנד, די ערד איבערגעבן אין רעשוס פון די אָרטיקע ראַטן פון באַטראַקישע און פּויערשע דעפּוטאטן. אויסטיילן ראטן פון דעפּוטאטן פון די אָרימסטע פּויערים. באשאפן פון יעדן גרעסערן גוט (אין דער גרויס אַן ערעך פון 100 דעסיאַטין ביז 300, לויט די אָרטיקע און איבעריקע באַדינגונגען און לויט דער באשטימונג פון די אָרטיקע אָרגאניזאציעס) א מוסטער-ווירטשאפט אונטערן קאָנטראָל פון די באטראקישע דעפּוטאטן און אַפן געזעלשאפטלעכן כעשבן.

„7. צונויפגיסן טייקעף אַלע בענק פון לאנד אין אַן אלגעמיין-נאציאָנאלן באַנק און איינפירן איבער אים א קאָנטראָל מיצאַד דעם ראַט פון ארבעטער-דעפּוטאטן.

„8 ניט די „איינפירונג” פונם סאָציאַליזם, ווי אונזער א ו מ י ט ל ב א ר ע אויפגאַבע, נאָר דער באלדיקער אַריבערגאנג בלויז צום ק אָ נ ט ר אָ ל מיצאַד דעם ראַט פון ארבעטער-דעפּוטאַטן איבער דער געזעלשאפטלעכער פּראָדוקציע און איבער דער פּאַרטיילונג פון די פּראָדוקטן.

„9. די פּאַרטייאישע אויפגאבן:

א) א באלדיקער צוזאמענפאָר פון דער פּארטיי;

ב) ענדערן די פּראָגראם פון דער פּארטיי, דער איקער:

1) וועגן אימפּעריאליזם און אימפּעריאליסטישער מילכאָמע;

2) וועגן דער באַציאונג צו דער מלוכע און א ו נ ז ע ר פּאָדערונג פון אַ „מלוכע-קאָמונע” *);

3) אויסבעסערן די אָפּגעשטאנענע מינימום-פּראָגראם;

ג) ענדערן דעם נאמען פון דער פּאַרטיי **).

„10 די באנייאונג פונם אינטערנאציאָנאל.

„די איניציאטיוו פון שאפן א רעוואָלוציאָנערן אינטערנאציאנאל, אַ אינטערנאציאָנאל קעגן די ס אָ צ י א ל - ש אָ ו י נ י ס ט ן און קעגן דעם צענטר ***).

*) ד. ה. אזא מלוכע, וואס איר פּארבילד האט געגעבן די פּאריזער קאָמונע.

**) אנשטאט „סאציאל-דעמאקראטיע”, וואס אירע אָפיציעלע פירער האבן א י ן ד ע ר ג א נ צ ע ר וועלט פּאראטן דעם סאציאליזם, אריבערגייענדיק צו דער בורזשואזיע (די „באשיצלער” און די וואקלדיקע „קאַאוטסקיאַנער”), דארף מען זיך אָנרופן ק א מ ו נ י ס ט י ש ע פּ אַ ר ט י י.

***) „צענטר” הייסט אין דער אינטערנאציאָנאלער סאָציאל-דעמאקראטיע די ריכטונג, וועלכע וואַקלט זיך צווישן די שאָוויניסטן (די „באשיצלער”) און די אינטערנאציאָנאליסטן, דהײַנו: קאַאוטסקי און קאָמפּ. אין דייטשלאנד, לאנגע און קאמפּ. אין פראנקרייך, טשכעאידזע און קאמפּ. אין רוסלאנד, טוראטי און קאָמפּ. אין איטאליע, מאקדאָנאלד און קאמפּ. אין ענגלאנד א. א. וו. (אלע אנמערקונגען לענינס).

קעדיי דער לעזער זאָל פאַרשטיין, פארוואָס מיר איז אויסגעקומען אונטערצושטרייכן באזונדערס, ווי א זעלטענעם אויסנאַם, דעם פאַל פון געוויסנהאַפטע אָפּאָנענטן, לאַד איך איין צו פארגלייכן מיט דידאַזיקע טעזיסן פאָלגנדיקע דערווידערונג פונם הער גאָלדנבערג; לענין „האט אויפגעהויבן די פאָן פון בירגער-קריג אינעווייניק אין דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראטיע״ (ציטירט פון ה׳ פלעכאנאָווס „יעדינסטוואָ״ נומער 5).

ניט עמעס, אַ פערל?

איך שרייב, איך לייען, איך צעקיי: „אַדאַנק דער אָנצוווייפלדיקער געוויסנהאפקייט פון די ב ר י י ט ע שיכטן מ א ס ן - פאָרשטייער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַשיצלעריי... אַדאַנק דעם, וואס זיי זיינען אָפּגענארט דורך דער בורזשואזיע, דארף מען ב אַ ז ו נ ד ע ר ס אויספירלעך, אַקשאָנעסדיק, ג ע ד ו ל ד י ק דערקלערן זיי זייער פעלער״.

און די הערען פון דער בורזשואזיע, וועלכע רופן זיך סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע געהערן נ י ט ניט צו די ב ר י י ט ע שיכטן, ניט צו מאַסן-פאָרשטייער פון דער באשיצלעריי, זיי גיבן מיט א קלאָרן שטערן איבער מיינע אָנשויאונגען, לייגן זיי אויס אף אַזא אופן: „אויפגעהויבן (!) די פאָן (!) פון בירגער-קריג״ (וועגן אים איז קיין וואָרט ניטאָ אין די טעזיסן, איז קיין איין וואָרט ניט געוועזן אינם פאָרטראַג) אינעווייניק (!) אין דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע״...

וואָס איז דאס אַזיינס? מיט וואָס אונטערשיידט זיך עס פון פאָגראָם-אגיטאציע? פון דער „רוסקאַיאַ וואָליאַ״?

איך שרייב, איך לייען, איך צעקיי: „די ראטן פון ארבעטער-דעפּוטאַטן זיינען די א י י נ צ י ק מ ע ג ל ע כ ע פאָרם פון א רעוואָלוציאָנערער רעגירונג און דעריבער קאָן אונזער אויפגאבע זיין בלויז געדולדיק, סיסטעמאטיש, אקשאָנעסדיק און צופאַסנדיק זיך באַזונדערס צו די פראַקטישע באדערפענישן פון די מאסן, ד ע ר ק ל ע ר ן די פעלערן פון זייער טאַקטיק״.

און די אָפּאָנענטן פון א באַשטימטן סאָרט גיבן איבער מיינע אַנשויאונגען, ווי א צורוף צו „א בירגער-קריג אינעווייניק אין דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע״!!

איך בין אָנגעפאלן אף דער צייטווייליקער רעגירונג דערפאר, וואס זי האט נ י ט באַשטימט ניט קיין גיכן, ניט ביכלאַל א וועלכן ס׳איז טערמין פארן צונויפרוף פון דער גרינדונגס-פארזאמלונג, אָפּאַטערנדיק זיך מיט צוזאָגן. איך האב דערוויזן, אַז אָן די ראטן פון ארבעטערשע און סאָלדאטישע דעפּוטאטן איז דער צונויפרוף פון דער גרינדונגס-פארזאמלונג ניט באוואָרנט, דער ערפאָלג זיינער איז אומעגלעך.

מיר שרייבט מען צו א שטאנדפונקט, אז איך בין קלוימערשט קעגן דעם גיכערן צונויפרוף פון דער גרינדונגס-פארזאמלונג!!!

איך וואָלט געזאָגט, אַז דאס—זיינען „רייד פון היץ״, ווען די צענדליקער יאָרן פון פאָליטישן קאמף וואָלטן מיך ניט אויסגעלערנט צו קוקן אַף דער געוויסנהאפטקייט פון די אָפּאָנענטן, ווי אף א זעלטענעם אויסנאַם.

דער ה' פלעכאנאָוו האט אין זיין צייטונג אָנגערופן מיין רעדע — א רעדע „פון היץ". זייער גוט, ה' פלעכאנאוו! טוט אָבער א קוק, ווי אומגעלומפערט, ניט געשיקט און אומפעאיק אף איינפאלן איר זייט אין אייער פאָלעמיק? אויב איך האָב צוויי שאָ געהאלטן אַ רעדע „פון היץ", ווי האבן עס געליטן די הונדערטער צוהערער? ווייטער. צוליב וואס גיט אייער צייטונג אָפּ א גאנצן שפאָלט אף איבערגעבן דידאָזיקע היץ=רייד? ניט קיילעכיק, גאָר ניט קיילעכיק קומט עס ארויס בא אייך.

אַסאַך לייכטער איז, פארשטייט זיך, צו שרייען, זידלען זיך, גוואלדעווען, איידער פרואוון זיך דערציילן, דערקלערן, דערמאָנען זיך, ווי אזוי מאַרקס און ענגלס האבן אין 1981, 1872, 1875 געטראכט וועגן דער דערדערפארונג פון דער פאריזער קאָמונע און וועגן דעם, וואס פאַר א מלוכע איז דעם פראָלעטאַריאַט נויטיק?

דער געוועזענער מארקסיסט פלעכאנאוו וויל מיסטאָמע ניט דערמאָנען זיך וועגן מארקסיזם.

איך האב ציטירט די ווערטער פון ראָזע לוקסעמבורג, וועלכע האָט דעם 4-טן אַווגוסט פון 1914-טן יאָר אָנגערופן די דייטשישע סאָציאַל=דעמאָקראטיע „שטינקעדיקער מעס". און די ה"ה פלעכאנאָווס, גאָלדענבערגס און קאָמפּ. „באליידיקן" זיך... פאר וועמען? פאר די דייטשישע שאָוויניסטן, וועלכע מע האט אָנגערופן שאָוויניסטן!

זיי האָבן זיך פארפּלאָנטערט, נעבעך, די רוסישע סאָציאַל-שאָוויניסטן, די סאָציאַליסטן אַפּן וואָרט, שאָוויניסטן אין דער טאַט.

„פראוודא" נומער 26, 7-טן אפריל 1917-טן יאָר,
מיט דער אונטערשריפט ב. לענין.

---

# וועגן דאָפּלמאַכט.

די גרונטפראַגע פון יעדער רעוואָלוציע איז די פראַגע וועגן דער מאַכט אין דער מלוכע. ניט אויפקלערנדיק דידאָזיקע פראַגע, קען מען ניט ריידן וועגן קיין באַוואוסטזיניקן אנטייל אין דער רעוואָלוציע, שוין ניט ריידנדיק וועגן אָנפירן מיט איר.

די מערקווירדיקסטע אייגנאַרטיקייט פון אונזער רעוואָלוציע באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט באַשאַפן אַ דאָפּלמאַכט. דעמדאָזיקן פאַקט דאַרף מען זיך קלאָר מאַכן קוידעם קאָל. אויב מע פאַרשטייט אים ניט, קען מען ניט גיין פאָרויס. די אַלטע „פאָרמולן", לעמאָשל, פון באָלשעוויזם דאַרף מען פאַרשטיין צו דערגאַנצן און אויסצובעסערן, ווייל, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, זיינען זיי געווען ריכטיק אין אלגעמיין, אָבער די קאָנקרעטע פאַרווירקלעכונג האָט זיך אַרויסגעוויזן אַן אַנדערע. וועגן דאָפּלמאַכט האָט קיינער אַפילו טראַכטן ניט געקאָנט.

אין וואָס באשטייט די דאָפּלמאַכט? דערין, וואָס נעבן דער צייטווייליקער רעגירונג, דער רעגירונג פון דער בורזשואַזיע, האָט זיך געבילדעט באָך אַ שוואַכע, אַן עמבריאָנאלע, אָבער דאָך אָן סאָפּעק א ווירקלעך עקזיסטירנדיקע און וואַקסנדיקע צווייטע רעגירונג: די ראַטן פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן.

וואָס פאַר אַ קלאַסנבאַשטאַנד האָט דידאָזיקע צווייטע רעגירונג? פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום (אָנגעטאָן אין סאָלדאַטישע מונדירן). וואָס פאַר אַ פּאָליטישן כאַראַקטער האָט דידאָזיקע רעגירונג? דאָס איז—אַ רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור, דאָס הייסט א מאַכט, וועלכע שטיצט זיך דירעקט אַף דאָס רעוואָלוציאָנערע פאַרכאַפּן, אַף דער דירעקטער איניציאַטיוו פון די פאָלקסמאַסן פון אונטן, ניט אַף אַ געזעץ, וואָס עס האָט אים אַרויסגעגעבן די צענטראַליזירטע מלוכע=מאכט. דאָס איז אַ מאַכט גאָר ניט פון יענעם מין, ווי ס'איז ביכלאַל א מאַכט אין אַ פאַרלאַמענטאַרישער בורזשואַז=דעמאָקראַטישער רעפּובליק פונם ביז איצטיקן געוויינלעכן טיפּ, וועלכער הערשט אין די פאָרגעשריטענע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע. אָפט פאַרגעסט מען דעמדאָזיקן אומשטאַנד, אָפט טראַכט מען זיך אין אים ניט אַריין, אָבער אין אים שטעקט דער עצם פון דער זאַך. דידאָזיקע מאַכט—איז אַ מאַכט פון דעמזעלביקן טיפּ, פון וועלכן ס'איז געווען די פּאַריזער קאָמונע פון 1871=טן יאָר. די גרונטסימאָנים פון דעמדאָזיקן טיפּ זיינען: 1) דער קוואַל פון דער מאַכט איז ניט אַ געזעץ, פריער באַהאַנדלט און דורכגעפירט דורך א פאַרלאַמענט, נאָר די דירעקטע איניציאַטיוו פון די פאָלקסמאַסן אונטן און אַף די ערטער, דירעקט „פאַרכאַפּן“, אויב מע זאָל זיך באַנוצן מיטן געברויכלעכן אויסדרוק; 2) די פּאָליציי און די אַרמיי, ווי אינסטיטוציעס אָפּגעטיילטע פון פאָלק, אַנטקעגנגעשטעלטע דעם פאָלק, ווערן פאַרביטן דורך דירעקטער באַוואָפענונג פון גאַנצן פאָלק; די מלוכע-מאַכט ווערט פאַרביטן בא אַזאַ מאַכט דורך דער דירעקטער באַוואָפענונג פון פאָלק גופע; די מלוכע-מאַכט היטן בא אַזאַ אָרדענונג אָפּ די באַוואָפנטע אַרבעטער גופע, דאָס באַוואָפנטע פאלק גופע; 3) די באַאַמטנשאַפט, די ביוראָקראַטיע ווערן אָדער פאַרביטן ווייטער דורך דער דירעקטער מאַכט פון פאָלק גופע, אָדער ווערן ווייניקסטנס געשטעלט אונטער אַ ספּעציעלן קאָנטראָל, ווערן פאַרוואַנדלט ניט באָר אין געקליבענע, קאָנען אַראָפּגעזעצט ווערן לויט דער ערשטער פאָדערונג פון פאָלק, ווערן געבראַכט צו דער שטעלונג פון געוויינלעכע באַפולמעכטיקטע; פון אַ פּריווילעגירטן שיכט מיט אַ הויכן בורזשואַזן געצאָלט פאַר די „ערטלעך“ ווערן זיי פאַרוואַנדלט אין אַרבעטער פון א באַזונדער „מין געווער“, וואָס ווערן באַצאָלט ניט העכער, ווי דער געוויינלעכער לוין פון א גוטן אַרבעטער.

דערינען און נאָר דערינען באשטייט דער עצעם פון דער פּאַריזער קאָמונע, ווי פון אַ באַזונדערן טיפּ מלוכע. דעמדאָזיקן עצעם האָבן פאַרגעסן און פאַרדרייט די ה"ה פּלעכאנאָווס (דירעקטע שאָוויניסטן, פאַרעטער פון מאַרקסיזם), קאאוטסקיס (מענטשן פון „צענטר“, דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס וואַקלען זיך

צווישן שאָוויניזם און מאַרקסיזם) און ביכלאַל אַלע סאָצ.-דעמ., סאָצ.-רעוו. און ד. גל., וועלכע הערשן היינט.

מע פאַטערט אָפּ מיט פראַזן, מע מאַכט אַ שוויג, מע דרייט זיך אַרויס, מע גיט אָפּ מאַזלטאָוו טויזנט מאָל איינער דעם אנדערן צו דער רעוואָלוציע, מע וויל ניט אַ קלערטאָן וועגן דעם, וואָס אַזוינס זיינען די ראַטן פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן. מע וויל ניט זעען דעם באַשיימפּערלעכן עמעס, אַז אַף וויפל דידאָזיקע ראַטן עקזיסטירן, אַף וויפל זיי זיינען אַ מאַכט, אַף אַזוי פיל עקזיסטירט אין רוסלאַנד א מאַכט פונם טיפּ פון דער פּאַריזער קאָמונע.

איך האָב אונטערגעשטראָכן „אַף וויפל", ווייל דאָס איז נאָר אן עמברי-אָנאַלע מאַכט, זי האָט אַליין, סאַי דורך אַ דירעקטן אָפּמאַך מיט דער בורזשואַזער צייטווייליקער רעגירונג, סאַי דורך א ריי פּאַקטישע האַנאָכעס אָפּגעגעבן און גיט אָפּ דער בורזשואַזיע אירע פּאָזיציעס.

פאַרוואָס? עפשער דערפאַר, וואָס טשכעאידזע, צערעטעלי, סטעקלאָוו און קאָמפּ. האָבן אַ „טאָעס"? נארישקייטן. אַזוי קאָן טראַכטן אַ סטאַם-קליינבירגער, אָבער ניט קיין מאַרקסיסט. די סיבע איז—די ניט גענוגנדיקע באַוואוסטזיניקייט און אָרגאַניזירטקייט פון די פּראָלעטאַריער און פּויערים. „דער טאָעס" פון די אָנגערופענע פירער—איז אין זייער קליינבירגער-לעכער פּאָזיציע, דערין, וואָס ניט זיי קלערן אויף דעם באוואוסטזיין פון די אַרבעטער, נאָר זיי פאַרטונקלען דאָס; ניט זיי וואַרפן אום קליינבירגער-לעכע אילוזיעס, נאָר זיי פלאַנצן אַזעלכע אילוזיעס; ניט זיי באפרייען די מאַסן פון אונטער דער ווירקונג פון דער בורזשואַזיע, נאָר זיי פאַרשטאַרקן דידאָזיקע ווירקונג.

פון דאַנען דאַרף שוין זיין קלאָר, פאַרוואָס ס'האָבן אַזוי פיל טאָעסן אויך אונזערע כאַוויירים, שטעלנדיק די פראַגע „איינפאַך"; צי דאַרף מען באַלד אַראָפּוואַרפן די צייטווייליקע רעגירונג?

איך ענטפער: 1) מע דאַרף זי אַראָפּוואַרפן—ווייל זי איז אַן אָליגאַר-כישע *), אַ בורזשואַזע, ניט קיין אַלפאָלקישע, זי קאָן ניט געבן ניט קיין שאָלעם, ניט קיין ברויט, ניט קיין פולע פרייהייט; 2) מע קאָן זי ניט אַראָפּ-וואַרפן באַלד, ווייל זי האַלט זיך אַף א דירעקטן און אומדירעקטן, פאָרמעלן און פאַקטישן אָפּמאַך מיט די ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן און קוידעמ-קאָל מיט דעם הויפּט-ראַט, דעם ראַט פון פּיטער; 3) מע קאָן זי ביכלאַל ניט „אַראָפּוואַרפן" אַף אַ געוויינלעכן אויפן, ווייל זי שטיצט זיך אַף דעם, וואָס די צווייטע רעגירונג, דער ראַט פון די אַרבעטער-דעפּוטאַטן, אונטערשטיצט די בורזשואַזיע; און דידאָזיקע צווייטע רעגירונג איז די איינציק מעגלעכע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, וועלכע דריקט אויס דירעקט דעם באוואוסטזיין און דעם ווילן פון דער מערהייט אַרבעטער און פּויערים. העכער, בעסער פון אַזאַ טיפּ רעגירונג, ווי די ראַטן פון אַרבעטערשע, באַטראַקישע, פּויערשע,

*) אָליגארכיע—מאַכט פון אַ הייפל.

סאָלדאַטישע דעפּוטאטן האָט די מענטשהייט ניט אויסגעארבעט און מיר קאָנען ניט אַדהאַיאַם.

קעדיי צו ווערן אַ מאַכט, דאַרפן די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער דעראָ-בערן די מערהייט אף זייער צאַד: ביז וואַנען ס'איז ניטאַ קיין געוואלט איבער די מאסן, איז ניטאַ קיין אנדער וועג צו דער מאַכט. מיר זיינען ניט קיין בלאַנקיסטן *), ניט קיין אָנהענגער פון פאַרכאפּן די מאכט דורך דער מינדערהייט. מיר זיינען מאַרקסיסטן, אָנהענגער פון פּראָלעטארישן קלאַסנקאַמף אַקעגן קליינבירגערלעכן טשאַד, שאָוויניזם, באַשיצלעריי, פראַזע, אָפּהענגיקייט פון דער בורזשואַזיע.

לאָמיר באַשאַפן אַ פּראָלעטארישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי; אירע עלע-מענטן זיינען פון די בעסטע אָנהענגער פון באָלשעוויזם שוין באַשאַפן גע-וואָרן; לאָמיר זיך צונויפנעמען צוליב פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף, און פון די פּראָלעטאריער, פון די אָ ר י מ ס ט ע פויערים וועט זיך אף אונזער צאַד שטעלן אַלץ אַ גרעסערע און גרעסערע צאָל. ווייל דאָס ל ע ב ן וועט טאָג-טעגלעך צעברעכן די קליינבירגערלעכע אילוזיעס פון די „סאָציאַל-דעמאָקראַטן", טשכעאידזעס, צערעטעליס, סטעקלאָווס און די איבעריקע, פון די „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן", די נאָך ריינע קליינבירגער א. אַז. וו.

די בורזשואַזיע איז פאַר דער אליינמאכט פון דער בורזשואַזיע.

די באוואוסטזיניקע אַרבעטער זיינען פאַר דער אליינמאַכט פון די ראַטן פון אַרבעטערשע, באטראַקישע, פויערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאטן,—פאַר די אַליינמאַכט, וואָס זאָל צוגעגרייט ווערן דורך דער א ו י פ ק ל ע ר ו נ ג פון פּראָלעטאַרישן באוואוסטזיין, דורך באַפרייען אים פון אונטער דער ווירקונג פון דער בורזשואזיע, און ניט דורך אַוואַנטיורעס.

דאָס קליינבירגערטום—די „סאָצ.-דעמ.", ס.-ר. א. א. וו.—וואַקלט זיך, ש ט ע ר נ ד י ק דערדאָזיקער אויפקלערונג, דערדאָזיקער באפרייאונג.

אָט דאָס איז די פאַקטישע, ק ל אַ ס א ו ו ע פאַרהעלטעניש צווישן די קרעפטן, וואָס באשטימט אונזערע אויפגאַבן.

„פּראוודא" № 28, 9-טן אפריל 1917.
געכאסמעט נ. ל ע נ י ן.

---

*) בלאנקי—א גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאָנער. וועלכער האָט אלץ געבויט אף דער אקציע פון א קליינעם הייפל פארשווערער און האט איגנאָרירט די ראָליע פון די גרויסע מאסן.

## פונם ארטיקל

# בריוו וועגן טאַקטיק*)

(פראַגמענטן)

## אפשאצונג פונם מאָמענט.

דער מאַרקסיזם פאָדערט פון אונז דעם פינקטלעכסטן דיסקאנט, וואָס זאָל זיך לאָזן אביעקטיוו קאנטראלירן, דעם דיסקאנט פון דער פארהעלטעניש צווישן די קלאַסן און פון די קאנקרעטע באַזונדערקייטן פון יעדן היסטאָרישן מאָמענט. מיר, באָלשעוויקעס, האָבן זיך שטענדיק געסטאַרעט צו זיין געטריי דערדאָזיקער פאָדערונג, וועלכע איז אומבאדינגט אבליגאטאריש פון שטאנדפונקט פון יעדער וויסנשאַפטלעכער באַגרינדונג פון דער פאָליטיק.

„אונזער לערע איז ניט קיין דאגמע, אָבער אַ וועגווייזער צוליב האנדלונג“—אַזוי האָבן שטענדיק גערעדט מאַרקס און ענגעלס, וועלכע האָבן מיט רעכט געמאַכט כויזעק פונם אויסלערנען און פאָשעט איבערכאַזערן „פארמולן“, וועלכע זיינען אין בעסטן פאַל נאָר פעאיק אנצומערקן אַלגעמיינע אויפגאַבן, וועלכע מוזן מאדיפיצירט ווערן (בייטן זייער אויסזעען) דורך דער קאנקרעטער עקאנאמישער און פאָליטישער סיטואַציע פון יעדער באַזונדער טקופע פונם היסטאָרישן פראָצעס.

וואָס זשע פאַר פינקטלעך פעסטגעשטעלטע אביעקטיווע פאַקטן דאַרף די פאַרטיי פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט נעמען אין באטראַכט, קעדיי צו באַשטימען די אויפגאַבן און די פאָרמען פון איר האַנדלונג?

דער כ׳ לענין קערט זיך אום צו דער פראַגע וועגן ערשטן עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע, וועלכע איז באַרירט אין די פריערדיקע ארטיקלען.

אין וואָס זשע באַשטייט דער ערשטער עטאַפּ?

אינם איבערגאַנג פון דער מלוכע-מאַכט צו דער בורזשואַזיע.

ביז דער פעוורַאַל-מאַרטישער רעוואָלוציע פון 1917 י. איז די מלוכע-מאַכט אין רוסלאַנד געווען אין די הענט פון איין אלטן קלאַס, נעמלעך: דעם קלאַס פון לייבאייגנטימער—פּריצים—גוטבאזיצער, מיט ניקאָלאַי ראָמאַנאָוו בעראש.

נאָך דערדאָזיקער רעוואָלוציע איז די מאַכט אין די הענט פון אַ צווייטן, נייעם קלאַס, נעמלעך פון דער בורזשואזיע.

---

*) דער ארטיקל איז געשריבן אין פארבינדונג מיט דער דיסקוסיע וועגן דעם כאראקטער פון דער רעוואָלוציע און וועגן די טאָג-לאָזונגען, וועלכע איז פאָרגעקומען צווישן לענינען און אייניקע כאוויירים.

באזונדערס וויכטיק איז אין דעמדאָזיקן אַרטיקל די אפשאצונג פון די ראַטן, ווי פון א פארווירקלעכונג „אין א געוויסער פארם און ביז א געוויסן גראד“ פינם לאזונג „רעוואלוציאָנער-דעמאקראטישע דיקטאטור פונם פּראָלעטאַריאט און פונם פויערטום“, און די באגרינדונג פון דעם, פארוואָס מע דארף בייטן די לאזונגען. צוליב זיין לענג גיבן מיר דאָ די וויכטיקסטע פראגמענטן.

די רעד.

דער איבערגאַנג פון דער מלוכע-מאַכט פון די הענט פון איין קלאַס אין די הענט פון אַ צווייטן איז דער ערשטער, הויפּטזאַכלעכער, גרונטלעכער סימען פון דער רעוואָלוציע סײַ אין דער שטרענג-וויסנשאַפטלעכער, סײַ אין פּראַקטיש-פּאָליטישער באַטײַטונג פון דעמדאָזיקן באַגריף.

אַף אַזוי פיל איז די בורזשואַזע אָדער בורזשואַז-דעמאָקראַטישע רעוואָ-לוציע אין רוסלאַנד פאַרענדיקט.

דאָ הערן מיר דעם טומל פון די אפּאָנענטן, וואָס רופן זיך גערן אָן „אַלטע באָלשעוויקעס": האָבן מיר דען שטענדיק ניט געזאָגט, אַז די בורזשואַז-דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע פאַרענדיקט נאָר די „רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַ-טישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום"? האָט זיך דען די אַגראַר-רעוואָלוציע, אויך אַ בורזשואַז-דעמאָקראַטישע, געענדיקט? איז דען ניט קיין פאַקט, פאַרקערט, אַז זי האָט זיך נאָך ניט געהאַט אָנגעהויבן?

איך ענטפער: די באַלשעוויסטישע לאָזונגען און אידייען זיינען בײַ-כלאַל אין גאַנצן באַשטעטיקט דורך דער געשיכטע, אָבער קאָנקרעט האָבן זיך די זאַכן צוניפגעלייגט אַנדערש, איידער ווער ס'ניט איז האָט געקאָנט דערוואַרטן, אָריגינעלער, אייגנאַרטיקער, בונטער.

איגנאָרירן, פאַרגעסן דעמדאָזיקן פאַקט וואָלט באַטייטן—געגליכן זיין צו יענע „אַלטע באָלשעוויקעס", וועלכע האָבן שוין ניט איינמאָל געשפּילט אַ טרויעריקע ראָליע אין דער געשיכטע פון אונזער פּאַרטיי, איבערכאַזערנדיק אָן אומזיניק איינגעכאַזערטע פאָרמול, אַנשטאָט שטודירן די נייע, די לע-בעדיקע ווירקלעכקייט.

די „רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט" האָט זיך שוין פאַרווירקלעכט*) אין דער רוסישער רעוואָלוציע, ווייל דידאָזיקע „פאָרמול" זעט פאָרויס נאָר די פאַרהעלטעניש פון די קלאַסן, און ניט די קאָנקרעטע פּאָליטישע אינסטיטוציע, וואָס רעאַליזירט דידאָזיקע פאַרהעלטעניש, דידאָזיקע מיטאַרבעטערשאַפט. „דער ראַט פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן"—אָט האָט איר די שוין פאַרווירקלעכטע דורכן לעבן „רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פון פּוי-ערטום".

דידאָזיקע פאָרמול איז שוין פאַרעלטערט געוואָרן. דאָס לעבן האָט זי אַריינגעפירט פונם קיניגרייך פון פאָרמולן אין קיניגרייך פון דער ווירקלעכ-קייט, אָנגעטאָן זי מיט פלייש און בלוט, קאָנקרעטיזירט און דורך דעם צוגע-געבן איר אַן אַנדער אויסזעען.

אַף דער טאָגאָרדענונג שטייט שוין אַן אַנדערע, אַ נייע אויפגאַבע: שפּאַלטן די פּראָלעטאַרישע (אַנטיבאַשיצלערישע, אינטערנאַציאָנאַליסטישע, „קאָמוניסטישע", וועלכע שטייען פאַר אַריבערגיין צו אַ קאָמונע) עלעמענטן אינעווייניק פון דערדאָזיקער דיקטאַטור—און די קלײַנבאַלעבאַטישע אָדער קלײַנבירגערלעכע (טשכעאידזע, צערעטעלי, סטעקלאָוו, עס-ערן

*) אין אַ געוויסער פאָרם און ביז אַ געוויסן גראַד. (נ. לענינס אָנמערקונג).

א. אז. וו., רעוואָלוציאָנערע באשיצלער, קעגנער פון דער באוועגונג צו א קאָמונע, אנהענגער פון „שטיצן" די בורזשואזיע און די בורזשואזע רעגירונג)...

...די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאטור פון פראָלעטאַריאַט און פויערטום האט זיך שוין פאַרווירקלעכט; אָבער זייער אָריגינעל, מיט אַ ריי העכסט וויכטיקע מאָדיפיקאַציעס. וועגן זיי וועל איך ריידן באזונדער, אין איינעם פון די קומענדיקע בריוו. איצט מוז מען טויפעס זיין יענעם אומבאַ-שטרייטבאַרן עמעס, אז א מאַרקסיסט דאַרף דיסקאָנטירן דאָס לעבעדיקע לעבן, די גענויע פאַקטן פון דער ווירקלעכקייט, און ניט פאָרזעצן צו האַלטן זיך אָן דער טעאָריע פון נעכטיקן טאָג, וועלכע, ווי יעדער טעאָריע, מערקט אין בעסטן פאַל נאָר אָן דאָס גרינטלעכע, דאָס אַלגעמיינע, דערנענ-טערט זיך נאָר צום ארומכאַפּן די קאָמפּליצירטקייט פון לעבן.

„די טעאָריע, פריינט מיינער, איז גרא, אָבער גרין איז דער אייביקער בוים פון לעבן".

ווער עס שטעלט די פראגע וועגן „פאַרענדיקטקייט" פון דער בורזשו-אַזער רעוואָלוציע אַפן אַלטן שטייגער, דער ברענגט דעם לעבעדיקן מאַרקסיזם פאר אַ קאָרבן דעם טויטן אָס.

לויטן אַלטן שטייגער קומט אויס: נאָך דער הערשאַפט פון דער בור-זשואזיע דארף און קאָן קומען די הערשאַפט פון פראָלעטאריאט און פון פוי-ערטום, זייער דיקטאטור.

און אין לעבעדיקן לעבן איז שוין אויסגעקומען אַנדערש: ס'האָט זיך באַקומען זייער אָן אָריגינעלער, נייער ניט געזעענער איבערפלעכט פון דעם און פון יענעם. עס עקזיסטירט איינע נעבן דער צווייטער, צוזאַמען, אין איינער און דערזעלביקער צייט, סאַי די הערשאַפט פון דער בורזשואזיע (רעגירונג פון לוואָוו און גוטשקאָוו), סאַי די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאטור פון פראָלעטאריאַט און פון פויערטום, וועלכע גיט פרייוויליק אָפּ די מאַכט דער בורזשואזיע, פאַרוואַנדלט זיך פרייוויליק אין א צוהענגל צו איר.

ווייל מע טאָר ניט פארגעסן, אז פאקטיש איז אין פּיטער די מאכט אין די הענט פון די אַרבעטער און סאָלדאַטן. קיין געוואַלט אקעגן זיי באגייט די נייע רעגירונג ניט און קאָן ניט באַגיין, ווייל ס'איז ניטאָ ניט קיין פאָ-ליציי, ניט קיין ארמיי, קיין באזונדערע פון פאָלק, ניט קיין באַאַמטנשאַפט, וואָס זאָל אַלמעכטיק שטיין איבערן פאָלק. דאָס איז א פאַקט. דאָס איז גראד אזא פאַקט, וועלכער איז כאַראקטעריסטיש פאַר א מלוכע פון טיפּ פון דער פּאריזער קאָמונע. דער דאָזיקער פאַקט לייגט זיך ניט אריין אין די אַלטע סכעמעס. מע דאַרף קענען צופּאַסן די סכעמעס צום לעבן, ניט איבערכאַזערן די ווערטער וועגן „דיקטאַטור פונם פראָלעטאריאַט און פונם פויערטום" ביכלאַל...

ווייטער שטעלט זיך אָפּ כ׳ לענין אויספירלעך אף די מעגלעכע פערספּעקטיוון פון דער אויפירונג פונם פויערטום און אף אונזער טאַקטיק און זאָגט דערנאָך, זייענדיק אויסן די פּאָזיציע פון כ. טראָצקי.

צי דראָט אונז אָבער ניט א סאַקאָנע אריינצופאַלן אין סוביעקטיוויזם *), אין א וואונש אריבערצושפּרינגען איבער דער ניט פאַרענדיקטער—אין וועלכער ס׳איז נאָך ניט אויסגעלעבט די פּויערשע באַוועגונג — רעוואָלוציע פון בורזשואַז-דעמאָקראַטישן כאַראַקטער צו דער סאַציאַליסטישער רעוואָלוציע?

אויב איך וואָלט געזאָגט: „אָן אַ צאַר, און די רעגירונג אַן אַרבעטערשע"—וואָלט דידאָזיקע סאַקאָנע מיר געדראָט. אָבער איך האָב געזאָגט ניט דאָס, איך האב געזאגט אן אנדער זאַך. איך האב געזאָגט, אז קיין אַנדער רעגירונג קאָן אין רוסלאנד ניט זיין (סאידן א בורזשואַזע), אַחוץ די ראַטן פון ארבעטערשע, באטראקישע, סאָלדאטישע און פּויערשע דעפּוטאַטן. איך האָב געזאָגט, אז די מאַכט אין רוסלאנד קאן איצט אריבערגיין פון גוטשקאָוון און לוואָוון נאָר צו דידאזיקע ראטן, און אין זיי האט א מערהייט גראד דאָס פּויערטום, ס׳האבן א מערהייט די סאָלדאטן, ס׳האט א מערהייט דאָס קליינבירגעטום, ריידנדיק מיט א וויסנשאַפטלעכן, מארקסיסטישן טערמין, באַנוצנדיק א כאַראַקטעריסטיק ניט א שטייגערדיקע, באַלעבאַטישע, פּראָפעסיאָנעלע, נאָר א קלאַסאַ׳וע.

איך האב זיך אַבסאָלוט פארזיכערט אין מיינע טעזיסן פון יעטווידער אַריבערשפּרינגען איבער דער נאָך ניט אויסגעלעבטער פּויערשער אָדער בכלל קליינבירגערלעכער באַוועגונג, פון יעטווידער שפּיל אין „פאַרכאַפּן די מאַכט" דורך אַן אַרבעטער-רעגירונג, פון וועלכער ניט איז בלאַנקיסטישער אוואַנטיורע, ווייל איך האב דירעקט אָנגעוויזן אַף דער דערפאַרונג פון דער פּאַריזער קאָמונע. און דידאָזיקע דערפאַרונג, ווי ס׳איז באוואוסט און ווי ס׳האָט אויספירלעך באַוויזן מאַרקס אין 1871 און ענגעלס אין 1891 יאָר, האט אינגאַנצן אויסגעשלאָסן דעם בלאנקיזם, האט אינגאַנצן געזיכערט אַ דירעקטע, אומיטלבאַרע, אומבאַדינגטע הערשאַפט פון דער מערהייט און די אַקטיווקייט פון די מאַסן נאָר לויט דער מאָס פון דער באַוואוסטזיניקער ארויסטרעטונג פון דער מערהייט גופא.

איך האָב אין די טעזיסן מיט דער פולסטער באשטימקייט צוגעפירט די גאַנצע זאַך צום קאַמף פאַר דער ווירקונג אינעווייניק אין די ראַטן פון ארבעטערשע, באטראַקישע, פּויערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן. קעדיי ס׳זאָל ניט בלייבן קיין שאָטן ספייקעס וועגן דעם, האָב איך צוויי מאָל באַטאָנט אין די טעזיסן די נויטיקייט פון אַ געדולדיקער, אקשאָנעסדיקער, „צוגעפּאַסטער צו די פּראַקטישע באדערפענישן פון די מאַסן, אַרבעט פון „דערקלערונג"...

---

*) סוביעקט — דער, וואס באטראכט די וועלט, דעם ארום. אָביעקט — דאס, וואס ווע ט באטראכט. זיין סוביעקטיוו הייסט — רעכענען זיך ניט מיט דער אָביעקטיווער ווירקלעכקייט, נאר מיט די אייגענע וואונשן.

„אַגעוו. וועגן דער „פּאַרמול" דיקטאטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויער-
טום איז קעדאַי פונדעסטוועגן צו דערמאָנען זיך, אז אין די „צוויי טאַקטיקעס"
(יולי 1905), האב איך ספּעציעל באַטאָנט (ז. 435 „פּאַר 12 יאָר"):

„באַ דער רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער דיקטאטור פון פּראָלעטאַריאַט
און פּויערטום איז פאַראַן, ווי בא אַלץ אין דער וועלט, א פאַרגאַנגענהייט און
אַ צוקונפט. איר פאַרגאנגענהייט איז — זעלבסטהערשונג, לייבאייגנשאַפט, מאָ-
נאַרכיע, פּריווי-לעגיעס... איר צוקונפט — קאַמף אקעגן פּריוואַט-אייגנטום, קאַמף
פון געדונגענעם ארבעטער אַקעגן באַלעבאָס. קאַמף פאַרן סאָציאַליזם"...

פונם ארטיקל „בריוו וועגן טאַקטיק",
ארויסגעגעבן ווי א באזונדער בראשור
דורכן מאסקווער אונטערראַיאָן פון דרוקער.

# א רעדע צו סאלדאַטן

(אַף א מיטינג אין איזמאַילאָווער פּאָלק).

נעכטן אַף אַ מיטינג פון די איזמאַילאָווער, וואו עס זיינען אַרויסגע-
טראָטן כ' זינאָוויעוו און איך, נאָכן אַגיטאַטאָר פון פּ. ק.*), האָב איך גערעדט
אַט וואָס:

כאוויירים סאָלדאטן! די פראַגע וועגן מלוכע-סיידער שטייט איצט אין
טאָג-אָרדענונג. די קאַפּיטאַליסטן, אין וועמעס הענט עס געפינט זיך איצט די
מלוכע-מאַכט, ווילן אַ פּאַרלאמענטארישע בורזשואַזע רעפּובליק, ד. ה. אַזא
מלוכע-אָרדענונג, ווען קיין קייסער איז ניטאָ, אָבער די הערשאַפט פארבלייבט
בא די קאַפּיטאַליסטן, וועלכע פירן אָן מיטן לאַנד דורך די אלטע אנשטאַלטן,
דעהאינע: דורך דער פּאָליציי, דורך די באַאמטע, דורך א שטענדיקער אַרמיי.

מיר ווילן אַן אַנדערע, אַ מער צוגעפּאַסטע צו די אינטערעסן פון פּאָלק,
א מער דעמאָקראַטישע רעפּובליק. די רעוואלוציאָנערע אַרבעטער און סאָל-
דאטן פון פּיטער האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם צאַריזם און האבן אינגאנצן אָפּ-
גערייניקט די הויפּטשטאָט פון פּאָליציי. די ארבעטער פון דער גאַנצער וועלט
קוקן מיט אַנטציקונג און האָפענונג אַף די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער און
סאָלדאטן פון רוסלאַנד, ווי אַף דעם אַוואַנגאַרד פון דער אלוועלטלעכער באַ-
פרייאונגס-אַרמיי פונם ארבעטער-קלאַס. אָנהויבנדיק די רעוואָלוציע, דאַרף מען
זי פאַרפעסטיקן און ווייטער פירן. איז לאָמיר ניט לאָזן צוריק אויפשטעלן די
פּאָליציי! די גאַנצע מאַכט אין דער מלוכע, פון אונטן ביז ארויף, פונם סאַמע
פאַרוואָרפענעם דערפל ביז יעדן קווארטאַל אין פּיטער, דאַרף געהערן צו די
ראַטן פון ארבעטערשע, סאָלדאטישע, באַטראַקישע, פּויערשע א. אז. וו. דע-
פּוטאַטן. די צענטראלע מלוכע-מאַכט דאַרף זיין די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג,
אָדער די פאלקס-פאַרזאַמלונג, אָדער דער ראַט פון ראַטן — דאָ גייט ניט אינם
נאָמען,—וואָס זאל פאַרייניקן די אלע אָרטיקע ראַטן.

*) פּ. ק. — פּעטראָגראַדער קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

ניט קיין פּאָליציי, ניט קיין באַאַמטע, וואָס זיינען אומפאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פאָלק, וואָס שטייען איבערן פּאָלק, ניט קיין שטענדיקע אַרמיי, וואָס איז אָפּגעשניטן פון פאָלק, נאָר דאס ביזן לעצטן מענטשן באַוואָפנטע פּאָלק אליין, פאַרייניקט דורך די ראַטן,— אָט ווער עס דאַרף אָנפירן מיט דער מלוכע. אָט ווער עס וועט איינשטעלן די נויטיקע אָרדענונג, אָט וואָס פאַר א מאַכט עס וועלן ניט נאָר פּאָלגן, נאר אויך שעצן די ארבעטער און פּויערים.

נאָר אַזא מאַכט, נאר די ראַטן גופע פון סאָלדאַטישע און פּויערשע דע= פּוטאַטן קאָנען, ניט אין די אינטערעסן פון די פּריצים און ניט ווי באַאַמטע, באַשליסן די גרויסע פראַגע וועגן ערד. די ערד דאַרף ניט געהערן די פּריצים, די ערד דאַרפן די פּויערשע קאָמיטעטן גלייך אָפּנעמען בא די פּריצים, שטרענג אָפּהיטנדיק דערביי פון שאָדן יעטווידער פאַרמעגן און זאָרגנדיק וועגן דער פאַרגרעסערונג פון דער ברויט=פּראָדוקציע, קעדיי די סאָלדאַטן אָפּן פראָנט זאָלן זיין בעסער באַזאָרגט. די גאַנצע ערד דאַרף געהערן דעם גאַנצן פאָלק, און פאַרוואַלטן מיט איר דאַרפן די אָרטיקע ראַטן פון פּויערשע דע- פּוטאַטן. קעדיי די רייכע פּויערים—דיזעלביקע קאַפּיטאַליסטן—זאָלן ניט קאָנען באַאוולענען און אָפּנאַרן די באַטראַקעס און אָרימסטע פּויערים, דאַרף מען אָדער זיך באַראַטן, צוזאמענבאַהעפטן, פאַרייניקן זיך אליין, באַזונדער, אָדער איינאָרדענען אייגענע ראַטן פון באַטראַקישע דעפּוטאַטן.

לאָזט ניט צוריק אויפשטעלן די פּאָליציי, גיט ניט אָפּ ניט די מלוכע-מאַכט, ניט די פאַרוואַלטונג מיט דער מלוכע. אין די הענט פון באַאַמטע, וואס זיינען ניט קיין אויסגעקליבענע, וואָס מע קאָן זיי ניט אַראָפּזעצן, וואָס זיינען באַצאָלט אָפּן בורזשואַזן שטייגער, פאַרייניקט אייך, באהעפט אייך צוזאַמען, אָרגאַניזירט אייך אליין, קיינעם ניט געטרויענדיק, פאַרלאָזנדיק זיך נאר אָפּן אייגענעם סייכל, אף דער אייגענער דערפאַרונג,— און דעמאָלט וועט רוסלאנד קאָנען מיט פעסטע, געמאָסטענע, זיכערע טריט אוועק צו דער באַפרייאונג סאַי פון אונזער לאַנד, סאַי פון דער גאַנצער מענטשהייט, ווי פון די שרעקן פון דער מילכאָמע, אזוי אויך פונם דרוק פון קאַפּיטאַל.

אונזער רעגירונג, א רעגירונג פון קאַפּיטאַליסטן, פירט ווייטער די מיל= כאמע צוליב די אינטערעסן פון די קאַפּיטאַליסטן. פונקט ווי די דייטשישע קאַפּיטאַליסטן מיט זייער געקרוינטן מערדער, ווילהעלם, בערויש, אזוי אויך די קאַפּיטאַליסטן פון אלע אנדערע לענדער, פירן די מילכאָמע צוליב דער פאַרטיילונג פונם רעוואַך פון די קאַפּיטאַליסטן, צוליב דער הערשאַפט איבער דער וועלט. הונדערטער מיליאנען מענטשן, קימאַט אלע לענדער פון דער ערד, זיינען אריינגעצויגן אָט אין דער פאַרברעכערישער מילכאָמע, הונדערטער מי- ליאַרדן קאַפּיטאַל זיינען אריינגעלייגט געוואָרן אין די „האַכנאָסעדיקע״ אונ- טערנעמונגען, וועלכע טראָגן פאַר די פעלקער טויט, הונגער, רואינירונג, פאַר= ווילדונג, און פאַר די קאַפּיטאַליסטן ווילדע, סקאַנדאַליעז=הויכע פאַרדינסטן. אף ארויסצורייסן זיך פון דערדאַזיקער שוידערלעכער מילכאָמע און שליסן אַ בעעמעס דעמאָקראַטישן, ניט קיין גוואַלטערישן שאָלעם, איז פאַראַן נאָר איין

וועג: דער איבערגאַנג פון דער גאַנצער מלוכע-מאכט אין די הענט פון די ראטן פון ארבעטערשע און סאלדאַטישע דעפוטאטן. די ארבעטער און אָרימסטע פויערים, וואס זיינען ניט פאַרינטערעסירט צו פארהיטן די רעוואָכים פונם קאפיטאַל, צו באַרויבן די שוואכע פעלקער, וועלן ווירקלעך קאָנען דורכפירן דאָס, וואָס די קאַפּיטאַליסטן זאָגן בלויז צו, ד. ה. פארענדיקן די מילכאָמע דורך א פעסטן שאָלעם, וואָס באַוואָרנט די פרייהייט פאַר אלע פעלקער אָן אויסנאַם

„פראוודא" נומער 30,
12 אפריל 1917 יאר
מיט דער אונטערשריפט נ. ל ע נ י ן.

---

# וואָס לערנט אונז דער קריזיס?

פעטראָגראד און גאַנץ רוסלאַנד האבן איבערגעלעבט אַן ערנסטן פּאָליטישן קריזיס, דעם ערשטן פּאָליטישן קריזיס נאָך דער רעוואָלוציע.

דעם 19 אַפּריל האָט די צייטווייליקע רעגירונג אָנגענומען איר טרויעריק-באַרימטע נאָטע, וועלכע באַשטעטיקט די פארכאַפּעריש-רויבערישע צילן פון דער מילכאָמע גענוג קלאָר אָף ארויסצורופן די אויפרעגונג פון די ברייטע מאַסן, וואָס האָבן געוויסנהאַפט געגלויבט אינם וואונש און אין דער פעאיקייט פון די קאַפּיטאַליסטן „זיך אָפּצוזאָגן פון אַנעקסיעס". דעם 20 און 21 אַפּריל האט פּיטער געקאָכט. די גאַסן זיינען איבערפולט געוועזן פון מענטשן; הייפלעך און גרופן, מיטינגען פון פאַרשיידענער גרויס האבן זיך אויסגעבילדעט אומעטום סאַי באַטאָג סאַי באַנאַכט; מאַסן-מאַניפעסטאַציעס און דעמאָנסטראַציעס האָבן געדויערט אָן אַן אויפהער. נעכטן, דעם 21 אַפּריל, אין אָוונט האָט זיך דער קריזיס, ווי עס ווייזט אויס, פאַרענדיקט, אָדער עס האָט זיך לעכאָל האַפּאָכעס פאַרענדיקט זיין ערשטע שטופע: דער אויספירקאָמיטעט פונם ראַט פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן, און דערנאָך אויך דער ראַט, האבן אנערקענט פאַר באַפרידיקנדיק די „דערקלערונגען", די אויסבעסערונגען צו דער נאָטע, די „קלאָרמאַכונגען" פון דער רעגירונג (וואָס באַשטייען אין די סאַמע פוסטע, אַבסאָלוט גאָרניט ניט זאָגנדיקע, קיין זאַך ניט ענדערנדיקע, צו קיין זאַך ניט פאַרפליכטנדיקע פראַזן)—און האָבן אַנערקענט „דעם אינצידענט פאַר אַן אויסגעשעפּטן".

צי וועלן די ברייטע מאַסן אנערקענען „דעם אינצידענט פאַר אַן אויסגעשעפּטן" — וועט באַווייזן די צוקונפט. אונזער אויפגאַבע איצט איז — אויפמערקזאַמער צו דערלערנען די ק ו י כ ע ס, די קלאַסן, וואס האָבן זיך ארויסבאַוויזן אינם קריזיס, און ארויסנעמען דערפון די לערע פאַר דער פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט. ווייל די גרויסע באַדייטונג פון אַלערליי קריזיסן באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס באַהאַלטענע דעקן זיי אויף, זיי וואַרפן אָפּ דאָס ביטנאַיקע,

אויבערפלעכלעכע, קלײנלעכע, זײ שמײסן ארויס יעדן פּאָליטישן מיסט, דעקן אויף די עמעסע טרײב-קרעפטן פונם װירקלעך פּאַרקומענדיקן קלאַסנ-קאַמף.

די רעגירונג פון די קאַפּיטאַליסטן האט אין טאָג גענומען בלויז אי-בערגעכאַזערט דעם 19 אפּריל אירע פריערדיקע נאָטעס, װעלכע האבן פאַר-דעקט די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע מיט דיפּלאָמאַטישע אויסרײדעלעך. די מאַסן סאָלדאַטן זײנען אויפגערעגט געװאָרן, װײל זײ האָבן ערלעך געגלויבט אין דער אויפריכטיקײט פון די קאַפּיטאַליסטן און אין זײער ליבע צו שאָלעם. די דעמאָנסטראַציעס האבן זיך אָנגעהויבן, װי סאָלדאַטישע דעמאָנסטראַציעס, מיט א סטירעדיקן, אומבאַװאוסטזיניקן לאָזונג „אַראָפּ מיט מיליוקאָװן”, װאָס קאָן צו קײן זאַך ניט פירן (פּונקט װי די ענדערונג פון פּערזאָנען אָדער גרופּקעלעך װאָלט געקאָנט ענדערן דעם טאָק פון דער פּאָליטיק!).

דאָס באַטײט, אז די ברײטע, ניט שטאַנדהאַפּטיקע, װאַקלדיקע מאַסע, װאָס שטײט נעענטער פון אַלץ צום פּויערטום, לויט דער װיסנשאַפּטלעך-קלאסאװער כאַראקטעריסטיק, א קלײנבירגערלעכע, האט זיך א װאַקל גע-טאָן, אַװעק פון די קאַפּיטאליסטן צו דער זײט פון די רעװאָלוציאָנערע אַרבעטער. דידאזיקע װאַקלונג אָדער באַװעגונג פון דער מאַסע, װאָס איז לויט איר קראפט פעאיק צו באשליסן אַלץ, זי האט עס געשאפן דעם קריזיס.

דעמאָלט האָבן גלײך אָנגעהויבן צו קומען אין באַװעגונג, ארויסטרעטן אין גאַס און אָרגאניזירן זיך ניט די מיטעלע, נאָר די עקסטע עלעמענטן, ניט די צװישן-שטײענדיקע קלײנבירגערלעכע מאַסע, נאָר די בורזשואזיע און דער פּראָלעטאריאט.

די בורזשואזיע פארכאַפּט דעם נעװסקי — „מילוקאָװער”, לויטן אויסדרוק פון אײן צײטונג — פּראָספּעקט און די שכײנעסדיקע טײלן פונם רײכן פעטער-בורג, פונם פעטערבורג פון קאַפּיטאליסטן און באאמטע. עס מאניפעסטירן אָפי-צערן, סטודענטן, „די מיטעלע קלאַסן” פאַר דער צײטװײליקער רעגירונג; פון די לאָזונגען באגעגנט מען אָפט אף די פענער די אויפשריפט: „אַראָפּ מיט לענינען”.

דער פּראָלעטאַריאט הויבט זיך אויף פון זײנע צענטערן — פון די אַר-בעטערשע פּאָרשטעט, אָרגאניזירט ארום די לאזונגען און צורופן פונם צענ-טראַל-קאָמיטעט פון אונזער פארטײ. דער צ. ק. נעמט אָן דעם 20 און 21-טן רעזאָלוציעס, װעלכע װערן גלײך, דורכן אפּאראט פון דער ארגאניזאציע, אי-בערגעגעבן די מאַסן פון פּראָלעטאריאַט. די ארבעטערשע מאַניפעסטאציעס פארפלײצן די ניט רײכע, די װײניקער צענטראלע ראַיאָנען פון שטאָט, דער-נאָך דרינגען זײ טײלװײז ארײן אף נעװסקי. פון דער דעמאָנסטראציע פון דער בורזשואזיע אונטערשײדן זיך שארף די מער מאַסנהאפטע, מער צוזא-מענגעשלאָסענע דעמאָנסטראציעס פון די פּראָלעטאַריער, פון די אויפשריפטן אף די פאָנען: „די גאנצע מאַכט דעם ראָט פון ארבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן”.

אַף נעווסקי דערגייט ביז צוזאמענשטויסן. מע רייסט די פאָנען פון די „פיינטלעכע“ דעמאָנסטראַציעס. אין אויספירקאָמיטעט טעלעפאָנירט מען פון עטלעכע ערטער וועגן דעם, אז פוןביידע זייטן האָט מען געשאָסן, אז עס זיינען געווען געהארגעטע און פארוואונדעטע; די יעדיעס וועגן דעם זיינען העכסט ווידערשפּרעכנדיק און ניט דורכגעקאָנטראָלירט.

איר שרעק פאר דעם, אז די עמעסע מאסן, די ווירקלעכע מערהייט פון פאָלק, זאָלן ניט נעמען די מאַכט אין זייערע הענט, דריקט די בורזשואַזיע אויס דורך געשרייען וועגן דעם „געשפּענסט פון בירגער-קריג“. די קליינבירגערלעכע פירער פונם ראַט, די מענשעוויקעס און „פאָלקיסטן“,—וועלכע האבן ניט — ניט נאָך דער רעוואָלוציע ביכלאל, ניט אין די קריזיס=טעג ביפראַט, קיין שום פּארטייאיש=אויסגעארבעטע ליניע, — לאָזן זיך פארסטראַשען. אינם אויספיר=קאָמיטעט, אין וועלכן די צאָל שטימען קעגן דער צייטווייליקער רעגירונג איז ערעוו דעם דערגאַנגען קימאט ביז א העלפט, קלייבט זיך צונויף 34 שטימען (קעגן 19) פאַר אומקערן זיך צו דער פּאָליטיק פון צוטרוי צו די קאפיטאליסטן און פאַר פשאָרעס מיט זיי.

דער „אינצידענט“ ווערט אנערקענט פאר „אויסגעשעפּט“.

אין וואָס באשטייט דער טאָך פונם קלאַסנקאַמף? די קאַפּיטאליסטן זיינען פאר אָפּציען די מילכאָמע, פאר פארדעקן די מילכאָמע דורך פראזן און צוזאגן; זיי האבן זיך פארפלאָנטערט אין די נעצן פונם רוסישן, ענגליש-פראנצויזישן און אַמעריקאַנישן באַנק=קאפיטאל. דער פּראָלעטאריאט, אין דער פּערזאָן פון זיין באוואוסטזיניקן אוואנגארד, איז פארן איבערגאנג פון דער מאכט צום רעוואָלוציאנערן קלאס, צום ארבעטער-קלאס און צו די האלבע פּראלעטאריער, פאַר דער אנטוויקלונג פון דער אלוועלטלעכער ארבעטער=רעוואָלוציע, וועלכע וואקסט בעפּיירעש אויך אין דייטשלאנד, פאַר פארענדיקן די מילכאָמע דורך אזא רעוואָלוציע.

די ברייטע מאסע, הויפּטזאכלעך די קליינבירגערלעכע, וועלכע גלויבט נאָך די מענשעוויסטישע און פּאָלקיסטישע פירער, איז דורך און דורך פארשראָקן דורך דער בורזשואַזיע און פירט דורך מיט אויסריידן איר ליניע, זי וואַקלט זיך אמאָל אף רעכטס, אמאָל אַף לינקס.

די מילכאָמע איז שוידערהאַפט; גראד די ברייטע מאסע פילט עס שווערער פון אלץ; גראָד אין אירע רייען וואקסט דער ווייטנאָך ניט קלאָרער באַוואוסטזיין, אז דידאזיקע מילכאָמע איז א פארברעכערישע, אַז זי ווערט געפירט צוליב דער קאָנקורענץ און צוליב די רייסערייען פון די קאפּיטאליסטן, צוליב דער כאַלוקע פון זייער רויב. די אלוועלטלעכע לאגע ווערט אַלץ מער פאַרפלאָנטערט. קיין אויסוועג איז ניטאָ, אַכוץ דער אַלוועלטלעכער ארבעטער-רעוואָלוציע, וועלכע גייט איצט פאָרויס פאַר אַלע אַנדערע לענדער אין רוסלאַנד, אָבער זי וואַקסט בעפּיירעש אָן (די שטרייקן, דאָס ברידערן זיך) אויך אין דייטשלאַנד. און די מאַסע וואקלט זיך: צווישן צוטרוי צו די אלטע באַלעבאטים, די קאַפּיטאַליסטן, און דער פאַרביטערונג קעגן זיי; צווישן צוטרוי צו דעם איינציקן קאָנזעקווענט-רעוואָלוציאָנערן קלאַס, וואָס

עפנט דעם וועג צו דער ליכטיקער צוקונפט פאַר אַ״ע אַרבעטנדיקע — צום פּראָלעטאַריאַט — און דעם ניט קלאָרן באוואוסטזיין פון זיין אַלוועלטלעך-היסטאָרישער ראָלע. ניט די ערשטע און ניט די לעצטע וואַקלונג פון דער קליינבירגערלעכער און האַלבפּראָלעטאַרישער מאַסע!

די לערע איז קלאָר, כאַוויירים-אַרבעטער! די צייט וואַרט ניט. נאָכן ערשטן קריזיס וועלן קומען אנדערע. אַלע קויכעס גיט אוועק דער זאַך פון אויפקלערן די אָפּגעשטאַנענע, פאַר דער מאַסנהאפטער, כאַווערישער, אומיטלבארער (ניט נאָר דורך מיטינגען) דערנעענטערונג מיט יעדן פאָלק, מיט יעדער גרופּע נאָך ניט זעעוודיק געוואָרענע ארבעטנדיקע שיכטן! אַלע קויכעס אַף דער אייגענער צוזאמענבאהעפטונג, אף צו אָרגאניזירן די ארבעטער פון אונטן ביז ארויף, הארט ביז צו יעדן ראַיאָן, ביז צו יעדן זאַוואָד, ביז צו יעדן קוואַרטאל פון דער הויפּשטאָט און פון אירע פאָרשטעט! לאָזט זיך ניט אראָפּשלאָגן ניט דורך די קליינבירגערלעכע „פּשאָרעמאכערס״ מיט די קאַפּיטאַליסטן, די באשיצלער, די אָנהענגער פון „אונטערשטיצונג״, ניט דורך די יעכידים, וואָס זיינען געגויגט צו איילן זיך און שרייען: „אראָפּ מיט דער צייטווייליקער רעגירונג״, איידער עס איז נאָך פאָרגעקומען די פעסטע צוזאַמענבאהעפטונג פון דער מערהייט פון פאָלק! דעם קריזיס קאָן מען ניט אויסלעבן דורך גוואַלטאַטן פון איינצלנע פערזאָנען איבער אנדערע, דורך טיילווייזע ארויסטרעטונגען פון קליינע גרופּן באוואָפנטע מענטשן, דורך בלאנקיסטישע פּרוואוון צו „פאַרכאַפּן די מאַכט״, „ארעסטירן די צייטווייליקע רעגירונג״ א. אז. וו.

דער לאָזונג פון טאָג איז: דערקלערט גענויער, קלערער, ברייטער די ליניע פון פּראָלעטאריאט, זיין וועג צום פארענדיקן די מילכאָמע. פעסטער, ברייטער, אומעטום שטעלט אייך אויס אין פּראָלעטאַרישע רייען און קאָלאָנעס! באהעפט אייך צוזאַמען ארום אייערע ראטן, אינעווייניק אין זיי — באַמיט אייך דורך כאַווערישער איבערצייגונג און דורך איבערוואַלן פון איינצלנע מיטגלידער צוזאַמענבאהעפטן ארום זיך די מערהייט!

„פּראַוודא״ נומער 39,
23 אַפּריל 1917 יאָר,
אָן דער אונטערשריפט פונם אווטאָר.

# אַן אָפֿענער בריוו

## צו די דעלעגאַטן פֿונם ערשטן אַלרוסלענדישן צוזאַמענפֿאָר פֿון פּויערשע דעפּוטאַטן.

(מאַי 1917 יאָר).

כאַווײַרים — פּויערשע דעפּוטאַטן!

דער צענטראַל-קאָמיטעט פֿון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי (באָלשעוויקעס), צו וועלכן איך האָב דעם קאָוועד צו געהערן, האָט מיר געוואָלט געבן א פֿולמאַכט פֿאָרצושטעלן אונזער פּאַרטיי אַפֿן פּויערשן צוזאַמענפֿאָר. ניט האָבנדיק ביז איצט קיין מעגלעכקייט, צוליב מײַן קראַנקהייט, אויסצופֿילן די דאָזיקע שליכעס, וועל איך זיך דערלויבן צו ווענדן צו אײַך מיט דעמדאָזיקן אָפֿענעם בריוו, קעדיי צו באַגריסן די אַלרוסלענדישע פֿאַרייניקונג פֿונם פּויערטום און אין קורצן אָנווײַזן אַף די טיפֿע מיינונגס-פֿאַרשיידנהייטן, וועלכע טיילן פֿאַנאַנדער אונזער פּאַרטיי מיט דער פּאַרטיי פֿון די „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן“ און מיט די „סאָציאַל-דעמאָקראַטן מענשעוויקעס“.

די דאָזיקע טיפֿע מיינונגס-פֿאַרשיידנהייטן זײַנען נויגייע די דרײַ סאַמע וויכטיקע פֿראַגן: וועגן ערד, וועגן מילכאָמע און וועגן דער אײַנאָרדענונג פֿון דער מלוכע.

די גאַנצע ערד דאַרף געהערן צום פֿאָלק. אַלע פּריצישע ערדן דאַרפֿן אָן אויסקויף-געלט אַריבערגיין צו די פּויערים. דאָס איז קלאָר. דער סיכסעך גייט וועגן דעם, צי דאַרפֿן די פּויערים אַף די ערטער באַלד נעמען די גאַנצע ערד, ניט צאָלנדיק די פּריצים קיין שום געלט פֿאַר אַרענדע און ניט וואַרטנדיק אַף דער גרינדונגס-פֿאַרזאַמלונג, אָדער זיי דאַרפֿן עס ניט טאָן?

אונזער פּאַרטיי האַלט, אַז זיי דאַרפֿן עס טאָן, און זי ראָט די פּויערים אַף די ערטער גלײַך נעמען די גאַנצע ערד, טוענדיק עס ווי ווײַט מעגלעך אָרגאַניזירט, אין קיין פֿאַל ניט דערלאָזנדיק קאַליע מאַכן דעם פֿאַרמעגן און אָנווענדנדיק אַלע אָנשטרענגונגען, אַז די אויסאַרבעטונג פֿון ברויט און פֿלייש זאָל זיך פֿאַרגרעסערן, ווײַל די סאָלדאַטן אַפֿן פֿראָנט לײַדן שרעקלעך. די גרינדונגס-פֿאַרזאַמלונג וועט ענדגילטיק פֿעסטשטעלן, אין וועמעס רעשוס עס גייט איבער די ערד, אָבער איצט, דערווײַל, טייקעף פֿאַר דער פֿרילינגס-פֿאַרזייאונג איז סאַי ווי ניט מעגלעך איבערצוגעבן זי עמיצן אַנדערש, אַכוץ די אָרטיקע אַנשטאַלטן, ווײַל אונזער צײַטווײַליקע רעגירונג, די רעגירונג פֿון פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, ציט אָפּ דעם צוזאַמענרוף פֿון דער גרינדונגס-פֿאַרזאַמלונג און האָט ביז אַהער אַפֿילע נאָך ניט באַשטימט דעם טערמין, ווען זי וועט צוזאַמענגערופֿן ווערן.

דערווײַל קאָן די ערד איבערגעגעבן ווערן נאָר אין רעשוס פֿון די אָרטיקע אַנשטאַלטן. פֿאַרזייען די פֿעלדער מוז מען. די מערהייט פּויערים אַף די

ערטער וועלן גאנץ גוט קאָנען אָרגאַניזירטערהייט נעמען אין זייער רעשוס די ערד, פאַראקערן און פאַרזייען די גאַנצע ערד. דאָס איז נויטיק, קעדיי צו פאַרבעסערן די דערנערונג פון די סאָלדאַטן אַפן פראָנט. דעריבער איז ווארטן אַף דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג ניט דערלאָזבאַר. די רעכט פון דער גרינדונגס-פארזאמלונג ענדגילטיק איינצושטעלן דאָס אייגנטום פונם גאנצן פאָלק אַף דער ערד און די באַדינגונגען פון פאַרוואַלטן מיט איר לייקענען מיר לאַכלוטן ניט אָפּ. אָבער דערווייל, שוין, גלייך, דעם פרילינג דארף די ערד אַריבערגיין אין רעשוס פון די פויערים אליין אַף די ערטער. די סאָלדאטן פון פראָנט קאָנען און דאַרפן שיקן דעלעגאטן אין די דערפער.

ווייטער, קעדיי די גאנצע ערד זאָל אנקומען די ארבעטנדיקע, איז דערצו נויטיק אַן ענגער בונד צווישן די שטאָטישע אַרבעטער מיט די אָרימסטע פויערים (האלב-פראָלעטאַריער). אָן אַזאַ בונד קאָן מען ניט באַזיגן די קאַפּיטאַליסטן. און אויב מע זאָל זיי ניט באזיגן, וועט קיין שום איבערגאנג פון דער ערד אין די הענט פונם פאָלק ניט ראטעווען פון פאָלקס=אָרימקייט. די ערד עסן קאָן מען ניט, און אָן געלט, אָן קאפּיטאל איז ניטאָ פון וואנען צו קריגן געצייג, פי, זריע. די פויערים דארפן ניט געטרויען ניט די קאַפּיטאליסטן און ניט די רייכע פויערים (דאָס זיינען דיזעלביקע קאַפּיטאַליסטן), נאָר בלויז די שטאָטישע ארבעטער. נאָר אין א בונד מיט זיי וועלן זיך די אָרימסטע פויערים דערשלאָגן, אז סאַי די ערד, סאַי די אייזנבאַנען, סאַי די בענק, סאי די פאבריקן זאָלן אריבערגיין אין אייגנטום פון אַלע אַרבעטנדיקע. אָן דעם, בלויז מיטן איבערגאנג פון דער ערד צום פאָלק קאָן מען ניט באַזייטיקן די נויט און אָרימקייט.

אין אייניקע געגנטן פון רוסלאנד גייען שוין די אַרבעטער אריבער איינצושטעלן אַן אַרבעטער-אויפקוק (קאָנטראָל) איבער די פאַבריקן. אַזאַ אויפקוק פון די ארבעטער לוינט זיך די פויערים. ער וועט געבן אַ פארגרעסערונג פון דער פּראָדוקציע און אַ פארביליקערונג פון די פּראָדוקטן. די פויערים דארפן מיט אלע קויכעס אונטערשטיצן אַזאַ אָנהויב פון די אַרבעטער און ניט גלויבן די רעכילעסן פון די קאפּיטאליסטן קעגן די ארבעטער.

די צווייטע פראגע איז — וועגן דער מילכאָמע.

דידאָזיקע מילכאָמע איז א פארכאפּערישע. עס פירן זי די קאפּיטאליסטן פון אלע לענדער צוליב זייערע פארכאפּערישע צילן, צוליב דער פארגרעסערונג פון זייערע רעוואָכים. פארן ארבעטנדיקן פאָלק ברענגט ניט דידאָזיקע מילכאָמע און קאָן ניט ברענגען אין קיין פאל קיין זאך, אַכוץ אונטערגאנג, שוידער, פאַרוויסטונג, פארווילדונג. אונזער פּארטיי, די פּאַרטיי פון באוואוסטזיניקע ארבעטער, די פּארטיי פון די אָרימסטע פויערים, פארורטיילט דעריבער אַנטשלאָסן און אומבאדינגט דידאָזיקע מילכאָמע, זי זאָגט זיך אָפּ צו בארעכטיקן די קאַפּיטאליסטן פון איין לאנד קעגן די קאַפּיטאליסטן פון אַן אנדער לאנד, זי זאָגט זיך אָפּ אונטערצושטיצן די קאפּיטאליסטן פון אַ וועלכן ניט איז לאנד, זי דערשלאָגט זיך צו אַ גיכערן סאָף פון דער מילכאָמע דורך אַראָפּ-

וואַרפן די קאפּיטאליסטן אין אלע לענדער, דורך אַן אַרבעטער-רעוואָלוציע אין אלע לענדער.

אין אונזער איצטיקער נייער צייטווייליקער רעגירונג געהערן 10 מיני-סטאָרן צו די פּארטייען פון פּריצים און קאפּיטאליסטן, און 6—צו די פּאַרטייען פון „פּאָלקיסטן" („סאָציאליסטן-רעוואָלוציאָנערן") און „מענשעוויקעס סאָציאל-דעמאָקראטן". לויט אונזער איבערצייגונג, באַגייען די פּאָלקיסטן און מענשע-וויקעס אַ טיפן און געפערלעכן פעלער, ארייַנטרעטנדיק אין אַ רעגירונג פון קאפּיטאליסטן און איינשטימענדיק ביכלאל אונטערצושטיצן זי. אַזוינע מענטשן, ווי צערעטעלי און טשערנאָוו, האָפן, אז זיי וועלן דערוועקן די קאַפּיטאליסטן גיכער און ערלעכער צו פארענדיקן דידאָזיקע פארכאפּערישע מילכאָמע. דידאָ-זיקע פירער פון דער פּאָלקיסטישער און מענשעוויסטישער פּארטייען האָבן אָבער א טאָעס, — אין דערעמעסן העלפן זיי מיט די קאפּיטאליסטן צוצוגרייטן דעם אָנגריף פונם רוסישן מיליטער קעגן דייטשלאנד, ד. ה. צו פּאַרציען די מילכאָמע, פארגרעסערן די אומדערהערט-שווערע קאָרבאָנעס, וואָס דאָס רוסישע פּאָלק האָט געבראכט פאר דער מילכאָמע.

מיר זיינען איבערצייגט, אז די קאפּיטאליסטן פון אלע לענדער נארן אָפּ דאָס פּאָלק, צוזאָגנדיק אַ גיכן און גערעכטיקן שאָלעם, און אין דערעמעסן פאר-ציענדיק די פארכאפּערישע מילכאָמע. די רוסישע קאפּיטאליסטן, וועלכע האָבן אין זייערע הענט געהאט די אַלטע צייטווייליקע רעגירונג און האָבן איצט, ווי פריער, אין זייערע הענט די נייע רעגירונג, האָבן אפילע ניט געוואָלט פּאַר-עפנטלעכן די געהיימע, רויבערישע אָפּמאַכן, וואָס דער געוועזענער צאַר ניקאָלאַי ראָמאנאָוו האָט געשלאָסן מיט די קאפּיטאליסטן פון ענגלאנד, פראנ-קרייך און פון אנדערע לענדער מיטן ציל אויסצוקעמפן בא די טערקן קאָנ-סטאנטינאָפּאָל, צונעמען בא די עסטרייכער גאליציע, בא די טערקן אַרמעניע א. א. וו. די צייטווייליקע רעגירונג האָט באשטעטיקט און באשטעטיקט איצט דידאָזיקע אָפּמאכן.

אונזער פּארטיי האלט, אז דאָס זיינען פּונקט אזוינע פּאַרברעכערישע רויבערישע אָפּמאכן, ווי די אָפּמאַכן פון די רויבערישע דייטשישע קאפּיטאליסטן און פון זייער רויבערישן קייסער ווילהעלם מיט זייערע פארבינדעטע.

דאָס בלוט פון ארבעטער און פויערים טאָר זיך ניט גיסן אָף צו דער-גרייכן אַזוינע רויבערישע צילן פון די קאפּיטאליסטן.

מע דארף גיכער פארענדיקן דידאָזיקע פארברעכערישע מילכאָמע — און ניט דורך אַ סעפּאַראַטן (באזונדערן) שאָלעם, נאָר דורך אַן אלגע-מיינעם שאָלעם, און ניט דורך קיין שאָלעם פון די קאפּיטאליסטן, נאָר דורך א שאָלעם פון די ארבעטנדיקע מאסן קעגן די קאפּיטאליסטן. דער וועג דערצו איז איינער: דער איבערגאנג פון דער גאנצער מלוכישער מאכט, אינגאנצן געצומען, אין די הענט פון די ראטן פון ארבעטערשע, סאָלדאטישע און פויערשע דעפּוטאטן, סאי אין רוסלאנד, סאי אין אנדערע לענדער. נאָר אזוינע ראטן זיינען אימשטאנד אין דערעמעסן צו שטערן די קאפּיטאליסטן אָפּצונארן דאָס פּאָלק, צו שטערן די קאפּיטאליסטן צו פּארציען די מילכאָמע.

און דאָ בין איך צוגעקומען צו דער דריטער און לעצטער פון די פראגן, וואס איך האָב אָנגעמערקט: צו דער פראגע וועגן דער מלוכע-איינאָרדענונג.

רוסלאנד דארף זיין א דעמאָקראטישע רעפובליק. דערמיט איז מאַסקים אפילע די מערהייט פריצים און קאפיטאליסטן, וועלכע זיינען שטענדיק גע-שטאנען פאר אַ מאָנארכיע, אָבער איצט האָבן זיי זיך איבערציינגט, אז דאָס פאָלק אין רוסלאנד וועט קיינמאָל ניט דערלאָזן צוריק אויפשטעלן די מאָנאַרכיע. די קאפיטאליסטן האָבן איצט אָנגעוועודעט אלע באמיאונגען דערויף, אַז די רעפובליק אין רוסלאנד זאָל זיין וואָס מער ענלעך אף אַ מאָנארכיע און זאָל ווי ווייט מעגלעך לייכטער קאָנען צוריק פארוואנדלט ווערן אין א מאָנארכיע (ביישפילן דערויף זיינען אין פיל לענדער געוועזן ניט איינמאָל). צוליב דעם ווילן די קאַפיטאַליסטן פארהיטן די באַאַמטע, וואָס שטייען איבערן פאָלק, די פאָליציי און די שטענדיקע אַרמיי, וואָס איז אָפגעטיילט פונם פאָלק און וואָס געפינט זיך אונטער דער אָנפירונג ניט פון אויסגעקליבענע גענעראַלן און אָפיצערן. און די גענעראלן און אָפיצערן, אויב זיי זיינען ניט קיין אויסגעקלי-בענע, וועלן קימאַט טאָמיד זיין פאַר די פריצים און קאפיטאָליסטן. דאָס איז באַוואוסט אָפילע פון דער דערפאַרונג פון אַלע רעפובליקן אַף דער וועלט.

אונזער פאַרטיי, די פאַרטיי פון באַוואוסטזיניקע אַרבעטער און אָרימסטע פויערים, דערשלאָגט זיך דעריבער צו אַן אַנדער ארט דעמאָקראַטישער רעפובליק. מיר ווילן אזא רעפובליק, אז אין איר זאָל ניט זיין קיין פאָליציי, וואָס שפּאַט פונם פאָלק; אַז די באַאַמטע זאָלן אַלע, פון אונטן ביז ארויף, זיין געוויילטע און זאָלן קאָנען אָפגעשאפט ווערן צו יעדער צייט לויט דער פאָדערונג פון פאָלק, אז דאָס געהאָלט זייערס זאָל ניט זיין העכער פונם געצאָלט, וואָס עס באקומט אַ גוטער אַרבעטער; אַז אין דער אַרמיי זאָל די גאנצע אָנפירונג אויך זיין אַזאַ געוויילטע, און אַז די שטענדיקע אַרמיי, אַן אָפגעטיילטע פון פאָלק, אַן אָפגעגעבענע אונטער דער אָנפירונג פון קלאַסן, וואָס זיינען פרעמד דעם פאָלק, זאָל פאַרביטן ווערן אַף אַן אַלגעמיינער באוואָפענונג פון פאָלק, אף אַן אַלגעמיינער פאָלקס-מיליציע.

מיר ווילן אזאַ רעפובליק, אז די גאנצע מאַכט אין דער מלוכע, פון אונטן ביז ארויף, זאָל געהערן אינגאנצן און אויסשליסלעך די ראטן פון אַר-בעטערשע, סאָלדאַטישע, פויערשע און אַנד. דעפוטאַטן.

די אַרבעטער און פויערים זיינען די מערהייט פון דער באַפעלקערונג. די מאַכט און די פאַרוואַלטונג דאַרף זיין אין די הענט פון זייערע ראַטן, און ניט פון די באַאַמטע.

אָט דאָס איז אונזער קוק, כאַוויירים פויערשע דעפוטאַטן! מיר זיינען פעסט איבערצייגט דערין, אז די דערפאַרונג וועט גיך באַווייזן די ברייטסטע פאָלקס-מאַסן די פעלערהאַפטיקייט פון דער פאָליטיק פון די „פאָלקיסטן" און מענשעוויקעס. די דערפאַרונג וועט גיך באַווייזן די מאסן, אַז ראַטעוועןן רוס-לאנד, וועלכע שטייט, פונקט ווי דייטשלאנד, פונקט ווי אַנדערע לענדער, אַפּן גרעניץ פון אונטערגאַנג, — ראַטעוועןן די אויסגעמאַטערטע דורך דער מילכאָמע

פעלקער קאָן מען ניט דורך פשאָרעמאָכעריי מיט די קאַפּיטאַליסטן. ראַטעווען אַלע פעלקער קאָן נאָר דער איבערגאַנג פון דער גאַנצער מלוכע-מאַכט דירעקט אין די הענט פון דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג.

„סאָלדאַטסקאַיאַ פּראַוודאַ“ נומער 19,
דעם 11-טן מאַי 1917 יאָר,
מיט דער אונטערשריפט נ. לענין.

---

# רעדע אפן ערשטן אלרוסלענדישן צוזאמענפאָר פון די ראַטן פון ארבעטערשע און סאלדאטישע דעפּוטאטן.

כאַווייִרים, פאַר דעם קורצן שטיקל צייט, וואָס איך האָב אין מיין רע-שוס, וועל איך זיך קאָנען אָפּשטעלן,—און איך מיין, אַז דאָס איז צוועקמע-סיקער,—בלויז אַף די גרונטלעכע פּרינציפּיעלע פראַגן, וועלכע עס האָט ארויס-געררוקט דער פארטרעגער פונם אויספירקאָמיטעט און די איבעריקע רעדנער. די ערשטע און גרונט-פראַגע, וואָס איז געשטאַנען פאַר אונז, איז די פראַגע, וואו געפינען מיר זיך,—וואָס זיינען אַזוינס די ראַטן, וועלכע האָבן זיך איצט צונויפגעקליבן אף אן אלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר, וואָס איז אַזוינס די רע-וואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע, וועגן וועלכער מע רעדט דאָ אַזוי אומבאַגרעניצט פיל, קעדיי צו פארטונקלען דאָס פולע ניט פאַרשטיין זי און דאָס פולסטע אפזאָגן זיך פון איר. ווייל ריידן וועגן רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע פאַרן אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר פון די ראַטן און פארטונקלען דעם כאַראַקטער פון דערדאָזיקער אינסטיטוציע, איר קלאַסן-באַשטאַנד, איר ראָלע אין דער רעוואָלוציע, ניט ריידן וועגן דעם קיין איין קלאַנג, און אין דערזעלביקער צייט פּרעטענדירן אַפן נאָמען פון דעמאָקראַטן—איז מעשונעדיק. מע מאָלט פאַר אונז אַ פּראָגראַם פון אַ בורזשואַזער פאַרלאַמענטאַרישער רעפּובליק, וואָס אַזאַ איז געווען אין גאַנץ מאַירעוו-אייראָפּע, מע מאָלט פאַר אונז אַ פּראָגראַם פון רעפאָרמען, וואָס ווערן איצט אנערקענט דורך אַלע בורזשואַזע רעגירונ-גען, דערונטער אויך דורך אונזערער, און מע רעדט פאַר אונז צוזאַמען דערמיט וועגן רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע. מע רעדט פאַר וועמען? פאַר די ראַטן. און איך פרעג באַ אייך, צי איז פאַראַן אַזאַ לאַנד אין אייראָפּע, אַ בורזשואַזן, אַ דעמאָקראַטיש, אַ רעפּובליקאַניש, וואו עס זאָל עקזיסטירן עטוואָס ענלעכעס צו דידאָזיקע ראַטן? איר מוזט ענטפערן, אז ניט. אין ערגעץ עקזיסטירט ניט קיין ענלעכע אינסטיטוציע און קאָן ניט עקזיסטירן, ווייל איינס פון די ביידע: אָדער אַ בורזשואַזע רעגירונג מיט די „פּלענער“ פון רעפאָרמען, וועלכע מע מאָלט אונז און וועלכע זיינען שוין צענדליקער מאָל אין אַלע לענדער פאַר-געלייגט געוואָרן און זיינען געבליבן אַפן פּאַפּיר, אָדער יענע אינסטיטוציע, צו וועלכער מע אפּעלירט איצט, דער נייער טיפּ „רעגירונג“, וואָס איז דורך דער רעוואָלוציע באַשאַפן געוואָרן, וואָס האָט ביישפּילן בלויז אין דער גע-

שיכטע פונם גרעסטן אויפשטייג פון רעוואָלוציע, לעמאָשל, אין 1792 יאָר אין פראַנקרייך, אין 1871 יאָר—אויך דאָרטן, אין 1905 יאָר—אין רוסלאַנד.

די ראַטן—דאָס איז א אינסטיטוציע, וואָס אין קיין בורזשואז-פּאַרלאַ-מענטאַרישער מלוכע פונם געוויינלעכן טיפּ עקזיסטירט זי ניט, און צוגלייך מיט אַ בורזשואזער רעגירונג קאָן זי ניט עקזיסטירן. דאָס איז דער נייער, מער דעמאָקראַטישער טיפּ מלוכע, וועלכן מיר האָבן אין אונזערע פּאַרטייאישע רעזאָלוציעס אנגערופן פּויעריש-פּראָלעטאַרישע, דעמאָקראַטישע רעפּובליק, וואָס די איינציקע מאַכט זאָל אין איר געהערן די ראַטן פון ארבעטערשע און סאָל-דאַטישע דעפּוטאַטן. אומזיסט מיינט מען, אז דאָס איז אַ טעאָרעטישע פּראַגע, און אומזיסט פּרואווט מען זיך אויסמאָלן די זאַך אזוי, פּונקט ווי מע וואָלט זי געקאָנט אויסמיידן, אומזיסט וויל מען זיך אָפּאטערן מיט דער טאינע, אז די אָדער יענע ארט אינסטיטוציע עקזיסטירט צוזאמען טאקע מיט די ראַטן פון ארבעטערשע און סאָלדאטישע דעפּוטאַטן. יאָ, זיי עקזיסטירן צוזאַמען, אבער גראד דאָס רופט ארויס אן אומדערהערטע צאָל מיספּארשטייענישן, קאנפליקטן און רייבונגען. גראד דאָס רופט ארויס דעם איבערגאַנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון איר ערשטן אויפשטייג, פון איר ערשטער באַוועגונג פּאָרויס צו שטילשטאַנד און צו די טריט אף צוריק, וועלכע מיר זעען איצט אין אונ-זער קאָאליציע-רעגירונג, אין דער גאנצער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק, אין צוזאַמענהאַנג מיטן זיך גרייטנדיקן אימפּעריאליסטישן אנגריף. איינס פון די צוויי! אָדער א געוויינלעכע בורזשואזע רעגירונג—און דעמאָלט זיינען די פּויערשע, אַרבעטערשע, סאָלדאטישע א. אז. וו. ראַטן ניט נויטיק, דעמאָלט וועלן זיי אָדער צעטריבן ווערן דורך די גענעראַלן, די קאָנטר-רע-וואָלוציאנערע גענעראַלן, וואָס האלטן די ארמיי אין זייערע הענט, ניט לייגנ-דיק קיין שום אכט אף דער ריידערייי פונם מיניסטער קערענסקי, אָדער זיי וועלן שטארבן מיט אַ שענדלעכן טויט. קיין אנדער וועג איז ניטאָ פאר די-דאָזיקע אינסטיטוציעס, וועלכע קאָנען ניט ניט גיין אף צוריק, ניט שטיין אף אן אָרט, נאָר זיי קאָנען בלויז עקזיסטירן, גייענדיק פּאָרויס. אָט דאָס איז דער טיפּ מלוכע, וואָס ניט די רוסן האָבן אויסגעטראכט, וואָס איז ארויסגערוקט געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע, ווייל אנדערש קאָן די רעוואָלוציע ניט זיגן. אינעוויי-ניק אינם אלרוסלענדישן ראַט זיינען אומפּארמיידלעך רייבונגען, א קאמף פון פּאַרטייען פאר דער מאַכט. דאָס וועט אָבער זיין אַן אויסלעבונג פון די מעג-לעכע פעלערן און אילוזיעס דורך דער אייגענער פּאָליטישער דערפאַרונג פון די מאַסן (טומל), און ניט דורך די פּארטראגן, וואָס עס מאכן די מיניסטאָרן, זיך שטיצנדיק דערויף, וואָס זיי האָבן נעכטן געזאָגט, וואָס זיי וועלן מאָרגן אנשרייבן און איבערמאָרגן צוזאָגן. דאָס איז לעכערלעך, כאווייריםֿ, פונם שטאנדפּונקט פון דער אינסטיטוציע, וואָס איז באשאַפן געוואָרן דורך דער רוסישער רעוואָלוציע, און פאר וועלכער עס שטייט איצט די פּראַגע: זיין אדער ניט זיין. ווייטער עקזיסטירן אזוי, ווי זיי עקזיסטירן איצט, קאָנען די ראַטן ניט. דערוואקסענע מענטשן, ארבעטער און פּויערים, דארפן זיך צונויפ-קלייבן, אָנעמען רעזאָלוציעס און אויסהערן פּארטראגן, וועלכע קאָנען דאָקו-

מענטאל אַף קיין אופן ניט קאָנטראָלירט ווערן! אזא ארט אינסטיטוציעס, דאָס איז אן איבערגאנג צו דער רעפובליק, וואָס וועט באשאפן אַ פעסטע מאַכט, אָן פאָליציי, אָן אַ שטענדיקער ארמיי, ניט אָפּן וואָרט, נאָר אין דערעמעסן, די מאַכט, וועלכע קאָן אין מאירעוו-אייראָפּע ניט עקזיסטירן, די מאכט, אָן וועלכער עס איז אומעגלעך דער ניצאָכן פון דער רוסישער רעוואָלוציע אינם זין פון א ניצאָכן איבערן אימפּעריאַליזם.

אָן דערדאָזיקער מאַכט קען גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן דעם, אַז מיר זאָלן אַליין אָפּהאַלטן אַזא ניצאָכן, און וואָס מער מיר דרינגען אַריין אין דער פּראָגראַם, וועלכע מע ראָט אונז דאָ, און אין די פאַקטן, פאַר וועלכע מיר בלייבן שטיין, אלץ שרייענדיקער טרעט אַרויס די גרונט-סטירע. אונז זאָגט מען, ווי עס האָט געזאָגט דער פאַרטרעגער און אַנדערע רעדנער, אַז אָט—די ערשטע צייטווייליקע רעגירונג איז געווען שלעכט!

און דעמאָלט, ווען די באָלשעוויקעס, די שלימאַזלדיקע באָלשעוויקעס האָבן געזאָגט: „קיין שום שטיצע, קיין שום צוטרוי דערדאָזיקער רעגירונג״, וויפל האָט זיך אַף אונז געשאָטן באשולדיקונגען אין „אַנאַרכיזם״. איצט ריידן אַלע, אַז די פריערדיקע רעגירונג איז געווען שלעכט,—און וואָס איז די קאָאַליציע=רעגירונג מיט די קימאַט-סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן, מיט וואָס אונ=טערשיידט זי זיך פון דער פריערדיקער? איז דען ניט גענוג שוין רייד וועגן פּראָגראַמען, וועגן פּראָיעקטן, איז דאָס דען ניט גענוג, איז דען שוין ניט צייט אריבערצוגיין צו אַרבעט? אָט איז שוין אַריבער א כוידעש, פון זינט עס האָט זיך דעם 6-טן מאַי אויסגעבילדעט די קאָאַליציע=רעגירונג. טוט אַ קוק אַף די איניאָנים, טוט א קוק אָפּן כורבן, וואָס עקזיסטירט אין רוסלאַנד און אין אַלע לענדער, וואָס האָבן זיך אַריינגעצויגן אין דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. מיט וואָס דערקלערט זיך דער כורבן? מיט דער רויבערישקייט פון די קאַפּיטאַליסטן. אָט וואו עס איז די עמעסע אַנאַרכיע. און דאָס איז לויט די אַנערקענונגען, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן ניט דורך אונזער צייטונג, ניט דורך עפּעס אַ באָלשעוויסטישער, ראַכמאָנע ליצלאָן, נאָר דורך דער מיניסטאָרישער „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ״ („אַרבעטער=צייטונג״): די אינדוסטריעלע פּרייזן אַף די קוילן=ליפערונגען זיינען אויפגעהויבן געוואָרן דורך דער „רעוואָלוציאָנערער רעגירונג״. און די קאָאַליציע=רעגירונג האָט קיין זאַך ניט געענדערט אין דער הינזיכט. אונז זאָגט מען: קען מען דען אין רוסלאַנד איינפירן סאָציאַליזם, ביכלאַל דורכפירן גרונט-רעפאָרמען מיטאַמאָל?—דאָס זיינען אלץ פּוסטע אויסריידן, כאַווײרים.

די דאָקטרינע פון מאַרקסן און ענגעלסן, ווי זיי האָבן שטענדיק דער=קלערט, באַשטייט אָט אין וואָס: „אונזער לערע איז ניט קיין דאָגמע, נאָר אַ וועגווייזער פאַר טעטיקייט״. קיין ריינער קאַפּיטאַליזם, וואָס זאָל איבערגיין אין ריינעם סאָציאַליזם, איז אין ערגעץ אין דער וועלט ניטאָ, און עס קען ניט זיין אין דער צייט פון מילכאָמע, נאָר עס איז פאַראַן עטוואָס מיטעלעס, עטוואָס נייעס, אומדערהערטעס, ווייל עס קומען אום הונדערטער מיליאָנען מענטשן, וואָס זיינען אריינגעצויגן געוואָרן אין דער פאַרברעכערישער מיל-

כאַמע צווישן די קאַפּיטאַליסטן. די פראַגע באַשטייט ניט אין צוזאָגן רעפאָר־מעס—דאָס זיינען פּוסטע ווערטער; די פראַגע באַשטייט דערין, אַז מע זאָל מאַכן דעם שריט, וועלכער איז פאַר אונז איצט נויטיק. אויב איר ווילט זיך שטיצן אַף דער „ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע ר" דעמאָקראַטיע, איז אונטערשיידט דעמדאָזיקן באַגריף פון דער ר ע פ אָ ר מ י ס ט י ש ע ר דעמאָקראַטיע באַ אַ קאַ־פּיטאַליסטיש מיניסטעריום, ווייל עס איז שוין, ענדלעך, צייט אַריבערצוגיין פון די פראַזן וועגן „רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע", פון אָפּגעבן איינער דעם אַנדערן מאַזלטאָוו מיט דער „רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע" צו אַ ק ל אַ ס ן־כאַראַקטעריסטיק, ווי עס האָט אונז געלערנט דער מאַרקסיזם און ביכלאַל דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם. דאָס, וואָס מע לייגט אונז פאָר, איז אַן איבערגאַנג צו אַ רעפאָרמיסטישער דעמאָקראַטיע באַ א קאַפּיטאַליסטישן מי־ניסטעריום. דאָס איז עפּשער אויסגעצייכנט פונם שטאַנדפּונקט פון די געוויינ־לעכע מוסטערן פון מאַירעוו־אייראָפּע. איצט אָבער שטייט אַ גאַנצע ריי לענ־דער ערעוו אונטערגאַנג, און די פּראַקטישע מאָסמיטלען, וועלכע זיינען קלוי־מערשט אַזוי קאָמפּליצירט, אַז עס איז שווער זיי איינצופירן, אַז מע דאַרף זיי ספּעציעל פאַנאַנדעראַרבעטן, ווי עס האָט גערעדט דער פריערדיקער רעד־נער, דער בירגער מיניסטער פון פּאָסט און טעלעגראַף—דידאָזיקע מאָסמיטלען זיינען פולקום קלאָר. ער האָט געזאָגט, אַז עס איז ניטאָ אין רוסלאַנד אַזאַ פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס זאָל אויסדריקן איר גרייטקייט צו נעמען די מאַכט אינגאַנצן אַף זיך. איך ענטפער—עס איז דאָ; קיין איין פּאַרטיי קאָן זיך דער־פון ניט אָפּזאָגן, און אונזער פּאַרטיי זאָגט זיך דערפון ניט אָפּ; יעדע מינוט איז זי גרייט צו נעמען די מאַכט אינגאַנצן (אפּלאַדיסמענטן און גע־לעכטער). איר מעגט לאַכן, וויפל אייך גלוסט זיך, נאָר אויב דער בירגער מיניסטער וועט אונז אַוועקשטעלן פאַר דערדאָזיקער פראַגע צוגלייך מיט אַ רעכטער פּאַרטיי, וועט ער באַקומען דעם געהעריקן ענטפער. קיין איין פּאַר־טיי קען זיך דערפון ניט אָפּזאָגן. און אין דעם מאָמענט, קאָלזמאַן עס עקזיסטירט פרייהייט, קאָלזמאַן די סטראַשונקעס צו אַרעסטירן און אַוועקשיקן אין סיביר,—די סטראַשונקעס מיצאַד די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, וואָס אין איין קאָלעגיע מיט זיי געפינען זיך אונזערע קימאַט־סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן,—קאָלזמאַן דאָס זיינען נאָר סטראַשונקעס, אין אזא מאָמענט זאָגט יעדע פּאַרטיי—געטרויט אונז, און מיר וועלן אייך געבן אונזער פּראָגראַם.

אונזער קאָנפערענץ דעם 29-טן אַפּריל האָט די פּראָגראַם געגעבן. צום באַדויערן, רעכנט מען זיך ניט מיט איר און מע האַנדלט ניט לויט איר. ווייזט אויס, אַז עס איז נויטיק פּאָפּולער זי צו דערקלערן. איך וועל זיך באַ־מיען געבן דעם ה' מיניסטער פון פּאָסט און טעלעגראַף אַ פּאָפּולערע דער־קלערונג פון אונזער רעזאָלוציע, פון אונזער פּראָגראַם. אונזער פּראָגראַם בע־נויגייע דעם עקאָנאָמישן קריזיס באַשטייט דערין, אַז מע זאָל באַלד,—דאָס דאַרף מען גאָרניט אָפּלייגן,—פאָדערן צו פאַרעפנטלעכן די אַלע אומדערהערטע פאַרדינסטן, וועלכע דערגרייכן ביז 500—800 פּראָצענט, וואָס די קאַפּיטאַליסטן נעמען, ניט ווי קאַפּיטאַליסטן אַפן פרייען מאַרק, באַם „ריינעם" קאַפּיטאַליזם,

נאָר פּאָר קריגס=ליפֿערונגען. אַט איז, ווירקלעך, וואו דער אַרבעטער-קאָנטראָל איז נויטיק און מעגלעך. דאָס איז דער מאַסמיטל, וואָס איר, אויב איר רופֿט זיך רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע, דאַרפֿט איר עס פֿאַרווירקלעכן אין נאָמען פֿונם ראַט, און וואָס קען פֿאַרווירקלעכט ווערן פֿון היינט אָף מאָרגן. דאָס איז ניט קיין סאָציאַליזם. דאָס הייסט עפֿענען דעם פֿאָלק די אויגן אָף דער עמעסער אַנאַרכיע און אָף דער עמעסער שפּיל מיטן אימפּעריאַליזם, אַ שפּיל מיטן פֿאַרמעגן פֿון פֿאָלק, מיט הונדערטער טויזנטער לעבנס, וואָס וועלן מאַרגן אומקומען צוליב דעם, אַז מיר זאָלן ווייטער שטיקן גאַליציע. פֿאַרעפֿנטלעכט די פֿאַרדינסטן פֿון די הערן קאַפּיטאַליסטן, אַרעסטירט 50 אָדער 100 פֿון די גרעסטע מיליאָנערן. גענוג אָפּצוהאַלטן זיי עטלעכע וואָכן, אַפֿילע אָף אַזוינע לגאָטנע באַדינגונגען, ווי מע האַלט אויף ניקאָלאַי ראָמאַנאָוון, מיטן פּאַשעטן ציל אויפֿצודעקן די פֿעדים, די גענאַרערישע שטיק, די שמוץ, די אייגנוציקייט, וואָס קאָסט אונזער לאַנד אויך באַ דער נייער רעגירונג טויזנטער אָדער מיליאָנען. אָט דאָס איז די גרונט-סיבע פֿון דער אַנאַרכיע און פֿונם כורבן.

אָט פֿאַרוואָס מיר זאָגן: באַ אונז איז געבליבן, ווי געווען. דאָס קאָאַליציע-מיניסטעריום האָט קיין זאַך ניט געענדערט, עס האָט נאָר צוגעגעבן אַ הייפֿל דעקלאַראַציעס, איבעריקע דערקלערונגען. ווי אויפֿריכטיק מענטשן זאָלן ניט זיין, ווי אויפֿריכטיק זיי זאָלן ניט ווינשן די אַרבעטנדיקע גוטס, האָט זיך די זאַך ניט געענדערט — ד ע ר ז ע ל ב י ק ע ר   ק ל אַ ס שטייט באַ דער מאַכט. די פּאָליטיק, וואָס ווערט געפֿירט, איז ניט קיין דעמאָקראַטישע פּאָליטיק. אונז רעדט מען וועגן „דעמאָקראַטיזירן די צענטראַלע און אָרטיקע מאַכט“,—צי דען ווייסט איר ניט, אַז נאָר פּאַר רוסלאַנד איז אַ נייעס דידאָזיקע ווערטער? אַז אין אַנדערע לענדער האָבן זיך צענדליקער קימאַט-סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן געווענדעט צום לאַנד מיט ענלעכע צוזאָגן? וואָס באַטייטן זיי, ווען מיר האָבן פּאַר זיך אַ לעבעדיקן קאָנקרעטן פֿאַקט: די אָרטיקע באַפֿעלקערונג קלייבט אויס די מאַכט, און דער אַלעפֿבייס פֿון דעמאָקראַטיע ווערט געשטערט דורך דער פּרעטענזיע פֿון צענטער צו באַשטימען אָדער באַשטעטיקן די אָרטיקע מאַכטן; די באַרויבונג פֿונם פֿאָלקספֿאַרמעגן דורך די קאַפּיטאַליסטן דויערט ווייטער. די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע דויערט ווייטער, און אונז זאָגט מען צו רעפֿאָרמעס, רעפֿאָרמעס און רעפֿאָרמעס, וואָס קענען ביכלאַל אין די ראַמען ניט פֿאַרווירקלעכט ווערן, ווייל די מילכאָמע דערשטיקט אַלץ, באַשטימט אַלץ. פֿאַרוואָס זייט איר ניט מאַסקים מיט די, וועלכע זאָגן, אַז די מילכאָמע ווערט געפֿירט נ י ט צוליב די פֿאַרדינסטן פֿון די קאַפּיטאַליסטן? אין וואָס באַשטייט דער קריטעריום? דעריך, פֿריער פֿון אַלץ, וואָס פּאַר אַ קלאַס עס שטייט באַ דער מאַכט, וואָס פּאַר אַ קלאַס עס פֿאַרבלייבט דער באַלעבאָס, וואָס פּאַר אַ קלאַס עס האַלט אין איין פֿאַרדינען הונדערטער מיליאַרדן אַף די באַנקישע און פֿינאַנציעלע אָפּעראַציעס. אַלץ דערזעלביקער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס, און דעריבער דויערט די מילכאָמע ווייטער אַ אימפּעריאַליסטישע. סאַי די ערשטע צייטווייליקע רעגירונג, סאַי די רעגירונג מיט די קימאַט=סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן האָט קיין זאַך ניט געענ-

דערט: די געהיימע אָפּמאַכן בלייבן געהיים, רוסלאַנד האַלט מילכאָמע פאר די דורכגוסן, דערפאר, אַז מע זאָל ווייטער פירן די ליאַכאָווסקע פּאָליטיק אין פּערסיע און אַז. וו.

איך ווייס, אז איר ווילט עס ניט, אַז די מערהייט פון אייך וויל עס ניט, אז די מיניסטאָרן ווילן עס ניט, ווייל מע קאָן עס ניט ווען, ווייל דאָס הייסט אויסהארגענען הונדערטער מיליאָנען מענטשן. נעמט אָבער דעם אָנגריף, וועגן וועלכן עס ריידן איצט אזוי פיל די מיליוקאָווס און מאַקלאַקאָווס. זיי פארשטייען אויסגעצייכנט, אין וואס דא גייט. זיי וויסן, אז דאס איז פאַר-בונדן מיט דער פראגע וועגן דער מאכט, מיט דער פראגע וועגן דער רעוואָ-לוציע. אונז זאָגט מען, אז מע דארף אונטערשיידן פּאָליטישע און סטראַטעגישע פראגן. עס איז לעכערלעך אַזא פראגע אַפילע צו שטעלן. די קאַדעטן פאַר-שטייען אויסגעצייכנט, אז עס ווערט געשטעלט א פּאָליטישע פראגע.

אז דער פון אונטן אָנגעהויבענער רעוואָלוציאָנערער קאמף פאר שאָלעם וואָלט געקאָנט ברענגען צו א סעפּעראַטן שאָלעם — דאס איז רעכילעס. אונ-זער ערשטער טריט, וועלכן מיר וואָלטן פארווירקלעכט, ווען די מאכט וואָלט געווען באַ אונז, איז: אַרעסטירן די גרעסטע קאַפּיטאַליסטן, ארונטעררייסן אַלע פעדים פון זייערע אינטריגעס. אָן דעם זיינען אלע פראזן וועגן א שאָלעם אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס פּוסטע ווערטער. דער צווייטער טריט אונזערער וואלט געווען: דערקלערן די פעלקער באזונדער פון די רעגירונגען, אז מיר האלטן אלע קאַפּיטאַליסטן פאר רויבער, סאַי טערעשטשענקאָ, וועלכער איז קאַל ניט בעסער פאר מיליוקאָוון, נאָר יענער איז אביסל נארישער, סאַי די פראנצויזישע, סאַי די ענגלישע קאַפּיטאַליסטן, סאַי אלעמען.

אייערע אייגענע „איזוועסטיאַ" („יעדיעס") האָבן זיך פארפּלאָנטערט: אנשטאָט א שאָלעם אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס לייגן זיי פּאָר איבערצו-לאָזן „סטאַטוס-קוואָ" (די לאגע ווי זי איז). ניין, מיר פארשטייען ניט אזוי דעם שאָלעם „אָן אַנעקסיעס", און דאָ גייט צו נעענטער צום עמעס אַפילע דער פּויערשער צוזאמענפאָר, וועלכער רעדט וועגן א „פעדעראטיווער" רעפּוב-ליק, און דערמיט דריקט ער אויס דעם געדאנק, אז די רוסישע רעפּובליק וויל ניט אונטערדריקן קיין איין פאָלק, ניט אַפן נייעם, ניט אַפן אלטן שטייגער; ניט מיט אונזער פאָלק, ניט מיט פינלאַנד, ניט מיט אוקראַינע, צו וועלכע עס טשעפּעט זיך אזוי דער קריגס-מיניסטער, מיט וועלכע עס ווערן באַשאפן קאָנ-פליקטן, וואס מע טאָר זיי ניט דערלויבן און ניט דערלאָזן, מיט קיינעם וויל זי ניט לעבן אָף יעסוידעס פון גוואלדטאַט. מיר ווילן אַן איינהייטלעכע און אומ-צעטיילבאַרע רוסלענדישע רעפּובליק מיט אַ פעסטער מאַכט; אָבער אַ פעסטע מאַכט ווערט געגעבן דורך אַ פרייוויליקן העסקעם פון פעלקער.

„רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע" — דאס זיינען גרויסע ווערטער. אָבער צוגעפּאַסט ווערן זיי צו אַ רעגירונג, וואס פארפּלאָנטערט דורך קליינלעכע צו-טשעפּענישן די פראגע מיט אוקראַינע און פינלאנד, וועלכע האבן זיך אפילע ניט געוואָלט אָפּטיילן, נאָר זיי זאגן בלויז — לייגט ניט אָפּ ביז דער גרינ-דונגס-פארזאמלונג די דורכפירונג פונם אַלעפּבייס פון דעמאָקראַטיע! קיין שאָ-

לעם אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס קאָן מען ניט שליסן, ביז איר וועט זיך
ניט אָפּזאָגן פון אייערע אייגענע אַנעקסיעס. דאָס איז דאָך לעכערלעך, דאָס
איז דאָך אַ שפּיל! דערפון לאַכט דאָך אין אייראָפּע יעדער ארבעטער, — ער
זאָגט: אַף ווערטער זיינען זיי שיינריידעוודיק, רופן די פעלקער אַראָפּצואוואַרפן
די באַנקירן, און אַליין, זייערע פאַטערלענדישע באַנקירן שיקן זיי אין מיניס-
טעריום. אַרעסטירט זיי, דעקט אויף די שטיק, דערקענט די פעדים, — דאָס
טוט איר ניט, הגאַם איר האט מאכטהאָבנדע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע מע קאָן
זיך ניט אַנטקעגנשטעלן. איר האט איבערגעלעבט דעם 1905-טן און 1917-טן
יאָרן, איר ווייסט, אַז לויט אַ באשטעלונג מאכט מען קיין רעוואָלוציע ניט, אַז
רעוואָלוציעס אין אנדערע לענדער האט מען געמאכט אָפּן בלוטיקן שווערן
וועג פון אויפשטאנדן, און אין רוסלאנד איז ניטאָ אַזאַ גרופּע, ניטאָ אַזאַ
קלאַס, וואס זאָל זיך קאָנען אַנטקעגנשטעלן דער מאכט פון די ראַטן. אין רוס-
לאנד איז דידאָזיקע רעוואָלוציע, אלס אויסנאַם, מעגלעך ווי א פרידלעכע רע-
וואָלוציע. זאָל דידאָזיקע רעוואָלוציע היינט—מאָרגן פאָרלייגן שאלעם אלע פעלקער
דורך אַן איבערייס מיט אלע קלאסן פון קאפּיטאליסטן, וועט זיך אין מעשעך
פון דער סאַמע קורצער צייט סאַי פון פראנקרייך, סאַי פון דייטשלאנד, אין
דער פּערזאָן פון זייערע פעלקער, באַקומען אַ האסקאָמע, ווייל דידאָזיקע לענ-
דער גייען אונטער, דערפאר, ווייל די לאַגע פון דייטשלאנד איז א האפענונגסלאָזע,
דערפאַר, ווייל ראטעווען קאָן זי זיך ניט, און דערפאַר, ווייל פראַנקרייך...

פּאָרזיצער: אייער צייט איז אויסגעשעפּט.

לענין: אין אַ האלבע מינוט ענדיק איך...

(אַטומל, פון די ערטער בעט מען פּאָרזעצן, פּראָטעסטן, אַפּלאָדיסמענטן).

פּאָרזיצער: איך מעלד דעם צוזאמענפאָר, אַז דער פּרעזידיום לייגט
פאָר פאַרלענגערן דעם רעדנער די צייט. ווער איז קעגן? די מערהייט איז
פאר פאַרלענגערן.

לענין: איך האָב זיך אָפּגעשטעלט דערויף, אַז ווען אין רוסלאַנד
וואָלט די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע זיין אַ דעמאָקראַטיע ניט אַף ווערטער,
נאָר אין דערעמעסן, וואָלט זי אריבערגעגאנגען צו באַוועגן די רעוואָלוציע
פאָרויס, און ניט צו אַ פשאָרע מיט די קאַפּיטאליסטן, ניט צו קיין רייד וועגן
א שאָלעם אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס, נאָר צו דער פאַרניכטונג פון
אַנעקסיעס אין רוסלאַנד און צו דער דירעקטער דערקלערונג, אז יעדע אַנעק-
סיע האַלט זי פאַר אַ פאַרברעכערישער און רויבערישער. דעמאלט וואָלט מעג-
לעך געווען אויסצומיידן דעם אימפּעריאַליסטישן אָנגריף, וואס דראָט מיט אונ-
טערגאַנג טויזנטער און מיליאָנען מענטשן צוליב דער צעטיילונג פון פערסיע,
באַלקאַן, דעמאלט וואָלט אויפגעעפנט געוואָרן דער וועג צו שאָלעם, אַ וועג
ניט קיין פּאַשעטער, — דאָס זאָגן מיר ניט, — אַ וועג, וואס שליסט ניט אויס
א ווירקלעך-רעוואלוציאָנערע מילכאָמע. מיר שטעלן ניט די פראגע אזוי, ווי
עס שטעלט זי באַזאַראָוו אין „נאָוואַיאַ זשיזן”. מיר זאָגן בלויז, אז רוסלאנד
איז אַוועקגעשטעלט אין אַזוינע באַדינגונגען, אַז צום סאָף פון דער אימפּערי-

אליסטישער מילכאָמע זיינען אירע אויפגאַבן לייכטער, ווי עס וואָלט זיך גע-
קאָנט אויסדוכטן. און זי איז אַוועקגעשטעלט אין אַזוינע געאָגראַפישע באדינ-
גונגען, אַז די מלוכעס, וועלכע וואָלטן ריזיקירט זיך שטיצן אַפן קאַפּיטאַל און
אַף זיינע רויבערישע אינטערעסן און אויפשטיין קעגן דעם רוסישן אַרבעטער-
קלאַס און דעם האַלבפּראָלעטאַריאַט, ד. ה. דעם אָרימסטן פּויערטום, וואָס
שטייט צו אים צו, — ווען זיי וואלטן דערויף געגאַנגען, וואָלט עס פּאַר זיי
געווען אַ העכסט שווערע אויפגאַבע. דייטשלאַנד שטייט אַף דער גרעניץ פון
אונטערגאַנג, און נאָכן ארויסטריט פון אַמעריקע, וועלכע וויל אויפעסן מעק-
סיקע און וועלכע וועט מיסטאמע אריינטרעטן מאָרגן אין אַ קאמף מיט יאַ-
פּאָניע, — נאך דעם אַרויסטריט איז די לאַגע פון דייטשלאַנד אַ האָפענונגס-
לאָזע, — מע וועט זי פארניכטן. פראַנקרייך, וואָס איז געאָגראַפיש אוועקגע-
שטעלט אַזוי, אַז זי ליידט מער פון אַלעמען און איר אויסצערונג דערגרייכט
דעם מאַקסימום, דאָס לאַנד, וואס הונגערט ווייניקער פון דייטשלאַנד, זי האט
אָן אַן ערעך מער פארלאָרן מענטשלעכן מאַטעריאַל, ווי דייטשלאַנד. איז אָט,
ווען מע וואָלט גלייך פונם ערשטן טריט אָנגעהויבן דערפון, וואָס מע וואָלט
איינגעצוימט דעם רעוועך פון די רוסישע קאַפּיטאַליסטן און מע וואָלט אָפּגע-
נומען בא זיי יעדע מעגלעכקייט צוצונעמען הונדערטער מיליאָנען פאַרדינסט,
ווען מע וואָלט אַ ל ע פעלקער פאָרגעלייגט שאָלעם קעגן די קאַפּיטאַליסטן פון
א ל ע לענדער מיט אַ דירעקטער דערקלערונג, אַז מיט די דייטשישע קאַפּי-
טאַליסטן און מיט די, וואס העלפן זיי נאָר דירעקט אָדער אומדירעקט מיט,
אָדער פלאַנטערן זיך מיט זיי, אז מיט זיי טרעט איר אין קיינע שמועסן אדער
באַציאונגען ניט אַריין, אז איר זאגט זיך אָפּ צו ריידן מיט די פראַנצויזישע
און ענגלישע קאַפּיטאַליסטן, — דעמאלט וואָלט איר אַרויסגעטראָטן אף צו בא-
שולדיקן זיי פאַר די אַרבעטער. איר וואָלט דעמאָלט ניט באַטראַכט ווי אַ ני-
צאָכן דאָס ארויסגעבן אַ פּאַספּארט מאַקדאָנאַלדן, וועלכער האָט קיינמאָל קיין
רעוואָלוציאָנערן קאמף מיטן קאַפּיטאַל ניט געפירט און וועלכן מע לאָזט דורך
דערפאַר, ווייל ער האָט ניט אויסגעדריקט ניט די אידייען, ניט די פּרינציפּן,
ניט די פּראַקטיק, ניט די דערפאַרונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן די
ענגלישע קאַפּיטאַליסטן, פאר וועלכע אונזער כאַווער מאַקלין און הונדערטער
אנדערע ענגלישע סאָציאַליסטן זיצן אין די טורמעס, און פאַר וואָס עס זיצט
אונזער כאַווער ליבקנעכט, וועלכער זיצט אין דער קאטאָרגע-טורמע דערפאַר,
וואָס ער האָט געזאָגט: „דייטשישע סאָלדאַטן, שיסט קעגן אייער קייסער".
וואָלט דען ניט ריכטיקער געווען די אימפּעריאַליסטן-קאפּיטאַליסטן אוועקצו-
שיקן אַף דערזעלביקער קאטאָרגע, וועלכע עס גרייט און זאָגט אונז יעדן טאָג
צו די מערהייט מיטגלידער פון דער צייטווייליקער רעגירונג אין דער ספּע-
ציעל צו דעם ציל צוריק אויפגעשטעלטער 3-טער דומע — איך ווייס, אגעוו,
ניט, וועלכע זי איז, לויטן כעשבן — די דריטע אָדער די פערטע, — און זי
שרייבט שוין וועגן דעם נייע געזעצפּראָיעקטן אין יוסטיץ-מיניסטעריום. מאקלין
און ליבקנעכט — אָט דאס זיינען די נעמען פון די סאָציאַליסטן, וועלכע פירן
דורך אין לעבן די אידייע פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם. אט

וואָס מע דאַרף זאָגן אַלע רעגירונגען, קעדיי צו קעמפן פאר שאלעם, מע דאַרף זיי באַשולדיקן פאַר די פעלקער. דעמאָלט וועט איר אוועקשטעלן אין אַ פאַרפלאנטערטער לאַגע אַלע אימפעריאליסטישע רעגירונגען. און איצט האָט איר זיך פארפלאָנטערט. ווען איר האָט זיך געווענדעט צום פאלק מיט אַן אויפרוף וועגן שאָלעם דעם 14=טן מאַרט, זאָגנדיק: „וואַרפט אַראָפּ אייערע קייסארים, אייערע קעניגן, אייערע באַנקירן‟, אין דער צייט, ווען מיר, האבנדיק אין די הענט אזא אָרגאַניזאַציע, אַזא אומדערהערטע, רייכע לויט דער צאל, דערפארונג, לויט דער מאטעריעלער קראַפט, ווי דער ראַט פון ארבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן, מיר מיט אונזערע באַנקירן שליסן מיר א בלאָק, גרינדן א קאָאליציע, קימאַט סאָציאליסטישע רעגירונג און שרייבן פּראָיעקטן פון רעפאָרמעס, וועלכע זיינען אין אייראָפּע צענדליקער און צענדליקער יאָרן געשריבן געווארן. דאָרט, אין אייראָפּע, לאַכט מען פון אַזא מין קאמף פארן שאלעם. דאָרט וועט מען אים פארשטיין נאָר דאַן, ווען די ראטן וועלן נעמען די מאַכט און וועלן ארויסטרעטן רעוואָלוציאָנער.

נאָר איין לאַנד אין דער וועלט קאָן מאַכן שריט אַף אויפצוהערן די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע באַלד אין אַ קלאַסן-מאַסשטאַב, קעגן די קאַפּיטאַליסטן, אָן אַ בלוטיקער רעוואָלוציע, נאָר איין לאַנד, און דאָס לאַנד איז — רוסלאַנד. און זי בלייבט עס אַזוי לאנג, קאָלזמאַן דער ראַט פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן עקזיסטירט. לאַנג וועט ער זייט באַ זייט מיט אַ ציטווילּיקער רעגירונג פון געוויינלעכן טיפּ ניט קאָנען עקזיסטירן, און ער וועט פאַרבלייבן, ווי פריער, בלויז אַזוי לאנג, ביז וואַנען עס וועט ניט פאַרווירקלעכט ווערן דערדאָזיקער איבערגאַנג צום אָנגריף. דער איבערגאנג צו אַן אָנגריף איז אַן איבערבראָך אין דער גאַנצער פּאָליטיק פון דער רוסישער רעוואָלוציע, ד. ה. אַן איבערגאנג פון ווערטן, פון צוגרייטן דעם שאָלעם דורך א רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד פון אונטן, צו אַ באַנייאונג פון דער מילכאָמע, אַן איבערגאַנג פון ברידערן זיך אַף איין פראָנט צום ברידערן זיך אַף אַלע פראָנטן, פון סטיכישן ברידערן זיך, ווען מענטשן בייטן אויס א האַרט שטיקל ברויט באם הונגעריקן דייטשישן פּראָלעטאַריער פאַר אַ טאַשן=מעסערל, פאר וואס מע דראָט זיי מיט קאַטאָרגע, צו אַ באַוואוסטזיניקן ברידערן זיך, — אָט וואס פאר אַ וועג עס האט זיך אָנגעמערקט. ווען מיר וועלן נעמען אין אונזערע הענט די מאַכט, וועלן מיר אַריינעמען אין צוים די קאַפּיטאַליסטן, און דעמאָלט וועט עס זיין ניט די מילכאָמע, וואָס פירט זיך איצט, — ווייל די מילכאָמע ווערט באַשטימט דורך דעם, וועלכער קלאַס עס פירט זי, און ניט דורך דעם, וואס אין די פּאַפּירלעך איז אָנגעשריבן. אין די פּאַפּירלעך קאָן מען אָנשרייבן וואס מע וויל. קאָלזמאַן אָבער דער קלאַס קאַפּיטאַליסטן איז אין דער רעגירונג פאָרגעשטעלט דורך אַ מערהייט, איז וואָס איר זאָלט ניט אָנשרייבן, ווי שיינריידעוודיק איר זאָלט ניט זיין, וואָס פאַר אַ באשטאַנד פון קימאַט-סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן איר זאָלט ניט האָבן, וועט די מילכאָמע אַלץ בלייבן א אימפּעריאַליסטישע. דאָס ווייסן אַלע און זעען אַלע. און אָט — דער ביישפּיל פון אַלבאַניע, דער ביישפּיל פון גריכנלאַנד, פון פּערסיע — האבן עס אַזוי קלאָר און אנשוי-

לעך באַוויזן, אַז מיך וואונדערט, פאַרוואָס אַלע פאַלן אָן אַף אונזער שריפט־לעכער דעקלאַראַציע וועגן אַנגריף, און קיינער רעדט קיין איין וואָרט ניט וועגן קאָנקרעטעביישפילן. צוזאָגן פּראָיעקטן איז גרינג, אָבער די קאָנקרעטע מאָסמיטלען לייגט מען אַלץ אָפּ. שרייבן אַ דעקלאַראַציע וועגן שאָלעם אָן אַנעקסיעס איז גרינג, אָבער דער ביישפּיל פון אַלבאַניע, גריכנלאַנד, פּערסיע איז דאָך פאָרגעקומען נאָכן קאָאַליציע-מיניסטעריום. האָט דאָך וועגן זיי די „דיעלאָ נאַראָדאַ״, אַן אָרגאַן ניט פון אונזער פּאַרטיי, נאָר אַ רעגירונגס-אָר-גאַן, אַן אָרגאַן פון מיניסטאָרן, געשריבן, אַז דאס טרייבט מען שפּאָט פון דער רוסישער דעמאָקראַטיע דערמיט, וואָס מע שטיקט גריכנלאַנד. און דער-זעלביקער מיליוקאָוו, וועלכן איר שטעלט פאָר, ווי אַ גאָט ווייסט ווער, — ער איז אַ געווייגלעכער מיטגליד פון זיין פּאַרטיי, — טערעשטשענקאָ אונטערשיידט זיך פון אים מיט קיין זאַך ניט, — ער האט געשריבן, אַז אַף גריכנלאַנד האט גע-דריקט די אַנטאַנטישע דיפּלאָמאַטיע.

די מילכאָמע בלייבט אַ אימפּעריאַליסטישע, און ווי איר זאָלט ניט וועלן קיין שאָלעם, ווי אויפריכטיק עס זאָל ניט זיין אייער מיטגעפיל צו די אַר-בעטנדיקע, און ווי אויפריכטיק עס זאָל ניט זיין אייער וואונש פון שאָלעם, — איך בין פולקום איבערצייגט, אַז ער קאָן ניט זיין ניט אויפריכטיק אין דער מאַסע, — זייט איר אנמעכטיק, ווייל די מילכאָמע קאָן מען ניט פאַרענדיקן אַנ-דערש, ווי דורך דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע. ווען די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האט זיך אָנגעהויבן, האָט זיך אָנגעהויבן אויך דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף פון אונטן פאר שאָלעם. ווען איר וואָלט נעמען די מאַכט אין אייערע הענט, ווען די מאַכט וואָלט אַריבערגעגאַנגען צו די רעוואָלו-ציאָנערע אָרגאַניזאַציעס אַף צו קעמפן קעגן די רוסישע קאַפּיטאַליסטן, וואָלטן די אַרבעטנדיקע פון אַנדערע לענדער אייך געטרויט, דעמאָלט וואָלט איר גע-קאָנט פאָרלייגן שאָלעם. דעמאָלט וואָלט אונזער שאָלעם באַוואָרנט געווען, לע-כאָלאַפּאָכעס, פון צוויי זייטן, מיצאַד צוויי פעלקער, וועלכע גייען אויס מיט בלוט און וועמענס זאַך עס איז האָפענונגסלאָז — מיצאַד דייטשלאַנד און פראַנקרייך. און ווען די אומשטענדן וואָלטן אונז דעמאָלט אוועקגעשטעלט אין דער לאַגע פון אַ רעוואָלוציאָנערער מילכאָמע — דאָס ווייסט קיינער ניט, מיר פאַרשווערן זיך ניט דערפון, — וואָלטן מיר געזאָגט: „מיר זיינען ניט קיין פּאַ-ציפיסטן, מיר זאָגן זיך ניט אָפּ פון מילכאָמע, אויב דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס שטייט באַ דער מאַכט, אויב ער האָט ווירקלעך באַזייטיקט די קאַפּיטאַ-ליסטן פון יעטווידער האשפּאָע אַף דער שטעלונג פון דער זאַך, אַף דער פאַר-גרעסערונג פון דעם כורבן, וועלכער דערלויבט זיי צו פאַרדינען הונדערטער מיליאָנען. די רעוואָלוציאָנערע מאַכט וואָלט אַלע אָן אויסנאַם פעלקער דער-קלערט און געזאָגט, אַז אַלע פעלקער דאַרפן זיין פריי, אז פונקט ווי דאָס דייטשישע פאָלק טאָר ניט האַלטן קיין מילכאָמע אַף איינצוהאַלטן עלזאַס און לאָטאַרינגיע, פונקט אַזוי טאָר דאס פראַנצויזישע פאָלק ניט מילכאָמע האַלטן פאַר זיינע קאָלאָניעס. ווייל אויב פראַנקרייך האלט מילכאָמע פאַר אירע קאָ-לאָניעס, איז באַ רוסלאַנד פאַראַן כיווע און בוכאַרע, דאָס איז אויך עטוואָס

ענלעכעס צו קאָלאָניעס, און ווען עס וועט זיך אָנהויבן די כאַלוקע פון די קאָלאָניעס, איז ווי זאָל מען זיי טיילן, לויט וואָס פאר אַ נאָרמע? לויט דער קראַפט? און די קראַפט האָט זיך דאָך געענדערט, די לאַגע פון די קאַפּיטאַליסטן איז אַזאַ, אַז קיין אַנדער אויסוועג, אַכוץ מילכאָמע, איז ניטאָ. ווען איר וועט נעמען די רעוואָלוציאָנערע מאַכט, וועט איר האָבן אַ רעוואָלוציאָנערן וועג צום שאָלעם: ווענדן זיך צו אַלע פעלקער מיט אַ רעוואָלוציאָנערן צורוף, דערקלערן די טאַקטיק אַף אייער אייגענעם ביישפּיל. דער וועג צו דער רעוואָלוציאָנערער דעראָבערונג פון שאָלעם וועט זיך פאר אייך דעמאָלט עפענען מיט דער גרעסטער ווארשיינלעכקייט פון דעם, אַז איר וועט אויסמיידן דעם אונטערגאַנג פון הונדערטער טויזנטער מענטשן. דעמאָלט קאָנט איר זיין זיכער, אַז דאס דייטשישע און פראַנצויזישע פאָלק וועלן זיך ארויסזאָגן פאַר אייך. און די קאַפּיטאַליסטן די ענגלישע, אַמעריקאַנישע און יאַפּאָנישע, אויב זיי וואָלטן אַפילע וועלן אַ מילכאָמע קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער-קלאַס, — ווען עמענס קויכעס עס וועלן פאַרצענפאַכט ווערן, ווען די קאַפּיטאליסטן וועלן ארייגנענומען ווערן אין צוים, באַזייטיקט ווערן, און דער קאָנטראָל וועט איבערגיין אין די הענט פונם אַרבעטער-קלאַס, — אַפילע אויב די אַמעריקאַנישע, ענגלישע און יאַפּאָנישע קאַפּיטאליסטן וואָלטן געוואָלט מילכאָמע, איז 99 פראָצענט פון 100 דערפאַר, אַז זיי וועלן זי ניט קאָנען פירן. גענוג וועט פאר אייך זיין צו דערקלערן, אַז איר זייט ניט קיין פאַציפיסטן, אַז אייער רעפּובליק, די אַרבעטערשע, פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע וועט איר פארטיידיקן קעגן די דייטשישע און פראַנצויזישע און אַנדערע קאַפּיטאַליסטן, — און דאָס וועט זיין גענוג, אַז דער שאָלעם זאָל זיין באַוואָרנט.

אָט פארוואָס מיר האָבן אונזער דערקלערונג וועגן אָנגריף צוגעגעבן אַזאַ גרונטלעכע באַדייטונג. עס איז געקומען די צייט פון איבערבראָך אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע. די רוסישע רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן דערפון, וואָס איר האט מיטגעהאָלפן די אימפּעריאַליסטישע בורזשואַזיע פון ענגלאַנד, וועלכע האט געמיינט, אַז רוסלאַנד איז עטוואָס ענלעכעס צו כינע, אָדער אינדיע. אנשטאָט דעם, איז זייט באַ זייט מיט דער רעגירונג, אין וועלכער די מערהייט באשטייט איצט פון פריצים און קאפּיטאַליסטן, — זיינען אַנטשטאַנען די ראַטן — אַן אומדערהערטע, אַ ניט געזעענע אין דער וועלט לויט איר קראַפט פאָרשטייערשאפט-אינסטיטוציע, וועלכע איר הארגעט אַוועק דורך אייער אָנטייל אינם קאָאַליציע-מיניסטעריום פון דער בורזשואַזיע. אנשטאָט דעם, האט די רוסישע רעוואָלוציע אויפגעטאָן דאָס, וואס דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון אונטן קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג האט מען אומעטום, אין אַלע לענדער, אָנגעהויבן באַגעגענען מיט אַ דרייפאַך פאַרגרעסערטן מיטגעפיל. די פראגע שטייט אַזוי: גיין פאָרויס אָדער צוריק? שטיין אין אַ רעוואָלוציאָנערער צייט אַף איין אָרט קאָן מען ניט. אָט פאַרוואָס דער אָנגריף איז אַן איבערבראָך פון דער גאנצער רעוואָלוציע, ניט אין דער סטראַטעגישער באדייטונג פונם אָנגריף, נאָר אין דער פּאָליטיש-עקאָנאָמישער. דער אָנגריף איז איצט א פאָרזעצונג פון דער אימפּעריאליסטישער

שכיטע און פון אומקום פון הונדערטער, טויזנטער, מיליאָנען מענטשן, — אָבּ-יעקטיוו, ד. ה. אומאָפּהענגיק פונם ווילן אָדער באַוואוסטזיין פון דעם אָדער יענעם מיניסטער, צוליב דער דערשטיקונג פון פּערסיע און פון די איבעריקע שוואַכע פעלקער. דער איבערגאנג פון דער מאַכט צום רעוואָלוציאָנערן פּראָ-לעטאַריאַט באַ דער שטיצע פונם אָרימסטן פּויערטום איז אַן איבערגאנג צום רעוואָלוציאָנערן קאמף פאר שאָלעם אין די סאַמע געזיכערטע, ווייטיקלאָזע פאָרמען, וואס די מענטשהייט ווייסט נאָר, אַן איבערגאנג דערצו, אַז די מאַכט און דער ניצאָכן פאר די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער וועלן באוואָרנט זיין סאַי אין רוסלאנד, סאַי אין דער גאנצער וועלט (אַ פּ לאָ דיסמענטן פון אַ טייל פון דער פאַרזאמלונג).

„פּראַוודא” נומ. 82 און 83,
15 און 16 יוני 1917 יאָר.

---

# וועגן דער מילכאָמע.

(רעדע פון כ׳ לענין אפן ראַטן-צוזאַמענפאָר).

כאַווײרים, דערלויבּט מיר, אלס אַ האַקדאָמע צום פאַנאַנדערקלייבּן די פּראַגע וועגן מילכאָמע, דערמאָנען צוויי שטעלן פונם אויפרוף פאַר אַלע לענ-דער, וועלכן עס האָט דעם 14-טן מאַרט פאַרעפנטלעכט דער פּעטראָגראַדער ראַט פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן. „עס איז געקומען די צייט, — איז געזאָגט געוואָרן אין דעם אויפרוף, — אָנצוהויבּן אַן אנטשלאָסענעם קאמף מיט די פאַרכאַפּערשע שטרעבונגען פון די רעגירונגען פון אַלע לענדער, עס איז געקומען די צייט, אז די פעלקער זאָלן נעמען אין זייערע הענט די לייזונג פון דער פּראַגע וועגן מילכאָמע און שאָלעם”. א צווייט אָרט פון דער ווענ-דונג — צו די פּראָלעטאַריער פון דער עסטרייכיש-דייטשישער קאָאַליציע, — וואו עס ווערט געזאָגט: „זאָגט זיך אָפּ פון צו דינען פאַר אַ ווערקצייג פון פאַר-כאַפּן און פון גוואַלטאַט אין די הענט פון די קעניגן, פּריצים און באַנקירן”. אָט דאָס זיינען די צוויי שטעלן, וועלכע זיינען אין פאַרשיידענע פאָרמולירונ-גען איבערגעכאזערט געוואָרן אין צענדליקער, הונדערטער, איך מיין אַפילע, אין טויזנטער רעזאָלוציעס פון די אַרבעטער און פּויערים פון רוסלאַנד. דידאָ-זיקע צוויי שטעלן דערווייזן, לויט מיין איבערצייגונג, בעסער פון אלץ די ווי-דערשפּרוכספולע, אַן אָפּהאַלט פאַרפּלאָנטערטע לאַגע, אין וועלכער די רעוואָ-לוציאָנערע אַרבעטער און פּויערים זיינען אדאנק דער איצטיקער פּאָליטיק פון די מענשעוויקעס און פּאָלקיסטן ארייַנגעפּאַלן. פון איין זייט, זיינען זיי פאַר שטיצן די מילכאָמע, פון דער צווייטער זייט, געהערן זיי צו די פאָרשטייער פון די קלאַסן, וועלכע זיינען ניט פאַרינטערעסירט אין די פאַרכאַפּערישע שטרעבונגען פון די רעגירונגען פון אלע לענדער, און זיי קאָנען ניט ניט זאָגן עס. דידאָזיקע פּסיכאָלאָגיע און אידעאָלאָגיע, ווי מעטושטעש זי זאָל ניט זיין, איז

קימאַט באַ יעדן אַרבעטער און פויער פאַרלייגט אומגעווײנלעך טיף. דאָס איז
דער באַוואוסטזיין פון דעם, אַז די מילכאָמע ווערט געפירט צוליב די פּאַרכאַ-
פּערישע שטרעבונגען פון די רעגירונגען פון אַלע לענדער. צוגלייך אָבער דער-
מיט איז הערכסט ניט קלאָר דאָס פאַרשטיין, אָדער עס איז אפילע פאַראַן אַ
ניט=פאַרשטיין, אַז אַ רעגירונג, פון וואָס פאַר אַ פאַרוואַלטונגס-פאָרם זי זאָל
ניט זיין, דריקט זי אויס די אינטערעסן פון באַשטימטע קלאַסן, אַז דערפאַר
איז אַנטקעגנשטעלן די רעגירונג און דאָס פאָלק, ווי דאָס טוט די ערשטע צי-
טאַטע, וואָס איך האָב געבראַכט, איז דער גרעסטער טעאָרעטישער פּלאָנטער,
די גרעסטע פּאָליטישע אומבאַהאָלפנקייט, דאָס הייסט פאַרמישפּעטן זיך אַליין
און די גאַנצע אייגענע פּאָליטיק אַף אַ סאַמע וואַקלדיקער, ניטשטאַנדהאַפּטי-
קער לאַגע און אויפירונג. און פּונקט אַזוי זיינען אויך די שלוסווערטער פון
דער צווייטער ציטאַטע, וואָס איך האָב איבערגעלייענט, אַט די אויסגעצייכנטע
ווענדונג: „זאָגט אייך אָפּ פון צו דינען פאַר אַ ווערקצייג פון פּאַרכאַפּן און פון
גוואַלטאַט אין די הענט פון די קעניגן, פּריצים און באַנקירן“, — זי איז פּראַכט-
פול, אָבער נאָר, ווען איר מיינט אייערע אייגענע אויך. ווייל אויב איר, רו-
סישע אַרבעטער און פויערים, וועט זיך ווענדן צו די אַרבעטער און פויערים
פון עסטרייך און דייטשלאַנד, וועמעס רעגירונגען און רעגירנדיקע קלאַסן עס
פירן פּונקט אַזאַ גאַזלאָנישע און רויבערישע מילכאָמע, ווי די רוסישע קאַפּי-
טאַליסטן און באַנקירן, ווי די ענגלישע און פראַנצויזישע, — אויב איר זאָגט:
„זאָגט אייך אָפּ פון צו דינען פאַר אַ ווערקצייג אין די הענט פון אייערע
באַנקירן“, און אייערע אייגענע באַנקירן לאָזט איר אַריין אין מיניסטעריום
און איר זעצט זיי אַוועק מיט די סאָציאַליסטן-מיניסטאָרן, פאַרוואַנדלט איר
אַלע אייערע אויפרופן אין גאָרניט, אייער גאַנצע פּאָליטיק לייקנט איר פּאַק-
טיש אָפּ. פּאַקטיש איז פּונקט ווי עס וואָלטן ניט געווען אייערע אויסגעצייכנ-
טע שטרעבונגען אָדער וואונשן, ווייל איר העלפט מיצאַד רוסלאַנד צו פירן
דיזעלביקע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע, דיזעלביקע פּאַרכאַפּערישע מילכאָמע.
איר קומט אין אַ ווידערשפּרוך מיט די מאַסן, וועלכע איר שטעלט פאָר, ווייל
דידאָזיקע מאַסן וועלן זיך קיינמאָל ניט שטעלן אַפן שטאַנדפּונקט פון די קאַ-
פּיטאַליסטן, וועלכן עס דריקן אָפּן אויס די מיליוקאָווס, מאַקלאַקאָווס און אַנ-
דערע, וואָס זאָגן: „ניטאָ קיין מער פּאַרברעכערישע אידייע, ווי די, אַז די
מילכאָמע ווערט געפירט אין די אינטערעסן פונם קאַפּיטאַל“. איך ווייס ניט,
צי דידאָזיקע אידייע איז פאַרברעכעריש, איך צווייפל אָבער ניט, אַז פונם
שטאַנדפּונקט פון די, וואָס היינט עקזיסטירן זיי אַף דער העלפט, און מאָרגן
וועלן זיי שוין עפּשער ניט עקזיסטירן, איז דידאָזיקע אידייע אַ פּאַרברעכערי-
שע; זי איז אָבער די איינציקע ריכטיקע, נאָר זי אַליין דריקט אויס אונזער פאַר=
שטיין דידאָזיקע מילכאָמע, זי אַליין דריקט אויס די אינטערעסן פון די אונטער-
דריקטע קלאַסן, ווי אַ קאַמף קעגן די אונטערדריקער; און ווען מיר זאָגן, אַז
די מילכאָמע איז אַ קאַפּיטאַליסטישע, אַ פּאַרכאַפּערישע, דאַרף מען ניט שאַפן
קיין אילוזיעס; דאָ איז ניטאָ אפילע קיין שאָטן דערפון, אַז די פּאַרברעכנס
פון איינצלנע מענטשן, איינצלנע קעניגן קאָנען קלוימערשט אַרויסרופן אַזאַ

מילכאָמע. דער אימפּעריאַליזם איז אַ באַשטימטע מאַדרייגע אין דער אנטוויקלונג פונם אַלוועלטלעכן קאַפּיטאַל; דער קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט זיך צענדליקער יאָרן צוגעגרייט, איז דערגאַנגען דערצו, אז א קליינע גרופּע ריזיק=רייכע לענדער — פאַראַן אזוינע ניט מער פון 4: ענגלאנד, פראנקרייך, דייטשלאַנד און אַמעריקע, — האָבן אָנגעקליבן אין אַזאַ צאָל רייכטימער, וואָס ווערן אויסגעמאָסטן אין הונדערטער מיליאַרדן, האָבן אָנגעקליבן אַזאַ קראַפט אין די הענט פון די גרויסע בענק און פון די גרויסע קאַפּיטאַליסטן, — פאַראַן אזוינע א שטיק צוויי אדער אַ האַלב טוץ העכסטנס, אין יעדן פון דידאָזיקע לענדער, — אין אַזאַ ריזיקער קראַפט, וואָס האָט די גאַנצע וועלט ארומגעכאַפּט, וואָס האָט דעם גאנצן ערד-קיילעך צעטיילט בוכשטעבלעך אינם טעריטאָריאַלן זין, אינם זין פון קאָלאָניעס. די קאָלאָניעס פון אלע לענדער האָבן זיך באַגעגנט איינע מיט די אַנדערע אין אלע לענדער פונם ערד=קיילעך, און זיי האָבן אים איבערפאַרטיילט צווישן זיך אויך עקאָנאָמיש, ווייל עס איז ניטאָ אזאַ שטיקל ערד אפן ערד-קיילעך, וואוהין עס זאָלן ניט האָבן ארייַנגעדרונגען די קאָנצעסיעס, וואוהין עס זאָלן ניט האָבן ארייַנגעדרונגען די פעדים פונם פינאַנציעלן קאַפּיטאַל. דאָס זיינען די יעסוידעס פון אַנעקסיעס. אַנעקסיעס — דאָס איז ניט קיין אויסגעטראַכטע זאַך, זיי זיינען אויפגעקומען ניט דערפאַר, ווייל מענטשן זיינען פון פרייהייטס-ליבהאָבער פלוצלונג פארוואנדלט געווארן אין רעאַקציאָנערן. אַנעקסיעס זיינען ניט מער, ווי אַ פּאָליטישער אויסדרוק און פּאָליטישע פאָרם פון דער הערשאַפט פון די ריזיקע בענק, וועלכע האָט זיך אויסגעגאָסן פונם קאַפּיטאַליזם אומפאַרמיידלעך, ניט צוליב עמיצנס שולד, ווייל די אַקציעס — דאָס איז דער יעסאָד פון די בענק, און די צונויפזאַמלונג פון אַקציעס — איז דער יעסאָד פון אימפּעריאַליזם. און די גרויסע בענק, וועלכע הערשן איבער דער גאַנצער וועלט מיט הונדערטער מיליארדן קאַפּיטאַל, און גאַנצע צווייגן פון דער אינדוסטריע פאַרייניקן זיך מיט די פאַרבאַנדן פון קאַפּיטאַליסטן, און מאָנאָפּאָליסטן, — אָט האָט איר, וואָס עס איז אזוינס דער אימפּעריאַליזם, וועלכער האָט צעשפּאָלטן די גאַנצע וועלט אַף דריי גרופּן ריזיק-רייכע רויבער.

בעראָש פון איינער, פון דער ערשטער גרופּע, וואָס איז נעענטער פון אַלעמען צו אונז אין אייראָפּע, שטייט ענגלאַנד, בעראָש פון די איבעריקע — דייטשלאַנד און אמעריקע; די איבעריקע מיטהעלפער זיינען געצוואונגען צו העלפן, קאָלזמאַן די קאַפּיטאליסטישע פאַרהעלטענישן האַלטן זיך. דעריבער איז אויב איר וועט זיך קלאָר פאָרשטעלן דעמדאָזיקן טאָך פונם איניען, וועלכן עס באַנעמט אינסטינקטיוו יעדער אונטערדריקטער מענטש, וועלכן עס באַנעמט אינסטינקטיוו יעדער רוסישער אַרבעטער און פויער אין זייער גוואלטיקער מערהייט, אויב איר וועט זיך עס קלאָר פאָרשטעלן, וועט איר פאַרשטיין, ווי לעכערלעך עס זיינען די געדאַנקען וועגן קאַמף קעגן דער מילכאָמע דורך ווערטער, מאַניפעסטן, פּראָקלאַמאַציעס, סאָציאַליסטישע צוזאמענפאָרן. זיי זיינען לעכערלעך דערפאַר, ווייל וויפל אַזוינע דעקלאראַציעס איר זאָלט ניט אַרויסלאָזן, וויפל פּאָליטישע איבערקערענישן איר זאלט ניט מאַכן, — איר האָט אראפּגעוואָרפן ניקאָלאַי ראָמאַנאָוון, און רוסלאַנד איז ביז אַ געווויסער מאַדרייגע געוואָרן אַ

רעפּובליק; רוסלאַנד האָט געמאַכט אַ ריזיקן שריט פאָרויס, האָט עפּשער דער-
יאָגט קימאַט מיטאַמאָל פראנקרייך, וועלכע האָט בא אַנדערע באַדינגונגען גע-
נומען דערויף הונדערט יאָר און איז פאַרבליבן אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד,—
אָבער די בענק פאַרבלייבן באַ זייער אַלמעכטיקייט. עס בלייבן די קאַפּיטא-
ליסטן. אויב זיי האָבן זיך אַביסל פאַרענגט, האָבן זיי זיך פארענגט אויך אין
1905 יאָר — האט עס זיי דען ארונטערגעריסן? אויב פאַר די רוסן איז עס אַ
נייס, האָט אין אייראָפּע יעדע רעוואָלוציע באַוויזן, אז באַ יעדן אויפשטייג
פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע דערשלאָגן זיך די אַרבעטער צו עטוואָס
גרעסערס, אבער די מאַכט פון די קאַפּיטאַליסטן פאַרבלייבט אַ מאַכט. דער
קאמף מיט דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע איז אומעגלעך אַנדערש, ווי
אלס אַ קאַמף פון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן קעגן די הערשנדיקע קלאסן,
און קעגן דידאזיקע הערשנדיקע קלאַסן אינם אַלוועלטלעכן מאסשטאַב. דאָס
זיינען ניט די פּריצים ביכלאַל, האַגאם פּריצים זיינען פאַראן אין רוסלאנד,
און זיי שפּילן אַ גרעסערע ראָלע, ווי ערגעץ וואו אין אנדערע לענדער; דאס
איז אָבער ניט דער קלאַס, וועלכער האָט באַשאפן דעם אימפּעריאַליזם. דאָס
איז דער קלאַס פון קאַפּיטאַליסטן, בעראָש פון וועלכן עס שטייען די גרעסטע
פינאנץ-מאַגנאַטן און בענק. און קאָלזמאַן דערדאָזיקער קלאַס, וועלכער הערשט
איבער די אונטערדריקטע פּראָלעטאריער—אין בונד מיט די אָרימסטע פּויערים-
האַלבפּראָלעטאריער, ווי זיי הייסן אין אונזער פּראָגראַם, — קאָלזמאַן דערדאָ-
זיקער קלאַס איז ניט אראָפּגעוואָרפן געוואָרן, איז קיין אויסגאנג פון דערדא-
זיקער מילכאָמע ניטאָ. און לעבן מיט אַזוינע אילוזיעס מיקויעך דעם, אז איר
קאָנט דורך פּראָקלאַמאציעס, ווענדונגען צו אַנדערע פעלקער פאַרייניקן די
אַרבעטנדיקע פון אַלע לענדער, קאָן מען נאָר פון אַ באַגרעניצטן רוסישן
שטאַנדפּונקט, וועלכער ווייסט ניט, ווי אַזוי די מאירעוו-אייראפּעאישע פּרעסע,
וואו די אָרבעטער און פּויערים זיינען געוואוינט צו פּאָליטישע איבערקערע-
נישן, האָבן זיי געזעען אין די צענדליקער, ווי זי לאַכט פון אזוינע פּראַזן און
ווענדונגען. זיי ווייסן ניט, אז אין רוסלאַנד האָט זיך ווירקלעך אויפגעהויבן
די מאסע ארבעטער, וואס גלויבט אַבסאָלוט אויפריכטיק און פארורטיילט די
פארכאַפּערישע שטרעבונגען פון אלע לענדער און וויל, אַז די פעלקער זאלן
זיך באפרייען פון די באַנקירן. אבער זיי, די אייראָפּייער, פאַרשטייען ניט, אז
דערווייל האָט איר זיך ניט באַפרייט פון אייערע אייגענע באַנקירן, אז דער-
ווייל האט איר, וועלכע האָט אַזוינע אָרגאניזאַציעס, וואָס קיין איין פאָלק אין
דער וועלט האָט ניט, ווי די ראטן פון ארבעטערשע, פּויערשע און סאלדאַ-
טישע דעפּוטאטן, וועלכע זיינען באַוואפנט, אז איר שיקט אייערע סאָציאליסטן
פאר מיניסטאָרן. איר גיט דאָך אוועק די מאַכט דידאזיקע באַנקירן. אין אויס-
לאנד באשולדיקט מען אייך ניט נאָר אין נאַאיווקייט, דאס וואָלט נאָך ניט
אויסגעמאַכט, נאָר אויך אין צוויעס, — די אייראָפּייער האָבן אויפגעהערט צו
פאַרשטיין נאאיווקייט אין פּאָליטיק, זיי האָבן אויפגעהערט צו פארשטיין, אַז אין
רוסלאנד זיינען פאראַן צענדליקער מיליאָנען מענטשן, וועלכע כאַפּן זיך אויף
צום ערשטן מאָל אף זייער לעבן, אז אין רוסלאַנד ווייסט מען ניט, וואס

הייסט אזוינס א פארבינדונג צווישן קלאַסן מיט דער רעגירונג, וואָס הייסט
אַזוינס די פּאַרבינדונג צווישן דער רעגירונג מיט דער מילכאָמע. די מילכאָמע
איז אַ פּאָרזעצונג פון דער בורזשואַזער פּאָליטיק און מער גאָרניט. דער קלאַס,
וועלכער הערשט, באשטימט די פּאָליטיק אויך אין דער מילכאָמע. די מיל=
כאמע איז דורכויס פּאָליטיק, אַ פארזעצונג פון דיזעלביקע צילן, וואס דידאָ-
זיקע קלאַסן פארווירקלעכן אַף אן אַנדער אויפן. איז דעריבער, ווען איר
שרייבט אין אייערע אויפרופן פון די אַרבעטער און פויערים: „וואַרפט אראָפּ
אײַערע באַנקירן”,—איז יעדער באַוואוסטזיניקער ארבעטער אין אַ אייראָפּעאיש
לאנד אָדער ער לאַכט פון אייך, אָדער ער וויינט מיט ביטערניש און זאגט
צו זיך: „וואָס קאָנען מיר טאָן, אויב דאָרט האָט מען אראָפּגעוואָרפן דעם
מאָנארך—דעם האַלבווילדן אידיאָט און אויסוואורף, וואס מיר האָבן זיי שוין
לאנג אַראָפּגעראַמט — דערין באַשטייט אונזער גאַנצער פּאַרברעכן, און איצט
שטיצן זיי אונטער מיט זייערע „קימאַט=סאָציאליסטישע” מיניסטאָרן די רוסישע
באַנקירן! ?”

די באַנקירן פּאַרבלייבן באַ דער מאַכט, זיי פירן די אויסערלעכע פּאָלי-
טיק דורך אַ אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, וואס זעצט פּאָר אינגאַנצן די אָפּ-
מאַכן, וועלכע זיינען געשלאָסן געוואָרן אין רוסלאַנד דורך ניקאָלאַי דעם
צווייטן. בא אונז איז עס באַזונדערס אָנזעעוודיק. אלע יעסוידעס פון דער רו=
סישער אויסערלעכער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק זיינען פּאָרויס באַשטימט
געוואָרן ניט דורך די איצטיקע קאַפּיטאַליסטן, נאָר דורך דער פריערדיקער רע-
גירונג, מיט ניקאָלאַי ראָמאַנאָוון, וועלכן מיר האבן אראָפּגעוואָרפן. ער האָט
דידאָזיקע אָפּמאַכן געשלאָסן, זיי פּאַרבלייבן געהיים, די קאַפּיטאַליסטן קאָנען
זיי ניט פּאַרעפנטלעכן, דערפאַר ווייל זיי זיינען קאַפּיטאַליסטן. אָבער קיין
איין אַרבעטער און פויער קאָן דעמדאָזיקן פּלאָנטער ניט פּאַרשטיין, ווייל ער
זאָגט צו זיך: אויב מיר לאָדן איין אַראָפּצואוואַרפן די קאַפּיטאַליסטן אין אַנ=
דערע לענדער, איז דעמאָלט פריער פון אַלץ אַראָפּ מיט אונזערע באַנקירן.
אַנדערש וועט אונז קיינער ניט גלויבן, און קיינער וועט עס ניט נעמען ערנסט,
מע וועט זאָגן וועגן אונז—איר, נאַאיווע רוסישע ווילדע מענטשן, וואס איר שרייבט
ווערטער, אויסגעצייכנטע אן און פאַר זיך, נאר וועלכע האָבן אָבער ניט קיין פּראַק=
טישן אינהאַלט; אָדער זיי ווען מיינען נאָך ערגער, אַז איר זייט צוואויאַקעס.
אַזוינע זאַכן קאָנט איר באַגעגענען אין דער אויסלענדישער פּרעסע, ווען אַלע
שאַטירונגען אירע וואָלטן פריי דורכגיין קיין רוסלאַנד דורך דער גרעניץ, און ניט
פּאַרהאַלטן ווערן אין טאָרנעאָ דורך די ענגלישע און פראַנצויזישע באַאַמטע.
פון איין אויסוואַל פון ציטאַטן פון די אויסלענדישע צייטונגען וואָלט איר זיך
איבערצייגט, אין וואָס פאַר אַ שרייענדיקן ווידערשפּרוך איר פּאַלט אַריין, איר
וואָלט זיך איבערצייגט, ווי אומגלויבלעך לעכערלעך און פעלערהאַפט עס איז
דידאָזיקע אידייע צו קעמפן קעגן דעדאָזיקער מילכאָמע דורך סאָציאַליסטישע
קאָנפערענצן, אויסגלייכן מיט סאָציאַליסטן אַף צוזאַמענפאָרן. ווען דער אימפּע-
ריאַליזם וואָלט זיין די שולד אָדער דער פּאַרברעכן פון איינצלנע פּערזאָנען,
וואָלט דער סאָציאַליזם געקאָנט פּאַרבלייבן סאָציאַליזם. דער אימפּעריאַליזם

איז די לעצטע מאַדרייגע אין דער אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם, ווען ער איז דערגאַנגען דערצו, אַז ער האט צעטיילט די וועלט צווישן זיך, און צוויי ריזיקע גרופּן האָבן זיך צונויפגעטראָפן אין אַ געראַנגל אַף טויט. אָדער דין איינער, אָדער אַ צווייטער, אָדער וואַרף אַראָפּ דידאָזיקעביידע גרופּעס, קיין שום אַנדער וועג איז דאָ ניטאָ. ווען איר מאַכט זיך אַוועק פון סעפּאַראַטן שאָלעם דערמיט, וואָס מיר ווילן קלוימערשט ניט דינען דעם דייטשישן אימפּעריאַליזם, — איז עס פולקום ריכטיק, דערפאַר זיינען מיר אויך קעגן אַ סעפּאַראַטן שאָלעם. איר אָבער דינט פאַקטיש, קעגן אייער ווילן ווייטער דעם ענגליש-פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם, וואָס האט פונקט אַזוינע פאַרכאַפּערישע רויבערישע שטרעבונגען, ווי די, וואס זיינען דורך די רוסישע קאַפּיטאַליסטן מיט דער הילף פון ניקאָלאַי ראָמאַנאָוון פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אָפּמאַכן. מיר ווייסן ניט דעם טעקסט פון דידאָזיקע אָפּמאַכן, אָבער יעדער, ווער עס האָט נאָכגעשפּירט נאָך דער פּאָליטישער ליטעראַטור, ווער עס האט כאָטש איין ביכל דורכגעקוקט וועגן עקאָנאָמיק און דיפּלאָמאַטיע, דער ווייסט דעם אינהאַלט פון דידאָזיקע אָפּמאַכן. און אַפילע מיליוקאָוו, אַף וויפל איך געדענק, האט אין זיינע ביכער געשריבן וועגן דידאָזיקע אָפּמאכן און צוזאָגן, אַז זיי וועלן באַרויבן גאַליציע, וועלן באַרויבן די דורכגוסן, אַרמעניע, זיי וועלן פאַרהיטן די אַלטע אַנעקסיעס און וועלן באקומען אַ הויפן אַנדערע. דאס ווייסן אַלע, און מע האלט עס נאָך אין איין באהאלטן, און אונז זאגט מען, אַז אויב איר שאַפט דאס אָפּ, — הייסט עס אַ פאַנאַנדערייס מיט די פאַרבינדעטע.

מיקויעך דער פראגע וועגן אַ סעפּאַראַטן שאָלעם האָב איך שוין געזאָגט, אַז קיין סעפּאראַטער שאָלעם קאָן פאר אונז ניט זיין, און לויט דער רעזאָלוציע פון אונזער פּאַרטיי איז ניטאָ אַפילע קיין שאָטן פון סאָפעק, אַז מיר וואַרפן אים אָפּ, גלייך ווי יעטווידער אויסגלייך מיט קאַפּיטאַליסטן. פאַר אונז איז דער סעפּאַראַטער שאָלעם אַן אויסגלייך מיט די דייטשישע רויבער, ווייל זיי רויבן פּונקט אַזוי, ווי אַנדערע, אָבער דער אויסגלייך מיטן רוסישן קאַפּיטאַל און דער רוסישער צייטווייליקער רעגירונג איז אויך אַזאַ סעפּאַראַטער שאָלעם. זייערע אָפּמאַכן זיינען געבליבן, זיי באַרויבן און דערשטיקן אויך אַנדערע פעלקער. ווען מע זאָגט: „אַ שאָלעם אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס", ווי יעדער רוסישער ארבעטער און פויער דאַרף זאגן, ווייל דאס לעבן לערנט אים דערצו, ווייל ער איז ניט פאַרינטערעסירט אין די באַנקישע פאַרדינסטן, ווייל ער וויל לעבן, ענטפער איך זיי, אַז זייערע פירער פונם איצטיקן ראַט פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן פון דער פּאָלקיסטישער און מענשעוויסטישער פּארטייען האבן זיך אין דעם לאָזונג פאַרפּלאָנטערט. זיי האבן אין זייערע „איזוועסטיאַ" געשריבן, אַז דאָס באַטייט „סטאַטוס קוואָ", ד. ה. די פאַרמילכאָמעדיקע לאַגע, — קער זיך אום צו דעם, וואס עס איז געווען פאַר דער מילכאָמע. איז דאס דען ניט אַ קאַפּיטאַליסטישער שאָלעם? און דערביי נאָך וואס פאר אַ קאַפּיטאַליסטישער שאָלעם! אויב איר רוקט אַרויס אזאַ לאָזונג, טאָ ווייסט, אַז דער גאנג פון די געשעענישן קאָן אַוועקשטעלן די פּאַרטיי צו דער מאַכט. בעשאַס אַ רעוואָלוציע איז עס מעג-

לעך, איר וועט דארפן טאָן, וואס איר זאָגט, און אויב איר וועט פאַרלייגן אַ שאָלעם אָן אַנעקסיעס באַלד, וועלן אים אָנעמען די דייטשן, און עס וועלן ניט אָנעמען די ענגלענדער, ווייל די ענגלישע קאַפּיטאַליסטן האבן קיין איין טריט ערד ניט פארלאָרן, נאָר אין אלע עקן פון דער וועלט אָנגערויבט. די דייטשן האבן פיל אָנגערויבט, זיי האבן אָבער אויך פיל פאַרלאָרן, און ניט נאָר פיל פאַרלאָרן, נאָר זיי האָבן באַקומען קעגן זיך אַמעריקע, דעם סאַמע ריזיקן סוינע. אויב איר, וואס איר לייגט פאָר א שאָלעם אָן אַנעקסיעס, מיינט דער-מיט דעם „סטאַטוס-קוואָ", קייקלט איר זיך אַראָפּ דערצו, אז פון אייער פאָר-שלאָג קומט אַרויס אַ סעפּאַראַטער שאָלעם מיט די קאַפּיטאַליסטן, ווייל אויב איר וועט דאס פאַרלייגן, איז, זעענדיק פאר זיך אַמעריקע און איטאַליע, מיט וועלכע זיי האבן פריער געשלאסן אָפּמאכן, וועלן די דייטשישע קאַפּיטאַליסטן זאָגן: „יאָ, מיר נעמען אָן דעמדאָזיקן שאָלעם אָן אַנעקסיעס, ער איז פאר אונז ניט קיין מאַפּאָלע, ער איז פאר אונז אַ ניצאָכן קעגן אַמעריקע און איטאַליע". אָביעקטיוו קייקלט איר זיך אַראָפּ צו דעם סעפּאַראַטן שאָלעם מיט די קאַפּי-טאַליסטן, אין וועלכן איר באַשולדיקט אונז, ווייל איר רייסט ניט איין פּרינ-ציפּיעל אין אייער פּאָליטיק, אין דער עמעסן, אין אייערע פּראַקטישע טריט, מיט יענע באַנקירן, אַלס אויסדריקער פון דער אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט איבער דער גאַנצער וועלט, וועלכע איר און אייערע „סאָציאַליסטישע" מיניסטאָרן שטיצט אין דער צייטווייליקער רעגירונג.

דערמיט שאַפט איר פאר זיך די ווידערשפּרעכנדיקע און וואקלדיקע לאַ-גע, באַ וועלכער די מאַסן פארשטייען אייך ניט אַזוי. די מאַסן, וועלכע זיינען ניט פארינטערעסירט אין אַנעקסיעס, זאָגן: „מיר ווילן ניט האַלטן קיין מילכאָמע צוליב וועלכע ס'איז קאַפּיטאַליסטן". בעשאַס מע זאָגט אונז, אַז צו אַזאַ אַרט פּאָליטיק קאָן געמאכט ווערן אַ סאָף דורך צוזאמענפאָרן און אויסגלייכן פון סאָציאַליסטן פון אַלע אַנדערע לענדער. זאָגן מיר: וואָלט דער אימפּעריאַליזם געווען אַ זאַך פון איינצלנע פארברעכער — איז עפּשער; דער אימפּעריאַליזם איז אָבער די אַנטוויקלונג פון אַלוועלטלעכן קאַפּיטאַליזם, מיט וועלכן עס איז פאַרבונדן די אַרבעטער-באַוועגונג".

דער ניצאָכן פון אימפּעריאַליזם איז אַן אָנהויב פון אַן אומפאַרמיידלע-כער שפּאַלטונג פון די סאָציאַליסטן אין אַלע לענדער אויף צוויי לאַגערן. ווער עס רעדט נאָך איצט וועגן סאָציאַליסטן, ווי וועגן עטוואָס גאנצעס, ווי וועגן עטוואָס אַזוינס, וואָס קאָן זיין גאַנץ, דער נאַרט זיך און אַנדערע. דער גאנצער גאַנג פון דער מילכאָמע, די גאַנצע צוויי מיט אַ האלב יאָר מילכאָמע האָבן אַרויסגערופן דידאָזיקע שפּאַלטונג, — פון זינט דער באַזעלער מאַניפעסט, וואָס איז איינשטימיק אונטערגעשריבן געוואָרן, האט געזאָגט, אַז דאס איז אַ מיל-כאָמע אַפן באָדן פון אימפּעריאַליסטישן קאַפּיטאַליזם. אין אים, אינם באַזעלער מאַניפעסט, איז ניטאָ קיין איין וואָרט וועגן „באַשיצן דאָס פאָטערלאַנד". קיין אַנדער מאַניפעסט האט מען פאַר דער מילכאָמע ניט געקאָנט אָנשרייבן, פּונקט ווי קיין איין סאָציאַליסט וועט איצט ניט פאָרלייגן אָנשרייבן אַ מאַניפעסט וועגן „באַשיצן דאָס פאָטערלאַנד" אין א מילכאָמע צווישן יאַפּאַניע און אַמע-

דיקע, ווען עס באַרירט ניט די אייגענע פעל, ניט די אייגענע קאַפּיטאַליסטן און ניט די אייגענע מיניסטאָרן. שרייבט אָן אַ רעזאָלוציע פאַר די אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן! איר ווייסט, אַז די מילכאָמע צווישן יאַפּאָניע און אמעריקע איז שוין פאַרטיק, זי איז צוגעגרייט געוואָרן צענדליקעריאָרנווייז, זי איז ניט צופעליק, די טאַקטיק איז ניט אָפּהענגיק דערפון, ווער עס וועט דער ערשטער אויסשיסן. דאָס איז לעכערלעך! איר ווייסט אויסגעצייכנט, אַז דער יאַפּאָנישער קאַפּיטאַליזם און דער אמעריקאַנישער זיינען אין אַ גלייכער מאָס גאַזלאָניש. וועגן „באַשיצן דאָס פאַטערלאַנד” וועט מען פון ביידע זייטן ריידן; דאָס וועט זיין אָדער פאַרברעכעריש, אָדער דאָס וועט זיין אַ שרעקלעכע שוואַכקייט, אַרויסגערופן דורכן „באַשיצן” די אינטערעסן פון אונזערע סאָנים — די קאַפּיטאַליסטן. אָט פאַרוואָס מיר זאָגן, אַז דער סאָציאַליזם האָט זיך צעשפּאָלטן ניט צוריקצוקערן. די סאָציאַליסטן זיינען איינגאַנצן אַוועק פונעם סאָציאַליזם, ד. ה. די, וואָס זיינען אַריבער אויפן צאַד פון זייער רעגירונג, אָדער פון זייערע באַנקירן, פון זייערע קאַפּיטאַליסטן, ווי זיי זאָלן זיך פון דעם ניט אַוועקמאַכן, ווי זיי זאָלן זיי ניט פאַרורטיילן. דאָ גייט ניט אין דער פאַרורטיילונג. צומאָלס אָבער איז די פאַרורטיילונג פון דעם, וואָס די דייטשן האַלטן אונטער זייערע קאַפּיטאַליסטן, בלויז אַ מיטל צו פאַרדעקן די פאַרטיידיקונג פון דעמזעלביקן „כעט” מיצאַד די רוסן! אויב איר באַשולדיקט די דייטשישע סאָציאַל-שאָוויניסטן, ד. ה. די מענטשן, וואָס לויט די רייד זיינען זיי סאָציאַליסטן, — פילע פון זיי זיינען עפּשער אין דער נעשאָמע סאָציאַליסטן, — און אין דערעמעסן זיינען זיי שאָוויניסטן, אין דערעמעסן באַשיצן זיי ניט דאָס דייטשישע פאָלק, נאָר זיי באַשיצן די שמוציקע, געלטגייציקע און גאַזלאָנישע דייטשישע קאַפּיטאַליסטן, טאָ באַשיצט ניט די ענגלישע און פראַנצויזישע און רוסישע קאַפּיטאַליסטן. די דייטשישע סאָציאַל-שאָוויניסטן זיינען ניט ערגער פון די, וואָס זעצן פאָר אין אונזער מיניסטעריום דיזעלביקע פּאָליטיק פון געהיימע אָפּמאַכן, פון רויבעריי, און פאַרדעקן עס מיט גוטע אומשולדיקע וואונטשן, אין וועלכע עס איז פאַראַן פיל גוטס, אין וועלכע איך אנערקען, פונעם שטאַנדפונקט פון די מאַסן, די סאַמע אַבסאָלוטע אויפריכטיקייט, אין וועלכע איך אנערקען אָבער ניט און קאָן ניט אנערקענען קיין איין וואָרט פּאָליטישן עמעס. אָבער די מילכאָמע פאַרבלייבט אַף ווייטער דיזעלביקע אימפּעריאַליסטישע און צוליב דיזעלביקע געהיימע אָפּמאַכן! אַנדערע פעלקער רופט איר אַראָפּוואַרפן די באַנקירן, אָבער אייערע שטיצט איר! ריידנדיק וועגן שאָלעם, האָט איר ניט געזאָגט, וואָס פאַר אַ שאָלעם. מיקויעך אַ שאָלעם אויפן גרונט פון „סטאַטוס-קוואָ” האָט אונז קיינער ניט געענטפערט, ווען מיר האָבן אָנגעוויזן אויפן שרייענדיקן ווידערשפּרוך. אין אייער רעזאָלוציע, אין וועלכער איר וועט ריידן וועגן אַ שאָלעם אָן אַנעקסיעס, וועט איר ניט קאָנען זאָגן, אַז דאָס באַטייט ניט דעם „סטאַטוס-קוואָ”. איר וועט ניט קאָנען זאָגן, אַז דאָס באַטייט „סטאַטוס-קוואָ”, ד. ה. די צוריקאויפשטעלונג פון דער פאַרמילכאָמעדיקער לאַגע. הייסט עס, איז וואָס? צונעמען בײַ ענגלאַנד די דייטשישע קאָלאָניעס? פּרואווט זיך דורך פרידלעכע אויסגלייכן! אַלע וועלן פון אייך לאַכן. פּרואווט זיך אָפּנעמען אָן

א רעוואָלוציע באַ יאַפּאָניע די אָנגערויבטע קיאַטשאַו און די אינזלען פון שטילן אָקעאַן!

איר האָט זיך פארפּלאָנטערט אין אומאויסגעגלעכע ווידערשפּרוכן. אָבער ווען מיר זאָגן: „אָן אַנעקסיעס", זאָגן מיר, אז פאַר אונז איז דערדאָזיקער לאָזונג בלויז אַן אונטערטעניקער טייל פונם קאַמף קעגן דעם אַלוועלטלעכן אימפּעריאליזם. איר רעדט וועגן אַ מילכאָמע קעגן אנעקסיעס און וועגן אַ שאָלעם אָן אָנעקסיעס, און אינעווייניק אין רוסלאַנד פירט איר ווייטער די פּאָליטיק פון אנעקסיעס. דאס איז דאָך אַן אומדערהערטע זאַך. איר און אייער רעגירונג, אייערע נייע מיניסטאָרן פירן ווייטער אין דערעמעסן מיט פינלאַנד און מיט אוקראינע די פּאָליטיק פון אנעקסיעס. איר טשעפּעט זיך צום אוקראינישן צוזאַמענפאָר, איר פאַרווערט זיינע פארזאַמלונגען דורך אייערע מיניסטאָרן. איז דאָס דען ניט קיין אנעקסיע? דאָס איז אַ פּאָליטיק, וואס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָפּשפּאָטונג פון די רעכט פון דער נאַציאָנאַליטעט, וועלכע האָט צענדליקער און טויזנט יאָרן געליטן יעסורים פון די צאַרן דערפאַר, וואָס זייערע קינדער ווילן ריידן אף זייער מוטער-שפּראך. דאָס הייסט מוירע האָבן פאַר באַזונדערע רעפּובליקן. פונם שטאַנדפּונקט פון די אַרבעטער און פּויערים איז עס ניט שרעקלעך. זאָל רוסלאנד זיין אַ פאַרבאנד פון פרייע רעפּובליקן. קעדיי דאָס ניט צו דערלאָזן, וועלן די אַרבעטערשע און פּויערשע מאַסן ניט האַלטן קיין מילכאָמע. זאָל יעדעס פאָלק זיין באַפרייט, זאלן פריער פון אלץ באַפרייט ווערן אַלע נאַציאָנאליטעטן, מיט וועלכע איר מאכט די רעוואלוציע אין רוסלאַנד. אָן אַזא שריט פאַרורטיילט איר זיך דערויף, אז איר זייט אפּן וואָרט א „רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראטיע", און אין דערעמעסן איז אייער גאַנצע פּאָליטיק אַ קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע.

די אויסערלעכע פּאָליטיק אייערע איז אַנטידעמאָקראַטיש און קאָנטער-רעוואָלוציאָנער, און אַ רעוואָלוציאָנערע פּאליטיק קאָן אייך אוועקשטעלן פאר דער נויטווענדיקייט פון א רעוואָלוציאָנערער מילכאָמע. דאָס איז אָבער ניט קיין כויוו. אַף דעם פונקט האָבן זיך אַסאַך אָפּגעשטעלט סאַי די פּאָרטרעגער, סאַי די פּרעסע אין דער לעצטער צייט. איך וואָלט זייער געוואלט זיך אָפּשטעלן אף דעם פונקט.

איז ווי שטעלן מיר זיך פּראַקטיש פאָר דעם אויסוועג פון דערדאָזיקער מילכאָמע? מיר זאָגן: דער אויסוועג פון דערדאָזיקער מילכאָמע איז נאָר אין דער רעוואָלוציע. שטיצט די רעוואָלוציע פון די קלאַסן, וועלכע ווערן אונטערדריקט דורך די קאַפּיטאַליסטן, וואַרפט אַראָפּ דעם קלאַס פון קאַפּיטאליסטן אין אייער לאַנד און גיט דערמיט א ביישפּיל פאַר אַנדערע לענדער. נאָר דערין באַשטייט דער סאָציאַליזם. נאָר דערין באשטייט דער קאַמף מיט דער מילכאמע. אל דאָס איבעריקע זיינען צוזאָגן, אָדער פראַזן, אָדער אומשולדיקע גוטע וואונשן. אין אלע לענדער פון דער וועלט האָט זיך דער סאָציאַליזם פאַנאַנדערגעשפּאָלטן. איר פּלאָנטערט זיך נאָך ווייטער, אריינטרעטנדיק אין באַציאונגען מיט די סאָציאַליסטן, וועלכע שטיצן זייער רעגירונג, און איר פאַרגעסט, אז אין ענגלאַנד און אין דייטשלאַנד זיינען עמעסע סאָציאַליסטן, וועלכע דריקן

אויס דעם סאָציאַליזם פון די מאַסן, פאַרבליבן איינצלנע, און זיי זיצן אין די טורמעס. נאָר זיי אַליין דריקן אויס די אינטערעסן פון דער פּראָלעטאַרישער באוועגונג. אויב אָבער אין רוסלאַנד וואָלט זיך דער אונטערדריקטער קלאַס געשטעלט באַ דער מאַכט? ווען מע זאָגט אונז: ווי ווער איר זיך איינע אַליין אַרויסרייסן פון דער מילכאָמע, ענטפערן מיר: אַרויסרייסן זיך איינע אַליין קאָן מען ניט. יעדע רעזאָלוציע פון אונזער פאַרטיי, יעדע רעדע פון אונזער מי-טינג-רעדנער זאָגט, אַז דאָס איז אַן אומזין, אַז איינע אַליין קאָן מען זיך פון דערדאָזיקער מילכאָמע ניט אַרויסרייסן. הונדערטער מיליאָנען מענטשן, הונ-דערטער מיליאַרדן קאַפּיטאַל האָט פאַרפלאָנטערט דידאָזיקע מילכאָמע. אַף אַרויסצוגיין פון איר איז קיין אַנדער מיטל ניטאָ, ווי דער איבערגאַנג פון דער מאַכט צום רעוואָלוציאָנערן קלאַס, וועלכער איז בעעמעס מעכויעוו דעם אַמפּעריאַליזם, ד. ה. די פינאַנציעלע, באַנקישע און אַנעקסיאָניסטישע פּעדים, צו צעררייסן. קאַלזמאַן דאָס ווערט פּאַקטיש ניט געטאָן — איז גאָרניט ניט געטאָן געוואָרן. די איבערקערעניש האָט זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס אַנשטאָט דעם צאַריזם און אימפּעריאַליזם האָט איר באַקומען אַ קימאַט-רעפּובליק, אַ אימ-פּעריאַליסטישע אַף דורך און דורך, וואָס אַפילע אין דער פּערזאָן פון די פאַרשטייער פון רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און פּויערים איז זי מיט פינלאַנד און אוקראַינע ניט פּעאיק זיך צו באַגיין דעמאָקראַטיש, ד. ה. ניט מוירע האָבנדיק פאַר אַ צעטיילונג.

ווען מע זאָגט, אַז מיר שטרעבן צו אַ סעפּאַראַטן שאָלעם, איז עס ניט עמעס. מיר זאָגן, קיין שום סעפּאַראַטן שאָלעם, מיט קיינע קאַפּיטאַליסטן, פריער פון אַלץ מיט די רוסישע. און די צייטוויילעקע רעגירונג האָט דאָך אַ סעפּאַראַטן שאָלעם מיט די רוסישע קאַפּיטאַליסטן. אַראָפּ מיט דעמדאָזיקן סע-פּאַראַטן שאָלעם! (אַפּלאָדיסמענטן). קיין שום סעפּאַראַטן שאָלעם מיט די דייט-שישע קאַפּיטאַליסטן אַנערקענען מיר ניט, און אין קיינע אונטערהאַנדלונגען וועלן מיר ניט אַריינטרעטן, אָבער אויך קיין סעפּאַראַטן שאָלעם מיט די ענגלישע און פראַנצויזישע אימפּעריאַליסטן. אונז זאָגט מען, אַז צעררייסן מיט זיי הייסט אַריינטרעטן אין אַן אָפּמאַך מיט די דייטשישע אימפּעריאַליסטן. ניט עמעס, צעררייסן מיט זיי דאַרף מען טייקעף, ווייל דאָס איז אַ פאַרבאַנד פון רויבערייִ. מע זאָגט, אַז מע דאַרף ניט פאַרעפנטלעכן די אָפּמאַכן, ווייל דאָס וואָלט געהייסן איבערגעבן צו שאַנד אונזער גאַנצע רעגירונג, אונזער גאַנצע פּאָליטיק אין די אויגן פון יעדן אַרבעטער און פון יעדן פּויער. אויב מע זאָל דידאָזיקע אָפּמאַכן פאַרעפנטלעכן און קלאָר זאָגן אַף די פאַרזאַמלונגען די רוסישע אַרבעטער און רוסישע פּויערים, באַזונדערס אין יעדן פאַרוואָרפן דערפל: אָט פאַרוואָס דו האַלסט איצט מילכאָמע, פאַר די דורכגוסן, פאַרן איינהאַלטן אַרמעניע, וועט יעדערער זאָגן: אַזאַ מילכאָמע ווילן מיר ניט.

פּ אָ ר ז י צ ע ר : אייער צייט האָט זיך געענדיקט (שטימען: מיר בעטן). לענין בעט נאָך צען מינוט (שטימען: מיר בעטן).

ל ע נ י ן : איך זאָג, אַז עס איז ניט ריכטיק אָט די קעגנשטעלונג: „אָדער מיט די ענגלישע אימפּעריאַליסטן, אָדער מיט די דייטשישע“. אויב מיט די

דייטשישע א שאָלעם, איז מיט די ענגלישע אַ מילכאָמע, און פאַרקערט. די-דאָזיקע קעגנשטעלונג איז געוואונשן פאַר די, וואָס רייסן ניט מיט זייערע קאַפּיטאַליסטן און באַנקירן, פאַר די, וואָס דערלאָזן מיט זיי אַ וועלכן ניט איז בונד. דאָס איז אומגעוואונשן פאַר אונז. מירריידן וועגן באַשיצן אונזער בונד מיטן אונטערדריקטן קלאַס, מיט די אונטערדריקטע פעלקער.

פאַרבלייבט טריי אַזאַ בונד—דעמאָלט וועט איר זיין אַ רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע. דידאָזיקע אויפגאַבע איז ניט קיין לייכטע. דידאָזיקע אויפגאַבע קאָן ניט פאַרגעסן, אַז בא געוויסע באַדינגונגען וועלן מיר זיך אָן אַ רעוואָ-לוציאָנערע מילכאָמע ניט באַגיין. קיין איין רעוואָלוציאָנערער קלאַס קאָן זיך ניט פאַרשווערן פון אַ רעוואָלוציאָנערער מילכאָמע, ווייל אַנדערש פאַרורטיילט ער זיך אַף לעכערלעכן פאַציפיזם. מיר זיינען ניט טאָלסטאָיס קיין אָנהענגער. אויב דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס וועט נעמען די מאַכט, אויב אין זיין מלוכע וועלן ניט פאַרבלייבן קיין אַנעקסיעס, אויב עס וועט ניט זיין קיין מאַכט בא די בענק און באַם גרויסן קאַפּיטאַל, וואָס אין רוסלאַנד איז עס ניט לייכט, איז אַזאַ קלאַס וועט פירן א רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע ניט אַף ווערטער, נאָר אין דערעמעסן. פאַרשווערן זיך פון דערדאָזיקער מילכאָמע טאָר מען ניט. דאָס הייסט אַריינפאַלן אין טאָלסטאָיזם, אין באַלעבאַטישקייט, פאַרגעסן די גאַנצע וויסנשאַפט פון מאַרקסיזם, די דערפאַרונג פון אַלע אייראָפּעאישע רע-וואָלוציעס.

רוסלאַנד אַליין וועסטו פון דער מילכאָמע ניט אויסמעקן. בא איר וואַקסן אָבער ריזיקע פאַרבינדעטע, וועלכע גלויבן אייך איצט ניט, טאַקע דערפאַר, ווייל אייער פּאָזיציע איז א ווידערשפּרעכנדיקע אָדער אַ נאַאיווע, טאַקע דער-פאַר, ווייל אַנדערע פעלקער גיט איר אַן אייצע: „אַראָפּ מיט די אַנעקסיעס”, און בא זיך פירט איר זי איין.

צו אַנדערע פעלקער זאָגט איר: די באַנקירן וואַרפט אַראָפּ, און אייערע אייגענע וואַרפט איר ניט אַראָפּ. פּרוּווט אַן אַנדער פּאָליטיק. פאַרעפנטלעכט די אָפּ-מאַכן און גיט זיי איבער צו שאַנד פאַר יעדן אַרבעטער און פויער און אַף פאַרזאַמלונגען זאָגט: קיין שום שאָלעם מיט די דייטשישע קאַפּיטאַליסטן און אַ פולער פאַנאַנדערייס מיט די ענגליש-פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטן. זאָלן זיך די ענגלענדער אַרויסקלייבן פון טערקיי און ניט מילכאָמע האַלטן פאַר באַגדאַד, זאָלן זיי זיך אַרויסקלייבן פון אינדיע און פון עגיפּעט. מיר ווילן ניט מילכאָמע האַלטן דערויף, אַז עס זאָל איינגעהאַלטן ווערן דאָס אָנגעזאַמלטע רויב, פּונקט ווי מיר ווילן ניט צולייגן קיין איינציקן אַטאָם פון אונזערע מאַיסים, אַז די דייטשישע גאַזלאָנים זאָלן איינהאַלטן זייער רויב. אויב איר וועט עס טאָן, — און איר האָט עס נאָר גערעדט, — אין פּאָליטיק גלויבט מען קיין ווערטער ניט און מע טוט גוט, וואָס מע גלויבט ניט, — אויב איר וועט עס ניט נאָר זאָגן, נאָר אויך טאָן, וועלן אויך די פאַרבינדעטע, וואָס זיינען איצט פאַראַן, זיך אַרויסווייזן. טוט אַ קוק אַף דער שטימונג פון יעדן אונטערדריקטן אַרבעטער און פויער — זיי פילן מיט און באַדויערן, וואָס איר זייט אַזוי שוואַך, וואָס, האָבנדיק געווער, לאָזט איר איבער די באַנקירן, אייערע פאַרבינדעטע זיינען

די אונטערדריקטע אַרבעטער פון אַלע לענדער. עס וועט זיין דאָס, וואס די רעוואָלוציע פון 1905-טן יאָר האט באַוויזן אַף דער וואָר. ווען זי האט זיך אָנגעהויבן, איז זי געווען שרעקלעך שוואַך. און ווי זעט אויס איר אינטערנאַציאָנאַלער רעזולטאַט? ווי אַזוי איז פון דערדאָזיקער פּאָליטיק באשטימט געוואָרן די אויסערלעכע פּאָליטיק פון דער רוסישער רעוואָלוציע, פון דער געשיכטע פון 1905-טן יאָר? איצט פירט איר די אויסערלעכע פּאָליטיק פון דער רוסישער רעוואָלוציע אינגאנצן מיט די קאַפּיטאַליסטן. אָבער דער 1905 יאָר האָט באוויזן, ווי אַזוי עס דאַרף זיין די אויסערלעכע פּאָליטיק פון דער רוסישער רעוואָלוציע. א פאַקט איז, אז נאָכן 17-טן אָקטיאַבער 1905-טן יאָר האבן זיך אין ווין און אין פראג אָנגעהויבן מאַסאָווע גאַסן-אומרוען און בויאונג פון באַריקאַדן. נאָכן 1905-טן יאָר איז געקומען דער 1908-טער יאָר אין טערקיי, דער 1909-טער אין פערסיע און 1910-טער יאָר אין כינע. אויב איר וועט צורופן די ווירקלעך „רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע", דעם אַרבעטער-קלאַס, די אונטערדריקטע, און איר וועט ניט טרייבן קיין פשאָרעס מיט די קאַפּיטאַליסטן, — וועלן אייערע פאַרבינדעטע זיין ניט די אונטערדריקנדיקע קלאַסן, נאָר די אונטערדריקטע, ניט די נאַציאָנאַליטעטן, אין וועלכע עס פּרעוואַלירן איצט די אונטערדריקנדיקע קלאַסן, נאָר די נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע מע צערייסט איצט אַף טיילן. דאָ דערמאָנט מען אונז וועגן דעם דייטשישן פראָנט, אַף וועלכן קיינער פון אונז האָט ניט נאָר ניט פאָרגעלייגט קיין שום אומענדערונגען, אַכוץ דער פרייער פאַרשפּרייטונג פון אונזערע אויפרופן, וואס זיינען געשריבן פון איין זייט אַף רוסיש, פון דער אַנדער זייט אַף דייטש.

דאָרט ווערט געזאָגט: די קאַפּיטאַליסטן פון ביידע לענדער זיינען גאַזלאָנים. דאָס דערווייטערן זיי איז נאָר אַ טריט צום שאָלעם. עס זיינען אָבער פאַראַן אַנדערע פראָנטן. אַפן טערקישן פראָנט איז פאַראַן אונזערע אַן אַרמיי, וואָס איר צאָל ווייס איך ניט. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז בעערעך איז דאָרט פאַראַן 3 מיליאָן. ווען דידאָזיקע אַרמיי, וועלכע האַלט זיך איצט אויף אין אַרמעניע און פירט דורך אַנעקסיעס, וועלכע איר פאַרלייגט, פריידיקנדיק פאַר אַנדערע פעלקער אַ שאָלעם אָן אַנעקסיעס, האַגאַם איר האט די קראַפט און די מאַכט, ווען דידאָזיקע אַרמיי וואָלט אַריבערגיין צו דערדאָזיקער פּראָגראַם, ווען זי וואָלט פון אַרמעניע געמאַכט אַן אומאָפּהענגיקע אַרמענישע רעפּובליק, און דאס געלט, וואס עס נעמען פון אונז די פינאַנסיסטן פון ענגלאַנד און פראַנקרייך, וואָלט זי זיי געגעבן, וואָלט בעסער געווען.

מע זאָגט, אַז אָן דער פינאַנציעלער שטיצע פון ענגלאַנד און פראַנקרייך וועלן מיר זיך ניט באַגיין. דידאָזיקע שטיצע „האַלט" אָבער אַזוי אונטער, ווי אַ שטריק האַלט אונטער אַ געהאנגענעם. פון דעם מאָמענט אָן, ווען דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער קלאַס וועט זאָגן: „אַראָפּ מיט דערדאָזיקער שטיצע, איך אַנערקען ניט די כויוועס, וואס זיינען געשלאָסן געוואָרן מיט די פראַנצויזישע און ענגלישע קאַפּיטאַליסטן, איך רוף צו אַן אויפשטאַנד פון אַלעמען קעגן די קאַפּיטאַליסטן. קיין שאָלעם מיט די דייטשישע קאַפּיטאַליסטן און קיין

בונד מיט די ענגלענדער און פראנצויזן!" ווען דידאָזיקע פּאָליטיק וואָלט געפירט ווערן אין דערעמעסן, וואָלט זיך אונזער טערקישע אַרמיי געקאָנט באַפרייען און אומקערן זיך אַף אַנדערע פראָנטן, ווייל אַלע פעלקער פון אזיע וואָלטן דערזעען, אַז דאָס רוסישע פאָלק איז ניט נאָר, וואָס עס פּראָקלאַמירט אַף ווערטער אַ שאָלעם אָן אַנעקסיעס אָפּן גרונט פון דער זעלבסטבאַשטימונג פון נאַציעס, נאָר אַז דער רוסישער ארבעטער און פויער שטעלט זיך בעעמעס בעראש פון אלע אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן, אַז דער קאַמף מיטן אימפעריאַליזם איז פאר אים ניט קיין פוסטער וואונש און ניט קיין מיניסטאָרישע פּאַראַד-פראַזע, נאָר דער בלוטיקער אינטערעס פון דער רעוואָלוציע. אונזער לאַגע איז אַזאַ, אַז אַ רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע קאָן אונז דראָען, אָבער זי וועט ניט אומבאַדינגט צושטאַנד קומען, ווייל עס איז אַ סאָפעק, צי די ענגלישע אימפעריאַליסטן וועלן קאָנען פירן אַ מילכאָמע קעגן אונז, אויב איר זאָלט זיך ווענדן צו די פעלקער, וואס רינגלען אַרום גאַנץ רוסלאנד, מיט אַ זאַלכען ביישפיל. דערווייזט, אז איר באַפרייט די אַרמענישע רעפובליק, אַז איר טרעט אריין אין אַן אויסגלייך מיט די ראטן פון ארבעטער און פויערשע דעפּוטאטן אין יעדן לאַנד, אז איר זייט פאר א פרייער רעפובליק, דעמאָלט וואָלט די אויסערלעכע פּאָליטיק פון דער רוסישער רעוואָלוציע געוואָרן אין דערעמעסן א רעוואָלוציאָנערע, אין דערעמעסן א דעמאָקראטישע. איצט איז זי אַזאַ נאָר אפן וואָרט, אין דערעמעסן איז זי א קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע, ווייל איר זייט געבונדן דורכן ענגליש-פראנצויזישן אימפעריאליזם, און איר ווילט עס ניט זאָגן אָפן, איר האָט מוירע דאס צו אנערקענען. בעסער וואָלט געווען, ווען אנשטאָט דעם אויפרוף „אַראָפּצואווארפן פרעמדע באנקירן", וואָלט איר בעסער געזאָגט דעם רוסישן פאָלק, די ארבעטער און פויערים, גלייך: „מיר זיינען צו שוואַך, מיר קאָנען פון זיך ניט אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון די ענגליש-פראנצויזישע אימפעריאליסטן, מיר זיינען זייערע שקלאַפן, דערפאר האלטן מיר מילכאָמע". דאס וואָלט געווען א ביטערער עמעס, אָבער ער וואָלט געהאט א רעוואָלוציאָנערע באדייטונג, ער וואָלט פאקטיש א רוק געטאָן די דערנעענטערונג פונם סאָף פון דערדאָזיקער רויבערישער מילכאָמע. אָט וואס עס באַטייט אין טויזנט מאָל מער, איידער אַן אויסגלייך מיט די סאָציאַל-שאָוויניסטן, די פראנצויזישע און ענגלישע, איידער דאס צונויפרופן צוזאמענפאָרן, אף וועלכע זיי וועלן גיין, איידער דאס ווייטערדיקע פירן דידאָזיקע פּאָליטיק, ווען פאקטיש האט איר מוירע צו צערייסן מיט די אימפעריאליסטן פון איין לאנד, פארבלייבנדיק פארבינדעטע פון אַן אנדער לאַנד. איר קאָנט, שטיצנדיק זיך אף די אונטערדריקטע קלאסן פון די אייראָפּעאישע לענדער, אַף די אונטערדריקטע פעלקער פון די מער שוואכערע לענדער, וועלכע רוסלאנד וואָלט בא די צאַרן געשטיקט, וועלכע זי שטיקט, אזוי ווי איצט אַרמעניע, שטיצנדיק זיך אַף זיי, קאָנט איר געבן פרייהייט; מיטהעלפנדיק זייערע ארבעטערשע און פויערשע קאָמיטעטן, וואָלט איר זיך געשטעלט בעראש פון אלע אונטערדריקטע קלאסן, פון אלע אונטערדריקטע פעלקער אין דער מילכאָמע קעגן דעם דייטשישן און דעם ענגלישן אימפעריאליזם, וועלכע קאָנען זיך ניט פא-

דייניקן קענן אייך דערפאר, ווייל אינם גערוואנגל אף טויט איינער מיטן אנ-דערן געפינען זיי זיך אין א שווערער לאגע, ניט אויסצובעסערן, ווען די אויסערלעכע פּאָליטיק פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אַן אויפריכטיקער בונד מיט די אונטערדריקטע קלאסן, מיט די אונטערדריקטע פעלקער קאָן האבן ער-פּאָלג; 99 שאנסן פון 100, אז ער וועט האבן ערפאָלג.

ניט לאנג האָבן מיר אין דער מאָסקווער צייטונג פון אונזער פארטיי באגעגנט א בריוו פון א פויער, וועלכער גיט איבער אונזער פּראָגראַם. איך וועל מיך דערלויבן פארענדיקן מיין רעדע מיט א קורצער ציטאַטע פון דעמ-דאָזיקן בריוו, וועלכער דריקט אויס, ווי אזוי אַ פויער האט פארשטאנען אונ-זער פּראָגראם. דערדאָזיקער בריוו ווערט געבראכט אין נומער 59 פון דער מאָסקווער צייטונג פון אונזער פארטיי „סאָציאַל-דעמאָקראַט“ און איז איבער-בערגעדרוקט אין נומער 68 פון „פּראוודא“. „מע דארף מער דריקן אַף דער בורזשואזיע, אַז זי זאל פּלאַצן אין אלע נעט. דעמאָלט וועט זיך די מילכאָמע ענדיקן. אויב אָבער מיר ווילן ניט אזוי שטארק דריקן אף דער בורזשואזיע, וועט זיין פאַסקודנע“ (אַפּלאָדיסמענטן).

„פּראוודא“ נומערן 95, 96 און 97,
30-טן יוני, 1-טן און 2-טן יולי, 1917-טן יאָר.

---

# ווי אזוי און פארוואס האט מען די פויערים אָפּגע-נארט?

עס איז באקאנט, אז בעשאס די פויערשע דעפּוטאטן פון גאנץ רוסלאנד זיינען זיך צונויפגעפאָרן קיין פּעטראָגראַד אַפן אַלרוסלענדישן ראַט פון די פויערשע דעפּוטאַטן, האט מען די פויערים צוגעזאָגט — צוגעזאָגט האבן די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, צוגעזאָגט האָט די רעגירונג — טייקעף צו פאר-באָטן דאָס קויפן און פארקויפן ערד.

דער מיניסטער פּערעווערזעוו האט פון אָנהויב געהאט ווירקלעך גע-וואָלט אויספילן דעם צוזאָג און האט דורך אַ טעלעגראַמע אָפּגעשטעלט די געשעפטן פון קויפן און פארקויפן ערד. דערנאָך אָבער האט זיך עמיצנס אַן אומגע-זעענע האנט ארייַנגעמישט אין דעם איניען, און דער מיניסטער פּערעווערזעוו האָט גענומען צוריק זיין טעלעגראַמע צו די נאָטאריוסן, ד. ה. ער האט צוריק דערלויבט געשעפטן מיט קויפן און פארקויפן ערד.

די פויערים האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַאומרואיקן. אויב מיר האבן קיין טאָעס ניט, האבן זיי אַפילע, דאַכט זיך, געשיקט אַ ספּעציעלע דעלעגאציע אין מיניסטעריום.

די פויערים האט מען באַרואיקט, די פויערים האט מען איינגערעדט, ווי מע רעדט איין קליינע קינדער. מע האט זיי פארזיכערט, אַז עס וועט טייקעף ארויסגעגעבן ווערן א ג ע ז ע ץ, וועלכער פארבאָט צו קויפן און פארקויפן

ערד, אַז נאָר קעדיי אַרויסצוגעבן אַזאַ געזעץ איז פּערעווערזעווס צייטווייליקע פּאַראָרדענונג „אָפּגעלייגט“ געוואָרן.

די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האבן באַרואיקט די פּויערים, אָנגעהאָדעוועט זיי מיט צוזאָגן. די פּויערים האבן געגלויבט. די פּויערים האבן זיך באַרואיקט. די פּויערים זיינען זיך פּאַנאַנדערגעפאָרן.

עס איז אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך.

דעם 24־טן יוני (ערשט דעם 24-טן יוני) באַווייזט זיך אין די צייטונגען א ידיעה, אַז דער מיניסטער טשערנאָוו, דער פירער פון דער פּארטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, האט אריינגעטראָגן אין דער רעגירונג א געזעצפּראָיעקט (ערשט בלויז אַ געזעצפּראָיעקט) וועגן פארבאָטן די געשעפטן מיט קויפן און פארקויפן ערד.

דעם 29-טן יוני האבן די צייטונגען פארעפנטלעכט א מיטיילונג וועגן דער „פּריוואַטער באַראַטונג“ פון דער מלוכישער דומע, וואס איז פאָרגעקומען דעם 28-טן יוני. לויט דער מיטיילונג פון דער צייטונג „רעטש“ (א צייטונג, וואס געהער דער פּארטיי, וועלכע האט די מערהייט אין דער צייטווייליקער רעגירונג), האט אַף דערדאָזיקער באראטונג דער ה׳ ראדזיאַנקאָ „אין זיין שלוס־וואָרט זיך אָפּגעשטעלט אַף דער פראגע וועגן געשעפטן מיט ערד אין צוזאַמענהאנג מיט די נייע“ (אָ, יאָ, זייער נייע! העכסט נייע!) „מאָסמיטלען פון דער רעגירונג. ער דערווייזט, אַז אויב מאכן געשעפטן מיט ערד וועט פארבאָטן ווערן, וועט די ערד פארלירן איר ווערט“ (פאַר וועמען? פאר די פּריצים וואַרשיינלעך!! אבער באַ די פּריצים טאקע ווילן דאָך די פּויערים אָפּנעמען די ערד!), „עס וועט פארלירן דעם ווערט די באוואָרענונג פונם קרעדיט און פאר די ערדבאַזיצערס“ (די געוועזענע ערדבאזיצערס, ה׳ ראָדזיאַנקאָ!) „וועט פארמאכט ווערן יעדער קרעדיט... איז פון וואס פאר א מיטלען, — פרעגט מ. וו. ראָדזיאנקאָ, — וועט דער ערדבאזיץ אָפּצאָלן זיינע כויווס די בענק? אינם גרעסטן טייל פאלן זיינען שוין די טערמינען דורכגעגלאָזן געוואָרן, און אַזאַ געזעצפּראָיעקט וועט ברענגען צו א באלדיקער ליקווידירונג פונם ערד־אייגנטום, אַף אַ געזעצלעכן יעסאָד, אָן שום האנדל“.

„דעריבער האָט מ. וו. ראָדזיאנקאָ פאָרגעלייגט דער באראטונג צו באַאויפטראָגן דעם צייטווייליקן קאָמיטעט, אז ער זאל באהאנדלען די פראגע, קעדיי צו פּרואוון זיך אָפּווענדן די דורכפירונג פונם געזעץ, וועלכער איז א סאקאָנע ניט פארן פּריוואטן ערדבאזיץ, נאָר פאר דער מלוכע“.

אָט ווען די „אומגעזעצנע האַנט“ האָט זיך באַוויזן אַף גאַנץ וועלט.

אָט איז זי, די „קונציקע (כיטרע) מעכאַניק“ פון דער קאָאַליציע־רעגירונג, מיט די קימאַט־סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן, וואָס איז דעמאַסקירט געוואָרן דורך דעם, וואָס דער געוועזענער פאָרזיצער פון דער געוועזענער מלוכישער דומע, דער געוועזענער גוטבאַזיצער, דער געוועזענער פאַרטרויטער פון סטאָליפּינען — דעם הענקער, דער געוועזענער באַהאַלטער פונם פּראָוואָקאַטאָר מאַלינאָווסקי — דער ה׳ ראָדזיאַנקאָ האָט זיך אויסגערעדט!

לאָמיר אפילו נאָכגעבן, אַז איצט, ווען דערדאָזיקער הער ראָדזיאַנקאָ האָט זיך אַזוי אומגעשיקט אויסגערעדט, וועט מען ענדלעך אַרויסגעבן דעם געזעץ וועגן פאַרבאָטן געשעפטן מיט קויפן און פארקויפן ערד; ענדלעך!

די זאַך באַשטייט דאָך אָבער ניט נאָר אין דעם. די זאַך באַשטייט דערין, אַז אַף דעם העלן ביישפּיל זאָלן מיר אַלע פאַרשטיין, און זאָלן העלפן פאַרשטיין די מאַסן פויערים, ווי אַזוי און פאַרוואָס האָט מען די פויערים אָפּגענאַרט. ווייל דערדאָזיקער פאַקט בלייבט אַן אומבאַשטרייטבאַרער און אומבאַדינגטער פאַקט: די פויערים האָט מען אָפּגענאַרט, ניט דערפילנדיק טיי־קעף דאָס, וואס מע האָט זיי אַפן אַלרוסלענדישן ראַט פון די פויערשע דע־פוטאַטן צוגעזאָגט צו דערפילן טייקעף.

ווי אַזוי האָט מען אָפּגענאַרט די פויערים? אָנהאָדעוועןדיק זיי מיט צו־זאָגן. דערין טאַקע באַשטייט די „קונציקע מעכאַניק” פון אַלע קאָאַליציע־מי־ניסטעריומס אַף דער וועלט, ד. ה. פון בורזשואַזע מיניסטעריומס מיטן אָנטייל פון די פארעטער פון סאָציאַליזם. די געוועזענע סאָציאַליסטן דינען אין דידא־זיקע מיניסטעריומס—אַלץ איינס, צי זיי באַנעמען עס מיט זייער באַוואוסטזיין אָדער ניט,—פאר א געצייג אַף אָפּצונאַרן די מאַסן דורך די קאַפּיטאַליסטן.

פאַרוואָס האָט מען אָפּגענאַרט די פויערים? דערפאר, ווייל דאָס געצייג אַף אָפּצונאַרן, די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן—מיר נעמען די בעסטע האַשאָרע פאַר זיי,—האָבן אליין ניט פאַרשטאַנען די קונציקע מעכאַניק פון דער קלאַסן־הערשאַפט און קלאַסן־פּאָליטיק אין דער מאדערנער פאַרוואַלטונג פון רוסלאַנד. די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן דורך דער פראַזע. און אין דערעמעסן, ווי דאָס האָט באַשטעטיקט דער „צופאַל” מיט ראָדזיאַנקאָן אפן סאַמע אנשוילעכן אופן, אין דערעמעסן רעגירט מיט רוסלאַנד א בלאָק פון צוויי בלאָקן, אַ פאַרבאַנד פון צוויי פארבאַנדן.

איין בלאָק איז דער בלאָק פון די קאַדעטן מיט די מאָנאַרכיסטן־גוטבא־זיצערס, וואָס דער ערשטער פון זיי איז דער ה׳ ראָדזיאַנקאָ. דערדאזיקער בלאָק איז באַשטעטיקט געוואָרן, ווי א פּאָליטישער פאַקט, פאַר די אויגן פון גאַנץ רוסלאַנד דערמיט, וואָס אַף די וואַלן אין פּיטער האָבן אַלע צייטונגען פון דער שווארצער מייע, אלע צייטונגען, וואָס שטייען רעכטער פון די קאַ־דעטן, אונטערגעשטיצט די קאַדעטן. דערדאָזיקער בלאָק האָט די מערהייט אין דער רעגירונג, צוליב דער שולד פון די עסערן און מענשעוויקעס. דער־דאָזיקער בלאָק האָט אָפּגעצויגן דאָס פארבאָטן די געשעפטן מיט קויפן און פאַרקויפן ערד, דערדאָזיקער בלאָק שטיצט אונטער די פּריצים, די קאַפּי־טאליסטן—לאָקאַוט־מאַכער.

דער צווייטער בלאָק איז א בלאָק פון די עסערן און מענשעוויקעס, וואס האָט אָפּגענאַרט דאָס פאָלק דורך פוסטע צוזאָגן. סקאָבעלעוו און צערעטעלי, פעשעכאָנאָוו און טשערנאָוו האָבן צוזאָגן אָנגעגעבן אַ טהאָם. צוזאגן געבן איז לייכט. דער מעטאָד פון די „סאָציאליסטישע” מיניסטאָרן צו שפייזן דאס פאלק מיט צוזאָגן איז אויסגעפּרואווט געוואָרן אין אַלע פאַרגעשריטענע לענדער פון דער וועלט און האָט אומעטום געבראכט צו אַ קראך. די באַזונדערהייט פון

רוסלאנד באַשטייט דערין, וואָס דערדאָזיקער קראַך פון דער פּאַרטיי עסערן און מענשעוויקעס וועט זיין שאַרפער און וועט קומען גיכער, ווי געווײנלעך, צוליב דער רעוואָלוציאָנערער לאַגע פונם לאַנד.

טאָ זאל יעדער אַרבעטער און יעדער סאָלדאט אָף דעמדאָזיקן, פאַר די פּויערים באַזונדערס באַלערנדיקן ביישפּיל ווי געהעריק דערקלערן די פּויערים, ווי אַזוי און פאַרוואָס האָט מען זיי אָפּגענאַרט!

ניט אין אַ בלאָק (בונד) מיט די קאַפּיטאַליסטן, נאָר אין אַ בונד מיט די אַרבעטער וועלן זיך די פּויערים קאָנען דערשלאָגן צו זייערע צילן.

„פּראַוודאַ“ נומער 96, פון 1-טן יולי 1917 יאר.
אָן דער אונטערשריפט פונם אווטאָר.

---

# צו די לאָזונגען.

צו אָפט פלעגט טרעפן, אַז ווען די געשיכטע מאַכט אַ שאַרפן קער, קאָנען ניט אַפילו די פּאָרגעשריטענע פּאַרטייען א מער אָדער ווייניקער לאַנגע צייט זיך איינלעבן אין דער נייער לאַגע, זיי כאַזערן איבער די לאָזונגען, וואָס זיינען ריכטיק געווען נעכטן, אָבער וועלכע האָבן פאַרלאָרן יעדן זין היינט, זיי האָבן פאַרלאָרן דעם זין „פּלוצלונג“ פּונקט אָף אַזוי פּיל, אָף וויפל „פּלוצ-לונג“ עס איז געווען דער שאַרפער קער אין דער געשיכטע.

עטוואָס ענלעכעס קאָן זיך, ווייזט אויס, איבערכאַזערן מיטן לאָזונג פון איבערגאַנג פון דער גאַנצער מלוכע-מאַכט צו די ראַטן. דערדאָזיקער לאָזונג איז ריכטיק געווען אין מעשעך פון דעם פּעריאָד פון אונזער רעוואָלוציע, וואָס איז פאַרגאַנגען אָף ניט אומצוקערן זיך, אַן ערעך, פון 27 פעווראל ביזן 4-טן יולי. דערדאָזיקער לאָזונג האָט בעפּיירעשע אויפגעהערט צו זיין ריכטיק איצט. ביז וואַנען מע פאַרשטייט דאָס ניט, קאָן מען קיין זאַך ניט פאַרשטיין אין די לעבנסוויכטיקסטע פראַגן פון דער איצטיקער צייט. יעדער איינציקער לאָזונג דאַרף אַרויסגעדרונגען ווערן פונם גאַנצן סאַכאַקל פון באַזונדערהייטן פון א באַשטימטער פּאָליטישער לאַגע. און די פּאָליטישע לאַגע אין רוסלאַנד איצט, נאָכן 4-טן יולי, אונטערשיידט זיך אין גרונט פון דער לאַגע פון 27 פעווראל—4 יולי.

דעמאלט, אינם פאַרגאַנגענעם פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע, האָט אין דער מלוכע געהערשט די אַזוי גערופענע „דאָפּלמאַכט“, וואָס האָט סאַי מאַ-טעריעל, סאַי פאָרמעל אויסגעדריקט דעם אומבאַשטימטן איבערגאַנגס-צושטאַנד פון דער מלוכע-מאַכט. לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז די פראַגע וועגן דער מאַכט איז די איקער-פראַגע פון יעדער רעוואָלוציע.

דעמאלט האָט זיך די מאַכט געפונען אין א וואַקלדיקן צושטאַנד. געטיילט האָבן זי, לויט אַ פרייוויליקן אויסגלייך צווישן זיך, די צייטווייליקע רעגירונג און די ראַטן. די ראַטן האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך דעלעגאַציעס פון דער מאַסע פרייע, ד. ה. אַזעלכע, וואָס זיינען ניט אונטערגעוואָרפן אונטער קיין שום

געוואָלט פון דרויסן, און באַוואָפנטע ארבעטער און סאָלדאטן. דאָס געוועזן איז
די הענט פון פאָלק, די אָפּוועזנהייט פון אויסערלעכער געוואַלט איבערן
פאָלק,—אט אין וואָס עס איז באשטאַנען דער טאָך פון דער זאך. אָט וואס
עס האָט געעפנט און באוואָרנט דעם פרידלעכן וועג פאַר דער אנטוויקלונג
פאָרויס פון דער גאנצער רעוואָלוציע. דער לאָזונג: „איבערגאנג פון דער גאַנ-
צער מאַכט צו די ראַטן” איז געווען א לאָזונג פונם נאענטסטן טריט, פון דעם
טריט, וואס קאָן אומיטלבאַר פאַרווירקלעכט ווערן, אף דעמדראָזיקן פרידלעכן
אנטוויקלונגס-וועג. דאָס איז געווען א לאָזונג פון פרידלעכער אַנטוויקלונג פון
דער רעוואלוציע, וואָס דאס איז פון 27-טן פעווראל ביזן 4-טן יולי געווען
מעגלעך און, פארשטייט זיך, אַמערסטן געוואונשן, און וואס איצט איז עס
אומבאדינגט אומעגלעך.

לויט אלע וואַרשיינלעכקייטן, האבן זיך ניט אלע אָנהענגער פונם לאָזונג
„איבערגאנג פון דער גאנצער מאַכט צו די ראַטן” גענוג ארייַנגעטראכט דערין,
אז דאָס איז געווען א לאָזונג פון פרידלעכער פאָרויס-אנטוויקלונג פון דער
רעוואלוציע. אַ פרידלעכע ניט נאָר אין דעם זין, וואס קיינער, קיין איין
קלאס, קיין איין ערנסטע קראפט וואָלט דעמאלט (פון 27 פעווראל ביזן 4
יולי) ניט געקאָנט זיך אַנטקעגנשטעלן און שטערן דעם איבערגאַנג פון דער
מאכט צו די ראַטן. דאָס איז נאך ניט אלץ. די פרידלעכע אַנטוויקלונג וואלט
דעמאלט מעגלעך געווען אפילע אויך אין דער הינזיכט, וואס דער קאַמף פון
קלאסן און פארטייען אינעווייניק אין די ראטן וואלט געקאנט דע-
מאלט,—בא דעם טנאי, אז די גאַנצע פולקייט פון דער מלוכע-מאכט וואלט
באַצייטנס צו זיי אריבער,— וואלט דערדאָזיקער קאמף געקאנט איינלעבן זיך
אמערסטן פרידלעך און אמערסטן אָנווייטיקדיק.

אף דער לעצטער זייט פונם איניען איז נאָך אויך ניט גענוג געוועגדעט
געווארן די אויפמערקזאמקייט. לויט זייער קלאַסן-באשטאַנד זיינען די ראַטן
געווען אָרגאַנען פון דער באוועגונג פון די ארבעטער און פויערים, א גרייטע
פאָרם פון זייער דיקטאטור. ווען זיי וואלטן האָבן די פולע מאכט—דאן וואָלט
דער הויפט-כיסאָרן פון די קליינבירגערלעכע שיכטן, זייער הויפט-כעט, זייער
צוטרוילעכקייט צו די קאפיטאליסטן אויסגעלעבט געווארן אין דער פראקטיק,
וואלט קריטיקירט געווארן דורך דער דערפארונג פון זייערע אייגענע מאסמיט-
לען. דער אומבייט פון קלאסן און פארטייען, וואס האבן די מאַכט, וואלט אי-
נעווייניק אין די ראטן, אַפן גרונט פון זייער איינמעכטיקייט און אלמעכטיקייט,
געקאנט פארקומען פרידלעך; די פארבינדונג פון אַלע סאָוועטישע פארטייען
מיט די מאסן וואלט געקאנט פאַרבלייבן א פעסטע און ניט אָפגעשוואכטע. מע
טאָר אף קיין איין מינוט ניט ארויסלאָזן פון זין, אז נאָר דידאָזיקע ענגסטע
און פריי אין דער ברייט און אין דער טיף וואקסנדיקע פארבינדונג פון די
סאוועטישע פארטייען מיט די מאסן וואָלט געקאנט מיטהעלפן פרידלעך אויס-
צולעבן די אילוזיעס פון קליינבירגערלעכער פשאָרע-מאכעריי מיט דער בור-
זשואזיע. דער איבערגאַנג אליין פון דער מאכט צו די ראטן וואלט ניט געענ-

דערט און וואלט ניט געקאָנט ענדערן די קלאַסן-פאַרהעלטענישן ; ער וואלט
קיין זאך ניט געענדערט אין דער קליינבירגערלעכקייט פונם פויערטום. ער
וואָלט אָבער באַצייטנס געמאכט א גרויסן שריט צום אָפּרייסן דאס פויערטום
פון דער בורזשואזיע, צו זיין דערנעענטערונג, און דערנאך צו זיין פאַריי-
ניקונג מיט די ארבעטער.

אַזוי וואָלט געקאָנט זיין, ווען די מאַכט וואָלט געווען באַצייטנס איבער-
געגאַנגען צו די ראַטן. אַזוי וואָלט געווען לייכטער פון אלץ, באַקוועמער פון
אלץ פאַרן פאָלק. אַזאַ וועג וואָלט געווען דער סאַמע אָנווייטיקלעכער, און
דעריבער האט מען פאַר אים געדאַרפט ענערגישער פון אַלץ קעמפן. איצט
אָבער האָט זיך דערדאָזיקער קאַמף, דער קאַמף פאַרן באַצייטיקן איבערגאנג
פון דער מאַכט צו די ראַטן, פאַרענדיקט. דער פרידלעכער וועג פון אַנטוויק-
לונג איז געוואָרן אומעגלעך. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ניט פרידלעכער,
אמערסטן ווייטיקדיקער וועג.

דער איבערבראָך פון 4-טן יולי באַשטייט טאַקע דערין, וואָס נאָך אים
האָט זיך די אָביעקטיווע לאַגע שאַרף אומגעענדערט. דער וואַקלדיקער צושטאַנד
פון דער מאַכט האָט אויפגעהערט, די מאַכט איז אַריבערגעגאַנגען אינם אַנט-
שיידנדיקן אָרט אין די הענט פון דער קאָנטער-רעוואָלוציע. די אַנטוויקלונג פון
די פּאַרטייען אַפן באָדן פון דער פשאָרע-מאַכעריי פון די קליינבירגערלעכע
פּאַרטייען — די עסערן און מענשעוויקעס — מיט די קאָנטער-רעוואָלוציאנערע
קאַדעטן האָט געבראַכט דערצו, אַז דידאזיקע ביידע קליינבירגערלעכע פּאַר-
טייען זיינען געווארן פּאַקטישע אנטיילנעמער און מיטהעלפער פון דער קאָנטער-
רעוואָלוציאָנערער הענקעריי. די אומבאוואוסטזיניקע צוטרוילעכקייט פון די
קליינבירגער צו די קאַפּיטאַליסטן האָט מיטן אַנטוויקלונגס-גאַנג פונם פּאַר-
טייאישן קאמף דערפירט די ערשטע צו באוואוסטזיניקער שטיצע פון די קאָנטער-
רעוואָלוציאָנערן. דער אַנטוויקלונגס-ציקל פון די פּאַרטייאישע באַציאונגען האט
זיך פאַרענדיקט. דעם 27-טן פעווראל זיינען אלע קלאַסן צוזאמען געווען קעגן
דער מאָנארכיע. נאָכן 4-טן יולי האָט די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע בורזשואַזיע,
האַנט באַ האַנט מיט די מאָנארכיסטן און מיט דער שווארצער מייע, פּאַריי-
ניקט צו זיך די קליינבירגערלעכע עסערן און מענשעוויקעס, טיילווייז אָנ-
שרעקנדיק זיי, און האָט איבערגעגעבן די פּאַקטישע מלוכע-מאַכט אין די הענט
פון די קאַוועניאַקס*), אין די הענט פון דער מיליטערישער באַנדע, וואָס צע-
שיסט די ניט געהאָרכזאַמע אַפן פראָנט, וואס מאַכט פּאָגראָמען אף די באָל-
שעוויקעס אין פּיטער.

דער לאָזונג פון איבערגאַנג פון דער מאַכט צו די ראַטן וואָלט איצט
געקלונגען, ווי דאָן-קיכאָטעריי אָדער ווי שפּאָט. דערדאָזיקער לאָזונג וואָלט
אביעקטיוו געווען א גענאַרעריי פונם פאָלק, דאָס וואלט געהייסן איינפלאַנצן
אין אים אילוזיעס, אז אויך איצט איז, קעדיי די ראַטן זאָלן באַקומען די
מאכט, קלוימערשט גענוג, אז זיי זאָלן וועלן נעמען די מאַכט אדער זיי זאָלן

*) א גענעראַל, וועלכער האט זיך באַרימט געמאכט מיט דער מוירעדיקער בלוטבאַד, וואס
ער האט אָרגאַניזירט איבער די פאַריזער ארבעטער אין 1848 יאר. איבערז.

עס באַשטימען, — אַז אין די ראַטן זיינען נאָך קלוימערשט פאַראַן פאַרטייען, וואָס האָבן זיך ניט פאַרפלעקט דורך מיטהילף די הענקער, — אַז מע קאָן קלוימערשט מאַכן דאָס געוועזענע פאַר ניט-געוועזענע.

דער טיפסטער טאָעס וואָלט געווען צו מיינען, אַז צוליב נעמען „נעקאָמע", אַזוי צו זאָגן, פון די עסערן און מענשעוויקעס פאַר זייער שטיצן דעם פאָגראָם אַף די באָלשעוויקעס, די צעשיסונגען אַפן פראָנט און די אַנטוואָפענונג פון די אַרבעטער, איז דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט פעאיק „אָפּצוזאָגן" זיך פון צו שטיצן זיי קעגן דער קאָנטר-רעוואָלוציע. אַזאַ שטעלונג פון דער פראַגע וואָלט, ערשטנס, באַטייט אַריבערטראָגן די באַלעבאַטישע באַגריפן וועגן מאָראַל אַפן פּראָלעטאַריאַט (ווייל צוליב די נוצן פון דער זאַך וועט דער פּראָלעטאַריאַט שטענדיק שטיצן ניט נאָר די וואַקלדיקע קליין-בורזשואַזיע, נאָר אויך די גרויס-בורזשואַזיע); דאָס וואָלט געווען, צווייטנס,—און דאָס איז דער איקער — אַ באַלעבאַטישער פרואוו צו פאַרטונקלען דורך „מאָראַליזירן" דעם פּאָליטישן טאָך פון דער זאַך.

דערדאָזיקער טאָך פון דער זאַך באַשטייט דערין, וואָס די מאַכט קאָן מען שוין איצט אַף אַ פרידלעכן אויפן ניט נעמען. מע קאָן זי באַקומען, נאָר באַזיגנדיק אין אַ באַשליסנדיקן קאַמף די ווירקלעכע מאַכט-באַזיצער פון איצטיקן מאָמענט, דעהאַינע די מיליטערישע באַנדע, די קאַווענייאַקס, וואָס שטיצן זיך אַף דעם רעאַקציאָנערן מיליטער, וואָס איז געבראַכט געוואָרן קיין פּיטער, אַף די קאַדעטן און אַף די מאָנאַרכיסטן.

דער טאָך פון דער זאַך באַשטייט דערין, וואָס באַזיגן דידאָזיקע נייע באַזיצער פון דער מלוכע-מאַכט קאָנען נאָר די רעוואָלוציאָנערע פאָלקס-מאַסן, וואָס דער טנאַי פאַר זייער באַוועגונג איז ניט נאָר, אַז זיי זאָלן אָנגעפירט ווערן דורכן פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך, אַז זיי זאָלן זיך אָפּקערן פון די פאַרטייען פון די עסערן און מענשעוויקעס, וועלכע האָבן פאַראַטן די זאַך פון דער רעוואָלוציע.

ווער עס טראָגט אַריין אין דער פּאָליטיק באַלעבאַטישע מאָראַל, דער טראַכט אַזוי: לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז די עסערן און מענשעוויקעס זיינען באַגאַנגען אַ „פעלער", אונטערשטיצנדיק די קאַווענייאַקס, וועלכע אַנטוואָפענען דעם פּראָלעטאַריאַט און די רעוואָלוציאָנערע פּאָלקן; מע דאַרף זיי אָבער געבן די מעגלעכקייט „אויסצובעסערן" דעם פעלער, „ניט שווער מאַכן" פאַר זיי די אויסבעסערונג פונם „פעלער", פאַרלייכטערן די וואַקלונג פון דער קליין-בורזשואַזיע צו דער זייט פון די אַרבעטער. אַזאַ אַרט דענקען וואָלט געווען קינדערשע נאַאיווקייט אָדער פּאָשעט אַ נאַרישקייט, אויב ניט אַ נייע גענאַרעריי פון די אַרבעטער, ווייל די וואַקלונג פון די קליינבירגערלעכע מאַסן צו דער זייט פון די אַרבעטער וואָלט באַשטאַנען נאָר דערין, און טאַקע דערין, וואָס דידאָזיקע מאַסן וואָלטן זיך אָפּגעקערט פון די עסערן און מענשעוויקעס. די אויסבעסערונג פונם „פעלער" מיצאַד די פאַרטייען פון די עסערן און מענשעוויקעס וואָלט איצט געקאָנט באַשטיין נאָר דערין, אַז דידאָזיקע פאַרטייען זאָלן דערקלערן צערעטעלין און טשערנאָוון, דאַנען און ראַקיטניקאָוון פאַר מיט-

העלפער פון די הענקער. מיר זיינען פולקום און אומבאַדינגט פאַר אַזאַ „אויס-בעסערונג“ פונם פעלער.

די איקער-פראַגע וועגן דער רעוואָלוציע איז איצט די פראַגע וועגן מאַכט, האָבן מיר געזאָגט. מע דאַרף צוגעבן: טאַקע די רעוואָלוציעס באַווייזן אונז אַף יעדן טריט די פאַרטונקלונג פון דער פראַגע וועגן דעם, וואו עס איז די עכטע מאַכט, זיי באווייזן אונז דעם פאַנאַנדערגאַנג צווישן דער פאָר-מעלער און רעאַלער מאַכט. טאַקע דערין באשטייט איינע פון די הויפּט-באַ-זונדערהייטן פון יעדן רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד. אין מאַרט און אין אַפּריל פון 1917-טן יאָר איז ניט באַוואוסט געווען, צי געפינט זיך די רעאלע מאַכט אין די הענט פון דער רעגירונג אָדער אין די הענט פונם ראַט.

איצט אָבער איז באַזונדערס וויכטיק, אַז די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער זאָלן ניכטער אַ קוק טאָן אַף דער איקער-פראַגע פון דער רעוואָלוציע: אין וועמעס הענט עס געפינט זיך אינם געגעבענעם מאָמענט די מלוכע-מאַכט. זיט אַ טראַכט, ווי זי ווייזט זיך מאַטעריעל אַרויס, נעמט ניט אָן קיין פראַזן פאַר מאַיסים, — וועט אייך ניט שווער זיין צו ענטפערן.

די מלוכע—דאס זיינען פריער פאַר אַלץ גרופן באַוואָפנטע מענטשן מיט מא-טעריעלע צוהענגלעך, אַזוינע ווי טורמעס - האָט געשריבן פרידריך ענגעלס. איצט זיי-נען עס די יונקערס, די רעאַקציאָנערע קאָזאַקן, וואס מע האט ספּעציעל צונויפגע-פירט קיין פּיטער; דאָס זיינען די, וואס האַלטן אין טורמע קאָמענעוון און אַנדערע; וואס האָבן פאַרמאַכט די צייטונג „פּראַוודאַ“; וואָס האָבן אַנט-וואָפנט די אַרבעטער און אַ באַשטימטן טייל סאָלדאַטן; וואס צעשיסן אויך אַזאַ באַשטימטן טייל פונם מיליטער אין דער אַרמיי. אָט די הענקערס — דאָס איז די רעאַלע מאַכט. די צערעטעליס און טשערנאָווס — זיינען מיניסטאָרן אָן מאַכט, מיניסטאָרן — ליאַלקעס, פירער פון פּאַרטייען, וואס האלטן אונטער די הענקעריי. דאָס איז אַ פאַקט. און דערדאָזיקער פאַקט ענדערט זיך ניט דערפון, וואָס ניט צערעטעלי, ניט טשערנאָוו פערזענלעך „באַווייליקן ניט“ געוויס די הענקעריי, וואס זייערע צייטונגען מאַכן זיך ציטערנדיק אַוועק פון איר; אַזאַ אויסערלעכע ענדערונג פונם פּאָליטישן לעוואוש ענדערט ניט דעם טאָך פונם איניען.

דאָס פארמאכן אַן אָרגאַן פון 150.000 פּעטראָגראַדער ווילער, דער מאָרד פונם אַרבעטער וואָאינאָוו (6—VII) דורך די יונקערס דערפאַר, וואס ער האט אַרויסגעטראָגן פון דרוקעריי דעם „ליסטאָק פּראַוודי“ — איז דאס דען ניט קיין הענקעריי? איז דאס דען ניט אַן אַרבעט פון קאַוועניאַקס? ניט די רעגירונג, ניט די ראַטן זיינען דערין „ניט שולדיק“ — וועט מען אונז זאָגן.

איז נאך ערגער פאַר דער רעגירונג און פאַר די ראַטן, — ווען מיר ענטפערן, ווייל דעמאָלט הייסט עס, אַז זיי זיינען נולן; זיי זיינען מאַריאָנעטינס, די רעאַלע מאַכט איז ניט בא זיי.

דאס פאָלק דאַרף פריער פון אַלץ און מער פון אַלץ וויסן דעם עמעס — וויסן, אין וועמעס הענט עס געפינט זיך אין דערעמעסן די מלוכישע מאכט. מע דארף זאָגן דעם פאָלק דעם גאנצן עמעס: די מאכט איז אין די הענט פון

דער מיליטערישער באַנדע פון קאַוועניאַקס (פון קערענסקין, גענעראַלן, אָפיצירן און א. וו.), וואס זיי שטיצט די בורזשואַזיע, אַלס קלאַס, מיט דער קאַדעטישער פּאַרטיי בעראָש פון איר, און מיט אַלע מאָנארכיסטן, וואס ווירקן דורך אַלע שוואַרצמייעדיקע צייטונגען, דורך דער „נאָוואָיע ורעמיאַ", „זשיוואָיע סלאָווא" א. א. וו. א. א. וו.

דידאַזיקע מאַכט דאַרף מען אַראָפּוואַרפן. אָן דעם זיינען אַלע פראַזן וועגן קאַמף מיט דער קאָנטער-רעוואָלוציע פּוסטע פראַזן, „זעלבסטנאַרעריי און גענאַרעריי פונם פאָלק".

דידאַזיקע מאַכט שטיצן אויך די מיניסטאָרן צערעטעלי און טשערנאָוו און זייערע פּאַרטייען: מע דאַרף דערקלערן דעם פאָלק זייער הענקערישע ראָלע און די אומויסמיידלעכקייט פון אַזאַ „פינאַל" פאַר דידאַזיקע פּאַרטייען נאָך זייערע „פעלערן" פון 21-טן אַפּריל, 5-טן מאַי, 9-טן יוני, 4-טן יולי, נאָכדעם ווי זיי האָבן באוויליקט די אַנגריף-פּאָליטיק, וואס האט אָפּ 9/10 פאַרויס באַשלאָסן דעם ניצאָכן פון די קאַוועניאַקס אין יולי.

די גאנצע אַגיטאַציע אין פאָלק דאַרף מען איבערבויען אַזוי, אַז זי זאָל באַרעכענען די קאָנקרעטע דערפאַרונג גראַד פון דער איצטיקער רעוואָלוציע און באַזונדערס פון די יולי-טעג, ד. ה. אַז זי זאָל קלאָר אָנווייזן אַפן עמעסן סוינע פון פאָלק, אַף דער מיליטערישער באַנדע, אַף די קאַדעטן און שוואַרצמייעניקעס און אַז זי זאָל אַף קלאָר דעמאַסקירן די קליינבירגערלעכע פּאַרטייען, די פּאַרטייען פון די עסערן און מענשעוויקעס, וועלכע האָבן געשפּילט און שפּילן די ראָלע פון מיטהעלפער פון דער הענקעריי.

די גאנצע אגיטאַציע אין פאָלק דאַרף מען איבערבויען אַזוי, אַז מע זאָל קלאָר מאַכן די פולסטע האָפענונגסלאָזיקייט דערפון, אַז די פּויערים זאָלן באַקומען ערד, קאָלזמאַן עס איז ניט אַראָפּגעוואָרפן די מאַכט פון דער מיליטערישער באַנדע, קאָלזמאַן עס זיינען ניט דעמאַסקירט געוואָרן די פּאַרטייען פון די עסערן און מענשעוויקעס, און באַ זיי איז ניט אָפּגענומען געוואָרן דער פאָלקסצוטרוי. דאָס וואָלט געווען זייער אַ לאנגער און זייער אַ שווערער פּראָצעס באַ „נאָרמאַלע" באַדינגונגען פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, אָבער סאַי די מילכאָמע, סאַי דער עקאָנאָמישער כורבן פאַרגיכערן די זאַך אין אַ געוואַלטיקער מאָס. דאס זיינען אַזוינע „פאַרגיכערער", וועלכע קאָנען אַ כוידעש אָדער אַפילע אַ וואָך צוגלייכן צו אַ יאָר.

ווארשיינלעך, וואָלטן קעגן דעם אויבנגעזאָגטן ארויסגערוקט געוואָרן צוויי דערווידערונגען: די ערשטע, אַז ריידן איצט וועגן אַן אַנטשלאָסענעם קאַמף הייסט אויפמונטערן די אָפּגעזונדערטע אַרויסטרעטונגען, וואס וואָלטן מיטגעהאָלפן גראד דער קאָנטער-רעוואָלוציע; די צווייטע, אַז דאס אַראָפּוואַרפן זי באַטייט דאָך דעם איבערגאַנג פון דער מאַכט אין די הענט פון די ראַטן.

אַלס ענטפער אַף דער ערשטער דערווידערונג וועלן מיר זאָגן: די אַרבעטער פון רוסלאנד זיינען שוין גענוג באַוואוסטזיניק אַף ניט אונטערצוגעבן זיך אַף אַ פּראָוואָקאַציע אין אַ בעפיירעש אומגינסטיקן מאָמענט פאַר זיך. אַז איצט אַרויסטרעטן און זיך אנטקעגנשטעלן זיי וואָלט באַטייט מיט-

העלפן דער קאָנטער-רעוואָלוציע, דאָס איז אומבאַשטרייטבאַר. אַז אַן אַנטשלאָ-סענער קאמף איז מעגלעך נאָר באַ אַ נייעם אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע אין די סאַמע טיפע מאַסן, — דאס איז אויך אומבאשטרייטבאַר. עס איז אָבער ניט גענוג צו ריידן ביכלאַל וועגן אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע, וועגן איר צופלוס, וועגן הילף מיצאַד די אַרבעטער פון מאַירעוו א. א. וו. מע דארף מאכן א באשטימטן אויספיר פון אונזער פארגאנגענהייט, מע דארף באַרעכע-נען גראד אונזער אייגענע לערע. און דאָסדאָזיקע באַרעכענען וועט גראד געבן דעם לאָזונג פון אַנטשלאָסענעם קאמף קעגן דער קאָנטער-רעוואָלוציע, וואס האט פארכאַפט די מאַכט.

די צווייטע דערווידערונג באַשטייט אויך דערין, וואס קאָנקרעטע עמעסן ווערן פארביטן אַף צופיל אַלגעמיינע באַטראַכטונגען. אַראָפּוואַרפן די בורזשוּאזע קאָנטער-רעוואָלוציע קאָן ניט קיין זאַך, קיין שום קראַפט, אַכוץ דעם רע-וואָלוציאָנערן פראָלעטאַריאַט. און טאַקע דער רעוואָלוציאָנערער פראָלעטאריאַט דארף נאָך דער דערפארונג פון יולי 1917-טן יאָר זעלבשטענדיק נעמען אין זיינע הענט די מלוכישע מאכט — אַן דעם איז דער ניצאָכן פון דער רע-וואָלוציע אומעגלעך. די מאַכט באַם פראָלעטאריאט, זיין אונטערשטיצונג מיצאַד דעם אָרימסטן פויערטום אָדער מיצאַד די האלב-פראָלעטאריער, — אָט דאס איז דער איינציקער אויסוועג, און מיר האבן שוין געענטפערט, וואס פאר אַ אומשטענדן עס קאָנען אים אַפן העכסטן גראַד פארגיכערן.

די ראטן קאָנען און וועלן דארפן דערשיינען אין דער נייער רעוואָ-לוציע, אָבער ניט די איצטיקע ראַטן, נים די אָרגאנען פון פשאָרע-מאַ-כעריי מיט דער בורזשואזיע, נאָר אָרגאנען פון רעוואלוציאָנערן קאמף מיט איר. אז מיר וועלן אויך דעמאָלט זיין דערפאר, אז די גאנצע מלוכע זאָל גע-בויט זיין לויטן טיפ פון ראטן, דאָס איז ריכטיק. דאָס איז ניט קיין פרא-גע וועגן די ראטן ביכלאל, נאר אַ פראגע וועגן קאמף מיט דער געגעבע-נער קאָנטער-רעוואָלוציע און מיט דער פאַרעטעריי פון די געגעבענע ראטן.

אונטערשטעלן אבסטראקטע זאכן אָנשטאָט קאָנקרעטע איז איינע פון די הויפּט-זינד, פון די געפערלעכסטע זינד אין דער רעוואָלוציע. די געגעבענע ראטן זיינען דורכגעפאלן, זיי האבן געליטן א פולן קראַך צוליב דעם, וואס אין זיי הערשן די מענשעוויקעס און די עסערן. אין דער געגעבענער מי-נוט זיינען די־דאָזיקע ראטן ענלעך אף שעפסן, וועלכע מע האט געבראכט אין שעכט-הויז, אוועקגעשטעלט אונטער דער האַק און זיי מעקען קלאָגעדיק. די ראטן זיינען איצט מאכטלאָז און הילפלאָז אנטקעגן דער קאָנטער-רעוואָלוציע, וועלכע האט געזיגט און האלט אין זיגן. דער לאָזונג פון איבערגעבן די מאכט די ראטן קאָן פארשטאנען ווערן, ווי אַן איינפאכער צורוף, אז די מאכט זאל איבערגיין טאקע צו די געגעבענע ראטן, אָבער דאס זאגן, רופן דערצו וואָלט איצט געהייסן אָפּנארן דאס פאָלק. עס איז ניטאָ קיין זאך, וואס זאָל זיין גע-פערלעכער פאר גענארעריי.

דער אַנטוויקלונגס-ציקל פונם פארטייאישן און קלאסן-קאמף אין רוסלאנד האט זיך פון 27-טן פעווראל ביזן 4-טן יולי פארענדיקט. עס הויבט זיך אָן אַ נייער ציקל, אין וועלכן עס גייען אריין ניט די אלטע קלאסן, ניט די אַלטע פארטייען, ניט די אלטע ראטן, נאָר באנייטע אינם פייער פון קאמף, פארהארטעוועטע, אויסגעלערנטע, איבערגעשאפענע דורכן גאנג פון קאמף. מע דארף קוקן ניט אף צוריק, נאָר פארויס. מע דארף אָפּערירן ניט מיט די אלטע, נאָר מיט נייע, נאָך-יולישע, קלאסאָווע און פארטייאישע קאטעגאָריעס. באם אָנהויבן דעם נייעם ציקל דארף מען ארויסגיין, פון דער געזיגטער בורזשואזער קאנטער-רעוואָלוציע, וואס געזיגט האט זי אדאנק דעם, וואס די עסערן און די מענשעוויקעס האבן געטריבן פשאָרעס מיט איר, און וואס באַזיגט קאָן זי ווערן נאָר דורכן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאט. אין דעמדאָזיקן נייעם ציקל וועלן נאָך, פארשטייט זיך, זיין פיל פארשיידענע עטאפּן, סאי ביזן ענדגילטיקן ניצאָכן פון דער קאָנטער-רעוואלוציע, סאי ביז דער ענדגילטיקער מאפּאָלע (אָן א קאמף) פון די עסערן און מענשעוויקעס, סאי ביזן נייעם אויפשטייג פון דער נייער רעוואָלוציע. וועגן דעם פונדעסטוועגן ריידן וועט מען קאָנען ערשט שפּעטער, ווען עס וועלן זיך אנמערקן דידאָזיקע עטאַפּן, יעדער באזונדער...

אנגעשריבן אין יולי 1917-יאָר.
אפגעדרוקט אין אַ באזונדערער בראָשור
אין דער אויסגאבע פונם קראָנשטאטער
קאָמיטעט פון דער ר. ס. ד. א. פּ. (באלש.).

---

# וועגן קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס.

(צום מאָמענט).

קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס הייסט אַ פּאָליטישער פעלער, וועלכער באַשטייט דערין, וואָס מענטשן נעמען אָן, ווי אַ עקזיסטירנדיקע, אַ נאָרמאלע, רעכטלעכע, איינגעאָרדנטע, געזעצלעכע, קורץ ווי א „קאָנסטיטוציאָנעלע" אַ געוויסע אָרדענונג, האַגאַם אין דערעמעסן עקזיסטירט זי גאָר ניט. אַפּן ערשטן קוק קאָן זיך אויסדוכטן, אַז אינם איצטיקן רוסלאנד, אין יולי פון 1917 יאָר, ווען עס איז נאָך קיין שום קאָנסטיטוציע ניט אויסגעארבעט, קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן דעם, אַז עס זאָלן אנטשטיין קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס. דאָס איז אָבער אַ טיפער טאָעס. אין דערעמעסן באַשטייט דער איקער פון דער איצטיקער פּאָליטישער לאַגע פון רוסלאנד דערין, וואָס זייער גרויסע מאַסן פון דער באַפעלקערונג זיינען דורכגעדרונגען מיט קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס. מע קאָן מאַמעש קיין זאַך ניט פארשטיין אין דער איצטיקער פּאָליטישער לאַגע פון רוסלאַנד, אויב מע פארשטייט דאָס ניט. מע קאָן בעפּויעל מאַמעש ניט מאַכן קיין איין איינציקן טריט צו דער ריכטי-

קער שטעלונג פון די טאַקטישע אויפגאַבן אינם איצטיקן רוסלאַנד, ניט אַוועק־שטעלנדיק בעראָש די סיסטעמאַטישע און אומראַכמאָנעסדיקע דעמאַסקירונג פון די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס. די אויפדעקונג פון אַלע זייערע וואָרצלען, די אויפשטעלונג פון דער ריכטיקער פּאָליטישער פּערספּעקטיוו.

לאָמיר נעמען די דריי מיינונגען, די שווערסטע פאַר די איצטיקע קאָנ־סטיטוציאָנעלע אילוזיעס, און לאָמיר זיי פאַנאַנדערקלייבן אויפמערקזאַמער.

די ערשטע מיינונג: אונזער לאַנד לעבט איבער דעם ערעוו פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג; דעריבער איז אַלץ, וואָס קומט איצט פאָר, טראָגט א צייטווייליקן, איבערגייענדיקן, ניט זייער וויכטיקן, ניט קיין אנטשיידנדיקן כאַ־ראַקטער; אַלץ וועט אינגיכן איבערגעקוקט ווערן און ענדגילטיק פעסטגעשטעלט ווערן דורך דער גרינדונגס=פאַרזאמלונג. די צווייטע מיינונג: געוויסע פּאַרטייען —לעמאָשל, די עסערן אָדער די מענשעוויקעס, אָדער אַ פאַרבאַנד פון זייביידן —האָבן אַ בעפיירעשע און אנצווייפלדיקע מערהייט אין פאָלק אדער אין די אַמערסטן ווירקונגספולע אינסטיטוציעס, ווי אַשטייגער די ראַטן. דעריבער איז דער ווילן פון דידאָזיקע פּאַרטייען, פון דידאָזיקע אינסטיטוציעס, ווי בּיכלאל דער ווילן פון דער מערהייט פון פאָלק, קאָן ניט איגנאָרירט ווערן, אָ־ער נאָך מער, מע קאָן אַף אים ניט אויוועק זיין אינם רעפּובּליקאַנישן, דעמאָקראַטישן, רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד. די דריטע מיינונג: אַ געוויס מאָסמיטל, ווי, לעמאָשל, דאָס פאַרמאַכן די צייטונג „פּראַוודאַ", איז ניט סאנקציאָנירט געוואָרן ניט דורך דער צייטוויילי־קער רעגירונג, ניט דורך די ראַטן; דעריבער איז ער בלויז אן עפּיזאָד, אַ צו־פעליקע דערשיינונג, ער קאָן בעשום אויפן ניט באטראכט ווערן, ווי אן אנט־שיידנדיקע זאַך.

לאָמיר אריבערגיין צום פאנאנדערקלייבן יעדע פון דידאָזיקע מיינונגען.

I.

צונויפרופן די גרינדונגס-פאַרזאמלונג האָט נאָך צוגעזאָגט די צייטווייליקע רעגירונג פון ערשטן צוזאמענשטעל. אלס איר הויפט=אויפגאבע האָט זי אָנערקענט דערפירן דאָס לאַנד ביז דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. די צייטווייליקע רעגירונג פון צווייטן צוזאמענשטעל האָט באשטימט דעם טערמין פון צונויפ־רופן די גרינדונגס=פאַרזאַמלונג אַפן 30=טן סענטיאַבר. די צייטווייליקע רעגי־רונג פון דריטן צוזאַמענשטעל, נאָכן 4-טן יולי, האָט אַפן פייערלעכסטן אויפן באַשטעטיקט דעמדאָזיקן טערמין.

און דאָך איז 99 שאַנסן פון 100 פאַר דעם, אז אין דעם טערמין וועט די גרינדונגס-פאַרזאמלונג ניט צונויפגערופן ווערן. אויב זי זאָל צונויפגערופן ווערן צו דעם טערמין, איז ווידעראמאל 99 שאנסן פון 100 פאַר דעם, אַז זי וועט זיין פונקט אַזוי אָנמעכטיק און וועט צו קיין זאַך פונקט אזוי ניט טויגן, ווי די ערשטע דומע—ביז וואנען אין רוסלאנד וועט ניט זיגן די צווייטע רעוואָלוציע. קעדיי זיך צו איבערצייגן דעריןן, איז געגוג אַף איין מינוט זיך צו באַפרייען פון דעם טומל פון פראזן, צוזאָגן און טאָג-קלייניקייטן, וואס פארמיסטיקט די

מויכעס און א קוק טאָן אױף דאָס איקערדיקע, אויף דאָס אַלץ־באַשטימענדיקע אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן: אויפן קלאַסן־קאַמף.

אז די בורזשואַזיע אין רוסלאַנד האָט זיך אויפן ענגסטן אויפן צוזאַמענגעוואַקסן מיט די פּריצים — דאָס איז קלאָר. די גאַנצע פּרעסע, אַלע וואַלן, די גאַנצע פּאָליטיק פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי און פון די פּאַרטייען, וואָס שטייען רעכטער פון איר, אַלע אַרויסטרעטונגען פון די „צוזאַמענפאָרן", „פּאַרינטערעסירטע" פּערזאָנען דערווייזן עס.

די בורזשואַזיע פאַרשטייט אויסגעצייכנט דאָס, וואָס עס פאַרשטייען ניט די קלײנבירגערלעכע פּלאַפּלערס פון די עסערן און „לינקע" מענשעוויקעס, — דהיינו, אז מע קאָן ניט אָפּשאַפן דאָס פּריוואַט־אייגנטום אויף ערד אין רוסלאַנד, — און דערצו נאָך אָן אויסלייז־געלט — אָן א ריזיקער עקאָנאָמישער רעוואָלוציע, אָן דעם, אז מע זאָל נעמען אונטער א נאַציאָנאַלן קאָנטראָל די בענק, אָן דער נאַציאָנאַליזירונג פון די סינדיקאַטן, אָן א רײ פון סאַמע אומבאַרעמהאַרציקע רעוואָלוציאָנערע מאָסמיטלען קעגן דעם קאַפּיטאַל. די בורזשואַזיע פאַרשטייט עס אויסגעצייכנט. און אין דערזעלביקער צייט קאָן זי ניט ניט וויסן, ניט זען, ניט אָנטאַפּן, אז די גוואַלדיקע מערהייט פּויערים אין רוסלאַנד וועט זיך ניט נאָר אַרויסזאָגן איצט פאַר דעם, אז מע זאָל קאָנפיסקירן די פּריצישע ערדן, נאָר זי וועט זיך אַרויסווייזן באַדייטנד לינקער פון טשערנאָוון. ווײל די בורזשואַזיע ווייסט מער פון אונז, סאַי וועגן דעם, וויפל טיילווייזע האַנאַכעלעך האָט ער, טשערנאָוו, געמאַכט, אַפילו נאָר פאַר דער צייט פון 6 מאַי ביזן 2 יולי, אין די פראַגן וועגן אָפּציען און אַרומשנײדן די פאַרשיידענע פּויערשע פאָדערונגען, סאַי וועגן דעם, וויפל מי עס האָט געקאָסט די רעכטע עסערן (טשערנאָוו רעכנט זיך דאָך בא די עסערן פאַרן „צענטר"!) אויפן פּויערשן צוזאַמענפאָר און אין אויספירקאָמיטעט פונם אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר פון די פּויערשע דעפּוטאַטן צו „באַרואיקן" די פּויערים און צו שפּייזן זײ מיט מאָרגנס*).

די בורזשואַזיע אונטערשיידט זיך פון דער קלײן־בורזשואַזיע מיט דעם, וואָס פון איר עקאָנאָמישער און פּאָליטישער דערפאַרונג האָט זי אַרויסגעלערנט דעם פאַרשטאַנד פון די באַדינגונגען, בא וועלכע מע קאָן אייַנהיטן די „אָרדענונג" (ד. ה. די פאַרשקלאַפונג פון די מאַסן) באַם קאַפּיטאַליסטישן סיידער.

די בורזשואַזיִען זאַכלעכע מענטשן, מענטשן פון גרויסן האַנדל־חשבון, וואָס זײנען געוואוינט אויך צו פראַגן פון פּאָליטיק צוצוגײן אויף א שטרענג־זאַכלעכן אופן, מיט אומצוטרוי צו ווערטער, מיט דער קענטעניש צו דערטאַפּן גלײך דעם איקער (נעמען דעם אָקס פאַר די הערנער).

די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אין איצטיקן רוסלאַנד וועט געבן א מערהייט די פּויערים, וואָס שטייען לינקער פון די עסערן. דאָס ווייסט די בורזשואַזיע. וויסנדיק דאָס, קאָן זי ניט ניט קעמפן אויפן אַנטשיידנדיקסטן אופן קעגן דעם

*) אינם אָריגינאַל א ווערטער־שפּיל, וואָס אויף אידיש איז אומעגלעך איבערצוגעבן: „Кормить их завтраками" בוכשטעבלעך באַטײט עס „שפּייזן זײ מיט פרישטיקס", באַנוצט ווערט עס אָבער אינם זין פון „שפּייזן מיט מאָרגנס": завтрак—פרישטיק און завтра — מאָרגן. איבערז.

גיכן צוזאַמענרוף פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. פירן א אימפעריאַליסטישע מילכאָמע אינם גייסט פון די געהיימע אָפּמאַכן, וואָס ניקאָלאַי דער 2-טער האָט געשלאָסן, פאַרטיידיקן דעם פּריצישן ערדבאַזיץ אָדער אַן אויסלייז, דאָס אַלץ איז אַן אומעגלעכע אָדער אַן אומגלויבלעך שווערע זאַך בא א גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. די מילכאָמע וואַרט ניט. דער קלאַסן-קאַמף וואַרט ניט. אפילע דער קורצער פעריאָד צייט פון 25-טן פעווראַל ביזן 21-טן אַפּריל האט עס באַשיינפערלעך דערוויזן.

פונם סאַמע אָנהויב פון דער רעוואָלוציע האָבן זיך אָנגעמערקט צוויי שטאַנדפונקטן אף דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. די עסערן און מענשעוויקעס, וואָס זיינען אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, האָבן געקוקט אף דער זאַך מיט דער צוטרויעלעכקייט פון א קליינבירגער, וואָס וויל ניט וויסן פון קלאַסן-קאַמף. די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג וועט זיין, און גאַר! וואָס איבער דעם, דאָס שטאַמט פונם טייוול!

אָבער די באָלשעוויקעס האָבן געזאָגט: נאר אף אזוי פיל, אף וויפל עס וועט זיך פאַרשטאַרקן די קראַפט און די מאַכט פון די ראַטן, איז דער צוזאַמענרוף פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און דער ערפאָלג אירער געזיכערט. בא די מענשעוויקעס און עסערן איז דער שווערפונקט אריבערגעטראָגן געוואָרן אפן יורידישן אַקט: פּראָקלאַמירן, צוזאָגן, דעקלאַרירן דעם צוזאַמענרוף פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג.

בא די באָלשעוויקעס איז דער שווערפונקט אריבערגעטראָגן געוואָרן אפן קלאַסן-קאַמף: אויב די ראַטן וועלן זיגן, וועט די גרינדונגס-פארזאמלונג זיין געזיכערט, אויב ניט — איז זי ניט געזיכערט.

אזוי איז טאַקע אויסגעקומען. די בורזשואַזיע האָט די גאַנצע צייט געפּירט אמאל א באהאַלטענעם, אמאָל אן אָפענעם, אן אומאויפהערלעכן, אומאָפּגויגבאַרן קאמף קעגן צוזאַמענרופן די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. דערדאָזיקער קאַמף האט זיך אויסגעדריקט אינם וואונש אָפּצוציען איר צוזאַמענרוף ביזן סאָף פון דער מילכאָמע. דערדאָזיקער קאַמף האָט זיך אויסגעדריקט אין א ריי אָפּציאונגען פונם טערמין פון צוזאַמענרופן די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. ווען ענדלעך נאָכן 18-טן יולי, מער ווי א כוידעש נאָכדעם, ווי עס איז אויסגעבילדעט געוואָרן די קאָאַליציע-רעגירונג, איז באַשטימט געוואָרן דער טערמין פון צוזאַמענרופן די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, האָט א מאָסקווער בורזשואַזע צייטונג דערקלערט, אז דאָס איז געטאָן געוואָרן אונטער דער ווירקונג פון דער אַגיטאַציע פון די באָלשעוויקעס. אין „פּראַוודאַ“ איז געבראַכט געוואָרן די פּינקטלעכע ציטאַטע פון דערדאָזיקער צייטונג.

נאָכן 4-טן יולי, ווען די דינסטפאַרטיקייט און אָנגעשראָקנקייט פון די עסערן און מענשעוויקעס האָט געגעבן א „ניצאָכן“ דער קאָנטער-רעוואָלוציע, האָט זיך אין „רעטש“ דורכגעגליטשט א קורצער, אָבער העכסט מערקווירדיקער אויסדרוק: „דער מעגלעך גיכער“ צוזאַמענרוף פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג.

און דעם 16-טן יולי באַווייזט זיך אין „וואָליאַ נאַראָדאַ“ און אין „רוס-

קאַיאַ וואָליאַ״ אַ נאָטיק, אַז די קאַדעטן פאָדערן אפּלייגן דעם צוזאַמענרוף פון
דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, ארויסשטעלנדיק דעם מאָטיוו, אז עס איז „אומעג-
לעך״ צוזאַמענרופן זי אין אַזאַ „קורצן״ טערמין, און דער מענשעוויק צערע-
טעלי, וואָס פירט זיך אויף, ווי א לאַקיי פון דער קאָנטער-רעוואָלוציע, איז שוין
מאַסקים, לויט דער נאָטיק, אָפּלייגן ביזן 20-טן נאָיאַבר.

עס איז ניטאָ קיין שום ספק, אז אזא נאָטיק האָט זיך געקאָנט דורכ-
גליטשן נאָר קעגן דעם ווילן פון דער בורזשואַזיע. איר לוינען ניט אזוינע
„אויפדעקונגען״. אָבער א נאָל אין זאַך קאָן מען ניט באַהאַלטן. די קאָנטער-
רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך פאנאנדערגעארטלט נאכן 4-טן יולי, זאָגט אויס
פון כיידער. גלייך ווי די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע בורזשואַזיע האָט נאָכן 4-טן
יולי צום ערשטן מאָל פאַרכאַפּט די מאַכט, קומט א טריט (און זייער אן ערנ-
סטער) קעגן דעם צוזאַמענרוף פון דער גרינדונגס-פארזאמלונג.

דאָס איז א פאַקט. און דערדאָזיקער פאַקט דעקט אויף די גאַנצע פוסט-
קייט פון די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס. אָן א נייער רעוואָלוציע אין רוס-
לאַנד, אָן דעם, אז דאָס פאָלק זאָל אָפּזאָגן אין צוטרוי די פאַרטייען פון די
עסערן און מענשעוויקעס, די פאַרטייען פון פשאָרע-מאַכעריי מיט דער בורזשו-
אַזיע, וועט די גרינדונגס-פאראזאמלונג אָדער אינגאַנצן ניט צוזאַמענגעקליבן ווערן,
אָדער זי וועט זיין א „פראַנקפורטער ריידאַרניע *)״, אן אנמעכטיקע, אומנוצי-
קע פאַרזאַמלונג פון קליינבירגער, וואָס זיינען אף טויט אָנגעשראָקן פון דער
מילכאָמע און פון דער פערספעקטיוו, אז די בורזשואזיע זאָל „באָיקאָטירן די
מאַכט״, וואָס וואַרפן זיך אומבאַהאָלפן צווישן די אנשטרענגונגען צו רעגירן
אָן דער בורזשואַזיע און דער מוירע זיך צו באַגיין אָן דער בורזשואַזיע.

די פראַגע וועגן דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג איז אונטערגעוואָרפן
דער פראַגע וועגן דעם גאַנג און אויסגאַנג פונם קלאַסן-קאַמף צווישן דער בור-
זשואַזיע און דעם פראָלעטאַריאַט. עס געדענקט זיך, אז די „ראבאָטשאיא גאַ-
זעטאַ״ האָט איינמאָל אויסגעפּלאַפּלט, אז די גרינדונגס-פאַרזאמלונג וועט זיין
א קאָנווענט. דאָס איז איינער פון די מוסטערן פון פוסטער נעבעכדיקער פאַר-
אכטלעכער באַרימעריי פון אונזערע מענשעוויסטישע לאַקייען פון דער קאָנטער-
רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע. קעדיי ניט צו זיין קיין „פראַנקפורטערריי-
דאַרניע״ אָדער קיין ערשטע דומע, קעדיי צו זיין אַ קאָנווענט, דערצו דאַרף
מען זיך דערוועגן, דאָס דאַרף מען קענען, מע דאַרף האָבן קויעך צו געבן
אומראַכמאָנעסדיקע קלעפּ דער קאָנטער-רעוואָלוציע, און ניט מאַכן פשאָרעס מיט
איר. דערצו דאַרף מען, אַז די מאַכט זאָל זיך געפינען אין די הענט פונם
קלאַס, דעם סאַמע פאָרגעשריטענעם, סאַמע אנטשלאָסענעם, סאַמע רעוואָלוצי-
אָנערן פאַר דער געגעבענער עפּאָכע. דערצו דאַרף מען, אז ער זאָל אונטער-
געשטיצט ווערן דורך דער גאַנצער מאַסע פון דער שטאָטישער און דאָרפישער

*) דער פּאַרלאַמענט, וועלכער איז צונויפגערופן געוואָרן אין פראנקפורט נאָך דער דייטשי-
שער רעוואָלוציע פון 1848. צוליב דער אומאנטשלאָסנקייט פון דער מערהייט געהאלטן די גאַנצע
צייט אין איין פּלוידערן. גאָרנישט ניט אויפגעטאָן און צעטריבן געוואָרן דורך דער קאָנטער-רע-
וואָלוציע. איבערז.

אָרימקייט (האַלבפּראָלעטאַריער). דערצו איז נויטיק אַן אַנטשיידענער קאַמף מיט דער קאָנטער-רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע פריער פון אַלץ.

אָט דאָס זיינען די רעאַלע באַדינגונגען, קלאַסנבאַדינגונגען, מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַר א קאָנווענט. גענוג איז פּינקטלעך און קלאָר איבערצוציילן דידאָזיקע באַדינגונגען, קעדיי צו פאַרשטיין, ווי לעכערלעך עס איז די באַריערריי פון דער „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ", ווי אומענדלעך נאַריש עס זיינען די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס פון די עסערן און מענשעוויקעס מיקויעך דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אינם איצטיקן רוסלאַנד.

## II.

שמייסנדיק די קליינבירגערלעכע „סאָציאַל-דעמאָקראַטן" פון 1848 יאָר, האָט מאַרקס באַזונדערס האַרב פאַרשטעמפּלט זייער ניט איינגעהאַלטענע פּראַזירעריי מיקויעך דעם „פאָלק" און דער מערהייט פון פאָלק ביכלאַל. גראָד דאָס איז צייטיק צו דערמאָנען באַם פאַנאַנדערקלייבן די צווייטע מיינונג, באַם אַנאַליזירן די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס מיקויעך דער „מערהייט".

קעדיי די מערהייט זאָל אין דער מלוכעווירקלעך באַשליסן, זיינען דערצו נויטיק באַשטימטע רעאַלע באַדינגונגען. דהיינו: עס דאַרף פעסט איינגעשטעלט ווערן אַזא מלוכע-אָרדענונג, אַזא מלוכע-מאַכט, וואָס זאָל געבן די מעגלעכקייט צו באַשליסן די ענינים לויט דער מערהייט און זאָל באַוואָרענען, אַז דידאָזיקע מעגלעכקייט זאָל קאָנען פאַרוואַנדלט ווערן אין א ווירקלעכקייט. דאָס איז פון איין זייט. פון דער צווייטער זייט איז נויטיק, אַז דידאָזיקע מערהייט זאָל לויט איר קלאַסן-באַשטאַנד, לויט דער קעגנזייטיקער פאַרהעלטעניש פון די אָדער יענע קלאַסן אין דערדאָזיקער מערהייט (און אויסער איר) זאָל זי ק ע נ ע ן אייניק און מיט ערפאָלג פירן דעם מלוכע-וואגן. פאַר יעדן מאַרקסיסט איז קלאָר, אַז דידאָזיקע צוויי רעאַלע באַדינגונגען שפּילן אַן אַנטשיידנדיקע ראָלע אין דער פראַגע וועגן דער מערהייט פון פאָלק און וועגן דעם גאַנג פון די מלוכישע ענינים, אין העסקעם מיטן ווילן פון דערדאָזיקער מערהייט. און דאָך איז די גאַנצע פּאָליטישע ליטעראַטור פון די עסערן און מענשעוויקעס, און נאָך מער די גאַנצע פּאָליטישע אויפירונג זייערע ווייזט אַרויס, אַז זיי פאַרשטייען לאַכלוטן ניט דידאָזיקע באַדינגונגען.

אויב די פּאָליטישע מאַכט אין דער מלוכע געפינט זיך אין די הענט פון אַזא קלאַס, וואָס זיינע אינטערעסן פאַלן צונויף מיט די אינטערעסן פון דער מערהייט, דעמאָלט איז די אָנפירונג מיט דער מלוכע לויטן ווילן פון דער מערהייט בעעמעס מעגלעך.

אויב אָבער די פּאָליטישע מאַכט געפינט זיך אין די הענט פון א קלאַס, וועמעס אינטערעסן עס גייען זיך פאַנאַנדער מיט די אינטערעסן פון דער מערהייט, דעמאָלט ווערט יעדע פאַרוואַלטונג לויט דער מערהייט אומפאַרמיידלעך פאַרוואַנדלט אין גענאַרעריי אָדער אין אונטערדריקונג פון דערדאָזיקער מערהייט. יעדע בורזשואַזע רעפּובליק באַווייזט אונז הונדערטער און טויזנטער ביישפּילן דערפון. אין רוסלאַנד הערשט די בורזשואַזיע סיי עקאָנאָמיש, סײ

פּאָליטיש. די אינטערעסן, באַזונדערס אין דער צייט פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, גייען זיך אָפּ שאַרפּסטן אויפן פאַנאַנדער מיט די אינטערעסן פון דער מערהייט. דעריבער איז בא א מאַטעריאַליסטישער, מאַרקסיסטישער און ניט בא א פאָרמעל-יורידישער שטעלונג פון דער פראַגע, באַשטייט דער גאַנצער טאָך פון דער פראַגע אינם אויפדעקן דאָסדאָזיקע פאַנאַנדערגיין זיך, אינם קאַמף קעגן דער גענאַרעריי פון די מאַסן מיצאַד דער בורזשואַזיע.

אונזערע עסערן און מענשעוויקעס האָבן, פאַרקערט, פולקום דערוויזן און באַוויזן זייערווירקלעכע ראָלע, אלס געצייג פון אָפּנאַרן די מאַסן („די מערהייט”) דורך דער בורזשואַזיע, אלס דורכפירער און מיטהעלפער פון אזא גענאַרעריי. ווי אויפריכטיק עס זאָלן ניט זיין איינצלנע פּערזאָנען פון צווישן די עסערן און מענשעוויקעס, איז זייערע איקערדיקע פּאָליטישע אידייען, — אז מען קאָן זיך קלוימערשט ארויסרייסן פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע צו א „שאָלעם אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס” אָן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט און אָן דעם ניצאָכן פונם סאָציאַליזם, אז ס'איז קלוימערשט מעגלעך, אז די ערד זאָל אריבערגיין צום פאָלק אָן אויסלייז-געלט און אז עס איז מעגלעך דער „קאָנטראָל” איבער דער פּראָדוקציע אין די אינטערעסן פונם פאָלק אָן דעם זעלביקן טנאַי, — דידאָזיקע איקערדיקע פּאָליטישע (און עקאָנאָמישע, פאַרשטייט זיך) אידייען פון די עסערן און מענשעוויקעס שטעלן פאָר מיט זיך אָביעקטיוו טאַקע א קליינבירגערלעכע זעלבסטגענאַרעריי, אָדער, וואָס דאָס איז דאָסזעלביקע, א גענאַרעריי פון די מאַסן („דער מערהייט”) דורך דער בורזשואַזיע.

אָט איז אונזער ערשטע און וויכטיקסטע „אויסבעסערונג” צו דעם, ווי עס שטעלן די פראַגע וועגן דער מערהייט די קליינבירגעלעכע דעמאָקראַטן, די סאָציאַליסטן פון לואי-בלאַנישן *) טיפּ, די עסערן און מענשעוויקעס: וואָס איז אין דערעמעסן ווערט די „מערהייט”, ווען די מערהייט אליין פאַר זיך איז נאָר א פאָרמעלער מאָמענט, און מאַטעריעל, אין דער ווירקלעכקייט, איז דידאָזיקע מערהייט א מערהייט פון פאַרטייען, וואָס פירן דורך אין לעבן די גענאַרעריי פון דערדאָזיקער מערהייט דורך דער בורזשואַזיע?

און, פאַרשטייט זיך, — דאָ גייען מיר צו צו דער צווייטער „אויסבעסערונג”, צו דעם צווייטן פון די אויבן אָנגעוויזענע גרונט-אומשטענדן, — פאַרשטייט זיך, דידאָזיקע גענאַרעריי קאָן מען ריכטיק פאַרשטיין, בלויז קלאָר מאַכנדיק אירע קלאַסן-וואָרצלען און איר קלאַסן-באַדייטונג. דאָס איז ניט קיין פּערזענלעכע גענאַרעריי, ניט קיין „שווינדלעריי” (אויב מע זאָל זיך גראָב אויסדריקן), דאָס איז א גענאַרערישע אידייע, וואָס קומט ארויס פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פונם קלאַס. דער קליינבירגער געפינט זיך אין אזא עקאָנאָמישער לאַגע, זיינע לעבנס-באַדינגונגען זיינען אזוינע, אז ער קאָן ניט זיך אָפּנאַרן, עס ציט אים ניט ווילנדיק און אומפאַרמיידלעך אמאל צו דער בורזשואַזיע, אמאָל צום פּראָלעטאַריאַט. קיין זעלבשטענדיקע „ליניע” קאָן באַ אים עקאָנאָמיש ניט זיין.

*) לואי בלאַן — א קליינבירגערלעכער פראַנצויזישער סאָציאַליסט. איבערז.

זיין פאַרגאַנגענהייט ציט אים צו דער בורזשואַזיע, זיין צוקונפט — צום פּראָלעטאַריאַט. זיין סייכל ציט צום לעצטן, זיין פאָרורטייל *) — (לויט מארקס באַוואוסטן אויסדרוק) — צום ערשטן. קעדיי די מערהייט פון פאָלק זאָל קאָנען זיין א ווירקלעכע מערהייט אינם רעגירן מיטן לאַנד, זי זאָל ווירקלעך דינען די אינטערעסן פון דער מערהייט, וויקלעך באַשיצן אירע רעכט א. א. וו. — דערצו איז נויטיק א באַשטימטע קלאַסן-באַדינגונג. דידאָזיקע באַדינגונג איז: אז די מערהייט פון דער קליין-בורזשואַזיע זאָל זיך, ווייניקסטנס, אינם אַנטשיידנדיקן מאָמענט און אינם אַנטשיידנדיקן אָרט, פאַרייניקן צום רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

אָן דעם איז די מערהייט אַ פיקציע, וועלכע קאָן זיך האַלטן א געוויסע צייט, גלאַנצן, בלישטשען, טומלען, זאַמלען לארבערן, וועלכע איז אָבער פאָרט מיט אַבסאָלוטער אומפאַרמיידלעכקייט פאַרורטיילט אַף אַ קראַך. אַזאַ טאָקע איז אַגעוו דער קראַך פון דער מערהייט, וואָס עס האָבן געהאַט די עסערן און מענשעוויקעס, דער קראַך, וואָס האָט זיך ארויסגעוויזן אין דער רוסישער רעוואָלוציע אין יולי פון 1917 יאָר.

ווייטער. די רעוואָלוציע אונטערשיידט זיך פון אַ „געוויינלעכער זאַכלאגע” אין דער מלוכע טאָקע דערמיט, וואָס די שטרייט-פראַגן פון מלוכישן לעבן לייזט אומיטלבאַר דער קלאַסן-קאמף און דער קאַמף פון די מאַסן, ביז צו זיינע אַנטשיידנדיקע פאָרמען; אנדערש קאָן ניט זיין, אויב די מאַסן זיינען פריי און באַוואפנט. פון דעמדאָזיקן גרונט-פאַקט שטאַמט דאס, וואָס אין אַ רעוואָלוציאָנערער צייט איז ניט גענוג ארויסצובאַקומען דעם „ווילן פון דער מערהייט”, — ניין, מע דאַרף זיך אַרויסווייזן שטאַרקער אינם אנטשיידנדיקן מאמענט, אינם אנטשיידנדיקן אָרט, מע דאַרף זיגן. אָנהויבנדיק פון דער מיטלאלטערישער „פויערשער מילכאָמע” אין דייטשלאַנד און פאַרזעצנדיק מיט אלע גרויסע רעוואָלוציאנערע באַוועגונגען און עפּאָכן ביז צום 1848 און 1871 יאָרן, ביז צום 1905 יאָר, זעען מיר אָן א צאָל ביישפּילן דערויף, ווי די מער אָרגאַניזירטע, מער באַוואוסטזיניקע, בעסער באַוואָפנטע מינדערהייט בינדט אָן איר ווילן דער מערהייט, באַזיגנדיק זי.

פר. ענגעלס האָט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן דעם אויספיר פון דער דערפארונג, וואס פאַראייניקט ביז אַ געוויסער מאָס דעם פויערשן אויפשטאַנד פון 16-טן יאָרהונדערט מיט דער רעוואָלוציע פון 1848 יאָר אין דייטשלאנד, דעהאיינע: די צעשפּליטערטקייט פון די אַרויסטרעטונגען, דאָס פעלן פון צענטראַליזירונג בא די אונטערדריקטע מאַסן, וואָס איז פאַרבונדן מיט זייער קליינבירגערלעכער לעבנס-לאַגע. אויך צוגייענדיק צום איניען פון דער זייט, קומען מיר צום זעלביקן אויספיר: די פּאַשעטע מערהייט פון קליינבירגערלעכע מאסן באַשליסט נאך קיין זאַך ניט אין קאָן ניט באַשליסן, ווייל די אָרגאַניזירטקייט, די פּאָליטישע באַוואוסטזיניקייט פון אַרויסטרעטונגען, זייער צענטראַליזירונג (וואס איז נויטיק פאַרן ניצאָכן) דאס אלץ איז אימשטאַנד צו געבן די צע-

*) אין רוסישן א ווערטער-שפּיל: סייכל — рассудок, פאָרורטייל — предрассудок איבערז.

שטוּפּסטע מיליאָנען דאָרפישע קליינע באַלעבאַטים נ אָ ר די אָנפירונג אדער מיצאַד דער בורזשואַזיע אָדער מיצאַד דעם פראָלעטאַריאַט.

סאָפּקאַלסאָף, באַשליסט, ווי באַוואוסט, די פראַגן פון געזעלשאפטלעכן לעבן דער קלאַסן-קאמף אין זיין שארפסטער, סאמע פארשפיצטער פאָרם, דעהאַינע אין דער פאָרם פון א בירגער-קריג. און אין דערדאָזיקער מילכאמע, פונקט ווי אין יעדער מילכאמע, באַשליסט—דאס איז אויך אַ באוואוסטער און דורך קיינעם אין פרינציפּ ניט קיין אָפּגעלייקנטער פאַקט — די עקאנאָמיק. העכסט כאַראקטעריסטיש און מערקווירדיק איז, וואס ניט אָפּלייקענענדיק עס „אין פרינציפּ“ און אויסגעצייכנט באַנעמענדיק דעם קאפּיטאליסטישן כאראַקטער פונם איצטיקן רוסלאַנד, באשליסן זיך ניט ניט די עסערן, ניט די מענשעוויקעס ניכטער אַ קוק צו טאָן דעם עמעס אין די אויגן אריין. זיי האבן מוירע צו אנערקענען דעם עמעס, דעהאינע: די גרונט-צעטיילונג פון יעטווידער קאַפּיטאליסטיש לאַנד, און רוסלאַנד אויך אין דער צאָל, אף דריי איקערדיקע, הויפּט-קרעפטן: בורזשואַזיע, קליין-בורזשואזיע און פראָלעטאריאט. ווען דער ערשטער און דריטער רייזן אלע, זיי אנערקענען אַלע. די צווייטע, — ד. ה. די מ ע ר ה ײ ט לויט דער צאָל! — וויל מען ניט ניכטער אָפּשאַצן ניט פון עקאָנאמישן, ניט פון פּאָליטישן, ניט פון מיליטערישן שטאנדפּונקט.

דער עמעס שטעכט די אויגן—דערין באשטייט די מוירע פון די עסערן און מענשעוויקעס פאַר דער זעלבסטדערקענונג.

·III

ווען מיר האָבן אָנגעהויבן דעמדאָזיקן אַרטיקל, איז דאָס פארמאַכן די „פּראַוודא“ געווען בלויז אַ „צופעליקער“ פאקט, וואס איז נאך ניט פאַרפעסטיקט געוואָרן דורך דער מלוכע-מאכט. איצט, נאָכן 16-טן יולי, האט דידאזיקע מאַכט פאָרמעל פאַרמאכט די „פּראַוודא“.

דאסדאזיקע פאַרמאַכן, אויב מע זאָל א קוק טאָן דערויף היסטאָריש, אינגאנצן גענומען, אינם גאנצן פּראָצעס פון דער צוגרייטונג און פארווירקלעכונג פונם דאָזיקן מיטל, באלייכט עס מיט אַ מערקווירדיק-העלן ליכט דעם „טאָך פון דער קאָנסטיטוציע“ אין רוסלאנד און די סאקאָנע פון די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס.

עס איז באקאנט, אז די קאדעטישע פּאַרטיי מיט מיליוקאָוון און מיט דער צייטונג „רעטש“ אין דער שפּיץ, פאָדערן שוין פון אפּריל כוידעש אָן רעפּרעסיעס קעגן די באָלשעוויקעס. אין די סאמע פאַרשיידנסטע פאָרמען, פון „מלוכישע“ ארטיקלען פון דער „רעטש“ ביז די פילמאליקע אויסרופן פון מיליוקאָוון צו „אַרעסטירן“ (לענינען און אַנדערע באָלשעוויקעס), האָט דידאָזיקע פאָדערונג פון רעפּרעסיעס געבילדעט איינעם פון די וויכטיקסטע, אויב ניט דעם וויכטיקסטן טייל פון דער פּאָליטישער פּראָגראַם פון די קאַדעטן אין דער רעוואָלוציע.

נאָך אַ לאַנגע צייט פאַר דער עקלדיק-רעכילעסדיקער באַשולדיקונג אין דייטשישער שפּיאָנעריי אדער אין באַקומען דייטשיש געלט, וואָס אַלעקסינסקי

מיט זיין קאַמף. האָבן אין יוני און אין יולי צוגעטראַכט און פאַרפאַסט, נאָך אַ לאַנגע צייט פאַר דער פונקט אַזוי רעכילעסדיקער באַשולדיקונג אין אַ „באַוואפנטן אויפשטאַנד" אדער אין אַ „בונט", וואָס איז סויסער די אַלגעמיין-באַוואוסטע פאַקטן און פאַרעפנטלעכטע דאָקומענטן, — נאָך אַ לאַנגע צייט פאַר דעם אַלעם האָט די קאַדעטישע פאַרטיי סיסטעמאַטיש, אומאָפּגעבאַר, אנאויפהערלעך געפאָדערט רעפּרעסיעס קעגן די באָלשעוויקעס. אויב איצט איז די-דאָזיקע פאָדערונג פאַרווירקלעכט געוואָרן, איז וואָס פאַר אַ מיינונג דאַרף מען האבן וועגן דער ערלעכקייט אדער וועגן דער פאַרשטאַנדיקייט פון די מענטשן, וועלכע פאַרגעסן, אדער מאַכן דעם אנשטעל, אַז זיי פאַרגעסן, דעם עמעסן קלאַסאַוון און פאַרטייאישן מאָקער פון דערדאָזיקער פאָדערונג? ווי זאָל מען ניט אָנרופן ווי אַ מעגושעמסטע פאלסיפיצירונג אדער ווי אַן אומגלויבלעכע אין פּאָליטיק טעמפּ-קעפּיקייט, אויב די עסערן און מענשעוויקעס פּרואוון זיך ערשט פאַרשטעלן די זאַך אַזוי ווי זיי גלויבן קלוימערשט אין דער „צופעליקער" אדער „איינצלנער", דעם 4-טן יולי אויפגעקומענער, „סיבע" פאַר די רעפּרעסיעס קעגן די באָלשעוויקעס? זיינען דאָך אין דערעמעסן פאַראַן גרעניצן פאַר דער פאַרקריפּלונג פון בלי סאָפעק היסטאָרישע עמעסן!

עס איז גענוג צו פאַרגלייכן די באַוועגונג פון 20—21 אַפּריל מיט דער באַוועגונג פון 3—4 יולי, קעדיי זיך גלייך איבערצייגן אין זייער איינאַרטיקן כאַראַקטער: אַ סטיכישער אויפרייס פון אומצעפרידנקייט, אומגעדולד און אויפרעגונג פון די מאַסן, פּראָוואָצירנדיקע שאָסן פון רעכטס, האַרוגים אַף נעווסקי, רעכילעסדיקע געשרייען פון דער בורזשואַזיע און באַזונדערס פון די קאַדעטן, אַז קלוימערשט „די לעניניסטן האָבן געשאָסן אַף נעווסקי", די עקסטע פאַרביטערונג און פאַרשאַרפונג פונם קאַמף צווישן דער פּראָלעטאַרישער מאַסע און דער בורזשואַזיע, די פולסטע פאַרלאָרנקייט פון די קליינבירגערלעכע פאַרטייען, פון די עסערן און מענשעוויקעס, דער ריזיקער פאַרנעם פון די וואַקלונגען אין זייער פּאָליטיק און אין דער פראַגע וועגן דער מלוכע-מאַכט ביכלאַל,—די אַלע אָביעקטיווע פאַקטן כאַראַקטעריזירן ביידע באַוועגונגען. און דער 9—10 און 18-טער יוני באַווייזן אונז אין אַן אַנדער פאָרם ווייטער פונקט דאָסזעלביקע קלאַסן-בילד.

דער גאַנג פון די געשעענישן איז קלערער ווי קלאָר: אַלץ א גרעסערער אָנוואוקס פון אומצעפרידנהייט, אומגעדולד און אויפרעגונג פון די מאַסן, אַלץ אַ גרעסערע פאַרשאַרפונג פונם קאַמף צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע, באַזונדערס איבער דער ווירקונג אַף די קליינבירגערלעכע מאַסן, און אין צוזאמענהאַנג דערמיט צוויי גרויסע היסטאָרישע געשעענישן, וואָס האָבן צוגעגרייט די אָפּהענגיקייט פון די עסערן און די מענשעוויקעס פון די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע קאַדעטן. דידאָזיקע געשעענישן זיינען: דאָס קאָאַליציע-מיניסטעריום פון 6-טן מאַי, אין וועלכן די עסערן און מענשעוויקעס האָבן זיך ארויסגעוויזן פאַר באַדינער פון דער בורזשואַזיע, פאַרפלאָנטערנדיק זיך אַלץ מער און מער אין געשעפטלעך, אין אויסגלייכן מיט איר, אין טויזנט „טויוועס" פאַר איר, אינם אָפּציען די נויטיקסטע רעוואָלוציע-

אַנערע מאַסמיטלען, און דערנאָך דער אָנגריף אַפן פראָנט. דער אָנגריף האָט אומפאַרמיידלעך באַטייט די באַנייאונג פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, אַ ריזיקע פאַרשטאַרקונג פון דער ווירקונג, געוויכט, ראָלע פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע, די ברייטסטע פאַרשפּרייטונג פון שאָוויניזם אין די מאַסן, ענדלעך last but not the least (דאָס לעצטע לויטן כעשבן, אָבער ניט לויט דער וויכטיקייט) דאָס איבערגעבן די מאַכט, פון אָנהויב די מיליטערישע, און דערנאָך אויך די מלוכע-מאַכט ביכלאַל אין די הענט פון די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע קאָמאַנדירנדיקע אויבערשיכטן פון דער אַרמיי.

אַזאַ איז דער גאַנג פון די היסטאָרישע געשעענישן, וואָס האָט פאַרטיפט און פאַרשאַרפט די קלאַסן-סטירעס פון 20—21 אַפּריל ביזן 3—4 יולי און וואָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט דער קאָנטער-רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע נאָכן 4-טן יולי צו פאַרווירקלעכן דאָס, וואָס עס האָט זיך שוין דעם 20—21 אַפּריל מיט דער פולסטער קלאָרקייט אויסגעמאָלט אַלס איר פּראָגראַם און טאַקטיק, איר נאָענטסטער ציל, און אירע „ריינינקע" מיטלען, וואָס דאַרפן פירן צום ציל.

עס איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל זיין אינהאַלטסלאָזער פונם היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, וואָס זאָל זיין נעבעכדיקער טעאָרעטיש און לעכערלעכער פּראַקטיש, ווי די באַלעבאַטישע כליפּערייען איבערן 4-טן יולי (וואָס עס כאַזערט, אַגעוו, איבער אויך ל. מאַרטאָוו) מיקויעך דעם, אַז די באָלשעוויקעס האָבן זיך „געקליגט" צו קריגן אַ מאַפּאָלע, אַז זייער „אַוואַנטיוריזם" האָט זי אַרויסגערופן א. אַז. וו. א. אַז. וו. די אַלע כליפּערייען, די אַלע טאַינעס, אַז „מע וואָלט ניט געדאַרפט" אַנטייל נעמען (איגם פּרואוו צוצוגעבן אַ „פרידלעכן און אָרגאַניזירטן" כאַראַקטער דער העכסט-געזעצלעכער אומצעפרידנקייט און אויפרעגונג פון די מאַסן!), באַשטייען אין סאַכאַקל אָדער אין רענעגאַטישקייט, אויב דאָס שטאַמט פון באָלשעוויקעס, אָדער דאָס איז אַ געוויינלעכע פאַרן קליינבירגער אנטפּלעקונג פון זיין געוויינלעכער פאַרשראָקנקייט און פאַרפלאָנטערטקייט. אין דערעמעסן איז די באַוועגונג פון 3—4 יולי מיט דערזעלביקער אומפאַרמיידלעכקייט אויסגעוואַקסן פון דער באַוועגונג פון 20—21 אַפּריל און נאָך איר, מיט וועלכער דער זומער קומט נאָכן פרילינג. דער אומבאַדינגטער כיווו פון דער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי איז געווען צו בלייבן מיט די מאַסן, באַמיענדיק זיך צוצוגעבן ווי ווייט מעגלעך אַ פרידלעכן און אָרגאַניזירטן כאַראַקטער זייערע גערעכטע אַרויסטרעטונגען, ניט אָפּגיין אָן אַ זייט, ניט אפוואַשן זיך, ווי פּילאַטוס, די הענט אַף דעם פּעדאַנטישן סמאַך, וואָס די מאַסע איז ניט אָרגאַניזירט ביזן לעצטן מענטשן, און וואָס אין איר באַוועגונג טרעפן זיך עקסצעסן (פּונקט ווי עס איז ניט געווען קיין עקסצעסן דעם 20—21 אַפּריל! פּונקט ווי אין דער געשיכטע איז געווען כאָטש איין ערנסטע מאַסן-באַוועגונג אָן עקסצעסן!).

און די מאַפּאָלע פון די באָלשעוויקעס נאָכן 4-טן יולי איז מיט היסטאָרישער אומפאַרמיידלעכקייט אַרויסגעקומען פונם גאַנצן פריערדיקן גאַנג פון די געשעענישן טאָקע דערפאַר, ווייל די קליינבירגערלעכע מאַסע און אירע

פירער, די עסערן און מענשעוויקעס, זיינען דעם 20—21 אַפּריל נאָך ניט גע-
ווען געבונדן מיט קיין אָנגריף, זיי האָבן זיך נאָך ניט געהאַט פאַרפלאָנטערט
אינם „קאָאַליציע-מיניסטעריום", אין די געשעפטלעך מיט דער בורזשואַזיע, און
צום 4-טן יולי האָבן זיי זיך פאַרבונדן און פאַרפלאָנטערט אף אזוי פיל, אַז
זיי האָבן ניט געקאָנט ניט זאָגן: מיר זיינען מאַסקים אַף מיטארבעט (אין די
רעפּרעסיעס, אין די רעכילעסן, אין דער הענקעריי) מיט די קאָנטער-רעוואָלו-
ציאָנערע קאַדעטן. די עסערן און די מענשעוויקעס האָבן זיך ענדגילטיק
אַראָפּגעקייקלט דעם 4-טן יולי אין דעם מיסטקאַסטן פון קאָנטער-רעוואָלוציאָ-
נערישקייט, ווייל זיי האָבן זיך אָן אָפּנויגן געקייקלט אין מיסטקאַסטן אַריין אין מאַי
און אין יוני, אינם קאָאַליציע-מיניסטעריום און אינם באוויליקן די אָנגריף-פּאָליטיק.

מיר זיינען, ווי ס'קאָן זיך דוכטן, אַוועק אַביסל אָן אַ זייט פון אונזער
טעמע, פון דער פראַגע וועגן פאַרמאַכן די „פּראַוודאַ", צו דער פראַגע וועגן
דער היסטאָרישער אָפּשאַצונג פון 4-טן יולי. אָבער אַזוי זעט עס נאָר אויס,
ווייל איינס קען מען ניט פאַרשטיין אָן דעם אַנדערן. מיר האָבן געזען, אַז
דאָס פאַרמאַכן די „פּראַוודאַ", די אַרעסטן פון די באָלשעוויקעס און אַנדערע
רעדיפעס אַף זיי שטעלן מיט זיך פאָר—אויב מע זאָל א קוק טאָן אפן טאָך
פון דער זאַך און אַף דעם צוזאַמענבונד פון די געשעענישן—ניט קיין אנדער
זאַך, נאר די אויספירונג פון דער אַלטער פּראָגראַם פון דער קאָנטער-רעוואָ-
לוציע און פון די קאַדעטן באזונדערס.

העכסט באלערנדיק איז איצט צו באַטראַכטן, ווער דעהאיגע און מיט
וועלכע מיטלען עס האָט פאַרווירקלעכט דידאָזיקע פּראָגראַם.

לאָמיר אַ קוק טאָן אַף די פאַקטן. דעם 2-טן און 3-טן יולי וואַקסט די
באַוועגונג אָן. די מאַסן קאָכן זיך, אויפגערעגטע פון דער אומטעטיקייט פון
דער רעגירונג, פונם יאקרעס, צעשטערונג, אָנגריף. די קאַדעטן גייען אַוועק,
שפּילנדיק זיך אין „אונטערגעבעלעך" און שטעלנדיק אָן אולטימאטום די
עסערן און מענשעוויקעס, איבערלאָזנדיק פאַר זיי, וואָס זיינען צוגעבונדן צו
דער מאַכט, און האָבן אָבער קיין מאכט ניט, זיך פאנאנדערצוצאָלן פאַר דער
מאַפּאָלע און פאַר דער אויפרעגונג פון די מאַסן.

די באָלשעוויקעס האַלטן אָפּ דעם 2-טן און 3-טן פון אָן אַרויסטריט.
דאָס האָט אָנערקענט אפילע דער איידעס פון „דיעלא נאראָדא", דערציילנ-
דיק וועגן דעם, וואָס עס איז דעם 2-טן יולי פאָרגעקומען אינם גרענאַדערן-
פּאָלק. דעם 3-טן אין אָוונט גיסט זיך די באַוועגונג אַריבער איבערן ראַנד,
און די באָלשעוויקעס שטעלן צונויף אן אויפרוף וועגן דער נויטיקייט צוצוגעבן
דער באַוועגונג אַ „פרידלעכן און אָרגאַניזירטן" כאַראַקטער. דעם 4-טן יולי
פאַרגרעסערן די פּראָוואָקאַטאָרישע שאָסן די צאָל קאָרבאָנעס פון דער שיסעריי
פוןביידע זייטן: מע דאַרף אונטערשטרייכן, אַז דער צוזאָג פונם אויספיר-
קאָמיטעט אויסצופאָרשן די געשעענישן, ארויסצולאָזן צוויי מאָל אין טאָג בו-
לעטענען א. אַז. וו. א. אז. וו. איז געבליבן א פוסטער צוזאָג! אבסאלוט קיין
זאַך האָבן די עסערן און די מענשעוויקעס ניט געטאָן, אַפילע קיין פולן
צעטל פון די געהארגעטע פון ביידע זייטן האָבן זיי ניט פאַרעפנטלעכט!

דעם 4-טן באַנאַכט האָבן די באָלשעוויקעס צוזאַמענגעשטעלט אַן אויפ-
רוף וועגן אויפהערן די אַרויסטרעטונגען און אין דערזעלביקער נאַכט איז ער
אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „פּראַוודאַ”. אָבער אין דערזעלביקער נאַכט הויבט זיך
אָן, ערשטנס, דער אָנקום פון קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן מיליטער קיין פּיטער
(ווייזט אויס, לויטן רוף אָדער מיטן העסקעם פון די עסערן און מענשעוויקעס,
פון זייערע ראַטן; דערביי היט מען נאָך, פאַרשטייט זיך, ביז איצט, שוין נאָכדעם, ווי
די קלענסטע נויטווענדיקייט אין דער געהיימקייט איז שוין אריבער, היט מען
וועגן דעמדאָזיקן „דעליקאַטן פּונקט” מער פון אלץ און שטרענגער פון אַלץ
דאָס שטילשווייגן!). צווייטנס, הויבן זיך אין דערזעלביקער נאַכט אָן פּאָ-
גראָמען אַף די באָלשעוויקעס מיצאַד מאַכנעס יונקערן א. אַז. וו., וועלכע
אַרבעטן לויט דער שליכעס פונם מיליטער-קאָמאַנדיר פּאָלאָווצאָוו און פונם
גענעראַל-שטאַב. פון 4-טן אַפּן 5-טן ווערט פאַגראַמירט די „פּראַוודאַ”. דעם
5-טן און 6-טן פאַגראַמירט מען איר דרוקעריי „טרוד”, מע דערהארגעט דעם
ארבעטער וואָינאַוו אין מיטן העלן טאָג דערפאַר, וואָס ער האָט ארויסגעטראָגן
פון דרוקעריי דעם „ליסטאָק פּראַוודי”, מע פּירט דורך אונטערזוכונגען און
אַרעסטן פון די באָלשעוויקעס, מע אנטוואָפנט די רעוואָלוציאָנערע פּאָלקן.

ווער האָט דאָס אַלץ אנגעהויבן דורכפירן? ניט די רעגירונג און ניט
דער ראַט, נאָר די קאנטר-רעוואלוציאנערע מיליטערישע באַנדע, וואָס איז
קאָנצענטרירט ארום דעם גענעראַל-שטאַב, וואָס ווירקט אין נאָמען פון דער
„דעפענזיווע” (קאנטר-ראזוועדקע), וואָס לאָזט אין גאַנג דעם פאַבריקאט פון
פערעווערזעוו און אלעקסינסקי, קעדיי „אויפצוהויבן דעם ווילדן קאעס” פונם
מיליטער א. אז. וו.

די רעגירונג איז ניטאָ, די ראַטן זיינען ניטאָ; זיי ציטערן פאַר זייער
אייגענעם גורל, זיי באַקומען אַ ריי מיטיילונגען, אַז די קאָזאַקן קאָנען קומען
און פאַגראָמירן זיי. די שווארצמייאישע און קאָדעטישע פּרעסע, וואָס האָט
דורכגעפירט די העצע קעגן די באָלשעוויקעס, הויבט אָן אַ העצע קעגן די
ראַטן.

די עסערן און מענשעוויקעס האָבן זיך דורך זייער גאנצער פּאָליטיק
געבונדן איבער הענט און פיס. ווי געבונדענע מענטשן, האבן זיי גערופן
(אָדער זיי האָבן דערלאָזן רופן) דאס קאנטר-רעוואלוציאנערע מיליטער קיין
פּיטער. און דאס האט זיי נאך מער געבונדן. זיי האבן זיך אראפּגעקייקלט
אפן סאמע דעק פון דער עקלהאפטער קאנטר-רעוואלוציאנערער גרוב. זיי
לאזן פאכדאנעסדיק פאנאנדער זייער אייגענע קאמיסיע, וואס איז באשטימט
געווען אף אויספארשן דעם „איניען” פון די באלשעוויקעס. זיי גיבן אף אַ גע-
מיינעם אויפן ארויס די באלשעוויקעס דער קאנטר-רעוואלוציע. זיי נעמען
דערנידערנדיק אנטייל אין דער לעוואיע-דעמאנסטראציע פון די געהארגעטע
קאזאַקן, קושן אזוי ארום די האנט פון די קאנטר-רעוואלוציאנערן.

זיי זיינען געבונדענע מענטשן. זיי ליגן אַפּן דעק פון דער גרוב.

זיי וואַרפן זיך, אָפּגעבנדיק דעם פּאָרטפעל קערענסקין און גייענדיק אין

קאַנאָסע*) צו די קאַדעטן, אײנאָרדענענדיק אַ „זעמסקי סאָבאָר“ אָדער די „קרוינונג“ פון דער קאָנטער-רעוואָלוציאָנערער רעגירונג אין מאָסקווע. קערענסקי זאָגט אָפּ פּאָלאָװצאָװן.

אָבער דאָסדאָזיקע װאַרפן זיך פאַרבלײבט אַ װאַרפן זיך, לאַכלוטן ניט ענדערנדיק דעם טאָך פונם איניען. קערענסקי זאָגט אָפּ פּאָלאָװצאָװן, און אין דערזעלביקער צייט מאַכט ער פּאָרמעל, פארגעזעצלעכט ער פּאָלאָװצאָװס מאסמיטלען, זײן פּאָליטיק, ער פאַרמאַכט די „פּראַװדאַ“, פירט אײן טױט-שטראָף פאַר סאָלדאַטן, אַ פאַרבאָט פון מיטינגען אַפן פראָנט, פירט װײטער דורך אַרעסטן פון באָלשעװיקעס (אפילע פון קאָלאָנטאַי!) לױט אַלעקסינסקיס פּראָגראַם.

דער „טאָך פון דער קאָנסטיטוציע“ אין רוסלאַנד װערט באַשטימט מיט װאונדערבאַרער קלארקײט: דער אָנגריף אַפן פראָנט און די קאאליציע מיט די קאדעטן אין הינטערלאַנד („טיל“) שלײדערן אַראָפּ די עסערן און די מענשעװיקעס אין דער גרוב פון דער קאנטער-רעװאָלוציע. אין דערעמעסן גײט די מלוכע-מאַכט אריבער אין אירע הענט, אין די הענט פון דער מיליטערישער באַנדע, קערענסקי און די רעגירונג פון צערעטעלי און טשערנאָװ איז בלױז אַ צודעק פאַר איר, זײ זײנען געצװאונגען דערנאָך (אַכאַר-האַמאַיסע) צו פארגעזעצלעכן אירע מאסמיטלען, אירע טריט, איר פּאָליטיק.

דער האַנדל פון קערענסקין, צערעטעלין, טשערנאָװון מיט די קאַדעטן האָט אַ צװײטראנגיקע, אויב ניט קײן צענטראנגיקע באַדײטונג. צי װעלן זיגן די קאַדעטן אין דעמדאָזיקן מיסכער, צי װעלן זיך נאָך אײנהאַלטן צערעטעלי און טשערנאָװ „אַלײן“,—דער טאָך פונם איניען בײט זיך ניט, דער קער פון די עסערן און מענשעװיקעס צו דער קאָנטער-רעװאָלוציע (אַ קער, אַ געצװאונגענער דורך זײער גאַנצער פּאָליטיק פון 6-טן מאַי אָן) פאַרבלײבט דער איקערדיקער, הױפּטלעכער באַשליסנדיקער פאַקטאָר.

דער ציקל פון דער פארטײאישער אנטװיקלונג האָט זיך פארענדיקט. די עסערן און מענשעװיקעס האָבן זיך געקײקלט פון שטאפּל צו שטאפּל, פונם „צוטרוי“ צו קערענסקין דעם 28 פעװראַל צום 6-טן מאַי, װאָס האָט זײ צוגעבונדן צו דער קאָנטער-רעװאָלוציע, צום 5-טן יולי, װען זײ האָבן זיך צו איר אַראָפּגעקײקלט ביז אונטן.

עס הױבט זיך אָן אַ נײע טקופע. דער ניצאָכן פון דער קאָנטער-רעװאָלוציע רופט אַרױס די אַנטױשונג פון די מאַסן אין די פאַרטײען פון די עסערן און מענשעװיקעס און עפנט אױף דעם װעג פאַר זײער איבערגאַנג צו דער פּאָליטיק פון אונטערשטיצן דעם רעװאָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

אנגעשריבן דעם 26 יולי 1917 יאָר.

אפגעדרוקט אין אַ באַזונדער בראָשור אונטערן נאָמען „צום מאָמענט“ אין סאָף יולי פון 1917 יאָר מיט דער אונטערשריפט נ. לענין.

---

*) גײן אין קאַנאָסע—אָפּגעבן זיך אַפן כעסעד פון יענעם, אנטקעגן װעלכן מע האָט געקעמפט. איבערז.

# וועגן קאמפראמיסן.

אַ קאָמפּראָמיס הייסט אין דער פּאָליטיק — נאָכגעבן אין אייניקע פאָדע-רונגען, אָפּזאָגן זיך פון אַ טייל פאָדערונגען, צוליב אַן אויסגלייך מיט אַן אנ-דער פּארטיי.

די געוויינלעכע פאַרשטעלונג פון די באלעבאַטים וועגן די באָלשעוויקעס, וואָס ווערט אונטערגעשטיצט דורך דער פרעסע, וועלכע טרייבט רעכילעס קעגן די באָלשעוויקעס, באַשטייט דערין, אַז די באָלשעוויקעס זיינען אף קיין שום קאָמפּראָמיסן ניט מאסקים, מיט קיינעם ניט, קיינמאָל ניט.

אַזאַ פאַרשטעלונג איז פאַר אונז זייער אַנגענעם, אַלס פאַרטיי פון רע-וואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, ווייל זי דערוויזט, אַז אפילע די סאָנים זיינען געצוואונגען צו אַנערקענען אונזער טרייהייט צו די גרונט-פּרינציפּן פון סאָציאַ-ליזם און רעוואָלוציע. מע דאַרף אָבער פונדעסטוועגן זאָגן דעם עמעס: אַזאַ פאַרשטעלונג פּאַסט ניט מיט דערווירקלעכקייט. ענגעלס איז געווען גערעכט, ווען ער האָט אין זיין קריטיק פונם מאַניפעסט פון די בלאַנקיסטן-קאָמוניסטן (1873 יאָר) אויסגעלאַכט זייער דערקלערונג: „קיינע קאָמפּראָמיסן". דאָס איז אַ פראַזע, האָט ער געזאָגט, ווייל קאָמפּראָמיסן ווערן אָפטמאָל מיט אומפאַר-מיידלעכקייט אָנגעבונדן אַ קעמפנדיקער פאַרטיי דורך די אומשטענדן, און עס איז אומגעלומפּערט איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך אָפּזאָגן „אָנצונעמען די דעקונג פונם כויוו טיילווייז". די אויפגאַבע פון אַן עכט-רעוואָלוציאָנערער פאַרטיי באַשטייט ניט דערין, אַז מע זאָל פּראקלאַמירן דעם אומעגלעכן אָפּזאָג פון יעדע קאָמפּראָ-מיסן, נאָר דערין, אַז מע זאָל דורך אַלע קאָמפּראָמיסן, אַף וויפל זיי זיינען אומפאַרמיידלעך, קענען דורכטראָגן די טרייהייט צו די אייגענע פּרינ-ציפּן, צום אייגענעם קלאַס, צו דער אייגענער רעוואָלוציאָנערער אויפגאַבע, צו דער אייגענער זאַך פון צוגרייטן די רעוואָלוציע און דערציען די פאָלקס-מאַסן פאַרן ניצחון אין דער רעוואָלוציע.

אַ ביישפּיל. גיין אַף אַנטיילנעמען אין דער 3-טער און 4-טער דומעס איז געווען אַ קאָמפּראָמיס, אַ ציטווייליקער אָפּזאָג פון די רעוואָלוציאָנערע פאָדע-רונגען. דאָס איז אָבער געווען אַן אַבסאָלוט געצוואונגענער קאָמפּראָמיס, ווייל די קויכעס-פאַרהעלטעניש האָט פאַר אונז אויסגעשלאָסן אַף אַ געוויסע צייט דעם מאַסאוון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, און פאַר אַ לאַנגדויערנדיקער צוגרייטונג פון קאַמף איז נויטיק געווען צו קענען אַרבעטן אויך פון אינעווייניק פון אַזא „שטאַל". אז אזאַ שטעלונג פון דער פראַגע דורך די באָלשעוויקעס, אַלס פאַרטיי, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פולקום ריכטיק, דאָס האָט דערוויזן די געשיכטע.

איצט שטייט אָפּן סיידער די פראַגע ניט וועגן אַ געצוואונגענעם, נאָר וועגן אַ פרייוויליקן קאָמפּראָמיס.

אונזער פאַרטיי, פונקט ווי יעדע אנדערע פּאָליטישע פאַרטיי, שטרעבט צו פּאָליטישער הערשאַפט פאַר זיך. אונזער ציל איז די דיקטאַטור פונם רע-

וואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. דאָס האַלבע יאָר רעוואָלוציע האָט מיט אויסער-געוויינלעכער העלקייט, קראַפט און איבערצייגנדיקייט באַשטעטיקט די ריכטי-קייט און אומפאַרמיידלעכקייט פון אַזאַ פאָדערונג אין די אינטערעסן גראָד פון דער געגעבענער רעוואָלוציע, ווייל ניט קיין דעמאָקראַטישן שאָלעם, ניט קיין ערד פאַרן פויערטום, ניט קיין פולע פרייהייט (אַ פולקום דעמאָקראַטישע רעפובליק) קאָן דאָס פאָלק אנדערש ניט באַקומען. דער גאַנג פון די געשעע-נישן פאַרן האַלבן יאָר פון אונזער רעוואָלוציע, דער קאַמף פון די קלאַסן און פאַרטייען, די אַנטוויקלונג פון די קריזיסן פון 20—21 אַפּריל, 9—10, 18—19 יוני, 3—5 יולי, 27—31 אווגוסט האָבן עס סאַי דערוויזן, סאַי באוויזן.

איצט איז אָנגעקומען אַזאַ שאַרפער און אַזאַ אָריגינעלער קער אין דער רוסישער רעוואָלוציע, אַז מיר קאָנען, אַלס פאַרטיי, פאָרלייגן אַ פרייוויליקן קאמפּראָמיס, עמעס—ניט דער בורזשואַזיע, אונזער דירעקטן און וויכטיקסטן קלאַסן-סוינע, נאָר אונזערע נאָענטסטע קעגנער, די קליינבירגערלעך-דעמאָקראַ-טישע פאַרטייען, די עסערן און מענשעוויקעס, וועלכע „שפּילן די הויפּט-ראָלע".

נאָר אַלס אויסנאַם. נאָר אַדאַנק דער ספּעציפישער לאַגע, וועלכע וועט זיך וואַרשיינלעך איינהאַלטן בלויז אין מעשעך פון אַ סאַמע קורצער צייט, קאָנען מיר פאָרלייגן אַ קאָמפּראָמיס דידאָזיקע פאַרטייען, און מיר דאַרפן עס, דאַכט זיך מיר, טאָן.

אַ קאָמפּראָמיס איז פון אונזער זייט אונזער צוריקקער צו דער יולי-פאָ-דערונג: די גאַנצע מאַכט די ראַטן, אַ רעגירונג פון עסערן און מענשעוויקעס, וואָס זאל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די ראטן.

איצט, און נאָר איצט, עפשער *אינגאַנצן אין מעשעך פון עטלע-כע טעג* אָדער אַף 1—2 וואָכן, וואָלט אַזאַ רעגירונג געקאָנט באַשאַפן ווערן און זיך פולקום פרידלעך פאַרפעסטיקן. זי וואָלט, מיט אַ ריזיקער וואַרשיינ-לעכקייט, געקאָנט באַוואָרענען די פרידלעכע פאָרויסבאַוועגונג פון דער גאַנצער רוסישער רעוואָלוציע און די אויסערגעוויינלעך גרויסע שאַנסן פאַר גרויסע פאָרויסטריט פון דער אלוועלטלעכער באוועגונג צום שאָלעם און צום ניצאָכן פונם סאָציאַליזם.

נאָר צוליב דערדאָזיקער פרידלעכער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע — אַ מעגלעכקייט אַ *העכסט* זעלטענע אין דער געשיכטע און אַ *העכסט* ווערטפולע, אַ מעגלעכקייט אַן אויסשליסלעך זעלטענע, — נאָר צוליב איר קאָ-נען און דארפן, לויט מיין מיינונג, די באָלשעוויקעס, וואָס זיינען אָנהענגער פון אַן אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע, אָנהענגער פון רעוואָלוציאָנערע מעטאָדן, דאַרפן זיי גיין אַף אַזא קאָמפּראָמיס.

דער קאָמפּראָמיס וואָלט באַשטאַנען דערין, וואָס די באָלשעוויקעס וואלטן, ניט פּרעטענדירנדיק אַליין אַף אַן אנטייל אין דער רעגירונג (פאַר אינטערנאַ-ציאָנאַליסטן איז דאָס אומעגלעך אָן דער פּראַקטישער פאַרווירקלעכונג פון די באַדינגונגען פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט און אָרימסטן פויערטום), וואָלטן זיי זיך אָפּגעזאָגט פון אַרויסשטעלן די באַלדיקע פאָדערונג פון איבערגאַנג פון דער מאַכט צום פּראָלעטאַריאַט און צו די אָרימסטע פויערים, פון די רעוואָלו-

ציאָנערע מעטאָדן פון קאַמף פאַר דערדאָזיקער פאָדערונג. די באַדינגונג, אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע און ניט קיין נייע פאַר די עסערן און מענשעוויקעס, וואָלט געווען די פולע פרייהייט פון אַגיטאַציע און דער צוזאַמענרוף פון דער גרינדונגס=פאַרזאמלונג אן נייע פארשלעפעניש אָדער אַפילע אין אַ קירצערן טערמין.

די מענשעוויקעס און עסערן, אַלס מלוכישער בלאָק, וואָלטן מאַסקים געווען (אויב מע זאָל האַלטן, אַז דער קאָמפּראָמיס איז פאַרווירקלעכט) צוזאַ=מענצושטעלן אַ רעגירונג, וואָס זאָל אינגאנצן און אויסשליסלעך זיין פאראנט-וואָרטלעך פאר די ראטן, דערביי זאָל די גאנצע מאכט אף די ערטער איבער-געגעבן ווערן די ראטן. דערין וואָלט באַשטאַנען די „נייע" באַדינגונג. קיין שום אַנ-דערע באַדינגונגען וואָלטן די באָלשעוויקעס, מיין איך, ניט אַוועקגעשטעלט, פאַר לאַזנדיק זיך דערויף, אַז די ווירקלעך פולע פרייהייט פון אַגיטאַציע און די באַלדיקע פאַרווירקלעכונג פונם נייעם דעמאָקראַטיזם אינם צונויפשטעלן די ראטן (זייערע איבערוואַלן) און אין זייער פונקציאָנירונג, וואָלטן שוין אַליין באַוואָרנט די פרידלכע פאָרויסאַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע, דאס פ ר י ד ל ע כ ע אויסלעבן דעם פאַרטייאישן קאַמף אינעווייניק אין די ראַטן.

עפשער איז דאָס ש ו י ן אומעגלעך? עפשער. נאָר אויב עס איז אַפילע פאַראַן איין שאַנס פון הונדערט, וואָלט דער פּרוואו צו פאַרווירקלעכן אַזאַ מעגלעכקייט פונדעסטוועגן ווערט געווען, אַז מע זאָל אים פאַרווירקלעכן.

וואָס וואָלטן געוואונען פון דעם „קאָמפּראָמיס" ביידע צדאָדים, וואָס „גייען אַף אַן אויסגלייך"? — ד. ה. די באָלשעוויקעס, פון איין זייט, און דער בלאָק פון די עסערן און מענשעוויקעס, פון דער אַנדערער זייט? אויב ב י י ד ע צדאָדים געווינען גאָרניט, דארף מען דעם קאָמפּראָמיס אַנערקענען פאר או=מעגלעך, און דעמאָלט איז ניטאָ צוליב וואס צו ריידן וועגן אים. ווי שווער עס זאָל ניט זיין דערדאָזיקער קאָמפּראָמיס איצט (נאָך יולי און אַווגוסט, די צוויי כאַדאָשים, וואָס זיינען געגליכן צו צוויי צענדליק יאָר פון „פרידלעכער" שלעפּערדיקער צייט), איז, דאַכט זיך מיר, פאַראַן איין קליינער שאַנס פאר זיין פאַרווירקלעכונג, און דערדאָזיקער שאנס איז באַשאַפן געוואָרן דורכן באַשלוס פון די עסערן און מענשעוויקעס ניט צו גיין אין קיין רעגירונג צוזאמען מיט די קאַדעטן.

די באָלשעוויקעס וואָלטן געוואונען דאָס, וואס זיי וואָלטן באַקומען די מעגלעכקייט פולקום פריי צו אַגיטירן פאר זייערע אָנשויאונגען און באַ באַ-דינגונגען פון ווירקלעך פולן דעמאָקראַטיזם זיך דערשלאָגן אַ ווירקונג אין די ראַטן. אפן וואָרט אַנערקענען איצט „אַלע" דידאָזיקע פרייהייט פאר די באָל-שעוויקעס. אין דערעמעסן איז זי א ו מ ע ג ל ע ך באַ אַ בורזשואַזער רעגירונג, אָדער באַ אַ רעגירונג מיטן אנטייל פון דער בורזשואַזיע, באַ אַן אַנדער רע-גירונג, אַכוץ אַ סאָוועטישער. באַ אַ סאָוועטישער רעגירונג וואָלט אַזאַ פריי-הייט געווען מ ע ג ל ע ך (מיר זאָגן ניט: אַף זיכער באַוואָרנט, אָבער פונדעסט-וועגן מעגלעך). צוליב אַזאַ מעגלעכקייט אין אַזאַ שווערער צייט וואָלט מען עדארפט גיין אַף אַ קאָמפּראָמיס מיט דער סאָוועטישער מערהייט פון איצטיקן

טאָג. באַ אַווירקלעכער דעמאָקראַטיע האָבן מיר ניט וואָס מוירע צו האָבן, ווייל דאס לעבן איז פאר אונז, און אַפילע דער אַנטוויקלונגס-גאַנג פון די ריכטונגען אינעווייניק אין די פיינטלעכע צו אונז פאַרטייען פון די עסערן און מענשעוויקעס באַשטעטיקט אונזער גערעכטקייט.

די מענשעוויקעס און די עסערן וואָלטן געוואונען דאָס, וואס זיי וואָלטן מיטאַמאָל באקומען די פולע מעגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן די פראָגראַם פון זייער בלאָק, אַנשפאַרנדיק זיך אַף דער בעפיירעש גוואַלטיקער מערהייט פון פאָלק און באַוואָרענענדיק פאר זיך דאס „פרידלעכע" באַנוצן זיך מיט זייער מערהייט אין די ראַטן.

פאַרשטייט זיך, אַז פון דעמדאָזיקן בלאָק, וואס איז ניט איינאַרטיק, סאַי צוליב דעם, וואס ער איז אַ בלאָק, סאַי צוליב דעם, וואס די קליינבירגערלע-כע דעמאָקראַטיע איז שטענדיק ווייניקער איינאַרטיק, ווי די בורזשואַזיע און ווי דער פראָלעטאַריאַט, פון דעמדאָזיקן בלאָק וואָלטן זיך, מיסטאָמע, גע-לאָזט הערן צוויי שטימען.

איין שטימע וואָלט געזאָגט: מיר קאָנען בעשום אויפן ניט גיין אַף איין וועג מיט די באָלשעוויקעס, מיטן רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאַריאַט. ער וועט אַלץ איינס פאָדערן איבער דער מאָס און וועט דעמאַגאָגיש פארפירן די פּוי-ערשע אָרימקייט. ער וועט פאָדערן שאָלעם און אַ פאַנאַנדעררייס מיט דער אַנ-טאַנטע. דאס איז אומעגלעך. פאר אונז איז נעענטער און זיכערער מיט דער בורזשואַזיע, מיר זיינען זיך דאָך מיט איר ניט פאַנאַנדערגעגאנגען, נאָר צע-קריגט זיך ניט אַף לאַנג, און נאָר צוליב איין אינצידענט מיט קאָרנילאָוון. מיר האבן זיך צעקריגט, וועלן מיר שאָלעם ווערן. דערביי גיבן אונז די באָל-שעוויקעס אַבסאָלוט קיין זאך ניט נאָך, ווייל די פרואוון פון אויפשטאנדן פון זייער זייט זיינען פונקט אזוי פאַרורטיילט אַף אַ מאַפּאָלע, ווי די קאָמונע פון 1871-טן יאָר.

אַ צווייטע שטימע וואָלט געזאָגט: דאס פאַרופן זיך אַף דער קאָמונע איז אויבערפלעכלעך און אַפילע נאַריש. ווייל, ערשטנס, האבן זיך דאָך די באָלשעוויקעס עטוואָס אויסגעלערנט נאָכן 1871-טן יאָר. זיי וואָלטן ניט אי-בערגעלאָזן דעם באַנק, ניט נעמענדיק אים אין זייערע הענט, זיי וואָלטן זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אַן אָנגריף אַף ווערסאַל, און באַ אַזוינע באַדינגונגען וואָלט אַפילע די קאָמונע געקאָנט זיגן. אַכוץ דעם, האט די קאָמונע ניט געקאָנט פאָרלייגן דעם פאָלק מיטאַמאָל דאָס, וואס עס וועלן קענען פאָרלייגן די באָל-שעוויקעס, אויב זיי וועלן ווערן א מאכט, דעהאינע: ערד די פויערים, אַ באַל-דיקן שאָלעם-פאָרשלאַג, ווירקלעכן קאָנטראָל איבער דער פראָדוקציע, אַן ערלעכן שאָלעם מיט די אוקראַינער, פינלענדער א. א. וו. די באָלשעוויקעס האבן, אויב מע זאָל זיך וואולגאַר אויסדריקן, צען מאָל מער „טרומפן" אין די הענט, ווי די קאָמונע. און, צווייטנס, באַטייט אַ קאָמונע ווי-ניט-ווי אַ שווערן בירגער-קריג, אַ לאנגן אָפּהאלט נאָכדעם פון דער פרידלעכער קולטורעלער אנטוויקלונג, אַ פארלייכטערונג פאַר די אָפּעראַציעס און קונצן פון אַלערליי מאַק-מאַגאָנס און קאָרנילאָווס, און אַזוינע אָפּעראַציעס שטעלן אין סאַקאָנע

אונזער גאנצע בורזשואַזע געזעלשאַפט. צי האָט אַלזאָ א זין צו ריזיקירן מיט אַ קאָמונע?

און א קאָמונע איז אומפארמיידלעך אין רוסלאנד, אויב מיר וועלן ניט נעמען די מאכט, אויב די זאך וועט פארבלייבן אין דערזעלביקער שווערער לאגע, ווי עס איז געווען פון 6-טן מאַי ביזן 31-טן אַווגוסט. יעדער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער און סאָלדאַט וועט אומפארמיידלעך טראַכטן וועגן אַ קאָמונע, וועט גלויבן אין איר, וועט אומפארמיידלעך מאכן א פרואוו צו פארווירקלעכן זי, טראַכטנדיק: דאס פאָלק קומט אום. די מילכאָמע, דער הונגער, די צעשטערונג גייען אלץ ווייטער. נאָר א קאָמונע וועט ראַטעווען. לאָמיר אומקומען, לאָמיר שטארבן אלע, אָבער לאָמיר פארווירקלעכן די קאָמונע. אזוינע געדאנקען זיינען אומפארמיידלעך באַ די ארבעטער, און באַזיגן די קאָמונע וועט זיך איצט ניט איינגעבן אַזוי לייכט, ווי אין 1871-טן יאָר... די רוסישע קאָמונע וועט האבן אין 100 מאָל שטאַרקערע פארבינדעטע אין דער גאנצער וועלט, ווי אין 1871=טן יאָר... צי האט פאר אונז א זין צו ריזיקירן מיט אַ קאָמונע? איך קאָן אויך ניט מאַסקים זיין מיט דעם, וואס די באָלשעוויקעס גיבן אונז, אין טאָך גענומען, קיין זאַך ניט מיט זייער קאָמפּראָמיס. ווייל אין אלע קולטורעלע לענדער שעצן זייער די קולטורעלע מיניסטאָרן יעטווידער, אַפילע קליינינקן אויסגלייך מיטן פּראָלעטאריאט בעשאַס דער מילכאָמע. זיי שעצן עס זייער און זייער. און דאס זיינען דאָך זאכלעכע מענטשן, עמעסע מיניסטאָרן. די באָלשעוויקעס ווידער פארשטארקן זיך גאַנץ גיך, ניט געקוקט אף די רעפּרעסיעס, ניט געקוקט אַף דער שוואַכקייט פון זייער פּרעסע... צי האט פאר אונז אַ זין צו ריזיקירן מיט אַ קאָמונע?

מיר האבן אַ געזיכערטע מערהייט; ביז די פויערשע אָרימקייט וועט זיך אויפכאַפּן, איז נאָך ניט אַזוי נאָענט, פאַר אונז וועט נאָך קלעקן. אַז אין א פויערש לאנד זאל די מערהייט נאָכגיין נאָך די עקסטע, גלויב איך ניט. און קעגן אַ בעפיירעשער מערהייט איז אין אַן עמעס דעמאָקראַטישער רעפּובליק ניט מעגלעך קיין אויפשטאַנד. אַזוי וואָלט געזאָגט די צווייטע שטימע.

עס קאָן זיך נאָך, עפשער, געפינען אַ דריטע שטימע, פון צווישן וועלכע ס'איז אָנהענגער פון מאַרטאָוון אָדער פון ספּירידאָנאָווען, וועלכע וועט זאָגן: מיך רעגט אויף, „כאַווירים", וואס, קלערנדיק וועגן אַ קאָמונע און וועגן איר מעגלעכקייט, שטעלט איר זיך ביידע אָן וואַקלענישן אַף דער זייט פון אירע קעגנער. איינער אין איין פאָרם, דער צווייטער אין אַן אַנדערער, אָבער ביידע אַף דער זייט פון די, וואָס האָבן די קאָמונע דערשטיקט. איך וועל ניט אַגיטירן פאר קיין קאָמונע, איך קאָן פארויס ניט צוזאָגן זיך צו שלאָגן אין אירע רייען, ווי עס וועט טאָן יעדער באָלשעוויק, אָבער איך מוז פונדעסטוועגן זאָגן: אַז א ו י ב די קאָמונע וועט, ק ע ג ן מיינע אנשטרענגונגען, אויפלאַקערן, וועל איך גיכער מיטהעלפן אירע פארטיידיקער, ווי אירע קעגנער...

די פאַרשיידנשטימיקייט אינם „בלאָק" איז אַ גרויסע און אומפארמיידלעכע, ווייל אין דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע איז פאָרגעשטעלט אַ

שלאַל מיט שאַטירונגען, פונם פולקום מיניסטעריאַבעלן, פולקומען בורזשואַ ביזן האלבן אָרימאַן, וואס איז נאָך ניט אינגאנצן פעאיק אריבערצוגיין אַף דער פּאָזיציע פונם פראָלעטאַריער. און ווי עס וועט אין יעדן געגעבענעם מאָ-מענט פון דער פארשיידנשטימיקייט זיין איר רעזולטאַט — ווייסט קיי-נער ניט.

* * *

די פריערדיקע שורעס זיינען געשריבן געוואָרן פרייטיק, דעם 1-טן סענ-טיאַבר, און צוליב צופעליקע באדינגונגען (באַ קערענסקין, וועט דערציילן די געשיכטע, האבן ניט אלע באָלשעוויקעס געהאט די פרייהייט פון אויסקלייבן זיך אַ וואוינאָרט). זיינען זיי ניט אָנגעקומען אין רעדאַקציע אין זעלבן טאָג. און נאָכדעם, ווי איך האב איבערגעלייענט די שאַבעסדיקע און די היינטיקע זונטיקדיקע צייטונגען, זאָג איך זיך: דער פּאָרשלאַג פון אַ קאָמפּראָמיס האט שוין טאַקע עפשער פארשפעטיקט. די עטלעכע טעג, אין מעשעך פון וועלכע די פרידלעכע אַנטוויקלונג איז נאָך געווען מעגלעך, זיינען שוין טאַקע עפּ-שער אויך פארביי. יאָ, לויט אַלץ איז צו זען, אַז זיי זיינען שוין פאַרביי. קערענסקי וועט, אַזוי אָדער אַנדערש, סאַי אַרויסטרעטן פון דער עסערי-שער פארטיי, סאַי אַוועקגיין פון די עסערן און וועט זיך פארפעסטיקן מיט דער הילף פון די בורזשואַ אָן די עסערן, אַדאַנק זייער אומטעטיקייט... יאָ, לויט אַלץ איז צו זען, אַז די טעג, ווען עס איז צופעליק מעגלעך געוואָרן דער וועג פון פרידלעכער אַנטוויקלונג, זיינען שוין פארביי. עס בלייבט אָפּצושיקן דידאָזיקע נאטיצן אין רעדאקציע מיט דער ביטע צו געבן זיי אונטערן נאָמען: „פארשפעטיקטע געדאנקען״... אַמאָל איז עפשער מיט פארשפעטיקטע גע-דאנקען אויך ניט אומאינטערעסאַנט זיך צו באַקאָנען.

אנגעשריבן דעם 3-טן סענטיאבר.
אפגעדרוקט אין „ראַבאָטשי פוט״ נומער 3.
דעם 6-טן סענטיאבר 1917-טן יאָר,
מיט דער אונטערשריפט נ. לענין.

## פונם אַרטיקל

# די אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע*)

(פראגמענט).

## פרידלעכע אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע.

7. פאַר דער דעמאָקראַטיע פון רוסלאַנד, פאַר די ראַטן, פאַר די פאַרטייען פון די עסערן און מענשעוויקעס עפנט זיך איצט א מעגלעכקייט, וועלכע טרעפט זיך זייער זעלטן אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע, אַ מעגלעכקייט צו באַוואָרענען דעם צונויפרוף פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אין באשטימטן טערמין און נייע אָפּלייגענישן, א מעגלעכקייט צו פאַרזיכערן דאָס לאַנד פון א מיליטערישער אוןווירטשאַפטלעכער קאַטאַסטראָפע, א מעגלעכקייט צו פאַרזיכערן די פרידלעכע אנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע.

אויב די ראטן וועלן איצטער נעמען אין די הענט, אין גאַנצן און אויסשליסלעך, די מלוכע-מאַכט אף דורכפירן די אויבן פאָרמולירטע פראָגראַם, איז פאַר די ראַטן געזיכערט ניט נאָר די שטיצע פון ניין צענטל פון דער באַפעלקערונג פון רוסלאַנד, פונם ארבעטערקלאַס און פון דער גרעסטער מערהייט פויערים. ס'איז פאַר די ראַטן געזיכערט אויך דער גרעסטער רעוואָלוציאָנערער ענטוזיאַזם פון דער אַרמיי און פון דער מערהייט פון פאָלק, יענער ענטוזיאזם, אָן וועלכן דער ניצחון איבערן הונגער און איבער דער מילכאָמע איז אומעגלעך.

וועגן קיין שום ווידערשטאנד די ראַטן וואָלט איצטער ניט געקאָנט זיין קיין רייד, אויב ס'וואָלט ניט זיין קיין וואַקלענישן פון זייער צאַד. קיין איין קלאַס וועט זיך ניט דערוועגן אויפצוהייבן אן אויפשטאַנד אנטקעגן די ראטן, און די פריצים מיט די קאַפּיטאַליסטן, אָנגעלערנט דורך דער דערפאַרונג [פון דער קאָרנילאָוויאַדע, וועלן פרידלעך אָפּטרעטן די מאַכט פאר דער אולטימאַטיווער פאָדערונג פון די ראַטן. קעדיי צו איבערווינדן דעם ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטן אנטקעגן דער פראָגראַם פון די ראטן, וועט גענוג זיין, די אַרבעטער און פויערים זאלן אכטונג געבן אף די עקספּלואַטאָרן, און די, וואָס פאָלגן ניט, זאָלן באַשטראָפט ווערן מיט אזעלכע מיטלען, ווי קאָנפיסקירן דאָס גאנצע אייגנטום, פאַרייניקט מיט אַ ניט-געדויערנדיקן ארעסט.

---

*) מיר גיבן פון דעמדאָזיקן ארטיקל, — וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר די פלאטפאָרם פון די באָלשעוויקעס, די פּראָגראַם פאַר דער קומענדיקער ראַטנמאַכט, — א קליינעם פראַגמענט, וועלכער איז וויכטיק צוליב דער אָפּשאַצונג פון די טאָעסן פון אייניקע באָלשעוויקעס נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע. ווי באַקאַנט, האָבן דידאָזיקע כאַווייריִם פאָרגעלייגט א קאָמפּראמיס מיט די פשאָרע-מאַכער. כ. טראָצקי אין זיינע „לעקציעס פון אָקטיאַבער” בלאָזט פאַנאַנדער דעמדאָזיקן טאָעס ביז אַ גאַנצער טעאָריע פון מענשעוויזם אין דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי. מיר זעען, אז אין סענטיאַבער האָט נאָך כ. לענין אויך געהאַלטן, אז ס'איז דאָ א געוויסע מעגלעכקייט פון אַ קאָמפּראָמיס. די רעד.

נעמענדיק די גאַנצע מאַכט, וואָלטן די ראטן געקאָנט נאָך איצטער, — און וואָרשיינלעך איז דאָס זייער לעצטער שאַנס — באַוואָרענען די פרידלעכע אנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע, די פרידלעכע וואלן דורכן פאָלק פון זיינע דעפּוטאַטן, דעם פרידלעכן קאַמף פון פּאַרטייען אינעווייניק אין די ראטן, דעם אויספּרואוון אף דער פּראַקטיק די פּראָגראַמען פון פאַרשיידענע פּאַרטייען, דעם פרידלעכן איבערגיין פון דער מאַכט פון די הענט פון איין פּאַרטיי אין די הענט פון א צווייטער.

אויב מע וועט דידאָזיקע מעגלעכקייט דורכלאָזן, באַווייזט דער גאַנצער אנטוויקלונגס-גאַנג פון דער רעוואָלוציע, אָנהויבנדיק פון דער באַוועגונג פון 20-טן אַפּריל און אויסלאָזנדיק מיט דער קאָרנילאָוויאַדע, באַווייזט ער די אומפאַרמיידלעכקייט פון דעם שאַרפסטן בירגערקריג צווישן דער בורזשואזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט. די אומפאַרמיידלעכע קאַטאַסטראָפע וועט דערנענטערן דעם-דאָזיקן קריג. ער וועט זיך דאַרפן ענדיקן, — ווי ס'באַווייזן אלע אנגאבן און האַשאָרעס, וואָס דער מענטשלעכער סייכל איז אף זיי פעאיק, — מיט א פולן ניצאָכן פונם ארבעטערקלאַס, מיט דעם, אז דאָס אָרימסטע פויערטום וועט אים אונטערשטיצן, קעדיי דורכצופירן די פאָרמולירטע פּראָגראַם. אָבער דערדאָזיקער קריג קאָן זיך ארויסווייזן פאַר זייער שווער, בלוטיק, קאָסטן דאָס לעבן צענדליקער טויזנטער פריצים, קאַפּיטאַליסטן, אָפיצירן, וועלכע פילן זיי מיט. דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיך ניט אָפּשטעלן פאַר קיינע קאָרבאָנעס צוליב ראַטעווען די רעוואָלוציע, וועלכע איז אומעגלעך אויסער דער פאָרמולירטער פּראָגראַם. אָבער דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט אלזייטיק אונטערשטיצט די ראַטן, ווען זיי וואָלטן פאַרווירקלעכן זייער לעצטן שאַנס אף פרידלעך אנטוויקלען די רעוואָלוציע.

דער ארטיקל „די אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע״ איז געדרוקט געוואָרן אין „ראַבאָטשי פּוט״ №№ 20—21 דעם 26 און 27-טן סענטיאַבער 1917, מיט דער כסימע נ. ק.

---

# די באָלשעוויקעס דאַרפן נעמען די מאַכט.

## אַ בריוו אין צ. ק., פּ. ק. און מ. ק. פון דער ר. ס. ד. א. פּ. (באָלשעוויקעס).

באַקומענדיק די מערהייט אין די ראַטן פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן איןביידע הויפּשטעט, קאָנען די באָלשעוויקעס נעמען און דאַרפן נעמען די מלוכע-מאַכט אין זייערע הענט.

זיי קאָנען, ווייל אַן אקטיווע מערהייט פון רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פון פאָלק אין ביידע הויפּשטעט איז גענוג אַף מיטצוציען די מאַסן, באַזיגן דעם ווידערשטאַנד פונם קעגנער, צעקלאַפּן אים, דעראָבערן די מאַכט און איינהאַלטן זי. ווייל, פאָרלייגנדיק טייקעף אַ דעמאָקראַטישן שאָלעם, אָפּגעבנ=

דיק טייקעף די ערד די פויערים, צוריקאויפשטעלנדיק די דעמאָקראטישע אַנשטאַלטן און פרייהייטן, וואָס זיינען צעקנייטשט און צעקלאַפּט געוואָרן דורך קערענסקין, וועלן די באָלשעוויקעס צונויפשטעלן אַזאַ רעגירונג, וועלכע קיינער וועט ניט אַראָפּוואַרפן.

די מערהייט פון פאָלק איז פאַר אונז. דאָס האָט דערוויזן דער לאַנגער און שווערער וועג פון 6 מאַי ביזן 31 אַווגוסט און ביזן 12 סעפּטעמבער. די מערהייט אין די ראַטן פון די הויפּשטעט איז א פּראָדוקט פון דער אַנטוויקלונג פון פאָלק אין אונזער זייט. די וואַקלונגען פון די עסערן און מענשעוויקעס, די פאַרשטאַרקונג פון די אינטערנאַציאָנאַליסטן צווישן זיי באַווייזט דאָס זעלביקע.

די דעמאָקראַטישע באַראַטונג שטעלט ניט פאָר די מערהייט פונם רעוואָלוציאָנערן פאָלק, נאָר בלויז די פּשאָרע־מאַכערישע קלייןבירגערלעכע אויבערשיכטן. מע טאָר ניט לאָזן אָפּנארן זיך דורך די ציפערן פון די וואַלן. ניט אין די וואַלן באַשטייט די זאַך: פאַרגלייכט די וואַלן אין די שטאָט־דומעס פון פּיטער און מאָסקווע און די וואַלן אין די ראַטן. פאַרגלייכט די וואַלן אין מאָסקווע און דעם מאָסקווער שטרייק פון 12 אווגוסט: אָט דאָס זיינען די אָביעקטיווע אָנגאַבן וועגן דער מערהייט רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, וואָס פירן די מאַסן.

די דעמאָקראַטישע באַראַטונג נאַרט אָפּ דאָס פּויערטום, ניט געבנדיק אים ניט קיין שאָלעם, ניט קיין ערד.

נאָר אַ באָלשעוויסטישע רעגירונג אַליין וועט באַפרידיקן דאָס פּויערטום.

* * *

פאַרוואָס דאַרפן די באָלשעוויקעס נעמען די מאַכט גראָד איצט?

דערפאַר, ווייל דאָס פאַרשטייענדיקע אָפּגעבן פּיטער וועט פאַרערגערן אונזערע שאַנסן אין 100 מאָל.

און בא אַן אַרמיי מיט קערענסקין און קאָמפּ. אין דער שפּיץ זיינען מיר ניט בעקויעך צו שטערן אָפּצוגעבן פּיטער.

און אַף דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג טאָר מען אויך ניט „וואַרטן”, ווייל דורך דעמזעלביקן אָפּגעבן פּיטער קאָן קערענסקי און קאָמפּ. שטענדיק אַרונטערייסן זי. נאָר אונזער פּאַרטיי קאָן, נעמענדיק די מאַכט, זיכערן דעם צוזאַמענרוף פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און, נעמענדיק די מאכט, וועט זי באַשולדיקן די איבעריקע פּאַרטייען אינם אָפּציען, און וועט די באַשולדיקונג דערוויזן.

דעם סעפּאַראַטן שאָלעם צווישן די ענגלישע און דייטשישע אימפּעריאַליסטן דאַרף מען און מע קאָן צעשטערן, נאָר ווירקנדיק שנעל.

דאָס פאָלק איז מיד פון די וואַקלונגען פון די מענשעוויקעס און עסערן. נאָר אונזער ניצאָכן אין די הויפּטשטעט וועט נאָכפירן די פּויערים נאָך אונז.

* *
*

די פראגע גייט ניט וועגן דעם „טאָג“ פון אויפשטאַנד, ניט וועגן דעם „מאָמענט“ זיינעם אינם ענגן זין. דאָס וועט באַשליסן נאָר די אלגעמיינע שטימע פון די, וואָס קומען אין באַרירונג מיט די ארבעטער און סאָלדאַטן, מיט די מאַסן.

די פראגע באשטייט דערין, וואָס אף דער דעמאָקראטישער באראטונג האָט איצט אונזער פארטיי פאַקטיש אירן אַ צוזאַמענפאָר, און דערדאָזיקער צוזאַמענפאָר דאַרף באשליסן (צי ער וויל, צי ער וויל ניט, אָבער ער דאַרף) דעם גורל פון דער רעוואָלוציע.

די פראַגע באַשטייט דערין, וואס מע דארף די אויפגאַבע מאַכן קלאָר פאר דער פאַרטיי: אין טאָג-סיידער דארף מען אוועקשטעלן דעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד אין פיטער און אין מאָסקווע (מיט דער געגנט), די דעראָבערונג פון דער מאַכט, דאָס אראָפוואַרפן די רעגירונג. באטראכטן, ווי אזוי צו אגיטירן פאר דעם, ניט אויסדריקנדיק זיך אזוי אין דער פרעסע.

מע דאַרף זיך דאָרמאַנען, דורכטראַכטן מארקס ווערטער וועגן אויפשטאַנד: „אַן אויפשטאַנד איז אַ קונסט“ א. א. וו.

* *
*

וואַרטן אף א „פאָרמעלער“ מערהייט באַ די באָלשעוויקעס איז נאַאיוו: קיין איין רעוואָלוציע וואַרט ניט דערויף. אויך קערענסקי און קאָמפּ. וואַרטן ניט, נאָר זיי גרייטן זיך אוועקגעבן פיטער. גראָד די נעבעכדיקע וואַקלונגען פון דער „דעמאָקראַטישער בארטונג“ דארפן אויפרייסן און וועלן אויפרייסן דאָס געדולד פון די ארבעטער פון פיטער און פון מאָסקווע. די געשיכטע וועט אונז ניט מויכל זיין, אויב מיר וועלן ניט נעמען די מאַכט.

ניטאָ קיין אפאראַט? אַן אפאראט איז פאַראן: דער ראַט און די דעמאָקראטישע אָרגאניזאציעס. די אינטערנאציאָנאלע לאגע איז גראָד איצט, ערעוו דעם סעפּאראטן שאָלעם צווישן די ענגלענדער מיט די דייטשן, פאַר אונז. גראָד איצט איז פאָרלייגן שאָלעם די פעלקער — הייסט זיגן.

נעמענדיק די מאַכט מיטאמאָל סאַי אין מאָסקווע, סאַי אין פיטער (עס איז ניט וויכטיק, ווער עס וועט אָנהויבן; עפשער קאָן אפילע מאָסקווע אָנהויבן), וועלן מיר זיגן אומבאַדינגט און אָן שום סאָפעק.

אָנגעשריבן אין סענטיאַבר פון 1917 יאָר, אין די טעג פון דער „דעמאָקראַטישער באַראַטונג“.
פונם אַרכיוו פון צ.ק. פון ר.ק.פּ.(ב).

# מאַרקסיזם און אויפשטאַנד

## אַ בריוו אין צ. ק. פון ר. ס. ד. א. פּ. (באָלשעוויקעס).

צו די בייזוויליקסטע און שיר ניט צו די אמערסטן פאַרשפּרייטע פאַרקריפּלונגען פון מאַרקסיזם דורך די הערשנדיקע „סאָציאַליסטישע“ פּאַרטייען געהערט דער אפּאָרטוניסטישער שעקער, אַז די צוגרייטונג צו אַן אויפשטאַנד, ביכלאַל די באַציאונג צו אַן אויפשטאַנד, ווי צו אַ קונסט, איז קלוימערשט „בלאַנקיזם“.

דער פירער פונם אפּאָרטוניזם, בערנשטיין, האָט שוין פאַרדינט אַ טרויעריקע באַרימטקייט דורך זיין באַשולדיקן דעם מאַרקסיזם אין „בלאַנקיזם“, און די איצטיקע אפּאָרטוניסטן באַנייען ניט און „באַרייכערן“ ניט אין טאָך גענומען אַף קיין איין אָס בערנשטיינס אָרימע „אידייען“, ווען זיי שרייען וועגן בלאַנקיזם.

באַשולדיקן אין בלאַנקיזם די מאַרקסיסטן פאַר דער באַציאונג צו אַן אויפשטאַנד, ווי צו אַ קונסט! צי קאָן דען זיין אַ מער שרייענדיקע פאַרקריפּלונג פונם עמעס, ווען קיין איין מאַרקסיסט וועט זיך ניט אפּזאָגן פון דעם, אַז גראָד מאַרקס האָט זיך אַפן סאַמע באַשטימטן, פּינקטלעכן און אומבאַשטרייטבאַרן אויפן אַרויסגעזאָגט מיקויעך דעם, טאַקע אנרופנדיק דעם אויפשטאַנד מיטן נאָמען קונסט, זאָגנדיק, אַז צו אַן אויפשטאַנד דאַרף מען זיך באַציען, ווי צו אַ קונסט, אַז מע דאַרף דעראָבערן דעם ערשטן ערפאָלג און פון ערפאָלג גיין צו ערפאָלג, ניט אפּשטעלנדיק דעם אנגריף אַפן סוינע, אויסנוצנדיק זיין פאַרלאָרנקייט א. א. וו. א. א. וו.

קעדיי דער אויפשטאַנד זאָל זיין ערפאָלגרייך, דאַרף ער זיך אנשפּאַרן ניט אַף קיין פאַרשווערונג, ניט אַף קיין פּאַרטיי, נאָר אַפן פאָרגעשריטענעם קלאַס. דאָס איז ערשטנס. דער אויפשטאַנד דאַרף זיך אָנשפּאַרן אַפן רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג פונם פאָלק. דאָס איז צווייטנס. דער אויפשטאַנד דאַרף זיך אנשפּאַרן אַף אַזאַ איבערבראָך-פּונקט אין דער געשיכטע פון דער אנוואַקסנדיקער רעוואָלוציע, ווען די אקטיווקייט פון די פאָדערשטע רייען פון פאָלק איז די גרעסטע, ווען עס זיינען שטאַרקער פון אַלץ די וואַקלונגען אין די רייען פון די סאָנים און אין די רייען פון די שוואַכע, האַלבעדיקע, ניט אנטשלאָסענע פריינט פון דער רעוואָלוציע. דאָס איז דריטנס. מיט דידאָזיקע דריי באַדינגונגען פון דער שטעלונג פון דער פראַגע וועגן אויפשטאַנד אונטערשיידט זיך דער מאַרקסיזם פונם בלאַנקיזם.

אויב אָבער דידאָזיקע באַדינגונגען זיינען פאַראַן, איז אפּזאָגן זיך פון דער באַציאונג צום אויפשטאַנד, ווי צו אַ קונסט, באַטייט פאַראטן דעם מאַרקסיזם און פאַראטן די רעוואָלוציע.

קעדיי צו דערווייזן, פאַרוואָס דאַרף מען גראָד דעם מאָמענט, וואָס מיר לעבן איבער, אנערקענען פאַר אַזעלכן, ווען עס איז אַ כויוו פאַר דער

פאַרטיי צו אָנערקענען דעם אויפשטאַנד פאַר אַן אָװועקגעשטעלטן אין טאָג-סיידער דורכן גאַנג פון די געשעענישן און באַציען זיך צום אויפשטאַנד, ווי צו אַ קונסט, קעדיי דאָס צו דערוויייזן, איז עפשער בעסער פון אַלץ צו באַנוצן דעם פאַרגלייכס-מעטאָד און אנטקעגנשטעלן דעם 3—4 יולי מיט די סענטיאַבר-טעג.

דעם 3—4 יולי האָט מען געקאָנט, ניט זינדיקנדיק קעגן עמעס, אוועק-שטעלן די פראַגע אַזוי: ריכטיקער וואָלט געווען צו נעמען די מאַכט, ווייל אַנדערש וועלן די סאָנים סײַ ווי באַשולדיקן אונז אין אַן אויפשטאַנד און וועלן זיך מיט אונז אפרעכענען, ווי מיט אויפשטענדלער. אָבער דערפון האָט מען ניט געטאָרט מאַכן קיין אויספיר לעטויוועס דעם, אַז מע האָט דעמאָלט געדארפט נעמען די מאַכט, ווייל קיין אביעקטיווע באדינגונגען פאַר אַ ניצחון פונם אויפשטאַנד זיינען דעמאָלט ניט געווען.

1) מיר האָבן נאָך ניט געהאַט הינטער זיך דעם קלאַס, וואָס ער איז דער אוואנגאַרד פון דער רעוואָלוציע.

מיר האָבן נאָך ניט געהאַט קיין מערהייט צווישן די אַרבעטער און סאָל-דאַטן פון די הויפט-שטעט. איצט איז זי פאַראַן איןביידע ראַטן. זי איז באַ-שאַפן געוואָרן נאָר דורך דער געשיכטע פון יולי און אַווגוסט, דורך דער דערפארונג פונם „אפרעכענען" זיך מיט די באָלשעוויקעס און דורך דער דערפארונג פון דער קארנילאָוויאַדע.

2) עס איז דעמאָלט ניט געווען קיין אַלנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער אויפשטייג. איצט, נאָך דער קאָרנילאָוויאַדע, איז ער פאַראַן. די פּראָווינץ און דאָס, וואָס אין פיל ערטער האָבן די ראַטן גענומען די מאַכט, דערווייזן עס.

3) עס איז דעמאָלט ניט געווען קיין וואקלונגען, אין אַן ערנסטן אַלגעמיין-פּאָליטישן מאסשטאַב, צווישן אונזערע סאָנים און צווישן דער האַל-בעדיקער קליינבורזשואַזיע. איצט זיינען די וואַקלונגען ריזיקע: אונזער הויפט-סוינע, דער אנטאנטישער און אַלוועלטלעכער אימפּעריאַליזם, ווייל די „אנ-טאנטע" שטייט אין דער שפּיץ פונם אַלוועלטלעכן אימפּעריאַליזם, האָט זיך אַ וואקל געטאָן צווישן אַ מילכאָמע ביז ניצאָכן און אַ סעפּאַראטן שאָ-לעם קעגן רוסלאַנד. אונזערע קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן, בעפיירעש פאַר-לירנדיק די מערהייט אין פאָלק, האָבן זיך ריזיק אַ וואַקל געטאָן, אפזאָגנדיק זיך פון אַ בלאָק, ד. ה. פון אַ קאָאַליציע מיט די קאַדעטן.

4) דעריבער וואָלט אַן אויפשטאנד דעם 3—4 יולי געווען אַ פעלער: מיר וואָלטן ניט איינגעהאלטן די מאַכט ניט פיזיש, ניט פּאָליטיש. פיזיש, ניט געקוקט דערויף, וואָס פּיטער איז מאמענטנווייז געווען אין אונזערע הענט, ווייל שלאָגן זיך, שטאַרבן פאַרן באַזיצן פּיטער וואָלטן טאַקע אונזערע אַרבעטער און סאָלדאַטן ניט געוואלט: עס איז ניט געווען אזא „פארווילדע-רונג", אזא זידנדיקער האס סײַ צו די קערענסקיס, סאַי צו די צערעטעלי-טשערנאווס, אונזערע לייט זיינען נאָך ניט געווען פאַרהארטעוועט דורך דער דערפארונג פון די פאַרפאָלגונגען פון באָלשעוויקעס מיטן אָנטייל פון די עסערן און מענשעוויקעס.

פאליטיש וואלטן מיר דעם 3—4 יולי ניט איינגעהאלטן די מאַכט, ווייל די אַרמיי און די פּראָווינץ האָבן, ביז דער קארנילאוויאדע, געקאנט גיין און וואָלטן געגאַנגען אַף פּיטער.

איצט איז דאָס בילד אינגאַנצן אַן אַנדערש.

מיר האָבן הינטער זיך די מערהייט פונם קלאַס, פונם אוואנגאַרד פון דער רעוואָלוציע, פונם אוואנגאַרד פון פאָלק, וואָס איז פעאיק מיטצופירן נאָך זיך די מאַסן.

מיר האָבן הינטער זיך די מערהייט פון פאָלק, ווייל טשערנאָווס אוועקגאַנג איז ווייט ניט דער איינציקער, נאָר דער אנזעעוודיקסטער, בוילעט-סטער סימען פון דעם, אַז דאָס פּויערטום וועט פונם עסערישן בלאָק (און פון די עסערן גופע) קיין ערד ניט באַקומען. און דערין באַשטייט דער וויכטיקסטער מאָמענט פונם אַלגעמיין-נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער רע-וואָלוציע.

מיר האָבן הינטער זיך די גינסטיקייט פון דער לאַגע פון אַ פאַרטיי, וואָס ווייסט פעסט איר וועג, באַ די אומדערהערטע וואקלענישן סײַ פונם גאַנצן אימפּעריאַליזם, סײַ פונם בלאָק פון די מענשעוויקעס מיט די עסערן.

מיר האָבן הינטער זיך אַ זיכערן ניצאָכן, ווייל דאָס פאָלק איז גאָר נאָענט פון איעש, און מיר גיבן דעם גאַנצן פאָלק אַ ריכטיקן אויסוועג, באַווייזנדיק די באַדייטונג פון אונזער אנפירונג דעם גאַנצן פאָלק „אין די קארנילאווּשע טעג״, דערנאָך פאָרלייגנדיק אַ קאמפּראָמיס די בלאָקיסטן און באַקומענדיק פון זיי אַן אָפּזאָג, באַ דעם באַדינג, ווען די וואקלונגען פון זייער זייט הערן לאַכלוטן ניט אויף.

דער גרעסטער טאָעס וואלט געווען צו מיינען, אַז אונזער פאָרשלאָג פון אַ קאמפּראמיס איז נאָך ניט אָפּגעווארפן, אַז די „דעמאָקראַטישע באַראַטונג״ קאָן אים נאָך אנעמען. דער קאמפּראָמיס איז פאָרגעלייגט געוואָרן פון אַ פּאַרטיי צו פּאַרטייען; אנדערש האָט ער ניט געקאָנט פאָרגעלייגט ווערן. די פּאַרטייען האָבן אים אָפּגעוואָרפן. די דעמאָקראַטישע באַראַטונג איז נאָר אַ באַראַטונג, ניט מער. מע דאַרף ניט פאַרגעסן איין זאַך: אין איר איז ניט פאָרגעשטעלט די מערהייט פונם רעוואָלוציאָנערן פאָלק, דאָס אָרימסטע און פאַרביטערטע פּויערטום. דאָס איז אַ באַראַטונג פון דער מינדערהייט פון פאָלק,—מע טאָר ניט פאַרגעסן אָט דעם קלאָרן עמעס. דער גרעסטער טאָעס, דער גרעסטער פּאַרלאַמענטישער קרעטיניזם וואָלט געווען פון אונזער זייט זיך צו באַציען צו דער דעמאָקראַטישער באַראַטונג, ווי צו אַ פּאַרלאַמענט, ווייל אויב אַפילע זי זאָל זיך דערקלערן פאַר אַ פּאַרלאַמענט און פאַר אַ סוּאווערענעם פּאַרלאַמענט פון דער רעוואָלוציע, באַ-שליסט זי אַלץ איינס קיין זאַך ניט: דער באַשלוס ליגט אויסער איר, אין די אַרבעטער-קוואַרטאַלן פון פּיטער און פון מאָסקווע.

מיר האָבן פאַר זיך אַלע אביעקטיווע פאָר-האנאכעס פאַר אַן ערפאָלג-רייכן אויפשטאַנד. מיר האָבן פאַר זיך די אויסשליסלעכע גינסטיקייט פון דער לאַגע, ווען נאָר אונזער ניצאָכן אינם אויפשטאַנד וועט מאַכן אַ סאָף צו די וואקלונגען, וועלכע האָבן אויסגעמאטערט דאָס פאָלק, וועלכע זיינען די סאַמע מאַטערנדיקע זאַך אין דער וועלט; ווען נאָר אונזער ניצאָכן אינם אויפשטאַנד וועט ארונטערייסן די שפּיל מיט אַ סעפּאַראַטן שאָלעם קעגן דער רעוואָלוציע,—וועט זי ארונטערייסן דערמיט, וואָס ער וועט אָפן פאָרלייגן אַ שאָלעם אַ פולערן, אַ מער גערעכטיקן, אַ מער נאָענטן, אַ שאָלעם צום גונסטן פון דער רעוואָלוציע.

נאָר אונזער פאַרטיי, ענדלעך, קאָן, זיגנדיק אינם אויפשטאנד, ראַטע-ווען פּיטער, ווייל אויב אפילע אונזער פאָרשלאַג פון שאָלעם וועט אָפּגע-וואָרפן ווערן און מיר וועלן ניט באַקומען אַפילע קיין וואָפן-שטילשטאַנד, דעמאלט ווערן מיר די באשיצלער, דעמאלט שטעלן מיר זיך אין דער שפּיץ פון די קריגס-פּאַרטייען, מיר וועלן זיין די סאַמע „קריגערישע“ פּאַרטיי, מיר וועלן פירן די מילכאָמע אַף אַ בעעמעס רעוואָלוציאָנערן אויפן. מיר וועלן אפנעמען דאָס גאַנצע ברויט און די גאַנצע שטיול בא די קאַפּיטאַליסטן. מיר וועלן פאַר זיי איבערלאָזן די סקאָרינקעס, מיר וועלן זיי אנטאָן אין לאַפּשעס. מיר וועלן אוועקגעבן דאָס גאַנצע ברויט און די גאַנצע שוכוואַרג אפן פראָנט.

און מיר וועלן דעמאָלט באַשיצן פּיטער.

די רעסורסן פאר א ווירקלעך רעוואָלוציאָנערער מילכאָמע, סאַי די מאַטעריעלע, סאַי די גייסטיקע, זיינען נאָך אין רוסלאַנד אומענדלעך גרויס; 99 שאַנסן פון 100 איז פאַר דעם, אז די דייטשן וועלן אונז געבן לעכאָל-האַפּאָכעס א וואָפן-שטילשטאַנד. און באַקומען א וואפן-שטילשטאנד איצט—דאָס הייסט שוין באַזיגן די גאַנצע וועלט.

---

באַנעמענדיק די אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט פון אַן אויפשטאַנד פון די ארבעטער פון פּיטער און פון מאָסקווע אַף צו ראַטעווען די רעוואָלוציע און אַף צו ראַטעווען רוסלאַנד פון א „סעפּאַראַטער“ צעטיילונג צווישן די אימפּעריאַליסטן פון ביידע קאָאַליציעס, דאַרפן מיר, ערשטנס, צופּאַסן צו די באַדינגונגען פונם אָנוואַקסנדיקן אויפשטאַנד אונזער פּאָליטישע טאַקטיק אַף דער באַראַטונג; מיר דאַרפן, צווייטנס, דערווייזן, אז ניט נאָר אַפן וואָרט אנערקענען מיר מארקס געדאַנק וועגן דער נויטיקייט צו באַציען זיך צו אַן אויפשטאַנד ווי צו אַ קונסט.

מיר דאַרפן טייקעף צוזאַמענבאַהעפטן די פראַקציע פון די באָלשעוויקעס אַף דער באַראַטונג, ניט נאָכיאָגנדיק זיך נאָך דער צאָל, ניט מוירע האָבנדיק איבערצולאָזן די וואַקלענדיקע אינם לאַגער פון וואַקלענדיקע: זיי זיינען דאָרטן נוצלעכער פאר דער זאַך פון דער רעוואָלוציע, ווי אינם לאַגער פון די אנטשלאָסענע און אָפּערווייליקע קעמפער.

מיר דארפן צוזאַמענשטעלן א קורצע דעקלאראציע פון די באָלשעוויקעס, אונטערשטרייכנדיק אפן שאַרפסטן אויפן די אומפּאַסיקייט פון לאנגע רעדעס, די אומפּאַסיקייט פון רעדעס ביכלאַל, די נויטיקייט פון טייקעפדיקע מאַיסים אף צו ראטעווען די רעוואָלוציע, די אַבסאָלוטע נויטיקייט פון א פולן ריס מיט דער בורזשואַזיע, פון א פולן אראָפּזעצן די גאַנצע איצטיקע רעגירונג, פון אַ פולן ריס מיט די ענגליש-פראַנצויזישע אימפּעריאליסטן, וועלכן גרייטן צו די „סעפּאראַטע״ צעטיילונג פון רוסלאַנד; די נויטיקייט פון באלדיקן איבערגאנג פון דער גאנצער מאכט אין די הענט פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, אין דער שפּיץ מיטן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאט.

אונזער דעקלאראציע דארף זיין די סאַמע קורצע און שאַרפע פאָרמולירונג פון דעמדאָזיקן אויספיר אין צוזאַמענהאנג מיט די פּראָגראַם-פּראָיעקטן: שאָלעם די פעלקער, ערד די פויערים, קאָנפיסקירונג פון די סקאַנדאַליעזע רעוואָכים און איינצוימונג פונם סקאַנדאליעזן קאַליע מאכן די פּראָדוקציע דורך די קאפּיטאליסטן.

וואָס קירצער, אלץ שארפער וועט זיין די דעקלאראציע, אלץ בעסער. אין איר דארף מען נאָר קלאָר אָנווייזן נאָך צוויי וויכטיקסטע פונקטן: דאָס פאָלק איז אויסגעמאַטערט געוואָרן פון די וואַקלענישן, דאָס פאָלק איז צעפייניקט געוואָרן פון דער ניט-אַנטשלאָסנקייט פון די עסערן און מענשעוויקעס; מיר רייסן מיט דידאָזיקע פּאַרטייען ענדגילטיק, ווייל זיי האָבן פאַראַטן די רעוואָלוציע.

און א צווייטע זאַך: טייקעף פאָרלייגנדיק אַ שאָלעם אָן אנעקסיעס, טייקעף פאנאנדערייסנדיק מיט די אנטאנטישע אימפּעריאליסטן און מיט אלערליי אימפּעריאַליסטן, באַקומען מיר גלייך אָדער א וואפן-שטילשטאנד, אָדער דעם איבערגאנג פונם גאנצן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאט אף דער זייט פון שוץ און די פירונג דורך דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראטיע, אונטער זיין אָנפירונג, פון א ווירקלעך גערעכטיקער, ווירקלעך רעוואָלוציאָנערער מילכאָמע.

איבערלייענענדיק דידאָזיקע דעקלאראציע, צורופנדיק צו באַשליסן, און ניט צו ריידן, צו טאָן, און ניט צו שרייבן רעזאָלוציעס, דאַרפן מיר אונזער גאנצע פראקציע א רוק טאָן אין די זאַוואָדן און אין די קאַזאַרמעס: דאָרט איז איר אָרט, דאָרט איז דער נערוו פון לעבן, דאָרט איז דער קוואַל פאר דער רעטונג פון דער רעוואָלוציע, דאָרט איז די טרייב-קראַפט פון דער דעמאָקראַטישער באַראטונג.

דאָרט דאַרפן מיר אין הייסע, ליידנשאַפטלעכע רעדעס דערקלערן אונזער פּראָגראַם און אוועקשטעלן די פראַגע אזוי: אָדער די באַראטונג נעמט זי פולקום אָן, אָדער אַן אויפשטאנד. קיין מיטן איז ניטאָ. וואַרטן טאָר מען ניט. די רעוואָלוציע גייט אונטער.

שטעלנדיק די פראַגע אזוי, קאָנצענטרירנדיק די גאַנצע פראקציע אין די זאַוואָדן און אין די קאַזאַרמעס, וועלן מיר ריכטיק באַרעכענען דעם מאָמענט פאַרן אָנהויב פונם אויפשטאַנד.

און קעדיי זיך צו באַציען צום אויפשטאַנד, ווי מאַרקסיסטן, ד. ה. ווי צו א קונסט, דאַרפן מיר אין דערזעלביקער צייט, ניט פאַרלירנדיק קיין איין מינוט, אָרגאַניזירן א ש ט אַ ב פון די אויפשטענדלערישע מאַכנעס, פאַנאַנדערטיילן די קויכעס, א רוק טאָן די זיכערע פּאָלקן אף די וויכטיקסטע פונקטן, ארומרינגלען אלעקסאנדרינקע *), פארנעמען פעטראָפּאַוולאָווקע, ארעסטירן דעם גענעראַל-שטאב און די רעגירונג, אוועקשיקן צו די יונקערס און צו דער ווילדער דיוויזיע אזוינע מאַכנעס, וועלכע זיינען פעאיק אומקומען, אָבער ניט לאָזן דעם סוינע זיך א רוק טאָן צו די צענטרען פון שטאָט; מיר דאַרפן מאָביליזירן די באוואָפנטע ארבעטער, צורופן זיי צו דער פאַרצווייפלטער לעצטער שלאַכט, פאַרנעמען מיטאַמאָל דעם טעלעגראַף און טעלעפאָן, אוועקזעצן אונזער אויפשטענדלערישן שטאַב בא דער צענטראַלער טעלעפאָן-סטאַנציע, פאַרבינדן מיט אים דורכן טעלעפאָן אַלע זאַוואָדן, אלע פּאָלקן, אלע פונקטן פון באַוואָפנטן קאמף א.א.וו.

דאָס איז אַלץ, פאַרשטייט זיך, בעערעך, נאָר קעדיי צו אילוסטרירן דאָס, אז אינם מאָמענט, וואָס מיר לעבן איבער, קאָן מען ניט פאַרבלייבן טריי דעם מאַרקסיזם, פאַרבלייבן טריי דער רעוואָלוציע, ניט באַציענדיק זיך צום אויפשטאַנד, ווי צו א קונסט.

אָנגעשריבן אין סענטיאַבר פון 1917 יאָר, אין די טעג פון דער „דעמאָקראַטישער באַראַטונג”.

פונם אַרכיוו פון צ.ק. פון ר.ק.פּ.

---

# צי וועלן די באָלשעוויקעס איינהאַלטן די מלוכע-מאַכט?

אין וואָס זיינען איינשטימיק אלע ריכטונגען, פון דער „רעטש” ביז צו „נאָוואַיאַ זשיזן” אין קאָן גענומען, פון די קאַדעטן — קאָרנילאָוויסטן ביז צו די האַלבע באָלשעוויקעס, אַ ל ע אכוץ די באָלשעוויקעס?

דערין, אז די באָלשעוויקעס אליין איז אָדער זיי וועלן זיך ניט באַשליסן צו נעמען די גאַנצע מלוכע-מאַכט אין זייערע הענט, אָדער, אויב זיי וועלן זיך באַשליסן און וועלן נעמען, וועלן זיי זי ניט קאָנען איינהאַלטן אַפילע אין מעשעך פון דער סאַמע קורצער צייט.

אויב עמיצער וועט באַמערקן, אז די פראַגע וועגן דעם, אז די באָלשעוויקעס אליין זאָלן נעמען די גאַנצע מלוכע-מאַכט איז לאַכלוטן ניט קיין רעאַלע פּאָליטישע פראַגע, אז האַלטן זי פאַר א רעאַלער קאָן נאָר די ערגסטע זעלבסטמיינונג פון א וועלכן ס'איז „פאַנאַטיקער”, וועלן מיר דידאָזיקע באַמערקונג אָפּלייקענען, ברענגענדיק די גענויע דערקלערונגען פון די סאַמע פאַר-

*) אלעקסאנדער-טעאַטער אין פעטערבורג, וואו ס'פלעגט אָפּהאַלטן די זיצונגען די דעמאָקראַטישע באַראַטונג. איבערז.

אַנטוואָרטלעכע און סאַמע ווירקונגספולע פּאָליטישע פּאַרטייען און ריכטונגען פון פאַרשיידענער „פאַרב״.

נאָך אַפריער צוויי ווערטער איבער דער ערשטער פון די אָנגעמערקטע פראַגן, דעהאַינע: צי וועלן זיך די באָלשעוויקעס אַנטשיידן צו נעמען איינע אליין אין זייערע הענט די גאַנצע מלוכע-מאַכט? איך האָב שוין געהאַט די געלעגנהייט אפן אלרוסלענדישן ראַטן-צוזאַמענפאָר צו ענטפערן מיט אַ קאַטע-גאָרישן יאָ אף דערדאָזיקער פראגע אין איין באַמערקונג, וועלכע מיר איז אויסגעקומען א געשריי צו טאָן פון אָרט בעשאַס איינער פון צרעטעליס מיניסטאָרישע רעדעס. און איך האָב ניט באַגעגנט ניט אין דער פרעסע, ניט מונדלעך קיין דערקלערונגען מיצאַד די באָלשעוויקעס, אז מיר וואָלטן ניט געדאַרפט נעמען איינע אליין די מאַכט. איך בלייב ווייטער שטיין אף דעם שטאַנדפּונקט, אז אַ פּאָליטישע פּארטיי ביכלאַל — און די פּאַרטיי פונם אוואַנגאַרד-קלאַס ביפּרט — וואָלט ניט געהאַט קיין רעכט אף עקזיסטענץ, וואָלט ניט ווערט געווען זיך צו רעכענען אלס א פּאַרטיי, וואָלט געווען אַ קלאָגעדיקער נול אין אלע הינזיכטן, ווען זי וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פון דער מאַכט, אויב עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט די מאַכט צו באַקומען.

לאָמיר איצט ברענגען די דערקלערונג פון די קאַדעטן, עסערן און האַלבע באָלשעוויקעס (איך וואָלט בעסער געזאָגט פערטל-באָלשעוויקעס) איבער דער פראַגע, וואָס אינטערעסירט אונז.

דער לייט-ארטיקל-שרייבער פון „רעטש״ פון 16-טן סענטיאַבר:

...„פאַרשיידנשטימיקייט און צעשפּליטערטקייט האָבן געהערשט אינם זאַל פון אַלעקסאַנדרינער טעאַטער, און די סאָציאַליסטישע פרעסע שפּיגלט אָפּ דאָסזעלביקע בילד. באַשטימטקייט און גראַדליניקייט פאַר-מאָגט נאָר דער שטאַנדפּונקט פון די באָלשעוויקעס. אין דער באַראַטונג איז עס דער שטאַנדפּונקט פון דער מינדערהייט. אין די ראַטן איז עס א ריכטונג, וואָס ווערט אלץ שטאַרקער. אָבער, ניט געקוקט אף דער גאַנצער ווערטער-אייפערדיקייט, אף די באַרימערישע פראַזן, אַף דער דעמאָנסטראַציע פון זיכערקייט אין זיך, זיינען די באָל-שעוויקעס, מיטן אויסנאַם פון ווייניקע פאַנאַטיקער, דרייסט נאָר אפן וואָרט. נעמען די „גאַנצע מאַכט״ וואָלטן זיי זיך לויט זייער אייגענער איניציאַטיוו ניט געפּרואווט. דעזאָרגאַניזאַטאָרן און צעשטע-רער par excellence (איבערהויפּט), זיינען זיי אין טאָך פּאַכדאָנים, וואָס אין דער טיפעניש פון זייער נעשאָמע פאַרשטייען זיי אויסגעצייכנט סאַי זייער אינערלעכע אומוויסנהייט און די עפעמערישקייט פון זייערע איצטיקע ערפאָלגן. פונקט אזוי גוט, ווי מיר אלע, פאַרשטייען זיי, אז דער ערשטער טאָג פון זייער ענדגילטיקן טריאומף וואָלט געווען אויך דער ערשטער טאָג פון זייער העפטיקן פאַלן. אומפאַראַנטוואָרטלעך לויט דער נאַטור גופע, אנאַרכיסטן לויט די מעטאָדן און מאַסמיטלען, קאָן מען זיך זיי פאַרשטעלן בלויז, ווי איינע פון די ריכטונגען פונם פּאָלי-טישן געדאַנק, — ריכטיקער געזאָגט, ווי איינע פון אירע אבעראַציעס

(געבראָכענע אָפּשפּיגלונג). דער בעסטער מיטל אף לאַנגע יאָרן זיך צו באַפרייען פונם באָלשעוויזם, אראָפּוואַרפן אים, וואָלט געווען איבערצוגעבן זיינע פירערס דעם גורל פון לאַנד. און ווען ניט דער באַוואוסטזיין פון דער ניט-דערלאָזבארקייט און פאַרדערבלעכקייט פון אזוינע פּרואוון, וואָלט מען זיך געדאַרפט אויס איעש באַשליסן אויך אף אזא העלדיש מיטל. צום גליק, כאַזערן מיר איבער, שטרעבן דידאָזיקע טרויעריקע טאָג-העלדן אין דערעמעסן לאַכלוטן ניט צו פאַרכאַפּן די גאַנצע פולקייט פון דער מאַכט. באַ קיינע טנאָים איז פאַר זיי ניט צוטריטלעך קיין בויאונגס-אַרבעט. אזוי ארום, ווערט זייער גאַנצע באַשטימטקייט און גראַדליניקייט באַגרעניצט דורך דער ספערע פון דער פּאָליטישער טריבונע, פון מיטינג-מעליצע. פּראַקטיש קאָן זייער פּאָזיציע פון קיין שטאַנדפּונקט ניט גענומען ווערן אין כעשבן. איבעריקנס, אין איין הינזיכט האָט זי אויך א געוויסן רעאַלן רעזולטאַט: זי פאַרייניקט אלע איבעריקע שאַטירונגען פון „סאָציאַליסטישן געדאַנק" אין דער נעגאַטיווער באַציאונג צו זיך"...

אזוי דענקען די קאַדעטן. און אָט איז דער שטאַנדפּונקט פון דער גרעסטער, „הערשנדיקער און רעגירנדער" פּאַרטיי אין רוסלאַנד, פון די „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן", אויך אין א ניט געכאַסמעטן, ד. ה. רעדאַקציאָנעלן לייט-ארטיקל אין זייער אָפיציעלן אָרגאַן „דיעלאָ נאַראָדאַ" פון 21 סענטיאַבר:

„...אויב די בורזשואזיע וועט ניט‚ וועלן ארבעטן צוזאַמען מיט דער דעמאָקראַטיע ביז דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אפן באַדן פון דער פּלאַטפאָרם, וואָס די באַראַטונג האָט באַשטעטיקט, דעמאָלט וועט די קאָאַליציע דאַרפן אנטשטיין אין די טיפּענישן פונם באַשטאַנד פון דער באַראַטונג. דאָס איז א שווערער קאָרבן מיצאַד די פאַרטיידיקער פון דער קאָאַליציע, אָבער אף אים דאַרפן גיין אויך די פּראָפּאַגאַנדיסטן פון דער אידייע פון א „ריינער ליניע" פון דער מאַכט. מיר האָבן אָבער מוירע, אז דאָ קאָן טרעפן, אז קיין אויסגלייך זאָל ניט פאָרקומען, און דאַן בלייבט די דריטע און לעצטע קאָמבינאַציע: די מאַכט איז מעכויעוו צו אָרגאַניזירן די העלפט פון דער באַראַטונג, וועלכע האָט פּרינציפּיעל פאַרטיידיקט די אידייע פון איר איינאַרטיקייט.

מיר ווען זאָגן קלאָר: די באָלשעוויקעס וועלן מעכויעוו זיין צו פאָרמירן אַ קאַבינעט. זיי האָבן מיט דער גרעסטער ענערגיע איינגעפּלאַנצט אין דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע דעם האַס צו דער קאָאַליציע, צוזאָגנדיק איר אלדאָס גוטס נאָך דער אָפּשאַפונג פון דער „פּשאָרע-מאַכעריי" און דערקלערנדיק דורך דער לעצטער אלע צאָרעס פון לאַנד.

אויב זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ כעשבן אין זייער אַגיטאַציע, אויב זיי האָבן ניט אָפּגענאַרט די מאַסן,— זיינען זיי מעכויעוו זיך פאַנאַנדערצוצאָלן לויט די וועקסלען, וואָס זיי גיבן

ארויס אף רעכטס און אַף לינקס.

די פראַגע ווערט געשטעלט קלאָר.

און זאָלן זיי ניט מאַכן קיין אומנוצלעכע אנשטרענגונגען זיך צו באהאַלטן הינטער אַף גיך באַשאפענע טעאָריעס וועגן דער מעגלעכקייט פאר זיי צו נעמען די מאכט.

דידאָזיקע טעאָריעס וועט די דעמאָקראטיע ניט אָנעמען.

אין דערזעלביקער צייט דארפן די אָנהענגער פון אַ קאָאַליציע גאַראַנטירן זיי די פולע אונטערשטיצונג. אָט דאָס זיינען די דריי קאָמבינאַציעס, די דריי וועגן, וועלכע שטייען פאַר אונז — קיין אנדערע זיינען ניטאָ (דער קורסיוו געהערט דעם „דיעלאָ נאַראָדאַ" אליין).

אזוי דענקען די עסערן. אָט איז, ענדלעך, די „פּאָזיציע"—אויב מע קאָן די פרואוון צו זיצן צווישן צוויי שטולן אָנרופן פּאָזיציע — פון די „נאָוואָזשיזנענער" „פערטל-באָלשעוויקעס", גענומען פון רעדאקציאָנעלן לייט-ארטיקל פון „נאָוואַיאַ זשיזן" פון 23 סעפּטעמבער:

„...אויב די קאָאַליציע מיט קאָנאָוואַלאָוון און קישקינען וועט ווידער צוזאַמענגעשטעלט ווערן, וועט דאָס בלויז באַטייטן א נייע קאַפּיטולאַציע פון דער דעמאָקראטיע, וואס שאַפט אָפּ די רעזאָלוציע פון דער באַראַטונג וועגן א פאַראנטוואָרטלעכער מאכט אף דער פּלאַטפאָרם פון 14 אווגוסט...

...אַן איינארטיק מיניסטעריום פון מענשעוויקעס און עסערן וועט פּונקט אַזוי ווייניק קאָנען פילן זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווי ווייניק עס האבן זי געפילט די מיניסטאָרן-סאָציאַליסטן אינם קאָאַליציע-קאַבינעט... אַזאַ רעגירונג איז ניט נאָר, וואס זי וואָלט ניט געקאָנט באהעפטן ארום זיך די „לעבעדיקע קויכעס" פון דער רעוואָלוציע, נאָר זי וואָלט ניט געקאנט אויסרעכענען אף וויפל עס איז טעטיקער שטיצע מיצאַד דעם אוואַנגארד—דעם פּראָלעטאריאַט.

דאך, ניט קיין בעסערער, נאר נאָך אַן ערגערער אויסגאנג פון דער לאַגע, אייגנטלעך ניט קיין אויסגאַנג, נאָר פּאָשעט א דורכפאל, וואָלט געווען די אויסבילדונג פון א נייעם טיפ איינארטיקן קאבינעט, א רעגירונג פונם „פּראָלעטאריאַט און אָרימסטן פויערטום". אזא לאָזונג שטעלט, עמעס, קיינער ניט ארויס, אכוץ אין צופעליקע, אומדרייסטע, סיסטעמאטיש דערנאָך „דערקלערטע" באמערקונגען פון „ראַבאָטשי פּוט" (אָט דעם שרייענדיקן שעקער שרייבן „דרייסט" פאראנטוואָרטלעכע פּובליציסטן, וואס האָבן פארגעסן אפילע דעם לייט-ארטיקל פון „דיעלאָ נאַראָדא" פון 21 סעפּטעמבער).

פאָרמעל האָבן די באלשעוויקעס איצט צוריק אויפגעלעבט דעם לאָזונג—די גאַנצע מאַכט די ראטן. ער איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, ווען די ראַטן, אין דער פּערזאָן פונם צ. א. ק., האבן זיך נאך די יולי-טעג באַשטימט געשטעלט אפן וועג פון אַקטיווער אנטי-באלשעוויסטישער פּאליטיק. איצט אָבער קאן מען ניט נאָר רעכענען פאר אויסגעגליכן „די

ליניע פונם ראַט״, נאָר עס זיינען פאראן אַלע גרונטן אויסצורעכענען, אז דער פראָיעקטירטער ראטן-צוזאמענפאָר וועט געבן א באָלשעוויס-טישע מערהייט. בא אַזוינע באַדינגונגען איז דער לאָזונג: „די גאַנצע מאַכט די ראטן״, וועלכן די באָלשעוויקעס האבן צוריק אויפגעלעבט, איז עס אַ „טאַקטישע ליניע״, וואָס איז געווענדעט גראָד צו דער דיק-טאטור פון פראלעטאַריאט און פונם „אָרימסטן פויערטום״. עמעס, אונטער די ראטן פאַרשטייט מען אויך די ראַטן פון פויערשע דעפּוטאטן, און אַזוי ארום האָט דער באלשעוויסטישער לאזונג בעדייע א מאַכט, וואס שפּארט זיך אָן אַפן איבערוועגנדיקן טייל פון דער גאַנצער דעמאקראטיע פון רוסלאַנד. אָבער אין דעם פאל פארלירט דער לאָזונג: „די גאַנצע מאכט די ראַטן״ זיין זעלבשטענדיקע באדייטונג, ווייל ער מאכט די ראטן קימאט פאַר איינדייטיקע, לויט זייער באשטאַנד, מיט דעם „פאָר-פּארלאַמענט״, וועלכן די באַראַטונג בילדעט אויס... (די באהויפּטונג פון „נאָוואיאַ זשיזן״ איז אן אומפאַרשעמטסטער ליגן, וואס איז געגליכן צו א דערקלערונג, אַז פאלסיפיצירן און נאָכמאכן דעמאקראטיזם איז „קימאט איינדייטיק״ מיט דעמאָקראטיזם: דער פאָרפּארלאמענט איז א פאלסי-פיצירונג, וואס גיט אַרויס דעם ווילן פון דער מינדערהייט פון פאלק, באַזונדערס, פון קוסקאווא, בערקענהיים, פון די טשאַיקאווסקיס און קאָמפּ. פאַרן ווילן פון דער מערהייט. דאס איז ערשטנס. צווייטנס, איז אַפילע די נאכגעמאכטע דורך די אווקסענטיעווס און טשאיקאווסקיס פּויערשע ראַטן האָבן געגעבן אף דער באראַטונג אַזא הויכן פּראָצענט קעגנער פון דער קאָאליציע, אז צוזאַמען מיט די ראטן פון ארבעטערשע און סאלדאַטישע דעפּוטאטן וואלט זיך באַקומען אן אומבאַדינגטער דורכפאל פון דער קאָאליציע. און דריטנס, איז „די מאַכט—די ראטן״ באטייט, אַז די מאַכט פון די פּויערשע ראַטן וואלט זיך פאַרשפּרייט הויפּטזאכלעך אַפן דאָרף, און אין די דערפער איז די אויבערהאַנט פון די אָרימסטע פּויערים באַוואָרנט...). אויב אָבער דאס איז איינס און דאָסזעלביקע, דאַרף מען דעם באָלשעוויסטישן לאזונג טייקעף אראָפּנעמען פון טאָג-סיידער. אויב אָבער „די מאכט—די ראטן״ פארדעקט נאר די דיקטאטור פונם פּראלעטאריאט, באטייט טאקע אזא מאכט א דורכפאל און א קאטאַסטראָפע פאר דער רעוואלוציע.

דארף מען דען דערווייזן, אַז דער פּראָלעטאַריאט, איזאָלירט ניט נאָר פון די איבעריקע קלאסן פון לאנד, נאר אויך פון די ווירקלעכע לעבעדיקע קויכעס פון דער דעמאָקראטיע, וועט ניט קאנען ניט טעכניש באהערשן דעם מלוכע-אַפּאַראט, ברענגען אים אין באוועגונג אין אן אויסשליסלעך קאמפּליצירטער סיטואציע, ניט ער וועט פּאָליטיש פעאיק זיין זיך אנטקעגנצושטעלן קעגן דעם גאַנצן אָנגריף פון פיינטלעכע קויכעס, וועלכער וועט אראָפּשמייסן ניט נאר די דיקטאטור פונם פּרא-לעטאריאט, נאָר אלס צוגאָב אויך די גאַנצע רעוואָלוציע?

די איינציקע מאכט, וועלכע איז צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פונם מאָמענט, איז איצט אווירקלעך ערלעכע קאָאַליציע אינעווייניק אין דער דעמאָקראַטיע..."

* * *

מיר אַנטשולדיקן זיך פאַר די לייענער פאַר די לאַנגע ציטאַטן. זיי זײַנען אָבער געווען אומבאַדינגט נויטיק. עס איז נויטיק געווען פּינקטלעך פאַר־צושטעלן די פּאָזיציע פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען, וואָס זיינען פּיינטלעך צו די באָלשעוויקעס. עס איז נויטיק געווען פּינקטלעך צו דערווייזן דעם העכסט וויכטיקן אומשטאַנד, אַז אַ ל ע די פּאַרטייען האָבן אַנערקענט די פראַגע וועגן דעם, אַז די באָלשעוויקעס אליין זאָלן נעמען די מלוכע-מאַכט אין איר גאַנ־צער פולקייט, אַז דידאָזיקע פראַגע האָבן זיי אַנערקענט ניט נאָר פאַר אַ גאַנץ רעאַלער, נאָר אויך פאַר אַן אַקטועלער, פאַר אַ טאָג־פראַגע.

לאָמיר איצט אריבערגיין צום פּאַנאַנדערקלייבן די ארגומענטן, וואָס צו־ליב זיי זיינען „אַלע", פון די קאַדעטן ביז די „נאָוואָזשיזנענצעס", איבערצייגט, אַז די באָלשעוויקעס וועלן די מאַכט ניט איינהאַלטן.

די סאָלידע „רעטש" ברענגט לאַכלוטן קיין שום אַרגומענטן ניט. זי באַ־גיסט בלויז די באָלשעוויקעס מיט שטראָמען פון אָפּגעקליבענער און בייזער זידלעריי. די ציטאַטע, וועלכע מיר האבן געבראַכט, באַווייזט, אַגעוו, ווי טיף ניט ריכטיק עס וואָלט געווען צו מיינען, אז אָט קלוימערשט די „רעטש" פּראָ־וואָצירט די באָלשעוויקעס, אז זיי זאָלן נעמען די מאַכט, און דעריבער איז: „היט אייך, קלוימערשט, כאַוויירים, ווייל דאָס, וואָס דער סוינע אייצעט, דאָס איז אוואַדע שלעכט!" אויב אָנשטאָט זאַכלעך צו באַרעכענען די האַשאָרעס פון אַן אַלגעמיינעם און קאָנקרעטן כאַראַקטער, וועלן מיר זיך לאָזן „איבער־צייגן" דערמיט, וואָס די בורזשואזיע „פּראָוואָצירט" אונז אַף צו נעמען די מאַכט, וועלן מיר זיך ארויסווייזן פאַר אָפּגענאַרט דורך דער בורזשואזיע, ווייל זי וועט געוויס שטענדיק זאָגן בייזע נעוויעס אף מיליאָנען צאָרעס פון דעם, וואָס די באָלשעוויקעס וועלן נעמען די מאַכט. זי וועט שטענדיק בייז שרייען: „בעסער פון אַלץ איז מיטאַמאָל און „אַף לאַנגע יאָרן" פּאָטער ווערן פון די באָלשעוויקעס, אויב מע זאָל זיי צולאָזן צו דער מאַכט און דערנאָך איינגאַנצן צעקלאַפּן". אזוינע געשרייען איז אויך אַ „פּראָוואָקאַציע", אויב איר ווילט, נאָר פון דער אַנדערער זייט. די קאַדעטן און בורזשואַ „ראַטן" אונז קלאָר ניט און האָבן אונז קיינמאָל ניט „געראַטן" נעמען די מאַכט, זיי פּרואוון זיך נאָר „פאַרשרעקן" אונז מיט די קלוימערשט אומדערלייזבאַרע אויפגאַבן פון דער מאַכט.

ניין. מיר דאַרפן זיך ניט לאָזן פאַרשרעקן דורך די געשרייען פון די דערשראָקענע בורזשואַ. מיר דאַרפן פעסט געדענקען, אז קיין „אומדערלייזבאַ־רע" געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן האָבן מיר פאַר זיך קיינמאָל ניט געשטעלט, און די פ ו ל ק ו ם דערלייזבאַרע אויפגאַבן פון באַלדיקע טריט צום סאָציאַ־ליזם, אַלס איינציקן אויסוועג פון דער זייער שווערער לאַגע, וועט ל ײ ז ן

נ אָ ך די דיקטאטור פונם פּראָלעטאַריאַט און פונם אָרימסטן פּויערטום. אַ ני־צאָכן, און א פעסטער ניצאָכן, איז איצט מער, ווי ווען ניט איז אַן אנדער מאָל, ווי וואו ניט איז אין אַן אַנדער אָרט, פאַרזיכערט פארן פּראָלעטאריאט אין רוסלאנד, אויב ער וועט נעמען די מאַכט.

לאָמיר אַף א ריין זאכלעכן אופן באטראַכטן די ק אָ נ ק ר ע ט ע אום־שטענדן, וועלכע מאַכן אומגינסטיק דעם אָדער יענעם באַזונדערן מאָמענט, אָבער לאָמיר זיך ניט לאָזן אַף קיין איין מינוט פאַרשרעקן דורך די ווילדע געשרייען פון דער בורזשואזיע, און לאָמיר ניט פאַרגעסן, אז די פראַגע וועגן דעם, אז די באָלשעוויקעס זאָלן נעמען די גאנצע מאַכט, ווערט בעעמעס אַ ט אָ ג - פ ר אַ ג ע. אָן אַן ערעך אַ גרעסערע סאַקאָנע דראָט איצט אונזער פּאַר־טיי אין דעם פאַל, אויב מיר זאָלן דאָס פארגעסן, איידער אין דעם פאַל, אויב מיר וועלן אַנערקענען דאָס נעמען די מאַכט פאַר „פּריצייטיק". קיין „פּריציי־טיקעס" קאָן איצט אין דער הינזיכט נ י ט זיין: פאַר דעם ריידן פון אַ מיליאָן שאַנסן אַלע, אַכוץ עפשער איינעם-צוויי.

וואָס שאַיעך דער בייזער זידלעריי פון „רעטש" קאָן מען און מע דאַרף איבערכאַזערן:

מיר הערן, אז מיר האָבן רעכט —
ניט אין די זיסע לויבגעזאַנגען.
נאָר אין די ווילדע צאָרנקלאַנגען.

דאָס, וואָס די בורזשואַזיע האַסט אונז אזוי ווילד, דאָס איז איינע פון די אָנזעעוודיקסטע דערקלערונגען פון דעם עמעס, אַז מיר ווייזן ר י כ ט י ק אָן דעם פאָלק די וועגן און מיטלען אַף צו שטירצן די הערשאפט פון דער בורזשואזיע.

* * *

„דיעלאָ נאַראָדאַ" האָט דאָס מאָל, אלס זעלטענעם אויסנאַם, ניט באַווי־ליקט צו באַערן אונז מיט איר זידלעריי, זי האָט אָבער ניט געבראַכט אויך אפילע קיין שאָטן פון דערוויינן. זי פּרואווט זיך בלויז אין אַן אומדירעקטער פאָרם, אנווינקענדיק, פ אַ ר ש ר ע ק ן אונז דורך דער פּערספּעקטיוו, אז „די באָלשעוויקעס וועלן מעכויעוו זיין צו פאָרמירן אַ קאַבינעט". איך דערלאָז פולקום, אז, שרעקנדיק אונז, זיינען די עסערן אַליין אַפּן אויפריכטיקסטן אויפן אָנגעשראָקן, אַף טויט אָנגעשראָקן דורכן געשפענסט פונם אָנגעשראָקענעם לי־בעראַל. איך דערלאָז אויך, אז אין אַ וועלכע ניט איז באַזונדערס הויכע און באַזונדערס פוילע אינסטיטוציעס, ווי, לעמאָשל, דער „צ. א. ק. און ענלעכע „קאָנטאַקטנע" (ד. ה. אזוינע, וואָס קומען אין באַרירונג מיט די קאַדעטן, וואָס זיינען, פּראָסט גערעדט, קוצעניו־מוצעניו מיט די קאַדעטן) קאָמיסיעס, גיט זיך די עסערן איין צו פארשרעקן וועמען ס'איז פון די באָלשעוויקעס, ווייל, ערשטנס, איז די אַטמאָספער אין די אַלע צ. א. ק., אינם „פּאָרפּאַרלאַמענט" א. אז. וו. די עקלדיקסטע, אַ פארדומפּענע ביז ניט־גוטקייט, לאַנג אָטעמען מיט איר איז פאַר י ע ד ן מענטשן שעדלעך, און, צווייטנס, איז אויפריכטיקייט אַן אָנשטעקנדיקע זאַך, און אַן אויפריכטיק אָנגעשראָקענער פּיליסטער איז פּע־

איך אַפילע אַן איינצלנעם רעוואָלוציאָנער צו פאַרוואַנדלען אַף אַ צייט אין אַ פּיליסטער.

אָבער ווי פאַרשטענדלעך, „לויט מענטשלעכקייט" גערעדט, עס זאָל ניט זיין דידאַזיקע אויפריכטיקע אָנגעשראָקנקייט פונם עסער, וואָס האָט געהאַט דעם אומגליק צו זיין אַ מיניסטער מיט די קאַדעטן אָדער זיין אין אַ מיניס-טעריאַבעלער לאַגע פאַר די קאַדעטן, אָבער לאָזן זיך פאַרשרעקן הייסט באַ-גיין אַ פּאָליטישן פעלער, וואָס, ווי ס'קאָן זיך זייער לייכט ארויסווייזן, קאָן גרעניצן מיט אַ פאַראַט דעם פּראָלעטאַריאַט. אייערע זאַכלעכע מאָטיוון, מיינע הערן! האָפט ניט, אז מיר וועלן זיך לאָזן אָנשרעקן פון אייער אָנגעשראָקנקייט.

* * *

זאַכלעכע אַרגומענטן געפינען מיר דאָס מאָל נאָר אין „נאָוואַיאַ זשיזן". זי טרעט דאָס מאָל ארויס אין דער מער צו איר צוגעפּאַסטער ראָלע פון אַן אַדוואָקאַט פון דער בורזשואזיע, איידער אין דער ראָלע פון אַ פּאַרטיידיקע-רין פון די באָלשעוויקעס, וואָס „שאָקירט" בעפיירעש דידאָזיקע אין אַלע הינ-זיכטן אָנגענעמע דאַמע.

דער אַדוואָקאַט האָט אַרויסגערוקט זעקס אַרגומענטן:

1) דער פּראָלעטאַריאַט איז „איזאָלירט פון די איבעריקע קלאַסן פון לאַנד";

2) ער איז „איזאָלירט פון דיווירקלעכע לעבעדיקע קויכעס פון דער דעמאָקראַטיע";

3) ער „וועט ניט קאָנען טעכניש באַהערשן דעם מלוכע-אַפּאַראַט";

4) ער „וועט ניט קאָנען ברענגען אין באַוועגונג דעמדאָזיקן אַפּאַראַט";

5) „די סיטואַציע איז אַן אויסשליסלעך קאָמפּליצירטע";

6) „ער וועט ניט פעאיק זיין זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם גאַנצן אָנגריף פון די פיינטלעכע קויכעס, וועלכער וועט אַראָפּשמייסן ניט נאָר די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַלס צוגאָב אויך די גאַנצע רעוואָלוציע".

דעם ערשטן אַרגומענט גיט איבער די „נאָוואַיאַ זשיזן" אומגעלומפּערט ביז צו לעכערלעכקייט, ווייל קלאַסן קענען מיר אין דער קאַפּיטאַליסטישער און האַלב-קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט בלויז דריי: די בורזשואַזיע, די קליין-בורזשואזיע (דאָס פויערטום, אַלס איר הויפּט-פאָרשטייער) און דעם פּראָלע-טאַריאַט. איז וואָס פאַר א זינען האָט צו ריידן וועגן דער איזאָלירטקייט פונם פּראָלעטאַריאַט פון די איבעריקע קלאַסן, ווען עס רעדט זיך וועגן דעם קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואזיע? וועגן אַ רעוואָלוציע קעגן דער בורזשואזיע?

מיסטאָמע האָט די „נאָוואַיאַ זשיזן" געוואָלט זאָגן, אז דער פּראָלעטאַ-ריאַט איז איזאָלירט פונם פויערטום, ווייל, בעעמעס, ניט וועגן די פּריצים האָט דאָך דאָ געקאָנט זיין די רייד. אָבער געניוי, קלאָר זאָגן, אז דער פּראָלעטאַ-ריאַט איז איצט איזאָלירט פונם פויערטום, האָט מען ניט געקאָנט, ווייל די שרייענדיקע ניט-ריכטיקייט פון אזא באַהויפּטונג שלאָגט אין די אויגן.

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אז אין אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד זאָל דער פּראָלעטאַריאַט זיין אזוי ווייניק איזאָלירט פון דער קליין-בורזשואַזיע— און באַמערקט: אין דער רעוואָלוציע קעגן דער בורזשואַזיע, — ווי איצט דער פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד. פון אָביעקטיווע און אומבאַשטרייט-באַרע אנגאַבן האָבן מיר די נייעסטע אנגאַבן וועגן דער אָפּשטימונג פאַר און קעגן דער קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע לויט די „קוריעס" פון צערעטעליס „בוליגינשער דומע", ד. ה. פון דער באַרימטער „דעמאָקראַטישער" באַראַטונג. לאָמיר נעמען די קוריעס פון די ראַטן. באַקומען מיר:

| | פאַר אַ קאָאַליציע | קעגן |
|---|---|---|
| די ראַטן פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן | 83 | 192 |
| די ראַטן פון פּויערשע דעפּוטאַטן — — — — — | 102 | 70 |
| אַלע ראַטן — | 185 | 262 |

אַלזאָ, די מערהייט, אינגאַנצן גענומען, איז אַף דער זייט פונם פּראָלעטאַרישן לאָזונג: קעגן אַ קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע. און מיר האָבן אויבן געזען, אַז אַפילו די קאַדעטן זיינען געצוואונגען צו אָנערקענען די פאַרשטאַרקונג פון דער ווירקונג פון די באָלשעוויקעס אין די ראַטן. און דאָ האָבן מיר דאָך אַ באַראַטונג, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן דורך די פירער פונם נעכטיקן טאָג אין די ראַטן, דורך די עסערן און מענשעוויקעס, וועלכע האָבן אַ געזיכערטע מערהייט אין די צענטראַלע אַנשטאַלטן! קלאָר, אַז די ווירקלעכע איבערהאַנט פון די באָלשעוויקעס אין די ראַטן איז דאָ פאַרקלענערט.

סאַי איבער דער פראַגע וועגן אַ קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע, סאַי איבער דער פראַגע וועגן באַלדיקן איבערגעבן די פּריצישע ערד די פּויערשע קאָמיטעטן האָבן שוין איצט די באָלשעוויקעס אַ מערהייט אין די ראַטן פון אַרבעטערשע, סאָלדאַטישע און פּויערשע דעפּוטאַטן, די מערהייט פון פאָלק, די מערהייט פון דער קליין-בורזשואַזיע. „ראַבאָטשי פּוט" נומער 19 פון 24 סעפּטעמבער ברענגט פונם 25-טן נומער פונם עסערישן אָרגאַן „זנאַמיאַ טרודאַ" יעדיעס וועגן דער באַראַטונג פון די אָרטיקע ראַטן פון פּויערשע דעפּוטאַטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּיטער דעם 18 סעפּטעמבער. אַף דער דאָזיקער באַראַטונג האָבן זיך פאַר אַן אומבאַגרעניצטער קאָאַליציע אַרויסגעזאָגט די אויספיר-קאָמיטעטן פון 4 פּויערשע ראַטן (פון קאָסטראָמער, מאָסקווער, סאַמאַרער און טאַווערישער גובערניעס). פאַר אַ קאָאַליציע אָן די קאַדעטן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט די אויספיר-קאָמיטעטן פון דריי גובערניעס און פון צוויי אַרמייען (וולאַדימירער, ריאַזאַנער און טשערנאָמאָרער גוב.). קעגן אַ קאָאַליציע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט די אויספיר-קאָמיטעטן פון דריי און צוואַנציק גובערניעס און פון פיר אַרמייען.

אַלזאָ די מערהייט פּויערים איז קעגן אַ קאָאַליציע!

אָט האָט איר אייך די „איזאָלירטקייט פונם פּראָלעטאַריאַט".

אגבֿ, דאַרף מען פאַרצייכענען, אַז פאַר א קאָאַליציע האָבן זיך ארויסגעזאָגט דריי ראַנד-גובערניעס, די סאַמאַרער, טאַווערישע און טשערנאָמאָרער,

וואו עס איז פּאַרהעלטניסמעסיק פאראן זייער אַסאַך רייכע פּויערים, גרויסע ערדבאַזיצערס, וואָס אַרבעטן מיט געדונגענע ארבעטער, ווי אויך פיר אינ־דוסטריעלע גובערניעס (ולאַדימירער, ריאַזאנער, קאסטראָמער און מאָסקווער), וואו די פּויערשע בורזשואזיע איז אויך שטאַרקער איידער אינם ראָוו גובערניעס פון רוסלאנד. עס וואלט אינטערעסאנט געווען צוזאמענצוקלייבן גענויערע יע־דיעס איבער דערדאָזיקער פראגע און באטראכטן, צי איז ניטא קיין יעדיעס גראַד וועגן די אָ ר י מ ס ט ע פּויערים אין די גובערניעס מיט א מער „ר י י ן" פּויערטום.

ווייטער איז אינטערעסאנט, אַז די „נאַציאָנאַלע גרופּן" האָבן געגעבן זייער אַ באדייטנדיקע אויבערהאנט די קעגנער פון א קאָאַליציע, דעהאַינע: 40 שטימען קעגן 15. די אנעקסיאָניסטישע, גראָב גוואלטערישע פּאָליטיק פונם באנאפּארטיסט קערענסקי און קאמפּ. בענויגייע די ניט פולבארעכטיקטע נאציעס פון רוסלאנד האָט געבראכט אירע פּרוכט. די ברייטע מאסע פון דער באפעלקע־רונג פון די אונטערדריקטע נאציעס, ד. ה. די מאסע פון דער קליין-בורזשואזיע צווישן זיי, געטרויט דעם פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד מער, איידער דער בור־זשואַזיע, ווייל אין טאָג-סיידער האָט די געשיכטע דאָ אַוועקגעשטעלט דעם קאַמף פון די אונטערדריקטע נאציעס קעגן די אונטערדריקנדיקע פאר דער באפרייאונג. די בורזשואזיע האָט אף א געמיינעם אויפן פאראטן די באַפריי־אונגס-זאַך פון די אונטערדריקטע נאַציעס, דער פּראָלעטאַריאַט איז טריי דער פרייהייט־זאַך.

די נאַציאָנאַלע און די אגרארע פראגן, דאָס זיינען די איקערדיקע טאָג־פראַגן פאַר די קליינבירגערלעכע מאַסן פון דער באפעלקערונג פון רוסלאנד אין איצטיקער צייט. דאָס איז ניט צו באַשטרייטן. און איבער ביידע פראגן איז דער פּראָלעטאַריאַט אַף אַ זעלטענעם אויפן „נ י ט איזאָלירט". ער האָט הינטער זיך די מערהייט פון פאָלק. נאָר ער אַ ל י י ן איז פעאיק צו פירן אזאַ אַנטשלאָסענע, ווירקלעך „רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראטישע" פּאָליטיק איבער די ביידע פראגן, אַ פּאָליטיק, וואָס וואָלט גלייך באַווּאָרנט דער פּראָלעטארישער מלוכע-מאכט ניט נאָר די אונטערשטיצונג מיצאַד דער מערהייט פון דער באַ־פעלקערונג, נאָר אויך אן עכטן אויפרייס פון רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם אין די מאַסן, ווייל די מאַסן וואָלטן צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיצאַד דער רע־גירונג ניט קיין אומראַכמאָנעסדיקע אונטערדריקונג פון פּויערים דורך פּריצים, פון אוקראינע דורך גרויס־רוסן, ווי באַם צאריזם, ניט א מיט פּרעכטיקע פראזן צוגעדעקטע שטרעבונג ווייטער צו פירן דיזעלביקע פּאליטיק באַ דער רעפּובּ־ליק, ניט קיין צוטשעפּענישן, באַליידיקונגען, אינטריגעס, אפּשלעפּענישן, אונ־טערפיסלעך, אויסדרייעניישן (אַלץ, מיט וואָס עס באַלוינט די פּויערים און די אונטערדריקטע נאַציעס קערענסקי), נאָר אַ הייס מיטגעפיל, וואָס ווערט דער־וויזן דורך פאקטן, באלדיקע און רעוואָלוציאָנערע מאָסמיטלען קעגן די פּרי־צים, די באלדיקע אויפשטעלונג פון פ ו ל ע ר פרייהייט פאַר פינלאנד, אוקראינע, ווייסרוסלאנד, פאר די מוסולמענער א. א. וו.

די הערן עסערן און מענשעוויקעס ווייסן עס אויסגעצייכנט און דערי־

בער שלעפּן זיי דורך די האַלב-קאַדעטישע איבערשיכטן פון די קאָאפּעראַטאָרן אַף צו העלפן זייער רעאקציאָנער-דעמאָקראַטישער פּאָליטיק קעגן די מאַסן. דעריבער וועלן זיי זיך קיינמאָל ניט באַשליסן אויסצופרעגן די מאַסע, איינצואָרדענען אַ רעפערענדום, אָדער, לעכאָלהאַפּאָכעס, אָן אָפּשטימונג איבער אַלע אָרטיקע ראַטן, איבער אַלע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס מיקויעך באַשטימטע פּונקטן פון דער פּראַקטישער פּאָליטיק, לעמאָשל, צי דאַרף מען טייקעף איבערגעבן די גאַנצע פּריצישע ערד די פּויערשע קאָמיטעטן, צי דאַרף מען אויספילן די און די פאָדערונגען פון די פינלענדער אָדער אוקראַינער א. א. וו.

און די פּראַגע וועגן שאָלעם, דידאָזיקע קאַרדינאַלע פּראַגע פונם גאַנצן איצטיקן לעבן. דער פּראָלעטאַריאַט „איז איזאָלירט פון די איבעריקע קלאַסן“... דער פּראָלעטאַריאַט טרעט דאָ בעעמעס אַרויס אלס פאָרשטייער פון דער גאַנצער נאַציע, פון אַלץ, וואָס איז לעבעדיק און ערלעך אין אַלע קלאַסן, פון דער ריזיקער מערהייט פון דער קליין-בורזשואַזיע, ווייל נאָר דער פּראָלעטאַריאַט וועט, דערגרייכנדיק צו דער מאַכט, מיטאַמאָל פאָרלייגן אַ גערעכטיקן שאָלעם אַלע מילכאָמע-האַלטנדיקע פעלקער, נאָר דער פּראָלעטאַריאַט וועט גיין אַף ווירקלעך רעוואָלוציאָנערע מאָסמיטלען (פּאַרעפנטלעכן די געהיימע אָפּמאַכן א. ד. גל.), קעדיי צו דערגרייכן ווי ווייט מעגלעך גיכער אַ ווי ווייט מעגלעך גערעכטיקערן שאָלעם.

ניין, די הערן פון „נאָוואַיאַ זשיזן“, וואָס שרייבן וועגן דער איזאָלירטקייט פונם פּראָלעטאַריאַט, דריקן דערמיט אויס בלויז זייער סוביעקטיווע אָנגעשראָקנקייט דורך דער בורזשואַזיע. די אָביעקטיווע זאַכלאַגע אין רוסלאַנד איז בליסאָפּעק אַזאַ, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז גראָד איצט ניט „איזאָלירט“ פון דער מערהייט קליין-בורזשואַזיע. גראָד איצט, נאָך דער טרויעריקער דערפאַרונג פון דער „קאָאַליציע“, האָט דער פּראָלעטאַריאַט אַף זיין זייט דאָס מיטגעפיל פון דער מערהייט פון פאָלק. דידאָזיקע באַדינגונג פאַר איינהאַלטן די מאַכט דורך די באָלשעוויקעס איז פאַראַן.

* *
*

דער צווייטער אַרגומענט באַשטייט דערין, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז קלוימערשט „איזאָלירט פון די ווירקלעכע לעבעדיקע קויכעס פון דער דעמאָקראַטיע“. וואָס דאָס באַטייט, איז אומעגלעך צו פאַרשטיין. דאָס איז מיסטאָמע „אַף גריכיש“, ווי עס זאָגן אין אַזעלכע פאַלן די פּראַנצויזן.

די שרייבער פון „נאָוואַיאַ זשיזן“ זיינען אַ מיניסטעריאַבל פאָלק. זיי וואָלטן פולקום געטויגט פאַר מיניסטאָרן באַ די קאַדעטן. ווייל פון אַזעלכע מיניסטאָרן פאָדערט זיך טאַקע צו קענען ריידן אָנשטענדיק אויסזעענדיקע און פיין-צוגעקעמטע פּראַזן, אין וועלכע עס איז ניטאָ אַבסאָלוט קיין שום זין, מיט וועלכע מע קאָן צודעקן יעדע נעוואָלע און פאַר וועלכע עס איז דעריבער באַוואָרנט די בראַוואָפּאַטשעריי פון די אימפּעריאַליסטן און סאָציאַל-אימפּעריאַליסטן. די בראַוואָפּאַטשעריי פון די קאַדעטן, פון ברעשקאָווסקע, פּלעכאַנאָוו און קאָמפּ. איז באַוואָרנט פאַר די שרייבער פון „נאָוואַיאַ זשיזן“ פאַר זייער באַהויפּטונג, אַז דער

פראָלעטאַריאַט איז איזאָלירט פון דיווירקלעכע לעבעדיקע קויכעס פון דער דעמאָקראַטיע, ווייל אין אַן אומדירעקטער פאָרם ווערט דאָ געזאָגט — אָדער די באַהויפּטונג וועט פארשטאַנען ווערן אזוי, ווי מיט איר וואָלט געזאָגט געוואָרן, — אז די קאַדעטן, ברעשקאָווסקע, פּלעכאַנאָוו, קערענסקי און קאַמפּ. זיינען עס די „לעבעדיקע קויכעס פון דער דעמאָקראַטיע".

דאָס איז ניט ריכטיק. דאָס זיינען טויטע קויכעס. דאָס האָט דערוויזן די געשיכטע פון דער קאָאַליציע.

אָנגעשראָקן דורך דער בורזשואַזיע און דורך דער בורזשואַז־אינטעליגענטישער אומגעבונג, אנערקענען די שרייבער פון „נאָוואיא זשיזן" פאַר „לעבעדיק" דעם רעכטן פליגל פון די עסערן און מענשעוויקעס, וואָס אונטערשיידט זיך ניט אין קיין וויכטיקער זאַך פון די קאַדעטן, אַשטייגער, ווי „וואָליאַ נאַראָדאַ", „יעדינסטוואָ" א. ד. גל. מיר ווידער האַלטן פאַר לעבעדיק נאָר דאָס, וואָס עס איז צוזאַמענגעבונדן מיט די מאַסן, און ניט מיט די באַלעגופים, נאָר דאָס, וואָס די לערע פון דער קאָאַליציע האָט אפּגעשטויסן פון איר. די „אַקטיווע לעבעדיקע קויכעס" פון דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע זיינען פאָרגעשטעלט דורכן לינקן פליגל פון די עסערן און מענשעוויקעס. די פאַרשטאַרקונג פון דעמדאָזיקן לינקן פליגל, באַזונדערס נאָך דער יולי'ער קאָנטער-רעוואָלוציע, איז איינער פון די זיכערסטע אָביעקטיווע סימאָנים פאר דעם, אז דער פראָלעטאַריאַט איז ניט איזאָלירט.

נאָך אָנזעעוודיקער באַווייזן עס אין דער סאַמער לעצטער צייט די וואַקלונגען אַף לינקס פון די עסערישע צענטריסטן, וואָס ווערן באַוויזן דורך דער דערקלערונג פון טשערנאָוון דעם 24־טן סעפּטיאַבער, אז זיין גרופּע קאָן ניט אונטערשטיצן די נייע קאָאַליציע מיט קישקין און קאַמפּ. דידאָזיקע וואַקלונגען אַף לינקס פונם עסערישן צענטער, וועלכער האָט ביז אַהער געגעבן די איבערוועגנדיקע מערהייט פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי עסערן, דער הויפּט-לעכער און הערשנדיקער פּארטיי לויט דער צאָל שטימען, וואָס זי האָט צונויפגעקליבן אין שטאָט און באַזונדערס אין דאָרף, דידאָזיקע וואַקלונגען דערוויזן, אז די אויבן-ציטירטע דערקלערונגען פון „דיעלאָ נאַראָדאַ" וועגן דעם, אז פאר דער דעמאָקראַטיע איז, באַ געוויסע באַדינגונגען, נויטיק צו „גאַראַנטירן די פולע אונטערשטיצונג" פאַר אַ ריין־באָלשעוויסטישער רעגירונג, דידאָזיקע דערקלערונגען זיינען אלנפאַלס ניט נאָר פראַזן.

אזוינע פאַקטן, — ווי דער אָפּזאָג פונם עסערישן צענטער פון צו שטיצן די נייע קאָאַליציע מיט קישקינען, אָדער דער איבערגעוויכט פון קעגנער פון דער קאָאַליציע צווישן די מענשעוויקעס-באַשיצלער פון דער פּראָווינץ (זשאָרדאַניאַ אַף קאַווקאַז א. א. וו.), זיינען אביעקטיווע באַווייזן, אז א באַשטימטער טייל פון די מאַסן, וואָס גייט ביז איצט נאָך די מענשעוויקעס און עסערן, וועט אונטערשטיצן אַ ריין-באָלשעוויסטישע רעגירונג.

גראָד פון די לעבעדיקע קויכעס פון דער דעמאָקראַטיע איז דער פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד איצט ניט איזאָלירט.

* *
*

דער דריטער ארגומענט: דער פּראָלעטאַריאַט „וועט ניט קאנען טעכניש באַהערשן דעם מלוכה־אפּאַראַט". דאָס איז עפשער דער געוויינלעכסטער, דער גאַנגבאַרסטער ארגומענט. ער פאַרדינט די גרעסטע אויפמערקזאמקייט סאַי צוליב דערדאָזיקער סיבה, סאַי צוליב דעם, וואָס ער ווייזט אן אף איינער פון די סאַמע ערנסטע, סאַמע שווערסטע אויפגאַבן, וועלכע שטייען פארן זיגרייכן פּראלעטאריאט. עס איז ניטאָ קיין ספק, אז דידאָזיקע אויפגאבן זיינען זייער שווער, אבער אויב, אָנרופנדיק זיך סאָציאליסטן, וועלן מיר אָנווייזן אף דערדאָזיקער שוועריקייט נאָר קעדיי אַוועקצומאַכן זיך פון אויספירן אזוינע אויפגאַבן, וועט דער אונטערשייד צווישן אונז און די דינער פון דער בורזשואַזיע אַף דער פראקטיק דערגיין צום נול. די שוועריקייט פון די אויפ־גאַבן פון דער פּראלעטארישער רעוואָלוציע דאַרף דערוועקן די אָנהענגער פונם פּראָלעטאַריאַט צו אַ מער אויפמערקזאַמער און קאָנקרעטער שטודירונג פון די מיטלען אף אויסצופירן דידאָזיקע אויפגאבן.

אונטערן מלוכה-אַפּאַראַט ווערט פריער פון אַלץ פאַרשטאנען די שטענ־דיקע אַרמיי, די פּאָליציי און די באַאַמטע. ריידנדיק וועגן דעם, אז דער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט קאָנען טעכניש באַהערשן דעמדאָזיקן אפּאַראַט, ווייזן די שרייבער פון „נאָוואַיאַ זשיזן" ארויס די עקסטרעמסטע אומוויסנהייט און אומווילן צו רעכענען זיך סאַי מיט די פאקטן פון לעבן, סאַי מיט די מאטיוון, וועלכע זיינען שוין לאנג אנגעוויזן אין דער באָלשעוויסטישער ליטעראַטור.

די שרייבער פון „נאָוואַיאַ זשיזן" האַלטן זיך אַלע אויב ניט פאַר מאַרקסיסטן, איז פאר מענטשן, וואָס זיינען באַקאַנט מיטן מאַרקסיזם, פאַר געבילדעטע סאָציאַליסטן. און מאַרקס האָט געלערנט, אַפּן גרונט פון דער דערפאַרונג פון דער פאַריזער קאָמונע, אַז דער פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט פּאָשעט באַ-הערשן די פאַרטיקע מלוכה-מאַשין און לאזן זי אין גאַנג צוליב זיינע צילן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף צעקלאַפּן דידאָזיקע מאַשין און פארבייטן זי אַף אַ נייער (גענויער וועגן דעם רייד איך אין דער בראָשור, וואָס איר ערשט העפט איז שון פארענדיקט און דערשיינט אינגיכן אונטערן נאָמען „מלוכה און רעוואָלוציע. די לערע פונם מאַרקסיזם וועגן דער מלוכה און די אויפ־גאַבן פונם פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע"). דידאָזיקע נייע מלוכה-מאַשין איז באַשאַפן געוואָרן דורך דער פאַריזער קאָמונע, און אַ „מלוכה-אַפּאַראַט" פון דעמזעלביקן טיפּ זיינען די רוסישע ראַטן פון אַרבעטערשע, סאָל-דאַטישע און פויערשע דעפּוטאַטן. אַף דעם אומשטאַנד האָב איך אָנגעוויזן אַסאַך מאָל, אָנהויבנדיק פון 4-טן אַפּריל 1917-טן יאָר, וועגן דעם רעדט זיך אין די רעזאלוציעס פון די באָלשעוויסטישע קאָנפערענצן, ווי אויך אין דער באָלשע-וויסטישער ליטעראַטור. די „נאָוואַיאַ זשיזן" וואָלט, פאַרשטייט זיך, געקאָנט דערקלערן, אַז זי איז אינגאַנצן ניט מסכים סאַי מיט מאַרקסן, סאַי מיט די באָלשעוויקעס, אָבער פאַרבייגיין די פראַגע אינגאַנצן — מיצאַד אַ צייטונג, וואָס זידלט אַזוי אָפט און אזוי גאַיוועדיק די באָלשעוויקעס פאַר זייער ניט

ערנסטער קלוימערשט באַציאונג צו שווערע פראגן, באַטייט עס אַרויסגעבן זיך אַן אָרימקייט-צייגעניש.

„באהערשן" דעם „מלוכע-אַפּאַראַט" און „לאָזן אים אין גאַנג" קאָן דער פּראָלעטאריאַט ניט. ער קאָן אָבער צעקלאַפּן אַלץ, וואס עס איז אונטער-דריקעריש, פארשימלט, ניט אויסצובעסערן בורזשואַזנ אינם אַלטן מלוכע-אַפּאַראַט, אַוועקשטעלנדיק אַף זיין אָרט אַן אייגענעם, נייעם אַפּאַראַט. דער-דאָזיקער אַפּאַראט זיינען עס די ראטן פון אַרבעטערשע, סאָלדאַטישע און פּויערשע דעפּוטאַטן.

מע קאָן ניט ניט אָנרופן פּאָשעט מעשונעדיק דאָס, וואָס די „נאָוואַיאַ זשיזן" האט וועגן דעמדאָזיקן „מלוכע-אַפּאַראַט" אינגאנצן פארגעסן. באַגייענ-דיק זיך אַזוי אין זייערע טעאָרעטישע באַטראַכטונגען, טוען די שרייבער פון „נאָוואיאַ זשיזן" אין טאָך גענומען אין געביט פון פּאָליטישער טעאָריע דאָס, וואס די קאַדעטן טוען אין דער פּאָליטישער פּראַקטיק. ווייל, אויב דער פּראָ-לעטאריאַט און די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע דאַרפן ניט אין דער-עמעסן קיין שום נייעם מלוכע-אַפּאַראַט, דעמאָלט פארלירן די ראַטן זייער (רעזאָן ד'עטר — דעם זין פון זייער עקזיסטענץ Raison d'être) און פארלירן דאס רעכט אַף עקזיסטענץ. דעמאָלט זיינען גערעכט די קאַדעטן-קאָרנילאָוויסטן אין זייערע שטרעבונגען צו מאכן די ראַטן צונישט.

אָט דער מעשונעדיקער טעאָרעטישער פעלער און פּאָליטישע בלינדקייט פון „נאָוואַיאַ זשיזן" איז נאָך מעשונעדיקער איבער דעם, וואס אַפילע די מענ-שעוויקעס-אינטערנאציאָנאַליסטן (מיט וועלכע די „נאָוואַיאַ זשיזן" איז געגאַנ-גען אין בלאָק באַ די לעצטע וואַלן אין דער שטאָט-דומע אין פּיטער) האבן ארויסגעוויזן אין דערדאָזיקער פראגע א געוויסע דערנעענטערונג צו די באָל-שעוויקעס. אזוי לייענען מיר אין דער דעקלאראציע פון דער סאָוועטישער מערהייט, וועלכע כ' מארטאָוו האט פארעפנטלעכט אַף דער דעמאָקראַטישער באַראַטונג:

„די ראטן פון דעפּוטאַטן — ארבעטערשע, סאָלדאטישע און פּויערשע, — וואס זיינען באשאפן געוואָרן אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע דורכן מעכטיקן דראַנג פון עכטער פאָלקס-שאַפונג, האבן אויסגעבילדעט דאס נייע געוועב פון רעוואָלוציאָנערער מלוכישקייט, וועלכע האט פארביטן דאס אָפּגענוצטע געוועב פון דער מלוכישקייט פונם אַלטן רעזשים"...

דאס איז געזאָגט געוואָרן אַביסל צו שיין, ד. ה. די אויסגעפּוצטקייט פון די פראזן דעקט דאָ צו דעם מאנגל אין קלאָרקייט פון פּאָליטישן געדאנק. די ראטן האבן נאָך ניט פארביטן דאס אלטע „געוועב", און דאסדאזיקע אל-טע „געוועב" איז ניט די מלוכישקייט פונם אלטן רעזשים, נאָר די מלוכיש-קייט אי פונם צאַריזם אי פון דער בורזשואזער רעפּובליק. אָבער אלנפאלס שטייט דא מארטאָוו אַף צוויי קעפּ העכער פון די שרייבער פון „נאָוואַיאַ זשיזן".

די ראטן — דאס איז א נייער מלוכישער אַפּאראט, וואס גיט, ערשטנס,

די באוואָפנטע קראפט די ארבעטער און פויערים, דערביי איז דידאָזיקע קראפט ניט אָפגעריסן פונם פאָלק, ווי עס איז אפגעריסן די קראפט פון דער אלטער שטענדיקער אַרמיי, נאָר זי איז אפן ענגסטן אויפן מיט אים צוזאמענגעבונדן; אין מיליטערישער הינזיכט איז דידאָזיקע קראפט אָן אַן ערעך מעכטיקער, ווי די פריערדיקע; אין רעוואלוציאָנערער הינזיכט קאָן זי ניט פארביטן ווערן דורך קיין שום אנדער זאך. צווייטנס, גיט דערדאָזיקער אַפּאראט אַ פארבינדונג מיט די מאסן, מיט דער מערהייט פון פאָלק, אַזאַ ענגע, אומצערייסבארע, א לייכטע צום קאָנטראָלירן און באנייען, אַז פון עטוואס ענלעכעס איז אינם פריערדיקן מלוכע-אַפּאַראַט אפילע קיין סימען ניטאַ. דריטנס, איז צוליב דער אויסגעוויילטקייט פון זיין באַשטאַנד און צוליב דער מעגלעכקייט צו בייטן זיין באשטאנד לויטן ווילן פון פאָלק, אָן ביוראָקראטישע פאָרמאליטעטן, איז דערדאזיקער אפאראט אַסאַך מער דעמאָקראטיש, ווי די פריערדיקע אפאראטן. פערטנס, גיט ער אַ פעסטע פארבינדונג מיט די פארשיידנסטע פראָפעסיעס, פארגרינגערנדיק דערמיט די פארשיידנסטע רעפאָרמען פון סאמע טיפסטן כאראקטער אָן דער ביוראָקראטיע. פינפטנס, גיט ער די אָרגאניזיר-פאָרם פונם אַוואַנגאַרד, ד. ה. פון באוואוסטזיניקסטן, ענערגישסטן, פאָרגעשריטנסטן טייל פון די אונטערדריקטע קלאסן, פון די ארבעטער און פויערים, זייענדיק אזוי ארום דער אפאראט, מיט דער הילף פון וועלכן דער אוואנגארד פון די אונטערדריקטע קלאסן קאָן אויפהויבן, דערציען, אויסלערנען און פירן נאָך זיך די גאנצע ריזיקע מאסע פון דידאזיקע קלאסן, וואס איז ביז אהער געשטאנען אינגאנצן אויסערן פאָליטישן לעבן, אויסער דער געשיכטע. זעקסטנס, גיט ער די מעגלעכקייט צו פאראייניקן די מאילעס פון פארלאמענטאריזם מיט די מאילעס פון אומיטלבארער און דירעקטער דעמאָקראטיע, ד. ה. פאראייניקן אין דער פערזאָן פון די אויסגעקליבענע פאָרשטייער פון פאָלק אי די געזעצגעבערישע פונקציע אי די אויספירונג פון די געזעצן. אין פארגלייך מיטן בורזשואזן פארלאמענטאריזם איז עס אַזאַ טריט פאָרויס אין דער אנטוויקלונג פון דער דעמאָקראַטיע, וואס האט אַן אַלוועלטלעך-היסטאָרישע באַדייטונג.

אונזערע ראַטן אין 1905-טן יאָר זיינען בלויז געווען, אזוי צו זאָגן, אַן עמבריאָן אין דער מוטערס טראַכט, ווייל עקזיסטירט האבן זיי אינגאנצן עטלעכע וואָכן. קלאָר, אַז באַ די דאמאָלסדיקע באדינגונגען האט אפילע קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן אַן אַלזייטיקער אַנטוויקלונג זייערער. אויך אין דער רעוואָלוציע פון 1917-טן יאָר קאָן נאָך וועגן דעם קיין רייד ניט זיין, ווייל אַ טערמין פון עטלעכע כאַדאָשים איז צו קליין, און דער איקער: די עסערישע און מענשעוויסטישע פירער האבן פראָסטיטואירט די ראטן, האבן זיי דערפירט צו אַ ראָלע פון ריידאַרניעס, צו א ראָלע פון אַ צוגאָב צו דער פשארעמאַכערישער פאָליטיק פון די פירער. די ראַטן האבן געפוילט און זיינען לעבעדיקערהייט צעפאלן געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון די ליבערס, דאַנס, צערעטעליס, טשערנאָווס. אנטוויקלען זיך אַפן געהעריקן אויפן, פאַנאַנדערוויקלען אין דער פולער מאָס זייערע מעגלעכקייטן און פעאיקייטן קאָנען די ראַטן בלויז נעמענדיק די גאנצע מלוכישע מאַכט, ווייל אַנדערש האָבן

זיי ניט וואס צו טאָן. אַנדערש זיינען זיי אָדער פּאָשעט עמבריאָנען (און צו לאנג זיין אַ עמבריאָן קאָן מען ניט), אדער שפּילצייג. די „דאפּלמאכט“ איז אַ פּאראליטש פון די ראַטן.

ווען די פאָלקס־שאַפונג פון די רעוואָלוציאָנערע קלאסן וואלט ניט באַשאפן די ראַטן, וואָלט די פּראָלעטארישע רעוואלוציע אין רוסלאנד געווען אַ האָפענונגסלאָזע זאַך, ווייל מיטן אַלטן אַפּאַראַט וואָלט דער פּראָלעטאַריאַט אָן סאָפעק ניט געקאָנט איינהאלטן די מאַכט, און אַ נייעם אַפּאַראט באשאפן מיטאַמאָל קאָן מען ניט. די טרויעריקע געשיכטע פונם צערעטעליש־טשערנאָווישן פּראָסטיטואירן די ראַטן, די געשיכטע פון דער „קאָאַליציע“ איז צוזאַמען דערמיט אויך די געשיכטע פון דער באפרייאונג פון די ראטן פון די קליינבירגערלעכע אילוזיעס, פון זייער דורכגאנג דורכן „ריינינקונגס־פייער“ פון פּראַקטישן שטודירן דורך זיי די גאנצע עקלדיקייט און שמוץ פון אַלע און אַלערליי בורזשואזע קאָאליציעס. לאָמיר האָפן, אַז דערדאָזיקער „רייניקונגס־פייער“ האט ניט אַרונטערגעריסן די ראַטן, נאָר ער האט זיי פארהאַרטעוועט.

* * *

די הויפּט־שוועריקייט פון דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע איז פארווירקלעכן אין אַלנאציאָנאלן מאסשטאב דעם פּינקטלעכסטן און ערלעכסטן דיסקאָנט און קאָנטראָל, דעם ארבעטערשן קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע און איבער דער פארטיילונג פון די פּראָדוקטן.

ווען די שרייבער פון „נאָוואיא זשיזן“ האבן אונז דערווידערט, אַז ארויסשטעלנדיק דעם לאָזונג פון אַרבעטערשן קאָנטראָל“, פאלן מיר קלוימערשט אריין אין סינדיקאַליזם, איז דידאזיקע דערווידערונג געווען אַ מוסטערל פון שילעריש־נאַרישלעכן באנוצן דעם „מארקסיזם“, וואס איז ניט דורכגעטראכט געוואָרן, נאָר אויסגעלערנט אַפן סטרואוויסטישן *) שטייגער. דער סינדיקאליזם איז אָדער ער לייקנט אָפּ די רעוואָלוציאָנערע דיקטאטור פון פּראָלעטאַריאט, אָדער ער פירט זי אָפּ, ווי ביכלאל די פּאָליטישע מאכט, אפן ניינטן אָרט. מיר שטעלן זי אפן ערשטן אָרט. אויב מע זאל פּאָשעט ריידן אינם גייסט פון די שרייבער פון „נאָוואיא זשיזן“: ניט קיין ארבעטער־קאָנטראָל, נאָר א מלוכישן קאָנטראָל, באקומט זיך א בורזשואז־רעפאָרמיסטישע פראזע, באקומט זיך אין טאָך אַ ריין־קאָדעטישע פאָרמול, ווייל קעגן דעם אנטייל פון די ארבעטער אינם „מלוכישן“ קאָנטראָל האבן די קאָדעטן גאָרניט. די קאדעטן־קאָרנילאָוויסטן ווייסן אויסגעצייכנט, אז אזא אנטייל איז דער בעסטער מיטל אָף אָפּצונארן די ארבעטער דורך דער בורזשואזיע, דער בעסטער מיטל פארן פארפיינערטן אונטערקויפן אין פּאָליטישן זין די אלערליי גוואָזדיאָווס, ניקיטינס, פּראָקאָפּאָוויטשעס, צערעטעליס און דידאזיקע גאנצע באנדע.

*) סטרואווע — איינער פון די „לעגאלע מאַרקסיסטן“, וועלכע האבן צוגעפּאסט דעם מאַרקסיזם אָף פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע אנטקעגן די פּאָלקיסטן.

ווען מיר זאָגן: „ארבעטערשער קאָנטראָל", שטעלנדיק שטענדיק דעמ-דאָזיקן לאָזונג זייט באַ זייט מיט דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאריאַט, שטענ-דיק באַלד נאָך איר, דערקלערן מיר דערמיט, וועגן וואָס פאַר א מלוכע עס גייט דאָ די רייד. די מלוכע איז א הערשאַפט-אָרגאַן פון אַ קלאַס. פון וועלכן? אויב פון דער בורזשואַזיע, איז עס טאַקע א קאַדעטיש-קאָרנילאָוויש „קערענסקישע" מלוכישקייט, פון וועלכער עס „קאָרנילעט זיך און קערענט זיך" דעם אַרבעטס-פאָלק אין רוסלאַנד אָט שוין העכער א האַלב יאָר. אויב די רייד גייט וועגן א פּראָלעטאַרישער מלוכע, דאָס הייסט, וועגן דער דיקטאַ-טור פון פּראָלעטאַריאַט, קאָן דער ארבעטער-קאָנטראָל ווערן אַן אַלנאַציאָנאַ-לער, אַלץ ארומנעמענדיקער, אומעטום אָנוועזנדער, פּינקטלעכסטער און ער-לעכסטער דיסקאָנט פון דער פּראָדוקציע און פון דער פאַרטיילונג פון די פּראָדוקטן.

דערין ליגט די הויפּט-שוועריקייט, דערין ליגט די הויפּט-אויפגאַבע פון דער פּראָלעטאַרישער, ד. ה. פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. אָן די ראַטן וואָלט דידאָזיקע אויפגאַבע, לעכאָל האַפּאָכעס, פאַר רוסלאַנד, געווען אומדערלייזבאַר. די ראַטן מערקן אָן די אָרגאַניזאַציאָנעלע ארבעט פונם פּראָלעטאַריאַט, וועלכע קאָן לייזן די אויפגאַבע, וואָס האָט אַן אַלוועלטלעך-היסטאָרישע וויכטיקייט.

דאָ זיינען מיר צוגעקומען צו דער צווייטער זייט פון דער פראַגע וועגן מלוכישן אפּאַראַט. אַכוץ דעם איבערהויפּט „אונטערדריקערישן" אַפּאַראַט פון דער שטענדיקער אַרמיי, פּאָליציי, באַאַמטע, איז נאָך אין דער מאָדערנער מלוכע פאַראַן אַן אפּאַראַט, וואָס איז באַזונדערס ענג פאַרבונדן מיט די בענק און סינדיקאַטן, אַן אפּאַראַט, וועלכער פּילט אויס א מענגע דיסקאָנטיר-רע-גיסטראַציאָנעלע ארבעט, אויב מע קאָן זיך אזוי אויסדריקן. דעם אפּאַראַט צע-קלאַפּן טאָר מען ניט און מע דאַרף ניט. אים דאַרף מען ארויסרייסן פון דער אונטערגעוואָרפנקייט צו די קאַפּיטאַליסטן, פון אים דארף מען אָפּשניידן, אָפּהאַקן די קאַפּיטאַליסטן מיט זייערע ווירקונגס-פעדים, אים דאַרף מען אונטערוואַרפן די פּראָלעטאַרישע ראַטן, אים דאַרף מען מאַכן ברייטער, ער זאָל אַרומנעמען מערער, ער זאָל זיין מער אַלנאַציאָנאַל. און דאָס קאָן מען טאָן, אָנשפּאַרנדיק זיך אַף די דעראָבערונגען, וועלכע זיינען שוין פאַר-ווירקלעכט דורכן גרעסטן קאַפּיטאַליזם (ווי ביכלאַל איז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע פעאיק צו דערגרייכן אירע צילן, נאָר ווען זי שפּאַרט זיך אָן אַף די-דאָזיקע דעראָבערונגען).

דער קאַפּיטאַליזם האָט באַשאַפן אפּאַראַטן פאַר דיסקאָנט, ווי אַשטייגער די בענק, סינדיקאַטן, פּאָסט, געברויך-געזעלשאַפטן, פאַריינען פון אָנגעשטעלטע. אָן די גרויסע בענק וואָלט דעם סאָציאַליזם אומעגלעך געווען צו פאַרווירקלעכן.

די גרויסע בענק — דאָס איז דער „מלוכישער אפּאַראַט", וועלכער איז אונז נויטיק אַף צו פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם און וועלכן מיר נעמען פאַרטיקערהייט באַם קאַפּיטאַליזם, דערביי איז דאָ אונזער אויפגאַבע בלויז

אָפּצוהאקן דאָס, וואס פאַרקריפּלט קאפּיטאליסטיש דעמדאָזיקן אויסגעצייכנטן אפּאראַט, מאכן אים נאָך גרעסער, נאָך דעמאָקראַטישער, נאָך אלץ ארומנעמענדיקער. די קאמוס (צאָל, קוואַנטיטעט) וועט אריבערגיין אין אייכעס (קוואליטעט). אַן איינהייטלעכער, גרעסטער פון די גרעסטע, מלוכישער באַנק מיט אָפּטיילונגען אין יעדער וואָלאָסט, בא יעדן פאַבריק — דאָס איז שוין ניין צענטל פונם סאָציאַליסטישן אַפּאראַט. דאָס איז אַן אַלמלוכישע כעשבן-פירונג, אַן אלמלוכישער דיסקאָנט פון דער פּראָדוקציע און פון דער פאַרטיילונג פון די פּראָדוקטן, דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, אמין סקעלעט פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

דעמדאָזיקן „מלוכישן אפּאראט" (וואָס איז ניט אינגאַנצן א מלוכישער באַם קאפּיטאליזם, וואָס וועט אָבער זיין אינגאַנצן א מלוכישער באַ אונז, באַם סאָציאַליזם) קאָנען מיר „נעמען" און „לאָזן אין גאַנג" מיט איין קלאַפּ, מיט איין באַפעל, ווייל די פאַקטישע ארבעט פון כעשבן-פירונג, קאָנטראָל, רעגיסטראַציע, דיסקאָנט און כעשבן פילן דאָ אויס די אָנגעשטעלטע, וואָס די מערהייט זייערע געפינט זיך אין א פּראָלעטאַרישער אָדער האלב-פּראָלעטאַרישער לאַגע.

דורך איין באַפעל פון דער פּראָלעטאַרישער מלוכע קאָן מען און מע דאַרף דידאָזיקע אָנגעשטעלטע אריבערפירן אין א לאַגע פון מלוכישע אָנגעשטעלטע — פּונקט ווי די שמירע-הינט פון קאַפּיטאליזם, ווי אשטייגער בריאַן און אַנדערע בורזשואזע מיניסטאָרן, פירן דורך איין באַפעל אריבער די אייזנבאַן-אָנגעשטעלטע אין דער לאַגע פון מלוכישע אָנגעשטעלטע. אזוינע מלוכישע אָנגעשטעלטע וועלן מיר דאַרפן האָבן אסאך מער, און מע קאָן זיי באַקומען מער, ווייל דער קאַפּיטאליזם האָט פאַריינפאַכט די פונקציעס פון דיסקאָנט און קאָנטראָל, האָט זיי דערפירט צו פאַרהעלטגיסמעסיק ניט קאמפּליצירטע פאַרצייכענונגען, וואָס זיינען צוטריטלעך פאר יעדן מענטשן, וואָס קאָן לייענען און שרייבן.

„פאַרמלוכישן" די מאסן אָנגעשטעלטע פון די בענק, סינדיקאַטן, האַנדלס-אונטערנעמונגען א.א.וו., א.א.וו. — איז א זאַך, וואָס איז פולקום מעגלעך צו פאַרווירקלעכן סאַי טעכניש (א דאנק דער פאָרויסיקער ארבעט, וואָס עס האָט אויסגעפירט פאר אונז דער קאַפּיטאליזם און דער פינאנציעלער קאַפּיטאליזם), סאַי פּאָליטיש, בא דעם באדינג פון קאָנטראָל און אויפזיכט מיצאַד די ראַטן.

און מיט די העכערע אָנגעשטעלטע, וועמעס צאָל עס איז זייער ניט גרויס, נאָר וועלכע ציען צו די קאַפּיטאליסטן, וועט זיך אויסקומען צו באַגיין, ווי מיט די קאַפּיטאליסטן, „מיט שטרענגקייט". זיי, פּונקט ווי די קאַפּיטאליסטן, וועלן ארויסווייזן א ווידערשטאַנד. דעמדאָזיקן ווידערשטאַנד וועט מען דאַרפן צעברעכן, און אויב דער אומשטערבלעך-נאַאיווער פּעשעכאָנאוו האָט נאָך אין יוני פון 1917 יאָר געשטאַמלט ווי אַן עמעס „מלוכיש פּיצל קינד", אז „דער ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאליסטן איז צעבראָכן", איז די-

דאָזיקע קינדערשע פראַזע, די קינדערשע באַרימעריי, דעם אינגלשן ארויספאַל וועט דער פּראָלעטאַריאַט פאַרווירקלעכן אַף ערנסט.

דאָס וועלן מיר קאָנען טאָן, ווייל עס רעדט זיך דאָ וועגן צעברעכן דעם ווידערשטאנד פון א נישטיקער מינדערהייט פון דער באפעלקערונג, בוכ־שטעבלעך, פון א הייפל מענטשן, וואָס איבער יעדן פון זיי וועלן די פאַריינען פון אָנגעשטעלטע, די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, די געברויך־געזעלשאַפטן און די ראַטן איינאָרדענען אַזאַ אויפזיכט, אז יעדער „טיט טיטיטש“ וועט זיין אַרומגערינגלט, ווי דער פראנצויז אונטער סעדאַן. דידאָזיקע „טיט טיטיטשעס“ קענען מיר לויט די נעמען; עס איז גענוג צו נעמען די צעטלען פון דירעקטאָרן, פאַרוואלטונגס־מיטגלידער, גרויסע אַקציאָנערן א.ד.גל. אזוינע זיינען פאַראַן עטלעכע הונדערט, העכסטנס עטלעכע טויזנט איבער גאַנץ רוסלאנד, צו יעדן פון זיי וועט די פּראָלעטאַרישע מלוכע, מיטן אפּאראט פון די ראַטן, פאַריינען פון אָנגעשטעלטע א.א.וו., קאָנען צושטעלן אפילע צו צענד־ליק אָדער צו הונדערט קאָנטראָליאָרן, אזוי אז אָנשטאָט „צעברעכן דעם ווי־דערשטאנד“, וועט זיך עפשער איינגעבן מיט דער הילף פון אַרבעטערשן קאָנטראָל (איבער די קאַפּיטאליסטן) מאכן יעטווידן ווידערשטאנד פאַר אומעגלעך.

ניט אינם קאָנפיסקירן דעם פאַרמעגן פון די קאַפּיטאליסטן וועט דאָ אַפילע זיין דער איקער פונם איניען, נאָר טאַקע אין דעם אַלנאַציאָנאַלן, אלך ארומנעמענדיקן אַרבעטערשן קאָנטראָל איבער די קאפּיטאליסטן און איבער זייערע מעגלעכע אָנהענגער. בלויז מיט קאָנפיסקאציע אליין וועסטו גאָרניט ניט אויפטאָן, ווייל אין איר איז ניטאָ דער עלעמענט פון אָרגאַניזאציע, פון דיסקאָנט, פון דער ריכטיקער פאַרטיילונג. די קאָנפיסקאַציע וועלן מיר לייכט פאַרבייטן דורך אויפמאָנען א געוויסן שטייער (זאָל זיין אפילע לויט די „שינגאַריאָווישע“ טאַריפן) — אַבי נאָר אויסשליסן די מעגלעכקייט פון א וועלכן ס'איז אָפּנויגן זיך פון אונטערפאַלן דעם קאָנטראָל, פון באהאלטן דעם עמעס, אויסמיידן דעם געזעץ. און דידאָזיקע מעגלעכקייט וועט באַזייטיקן נאָר דער ארבעטער־קאָנטראָל פון אַן ארבעטערשער מלוכע.

די צוואַנגס־סינדיצירונג, ד. ה. די צוואנגס־פאַרייניקונג אין פארבאנדן אונטערן קאָנטראָל פון דער מלוכע, אָט וואָס דער קאַפּיטאליזם האָט צוגעגרייט, אָט וואָס עס האָט אין דייטשלאנד פאַרווירקלעכט די יונקערן־מלוכע, אָט וואָס עס וועט פולקום מעגלעך זיין צו פאַרווירקלעכן אין רוסלאנד פאַר די ראַטן, פאַר דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאַט, אָט וואָס עס וועט אונז געבן דער „מלוכישער אפּאראט“, וואָס איז אי אוניווערסאַל, אי דער נייסטער, אי ניט קיין ביוראָקראַטישער.

* * *

דער פּערטער ארגומענט פון די אדוואָקאַטן פון דער בורזשואַזיע איז: דער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט קאָנען ברענגען אין באוועגונג דעם מלוכישן אפּאראט. דערדאָזיקער ארגומענט שטעלט מיט זיך ניט פאָר קיין שום נייס אין

פאַרגלייך מיטן פריערדיקן אַרגומענט. דעם אלטן אפאראט וואָלטן מיר, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט ניט באהערשן, ניט ברענגען אים אין באוועגונג. דער נייער אפאראט, די ראַטן, זיינען **שוין** געבראַכט אין באוועגונג „דורכן מעכטיקן ריס פון עכטער פאָלקס-שאַפונג". פון דעמדאָזיקן אפאראט דאַרף מען בלויז אראָפּנעמען די **שטריק**, וועלכע עס האָט אַף אים ארויפגעלייגט די אָנפירונג פון די עסערישע און מענשעוויסטישע פירער. דערדאָזיקער אַפאראט איז **שוין** אין גאנג, מע דאַרף בלויז ארויסוואַרפן די פאַרקריפּלטע קלייןבירגערלעכע צוטשעפּעניש, וועלכע שטערן אים צו גיין פאָרויס און פאָרויס מיטן פולן גאַנג.

צוויי אומשטענדן קאָן מען דאָ באַטראַכטן, קעדיי צו דערפילן דאָס אויבן געזאָגטע: ערשטנס, די נייע מיטלען פון קאָנטראָל, וואָס **ניט** מיר האָבן באַשאַפן, נאָר דער קאַפּיטאַליזם אין זיין מיליטעריש-אימפּעריאליסטישער סטאַדיע; צווייטנס, די באַדייטונג פון דער פאַרטיפעונג פונם דעמאָקראַטיזם אין דער זאַך פון **פאַרוואַלטן** מיט דער מלוכע פון פּראָלעטאַרישן טיפּ.

די ברויט-מאָנאָפּאָליע און די ברויט-קאַרטן זיינען באַשאַפן געוואָרן ניט דורך אונז, נאָר דורך דער קריגערישער קאַפּיטאַליסטישער מלוכע. זי האָט שוין באַשאַפן די אַלגעמיינע אַרבעטס-פליכט אין די ראַמען פון קאַפּיטאַליזם, דאָס איז א מיליטעריש-קאַטאָרזשנע טורמע פאַר די אַרבעטער. אָבער אויך דאָ, ווי אין זיין גאַנצער היסטאָרישער שאַפונג, נעמט דער פּראָלעטאַריאַט זיין געווער באַם קאַפּיטאַליזם, און ניט ער „טראַכט אויס", ניט ער „באַשאַפט פון גאָרניט".

די ברויט-מאָנאָפּאָליע, די ברויט-קאַרטע, די אַלגעמיינע אַרבעטס-פליכט זיינען אין די הענט פון דער פּראָלעטאַרישער מלוכע, אין די הענט פון פולמעכטיקע ראַטן דאָס מעכטיקסטע מיטל פאַר דיסקאַנט און קאָנטראָל, — דאָס איז אַזאַ מיטל, וואָס, ווערנדיק פאַרשפּרייט אַף די קאַפּיטאַליסטן און אַף **די רייכע בכלל**, ווערנדיק באַנוצט צו זיי **דורך די אַרבעטער**, וועט עס געבן א נאָך ניט געזעענע אין דער געשיכטע קראַפט פון „ברענגען אין באַוועגונג" דעם מלוכע-אַפּאַראַט, אַף צו באהערשן דעם ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטן, אַף אונטערצוּוואַרפן זיי דער פּראָלעטאַרישער מלוכע. דאָסדאָזיקע מיטל פון קאָנטראָל און **צוואַנג צו אַרבעט** איז אביסל שטאַרקער פון די געזעצן פונם קאָנווענט און פון זיין גיליאָטינע. די גיליאָטינע האָט **בלויז** פאַרשראָקן, בלויז צעבראָכן דעם **אַקטיוון** ווידערשטאַנד. **פאַר אונז איז דאָס ווייניק.**

פאַר אונז איז דאָס ווייניק. מיר דאַרפן ניט נאָר „פאַרשרעקן" די קאַפּיטאַליסטן אין דעם זין, אז זיי זאָלן פילן די אַלמעכטיקייט פון דער פּראָלעטאַרישער מלוכע און זאָלן פאַרגעסן צו טראַכטן וועגן אקטיוו ווידערשטעלן זיך איר. מיר דאַרפן צעברעכן אויך דעם **פּאַסיוון** — אָן ספק, נאָך מער געפערלעכן און שעדלעכן — ווידערשטאַנד. מיר דאַרפן ניט נאָר צעברעכן יעטווידער ווידערשטאַנד. מיר דאַרפן **צווינגען צו אַרבעטן** אין די נייע אָרגאַניזאַציאָנעל-מלוכישע ראַמען. עס איז ניט גענוג „אָפּצוראַמען" די קאַפּיטאַליסטן, מע דאַרף (אָפּראַמענדיק די, וואָס טויגן ניט, די האָפּענונגסלאָזע „ווידער-

שפעניקע״) אוועקשטעלן זיי אף א נייעם מלוכישן דינסט. דאָס איז שאיעך אי צו די קאַפּיטאַליסטן, אי צו אַ באַשטימטן אויבערשיכט פון דער בורזשואזער אינטעליגענץ, אָנגעשטעלטע א. א. וו.

און מיר האָבן א מיטל דערצו. אונז האָט געגעבן דערצו א מיטל און געוועך אין די הענט די קעמפנדיקע קאַפּיטאַליסטישע מלוכע אליין. דאָסדאָזיקע מיטל איז — די ברויט-מאָנאָפּאָליע, די ברויט-קאַרטע, די אַלגעמיינע אַרבעטס-פּליכט. „ווער עס אַרבעט ניט, דער דאַרף ניט עסן״, — אָט דאָס איז דער איקערדיקער, סאַמע ערשטער און סאַמע וויכטיקער קלאַל, וועלכן עס קאָנען איינפירן און לעבן און עס וועלן איינפירן די ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן, ווען זיי וועלן ווערן א מאַכט.

אַן אַרבעטס-ביכל איז פאַראַן באַ יעדן אַרבעטער, אים דערנידעריקט ניט דערדאָזיקער דאָקומענט, האגאם א יצט איז ער, אָן ספק, א דאָקומענט פון קאַפּיטאַליסטישער לוין-שקלאַפעריי, א צייגעניש אף דער אָנגעהעריקייט פון אן אַרבעטנדיקן מענטשן צו דעם אָדער יענעם פּאַראַזיט.

די ראַטן וועלן איינפירן אַן אַרבעטס-ביכל פאַר רייכע, און דערנאָך, בעהאדראָגע אויך פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג (אין א פויעריש לאַנד וועט דאָס אַרבעטס-ביכל אף א לאַנגע צייט מיסטאָמע ניט נויטיק זיין פאַר דער איבערוועגנדיקער מערהייט פון פויערטום), דאָס אַרבעטס-ביכל וועט אויפהערן צו זיין א סימען פון „שוואַרצן ביין״, וועט אויפהערן צו זיין א דאָקומענט פאַר די „נידעריקסטע״ שטאַנדן, א צייגעניש פון לוין-שקלאַפעריי. עס וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין א צייגעניש דערויף, אז אין דער נייער געזעלשאַפט איז מער ניטאָ קיין „אַרבעטער״, אָבער דערפאַר איז אויך ניטאָ קיינער, וואָס זאָל ניט זיין קיין אַרבעטסמאַן.

די רייכע דאַרפן באַקומען אן אַרבעטס-ביכל פון דעם פאַריין פון אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטע, צו וועלכן עס געהערט נעענטער פון אַלץ זייער געביט פון טעטיקייט. זיי דאַרפן יעדע וואָך, אָדער אין א וועלכן ס'איז אנדערן באַשטימטן טערמין, באַקומען א צייגעניש פון דעמדאָזיקן פאַריין, אז זיי פילן ערלעך אויס זייער אַרבעט; אָן דעם קאָנען זיי ניט באַקומען קיין ברויט-קאַרטע און קיין דערנערונגס-פּראָדוקטן ביכלאַל. מיר דאַרפן האָבן גוטע אָרגאַניזאַטאָרן פונם באַנק-איניען און פאַר דער פאַרייניקונג פון אונטערנעמונגען (אין דער זאַך האָבן די קאַפּיטאַליסטן מער דערפאַרונג, און מיט דערפאַרענע מענטשן גייט די אַרבעט לייכטער), מיר דאַרפן האָבן אין א גרעסערער און גרעסערער צאָל, לעגאַבע דעם פריערדיקן, אינזשענערן, אַגראָנאָמען, טעכניקער, וויסנשאַפטלעך-געבילדעטע ספּעציאַליסטן פון יעדן מין. אלע אזוינע אַרבעטסלייט וועלן מיר געבן אַן אַרבעט לויט זייערע קויכעס און געוואוינהייטן, מיר וועלן מיסטאָמע נאָר בעהאדראָגע איינפירן א גלייכהייט אין ארבעטסלוין אין איר פולער גרויס, איבערלאָזנדיק פאַר דער איבערגאַנגס-צייט א העכערן לוין פאַר אזוינע ספּעציאַליסטן. נאָר מיר וועלן זיי אוועקשטעלן אונטער אן אלזייטיקן ארבעטער-קאָנטראָל, מיר וועלן זיך דערשלאָגן צו א פולער אומבאַדינגטער דורכפירונג אין לעבן פונם קלאַל: „ווער עס אַרבעט ניט, דער זאָל

ניט עסן". און די אָרגאַניזיר־פאָרם פון דער אַרבעט טראַכטן מיר ניט אויס, נאָר מיר נעמען זי א פאַרטיק באַם קאַפּיטאַליזם, די בענק, סינדיקאַטן, די בעסערע פאַבריקן, פּרוואַו־סטאַנציעס, אַקאַדעמיעס א. א. וו.; אונז וועט אויסקומען בלויז צו באָרגן די בעסטע מוסטערן פון דער דערפאַרונג פון די פאָרגעשריטענע לענדער.

און, פאַרשטייט זיך, אז מיר וועלן אף א טראָפּן ניט אריינפאַלן אין אוטאָפּיזם, מיר וועלן ניט אוועק פונם באָדן פון סאַמע ניכטערער פּראַקטישער אויסרעכענונג, אויב מיר וועלן זאָגן: דער גאַנצער קלאַס פון קאַפּיטאַליסטן וועט אונז ארויסווייזן דעם אַקשאַנעסדיקסטן ווידערשטאַנד, אָבער דורך דער אָרגאַניזירונג פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין די ראַטן וועט דערדאָזיקער ווידערשטאַנד צעבראָכן ווערן, דערביי וועט, פאַרשטייט זיך, די סאַמע איינגעשפּאַרטע און ניט פאָלגנדיקע קאַפּיטאַליסטן אויסקומען צו באַשטראָפן מיט קאָנפיסקירן דאָס גאַנצע פאַרמעגן און מיט טורמע, דערפאַר אָבער וועט דער ניצחון פונם פּראָלעטאַריאַט פאַרגרעסערן די צאָל פון אזוינע פאַלן, ווי דער, וועגן וועלכן איך לייען, אשטייגער, אין די היינטיקע „איזוועסטיאַ":

דעם 26-טן סענטיאַבר זיינען אין צענטראַלן ראַט פון די פאַבריקזאַוואָדישע קאָמיטעטן געקומען צוויי אינזשענערן מיט א מעלדונג, אז א גרופּע אינזשענערן האָט באַשלאָסן צו בילדן א פאַריין פון אינזשענערןסאָציאַליסטן. האַלטנדיק, אז די איצטיקע צייט איז אין טאָך געקומען אן אנהויב פון א סאָציאַלער רעוואָלוציע, לייגט דער פאַריין זיך פאָר אין רעשוס פון די אַרבעטער־מאַסן און פאַרלאַנגט, פאַרטיידיקנדיק די אינטערעסן פון די אַרבעטער, צו אַרבעטן אין פולער אייניקונג מיט די אַרבעטערשע אָרגאַניזאַציעס. די פאָרשטייער פונם צענטראַלן ראַט פון די פאַבריק־זאַוואָדישע קאָמיטעטן האָבן געענטפערט, אז דער ראט וועט גערן אויסבילדן אין זיין אָרגאַניזאַציע א סעקציע פון אינזשענערן, וועלכע שליסט איין אין איר פּראָגראַם די גרונט־טעזיסן פון דער 1־טער קאָנפערענץ פון די פאַבריק־זאַוואָדישע קאָמיטעטן וועגן אַרבעטער־קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע. אין די נאָענטסטע טעג וועט פאָרקומען א פאַרייניקטע זיצונג פון די דעלעגאַטן פון צענטראַלן ראַט פון די פאַבריק־זאַוואָדישע קאָמיטעטן מיט דער איניציאַטיוו־גרופּע פון די אינזשענערן־סאָציאַליסטן („איזוועסטיאַ צ. א. ק." פון 27 סענטיאַבר 1917 יאָר).

* * *

דער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט קאָנען, זאָגט מען אונז, ברענגען אין באַוועגונג דעם מלוכע־אַפּאַראַט.

איבער רוסלאַנד האָבן נאָך דער רעוואלוציע פון 1905 יאָר רעגירט 130,000 פּריצים, רעגירט מיט דער הילף פון אומענדלעכע גוואלטאַטן איבער 150 מיליאָן מענטשן, מיט דער הילף פון גרעניצלאָזן טרייבן כויזעק פון זיי, דורך באַצווינגען די גוואלטיקע מערהייט צו קאטארגע־אַרבעט און צו האלבהונגעריקער עקזיסטענץ.

אין רוסלאַנד וועלן קלוימערשט ניט קאָנען רעגירן די 240 טויזנט מיט-גלידער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, רעגירן אין די אינטערעסן פון די ארימע און קעגן די רייכע. דידאָזיקע 240 טויזנט מענטשן האָבן שוין איצט פּאַר זיך ניט ווייניקער פון 1 מיליאָן פון דער דערוואקסענער באפעלקערונג, ווייל גראָד אַזאַ פּאַרהעלטעניש פון דער צאָל פּאַרטיי-מיטגלידער צו דער צאָל שטימען, וואָס ווערט פּאַר איר אפגעגעבן, איז פעסטגעשטעלט דורך דער דער-פאַרונג פון אייראָפּע און דורך דער דערפארונג פון רוסלאנד, אפילע, אַשטיי-גער, דורך די אווגוסט-וואלן אין דער פיטערער דומע. אָט האבן מיר שוין אַ „מלוכע-אפאראט" פון 1 מיליאן—מענטשן, וואס זיינען איבערגעגעבן דער סאָציאליסטישער מלוכע אידייאיש, און ניט צוליבן באקומען דעם 20-טן יעדן כוידעש אַ היפּשע מאטבייע.

נאָך מער, מיר האָבן אַ „וואונדערבאר מיטל" מיטאמאָל, מיט איין קלאפּ צו פארצענפאכן אונזער מלוכע-אפאראט, אַ מיטל, וועלכן קיין איין קאפּיטאליסטישע מלוכע האָט קיינמאָל ניט פארמאגט און קאָן ניט פאר-מאגן. דידאזיקע וואונדערבארע זאך איז—צוציען די הארעפּאשניקעס, צוציען די ארימקייט צו דער טאָגטעגלעכער אַרבעט פון רעגירן מיט דער מלוכע.

קעדיי צו דערקלערן, ווי לייכט עס איז צו באנוצן דאָסדאזיקע וואונ-דערבאַרע מיטל, ווי ניט-פעלערהאפט עס איז זיין ווירקונג, וועלן מיר נעמען ווי ווייט מעגלעך אַ פּאשעטן און בוילעטן ביישפּיל.

די מלוכע דארף צוואנגזאם ארויסזעצן פון אַ דירע אַ געוויסע פאמיליע און אריינזעצן אן אנדערע. דאס טוט די קאפּיטאליסטישע מלוכע אף טריט און שריט, דאָס וועט טאָן אויך אונזער פּראָלעטאַרישע אדער סאָציאליסטישע מלוכע.

די קאפּיטאליסטישע מלוכע זעצט ארויס אַ פאמיליע פון ארבעטער, וואָס האט פארלארן דעם ארבעטס-מאַן און האט ניט אריינגעטראגן קיין דירע-געלט. קומט דער געריכטס-פּריסטאוו, דער פּאָליציי-מאַן אדער דער מיליציאָנער, אַ גאַנצער אָפּטייל אין אן אַרבעטער-קווארטאַל אף עמיצן ארויסצוזעצן, דארף מען האָבן אן אטריאד קאזאקן. פארוואס? דערפאר, ווייל דער פּריסטאוו און דער „מיליציאָנער" זאָגן זיך אפּ צו גיין אן אַ מיליטערישער שוץ פון זייער אַ גרויסער קראַפט. זיי וויסן, אז די סצענע פון ארויסזעצן רופט ארויס אַזאַ ווילדע פארביטערונג אין דער גאַנצער ארומיקער באפעלקערונג, אין טויזנטער און טויזנטער קימאט ביז פארצווייפלונג דערפירטע מענטשן, אַזא האס צו די קאפּיטאליסטן און צו דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכע, אַז דעם פּריסטאוו און דעם אפטייל מיליציאנערן קאָן מען יעדע מינוט צערייסן אף שטיקלעך. מע דאַרף האבן גרויסע מיליטערישע קויכעס, מע דארף אין אַ גרויסער שטאָט ברענגען עטלעכע פּאָלקן אומבאדינגט ערגעץ פון אַ ווייטן קאנט, קעדיי פּאַר די סאלדאטן זאָל פרעמד זיין דאָס לעבן פון דער שטאָטישער ארימקייט, קעדיי די סאלדאטן זאלן זיך ניט קאנען „אנשטעקן" מיט סאָציאליזם.

די פּראָלעטארישע מלוכע דארף צוואנגזאם אריינזעצן זייער אַ נויטבא-דערפטיקע פאמיליע אין דער דירע פון אַ רייכן מענטשן. אונזער אפטייל אר-

בעטער-מיליציע באַשטייט, לאָמיר זאָגן, פון 15 מאַן: 2 מאַטראָסן, צוויי סאָל-דאַטן, צוויי באַוואוסטזיניקע אַרבעטער (זאָל זיין, אַז נאָר איינער פון זיי איז אַ מיטגליד פון אונזער פּאַרטיי אדער אַ מיטפילנדיקער), דערנאָך 1 אינטע-ליגענט, און 8 מענטשן פון דער הארעפּאַשנער אָרימקייט, אומבאַדינגט ניט ווייניקער פון 5 פרויען, דינסטן, שוואַרצאַרבעטער א. אז. וו. דער אפּטייל קומט אַריין אין דער דירע פונם רייכן, באַטראַכט זי, געפינט 5 צימערן אַף צוויי מענער און צוויי פרויען.—„איר וועט זיך אַביסל ענגער מאַכן, בירגער, אין צוויי צימערן אַף היינטיקן ווינטער, און צוויי גרייט צו אַף אריינצוזעצן אין זיי צוויי פאַמיליעס פון קעלער. אַף אַ צייט, ביז וואַנען מיר וועלן מיט דער הילף פון אינזשענערן (איר זייט, דאכט זיך, אַ אינזשענער?) ניט אויס-בויען קיין גוטע דירעס פאַר אלעמען, וועט אייך אויסקומען אומבאַדינגט זיך אביסל ענגער מאַכן. אייער טעלעפאָן וועט באַדינען 10 פאַמיליעס. דאָס וועט איינשפּאָרן אַ שאָ 100 אַרבעט פון ארומלויפן איבער די קרעמלעך א. ד. גל. ווייטער, זיינען אין אייער פאַמיליע פאַראַן צוויי ניט באַשעפטיקטע האַלבע ארבעטסלייט, וואָס זיינען פעאיק אויסצופילן אַ לייכטע אַרבעט: אַ בירגערין פון 55 יאָר און אַ בירגער פון 14 יאָר. זיי וועלן דעזשורירן יעדן טאָג צו 3 שאָ, קעדיי אַכטונג צו געבן אַף דער ריכטיקער צעטיילונג פון פּראָדוקטן פאַר 10 פאַמיליעס און פירן די נויטיקע פאַרצייכענונגען, וואָס מע דאַרף דערצו. דער בירגער סטודענט, וואָס געפינט זיך אין אונזער אָפּטייל, וועט באַלד אנשרייבן אין 2 עקזעמפּליארן דעם טעקסט פון דעמדאָזיקן מלוכישן באַפעל, און איר וועט אַזוי גוט זיין ארויסגעבן אונז אַ צעטל, אַז איר זייט זיך מיסכאַיעוו פּינקטלעך דעם באַפעל אויספילן”.

אַזאַ וואלט, לויט מיין קוק, געקאנט זיין די אַף באַשיינפּערלעכע ביי-שפּילן פארגעשטעלטע קעגנזייטיקע באַציאונג צווישן דעם אַלטן, בורזשואַזן, און דעם נייעם, סאָציאַליסטישן, מלוכע-אַפּאַראַט און מלוכע-פּאַרוואַלטונג.

מיר זיינען ניט קיין אוטאָפּיסטן. מיר ווייסן, אַז יעטווידער שוואַרצאַר-בעטער און יעטווידע קעכין זיינען ניט פעאיק שוין איצט צוטרעטן צו רעגירן איבער דער מלוכע. דערין זיינען מיר מאסקים סאַי מיט די קאַדעטן, סאַי מיט ברעשקאָווסקען, סאַי מיט צערעטעלין. מיר אונטערשיידן זיך אָבער פון די-דאָזיקע בירגער דערמיט, וואָס מיר פאָדערן, אַז מע זאָל טייקעף איבעררייסן מיט דעם פארורטייל, אז ר ע ג י ר ן איבער דער מלוכע, טראָגן די וואכע-דיקע, טאגטעגלעכע אַרבעט פון רעגירן זיינען אימשטאַנד נאָר די רייכע אָדער די באַאַמטע, וואָס זיינען גענומען געוואָרן פון רייכע פאַמיליעס. מיר פאָדערן, אז ל ע ר נ ע ן ז י ך דער זאַך פון מלוכע-פּאַרוואַלטונג זאָלן באַוואוסטזיניקע אַרבעטער און סאָלדאַטן, און אַז אנגעהויבן זאָל עס ווערן טייקעף, ד. ה. אַז צו דעמדאָזיקן לערנען זיך זאָל מען טייקעף א נ ה ו י ב ן צוציען אַלע אַרבע-טנדיקע, די גאַנצע אָרימקייט.

מיר ווייסן, אז די קאַדעטן זיינען אויך מאסקים צו לערנען דאָס פאלק דעמאָקראַטיזם. די קאַדעטישע דאַמען זיינען מאסקים צו לייענען לויט די בעסטע ענגלישע און פראַנצויזישע קוועלן לעקציעס פאר דינסטן וועגן פרויען-

גלייכבאַרעכטיקונג. ווי אויך אַפן נאָענטסטן קאָנצערט-מיטינג, פאַר טויזנטער מענטשן, אַף דער עסטראַדע, וועט איינגעאָרדענט ווערן א קושעניש: די קאַדעטישע דאמע — די לעקטאָרין וועט קושן ברעשקאָווסקען, ברעשקאָווסקע דעם געוועזענעם מיניסטער צערעטעלי, און דאָס דאַנקבאַרע פאָלק וועט זיך אזוי ארום באַשיינפערלעך לערנען, ווי עס זעט אויס די רעפובליקאַנישע גלייכקייט, פרייהייט און ברידערלעכקייט...

יאָ, מיר זיינען מאַסקים, אז די קאַדעטן, ברעשקאָווסקע און צערעטעלי זיינען אף זייער שטייגער איבערגעגעבן דעם דעמאָקראַטיזם און פראָפּאַגאַנדירן אים צווישן פאָלק. וואָס זאָל מען אָבער טאָן, אויב מיר האָבן אַביסל אן אַנדער באַגריף וועגן דעמאָקראַטיזם?

לויט אונזער מיינונג, איז אף צו פארלייכטערן די אומדערהערטע שווערקייטן און צארעס פון דער מילכאָמע, ווי אויך אף צו היילן די שרעק-לעכסטע וואונדן, וועלכע עס האָט אָנגעמאַכט דעם פאָלק די מילכאמע, איז נויטיק רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיזם, עס זיינען נויטיק רעוואָ-לוציאנערע מאָסמיטלען גראַד פון אַזאַ מין, ווי די באשריבענע אלס ביישפּיל פארטיילונג פון דירעס אין די אינטערעסן פון דער ארימקייט. פונקט אזוי דאַרף מען זיך אויך באגיין אין שטאָט און אין דאָרף מיט דערנערונגס-פּראָדוקטן, קליידונג, שוכוואַרג א. אז. וו. אין דאָרף מיט ערד א. א. וו. צום רעגירן איבער דער מלוכע אין אזאַ גייסט קאָנען מיר מיטאַמאָל צוציען אַ מלוכע-אַפּאַראַט פון א מיליאָן צען, אויב ניט צוואנציק, מענטשן, אן אַפּאראט, וואָס איז נאָך ניט גע-זעען געוואָרן אין קיין איין קאַפּיטאַליסטיש לאַנד. דעמדאזיקן אַפּאַראט קאָנען נאָר מיר אליין באַשאַפן, ווייל פאַר אונז איז באַוואָרנט דער פולסטער און אפּערוויליקסטער מיטגעפיל פון א ריזיקער מערהייט פון דער באפעלקערונג. דעמדאָזיקן אַפּאַראַט קאָנען נאָר מיר אליין באשאפן, ווייל בא אונז זיינען פאַראַן באוואוסטזיניקע ארבעטער, דיסציפּלינירטע דורך דער לאנגער קאפּי-טאליסטישער „לערע” (ניט אומזיסט האָבן מיר זיך געלערנט בא די קאַפּיטאליסטן), ארבעטער, וועלכע זיינען אימשטאַנד צו באשאַפן אן ארבעטערשע מיליצע און בעהאדראגע פאַרברייטערן זי (אָנהויבנדיק צו פארברייטערן טייקעף) אין אַן אלנאציאָנאלער מיליציע. די באוואוסטזיניקע אַרבעטער דארפן אנפירן, אָבער צוציען צו דער זאך פון פאַרוואלטן זיינען זיי אימשטאנד די עכטע מאַסן האָרעפּאשניקעס און אונטערדריקטע.

פארשטייט זיך, אז עס זיינען אומפארמיידלעך פעלערן בא די ערשטע טריט פון דעמדאָזיקן נייעם אפּאראט. צי זיינען אָבער ניט געווען קיין פעלערן בא די פּויערים, ווען זיי זיינען פון לייב-אייגנטום ארויס אף דער פריי און האָבן אנגעהויבן אליין פירן זייערע איניאָנים? קאָן דען זיין אן אַנדער וועג אף צו לערנען דאָס פאָלק, ווי צו פארוואלטן מיט זיך אליין, אף פּאָטער צו ווערן פון פעלערן, ווי דער וועג פון פראַקטיק? ווי דער טייקעפדיקער צוטריט צו עכ-טער זעלבסטפארוואַלטונג פון פאָלק? דאָס וויכטיקסטע איצט איז—זיך אפּגעזע-גענען מיט דעם בורזשואזן אינטעליגענטישן פאָרורטייל, אז פארוואלטן מיט א

מלוכע קאָנען קלוימערשט נאר ספעציעלע באאמטע, וואָס זיינען אינגאנצן אפהענגיק פונם קאפיטאל לויט זייער גאַנצער געזעלשאפטלעכער לאגע. דאָס וויכטיקסטע איז—מאכן א סאָף צו אזא זאכלאַגע. ווען עס פרואוון זיך פארוואַלטן אַפּן אלטן שטייגער די בורזשוא, באאמטע און „סאָציאַליסטישע״ מיניסטאָרן, אָבער פארוואַלטן קאָנען זיי ניט, און נאָך 7 כאַדאָשים באַקומען זיי אין אַ פויעריש לאנד א פויערשן אויפשטאַנד!! דאָס וויכטיקסטע איז — איינפלאַנצן אינם געדאַנק פון די אונטערדריקטע און האָרעפּאשניקעס צוטרוי צו זייערע קויכעס, באַווייזן זיי אַף דער פּראַקטיק, אַז זיי קאָנען און דאַרפן זיך אַליין נעמען פאר דער ריכטיקער, אַפּן שטרענגסטן אויפן איינגעאָרדנטער אָרגאַניזירטער פאַרטיילונג פון ברויט, פון יעטווידער שפּייז, מילך, קליידונג, דירעס א. א. וו. אין די אינטערעסן פון דער אָרימקייט. אָן דעם איז קיין רעטונג פאַר רוסלאַנד פון קראַך און אונטערגאַנג ניטאָ, און דער ערלעכער, דרייסטער, אומעטומיקער צוטריט צום איבערגעבן די פאַרוואַלטונגס-ארבעט אין די הענט פון די פּראָלעטאריער און האַלב-פּראָלעטאריער וועט געבן אַזאַ רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם פון די מאַסן, וואָס איז נאָך אין דער געשיכטע ניט געזעען געוואָרן; דאָס וועט אין אַזוי פיל מאָל פארמערן די פאָלקס-קויכעס אַף צו קעמפן מיט די צארעס, אז אַסאַך זאַכן, וואָס זעען אויס צו זיין אומעגלעך פאר אונזערע שמאלע, אלטע, ביוראָקראַטישע קויכעס, וועלן מעגלעך ווערן צום פאַרווירקלעכן פאַר די קויכעס פון דער מיליאָניקער מאַסע, וועלכע הויבט אָן ארבעטן פאַר זיך אַליין, און ניט פאַר דעם קאַפּיטאַליסט, ניט פארן פּאָריצס זונדל, ניט פאַרן באאמטן, ניט פון אונטערן שטעקן.

* * *

צו דער פראַגע וועגן מלוכע-אַפּאַראַט געהערט אויך די פראגע וועגן צענטראַליזם, וועלכע עס האָט באזונדערס ענערגיש און באזונדערס ניט געלונגען אויפגעהויבן כ׳ באַזאַראָוו אין 138-טן נומער „נאָוואַיאַ זשיזן״ פון 27 סענטיאבער, אינם ארטיקל „די באָלשעוויקעס און די פּראבלעם פון דער מאַכט״.

כ׳ באַזאַראָוו דענקט אַזוי: „די ראַטן זיינען ניט קיין אַפּאַראַט, וואס איז צוגעפּאַסט צו אלע געביטן פון מלוכע-לעבן, ווייל די זיבנכאדאשימדיקע דער-פארונג האָט קלוימערשט באוויזן, צענדליקער און הונדערטער דאָקומענטאלע אנגאַבן, וואס זיינען פאַראן אין עקאָנאָמישן אָפּטייל פונם פעטערבורגער אויס-פירקאָמיטעט״ האָבן באַשטעטיקט, אז האַגאַם אין פיל ערטער האָבן די ראַטן פאַקטיש גענאָסן „די גאַנצע פולקייט פון דער מאַכט״, „האָבן זיי אין געביט פון קאַמף מיט דער צעשטערונג ניט געקאָנט דערגרייכן וויפל ניט איז באַ-פרידיקנדיקע רעזולטאַטן״. עס איז נויטיק אַן אַפּאַראַט, אַ „צעגלידערטער לויט די פּראָדוציר-געביטן, א שטרענג צענטראַליזירטער אין די גרעניצן פון יעדן געביט און אַן אונטערגעוואָרפענער אונטער אַן איינהייטלעכן אלמלוכישן צענטער״. „די זאַך״—זעט איר—„גייט ניט וועגן פארבייטן דעם אַלטן אפּאַראַט, נאָר בלויז

וועגן רעפאָרמירן אים... וויפל די באָלשעוויקעס זאלן ניט טרייבן כויזעק פון מענטשן מיט אַ פלאַן"...

די אלע געדאַנקען פון כ' באַזאַראָוו זיינען פּאָשעט וואונדערבאַר־הילפּ־לאָז, ווי אַ מוסטער פון די געדאַנקען פון דער בורזשואַזיע, ווי די אפשפיגלונג פון איר קלאַסן־שטאַנדפּונקט!

בעעמעס. ריידן, אז די ראַטן האָבן כאָטש ערגעץ וואו אין רוסלאַנד, כאטש ווען ניט איז פארמאָגט די „גאַנצע פּולקייט פון דער מאַכט" איז פּאָשעט לעכערלעך (אויב דאָס איז ניט קיין איבערכאַזערונג פונם אייגנוציקן קלאסן־שעקער פון די קאַפּיטאַליסטן). די גאַנצע פולקייט פון דער מאכט פאַדערט מאכט איבער דער גאַנצער ערד, איבער אלע בענק, איבער אלע פאַבריקן; אַ מענטש, וואָס איז וויפל ניט איז באַקאַנט מיט דער דערפאַרונג פון דער געשיכטע און מיט די אָנגאַבן פון דער וויסנשאַפט וועגן דעם צוזאמענהאַנג צווישן דער פּאָליטיק מיט דער עקאָנאָמיק, וואלט ניט געקאָנט „פארגעסן" אָט דעם „קליינינקן" אומשטאַנד.

דער ליגנערישער גאַנג פון דער בורזשואַזיע באשטייט דערין, וואס ניט געבנדיק די ראַטן קיין מאכט, סאַבאָטירנדיק יעדן ערנסטן טריט זייערן, איינהאַלטנדיק די רעגירונג אין די אייגענע הענט, איינהאַלטנדיק די מאַכט איבער דער ערד און איבער די בענק א. א. וו., לייגט זי ארויף די שולד פאַר דער צעשטערונג אַף די ראַטן!! דערין טאַקע באַשטייט די גאַנצע אָנ־פאנגלעכע דערפאַרונג פון דער קאָאַליציע.

קיינמאל האָבן די ראַטן די פולקייט פון דער מאכט ניט געהאַט, און קיין זאך אכוץ פּאַליאַטיוון און פארשטאַרקונג פונם פלאנטער האבן זייערע מאסמיטלען ניט געקאַנט געבן.

דערווייזן די באלשעוויקעס, וואס זיינען צענטראַליסטן לויט דער אי־בערצייגונג און לויט דער פּראָגראַם און אין דער טאַקטיק פון זייער גאנצער פּאַרטיי, דערווייזן זיי די נויטיקייט פון צענטראַליזם, הייסט בעעמעס זיך רייסן אין אַן אָפענער טיר. אויב די שרייבער פון „נאָוואַיאַ זשיזן" פּאַרנעמען זיך מיט אָט דער פּוסטער באַשעפטיקונג, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן לאַכלוטן ניט פארשטאַנען דעם זין און די באַדייטונג פון אונזער אָפּלאַכן פון זייער „אַלמלוכישן" שטאנדפונקט. און ניט פארשטאנען האבן עס די שריי־בער פון „נאָוואַיאַ זשיזן" דערפאר, ווייל די לערע וועגן קלאסן־קאמף אנער־קענען זיי נאָר מיט די ליפּן, און ניט מיטן סייכל. איבערכאַזערנדיק די אויס־געלערנטע ווערטער וועגן קלאסן־קאַמף, שלאָגן זיי זיך יעדע רעגע אראָפּ אַף אַ טעאָרעטיש־קאָמישן, פּראַקטיש־רעאקציאָנערן „איבערקלאסן־שטאַנדפונקט", אָנרופנדיק דידאָזיקע לאַקייאישקייט צו דער בורזשואַזיע מיטן נאמען „אלמלו־כישער" פלאַן.

די מלוכע, ליבע לייט, איז אַ קלאַסן־באַגריף. די מלוכע איז אַן אָרגאַן אָדער אַ מאַשין פון גוואַלטאַט פון איין קלאס איבערן אנדערן. קאָלזמאַן זי איז א מאַשין פאר גוואַלטאַט פון דער בורזשואַזיע איבערן פּראָלעטאַריאַט, אזוי לאַנג קאָן דער פּראָלעטאַרישער לאָזונג זיין נאָר איינער: צעשטערן דידאָ־

זיקע מלוכע. און ווען די מלוכע וועט זיין א פּראָלעטאַרישע, ווען זי וועט זיין א מאַשין פון גוואלטאַט פונם פּראָלעטאריאַט איבער דער בורזשואַזיע, דעמאלט זיינען מיר פולקום און אומבאדינגט פאַר א פעסטער מאַכט און פאר צענ־טראַליזם.

ריידנדיק פּאָפּולערער: ניט פון די „פלענער" לאכן מיר, נאָר פון דעם, וואס באַזאראָוו און קאמפּ. פארשטייען ניט, אז אָפּלייקענענדיק דעם „ארבע־טער־קאָנטראָל", אפלייקענענדיק די „דיקטאטור פון פּראָלעטאריאַט", שטייען זיי פאר דער דיקטאטור פון דער בורזשואַזיע. קיין מיטן איז ניטאָ, דער מיטן איז א פוסטער טרוים פון א קליינבירגערלעכן דעמאָקראט.

קעגן צענטראליזם פון די ראַטן, קעגן זייער פאַרייניקונג האט קיין איין צענטר, קיין איין באָלשעוויק קיינמאָל ניט געשטרייט. קעגן פאבריק־זאוואָדישע קאָמיטעטן לויט די פּראָדוקציע־געביטן און קעגן זייער צענטראלי־זירונג דערווידערט קיינער פון אונז ניט. באַזאראָוו שיסט פאַרביי.

מיר לאַכן, מיר האָבן געלאכט און וועלן לאַכן ניט פון „צענטראַליזם" און ניט פון די „פלענער", נאָר פונם רעפאָרמיזם. ווייל דער רעפאָרמיזם אייערער איז נאך מער לעכערלעך נאָך דער דערפאַרונג פון דער קאָאַליציע. און זאָגן: „ניט פאַרבייטן דעם אפּאַראט, נאָר רעפאָרמירן" הייסט זיין אַ רע־פאָרמיסט, הייסט ווערן ניט קיין רעוואָלוציאָנערער, נאָר א רעפאָרמיסטישער דעמאָקראט. דער רעפאָרמיזם איז ניט קיין אנדער זאַך, ווי האנאָכעס מיצאד דעם רעגירנדיקן קלאס, און ניט די שטירצונג זיינע, ער גיט האנאָכעס און די מאַכט פארבלייבט בא אים.

דאס איז גראד דאָס, וואס איז אויסגעפּרואווט געווארן דורך דער האלב־יאָריקער קאָאַליציע.

דערפון לאכן מיר טאַקע. באזאראָוו האָט ניט דורכגעטראַכט די לערע וועגן קלאַסן־קאמף און האט זיך געלאָזט פאַנגען דורך דער בורזשואַזיע, וועל־כע זינגט אין כאָר: „אָט, אט טאַקע אזוי, מיר זיינען גראָד ניט קעגן רעפאר־מירן, מיר זיינען פאר דעם אָנטייל פון די ארבעטער אין אַלמלוכישן קאָנ־טראָל, מיר זיינען אינגאנצן מאַסקים", און דער גוטער באַזאראָוו שפּילט אָביעקטיוו די ראָלע פון א אונטערזינגערל פון די קאפּיטאליסטן.

אזוי איז טאָמיד געווען, אַזוי וועט טאָמיד זיין מיט מענטשן, וואס פּרואוון זיך אין אַ סיטואַציע פון שאַרפן קלאַסן־קאמף פארנעמען אַ „מיטעלע" פּאָזיציע. און גראָד דערפאַר, וואס די שרייבער פון „נאָוואיאַ זשיזן" זיינען ניט אימ־שטאנד צו פארשטיין דעם קלאסן־קאמף, איז זייער פּאָליטיק אזא לעכערלעכע, אייביקע וואקלעניש צווישן דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט.

נעמט זיך נאָר פאַר די „פלענער", ליבע בירגער, דאָס איז ניט קיין פּאָליטיק, דאָס איז ניט קיין זאַך פון קלאַסן־קאַמף. דאָ קאָנט איר ברענגען דעם פאָלק נוצן. בא אייך אין דער צייטונג זיינען פאַראַן אַסאַך עקאָנאָמיסטן. פאַרייניקט אייך מיט אזוינע אינזשענערן א. א. וו., וואָס זיינען גרייט אַן אַרבעט צו טאָן איבער די פראַגן פון רעגולירן די פּראָדוקציע און פאַרטיילונג, גיט אָפּ אַ צוגאָב־בויגן פון אייער גרויסן „אפּאַראט" (פון דער צייטונג) אָף זאַכלעכער

פאנאנדעראַרבעטונג פון די פּינקטלעכע אנגאבן וועגן דער פּראָדוקציע און פּראָדוקטן־פאַרטיילונג אין רוסלאַנד, וועגן בענק און סינדיקאַטן א. אַ. וו., א. א. וו. — אָט וואו איר וועט ברענגען נוצן דעם פאָלק, אָט וואו אייער זיצן צווישן צוויי שטולן וועט זיך ניט אַזוי שטאַרק לאָזן פילן, אָט וואו אייער אַר־בעט אין געביט פון „פּלענער" וועט אַרויסרופן ניט קיין שפּאָט, נאָר דאַנק־באַרקייט מיצאַד די אַרבעטער.

דער פּראָלעטאַריאַט וועט אַזוי טאָן, ווען ער וועט זיגן: ער וועט אַוועק־זעצן די עקאָנאָמיסטן, אינזשענערן, אַגראָנאָמען א. אַ. וו., אונטערן קאָנ־טראָל פון אַרבעטערשע אָרגאַניזאַציעס, אַז זיי זאָלן אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, זאָלן אים דורכקאָנטראָלירן, זאָלן אויסזוכן די מיטלען און אויפאַנים פאַרן סאַ־מע איינפאַכן, ביליקן, באַקוועמען און אוניווערסאַלן קאָנטראָל. מיר וועלן דערפאַר באַצאָלן די עקאָנאָמיסטן, סטאַטיסטיקער, טעכניקער גוטע געלט, אָבער... אָבער מיר וועלן זיי ניט געבן צו עסן, אויב זיי וועלן ניט אויספילן דידאָזיקע אַרבעט ערלעך און אין דער פולער מאָס אין די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע.

מיר זיינען פאַר צענטראַליזם און פאַר א „פּלאַן", אָבער פאַר צענטראַ־ליזם און פאַר א פּלאַן פון דער פּראָלעטאַרישער מלוכע, פון דער פּראָלעטאַרישער רעגולירונג פון דער אינדוסטריע און פאַרטיילונג אין די אינ־טערעסן פון די אָרימע, פון די ארבעטנדיקע און עקספּלואטירטע, קעגן די עקספּלואטאטאָרן. אונטערן נאָמען „אַלמלוכישע" זיינען מיר מאַסקים צו פאַרשטיין בלויז דאָס, וואָס עס צעברעכט דעם ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטן, וואָס עס גיט די גאַנצע פולקייט פון דער מאַכט דער מערהייט פון פאָלק, ד. ה. די פּראָלעטאריער און האַלב־פּראָלעטאַריער, די אַרבעטער און אָרימסטע פויערים.

* * *

דער פינפטער אַרגומענט באַשטייט דערין, וואָס די באָלשעוויקעס וועלן ניט איינהאַלטן די מאַכט, ווייל „די סיטואַציע איז אַן אויסשליסלעך קאָמפּלי־צירטע".

אָ, כאַכאָמים! זיי זיינען, עפשער, גרייט שאָלעם צו ווערן מיט דער רע־וואָלוציע,—אבער אָן אַן „אויסשליסלעך קאָמפּליצירטער סיטואַציע".

אַזוינע רעוואָלוציעס קומען ניט פאָר, און קיין זאַך, אַכוץ רעאקציאָנערע לאַ־מענטאַציעס (וויי־געשריי׳ען) פון אַ בורזשואזן אינטעליגענט, איז ניטאָ אין די זיפצעניש נאָך אזא רעוואָלוציע. אויב אַפילע די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגע־הויבן באַ א סיטואציע, וואָס זעט אויס צו זיין ניט זייער קיין קאָמפּליצירטע, שאַפט די רעוואָלוציע גופע אין איר אנטוויקלונג שטענדיק אַן אויסשליס־לעך קאָמפּליצירטע סיטואַציע. ווייל אַ רעוואָלוציע, אַן עכטע, אַ טיפע, א „פאָלקס־רעוואָלוציע", לויטן אויסדרוק פון מאַרקסן, איז אַן אומגלויבלעך קאָמפּלי־צירטער און קרענקלעכער פּראָצעס פון אָפּשטאַרבונג פון דער אַלטער און געבורט פון א נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג און לעבנסשטייגער פון צענדליקער מיליאָנען מענטשן. א רעוואָלוציע איז דער סאַמע שאַרפער, וויל־

דער, פארביטערטער קלאַסן-קאמף און בירגער-קריג. קיין איין גרויסע רעוואָלוציע אין דער געשיכטע איז זיך ניט באגאנגען אָן א בירגער-קריג. און מיינען, אז א בירגער-קריג קאָן מען זיך פאָרשטעלן אָן אן „אויסשליסלעך קאָמפליצירטער סיטואציע", קאָנען נאָר מענטשן אין א פוטליאר (שיידל).

ווען עס זאָל ניט זיין קיין אויסשליסלעך קאָמפליצירטע סיטואציע, וואָלט ניט געווען אויך קיין רעוואָלוציע. אויב מוירע האָבן פאַר וועלף—דארף מען אין וואַלד ניט גיין.

אינם פינפטן אַרגומענט איז גאָר ניטאָ וואָס פאנאנדערצוקלייבן, ווייל אין אים איז ניטאָ קיין שום ניט קיין עקאָנאָמישער, ניט קיין פּאָליטישער, ניט ביכלאל קיין וועלכער ס'איז אַנדערער געדאנק. אין אים זיינען פאַראַן נאָר זיפצערייען פון מענטשן, וואָס זיינען פארומערט און אָנגעשראָקן פון דער רעוואָלוציע. אף צו כאַראַקטעריזירן דידאָזיקע זיפצעריי, וועל איך זיך דערלויבן צוויי קלייניקע פערזענלעכע דערינערונגען.

אַ שמועס מיט א רייכן אינזשענער מיט א קורצער צייט פאַר די יולי-טעג. דער אינזשענער איז אַמאָל געווען א רעוואָלוציאָנער, געווען א מיטגליד פון דער סאָציאַל-דעמאָקראטישער און אַפילע פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. איצט איז ער אינגאנצן—איין דערשרעק, איין קאעס אַף די שטורמענדיקע און ניט איינגעצוימטע אַרבעטער. ווען דאָס וואָלטן נאָך געווען אַזוינע אַרבעטער, ווי די דייטשישע,—זאָגט ער (אַ מענטש א געבילדעטער, פלעגט זיין אין אויסלאַנד),—פאַרשטיי איך, נאַטירלעך, ביכלאל די נויטוועדיקייט פון א סאָציאַלער רעוואָלוציע, אָבער באַ אונז, באַ דעם געפאלענעם ניווא פון ארבעטער, וואָס די מילכאָמע האָט געבראכט... איז עס ניט קיין רעוואָלוציע, דאָס איז אַ טהאָם.

ער וואָלט גרייט געווען צו אַנערקענען די סאָציאלע רעוואָלוציע, ווען די געשיכטע וואָלט צוגעפירט צו איר פונקט אזוי פרידלעך, רואיק, גלאט און אַקוראט, ווי עס גייט צו צו א סטאַנציע אַ דייטשישער קוריער-צוג. אן אנשטענדיקער קאָנדוקטאָר עפנט אויף די טירלעך פון וואַגאָן און רופט אויס: „סטאַנציע סאָציאלע רעוואָלוציע". Alle austeigen (אלע דארפן ארויסגיין). דעמאָלט איז פארוואָס זאל מען ניט אריבערגיין פון דער לאגע פון א אינזשענער באַ די טיט טיטיטשעס*) אף דער לאגע פון א אינזשענער באַ ארבעטער-ארגאניזאציעס.

דערדאָזיקער מענטש האָט געזען שטרייקן. ער ווייסט, וואָס פאר א שטורעם פון ליידנשאפטן עס רופט ארויס שטענדיק, אפילע אין דער סאמע פרידלעכער צייט, דער סאַמע געוויינלעכער שטרייק. ער פארשטייט, נאטירלעך, אין וויפל מיליאָן מאָל עס דארף זיין שטארקער דערדאָזיקער שטורעם, ווען דער קלאסן-קאמף האָט אויפגעהויבן דאָס גאנצע האָרעפאשנע פאָלק פון א גוואלטיק לאנד, ווען די מילכאָמע און די עקספּלואטאציע האָבן דערפירט קימאט ביז פאַרצווייפלונג מיליאָנען מענטשן,

*) טיט טיטיטש—העלד פון אסטראָווסקיס קאָמעדיע—א סוחער, א דעספּאָט אין זיין פאמיליע.

וואָס אין מעשעך פון הונדערטער יאָרן זיינען זיי געמאטערט געוועזן פון די פריצים, אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן געררויבט און דערשלאגן פון די קאפיטאליסטן און פון די צארישע באאמטע. ער פארשטייט דאָס אלץ „טעאָרעטיש”, ער אנערקענט דאָס אלץ נאָר מיט די ליפן, ער איז פּאָשעט דערשראָקן פון דער „אויסשליסלעך קאָמפּליצירטער סיטואציע”.

נאָך די יולי-טעג איז מיר אויסגעקומען, אדאנק דער באזונדערס זאָרג-פולער אויפמערקזאמייט, מיט וועלכער עס האָט מיך באערט קערענסקיס רע-גירונג, אוועקצוגיין אין דער אונטערערד. באהאלטן אונזערן א מענטשן האָט, פארשטייט זיך, אן ארבעטער. אין א וויטן ארבעטערשן פאָרשטאט פון פּיטער, אין א קליינינקער ארבעטער-וואוינונג דערלאנגט מען מיטאָג. די באלעבאסטע ברענגט ברויט. דער באלעבאס זאָגט: „זע נאָר, ס'ארא שיין ברויט. איצט, זעסטו, דערוועגן „זיי” זיך ניט צו געבן שלעכט ברויט. מיר האָבן גאָר געהאט פאר-געסן אָפילע צו טראכטן, אז מע קאָן געבן אין פּיטער גוט ברויט”.

מיך האָט פארוואונדערט אָט די קלאסן-אָפּשאַצונג פון די יולי-טעג. מיין געדאנק האָט זיך געדרייט ארום דער פּאָליטישער באַדייטונג פון דער געשעעניש, האָט אָפּגעוואויגן די ראָלע אירע אינם אלגעמיינעם גאנג פון געשעענישן, האָט פאנאנדערגעקליבן, פון וואָס פאר א סיטואציע איז ארויסגעשוואומען דערדאָזיקער זיגזאג פון דער געשיכטע און וואס פאַר א סיטואציע ער באשאפט, ווי אזוי דארפן מיר ענדערן אונזערע לאָזונגען און אונזער פארטיי-אפאראט, קעדיי צוצופאסן זיך צו דער געענדערטער לאגע. וועגן ברויט האָב איך, א מענטש, וואָס האָט קיין נויט ניט געזעען, ניט געטראכט. דאָס ברויט איז פאר מיר געקומען ווי אליין פון זיך, עפּעס א מין זייטיקער פּראָדוקט פון דער שריי-בערשער ארבעט. צום איקער פון אלץ, צום קלאסן-קאַמף פארן ברויט קומט דער געדאַנק צו דורכן פּאָליטישן אנאליז אף זייער א קאָמפּליצירטן און פאר-פּלאָנטערטן וועג.

און דער פאָרשטייער פונם אונטערדריקטן קלאס, האגאם פון די גוט-באַצאָלטע און פולקום אינטעליגענטע ארבעטער, דערטאַפּט גלייך דעם איקער (נעמט דעם אָקס גלייך פאר די הערנער), מיט דער וואונדערבארער איינפאכקייט און גראדקייט, מיט דער פעסטער אנטשלאָסנקייט, מיט דער וואונדערבארער קלאָרקייט פון קוק. וואָס אונזערן א מענטשן, א אינטעליגענט, איז ווייט דערצו, ווי צו א שטערן אין הימל. די גאנצע וועלט טיילט זיך אַף צוויי לאַגערן: „מיר”, אַרבעטנדיקע, און „זיי”—עקספּלואטאטארן. קיין שאָטן באַאומרואיקונג מיקוייעך דעם, וואָס איז פאָרגעקומען: איינע פון די שלאכטן אינם לאנגן קאמף צווישן דער ארבעט מיטן קאַפּיטאַל. אַז מע האַקט אַ וואלד—פליען שפענער.

ס'אַרא קרענקלעכע זאַך עס איז אט די „אויסשליסלעך קאָמפּליצירטע סיטואַציע” פון דער רעוואָלוציע—אזוי טראכט און פילט דער בורזשואזער אינטעליגענט.

מיר האָבן „זיי” אַ קוועטש געטאָן, זיי האָבן ניט קיין „האָזע” פרעך צו זיין, ווי פריער. מיר וועלן נאָך אַביסל אַ קוועטש טאָן—וועלן מיר אַראָפּ-ווארפן אינגאַנצן—אַזוי טראַכט און פילט דער ארבעטער.

* * *

דער זעקסטער און לעצטער אַרגומענט: דער פּראָלעטאַריאַט „וועט ניט פּעאיק זיין זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם גאַנצן אָנגריף פון פיינטלעכע קויכעס, וואָס וועט אַראָפּשמייסן ניט נאָר די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, נאָר פאר אַ צוגאָב אויך די גאַנצע רעוואָלוציע".

סטראַשעט ניט, מיינע הערן, איר וועט ניט פאַרשרעקן. מיר האָבן שוין געזען אָט די פיינטלעכע קויכעס און זייער אָנגריף אין דער קאָרנילאָוויאַדע (פון וועלכער עס אונטערשיידט זיך מיט קיין זאַך ניט די קערענסקיאַדע). ווי אַזוי דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס אָרימסטע פויערטום האָבן אַראָפּגעשמיסן די קאָרנילאָוויאַדע, אין וואָס פאַר א נעבעכדיקן און הילפלאָזן צושטאַנד עס זיינען געבליבן די אָנהענגער פון דער בורזשואזיע און די ניט פילצאָליקע פאַרשטייער פון די באַזונדערס פאַרמעגלעכע און באַזונדערס „פיינטלעכע" צו דער רעוואָלוציע אָרטיקע שיכטן קליינע ערדבאַזיצערס, — דאָס האָבן אַלע געזען, דאָס געדענקט דאָס פאָלק. די „דיעלא נאַראָדא" פון 30 סענטיאַבר רעדט איין די אַרבעטער „איבערצולייַדן" די קערענסקיאַדע (ד. ה. די קאָרנילאָוויאַדע) און די געפּעלישטע צערעטעלישע בוליגינשע דומע ביז דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג (וואָס ווערט צוניפגערופן אונטער דער שוץ פון „קריגס - מיטלען" קעגן אויפשטייענדיקן פויערטום!); פאַרכלינייענדיק זיך, כאַזערט די „דיעלא נאַראָדא" איבער גראָד דעם זעקסטן אַרגומענט פון „נאָוואיא זשיזן", און זי שרייט ביז הייזעריקייט: „קערענסקיס רעגירונג וועט זיך אין קיין פאַל ניט אונטערגעבן (דער מאַכט פון די ראַטן, דער מאַכט פון אַרבעטער און פויערים, וואָס קעדיי ניט אָפּצושטיין פון די פּאָגראָמען - מאַכערס און אַנטיסעמיטן, מאָנאַרכיסטן און קאַדעטן, רופט זי די „דיעלא נאַראָדאַ" די מאַכט פון „טראָצקין און לענינען": אָט צו וואָס פאַר א מיטלען עס דערגייען די עסערן!!!).

אָבער ניט „נאָוואיא זשיזן", ניט „דיעלאָ נאַראָדא" וועלן די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער ניט פאַרסטראַשען. „קערענסקיס רעגירונג", — זאָגט איר, — „וועט זיך אין קיין פאַל ניט אונטערגעבן", ד. ה. זי וועט איבערכאַזערן די קאָרנילאָוויאַדע, ריידנדיק פּאָשעטער, גראָדער, קלאָרער, און די הערן פון „דיעלאָ נאַראָדא" האָבן די האָזע צו ריידן, אַז דאָס וועט קלוימערשט זיין א „בירגער-קריג", אַז דאָס זיינען קלוימערשט „שוידערהאַפטיקע פּערספּעקטיוון".

ניין, מיינע הערן, איר וועט ניט אָפּנאַרן די אַרבעטער. דאָס וועט זיין ניט קיין בירגער-קריג, נאָר דער האָפענונגלאָזעסטער בונט פון א הייפל קאָרנילאָוויסטן: אָדער עפּשער ווילן זיי זיך „ניט אונטערוואַרפן" דעם פאָלק און אומבאַדינגט פּראָוואָצירן אים אף אַן איבערכאַזערונג אין א ברייטן מאַסשטאַב פון דעם, וואָס עס איז אין וויבאָרג געוועזן בענויגייע די קאָרנילאָוויסטן, אויב די עסערן ווילן דאָס, אויב דער מיטגליד פון דער עסערישער פּאַרטיי קערענסקי וויל דאָס, — קאָן ער דערפירן דערצו, אַז דאָס פאָלק זאָל אַרויס פון

די קיילים. אָבער די ארבעטער און סאָלדאטן וועט איר דערמיט, מיינע הערן, ניט פארשרעקן.

וואָס פאר אַ גרעניצלאָזע פרעכקייט! מע האט נאָכגעמאַכט אַ נייע בו־ליגינשע דומע, מיט דער הילף פון פעלשונגען האָט מען אָנגעקליבן זיך צו הילף די רעאַקציאָנערע קאָאָפּעראַטאָרן, די דאָרפישע באַלעגופים, מע האט צוגעגעבן צו זיי די קאַפּיטאַליסטן און פריצים (וואס מע רופט צענז-עלעמענטן) און מע וויל מיט דערדאָזיקער באַנדע קאָרנילאָוויסטן אַרונטערייסן דעם ווילן פון פאָלק, דעם ווילן פון די אַרבעטער און פויערים.

מע האט אין אַ פויעריש לאַנד דערפירט דערצו, אַז אומעטום גיסט זיך פאַנאַנדער ווי אַ ברייטער טייך דער פויערשער אויפשטאַנד! טוט אַ טראַכט: אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד, מיט 80 פּראָצענט באפעלקערונג פויערים האט מען זיי דערפירט צו אַ פויערשן אויפשטאַנד... דיזעלביקע „דיעלאָ נאַראָדאַ", טשערנאָווס ציַיטונג, דער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי „סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָ־נערן", וואס האט דעם 30־טן סעפּטעמבער געהאַט די אומפארשעמטקייט צו ראַטן די אַרבעטער און פויערים „איבערצולײַדן", איז געצוואונגען געווען אינם לייט־אַרטיקל פון 29־טן סעפּטעמבער זיך מודיע זיין:

„קימאַט קיין זאַך איז ניט געטאָן געוואָרן ביז דער איצטיקער צייט אַף צו פאַרניכטן די פארשקלאַפונגס־באַציאונגען, וועלכע הערשן נאָך אַלץ אין דאָרף — גראָד פון צענטראַל־רוסלאַנד".

דיזעלביקע „דיעלאָ נאַראָדאַ" זאָגט אין דעמזעלביקן לייטאַרטיקל פון 29־טן סעפּטעמבער, אַז די „סטאָליפּינשע *) קלעם לאָזט זיך נאָך שטאַרק פילן". אין די מאָסמיטלען פון די „רעוואָלוציאָנערע מיניסטאָרן", ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער, קלאָרער און פּאָשעטער גערעדט, רופן זיי אָן מיטן נאָמען „סטאָ־ליפיניסטן קערענסקין, ניקיטינען, קישקינען און קאָמפּ.

די „סטאָליפּיניסטן" קערענסקי און קאָמפּ. האבן דערפירט די פויערים ביז צו אַן אויפשטאַנד, זיי פירן איצט איין „קריגס־מיטלען" קעגן די פויערים, טרייסטן דאס פאָלק מיטן צוזאמענרוף פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג (האַגאַם קערענסקי און צערעטעלי האבן שוין איינמאָל אָפּגעגנארט דאס פאָלק, פיי־ערלעך צוזאָגנדיק דעם 8־טן יולי, אַז די גרינדונגס־פאַרזאמלונג וועט צונויפ־געקליבן ווערן צום טערמין, דעם 17־טן סעפּטעמבער, און דערנאָך האבן זיי אויווערגעווען אַף זייער וואָרט און האבן אָפּגעלייגט די גרינדונגס־פארזאמלונג קעגן די אייצעס אפילע פונם מענשעוויקדאַן, זיי האָבן אָפּגעלייגט די גרינדונגס־פארזאמלונג ניט אַפן סאָף אָקטיאַבער, ווי עס האָט גע־וואָלט דער דאמאָלסדיקער מענשעוויסטישער צ. א. ק., נאָר אַפן סאָף נאָיאַבער). די „סטאָליפּיניסטן" קערענסקי און קאָמפּ. טרייסטן דאס פאָלק מיטן גיכן צו־זאמענרוף פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג, פונקט ווי דאס פאָלק קאָן גלויבן די, וואס האבן שוין איינמאָל געלייגט אין אַזאַ זאַך, פונקט ווי דאס פאלק קאָן גלויבן אינם ריכטיקן צוזאמענרוף פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג דורך דער

*) סטאָליפּין — ניקאָלאַיס א מיניסטער, וועלכער האט רעגירט בעשאס דער רעאַקציע נאָך 1905—1907־טן יאר.

רעגירונג, וואס פירט איין קריגס-מיטלען אין די פארוואָרפענע דערפער, ד. ה. וואס פאַרדעקט בעפיירעש די ווילקירלעכע אַרעסטן פון די באַוואוסטזיניקע פויערים און די פּאַלסיפיצירונג פון די וואלן.

דערפירן די פויערים ביז אַן אויפשטאנד — און האבן די אומפארשעמט־קייט צו זאגן זיי: מע דאַרף „איבערליידן", מע דארף צוואווארטן, פארטרויען זיך דער רעגירונג, וואס שטילט איין מיט „קריגס-מיטלען" די אויפגעשטאַנענע פויערים!

דערפירן די זאַך ביזן אומקומען פון הונדערטער טויזנטער רוסישע סאָלדאַטן בעשאַסן אָנגריף נאָכן 19-טן יוני, ביז צום פארציען די מילכאָמע, ביז אַן אויפשטאנד פון די דייטשישע מאַטראָסן, וואס ווארפן אין וואסער ארייין זייערע שעפן, דערפירן די זאַך דערצו, פּראַזירנדיק די גאנצע צייט וועגן שאָלעם און ניט פּאָרלייגנדיק אַלעמען, ווער עס פירט מילכאָמע — קיין גערעכטיקן שאָלעם, — און האבן די אומפארשעמטקייט צו זאָגן די אַרבעטער און פויערים, זאָגן די אומקומענדיקע סאָלדאטן: „מע מוז איבערליידן", פאַרטרויט אייך, הייסט עס, דער רעגירונג פונם „סטאָליפּיניסט" קערענסקי, פאַרטרויט אייך נאָך אַף אַ כוידעש די קאָרנילאָווושע גענעראלן, עפשער וועלן זיי אין מעשעך פונם כוידעש אַוועקגעבן אַף שכיטע נאך עטלעכע צענדליק טויזנט סאָלדאטן... „מע מוז איבערליידן".

איז דאס ניט קיין אומפארשעמטקייט?

ניין, הערן עסערן, קערענסקיס קאָלעגן לויט דער פאַרטיי, איר וועט ניט אָפּנאַרן די סאָלדאטן.

קיין איין טאָג, קיין איין איבעריקע שאָ וועלן ניט ליידן קערענסקיס רעגירונג די ארבעטער און סאָלדאַטן, ווײלכע ווייסן, אַז אַ ראַטן-רעגירונג וועט געבן אַ באַלדיקן פאָרשלאַג פון אַ גערעכטיקן שאָלעם אַלעמען, ווער עס פירט די מילכאָמע, וועט אַלזאָ לויט דער גאנצער וואָרשיינלעכקייט געבן אַ באַלדיקן וואָפן-שטילשטאנד און אַ גיכן שאָלעם.

קיין איין טאָג, קיין איין איבעריקע שאָ וועלן ניט פארליידן די סאָלדאטן פון אונזער פויערשער ארמיי, אז עס זאל, קעגן דעם ווילן פון די ראטן, פארבלייבן קערענסקיס רעגירונג, וואס שטילט איין מיט קריגס-מיטלען דעם פויערשן אויפשטאַנד.

ניין, הערן עסערן, קערענסקיס קאָלעגן לויט דער פאַרטיי, איר וועט ניט אָפּנארן מער די ארבעטער און פויערים.

* * *

אין דער פראגע וועגן דעם אָנגריף פון די פיינטלעכע קויכעס, וואס, לויט ווי עס פארזיכערט די אַף טויט דערשראָקענע „נאָוואַיאַ זשיזן", וועט אראָפּשווענקען די דיקטאַטור פון פראָלעטאריאַט, איז פאַראַן נאָך איין מעשוגעדיקער לאָגישער און פּאָליטישער פעלער, וועלכן עס קאָנען ניט זעען בלויז מענטשן, וואס האבן זיך געלאָזט פארשרעקן קימאַט ביז ווערן כאָסער דייע.

„דער אָנגריף פון די פיינטלעכע קויכעס וועט אַראָפּשמייסן די דיקטאַ=טור פון פּראָלעטאַריאַט", — זאָגט איר. גוט. איר זייט אָבער אַלע עקאָנאָמיסטן און געבילדעטע מענטשן, ליבע מיטבירגער. איר אַלע ווייסט, אַז אַנטקעגנ=שטעלן די דעמאָקראַטיע — דער בורזשואַזיע איז אַן אומזין און אַמאַראַצעס, אַז דאס איז דאָסזעלביקע, ווי אַנטקעגנשטעלן פּודן קעגן אַרשינען. ווייל עס טרעפט אַ דעמאָקראַטישע בורזשואַזיע און ניט-דעמאָקראַטישע (וואס זיינען פּעאיק אַף אַ וואנדייע *) שיכטן פון דער קליינבורזשואַזיע.

„די פיינטלעכע קויכעס"—דאָס איז אַ פראַזע. דער קלאסן-באַגריף אָבער איז—די בורזשואַזיע (פאר וועלכער עס האַלטן אויך די פּריצים).

די בורזשואַזיע מיט די פּריצים; דער פּראָלעטאַריאַט; די קליין-בורזשואַזיע, די קליינע באַלעבאַטימלעך, אין דער ערשטער ריי דאס פּויערטום — אַט דאָס זיינען די דריי גרונט-„קויכעס", אַף וועלכע עס צעטיילט זיך רוסלאַנד, פּונקט ווי יעדעס קאַפּיטאַליסטישע לאַנד. אַט דאָס זיינען די דריי גרונט=„קויכעס", וועלכע זיינען שוין לאַנג באַוויזן געוואָרן אין יעדן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד (אויך אין רוסלאַנד) ניט נאָר דורכן וויסנשאַפטלעך-עקאָנאָמישן אַנאַליז, נאָר אויך דורך דער פּאָליטישער דערפאַרונג פון דער גאַנצער נייס-טער געשיכטע פון אַלע לענדער, דורך דער דערפאַרונג פון אַלע אייראָפּע-אישע רעוואָלוציעס פונם 18=טן יאָר־הונדערט אָן, דורך דער דערפאַרונג פון די צוויי רוסישע רעוואָלוציעס פון 1905 און 1917=טן יאָרן.

אַלזאָ, איר דראָעט די פּראָלעטאַריער דערמיט, וואס זייער מאכט וועט אַראָפּשמייסן דער אָנגריף פון דער בורזשואַזיע? דערין און נאָר דערין באַ-שטייט אין סאכאַקל אייער דראָאונג, מער קיין שום אינהאלט איז אין איר ניטאָ.

גוט. אויב, לעמאָשל, די בורזשואַזיע קאָן אַראָפּשמייסן די מאכט פון די ארבעטער און אָרימסטע פּויערים, איז דעמאָלט בלייבט קיין זאַך ניט, אַכוץ אַ „קאָאַליציע", ד. ה. אַ בונד אָדער אַן אויסגלייך פון די קליינבירגער מיט דער בורזשואַזיע, קיין שום אַנדער זאַך קאָן מען זיך אַפילע ניט פאָר-שטעלן!!

און די קאָאַליציע איז דאָך אויסגעפּרואווט געוואָרן אין מעשעך פון אַ האלב יאָר. זי האט געבראכט צו אַ קראַך, און איר אליין, מיינע ליבע, אָבער אומפעאיקע צו טראכטן בירגער פון „נאָוואַיאַ זשיזן", האט זיך פון דער קאָאַ-ליציע אָפּגעזאָגט.

איז וואָס באַקומט זיך?

איר האט זיך אזוי פארפּלאָנטערט, בירגער פון „נאָוואיא זשיזן", איר האט זיך אזוי געלאָזן פארשרעקן, אז אין דעם סאמע פּאָשעטן געדאנק וועגן אַ כעשבן אפילע ניט ביז פינף, נאָר ניט מער, ווי ביז דריי, קאָנט איר קיין עק מיט קיין עק ניט צונויפפירן.

אָדער די גאנצע מאכט דער בורזשואַזיע — דאס פּאַרטיידיקט איר שוין לאַנג ניט. און די בורזשואַזיע אליין האט אפילע ניט די האָזע א וואָרט צו

*) א געגנט אין פראנקרייך, וואו ס'איז פארגעקומען אַ פּויערשער אויפשטאנד אנטקעגן דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע.

ריידן וועגן דעם, וויסנדיק, אז שוין דעם 20-טן—21-טן אַפּריל האט דאס פאָלק אזא מאכט אַראָפּגעװארפן מיט איין ריר פונם אָקסל און וועט איצט אַראָפּװארפן דריימאָל אנטשלאָסענער, אומראכמאָנעסדיקער. אָדער די מאכט פון דער קליין-בורזשואזיע, ד. ה. אַ קאָאַליציע (אַ בונד, אַן אויסגלייך) צווישן איר מיט דער בורזשואזיע, ווייל זעלבשטענדיק און אומאָפּהענגיק וויל ניט די קליין-בורזשואזיע קיין מאכט און זי קאָן זי ניט נעמען, ווי עס האט באוויזן די דערפאַרונג פון אַלע רעוואָלוציעס, ווי עס דערווייזט אויך די עקאָנאָמישע וויסנשאפט, וועלכע דערקלערט, אז אין אַ קאפּיטאליסטיש לאַנד קאָן מען זיין אַפן צאַד פונם קאפּיטאל, מע קאָן זיין אַפן צאַד פון ארבעט, אָבער אין מיטן איינהאלטן זיך קאָן מען ניט. דידאזיקע קאָאַליציע האט אין רוסלאנד אין מעשעך פון אַ האלב יאָר אויסגעפּרואווט ניט איין צענדליק מיטלען און איז דורכגעפאלן.

אָדער, צולעצט, די גאנצע מאכט די פּראָלעטאריער און אָרימסטע פּויערים קעגן דער בורזשואזיע, קעדיי צו צעברעכן איר ווידערשטאנד. דאס איז נאָך ניט אויסגעפּרואווט געווארן, און דאס, מיינע הערן פון „נאָוואיא זשיזן", ראַ ט איר ניט דעם פאלק, פארשרעקנדיק אים מיט אייער אייגענער פארשראָקנקייט פאר דער בורזשואזיע.

קיין שום פערטע זאך קאָן מען אפילע ניט אויסטראכטן.

אלזאָ, אויב די „נאָוואיא זשיזן" האט מוירע פאר דער דיקטאטור פונם פּראָלעטאריאט און זאָגט זיך פון איר אָפּ צוליב דעם, וואס עס איז קלוימערשט מעגלעך, אז די פּראָלעטארישע מאכט זאָל געשלאגן ווערן דורך דער בורזשואזיע, איז דאס גלײַכן צום אומקערן זיך באהאלטענערהייט אף דער פּאָזיציע פון פשאָרעמאכערײַ מיט די קאפּיטאליסטן. עס איז קלאָר, ווי דער טאָג, אז ווער עס האט מוירע פאר א ווידערשטאנד, ווער עס גלויבט ניט אין דער מעגלעכקייט צו צעברעכן דעמדאָזיקן ווידערשטאַנד, ווער עס לערנט דאס פאלק: האט מוירע פארן ווידערשטאנד פון די קאפּיטאליסטן, איר וועט זיך מיט זיי קיין אייצע ניט געבן, — דער רופט דערמיט אליין ווידעראמאָל צו פשאָרעמאכעריי מיט די קאפּיטאליסטן.

הילפלאָז און נעבעכדיק האט זיך פארפּלאָנטערט די „נאָוואיא זשיזן", פּונקט ווי עס האבן זיך איצט פארפּלאָנטערט אלע קליינבירגערלעכע דעמאָקראטן, וועלכע זעען דעם קראך פון דער קאָאַליציע, וועלכע דערוועגן זיך ניט אָפן זי צו פארטיידיקן, און אין דערזעלביקער צייט האבן זיי, פארטיידיקטע דורך דער בורזשואזיע, מוירע פאר דער אלמעכטיקייט פונם פּראָלעטאריאט און אָרימסטן פויערטום.

* * *

מוירע האבן פארן ווידערשטאנד פון די קאפּיטאליסטן און אין דערזעלביקער צייט אָנרופן זיך מיטן נאָמען רעוואלוציאָנער, וועלן זיך רעכענען פאר א סאָציאליסט — וואס פאר א שאנד דאס איז! וואס פאר א אידייאישער פאלן פונם אלוועלטלעכן סאָציאליזם, איבערגעפירט דורכן אָפּאָרטוניזם, איז נויטיק, אז עס זאלן זיך קאָנען באוויזן אזוינע שטימען!

די ווידערשטאַנד-קראַפט פון די קאַפּיטאַליסטן האָבן מיר שוין געזעען. דאָס גאַנצע פאָלק האָט עס געזעען, ווייל די קאַפּיטאַליסטן זייַנען באַוואוסטזיניקער פון אנדערע קלאַסן און האָבן גלייך פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די ראַטן, זיי האָבן גלייך אָנגעשטרענגט אַלע זייערע קויכעס ביז דער לעצטער מאַדרייגע, זיי האָבן געלאָזן אין גאַנג אלץ און אלעמען, האָבן זיך אוועקגעלאָזן אף אלע וועגן, זייַנען דערגאַנגען ביז צו אומדערהערטע מיטלען פון ליגנס און רעכילעס, ביז צו מיליטערישע פאַרשווערונגען, קעדיי ארונטערצורייסן די ראַטן, מאַכן זיי צונישט, פּראָסטיטואירן זיי (מיט דער הילף פון די מענשעוויקעס און עסערן), פארוואנדלען זיי אין ריידארניעס, פאַרמאטערן די פּויערים און ארבעטער דורך כאַדאָשים און כאַדאָשים פון סאַמע פוסטער פלוידעריי און שפּיל אין רעוואָלוציע.

און די ווידערשטאַנד-קראַפט פון די פּראָלעטאַריער און אָרימסטע פּויערים האָבן מיר נאָך ניט געזעען, ווייל דידאָזיקע קראַפט וועט זיך אויסגלייכן אין איר גאַנצן וואוקס ערשט דעמאָלט, ווען די מאַכט וועט זיך געפינען אין די הענט פונם פּראָלעטאַריאַט, ווען צענדליקער מיליאָנען מענטשן, דערדריקט פון נויט און קאַפּיטאַליסטישער שקלאַפעריי, וועלן אף דער וואָר דערזעען, דערפילן, אז די מאַכט אין דער מלוכע איז אריין אין די הענט פון די אונטערדריקטע קלאַסן, אז די מאכט העלפט דער אָרימקייט צו קעמפן מיט די פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, אז זי ברעכט זייער ווידערשטאַנד. נאָר דאַן וועלן מיר קאָנען דערזעען, וואָס פאַר אומגערירטע קויכעס פון ווידערשטאַנד צו די קאַפּיטאַליסטן עס ליגן נאָך באהאלטן אינם פאָלק, נאָר דאן וועט זיך ארויסבאווייזן דאָס, וואָס ענגעלס רופט אָן „באהאלטענער סאָציאַליזם", נאָר דאַן וועט זיך אף יעדע צען טויזנט סאָנים פון דער מאַכט פונם ארבעטער-קלאס, סאָנים אָפענע אָדער אזוינע, וואָס באַהאלטן זיך, אזוינע, וואָס ווייזן זיך ארויס דורך מאַיסים אָדער דורך פּאַסיווער אקשאָנעס, אף יעדע צען טויזנט זייערע וועט זיך אויפהויבן צו מיליאָן נייע קעמפער, וואָס זייַנען ביז אהער פּאָליטיש געשלאָפן, זייַנען אָפּגעקומען אין די ליידן פון נויט און פאַרצווייפלונג, האָבן פאַרלאָרן דעם גלויבן דערין, אז זיי זייַנען אויך מענטשן, אז זיי האָבן אויך רעכט צו לעבן, אז אויך זיי קאָן דינען די גאנצע קראַפט פון א מאָדערנער צענטראַליזירטער מלוכע, אז אויך זיי ווערן דורך אָפּטיילן פון פּראָלעטאַרישער מיליציע גערופן מיט פולן צוטרוי צו אומיטלבאַרן, נאָענטסטן טאָגטעגלעכן אנטייל אינם איניען פון רעגירן איבער דער מלוכע.

באַם פרייַנטלעכן אנטייל פון די ה"ה פּלעכאַנאָווס, ברעשקאָווסקעס, צעטעליס, טשערנאָווס און קאָמפּ., האָבן די קאַפּיטאַליסטן מיט די פּריצים געטאָן אַלץ אף צו פאַרומרייניקן די דעמאָקראַטישע רעפּובליק, פאַרומרייניקן זי דורך לאַקייאישקייט פאַרן רייכטום אף אזוי פיל, אז דאָס פאָלק ווערט אָנגעכאַפּט דורך אן אפאטיע, א גלייכגילט, אים איז אלץ איינס, ווייל א הונגעריקער קאָן ניט אונטערשיידן קיין רעפּובליק פון א מאָנאַרכיע, א דערפראָרענער, א באָרוועסער, אן אויסגעמאַטערטער סאָלדאַט, וואָס קומט אום

פאַר פרעמדע אינטערעסן, איז ניט אימשטאַנד ליב צו באַקומען די רעפובליק.

איז אָט, — ווען דער לעצטער שווארצארבעטער, יעדער ארבעטסלאָזער, יעדע קעכין, יעדער צערוואינירטער פויער וועט דערזעען, — ניט פון די ציי-טונגען, נאָר מיט זיינע אייגענע אויגן וועט ער דערזעען, — אז די פּראָלע-טאַרישע מאַכט קריכט ניט שקלאַפעריש פאַרן רייכטום, נאָר זי העלפט דער אָרימקייט, אז דידאָזיקע מאַכט שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין רעוואָלוציאָנע-רע מאָסמיטלען, אז זי נעמט צו די איבעריקע פּראָדוקטן באַ די פּאַראַזיטן און גיט אוועק די הונגעריקע, אז זי זעצט אריין היימלאָזע צוואנגזאם אין די דיי-רעס פון די רייכע, אז זי צווינגט די רייכע צו צאָלן פאַר מילך, אָבער זי גיט זיי ניט קיין איין טראָפּן מילך, ביז וואַנען עס זיינען דערמיט ניט באַזאָרגט אין א גענוגנדער מאס די קינדער פון אלע אָרימע פאַמיליעס, אז די ערד גייט אריבער צו די אַרבעטנדיקע, די פאַבריקן און בענק אונטערן קאָנטראָל פון די אַרבעטער, אז פאַר באהאַלטען דאָס רייכטום דערוואַרט די מיליאָנערן א באלדיקע און ערנסטע שטראָף, — אָט, ווען די אָרימקייט וועט דאָס דערזעען און דערפילן, — דעמאָלט וועלן קיינע קויכעס פון קאַפּיטאַליסטן און באַלעגופים, קיינע קויכעס פונם אלוועלטלעכן פינאנציעלן קאַפּיטאַל, וואָס קערט מיט הונדערטער מיליאַרדן, וועלן ניט באַזיגן די פאָלקס-רעוואָלוציע, נאָר פאַר-קערט, זי וועט באַזיגן די גאַנצע וועלט, ווייל אין אלע לענדער ווערט ציי-טיק די סאָציאַליסטישע איבערקערעניש.

אונזער רעוואָלוציע איז אומבאזיגבאר, אויב זי וועט ניט מוירע האָבן אליין פאַר זיך, אויב זי וועט איבערגעבן די גאַנצע פולקייט פון דער מאַכט דעם פּראָלעטאַריאַט, ווייל הינטער אונז שטייען די אָן אָן ערעך גרעסערע, מער אנטוויקלטע, מער אָרגאַניזירטע אלוועלטלעכע קויכעס פונם פּראָלעטאַ-ריאַט, וואָס זיינען צייטווייליק צוגעדריקט דורך דער מילכאָמע, אָבער ניט פאַר-ניכטעט, נאָר, פארקערט, פאַרמערט געוואָרן דורך איר.

* * *

מוירע האָבן, אז די מאַכט פון די באָלשעוויקעס, ד. ה. די מאכט פונם פּראָלעטאַריאַט, פאַר וועלכער עס איז באוואָרנט די אָפּערוויליקע שטיצע מי-צאַד די אָרימסטע פויערים, אז זי וועלן „אַראָפּשמייסן״ די הערן קאַפּיטאַ-ליסטן! וואָס פאַר א קורצזיכטיקייט, וואָס פאַר א שענדלעכע מוירע פאַרן פאָלק, וואָס פאַר א צוויעס! די מענטשן, וואָס וויזן ארויס דידאָזיקע מוירע, געהערן צו דער „העכערער״ (לויט דער קאַפּיטאַליסטישער מאָס, אָבער אין דער עמעסן צעפוילטער) „געזעלשאַפט״, וועלכע רעדט ארויס דאָס וואָרט „יווי-שער״, אליין ניט גלויבנדיק אין אים, אויס געוואוינהייט, אלס א פראַזע, ניט ארייַנלייגנדיק אין איר קיין שום אינהאַלט.

אָט איז אביישפּיל.

ה׳ פעשעכאָנאָוו איז א באוואוסטער האלבער קאַדעט. קיין מעסיקערן „טרודאָוויק״, א מיינונגס-כאַווער פון די ברעשקאָווקעס און פלעכאַנאָווס, קאָן מען ניט געפינען. קיין מיניסטער, וואָס זאָל זיין מער דינסטפעאיק פאַר דער

בורזשואַזיע, איז ניט געווען. קיין הייסערן אָנהענגער פון „קאָאַליציע״, פון אַן אויסגלייך מיט די קאַפיטאַליסטן, האָט די וועלט ניט געזעען!

איז אָט אין וואָס דערדאָזיקער הער איז געצוואונגען געווען זיך מוידע צו זיין אין זיין רעדע אויף דער „דעמאָקראַטישער״ (לייען: בוליגינשער) באַראַטונג, ווי עס גיבן איבער די באַשיצלערישע „איזוועסטיאַ״:

„עס זיינען פאַראַן צוויי פראָגראַמען, איינע — דאָס איז די פראָגראַם פון גרופן-פרעטענזיעס, קלאַסן-פרעטענזיעס, נאַציאָנאַלע פרעטענזיעס. אָפענער פון אַלעמען פאַרטיידיקן דידאָזיקע פראָגראַם די באָלשעוויקעס. אָבער אויך פאַר אַנדערע טיילן פון דער דעמאָקראַטיע איז ניט לייכט זיך אָפצוזאָגן פון דערדאָזיקער פראָגראַם. דאָס זיינען דאָך די פרעטענזיעס פון די אונטערדריקטע מאַסן, די פרעטענזיעס פון די באַאוולטע און אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן. און ניט אַזוי לייכט איז דעריבער דער דעמאָקראַטיע צו צערייסן מיט די באָלשעוויקעס, אָפזאָגן זיך פון דידאָזיקע קלאַסן-פאָדערונגען, פריער פון אַלץ צוליב דעם, וואָס דידאָזיקע פאָדערונגען זיינען אין טאָך גענומען גערעכטיקע. אָבער דידאָזיקע פראָגראַם, פאַר וועלכער מיר האָבן געקעמפט ביז דער רעוואָלוציע, צוליב וועלכער מיר האָבן די רעוואָלוציע געמאַכט און וועלכע מיר וואָלטן בא אַנדערע באַדינגונגען אַלע צוזאַמען אונטערגעהאַלטן, — איז באַ איצטיקע באַדינגונגען שטעלט זי פאַר אַ גוואַלטיקע געפאַר. די געפאַר איז איצט נאָך שטאַרקער דערפאַר, ווייל אַרויסשטעלן דידאָזיקע פאָדערונגען קומט אויס אין אַזאַ מאָמענט, ווען די באַפרידיקונג זייערע איז פאַר דער מלוכה אומעגלעך. מע דאַרף איינהיטן פריער דאָס גאַנצע — די מלוכה, זי ראַטעווען פון אונטערגאַנג, און דערצו איז פאַראַן נאָר איין וועג: ניט די באַפרידיקונג פון די פאָדערונגען, ווי ריכטיק און שטאַרק זיי זאָלן זיך ניט אויסדוכטן, נאָר, פאַרקערט, באַגרעניצונגען, קאָרבאָנעס, וועלכע עס איז נויטיק צו ברענגען פון אַלע זייטן״.

(„איזוועסטיאַ צ. אַ. ק.״ פון 17 סענטיאַבר).

ה׳ פעשעכאָנאָוו פאַרשטייט ניט, אַז קאָלזמאַן די קאַפיטאַליסטן געפינען זיך בא דער מאַכט, פאַרטיידיקט ער ניט דאָס גאַנצע, נאָר די אייגנוציקע אינטערעסן פונם רוסישן און „אַנטאַנטישן״ אימפעריאַליסטישן קאַפיטאַל. ה׳ פעשעכאָנאָוו פאַרשטייט ניט, אַז די מילכאָמע וואָלט אויפגעהערט צו זיין אַ פאַרכאַפערישע, אַ אימפעריאַליסטישע, אַ רויבערישע נאָר נאָכן צערייסן מיט די קאַפיטאַליסטן, מיט זייערע געהיימע אָפמאַכן, מיט זייערע אַנעקסיעס (פאַרכאַפן פרעמדע לענדער), מיט זייערע באַנקישע פינאַנציעלע שווינדלערייען. ה׳ פעשעכאָנאָוו פאַרשטייט ניט, אַז ערשט נאָך דעם וואָלט די מילכאָמע, אויב דער קעגנער זאָל זיך אָפזאָגן פון אַ פאָרמעל פאָרגעלייגטן גערעכטיקן שאָלעם, וואָלט זי געוואָרן אַ באַשיצונגס-מילכאָמע, אַ גערעכטיקע מילכאָמע. ה׳ פעשעכאָנאָוו פאַרשטייט ניט, אַז די באַשיצונגס-פעאיקייט פון אַ לאַנד, וואָס האָט אַראָפגעוואָרפן דעם יאָך פון קאַפיטאַליזם, וואָס האָט געגעבן ערד די פויערים, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט די בענק און פאַבריקן אונטער אַן אַרבעטערשן

קאָנטראָל, וואָלט אין פ י ל מ אָ ל העכער געווען פון דער באַשיצונגס־פעאיקייט פון א קאַפּיטאַליסטיש לאנד.

און דער איקער — ה׳ פעשעכאָנאָוו פאַרשטייט ניט, אז זייענדיק גע-צוואונגען צו אנערקענען די גערעכטיקייט פונם באָלשעוויזם, צו אַנערקענען, אז זיינע פאָדערונגען זיינען די פאָדערונגען פון די „האָרעפּאַשנע מאסן״, ד. ה. פון דער מערהייט באַפעלקערונג, ג י ט ע ר נאָך דערמיט זיין גאַנצע פּאָזיציע, די גאַנצע פּאָזיציע פון דער גאַנצער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע.

אָט אין וואָס עס באַשטייט אונזער קראַפט. אָט פאַרוואָס אונזער רעגי-רונג וועט זיין אומבאזיגבאַר. דערפאַר, ווייל אפילע די קעגנער זיינען געצוואונ-גען צו אנערקענען, אז די באָלשעוויסטישע פּראָגראַם איז די פּראָגראַם פון די „האָרעפּאַשנע מאַסן״ און „אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן״.

ה׳ פעשעכאָנאָוו — דאָס איז דאָך א פּאָליטישער פריינט פון די קאַדעטן, פונם אוילאָם פון „יעדינסטוואָ״ און „דיעלאָ נאַראָדאַ״, פון די ברעשקאָווסקעס און פלעכאַנאָוס, דאָס איז א פאָרשטייער פון די באַלעגופים און פון אזוינע הערן, וועמעס ווייבער און שוועסטער עס וואָלטן מאַרגן געקומען אויסשטעכן מיט זייערע שירעמס די אויגן בא די ניט אינגאַנצן דערהאַרגעטע באָלשעווי-קעס, ווען עס זאָל דערגיין דערצו, אז זיי זאָלן צעשלאָגן ווערן דורכן מילי-טער פון קאָרנילאָוון אָדער (וואָס דאָס איז איינס און דאָסזעלבע) פון קערענ-סקיס מיליטער.

און אזא הער איז ג ע צ וו א ו נ ג ע ן צו אנערקענען די „גערעכטיקייט״ פון די פאָדערונגען פון די באָלשעוויקעס.

פאר אים איז „גערעכטיקייט״ בלויז א פראַזע. אָבער פאר די מאַסן האלב-פּראָלעטאריער, פאר דער מערהייט קליין-בורזשואזיע פון שטאָט און דאָרף, פאר די צעררואינירטע, אויסגעמאַטערטע דורך דער מילכאָמע איז דאָס ניט קיין פראַזע, נאָר די שארפסטע, די ברענענדיקסטע, די גרעסטע פראַגע וועגן הונגער-טויט, וועגן א שטיקל ברויט. אָט פאַרוואָס מ ע ט אָ ר נ י ט אָנ־שפּאַרן ק יי ן ש ו ם פּאָליטיק אף א „קאָאליציע״, אף אַן „אויסגלייך״ צווישן די אינטערעסן פון די הונגעריקע און צערואינירטע מיט די אינטערעסן פון די עקספּלואטאטאָרס. אָט פאַרוואָס עס א י ז ב אַ וו אָ ר נ ט די שטיצע מיצאד ד י ד אָ ז י ק ע מאַסן, אין זייער גרעסטער מערהייט, פאר דער באָלשעוויסטישער רעגירונג.

גערעכטיקייט איז אַ פוסט וואָרט, זאָגן די אינטעליגענטן און יענע אויסוואורפן, וועלכע זיינען גענויגט צו דערקלערן זיך פאר מאַרקסיסטן אף דעם געהויבענעם גרונט, וואָס זיי האָבן באטראכט דעם ה י נ ט ע ר ח יי ל ע ק פונם „עקאָנאָמישן מאטעריאליזם״.

אידייען ווערן א קראַפט, ווען זיי באַהערשן די מאַסן. און גראָד איצט האָבן די באָלשעוויקעס, ד. ה. די פאָרשטייער פונם רעוואָלוציאָנערען פּראָ־לעטארישן אינטערנאציאָנאַליזם, דורך זייער פּאָליטיק פאַרקערפּערט די אידייע, וועלכע באַוועגט אין דער גאנצער וועלט די אומגעהויערע האָרעפּאשנע מאסן.

בלויזע גערעכטיקייט, דאָס בלויזע געפיל פון די מאַסן, וואָס זיינען

אויפגערעגט פון דער עקספּלואַטאַציע, וואָלט זיי קיינמאָל ניט ארויסגעפירט אַפן ריכטיקן וועג צום סאָציאַליזם. ווען אָבער עס איז, אדאנק דעם קאַפּי־טאַליזם, אויסגעוואקסן דער מאַטעריעלער אַפּאַראַט פון גרויסע בענק, סינדי־קאַטן, אייזנבאַנען א.א.וו., ווען די רייכסטע דערפאַרונג פון די פאָרגעשריטענע לענדער האָט צונויפגעזאַמלט רעזערוון פון טעכנישע וואונדער, וואָס זייער באַנוצונג ווערט פאַרהאַמעוועט דורך דעם קאַפּיטאַליזם, ווען די באַוואוסט־זיניקע ארבעטער האָבן צוזאַמענגעבאַהעפט א פּאַרטיי פון א פערטל מיליאָן, קע־דיי פּלאַנמעסיק צו נעמען אין די הענט דעם דאָזיקן אַפּאַראַט און אוועקלאָזן אים אין גאַנג, בא דער אונטערשטיצונג מיצאַד אלע ארבעטנדיקע און עקס־פּלואַטירטע, ווען עס זיינען פאַראַן דידאָזיקע באַדינגונגען, דעמאָלט וועט זיך ניט געפינען קיין איין קראַפט אף דער וועלט, וואָס זאָל שטערן די באָל־שעוויקעס, אויב זיי וועלן זיך ניט לאָזן פאַרשרעקן און וועלן קאָנען נעמען די מאַכט, איינצוהאַלטן זי ביזן ניצחון פון דער אלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

---

# נאַכוואָרט.

די אויבערשטע שורעס זיינען שוין געווען אָנגעשריבן, ווען דער לייט־ארטיקל פון „נאָוואיא זשיזן" פון 1־טן אָקטיאַבער האָט געבראַכט א נייעם פּערל פון טעמפּקעפּיקייט, וואָס איז נאָך מער געפערלעך דערמיט, וואָס זי באַהאַלט זיך אונטער דער פאָן פון מיטגעפיל צו די באָלשעוויקעס און אונ־טערן צודעק פון דער כאָכמעדיקער פּיליסטערישער כקירע: „ניט לאָזן זיך פּראָוואָצירן" (ניט לאָזן זיך כאַפּן אין פּאַסטקע פון די געשרייען וועגן פּראָ־וואָקאַציע, וועלכע דאַרפן פאַרשרעקן די באָלשעוויקעס און באַוועגן זיי ניט צו נעמען די מאַכט).

אָט איז דידאָזיקע פּערל:

די אויספירן פון אזוינע באַוועגונגען, ווי אשטייגער פון 3—5 יולי, פון איין זייט, און פון די קאָרנילאָווי־טעג, פון דער אנדערער זייט, האָבן מיט דער פולער קלאָרקייט באַוויזן, אז די דעמאָקראַטיע, וועלכע האָט אין איר רעשוס די ווירקונגפולסטע אָרגאַנען צווישן דער באַפעל־קערונג, איז אומבאַזיגבאַר, ווען זי פאַרנעמט אינם בירגער־קריג א פאַר־טיידיקונגס־פּאָזיציע, און זי ליידט א מאַפּאָלע, פאַרלירנדיק אלע צווישנ־דיקע, וואַקלדיקע עלעמענטן, ווען זי נעמט די אָנגרייפנדיקע איניציאַטיוו אין אירע הענט.

ווען די באָלשעוויקעס וואָלטן ארויסבאַוויזן אין א וועלכער ס'איז פאָרם אַ וועלכע ס'איז נאָכגיביקייט בענויגייע צו אזא פּיליסטערישער טעמפּקעפּי־קייט, ווי די, וואָס איז אויסגעדריקט אין דערדאָזיקער כקירע, וואָלטן זיי דער־מיט אומגעבראַכט סאַי זייער פּאַרטיי סאַי די רעוואָלוציע.

ווייל דער אווטאָר פון דערדאָזיקער כקירע האָט זיך גענומען ריידן וועגן בירגער=קריג (די טעמע איז אקוראט צוגעפאסט פאר א דאמע, אן אנגענעמע אין אלע הינזיכטן), און האָט פאַרקריפּלט די אויספירן פון דער געשיכטע איבער דערדאָזיקער פראגע ביז צו אומגלויבלעכן קאָמיזם.

אָט ווי עס האט געטראַכט וועגן דידאָזיקע אויספירן, וועגן די אויספירן פון דער געשיכטע איבער דידאָזיקע פראַגן דער פאָרשטייער און גרונטלייגער פון דער פראָלעטאַריש=רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק, קארל מארקס:

„אן אויפשטאנד איז א קונסט, פונקט ווי א מילכאָמע. פונקט ווי א מילכאָמע, פונקט ווי אנדערע מינים קונסט, איז ער אונטערגעוואָרפן געוויסע קלאָלים, וואָס דאָס פארגעסן זיי פירט צום אונטערגאנג די פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך ארויסגעוויזן פאר שולדיק דערין, וואָס זיי זיינען ניט אָפּגעהיט געוואָרן. זייענדיק א לאָגישער פּויעל-יויצע פונם טאָך פון די פּארטייען, פונם טאָך פון די באַדינגונגען, מיט וועלכע עס קומט אויס אין ענלעכע פאַלן צו האָבן צו טאָן, זיינען דידאָזיקע קלאָלים אזוי קלאָר און פּראָסט, אז די קורצע דערפארונג פון 1848 יאָר האָט גענוג באקאנט געמאכט מיט זיי די דייטשן. ערשטנס, דאַרף מען זיך קיינמאָל ניט שפּילן מיט קיין אויפשטאנד, אויב עס איז ניטאָ די אַנטשלאָסנקייט צו גיין ביזן סאָף (בוכשטעבלעך: זיך צו רעכענען מיט אלע פאָלגן פון דערדאָזיקער שפּיל). אן אויפשטאנד איז א גלייכונג מיט גרויסן, העכסט אומבאַשטימטע, וואָס זייער ווערט קאָן זיך בייטן יעדן טאָג. די קאַמף-קויכעס, קעגן וועלכע עס קומט אויס צו ווירקן, האָבן אינגאנצן אף זייער זייט די אויבערהאנט פון אָרגאַניזירטקייט, דיסציפּלין און טראַדיציאָנעלן אווטאָריטעט" (מארקס האָט אין זין א „שווערן" פאל פון אן אויפשטאנד: קעגן א „פעסטער" אלטער מאַכט, קעגן אן ארמיי, וואָס איז ניט צעלייגט געוואָרן אונטער דער ווירקונג פון דער רעוואָלוציע און פון די וואקלונגען פון דער רעגירונג); „אויב די אויפגעשטאנענע קאָנען ניט צונויפקלייבן קיין גרויסע קויכעס קעגן זייער קעגנער, וועט מען זיי צעקלאַפּן און פאַרניכטן. צווייטנס, אויב באָר מע האט אָנגעהויבן דעם אויפשטאַנד, דארף מען האנדלען מיט דער גרעסטער אנטשלאָסנקייט און אריבערגיין אין אָנגריף. באשיצונג איז א א טויט פאר יעדן באַוואָפנטן אויפשטאנד; בא באַשיצונג קומט ער אום, נאָך איידער ער האָט זיך פאַרמאָסטן אין די קויכעס מיטן סוינע. מע דארף פארכאפּן דעם קעגנער אומגעריכט, קאָלזמאַן זיין מיליטער איז נאָך צעוואָרפן, מע דאַרף זיך יעדן טאָג דערשלאָגן צו נייע, זאָל זיין אפילע ניט קיין גרויסע, ערפאָלגן; מע דאַרף איינהאַלטן דעם מאָראַלישן איבערגעוויכט, וואָס דו האָסט באקומען פון דער ערשטער ערפאָלגרייכער באַוועגונג פון די אויפגעשטאַנענע; מע דאַרף צוציען צו זיך די וואַקלדיקע עלעמענטן, וועלכע גייען שטענדיק נאָך די שטארקערע און שטעלן זיך שטענדיק אף דער מער זיכערער זייט; מע דאַרף צווינגען דעם סוינע אָפּצוטרעטן, נאָך איידער ער האָט באַוויזן

צונויפקלייבן זיין מיליטער קעגן דיר; מיט איין וואָרט, האַנדל אַזוי, ווי עס זאָגט דער גרעסטער פון די ביז אהער באקאנטע מאַיסטערס פון רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק, דאַנטאָן: דרייסטקייט, דרייסטקייט און נאָך אמאָל דרייסטקייט" („די רעוואָלוציע און קאָנטער-רעוואָלוציע אין דייטשלאנד", דייטשישע אויסגאַבע פון 1907 יאָר, ז. 118).

מיר האָבן דאָס אַלץ איבערגעמאכט — קאָנען זאָגן וועגן זיך די „אויך מאַרקסיסטן" פון „נאָוואיא זשיזן", — אנשטאָט דרייפאַכער דרייסטקייט האָבן מיר צוויי מאַילעס: מעסיקייט און פינקטלעכקייט. פאַר „אונז" איז די דערפאַרונג פון דער וועלט-געשיכטע, די דערפאַרונג פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע — גאָרניט. פאַר „אונז" איז וויכטיק די דערפארונג פון די צוויי באַוועגונגען פון 1917 יאָר, פאַרקריפּלט דורך די מאלטשאַלינשע *) ברילן.

לאָמיר א קוק טאָן אף דערדאָזיקער דערפאַרונג אָן דידאָזיקע ליבע ברילן.

דעם 3—5 יולי פארגלייכט איר מיט א „בירגער-קריג", ווייל איר גלויבט אַלעקסינסקין, פערעווערזעוון און קאָמפּ. דאָס איז כאראקטעריסטיש פאַר די הערן פון „נאָוואיא זשיזן", וואָס זיי גלויבן אזוינע לייט (ניט טוענדיק זעלבשטענדיק אבסאָלוט קיין זאַך, ניט געקוקט אפן אפּאראט פון א גרויסער טעגלעכער ציישונג, קעדיי צוזאַמענקלייבן יעדיעס וועגן דעם 3—5 יולי).

נאָר לאָמיר אפילע נאָכגעבן אף איין מינוט, אז דער 3—5 יולי איז געווען ניט אַן אָנהויב פון א בירגער-קריג, וועלכן די באָלשעוויקעס האָבן איינגעהאַלטן אין די ראַמען פון אן אָנהויב, נאָר אַן עכטער בירגער-קריג. לאָמיר עס נאָכגעבן.

איז וואָס, אין אזא פאַל, באוויזט דערדאָזיקער אויספיר?

ערשטנס, אז די באָלשעוויקעס זיינען אין אָנגריף ניט אריבערגעגאנגען. ווייל מע קאָן ניט אָפּלייקענען, אז אין דער נאַכט פון 3-טן אפן 4-טן יולי און אפילע דעם 4-טן יולי וואָלטן זיי געקענט זייער אסאַך, ווען זיי וואָלטן ארייבערגיין אין אַן אָנגריף. די פאַרטיידיקונג איז געווען זייער שוואכקייט, אויב מע זאָל טראַכטן וועגן א בירגער-קריג (ווי עס טראַכט די „נאָוואיא זשיזן", און ניט וועגן דער פארוואנדלונג פון א סטיכישן אויפרייס אין א דעמאָנסטראציע לויטן טיפּ פון 20—21 אַפּריל, ווי עס זאָגן די פאַקטן).

אלזאָ, „די לערע" רעדט קעגן די כאַכאָמים פון „נאָוואָיאַ זשיזן".

צווייטנס, אויב די באָלשעוויקעס האָבן זיך אפילע ניט פאַרגעבן דעם ציל פון אַן אויפשטאנד דעם 3—4 יולי, אויב קיין איין קאָלעגיע פון די באָלשעוויקעס האָט אזא פראַגע אפילע ניט געשטעלט, ליגט די סיבע פון דעם אויסער אונזער דיסקוסיע מיט דער „נאָוואיא זשיזן". ווייל מיר דיסקוטירן וועגן דער לערע פונם „בירגער-קריג", ד. ה. פון אַן אויפשטאנד, און ניט וועגן דעם, ווען די קלאָרע אָפּוועזנהייט פון א מערהייט אפן צאד פון א רע-

*) מאלטשאלין—העלד פון גריבאיעדאווס קאָמעדיע: „צאָרעס צוליב סייכל". א נידערטרעכטיקער קליינער שערעץ, וואָס קריכט אַפן בויך ניט נאָר פארן נאטשאלניק, נאָר אפילע פאר זיין דוואָרניק און אפילע פארן דוואָרניקס הינטל. איבערז.

וואָלוציאָנערער פּאַרטיי האַלט זי אָפּ פונם געדאַנק וועגן אַן אויפשטאַנד.

העיויס ווי אלעמען איז באקאנט, אז די באָלשעוויקעס האָבן באקומען א מערהייט סאי אין די ראטן פון די הויפּט-שטעט, סאי אין לאנד (העכער 49 פּראָצ. שטימען אין מאָסקווע) ערשט אסאך שפּעטער, ווי אין יולי פון 1917 יאָר, באַקומען זיך, אלזאָ, די אויספירן ווידעראמאָל ניט די, גאָר ניט די, וועלכע עס וויל זעען די „נאָוואָזשיזנענשע" דאַמע, וואָס איז אנגענעם אין אלע הינזיכטן.

ניין, ניין, נעמט אייך בעסער ניט פאַר פּאָליטיק, בירגער פון „נאָוואיא זשיזן"!

אויב א רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי האָט ניט קיין מערהייט אין די אַוואַנגאַרד-גרופּן פון די רעוואָלוציאָנערע קלאסן אין לאנד, קאָן ניט זיין קיין רייד וועגן אַן אויפשטאַנד. אכוץ דעם איז דערצו נויטיק: 1) דער אָנוואוקס פון דער רעוואָלוציע אין אלנאַציאָנאלן מאַסשטאַב; 2) דער פולער מאָראלישער און פּאָליטישער קראַך פון דער אלטער,—אשטייגער, פון דער „קאָאַליציע"-רעגירונג; 3) גרויסע וואקלונגען אינם לאַגער פון אלע צווישנדיקע עלעמענטן, ד. ה. פון די, וואָס זייבען ניט אינגאַנצן פאר דער רעגירונג, האַגאַם נעכטן זיינען זיי געווען פאַר איר.

פאַרוואָס האט די „נאָוואיא זשיזן", ווען זי האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן דער „לערע" פונם 3—5 יולי, גראָד דעמדאָזיקן, זייער וויכטיקן אויספיר אפילע ניט באַמערקט? דערפאר, ווייל ניט פּאָליטיקער האָבן זיך גענומען פאַר א פּאָליטישע פראגע, נאָר פארשראָקענע דורך דער בורזשואזיע מענטשן פון א אינטעליגענטיש קרייזל.

ווייטער. דריטנס, זאָגן די פאַקטן, אז גראָד נאָכן 3—4 יולי, גראָד אין צוזאַמענהאנג מיט דער דעמאַסקירונג פון די הערן צערעטעליס דורך זייער יולי-פּאָליטיק, גראָד אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס די מאַסן האָבן דערזעען אין די באָלשעוויקעס זייערע אוואנגארד-קעמפער און אין די „סאָציאל-בלאָקיסטן"—פאַרעטער, הויבט זיך אָן די צעפּאַלונג פון די עסערן און מענשעוויקעס. דידאָזיקע צעפּאַלונג נאָך פאר דער קארנילאָוויאַדע איז פולקום דערוויזן דורך די וואַלן פון 20 אווגוסט אין פּיטער, וואָס האָבן געגעבן א ניצאָכן די באָלשעוויקעס און האָבן צעקלאַפּט די „סאָציאל-בלאָקיסטן" (די „דיעלאָ נאראָדא" האָט זיך ניט לאנג געפּרואווט אָפּלייקענען עס, באַהאַלטנדיק די סאכאקלן וועגן אלע פּארטייען; דאָס איז אָבער זעלבסט-גענאַרעריי און גענאַרעריי פון די לעזער; לויט די יעדיעס פון „דיען" פון 24 אווגוסט, בלויז בענויגייע דער שטאָט, איז דער פּראָצענט שטימען פאר די קאדעטן געשטיגן פון 22 פּראָצ. אף 23 פּראָצ., און די אַבסאָלוטע צאָל שטימען פאר זיי איז געפאלן אַף 40 פּראָצענט; די צאָל שטימען פאר די באָלשעוויקעס איז אויסגעוואַקסן פון 20 ביז 33 פּראָצענט, און די אבסאָלוטע צאָל שטימען פאַר זיי איז געפאלן אינגאַנצן אף 21 פּראָצ.. דער פּראָצענט שטימען פון אלע „מיטעלע" איז געפאלן פון 58 פּראָצ. ביז 44 פּראָצ., און די אַבסאָלוטע צאָל שטימען פאר זיי איז קלענער געוואָרן אף 60 פּראָצ.!!).

די צעפּאַלונג פון די עסערן און מענשעוויקעס נאָך די יולי=טעג און ביז די קאָרנילאָווּשע איז אויך דערווּיזן דורכן וואוקס פונם „לינקן" פליגל אין דיביידע פּאַרטייען, וואָס האט דערגרייכט קימאַט ביז 40 פּראָצ.: א „נעקאָמע" פאר די באָלשעוויקעס, וואס ווערן פאַרפאָלגט דורך קערענסקין.

די פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי האָט, ניט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט „פאַרלאָרן" עטלעכע הונדערט מיטגלידער, ריזיק געוואונען פונם 3—4 יולי, ווייל גראָד אין דידאָזיקע שווערע טעג האָבן די מאַסן פאַרשטאַנען און דערזעען איר איבערגעגעבנקייט און דעם פּאַראַט פון די עסערן און מענשעוויקעס. דער „אויספיר", הייסט עס, באַקומט זיך גאָר, גאָר ניט דער, וואָס אין „נאָוואַיאַ זשיזן", נאָר אַן אַנדערער: טרעט ניט אָפּ פון די זידנדיקע מאַסן צו די „מאַלטשאַלינס פון דער דעמאָקראַטיע", און אויב אויפשטיין, איז גיי אַריבער אין אָנגריף, קאָלזמאַן די קויכעס פונם סוינע זיינען צעבראָקלט, פאַרכאַפּ דעם סוינע אומגעריכט.

ניט אַזוי עפשער, מיינע הערן „אויך-מאַרקסיסטן" פון „נאָוואַיאַ זשיזן"?

אָדער דער „מאַרקסיזם" באַשטייט אין דעם, אז מע זאָל ניט לייגן אין גרונט פון דער טאַקטיק דעם פּינקטלעכן דיסקאָנט פון דער אָביעקטיווער לאגע, נאָר אָן אַ זינען און אָן קריטיק וואָלגערן אין איין הויפן אי דעם „בירגער-קריג", אי דעם ראַטן=צוזאַמענפּאָר איינעם מיטן צוזאַמענרוף פון דער גרינדונגס=פאַרזאמלונג?

דאָס איז דאָך אָבער פּאָשעט לעכערלעך, מיינע הערן, דאָס הייסט דורכויס טרייבן כויזעק סײַ פונם מאַרקסיזם, סײַ פון יעדער לאָגיק ביכלאַל!

אויב אין דער אָביעקטיווער סיטואַציע איז ניטאָ קיין גרונט פאר א פאַרשאַרפונג פונם קלאַסן=קאַמף ביז צו דער מאַדרייגע פון אַ „בירגער-קריג", דעמאָלט איז צוליב וואָס האָט איר וועגן „בירגער=קריג" אָנגעהויבן צו ריידן אין צוזאַמענהאַנג מיטן ראַטן=צוזאַמענפּאָר און מיט דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג"? (גראָד אזוי הייסט דער באטראכטער לייטארטיקל פון „נאָוואיא זשיזן"). דעמאָלט האָט מען געדאַרפט קלאָר זאָגן דעם לעזער און דערווייזן אים, אז אין די באַדינגונגען פון דער אָביעקטיווער לאַגע איז ניטאָ קיין באָדן פאר א בירגער=קריג, און אז דעריבער קאָן מען און מע דאַרף אין גרונט פון דער טאקטיק אוועקלייגן פרידלעכע, קאָנסטיטוציאָנעלע, יורידיש און פאַרלאמענטאריש „פּאָשעטע" זאַכן, אשטייגער, ווי דער ראַטן-צוזאַמענפּאָר און די גרינדונגס-פאַרזאמלונג. דעמאָלט קאָן מען זיך האַלטן בא דער מיינונג, אז אַזאַ צוזאַמענפּאָר און אזא פארזאמלונג זיינען ווירקלעך פעאיק צו באַשליסן.

אויב אָבער אין די אָביעקטיווע באַדינגונגען פונם מאָמענט ליגט איינגעוואָרצלט די אומפאַרמיידלעכקייט אָדער לעכאָלהאַפּאָכעס די וואַרשיינלעכקייט פון א בירגער=קריג, אויב ווען אים האָט איר ניט „גלאַט אזוי" אָנגעהויבן צו ריידן, נאָר קלאָר זעענדיק, פילנדיק, אָנטאַפּנדיק, אז עס איז פאראן א סיטואַציע פאר א בירגער=קריג, דעמאָלט איז ווי קאָן מען אין צענטער פון אלץ שטעלן דעם ראַטן=צוזאַמענפּאָר אָדער די גרינדונגס=פאַרזאַמלונג? דאָס הייסט

טרייבן כויזעק פון די הונגעריקע און אויסגעמאַטערטע מאַסן! וואָס, דער
הונגעריקער וועט מאַסקים זיין צו „וואַרטן" צוויי כאַדאָשים? אָדער די צע-
שטערונג, וואָס וועגן איר אָנוואוקס שרייבט איר אַליין יעדן טאָג, וועט מאַס-
קים זיין צו „וואַרטן" ביזן ראַטן-צוזאַמענפאָר אָדער ביז דער גרינדונגס-פאַר-
זאמלונג? אָדער דער דייטשישער אָנגריף, בעשאַס עס זיינען ניטאָ קיין ערנסטע
טריט צו א שאָלעם (ד. ה. בעשאַס עס איז ניטאָ קיין פאָרמעלער פאָרשלאַג
פון אַ גערעכטיקן שאָלעם צו אַלע, וואָס האלטן מילכאָמע) מיצאַד אונז, וועט
מאַסקים זיין צו „וואַרטן" אפן ראַטן-צוזאַמענפאָר אָדער אף דער גרינדונגס-
פארזאמלונג? אָדער איר האָט אזוינע יעדיעס, וועלכע גיבן אייך די מעגלעכ-
קייט צו מאַכן דעם אויספיר, אז די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע,
וואָס איז פון 28 פעווראַל ביזן 30 סעפטיאַבר צוגעגאַנגען אומגעוויינלעך
שטורמיש און מיט אן אומגעהערט גיכן טעמפּ, אז זי וועט פון 1-טן אָקטיאַבר
ביזן 29-טן נאָיאַבר אוועק מיט א טעמפּ אַן אויסטערליש-רואיקן, פרידלעכן,
לעגאַל-אָפּגעוואויגענעם, וואָס שליסט אויס אויפרייסן, שפּרונגען, מאַפּאָלעס אין
דער מילכאָמע, עקאָנאָמישע קריזיסן? אָדער די אַרמיי אָפן פראָנט, וועגן
וועלכער ניט קיין באָלשעוויק, דער אָפיציר דובאַסאָוו האָט אָפיציעל אין נאָ-
מען פון פראָנט דערקלערט, „אז זי וועט קיין מילכאָמע ניט האַלטן", דידאָ-
זיקע אַרמיי וועט רואיק הונגערן און פרירן ביז דער „באַשטימטער" דאַטע?
אָדער דערפון, וואָס איר וועט דעם פויערשן אויפשטאנד אָנרופן מיטן נאָמען
„אַנאַרכיע" און „פּאָגראָם", דערפון, וואָס קערענסקי וועט שיקן „מיליטערישע"
קויכעס קעגן די פויערים, וועט ער אויפהערן צו זיין אן עלעמענט פון
בירגער-קריג? אָדער עס איז מעגלעך, מע קאָן זיך פאָרשטעלן א רו-
איקע, ריכטיקע, ניט קיין געפעלשטע ארבעט פון דער רעגירונג אַף צונויפ-
רופן די גרינדונגס-פארזאמלונג אין א פויעריש לאַנד, בעשאַס דידאָזיקע
רעגירונג אונטערדריקט אַ פויערשן אויפשטאנד?

לאַכט ניט פון דער „פאַרלאָרנקייט פון סמאָלני אינסטיטוט", מיינע הערן!
אייער פאַרלאָרנקייט איז ניט קלענער. אַף די גרויזאמע פראַגן פון בירגער-
קריג ענטפערט איר מיט פאַרלאָרענע פראַזן און נעבעכדיקע קאָנסטיטוציאָנעלע
אילוזיעס. אָט פאַרוואָס איך זאָג, אז אויב די באָלשעוויקעס וואָלטן זיך אונ-
טערגעגעבן אזוינע שטימונגען, וואָלטן זיי אומגעבראַכט סאַי זייער פּאַרטיי,
סאַי זייער רעוואָלוציע.

דער אַרטיקל איז אָנגעשריבן סאָף סעפטיאַבר; דער נאָכוואָרט צו
אים—אין די ערשטע דאטן פון אָקטיאַבר פון 1917 יאָר.
אָפּגעדרוקט אין „פּראסוועשטשעניע" נומער 1—2 פאר סעפטיאַבר-
אָקטיאַבר 1917 יאָר מיט דער אונטערשריפט נ. לענין.

---

# דער קריזיס איז צייטיק געוואָרן.

I

ניטאָ קיין סאפעק, אַז דער סאָף סענטיאַבער האָט אונז געבראַכט דעם גרעסטן איבערבראָך אין דער געשיכטע פון דער רוסישער, און לויט דער גאַנצער וואַרשיינלעכקייט, אויך פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע.

די אַלוועלטלעכע ארבעטער-רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן פון די ארויסטרעטונגען פון יעכידים, וועלכע האָבן מיט גרעניצלאָזן מוט פאָרגעשטעלט אלץ, וואָס עס איז פארבליבן ערלעכס פונם דורכגעפוילטן אפיציעלן „סאָציאַליזם", וואָס אין דערעמעסן איז עס סאָציאַל-שאָוויניזם. ליבקנעכט אין דייטשלאַנד, אדלער — אין עסטרייך, מאקלין — אין ענגלאַנד — אָט דאָס זיינען די אמערסטן באַקאַנטע נעמען פון דידאָזיקע העלדן-יעכידים, וואָס האָבן גענומען אַף זיך די שווערע ראָלע פון פאָרגייער פון דער אלוועלטלעכער רעוואָלוציע.

אַלס צווייטער עטאַפּ אין דער היסטאָרישער צוגרייטונג פון דערדאָזיקער רעוואָלוציע איז געקומען די ברייטע מאַסן-אירוגג, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן סאי אין דער פאָרם פון אַ שפּאַלטונג פון די אָפיציעלע פּאַרטייען, סאי אין דער פאָרם פון אומלעגאַלע אויסגאַבן, סאי אין דער פאָרם פון גאַסן-דעמאָנסטראַציעס. עס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער פּראָטעסט קעגן דער מילכאָמע — עס איז פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל קארבאָנעס פון די רעגירונגס-פאַרפאָלגונגען. די טורמעס פון די לענדער, וואָס זיינען באַרימט געוואַרן מיט זייער געזעצלעכקייט און אפילע מיט זייער פרייהייט, פון דייטשלאנד, פראַנקרייך, איטאליע, ענגלאַנד, האָבן אָנגעהויבן אָנגעפילט ווערן דורך צענדליקער און הונדערטער אינטערנאַציאָנאַליסטן, קעגנער פון דער מילכאָמע, אָנהענגער פון דער ארבעטער-רעוואָלוציע.

איצט איז געקומען דער דריטער עטאַפּ, וואָס מע קאָן אָנרופן דער ערעוו פון דער רעוואָלוציע. די מאַסן-אַרעסטן פון די פּאַרטיי-פירער אין דער פרייער איטאליע און באַזונדערס דער אָנהויב פון מיליטערישע אויפשטאַנדן אין דייטשלאַנד — אט דאָס זיינען די אנצווייפלדיקע סימאָנים פונם גרויסן איבערבראָך, די סימאָנים פון ערעוו רעוואָלוציעס אין אלוועלטלעכן מאסשטאַב.

אוואדע, זיינען אין דייטשלאַנד פריער אויך געווען איינצלנע פאַלן פון אויפשטאנדן אינם מיליטער, אָבער דידאָזיקע פאַלן זיינען געווען אזוי קליין, אזוי צעווארפן, אזוי שוואך, אז עס פלעגט זיך איינגעבן זיי צו פאַרייבן, פארשווייגן — און דערין איז באַשטאַנען דער איקער אַף איבערצוהאַקן די מאַסן-אָנשטעקנדיקייט פון די אויפשטענדלערישע מאיסים. ענדלעך איז צייטיק געוואָרן אזאַ באוועגונג אויך אין פלאָט, ווען אַפילע באַ די אַלע אומדערהערט פאנאנדערגעאַרבעטע און מיט אוימגלויבלעכן פעדאַנטיזם אָפּגעהיטע שטרענגקייטן פונם דייטשישן מיליטעריש-קאטארזשנעם רעזשים, האָט זיך ניט איינגעגעבן ניט צו פאַרייבן, ניט צו פאַרשווייגן זי.

ספּייקעס זיינען אומעגלעך. מיר שטייען פאַר דער טיר פון דער אַל-

וועלטלעכער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. און אזוי ווי נאָר מיר, רוסישע באָלשעוויקעס, איינע אליין פון אלע פּראָלעטאַרישע אינטערנאַציאָנאַליכטן פון אַלע לענדער, באַנוצן זיך מיט א פאַרהעלטניסמעסיק געוואלטיקער פרייהייט, מיר האָבן אן אָפענע פּארטיי, אַ צוויי צענדליק צייטונגען, מיר האבן אף אונזער זייט די הויפּטשטעטישע ראטן פון ארבעטערשע און סאָלדאטישע דעפּוטאטן, מיר האָבן אף אונזער זייט די מערהייט פאלקסמאַסן אין אַ רעוואָלוציאָנערער צייט, — איז צו אונז קאָן מען און מע דארף בעעמעס צופאסן די ווערטער: ווען עס איז פיל געגעבן געוואָרן, פון דעם וועט מען פיל פאָדערן.

## II

אין רוסלאַנד איז דער איבערבראָך-מאָמענט פון דער רעוואָלוציע אויסער יעדן סאָפעק.

אין אַ פויעריש לאַנד, באַ אַ רעוואָלוציאָנערער, רעפּובליקאַנישער רעגירונג, וואָס ווערט געשטיצט דורך די פּאַרטייען עסערן און מענשעוויקעס, וועלכע האבן נאָך נעכטן געהערשט צווישן דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע, וואַקסט אָן א פויערשער אויפשטאנד.

דאָס איז אומגלויבלעך, אבער דאָס איז אַ פאַקט.

און אונז, באָלשעוויקעס, וואונדערט ניט דערדאָזיקער פאַקט, מיר האָבן שטענדיק געזאָגט, אז די רעגירונג פון דער בארימטער „קאאליציע״ מיט דער בורזשואזיע איז אַ רעגירונג פון פאראט פונם דעמאָקראטיזם און פון דער רעוואָלוציע, אַ רעגירונג פון דער אימפּעריאליסטישער שכיטע, א רעגירונג פון באשיצן די קאפּיטאליסטן און פריצים קעגן פאָלק.

אַדאַנק דער גענארעריי פון די עסערן און מענשעוויקעס איז אין רוסלאַנד באַ דער רעפּובליק אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע צוגלייך מיט די ראַטן פאַרבליבן די רעגירונג פון קאַפּיטאַליסטן און פריצים. אזאַ איז די ביטערע און שרעקלעכעווירקלעכקייט. איז וואָס איז דער וואונדער, אויב אין רוסלאַנד איז באַ די אומדערהערטע צאָרעס, וואָס ווערן פאַרשאַפט דעם פאָלק דורכן פאַרציען די אימפּעריאליסטישע מילכאָמע און דורך אירע פאָלגן, האָט זיך אָנגעהויבן און וואַקסט זיך פאַנאַנדער א פויערשער אויפשטאנד?

איז וואָס איז דער וואונדער, אויב די קעגנער פון די באלשעוויקעס, די פירער פון דער אפיציעלער עסערישער פאַרטיי, פון דערזועלביקער, וואָס האָט די גאַנצע צייט אונטערגעשטיצט די „קאאליציע״, פון דערזועלביקער, וואָס האָט ביז די לעצטע טעג, אדער ביז די לעצטע וואכן, געהאַט אַף איר צאַד די מערהייט פון פאָלק, — פון דערזעלביקער, וואָס טאדלט און העצט קעגן די נ״יע עסערן, וועלכע האָבן זיך איבערצייגט אינם פאַראַט פון די אינטערעסן פונם פויערטום דורך דער פּאָליטיק פון דער קאאליציע,—דידאָזיקע פירער פון דער אָפיציעלער עסערישער פאַרטיי שרייבן... דעם 29 סענטיאבר

אינם רעדאַקציאָנעלן לייט-אַרטיקל פון „דיעלאָ נאַראָדאַ״, זייער אפיציעלן ארגאן:

„...קימאַט קיין זאַך איז ניט געטאָן געוואָרן ביז אהער אַף צו פארניכטן די פאַרקנעכטונגס-פאַרהעלטענישן, וועלכע הערשן נאָך אַלץ אינם דאָרף גראָד פון צענטראַל-רוסלאנד... דאָס געזעץ וועגן איינאָרדענען די ערד-באַציאונגען אין דאָרף, וואָס איז שוין לאַנג ארייגעטראָגן געווארן אין דער צייטווייליקער רעגירונג און איז אַפילע דורכגעגאנגען דורך אזאַ רייניקונגס-פייער, ווי די יורידישע באַראטונג, דאָסדאָזיקע געזעץ איז האָפענונגסלאז געבליבן שטעקן ערגעץ אין די קאנצעלאריעס... זיינען מיר דען ניט גערעכט, ווען מיר באהויפטן, אז אונזער רעפּובליקאַנישע רעגירונג האָט זיך נאָך ווייט ניט באַפרייט פון די אלטע געוואוינהייטן פון דער צאַרישער פאַרוואַלטונג, אז די סטאליפינשע קלעם לאזט זיך נאך שטאַרק פילן אין די מאנירן פון די רעוואָלוציאָנערע מיניסטארן״.

אַזוי שרייבן די אָפיציעלע עסערן! טוט נאָר אַ טראַכט: די אָנהענגער פון דער קאאליציע זיינען געצוואונגען צו אַנערקענען, אַז נאָך 7 כאַדאָשים רעוואָלוציע אין אַ פּויעריש לאַנד „איז נאָך קימאַט קיין זאַך ניט געטאָן געוואָרן אַף צו פאַרניכטן די „פאַרקנעכטונג״ פון די פּויערים, די פאַר-קנעכטונג זייערע דורך די פּריצים! דידאָזיקע עסערן זיינען געצוואונגען אָנצורופן מיטן נאָמען סטאָליפּיניסטן זייער קאלעגע קערענסקי און זיין גאַנצע באַנדע מיניסטאָרן.

קאָן מען דען געפינען אַ בעסערן איידעס פונם לאַגער פון אונזע-רע קעגנער, וואָס באַשטעטיקט ניט נאָר, אַז די קאאליציע האָט געקראַכט, ניט נאָר, אז די אָפיציעלע עסערן, וואָס פאַרטראָגן קערענסקין, זיינען געוואָרן אַ קעגנפּאָלקישע, קעגנפּויערישע, קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, נאָר אויך, אז די גאַנצע רוסישע רעוואָלוציע איז געקומען צו אַן איבערבראָך?

אַ פּויערשער אויפשטאַנד אין אַ פּויעריש לאַנד קעגן דער רעגירונג פון קערענסקי — דעם עסער, ניקיטין און גוואָזדיאָוו — די מענשעוויקעס און אַנדערע מיניסטאָרן, פאָרשטייער פונם קאַפּיטאַל און פון די פּריצישע אינטערעסן! די אונטערדריקונג פון דעמדאָזיקן אויפשטאַנד מיט מיליטערישע מיטלען פון דער רעפּובליקאַנישער רעגירונג.

קאָן מען דען נאָך, האָבנדיק פאַר זיך אזוינע פאַקטן, פאַרבלייבן אַ געוויסנהאפטער אָנהענגער פונם פּראָלעטאַריאַט און אָפּלייקענען, אַז דער קריזיס איז צייטיק געוואָרן, אז די רעוואָלוציע לעבט איבער דעם גרעסטן איבערבראָך, אַז דער ניצאָכן פון דער רעגירונג איבערן פּויערשן אויפשטאַנד וואָלט איצט געווען אן ענדגילטיקע קוואורע פאר דער רעוואָלוציע, א ענדגילטיקער טריאומף פון דער קארנילאָוויאַדע?

III

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך קלאָר, אַז אויב אין אַ פויעריש לאַנד, נאָך 7 כאַדאָשים דעמאָקראַטישער רעפּובליק, האָט די זאַך געקאָנט דערגיין ביז אַ פויערשן אויפשטאַנד, דערוויייזט עס קלאָר און פעסט דעם אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן קראַך פון דער רעוואָלוציע, איר קריזיס, וואָס האָט דערגרייכט צו אַן אומגעזעענער קראַפט, דעם צוגאַנג פון די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע קויכעס צום „ל ע צ ט ן ש ט ר י ך“.

דאָס איז קלאָר און זעלבסטפאַרשטענדלעך. לעגאַבע אַזאַ פאַקט, ווי דער פויערשער אויפשטאַנד, וואָלטן אַלע איבעריקע פּאָליטישע סימפּטאָמען, אויב זיי זאָלן אַפילע ווידערשפּרעכן דעמדאָזיקן צייטיק־ווערן פונם אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן קריזיס, וואָלטן זיי ניט געהאַט אַבסאָלוט קיין שום באַדייטונג.

אַלע סימפּטאָמען ווייזן אָבער אָן פאַרקערט גראָד דערויף, אַז דער אַל־געמיין־נאַציאָנאַלער קריזיס איז צייטיק געוואָרן.

נאָך דער אַגראַרער פראַגע האָט אַ באַזונדערס גרויסע באַדייטונג אינם אַלגעמיין־מלוכישן לעבן פון רוסלאַנד, באַזונדערס פאַר די קליינבירגערלעכע מאַסן פון דער באַפעלקערונג, די נאַציאָנאַלע פראַגע. און מיר זעען, אַז אויף דער „דעמאָקראַטישער“ באַראַטונג, וואָס דער הער צערעטעלי און קאָמפּ. האָבן געפעלשט, שטעלט זיך די „נאַציאָנאַלע“ קוריע לויט איר ראַדיקאַליזם אויפן צווייטן אָרט, אָפּטרעטנדיק נאָר די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און שטייענדיק ה ע כ ע ר פאַר דער קוריע פון די ראַטן פון אַרבעטערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן לויטן פּראָצענט שטימען, וואָס זיינען דערלאַנגט געוואָרן ק ע ג ן דער קאָאַליציע (40 פון 56). פון פינלאַנד פירט אַרויס קערענסקיס רעגירונג, די רעגירונג פון אונטערדריקן דעם פויערשן אויפשטאַנד, דאָס רעוואָלוציאָנערע מיליטער, קעדיי צוגעבן קויכעס דער רעאַקציאָנערער פינלענדישער בורזשואַזיע. אין אוקראַינע ווערן אַלץ אָפטער קאָנפליקטן צווישן די אוקראַינער ביכלאל און דעם אוקראַינישן מיליטער ביפראַט מיט דער רעגירונג.

לאָמיר נעמען, ווייטער, די אַרמיי, וואָס האָט אין אַ מילכאָמע־צייט אַן אויסשליסלעך וויכטיקע באַדייטונג אינם גאַנצן מלוכישן לעבן. מיר האָבן געזעען די פולע אָ פּ ש פּ אַ ל ט ו נ ג פון דער רעגירונג פונם פינלענדישן מילי־טער און פונם באַלטישן פלאָט. מיר זעען דאָס איידעס־זאָגן פונם אָפיציר דובאַ־סאָוו, וואָס איז ניט קיין באָלשעוויק, וואָס ער רעדט אין נאָמען פון גאַנצן פראָנט און רעדט רעוואָלוציאָנערער פון אלע באָלשעוויקעס, אַז די סאָלדאַטן ווילן מער קיין מילכאָמע ניט האַלטן. מיר זעען די רעגירונגס־מיטיילונגען וועגן דעם, אַז די שטימונג פון די סאָלדאַטן איז אַ „נערוועזע“, אַז פאַר דער „אָרדענונג“ (ד. ה. פאַרן אָנטייל פון דעמדאָזיקן מיליטער אינם אונטערדריקן דעם פויערשן אויפשטאַנד) קאָן מען ניט קאַווירן. מיר זעען, ענדלעך, די אָפּ־שטימונג אין מאָסקווע, וואו פון זיבעצן טויזנט סאָלדאַטן שטימען פערצן טויזנט פאַר די באָלשעוויקעס.

דידאָזיקע אָפּשטימונג באַ די וואַלן אין די ראַיאָן־דומעס אין מאָסקווע

איז ביכלאַל איינער פון די איבעראַשנדיקסטע סימפּטאָמען פונם טיפסטן קער אין דער אלגעמיין-נאַציאָנאַלער שטימונג. אז מאָסקווע איז מער קליינבירגער-לעך פאַר פּיטער — דאָס ווייסן אלע. אז דער מאָסקווער פּראָלעטאַריאַט האָט אָן אן ערעך מער פאַרבינדונגען מיטן דאָרף, דאָרפישע סימפּאַטיעס, נאָענט-קייט צו די דאָרפישע שטימונגען — דאָס איז א פאַקט, וואָס איז אַסאַך מאָל באַשטעטיקט געוואָרן און וועלכן מע קאָן ניט אָפּלייקענען.

איז אָט אין מאָסקווע פאַלן די שטימען פון די עסערן און מענשעוויקעס פון 70 פּראָצ. אין יוני ביז 18 פּראָצ. די קליין-בורזשואזיע האָט זיך אָפּגע-קערט פון דער קאָאַליציע, דאָס פאָלק האָט זיך אָפּגעקערט פון איר, — דאָ זיינען ספּייקעס אומעגלעך. די קאַדעטן האָבן זיך פאַרשטאַרקט פון 17 פּראָצ. ביז 30 פּראָצ., אָבער זיי זיינען געבליבן אַ מינדערהייט, אַ האָפענונגסלאָזע מינדערהייט, ניט געקוקט דערויף, וואָס צו זיי זיינען בעפיירעש צוגעשטאַנען די „רעכטע" עסערן און די „רעכטע" מענשעוויקעס. און די „רוסקיע וועדאָמאָסטי" זאָגן, אז די אַבסאָלוטע צאָל שטימען פאַר די קאַדעטן איז געפאַלן פון 67 אויף 62 טויזנט. נאָר באַ די באָלשעוויקעס איז די צאָל שטימען אויסגעוואַקסן פון 34 טויזנט אויף 82 טויזנט. זיי האָבן באַקומען 47 פּראָצענט פון דער גאַנ-צער צאָל שטימען. אז צוזאַמען מיט די לינקע עסערן האָבן מיר איצט א מער-הייט סאַי אין די ראַטן, סאַי אין דער ארמיי, סאַי איבערן לאַנד — דערין קאָן קיין שאָטן פון סאָפעק ניט זיין.

און צו דער צאָל סימפּטאָמען, וועלכע האָבן ניט נאָר אַ סימפּטאָמאַטישע, נאָר אויך אַ גאַנץ רעאַלע באַדייטונג, דאַרף מען צורעכענען אויך דאָס, וואָס די ארמייען פון אייזנבאַנער און פּאָסט-אַנגעשטעלטע, וועלכע האָבן אַ ריזיקע אלגעמיין-עקאָנאָמישע און אויך אלגעמיין-פּאָליטישע און מיליטערישע באַדיי-טונג, זיי געפינען זיך נאָך אַלץ אין אַ שאַרפן קאָנפליקט מיט דער רעגירונג. דערביי זיינען אַפילע די מענשעוויקעס-באַשיצלער אומצופרידן מיט „זייער" מיניסטער ניקיטין, און די אָפיציעלע עסערן רופן אָן קערענסקין און קאָמפּ. „סטאָליפּיניסטן". איז דען ניט קלאָר, אז אזאַ „אונטערשטיצונג" פון דער רע-גירונג מיצאַד די מענשעוויקעס און עסערן האָט, אויב זי האָט, נאָר אַ נעגאַ-טיווע באַדייטונג?

## .IV

יאָ, די פירער פון צ. א. ק. פירן אַ ריכטיקע טאַקטיק פון פאַרטיידיקן די בורזשואזיע און די פּריצים. און עס איז ניטאָ דער מינדסטער סאָפעק, אז די באָלשעוויקעס, אויב זיי וואָלטן זיך לאָזן כאַפּן אין דער פאַסטקע פון קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, פון „גלויבן" אינם צוזאַמענרוף פון דער גרינ-דונגס-פאַרזאַמלונג, פון „דערוואַרטונגען" אפן ראַטן-צוזאַמענפאָר א. אז. וו. — איז ניטאָ קיין סאָפעק, אז אזעלכע באָלשעוויקעס וואָלטן זיך ארויסגעוויזן פאַר נעבעכדיקע פאַרעטער פון דער פּראָלעטאַרישער זאַך.

ווייל דער אינטערנאַציאָנאַליזם באַשטייט ניט אין פראַזן, ניט אינם אויס-דריקן סאָלידאַרישקייט, ניט אין רעזאָלוציעס, נאָר אין מאַסים.

ווייל פאַרליידן די אונטערדריקונג פון א פויערשן אויפשטאַנד דורך א רעגירונג, וואָס אַפילע די „דיעלאָ נאַראָדאַ״ פאַרגלייכט זי מיט די סטאָלי-פיניסטן, באטייט אומברענגען די גאַנצע רעוואָלוציע, אומברענגען זי אַף שטענדיק און אָן צוריקער. מע שרייט וועגן אנאַרכיע און וועגן דעם וואוקס פון דער גלייכגילטיקייט פון די מאַסן: עס וואָלט נאָך געפּאַסט, אז די מאַסן זאָלן ניט זיין גלייכגילטיק צו די וואַלן, אויב דאָס פויערטום איז דערפירט געוואָרן ביז צו אַן אויפשטאַנד, און די אזוי גערופענע „רעוואָ-לוציאָנערע דעמאָקראַטיע״ פאַרליידט געדולדיק די מיליטערישע אונטערדריקונג זיינע!!

ווייל אַריבערטראָגן די אונטערדריקונג פון א פויערשן אויפשטאַנד אין אזאַ מאָמענט — הייסט לאָזן פעלשן די וואַלן אין דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, פּונקט אזוי און נאָך ערגער, און נאָך גרעבער, ווי מע האָט געפעלשט די „דעמאָקראַטישע באַראַטונג״ און דעם „פאָרפּאַרלאַמענט״.

דער קריזיס איז צייטיק געוואָרן. די גאַנצע צוקונפט פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז אוועקגעשטעלט אין קאָן. די גאַנצע צוקונפט פון דער אינטער-נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע פאַרן סאָציאַליזם איז אוועקגעשטעלט אין קאָן.

דער קריזיס איז צייטיק געוואָרן...

„ראבאָטשי פוט״ נומער 30,
7 אָקטיאַבר 1917 יאָר.
מיט דער אונטערשריפט נ. לענין.

---

# א בריוו אין פ.ק. און מ.ק. פון דער ר.ס.ד.א.פּ.(ב.).

טייערע כאַווערים!

די געשעעניש פאַראָרדענען אונז קלאָר אונזער אויפגאַבע, אז אַן אָפּהאַלט ווערט בעפיירעש א פאַרברעכן.

די אגראַרע באַוועגונג וואַקסט. די רעגירונג פאַרשטאַרקט די ווילדע רעפּרעסיעס. די סימפּאַטיעס צו אונז אינם מיליטער וואַקסן (99 פּראָצענט שטימען פון די סאָלדאַטן פאַר אונז אין מאָסקווע, דאָס פינלענדישע מיליטער און דער פלאָט קעגן דער רעגירונג, דאָס איידעס-זאָגן פון דובאָסאָוון וועגן פראָנט ביכלאַל).

אין דייטשלאַנד איז דער אָנהויב פון א רעוואָלוציע קלאָר, באַזונדערס נאָכן צעשיסן די מאַטראָסן. די וואַלן אין מאָסקווע — 47 פּראָצענט באָלשעווי-קעס — איז א גיגאַנטישער ניצאָכן. מיט די לינקע עסערן אַ בעפיירעשע מערהייט אין לאַנד.

די אייזנבאַן- און פּאָסט-אָנגעשטעלטע געפינען זיך אין א קאָנפליקט מיט דער רעגירונג. אָנשטאָט א צוזאַמענפאָר אפן 20 אָקטיאַבר ריידן שוין די לי-בערדאַנס וועגן אַ צוזאַמענפאָר אין די 20-קער דאַטן א. אז. וו. א. אז. וו.

באַ אזוינע באַדינגונגען איז „וואַרטן" — אַ פאַרברעכן.

די באָלשעוויקעס האָבן ניט קיין רעכט צו וואַרטן אַפן צוזאַמענפאָר פון די ראַטן, זיי דאַרפן נעמען די מאַכט טייקעף. דערמיט ראַטעווען זיי אי די אלוועלטלעכע רעוואָלוציע (ווייל אַנדערש שטייט פאַר די סאַקאָנע פון אַן אָפּמאַך צווישן די אימפּעריאַליסטן פון אלע לענדער, וועלכע וועלן נאָך די צעשיסונגען אין דייטשלאַנד זיין נאָכגיביקער איינער צום אנדערן און וועלן זיך קעגן אונז פאַראייניקן), סאַי די רוסישע רעוואָלוציע (אַנדערש קאָן די כוואַליע פון דער איצטיקער אנאַרכיע ווערן שטאַרקער פאַר אונז), סאַי דאָס לעבן פון הונדערטער טויזנטער מענטשן אף דער מילכאָמע.

פאַרציען — איז א פאַרברעכן. וואַרטן אַפן צוזאַמענפאָר פון די ראַטן איז אַ קינדערשע שפּיל אין פאָרמעלקייט, אַ שענדלעכע שפּיל אין פאָרמעלקייט, אַ פאַראַט פון דער רעוואָלוציע.

אויב מע קאָן ניט נעמען די מאכט אָן אַן אויפשטאַנד, דאַרף מען גיין טייקעף אף אן אויפשטאַנד. ס'קאָן זייער זיין, אז גראָד איצט קאָן מען נעמען די מאַכט אָן אַן אויפשטאַנד: לעמאָשל, אויב דער מאָסקווער ראט זאָל גלייך נעמען די מאכט און זאָל זיך (צוזאַמען מיטן פּיטערער ראט) דערקלערן פאר א רעגירונג. אין מאָסקווע איז דער ניצאָכן אַ באַוואָרנטער און עס איז ניטאָ, ווער עס זאָל מילכאָמע האַלטן. אין פּיטער קאָן מען אויסווארטן, די רעגירונג קאָן גאָרנישט מאַכן, פאר איר איז קיין רעטונג ניטאָ, און זי וועט זיך אונטערגעבן.

ווייל נעמענדיק די מאַכט, די בענק, די פאַבריקן, די „רוסקאָיע סלאָוואָ", באַקומט דער מאָסקווער ראַט אַ ריזיקע באַזע און קראַפט, — אַגיטירנדיק פאַר גאַנץ רוסלאַנד, שטעלנדיק די פראַגע אזוי: אַ שאָלעם וועלן מיר פאָרלייגן מאָרגן, אויב דער באָנאַפּארטיסט קערענסקי וועט זיך אונטערגעבן (און אויב ער וועט זיך ניט אונטערגעבן, וועלן מיר אים אראָפּווארפן). די ערד די פּויערים טייקעף, האַנאָכעס די אייזנבאַנער און די פּאָסט-אָנגעשטעלטע — טייקעף א. אז. וו.

עס איז ניט קיין כיעוו „אָנצוהייבן" פון פּיטער. אויב מאָסקווע וועט „אָנהויבן" אָן בלוט, וועלן זי געוויס אונטערשטיצן: 1) די ארמיי אפן פראָנט דורך מיטגעפיל; 2) די פּויערים אומעטום; 3) דער פלאָט און דאָס פינלענדישע מיליטער גייען אף פּיטער.

אויב אפילו באַ קערענסקין איז פאַראַן הינטער פּיטער 1—2 קאָרפּוסן רייטער-מיליטער, איז ער געצוואונגען זיך אונטערצוגעבן. דער פּיטערער ראַט קאָן אויסוואַרטן, אגיטירנדיק פאַר דער מאָסקווער ראַטן-רעגירונג. דער לאָזונג: די מאַכט — די ראַטן, די ערד — די פּויערים, שאָלעם — די פעלקער, ברויט — די הונגעריקע.

דער ניצאָכן איז באַוואָרנט, און אף ניין צענטל זיינען פאַראַן שאנסן, אז
אָן בלוט.

ווארטן איז א פארברעכן פאר דער רעוואָלוציע.

אַ גרוס

נ. לענין.

אָנגעשריבן אין אָנהויב אָקטיאַבער פון 1917 יאָר.
פונם אַרכיוו פון צ. ק. פון ר. ק. פּ.

---

# אייצעס פון אַ זייטיקן.

איך שרייב דידאָזיקע שורעס דעם 8-טן אָקטיאבער און האָף ווייניק, אז זיי זאָלן שוין דעם 9-טן זיין אין די הענט פון די פּיטערער כאַוויירים. מעג-לעך, אז זיי וועלן פאַרשפּעטיקן, ווייל דער צוזאַמענפאָר פון די צאָפנדיקע ראַטן איז באַשטימט אָפן 10-טן אָקטיאַבער. דאָך וויל איך זיך פּרוּאוון אַרויס-טרעטן מיט מיינע אייצעס פון אַ זייטיקן, אַף דעם פאַל, אויב דער וואַרשיינ-לעכער אַרויסטריט פון די אַרבעטער און סאָלדאטן פון פּיטער און פונם גאַנצן קרייז וועט פאָרקומען אינגיכן, אָבער ער איז נאָך ניט פאַרגעקומען.

אַז די גאַנצע מאַכט דאַרף אַריבערגיין צו די ראַטן — דאָס איז קלאָר. פּונקט אַזוי אומבאַשטרייטבאַר דאַרף זיין פאַר יעדן באָלשעוויק, אַז פאַר דער רעוואָלוציאָנער-פּראָלעטאַרישער (אָדער באָלשעוויסטישער — דאָס איז איצט איינס און דאָסזעלבע) מאַכט איז באַוואָרנט דער גרעסטער מיטגעפיל און די גרעניצלאָזע אונטערשטיצונג מיצאַד אַלע אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע אין דער גאַנצער וועלט ביכלאַל, אין די מילכאָמע-האַלטנדיקע לענדער ביפראַט, צווישן דעם רוסישן פּויערטום באַזונדערס. אַף דידאָזיקע צופיל באַוואוסטע און לאַנג דערוויזענע עמעסן לוינט זיך ניט אָפּצושטעלן.

אָפּשטעלן דאַרף מען זיך אַף דעם, וועגן וואָס איך צווייפל, צי עס איז אינגאַנצן קלאָר פאַר אַלע כאַוויירים, דעהאינע: אַז דער איבערגאַנג פון דער מאַכט צו די ראַטן באַטייט איצט אַף דער פּראַקטיק אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. עס וואָלט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז קלאָר, אָבער ניט אַלע האָבן זיך דערין אַריינגעטראַכט און טראַכטן זיך אַריין. אָפּזאָגן זיך איצט פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, וואָלט באַטייט אָפּזאָגן זיך פונם הויפּט-לאָזונג פון באָלשעוויזם (די גאַנצע מאַכט די ראַטן) און פונם גאַנצן רעוואָלוציאָנער-פּראָלעטאַרישן אינ-טערנאַציאָנאַליזם ביכלאַל.

אָבער אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד איז אַ באַזונדערער מין פּאָליטישער קאַמף, וואָס איז אונטערגעוואָרפן באַזונדערע געזעצן, אין וועלכע מע דאַרף זיך אויפמערקזאַם אַריינטראַכטן. מערקווירדיק רעליעף האָט דעמדאָזיקן עמעס אויסגעדריקט קאַרל מאַרקס, וועלכער האָט געשריבן, אַז אַ באַוואָפנטער „אויפ-שטאַנד, פּונקט ווי אַ מילכאָמע, איז אַ קונסט".

פון די הויפּט-קלאָלים פון דערדאָזיקער קונסט האָט מאַרקס אַרויסגעשטעלט:

1) קיינמאָל ניט שפּילן זיך מיט קיין אויפשטאַנד, און, אָנהויבנדיק אים, וויסן פעסט, אַז מע דאַרף גיין ביזן סאָף.

2) עס איז נויטיק צונויפצוקלייבן אַ גרויסן איבערגעוויכט פון קרעפטן אינם אַנטשיידנדיקן אָרט, אינם אַנטשיידנדיקן מאָמענט, ווייל אַנדערש וועט דער סוינע, וועלכער פאַרמאָגט אַ בעסערע צוגרייטונג און אָרגאַניזאַציע, פאַרניכטן די אויפשטענדלער.

3) האָט מען דעם אויפשטאַנד אָנגעהויבן, דאַרף מען האַנדלען מיט דער גרעסטער אַנטשלאָסנקייט און דורכויס, אומבאַדינגט אַריבערגיין אין אָנגריף. „די באַשיצונג איז דער טויט פאַר אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד”.

4) מע דאַרף זיך באַמיען צו פאַרכאַפּן דעם סוינע אומגעריכט, פאַרכאַפּן דעם מאָמענט, ווען זיין מיליטער איז צעוואָרפן.

5) מע דאַרף זעען דערשלאָגן זיך יעדן טאָג זאָל זיין אַפילו קלייניקע ערפאָלגן (מע קאָן זאָגן, יעדע שאָ, אויב עס גייט וועגן איין שטאָט), אונטערהאַלטנדיק אום וואס פאַר אַ פּרייז עס זאָל ניט זיין דאָס „מאָראַלישע איבערגעוויכט”.

מאַרקס האָט אונטערגעפירט דעם סאַכאַקל פון די אויספירן פון אַלע רעוואָלוציעס בענויגייע דעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד דורך די ווערטער פונם „גרעסטן מאַיסטער פון רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק אין דער געשיכטע — פון דאַנטאָנען: דרייסטקייט, דרייסטקייט און נאָך אַמאָל דרייסטקייט”.

אין באַצוג צו רוסלאַנד און צו אָקטיאַבער פון 1917 יאָר באַטייט עס: אַ גלייכצייטיקער, ווי ווייט מעגלעך מער אומגעריכטער און שנעלער אָנגריף אויף פּיטער, אומבאַדינגט סאַי פון דרויסן סאַי פון אינעווייניק. סאַי פון די אַרבעטער-קוואַרטאַלן, סאַי פון פינלאַנד, פון רעוועל, סאַי פון קראָנשטאַט, אַן אָנגריף פונם גאַנצן פלאָט, אַן אָנזאַמלונג פון אַ ריזיקן איבערגעוויכט פון קויכעס איבער די 15—20 טויזנט (און עפשער מער) פון אונזער „בורזשואַזער גוואַרדיע” (די יונקערס), פון אונזער „וואַנדייאישן מיליטער” (אַ טייל קאָזאַקן) א. אז. וו.

קאָמבינירן אונזערע דריי הויפּט-קרעפטן: דעם פלאָט, די אַרבעטער און די מיליטערישע טיילן אַזוי, אַז עס זאָלן אומבאַדינגט פאַרנומען ווערן, און מיטן פּרייז פון וועלכע ס׳זאָלן ניט זיין פאַרלוסטן זאָלן איינגעהאַלטן ווערן: א) דער טעלעפאָן; ב) דער טעלעגראַף; ג) די אייזנבאַנסטאַנציעס; ד) די בריקן אין דער ערשטער ריי.

אויסטיילן די סאַמע אַנטשלאָסענע עלעמענטן (אונזערע „שלאָג-גרופּן” און די אַרבעטערשע יוגנט, ווי אויך די בעסטע מאַטראָסן) אין קליינע גרופּן אויף צו פאַרנעמען דורך זיי אַלע וויכטיקסטע פּונקטן און אויף אָנטייל צו נעמען אומעטום, אין אַלע וויכטיקע אָפּעראַציעס, לעמאָשל:

ארומרינגלען און אָפּשניידן פיטער, נעמען אים דורך א קאָמבינירטער אַטאַקע פונם פלאָט, אַרבעטער און מיליטער, — אָט דאָס איז די אויפגאבע, וועלכע פאָדערט קונסט און דרייפאַכע דרייסטקייט.

צונויפשטעלן אָטריאַדן פון די בעסטע ארבעטער מיט ביקסן און באָמבעס אף אָנצוגרייפן און ארומרינגלען די „צענטרען” פונם סוינע (די יונקערשע שולן, דעם טעלעגראף און טעלעפאָן א. אז. וו.) מיטן לאָזונג: אומקומען אלע, אָבער ניט דורכלאָזן דעם סוינע.

מיר וועלן האָפן, אז אין פאל, אויב די ארויסטרעטונג וועט באַשלאָסן ווערן, וועלן די פירער מיט ערפאָלג באַנוצן דאַנטאָנס און מאַרקס גרויסע געבאָטן.

דער ערפאָלג סאי פון דער רוסישער, סאי פון דער אלוועלטלעכער רעוואָלוציע הענגט אָפּ פון 2—3 טעג קאַמף.

אָנגעשריבן דעם 8 אָקטיאַבר 1917 יאָר, פאַרעפנטלעכט
אין „פראַוודאַ” נומער 250 דעם 7-טן נאָיאַבר 1920 יאָר,
מיט דער אונטערשריפט „אַ זייטיקער”.

פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

לענין־ביבליאטעק

סעריע № 1

נ. לענין (וו. אוליאַנאָוו).

# אויסגעוויילטע ווערק

## באנד V טייל 2

# מלוכע און רעוואָלוציע.

די לערע פונם מארקסיזם וועגן דער מלוכע און די אויפגאבן פונם פראָלעטאריאט אין דער רעוואלוציע.

צענטראלער פאַרלאג פאר די פעלקער פון פ. ס. ס. ר.

מאסקווע 1925

# פּאָרוואָרט.

די פראַגע וועגן דער מלוכע באַקומט באַ היינטיקן טאָג א באַזונדערע וויכטיקייט, סײַ אין דער טעאָרעטישער און סײַ אין דער פּראַקטיש-פּאָליטישער הינזיכט. די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע האָט אויסערגעוויינלעך פאַרגיכערט און פאַרשאַרפט דעם פאַרוואַנדלונגס-פּראָצעס פונם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם אין א מלוכיש-מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם. די מוירעדיקע אונטערדריקונג פון די האָרעפּאַשנע מאַסן מיצאַד דער מלוכע, וואָס גיסט זיך אַלץ פעסטער און פעסטער צונויף מיט די אַלמעכטיקע קאַפּיטאַליסטן-פאַרבאַנדן, ווערט אַלץ גרויזאַמער. די פאָרגעשריטענע לענדער — מירריידן וועגן זייער הינטערלאַנד (טיל) — ווערן פאַרוואַנדלט אין מיליטערישע קאַטאָרזשנע טורמעס פאַר די אַרבעטער.

די אומגעהויערע שרעקן און צאָרעס פון דער מילכאָמע, וואָס פאַרציט זיך, מאַכן די לאַגע פון די מאַסן ניט אַריבערצוטראָגן, פאַרשטאַרקן זייער אויפגערייצטקייט. עס וואַקסט באַשיינפּערלעך די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע. די פראַגע וועגן איר באַציאונג צו דער מלוכע באַקומט א פּראַקטישע באַדייטונג.

די עלעמענטן פון אָפּאָרטוניזם, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן פון לעפיערעך פרידליכער אַנטוויקלונג, האָבן באַשאַפן די שטרעמונג פונם סאָציאַל-שאָוויניזם, וועלכע הערשט איצט אין די אָפיציעלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער גאַנצער וועלט. דידאָזיקע שטרעמונג (פּלעכאַנאָוו, פּאָטרעסאָוו, ברעשקאָווסקאַיאַ, רובאַנאָוויטש, דערנאָך אין אַביסל אַ פאַרדעקטער פאָרם די ה'ה צערעטעלי, טשערנאָוו און כעווראַיע אין רוסלאַנד; שיידעמאַן, לעגין, דאַוויד און אַנדערע אין דייטשלאַנד; רענאָדעל, געד, וואַנדערוועלדע אין פראַנקרייך און בעלגיע; הײַנדמאַן און די פאַביאַנער אין ענגלאַנד א.א.וו., א.א.וו.) וואָס איז סאָציאַליזם לויט די רייד און שאָוויניזם לויט ד מאַיסים, צייכנט זיך אויס דורך דעם, וואָס די „פירער פונם סאָציאַליזם" פּאַסן זיך צו אַף א נידערטרעכטיקן לאָקייאישן אויפן צו די אינטערעסן ניט בלויז פון דער „אייגענער" נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע, נאָר טאַקע פון דער „אייגענער" מלוכע. וואָרום דאָסראָוו פון די אַזוי גערופענע „גרויסמאַכטן" עקספּלואַטירן און פאַרשקלאַפן שוין לאַנג אַ גאַנצע ריי קליינע און שוואַכע פעלקער. און די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע איז גראָד אַ מילכאָמע פאַר צעטיילן און איבערטיילן אָט דעם מין רויב. דער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די האָרע-

פאַשנע מאַסן פון אונטער דעם איינפלוס פון דער בורזשואַזיע ביכלאַל און פון דער אימפעריאַליסטישער בורזשואַזיע ביפראַט, איז ניט מעגלעך אָן אַ קאַמף קעגן די אָפּאָרטוניסטישע פאָרורטיילן וועגן דער מלוכע.

מיר באַטראַכטן פריער די לערע פון מאַרקס און ענגעלס וועגן דער מלוכע און שטעלן זיך אָפּ באַזונדערס גענוי אָף יענע זייטן פון דער לערע, וואָס זיינען פאַרגעסן אָדער פאַרקריפּלט געוואָרן דורך די אָפּאָרטוניסטן. מיר וועלן דערנאָך פאַנאַנדערקלייבן ספּעציעל דעם הויפּט פאָרשטייער פון דידאָזיקע פאַרקריפּלונגען, קאַרל קאַאוטסקי, דעם אַמערסטן באַרימטן פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל (1889—1914), וואָס האָט אַזוי נעבעכדיק באַנקראָטירט אין דער צייט פון דער מילכאָמע. מיר וועלן צולעצט אונטערפירן די הויפּט-סאַכאַקלען פון דער דערפאַרונג פון די רוסישע רעוואָלוציעס פון 1905-טן און באַזונדערס פון 1917-טן יאָר. אָט די לעצטע פאַרענדיקט מאַשמאָעס באַ היינטיקן טאָג (אָנהויב אַווגוסט 1917 יאָר) דעם ערשטן פעריאָד פון איר אַנטוויקלונג. נאָר אָט די גאַנצע רעוואָלוציע קאָן ביכלאַל פאַרשטאַנען ווערן נאָר, ווי איינס פון די רינגלעך אין דער קייט פון סאָציאַליסטישע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע. די פראַגע וועגן דער באַציאונג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע פונם פּראָלעטאַריאַט צו דער מלוכע באַקומט אָף אַזאַ אויפן ניט בלויז א פּראַקטיש פּאָליטישע באַדייטונג, נאָר אויך די באַדייטונג פון אַן עמעסער טאָג פראַגע, ווי די פראַגע וועגן געבן צו פאַרשטיין די מאַסן, וואָס וועלן זיי מוזן טאָן אָף צו באַפרייען זיך פונם יאָך פון קאַפּיטאַליזם אין דער נאָענטסטער צייט.

**דער מעכאַבער.**

אַווגוסט 1917 יאָר.

---

קאפיטל I.

# די קלאסן-געזעלשאַפט און די מלוכע.

## 1. די מלוכע איז א פּראָדוקט פון דער אומשאָלעמדיקייט פו קלאַסן-ווידערשפּרוכן.

מיט מאַרקס לערע קומט איצט פּאַר דאָס זעלבע, וואָס האט ניט איין מאָל געטראָפן אין דער געשיכטע מיט די לערעס פון רעוואָלוציאָנערע דענקער און פירער פון אונטערדריקטע קלאַסן אין זייער באַפרייאונגס קאַמף. קאָלזמאַן די גרויסע רעוואָלוציאָנערן האָבן געלעבט, האָבן די אונטערדריקנדיקע קלאָסן געצאָלט זיי מיט שטענדיקע רעדיפעס, האָבן באַגעגנט זייער לערע מיט דער ווילדסטער רישעס, מיטן פאַרביסנסטן האַס, מיט דער סאַמע גרעניצלאָזער קאַמפּאניע פון רעכילעסן. און נאָך זייער טויט ווערן געמאַכט פּרואוון צו פאַרוואנדלען זיי אין אומשעדליכע „איקאָנעס", אַזוי צו זאָגן, קאַנאָניזירן (פאַרהייליקן) זיי, אָפּגעבן אַ געוויסן קאָוועד זייערע „נעמען" אַף צו „טרייסטן" די אונטערדריקטע קלאַסן און אָפּצונאַרן זיי, אויסשיילנדיק דעם אינהאַלט פון דער רעוואָלוציאָנערער לערע, פאַרטעמפּנדיק איר רעוואָלוציאָנערן שאַרף, פאַרפלאַכנדיק זי. אַף אזא „באַאַרבעטונג" פון מאַרקסיזם גייען זיך איצט צונויף די בורזשואזיע מיט די אָפּאָרטוניסטן, אינעווייניק אין דער ארבעטער-באַוועגונג. מע פאַרגעסט, מע פאַרייבט, מע פאַרקריפּלט די רעוואָלוציאָנערע זייט פון דער לערע, איר רעוואָלוציאָנערע נעשאָמע. מע רוקט אַרויס אפן ערשטן פלאַץ, מע רימט און מע לויבט דאָס, וואָס די בורזשואזיע קאָן אָנעמען, אָדער עס דוכט זיך, אז זי קאָן דאָס אָנעמען. אלע סאָציאַל-שאָוויניסטן זיינען איצט „מאַרקסיסטן" — טרייבט ניט קיין שפּאַס! און אַלץ אָפטער טרעפט, אַז די דייטשישע בורזשואזע געלערנטע, די נעכטיקע ספּעציאַליסטן אַף צו פארטיליקן דעם מארקסיזם, ריידן וועגן „נאַציאָנאַל-דייטשישן" מארקס, וועלכער האָט קלוימערט אויסגעהאָדעוועט די ארבעטער-פאַרבאַנדן, וואָס זיינען אזוי גרויסאַרטיק אָרגאַניזירט אַף צו פירן די רויבערישע מילכאָמע.

באַ אזא לאגע, באַ דער אומדערהערטער פאַרשפּרייטונג פון די פאַרקריפּלונגען פונם מארקסיזם, באַשטייט אונזער אויפגאַבע קוידעמקאָל אין צוריק אויפשטעלן די עמעסע לערע פון מאַרקסן וועגן דער מלוכע. דערצו איז

נויטיק ברענגען א גאנצע ריי לאַנגע ציטאַטען, מאַכן שווער דעם אויסלייג.
לאַכלוטן ניט מיטהעלפן זיין פּאָפּולאריטעט. באַנוגענען זיך אָבער אָן זיי קאָן
מען ניט. אלע, אָדער ווייניקסטנס אלע באשטימענדיקע ערטער פון מארקס און
ענגעלס ווערק איבער דער פראגע וועגן דער מלוכע מוזן אומבאדינגט גע-
בראַכט ווערן אין אַ מעגלעך פולער פאָרם, קעדיי דער לעזער זאָל זיך קענען
שאַפן א זעלבשטענדיקע פאָרשטעלונג וועגן דעם סכום אַנשויאונגען פון די
גרינדער פונם וויסנשאַפטלעכן סאָציאליזם, און וועגן דער אנטוויקלונג פון די-
דאָזיקע אַנשויאונגען. ווי אויך, קעדיי עס זאָל דאָקומענטאל באַוויזן ווערן
קלאָר און דייטלעך די פאַרקריפּלונג, וואָס עס איז מיט זיי באַגאנגען די
„קאַאוטסקישע ריכטונג”, וואָס הערשט איצטער.

לאָמיר אָנהויבן פון דעם פאַרשפּרייטסטן ווערק פון פר. ענגעלס: „די
אָפּשטאַמונג פון דער פאַמיליע, פריוואט-אייגנטום און מלוכע”, וואָס איז אין
יאָר 1894 ארויסגעגאנגען אין שטוטגארט אין דער זעקסטער אויפלאַגע. אונז
וועט אויסקומען איבערזעצן די ציטאַטן פון דייטשישן אָריגינאל.

— די מלוכע — זאָגט ענגעלס, אונטערפירנדיק דעם סאכאקל פון זיין
היסטאָרישן אַנאליז — די מלוכע שטעלט בעשום אויפן ניט פאָר קיין קראַפט, וואָס
איז אָנגעבונדן דער געזעלשאפט פון אויסנווייניק. די מלוכע איז אויך ניט קיין
„ווירקלעכקייט פון דער מאָראלישער אידעע”, קיין „בילד און ווירקלעכקייט
פון סייכל”, ווי עס באַהויפּט העגעל. די מלוכע איז אַ פּראָדוקט פון דער
געזעלשאפט אף א געוויסער אַנטוויקלונגס-מאַדרייגע; די מלוכע איז די אָנער-
קענונג, אַז דידאָזיקע געזעלשאַפט האָט זיך פאַרפלאָנטערט מיט זיך גופע אין
א ווידערשפּרוך, וואָס מע קאָן ניט לייזן, איז צעשפּאָלטן געוואָרן אַף קעגנ-
זאַצן, וואָס מע קאָן ניט אויסגלייכן, וואָס פּאָטער צו ווערן פון זיי האָט זי
קיין קויעך ניט. און קעדיי אָט די קעגנזאַצן, די קלאסן מיט די קעגנזעצלעכע
עקאָנאָמישע אינטערעסן זאָלן ניט אויפרעסן איינער דעם אנדערן און די גע-
זעלשאַפט גופע אין אומנוציקן קאַמף, צוליב דעם איז נויטיק געוואָרן אַ קראַפט,
וואָס שטייט, ווי ס'דוכט זיך, איבער דער געזעלשאַפט, א קראַפט, וואָס זאָל
אפשוואַכן דעם צוזאַמענשטויס, האַלטן אים אין די גרעניצן פון „אָרדענונג”.
און אָט דידאָזיקע קראַפט, וואָס איז ארויסגעקומען פון דער געזעלשאַפט, נאָר
זי שטעלט זיך איבער איר, פרעמדט זיך אלץ מער אָפּ פון איר, דאָס איז די
מלוכע (ז. 177—178 פון דער זעקסטער דייטשישער אויפלאַגע).

דאָ איז מיט דער פולער קלאָרקייט אויסגעדריקט די גרונט אידעע פון
מאַרקסיזם איבער דער פראגע וועגן דער היסטאָרישער ראָלע, וועגן דער באַ-
דייטונג פון דער מלוכע. די מלוכע איז דער פּראָדוקט און די אַנטפּלעקונג פון
דעם, וואָס די קלאסן-ווידערשפּרוכן קאָנען ניט אויסגעגלייכט ווערן.
די מלוכע אַנשטייט דאָרט, דעמאָלט און אין דער מאָס, וואו, ווען און ווי
ווייט די קלאַסן קאָנען אָביעקטיוו צו קיין אויסגלייך ניט געבראַכט ווערן.
און פאַרקערט: דאָס וואָס די מלוכע עקזיסטירט, איז א ראַיע דערפאר, אז די
קלאסן-סטירעס זיינען ניט אויסצוגלייכן.

גראַד אין דעם וויכטיקסטן גרונט-פונקט הויבט זיך אָן די פאַרקריפּלונג פונם מאַרקסיזם, וואָס גייט לויט צוויי הויפּט-ליניעס.

פון איין זייט קומען די בורזשואַזע און באַזונדערס קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגן, — וואָס זיינען געצוואונגען אונטערן דרוק פון אומבאַשטרייטבאַרע היסטאָרישע פאַקטן מודה זיין, אַז אַ מלוכה איז פאַראַן נאָר דאָרט. וואו עס זיינען פאַראַן קלאַסן-ווידערשפּרוכן און קלאַסן-קאַמף, — און „פאַריכטן" מאַרקסן, אַז די מלוכה קומט אַרויס ווי אַן אָרגאַן אף צו מאַכן שאָלעם צווישן די קלאַסן. לויט מאַרקסן וואָלט די מלוכה ניט געקאָנט אויפקומען און ניט האַלטן זיך, אויב ס'וואָלט מעגלעך געווען צו מאַכן שאָלעם צווישן די קלאַסן. בא די קליינבירגערלעכע פּראָפעסאָרן און פּובליציסטן קומט אויס — און קעסיידער פאַרופן זיי זיך אף מאַרקסן! — אַז די מלוכה מאַכט דאַווקע שאָלעם צווישן די קלאַסן. לויט מאַרקסן איז די מלוכה דער אָרגאַן פון קלאַסן-הערשאַפט, דער אָרגאַן פון אונטערדריקונג פון איין קלאַס מיצאַד דעם אַנדערן, אַ באַשאַפעניש פון „אָרדענונג", וואָס פאַרפעסטיקט דידאָזיקע אונטערדריקונג, מאַכט זי צום געזעץ דורכדעם, וואָס זי שוואַכט אָפּ די צוזאַמענשטויסן פון די קלאַסן. לויט דער מיינונג פון די קליינבירגערלעכע פּאָליטיקער, איז די אָרדענונג גראַד דער שאָלעם צווישן די קלאַסן און ניט די אונטערדריקונג פון איין קלאַס מיצאַד דעם אַנדערן; אָפּשוואַכן דעם צוזאַמענשטויס הייסט שאָלעם מאַכן, און ניט אָפּנעמען בא די אונטערדריקטע קלאַסן די באַשטימטע מיטלען און וועגן פון קאַמף פאַר דער אַראָפּוואַרפונג פון די אונטערדריקער.

לעמאָשל, אין דער רעוואָלוציע פון 1917 יאָר, ווען די פּראַגע וועגן דער באַדייטונג און דער ראָלע פון דער מלוכה האָט זיך גראַד אַוועקגעשטעלט אין איר גאַנצער גרויסקייט, האָט זיך אַוועקגעשטעלט פּראַקטיש ווי אַ פּראַגע פון באַלדיקער אַקציע און דערצו אַן אַקציע אין מאַסן-מאַסשטאַב — האָבן די עס-ערן און מענשעוויקעס זיך מיט אַמאָל און אינגאַנצן אַראָפּגעקייקלט צו דער קליינבירגערלעכער טעאָריע וועגן „שאָלעם-מאַכן" צווישן די קלאַסן דורך דער „מלוכה". אָן אַ צאָל רעזאָלוציעס און אַרטיקלען פון פּאָליטיקער פון דידאָזיקעביידע פּאַרטייען זיינען דורך און דורך אָנגעזאַפּט מיט אָט דער קליינבירגערלעכער „אויסגלייך"-טעאָריע. אַז די מלוכה איז דער הערשאַפט-אָרגאַן פון אַ באַשטימטן קלאַס, וואָס קאָן ניט שאָלעם ווערן מיט זיין קעגנער — דאָס איז די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע קיינמאָל ניט פעאיק צו באַנעמען. די באַציאונג צו דער מלוכה — דאָס איז איינע פון די סאַמע בולעטע באַווייזן דערויף, אַז אונזערע עס-ערן און מענשעוויקעס זיינען גאָר קיין סאָציאַליסטן ניט, וואָס מיר באָלשעוויקעס האָבן שטענדיק באַוויזן, נאָר קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן מיט אַ קימאַט סאָציאַליסטישער פראַזעאָלאָגיע.

פון דער אַנדערער זייט, איז די קאַאוטסקיאַנישע פאַרקריפּלונג פונם מאַרקסיזם אַסאַך פיינער. „טעאָרעטיש" ווערט ניט אָפּגעלייקנט ניט דאָס, אַז די מלוכה איז אַן אָרגאַן פון קלאַסן-הערשאַפט, ניט דאָס, אַז די קלאַסן-ווידערשפּרוכן זיינען ניט אויסצוגלייכן. נאָר עס ווערט געלאָזן אויסער אַכט, אָדער

אַרשמירט — אָט וואָס: אויב די מלוכע איז דער פּראָדוקט פון דער אומבאַשאָלעמדיקייט פון די קלאַסן-ווידערשפּרוכן, אויב זי איז אַ קראַפט, וואָס שטייט איבער דער געזעלשאַפט און „ווערט אַלץ מער פאַרפרעמדט פון דער געזעלשאַפט" — איז קלאָר, אַז די באַפרייאונג פונם אונטערדריקטן קלאַס איז ניט מעגלעך ניט בלויז אָן אַ איבערגוואַלדיקער רעוואָלוציע, נאָר אויך ניט אָן דער פאַרניכטונג פון יענעם אַפּאַראַט פון דער מלוכע-מאַכט, וואָס דער הערשנדיקער קלאַס האָט געשאַפן, און וואָס אין אים איז דידאָזיקע „פאַרפרעמדקייט" פאַרקערפּערט. דעמדאָזיקן אויספיר, וואָס איז טעאָרעטיש קלאָר פון זיך אַליין, האָט מאַרקס געמאַכט, ווי מיר וועלן ווייטער זען, מיט דער פולסטער באַשטימטקייט אַפן סמך פון אַ קאָנקרעט-היסטאָרישן אַנאַליז פון די אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע. און גראָד דעמדאָזיקן אויספיר האָט קאַוטסקי — ווי מיר וועלן דאָס באַווייזן ווייטער... — פאַרגעסן און פאַרקריפּלט.

## 2. באַזונדערע מאכנעס באַוואָפנטע מענטשן, טורמעס א. א. וו.

..."אין פאַרגלייך מיט דער אַמאָליקער גענס-אָרגאַניזאַציע (שטאַמען אָדער קלאַנען) — זאָגט ענגעלס ווייטער — אונטערשיידט זיך די מלוכע, ערשטנס, דורכדעם, וואָס אירע אונטערטאַנען זיינען פאַרטיילט לויט טעריטאָריעלע איינטיילונגען"...

..."דער צווייטער אונטערשייד-סימען איז די גרינדונג פון אַ געזעלשאַפטלעכער מאַכט, וואָס פאַלט שוין ניט צונויף אומיטלבאַר מיט דער באַפעלקערונג, וועלכע אָרגאַניזירט זיך אַליין, ווי אַ באַוואָפנטע מאַכט. דידאָזיקע באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע מאַכט איז נויטווענדיק דערפאַר, ווייל די זעלבסטטעטיקע באַוואָפנטע אָרגאַניזאַציע פון דער באַפעלקערונג איז געוואָרן אומעגלעך זינט די געזעלשאַפט האָט זיך צעשפּאָלטן אַף קלאַסן... דידאָזיקע געזעלשאַפטלעכע מאכט עקזיסטירט אין יעדער מלוכע, זי באַשטייט ניט נאָר פון באַוואפנטע מענטשן, נאָר אויך פון זאַכלעכע צוגאבן, טורמעס און אַלע מינים צוואַנג-אינסטיטוציעס, וואָס די גענסילע קלאַנען אָרדענונג פון דער געזעלשאפט האָט זיי ניט געוואוסט"...

ענגעלס וויקלט פאַנאַנדער דעם באַגריף פון יענער „קראַפט", וואָס ווערט אָנגערופן מלוכע, פון דער קראַפט, וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער געזעלשאַפט, נאָר וואָס שטעלט זיך איבער איר און ווערט אַלץ מער אָפּגעפרעמדט פון איר. אין וואָס באַשטייט הויפּטזאַכלעך דידאָזיקע קראַפט? אין באַזונדערע מאכנעס באַוואָפנטע מענטשן, וואָס האָבן אין זייער רעשוס טורמעס א. אַז. וו.

מיר האָבן דאָס רעכט צו ריידן וועגן באַזונדערע מאַ נעס באַוואָפנטע מענטשן דערפאַר, ווייל די געזעלשאַפטלעכע מאַכט, וואָס יעדע מלוכע פאַרמאָגט, פאַלט ניט צונויף אומיטלבאַר מיט דער באַוואָפנטער באַפעלקערונג, מיט איר „זעלבסטטעטיקער באַוואָפנטער אָרגאַניזאַציע".

פונקט, ווי אַלע גרויסע רעוואָלוציאָנערע דענקער, באַמיט זיך ענגעלס צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער גראַד דעריף,

וואָס דאָס הערשנדיקע קליינבירגערטום האַלט פאַר אַמווייניקסטן אַכטונגס-ווערט, וואָס דערין איז עס איינגעוואוינט, וואָס זעט אויס פאַרהייליקט דורך פאָרורטיילן ניט בלויז פעסטע, נאָר, מע קען זאָגן אַפילע, פאַרשטיינערטע. דאָס שטענדיקע מיליטער און פאָליציי זיינען די וויכטיקסטע געצייג פאַר דער קראַפט פון דער מלוכע-מאַכט, נאָר... — צי קאָן עס דען אַנדערש געמאָלט זיין?

פונם שטאַנדפונקט פון דער גרעסטער מערהייט פון די אייראָפּייער פון סאָף 19-טן יאָרהונדערט, וואָס צו זיי האָט זיך ענגעלס געווענדעט, און וואָס זיי האָבן ניט איבערגעלעבט און ניט געהאט קיין געלעגנהייט נאָענט צוצוקוקן זיך צו קיין איין גרויסע רעוואָלוציע, קאָן דאָס טאַקע אַנדערש ט געמאָלט זיין. פאַר זיי איז לאָכלוטן ניט פאַרשטענרלעך, וואָס איז דאָס פאַר אַ מין „זעלבסטעטיקע באַוואָפנטע אָרגאַניזאַציע פון דער באַפעלקערונג“? אַף דער פראַגע וועגן דעם, פאַרוואָס זיינען עס נויטיק געוואָרן באַוואָפנטע מענטשן, וואָס זיינען געשטעלט איבער דער געזעלשאַפט און אָפּגעפרעמדעט פון דער געזעלשאַפט (פּאָליציי, שטענדיקע אַרמיי), איז דער אייראָפּעאישער און דער רוסישער פיליסטער*) נויטע צו ענטפערן מיט אַ פּאָר פראַזעס, גענומען אַף באָרג בּאַ ספּענסערן אָדער מיכאילאָווסקען, פאַרופן זיך אַף דער קאָמפּליצירטקייט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַף דער דיפערעצירונג פון די פונקציעס א. אז. וו.

אַזאַ מין ענטפער מאַכט דעם איינדרוק פון אַ „וויסנשאַפטלעכן“ און פאַרשלעפערט אויסגעצייכנט דעם באַלעבאַטישן מענטשן, פאַרשטעלנדיק צוגלייך דעם איקער און יעסאָד: די צעשפּאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אַף פיינטלעכע קלאַסן, וואָס קאָנען ניט שאָלעם מאכן צווישן זיך.

ווען דידאָזיקע שפּאַלטונג וואָלט ניט געווען, וואָלט די „זעלבסטעטיקע באַוואָפנטע אָרגאַניזאַציע פון דער באַפעלקערונג“ זיך אונטערגעשיידט דורך איר קאָמפּליצירטקייט, דורך דער הויך פון איר טעכניק א. אז. וו. פון דער פרימיטיווער אָרגאַניזאַציע פון אַ טשאטע מאַלפּעס, וואָס נעמען שטעקנס, אָדער פון ווילדע מענטשן, אָדער פון מענטשן, וואָס זיינען פאַרייניקט אין אַ קלאַן-געזעלשאַפט, אָבער אַזאַ אָרגאַניזאַציע וואָלט געווען מעגלעך. אומעגלעך איז זי דערפאַר, ווייל די ציוויליזירטע געזעלשאַפט איז צעשפּאָלטן אַף פיינטלעכע קלאַסן און דערצו נאָך אַזוינע, וואָס צווישן זיי קאָן קיין שאָלעם ניט זיין, וואָס זייער „זעלבסטעטיקע“ באוואפענונג וואָלט געבראַכט צו אַ באוואָפנטן קאַמף צווישן זיי. ס'שטעלט זיך צונויף די מלוכע, ס'ווערט געשאפן א באזונדערע מאכנעס-קראפט, באזונדערע באוואָפנטע מענטשן. און יעדע רעוואָלוציע, בעאייס זי צעשטערט דעם מלוכע-אפּאראט, ווייזט אונז באשיינפּערלעך, ווי אזוי דער הערשנדיקער קלאס שטרעבט צו באנייען די באזונדערע מאכנעס מענטשן, וואָס דינען אים, ווי אזוי דער אונטערדריקטער קלאס שטרעבט צו באשאפן א נייע אָרגאניזאציע פון דעם מין, וואָס איז פעאיק צו דינען ניט די עקספּלואטאטאָרן, נאָר די עקספּלואטירטע.

---

*) פיליסטער — אַ פאַראַכטונגס-וואָרט. אַזוי רופט מען אַ באַגרעניצטן מענטשן, וואָס באַעמט נאָר דאָס וועלטל פון די אייגענע דאַלעד-אַמעס.

ענגעלס שטעלט אין דער געבראכטער באהאנדלונג טעאָרעטיש דיזעלבע פראגע, וואָס עס שטעלט פאר אונז יעדע גרויסע רעוואָלוציע. ער שטעלט זי פראקטיש, בוילעט און דערצו אין א מאסשטאב פון א מאסן־אקציע. דעהאינע, די קעגנזייטיקע באציאונג צווישן די „באזונדערע" אָטריאדן באוואָפנטע מענטשן און דער „זעלבסטעטיקער באוואָפנטער אָרגאניזאציע פון דער באפעלקערונג". מיר וועלן דערזעען, ווי אזוי דידאָזיקע פראגע ווערט קאָנקרעט איליוסטרירט דורך דער דערפארונג פון די אייראָפעאישע און רוסישע רעוואָלוציעס.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו איבערגעבן ענגעלסן.

ער ווייזט אָן, אז טיילמאָל, א שטייגער, ערגעץ וואו אין צאָפן-אמעריקע איז דידאָזיקע געזעלשאפטלעכע מאכט שוואך (עס רעדט זיך־וועגן א זעלטענעם אויסנאם פאר דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט און וועגן יענע טייל צאָפן-אמעריקע אין איר פאר־אימפעריאליסטישן פעריאָד, וואו עס האָט גע־הערשט דער פרייער קאָלאָניסט), נאָר ביכלאל גערעדט פארשטארקט זי זיך:

...„די געזעלשאפטלעכע מאכט פארשטארקט זיך אין דער מאָס, ווי עס ווערן פארשארפט די קלאסן-ווידערשפרוכן אין דער מלוכע גופע, און וואָס מער די מלוכעס, וואָס גרעניצן זיך צווישנאנאנד, ווערן גרעסער און באזעצטער. גיט א קוק כאָטש אף דער איצטיקער אייראָפע, וואו דער קלאסן־קאמף און די קאָנקורענץ פון דעראָבערונגען האָבן ארויפגעשרויפט די געזעלשאפטלעכע מאכט ביז אזא הויך, אז זי דראָט איינצושלינגען די גאנצע געזעלשאפט און אפילע די מלוכע"...

דאָס איז געשריבן געוואָרן ניט שפעטער פונם אָנהויב פון די 90-קער יאָרן פון פארגאנגענעם יארהונדערט. דאָס לעצטע פאָרוואָרט פון ענגעלסן איז דאטירט דעם 16-טן יולי 1891 יאָר. דעמאָלט האָט דער קער צום אימפעריא-ליזם, סאי אין זין פון דער פולקומער געוועלטיקונג פון די טרעסטן, סאי אין זין פון דער אלמעכטיקייט פון די גרעסטע בענק, סאי אין זין פון דער גראנ-דיעזער קאָלאָניאל-פאָליטיק א. אז. וו. זיך אָקאָרשט געהאט אָנגעהויבן אין פראנקרייך, נאָך שוואכער אין צאָפן-אמעריקע און אין דייטשלאנד. פון דעמאָלט אָן האָט די „קאָנקורענץ פון דעראָבערונגען" געמאכט א ריזיקן שריט פאָרויס, און נאָך מער, ווייל די גאנצע ערד האָט זיך ארויסגעוויזן צום אָנהויב פון צווייטן יארצענדליק פון 20־טן יארהונדערט ענדגילטיק פאנאנדערגעטיילט צווישן דידאָזיקע קאָנקורירנדיקע „דעראָבערער", דאָס הייסט, צווישן די גרויסע רויבערישע מלוכעס. די באוואָפענונגען אף דער יאבאָשע און אפן יאם זיינען זינט יענער צייט אויסגעוואקסן מוירעדיק, און די רויבערישע מילכאָמע אין די יאָרן 1914—1917 איבער דער וועלט-הערשאפט פון ענגלאנד אָדער דייטשלאנד, איבער דער כלוקע פון רויב, האָט דערנעענטערט די „איינשלינגונג" פון אלע קויכעס פון דער געזעלשאפט דורך דער רויבערישער מלוכע-מאכט ביז צו א פולקומער קאטאסטראָפע.

ענגעלס האָט נאָך אין יאָר 1891 פארשטאנען אָנצואווייזן אף דער „קאָנ־קורענץ פון דעראָבערונגען", ווי אף איינעם פון די וויכטיקסטע אונטערשייד-סימאָנים פון דער אויסערלעכער פאָליטיק פון די גרויסע מלוכעס. און די אויס־

וואורפן פון סאָציאַל-שאָוויניזם האָבן די האָזע אין די יאָרן 1914—1917, ווען גראַד דידאָזיקע קאָנקורענץ, אין פיל מאָל פאַרשאַרפט, האָט געבראַכט צו דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, האָבן זיי די האָזע צו פאַרדעקן די פאַרטיידיקונג פון די רויבערישע אינטערעסן פון דער „אייגענער" בורזשואַזיע דורך פראַזעס וועגן „פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד", וועגן „באַשיצן די רעפּובליק און די רעוואָ-לוציע" א. אז. וו.

## 3. די מלוכע איז א געצייג צו עקספּלואַטירן דעם אונטער-דריקטן קלאַס.

קעדיי אויסצוהאַלטן די באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע מאַכט, וואָס שטייט איבער דער געזעלשאַפט, זיינען נויטיק שטייערן און מלוכע-כויוועס.

„פאַרמאָגנדיק די געזעלשאַפטלעכע מאַכט און דאָס רעכט אויפצומאַנען שטייערן — שרייבט ענגעלס — שטעלן זיך די באַאַמטע, ווי אָרגאַנען פון דער געזעלשאַפט איבער דער געזעלשאַפט. די פרייע פרייווילִיקע אַכטונג, מיט וועל-כער מע האָט זיך באַצויגן צו די אָרגאַנען פון דער גענטילער-(קלאַן)-געזעל-שאַפט, איז שוין פאַר זיי ניט גענוג, אפילו, ווען זיי וואָלטן זי געקאָנט דערגרייכן. עס ווערן באַשאַפן ספּעציעלע געזעצן וועגן דער הייליקייט און אומבארירלעכקייט פון די באַאַמטע. „דער קליינלעכסטער פּאָליציי-דינער האָט מער „אַווטאָריטעט" איידער די פאָרשטייער פון קלאַן, אָבער אַפילו דער הויפּט פון דער מיליטער-מאַכט אין אַ ציוויליזירטער מלוכע, וואָלט געמעגט מעקאַנע זיין דעם עלטסטן פון אַ קלאַן, וואָס געניסט די אַכטונג פון דער געזעלשאַפט, דערוואָרבן ניט אויס „מוירע פאַרן שטעקן".

די פראַגע וועגן דער פּריווילעגירטער לאַגע פון די באַאַמטע אלס אָר-גאַנען פון דער מלוכע-מאַכט, איז דאָ געשטעלט, ס'איז אָנגעמערקט ווי אַ גרונט-פראַגע: וואָס שטעלט זיי אַוועק איבער דער געזעלשאַפט? מיר וועלן זען, ווי אַזוי דידאָזיקע טעאָרעטישע פראַגע איז פּראַקטיש פאַרענטפערט גע-וואָרן דורך דער פּאַריזער קאָמונע אין יאָר 1871.

. . . „העיויס ווי די מלוכע איז אנטשטאַנען פון דער באַדערפעניש צו האַלטן אין צאַם די קעגנזעצלעכקייט פון די קלאַסן; העיויס ווי זי איז צוגלייך אנטשטאַנען אין די צוזאַמענשטויסן גופע פון דידאָזיקע קלאַסן, איז זי אלס אַל-געמיינער קלאַל א געצייג פונם מעכטיקסטן, עקאָנאָמיש-הערשנדיקן קלאַס, וועלכער ווערט מיט דער הילף פון דער מלוכע אויך דער פּאָליטיש הערשנדיקער קלאַס און באַקומט אַף אזא אויפן נייע מיטלען צו דערשטיקן און צו עקספּלואַטירן דעם אונטערדריקטן קלאַס"... ניט בלויז די אַנטיקע און די פעאָדאַלע מלוכע זיינען געוואָרן אָרגאַנען צו עקספּלואַטירן די שקלאַפן און די לייב-אייגענע, נאָר אויך די „מאָדערנע פאַרטרעטונגס-מלוכע איז א געצייג אף צו עקספּלו-אַטירן די געדונגענע אַרבעט דורך דעם קאַפּיטאַל. ווי אַן אויסנאַם טרעפן פונ-דעסטוועגן צייטן, ווען די קעמפנדע קלאַסן דערגרייכן צו אַזאַ גלייכגעוויכט פון קויכעס, אז די מלוכע-מאַכט באַקומט אַף אַ צייט א געוויסע זעלבסשטענ-דיקייט בענוגע ביידע קלאַסן, ווי א קלוימערשטע פאַרמיטלערן צווישן זיי"...

אזאַ איז די אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע פון 17און 18 יאָרהונדערט, דער באָנאַ-פּאַרטיזם פון דער 1-טער און 3-טער אימפּעריע אין פראנקרייך, ביסמאַרק אין דייטשלאַנד.

אַזא איז—וועלן מיר צוגעבן פון זיך—קערענסקיס רעגירונג אין רעפּוב-ליקאנישן רוסלאַנד, נאָכדעם ווי זי איז איבערגאנגען צו רעדיפּעס אנטקעגן דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, אין אַזא מאָמענט, ווען די ראַטן זיינען אדאַנק דער אָנפירונג פון די קליינבירגערלעכע דעמאָקראטן, שוין געווען אָנ-מעכטיק און די בורזשואַזיע איז נאָך ניט גענוג שטאַרק קעדיי זיי פּאַשעט צו צעטרייבן.

אין א דעמאָקראַטישער רעפּובליק, — זאָגט ענגעלס ווייטער, — „נוצט דאָס רייכטום אויס זיין מאַכט אומדירעקט, נאָר דערפאַר נאָך זיכערער", דע-האַינע, ערשטנס, דורך דירעקט אונטערקויפן די באאמטע, (אמעריקע), צווייטנס, דורך א בונד צווישן דער רעגירונג און דער בורזשואַזיע (פראנקרייך און אַמעריקע).

בא היינטיקן טאָג האָבן דער אימפּעריאליזם און די הערשאַפט פון די בענק „אַנטוויקלט" אָט די ביידע מיטלען צו באַשיצן און דורכצופירן אין לעבן די אַלמעכטיקייט פונם רייכטום אין וואָסערע איר ווילט דעמאָקראַטישע רע-פּובליקן ביז צו אַן אומגעווינלעכער קונסט. אויב א שטייגער, באַלד אין די ערשטע כאַדאָשים פון דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק אין רוסלאַנד, מע קאָן זאָגן אינם האָניק-כוידעש פון דער כאַסענע צווישן די „סאָציאַליסטן" עסערן און מענשעוויקעס מיט דער בורזשואזיע אינם קאָאַליציע-מיניסטעריום, האָט ה. פּאַלטשינסקי סאַבאָטירט אַלע מיטלען אף איינצוצאַמען די קאַפּיטאַליסטן אין זייערע רויבערייען, זייערע גזיילעס פון דער מלוכע-קאַסע בא מיליטערישע פּאָדריאַדן; אויב אָט דער ה. פּאַלטשינסקי, וואָס איז שפּעטער אוועק פון מי-ניסטעריום (און איז, פאַרשטייט זיך, פאַרביטן געוואָרן אין מיניסטעריום מיט אַן אנדער פּאַלטשינסקי פון זעלביקן מין) איז „באַפרידיקט" געוואָרן פון די קאַפּיטאַליסטן דורך א שטעלע מיט א סכירעס פון 120,000 רובל א יאָר,— טאָ וואָס איז דאָ אזוינס ? הייסט דאָס דירעקט אונטערגעקויפט אָדער אומדי-רעקט ? איז דאָס א בונד פון דער רעגירונג מיט די סינדיקאַטן אָדער „נאָר" די פריינטשאַפטלעכע באַציאונגען ? וואָס פאַר א ראָלע שפּילן די טשערנאָווס און צערעטעליס, די אַווקסענטיעווס און סקאָבעלעווס ? זיינען זיי „דירעקטע" פאַרבינדעטע פון די מיליאָנערן, וואָס באַגאַנווענען די מלוכע, אָדער נאָר אומ-דירעקטע ?

די אַלמעכטיקייט פונם „רייכטום" איז אויך דערפאַר זיכערער בא אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק, ווייל זי איז ניט אָפּהענגיק פון דער שלעכטער פּאָליטישער באַקליידונג פונם קאַפּיטאַליזם. די דעמאָקראַטישע רעפּובליק איז די מעגלעך-בעסטע פּאָליטישע באַקליידונג פונם קאַפּיטאַליזם, און דערפאַר האָט דער קאַפּיטאַל פאַרכאַפּט דורך די פּאַלטשינסקיס, טשערנאָווס, צערעטע-ליס און כעווראַיע דידאָזיקע בעסטע באַקליידונג, באַגרינדעט זיין מאַכט אַזוי פעסט, אזוי זיכער, אז קיין שום אומבייט, ניט פון פּערזאָנען, ניט פון

אינסטיטוציעס, ניט פון פארטייען פון דער בורזשואזער דעמאָקראַטישער רע-פובליק מאכט ניט שוואַכער דידאָזיקע מאכט.

מע דאַרף נאָך באַמערקן, אז ענגעלס דערקלערט מיט דער פעסטער באשטימטקייט, אז דאָס אלגעמיינע וואַל-רעכט איז א הערשאפט-געצייג פון דער בורזשואזיע. דאָס אלגעמיינע וואַל-רעכט, זאָגט ער, באַשיינפערלעך באַרעכענענדיק די לאנגע דערפארונג פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאקראטיע, איז

„דער ווייזער פון דער צייטיקייט פון ארבעטער-קלאס. מער גיבן קאָן עס ניט, און וועט קיינמאָל ניט געבן אין דער איצטיקער מלוכע”.

קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן, א שטייגער ווי אונזערע עסערן און מענשעוויקעס, און אויך זייערע לייבלעכע ברידער, אלע סאָציאַל-שאָוויניסטן און אָפּאָרטוניסטן פון מאירעוו-אייראָפּע, וואַרטן גראָד אף „גרעסערס” פונם אלגעמיינעם וואַלרעכט. זיי האלטן אליין און זוכן איינצופלאַנצן אין פאָלק דעם פאלשן געדאנק, אז דאס אלגעמיינע וואַל-רעכט „אין דער איצטיקער מלוכע” איז קלוימערשטווירקלעך פעאיק צו אנטפּלעקן דעם ווילן פון דער מערהייט הארעפּאַשנע מאסן און פארפעסטיקן זיין דורכפירונג אין לעבן.

מיר קאָנען דאָ נאָר פארצייכענען דעמדאָזיקן פאלשן געדאַנק, נאָר אָנווייזן דערויף, אז די גאנץ קלאָרע, גענויע, קאָנקרעטע דערקלערונג פון ענגעלסן ווערט פאַרקריפּלט אף איטלעכן שריט און טריט אין דער פראָפּאַגאַנדע און אַגיטאציע פון די „אָפיציעלע” (ד. ה. אָפּאָרטוניסטישע) סאָציאַליסטישע פארטייען. א גענויע אויפקלערונג, ווי ווייט עס איז פאלש דערדאָזיקער געדאַנק, וועלכן ענגעלס ווארפט דאָ אָפּ, ווערט געגעבן אין אונזער ווייטערדיקער אויסלייגונג פון מאַרקס און ענגעלס אנשויאונגען אף דער „איצטיקער” מלוכע.

דעם אַלגעמיינעם סאכאַקל פון די אַנשויאונגען גיט ענגעלס אין זיין פּאָפּולערסטן ווערק אין אזעלכע ווערטער:

„אַלזאָ די מלוכע עקזיסטירט ניט פון אייביק. עס זיינען געווען געזעלשאַפטן, וואָס זיינען זיך באַגאַנגען אָן איר, וואָס האָבן קיין באגריף ניט געהאַט וועגן מלוכע און מלוכע-מאַכט. אף אַ באַשטימטן שטאַפּל פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, וואָס איז נויטווענדיק פאַרבונדן געווען מיט דער צעשפּאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אף קלאַסן, איז די מלוכע צוליב אָט דער צעשפּאַלטונג געוואָרן א נויטווענדיקייט. מיר דערנעענטערן זיך איצט מיט גיכע טריט צו אַזא אנטוויקלונגס-מאַדרייגע פון דער פּראָדוקציע, ווען די עקזיסטענץ פון דידאָזיקע קלאַסן — ניט נאָר, וואָס זי האָט אויפגעהערט צו זיין א נויטווענדיקייט, נאָר זי ווערט אַפילע אַ דירעקטער שטער פאַר דער פּראָדוקציע. די קלאַסן וועלן פאַרשווינדן פונקט אַזוי אומפאַרמיידלעך ווי זיי האָבן אומפאַרמיידלעך געמוזט אויפקומען. ווען די קלאַסן וועלן פאַרשווינדן וועט אומפאַרמיידלעך פאַרשווינדן די מלוכע. די געזעלשאַפט, וואָס וועט אף א נייעם שטייגער אָרגאַניזירן די פּראָדוקציע אפן סמאַך פון פרייער און גלייכער אַסאָציאַציע פון פּראָדוצירער, וועט אַוועקשיקן די גאַנצע מלוכע אַהין, וואו עס וועט זיין איר ריכטיקסטער אָרט: אין אַנטיקן-מוזיי, לעבן דער שפּינראָד און דער בראָנזענער האַק”.

ניט אָפט קומט אויס צו באַגעגענען דידאָזיקע ציטאַטע אין דער פּראָפּאַגאַנדיסטישער און אַגיטאַציאָנס=ליטעראַטור פון דער מאָדערנער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. נאָר אַפילע דעמאָלט ווען מען באַגעגנט זי יאָ, ווערט זי געבראַכט אַלפּיראָוו פון יויצע וועגן, ד. ה., קעדיי אָפּצוגעבן אָפיציעל קאָוועד ענגעלסן. אָבער קיינער פּרוואווט גאָר ניט זיך אַריינצוטראַכטן, וואָס פאַר אַ ברייטער און טיפער פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע עס ווערט פאַרטראַכט, ווען מע רעדט וועגן „אַפּשיקן די גאַנצע מלוכע-מאַשין אין אַנטיקן מוזיי". עס איז אַלפּיראָוו אַפילע ניט צו זעען, מע זאָל פאַרשטיין, וואָס ענגעלס רופט אָן מלוכע-מאַשין.

## 4. דאָס אָפּשטאַרבן פון דער מלוכע און גוואַלטזאַמע רעוואָלוציע.

ענגעלס ווערטער וועגן דעם „אָפּשטאַרבן פון דער מלוכע" זיינען אַף אַזויפיל אַלעמען באַוואוסט, מע ציטירט זיי אַזוי אָפט, זיי באַווייזן אַזוי בוילעט אין וואָס עס באַשטייט דער איקער פון געוויינטלעכן איבערמאַכן דעם מאַרקסיזם אַף אָפּאָרטוניזם, אַז אַף זיי מוז מען זיך גענוי אָפּשטעלן. מיר ברענגען דאָ דעם גאַנצן געדאַנקענגאַנג, פון וואַנען זיי זיינען גענומען.

„דער פּראָלעטאַריאַט נעמט די מלוכע=מאַכט און קוידעמקאָל מאַכט ער די פּראָדוציר=מיטלען פאַר אַ מלוכע-אייגנטום. אָבער דערמיט גופע פאַרניכטעט ער אַלע קלאַסן=פאַרשיידנהייטן און קלאַסן-ווידערשפּרוכן און צוגלייך אויך די מלוכע. פאַר דער געזעלשאַפט, וואָס האָט עקזיסטירט און עקזיסטירט ביז איצט, פאַר דער געזעלשאַפט, וואָס באַוועגט זיך אין קלאַסן-ווידערשפּרוכן, איז נויטיק געווען די מלוכע, ד. ה., די אָרגאַניזאַציע פונם עקספּלואַטאַטאָר-קלאַס, קעדיי אונטערצוהאַלטן זיינע אויסווייניקסטע פּראָדוציר טנאָים, און דאָס הייסט דעראיקער, קעדיי איבערגוואַלט צו האַלטן דעם עקספּלואַטירטן קלאַס אין די אונטערדריקונגס=באַדינגונגען, וואָס זיינען באַשטימט דורכן געגעבענעם פּראָדוציר-אויפן (שקלאַפעריי, לייב=אייגנטום, געדונגענע אַרבעט). די מלוכע איז די אָפיציעלע פאַרטרעטערין פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, איר קאָנצענטרירונג אין אַן אָנזעענדיקער קאָרפּאָראַציע, נאָר זי איז געווען אַזאַ נאָר אַף אַזוי פיל, אַף וויפל זי איז געווען אַ מלוכע פון יענעם קלאַס, וואָס האָט פאַר זיין עפּאָכע פאַרטראָטן די גאַנצע געזעלשאַפט: אין אַלטערטום איז זי געווען די מלוכע פון שקלאַפן=אייגנטימער, אין מיטלאַלטער — די מלוכע פון פעאָדאַלן, אַדל, אין אונזער צייט — די מלוכע פון דער בורזשואַזיע. ווען די מלוכע ווערט מיט אַן עמעס די פאַרטרעטערין פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, דעמאָלט מאַכט זי זיך גופע פאַר איבעריק, פון יענער צייט אָן, ווען עס וועט ניט זיין קיין איין געזעלשאַפטלעכער קלאַס, וואָס מע זאָל דאַרפן האַלטן אין אונטערדריקונג, פון יענער צייט אָן, ווען איינעם מיט דער קלאַסן-הערשאַפט, איינעם מיטן קאַמף פאַר אַן אָפּגעזונדערטער עקזיסטענץ, וואָס קומט אַרויס פון דער איצטיקער אַנאַרכיע אין דער פּראָדוקציע איינעם מיט דעם וועלן פאַרשווינדן יענע צוזאַמענשטויסן און עקסצעסן

וואָס שטאַמען פון דעמדאָזיקן קאַמף, — פון דעמאָלט אָן וועט ניט זיין וואָס צו דערשטיקן, וועט מען ניט דאַרפן האָבן קיין באַזונדערע קראַפט צום דערשטיקן, וועט מען ניט דאַרפן האָבן קיין מלוכע. דער ערשטער אַקט, וואָס אין אים טרעט די מלוכע אַרויס מיט אַן עמעס, ווי אַ פאַרטרעטערין פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, — דאָס אַריינעמען אין איר רעשוס די פּראָדוציר-מיטלען אין נאָמען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, — איז פאַרייַנס אויך איר לעצטער זעלבסטשטענדיקער אַקט, ווי אַ מלוכע. די אַריינמישונג פון דער מלוכע-מאַכט אין די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען ווערט דעמאָלט איבעריק אין איין געביט נאָכן אַנדערן און שלאָפט מעמיילע איין. דאָס אָרט פון אַ רעגירונג איבער פּערזאָנען פאַרנעמט די פאַרוואַלטונג איבער זאַכן און די אָנפירונג מיט די פּראָדוציר-פּראָצעסן. די מלוכע ווערט ניט „אָפּגעשאַפט“, זי שטאַרבט אָפּ. אויפן גרונט פון דעם דאַרף מען אָפּשאַצן די פראַגע וועגן אַ „פרייער פאָלקס מלוכע“, וואָס האָט אַ צייט געהאַט אַן אַגיטאַטאָריש רעכט אויף עקזיסטענץ, נאָר סאָפּקאָלסאָף איז זי וויסנשאַפטלעך ניט אויסגעהאַלטן. אויפן גרונט פון דעם דאַרפן אויך אָפּגעשאַצט ווערן די פאָדערונגען פון די אַזוי גערופענע אַנאַרכיסטן, „אַז די מלוכע זאָל אָפּגעשאַפט ווערן פון היינט אויף מאָרגן“ („אַנטי-דיורינג“, „די שטירצונג פון דער וויסנשאַפט דורך ה. אייגן דיורינג“, ז. 302—3 פון דער דריטער דייטשישער אויפלאַגע).

אָן מוירע צו האָבן, קאָן מען זאָגן, אַז פון אָט דעם גאַנצן געדאַנק ענגעלסעס, וואָס איז אַזוי וואונדערבאַר רייך מיט געדאַנקען, איז געבליבן דאָס עמעסע אייגנס פון די איצטיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען נאָר דאָס, אַז לויט מאַרקסן „שטאַרבט“ די מלוכע אָפּ, און ניט ווי די אַנאַרכיסטן ווילן האָבן, אַז זי ווערט „אָפּגעשאַפט“. אַזוי אַרומשערן דעם מאַרקסיזם הייסט דערפירן אים צו אָפּאָרטוניזם, וואָרום בײַ אַזאַ אויסטייטשונג בלייבט נאָר אַ מעטושטעשע פאָרשטעלונג וועגן אַ פּאַמעלעכדיקער, גלייכער, בעהאַדראָגעדיקער פאַרענדערונג, וועגן דעם, אַז עס זיינען ניטאָ קיין שפּרונגען און שטורעמס, עס איז ניטאָ קיין רעוואָלוציע. דאָס „אָפּשטאַרבן“ פון דער מלוכע איינם אַלגעמיין-אָנגענומענעם, אַלגעמיין-פאַרשפּרייטן מאַסנהאַפטן, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, באַגריף באַטייט אָן ספק אַ פאַרשמירונג, אויב ניט קיין אָפּלייקענונג פון דער רעוואָלוציע.

אין עמעסן אָבער איז אַזאַ מין אויסטייטשונג די גראָבסטע פעלשונג פון מאַרקסיזם, וואָס לוינט נאָר פאַר דער בורזשואַזיע. זי איז טעאָרעטיש באַגרינדעט דערויף, וואָס מע פאַרגעסט די וויכטיקסטע פאַקטן און סוואַרעס, וואָס זיינען אָנגעוויזן אַפילע נאָר איינם סאַכאַקל-געדאַנק פון ענגעלסן, וועלכן מיר האָבן אַקאָרשט געבראַכט.

ערשטנס, באַלד אין אָנהויב פון דעראָזיקער באַטראַכטונג זאָגט ענגעלס, אַז בעאייס דער פּראָלעטאַריאַט נעמט די מאַכט, פאַרניכטעט ער דורך דעם גופע די מלוכע, ווי אַ מלוכע. וואָס דאָס באַטייט, וועגן דעם איז „ניט אָנגענומען“ צו קלערן. געוויינלעך ווערט דאָס אָדער אינגאַנצן איגנאָרירט, אָדער

מע רעכנט דאָס פאר אַ מין העגעליאַנישער *) שוואכקייט פון ענגעלסן. פאקטיש אבער איז אין דידאזיקע ווערטער אויסגעדריקט בעקיצער די דערפארונג פון איינער פון די גרעסטע פּראָלעטארישע רעוואָלוציעס, די דערפארונג פין דער פאריזער קאָמונע אין יאָר 1871, וועגן וואס מיר וועלן נאך אויספירלעכער ריידן אינם געהעריקן ארט. אין דער עמעסן רעדט ענגעלס וועגן דעם, אַז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע פארניכטעט די מלוכע פון דער בורזשואזיע, בעאייס די ווערטער וועגן אָפּשטארבן זיינען שאיעך צו די רעשטן פון דער פּראָלעטארישער מלוכעשאַפט, נאָך דער סאָציאַליסטישער רעוואלוציע. די בורזשואזע מלוכע איז ניט זי „שטאַרבט אָפּ", לויט ענגעלסן, נאָר זי ווערט פארניכטעט דורכן פּראָלעטאריאט אין דער רעוואלוציע. עס שטאַרבט נאָך דערדאזיקער רעוואלוציע די פּראָלעטארישע מלוכע אדער האלב-מלוכע.

צווייטנס, די מלוכע איז „א באזונדערע קראפט צו דערשטיקן". דידאזיקע אויסגעצייכנטע און זייער טיפע דעפיניציע פון ענגעלסן איז דאָ געגעבן מיט דער פולסטער קלאָרקייט. דערפון איז אָבער געדרונגען, אַז די „באַזונדערע קראפט צו דערשטיקן" דעם פּראָלעטאַריאַט דורך דער בורזשואזיע, די מיליאָנען ארבעטער דורך די הייפלעך גווירים, — דאַרף פארביטן ווערן דורך „א באזונדערער קראפט צו דערשטיקן" די בורזשואַזיע דורכן פּראָלעטאריאט (דיקטאַטיר פון פּראָלעטאַריאט). דערינען טאקע באשטייט „די פארניכטונג פון דער מלוכע אלס מלוכע", דערינען טאקע באשטייט דער אקט פון פארנעמען די פּראָדוציר-מיטלען אין נאָמען פון דער געזעלשאפט. און ס'איז מעמיילע קלאָר, אז אַזאַ בייט פון איין „באזונדערער קראַפט" (פון דער בורזשואזיע) דורך אַן אַנדער „באזונדערער-קראפט" (פון פּראָלעטאריאט) קאָן בעשום אויפן ניט געשעען ווי „אַן אָפּשטארבן".

דריטנס, וועגן „אָפּשטארבן" און אפילע נאך בוילעטער און פאַרביקער— וועגן „איינשלאָפן" רעדט ענגעלס גאנץ קלאָר און באשטימט בענוגייע צו דער טקופע נאכן „פארנעמען די פּראָדוציר-מיטלען אין רעשוס פון דער מלוכע אין נאָמען פון דער גאנצער געזעלשאפט" ד. ה., נ א ָ ך ד ע ר ס א ָ צ י א ל י ס ט י ש ע ר ר ע װ א ָ ל ו צ י ע. מיר אלע ווייסן, אז די פּאָליטישע פאָרם פון דער „מלוכע" אין יענער צייט איז די פולסטע דעמאָקראטיע. נאָר קיינעם פון די אָפּאָרטוניסטן, וואָס פאַרקריפּלען אומפאַרשעמט דעם מארקסיזם, פאלט גאר אויפן זינען ניט ארויף, אז דאָ גייט, הייסט עס, בא ענגעלסן די רייד וועגן „אָפּשטארבן" און „איינשלאָפן" פון דער דעמאָקראטיע. דאָס זעט אויס אפן ערשטן קוק זייער מאָדנע. אָבער „ניט פאַרשטענדלעך" איז דאָס נאָר פאַר יענעם, ווער עס האָט זיך ניט ארייגעטראכט, אז די דעמאָקראַטיע איז אויך א מלוכע און מעמיילע וועט אויך די דעמאָקראַטיע פאַרשווינדן, ווען עס וועט פאַרשווינדן די מלוכע. די בורזשואזע מלוכע קאָן „פאַרניכטן" נאָר א רעוואָלוציע; די מלוכע ביכלאל, ד. ה., די פולסטע דעמאָקראַטיע, קאָן נאָר „אָפּשטאַרבן".

*) העגעל — אַ גרויסער דייטשישער פילאסאף, וועלכער איז געווען א אידעאליסט און אַ רעאקציאָנער, אבער בא ווּעמען מארקס און ענגעלס האבן גענומען דעם דיאלעקטישן מעטאד. (וועגן אידעאליזם זע עסטער: „לענין און זיין ארבעט" קאפיטל XVII ז. ז. 117—121. וועגן דיאלעקטיק — דארט ז. 123 - 124). איבערז.

פערטנס, ארויסשטעלנדיק זיין באַרימטע האַנאַכע: „די מלוכע שטאַרבט אָפּ", דערקלערט ענגעלס באַלד קאָנקרעט, אַז געווענדעט איז די דאָזיקע האַנאַ־כע סיי קעגן די אָפּאָרטוניסטן, סיי קעגן די אַנאַרכיסטן, דערביי איז בא ענ־געלסן אוועקגעשטעלט אויפן ערשטן פּלאַן יענער אויספיר פון דער האַנאַכע וועגן דער „אָפּשטאַרבונג פון דער מלוכע", וואָס איז געווענדעט קעגן די אָפּאָר־טוניסטן.

מע קאָן זיך וועטן, אַז פון צען טויזנט מענטשן, וואָס האָבן געלייענט אָדער געהערט וועגן דעם „אָפּשטאַרבן פון דער מלוכע", איז 9990 ווייסן אינ־גאַנצן ניט אָדער געדענקען ניט, אַז ענגעלס האָט געווענדעט זיינע אויספירן פון דער דאָזיקער האַנאַכע ניט נאָר קעגן די אַנאַרכיסטן. און פון די איבערי־קע 10 מענטשן 9 אוואדע ניט, וואָס איז דאָס אַזוינס „פרייע פאָלקס מלוכע" און פאַרוואָס שטעקט אין אים אָנפאַל אויפן דאָזיקן לאָזונג אַן אָנפאַל אויף די אָפּאָרטוניסטן. אַזוי ווערט געשריבן געשיכטע! אַזוי קומט פאָר אַן אומבא־מערקטע פעלשונג פון דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער לערע לויטן הערשנדיקן באַלעבאַטישן גייסט. דער אויספיר קעגן די אַנאַרכיסטן איז טויזנטער מאָל אי־בערגעכאַזערט, פאַרפלאַכט געוואָרן, אַריינגעקלאַפּט אין די קעפּ אויפן פּאָשעטסטן אופן, איז געוואָרן אַזוי פעסט, ווי א פאַרורטייל, און דעם אויספיר וועגן די אָפּאָרטוניסטן האָט מען פאַרטושעוועט און „פאַרגעסן"!.

די „פרייע פאָלקס מלוכע" איז געווען א פּראָגראַם־פאָדערונג און א פאַר־שפּרייטער לאָזונג פון די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין די 70־ער יאָרן. קיין שום פּאָליטישער אינהאַלט אַחוץ דער קליינבירגערלעך אָנגעבלאָזענער באַשרייבונג פונם באַגריף דעמאָקראַטיע, איז אין דעם דאָזיקן לאָזונג ניטאָ. אויף וויפל מע האָט אין אים לעגאַל געגעבן אָנצוהערעניש אויף דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק, איז ענגעלס גרייט געווען „אויף א צייט צו „באַרעכטיקן" דעם דאָזיקן לאָזונג פון שטאַנדפּונקט פון אַגיטאַציע. אָבער דער דאָזיקער לאָזונג איז געווען אָפּאָרטוניסטיש, וואָרום ער האָט אויסגעדריקט ניט בלויז דאָס פּוצן די בור־זשואַזע דעמאָקראַטיע, נאָר אויך א ניט פאַרשטיין, אַז די סאָציאַליסטישע קרי־טיק איז געווענדעט קעגן יעטווידער מלוכע ביכלל. מיר זיינען פאַר א דע־מאָקראַטישער רעפּובליק, אַלס בעסטע פאָרם פון דער מלוכע באַם קאַפּיטאַליזם פאַרן פּראָלעטאַריאַט. נאָר מיר האָבן ניט קיין רעכט צו פאַרגעסן, אַז געדונגע־נע שקלאַפעריי איז דער גורל פון פאָלק אויך אין דער סאַמע דעמאָקראַטישער בורזשואַזער רעפּובליק". ווייטער, יעדע מלוכע איז א „באַזונדער קראַפט צו דערשטיקן" דעם אונטערדריקטן קלאַס. דעריבער איז יעדע מלוכע ניט פריי און ניט פון פאָלק. מאַרקס און ענגעלס האָבן דאָס ניט איינמאָל אויפגעקלערט זייערע פאַרטיי־כאַווייריס אין די 70־קער יאָרן.

פינפטנס, אין דעם זעלבן ווערק ענגעלסעס, פון וועלכן אַלע געדענקען די באַטראַכטונג וועגן דער אָפּשטאַרבונג פון דער מלוכע, איז פאַראַן אויך א באַ־טראַכטונג וועגן דער באַדייטונג פון א גוואַלטזאַמער רעוואָלוציע. די היסטאָרי־שע אָפּשאַצונג פון איר ראָלע ווערט בא ענגעלסן פאַרוואַנדלט אין א לויב

געזאַנג פאַר דער גוואלטזאַמער רעוואָלוציע. דאָס „געדענקט קיינער ניט״, ריידן אָדער אפילע טראכטן וועגן דער באדייטונג פונם דאָזיקן געדאַנק איז בא די איצטיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ניט אָנגענומען, אין דער טאָג טעגלעכער פּראָפּאגאנדע און אגיטאַציע צווישן די מאַסן שפּילן דידאָזיקע געדאנקען קיין שום ראָלע ניט. און דאָך זיינען זיי אומצערייסבאר צונויפגעקניפּט אין איין גאַנצעס מיט דער „אָפּשטאַרבונג״ פון דער מלוכע.

אָט איז דידאָזיקע באטראכטונג פון ענגעלסן:

...„אז גוואַלט שפּילט אין דער געשיכטע אויך אַן אנדער ראָלע (כוץ בייז-טועריי), דעהאינגע א רעוואָלוציאָנערע ראָלע, אז ער איז לויט ווי מארקס זאָגט די הויבאַם פון איטלעכער אלטער געזעלשאַפט, וועןזי איז טראָגעדיק מיט א נייער, גוואַלט איז יענץ געצייג, וואָס דורך דעם מאכט זיך די געזעל-שאַפטלעכע באַוועגונג דורך א וועג און צעברעכט די פאַרשטיינערטע, אָפּ-געשטאָרבענע פּאָליטישע פאָרמען, — וועגן דעם אלעמען איז בא דיורינגן קיין איין וואָרט ניטאָ. בלויז מיט זיפצן און קרעכצן דערלאָזט ער די מעגלעכ-קייט, אז קעדיי אראָפּצוואוארפן די עקספּלואטאטאָרישעווירטשאַפט וועט עפּ-שער נויטיק זיין גוואלט — צום באדויערן, זעט איר! וואָרום יעטווידער אָנ-ווענדונג פון גוואַלט דעמאראליזירט קלוימערשט דעם, ווער עס ווענדט עס אָן. און דאָס ווערט גערעדט, ניט געקוקט אפן הויכן מאָראלישן און אידייאישן אויפשטייג, וואָס פלעגט זיין דער רעזולטאַט פון יעטווידער זיגרייכער רע-וואָלוציע! און דאָס ווערט גערעדט אין דייטשלאנד, וואו דער גוואלטזאמער צוזאמענשטויס, וואָס קאָן דאָך אנגעצוואונגען ווערן דעם פאָלק, וואָלט ווייניקסטנס געהאַט די מאילע, וואָס ער וואָלט אויסגעראָטן יענעם גייסט פון שקלאַפעריי, וועלכער איז אריינגעדרונגען אינם נאַציאָנאלן באוואוסטזיין פון דער דערנידע-רונג פון 30-יאָריקן קריג. און דערדאָזיקער בלאַסער, שוואכער, מאַכטלאָזער גאַלאָכישער געדאנקען-גאַנג האט די האָזע זיך פאָרצולייגן דער סאַמער רע-וואָלוציאָנערער פאַרטיי, וואָס די געשיכטע וויים פון איר! (ז׳ 193 פון דער דריטער דייטשישער אויפלאַגע. סאָף פון 4-טן קאַפּיטל פון דער II אָפּטיילונג).

ווי קאָן מען פאַרייניקן אין איין לערע דעמדאָזיקן לויב-געזאַנג פאַר דער גוואלטזאמער רעוואָלוציע, וואָס ענגעלס האָט אקשאָנעסדיק אונטערגעטראָגן די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון 1878 ביז 1894, ד. ה., ביזן סאמע טויט זיינעם, מיט דער טעאָריע וועגן דער „אָפּשטאַרבונג״ פון דער מלוכע.

געוויינלעך פאַרייניקט מען סאי דאָס, סאי יענץ דורך עקלעקטיציזם, דורך אידייענלאָזן סאָפיסטישן ארויסכאַפּן ווילקירלעך (אָדער קעדיי צופרידנ-שטעלן די מאכטהאָבער) אמאל די, אמאָל יענע באטראכטונג. דערביי ווערט אין 99 פאַלן פון הונדערט, אויב ניט אפטער ארויסגעשטעלט אפן ערשטן אָרט דאַפקע די „אָפּשטאַרבונג״. די דיאלעקטיק ווערט פאַרביטן דורך עקלעקטיציזם*). דאָס איז די געוויינלעכסטע, די פאַרשפּרייטסטע דערשיינונג אין דער אָפיצי-עלער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ליטעראַטור בענויגייע דעם מאַרקסיזם. אזא פארבייט איז פאַרשטייט זיך ניט קיין נייס, אים איז געווען צו באַמערקן אפילע

*) עקלעקטיציזם — א געמיש פון פאַרשיידענע ווידערשפּרעכנדיקע טעאָריעס.

אין דער געשיכטע פון דער קלאַסישער גריכישער פילאָזאָפיע. באם פעלשן דעם מארקסיזם אף צו פאַרוואנדלען אים אין אָפּאָרטוניזם, איז גרינגער פון אַלץ אָפּצונאַרן די מאַסן צוגעבנדיק דעם עקלעקטיציזם אן אויסזעען פון דיאַלעקטיק. דאָס איז א קלוימערשטע באַפרידיקונג, מע נעמט קלוימערשט אריין אין כעשבן אלע צייטן פון פראָצעס, אלע אנטוויקלונגס טענדענצן, אלע ווידערשפרעכנדיקע ווירקונגען א. ד. גל. אין דער עמעסן אָבער גיט דאָס ניט קיין שום גאַנצן און רעוואָלוציאָנערן פארשטאנד פונם פראָצעס פון דער געזעלשאַפטלעכער אנטוויקלונג.

מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט און וועלן נאָך געניער באווייזן דאָס ווייטער, אז מאַרקס און ענגעלס לערע וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פון דער גוואלטזאמער רעוואָלוציע איז שאיעך צו דער בורזשואזער מלוכע. זי קאָן ניט פאַרביטן ווערן דורך א פראָלעטאַרישער מלוכע (דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט) דורך „אָפּשטאַרבן". זי קאָן דאָס נאָר, אלס אלגעמיינער קלאל, דורך אן איבערגוואלטיקער רעוואָלוציע. דער לויב-געזאַנג, וואָס ענגעלס האָט איר געזונגען, און וואָס שטימט אינגאנצן מיט מארקס פילמאָליקע דערקלערונגען (לאָמיר זיך דערמאָנען דעם סאָף פון דער „אָרימקייט פון דער פילאָזאָפיע" און פון „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" מיט דער שטאָלצער אָפענער דערקלערונג, אז די גוואלטזאמע רעוואָלוציע איז אומפאַרמיידלעך, לאָמיר זיך דערמאָנען די קריטיק פון דער גאָטישער פראָגראַם פון יאָר 1875, קימאט מיט דרייסיק יאָר שפעטער, וואו מארקס צעקלאַפּט אָן ראַכמאָנעס דעם אָפּאָרטוניזם פון דערדאָזיקער פראָגראַם) — דערדאָזיקער לויב-געזאַנג איז לאכלוטן ניט קיין היספאילעס, לאכלוטן ניט קיין דעקלאמאציע, קיין פאָלעמיש שפיצל. די נויטווענדיקייט סיסטעמאַטיש צו דערציען די מאסן אין אזא און נאָר אין אזא קוק אף דער גוואלטזאמער רעוואָלוציע ליגט אין יעסאָד פון דער גאנצער לערע פון מאַרקס און ענגעלס. דער פאַראַט פון זייער לערע מיצאַד די סאָציאַל שאָוויניסטישע און קאַאוטסקיאַנישע ריכטונגען דריקט זיך באזונדערס בוילעט אויס דערין, וואָס סאַי די און סאַי יענע האָבן פאַרגעסן אזא פראפאגאנדע, אזא אַגיטאציע. פאַרבייטן אט די בורזשואזע מלוכע דורך דער פראָלעטארישער איז ניט מעגלעך אָן א גוואלטזאמער רעוואָלוציע. די פאַרניכטונג פון דער פראָלעטאַרישער מלוכע, ד. ה., די פאַרניכטונג פון דער מלוכע ביכלאל איז ניט מעגלעך אנדערש ווי דורך אפשטארבונג.

אן אויספירלעכע און קאָנקרעטע אנטוויקלונג פון דידאָזיקע אנשויאונגען האָבן מארקס און ענגעלס געגעבן דורכדעם, וואָס זיי האָבן אין יעדער באזונדערער רעוואָלוציאָנערער סיטואציע אנאליזירט דאָס, וואָס עס לערנט אונז די דערפאַרונג פון יעדער רעוואָלוציע. צו אָט דעם בלי סאָפעק וויכטיקסטן טייל פון זייער לערע גייען מיר איצט אריבער.

## קאפיטל II.

# מלוכע און רעוואלוציע. די דערפארונג פון די יאָרן 1843—1851.

## 1. ערעוו דער רעוואָלוציע.

די ערשטע ווערק פונם מאָדערנעם מארקסיזם, די „אָרימקייט פון דער פילאָסאָפיע" און דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" געהערן גראָד צום ערעוו פון דער רעוואָלוציע פון יאָר 1848. צוליב דעם האָבן מיר דאָ צוגלייך מיטן אויסלייגונג פון די אלגעמיינע יעסוידעס פון מארקסיזם, ביז אין א געוויסן גראד, אויך אן אָפשפיגלונג פון דער דאַמאָלסדיקער קאָנקרעטער רעוואָלוציאָנע־רער סיטואציע און דערפאר וועט עפשער צוועקמעסיק זיין צו באטראכטן דאָס, וואס די מעכאַבּרים פון דידאָזיקע ווערק זאָגן וועגן דער מלוכע, אומיטלבאַר פאַר זייערע אויספירן פון דער דערפאַרונג פון די יאָרן 1848—1851.

„...דער ארבעטער־קלאס — שרייבט מארקס אין דער „אָרימקייט פון דער פילאָסאָפיע" — וועט אין גאַנג פון דער אנטוויקלונג אוועקשטעלן אפן אָרט פון דער אַלטער בורזשואזער געזעלשאפט אזא אסאָציאציע, וואָס שליסט אויס די קלאסן און זייערע ווידערשפרוכן. ס'וועט ניט זיין קיין שום אייגנטלעכע פאָ־ליטישע מאכט, וואָרום גראָד די פּאָליטישע מאכט איז דער אָפיציעלער אויס־דרוק פון דער קלאַסן־קעגנזעצלעכקייט אין דער בורזשואזער געזעלשאפט" (ז. 182 פון דער דייטשישער אויפלאגע פון יאָר 1885).

ס'איז באַלערנדיק צו פארגלייכן מיט דעראָזיקער אלגעמיינער פאָרמולי־רונג פון דעם געדאנק, אז נאָך דעם אונטערגאנג פון די קלאַסן פארשווינדט די מלוכע, יענע פאָרמולירונג, וואָס איז געגעבן אין „קאָמוניסטישן מאניפעסט", וועלכן מארקס און ענגעלס האָבן אָנגעשריבן מיט עטלעכע כאָדאָשים שפעטער, ד. ה. אין נאָיאַבּר פון יאָר 1847.

„...באַשרייבנדיק די אלגעמיינסטע אנטוויקלונגס־פאַזיסן פונם פראָלעטאַ־ריאט, האָבן מיר נאָכגעפאָלגט דעם מער אָדער ווייניקער פאַרדעקטן בירגער־קריג אין דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט האַרט ביז צו יענעם פונקט, ווען ער ווערט פארוואנדלט אין אַן אָפענער רעוואָלוציע, און דער פראָלעטאריאט באגרינדעט זיין הערשאפט דורך אַראָפּוואַרפן מיט גוואַלט די בורזשואזיע"...

„...מיר האָבן שוין אויבן געזען, אַז דער ערשטער שריט אין דער אַר־בעטער־רעוואָלוציע, איז די פאַרוואַנדלונג (בוכשטעבלעך דערהויבונג) פונם פראָלעטאַריאַט צום הערשנדיקן קלאַס, די דעראָבערונג פון דער דעמאָקראַטיע"...

„דער פראָלעטאַריאַט וועט אויסנוצן זיין פּאָליטישע הערשאַפט צוליב דעם, קעדיי בעהאַדראָגע אַרויסצורייסן באַ דער בורזשואַזיע דעם גאַנצן קאַ־

פיטאל, צענטראליזירן אלע פראָדוציר-געצייגן אין די הענט פון דער מלוכע, ד. ה., פונם פּראָלעטאריאט, וואָס איז אָרגאניזירט ווי א הערשנדיקער קלאַס, און קעדיי ווי ווייט מעגלעך גיכער צו פארגרעסערן די סומע פון די פראָדוציר-קויכעס. (ז. 31 און 37 פון דער 7-טער דייטשישער אויסגאַבע פון יאָר 1906).

דאָ זעען מיר די פאָרמולירונג פון איינער פון די מערקווירדיקסטע און וויכטיקסטע אידייען פון מארקסיזם אין דער פראַגע וועגן דער מלוכע. דע-האינגע די אידייע פון דער „דיקטאטור פונם פּראָלעטאריאט“ (ווי מארקס און ענגעלס פלעגן זאָגן נאָך דער פּאַריזער קאָמונע) און דערנאָך די העכסט-אינטערעסאַנטע דעפיניציע פון דער מלוכע, וואָס געהערט אויך צו די „פאַרגע-סענע ווערטער“ פון מארקסיזם: „די מלוכע, דאָס הייסט דער פּראָ-לעטאַריאַט, וואָס איז אָרגאניזירט אַלס הערשנדיקער קלאַס“.

די דאָזיקע דעפיניציע פון דער מלוכע איז ניט נאָר קיינמאָל ניט דער-קלערט געוואָרן אין דער הערשנדיקער פּראָפּאַגאַנדיסטישער און אַגיטאַציע-ליטעראַטור פון די אָפיציעלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען. נאָך מער — זי איז טאַקע פאַרגעסן געוואָרן דערפאַר, ווייל זי קאָן לאַכלוטין ניט ווערן צונויפגעמישט מיטן רעפאָרמיזם. זי שטעכט די אויגן די געוויינלעכע אָפּאָרטו-ניסטישע פּאָרורטיילן און קליינבירגערלעכע אילוזיעס וועגן דער „פרידלעכער אנטוויקלונג פון דער דעמאָקראַטיע“.

דער פּראָלעטאריאט דאַרף האָבן א מלוכע, כאַזערן איבער אַלע אָפּאָר-טוניסטן, סאָציאַל-שאָוויניסטן און קאַאוטסקיאַנער, פאַרזיכערן זיך, אַז דאָס איז מארקס לערע און פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז, ערשטנס, דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט, לויט מאַרקסן, האָבן נאָר אַן אָפּשטאַרבנדע מלוכע, דאָס הייסט, א מלוכע, וואָס איז געבויט אַזוי, אַז זי זאָל טייקעף אָנהויבן אָפּשטאַרבן און זאָל ניט קאָנען ניט אָפּשטאַרבן. צווייטנס, דאַרפן די אַרבעטער-מאַסן האָבן א „מלוכע“, „דאָס הייסט, דעם פּראָלעטאַריאַט, אָרגאַניזירט, אַלס הערשנדיקער קלאַס“.

די מלוכע איז א באַזונדער אָרגאַניזאַציע פון קראַפט, א גוואַלט-אָרגאַ-ניזאַציע אָף צו דערשטיקן א געוויסן קלאַס. איז וואָסער קלאַס דאַרף דער-שטיקן דער פּראָלעטאַריאַט? פאַרשטייט זיך, אַז נאָר דעם עקספּלואַטאַטאָרן-קלאַס, ד. ה., די בורזשואַזיע. די אַרבעטס-מאַסן דאַרפן האָבן די מלוכע נאָר קעדיי צו דערשטיקן דעם ווידערשטאַנד פון די עקספּלואַטאַטאָרן, און אָנפירן מיט אָט דער דערשטיקונג: דורכפירן זי אין לעבן איז אימשטאַנד נאָר דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס איינציקער ביזן סאָף רעוואָלוציאָנערער קלאַס, וואָס איז פעאיק צו פאַרייניקן אַלע אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע אינם קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע, פאַר אַראָפּזעצן זי אינגאַנצן.

די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן דאַרפן האָבן די פּאָליטישע הערשאַפט, קעדיי אונטערצוהאַלטן די עקספּלואַטאַציע, ד. ה., צוליב די אייגננוציקע אינ-טערעסן פון א נישטיקער מינדערהייט, קעגן דער גרעסטער מערהייט פון פאָלק. די עקספּלואַטירטע קלאַסן דאַרפן האָבן די מלוכע קעדיי אינגאַנצן צו פאַרניכטן יעטווידער עקספּלואַטאַציע, ד .ה. צוליב די אינטערעסן פון דער

גרעסטער מערהייט פון פאָלק, קעגן דער נישטיקער מינדערהייט פון די איצ־טיקע שקלאַפן-אייגנטימער, ד. ה. קעגן די פּריצים און קאַפּיטאַליסטן.

די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן, אָט די קלוימערשטע סאָציאַליסטן, וואָס פאַרבייטן דעם קלאַסן-קאַמף אף טרוימערייען וועגן דעם אויסגלייך צווישן קלאַסן, האָבן אויך די סאָציאַליסטישע איבערקערעניש זיך פאָרגעשטעלט ווי טרוימער, ניט ווי שטירצונג פון עקספּלואַטאַטאָרן קלאַס, נאָר פרידלעכער אונטערגעבן זיך מיצאַד דער מינדערהייט אונטער דער מערהייט, וואָס האָט פאַרשטאַנען אירע אויפגאַבן. די דאָזיקע קליינבירגערלעכע אוטאָפּיע, וואָס איז פעסט צוזאַמענגעבונדען מיט דער אנערקענונג, אַז די מלוכה שטייט אי־בער די קלאַסן, האָט פּראַקטיש געפירט צו א פאַראַט פון די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע קלאַסן. דאָס האָט באַוויזן, אַשטייגער, די געשיכטע פון די פראַנצויזישע רעוואָלוציעס פון די יאָרן 1848 און 1871, ווי דאָס האָט באַוויזן די דערפאַרונג פונם סאָציאַליסטישן אנטייל אין די בורזשואַזע מיניסטעריומס אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע און אַנדערע לענדער צום סאָף 19-טן און אָנהויב 20-טן יאָרהונדערט.

מאַרקס האָט זיין גאַנצן לעבן געקעמפט קעגן אָט דעם קליינבירגער־לעכן סאָציאַליזם, וואָס איז איצט אויפגעלעבט געוואָרן אין רוסלאַנד דורך די פאַרטייען פון די עסערן און מענשעוויקעס. מאַרקס האָט דורכגעפירט די לערע פון קלאַסן־קאַמף קאָנסעקווענט, ביז צו דער לערע וועגן דער פּאָליטישער מאַכט, וועגן דער מלוכה.

שטירצן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, קאָן נאָר דער פּראָלעטאַר־יאַט, אלס א באַזונדער קלאַס, וואָס די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון זיין עק־זיסטענץ גרייטן אים צו אזא שטירצונג, געבן אים די מעגלעכקייט און דעם קויעך דאָס דורכצופירן. אין דערזעלבער צייט, וואָס די בורזשואַזיע צעברעקלט, צעשטויבט דאָס פּויערטום און אלע קליינבירגערלעכע שיכטן, קלייבט זי צו־נויף, פאַרייניקט זי, ארגאַניזירט זי דעם פּראָלעטאַריאַט. אדאַנק זיין עקאָנאָמי־שער ראָלע אין דער גרויס פּראָדוקציע, — איז נאָר ער פעאיק צו זיין דער פירער פון אלע אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע מאַסן, וואָס די בורזשואַזיע עקספּלואַ־טירט, דריקט און שטיקט אָפטמאָלס ניט ווייניקער, נאָר שטאַרקער, איידער די פּראָלעטאַריער, וואָס זיינען אָבער ניט פעאיק צו א זעלבשטענדיקן קאַמף פאר זייער באַפרייאונג.

די לערע וועגן קלאַסן-קאַמף, וואָס מאַרקס האָט אָנגעווענדט בענוגייע צו דער פראַגע וועגן דער מלוכה און וועגן דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, פירט אומבאַדינגט דערצו, עס זאָל אנערקענט ווערן די פּאָליטישע הער־שאַפט פונם פּראָלעטאַריאַט, זיין דיקטאַטור, ד. ה., אזא מאכט, וואָס ווערט מיט קיינעם ניט געטיילט און וואָס שטיצט זיך דירעקט אף דער באַוואָפנטער קראַפט פון די מאַסן. אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע איז מעגלעך נאָר דעמאָלט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט ווערט דער הערשנדיקער קלאַס, וואָס איז פעאיק צו דערשטיקן דעם אומפאַרמיידלעכן פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד פון

דער בורזשואזיע, און צו אָרגאַניזירן אַלע אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע מאַסן צוליב דער נייער ווירטשאַפטס-אָרדנונג.

דער פּראָלעטאַריאַט מוז נויטיק האָבן די מלוכע-מאַכט, אַ צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע פון קראַפט, אַן אָרגאַניזאַציע פון גוואַלט, סײַ קעדיי צו דערשטיקן דעם ווידערשטאַנד פון די עקספּלואַטאַטאָרן און סײַ קעדיי אָנצופירן מיט דער גוואַלטיקער מאַסע פון דער באַפעלקערונג, מיטן פּויערטום, מיטן קליינבירגערטום, מיט די האַלב פּראָלעטאַריער אינעם איניען פונם איינשטעלן די סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט.

דערציענדיק די אַרבעטער פּאַרטיי, דערציט דער מאַרקסיזם דעם אוואַנגאַרד פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז פעאיק צו נעמען די מאַכט און צו פירן דאָס גאַנצע פאָלק צום סאָציאַליזם, געבן א ריכטונג און אָרגאַניזירן די נייע אָרדנונג, זיין דער לערער, דער אָנפירער און פירער פון אַלע אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע באַם בויען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אָן דער בורזשואַזיע. פאַרקערט, דער אָפּאָרטוניזם, וואָס הערשט איצט, דערציט פון דער ארבעטער פּאַרטיי פאָרשטייער פון די בעסער באַצאָלטע ארבעטער, וואס רייסן זיך אָפּ פון דער מאַסע, וואָס „אָרדנען זיך איין" גאַנץ גוט באַם קאַפּיטאַליזם, וואָס פאַרקויפן פאַר אַ טאָפּ לינזן זייער בכוירע, ד. ה., וואָס זאָגן זיך אָפּ פון דער ראָלע פון רעוואָלוציאָנערע אָנפירער פון פאָלק קעגן דער בורזשואַזיע.

„די מלוכע, דאָס הייסט, דער פּראָלעטאַריאַט, אָרגאַניזירט ווי דער הערשנדיקער קלאַס" — די דיאַזיקע מאַרקס טעאָריע איז אומצעררייסבאַר פאַרבונדן מיט זיין גאַנצער לערע וועגן דער רעוואָלוציאָנערער ראָלע פונם פּראָלעטאַריאַט אין דער געשיכטע. דער העכסטער פּונקט פון דערדאָזיקער ראָלע איז די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, די פּאָליטישע הערשאַפט פונם פּראָלעטאַריאַט.

נאָר אויב דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף האָבן די מלוכע, ווי א באַזונדער אָרגאַניזאַציע פון גוואַלט קעגן דער בורזשואַזיע — בעט זיך אליין דערפון מעמיילע דער אויספיר, צי קאָן געמאָלט זיין די שאַפונג פון אַזאַ ארגאַניזאַציע, איידער עס ווערט פאַרניכטעט און צעשטערט יענע מלוכע מאַשין, וואָס די בורזשואזיע האָט פאר זיך באשאפן? צו דעמדאָזיקן אויספיר גייט צו האַרט דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט", און וועגן דעמדאָזיקן אויספיר רעדט מאַרקס אונטערפירנדיק דעם סאַכאַקל פון דעם, וואָס עס לערנט אונז די רעוואָלוציע פון די יאָרן 1848—1851.

## 2. סאַכאַקלען פון דער רעוואָלוציע.

מיקויעך דער פראַגע, וואָס אינטערעסירט אונז דאָ, דער פראַגע וועגן דער מלוכע, פירט מאַרקס אונטער די סאַכאַקלען פון דער רעוואָלוציע פון די יאָרן 1848—1851 אין אַ דער באַטראַכטונג, גענומען פונם „דער 18-טער ברומיער פון לואי באַנאַפּאַרט":

... „אָבער די רעוואָלוציע איז גרונטלעך, זי געפינט זיך נאָך אונטערוועגנס דורכן קאַפּקאַל, זי פירט איר זאַך מעטאָדיש. ביזן 2-טן דעקאַבר פון

1851 יאָר (דער טאָג, ווען לואי באָנאַפּאַרט האָט געמאַכט די איבערקערעניש) האָט זי פאַרענדיקט א העלפט פון איר צוגרייטונגס ארבעט, איצט פאַרענדיקט זי די צווייטע העלפט. דערמיט דערפירט זי ביז פולקומענהייט די פּארלאמענ-טארישע מאכט, קעדיי צו האבן די מעגלעכקייט זי אראפּצוּוואַרפן. איצט, ווען זי האָט שוין דאָס דערגרייכט, דערפירט זי ביז צו פולקומענהייט די אויספיר-מאכט, דערפירט זי צו איר העכסטער געשטאלט, איזאָלירט זי, שטעלט זי אוועק אנטקעגן זיך, ווי זעם איינציקן פּאָרוואורף, קעדיי צו **קאָנצענטרירן קעגן איר אלע צעשטערונגס-קויכעס** (אונטערגעשטראכן פון אונז). און אז די רעוואָלוציע וועט האָבן פאַרענדיקט דידאָזיקע צווייטע העלפט פון איר צוגרייטונגס-אַרבעט, דעמאָלט וועט זיך איירָאָפּע אויפהויבן פון אָרט און וועט זאָגן מיט טריאומף: „דו גראבסט גוט, אלטער מוילוואָרף".

„דידאָזיקע אויספיר-מאכט מיט איר גוואלטיקער ביוראקראטישער און מי-ליטערישער אָרגאַניזאַציע, מיט איר שטארק קאָמפּליצירטער און קונציקער מלוכע-מאַשין, מיט דעמדאָזיקן באאמטן-כאַיל פון א האלב מיליאָן מענטשן, זייט בא זייט מיט אן ארמיי פון נאָך א האלבן מיליאָן, אָט דער שרעקלעכער אָר-גאַניזם-פּאַראַזיט, וואָס נעמט ארום אזוי ווי מיט אַ א נעץ די גאנצע פראנ-צויזישע געזעלשאפט און פארשטאפּט אלע אירע אַטעם-שפּארן, איז אנטשטאנען אין דער עפּאָכע פון זעלבסט הערשנדיקער מאָנארכיע, בעאייס דעם פאלן פון פעאָדאליזם, צו פארגיכערן דעם פאלן, וואָס דערדאָזיקער אָרגאניזם האָט מיט גע-האלפן". די ערשטע פראנצויזישע רעוואָלוציע האָט אנטוויקלט די צענטראלי-זירונג, „אָבער פאַריינס האט זי פארברייטערט דעם פארנעם, דעם קויעך און די צאָל פון די העלפער פון דער רעגירונג-מאכט. נאַפּאָלעאָן האָט פאַרענדיקט די בויאונג פון דערדאָזיקער מלוכע-מאשין". די לעגיטימיסטישע *) מאָנארכיע און די אלע מאָנארכיע האָבן ניט צוגעגעבן קיין שום ווערט, א כוץ א גרע-סערע אַרבעטס-פּארטיילונג"...

... „צולעצט, איז די פּארלאמענטארישע רעפּובליק געווען געצוואונגען אין איר קאמף קעגן דער רעוואָלוציע צו פארשטארקן די מיטלען און די צענ-טראליזירונג פון דער רעגירונגס-מאכט. **אלע איבערקערענישן האָבן דידאָזיקע מאשין פארפולקומט אנשטאָט צו צעברעכן**" (אונטערגעשטראָכן פון אונז). „די פּארטייען, וואָס האָבן איינע נאָך דער אנדערער, געקעמפט פאר דער הערשאפט, האָבן באטראכט דאָס ארייננעמען דעמדאָזיקן געוואלטיקן מלוכע-בנין, ווי דעם גרעסטן און דעם בעסטן רויב בא זייער ני-צאָכן". („דער 18-טן ברומער פון לואי באנאפּארט", ז. 98—99, 4 אויפלאגע, האמבורג 1907).

אין דערדאָזיקער מערקווירדיקער באטראכטונג מאכט דער מארקסיזם א גרויסן שריט פּאָרויס, אין פארגלייך מיטן „קאָמוניסטישן מאניפעסט". דאָרט ווערט נאָך די פראגע וועגן דער מלוכע געשטעלט זייער אבסטראקט, אין די אלגע-

*) **לעגיטימיסטן** הייסן אין פראנקרייך די אָנהענגער פון דער דינאסטיע פונם גע-קעפּטן קעניג לודוויק דעם XVI. לעגיטימיסטישע מאָנארכיע — מאָנארכיע פון לודוויקס ברודער און פלימעניק. איבערז.

מײנסטע באַגריפן און אויסדריקן, דאָ װערט די פראַגע נעשטעלט קאָנקרעט און דער אויספיר װערט דאָ געמאַכט זײער גענוי, באַשטימט, פּראַקטיש און מאַמאָשעסדיק: אַלע פריערדיקע רעװאָלוציעס האָבן אויסגעבעסערט די מלוכע־מאַשין, מע דאַרף זי אָבער צעשטערן, צעברעכן!

דערדאָזיקער אויספיר איז דער איקער, דער יעסאָד אין דער לערע פון מאַרקסיזם װעגן דער מלוכע. און דאָס איז די איקער זאַך איז ניט בלויז פאַרגעסן געװאָרן פון די הערשנדיקע אָפיציעלע סאָצ.־דעמאָקראַטישע פּאַרטײען, נאָר זי איז מאַמעש געפעלשט געװאָרן (װי מיר װעלן דאָס װײטער זען) דורך דעם אָנגעזעענסטן טעאָרעטיקער פון II אינטערנאַציאָנאַל, קאַרל קאַאוטסקי.

אינם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט” זײנען אונטערגעפירט אַלגעמײנע סאַכאַקלען פון דער געשיכטע, װאָס צװינגען צו זען אין דער מלוכע אַן אָרגאַן פון קלאַסן־הערשאַפט, און װאָס ברענגען צו דעם אומבאַדינגטן אויספיר, אַז דער פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט אַראָפּװאַרפן די בורזשואַזיע, אײדער ער װעט דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, אײדער ער װעט באַקומען די פּאָליטישע הערשאַפט, אײדער ער װעט פאַרװאַנדלען די מלוכע אין אַ „פּראָלעטאַריאַט, אָרגאַניזירט, װי דער הערשנדיקער קלאַס”, און אַז דידאָזיקע פּראָלעטאַרישע מלוכע װעט באַלד נאָכן ניצאָכן פונם פּראָלעטאַריאַט אָנהײבן אָפּשטאַרבן, װאָרום אין אַ געזעלשאַפט אָן קלאַסן־װידערשפּרוכן דאַרף קײן מלוכע ניט זײן און קאָן אויך ניט זײן. דאָ װערט ניט געשטעלט די פראַגע, װי אַזוי זשע דאַרף פאָרקומען — פונם שטאַנדפּונקט פון דער היסטאָרישער אַנטװיקלונג — דער איבערגאַנג פון דער בירגערלעכער מלוכע צו דער פּראָלעטאַרישער.

גראָד אַזאַ פראַגע שטעלט און פאַרענטפערט מאַרקס אין 1852 יאָר. געטרײ צו זײן פילאָסאָפיע פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, נעמט מאַרקס פאַר אַ יעסאָד די היסטאָרישע דערפאַרונג פון די גרויסע יאָרן פון דער רעװאָלוציע, פון די יאָרן 1848—1851. אויך דאָ — װי שטענדיק — איז מאַרקס לערע אַ סאַכאַקל פון דער דערפאַרונג, באַלויכטן דורך דער טיפער פילאָסאָפישער װעלט־אַנשויאונג און גרויסער קענטעניש פון געשיכטע.

די פראַגע װעגן דער מלוכע װערט געשטעלט קאָנקרעט: װי אַזוי איז היסטאָריש אַנטשטאַנען די בורזשואַזע מלוכע, די מלוכע־מאַשין, װאָס איז נויטיק צוליב דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע? װעלכע זײנען אירע פאַרענדערונגען, װאָסערע איז איר עװאָלוציע אינם גאַנג פון די בורזשואַזע רעװאָלוציעס און אַנטקעגן די זעלבשטענדיקע אַרויסטרעטונגען פון די אונטערדריקטע קלאַסן? װאָס זײנען די אויפגאַבן פונם פּראָלעטאַריאַט בענוגע דערדאָזיקער מאַשין?

די צענטראַליזירטע מלוכע־מאַכט, װאָס איז אײגנטימלעך פאַר דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, איז אויפגעקומען אין דער צײט, װען עס איז געפאַלן דער אַבסאָלוטיזם. צװײ אײנריכטונגען זײנען מער פון אַלץ כאַראַקטעריסטיש פאַר דערדאָזיקער מלוכע־מאַשין: דאָס איז דאָס באַאַמטענטום און די שטענדיקע אַרמײ. װעגן דעם, װי אַזוי טויזנטער פעדים פאַרבינדן דידאָזיקע אײנ־

ריכטונגען גראַד מיט דער בורזשואַזיע, ווערט ניט איינמאָל גערעדט אין די ווערק פון מאַרקס און ענגעלס. די דערפאַרונג פון איטלעכן אַרבעטער מאַכט קלאָר דעמדאָזיקן צוזאַמענהאַנג מיט אויסערגעוויינלעכע אָנזעעוודיקייט און באַלערעוודיקייט. דער אַרבעטער-קלאַס לערנט זיך אַף זיין אייגענער הויט צו דערקענען דעמדאָזיקן צוזאַמענהאַנג, דערפאַר טאַקע באַנעמט ער אַזוי גרינג און געדענקט אַזוי פעסט די לערע וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פונם דאָזיקן צוזאַמענהאַנג, די לערע, וואָס די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן אָדער זיי לייקענען זי אָפּ אַמאַראַציש און לייכטזיניק, אָדער זיי נעמען זי נאָך לייכטזיניקער אָן „ביכלאַל", פאַרגעסנדיק צו מאַכן די געהעריקע פראַקטישע אויספירן.

דאָס באַאַמטענטום און די שטענדיקע אַרמיי — דאָס איז אַ פּאַראַזיט אַפן קערפּער פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, א פּאַראַזיט, וואָס איז געבאָרן דורך די אינעווייניקסטע ווידערשפּרוכן, וועלכע צערייסן דידאָזיקע געזעלשאַפט, אָבער גראַד א פּאַראַזיט, וואָס „פאַרשטאָפּט" די לעבנס-שפּאָרן. דער קאַאוטקיאַנישער אָפּאָרטוניזם, וואָס הערשט איצט אין דער אָפיציעלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, האַלט, אַז דער קוק אַף דער מלוכע, ווי אַף א פּאַראַזיטישן אָרגאַניזם, געהערט ספּעציעל און אויסשליסלעך צום אַנאַרכיזם. פאַרשטייט זיך, אַז אַט די פעלשונג פון מאַרקסיזם לוינט שטאַרק יענע קליינבירגער, וואָס האָבן דערפירט דעם סאָציאַליזם צו דער אומגעהערטער שאַנד פון באַרעכטיקן און אויסצופּוצן די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע דורכדעם, וואָס זיי האָבן צו איר אָנגעווענדעט דעם באַגריף פון „באַשיצן דאָס פאָטערלאַנד". אָבער פונדעסטוועגן איז דאָס בליסאָפעק אַ פעלשונג.

דורך אַלע בורזשואַזע רעוואָלוציעס, וואָס אייראָפּע האָט זיי געזען זייער פיל זינט עס איז געפאַלן דער פעאָדאַליזם, גייט אן אַנטוויקלונג, אויסבעסערונג, פאַרשטאַרקונג פון אָט דעם באַאַמטן-און מיליטער-אַפּאַראַט. באַזונדערס ווערט גראַד די קליינבורזשואַזיע אַריבערגעצויגן אַפן צאַד פון דער גרויסבורזשואַזיע און איר אונטערטעניק געמאַכט אין א גרויסער מאָס דורך דעמדאָזיקן אַפּאַראַט, וואָס גיט די אויבערשטע שיכטן פון פּויערטום, פון די קליינע באַלמעלאָכעס און הענדלער א. א. וו. לעפּיערך באַקוועמע, רואיקע און בעקאָוועדיקע שטעלעס, וועלכע שטעלן זיי איבער דעם פאָלק. נעמט, אַשטייגער, דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען אין רוסלאַנד אין מעשעך פון אַ האַלב יאָר 27 פעוורואַל 1917 יאָר: די באַאַמטן שטעלעס, וואָס זיינען פריער געגעבן געוואָרן דער איקער שוואַרץ-מייעניקעס, זיינען איצט אָנגעקומען צו קאַדעטן, מענשעוויקעס, עסערן. וועגן קיינע ערנסטע רעפאָרמעס האָט מען, אין טאָך גענומען, ניט געטראַכט, באַמיענדיק זיך אָפּציען זיי „ביז דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג" — און די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג גופע אָפּציען פּאַוואָליע ביזן סאָף פון דער מילכאָמע! מיט דער כאַלוקע פון רויב אָבער, מיט אָנעמען שטעלעס פון מיניסטאָרן, וויצע-מיניסטאָרן, גענעראַל-גובערנאַטאָרן א. א. וו., א. א. וו. האָט מען ניט געזאַמט און אַף קיין גרינדונגס-פאַרזאַמלונג ניט געוואַרט! דאָס שפּיל אין קאָמבינאַציעס מיקויעך דעם צוזאַמענשטעל פון דער רעגירונג איז,

אין טאָך גענומען, געווען נאָר אַן אויסדרוק פון אָט דער כאַלוקע פונם „רויב“, וואָס גייט סאַי אויבן און סאַי אונטן, אינם גאַנצן לאַנד, אין דער גאַנצער צענטראַלער און אָרטיקער פאַרוואַלטונג. דער סאַכאַקל, דער אָביעקטיווער סאַכאַקל פארן האַלב יאָר פון 27 פעווראַל 1917 ביז 27 אַווגוסט 1917 איז אויסער יעדן סאָפעק: די רעפאָרמעס זיינען אָפגעלייגט, די צעטיילונג פון די באַאמטן-שטעלעס איז געמאַכט, און די „פעלערן“ פון דער צעטיילונג זיינען פאַריכט געוואָרן דורך עטלעכע נייע איבערטיילונגען.

אָבער וואָס מער עס קומען פאָר „איבערטיילונגען“ פונם באַאמטן-אַפּאַראַט צווישן די פאַרשיידענע בורזשואַזע און קלייגבירגערלעכע פאַרטייען (אויב מע זאָל נעמען דעם ביישפּיל פון רוסלאַנד — צווישן די קאַדעטן, עסערן און מענשעוויקעס), אַלץ קלאָרער ווערט עס פאַר די אונטערדריקטע קלאַסן מיטן פּראָלעטאַריאַט בעראָש, ווי ווייט זיי מוזן זיין פיינטלעך קעגן דער גאַנצער בורזשואַזער געזעלשאַפט. דערפון איז נויטווענדיק געדרונגען, אַז אַלע בורזשואַזע פאַרטייען, אַפילע די דעמאָקראַטישסטע, און „רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע“ צווישן זיי, מוזן פאַרשטאַרקן די רעפּרעסיעס קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, פאַרשטאַרקן דעם אַפּאַראַט פון די רעפּרעסיעס, ד. ה. דיזעלבע מלוכע-מאַשין. אַזאַ גאַנג פון די געשעענישן צווינגט די רעוואָלוציע צו „*קאָנצענטרירן אַלע צעשטערונגס קויכעס*“ קעגן דער מלוכע-מאַכט, זי צווינגט צו שטעלן פאַר זיך די אויפגאַבע ניט צו פאַרבעסערן די מלוכע-מאַשין, נאָר זי צעשטערן, צו פאַרניכטן זי.

ניט קיין לאָגישע באַטראַכטונגען, נאָר די עמעסע אַנטוויקלונג פון די געשעענישן, די לעבעדיקע דערפאַרונג פון די יאָרן 1848—1851 האָבן געבראַכט צו אַזאַ שטעלונג פון דער פראַגע. ווי ווייט שטרענג מאַרקס האַלט זיך אפן פאַקטישן באַזיס פון דער היסטאָרישער דערפאַרונג, איז צו זען, וואָס אין 1852 יאָר שטעלט ער נאָך ניט קאָנקרעט די פראַגע, מיט וואָס זאָל פאַרביטן ווערן אָט די מלוכע-מאַשין, וואָס דאַרף פאַרניכטעט ווערן. די דערפאַרונג האָט דעמאָלט ניט געגעבן קיין מאַטעריאַל פאַר אַזאַ פראַגע, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אפן טאָגסיידער ערשט שפּעטער אין 1871 יאָר. אין 1852 יאָר האָט מען געקאָנט בלויז מיט דער גענויקייט פון אַ נאַטורוויסנשאַפטלעכער באַאָבאַכטונג פעסטשטעלן, אַז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע איז צוגעקומען צו דער אויפגאַבע פון קאָנצענטרירן אַלע צעשטערונגס-קויכעס קעגן דער מלוכע-מאַכט, צו דער אויפגאַבע פון „צעברעכן“ די מלוכע-מאַשין.

דאָ קען אויפקומען די פראַגע, צי איז ריכטיק אָט די פאַראַלגעמיינערונג פון מאַרקס דערפאַרונג, באַאָבאַכטונג און אויספיר, צי מעג מען דאָס איבערטראָגן אף אַ ברייטערן שטאַך, ווי די געשיכטע פון פראַנקרייך פאַר די דריי יאָר פון 1848 ביז 1851? צי זיינען די אויספירן, וואָס קאָנען זיין ריכטיק פאַר *דער* לאַנד און פאַר דער באַשטימטער צייט, אויך ריכטיק בענויגע אַנדערע לענדער און אַנדערע צייטן? קעדיי פאַנאַנדערקלייבן די דאָזיקע פראַגע, וועלן מיר צוערשט דערמאָנען איין באַמערקונג פון ענגעלסן און דערנאָך וועלן מיר איבערגיין צו פאַקטישע אָנגאַבן.

...„פראַנקרייך — האָט געשריבן ענגעלס אין דער האקדאָמע צו דער דריטער אויפלאַגע פון „18 בריומער" — פראנקרייך איז דאָס לאנד, וואו דער היסטאָרישער קאַמף פון די קלאַסן איז מער, ווי אין אנדערע לענדער, איטליכעס מאָל דערגאנגען ביז דעם אנטשיידענעם סאָף. אין פראַנקרייך זיינען אין דער שאַרפסטער געשטאַלט אויסגעשמידט געוואָרן יענע זיך בייטנדיקע פּאָליטישע פאָרמען, וואָס אינעווייניק אין זיי האָט זיך באַוועגט דערדראַזיקער קלאַסן-קאַמף און וואָס אין זיי האָבן געפונען אן אויסדרוק זיינע רעזולטאַטן. א מיטל פונקט פונם פעאָדאליזם אין מיטל-אלטער, א מוסטערהאפט לאנד פון אן אייגנארטיקער שטאנדן-מאָנאַרכיע זינט דער צייט פון רענעסאנס*), האָט פראנקרייך בעאייס דער גרויסער רעוואָלוציע כאָרעוו געמאכט דעם פעאָדאַליזם און געגרינדעט א ריינע הערשאַפט פון דער בורזשואזיע, מיט אזא קלאסישער קלאָרקייט, ווי קיין שום אנדער לאנד פון אייראָפּע. אויך דעם קאַמף פונם פּראָלעטאַריאט, וואָס הויבט אויף זיין קאָפּ, קעגן דער הערשנדיקער בורזשואזיע, טרעט דאָ ארויס אין אזא שאַרפער פאָרם, וואָס איז אין אנדערע לענדער ניט באוואוסט" (ז. 4 אין דער אויסג. פון יאָר 1907).

די לעצטע באמערקונג איז פאַרעלטערט, ווי ווייט עס איז זינט דעם יאָר 1871 געקומען אן איבערייס אינם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פונם פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאט, האגאם ווי לאנג דערדראַזיקער איבערייס זאָל ניט געדויערן, באַזייטיקט עס פון דעסטוועגן לאכלוטן ניט די מעגלעכקייט, אז אין דער קומענדיקער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע זאָל זיך פראַנקרייך ארויסווייזן, ווי דאָס קלאַסישע לאנד פון קלאסן-קאמף ביזן סאָף.

נאָר לאָמיר ווארפן אן אלגעמיינעם בליק אף דער געשיכטע פון די פאָרגעשריטענע לענדער אין סאָף 19-טן און אָנהויב 20-טן יאָרהונדערט. מיר וועלן דערזעען, אז פאמעלאכער, פאַרשיידנארטיקער, אף אסאך א ברייטערן פלאַץ קומט פאָר דערזעלביקער פּראָצעס. פון איין זייט ווערט אויסגעאַרבעט די „פארלאמענטאַרישע מאכט" סאי אין רעפּובליקאנישע לענדער (פראנקרייך, אמעריקע, שווייץ), סאי אין מאָנאַרכיסטישע (ענגלאנד, ביז א געוויסן גראַד דייטשלאַנד, איטאליע, די סקאנדינאַווישע לענדער א. א. וו.). פון דער אנדער זייט קומט פאָר א קאַמף פאר דער מאכט צווישן פאַרשיידענע בורזשואזע און קליינבירגערלעכע פּאַרטייען, וואָס טיילן איבער דעם „רויב" פון די באאמטן שטעלעס, בעאייס די יעסוידעס פון דער בורזשואזער ארדנונג פאַרבלייבן ניט געענדערט. עס ווערט צולעצט אויסגעבעסערט און פּאַרפעסטיקט די „אויספיר-מאכט", איר באאמטן און מיליטער אַפּאַראַט.

ס'איז קיין שום סאָפעק ניט, אז דאָס זיינען די אלגעמיינע שטריכן פון דער גאנצער נייסטער עוואָלוציע פון די קאַפּיטאַליסטישע מלוכעס ביכלאל. פאַר די דריי יאָר פון 1848 ביז 1851 האָט פראנקרייך אין א געשווינדער, שאַרפער און קאָנדענסירטער פאָרם באוויזן די זעלביקע אנטוויקלונגס-פּראָצעסן, וואָס זיינען אייגנטימלעך פאַר דער גאנצער קאַפּיטאליסטישער וועלט.

*) רענעסאנס — אזוי האָט געהייסן די גרעניץ-עפּאָכע צווישן מיטלאלטער און דער נייער צייט אומגעפער XVI-XV יאָרהונדערט. איבערז.

באזונדערס דער אימפעריאליזם, די עפּאָכע פון באנק קאפּיטאַל, די עפּאָ-כע פון ריזיקע קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס, די עפּאָכע, ווען דער מאָנאָ-פּאָליסטישער קאַפּיטאַליזם וואקסט אויס צו א מלוכיש מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּי-טאַליזם, באווייזט, די אומגעווייגלעכע פאַרשטאַרקונג פון דער "מלוכע מאשין", דעם אומגעהויערן וואוקס פון איר באאמטן און מיליטער אַפּאַראַט אין צוזא-מענהאנג מיט דער פארשטארקונג פון די רעפּרעסיעס קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט סאי אין די מאָנארכיסטישע און סאי אין די פרייסטע, רעפּובליקאנישע לענדער.

די וועלט-געשיכטע פירט איצט בליסאָפּעק, אין א ניט אין אן ערעך ברייטערן מאסשטאב, איידער אין 1852 יאָר צו דער קאָנצענטרירונג פון אלע קייכעס פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אף צו „צושטערן" די מלוכע-מאַשין.

מיט וואָס דער פּראָלעטאַריאַט וועט זי פאַרבייטן, וועגן דעם האָט דעם באלערנדיקסטן מאטעריאל געגעבן די פאַריזער קאָמונע.

## 3. ווי אזוי מאַרקס האט געשטעלט די פראגע אין 1852 יאר *).

אין 1907 יאָר האָט מערינג פּאַרעפנטלעכט אינם זשורנאַל „נייע צייט" (XXV, 2, 164) אויסצוגן פון מאַרקס בריוו צו ווײדעמייערן פון 5 מאַרט 1852 יאָר. אין דעמדאָזיקן בריוו איז אַגעוו פאַראַן אַזא מערקווירדיקע באַטראַכטונג:

„וואָס אנבאַלאַנגט מיך, געהערט מיר ניט ניט דער פאַרדינסט, וואָס איך האָב אנטדעקט די עקזיסטענץ פון קלאַסן אין דער מאָדערנער געזעלשאפט, ניט דער, וואָס איך האָב אנטדעקט זייער קאַמף צווישן זיך. די בורזשואַזע היסטאָריקער האָבן שוין לאַנג פאר מיר פאָרמולירט די היסטאָרישע אנטוויק-לונג פון דעמדאָזיקן קלאַסן-קאַמף, און די בורזשואזע עקאָנאָמיסטן — די עקאָ-נאָמישע אַנאַטאָמיע פון די קלאַסן. דאָס, וואס איך האָב אויפגעטאָן נייס, איז באשטאַנען אין דערוויזן אָט וואָס: 1) אז די עקזיסטענץ פון קלאַס איז פאַר-בונדן מיט באַשטימטע היסטאָרישע שלאַכטן, וואָס זיינען אייגנטימלעך פאר דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע, 2) אז דער קלאַסן-קאמף מוז אומפאר-מיידלעך פירן צו דער דיקטאטור פונם פּראָלעטאַריאַט, 3) אַז דידאָזיקע דיק-טאטור גופא איז בלויז אַן איבערגאַנג צו דער פאַרניכטונג פון אַלערליי קלאסן און צו אַ געזעלשאפט אָן קלאַסן"...

אין דידאָזיקע ווערטער האָט זיך מאַרקסן איינגעגעבן מיט אַ מערקוויר-דיקער בוילעטקייט אויסצודריקן, ערשטנס, דעם וויכטיקסטן און איקערדיקן אונטערשייד צווישן זיין לערע און דער לערע פון די פּאָרגעשריטענע און טיפסטע דענקער פון דער בורזשואַזיע, און, צווייטנס, דעם טאָך פון זיין לערע וועגן דער מלוכע.

דאָס וויכטיקסטע אין מאַרקס לערע איז דער קלאַסן-קאַמף. אזוי זאָגט מען און מע שרייבט זייער אָפט. אָבער דאָס איז ניט ריכטיק. און פון דער-דאָזיקער ניט-ריכטיקייט באקומט זיך דורכויס אַן אָפּאָרטוניסטישע פארקריפּלונג

*) צוגעגעבן צו דער צווייטער אויסגאבע.

פונם מאַרקסיזם, אַ פעלשונג פונם מאַרקסיזם אין אַזאַ גייסט, אז ער זאָל זיין אָנעמבאַר פאַר דער בורזשואַזיע. ווייל די לערע וועגן קלאַסן-קאמף האָט באַשאפן ניט מאַרקס, נאָר די בורזשואַזיע ביז מארקסן, און פאַר דער בורזשואַזיע איז זי, ביכלאל גערעדט, אָנעמבאַר. ווער עס אנערקענט בלויז דעם קלאַסן-קאמף, דער איז נאָך ניט קיין מאַרקסיסט, דער קאָן נאך זיין אזא מענטש, וואס גייט ניט ארויס פון די ראַמען פון בורזשואַזן דענקען און בורזשואזער פּאָליטיק. באַגרעניצן דעם מארקסיזם מיט דער לערע וועגן קלאסן-קאמף—הייסט ארויסשניידן דעם מארקסיזם, פארקריפּלען אים, מאַכן פון אים דאָס, וואָס איז אנעמבאר פאר דער בורזשואַזיע. א מארקסיסט איז בלויז דער, ווער עס פארשפרייט די אנערקענונג פונם קלאסן-קאַמף ביז צו דער אנערקענונג פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאריאַט. דערינען ליגט דער טיפסטער אונטערשייד צווישן אַ מארקסיסט און אַ געוויינלעכן קליינעם (אָדער אפילע גרויסן) בורזשוא. אף דעמדאָזיקן פּרואוושטיין דאַרף מען אויספּרובירן דאָס ווירקלעכע פאַרשטיין און אנערקענען דעם מאַרקסיזם. און עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס ווען די געשיכטע פון אייראָפּע האט אונטערגעפירט דעם אַרבעטער-קלאַס פּראקטיש צו דער געגעבענער פראגע, האָבן זיך ניט נאָר אלע אָפּאָרטוניסטן און רעפאָרמיסטן, נאָר אויך אלע קאָוטסקיאַנער (די מענטשן, וואָס וואַקלען זיך צווישן רעפאָרמיזם און מארקסיזם), האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן פאר צאָרעדיקע פיליסטערן און קליינבירגערלעכע דעמאָקראטן, וואָס לייקענען אָפּ די דיקטאטור פונם פּראָלעטאריאט. קאוטסקיס בראָשור „די דיקטאטור פונם פּראָלעטאריאט", וואס איז ארויס אין אווגוסט 1918 יאר, ד. ה. אסאך שפּעטער נאָך דעם, ווי עס איז ארויס די ערשטע אויסגאַבע פונם דאָזיקן ביכל, איז א מוסטער פון באַלעבאטישן פארקריפּלען דעם מאַרקסיזם און נידערטרעכטיקן אָפּזאָגן זיך פון אים אין דער עמעסן, בא א צוויעסדיקן אנערקענען אים אפן וואָרט. (זע מיין בראָשור: „די פּראָלעטארישע רעוואָלוציע און דער רענעגאַט קאַוטסקי", פּעטראָגר. און מאָסקווע, 1918 יאָר).

דער מאָדערנער אָפּאָרטוניזם אין דער פּערזאָן פון זיין הויפּט-פאָרשטייער, דעם געוועזענעם מאַרקסיסט, ק. קאוטסקי, פאלט אינגאנצן ארונטער אונטער דער געבראכטער כאַראקטעריסטיק פון דער בורזשואזער פּאָזיציע בא מארקסן, ווייל דערדאָזיקער אָפּאָרטוניזם באגרעניצט דעם געביט פון אנערקענען דעם קלאַסן-קאמף דורכן געביט פון בורזשואזע פארהעלטענישן. (און אינעווייניק אין דעמדאזיקן געביט, אין די ראמען זיינע, וועט זיך קיין איין געבילדעטער ליבעראַל ניט אָפּזאָגן „פּרינציפּיעל" צו אנערקענען דעם קלאסן-קאמף!). דער אָפּאָרטוניזם דערפירט ניט די אנערקענונג פונם קלאַסן-קאמף גראָד צום סאמע וויכטיקסטן, צום פעריאָד פון איבערגאנג פונם קאפּיטאליזם צום קאָמוניזם, צום פעריאָד פון אראָפּוואַרפן די בורזשואזיע און אינגאנצן פארניכטן זי. אין דער ווירקלעכקייט איז דערדאָזיקער פעריאָד אומפארמיידלעך א פעריאד פון א נאָך ניט געזעענעם פארביטערטן קלאסן-קאמף, פון נאָך ניט געזעענע שארפע פאָרמען זיינע; הייסט עס, אז די מלוכע

פון דעמדאָזיקן פעריאָד מוז אומפארמיידלעך זיין א מלוכע, וואס איז דעמאָק-ראטיש, אף א נייעם שטייגער (פאר די פראָלעטאריער און ניט פאר-מעגלעכטע ביכלאל) און איז אף א נייעם שטייגער דיקטאטאָריש (קעגן דער בורזשואזיע).

ווייטער. דעם טאָך פון מארקס לערע וועגן דער מלוכע האָט באנומען נאר דער, ווער עס האָט פארשטאַנען, אז די דיקטאטור פון איין קלאס איז נויטיק ניט נאָר פאר יעדן קלאסן-געזעלשאפט ביכלאל, ניט נאָר פאַרן פראָ-לעטאריאט, ווען ער ווארפט אַראָפּ די בורזשואזיע, נאר אויך פאר דעם גאנצן היסטאָרישן פעריאָד, וואס טיילט אָפּ דעם קאפיטאליזם פון דער „געזעלשאפט אָן קלאסן“, פונם קאָמוניזם. די פאָרמען פון בורזשואזע מלוכעס זיינען אויסערגעוויינלעך פארשיידנארטיק, אבער דער טאָך זייערער איז איינער: אלע דידאזיקע מלוכעס זיינען אזוי אָדער אנדערש, אָבער אין לעצטן סאכאקל זיינען זיי אומבאדינגט די דיקטאטור פון דער בורזשואזיע. דער איבערגאנג פונם קאַפיטאליזם צום קאמוניזם קאן ניט, פארשטייט זיך, ניט געבן קיין גוואלטיקן איבערפלוס און פארשיידנארטיקייט פון פאָליטישע פאָרמען, נאָר דער טאָך וועט דערביי אומפארמיידלעך זיין איינער: די דיק-טאטור פונם פראָלעטאריאַט.

---

קאַפּיטל III.

# מלוכע און רעוואָלוציע. די דערפאַרונג פון דער פּאַ-ריזער קאָמונע פון יאָר 1871. מאַרקס אַנאַליז.

## 1. אין וואָס באַשטייט די העלדישקייט פונם פרואוו פון די קאָ-מונאַרן?

ס'איז באַוואוסט, אַז מיט עטלעכע כאַדאָשים פאַר דער קאָמונע, אין האַרבסט פון יאָר 1870, האָט מאַרקס געוואָרנט די פאַריזער אַרבעטער, דער-ווייזנדיק זיי, אַז אַ פּרואוו אַראָפּצוּוואַרפן די רעגירונג וואָלט געווען אַ נאַ-רישקייט, וואָס שטאַמט פון פאַרצווייפלונג. נאָר אַז מע האָט אין מאַרט פון יאָר 1871 אויפגעצוואונגען די אַרבעטער צום אַנטשיידענעם קאַמף און זיי האָבן אים אָנגענומען, אַז דער אויפשטאַנד איז געוואָרן אַ פאַקט, האָט מאַרקס מיט דער גרעסטער היספּאַילעס באַגריסט די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, ניט גע-קוקט אַף די שלעכטע פאָרצייכנס. מאַרקס האָט זיך ניט אַיינגעשפּאַרט אין פּעדאַנטישן באַשולדיקן די באַוועגונג, אַז זי איז געקומען „ניט צו דער צייט“,

ווי דער טרויעריק באַרימטער רוסישער רענעגאַט פון מאַרקסיזם פּלעכאַנאָוו, וואָס האָט אין נאָיאַבער פון 1905 יאָר געשריבן אינם גייסט פון אויפמונטערן דעם קאַמף פון די אַרבעטער און פּויערים, און נאָך דעקאַבער פון 1905 יאָר האָט ער מאיסע ליבעראַל געשריבן: „מע האָט ניט געדאַרפט זיך נעמען פאַרן געווער".

מאַרקס אָבער האָט ניט בלויז געקליבן היספּאַילעס פון דער העלדישקייט פון די, לויט זיין אויסדרוק, „הימל שטורעמדיקע" קאָמונאַרן. אין דער רע־וואָלוציאָנערער מאַסן־באַוועגונג, האָגאָם זי האָט אַפילו ניט דערגרייכט דעם ציל, האָט ער געזעען אַ היסטאָרישן פּרואוו פון אָן אומגעהויער גרויסער וויכ־טיקייט, אַ געוויסן שריט פאָרויס פון דער וועלטלעכער פּראָלעטאַרישער רע־וואָלוציע, אַ פּראַקטישן שריט, וואָס איז וויכטיקער, איידער הונדערט פּראָג־ראַמעס און כקירעס. אַנאַליזירן דעמאָלטיקן פּרואוו, אַרויסדריינגען פון אים אָן אָפּלערנונג פאַר דער טאַקטיק, איבערקוקן אַף דעם סמאַך זיין אייגענע טע־אָריע — אָט ווי מאַרקס האָט אַוועקגעשטעלט זיין אויפגאַבע.

די איינציקע „אויסבעסערונג" צום „קאָמוניסטישן מאַניפעסט", וואָס מאַרקס האָט געפונען פאַר נויטיק צו מאַכן, האָט ער געמאַכט אַפן סמאַך פון דער רעוואָלוציאָנערער דערפאַרונג פון די פאַריזער קאָמונאַרן.

די לעצטע האַקדאָמע צו דער נייער דייטשישער אויסגאַבע פון „קאָמו־ניסטישן מאַניפעסט", וואָס איז אונטערגעשריבן פון ביידע מעכאַברים זיינע, איז דאַטירט מיטן 24 יוני 1872 יאָר. אין דערדאָזיקער האַקדאָמע זאָגן די מע־כאַברים, קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס, אַז די פּראָגראַם פון „קאָמוניס־טישן מאַניפעסט" איז „ערטערווייז פאַרעלטערט".

...„ב י פ ר אַ ט — זאָגן זיי ווייטער — ה אָ ט ד י ק אָ מ ו נ ע ב אַ וו י ז ן, אַ ז ד ע ר אַ ר ב ע ט ע ר ־ ק ל אַ ס ק אָ ן נ י ט פּ אָ ש ע ט פ אַ ר כ אַ פּ ן ד י פ אַ ר ט י ק ע מ ל ו כ ע ־ מ אַ ש י ן א ו ן ל אָ ז ן ז י א י ן ג אַ נ ג צ ו ל י ב ז יי נ ע א יי ג ע נ ע צ וו ע ק ן"...

די ווערטער, וואָס זיינען גענומען צווישן דער צווייטער פאָר גענזנפיס־לעך, האָבן די מעכאַברים ציטירט פון מאַרקס ווערק „דער בירגער־קריג אין פראנקרייך".

אַלזאָ, איין גרונטלעכע, איין הויפּט לערע פון דער פאַריזער קאָמונע האָבן מאַרקס און ענגעלס געהאלטן פאַר אַזוי ריזיק־וויכטיק, אַז זיי האָבן עס אַריינ־געטראָגן, ווי אַ טאָך אויסבעסערונג צום „קאָמוניסטישן מאַניפעסט".

ס'איז אָבער העכסט כאַראַקטעריסטיש, אַז גראַד אָט די טאָך אויסבע־סערונג איז פאַרפעלשט געוואָרן דורך די אָפּאָרטוניסטן, און דער זין אירער איז געוויס ניט באַוואוסט פאַר ניין צענטל און עפּשער אַפילו פאַר 99 הונ־דערטלעך פון די לעזער פון „קאָמ. מאַניפעסט". אויספירלעכער וועגן אָט דער פעלשונג וועלן מיר ריידן ווייטער אין דעם קאַפּיטל, וואָס איז ספּעציעל גע־ווידמעט די פעלשונגען. איצט וועט גענוג זיין צו פאַרצייכענען נאָר, אַז די איבעראַל אָנגענומענע וואולגארע אויסטייטשונג פון מאַרקס באַרימטן אויסדרוק, וועלכן מיר האָבן געבראַכט באַשטייט דערין, אַז מאַרקס שטרייכט דאָ קלוי־

מערשט אונטער די אידייע פון פאַמעלעכער אַנטוויקלונג אַקעגן דעם געדאַנק וועגן פאַרכאַפּן די מאַכט א. ד. גל.

אין דער עמעסן, איז פונקט דער הייפּעך. מאַרקס געדאַנק באַשטייט דע־רין, אַז דער אַרבעטער־קלאַס מוז צעקלאַפּן, צעברעכן די „פאַרטיקע מלוכע־מאַשין", און ניט באַנוגענען זיך מיט פּאַשעט פאַרכאַפּן.

דעם 12־טן אַפּרעל פון 1871 יאָר, דאס הייסט, גראָד אין דער צייט פון דער קאָמונע, האָט מאַרקס געשריבן צו קוגעלמאַנען:

...„אויב דו ווען אַריינקוקן אין לעצטן קאַפּיטל פון מיין „18־טן בריו־מער", וועסטו דערזעען, אַז דער ווייטערדיקער פּרואוו פון דער פראנצויזישער רעוואָלוציע, דערקלער איך, דאַרף זיין: ניט איבערגעבן פון איין האַנט אין דער אַנדערער די ביוראָקראַטיש-מיליטערישע מאַשין, ווי דאָס פלעגט געשעען ביז איצט, נאָר צעברעכן זי (אונטערגעשטראָכן פון מאַרקסן), און דאַפקע דאָס איז דער פאָרבאַדינג פאר איטלעכער עמעסער פאָלקס-רעוואָלוציע אַפן קאָנטי־נענט. גראד דערין באַשטייט דער פּרואוו פון אונזערע העלדישע פאַריזשער כאַווירים" (ז. 709 אין דער „נייער צייט" XX, 1, פון יאָר 1901—1902).

אין אָט די ווערטער „צעברעכן די ביוראָקראַטיש־מיליטערישע מלוכע-מאַשין" באַשטייט,בעקיצער אויסגעדריקט, די הויפּט-לערע פון מאַרקסיזם איבער דער פראַגע וועגן די אויפגאַבן פונם פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע בע-נויגייע צו דער מלוכע. און דאפקע דידאָזיקע לערע איז ניט נאָר לאַכ-לוטן פאַרגעסן געוואָרן, נאָר מאַמעש געפעלשט געוואָרן דורך דער הערשנ-דיקער קאַאוטסקיאַנישער „אויסטייטשונג" פון מאַרקסיזם!

וואָס איז שאַיעך צו דעם אָרט פון „18 בריומער", וואָס מאַרקס פאַרופט זיך דערויף, האָבן מיר עס אויבן געבראַכט אינגאַנצן.

ס'איז אינטערעסאַנט באַזונדערס צו פאַרצייכענען צוויי שטעלן אין דער געבראַכטער באַטראַכטונג פון מאַרקסן. ערשטנס, באַגרעניצט ער זיין אויספיר מיטן קאָנטינענט. דאָס איז געווען פאַרשטענדלעך אין 1871 יאָר, ווען ענגלאַנד איז נאָך געווען דער מוסטער פון אַ ריין קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, נאָר אָן מי־ליטאַריזם און אין אַ גרויסער מאָס אָן ביוראָקראַטיע. דערפאַר האָט מאַרקס אויסגעשלאָסן ענגלאנד, וואו אַ רעוואָלוציע און אַפילע אַ פאָלקס-רעוואָלוציע האָט געקאָנט זיין געמאלט און איז דעמאָלט מעגלעך געווען אָן דעם פאָרבאַ־דינג פון צעשטערן די „פאַרטיקע מלוכע־מאַשין".

איצטער אין 1917 יאָר, אין דער צייט פון דער ערשטער גרויסער אימ־פּעריאַליסטישער מילכאָמע, פאַלט דידאָזיקע באַגרעניצונג מאַרקס אָפּ. סאַי אין ענגלאַנד, סאַי אין אַמעריקע, די גרעסטע און די לעצטע פאַרשטייער פון דער אַנגלאָ־סאַקסישער „פרייהייט" אין דער גאַנצער וועלט, אין דעם זין, וואָס אין זיי איז ניט געווען קיין מיליטאַריזם און ביוראָקראַטיזם, האָבן זיך אינגאַנצן אַראָפּגעקייקלט אינם אלגעמיין-אייראָפּעאישן בלוטיק-שמוציקן זומפּ פון די ביו־ראָקראַטיש-מיליטאַריסטישע איינריכטונגען, וועלכע מאַכן אונטערטעניק אונטער זיך אַלץ, וועלכע דערשטיקן מיט זיך אַלץ. איצטער איז אויך סאַי אין ענגלאַנד

סאַי אין אַמעריקע „דער פאַרבאַדינג פון איטלעכער · עמעסער פאָלקס-רעוואָלוציע״ — דער איינבראָך, די צעשטערונג פון דער „פאַרטיקער מלוכע-מאַשין״. זי איז דאָרט אויסגעאַרבעט געוואָרן אין די יאָרן 1914—1917 ביז צו „איירןָפּעאישער״ אַלגעמיין-אימפּעריאַליסטישער פולקומענקייט.

צווייטנס, באַקומט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט מאַרקס העכסט טיפע באַמערקונג, אַז די צעשטערונג פון דער ביוראָקראַטיש-מיליטערישער מלוכע-מאַשין איז דער „פאַרבאַדינג פון איטלעכער עמעסער פאָלקס-רעוואָלוציע״. דערדאָזיקער באַגריף „פאָלקס-רעוואָלוציע״ זעט אויס מאָדנע באַ מאַרקסן, און די רוסישע אנהענגער פון פּלעכאַנאָוון און די מענשעוויקעס, דידאָזיקע אנהענגער פון סטרואווע, וואָס ווילן זיך רעכענען פאַר מאַרקסיסטן, וואָלטן עפּשער געוואָלט דערקלערן אזא אויסדרוק באַ מאַרקסן פאַר אַ וואָרט, וואָס האָט זיך צופעליק אַרויסגעכאַפּט. זיי האָבן פון מאַרקסיזם געמאַכט אַזאַ קאַפּצאניש-ליבעראַלע פאַרזעעניש, אַז כויץ דער קעגנשטעלונג פון דער בורזשואַזער און פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע עקזיסטירט באַ זיי קיין זאַך ניט, און אויך דידאָזיקע קעגנשטעלונג באַנעמען זיי טויטלעך ביז גאָר.

ווען מע זאָל נעמען פאַר אַ ביישפּיל די רעוואָלוציעס פון 20-טן יאָרהונדערט, וועט מען אויך די פּאָרטוגעזישע און די טערקישע רעוואָלוציעס אַוואַדע מוזן אַנערקענען פאַר בורזשואַזע. נאָר קיין „פאָלקס״-רעוואָלוציעס זיינען זיי ביידע ניט, וואָרום די מאַסע פון פאָלק, די גרעסטע מערהייט זיינע, איז אַקטיוו זעלבשטענדיק, מיט אירע אייגענע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע פאָדערונגען, אין ביידע רעוואָלוציעס ניט אַרויסגעטראָטן. פאַרקערט, די רוסישע בורזשואַזע רעוואָלוציע פון די יאָרן 1905—1907, האָגאָם זי האָט ניט געהאַט אַזעלכע „גלענצענדע״ ערפאָלגן, ווי עס האָבן צייטנווייז געהאַט די פּאָרטוגעזישע און טערקישע, איז זי בליסאָפעק נעווען אַן „עמעסע פאָלקס-רעוואָלוציע״, וואָרום די מאַסע פון פאָלק, זיין גרעסטע מערהייט, די טיפסטע געזעלשאַפטלעכע „אונטערשיכטן״, דערשטיקטע פון דרוק און עקספּלואַטאַציע, האָבן זיך אַ הויב געטאָן זעלבסטשטענדיק, האָבן אַרויפגעלייגט אַפן גאַנצן גאַנג פון דער רעוואָלוציע דעם שטעמפּל פון זייערע פאָדערונגען, פון זיינע פּרואוון אַפן אייגענעם שטייגער אויסצובויען אַ נייע געזעלשאַפט אַפן אָרט פון דער אַלטער, וואָס ווערט געשטערט.

אין איירןָפּע פון יאָר 1871 האָט אַפן קאָנטינענט אין קיין איין לאַנד דער פּראָלעטאַריאַט ניט געבילדעט קיין מערהייט פון פאָלק. אַ „פאָלקס״-רעוואָלוציע, וואָס ציט אַריין אין דער באַוועגונג מיט אַן עמעס די מערהייט, האָט געקאָנט זיין אַזעלכע נאָר אַרומכאַפּנדיק סאַי דעם פּראָלעטאַריאַט, סאַי דאָס פויערטום — אָט די ביידע קלאַסן האָבן דעמאָלט געבילדעט דאָס „פאָלק״, ביידע קלאַסן זיינען פאַרייניקט דורכדעם, וואָס די „ביוראָקראַטיש-מיליטערישע מלוכע-מאַשין״ דריקט, שטיקט, עקספּלואַטירט זיי. צעקלאַפּן אָט די מאַשין, צעברעכן זי — דאָס איז דער עמעסער אינטערעס פון „פאָלק״, פון זיין גרעסטער מערהייט פון די אַרבעטער און פון דער מערהייט פויערים, דאָס איז דער פאַרבאַדינג פאַרן פרייען פאַרבאנד צווישן די אָרימסטע פויערים און די

פראָלעטאַריער און אָן אזא פארבאנד איז די דעמאָקראַטיע ניט געזיכערט און ס'איז ניט מעגלעך קיין סאָציאַליסטישע רעפאָרמירונג.

צו אַזאַ פאַרבאַנד האָט טאַקע געוואָלט זיך דורכשלאָגן אַ וועג די פּאַריזער קאָמונע, וועלכע האָט ניט דערגרייכט איר ציל צוליב אינעווייניקסטע און אוסווייניקסטע סיבעס.

הייסט דאָס, אז בעאַייס מאַרקס האָט גערעדט וועגן אַן „עמעסער פאָלקס-רעוואָלוציע", האָט ער לאַכלוטן ניט פאַרגעסן די באַזונדערהייטן פון דעם קליינבירגערטום (ער האָט וועגן דעם גערעדט אָפט און אַסאַך), נאָר ער האָט אָפּן שטרענגסטן אויפן גענומען אין כעשבן די פּאַקטישע קלאַסן-פאַרהעלטעניש אינם גרעסטן טייל פון די קאָנטינענטאַלע מלוכעס פון אייראָפּע אין 1871 יאָר. פון דער אנדערער זייט ווידער האָט ער קאָנסטאַטירט, אַז דאָס „צעקלאַפּן" די מלוכע-מאַשין ווערט געפאָדערט דורך די אינטערעסן סאַי פון די אַרבעטער און סאַי פון די פּויערים, אַז דאָס פאַרייניקט זיי, שטעלט פאר זיי די שוטפעסדיקע אויפגאַבע צו באַזייטיקן דעם „פּאַראַזיט" און פארבייטן אים דורך עפּעס נייס. וואָס זשע איז דאָס אזוינס?

## 2. דורך וואָס דאַרף מען פאַרבייטן די צעקלאַפּטע מלוכע־מאַשין?

אף דערדאָזיקער פראגע האָט מארקס אין 1847 יאָר, אין „קאָמונ. מאַניפעסט", געגעבן נאָך א גאנץ אבסטראקטן ענטפער, ריכטיקער גערעדט, ער האָט אָנגעוויזן די אויפגאבן, אָבער ניט די מיטלען, ווי אזוי זיי צו לייזן. פאַרבייטן זי „דורך דער אָרגאניזאציע פונם פּראָלעטאריאט, אלס הערשנדיקער קלאס", „דורך דער דעראָבערונג פון דער דעמאָקראטיע" — דאָס איז געווען דער ענטפער פון „קאָמוניסטישן מאניפעסט".

ניט אַריינלאָזנדיק זיך אין אוטאָפּיעס, האָט מאַרקס פון דער דערפאַרונג פון דער מאַסן־באַוועגונג געווארט אף אַן ענטפער אף דער פראַגע, אין וואָסערע קאָנקרעטע פאָרמען וועט זיך אויסגיסן אָט די אָרגאַניזאַציע פונם פּראָלעטאַריאט, אַלס הערשנדיקער קלאַס, אף וואָסער אויפן, נעמלעך, וועט די־דאָזיקע אָרגאַניזאַציע זיך צונויפפּאַסן מיט דער פולסטער און קאָנסעקווענטער „דעראָבערונג פון דער דעמאָקראַטיע".

די דערפאַרונג פון דער קאָמונע, ווי קליין זי איז ניט געווען, לאָזט מאַרקס דורך „אין בירגער־קריג אין פראַנקרייך" דורכן אויפמערקזאמסטן אַנאַליז. לאָמיר ברענגען די וויכטיקסטע ערטער פונם דאָזיקן ווערק:

אין 19-טן יאָרהונדערט האָט זיך אַנטוויקלט „די צענטראַליזירטע מלוכע-מאַכט, וואָס שטאַמט אָפּ פון מיטל-אַלטער, מיט אירע אָרגאַנען, וואָס זיינען פול אומעטום: דער שטענדיקער אַרמיי, פּאָליציי, ביוראָקראַטיע, גייסטלעכע, ריכטער־שטאַנד. זינט עס האָט זיך אַנטוויקלט דער קלאַסן־אַנטאַגאָניזם צווישן קאַפּיטאל און אַרבעט, האָט די מלוכע־מאַכט אלץ מער און מער אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ געזעלשאַפטלעכער מאַכט אף צו אונטערדריקן די אַרבעטער, דעם כאַראַקטער פון אַ מאַשין פאר דער קלאַסן־הערשאַפט. נאָך איט־

לעכער רעוואָלוציע, וואָס באַטייט אַ געוויסן שריט פון קלאַסן-קאמף פּאָ-רויס, טרעט אַרויס דער ריינער אונטערדריקונגס-כאַראַקטער פון דער מלוכע-מאַכט, וואָס ווייטער אלץ אָפּטער״. די מלוכע-מאַכט ווערט נאָך דער רעוואָ-לוציע פון 1849—1848 „דאָס נאַציאָנאלע קאַמפּס-געצייג פונם קאַפּיטאל קעגן דער ארבעט״. די צווייטע אימפּעריע פאַרפעסטיקט דאָס.

פונקט דער הייפעך פון דער אימפּעריע איז געווען די קאָמונע. זי איז געווען די באַשטימטע פאָרם פון אַזא רעפּובליק, וואָס האָט באַדאַרפט באַזיי-טיקן ניט בלויז די מאָנאַרכישע פאָרם פון דער קלאַסן-הערשאַפט, נאָר די קלאסן-הערשאַפט גופע״...

אין וואָס זשע איז באשטאַנען דידאָזיקע „באַשטימטע פאָרם פון דער פּראָלעטאַרישער סאָציאליסטישער רעפּובליק״, ווי אַזוי איז געווען די מלוכע, וואָס זי האָט אָנגעהויבן צו שאַפן?

...„דער ערשטער דעקרעט פון דער קאָמונע איז געווען אָפּצושאַפן די שטענדיקע ארמיי און פארבייטן זי דורכן באַוואָפנטן פאָלק״.

דידאָזיקע פאָדערונג שטייט איצט אין די פּראָגראמען פון אלע פאר-טייען, וואס ווילן זיך אָנרופן סאָציאַליסטישע, נאָר וואָס פאַר א מאַמאָשעס עס האבן זייערע פּראָגראמען, איז בעסער פון אלץ צו זען פון דער אויפירונג פון אונזערע עסערן און מענשעוויקעס, וואָס האָבן אין דער עמעסן גראָד נאָך דער רעוואָלוציע פון 27 פעווראל אָפּגעזאָגט זיך פון דורכצופירן אין לעבן דידאָזיקע פאָדערונג

...„די קאָמונע איז געבילדעט געוואָרן פון שטאָטישע ראַטמענער, וואס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן אין פאַרשיידענע קרייזן פון פּאַריז דורך דער אלגעמיינער אָפּשטימונג. זיי זיינען געווען פאַראנטוואָרטלעך און צו איטלעכער צייט האָט מען זיי געקאָנט אָראָפּזעצן. די גרעסטע מערהייט פון זיי איז, פאַרשטייט זיך, באשטאַנען פון אַרבעטער אדער פון אנערקענטע פאָרשטייער פון ארבעטער-קלאַס״...

...„בא דער פּאָליציי, וואָס איז ביז אַהער געווען דאָס געצייג פון דער מלוכע-רעגירונג, האָט מען טייקעף אָפּגענומען אלע אירע פּאָליטישע פונקציעס און זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאראַנטוואָרטלעכן אָרגאן פון דער קאָמונע, וואס מע האָט אים געקאָנט אַראָפּזעצן צו איטלעכער צייט״.

„דאסזעלביקע — די באַאַמטע פון אלע איבעריקע פארוואַלטונגס-צווייגן... אָנגעהויבן פון די מיטגלידער פון דער קאָמונע, פון אויבן ביז אונטן, האָט דער געזעלשאפטלעכער דינסט באַדאַרפט געטאָן ווערן פאַר אַ ר ב ע ט ס - ל ו י ן פ ו ן אַ ן א ר ב ע ט ע ר. אלערליי פּריווילעגיעס און דאָס אַרויסגעבן געלט פאר די טרעגער פון די העכערע מלוכע-טיטלען אף רעפּרעזענטאנץ זיינען פארשוואונדן איינעם מיט די טיטלען גופע... נאָכדעם ווי עס זיינען באַזייטיקט געוואָרן דער שטענדיקער כאַ׳יעל און די פּאָליציי, דידאָזיקע געצייג פון דער מאטעריעלער מאכט פון דער אלטער רעגירונג, האָט די קאָ-מונע טייקעף זיך גענומען צום צעברעכן דאָס געצייג פון דער גייסטיקער אונטערדריקונג, דעם קויעך פון די גייסטלעכע... די געריכט-באַאַמטע האָבן אָנ-

געוואָרן זײ׳ער קלוימערשטע אומאָפּהענגיקייט... זיי האָבן אף ווייטער געדארפט אויס-געקליבן ווערן עפנטלעך, זיין פאַראנטוואָרטלעך און מע זאָל זייקאָנען אראָפּזעצן״...

הייסט עס, אז די צעקלאפּטע מלוכע-מאַשין האט די קאמונע קלוימערשט פאַרביטן „נאָר״ דורך א מער פאָלקאָמער דעמאָקראַטיע: עס איז אָפּגעשאפט געוואָרן די שטענדיקע ארמיי, אלע באַאַמטע האָבן געדארפט אויסגעקליבן ווערן און האָבן געקאָנט אראָפּגעזעצט ווערן. אין דער עמעסן אָבער באַטייט אָט דער „נאָר״ א ריזיקן אומבייט פון איינע איינריכטונגען דורך איינריכטונגען פון א פּרינציפּיעל אנדער מין — דאָ קאָן מען גראָד זעען איינעם פון די פאלן, וואו „קאַמוס (קוואנטיטעט) פארוואנדלט זיך אין אייכוס״ (קוואליטעט): דעמאָק-ראַטיע, וואס ווערט דורכגעפירט מיט אזא גרעסטער פילקייט און קאָנסעקווענץ, ווי דאָס קאָן מען זיך בּיכלאל פאָרשטעלן, ווערט פון אַ בורזשואַזער דעמאָקראטיע פארוואַנדלט אין אַ פּראָלעטאַרישער, פון אַ מלוכע (ד. ה., אַ באזונדער קראַפט צו דערשטיקן אַ באַשטימטן קלאס), צו עפּעס אזוינס, וואס איז שוין אַייגנטלעך קיין מלוכע ניט.

דערשטיקן די בורזשואזיע און איר ווידערשטאנד איז נאָך אלץ נויטיק. פאר דער קאָמונע איז דאָס געוועזן באַזונדערס נויטווענדיק, און איינע פון די סיבּעס פון איר מאַפּאָלע באשטייט דערין, וואָס זי האָט דאס ניט געטאָן גענוג אַנטשלאָסן. נאָר דער אונטערדריקונגס-אָרגאַן איז שוין דאָ די מערהייט פון דער באַפעלקערונג, און ניט די מינדערהייט, ווי דאס איז שטענדיק געווען סאַי בעאייס דער שקלאַפערײ, סאַי בעאייס לייבאַייגנטום און סאַי בעאייס דער געדונגענער שקלאפערײ. און וויבאלד די מערהייט פון פאָלק אונטערדריקט אַליין אירע אונטערדריקער, איז שוין קיין „באַזונדערע קראַפט״ צו אונטער-דריקן „ניט נויטיק״, אין דעם זין הויבּט די מלוכע אָן אָפּשטארבן. אנשטאט די באַזונדערע איינריכטונגען פון דער פּריווילעגירטער מינדערהייט (א פּריווילעגירטע באַאַמטנטום, די קאָמאַנדע פון שטענדיקן כאַיעל) קאָן דאָס די באַפעלקערונג גופע דירעקט אויספירן, און וואָס מער די אויספירונג פון די פונקציעס פון דער מלוכע-מאַכט גייט אריבער צום גאַנצן פאָלק, אלץ ווינצי-קער דארף מען האָבן דידאָזיקע מאַכט.

באַזונדערס מערקווירדיק אין דעם פּראַט איז דאָס מאָסמיטל פון דער קאָמונע, וואָס מאַרקס שטרייכט אונטער: אָפּשאַפן אלע געלט-אויסגאַבן אַף רעפּרעזענטאַנץ, אַלע געלט-פּריווילעגיעס פאַר באַאַמטע. דאָס אויסגלייכן די סכירעס פון אַלע אָנגעשטעלטע אין דער מלוכע מיטן אַרבעטס-לוין פון אַן אַרבעטער. גראָד דאָ ווערט צום בוילעטסטן אויסגעדריקט דער אי-בּערבראַך פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע צו דער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע, פון דער אונטערדריקער-דעמאָקראַטיע צו דער דעמאָקראַטיע פון די אונטערדריקטע קלאַסן, פון דער הערשאַפט, „א באַזונדערע קראַפט״ אַף אונטערדריקן אַ באַשטימטן קלאַס, צו דער אונטערדריקונג פון די אונ-טערדריקער דורך דער אַלגעמיינער קראַפט פון דער מערהייט פון פאָלק, פון די אַרבעטער און פּויערים. און גראָד בּעניגייע צו דעמדאָזיקן באַזונדערס קלאָרן פונקט מיקויעך דער פראַגע וועגן דער מלוכע, וואָס איז עפּשער דער

וויכטיקסטן פונקט איז מאַרקס לערע איז אינגאַנצן פאַרגעסן! אין די פּאָפּולערע קאָמענטאַריעס—וואָס זיינען פאַראַן אָן אַ צאָל—ווערט וועגן דעם ניט גערעדט! „ס'איז אָנגענומען" דאָס צו פאַרשוויגן, אזוי ווי „אַ נאַאיוויטעט", וואָס האָט אָפּגעלעבט איר צייט. א שטייגער, ווי די קריסטן, נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרנומען די לאַגע פון אַ מלוכע-רעליגיע, האָבן „פאַרגעסן" די „נאַאיוויטעטן" פונם אָנפאַנגלעכן קריסטענטום מיט זיין דעמאָקראַטיש רעוואָלוציאָנערן גייסט.

דאָס אַראָפּזעצן דאָס געצאָלט פון די העכסטע מלוכע-באַאַמטע ווייזט אויס צו זיין פּאָשעט א פאָדערונג פון נאַאיוון פּרימיטיוון דעמאָקראַטיזם. איינער פון די גרינדער פונם נייעם אָפּאָרטוניזם, דער געוועזענער סאָציאַל-דעמאָקראַט עד. בערנשטיין, האָט ניט איין מאָל איבערגעכאַזערט די פּלאַכע בורזשואַזע כאָכמעס איבער דעם „פּרימיטיוון" דעמאָקראַטיזם. אזוי ווי אלע אָפּאָרטוניסטן, אזוי ווי די איצטיקע קאַאוטסקיאַנער, האָט ער לאַכלוטן ניט פאַרשטאַנען, אז, ערשטענס, דער איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם איז אומעגלעך אָן א געוויסן צוריקקער צום פּרימיטיוון דעמאָקראַטיזם (וואָרום, ווי קען מען דען אַנדערש איבערגיין צו דער אויספירונג פון די מלוכע-פונקציעס דורך דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג און דורך דער גאַנצער באַפעלקערונג?), און צווייטנס, אַז דער „פּרימיטיווער דעמאָקראַטיזם" אפן יעסאָד פון קאַפּיטאַליזם און קאַפּיטאַליסטישער קולטור איז גאָר עפּעס אַנדערש, ווי דער פּרימיטיווער דעמאָקראַטיזם אין די פּאָרהיסטאָרישע אָדער פּאָרקאַפּיטאַליסטישע צייטן. די קאַפּיטאַליסטישע קולטור האָט באַשאַפן די גרויספּראָדוקציע, פאַבריקן, אייזנבאַנען, פּאָסט, טעלעפאָנען און אַז. וו. אַף דעמדאָזיקן יעסאָד איז די גרעסטע מערהייט פונקציעס פון דער אַלטער „מלוכע-מאכט" אַזוי פאַראייגפאַכט געוואָרן, און קענען דערפירט ווערן צו אזוינע פּאָשעטסטע אָפּעראַציעס פון רעגיסטרירן, פאַרשרייבן, קאָנטראָלירן, אַז דידאָזיקע פונקציעס וועלן ווערן צוטרעטלעך פאַר אַלע מענטשן, וואָס קענען לייענען און שרייבן, אַז דידאָזיקע פונקציעס וועט און קענען אויספירן פאַר א געוויינלעכן „אַרבעטס-לוין פון אַרבעטער"; מע קען (און מע מוז) אָפּנעמען בא דידאָזיקע פונקציעס איטלעכן סימען פון פּריווילעגיע, פון „נאַטשאַלסטווע".

דאָס, וואָס אַלע אָנגעשטעלטע אָן אויסנאַם ווערן אויסגעקליבן, וואָס זיי קענען צו יעטווידער צייט ווערן אַראָפּגעזעצט, וואָס זיי באַקומען אַזוינע סכירעס, „ווי דער געוויינלעכער אַרבעטס-לוין פון אַן ארבעטער", דידאָזיקע פּאָשעטע און זעלבסטפאַרשטענדלעכע דעמאָקראַטישע מאָסמיטלען פאַראייניקן אינגאַנצן די אינטערעסן פון די אַרבעטער און פון דער מערהייט פּויערים און דינען פאַריינס פאַרן בריקל, וואָס פירט פון קאַפּיטיליזם צום סאָציאַליזם. דידאָזיקע מאָסמיטלען זיינען שאַייעך צו דער מלוכישער, ריין פּאָליטישער איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט. נאָר זיי באַקומען, פאַרשטייט זיך, זייער גאַנצן זין און באַטייט נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דער „עקספּראָפּריאַציע פון די עקספּראָפּריאַטאָרן", וואָס ווערט צוגלייך פאַרווירקלעכט אָדער צוגעגרייט, ד. ה. אין צוזאַמענהאַנג מיטן קאַפּיטאַליסטישן פּריוואַט-אייגנטום אַף די פּראָדוציר-מיטלען צום געזעלשאַפטלעכן אייגנטום.

„די קאָמונע—האָט געשריבן מאַרקס—האָט געמאַכט פאַר אַן עמעס דעם לאָזונג פון אַלע בורזשואַזע רעוואָלוציעס: אַ וואָלוועלע רעגירונג, דורכדעם, וואָס זי האָט פאַרניכטעט די צוויי גרעסטע הויצאָעס-אַרטיקלען, די אַרמיי און דאָס באַאַמטענטום".

בלויז אַ קליינע מינדערהייט פון פויערטום און אויך פון אַנדערע שיכטן פון קליינבירגערטום „הויבן זיך אויף", „ווערן מענטשן" אין בורזשואַזן זין, ד. ה. זיי ווערן אָדער פאַרמעגלעכע מענטשן אָדער פאַרזאָרגטע פריווילגירטע באַאַמטע. די גרעסטע מערהייט פון פויערטום אין יעדן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד, וואו עס איז נאָר פאַראַן אַ פויערטום (און אַזעלכע קאַפּיטאַליסטישע לענדער זיינען אין דער מערהייט), איז אונטערדריקט פון דער רעגירונג און גאַרט זי אַראָפּצוּוואַרפן, גאַרט צו האָבן אַ וואָלוועלע רעגירונג. פאַרווירקלעכן דאָס קען נאָר דער פּראָלעטאַריאַט, און בעאייס ער פאַרווירקלעכט דאָס, מאַכט ער צוגלייך אַ טריט צו דער סאָציאַליסטישער איבערבויאונג פון דער מלוכע.

## 3. די פאַרניכטונג פונם פּאַרלאַמענטאַריזם.

„די קאָמונע—האָט געשריבן מאַרקס—האָט געדאַרפט זיין קיין פּאַרלאַמענטאַרישע, נאָר אַן אַרבעטנדיקע קאָרפּאָראַציע, און אין דערזעלביקער צייט גיט זי אַרויס די געזעצן און פירט זיי אויס"...

... „אַנשטאָט איין מאָל אין דריי אָדער זעקס יאָר צו באַשטימען, וואָסער מיטגליד פון הערשנדיקן קלאַס דאַרף פאַרטרעטן און צעטרעטן דאָס פאָלק אין פּאַרלאַמענט, אַנשטאָט דעם האָט דאָס אַלגעמיינע וואַל-רעכט געדאַרפט דינען דעם פאָלק, וואָס איז אָרגאַניזירט אין קאָמונעס, קעדיי אויסצוזוכן פאַר זיין אונטערנעמונג אַרבעטער, אויפזעער, בוכהאַלטערן, פּונקט ווי די אינדיווידועלע וואַלרעכט דינט צוליב דעמזעלביקן צוועק יעדן אַנדערן אַרבעטס-געבער".

די דאָזיקע מערקווירדיקע קריטיק פון פּאַרלאַמענטאַריזם, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין 1871 יאָר, געהערט אויך איצטער, אַדאַנק דער הערשאַפט פונם סאָציאַל-שאָוויניזם און אָפּאָרטוניזם, צו די „פאַרגעסענע ווערטער" פון מאַרקסיזם. אַליין מיניסטאָרן און פּאַרלאַמענטאַריער, לויט דער פּראָפעסיע, האָבן די פאַרעטער פונם פּראָלעטאַריאַט און די געשעפטמאַכערישע סאָציאַליסטן פון אונזער צייט איבערגעלאָזט אינגאַנצן די קריטיק פון פּאַרלאַמענטאַריזם פאַר די אַנאַרכיסטן. און אָף דעם וואונדערבאַר סייכלדיקן סמאָך האָבן זיי דערקלערט פאַר אַנאַרכיזם איטלעכע קריטיק פונם פּאַרלאַמענטאַריזם. ס'איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט פון די „פאָרגעשריטענע" פּאַרלאַמענטאַרישע לענדער, וואָס פילט אַן עקל, קוקנדיק אָף אַזעלכע „סאָציאַליסטן", ווי די שיידעמאַנס, דאַוויד, לעגינס, סאַמבאַס, רענאָדעלס, הענדערסאָנס, וואַנדערוועלדעס, סטאָונינגס, בראַנטינגס, ביסאָלאַטיס, און כעוווראיע, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט אַלץ אָפטער אָפּגעגעבן זיינע סימפּאַטיעס דעם אַנאַרכאָ-סינדיקאַליזם, האָגאָם ער איז אַ לייבלעכער ברודער פון אָפּאָרטוניזם.

אָבער פאַר מאַרקסן איז די רעוואָלוציאָנערע דיאַלעקטיק קיינמאָל ניט געווען יענע פּוסטע, מאָדערנע מעליצע, וואָס עס האָבן געמאַכט פון איר

פלעכאַנאָוו, קאאוטסקי און אנדערע. מאַרקס האָט פאַרשטאַנען אָן ראַכמאָנעס צו רייסן דעם אנאַרכיזם דערפאַר, וואָס ער פאַרשטייט ניט אויסצוגוצן אַפילע דעם „שטאל״ פון בורזשואַזן פאַרלאַמענטאריזם, באזונדער דעמאָלט, ווען עס איז בעפיירעש ניטאָ קיין רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע. נאָר אין דערזעלביקער צייט האָט ער אויך פאַרשטאַנען צו געבן אַן עמעס רעוואָלוציאָנער־פּראָלעטאַרישע קריטיק פונם פאַרלאַמענטאריזם.

צו באַשטימען איין מאָל אין עטלעכע יאָר, וואָסער מיטגליד פון הערשנדיקן קלאס וועט צעטרעטן, דערשטיקן דאָס פאָלק אין פאַרלאַמענט, — אָט דערין באשטייט דער עצעם פון בורזשואזן פאַרלאַמענטאַריזם. ניט בלויז אין פּראָלעטאַריש־קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיעס, נאָר אויך אין די דעמאָקראטישסטע רעפּובליקן.

נאָר אויב שטעלן די פראגע וועגן דער מלוכע, אויב מע באטראכט דעם פארלאמענטאריזם, ווי איינע פון די אינסטיטוציעס פון דער מלוכע, פונם שטאנדפונקט פון די אויפגאבן פונם פראלעטאריאט אינם דאָזיקן געביט, טאָ וואו איז דער ארויסגאנג פונם פאַרלאַמענטאַריזם? ווי אזוי זשע קאָן מען זיך באַגיין אָן אים?

ווידער אמאָל און אָבער אַמאָל קומט אויס צו זאָגן: מארקס לערע, וואָס איז באגרינדעט אפן שטודירן די קאָמונע, איז אזוי ווייט פארגעסן, אַז א מאָדערנער סאָציאַל-דעמאָקראַט (לייען אַ מאָדערנער פאַרעטער פון סאָציאַליזם) קאָן זיך מאמעש ניט פאָרשטעלן קיין אנדער קריטיק פון פארלאמענטאריזם, סיידן אַן אַנאַרכיסטישע אָדער אַ רעאַקציאָנערע.

דער ארויסגאנג פון פאַרלאמענטאריזם, איז פארשטייט זיך, ניט אין פאַרניכטן די פאַרטרעטונגס אַנשטאלטן און דעם וואַל פּרינציפּ, נאָר אין פאַרוואנדלען די פארטרעטונגס אנשטאלטן פון „ריידארניעס״ אין ארבעטנדיקע אַנשטאַלטן. „די קאָמונע האָט געדארפט זיין ניט קיין פאַרלאמענטארישער אַנשטאלט, נאָר אַן ארבעטנדיקער, וואָס אין איין און דערזעלביקער צייט גיט ער אַרויס און פירט אויס די געזעצן״.

„ניט קיין פארלאמענטארישע, נאָר אַן אַרבעטנדיקע אַנשטאלט״ — דאָס טרעפט אָן אין ריכטיקן פונקט די מאָדערנע פארלאמענטאריער און די פארלאמענטארישע „שטוב הינטלאך״ פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע! טוט א קוק אַף וואָסער איר ווילט פארלאמענטארישע לאנד, פון אמעריקע ביז דער שווייץ, פון פראנקרייך ביז ענגלאנד, נאָרוועגיע א. א. וו. די עכטע מלוכע אַרבעט ווערט געטאָן הינטער די קוליסן, עס פירן זיי אויס דעפּארטאמענטן, קאנצעליארעס, שטאבן. אין די פארלאמענטן האלט מען נאָר אין איין פּלוידערן מיט דעם ספּעציעלן צוועק אָפּצונארן „דעם פּראָסטן האמוין״. דאָס איז אזוי פיל ריכטיק, אז אפילע אין דער רוסישער רעפּובליק, דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעפּובליק, איז איידער זי האָט אפילע באוויזן צו שאפן אַן עמעסן פארלאמענט, האָבן זיך באלד געלאָזט פילן די אלע צילן פון פאַרלאַמענטאַריזם. אַזעלכע העלדן פון פוילן קליינבירגערטום, ווי די סקאָבעלעווס, צערעטעליס, טשערנאָווס און אַוואָקסענטיעווס, האָבן אפילע די ראטן באוויזן צו פארשמוצן לויטן טיפּ פון

סאמע עקלדיקן בורזשואזן פאַרלאַמענטאריזם, מאכנדיק זיי פאר פוסטע „ריידאַרניעס”. אין די ראטן טוען די הערן „סאָציאליסטישע” מיניסטאָרן אָפּ־נאָרן די לייכטגלויביקע פויערימלאך דורך פראזעס און רעוואלוציעס. אין דער רעגירונג גייט אן אַ אומאויפהערלעכע קאדריל פון איין זייט, קעדיי צו צולאָזן צו די פעטע און בעקאָוועדיקע שטעלעס איינעם נאָכן אַנדערן וואָס מער „עסערן און מענשעוויקעס”, פון דער אנדער זייט, קעדיי אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון פאָלק. און אין די קאנצעלאריעס, אין די שטאַבן „אַרבעט מען” די „מלוכע”־ארבעט.

„דיעלא נאראדא”, דער אָרגאן פון דער רעגירנדיקער פאַרטיי, „סאָצי־אַליסטן־רעוואָלוציאָנערן”, האָט ניט לאנג אין אַ רעדאקציאנעלן לייט־אַרטיקל זיך מוידע געווען—מיט יענער אומפארגלייכלעכער אָפנהארציקייט פון מענטשן פון דער „גוטער געזעלשאפט”, וואו „אַלע” פארנעמען זיך מיט פאָליטישער פראָסטיטוציע—אַז אפילו אין יענע מיניסטעריומס, וואָס געהערן די „סאָצי־אַליסטן” (איך בעט אייך איבער אייער קאָוועד) אפילו אין זיי בלייבט דער גאנצער באאמטן־אפּאַראַט בעעצעם דער אלטער, פונקציאָנירט, ווי פריער סאבאָטירט די רעוואָלוציאָנערע פלענער פולקום „פריי”! און אפילו, ווען מיר וואָלטן אָט די אַנערקענונג ניט געהאט, באווייזט דען דאס ניט דער עצעם פאקט, ווי אזוי די עסערן און מענשעוויקעס נעמען אן אַנטייל אין דער רעגירונג? כאראקטעריסטיש איז דאָ נאָר דאָס, וואָס געפינענדיק זיך אין אַ מיניסטערישע געזעלשאפט מיט די קאַדעטן, האָבן די ה”ה טשערנאָווס, רוסאנאָווס, זענזינאָוו, און די איבעריקע רעדאקטאָרן פון „דיעלאָ נאראָדא” אזוי ווייט אָנגעוואָרן יעדע בושע, אַז זיי שעמען זיך ניט צו דערציילן עפנטלעך, ווי ווענן אַ קלייניקייט און ניט רויט ווערנדיק, אַז בא זיי אין די מיניסטעריומס איז אלץ ווי געווען!! די רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע פראזע אויף צו פארדרייען אַ קאפּ די דאָרפישע איוואנושקעס און די קאנצעליארישע פארשלעפעניש צו „פארגוטיקן” די קאפיטאליסטן — דאָס איז דער עצעם פון דער „ערלעכער” קאָאַליציע.

דעם פארקויפטן און פאַרפוילטן פאַרלאַמענטאריזם פון דער בורזשואזער געזעלשאפט פארבייט די קאָמונע דורך איינריכטונגען, אין וועלכע די פרייהייט פון באטראַכטן און באשליסן ווערט ניט דעגענערירט אין אָפּנארריי, וואָרום די פארלאמענטאריער מוזן אליין ארבעטן, אליין אויספירן זייערע געזעצן, אליין קאָנטראָלירן דאָס, וואס עס באקומט זיך אין לעבן, אליין דירעקט טראָגן די אַכראַיעס פאר זייערע וויילער. די פארטרעטונגס אַנשטאלטן בלייבן, נאָר קיין פאַרלאמענטאריזם, ווי א באזונדער סיסטעם, ווי אן איינטיילונג פון גע־זעצגעבערישער און אויספירנדיקער אַרבעט, ווי אַ פריווילעגירטע לאגע פאר די דעפּוטאטן איז דאָ ניטא. אָן פארטרעטונגס־אנשטאלטן קאָנען מיר זיך ניט פאָרשטעלן קיין דעמאָקראטיע, אפילו קיין פראָלעטארישע דעמאקראטיע, אָן פארלאמענטאריזם—קאָנען און מוזן מיר זיך פאָרשטעלן, אויב די קריטיק פון דער בורזשואזער געזעלשאפט איז פאר אונז ניט קיין פראָסטע רייד, אויב די שטרעבונג אַראָפּצוואַרפן די הערשאפט פון דער בורזשואזיע איז אונזער

ערנסטע און אויפריכטיקע שטרעבונג, און ניט קיין „וואל-פראזע" אויף צו פאַנגען די שטימען פון די ארבעטער, ווי בא די מענשעוויקעס און עסערן, ווי בא די שיידעמאַנס און לעגינס, סאמבא און וואנדערוועלדעס.

העכסט באַלערנדיק איז דאָס, וואָס ריידנדיק וועגן די פונקציעס פון יע-נעם באאמטענטום, וואָס עס דארף האָבן סאַי די קאמונע, סאַי די פּראָלעטאַ-רישע דעמאָקראַטיע, נעמט מאַרקס צום פאַרגלייך די אָנגעשטעלטע פון „איטלעכן אנדערן ארבעטס געבער", ד. ה., א געוויינלעכע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנע-מונג מיט „אַרבעטער אויפזעער און בוכהאלטערס".

מאַרקס האָט קיין ברעקל אוטאָפּיזם נ'ט אין דעם זין, אז ער זאָל אויפ-קלערן, אויספאנטאזירן א „נייע" געזעלשאַפט. ניין, ער שטודירט, ווי א נא-טור-געשי'כטלעכן פּראָצעס, ווי אזוי עס ווערט געבאָרן די נייע געזעלשאַפט פון דער אַלטער, די איבערגאַנגס פאָרמען פון דער צווייטער צו דער ערשטער. ער נעמט די פּראַקטישע דערפאַרונג פון דער פּראָלעטאַרישער מאַסן-באַוועגוגג און באמיט זיך ארויסצונעמען פון איר די פּראַקטישע אויספירן. ער „לערנט זיך" באַ דער קאָמונע, פונקט ווי אלע גרויסע רעוואָלוציאָנערע דענ-קער האָבן קיין מוירע ניט געהאַט צו לערנען פון דער דערפאַרונג פון די גרויסע באַוועגונגען פונם אונטערדריקטן קלאַס, קיינמאָל ניט קומענדיק צו זיי מיט א פעדאנטישער „מוסערזאָגעריי" (אשטייגער ווי פּלעכאַנאָוו מיט זיין: „מ'האָט זיך ניט געדאַרפט נעמען פארן געוועהר", אָדער צערעטעלי מיט זיין: „א קלאַס דאַרף זיך זעלבסטבאגרעניצן").

וועגן אָפּשאַפן דאָס באאמטענטום מיטאמאָל, אומעטום ביזן סאָף, קאָן קיין רייד ניט זיין. דאָס איז אַן אוטאָפּיע. נאָר צעברעכן מיטאמאָל די אל-טע באאמטן-מאשין און טייקעף אָנהויבן בויען א נייע, וואָס דערלויבט בע-האדראגע מאכן צוגאָרניט יעטווידער באאמטענטום, — דאָס איז ניט קיין או-טאָפּיע, דאָס איז די דערפאַרונג פון דער קאָמונע, דאָס איז די דירעקטע אָרדנטלעכע אויפגאַבע פונם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

דער קאַפּיטאַליזם פאַרייגפאַכט די פונקציע פון דער „מלוכע"-פאַרוואל-טונג, דערלויבט אַראָפּצוואַרפן די „נאטשאלסטווע" און צו מאַכן פון דער גאַנצער זאַך אַן אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַריער (ווי דער הערשנדיקער קלאַס), וואָס דינט אין נאָמען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט „ארבעטער, אויפזעער, בוכהאלטער".

מיר זיינען ניט קיין אוטאָפּיסטן, מיר זיינען ניט קיין „טרוימער", וועגן , ווי אזוי מ'קאָן זיך מיטאמאָל באגיין אָן קיין שום פאַרוואלטונג, אָן שום אונטערגעוואָרפנקייט. דידאָזיקע אנארכיסטישע טרוימערייען, וואָס זיינען באגרינדט אפן ניט פארשטיין די אויפגאַבן פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַ-ריאַט, זיינען אין גרונט פרעמד דעם מאַרקסיזם און דינען פאַקטיש נאָר אף אָפּצוציען די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע ביז דער צייט, ווען די מענטשן וועלן ווערן אנדערש. ניין, מיר ווילן א סאָציאליסטישע רעוואָלוציע מיט אזעלכע מענטשן, ווי איצטער, וואָס ווילן זיך ניט באַגיין אָן קאָנטראָל, אָן „אויפ-זעער, אָן בוכהאלטערס".

אָבער אונטערגעבן זיך מוז מען דעם באוואָפנטן אוואַנגאַרד פון אַלע עקספּלואַטירטע און אַרבעטנדיקע — דעם פּראָלעטאַריאַט. ספּעציפישע „נאַטשאַלניקעס" פון די עטלעכע באַאַמטע קען מען און מע מוז באַלד, פון היינט אָף מאָרגן, אַנהויבן פאַרבייטן דורך פּאָשעטע פונקציעס פון „אויפזעער און בוכהאַלטערס", אַזעלכע פונקציעס, וואָס זיינען שוין איצט פולקום צוטריטלעך פאַר דער אַנטוויקלונגס-מאַדרייגע פון יעדן שטאָטישן מענטשן ביכלאַל און זיינען גאַנץ אויספירבאַר פאַר אַן „אַרבעטס-לוין פון אַן אַרבעטער".

מיר אָרגאַניזירן די גרויס-פּראָדוקציע, אַרויסגייענדיק דערפון, וואָס עס איז שוין געשאַפן דורכן קאַפּיטאַליזם. שטיצנדיק זיך אָף אונזער אַרבעטס-דערפאַרונג, שאַפנדיק אַ שטרענגע אייזערנע דיסציפּלין, וואָס ווערט אונטערגעהאַלטן דורך דער מלוכע מאַכט פון באַוואָפנטע אַרבעטער, ווען מיר אַרבעטער אַליין מאַכן די מלוכע-באַאַמטע פאַר פּאָשעטע אויספירער פון אונזערע באַשטימונגען; דאָ וועלן זיין פאַראַנטוואָרטלעכע, באַשיידן באַצאָלטע „אויפזעערס און בוכהאַלטערס" (פאַרשטייט זיך, מיט טעכניקער פון אַלע סאָרטן, מינים און מאַדרייגעס), וואָס מען וועט זיי קאָנען, ווען מע וועט דאַרפן, אַראָפּזעצן; אָט דאָס איז אונזער פּראָלעטאַרישע אויפגאַבע, דערפון קאָן מען און מע מוז אָנהויבן, בעאייס מע מאַכט אַ פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע. אַזאַ אָנהויב אָפן יעסאָד פון גרויס פּראָדוקציע, פירט מעמיילע צו דער בעהאַדראָגעדיקער אָפּשטאַרבונג פון איטלעכן באַאַמטענטום, צו דער באַהאַדראַגעדיקער באַשאַפונג פון אַזאַ אָרדנונג — אַן אָרדנונג אָן גענזענפיסלעך, אַן אָרדנונג, וואָס איז ניט ענלעך צו געדונגענער שקלאַפעריי — אַזאַ אָרדנונג, ווען די פונקציעס פון אויפזיכט און פון כעשבוינעס, וואָס ווערן אַלץ פּאָשעטער, וועלן קאָנען אויסגעפירט ווערן דורך אַלעמען לויט דער ריי, וועלן ווערן אַ געוואוינהייט זאַך און סאָף קאָל סאָף אָפּפאַלן, אַלס אַ ספּעציעלע פונקציע פון אַ ספּעציעלן שיכט מענטשן.

איין שאַרפזיניקער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַט פון די 70-קער יאָרן האָט גערופן די פּאָסט אַ מוסטער פון סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט. דאָס איז זייער ריכטיק. איצט איז די פּאָסטווירטשאַפט, וואָס איז אָרגאַניזירט לויטן טיפּ פון מלוכע-קאַפּיטאַליסטישן מאָנאָפּאָל, דער סאָציאַליזם. דער אימפּעריאַליזם מאַכט צוביסלעכווייז פון אַלע טרעסטן אָרגאַניזאַציעס פון אַזאַ טיפּ. איבער די „פּאָשעטע" אַרבעטער, וואָס זיינען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט און הונגערן, שטייט דאָ דיזעלביקע ביוראָקראַטיע. נאָר דער מעכאַניזם פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט איז דאָ שוין פאַרטיק. אַראָפּצוואוואַרפן די קאַפּיטאַליסטן, צעקלאַפּן מיט דער אייזערנער האַנט פון באַוואָפנטע אַרבעטער דעם ווידערשטאַנד פון דידאָזיקע עקספּלואַטאַטאָרן, צעברעכן די ביוראָקראַטישע מאַשין פון דער מאָדערנער מלוכע — און פאַר אונז וועט זיין אַ הויך טעכניש איינגעאָרדנטער מעכאַניזם, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון אַ „פּאַראַזיט", וועלכן עס קאָנען גאַנץ גוט לאָזן אין גאַנג די פאַראייניקטע אַרבעטער אַליין, דינגענדיק טעכניקער, אויפזעערס, בוכהאַלטערס, באַלוינענדיק זייער אַלעמענס אַרבעט, פּונקט ווי די אַרבעט פון אַלע „מלוכע-באַאַמטע", מיטן אַרבעטס-לוין פון אַן אַרבעטער. אָט דאָס איז אַן אויפגאַבע אַ קאָנקרעטע, אַ פּראַקטישע, וואָס לאָזט זיך

פּאַרווירקלעכן באַלד בענויגייע צו אַלע טרעסטן, וואָס באַפרייט די אַרבעטנדי־קע מאַסן פון עקספּלואַטאַציע, וואָס נעמט אין כעשבן דעם פּראַוו, וואָס די קאָמונע האָט שוין אָנגעהויבן מאַכן (באַזונדערס אין פּראַט פון בויען די מלוכע).

די גאַנצע פאַלקס־ווירטשאַפט אָרגאַניזירט, ווי די פּאָסט, בא דעם טנאי, אַז די טעכניקער, אויפזעער, בוכהאַלטער, פּונקט ווי אַלע אָנגעשטעלטע, זאָלן באַקומען סכירעס ניט העכער פון „דעם אַרבעטס־לוין פון אַן אַרבעטער", אונטערן קאָנטראָל און אונטער דער אָנפירונג פונם באַוואָפנטן פּראָלעטאַריאַט — אָט דאָס איז אונזער נאָענטסטער ציל, אָט וואָס פאַר אַ מלוכע, אָט וואָס פאַר אַ עקאָנאָמישן יעסאָד מיר דאַרפן האָבן, אָט וואָס עס וועט טאַקע געבן די אָפּשאַפונג פונם פּאַרלאַמענטאַריזם, בעאַייס די פּאַרטרעטונגס אַנשטאַלטן וועלן בלייבן, אָט וואָס עס וועט באַפרייען די האָרעפּאַשנע קלאַסן פון דעם, אַז די בורזשואַזיע זאָל פּראָסטיטואירן דידאָזיקע אַנשטאַלטן.

## 4. די אָרגאַניזאַציע פון דער איינהייט פון דער נאַציע.

...„אין דעם קורצן עסקיז פון אַ נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס די קאָמונע האָט ניט באַוויזן צו באַאַרבעטן ווייטער, ווערט באַשטימט געזאָגט, אַז זי האָט געדאַרפט ווערן...די פּאָליטישע פאָרם אַפילע פאַרן קלענסטן דאָרף...

פון די קאָמונעס וואָלט אויך אויסגעקליבן געוואָרן „די נאַציאָנאַלע דעלעגאַציע" אין פּאַריז.

...„די ווייניקע, נאָר זייער וויכטיקע פונקציעס, וואָס די צענטראַלע רעגירונג וואָלט נאָך דעמאָלט געהאַט, האָבן ניט געדאַרפט באָטל ווערן,—אַזאַ באַהויפּטונג איז געווען אַ באַוואוסטזיניקע פעלשונג,—נאַר זיי האָבן באַדאַרפט איבערגעגעבן ווערן די קאָמונאַלע, ד. ה., שטרענגע פאַראַנטוואָרטלעכע באַאַמטע"...

...„די איינהייט פון דער נאַציע האָט באַדאַרפט ניט אָפּגעשאַפט ווערן, נאָר פאַרקערט אָרגאַניזירט ווערן דורך דער קאָמונע אָרדנונג. די איינהייט פון דער נאַציע האָט באַדאַרפט ווערן אַ ווירקלעכקייט דורך דער פאַרניכטונג פון יענער מלוכע־מאַכט, וואָס האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר דער פאַרקערפּערונג פון דערדאָזיקער איינהייט, נאַר זי האָט געוואָלט זיין אומאָפּהענגיק פון דער נאַציע, שטיין איבער איר. אין דערעמעסן, איז אָט די מלוכע־מאַכט געווען נישט מער ווי אַ פּאַראַזיטיש־אַנוואוקס אויפן קערפּער פון דער נאַציע"... „די אויפגאַבע איז באַשטאַנען דערין, אַז מע זאָל אָפּהאַקן די אונטערדריקערישע אָרגאַנען פון דער אַלטער מלוכע־מאַכט און אירע נויטיקע פונקציעס אָפּנעמען בא אַזאַ מאַכט, וואָס וויל שטיין איבער דער געזעלשאַפט, און איבערגעבן זיי די פאַראַנטוואָרטלעכע דינער פון דער געזעלשאַפט".

ווי ווייט ס'האָבן ניט פאַרשטאַנען,—ס'וואָלט עפּשער געווען ריכטיקער צו זאָגן, האָבן ניט געוואָלט פאַרשטיין—אָט די באַטראַכטונגען פון מאַרקס די אָפּאָרטוניסטן פון דער מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, באַווייזט בעסער פון אַלץ דאָס צום בייזן באַרימטע בוך פונם רענעגאַט בערנשטיין „די פאָרויסזע־

צונגען פונם סאָציאַליזם און די אויפגאַבן פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע”. גראָד מיקויעך די געבראַכטע ווערטער פון מאַרקסן האָט בערנשטיין געשריבן, אז דידאָזיקע פראָגראַם „אנטפלעקט”, לויט איר פאָליטישן אינהאַלט, אין אלע הויפּטשטריכן די גרעסטע ענלעכקייט מיטן פעאדאליזם פון פרודאָן...בא אלע אי־בעריקע כלוקעדייעס צווישן מארקסן און דעם „קליינבירגער” פרודאן (בערנ־שטיין שטעלט דאָס וואָרט „קליינבירגער” אין גענזנפיסלעך, וואָס דאַרפן לויט זיין מיינונג באַטייטן איראניע), איז אין דידאָזיקע פונקטן דער געדאַנקענגאַנג בא זיי אזוי נאָענט, ווי נאָר מעגלעך. אוואַדע, זאָגט בערנשטיין ווייטער, די באדייטונג פון מוניציפּאליטעטן וואקסט, „נאָר מיר ווייזט אויס צווייפלפהאַפט, אז די ערשטע אויפגאַבע פון דער דעמאָקראַטיע זאָל זיין—מעוואַטל צו זיין די מאָדערנע מלוכע און אינגאַנצן איבעראַנדערשן זייער אָרגאַניזאַציע, ווי עס שטעלן זיך דאָס פּאָר מארקס און פרודאָן—עס זאָל געבילדעט ווערן א נאצי־אָנאַלע פאַרזאַמלונג פון דעלעגאַטן פון די פּראָווינציעלע אָדער געגנטלעכע פארזאַמלונגען, וואָס דאַרפן פון זייער זייט, צונויפגעשטעלט ווערן פון דעלע־גאַטן פון די קאָמונעס—אזוי, אז די גאַנצע פריערדיקע פאָרם פון נאַציאָנאַלע פארטרעטונגען וואָלט אינגאַנצן פארשוואונדן”. (בערנשטיין, „די פאָרויסזעצונ־גען” ז. 134 און 136 פון דער דייטשישער אויסגאבע פון יאָר 1899),

ס׳איז מאַמעש שוידערלעך: צונויפמישן מא׳רקס בוך אף דער „אָפּשא־פונג פון דער מלוכע-מאַכט—דעם פּאַראַזיט” מיט פרודאָנס פעדעראליזם, נאָר דאָס איז ניט קיין צופאל׳ ווארום דעם אפּאָרטוניזם פאלט גאָר אין זינען ניט אריין, אז מאַרקס רעדט ניט וועגן פעדעראליזם, ווי דעם הייפעך פון צענטראַ־ליזם, נאָר וועגן צעברעכן די אלטע, בורזשואזע מלוכע=מאַכטן, וואָס עקזיס=טירט אין אלע בורזשואזע מלוכעס.

דעם אָפּאָרטוניסט קומט אריין אין זינען נאָר דאָס, וואָס ער זעט ארום זיך, אין דער סוויווע פון באלעבאטישע קליינלעכקייט אין „רעפאָרמיסטישער” אפּגעשטאנענקייט, דאָס הייסט, נאר „די מוניציפּאליטעטן”!. וועגן דער רעוואָ־לוציע פון פּראָלעטאַריאַט האָט דער אפּאָרטוניסט אפילע אפּגעוואוינט זיך צו קלערן.

דאָס איז צום לאכן, אבער מערקווירדיק איז, אז אָט אין דעם פּונקט האָט מען מיט בערנשטיינען ניט געשטרייט. קעגן בערנשטיינען האָט מען גע־שריבן אסאַך—באזונדערס פּלעכאַנאוו אין דער רוסישער ליטעראַטור, קאאוט־סקי אין דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור. נאָר ניט דער, ניט יענער האָבן וועגן אָט דער פעלשונג פון מארקסן דורך בערנשטיינען ניט גערעדט.

דער אָפּאָרטוניסט האָט זיך אף אַזוי ווייט אָפּגעוואוינט צו דענקען רע=וואָלוציאָנעריש און צו טראַכטן וועגן דער רעוואלוציע, אז ער געפינט בא מאַרקסן „פעדעראַליזם” און מישט אים צונויף מיט פרודאנען, דעם גרינדער פון אַנאַרכיזם. און קאַאוטסקי און פלעכאַנאָוו, וואָס ווילן זיין אָרטאָדאָקסאלע מאַרקסיסטן, פארטיידיקן די שיטע פון רעוואלוציאָנערן מאַרקסיזם, שוייגן וועגן דעם! דאָ ליגט איינע פון די סיבעס, פארוואָס עס זיינען אזוי פארפלאכט געוואָרן די אנשויאונגען אף דעם אונטערשייד צווישן מאַרקסיזם און אַנאַרכיזם,

וואָס איז אייגנטלעך, סאַי פאַר די קאַאוטסקיאַנער, סאַי פאַר די אָפּאָרטוניסטן, וואָס וועגן דעם וועט אונז נאָך אויסקומען צו ריידן.

פון פעדעראַליזם איז אין די געבראַכטע באַטראַכטונגען פון מאַרקס וועגן דער פּרואוו פון דער קאָמונע קיין זייכער ניטא. מאַרקס גייט זיך צונויף מיט פּרודאָנען גראָד דערין, וואָס דער אָפּאָרטוניסט בערנשטיין זעט ניט. מאַרקס גייט זיך פאַנאַנדער מיט פּרודאָנען גראָד דערין, וואו בערנשטיין זעט זייער ענלעכקייט.

מאַרקס גייט זיך צונויף מיט פּרודאָנען דערין, וואָס ביידע שטייען זיי פאַר „צעברעכן” די איצטיקע מלוכה-מאַשין. די דאָזיקע איינשטימיקייט פון מאַרקסיזם מיטן אַנאַרכיזם (סאַי מיט פּרודאָנען, סאַי מיט באַקונינען) ווילן ניט איינזעען די אָפּאָרטוניסטן און ניט די קאַאוטסקיאַנער, וואָס זיי זיינען אוועק פון מאַרקסיזם אין דעם פּונקט.

מאַרקס גייט זיך פאַנאַנדער סאַי מיט פּרודאָנען, סאַי מיט באַקונינען דאַפקע אין דער פראַגע וועגן פעדעראַליזם (שוין אָפּגערעדט וועגן דער דיק-טאַטור פון פּראָלעטאַריאַט). פון די קליינבירגערלעכע אַנשויאונגען פונם אַנאַר-כיזם איז דער פעדעראַליזם געדרונגען פּרינציפּיעל. מאַרקס איז א צענטראַליסט אויך אין די געבראַכטע באַטראַכטונגען זיינע טרעט ער אין קיין זאַך ניט אָפּ פונם צענטראַליזם. מער ניט מענטשן, וואָס זיינען פול מיט דער באַלעבאַטי-שער „אבערגלויבישער עמונע” אין מלוכה קאָנען מיינען, אז פאַרטיידיקן די בורזשואזע מאשין הייסט פאַרטיידיקן דעם צענטראַליזם.

נו, און וואָס וועט זיין, ווען דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס אָרימסטע פּויערטום וועלן נעמען אין זייערע הענט די מלוכה-מאַכט, וועלן זיך פולקום פריי אָרגאַניזירן לויט קאָמונעס און וועלן פאַראייניקן די ווירקונג פון אַלע קאָמונעס אין די קלעפּ קעגן דעם קאַפּיטאַליזם, אינם צעשטערן דעם ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטן, אינם איבערגעבן דאָס פּריוואַט אייגנטום אף די אייזנבאַנען, פאַבריקן, ערד א. א. וו. דער גאַנצער נאַציע, דער גאַנצער געזעלשאַפט — וועט דאָס דען ניט זיין קיין צענטראַליזם? צי וועט דאָס דען ניט זיין דער קאָנסעקוועטסטער דעמאָקראַטישסטער צענטראַליזם? און דערביי א פּראָלע-טאַרישער סאָציאַליזם?

בערנשטיינען קאָן פּאָשעט אפן זינען ניט אַרויף, אז עס קאָן זיין א פרייוויליקער צענטראַליזם, א פרייוויליקע פאַראייניקונג פון קאָמונעס אין א נאציע, א פרייוויליקע צונויפגיסונג פון פּראָלעטאַרישע קאָמונעס אף צו צעשטערן די בורזשואזע הערשאַפט און די בורזשואזע מלוכה-מאַשין. בערנשטיינען, ווי איט-לעכן פיליסטער, מאָלט זיך אויס דער צענטראַליזם, ווי עפּעס אזוינס, וואָס קאָן ווערן אָנגעבונדן פון אויבן און אָפּגעהיט ווערן דורך מיליטער און באַאמטע.

מאַרקס, אזוי ווי ער וואָלט פאָרויס געזעען, אַז מע קאָן פעלשן זיינע אַנשויאונגען, שטרייכט מיט א קיוון אונטער, אַז א באַוואוסטזיניקע פעלשונג איז צו באַשולדיקן די קאָמונע דערין, אז זי זאָל קלוימערשט האָבן געוואָלט צונישט מאַכן די אייניקייט פון דער נאַציע, מעוואַטל זיין די צענטראַלע מאַכט

מאַרקס באנוצט מיט א קיוון דעם אויסדרוק "אָרגאַניזירן די איינהייט פון דער נאַציע", קעדיי אנטקעגנצושטעלן דעם באוואוסטזיניקן, דעמאָקראַטישן, פּראָלעטארישן צענטראליזם קעגן דעם בורזשואזן, מיליטערישן ביוראקראַטיזם.

נאָר... ערגער פון א טויבן, איז דער, וואָס וויל ניט הערן. און די אָפּאָרטוניסטן פון דער מאָדערנער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ווילן טאקע ניט הערן וועגן דער אָפּשאַפונג פון דער מלוכע-מאַכט, וועגן אָפּהאַקן דעם פּאראזיט.

## 5 די פארניכטונג פונם פאראזיט פון דער מלוכע.

מיר האָבן שוין געבראַכט די געהעריקע ווערטער פון מאַרקסן און מוזן זיי דערגאַנצן.

..."דער געוויינלעכער גורל פון א נייער היסטאָרישער שאַפונג—האָט געשריבן מאַרקס—איז דאָס, וואָס מע נעמט זי אָן, ווי זי וואָלט געווען אויסגעגאָסן לויט דעם פורעם פון אלטע אָדער אָפּגעלעבטע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס צו זיי זיינען די נייע איינריכטונגען כאָטש וויפל עס איז ניט ענלעך. אזוי איז אויך אָט די נייע קאָמונע, וואָס דערקענט די איצטיקע מלוכע-מאַכט, באַטראַכט געוואָרן, ווי די אויפלעבונג פון דער מיטלאַלטערלעכער קאָמונע... ווי א פאַרבאַנד פון קליינע מלוכעס (מאנטעסקיע, די זשירָאנדיסטן)... ווי א גרומעדיקע פאָרם פונם אַלגעמיינעם קאַמף קעגן דער גרויסער צענטראַליזאַציע"...

..."די קאָמונאלע אָרדנונג וואָלט געגעבן צוריק דעם געזעלשאַפטלעכן קערפּער אַלע יענע קויכעס, וואָס האָט ביז איצט אויפגעפרעסן יענעם פּאַראַזיטישן אָנוואוקס—די "מלוכע", וואָס שפּייזט זיך אפּן כעשבן פון דער געזעלשאַפט און האַלט איין איר פרייע באַוועגונג. דורכדעם אַליין וואָלט זיך שוין אַ רוק געטאָן פאָרויס די אויפלעבונג פון פראנקרייך"...

..."די קאָמונאַלע אָרדנונג וואָלט געבראַכט די דאָרפישע פּראָדוצירער אונטער דער גייסטיקער אָנפירונג פון די הויפט-שטעט פון איטלעכער געגנט און וואָלט זיי דאָרט פאַרזיכערט נאַטירלעכע פאַרטרעטער פון זייערע אינטערעסן אין דער פערזאָן פון די שטאָטישע ארבעטער. די עקזיסטענץ גופע פון דער קאָמונע וואָלט שוין געבראַכט, ווי אַ זאַך, וואָס איז דורכגעדרונגען מעמיילע, צו דער אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג. אָבער זי וואָלט שוין ניט געשטאַנען קעגן דער מלוכע-מאַכט, וועלכע ווערט איצט איבעריק"...

"פארטיליגן די מלוכע-מאַכט", וואָס איז געווען אַ "פּאַראַזיטישער אָנוואוקס", "אָפּהאַקן" זי, "צעשטערן" זי; "די מלוכע-מאַכט ווערט איצט איבעריק"—אָט אין וואָסערע אויסדרוקן רעדט מאַרקס וועגן דער מלוכע, בעאַייס ער שאַצט אָפּ און אנאליזירט די דערפאַרונג פון דער קאָמונע.

דאָס איז געשריבן געוואָרן ווינציקער ווי מיט 50 יאָר צוריק, און איצט קומט אויס מאַמעש אויסגראָבונגען מאַכן, קעדיי צוצוברענגען צום באוואוסטזיין פון די ברייטע מאסן דעם אומגעפעלשטן מארקסיזם. די אויספירונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פון צוקוקן זיך צו דער לעצטער גרויסער רע-

וואָלוציע, וואָס מארקס האָט איבערגעלעבט, האָט מען פאַרגעסן פונקט דעמאָלט, ווען עס איז אָנגעקומען די צייט פון ווייטערדיקע גרויסע רעוואָלוציעס פונם פּראָלעטאַריאַט.

...„די פאַרשיידנאַרטיקייט פון די אויסטייטשונגען, וואָס די קאָמונע האָט אַרויסגערופן, און די פאַרשיידנאַרטיקייט פון די אינטערעסן, וואָס האָבן אין איר געפונען זייער אויסדרוק, באַווייזן, אַז זי איז געווען אַ העכסט בויגעוודיקע פּאָליטישע פאָרם בעאייס אַלע פריערדיקע רעגירונגס־פאָרמען, זיינען לויט זייער עצעם געווען אונטערדריקעריש. איר עמעסער סאָד איז געווען אָט וואָס: צי איז געווען אין טאָך געגומען אַ רעגירונג פון אַרבעטער-קלאַס, אַ רעזולטאַט פון קאַמף פונם פּראָדוקטיוון קלאָס, קעגן דעם קלאָס, וואָס פאַרכאַפּט פרעמדעס, זי איז געווען די צולעצט אַרויסגעפונענע פּאָליטישע פאָרם, וואָס אונטער איר האָט געקענט געשעען די עקאָנאָמישע באַפרייאונג פון דער אַרבעט".

„אָן אָט דעם לעצטן טנאי וואָלט די קאָמונאַלע אָרדנונג געווען אַן אומעגלעכקייט און אַן אָפּנאַרעריי"...

די אוטאָפּיסטן האָבן זיך פאַרנומען מיט „אַרויסגעפינען" די פּאָליטישע פאָרמען, וואָס אונטער זיי האָט געדאַרפט געשעען די סאָציאַליסטישע איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט. די אַנאַרכיסטן האָבן ביכלאַל ניט געוואָלט קלערן וועגן די פּאָליטישע פאָרמען. די אָפּאָרטוניסטן פון דער איצטיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן אָנגענומען די בורזשואזע פּאָליטישע פאָרמען פאַר אַ גרעניץ, וואָס ווייטער פון איר קען מען ניט גיין, האָבן זיך דעם שטערן צעקלאַפּט, בוקנדיק זיך פאַר דעמדאָזיקן מוסטער און דערקלערט פאר אנארכיזם איטלעכע שטרעבונג צו צעברעכן דידאָזיקע פאָרמען.

מאַרקס האָט אַרויסגעדרונגען פון דער גאַנצער געשיכטע פון סאָציאַליזם און פּאָליטישן קאַמף, אַז די מלוכע וועט מוזן פאַרשווינדן, אַז די איבערגאַנגס-פאָרם פון איר פאַרשווינדן (די איבערגאַנג פון מלוכע צו ניט מלוכע) וועט זיין „דער פּראָלעטאַריאַט, אָרגאַניזירט, אַלס הערשנדיקער קלאַס". נאָר אַרויסגעפינען די פּאָליטישע פאָרמען פון אָט דער צוקונפט האָט זיך מאַרקס ניט אונטערגענומען. ער האָט זיך באַנוגנט מיט גענוי באַטראַכטן די פראנצויזישע געשיכטע, אַנאַליזירן זי און מאַכן דעם אויספיר, וואָס עס האָט געבראַכט דאָס 1871 יאָר: עס גייט צו דער צעשטערונג פון דער בורזשואַזער מלוכע-מאַשין.

און אַז עס האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציאָנערע מאַסן־באַוועגונג פונם פּראָלעטאַריאַט, האָט מאַרקס, ניט געקוקט דערויף, וואָס דידאָזיקע באוועגונג האָט זיך ניט איינגעגעבן, ניט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט געדויערט אַזאַ קורצע צייט און באַשיינפּערלעך געווען שוואַך, פונדעסטוועגן אָנגעהויבן צו שטודירן, וואָסערע פאָרמען האָט זי אַרויסגעפונען.

די קאָמונע—דאָס איז די פּאָליטישע פאָרם, וואָס די פּראָלעטארישע רעוואָלוציע האָט „צולעצט אַרויסגעפונען" און וואָס אונטער איר קען פאָרקומען די עקאָנאָמישע באַפרייאונג פון דער ארבעט.

די קאָמונע,—דאָס איז דער ערשטער פּרואוו פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע צו „צעברעכן" די בורזשואַזנע מלוכה-מאַשין און די „צולעצט ארויסגעפונענע" פּאָליטישע פאָרם, וואָס קען און דאַרף פאַרבייטן דאָס צעבראָכענע.

מיר וועלן ווייטער זען, אַז די רוסישע רעוואָלוציעס פון 1905 און 1917 יאָר פירן ווייטער אין אַן אנדער סוויווע, בא אַנדערע טנאָאים, די אַרבעט פון דער קאָמונע און באשטעטיקן מאַרקס געניאַלן היסטאָרישן אַנאַליז.

---

קאַפּיטל IV.

# פאַרזעצונג. ענגעלס צוגאָב-דערקלערונגען.

מאַרקס האָט געגעבן דעם איקער איבער דער פראַגע וועגן דער באַדייטונג פון דער דערפאַרונג פון דער קאָמונע. ענגעלס האָט ניט איינמאָל זיך אומגעקערט צו דער זעלביקער טעמע, דערקלערנדיק מאַרקס אַנאַליז און זיינע אויספירן, באַלייכטנדיק צומאלס מיט אַזא קראַפט און בוילעטקייט אַנדערע זייטן פון דערדאָזיקער פראַגע, אַז עס איז נויטיק זיך באַזונדערס אָפּצושטעלן אַף דידאָזיקע דערקלערונגען.

## 1. די וואוינונגס-פראַגע.

אין זיין ווערק וועגן דער וואוינונגס-פראַגע פון 1872 יאָר נעמט ענגעלס שוין אַריין אין כעשבן די דערפאַרונג פון דער קאָמונע און שטעלט זיך אָפּ עטלעכע מאָל אַף די אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע בענוגע דער מלוכה. אינטערעסאַנט איז, אַז אַף אַ קאָנקרעטער טעמע ווערן בוילעט קלאָר, פון איין זייט, די שטריכן, מיט וועלכע די פּראָלעטאַרישע מלוכה איז ענלעך צו דער איצטיקער מלוכה—אַזוי אַז מיר קאָנען אין ביידע פאַלן גלייך ריידן וועגן אַ מלוכה—און פון דער אַנדער זייט, די שטריכן דורך וועלכע זיי אונטערשיידן זיך, אָדער ווי אַזוי מע גייט איבער צו פאַרניכטן די מלוכה...

...„ווי אַזוי קאָן מען פאַרענטפערן די וואוינונגס-פראַגע? אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט ווערט זי פאַרענטפערט פונקט אַזוי ווי יעדע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע פראַגע: דורך דעם בעהאַדראָגעדיקן עקאָנאָמישן אויסגלייך פון באַגערע און אָנבאָט, און דאָס איז אַזאַ לייזונג, וואָס רופט אַרויס שטענדיק די פראַגע פון דאָס ניי, ד. ה., ס'גיט בעעצעם קיין שום ענטפער ניט. ווי אַזוי עס וועט פאַרענטפערן אָט די פראַגע די סאָציאַלע רעוואָלוציע, דאָס איז גע-

ווענדעט ניט בלויז אָן די אומשטענדן פון צייט און אָרט, דאָס איז צונויפגע-בונדן אויך מיט פראַגן, וואָס גייען אַסאַך ווייטער, וואָס צווישן זיי איז איינע פון די וויכטיקסטע די פראַגע וועגן פאַריכטן די קעגנזעצלעכקייט צווישן שטאָט און דאָרף. העיוס ווי מיר פאַרנעמען זיך ניט מיט אויסקלערן אוטאָפּישע סיס-טעמען, ווי אַזוי צו בויען די צוקונפטיקע געזעלשאַפט, וואָלט עס געווען מער ווי אַ פוסטע זאַך אָפּצושטעלן זיך דערויף. איין זאַך איז אויסער יעדן צווייפל, אַז שוין איצט זיינען אין די גרויסע שטעט פאַראַן גענוג דירעס, קעדיי באַלד צו העלפן דער עמעסער וואוינונגס נויט, ווען מע זאָל מיט סייכל אויסנוצן דידאָזיקע דירעס. דאָס לאָזט זיך פאַרווירקלעכן, פאַרשטייט זיך, נאָר דורך עקספּראָפּריאירן די איצטיקע באַלעבאַטים און צו באַזעצן אין דידאָזיקע הייזער אַרבעטער אָן אַהיים, אָדער אַרבעטער, וואָס וואוינען אין צו שטאַרק באַזעצטע דירעס. און ווי נאָר דער פּראָלעטאַריאַט וועט איינעמען די פּאָליטישע מאַכט, וועט אַזאַ מאָסמיטל, וואָס ווערט אַרויסגערופן דורך די אינטערעסן פון געזעל-שאַפטלעכן נוצן, פונקט אַזוי גרינג זיין דורכצופירן, ווי אַלע איבעריקע עקס-פּראָפּריאַציעס און אַזוי ווי דאָס פאַרנעמען דירעס דורך דער איצטיקער מלוכע" (ז. 22, אין דער דייטשישער אויסג. פון יאָר 1887).

„דאָ ווערט ניט באַטראַכט די אומבייטונג פון דער מלוכע מאַכט, עס ווערט גענומען נאָר דער אינהאַלט פון איר טעטיקייט. דאָס עקספּראָפּריאירן אין פאַרנעמען דירעס קומט פאָר אויך לויט די פאַראָרדנונגען פון דער איצטי-קער מלוכע. אויך די פּראָלעטאַרישע מלוכע וועט פאָרמעל „פאַראָרדנען" צו פאַרנעמען דירעס און עקספּראָפּריאירן הייזער. ס'איז קלאָר, אַז דער אַלטער אויספירונגס-אַפּאַראַט, דאָס באַאַמטענטום, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער בור-זשואַזיע, וואָלט פּאַשעט ניט געטויגט אַף דורכצופירן אין לעבן די פאַראָרדנונ-גען פון דער פּראָלעטאַרישער מלוכע.

...„מע מוז קאָנסטאַטירן, אַז דאָס אַריינעמען דאָס גאַנצע אַרבעטס-ווערקצייג, די גאַנצע אינדוסטריע אין פּאַקטישן רעשוס פונם אַרבעטנדיקן פאָלק איז פונקט דער הייפעך פון פּרודאָנס „אויסקויף". לויט פּרודאָנען ווערט איטלעכער איינציקער אַרבעטער דער באַלעבאָס פון אַנדערע, פון אַ פויערשן קיילעך ערד, פון אַרבעטס-געצייג. לויט דעם ערשטן פּרינציפּ, בלייבט „דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק" דער קלאַל אייגנטימער פון די הייזער, פאַבריקן, און אַר-בעטס-געצייג. אָט די הייזער, פאַבריקן א. א. וו. וועט מען מיסטאמע ניט קאָ-נען איבערגעבן איינצלנע מענטשן אָדער געזעלשאַפטן אָן געצאָלט, ווייניקסטנס, אין דער איבערגאַנגס צייט. דאָס אייגענע באַטייט נאָך ניט די אָפּשאַפונג פון אייגנטום אַף ערד, אַז עס ווערט באָטל די ערד רענטע, נאָר אַז זי ווערט איבערגעגעבן דער געזעלשאַפט, האַגאַם אין אַ פאַרענדערטער פאָרם. דעריבער איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז, האַגאַם פּאַקטיש נעמט דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק אַריין אין זיין רעשוס דאָס גאַנצע אַרבעטס-ווערקצייג, פונדעסטוועגן בלייבט נאָך באַשטיין דער אינסטיטוט פון דינגען און פאַרדינגען". (ז. 69).

די פראַגע וואָס איז אָנגערירט אין דער געבראַכטער באַטראַכטונג, ד. ה., וועגן די עקאָנאָמישע יעסוידעס פון דער אָפּשטאַרבונג פון דער מלוכע, וועלן

מיר באַטראַכטן אינם ווייטערדיקן קאַפּיטל. ענגעלס דריקט זיך אויס זייער פּאָרזיכטיק, בעאייס ער זאָגט, אַז די פּראָלעטארישע מלוכע וועט „מיסטאָמע ניט״ פאַנאַנדערטיילן דירעס אָן געצאָלט, „ווייניקסטנס, אין דער איבערגאַנגס צייט״. ווען מע פאַרדינגט דירעס, וואָס געהערן דעם גאַנצן פאָלק צו איינזקע מישפּאָכעס פאַר געצאָלט, מוז דאָך זיין, ווער עס מאָנט אויף דאָס דירע געלט, ווער עס פירט דעם קאָנטראָל און נאָרמירט אַזוי אָדער אַנדערש די פאַנאַנדערטיילונג פון די דירעס. צוליב דעם מוז זיין אַ געוויסע מלוכע פאָרם, אָבער מע דאַרף דערצו אינגאַנצן ניט האָבן קיין באַזונדער מיליטערישן און ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט, וואָס דערביי זאָלן די אָנגעשטעלטע זיין אין אַ באַזונדערס פּריווילעגירטער לאגע. דער איבערגאַנג ווידער צו אַזאַ צושטאַנד, ווען מע וועט אָפּגעבן דירעס אומזיסט, איז פארבונדן מיט דער פולקומער „אָפּשטארבונג״ פון דער מלוכע.

ריידנדיק וועגן דעם, ווי אזוי די בלאנקיסטן זיינען נאָך דער קאָמונע און אונטער דער ווירקונג פון איר דערפארונג אריבער אף דער פּרינציפּיעלער פּאָזיציע פונם מארקסיזם, פאָרמולירט ענגעלס אגעוו דידאָזיקע פּאָזיציע אף אזא אויפן:

...„די נויטווענדיקייט פון דער פּאָליטישער אקציע פונם פּראָלעטאריאַט און פון זיין דיקטאטור, ווי אן איבערגאנג צו דער אָפּשאפונג פון קלאסן, און צוגלייך פון דער מלוכע״ (ז. 55).

ליבהאָבער פון וואָרט קלייבערייַ אָדער בורזשואזע „פארטיליקער פון מארקסיזם״ וועלן עפשער געפינען א ווידערשפּרוך צווישן אָט דער אנערקענונג, אז די „מלוכע ווערט אָפּגעשאפט״, און צווישן דער אָפּלייקענונג פון אזא פאָרמול, ווי די אנארכיסטישע, אין דער אויבנגעבראכטער ציטאטע פון „אנטי-דיורינג״. ס'וואָלט קיין וואונדער ניט געווען, ווען די אפּאָרטוניסטן וואָלטן אויך ענגעלסן צוגערעכנט צו די „אנארכיסטן״,—היינטיקע צייטן באשולדיקן די סאָציאל-שאָוויניסטן אלץ אָפטער די אינטערנאציאָנאליסטן אין אנארכיזם.

אז אינאיינעם מיט דער אָפּשאפונג פון די קלאסן וועט אויך באָטל ווערן די מלוכע—דאָס האָט דער מארקסיזם שטענדיק געלערנט, די אלגעמיין באוואוסטע שטעלע וועגן דער „אָפּשטארבונג פון דער מלוכע״ און „אנטי-דיורינג״ באשולדיקט די אנארכיסטן ניט פּאָשעט דערין, אז זיי שטייען פאר מעוואטל זיין די מלוכע, נאָר דערין, אז זיי פּריידיקן, אז מע קאָן קלוימערשט מעוואטל זיין די מלוכע „פון היינט אף מאָרגן״.

העיויס ווי די איצט הערשנדיקע „סאָציאל-דעמאָקראטישע״ דאָקטרין האָט אינגאנצן פארפעלשט די באציאונג פון מארקסיזם צום אנארכיזם אין דער פראגע וועגן אָפּשאפן די מלוכע, איז באזונדערס צו דערמאָנען איין פּאָלעמיק פון מארקס און ענגעלס מיט די אנארכיסטן.

## 2. די פּאָלעמיק מיט די אַנאַרכיסטן.

דידאָזיקע פּאָלעמיק איז שאַיעך צום 1873 יאָר. מאַרקס און ענגעלס האָבן געגעבן אַרטיקלען קעגן די פּרודאָניסטן „אַוטאָנאָמיסטן״ אָדער „אַנטי-אויטאָריטאַריסטן״ אין אַ איטאַליענישן סאָציאַליסטישן זאַמל-בוך, און ערשט אין 1913 יאָר זיינען אָט די ארטיקלען דערשינען אין דייטשישער איבערזעצונג אין „דער נייער צייט״.

...„אויך דער פּאָליטישער קאַמף פון אַרבעטער-קלאַס—האָט מאַרקס געשריבן, אויסלאַכנדיק די אַנאַרכיטן מיט זייער אָפּלייקענען פּאָליטיק—נעמט אָן רעוואָלוציאָנערע פאָרמען, אויב די אַרבעטער שטעלן אַוועק אַפן אָרט פון דער דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע זייער אייגענע רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור, דעמאָלט באַגייען זיי אַ מוירעדיקן פאַרברעכן פון באַליידיקן די פּרינציפּן. וואָרום צוליב דער באַפרידיקונג פון זייערע נישטיקע טאָג-באַדערפעניש, צוליב דעם, קעדיי צו צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פון דער בורזשואַזיע, גיבן די אַרבעטער צו דער מלוכע אַ רעוואָלוציאָנערע איבערגאַנגס-פאָרם, אָנשטאָט אַנידערצולייגן די געווער און אָפּשאַפן די מלוכע״... („נייע צייט״, 14—1913 יאָר, 32, ב. I ז. 40).

אָט קעגן וואָסער אָפּשאַפונג פון דער מלוכע איז אויסשליסלעך אויפגעשטאַנען מאַרקס, אָפּלייקענענדיק די אַנאַרכיסטן! ער איז גאָר ניט קעגן דעם, אַז די מלוכע וועט פאַרשווינדן, ווי נאָר ס׳וועלן פאַרשווינדן די קלאַסן, אָדער זי וועט אָפּגעשאַפט ווערן, ווי נאָר זיי וועלן ווערן אָפּגעשאַפט. ער איז אָבער קעגן דעם, אַז די אַרבעטער זאָלן זיך אָפּזאָגן פון געברויכן געווער, פון אָרגאַניזירטער געוואַלט, ד. ה., פון דער מלוכע, וואָס דאַרף דינען דעם צוועק: „צו צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פון דער בורזשואַזיע״.

מאַרקס שטרייכט מיט אַ קיוון אונטער — קעדיי מע זאָל ניט קענען פאַרדרייען דעם עמעסן זין פון זיין קאַמף קעגן אַנאַרכיזם — די רעוואָלוציאָנערע איבערגענגלעכע פאָרם פון דער מלוכע, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף האָבן. דער פּראָלעטאריאט דארף בלויז אַף אַ צייט האָבן די מלוכע. מיר גייען זיך גאָרנישט פאַנאַנדער מיט די אַנאַרכיסטן איבער דער פראַגע וועגן אָפּשאַפן די מלוכע אלס אַ ציל. מיר טאַינען, אז קעדיי צו דערגרייכן אָט דעם ציל, איז נויטיק צייטווייליק אויסנוצן די געצייג, מיטלען און גענג פון דער מלוכע-מאַכט קעגן די עקספּלואַטאַטאָרן, פּונקט ווי עס איז נויטיק די צייטווייליקע דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט צו פאַרניכטן די קלאַסן. מאַרקס קלייבט אויס די שאַרפסטע און קלאָרסטע שטעלונג פון דער פראַגע קעגן די אַנאַרכיסטן. צי דאַרפן די אַרבעטער אַראָפּוואַרפנדיק דעם יאָך פון די קאַפּיטאַליסטן „אַוועקלייגן דאָס געווער״ אָדער זיי דאַרפן עס אויסנוצן קעגן די קאַפּיטאַליסטן, קעדיי צו צעברעכן זייער ווידערשטאַנד? און ווען איין קלאַס נוצט אויס קעגן אַנדערן קלאַס סיסטעמאַטיש געווער, וואָס איז דען דאָס אנדערש, ווי אן „איבערגאנגס פאָרם״ פון מלוכע?

זאָל יעדער סאָציאַל-דעמאָקראַט זיך א פרעג טאָן: צי אַזוי האט ער

געשטעלט די פראגע וועגן דער מלוכע אין דער פּאָלעמיק מיט די אַנאַר־כיסטן, צ י א ז ו י האָט געשטעלט די פראגע די גרעסטע מערהייט פון די אָפיציעלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל?

ענגעלס זאָגט ארויס די זעלביקע געדאנקען נאָך אסאַך אויספירלעכער און פּאָפּולערער. ער לאַכט אויס קוידעם קאָל די געדאַנקען־פּלאָנטערניש באַ די פּרודאָניסטן, וואָס האָבן זיך אָנגערופן „אַנטי-אַוטאָריטאַריסטן”, ד. ה., קעג־נער פון איטלעכן אַווטאָריטעט, איטלעכע אונטערראָרדנונג, איטלעכע מאַכט. נעמט אַ פאַבריק, אַן אייזנבאַן, אַ שיף אין אָפענעם יאַם — זאָגט עגגעלס — צי דען איז ניט קלאָר, אז אָן אַ געוויסער אונטעראָרדנונג, אַלזאָ, אָן אַ געוויסן אַווטאָריטעט אָדער מאַכט, קאָן קיין איינער פון אָט די קאָמפּליצירטע טעכני־שע אנשטאַלטן ניט פונקציאָניר'ן, וואָרום זיי זיינען דאָך אויסגערעכנט אַף דער אויסנוצונג פון מאַשינעס און אַף דער פלאַנמעסיקער מיטאַרבעטערשאַפט פון פיל מענטשן.

...„אויב איך שטעל ארויס אָט די אַרגומענטן—שרייבט עגגעלס — קעגן די פּאַרביסנסטע אַנטי־אווטאָריטאַריסטן, קאָנען זיי מיר געבן נאָר אַזאַ מין ענטפער: „יאָ, דאָס איז עמעס, אָבער דאָ רעדט זיך ניט וועגן אַווטאָריטעט, וואָס מיר גיבן איבער אונזערע דעלעגאטן, נאָר וועגן אַ „ג ע װ י ס ן א ו י פ־ ט ר אַ ג ”. דידאָזיקע לייט טאַינען, אז מיר קאָנען איבעראַנדערשן אַ זאַך, ווען מיר בייטן איבער איר נאָמען”.

באווייזנדיק אַף אזאַ אויפן, אז אַווטאָריטעט און אַווטאָנאָמיע זיינען נאָר רעלאַטיווע באגריפן, אז דער געביט פון זייער אָנווענדונג בייט זיך אין פאַרשיידיינע פאַזיסן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, און האַלטן זיי פאַר אַבסאָליוטן האָט קיין זין ניט, אז דער געביט פון אָנווענדן די מאַשינעס און פון דער גרויס-אינדוסטריע ווערט אַלץ ברייטער, גייט ענגעלס אַריבער פון די אַלגעמיינע באטראכטונגען וועגן אַווטאָריטעט צו דער פראַגע וועגן מלוכע.

...„ווען די אַווטאָנאָמיסטן—שרייבט ער—וואָלטן געוואָלט זאָגן בלויז, אז די סאָציאַלע אָרגאניזאַציע פון דער צוקונפט וועט דערלאָזן אַווטאָריטעט נאָר אין יענע גרעניצן, וועלכע ווערן אומפארמיידלעך ארויסגערופן דורך די פּראָ־דוציר-באדינגונגען, דעמאָלט וואָלט מען זיך געקאָנט מיט זיי צונויפריידן. נאָר זיי זיינען בלינד בענויגייע צו אַלע פאקטן, וואָס מאַכן נויטווענדיק אַווטאָרי־טעט און זיי קעמפן ליידנשאַפטלעך קעגן וואָרט.

„פאַרוואָס באַנוגענען זיך ניט די אַנטי־אווטאָריטאריסטן מיט שרייען קעגן פּאָליטישן אַווטאָריטעט, קעגן דער מלוכע? אלע סאָציאַליסטן זיינען מאַסקים דערין, אַז די מלוכע און צוגלייך דער פּאָליטישער אַווטאָריטעט, וועלן פאַרשווינדן אין רעזולטאַט פון דער קומענדיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע, ד. ה., אז די געזעלשאפטלעכע פונקציעס וועלן אָנווערן זייער פּאָליטישן כאַראַקטער און וועלן ווערן פּאָשעטע אַדמיניסטראַטיווע פונקציעס, צו געבן האַשגאָכע איבער די סאָציאַלע אינטערעסן. אָבער די אַנטי־אווטאָריטאַריסטן פאָדערן, אַז די פּאָליטישע מלוכע זאָל אָפּגעשאַפט ווערן מיט איין קלאַפּ, נאָך פריער איי־

דער עס וועלן אָפּגעשאַפט ווערן יענע סאָציאַלע באַציאונגען, וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן. זיי פאָדערן, אַז דער ערשטער אַקט פון דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציע זאָל זיין די אָפּשאַפונג פון אַווטאָריטעט.

„צו האָבן זיי אַמאָל געזעען אַ רעוואָלוציע דידאָזיקע לייט? רעוואָלוציע, דאָס איז, בלי ספק, די אַווטאָריטאַרסטע זאַך, וואָס נאָר מעגלעך. רעוואָ־לוציע איז אַן אַקט, ווייל איין טייל פון דער באַפעלקערונג צווינגט אויף זיין ווילן דעם אַנדער טייל דורך ביקסן, באַגנעטן, האַרמאַטן, ד. ה. דורך העכסט אַווטאָריטאַרע מיטלען, און די פּאַרטיי, וואָס האָט געזיגט, ווערט געצוואונגען דורך דער נויטווענדיקייט איינצוהאַלטן איר הערשאַפט דורך יענער שרעק, וואָס עס וואַרפט אַן אַף די רעאַקציאָנערן איר געווער. ווען די פּאַריזער קאָ־מונע וואָלט זיך ניט געשטיצט אַפן אַווטאָריטעט פון באַוואָפנטן פאָלק קעגן דער בורזשואַזיע, וואָלט זי דען געקאָנט זיך האַלטן לענגער פון איין טאָג? צי דען האָבן מיר ניט דאָס רעכט, פאַרקערט, פאָרצואוואַרפן דער קאָמונע, אַז זי האָט צו ווינציק אויסגענוצט דעמדאָזיקן אַווטאָריטעט? הייסט דאָס: אָדער די אַנטי־אַווטאָריטאַריסטן ווייסן אַליין ניט, וואָס זיי ריידן, און אין דעם פאַל פאַרשפּרייטן זיי נאָך א פּלאָנטער, — אָדער זיי ווייסן יאָ, און דעמאָלט פעלשן זיי אין דער זאַך פונם פּראָלעטאַריאַט. אין ביידע פאַלן דינען זיי נאָר דער רעאַקציע" (ז. 39).

אין דערדאָזיקער באַטראַכטונג זיינען אָנגערירט פראַגן, וואָס מע דאַרף זיי באַטראַכטן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער טעמע וועגן דער שאַיכעס פון דער פּאָליטיק צו דער עקאָנאָמיק באַ דער אָפּשטאַרבונג פון דער מלוכע (מיט אַט דער טעמע פאַרנעמט זיך דאָס ווייטערדיקע קאַפּיטל). דאָס זיינען די פראַגן, ווי אַזוי די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס ווערן פון פּאָליטישע אדמיניסט־ראַטיווע, און וועגן „דער פּאָליטישער מלוכע". אָט דער לעצטער אויסדרוק, וואָס קאָן באַזונדערס אַרויסרופן מיספאַרשטייענישן, ווייזט אָן אַפן פּראָצעס, ווי אַזוי די מלוכע שטאַרבט אָפּ: די אָפּשטאַרבנדיקע מלוכע קאָן מען אַף אַ געוויסער מאַדרייגע פון איר אָפּשטאַרבונג אָנרופן ניט־פּאָליטישע מלוכע.

דאָס מערקווירדיקסטע אין דער געבראַכטער באַטראַכטונג פון ענגעלסן איז ווידער אַמאָל די שטעלונג פון דער פראַגע קעגן די אַנאַרכיסטן. די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס ווילן זיין תּלמידים פון ענגעלסן, האָבן מיליאָנען מאָל זינט דעם יאָר 1873 געשטריטן קעגן די אַנאַרכיסטן, נאָר געשטריטן האָט מען ניט אַזוי, ווי מאַרקסיסטן מעגן און דאַרפן שטרייטן. די אַנאַרכיסטישע פאָר־שטעלונג וועגן דער אָפּשאַפונג פון דער מלוכע איז געפּלאָנטערט און ניט רעוואָלוציאָנער, אַזוי האָט ענגעלס געשטעלט די פראַגע. די אַנאַרכיסטן ווילן גראָד ניט זעען די רעוואָלוציע אין איר אויפקומען און אַנטוויקלונג אין אירע ספּעציפישע אויפגאַבן בענוגע צו דער גוואַלט אווטאָריטעט, מאַכט, מלוכע.

די געוויינלעכע קריטיק פונם אַנאַרכיזם באַ די איצטיקע סאָציאַל־דע־מאָקראַטן איז געוואָרן באַלעבאַטיש און פלאַך ביז גאָר: „מיר, הייסט עס אַנערקענען די מלוכע, און די אַנאַרכיסטן ניט!" ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אַזא

פלאכקייט קאַן ניט ניט אָפּשטויסן כאָטש וויפיל עס איז דענקנדיקע און רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער. ענגעלס זאָגט עפּעס אנדערש: ער שטרייכט אונטער, אז אַלע סאָציאַליסטן אַנערקענען, אז די מלוכע מוז פאַרשווינדן, אַלס רעזולטאַט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ער שטעלט דערנאָך קאנקרעט די פראגע וועגן דער רעוואָלוציע, גראָד יענע פראַגע, וואָס די סאָציאל-דעמאָקראַטן צוליב אָפּאָרטוניזם מיידן זי, געוויינלעך, אויס און לאָזן זי איבער די אנאַרכיסטן, אַזוי צו זאָגן, אף זייער אויסשליסלעכער „באַאַרבעטונג". און בעאייס ענגעלס שטעלט די פראגע, טרעפט ער אין סאַמע קארב אריין: צי האָט די קאמונע ניט געדאַרפט מער אויסנוצן די ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע מאַכט פון דער מ ל ו כ ע, ד. ה., פונם באוואָפנטן פראָלעטאַריאט, וואָס איז אָרגאַניזירט, ווי דער הערשנדיקער קלאַס?

די הערשנדיקע אָפיציעלע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דרייט זיך געוויינלעך אַרויס פון דער פראגע וועגן די קאָנקרעטע אויפגאַבן פונם פראלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע אָדער פאָשעט מיט אַ גלייכווערטל פון א פיליסטער, אָדער, אין בעסטן פאַל, מיט אַ סאָפיסטישן „מירן לעבן, וועלן מיר זעען". האָבן טאקע די אַנאַרכיסטן באַקומען דאָס רעכט צו טאַינען קעגן אַזא סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אַז זי פעלשט אין איר אויפגאבע פון רעוואָלוציאָנערער דערציאונג פון די אַרבעטער. ענגעלס אָבער נוצט אויס די דערפארונג פון דער לעצטער פראָלעטאַרישער רעוואָלוציע דאַפקע קעדיי אויסצושטודירן אַפן קאָנקרעטסטן אויפן, וואָס האט דער פראָלעטאריאַט צו טאָן סאַי בענויגייע די באנקן און סאַי בענויגייע דער מלוכע.

## 3. אַ בריוו צו בעבעלן.

איינע פון די מערקווירדיקסטע באטראַכטונגען, אויב ניט טאַקע די מערקווירדיקסטע אין די ווערק פון מאַרקס און ענגעלס איבער דער פראַגע וועגן דער מלוכע, איז אין איין אָרט אַ בריוו פון ענגעלסן צו בעבעלן פון 18—28 מארט 1875 יאָר. דעמדאָזיקן בריוו וועלן מיר אַגעוו באמערקן, האָט בעבעל, ווי ווייט מיר ווייסן, אָפּגעדרוקט אין צווייטן באנד פון זיינע זיכרוינעס („פון מיין לעבן"), וואס איז דערשינען אין 1911 יאָר, ד. ה., אין 36 יאָר ארום, נאָכדעם ווי ער איז אָנגעשריבן און אָפּגעשיקט געוואָרן.

ענגעלס האָט געשריבן צו בעבעלן, קריטיקירנדיק דעמזעלביקן פראָיעקט פון דער גאָטער פראָגראַם, וואָס אויך מאַרקס האָט אים קריטיקירט אין זיין באַרימטן בריוו צו ב ר א ק ע. באַרירנדיק ספעציעל די פראַגע וועגן דער מלוכע, שרייבט דאָ ענגעלס אָט וואָס:

...„די פרייע פאָלקס-מלוכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פרייער מלוכע. לויט דעם גראַמאַטישן זין פון דידאָזיקע ווערטער, איז די פרייע מלוכע אַזאַ, וואו די מלוכע איז פריי בענויגייע צו אירע בירגער, דאס הייסט, אַ מלוכע מיט אַ דעספאָטישער רעגירונג. מע וואָלט באַדאַרפט אַוועקוואַרפן די גאַנצע פלוידעריי וועגן דער מלוכע, ביפראט נאָך דער קאָמונע, וואָס איז שוין אין עצעם

ניט געווען קיין מלוכע. מיט דער „פאָלקס-מלוכע״ האָבן די אַנאַרכיסטן שוין מער ווי גענוג געשטאָכן אונז די אויגן, הגאַם שוין מאַרקס ווערק וועגן פּרודאָנען און דערנאָך „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט״, זאָגן בעפּיירעש, אַז ווי נאָר עס ווערט איינגעפירט די סאָציאַליסטישע אָרדנונג, ווערט די מלוכע מעיילע צעלאָזט און פאַרשוואונדן. העיויס ווי די מלוכע איז נאָר אַן איינריכטונג, וואָס פאַרשווינדט, וואָס מע מוז זי אויסנוצן אין קאַמף, אין דער רעוואָלוציע, קעדיי איבערגעוואַלט צו דערשטיקן די קעגנער, איז ריידן וועגן אַ פרייער פאָלקס-מלוכע אַ ריינער אומזין. קאָלזמאַן דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף נאָך האָבן די מלוכע, דאַרף ער זי האָבן ניט צוליב פרייהייט, נאָר קעדיי צו דערשטיקן זיינע קעגנער, וויבאַלד אָבער עס ווערט מעגלעך צו ריידן וועגן פרייהייט, דעמאָלט הערט אויף די מלוכע אַלס אַזעלכע צו עקזיסטירן. מיר וואָלטן דעריבער פאָרגעלייגט צו שטעלן אומעטום אַנשטאָט דאָס וואָרט „מלוכע״ דאָס וואָרט „געמיינדע״, וואָס שטימט מיטן פראַנצויזישן וואָרט „קאָמונע״ (ז. 322 פון דייטשישן אָריגינאַל).

מע דאַרף געדענקען, אַז דערדאָזיקער בריוו איז שאַיעך צו דער פּאַרטיי-פּראָגראַם, וואָס מאַרקס האָט קריטיקירט אין בריוו, וואָס איז דאַטירט סאַכאַקל מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער (מאַרקס בריוו פון מאַי 1875), און אַז ענגעלס האָט דעמאָלט געוואוינט צוזאַמען מיט מאַרקסן, אין לאָנדאָן. דעריבער איז בעאייס ער זאָגט „מיר״ אין דער לעצטער פראַזע, רעדט ער דאָס, בלי סאָפעק, אין זיין נאָמען און אין מאַרקס נאָמען און לייגט פאָר דעם פירער פון דער דייטשישער אַרבעטער-פּאַרטיי אַרויסצוּוואַרפן פון דער פּראָגראַם דאָס וואָרט „מלוכע״ און אַריינשטעלן אַנשטאָט דעם דאָס וואָרט „געמיינדע״.

וואָס פאַר אַ גוואלט וועגן „אנארכיזם״ וואָלטן איצט אויפגעהויבן די רעדל-פירער פונם איצטיקן „מארקסיזם״, וואָס איז געפעלשט לויט די באַקוועמלעכקייטן פון די אָפּאָרטוניסטן, אויב מע וואָלט זיי פאָרגעלייגט אַזא אויסבעסערונג פון דער פּראָגראַם!

זאָלן זיי זיך געוואלדעווען, דערפאר וועט זיי די בורזשואזיע לויבן.

מיר אָבער וועלן טאָן אונזער זאך, באַם איבערקוקן די פּראָגראַם פון אונזער פּארטיי, דארף מען בלי סאָפעק נעמען אין אכט מארקס און ענגעלס אייצע, קעדיי צו זיין נעענטער צום עמעס, קעדיי אויפצוריכטן דעם מארקסיזם, קעדיי אָפּצוריייניקן אים פון פעלשונגען, קעדיי ריכטיקער צו ווענדן דעם קאמף פון ארבעטער-קלאס פאר זיין באפרייאונג. צווישן די באָלשעוויקעס וועלן זיך געוויס קיין קעגנער פון מארקס און ענגעלס אייצע ניט געפינען, א שוועריקייט וועט נאָר עפשער זיין אינם אויסדריק. אף דייטש זיינען פאראן צוויי ווערטער פארן באגריף געמיינדע. ענגעלס האָט אויסגעקליבן פון זיי יענס, וועלכע באטייט ניט א באזונדער געמיינדע, נאָר א געמיינשאפט פון געמיינדעס, א סיסטעם פון געמיינדעס. אף רוסיש איז אזא וואָרט ניטאָ, און ס'וועט עפשער אויסקומען נעמען דאָס פראנצויזישע וואָרט „קאָמונע״, הגאַם דאס האָט אויך אירע אומבאקוועמלעכקייטן.

„די קאָמונע איז שוין אין עצעם ניט געווען קיין מלוכע", דאס איז די טעאָרעטיש-וויכטיקסטע באהויפּטונג ענגעלס! נאָך דעם, וואָס מיר האָבן אויבן געשריבן, איז אָט די באהויפּטונג אינגאנצן פארשטענדלעך. די קאָמונע האָט אויפגעהערט צו זיין א מלוכע, ווי ווייט איר איז אויסגעקומען צו אונטערדריקן ניט די מערהייט פון דער באפעלקערונג, נאָר די מינדערהייט (עקספּלואטאטאָרן). די בורזשואזע מלוכע-מאשין האָט זי צעבראָכן, אנשטאָט א באזונדערער קראפט צום דערשטיקן איז ארויסגערוקט געוואָרן אפן פאָדערגרונט די באפעל-קערונג גופא. דאָס זיינען אלץ אָפּטרעטונגען פון דער עצעם מלוכע, און אויב די קאָמונע וואָלט זיך איינגעפעסטיקט, דעמאָלט וואָלטן שוין אין איר פון זיך אליין „אָפּגעשטאָרבן" די שפּורן פון מלוכע. זי וואָלט גאָרניט באדארפט „אָפּ-שאפן" אירע אינסטיטוציעס. זיי וואָלטן אויפגעהערט צו פונקציאָנירן, ווי ווייט זיי וואָלטן ניט געהאט וואָס צו טאָן.

„די אנארכיסטן שטעכן אונז די אויגן מיט דער „פאָלקס-מלוכע" — מיט די ווערטער איז ענגעלס ארויסן קוידעמקאָל באקוינענען און זיינע אָנפאלן אף דער דייטשישער סאָציאָל-דעמאָקראטיע. ענגעלס האלט אָט די אָנפאלן פאר ריכטיק אף אזוי פיל, אף וויפל „פאָלקס-מלוכע" איז פונקט אזא אומזין, און פונקט אזא אָפּטרעטונג פונם סאָציאליזם, ווי „פרייע פאָלקס-מלוכע". ענגעלס באמיט זיך צו פאריכטן דעם קאמף פון די דייטשישע ס. ד. קעגן די אנאר-כיסטן, מאכן אָט דעם קאמף פאר א פרינציפּיעל ריכטיקן, אָפּרייניקן פון אים די אָפּאָרטוניסטישע פאָרורטיילן מיקויעך דער „מלוכע". צום באדויערן איז ענגעלס בריוו 36 יאָר אָפּגעלעגן אין באהעלטעניש און אפילע נאָכדעם, ווי אָט דער בריוו איז פארעפנטלעכט געוואָרן, כאזערט קאאוטסקי נאָך אלץ איינגע-שפּארט איבער בעעצעם דיזעלביקע גרייזן, וואָס קעגן זיי האט ענגעלס געוואָרנט

בעבעל האט געענטפערט ענגעלסן מיט א בריוו פון 21 סענטיאבער 1857 יאָר. דאָרט שרייבט ער אגעווו, „אז ער איז אינגאנצן מאסקים" מיט זיין מיינונג וועגן פּראָיעקט פון פּראָגראם, און אז ער האט פאָרגעוואָרפן ליבקנעכטן פאר זיין נאָכגיביקייט (ז. 304 פון דער דייטשישער אויסגאבע פון בעבעלס זיכרוי-נעס, ב. 2). נאָר, ווען מע זאָל נעמען בעבעלס בראָשור „אונזערע צילן", וועלן מיר אין איר באגעגענען אינגאנצן פאלשע באטראכטונגען וועגן דער מלוכע: „די מלוכע פון א מלוכע, וואס איז געגרינדעט אף קלאסן-הערשאפט, דארף פארוואנדלט ווערן אין א פאָלקס-מלוכע" (דייטשישע אויסגאבע פון יאר 1886, ז, 14).

אזוי שטייט געדרוקט אין דער 9-טער (ניינטער!) אויפלאגע פון בעבעלס בראשור! ס'איז קיין וואונדער ניט, אז וויבאלד מע כאזערט איבער אזוי איינ-געשפּארט אפּארטוניסטישע באטראכטונגען וועגן מלוכע, האט זיך דאס אזוי פעסט אייגעוואָרצלט אין דער דייטשישער סאָציאל-דעמאָקראטיע, ביפראט, אז ענגעלס רעוואָלוציאָנערע אויסטייטשונגען האט מען אָפּגעלייגט אָן א זייט, און דאס גאנצע לעבן ארום האט מען אף לאנג אפּגעוואוינט פון רעוואלוציע.

## 4. די קריטיק פונם פּראָיעקט פון דער ערפורטער פּראָגראַם. *)

די קריטיק פונם פּראָיעקט פון דער ערפורטער פּראגראם, וועלכע ענ־געלס האט געשיקט צו קאַאוטסקען דעם 29-טן יוני פון 1891 יאָר, און וועלכע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט אין צען יאָר אַרום אין דער „נייער צייט“, קאָן ניט פאַרשוויגן ווערן, בעאייס מע קלייבט זיך פאַנאנדער אין דער לערע פון מארקסיזם וועגן דער מלוכע, וואָרום זי גיט זיך אָפּ דעריקער מיט דער קריטיק פון די אָפּאָרטוניסטישע אַנשויאונגען פון דער סאָציאַל־דעמאקראַטיע אין די פראַגן פון מלוכע־אָרדענונג.

מיר ווען אגעוו באמערקן, אז בענויגייע די פראַגן וועגן עקאָנאמיק מאַכט אויך ענגעלס א מערקווירדיק ווערטפולע אָנווייזונג, וואָס באווייזט ווי אויפמערקזאַם און ווי טיף ער האָט זיך אריינגעטראכט גראָד אין די ענדע־רונגען פונם מאָדערנעם קאַפּיטאליזם, און ווי אזוי ער האָט דעריבער געקאָנט פאָראויסזען אין אַ געוויסער מאָס די אויפגאַבן פון אונזער אימפּעריאליסטי־שער עפּאָכע. אָט איז דידאָזיקע באַמערקונג: מיקויעך דעם וואָרט „פּלאַנלאָ־זיקייט“, וואָס ווערט געברויכט אין פּראָיעקט פון פּראָגראַם אויף צו כאַראַק־טעריזירן דעם קאַפּיטאליזם, שרייבט ענגעלס:

...„אויב מיר גייען איבער פון אַקציען־געזעלשאפטן צו טרעסטן, וואס באַהערשן און מאָנאפּאליזירן גאנצע צווייגן פון דער אינדוסטריע, דעמאָלט ווערט באָטל ניט בלויז די פּריוואט פּראָדוקציע, נאר אויך די פּלאַנלאָזיקייט“ („נייע צייט“ יאָרגאַנג 20 ב. 1, 2—1901 ז. 8).

דאָס איז דער סאַמע איקער אין דער טעאָרעטישער אָפּשאצונג פונם מאָדערנעם קאפּיטאליזם, ד. ה., פון אימפּעריאליזם, דעהאינע, אז דער קאפּי־טאליזם ווערט פארוואנדלט אין א מאָנאָפּאָליסטישן קאפּיטאליזם. דאָס לעצטע קומט אויס אונטערצושטרייכן, וואָרום דער פאַרשפּרייטסטער פעלער איז די בורזשואַז־רעפאָרמיסטישע באהויפּטונג, אז דער מאָנאָפּאליסטישער אָדער מלוכע מאָנאפּאליסטישער קאפּיטאליזם איז שוין קלוימערשט ניט קיין קאפּיטאליזם, ער קאָן שוין אָנגערופן ווערן „מלוכע סאָציאַליזם“ א. ד. ג. קיין פולקומע פּלאנמעסיקייט האָבן די טרעסטן אוואדע ניט געגעבן, זיי גיבן עס אויך איצט ניט און קאָנען ניט געבן. אָבער ווי ווייט ווי ווייט זיי גיבן יאָ פּלאַנמעסיקייט, ווי ווייט די מאַגנאַטן פון קאפּיטאל רעכענען אויס אף צופריער די גרויס פון דער פּראָ־דוקציע אין נאַציאָנאלן אָדער אפילע אין אינטערנאציאָנאלן מאַסשטאב, ווי ווייט זיי רעגולירן איר פּלאַנמעסיק, בלייבן מיר אָלץ באַם קאַפּיטאליזם. עס איז אפילע א נייע סטאַדיע פון קאפּיטאליזם, אָבער קאפּיטאליזם בלייבט דאָס פאָרט. די נאָענטקייט פון אזא קאַפּיטאליזם צום סאָציאליזם דאַרף פאר די עמעסע פאָרשטייער פונם פּראָלעטאריאט זיין אַן ארגומענט פאַר דעם, אז עס איז נאָענט די סאָציאליסטישע רעוואָלוציע און אז עס איז גרינג און נויטיק זי צו מאַכן, אָבער קלאַל ניט קיין ארגומענט פאר דעם, אז מע זאָל זיך טאָלעראַנט

*) ערפורטער פּראָגראַם — אזוי הייסט די פּראָגראַם פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אַפן צוזאמענפאָר אין ערפורט אין אָקטיאַבר 1891 יאָר. איבערז.

באציען צום אָפּלייקענען דידאָזיקע רעוואָלוציע און צום צופוצן דעם קאַפּיטאַליזם, ווי עס טוען דאָס אַלע רעפאָרמיסטן.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו דער פראַגע וועגן דער מלוכע. ענגעלס גיט דאָ דרייערליי ווערטפולע אָנווייזונגען: ערשטנס, מיקויעך דער פראַגע וועגן דער רעפּובליק; צווייטנס, מיקויעך דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין דער מלוכע אָרדנונג; דריטנס וועגן דער איצטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

וואָס איז שײַיעך דער רעפּובליק, האָט ענגעלס געמאַכט דערפון דעם שווערפּונקט פון זיין קריטיק פון פּראָיעקט פון דער ערפורטער פּראָגראַם. און ווען מיר דערמאָנען זיך, וואָס פאַר א באַדייטונג די ערפורטער פּראָגראַם האָט געקראָגן פאַר דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ווי אַזוי זי איז געוואָרן א מוסטער פּראָגראַם פאַרן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, דערמאָלט קאָן מען אָן גוזמע זאָגן, אַז ענגעלס קריטיקירט דאָ דעם אָפּאָרטוניזם פונם גאַנצן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

„די פּאָליטישע פאָדערונגען פונם פּראָיעקט — שרייבט ענגעלס — האָבן דעם גרויסן כיסאָרן, אין איר איז ניטאָ דאָס (אונטערגעשטריכן פון ענגעלסן), וואָס מע האָט אייגנטלעך געדאַרפט זאָגן".

און ווייטער ווערט אויסגעטייטשט, אַז די דייטשישע קאָנסטיטוציע איז אייגנטלעך אויסגעגאָסן לויטן פורם פון דער ביז גאָר רעאַקציאָנערער קאָנסטיטוציע פון יאָר 1850, אַז דער רייכסטאָג איז בלויז, ווי ווילהעלם ליבקנעכט האָט זיך אויסגעדריקט, א „פייגנבלאַט פון אבסאָלוטיזם", אַז ווען אַפּן יעסאָד פון א קאָנסטיטוציע, וועלכע פאַרגעזעצלעכט קליינע מלוכעס אין דעם פאַרבאַנד פון דייטשישע קליינע מלוכעס, פאַרווירקלעכן „די איבערגעבונג פון אַלע פּראָדוקציע-געצייגן אין קלאַל-אייגנטום" איז „א בעפיירעשער אומזין".

„אָנרירן דידאָזיקע טעמע איז געפערלעך" — גיט צו ענגעלס, וועלכער ווייס גאַנץ גוט, אַז ארויסשטעלן אין דייטשלאַנד לעגאַל אין פּראָגראַם די פאָדערונג פון א רעפּובליק טאָר מען ניט. נאָר ענגעלס וויל זיך פּאַשעט ניט באַפרידיקן מיט אָט דעם קלאָרן מאָטיוו, וואָס אַלע באַפרידיקן זיך דערמיט. און שרייבט ווייטער: — „נאָר מע מוז דאָך פונדעסטוועגן אַזוי אָדער אַנדערש א רוק טאָן די זאַך. ווי ווייט דאָס איז נויטיק באַווייזט דאָס, וואָס גראָד איצט פאַרשפּרייט זיך אַזוי שטאַרק אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּרעסע דער אָפּאָרטוניזם. אויס מוירע, עס זאָל ניט באַנייט ווערן דער געזעץ וועגן די סאָציאַליסטן, אָדער, ווייל מע דערמאָנט זיך אָן אייניקע פריצייטיקע דערקלערונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן, בעאייס דערדאָזיקער געזעץ איז געווען גילטיק, וויל מען איצט, אַז די פּאַרטיי זאָל אָנערקענען די איצטיקע געזעצלעכע אָרדענונג אין דייטשלאַנד פאַר גענוג צו פאַרווירקלעכן אויפן פר־דלעכן אויפן אלע אירע פאָדערונגען"...

אַז די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן געהאַנדלט אויס מוירע, עס זאָל ניט באַנייט ווערן דער אויסנאַם-געזעץ, אָט דעם גרונטפאַקט שטעלט ענגעלס ארויס אַפּן ערשטן פּלאַן, אָן קווינקעלניש רופט ער דאָס אָן אָפּאָרטו-

ניזם און דערקלערט, אז טאקע ווייל אין דייטשלאַנד איז ניטאָ קיין רעפּובליק און קיין פרייהייט, זיינען איינגאַנצן אומזיניק אלע כאלומעס וועגן א „פריד־לעכן וועג". ענגעלס איז געווען פּאָרזיכטיק, קעדיי זיך ניט צו בינדן די הענט, ער איז מודיע, אז אין לענדער מיט א רעפּובליק אָדער מיט זייער א גרויסער פרייהייט „קאָן מען זיך פאָרשטעלן" (נאָר „פאָרשטעלן זיך"!) א פרידלעכע אנטוויקלונג צום סאָציאַליזם, אָבער אין דייטשלאַנד,—כאַזוערט ער איבער.

...„אין דייטשלאַנד, וואו די רעגירונג איז קימאַט אלמעכטיק, און דער רייכסטאָג און אלע איבעריקע פאַרטרעטונגס־איינריכטונגען האָבן ניט קיין עמעסע מאַכט, אין דייטשלאַנד דערקלערן עפּעס אַזוינס און דערצו אָן א שום נויטווענדיקייט, הייסט אראָפּנעמען דאָס פייגנבלאַט פונם אַבסאָלוטיזם און אליין זיך אוועקשטעלן אף צו פאַרדעקן די נאַקעטקייט"...

און די גרעסטע מערהייט פון די אָפיציעלע פירער פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַרטיי, וואָס האָט אָט די אָנווייזונגען אונטערן טישטוך אַוועקגעלייגט, האָבן זיך טאקע ארויסגעוויזן פאַר פאַרדעקער פון צבסאָלוטיזם.

...„אַזאַ פּאָליטיק קאָן נאָר סאָפּקאָלסאָף אַרויספירן די פּאַרטיי אַף אַ פאַלשן וועג. אַפן ערשטן פּלאַן רוקט מען ארויס אלגעמיינע, אַבסטראַקטע פּאָליטישע פראַגן און אַף אַזאַ אויפן פאַרשטעלט מען די נאָענטסטע קאָנקרעטע פראַגן, וואָס שטעלן זיך אליין אוועק אַפן טאָג־אָרדנונג באַלד באַ די ערשטע גרויסע געשעענישן, באַם ערשטן פּאָליטישן קריזיס. וואָס-זשע קאָן דערפון אַרויסקומען, כוץ דעם, וואָס אין אנטשיידנעם מאָמענט וועט די פּאַרטיי זיך אַרויסווייזן פאר אומבאַהאָלפן, אז אין די הויפּט פראַגן הערשט אין איר אומ־קלאָרקייט, און עס פעלט אין איר איינהייט, ווייל דידאָזיקע פראגן זיינען קיינמאָל ניט באַטראַכט געוואָרן"...

„דאָסדאָזיקע פאַרנעמען די גרויסע גרונט פּרינציפּן צוליב פאַרבייגייענדיקע טאָג-אינטערעסן, דאָסדאָזיקע יאָגן זיך נאָך דערווייליקע ערפאָלגן און דער קאמף פּאַר זיי, ניט האָבנדיק אין זינען די ווייטערדיקע רעזולטאַטן, דאָס מאקרעוו זיין די צוקונפט פון דער באוועגונג צוליב דעם היינט — דאָס קומט עפּשער ארויס פון „ערלעכע" מאָטיוון, אָבער דאָס איז אָפּארטוניזם און בלייבט אפּאָרטוניזם, און „ערלעכער" אפּאָרטוניזם איז עפּשער געפערלעכער פאַר אַלע איבעריקע"...

אויב עס איז פאראן א זאך, וואָס שטייט אויסער יעדן סאָפּעק, איז עס דאָס, וואָס אונזער פּאַרטיי און דער ארבעטער־קלאַס קאָנען קומען צו דער הערשאפט נאָר באַ אַזאַ פּאָליטישער פאָרם, ווי א דעמאָקראטישע רעפּובליק. די לעצטע איז אפילע די ספּעציפישע פאָרם פאר דער דיקטאטור פון פראָלע-טאריאט, ווי עס האָט שוין באַוויזן די גרויסע פראנצויזישע רעוואָלוציע"...

ענגעלס כאַזוערט דאָ איבער אין א באזונדער בוילעטער פאָרם יענע גרונט אידייע, וואָס גייט דורך ווי אַ רויטער פאָדים דורך אלע ווערק פון מאַרקסן, דאָס הייסט, אז די דעמאָקראַטישע רעפּובליק איז דער נאָענטסטער צוגאַנג צו דער דיקטאטור פונם פּראָלעטאריאט, וואָרום אזא רעפּובליק, לאכלוטן ניט

אָפּשאַפנדיק די הערשאַפט פונם קאַפּיטאַל, און מעמיילע אויך די אונטערדריקונג פון די מאַסן אין דעם קלאַסן-קאַמף, מוז אומפאַרמיידלעך פירן צו אַזאַ פאַרברייטערונג, פאַנאַנדערוויקלונג, אַנטפּלעקונג און פאַרשאַרפונג פון דעמדאָזיקן קאַמף, אַז וויבאַלד עס קומט נאָר אויף די מעגלעכקייט צו באַפרידיקן די הויפּט באַדערפענישן פון די אונטערדריקטע מאַסן, ווערט דידאָזיקע מעגלעכקייט פאַרווירקלעכט אומפאַרמיידלעך און איינציק אין דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אין דער אָנפירונג פון דידאָזיקע מאַסן דורכן פּראָלעטאַריאַט. פאַרן גאַנצן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל זיינען דאָס אויך „פאַרגעסענע ווערטער" פון מאַרקסיזם. ווי ווייט זיי זיינען פאַרגעסן, האָט באַזונדערס דייטלעך אַרויסגעוויזן די געשיכטע פון דער פּאַרטיי פון מענשעוויקעס פאַרן ערשטן האַלב יאָר פון דער רוסישער רעוואָלוציע פונם יאָר 1917.

מיקויעך דער פראַגע וועגן אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק, אין צוזאַמענהאַנג מיטן נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג, האָט ענגעלס געשריבן:

„וואָס דאַרף אויפקומען אַפן אָרט פונם איצטיקן דייטשלאַנד (מיט זיין רעאַקציאָנערער מאָנאַרכיסטישער-קאָנסטיטוציע און מיט דער פּונקט אַזוי רעאַקציאָנערער איינטיילונג אין קליינע מלוכעס, אַן אַנטיילונג, וואָס פאַראייביקט די באַזונדערהייטן פונם „פּרייסענטום", אַנשטאָט זיי צו לאָזן אונטערגיין אין דייטשלאַנד ווי אַ גאַנצעס). לויט מיין מיינונג קאָן דער פּראָלעטאַריאַט געברויכן נאָר די פאָרם פון אַן איינהייטלעכער, ניט געטיילטער רעפּובליק. אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק איז אויך נאָך איצט, אין גרויסן און גאַנצן, נויטיק אַף דער ריזיקער טעריטאָריע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָגאַם אין מיזראַך זייט פון זיי ווערט זי שוין אַ שטערונג. זי וואָלט געווען אַ טריט פאָראויס אין ענגלאַנד, וואו עס וואוינען אַף צוויי אינזלען פיר נאַציעס, און עס עקזיסטירן איינס נעבן אַנדערן, ניט געקוקט אַף דער איינהייט פון פּאַרלאַמענט, דריי סיסטעמעס פון געזעצגעבונג, זי איז שוין לאַנג געוואָרן אַ שטערונג אין דער קליינער שווייץ, און אויב מע קאָן נאָך דאָרט ליידן די פעדעראַטיווע רעפּובליק, איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל די שווייץ באַנוגנט זיך מיט דער ראָלע פון אַ ריין פּאַסיוון מיטגליד פון דער אייראָפּעאישער מלוכע-סיסטעם. פאַר דייטשלאַנד וואָלט אַ פעדעראַציע אויפן שווייצאַרישן שטייגער געווען אַ גרויסער שריט אַף צוריק. צוויי פּונקטן אונטערשיידן אַ פאַרבאַנדס מלוכע פון אַ פולקאָם איינהייטלעכער מלוכע, דהיינו, וואָס יעדע איינציקע מלוכע, וואָס גייט אַ ריין אין פאַרבאַנד, האָט אירע באַזונדערע ציווילע און קרימינעלע געזעצגעבונג, איר באַזונדערע געריכטס-אָרדנונג, און צווייטנס, וואָס צוגלייך מיט דער פאָלקס-פּאַלאַטע איז פאַראַן נאָך אַ פאַרטרעטונגס פּאַלאַטע פון די מלוכעס, און אין איר שטימט איטלעכער קאַנטאָן, ווי אַזעלכער, ניט אָפּהענגיק דערפון, צו איז ער גרויס צו קליין". אין דייטשלאַנד איז די פאַרבאַנד מלוכע אַן איבערגאַנג צו אַ פולקום איינהייטלעכער מלוכע, און די „רעוואָלוציע פון אויבן" פון די יאָרן 1866 און 1870 דאַרף מען ניט אומקערן צוריק, נאָר מע דאַרף זי דערגאַנצן דורך „אַ באַוועגונג פון אונטן".

ענגעלס איז ניט נאָר, וואָס ער האָט ניט ארויסגעוויזן קיין גלייכגילטיקייט צו דער פראגע וועגן די פאָרמען פון דער מלוכע, נאָר פארקערט, ער גיט זיך די מי גרינטלעך צו אנאליזירן גראָד די איבערגאנגס פאָרמען, קעדיי אָפּהענגיק פון די קאָנקרעטע היסטארישע באזונדערהייטן פון איטלעכן איינציקן פאַל צו באַרעכענען, פון וואָס צו וואָס עס פירט די געגעבענע איבערגאַנגס פאָרם.

פונקט ווי מארקס פאַרטיידיקט ענגעלס, פונם שטאַנדפונקט פונם פּראָלעטאריאַט און פון דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע, דעם דעמאָקראטישן צענטראַליזם, די איינהייטלעכע און ניט געטיילטע רעפּובליק. די פעדעראַטיווע רעפּובליק באַטראַכט ער אָדער, ווי אַן אויסנאַם אָדער ווי אַ שטערונג צו דער אַנטוויקלונג, אָדער ווי אַן איבערגאַנג פון אַ מאָנארכיע צו אַ צענטראליסטישער רעפּובליק, ווי „אַ שריט פאָרויס” בײַ געוויסע באַזונדערע באַדינגונגען, און צווישן אָט די באַזונדערע באַדינגונגען ווערט אַרויסגערוקט די נאַציאָנאַלע פראגע.

סײַ בײַ ענגעלסן, סײַ בײַ מאַרקסן, האָט זיי קריטיקירן אָן ראַכמאָנעס די רעאַקציאָנערישקייט פון קליינע מלוכעס און דאָס וואָס זיי פאַרדעקן אין באַשטימטע קאָנקרעטע פאַלן זייער רעאַקציאָנערישקייט מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע, איז ערגעץ ניטאָ קיין סאָטן פון קיין שטרעבונג זיך ארויסצונאַרן פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע. מיט דעררדאָזיקער שטרעבונג זינדיקן אָפטמאָלס גראָד די האָלענדישע און פּוילישע מאַרקסיסטן, ווייל זיי זיינען געצוואונגען צו פירן אַ קאַמף קעגן דעם באַלעבאַטישן, שמאָלקעפּיקן נאַציאָנאַליזם פון זייערע קליינע מלוכעס.

אַפילו אין ענגלאַנד, וואו סײַ די געאָגראַפישע טנאָים און סײַ די געמיינשאַפט פון דער שפּראַך איז פון דער געשיכטע פון פיל הונדערט יאָר, האָבן, אין פלוג, שוין געדאַרפט האָבן „געמאַכט אַ סאָף” צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע פון די איינציקע קליינע איינטיילונגען פון ענגלאַנד, אַפילו דאָ נעמט ענגעלס אין אַכט דעם קלאָרן פאַקט, אַז די נאַציאָנאַלע פראַגע איז נאָך ניט אויסגעלעבט, און דעריבער האַלט ער די פעדעראַטיווע רעפּובליק פאַר אַ „שריט פאָרויס”. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז ניטאָ אַפילו קיין שפּורן פון אָפּזאָגן זיך פון צו קריטיקירן די כעסרוינעס פון אַ פעדעראַטיווער רעפּובליק און פון צו פּראָפּאַגאַנדירן און צו קעמפן אָפן אַנטשיידנסטן אויפן פאַר אַן איינהייטלעכער, צענטראַליסטיש-דעמאָקראַטישער רעפּובליק.

נאָר דעם דעמאָקראַטישן צענטראַליזם פאַרשטייט ענגעלס בעשום אופן ניט אין יענעם ביוראָקראַטישן זין, ווי עס באַנוצן דעמדאָזיקן באַגריף די בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגן, צווישן זיי אויך די אַנאַרכיסטן. פאַר ענגעלסן שליסט צענטראַליזם בעשום אופן ניט אויס אַזאַ ברייטע אָרטיקע זעלבסט פאַרוואַלטונג, וואָס באַזייטיקט „איטלעכן ביוראָקראַטיזם און איטלעכע „נאַטשאַלניקעריי” פון אויבן, און וואָס דערבײַ פאַרטיידיקן די „קאָמונעס” אין די געגנטן פּריווילעגיעס די איינהייטלעכקייט פון דער מלוכע.

...„אזוי, הייסט עס,—אַן איינהייטלעכע רעפּובליק״ — אנטוויקלט ענגעלס וויטער די פּראָגראַם אַנשויאונגען פון מאַרקסיזם אף דער מלוכע. אָבער ניט אין דעם זין פון דער איצטיקער פראנצויזישער רעפּובליק„ וואָס איז ניט מער ווי די אימפּעריע אָן אַ קייסער, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1798 יאר. פונם יאָר 1792 ביזן 1798 האָט איטלעכער פראנצויזישער דעפּאַרטאַמענט, איטלעכע געמיינדע געהאַט פולקומע זעלבסט-פארוואלטונג לויטן אַמעריקאַנישן מוסטער, און דאס מוזן מיר אויך האָבן. ווי אזוי מע דארף אָרגאַניזירן די זעלבסט-פארוואלטונג, און ווי אזוי מע קאָן זיך באגיין אָן ביוראָקראטיע, דאָס האט אונז באוויזן אַמעריקע און די ערשטע פראנצויזישע רעפּובליק, און איצ-טער באווייזן עס אונז נאך קאַנאַדע, אויסטראליע און אַנדערע ענגלישע קאָ-לאָניעס. אין אזא פּראָווינץ- און געמיינדע-זעלבסט-פארוואלטונג זיינען אסאך פרייערע איינריכטונגען, איידער, א שטייגער דער שווייצארישער פעדעראליזם, וואו איטלעכער קאנטאן איז עמעס זייער אומאָפּהענגיק בענויגייע צום בונד (ד. ה. צו דער פעדעראלע מלוכע אינגאנצן), „נאָר ער איז אומאָפּהענגיק אויך בענויגייע צים באצירק און בענויגייע צו דער געמיינדע. די קאנטאנאלע רעגי-רונגען באשטימען באצירק-הויפּטלייט (שטאט-האלטער) און פּרעפעקטן, וואָס דאס איז לאכלוטן ניטא אין די לענדער, וואו עס הערשט די ענגלישע שפּראַך, און וואס אויך מיר וועלן דאס מוזן אין דער צוקונפט אנטשיידן אָפּשאפן, פּונקט ווי די פּרייסישע לאנדראטן און רעגירונגס ראטן״ (קאמיסאַרן, איספּראוו-ניקעס, גובערנאַטאָרן, ביכלאל באַאַמטע, וואס ווערן באשטימט פון אויבן). ענגעלס לייגט פאר צו פארמולירן אין העסקעם דערמיט דעם פּראגראם-פּונקט אף אַזאַ אויפן: „פולקומע זעלבסט-פארוואלטונג אין דער פּראווינץ״ (גובער-ניע אדער געגנט), „באצירק און געמיינדע דורך באַאַמטע, וואס ווערן אויסגע-קליבן דורך אַלגעמיינער אפּשטימונג, אפּשאפונג פון אַלע ארטיקע און פּרא-ווינציעלע רעגירונגס-ארגאנען, וואס ווערן באשטימט דורך דער מלוכע״.

אין „פּראַוודאַ״ (נומ. 66, פון 28 מאַי 1917), וואָס איז פארמאכט גע-וואָרן דורך דער רעגירונג פון קערענסקי און אנדערע „סאָציאַליסטישע״ מיניס-טאָרן, איז מיר שוין אויסגעקומען אנצואווייזן, ווי אזוי אין דעמדאָזיקן פּונקט — פארשטייט זיך, אַז ניט בלויז אין דעם פּונקט אליין — זיינען אונזערע קלוי-מערשטע סאָציאַליסטישע פּאַרשטייער פון דער קלוימערשטער רעוואָלוציאָנע-רער דעמאָקראַטיע ניט איינמאָל אָפּגעטראָטן אף א הארץ-שרייענדיקן אויפן פון ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ז ם. ס׳פארשטייט זיך, אז אָט די לייט, וואָס האָבן זיך פאר-בונדן דורך דער „קאָאַליציע״ מיט דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואזיע, זיינען געבליבן טויב צו דידאָזיקע אנווייזונגען.

ס׳איז זייער וויכטיק צו פארצייכענען, אז ענגעלס לייקנט אָפּ מיט פאקטן אין די הענט, אף א זייער גענויעם ביישפּיל דעם זייער פארשפּרייטן פארור-טייל, ביפראַט צווישן דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע, — אז א פעדערא-טיווע רעפּובליק באַטייט קלוימערשט אומבאַדינגט מער פרייהייט איידער א צענטראַליסטישע. דאָס איז ניט ריכטיק. די פאקטן, וואָס ענגעלס ברענגט וועגן דער צענטראליסטישער פראנצויזישער רעפּובליק פון די יאָרן 1792 — 1798 און

וועגן דער פעדעראליסטישער שווייצאַרישער רעפּובליק, לייקענען דאָס אָפּ. מער פרייהייט האָט געגעבן אין דער עמעסן די דעמאָקראַטישע צענטראַליסטישע איידער די פעדעראַליסטישע. אָדער אַנדערש: די גרעסטע אָרטיקע, פּראָווינציעלע אַ. א. וו. פרייהייט, וואָס איז באַוואוסט אין דער געשיכטע, האָט געגעבן די צענטראַליסטישע אַז ניט די פעדעראַטיווע רעפּובליק.

אף אָט דעם פאקט, ווי ביכלאַל אף דער גאנצער פראַגע וועגן פעדעראַטיווער און צענטראַליסטישער רעפּובליק און וועגן ארטיקער זעלבסט פאַרוואלטונג, איז אין אונזער פארטיי-פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע ניט געווענדט געוואָרן און ווערט געווענדט ניט גענוג אויפמערקזאמקייט.

## 5. די האַקדאָמע פון 1891 יאָר צו מאַרקס „בירגער-קריג".

אין דער האַקדאָמע צו דער ערשטער אויפלאַגע פון „בירגער-קריג אין פראַנקרייך" — די האַקדאָמע איז דאטירט דעם 18 מאַרט 1891 יאר און אַיז גע-וועזן צוערשט געדרוקט אין דער „נייער צייט" — גיט ענגעלס, כוץ אינטערעסאנטע, אַגעוו אורכעדיקע באמערקונגען וועגן פראגן, וואָס האָבן א שאַיכעס צו דער מלוכע, א מערקווירדיק בוילעטן סאַכאַקל פון דעם, וואָס עס לערנט אונז די קאָמונע. דערדאָזיקער סאַכאַקל, וואָס איז נאָך פארטיפט דורך דער גאַנצער דערפארונג פון דעם 20-יאָריקן פעריאָד, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם מעכאַבער פון דער קאָמונע, און וואָס איז ספּעציעל געווענדעט קעגן דער „אבערגלויבערישער עמונע אין דער מלוכע", וואָס איז פארשפרייט אין דייטשלאנד, קאָן מיט אן עמעס אָנגערופן ווערן דאָס לעצטע וואָרט פון מארקסיזם מיקויעך דער פראגע, וואָס ווערט דאָ באַטראַכט.

אין פראַנקרייך — באַמערקט ענגעלס — זיינען נאָך איטלעכער רעוואלוציע די אַרבעטער געווען באַוואָפנט, „דערפאר איז פאר די בורזשואַ, וואָס זיינען געשטאנען באַם מלוכע-רודער, געווען דאָס ערשטע געבאָט אָפּצונעמען בא די אַרבעטער דאָס געווער. דערפון נעמט זיך נאָך איטלעכער רעוואָלוציע, וואָס די ארבעטער געווינען, א נייער קאַמף, וואָס ענדיקט זיך מיט דער מאַפּאָלע פון די אַרבעטער"...

דער סאַכאַקל פון דער דערפארונג פון די בורזשואזע רעוואלוציעס איז פונקט אזוי קורץ, ווי שארף. דער טאָך פון דער זאך, אַגעוו, אויך אין דער פראגע וועגן מלוכע (צי דען האָט דער אונטערדריקטער קלאַס געווער?), איז דאָ אויסגעצייכנט געכאפּט געוואָרן. גראָד אָט דעם טאָך פארשווייגן אָפּטער פון אלץ, סאַי די פּראָפעסאָרן, וואָס געפינען זיך אונטער דער ווירקונג פון דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע, סאַי די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן. אין דער רוסישער רעוואלוציע פון 1917 יאָר איז אויסגעפאַלן דער קאָוועד (קאוועניאקס קאָוועד) אפּן „מענשעוויק", דעם „אויך-מאַרקסיסט" צערעטעלי אויסצופּלוידערן אָט דעם סאָד פון די בורזשואזיע רעוואָלוציעס. אין זיין „היסטאָרישער" רעדע פון 9-טן יוני האָט צערעטעלי זיך ארויסגערעדט וועגן דעם, אַז די בורזשואזיע האָט באשלאסן אָפּצונעמען בא די פּעטערבור-

גער ארבעטער דאָס געווער. פארשטייט זיך, אז ער האָט עס ארויסגעשטעלט, ווי זיין אייגענער באשלוס און ווי „א מלוכישע נויטוועגדיקייט” ביכלאַל.

די היסטאָרישע רעדע צערעטעליס פון 9-טן יוני, וועט אוודע זיין פאר איטלעכן היסטאָריקער פון דער רעוואלוציע פון 1917 יאָר איינע פון די בוי-לעטסטע אילוסטראַציעס דערפון, ווי אזוי דער בלאָק פון די עסערן און מענ-שעוויקעס, געפירט דורך ה. צערעטעלי, איז אריבער אפן צאַד פון דער בורזשואזיע קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאַריאַט.

נאָך א פארבייגייענדיקע באמערקונג ענגעלס, וואָס איז אויך פארבונדן מיט דער פראגע וועגן דער מלוכע, איז שאַיעך צו דער רעליגיע. ס׳איז באַ-וואוסט, אז די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראטיע, וואָס מער זי האָט אָנגעהויבן פוילן און ווערן אלץ מער אפאָרטוניסטיש, האָט זי אלץ אָפטער זיך גענומען אראָפּקייקלען צו דער פיליסטערישער פארפעלשטער אויסטייטשונג פון דער באריקמטער פאָרמול: „די רעליגיע ווערט דערקלערט פאר א פריוואט-זאַך”. דע-האינע: דידאָזיקע פארמול איז אויסגעטייטשט געוואָרן אזוי, אז קלוימערשט אויך פאר דער פארטיי פון רעוואלוציאָנערן פראָלעטאריאט איז די פראגע וועגן רעליגיע א פריוואט-זאך!! קעגן אָט דעם פולקומענעם פאראט פון דער רע-וואָלוציאָנערער פראָגראם פונם פראָלעטאריאט איז טאקע אויפגעשטאנען ענ-געלס, וואָס האָט אין 1891 יאָר געזעען ערשט די שוואכסטע שפּראָצונגען פון אָפּאָרטוניזם אין זיין פארטיי און האָט זיך דערפאר אויסגעדריקט זייער פארזיכטיק:

„העיוס ווי אין דער קאָמונע זיינען געזעסן קימאַט אויסשליסלעך ארבע-טער אָדער אנערקענטע פאָרשטייער פון ארבעטער, דעריבער האָבן זיך אויך אירע באַשטימונגען אויסגעצייכנט דורך א באשטימטן פראָלעטאַרישן כאראַק-טער. אָבער דידאָזיקע באַשלוסן האָבן דעקרעטירט אזעלכע רעפאָרמעס, וואָס די רעפּובליקאַנישע בורזשואזיע האָט זיך פון זיי אָפּגעזאָגט נאָר צוליב ני-דערטרעכטיקער פאַכדאָנעס און וואָס זיינען דער נויטיקער יעסאָד פאר דער פרייער טעטיקייט פון אַרבעטער-קלאַס. אזוי איז, א שטייגער, געוועזן דאָס דורכפירן אין לעבן דעם פרינציפּ, אז בענויגייע צו דער מלוכע איז די רעליגיע א פריוואַט-זאַך. אָדער די קאָמונע האָט ארויס-געגעבן באַשטימונגען, וואָס דינען דירעקט די אינטערעסן פון ארבעטער-קלאַס און וואָס שניידן זיך צום טייל טיף אריין אין דער אלטער געזעלשאפטלעכער אָרדנונג”.

ענגעלס האָט מיט א קיוון אונטערגעשטראָכן די ווערטער, „בענויגייע צו דער מלוכע”, ווייל ער האָט געמיינט דערמיט צו טרעפן אין סאַמע פונקט דעם דייטשישן אָפּאָרטוניזם, וואָס האָט דערקלערט די רעליגיע פאר א פרי-וואַט-זאַך בענויגייע צו דער פאַרטיי און וואָס האָט אַף אַזאַ אויפן דערנידעריקט די פאַרטיי פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט ביז דעם שטאנד פון פלאכסטן „פריידענקערישן” קליינבירגערטום, וואָס איז גרייט אָנצונעמען א

קאנפעסיאנסלאזן צושטאנד, נאָר מ׳זאָגט זיך אָפּ פון דער אויפגאַבּע צו קעמפן, ווי א פּאַרטיי, קעגן רעליגיעזן אָפּיום, וואָס פאַרפינסטערט די מוֹיכעס פון פאָלק.

דער קומענדיקער היסטאָריקער פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָק-ראטיע, בעאייס ער וועט זוכן די וואָרצלען פון איר מיעסן דורכפאַל אין יאָר 1914, וועט געפינען ניט ווינציק אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל מיקויעך דער פראַגע, אָנגעהויבן פון אומבאשטימטע דערקלערונגען אין די אַרטיקלען פונם אידייאישן פירער פון דער פּאַרטיי, קאַאוטסקי, וואָס עפענען ברייט די טירן פארן אָפּאָרטוניזם, און געענדיקט מיט דער באַציאונג פון דער פּאַרטיי צו דער באַוועגונג אף ארויסגיין פון דער קירך, וואָס איז פארגעקומען אין יאָר 1913.

נאָר לאָמיר איבערגיין דערצו, ווי אזוי ענגעלס האָט אין 20 יאָר ארום נאָך דער קאָמונע געמאכט א סאַכאַקל דערפון, וואָס עס קאָן פון איר אָפּלער-נען דער קעמפנדיקער פּראָלעטאַריאַט.

אָט וואָס פאר א לעקציעס ענגעלס שטעלט ארויס אפן ערשטן פּלאַץ:

... „גראָד אָט יענע אונטערדריקנדיקע מאַכט פון דער פריערדיקער צענ-טראַליזירטער רעגירונג, די אַרמיי, די פּאָליטישע פּאָליציי, די ביוראָקראַטיע, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געשאפן אין יאָר 1798 און וואָס זינט דעמאָלט האָט די איטלעכע נייע רעגירונג איבערגענומען ווי א געוואונשן געצייג און אויסגע-נוצט זי קעגן אירע קעגנער, גראָד אָט די מאַכט האָט געדארפט פאלן אומע-טום אין פראנקרייך, פּונקט ווי זי איז געפאַלן אין פּאַריז.

די קאָמונע האָט גלייך פון אנהויב געמוזט מוידע זיין, אז דער ארבע-טער-קלאַס, בעאייס ער קומט צו הערשאפט, קאָן ער ווייטער ניט באַלעבאַטע-ווען מיט דער אַלטער מלוכע-מאַשין; אַז קעדיי ניט אנצואווערן זיין אָקאָרשט גע-וואונענע הערשאַפט, מוז דער ארבעטער-קלאַס, פון איין זייט, אָפּשאַפן די גאַנ-צע אַלטע אונטערדריקונגס-מאַשין, וואָס איז ביז אהער אויסגענוצט געוואָרן קעגן אים, און פון דער אנדער זייט, מוז ער זיך פארזיכערן קעגן זיינע איי-גענע דעפּוטאַטן און באַאַמטע דורכדעם, וואָס ער דערקלערט, אז אלע אן אויסנאַם קענען זיי צו איטלעכער צייט אראָפּגעזעצט ווערן”...

ענגעלס שטרייכט אונטער נאָך אמאל און ווידער אמאָל, אז ניט בלויז אין א מאָנאַרכיע, נאָר אַפילע אין א דעמאָקראַטישער רעפּובליק בלייבט די מלוכע א מלוכע, ד. ה., בא איר פארבלייבט דער איקער-שטריך: צו מאכן די אָנגעשטעלטע פאר „דינער פון דער געזעלשאַפט”, — און די אָר-גאנען פון דער געזעלשאפט — פאר אויבערהארן איבער דער געזעלשאַפט!

...„קעגן דעם, אז די מלוכע און די אָרגאַנען פון דער מלוכע זאָלן אנ-שטאָט צו זיין דינער פון דער געזעלשאַפט ניט ווערן אויבערהארן איבער דער געזעלשאַפט, ווי דאָס האָט געמוזט ביז אהער געשעען אין אלע מלוכעס, האָט די קאָמונע אָנגעווענדעט צוויי זיכערע מיטלען — ערשטנס, האָט זי באשטימט אף אַלע פּאָסטנס פון פאַרוואַלטונג, געריכט, פאָלקס-בילדונג, מענטשן—אויסגע-קליבענע לויט אלגעמיינער אָפּשטימונג, און דערביי האָט זי איינגעפירט דאָס

רעכט אָפּצורופן דידאָזיקע אויסגעקליבענע צו יעדער צייט, ווען זייערע וויילער באַשטימען דאָס. צווייטנס, האָט זי געצאָלט אַלע אָנגעשטעלטע, סאַי די העכסטע און סאַי די נידעריקערע, נאָר אזא סכירעס, וואָס עס האָבן באַקומען אנדערע ארבעטער. די העכסטע סכירעס, וואָס די קאָמונע האָט אין אלגעמיין געצאָלט איז געווען 6000 פראַנק.*)

אַף אזא אויפן איז געשאַפן געוואָרן א זיכערע שטערונג פאַרן יאָגן זיך נאָך שטעלעס און פאַר קאַריעריזם אפילע אומאָפּהענגיק פון די אימפּעראַטיווע מאַנדאַטן פאַר די דעפּוטאַטן אין די פאַרטרעטונגס אנשטאלטן, וואָס די קאָמונע האָט איינגעפירט"...

דאָ דערגייט ענגעלס ביז צו יענעם אינטערעסאַנטן גרעניץ-פּונקט, וואו קאָנסעקווענטע דעמאָקראַטיע ווערט פון איין זייט פאַרוואנדלט אין סאָציאַליזם און פון דער אנדער זייט, וואו זי פּאָדערט סאָציאַליזם. ווארום קעדיי אָפּצושאַפן די מלוכע, מוזן די פונקציעס פון מלוכע-דינסט ווערן אזעלכע פּאָשעטע אָפּעראַציעס פון קאָנטראָל און כעשבן, וואָס די גרעסטע מערהייט פון דער באפעלקרונג, און שפּעטער די באפעלקערונג אינגאַנצן, זאָל קאָנען זיי אויספירן. און קעדיי אינגאַנצן מעוואטל זיין דעם קאַריעריזם, טאָר ניט געמאָלט זיין, אַז א „בעקאָוועדיקע", האגאם ניט קיין באַצאָלטע, שטעלע אין מלוכע-דינסט זאָל קאָנען דינען ווי א בריקל אַף אריבערצושפּרינגען אַף די רייך באַצאָלטע שטעלעס אין באנקן און אקציען-געזעלשאַפטן, ווי דאָס טרעפט שטענדיק אפילע אין די פרייסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

אָבער ענגעלס באַגייט ניט יענעם טאָעס, וואָס עס באַגייען, א שטייגער, אנדערע מאַרקסיסטן בענויגייע צו דער פראַגע וועגן רעכט פון די נאַציעס אַף זעלבסטבאַשטימונג; מע טאינעט, אז באַם קאַפּיטאַליזם איז דאָס קלוימערשט ניט מעגלעך און באם סאָציאַליזם איז עס איבעריק. אזא מין, קלוימערשט, שארפזיניקע, נאָר אין דער עמעסן פאלשע, כקירע וואָלט מען געקאָנט איבערכאזערן וועגן וואָסער איר ווילט דעמאָקראַטישע איינריכטונג. אויך וועגן באַשיידענע סכירעס פאַר באאמטע קאָן מען דאָס זאָגן, וואָרום קיין דעמאָקראַטיע, וואָס זאָל זיין קאָנסעקווענט ביזן סאָף, איז באַם קאַפּיטאַליזם ניט מעגלעך און באם סאָציאַליזם וועט אָפּשטאַרבן יעטווידע דעמאָקראַטיע.

דאָס איז א סאָפיזם, וואָס איז ענלעך צו יענעם אלטן וויץ, צי ווערט דער מענטש פליכעוואַטע, ווען ער וועט האָבן מיט איין האָר ווינציקער.

אַנטוויקלען די דעמאָקראַטיע ביזן סאָף, ארויסזוכן די פאָרמען פון אָט דער אַנטוויקלונג, אויספּרואוון זיי אַף דער פּראַקטיק א. א. וו. דאָס אַלץ איז איינע פון די אויפגאַבן פון קאַמף פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. גענומען אַליין פאַר זיך, וועט קיין שום דעמאָקראַטיזם ניט געבן קיין סאָציאַליזם, אין לעבן אָבער וועט דער דעמאָקראַטיזם קיינמאָל ניט ווערן „גענומען אליין", נאָר

*) נאָמינאַל גיט דאָס אן ערעך 2450 רובל, און לויט דעם איצטיקן קורס אן ערעך 6000 רובל, פאלש ביז גאָר טוען יענע באָלשעוויקעס, וואָס לייגן פאָר, א שטייגער, אין די שטאָט-דומעס א סכירעס פון 9000 רובל און לייגן ניט פאר אַיינצופירן *פאר דער גאנצער מלוכע* א מאקסימום פון 6000 רובל, דאָס איז א גענוגנדע סומע.

עד וועט ווערן „גענומען צוזאַמען", ארויסווייזן זיין ווירקונג אויך אַף דער עקאָנאָמיק, אונטערשטופּן איר אומענדערונג, ארונטערפאַלן אונטער דער ווירקונג פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג א. א. וו. אָט דאָס איז די דיאַלעקטיק פון דער לעבעדיקער געשיכטע.

ווייטער שרייבט ענגעלס:

...„דידאַזיקע אויפרייסונג פון דער אלטער מלוכע מאַכט, דער אומבייט אירער דורך דער נייער, עמעסער דעמאָקראַטישער מאַכט, איז אויספירלעך באשריבן אין דער דריטער אָפּטיילונג פון „בירגער-קריג". נאָר ס'איז נויטיק געווען נאָך אמאָל זיך אָפּשטעלן אפן דאָזיקן אומבייט, וואָרום גראָד אין דייטשלאַנד איז די אבערגלויבישע עמונע אין דער מלוכע אריבערגעגאנגען פון דער פילאָסאָפיע אין דעם אלגעמיין באוואוסטזיין פון דער בורזשואזיע און אַפילע פון אסאך ארבעטער. לויט דער לערע פון די פילאָסאָפן, איז מלוכע די „פאַרווירקלעכונג פון דער אידייע" אָדער, אַף דער פילאָסאָפן-שפּראַך איבערגעזעצט, גאָטס קעניגרייך אַף דער וועלט. מלוכע איז דער פלאַץ, וואו עס ווערט פאַרווירקלעכט, אָדער עס מוז פאַרווירקלעכט ווערן, דער אייביקער עמעס און יושער. דערפון איז געדרונגען דער אבערגלויבישער איראס האקאָוועד צו דער מלוכע און צו אלץ, וואָס האָט א שאיכעס צו דער מלוכע. אָבער דער אבערגלויבישער איראס-האַקאָוועד ווערט נאָך גרינגער איינגעוואָרצלט צוליב דעם, וואָס פון קינדהייט אָן זיינען מענטשן געוואוינט צו טראַכטן, אז די איניאָנים און אינטערעסן, וואָס געהערן בעשוטפעס דער גאַנצער געזעלשאַפט, קאָנען קלוימערשט אנדערש ניט אָפּגעטאָן און אָפּגעהיט ווערן, סאַידן אפן פּריערדיקן אויפן, ד. ה., דורך דער מלוכע און דורך אירע באאמטע, וואָס ווערן באַלוינט דורך גוט באצאָלטע שטעלעס. מענטשן בילדן זיך איין, אז זיי מאַכן אָן אומגעווייגלעך שטאַרקן שריט פאָרויס, ווען זיי ווערן פאָטער פונם גלויבן אין א יערושע מאנארכיע און ווערן אָנהענגער פון א דעמעקראטישער רעפּובליק. אין דער עמעסן אָבער איז די מלוכע ניט מער ווי א מאַשין אַף אונטערצודריקן איין קלאַס דורכן אנדערן, און אין א דעמאָקראַטישער רעפּובליק אַף א האָר ניט ווינציקער איידער אין א מאָנאַרכיע. אין בעסטן פאַל איז די מלוכע א צאָרע, וועלכע ווערט בעיערושע איבערגעגעבן דעם פּראָלעטאַריאט, וואָס האָט אָפּגעהאלטן א ניצאָכן אין קאַמף פאַר דער קלאַסן-הערשאַפט. דער פּראָלעטאַריאט, וואָס וועט מענאצייאך זיין, וועט פּונקט אזוי ווי די קאָמונע זיין געצוואונגען באלד אָפּצושניידן די ערגסטע זייטן פון דערדאָזיקער צאָרע, ביז עס וועט אונטערוואקסן א נייער דאָר, וואָס האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אין נייע, פרייע געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען. דער נייער דאָר וועט זיין אימשטאנד ארויסצוווארפן אָט דאָס גאנצע אלטווארג פון דער מלוכעשקייט.

ענגעלס האָט געוואָרנט די דייטשן, אז ווען די מאָנאַרכיע וועט פאַרביטן ווערן דורך דער רעפּובליק, זאָלן זיי ניט פאַרגעסן אָן די יעסוידעס פון סאָציאליזם בעטרעף דער פראַגע וועגן דער מלוכע ביכלאַל. זיינע וואָרנונגען לייענען זיך איצט ווי א דירעקטע אנצוהערעניש די ה'ה צערעטעליס און טשערנאָווס, וואָס האָבן ארויסגעוויזן אין זייער „קאָאַליציאָנער" פּראַקטיק

אן אבערגלויבישע עמונע אין דער מלוכע און אן אבערגלויבישן אידאס-האַ-קאָוועד צו איר!

נאָך צוויי באַמערקונגען: 1) אויב ענגעלס זאָגט, אז אויך אין דער דע-מאָקראַטישער רעפּובליק בלייבט די מלוכע א מאשין אַף צו אונטערדריקן איין קלאַס דורכן אַנדערן „אַף א האָר ניט ווייניקער", איידער אין דער מאָנאַרכיע, הייסט דאָס גאָרניט, אז די פאָרם פון אונטערדריקונג זאָל זיין פארן פּראָלע-טאַריאַט גלייכגילטיק, ווי עס „לערנען" אנדערע אנארכיסטן. א ברייטערע, פרייערע אָפענע פאָרם פון קלאַסן-קאַמף און קלאַסן-אונטערדריקונג גיט דעם פּראָלעטאריאַט א ריזיקע פאַרלייכטערונג אינם קאַמף פאַר דער פארניכטערונג פון קלאַסן ביקלאַל.

2) פאַרוואָס נאָר דער נייער דאָר וועט זיין אימשטאַנד ארויסצואווארפן דאָס גאַנצע אלטווארג פון מלוכעשקייט, — דיזאָזיקע פראַגע איז פארבונדן מיט דער פראַגע וועגן באקעמפן די דעמאָקראַטיע און צו איר גייען מיר איצט איבער.

## 6. ענגעלס וועגן בייקומען די דעמאָקראטיע.

ענגעלסן איז אויסגעקומען זיך ארויסצוזאָגן מיקויעך דעם אין צוזאמענ-האנג מיט דער פראַגע, וועגן דער וויסנשאַפטלעכער ניט ריכטיקייט פונם נאָ-מען „סאָציאַל-דעמאָקראַט".

אין דער האַקדאָמע צו דער אויסגאבע פון זיינע אַרטיקלען פון די 1870-טע יאָרן אַף פאַרשיידענע טעמעס, הויפּטזאַכלעך פון א „אינטערנאציאָנאַלן" אינהאַלט— אין דער האַקדאָמע, וואָס איז דאַטירט מיטן 3-טן יאַנוואר 1894 יאָר, ד. ה., וואָס איז אָנגעשריבן מיט $1^1/_2$ יאָר פאַר ענגעלסעס טויט, האָט ער געשריבן, אַז אין אַלע אַרטיקלען געברויכט ער דאָס וואָרט „קאָמוניסט", און ניט „סאָציאַל-דעמאָקראַט", ווארום דעמאָלט האָבן זיך אָנגערופן סאָציאַל-ד'עמאָקראַטן די פּרודאָניסטן אין פראַנקרייך און די לאַסאַליאָנער אין דייטש-לאַנד.

...„פאַר מאַרקסן און פאַר מיר—שרייבט ענגעלס ווייטער—איז דעריבער געווען אינגאַנצן אומעגלעך צו באַנוצן אַף צו באַצייכענען ספּעציעל אונזער שטאַנדפּונקט מיט אזאַ עלאסטישן וואָרט. באַ היינטיקן טאָג שטייט די זאַך אַנדערש, און אָט דאָס וואָרט („סאָציאַל-דעמאָקראַט") קען עפּשער אָנגיין, האַ-גאַם עס בלייבט אומפּאסיק פאַר אַזאַ פּאַרטיי, וואָס איר עקאָנאָמישע פּראָגראַם איז ניט פּאָשעט סאָציאַליסטיש ביכלאַל, נאָר בעפּיירעש קאָמוניסטיש,—פאַר אַ פּאַרטיי, וואָס איר פּאָליטישער ענדציל איז בייצוקומען די גאַנצע מלוכע און מעמיילע אויך די דעמאָקראַטיע, נאָר דער נאָמען פון ע מ ע ס ע (אונטער-געשטרויכן פון ענגעלסן) פּאָליטישע פּאַרטייען פּאַסט קיינמאָל ניט אינגאַנצן צו זיי; די פּארטיי אַנטוויקלט זיך, דער נאָמען בלייבט"...

דער דיאַלעקטיקער ענגעלס בלייבט ביזן סאָף פון זיינע טעג געטריי דער דיאַלעקטיק. „מאַרקס און איך,—זאָגט ער,—האָבן געהאַט אן אויסגע-צייכנטן, וויסנשאַפטלעכן-פּינקטלעכן נאָמען פון דער פּאַרטיי, נאָר עס איז ניט

געווען קיין עמעסע, ד. ה. קיין פּראָלעטאַרישע מאַסן-פּאַרטיי. איצטער (סאָף פון 19-טן יאָרהונדערט) איז פאַראַן אַן עמעסע פּאַרטיי, נאָר איר נאָמען איז וויסנשאַפטלעך ניט ריכטיק, ס׳מאַכט ניט אויס, „ס׳קען אָנגיין“, אַבי נאָר די פּאַרטיי זאָל זיך אנטוויקלען, אַבי נאָר די וויסנשאַפטלעכע אומפּינקט-לעכקייט פון איר נאָמען זאָל ניט זיין פון איר פאַרהוילן און זאָל איר ניט שטערן זיך צו אַנטוויקלען אין דער געהעריקער ריכטונג.

ס׳וועט זיך עפּשער געפינען אַ לעץ, וואָס וועט וועלן אויך אונז, באָל-שעוויקעס, טרייסטן אל-פּי ענגעלס: מיר האָבן אן עמעסע פּאַרטיי, זי אַנט-וויקלט זיך אויסגעצייכנט; „ס׳וועט אָנגיין“ אַפילע אזא אומגעלומפּערט וואָרט, ווי „באָלשעוויק“, וואָס באַטייט אינגאַנצן גאָרניט, כוץ אָט דעם צופעליקן פאַקט, וואָס אויפן ברוסעל-לאַנדאָנער צוזאַמענפאָר פון 1903 האָבן מיר גע-האַט אַ מערהייט... איצט עפּשער, ווען די רעדיפעס, וואָס אונזער פּאַרטיי האָט געהאַט אויסצושטיין אין יולי און אַווגוסט מיצאַד די רעפּובליקאַנער און מיצאַד דער „רעוואָלוציאָנער“ קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע, האָבן געמאַכט דאָס וואָרט „באָלשעוויק“ פאַר אַזאַ בעקאָוועדיקן פאַר דאָס גאַנצע פאָלק, ווען זיי האָבן, כוץ דעם, באַצייכנט אַ ריזיקן היסטאָרישן שריט פאָרויס, וואָס אונ-זער פּאַרטיי האָט געמאַכט אין איר עמעסער אַנטוויקלונג,— איצטער וואָלט איך אויך עפּשער אַ וואַקל געטאָן זיך אין דעם פאָרשלאַג, וואָס איך האָב געמאַכט אין אַפּריל, איבערצובייטן דעם נאָמען פון אונזער פּאַרטיי. ס׳קאָן זיין, איך וואָלט פאָרגעלייגט מיינע כאַווײרים אַ „פּשאָרע“: אָנרופן זיך קאָמו-ניסטישע פּאַרטיי און אין קלאַמערן איבערלאָזן דאָס וואָרט באָלשעוויקעס...

אָבער די פראַגע וועגן פּאַרטיי איז ניט אין אַן ערעך וויכטיקער וויכטיק איידער די פראַגע וועגן דער באַציאונג פונם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט צו דער מלוכע.

אין די געוויינלעכע באַטראַכטונגען וועגן דער מלוכע באַגייט מען שטענדיק דעם טאָעס, וואָס ענגעלס וואָרנט דאָ פון אים און וואָס מיר האָבן אויבן פאַרבייגייענדיק אָנגעצייכנט. דעהאיינע: מע פאַרגעסט שטענדיק, אַז די פאַרניכטונג פון דער מלוכע איז אויך די פאַרניכטונג פון דער דעמאָקראַטיע, אַז די אָפּשטאַרבונג פון דער מלוכע איז די אָפּשטאַרבונג פון דער דעמאָ-קראַטיע.

אפן ערשטן קוק זעט אזא באַהויפּטונג אויס זייער מאָדנע און אומפאַר-שטענדלעך. ס׳קען עפּשער אפילע בא עמיצן אויפקומען דער געדאַנק, צי׳ וואַרטן מיר ניט, עס זאָל אָנקומען אזא געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג, ווען עס וועט ניט אָפּגעהיט ווערן דער פּרינציפּ, אז די מינדערהייט דאַרף זיך אונטער-געבן דער מערהייט, וואָרום די דעמאָקראַטיע איז דאָך די אַנערקענונג פונם דאָזיקן פּרינציפּ?

ניין. דעמאָקראַטיע באַטייט ניט דאָכזעלביקע, וואָס דער פּרינציפּ, אז די מינדערהייט דאַרף זיך אונטערגעבן דער מערהייט, דעמאָקראַטיע איז אזא מלוכע, וואָס אנערקענט, אז די מינדערהייט דאַרף זיך אונטערוואַרפן דער מערהייט, ד. ה. אן אָרגאַניזאַציע פון סיסטעמאַטישער געוואַלט מיצאַד איין

קלאס איבערן אנדערן, מיצאד איין טייל פון דער באפעלקערונג איבער אַנדערן.

מיר שטעלן אוועק פאר אונזער ענדציל אָפּצושאפן די מלוכע, ד. ה. יעטווידער אָרגאניזירטער און סיסטעמאטישער געוואלט, יעטווידער געוואלט איבער מענטשן ביכלאל. מיר ווארטן ניט, אז עס זאָל אָנקומען אזא געזעלשאפטלעכע אָרדנונג, ווען עס זאָל ניט אָפּגעהיט ווערן דער פּרינציפּ, אז די מינדערהייט דארף זיך אונטערוואַרפן דער מערהייט, נאָר בעאייס מיר שטרעבן צו סאָציאליזם, זיינען מיר איבערצייגט, אז ער וועט אריבערוואקסן אין קאָמוניזם און אין צוזאמענהאנג מיט דעם וועט ביכלאל פארשווינדן יעדע נויטווענדיקייט צו געברויכן געוואלט קעגן מענטשן. דעמאָלט וועט ביכלאל קיין איין מענטש זיך ניט דארפן אונטערוואַרפן דעם אנדערן, קיין איין טייל ניט פון דער באפעלקערונג דעם אנדערן טייל, וואָרום מענטשן וועלן זיך צוגעוואוינען אָפּצוהיטן די עלעמענטארע טנאָים פון געזעלשאפטלעכקייט אָן געוואלט און אונטערוואַרפונג.

קעדיי אונטערצושטרייכן אָט דעם עלעמענט פון געוואוינהייט, רעדט טאקע ענגעלס וועגן א נייעם דאָר, וואָס איז „אויסגעוואקסן אין נייע, פרייע געזעלשאפטלעכע באדינגונגען, וואָס ער וועט זיין אימשטאנד ארויסצוואַרפן דאָס גאנצע אלטווארג פון דער מלוכעשקייט״,—פון יעדער מלוכעשקייט, דערונטער אויך פון דער דעמאָקראטיש-רעפובליקאנישער מלוכעשקייט.—קעדיי דאָס אויפצוקלערן, דארף מען פאנאנדערקלייבן די פראגע וועגן די עקאָנאָמישע יעסוידעס פונם אָפּשטאַרבן פון דער מלוכע.

---

קאַפּיטל ה׳

# די עקאָנאָמישע יעסוידעס פון דער אָפּשטאַרבונג פון דער מלוכע.

די אויספירלעכע אויפקלערונג פון אָט דער פראַגע האָט מאַרקס געגעבן אין זיין „קריטיק פון דער גאָטישער פּראָגראַם״ (אַ בריוו צו בראַקע פון 5-טן מאַי פון יאָר 1875, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן ערשט אין יאָר 1891 אין דער „נייער צייט״ IX, I און איז דערשינען אין רוסיש אין אַ באַזונדער אויסגאַבע). דער פּאָלעמישער טייל פון אָט דעם מערקווירדיקן ווערק, וואָס באַשטייט פון דער קריטיק פון לאסאליאניזם, האָט אָוועקגעשטעלט אין סאָטן אַזוי צו זאָגן, זיין פּאָזיטיווע זייט, דעהאינע, דעם אַנאַליז פונם צוזאַמענהאַנג צווישן דער אַנטוויקלונג פון קאָמוניזם און צווישן דעם אָפּשטאַרבן פון דער מלוכע.

## 1. ווי אַזוי מאַרקס שטעלט די פראַגע.

ווען מען פאַרגלייכט אויבערפלעכלעך מאַרקס בריוו צו בראַקע פון 5 מאַי 1875 יאָר מיט דעם אויבן געבראַכטן בריוו פון ענגעלסן צו בעבעלן פון 28 מאַרט 1875 יאָר, קאָן זיך אויסדוכטן, אַז מאַרקס איז אַסאַך אַ גרעסערער „אָנהענגער פון דער מלוכע" איידער ענגלס, און אַז דער אונטערשייד צווישן די אַנשויאונגען פוןביידע שריפטשטעלער אַף דער מלוכע איז זייער אַ באַדייטנדיקער.

ענגעלס לייגט פאָר בעבעלן אינגאַנצן אַרויסוואַרפן די פלוידעריי וועגן מלוכע, פאַרטרייבן דאָס וואָרט מלוכע פון דער פּראָגראַם און פאַרבייטן עס דורכן וואָרט „געמיינדע". ענגעלס דערקלערט אַפילע, אַז די קאָמונע איז שוין ניט געווען קיין מלוכע, אינם אייגנטימלעכן זין פון וואָרט, מאַרקס, פאַרקערט, רעדט אַפילע וועגן דער „קומענדיקער מלוכעשקייט פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט", ד. ה., ער אַנערקענט קלוימערשט, אַז מלוכע מוז עקזיסטירן אַפילע באַם קאָמוניזם.

אַזאַ קוק וואָלט אָבער געווען אין גרונט פאַלש, ווען מע קוקט זיך צו נעענטער, קאָן מען זען, אַז מאַרקס און ענגעלסעס אַנשויאונגען אַף דער מלוכע און אַף איר אָפּשטאַרבן פאַלן פאָלקאָם צונויף, און מאַרקס אָקאָרשט געבראַכטער אויסדרוק איז שאַיעך גראָד צו דער אָפּשטאַרבנדיקער מלוכעשקייט.

ס'איז קלאָר, אַז עס קאָן ניט זיין קיין רייד וועגן באַשטימען דעם מאָמענט פונם קינפטיקן „אָפּשטאַרבן" פון דער מלוכע. ביפראַט נאָך, אַז עס איז לעכאַטכילע באַקאַנט, אַז דאָס אָפּשטאַרבן איז אַ דויערנדיקער פּראָצעס. דער קלוימערשטער כילעק צווישן מאַרקסן און ענגעלסן לאָזט זיך דערקלערן דורכן אונטערשייד פון די טעמעס, וואָס זיי האָבן זיך גענומען, פון די אויפגאַבן, וואָס זיי האָבן זיך געשטעלט. ענגעלס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו באַווייזן בעבעלן בוילעט, שאַרף, אין אַלגעמיינע שטריכן די גאַנצע אומגעלומפּערטקייט פון די אָנגענומענע פאָרורטיילן וועגן דער מלוכע (וואָס לאַסאַל האָט אויך פון דעם געהאַלטן ניט אין אַ קליינער מאָס). מאַרקס באַרירט נאָר אַגעוואורכע אָט די פראַגע, וואָרום ער אינטערעסירט זיך מיט אַן אַנדערע טעמע: מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

מאַרקסעס גאַנצע טעאָריע באַשטייט אין דער אָנווענדונג פון דער אַנטוויקלונגס טעאָריע—און איר קאָנסעקווענסטער, פולסטער, דורכגעטראַכטסטער און אינהאַלט-רייכסטער פאָרם—צום מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם. ס'איז נאַטירלעך, אַז פאַר מאַרקסן איז אויפגעשטאַנען די פראַגע וועגן דעם, ווי אַזוי אָנצוואָווענדן דידאַקטיקע טעאָריע סײַ צום קומענדיקן כורבן פון קאַפּיטאַליזם און סאַי צו דער קומענדיקער אַנטוויקלונג פון דעם קומענדיקן קאָמוניזם.

אַף וואָסער סמאַך קאָן אַלזאָ געשטעלט ווערן די פראַגע וועגן דער קומענדיקער אַנטוויקלונג פון קומענדיקן קאָמוניזם?

אַפן סמאַך דערפון, וואָס ער שטאַמט פונם קאַפּיטאַליזם, וואָס ער

אַנטוויקלט זיך היסטאָריש פונם קאַפּיטאַליזם, וואָס ער איז אַ רעזולטאַט פון דיווירקונגען פון אַזאַ געזעלשאַפטלעכער קראַפט, וואָס איז געבאָרן דורכן קאַפּיטאַליזם. באַ מאַרקסן איז ניטאָ קיין ברעקל פּרואוו אויפצוקלערן אוטאָפּיעס, צו וועלן טרעפן גלאַט אין דער וועלט אַריין מיקויעך דעם, וואָס מע קאָן ניט וויסן. מאַרקס שטעלט די פראַגע וועגן קאָמוניזם אַזוי, ווי אַ נאַטור פאָרשער, אָ שטייגער, וואָלט געשטעלט די פראַגע וועגן דער אַנטוויקלונג פון אַ נייעם ביאָלאָגישן מין, וויבאַלד מיר ווייסן, אז אַזוי און אַזוי איז ער געוואָרן און אין אַזאַ און אַזאַ ריכטונג ווערט ער איבערגעביטן.

מאַרקס וואַרפט קוידעם קאָל אָפּ די פּלאָנטערניש, וואָס די גאָטישע פּראָגראַם טראָגט אַריין אין דער פראַגע וועגן דער קעגנזייטיקער באַציאונג צווישן מלוכע און געזעלשאַפט.

...„די מאָדערנע געזעלשאַפט—שרייבט ער—איז אַ קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט, וואָס עקזיסטירט אין אַלע ציוויליזירטע לענדער, מער אָדער ווייניקער פריי פון צומישונגען פון מיטל-אלטער, מער אָדער ווייניקער מאָדיפיצירט דורך באַזונדערקייטן פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון איטלעכן לאַנד, מער אָדער ווייניקער אַנטוויקלט. פאַרקערט, די „מאָדערנע מלוכע״ בייט זיך מיט איטלעכער מלוכע גרעניץ. אין דער פּרייסיש-דייטשישער אימפּעריע איז זי גאָר אינגאַנצן אַן אַנדערע ווי אין דער שווייץ, אין ענגלאַנד אַן אַנדערע, ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די „מאָדערנע מלוכע״ איז, הייסט עס, אַ פיקציע.

נאָר האַגאַם די פאַרשיידענע מלוכעס פון די פאַרשיידענע ציוויליזירטע לענדער זיינען אַזוי פאַרשיידן צווישן אַנאַנדער, כּונדעסטוועגן האָבן זיי אַלע צווישן זיך שוטפעסדיקעס דאָס, וואָס אַלע שטייען זיי אָפּן באָדן פון דער מאָדערנער בורזשואַזער געזעלשאַפט, וואָס איז מער אָדער ווייניקער קאַפּיטאַליסטיש—אַנטוויקלט. זיי האָבן דעריבער אייניקע געמיינזאַמע גרונט סימאָנים. אין דעם זין קאָן מען ריידן וועגן אַ „מאָדערנער מלוכעשקייט״ ווי אַ קעגנזאַץ צו יענער צוקונפט, ווען עס וועט אָפּשטאַרבן איר איצטיקער וואָרצל, די בורזשואַזע געזעלשאַפט.

„די פראַגע ווערט דערנאָך געשטעלט אַזוי: ווי אַזוי וועט איבערגעענדערשט ווערן די מלוכעשקייט אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט? מיט אַנדערע ווערטער: וואָסערע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס וועלן דעמאָלט בלייבן, וואָס זיינען ענלעך צו די איצטיקע מלוכע פונקציעס? אָף דערדאָזיקער פראַגע קאָן מען ענטפערן נאָר וויסנשאַפטלעך. און וויפל טויזנטער מאָל מע זאָל צונויפבינדן דאָס וואָרט „פאָלק״ מיטן וואָרט „מלוכע״, וועט דאָס אָף אַ האָר ניט נעענטער ברענגען דעם ענטפער״.

אויסגעלאַכט אָף אַזאַ אויפן אַלע ריידערייען וועגן „פאָלקס-מלוכע״, גיט מאַרקס די שטעלונג פון דער פראַגע און ער איז אַזוי ווי מאַסרע, אַז צוליב וויסנשאַפטלעכן ענטפער אָף דער פראַגע מעג מען אָפּערירן נאָר מיט וויסנשאַפטלעכע, פעסטגעשטעלטע אָנגאַבן.

דאָס ערשטע, וואָס איז פעסטגעשטעלט פּולקום גענוי דורך דער גאַנ-

צער אַנטוויקלונגס-טעאָריע, דורך דער גאַנצער וויסנשאַפט ביכלאַל,—און וואָס עס פאַרגעסן די איצטיקע אָפּאָרטוניסטן, וועלכע האָבן מוירע פאַר דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, איז דאָס, אַז בליסאָפעק מוז היסטאָריש זיין אַ באַזונדער סטאַדיע אָדער אַ באַזונדער עטאַפּ, וואָס איז אַן איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו קאָמוניזם.

## 2. דער איבערגאנג פון קאַפּיטאַליזם צום קאָמוניזם.

...„צווישן דער קאַפּיטאַליסטישער און דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט — שרייבט מאַרקס ווייטער — ליגט אַ פּעריאָד פון רעוואָלוציאָנערן פאַרוואַנדלט ווערן פונם ערשטן אינם צווייטן. דערדאָזיקער פּעריאָד באַטייט אויך אַ פּאָליטישער איבערגאַנגס-פּעריאָד; און די מלוכע פון אָט דעם פּעריאָד קאָן זיין ניט אַנדערש, סאַידן די רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט".

דערדאָזיקער אויספיר איז באַ מאַרקסן באַגרינדעט אַפּן אַנאַליז פון יענער ראָלע, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט שפּילט אין דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. אַף די פאַקטן וועגן דער אנטוויקלונג פון אָט דערדאָזיקער געזעלשאַפט און וועגן דעם, אז צווישן די ווידערשפּרעכיקע אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט און פון דער בורזשואַזיע קאָן קיין אויסגלייך ניט געמאָלט זיין.

פריער פלעגט די פראַגע געשטעלט ווערן אַזוי: קעדיי זיך צו דערשלאָגן צו זיין באפרייאונג, מוז דער פּראָלעטאַריאַט אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע, איינעמען די פּאָליטישע מאַכט, איינשטעלן זיין רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור.

איצטער ווערט די פראַגע געשטעלט עטוואָס אַנדערש: דער איבערגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס אַנטוויקלט זיך צום קאָמוניזם, צו דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, קאָן ניט זיין אָן אַ „פּאָליטישן איבערגאנגס-פּעריאָד", און די מלוכע פון דעמדאָזיקן פּעריאָד קאָן זיין נאָר די רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

וואָס פאַר אַ שאַיכעס איז צווישן אָט דער דיקטאַטור און צווישן דעמאָקראַטיע?

מיר האָבן געזען, אז דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" שטעלט פּאָשעט נעבן אַנאַנד צווי באַגריפן: „די פאַרוואַנדלונג פונם פּראָלעטאַריאַט אין אַ הערשנדיקן קלאַס" און „די דערגרייכונג פון דער דעמאָקראַטיע". אַפּן גרונט פון דעם אַלעס, וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, קאָן מען גענויער באַשטימען, ווי אַזוי עס בייט זיך איבער די דעמאָקראַטיע באַם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו קאָמוניזם.

אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, באַ דעם באַדינג, אויב זי אַנטוויקלט זיך אין די סאַמע גינסטיקע אומשטענדן, האָבן מיר אַ מער אָדער ווייניקער פולן דעמאָקראַטיזם אין דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. אָבער דערדאָזיקער דעמאָקראַטיזם איז שטענדיק צונויפגעפּרעסט דורך די ענגע ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע און ער בלייבט דעריבער שטענדיק

אין טאָך געגומען א דעמאָקראַטיזם פאר דער מינדערהייט, פאר די פאַרמעג-לעכע קלאַסן, פאַר די רייכע. די פרייהייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעל-שאַפט בלייבט שטענדיק אַן ערך דיזעלביקע, ווי עס איז געווען די פרייהייט אין די אַמאָליקע גריכישע רעפּובליקן, ד. ה., א פרייהייט פאַר שקלאַפן-באַזיצער. אַדאַנק די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע פאַרבלייבן די מאָדערנע געדונגענע שקלאַפן אַזוי דערשטיקט דורך נויט און אָרימקייט, אז זיי „גייט ניט איין די דעמאָקראַטיע", „זיי גייט ניט איין די פּאָליטיק", אז באַם געוויינלעכן פרידלעכן פאַרלויף פון די געשעעענישן, ווערט די גרעסטע מערהייט פון דער באַפעלקערונג באַזייטיקט פונם אָנטייל אינם געזעלשאַפטלעך-פּאָליטישן לעבן.

די ריכטיקייט פון אָט דער באַהויפּטונג ווערט עפּשער קלערער פון אַלץ באַשטעטיקט דורכן ביישפּיל פון דייטשלאַנד. וואָרום דאַווקע אין אָט דער מלוכע האָט די קאָנסטיטוציאָנעלע לעגאַלקייט אויסגעהאַלטן וואונדערבאַר לאַנג און שטאַנדהאַפטיק קימאַט א האַלב יאָרהונדערט (1871—1914); די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט דאָרט פאַר דער צייט אויפגעטאָן אַסאַך מער איידער אין אנדערע לענדער, אַף „אויסצונוצן די לעגאַלע מעגלעכקייטן" און אף צו אָר-גאַניזירן אַזאַ גרויסן טייל אַרבעטער אין אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, ווי אין ערגעץ ניט אף גאָר דער וועלט.

איז ווי גרויס איז דער טייל געדונגענע שקלאַפן, וואָס זיינען פּאָליטיש באוואוסטזיניק און אַקטיוו אין אָט דעם לאַנד, וואָס האָט דערגרייכט אין דעם פּראַט צו אַ הויך, וואָס קיין איין קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט קומט צו איר ניט? איין מיליאָן מיטגלידער פון דער ס. ד. פּאַרטיי — פון 15 מיליאָן לוין-אַרבעטער! דריי מיליאָן פּראָפעסיאָנעל אָרגאַניזירטע פון 15 מיליאָן!

דעמאָקראַטיע פאַר א נישטיקער מינדערהייט, דעמאָקראַטיע פאַר די רייכע — אָט דאָס איז דער דעמאָקראַטיזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעל-שאַפט. ווען מע קוקט זיך צו נעענטער צום מעכאַניזם פון דער קאפּיטאַליסטי-שער דעמאָקראַטיע, וועלן מיר דערזעען שטענדיק און אומעטום סאַי אין די „קליינע", קלוימערשטע קליינע, פּראָטים פון וואַל-רעכט (אָנגעזעסנקייט-צענז, דאָס אויסשליסן פרויען א. ד. ג.), סאַי אין דער טעכניק פון די פאַרטרעטונגס-אנשטאַלטן, סאַי אין די פּאַקטישע שטערונגען און פאַרזאַמלונגס-רעכט (גע-זעלשאַפטלעכע ביניאָנים זיינען ניט פאַר „אָרימע לייט"), סאַי אין דער קא-פּיטאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פון דער טעגלעכער פּרעסע און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער, — אומעטום וועלן מיר דערזעען באַגרענעצונגען און ראַק באַגרענעצונגען פונם דעמאָקראַטיזם, דידאָזיקע באגרעניצונגען, אויסנאַמען, אויס-שליסונגען, שטערונגען פאר די אָרימע-לייט זעען אויס קלייניקע, באַזונדערס אַפּן קוק פון יענעם, וואָס האָט אליין קיין נויט ניט געפילט און צו די אונ-טערדריקטע קלאַסן און צו זייער מאַסן-לעבן איז ער קיינמאָל נאָענט ניט גע-שטאַנען (און אַזעלכע זיינען דאָך $^{9}/_{10}$, אויב ניט $^{99}/_{100}$ פון די בורזשואזע פּוב-ליציסטן און פּאָליטיקער), — אָבער אין סאַכאַקל געגומען שליסן אָט די באַגרעני-

צונגען אויס די אָרימע מאַסע, שטופּן זי ארויס פון דער פּאָליטיק, פון אקטיוון אנטייל אין דער דעמאָקראטיע.

מאַרקס האָט אויסגעצייכנט געכאַפּט אָט דעם טאָך פון דער קאַפּיטאַליסטישער דעמאָקראטיע, זאָגנדיק אין זיין אַנאַליז פון דער דערפאַרונג פון דער קאָמונע: די אונטערדריקטע ערלויבט מען איינמאָל אין עטלעכע יאָר צו באשטימען, ווער פון די פּאָרשטייער פונם אונטערדריקער קלאס וועט אין פּארלאַמענט דיר פארטרעטן און צעטרעטן.

נאָר פון אָט דער קאַפּיטאַליסטישער דעמאָקראַטיע, וואָס מוז אומפאַרמיידלעך זיין באַגרעניצט און בעשטיקע אָפּשטויסן די אָרימע מאַסע, (און דערפאַר טאַקע איז זי דורך און דורך פאַלש און צוויעסדיק), — גייט די אַנטוויקלונג פּאָרויס ניט אַזוי פּאָשעט, גלייך און גלאַט „צו אַלץ גרעסערער און גרעסערער דעמאָקראַטיע“, ווי עס שטעלן זיך דאָס פאָר די ליבעראַלע פּראָפעסאָרן און די ביגערלעכע אָפּאָרטוניסטן. ניין. די ווייטערדיקע אנטוויקלונג פּאָרויס, דאס הייסט, צום קאָמוניזם, גייט דורך דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, און אַנדערש קאָן זי ניט גיין, וואָרום עס איז קיין אַנדערער ניטאָ, ווער עס זאָל צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פון די עקספּלואטאטאָרן קאַפּיטאַליסטן און קיין אַנדער וועג דערצו איז ניטאָ.

און די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, דאס הייסט, די אָרגאַניזאַציע פונם אַוואַנגאַרד פון די אונטערדריקטע, ווי דעם הערשנדיקן קלאַס, קעדיי צו דערשטיקן די אונטערדריקער, קאָן ניט געבן פּאָשעט נאָר אַ פאַרברייטערונג פון דער דעמאָקראַטיע. צוגלייך מיט דער גוואַלטיקער פאַרברייטערונג פונם דעמאָקראַטיזם, וואָס ווערט צום ערשטן מאָל אַ דעמאָקראַטיזם פאַר אָרימע, אַ דעמאָקראַטיזם פאַרן פאָלק און ניט קיין דעמאָקראַטיזם פאַר רייכע, גיט די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאט אַ ריי אויסנאַמען פון דער פרייהייט בענויגייע די אונטערדריקער, עקספּלואַטאטאָרן, קאַפּיטאַליסטן. זיי מוזן איר דערשטיקן, קעדיי צו באַפרייען די מענטשהייט פון געדונגענער שקלאַפעריי, זייער ווידערשטאַנד מוז מען צעברעכן מיט געוואַלט, און ס'איז קלאָר, אַז דאָרט, וואו ס'איז פאַראַן אונטערדריקונג, איז פאַראַן געוואַלט, איז ניטאָ קיין פרייהייט, איז ניטאָ קיין דעמאָקראַטיע.

ענגעלס האָט דאָס זייער גוט אויסגעדריקט אינם בריוו צו בעבעלן. ער האָט דאָרט געזאָגט, ווי דער לעזער געדענקט, אַז „דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף האָבן די מלוכע ניט צוליב פרייהייט, נאָר קעדיי אונטערדריקן זיינע קעגנער, און אַז מע וועט קאָנען ריידן וועגן פרייהייט, דעמאָלט וועט שוין קיין מלוכע ניט זיין“.

דעמאָקראַטיע פאַר דער גרעסטער מערהייט פון פאָלק און אונטערדריקונג מיט געוואַלט, דאס הייסט, אויסשליסן פון דער דעמאָקראַטיע די עקספּלואַטאַטאָרן, אונטערדריקער פון פאָלק — אָט דאָס איז די געשטאַלט פון דער דעמאָקראַטיע באַם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צום קאָמוניזם.

ערשט אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, ווען דער ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטן וועט שוין זיין איינגאַנצן צעבראָכן, ווען עס וועלן שוין גאָר

קיין קלאַסן ניט זיין (ד. ה. עס וועט ניט זיין קיין אונטערשייד צווישן די מיטגלידער פֿון דער געזעלשאַפֿט לויט זייער פֿאַרהעלטעניש צו די געזעלשאַפֿטלעכע פּראָדוקציע=מיטלען) — ערשט דעמאָלט „וועט פֿאַרשווינדן די מלוכע, און מע וועט קאָנען ריידן וועגן פֿרייהייט“. ערשט דעמאָלט וועט זיין מעגלעך און וועט פֿאַרווירקלעכט ווערן אַ דעמאָקראַטיע, אַן עמעס פֿולע, אָן אַ שום אויסנאַמען, און ערשט דעמאָלט וועט די מלוכע אָנהויבן אָפּשטאַרבן צוליב דעם פּשוטן טאַם, ווייל באַפֿרייט פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער קנעכטשאַפֿט, פֿון די אָן צאָל שרעקענישן, ווילדקייטן, אומגעלומפּערטקייטן, נעוואָלעס פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, וועלן די מענטשן צו ביסלעכווייז זיך צוגעוויינען אָפּצוהיטן יענע עלעמענטאַרע קלאָלים פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, וואָס זיינען הונדערטער יאָרן באַוואוסט, וואָס ווערן טויזנטער יאָרן איבערגעכאַזערט אין די מוסער-ספֿאָרים, אָפּצוהיטן זיי אָן געוואַלט, אָן צוואַנג, אָן אונטערוואַרפונג, אָן דעם באַזונדערן אַפּאַראַט צום צווינגען, וואָס ווערט אָנגערופֿן מלוכע.

דער אויסדרוק „די מלוכע שטאַרבט אָפּ“ איז זייער געלונגען אויסגעקליבן, וואָרום ער ווייזט אָן סאַי אויף דער בעהאַדראָגעדיקייט פֿונם פּראָצעס, סאַי אויף זיין סטיכישקייט. נאָר די געוווינהייט קאָן מאַכן אַזאַ ווירקונג און זי וועט עס בלי ספֿק מאַכן. וואָרום אַרום זיך זעען מיר מיליאָנען מאָל, ווי גרינג מענטשן געוויינען זיך צו אָפּצוהיטן די קלאָלים פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, וואָס זיינען נויטיק פֿאַר זיי, ווען עס איז ניטאָ קיין עקספּלואַטאַציע, ווען עס איז ניטאָ אַזוינס, וואָס רעגט אויף, רופֿט אַרויס אַ פּראָטעסט, אַן אויפֿשטאַנד, שאַפֿט די נויטיקייט צו דערשטיקן.

הייסט דאָס: אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט האָבן מיר אַ דעמאָקראַטיע אַן אַרומגעשניטענע, אַ צאָרעדיקע, אַ פֿאַלשע, אַ דעמאָקראַטיע נאָר פֿאַר די רייכע, פֿאַר דער מינדערהייט. די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט, דער איבערגאַנגס-פּעריאָד צום קאָמוניזם, גיט דאָס ערשטע מאָל אַ דעמאָקראַטיע פֿאַרן פֿאָלק, פֿאַר דער מערהייט צוגלייך מיט דער נויטווענדיקער אונטערדריקונג פֿון דער מינדערהייט, פֿון די עקספּלואַטאָרן. נאָר דער קאָמוניזם אַליין איז בעקויעך צו געבן אַ דעמאָקראַטיע אַן עמעס פֿולע, און וואָס פֿולער זי איז, אַלץ גיכער ווערט זי ניט נויטיק, שטאַרבט זי אָפּ פֿון זיך אַליין.

מיט אַנדערע ווערטער: באַם קאַפּיטאַליזם האָבן מיר א מלוכע אין אייגנטלעכן זין פֿון וואָרט, א באַזונדער מאַשין אויף צו דערשטיקן איין קלאַס דורכן אנדערן, און דערביי די מערהייט דורך דער מינדערהייט, ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז קעדיי דאָס זאָל זיך איינגעבן, קעדיי די מינדערהייט פֿון די עקספּלואַטאָרן זאָל קאָנען קעסיידער סיסטעמאַטיש אונטערדריקן די מערהייט פֿון עקספּלואַטירטע, איז נויטיק א מוירעדיקע רישעס, א ווילדע אכזאָריעס פֿון אונטערדריקונג, ס׳זיינען נויטיק יאַמען בלוט, וואָס דורך זיי גייט די מענטשהייט איר וועג אין צושטאַנד פֿון שקלאַפֿנטום, לייב-אייגנטום און לוין-אַרבעט.

ווייטער. באַם איבערגאַנג פֿון קאַפּיטאַליזם צום קאָמוניזם איז אַן אונטערדריקונג נאָך נויטיק, אָבער דאָ ווערט שוין אונטערדריקט די מינדערהייט

פון עקספּלואַטאַטאָרן דורך דער מערהייט פון עקספּלואַטירטע. א באַזונדער אַפּאַראַט, א באַזונדערע מאַשין פאַר אונטערדריקונג, א „מלוכע" איז נאָך נויטיק, נאָר דאָס איז שוין אן איבערגאַנגס-מלוכע, דאָס איז שוין קיין ניט מלוכע אינם אייגנטימלעכן זין פון וואָרט, וואָרום די אונטערדריקונג פון דער מינדערהייט עקספּלואַטאַטאָרן מיצאַד דער מערהייט נעכטיקע לוין-שקלאַפן איז, לעפּי-ערעך, אַף אַזוי פיל גרינג, פּאַשעט און נאַטירלעך, אַז זי וועט קאָסטן אַסאַך ווייניקער בלוט, איידער די אונטערדריקונג פון די אויפשטאַנדן פון שקלאַפן, לייב-אייגענע, געדונגענע אַרבעטער, זי וועט אָפּקאָסטן דער מענטשהייט אַסאַך וואָלוועלער. און גלייכצייטיק קאָן די דעמאָקראַטיע אַרומנעמען אַזאַ גרויסע מערהייט פון דער באַפעלקערונג, אַז די נויטיקייט צו האָבן א באַזונדערע מאַשין צום אונטערדריקן וועט אָנהויבן פאַרשווינדן. די עקספּלואַטאַטאָרן זיינען, פאַרשטייט זיך, ניט אימשטאַנד צו שטיקן דאָס פאָלק אָן זייער א קאָמפּליצירטער מאַשין אַף אויסצופירן אָט די אויפגאַבע, אָבער דאָס פאָלק קאָן דערשטיקן די עקספּלואַטאַטאָרן אַפילע בא זייער א פּאַשעטער „מאַשין", קימאַט אָן א „מאַשין", אָן א באַזונדער אַפּאַראַט, דורך דער פּאַשעטער אָרגאַניזאַציע פון באַוואָפנטע מאַסן (א מין ראַטן פון אַרבעטער און סאָלדאַטן-דעפּוטאַטן — וועלן מיר באַמערקן פאָרלויפנדיק פאָרויס).

און ענדלעך, נאָר דער קאָמוניזם שאַפט די פולע אומנויטיקייט פון דער מלוכע, וואָרום עס איז ניטאָ וועמען צו אונטערדריקן, — „ניטאָ וועמען" אין זין פון א קלאַס, אין זין פון א סיסטעמאַטישן קאַמף מיט א באַשטימטן טייל פון דער באַפעלקערונג. מיר זיינען ניט קיין אוטאָפּיסטן און לייקענען גאָרניט אָפּ, אַז עס זיינען מעגלעך און אומפאַרמיידלעך עקסצעסן מיצאַד איינצלנע מענטשן, און צוגלייך, אַז מע מוז דערשטיקן אַזעלכע עקסצעסן. נאָר, ערשטנס, איז צוליב דעם ניט נויטיק קיין באַזונדער מאַשין, קיין באַזונדער אונטערדריקונגס-אַפּאַראַט. דאָס וועט טאָן דאָס באַוואָפנטע פּאָלק גופע מיט דערזעלבער פּאַשעטקייט און גרינגקייט, פונקט ווי אַפילע אין דער איצטיקער געזעלשאַפט טרעפט עס, אַז א הייפל ציוויליזירטע מענטשן נעמען פאַנאַנדער מענטשן, וואָס שלאָגן זיך, אָדער דערלאָזן ניט באַליידיקן א פרוי. און צווייטנס, ווייסן מיר, אַז די סאָציאַלע הויפּט-סיבע פון די עקסצעסן, וואָס שטערן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, איז די עקספּלואַטאַציע פון די מאַסן, זייער נויט און אָרימקייט. ווי נאָר עס וועט באַזייטיקט אָט די הויפּט-סיבע, וועלן אויך די עקסצעסן מוזן אָנהויבן „אָפּשטאַרבן". מיר ווייסן ניט, ווי גיך דאָס וועט געשעען, נאָר מיר ווייסן, אַז זיי וועלן אָפּשטאַרבן. ווען זיי וועלן אָפּשטאַרבן, וועט אָפּשטאַרבן די מלוכע.

ניט אַריינלאָזנדיק זיך אין אוטאָפּיעס, האַט מאַרקס גענויער באַשטימט דאָס, וואָס מע קאָן איצט באַשטימען בענויגייע דערדאָזיקער צוקונפט, דהיינו: דעם אונטערשייד צווישן דער העכערער און נידעריקערער פאַזע (מאַדרייגע, עטאַפּ) פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

## 3. די ערשטע פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

אין דער „קריטיק פון דער גאָטישער פּראָגראַם" דערווייזט מאַרקס אויס־פירלעך די פאַלשקייט פון לאַסאלס אידייע וועגן דעם, אז באַם סאָציאַליזם באַ־קומט דער אַרבעטער דעם „ניט געשמעלערטן" אָדער „פולן פּראָדוקט פון דער אַרבעט". מאַרקס באַווייזט, אז פון דער גאַנצער געזעלשאַפט דאַרף מען אַראָפּ־רעכענען סאַי א רעזערוו פאָנד, סאַי א פאָנד אף פאַרברייטערן די פּראָדוקציע און צו פאַריכטן די אָפּגעניצטע מאַשינעס א. ד. ג. און דערנאָך פון די גע־ברויכס ארטיקלען דאַרף מען האָבן א פאָנד אף די פאַרוואַלטונגס הויצאָעס, שולן, שפּיטאָלן, מוישעוו־זקיינים, א. ד. ג.

אנשטאָט לאַסאלס נעפּלדיקער, אומקלאָרער אַלגעמיינער פראַזע („דער פולער פּראָדוקט פון דער אַרבעט — דעם אַרבעטער"), גיט מאַרקס א ניכטערן כעשבן דערפון, ווי אזוי די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט געצוואונגען זיין באַלעבאַטעווען. מאַרקס גייט צו צום קאָנקרעטן אנאליז פון די לעבנס־באַ־דינגונגען פון אזא געזעלשאַפט, וואו עס וועט ניט זיין קיין קאַפּיטאַליזם, און ער זאָגט דערביי:

„מיר האָבן דאָ צו טאָן" (באַם אנאליזירן די פּראָגראַם פון דער אַרבע־טער פּאַרטיי) „ניט מיט אזאַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך אנט־וויקלט אף איר אייגענעם יעסאָד, נאָר מיט אזוינער, וואָס גייט אָקאָרשט ארויס גראָד פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און וואָס אין אלע פּראָטים, אין עקאָנאָמישן, מאָראַלישן, אין אינטעלעקטועלן, טראָגט זי אף זיך נאָך דעם שטעמפּל פון דער אלטער געזעלשאַפט, וואָס פון איר שויס קומט זי ארויס".

אָט יענע קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, וואָס איז נאָר וואָס ארויס אף דער ליכטיקער שיין פונם קאַפּיטאַליזם, וואָס טראָגט אף זיך אין אלע פּראָטים דעם שטעמפּל פון דער אלטער געזעלשאַפט, רופט מאַרקס אָן „די ערשטע אָדער נידעריקסטע פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט".

די פּראָדוציר־מיטלען זיינען שוין ארויס פון פּריוואַטן אייגנ־ם פון איינ־ציקע מענטשן. די פּראָדוציר־מיטלען געהערן צו דער גאַנצער געזעלשאַפט. איטלעכער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט, וואָס טוט אָפּ א געוויסן טייל פון דער געזעלשאַפטלעך־נויטווענדיקער ארבעט, באקומט א צייגעניש פון דער גע־זעלשאַפט, אז ער האָט אזא און אזא סכום ארבעט אָפּגעטאָן. מיט אָט דער צייגעניש באקומט ער ארויס פון די געזעלשאַפטלעכע שפּייכלערס פון גע־ברויכנס־פּראָדוקטן א געהעריקן סכום פּראָדוקטן. אראָפּגערעכנט יענעם סכום אַרבעט, וואָס גייט אפן געזעלשאַפטלעכן פאָנד, באַקומט, הייסט עס, איטלע־כער ארבעטער פון דער געזעלשאַפט אזויפיל, וויפל ער האָט איר געגעבן.

הערשט דאָ, הייסט עס, גלייכהייט.

אָבער, ווען לאַסאַל זאָגט, האָבנדיק אין זינען אזא געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג (וואָס הייסט געוויינלעך סאָציאַליזם, נאָר מאַרקס רופט עס אָן די ערשטע פאַזע פון קאָמוניזם), אז דאָס איז א „גערעכטע צעטיילונג", אז דאָס איז „גלייכע רעכט פון איטלעכן אף א גלייכן פּראָדוקט פון דער אַרבעט", דע־מאָלט האָט לאַסאַל א טאָעס, און מאַרקס מאַכט קלאָר זיין טאָעס.

א „גלייך-רעכט" — זאָגט מאַרקס — האָבן מיר דאָ טאַקע, נאָר דאָס איז נאָך א „בורזשואזע רעכט", וואָס, ווי איטלעך רעכט, איז עס פאַראַן, ווען עס הערשט אומגלייכהייט. איטלעכס רעכט איז די אָנווענדונג פון א גלייכער מאָס צו פאַרשיידענע מענטשן, וואָס זיינען אין דער עמעסן ניט גלייך צווישן זיך. דערפאַר איז „גלייכע רעכט" הייסט אויווער זיין אף דער גלייכ-הייט און אן אומגערעכטיקייט. אין דער עמעסן, איטלעכער, וואָס האָט אָפּגע-אַרבעט א גלייכן טייל פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, ווי אן אנדערער,— באַקומט א גלייכן טייל פון דער געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע (אראָפּגערעכנט דאָס, וואָס איז אויבן אָנגעוויזן).

נאָר איינציקע מענטשן זיינען ניט גלייך, איינער איז שטאַרקער, דער אנדערער איז שוואַכער; איינער איז באַווייבט, דער אנדערער ניט; איינער האָט מער קינדער, דער אנדערער ווינציקער א. א. וו.

...„בא גלייכע ארבעט,—מאכט מארקס דעם אויספיר—דאָס הייסט, בא א גלייכן אנטייל אין געזעלשאַפטלעכן געברויכס-פאָנד וועט איינער אין דער עמעסן באקומען מער איידער דער אנדערער, וועט זיך ארויסווייזן רייכער פאַרן אנדערן א. א. וו., דאָס אלץ אויסצומיידן, דאַרף דאָס רעכט אנשטאָט צו זיין גלייך, זיין ניט גלייך".

קיין גערעכטיקייט און גלייכקייט, קאָן, הייסט עס, בא דער ערשטער פאַ-זע פון קאָמוניזם נאָך ניט געבן: די אונטערשיידן אין רייכטום וועלן בלייבן און אונטערשיידן אומגערעכטע. ס'וועט אבער ניט מעגלעך זיין, אז איין מענטש זאָל עקספּלואטירן דעם אנדערן, וואָרום קיינער טאָר ניט פאַרכאַפּן די פּראָדוציר-מיטלען, די פאַבריקן, מאשינעס, ערד א. א. וו. פאַר א פּריוואט-אייגנטום. צע-קלאַפּנדיק לאַסאלס קליינבירגערלעך אומקלאָרע פראַזע וועגן „גלייכהייט" און „גערעכטיקייט" ביכלאַל, באווייזט מארקס דעם אנטוויקלונגס-גאַנג פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, וועלכע איז געצוואונגען צוערשט מעוואטל זיין נאָר יענע אומגערעכטיקייט, וואָס די פּראָדוציר-מיטלען זיינען פאַרכאַפּט דורך איינציקע מענטשן, און וועלכע איז ניט אימשטאנד מיטאמאָל צו באזייטיקן די ווייטערדיקע אומגערעכטיקייט, וואָס באשטייט דערין, אז די געברויכס-פּראָדוקטן ווערן פאַרטיילט „לויט דער אַרבעט" (און ניט לויט די באַדערפעגישן).

די וואולגאַרע עקאָנאָמיסטן, צווישן זיי בורזשואזע פּראָפעסאָרן, צווישן זיי אויך „אונזער" טוגאַן, וואַרפן שטענדיק פאָר די סאָציאַליסטן, אז זיי פאַר-געסן קלוימערשט וועגן די אומגלייכהייט פון די מענטשן און „כאָלעמען" מע-וואַטל צו זיין אָט די אומגלייכהייט. אזא פאָרוואורף באווייזט נאָר, ווי מיר זעען, די גרויסע אמעראַצעס פון די הערן בורזשואזע אידעאָלאָגן.

מאַרקס, ניט בלויז, וואָס ער נעמט צום חשבון אויפן גענויסטן אין כעשבן די אומפאַרמיידלעכע אומגלייכהייט פון די מענטשן; ער ציט אריין אין כעשבן אויך דאָס, וואָס בלויז דער איבערגאַנג פון די פּראָדוציר-מיטלען צום שוטפעסדיקן אייגנטום פון דער גאנצער געזעלשאַפט („סאָציאַליזם" אין געוויינלעכן שפּראַך געברויך) באַזייטיקט נאָך ניט די כעסרוינעס פון פאַנאַנדערטיילונג און די

אומגלייכהייט פון „בורזשואזן-רעכט״, וואָס הערשט נאָך אלץ, ווי ווייט די פּראָדוקטן ווערן צעטיילט „לויט דער אַרבעט״.

„...אָבער דידאָזיקע כעסרוינעס — שרייבט מאַרקס ווייטער — זיינען אומפאַרמיידלעך אין דער ערשטער פאזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, אין דער געשטאַלט, ווי זי גייט אַרויס, נאָך די לאַנגע געבורטס-ווייען, פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. דאָס רעכט קאָן קיינמאָל ניט זיין העכער, איידער די עקאָנאָמישע אָרדנונג און די קולטורעלע אנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז דורך איר באַדינגט״.

אַף אזא אויפן ווערט אין דער ערשטער פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט (וואָס מע רופט אָן געוויינלעך „סאָציאַליזם״) „דאָס בורזשואזע רעכט״ אָפּגעשאַפט ניט אין גאַנצן, נאָר בלויז טיילוויין, בלויז ווי ווייט דאָס דערלאָזט די געשעענע עקאָנאָמישע איבערקערעניש, ד. ה., בלויז בענוגייע די פּראָדוציר-מיטלען. „דאָס בורזשואזע רעכט״ אנערקענט זיי פאַרן פּריוואַט-אייגנטום פון איינצלנע מענטשן. דער סאָציאַליזם מאכט זיי פאַר אַן אלגעמיינער אייגנטום. אַף אזויפיל — און נאָר אַף אזויפיל — פאַלט דאָס „בורזשואזע רעכט״ אָפּ.

נאָר עס בלייבט פאָרט אין זיין אנדערן טייל, עס בלייבט ווי א רעגוליאַטאָר, א באַשטימער באם פאַרטיילן די פּראָדוקטן און פאנאנדערטיילן די אַרבעט צווישן די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. „ווער עס אַרבעט ניט, דער דאַרף ניט עסן״, דערדאָזיקער סאָציאַליסטישער פּרינציפּ איז שוין פאַרווירקלעכט. „פאַר א גלייכן סכום ארבעט, א גלייכער סכום פּראָדוקטן״ — אויך דערדאָזיקער סאָציאַליסטישער פּרינציפּ איז שוין פאַרווירקלעכט. נאָר דאָס איז פונדעסטוועגן נאָך ניט קיין קאָמוניזם. דאָס שאַפט נאָך ניט אָפּ דאָס „בורזשואזע רעכט״, וואָס גיט ניט גלייכע מענטשן פאַר א ניט גלייכן (פאַקטיש ניט גלייכן) סכום ארבעט, א גלייכן סכום פּראָדוקטן.

דאָס איז א „כיסאָרן״, זאָגט מאַרקס, אָבער ער איז אומפאַרמיידלעך אין דער ערשטער פאַזע פון קאָמוניזם. וואָרום, ווען מען זאָל ניט אריינפאַלן אין אוטאָפּיזם, קאָן מען ניט קלערן, אז וויבאַלד די מענטשן וועלן האָבן אראָפּגעוואָרפן דעם קאַפּיטאַליזם, וועלן זיי מיט אמאָל זיך אויסלערנען צו אַרבעטן פאַר דער געזעלשאַפט אָן שום רעכטלעכע נאָרמעס. די אָפּשאַפונג פון קאַפּיטאַליזם גיט אויך ניט מיטאמאָל די עקאָנאָמישע פאָרויסזעצונגען פאר אזא אומענדערונג. און קיין אנדערע נאָרמעס אכוץ דאָס „בורזשואזע רעכט״ איז ניטאָ. און אַף אזויפיל דאַרף מען נאָך האָבן די מלוכע, וואָס זאָל אָפּהיטן דאָס שוטפעסדיקע אייגנטום אַף די פּראָדוציר-מיטלען, און צוגלייך די גלייכהייט פון דער ארבעט און די גלייכהייט פון דער פּראָדוקטן פאַרטיילונג.

די מלוכע שטאַרבט אָפּ, ווי ווייט עס זיינען שוין קיין קאַפּיטאַליסטן ניטאָ, ווי ווייט עס זיינען קיין קלאַסן ניטאָ, און דעריבער אונטערדריקן א וואָסער ניט איז קלאַס קאָן מען ניט.

נאָר די מלוכע איז ניט אָפּגעשטאַרבן אינגאַנצן, וואָרום מע דאַרף נאָך אָפּהיטן דאָס „בורזשואַזע רעכט“, וואָס פֿאַרהייליקט די פּאַקטישע אומגלייכהייט. קעדיי די מלוכע זאָל אינגאַנצן אָפּשטאַרבן, מוז זיין א פולקומער קאָמוניזם.

## 4. די העכסטע פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט

מאַרקס שרייבט ווייטער:

...„אין דער העכסטער פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, נאָכ־דעם, ווי עס וועט פאַרשווינדן די אונטערגעוואָרפנקייט פונם מענטשן צו דער אַרבעטס־איינטיילונג, וואָס פאַרשקלאַפט אים, ווען עס וועט צוגלייך פאַרשווינדן דער קעגנזאַץ צווישן גייסטיקער און פיזישער אַרבעט; ווען די אַרבעט וועט אויפהערן זיין נאָר אַ מיטל צום לעבן און וועט אליין ווערן די ערשטע באַ־דערפעניש פון לעבן; ווען צוגלייך מיט דער אַלזייטיקער אַנטוויקלונג פון די אינדיווידואומען וועלן אויסוואַקסן אויך די פּראָדוציר־קרעפטן און אַלע קוואַלן פון געזעלשאַפטלעכן רייכטום וועלן זיך אַ גאָס טאָן, ווי אַ פולער שטראָם, — ערשט דעמאָלט וועט מען קאָנען פולקום בייקומען דעם ענגן האָריזאָנט פון בורזשואַזן רעכט, און די געזעלשאַפט וועט קאָנען אָנשרייבן אַף איר פאָן: „איטלעכער לויט זיינע פייאיקייטן, איטלעכן לויט זיינע באַדערפענישן“.

ערשט איצט קאָנען מיר אָפּשאַצן די גאַנצע ריכטיקייט פון ענגעלסעס באַמערקונגען, ווען ער האָט אָן ראַכמאָנעס כויזעק געמאַכט פון דער אומגע־לומפּערטער פאַרבינדונג פון די ווערטער „פרייהייט“ און „מלוכע“. קאָלזמאַן עס איז פאַראַן מלוכע, איז ניטאָ קיין פרייהייט. אַז עס וועט זיין פרייהייט, וועט ניט זיין קיין מלוכע.

דער עקאָנאָמישער יעסאָד פון דער פולקומער אָפּשטאַרבונג פון דער מלוכע איז אַזאַ הויכע אַנטוויקלונג פון קאָמוניזם, ווען עס פאַרשווינדט די קעגנזאַצן צווישן גייסטיקער און פיזישער אַרבעט, עס פאַרשווינדט, הייסט עס, איינע פון די וויכטיקסטע קוואַלן פון דער איצטיקער געזעלשאַפט־לעכער אומגלייכהייט, און דערביי איז דאָס אַזאַ קוואַל, וואָס בלויז דורך דעם איבערגאַנג פון די פּראָדוציר־מיטלען אין געזעלשאַפטלעכן אייגנטום, בלויז דורך דער עקספּראָפּריאַציע פון די קאַפּיטאַליסטן אַליין קאָן מען זי מיטאַמאָל בעשום אויפן ניט באַזייטיקן.

דידאָזיקע עקספּראָפּריאַציע וועט געבן די מעגלעכקייט פאַר אַ ריזיקער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־מיטלען, און ווען מיר זעען, ווי שוין איצט פאַרהאַלט דער קאַפּיטאַליזם אומגלויבלעך דידאָזיקע אַנטוויקלונג, ווי מע וואָלט שוין איצט געקאָנט אסאַך זאַכן אַ רוק טאָן פאָרויס אפן יעסאָד פון דעם, וואָס די מאָדערנע טעכניק האָט שוין דערגרייכט, — האָבן מיר דאָס רעכט צו זאָגן מיט פולקומער זיכערקייט, אז די עקספּראָפּריאַציע פון די קאַ־פּיטאַליסטן מוז אומפאַרמיידלעך געבן אַ ריזיקע אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־קרעפטן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. נאָר ווי גיך עס וועט גיין די־דאָזיקע אַנטוויקלונג ווייטער, ווי גיך זי וועט דערגרייכן ביז צו א פאַנאַנדערייס מיט

דער אַרבעטס-צעטיילונג, ביז צום אָפּשאַפן דעם קעגנזאַץ צווישן גייסטיקער און פיזישער אַרבעט, ביז צום פאַרוואַנדלען די ארבעט אין דער „ערשטער לעבנס באַדערפעניש", דאָס ווייסן מיר ניט און מיר קאָנען ניט וויסן.

דעריבער האָבן מיר דאָס רעכט צו זאָגן נאָר, אז די מלוכע מוז אומ-פאַרמיידלעך אָפּשטאַרבן, און דערביי מוזן מיר אונטערשטרייכן, אַז דערדאָזיקער פּראָצעס וועט געדויערן, אַז ער איז אָפּהענגיק פון דעם, ווי גיך עס וועט זיך אַנטוויקלען די העכערע פאַזע פון קאָמוניזם. אינגאַנצן אָפּן מוזן מיר לאָזן די פראַגע וועגן די טערמינען אָדער וועגן די קאָנקרעטע פאָרמען פון דער אָפּ-שטאַרבונג, וואָרום קיין מאַטעריאַלן אף צו פאַרענטפערן אַזעלכע פראַגן זיינען ניטאָ.

די מלוכע וועט קאָנען אָפּשטאַרבן דעמאָלט, ווען די געזעלשאַפט וועט פאַרווירקלעכן דעם קלאַל: „איטלעכער (טוט) לויט זיינע פעאיקייטן, איטלעכן (קומט) לויט זיינע באַדערפענישן". ד. ה., ווען מענטשן וועלן זיך אזוי צוגע-וויינען אָפּצוהיטן די גרונט-קלאָלים פון געמיינזאַמען לעבן און זייער אַרבעט וועט זיין אזוי פּראָדוקטיוו, אַז זיי וועלן פריייוויליק אַרבעטן לויט זייערע פעאיקייטן. „דער ענגער האָריזאָנט פון בורזשואַזן רעכט", וואָס צווינגט אויסצורעכענען מיט דער האַרטקייט פון א שיילאָק, ניט צו ארבעטן אַן איבע-ריקע האַלב שאָ מער פון אַן אַנדערן, ניט צו באַקומען אַ קלענערע געצאָלט פון אַן אַנדערן, — אָט דער ענגער האָריזאָנט וועט ווערן איבערוואונדן. די געזעלשאַפט וועט ניט דאַרפן דעמאָלט נאָרמירן, וויפל איטלעכער דאַרף באַ-קומען פּראָדוקטן; איטלעכער וועט נעמען פריי, „וויפל ער דאַרף".

פונם בורזשואַזן שטאַנדפונקט איז גרינג צו דערקלערן אַזאַ געזעלשאַפטס-אָרדנונג פאַר אַ „ריינע אוטאָפּיע" און טרייבן לייצאַנעס מיקויעך דעם, וואָס די סאָציאַליסטן זאָגן צו איטלעכן דאָס רעכט צו באַקומען פון דער געזעלשאַפט, אָן שום קאָנטראָל איבער דער אַרבעט פון איטלעכן איינציקן בירגער, וויפל ער וויל גוטע מאַיכאָלים, אווטאָמאָבילן, פיאַנאָס א. ד. גל. דורך אַזאַ לייצאָנעס ווילן איצט אָפּפאַטערן דאָס ראָוו פון די בורזשואזע „געלערנטע", וואָס ווייזן אַרויס דערמיט סאַי זייער אמראַצעס און סאַי דאָס, אַז זיי דינען דעם קאַפּיטאַליזם פאַר געצאָלט.

ס'איז אמראַצעס, וואָרום „צו-זאָגן", אז די העכסטע אַנטוויקלונגס-פאַזע פון קאָמוניזם וועט קומען, דאָס איז קיין איין סאָציאַליסט אָפּן זינען ניט אַרוף; ווען די גרויסע סאָציאַליסטן האָבן פאָרויסגעזען, אז ער וועט קומען, האָבן זיי פארויסגעזעצט, אַז סאַי די פּראָדוקטיוקייט פון דער ארבעט וועט זיין ניט די איצטיקע, און סאַי, אז דער מענטש גופע וועט זיין אַן אַנ-דערער, ניט ווי דער איצטיקער, און וועט ניט זיין פעאיק גלאַט אין דער וועלט אַריין פאַטערן געזעלשאַפטלעך גוטס און פאָדערן דאָס טעלערל פון הימל.

ביז וואַנען אָבער עס וועט אָנקומען די „העכסטע" פאַזע פון קאָמוניזם, פאָדערן די סאָציאַליסטן דעם שטרענגסטן קאָנטראָל מיצאַד דער געזעל-שאַפט און מיצאַד דער מלוכע איבער דער מאָס ארבעט און איבער דער

מאָס געבראַוך. דער־דאָזיקער קאָנטראָל דאַרף זײַן אָנהויבן פון דער עקספּראָ־פּריאַציע פון די קאַפּיטאַליסטן, פון דעם קאָנטראָל פון די אַרבעטער איבער די קאַפּיטאַליסטן און דאַרף דורכגעפירט ווערן ניט דורך אַ מלוכע פון באַאַמטע, נאָר דורך א מלוכע פון באַוואָפנטע ארבעטער.

די אייגננוציקע פּאַרטיידיקונג פון קאַפּיטאַליזם, וואָס עס פירן די בור־זשואזע אידעאָלאָגן (און זייערע נאָכשלעפּערס, ווי די ה״ה צערעטעליס, טשער־נאָווס און כּעוואַריע), באשטייט גראד דערין, וואָס דורך קריגערייען און ריידרייען וועגן אַ ווייטער צוקונפט, פּאַרבייטן זיי די לעבנס־וויכטיקע פראַגע פון דער פּאָליטיק פון הײַנטיקן טאָג: ווי אַזוי צו עקספּראָפּריאירן די קאַפּיטאַליסטן, ווי אזוי צו מאַכן אַלע בירגער פאַר אַרבעטער און אָנגע־שטעלטע פון איין גרויסן „סינדיקאַט״, דעהאינע: פון דער גאַנצער מלוכע, און ווי אזוי די גאַנצע ארבעט פון אַט דעם סינדיקאַט זאָל ווערן אַוועקגעשטעלט אונטער דער השגחה פון אן עמעס דעמאָקראַטישער מלוכע, פון אַ מלוכע פון די ראַטן פון אַרבעטערישע און סאָלדאַטישע דע־פּוטאַטן.

בעעמעס, ווען דער געלערנטער פּראָפעסאָר, און נאָך אים דער יוסטער באַלעבאָס, און נאָך אים די ה״ה צערעטעליס און טשערנאָווס טאַינען, וועגן די נאַרישע אוטאָפּיעס, וועגן די דעמאגאָגישע צוזאָגן פון די באָלשעוויקעס, וועגן דעם, אַז ס׳איז ניט מעגלעך „איינצופירן״ דעם סאָציאַליזם, — האָבן זיי אין זינען גראד די העכסטע סטאדיע אָדער פאַזע פון קאמוניזם, וואָרום לוידאַי, וואָס קיינער האָט ניט צוגעזאָגט אים „איינצופירן״, נאָר אפילע ניט געקלערט וועגן דעם, וואָרום „איינפירן״ אים איז ביכלאַל ניט מעגלעך.

און דאָ זיינען מיר צוגעקומען צו יענער פראַגע וועגן וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער צווישן סאָציאליזם און קאָמוניזם, וואָס ענגעלס האָט באַרירט אין זיין אויבן געבראַכטער באַטראַכטונג וועגן דער פאלשקייט פון נאָמען „סאָציאַל־דעמאָקראַט״. פּאָליטיש וועט מיסטאָמע דער אונטערשייד צווישן דער ערשטער אָדער נידעריקערער פאַזע און צווישן דער העכסטער פאַזע פון קאָמוניזם מיט דער צייט זיין אומגעהויער גרויס, נאָר אַנערקענען איר איצטער, בעשאסן קאַ־פּיטאַליזם, און אַרויסרוקן אים אַפן ערשטן פּלאַץ וואָלטן געקאָנט סיידן איינ־ציקע אַנאַרכיסטן (אויב עס זיינען נאָך געבליבן צווישן די אַנאַרכיסטן מענטשן, וואָס האָבן זיך גאָרניט אויסגעלערנט נאָך דעם, ווי די קראָפּאָטקינס, גראַוועס, קאָרנעליסענס און די איבעריקע „שטערן״ פון אנאַרכיזם האָבן דורכגעמאַכט דעם „פּלעכאַנאָווישן״ גילגל אין סאָציאַל־שאָוויניסטן אָדער אנארכאָ־טראַנשיי־איסטן, ווי עס האט זיך אויסגעדריקט איינער פון די ווינציקע אַנארכיסטן, וואָס האָבן נאָך אײַנגעהיט זייער ערע און געוויסן, גע).

אָבער דער וויסנשאפטלעכער אונטערשייד צווישן סאָציאליזם און קאָ־מוניזם איז קלאר. דאס, וואָס מע רופט געוויינלעך אָן סאָציאַליזם, האָט מאַרקס אָנגערופן „די ערשטע אדער נידעריקערע פאַזע פון דער קאָמוניסטישער גע־זעלשאַפט״. אַף וויפל די פּראָדוציר־מיטלען ווערן אַן אַלגעמיין אייגנטום, אַף אַזוי פיל פּאַסט דאָ אויך דאָס וואָרט „קאָמוניזם״, ווען מע זאָל ניט פאַרגעסן,

אַז דאָס איז ניט קיין פולער קאָמוניזם. די גרויסע באַדייטונג פון מאַרקס דערקלערונגען באשטייט דערין, וואָס ער באַנוצט דאָ אויך קאָנסעקווענט די מאטעריאליסטישע דיאַלעקטיק, די אַנטוויקלונגס-טעאָריע, באטראַכט דעם קאָ-מוניזם ווי עפּעס, וואָס אנטוויקלט זיך ארויס פון קאַפּיטאַליזם, אנשטאָט סכאָ-לאַסטיש-אויסגעקלערטע און צונויפגעשטעלטע דעפיניציעס און צווערקלאָזע קריגערייען איבער ווערטער (וואָס איז אזוינס סאָציאליזם, וואס איז אַזוינס קאָמוניזם), גיט מאַרקס אַן אַנאַליז דערפון, וואָס מע וואָלט געקאָנט אָנרופן די שטאַפּלען פון עקאָנאָמישער צייטיקייט פון קאָמוניזם.

אין זיין ערשטער פאַזע, אף זיין ערשטן שטאפל, קאָן דער קאָמוניזם נאָך ניט זיין עקאָנאָמיש אינגאַנצן צייטיק, אינגאַנצן פריי פון די טראַדיציעס אָדער רעשטלעך פון קאַפּיטאַליזם. דערפון נעמט זיך אַזאַ אינטערעסאַנטע דערשיינונג, וואָס באַם קאָמוניזם אין זיין ערשטן פאזיס פארבלייבט „דער ענגער האריזאָנט פון בורזשואַזן רעכט״. ווען עס עקזיסטירט דאָס בורזשואַזע רעכט בענוגייע צו דער פאַרטיילונג פון די געברויכס פראָדוקטן, מוז, פאַר-שטייט זיך, ניט אנדערש עקזיסטירן אויך די בורזשואַזע מלוכע, וואָרום רעכט אָן אַן אַפּאַראַט, וואָס איז בעקויעך צו צווינגען עס זאָלן אָפּגעהיט ווערן די נאָרמעס פונם רעכט, איז א גאָרניט.

קומט אויס, אַז ניט נאָר באַם קאָמוניזם בלייבט אין מעשעך פון אַ געוויסער צייט דאָס בורזשואַזע רעכט, נאָר עס בלייבט אפילע די בורזשואזע מלוכע — נאָר אָן דער בורזשואַזיע.

דאָס קאָן אין פלוג אויססוויזן, ווי אַ פּאַראדאקס אָדער פּאָשעט ווי א דיאַלעקטישער פילפל, וואָס דערין באַשולדיקן אָפטמאָל דעם מאַרקסיזם מענטשן, וואָס ווילן אַף אַ האָר קיין מי זיך ניט געבן אויסצושטודירן זיין ניט געוויינלעך טיפן אינהאלט.

אין דער עמעסן באווייזט אונז דאָס לעבן אף איטלעכן שריט און טריט, ווי אינם נייעם בלייבן רעשטן פונם אַלטן, סאַי אין דער נאַטור, און סאי אין דער געזעלשאַפט. און מאַרקס האָט ניט פון זיין „אייגענעם סייכל״ אַריינגע-רוקט א שטיקל „בורזשואַזע״ רעכט אין קאָמוניזם, נאָר ער האט גענומען דאָס, וואָס איז עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אומפאַרמיידלעך אין אַ געזעלשאַפט, וואָס גייט אַרויס פון קאפּיטאַליזם.

די דעמאָקראַטיע האָט אַן אומגעהויער גרויסע באדייטונג אינם קאַמף פונם ארבעטער-קלאַס קעגן די קאפּיטאליסטן פאַר זיין באפרייאונג, נאָר דע-מאָקראטיע איז קלאל ניט דער לעצטער גרעניץ, נאָר מער ניט איינע פון די עטאפּן אפן וועג פונם פעאָדאליזם צום קאפּיטאליזם און פונם קאַפּיטאליזם צום קאָמוניזם.

דעמאָקראַטיע באַטייט גלייכהייט. ס׳פאַרשטייט זיך, וואָס פאר אַ גרויסע באַדייטונג עס האָט דער קאָמף פונם פּראָלעטאריאט פאר גלייכהייט און דער לאָזונג פון גלייכהייט — ווען מע פאַרשטייט אים ריכטיק אין זינען פון אָפּ-שאַפן די קלאַסן. נאָר דעמאָקראַטיע באטייט נאר פאָרמעלע גלייכהייט. און באַלד ווי עס ווערט פאַרווירקלעכט די גלייכהייט פון אַלע מיטגלידער פון

דער געזעלשאַפט בענויגייע צום געוועלטיקן איבער די פּראָדוקציע=מיטלען, ד. ה., די גלייכהייט פון ארבעט, גלייכהייט פון אַרבעטס-לוין, שטייט פאַר דער מענטשהייט אומפאַרמיידלעך אויף די פראַגע וועגן דעם, ווי אַזוי גיין ווייטער, פון דער פאָרמעלער גלייכהייט צו דער פאַקטישער, ד. ה., צו פאַרווירקלעכן דעם קלאַל: „איטלעכער לויט זיינע פעאיקייטן, איטלעכן לויט זיינע באַדער-פענישן". דורך וואָסערע עטאַפּן, דורך וואָסערע פראַקטישע מאָסמיטלען וועט די מענטשהייט גיין צו אָט דעם העכסטן ציל, ווייסן מיר ניט און קאָנען ניט וויסן. נאָר וויכטיק איז קלאָר צו מאַכן פאַר זיך, ווי אָן אַ שיר פאַלש עס איז די געוויינלעכע בורזשואַזע פאָרשטעלונג, אַז דער סאָציאַליזם איז עפּעס טויטס, פאַרגליווערטס, איין פאַר אלעמאָל געגעבנס, בעשאַס אין דער עמעסן וועט זיך ערשט פון סאָציאַליזם אָנהויבן די עמעסע גיכע באוועגונג פאָרויס אין אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן און פּערזענלעכן לעבן, א באַוועגונג, וואָס אין איר וועלן מיט אַן עמעס אַנטייל נעמען די מאַסן, צוערשט די מער=הייט פון דער באַפעלקערונג און שפּעטער די גאַנצע באפעלקערונג.

דעמאָקראַטיע איז אַ פאָרם פון דער מלוכע, איינער פון אירע מינים. פונקט ווי יעדע מלוכע, איז זי, הייסט עס, אַן אָרגאַניזירטע, סיסטעמאטישע אָנווענדונג פון געוואַלט בענויגייע צו מענטשן. דאָס איז פון איין זייט. פון דער אַנדערער זייט אָבער, באַטייט די פאָרמעלע אַנערקענונג פון דער גלייכהייט צווישן די בירגער, פון גלייכן רעכט פאַר אלעמען אויף צו באַשטימען די מלוכע אָרדנונג און צו פאַרוואַלטן איבער איר. און דאָס איז, פון זיין זייט, פאַרבונדן דערמיט, וואָס אויף א געוויסער אַנטוויקלונגס-מאַדרייגע פון דער דעמאָקראַטיע באַהעפט זי, ערשטנס, דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס קעגן קאַפּי-טאַליזם — דעם פּראָלעטאַריאַט, און גיט אים די מעגלעכקייט צו צעקלאַפּן, צעברעכן אַף שטיקלעך, אָפּצומעקן פון דער ערד די בורזשואַזיע, זאָל זיין אפילע די רעפּובליקאַנישע בורזשואַזע מלוכע מאַשין, די שטענדיקע אַרמיי, די פּאָליציי, דאָס באַאַמטענטום, פאַרבייטן זיי דורך א מ ע ר דעמאָקראַטישער, נאָר פאָרט דורך א מלוכע מאַשין, אין דער געשטאַלט פון באַוואָפנטע אַרבע-טער, קעדיי שפּעטער איבערצוגיין צו אַזאַ צושטאַנד, ווען דאָס גאַנצע פאָלק בעמט אַן אנטייל אין דער מיליציע.

דאָ „גייט דער קאַמוס איבער אין אייכוס". אזא מאַדרייגע פון דעמאָ=קראַטיזם איז שוין פאַרבונדן מיטן אַרויסגאַנג פון די ראַמען פון דער בורזשו-אַזער געזעלשאַפט, דאָ הויבט זיך שוין אָן איר סאָציאַליסטישע איבערבויאונג. ווען טאַקע אלע נעמען אן אנטייל אין דער פאַרוואלטונג פון דער מלוכע, דעמאָלט קאָן זיך דער קאַפּיטאליזם שוין ניט האַלטן. און די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאליזם פון איר זייט באַשאַפט די פאָרויסזעצונגען פאַר דעם, אז טאַקע „אלע" ז אָ ל ן ק אָ נ ע ן נ ע מ ע ן אַ נ ט י י ל אין דער פארוואַלטונג פון דער מלוכע. צו אזעלכע פאָרויסזעצונגען געהערט דאָס, וואָס אַלע קאָנען לייענען און שרייבן, ווי דאָס איז שוין איינגעפירט אין די פאָרגעשריטנסטע קאפּיטא-ליסטישע לענדער, ווייטער — וואָס „מיליאנען ארבעטער ווערן געלערנט און דיסציפּלינירט" דורכן גרויסן, קאָמפּליצירטן, פאַרגעזעלשאַפטלעכן אפּאראט פון

דער פּאָסט, פון די אייזנבאַנען, גרויסע פאַבריקן, גרויסהאַנדל, באַנקן א. א. וו., א. א. וו.

באַ אזעלכע עקאָנאָמישע פּאָרויסזעצונגען איז פולקום מעגלעך טייקעף פון היינט אַף מאָרגן, איבערצוגיין דערצו, אז נאָכדעם ווי עס וועלן זיין אַראָפּגעוואָרפן די קאַפּיטאַליסטן און די באַאמטע, זאָלן זיי פאַרביטן ווערן דורך באַוואָפנטע אַרבעטער, דורכן גאַנצן באַוואָפנטן פאָלק — וואָס וועט דאַרפן קאָנטראָלירן די פּראָדוקציע און די פאַרטיילונג, פירן אַ כעשבן פון דער אַרבעט און פון די פּראָדוקטן (מע דאַרף ניט צונויפמישן די פראגע וועגן קאָנטראָל און כעשבן מיט דער פראגע וועגן וויסנשאַפטלעך-געבילדעטן פערסאָנאַל פון אינזשענערן, אגראָנאָמען א. א. וו.; דידאָזיקע אַרבעטן איצט אונטער די קאַפּיטאַליסטן, זיי וועלן מאָרגן ארבעטן נאָך בעסער אונטער די באַוואָפנטע ארבעטער).

כעשבן און קאָנטראָל — דאָס איז די הויפּט זאַך, וואָס איז נויטיק אַף צו ברענגען אין אָרדנונג די ווירטשאַפט אין דער ווייטער פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, קעדיי זי זאָל קאָנען ריכטיק פונקציאָנירן. אלע בירגער ווערן דאָ לוין-אָנגעשטעלטע באַ דער מלוכע, וואָס איז די באַוואָפנטע אַרבעטער. אלע בירגער ווערן אָנגעשטעלט פון איין סינדיקאַט, וואָס געהערט צום גאַנצן פאָלק. די גאַנצע זאַך באַשטייט דערין, זיי זאָלן אַרבעטן גלייך, ריכטיק, אָפּהיטן די מאָס פון ארבעט און זאָלן באַקומען גלייך. אָט דער כעשבן, דער קאָנטראָל איבער דעם, איז דורכן קאַפּיטאַליזם געוואָרן זייער פאַרייַנפאַכט, ער איז דערפירט געוואָרן ביז צו אומגעוויינלעך-פּאָשעטע באַאָבאַכטונגען און פאַרצייכענונגען, וואָס זיינען צוטריטלעך פאַר יעדן, וואָס קאָנען נאר לייענען און שרייבן. ער דאַרף נאָר קענען די פיר אַריפמעטישע רעכן-אַקטן און קענען אַרויסגעבן די געהעריקע צעטלען.*)

ווען די מערהייט פון פאָלק וועט אָנהויבן פירן זעלבשטענדיק און אומעטום אזא כעשבן, אזא קאָנטראָל איבער די קאפּיטאַליסטן (וואָס זיינען איצט געוואָרן אָנגעשטעלטע) און איבער די הערן אינטעליגענטלעך, וואָס האָבן נאך קאַפּיטאַליסטישע שטיק, דעמאָלט וועט אָט דער קאָנטראָל ווערן בעעמעס אַן אוניווערסאַלער, אַן אלגעמיינער, אַן אלנאַציאָנאַלער, דעמאָלט וועט מען זיך בעשום אויפן ניט קאָנען פון אים אַרויסמאכן, „עס וועט ניט זיין וואו אהינצוטאָן זיך".

די גאַנצע געזעלשאפט וועט זיין איין קאָנטאָר און איין פאַבריק מיט א גלייכהייט פון ארבעט און א גלייכהייט פון געצאָלט. אָבער דידאָזיקע „פאַבריק"-דיסציפּלין, וואס וועט איינפירן דער פּראָלעטאַריאַט, וואס האט מענאַצייעך געווען די קאַפּיטאַליסטן, אַראָפּגעוואָרפן די עקספּלואַטאַטאָרן, אין דער גאַנצער געזעלשאַפט, איז בעשום אויפן ניט אונזער אידעאַל, אונזער ענדציל,

*) ווען די איקער פונקציע פון דער מלוכע באַשטייט אין אזא כעשבן פירן, אין קאָנטראָל מיצאַד די אַרבעטער, דעמאָלט הערט זי אויף צו זיין א „פּאָליטישע מלוכע", דעמאָלט ווערן די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס פון פּאָליטישע פארוואנדלט אין אַדמיניסטראַטיווע פונקציעס (פאַרגלייך אויבן קאַפּיטל IV, § 2, וועגן דער פּאָלעמיק פון ענגעלס מיט די אַנאַרכיסטן).

נאָר מער ניט אַ שטאַפּל, וואָס איז נויטיק, קעדיי אָפּצורייניקן פון גרונט אויס די געזעלשאַפט פון נעוואָלעס און פאַרברעכנס פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, און קעדיי עס זאָל זיין מעגלעך אַ ווייטערדיקע באַוועגונג פאָרויס.

זינט יענעם מאָמענט, ווען אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט אָדער ווייניקסטנס די גרעסטע מערהייט פון זיי, וועלן זיך האָבן אויסגעלערנט אַליין צו פאַרוואַלטן מיט דער מלוכע, ווען זיי וועלן האָבן אַליין גענומען די זאַך אין זייערע הענט, האָבן אָרגאַניזירט אין אָרדנונג דעם קאָנטראָל איבער דער נישטיקער מינדערהייט פון קאַפּיטאַליסטן, איבער די הערן, וואס ווילן זיך ניט אָפּזאָגן פון די קאַפּיטאַליסטישע שטיק, איבער די ארבעטער, וואָס זיינען גרינטלעך פאַרדאָרבן דורכן קאַפּיטאַליזם, — פון יענעם מאָמענט הויבט אָן פאַרשווינדן די נויטיקייט פון א פארוואַלטונג ביכלאַל. וואָס פולקומער עס איז די דעמאָקראַטיע, אלץ נעענטער איז דער מאמענט, ווען זי ווערט ניט נויטיק, וואָס „דעמאָקראַטישער“ עס איז די „מלוכע“, וועלכע באַשטייט פון באוואָפנטע ארבעטער, און „וועלכע איז שוין ניט קיין מלוכע אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט“, אלץ גיכער הויבט אָן אָפּשטארבן יעטווידע מלוכע.

וואָרום ווען אַלע וועלן זיך אויסלערנען צו פאַרוואלטן און וועלן בעמעס זעלבשטענדיק פארוואלטן מיט דער געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע, זעלבשטענדיק פירן דעם כעשבן און דעם קאָנטראָל איבער די ליידיקגייער, פריצים, שווינדלער אוכדוימע נאָך אַזעלכע „היטער פון טראַדיציעס פון קאַפּיטאַליזם“ — דעמאָלט וועט ארויסמאַכן זיך פון דעמדאָזיקן פאָלקס-קאָנטראָל ווערן אַזוי אומגלויבלעך שווער, אז דאָס וואלט זיין א זעלטענער אויסנאַם; וועט ווערן מיסטאמע אזוי גיך און ערנסט באשטראָפט (וואָרום באוואָפנטע ארבעטער זיינען מענטשן פון פּראַקטישן לעבן, און ניט קיין סענטימענטאלע אינטעליגענטלעך, און טרייבן קאַטאָוועס מיט זיי וועלן זיי אָסער דערלויבן), אז די נויטווענדיקייט אָפּצוהיטן די פּאָשעטע גרונט-קלאָלים פון איטלעכער מענטשלעכער געזעלשאפט וועט זייער גיך ווערן אַ געוואוינהייט.

און דעמאָלט וועט ברייט געעפנט ווערן די טיר פאַרן איבערגאַנג פון דער ערשטער פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט צי איר העכסטער פאַזע און צוזאַמען דערמיט אויך צו דער פולקומער אָפּשטאַרבונג פון דער מלוכע.

---

קאַפּיטל VI.

# ווי אַזוי די אָפּאָרטוניסטן האָבן וואולגאַריזירט דעם מאַרקסיזם.

די פראַגע וועגן דער באַציאונג פון דער מלוכה צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע צו דער מלוכה האָט פאַרנומען די אָנגעזעענסטע טעאָרעטיקער און פובליציסטן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל (1889—1914 יאָרן) זייער ווינציק, פונקט ווי ביכלאַל די פראַגע וועגן רעוואָלוציע. נאָר דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דעם פּראָצעס פונם בעהאַדראָגעדיקן וואוקס פון אָפּאָרטוניזם, וואָס האָט געבראַכט צום כורבן פון 2-טן אינטערנאַציאָנאַל אין 1914 יאָר, איז דאָס, וואָס אַפילו ווען מען איז געקומען האַרט צו דערדאָזיקער פראַגע, האָט מען זיך געפּלייסט זי אויסצומיידן אָדער ניט צו באַמערקן.

אין אַלגעמיינעם אינגאַנצן קאָן מען זאָגן, אַז פון אָט דעם אַרויסמאַכן זיך פון דער פראַגע וועגן דער באַציאונג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע צו דער מלוכע, וואָס אָט דאָס אַרויסמאַכן זיך האָט געלוינט דעם אָפּאָרטוניזם און האָט אים געשפּייזט, איז אַרויסגעקומען די פעלשונג פונם מאַרקסיזם און זיין פולקאָמע וואולגאַריזאַציע.

קעדיי צו כאַראַקטעריזירן, כאָטש בעקיצער, אָט דעם טרויעריקן פּראָצעס, וועלן מיר נעמען די אָנגעזעענסטע טעאָרעטיקער פון מאַרקסיזם, פּלעכאַנאָוון און קאַאוטסקין.

## 1. פּלעכאַנאָווס פּאָלעמיק קעגן די אַנאַרכיסטן.

פּלעכאַנאָוו האָט אָפּגעגעבן דער פראַגע וועגן דער באַציאונג פון אַנאַרכיזם צום סאָציאַליזם אַ באַזונדער בראָשור „אַנאַרכיזם און סאָציאַליזם“, וואָס איז דערשינען אַף דייטש אין 1894 יאָר.

פּלעכאַנאָוו האָט זיך אויסגעקליגט צו באַטראַכטן אָט די טעמע, אינגאַנצן אויסמיידנדיק דאָס אַקטועלסטע, וויכטיקסטע און פּאָליטיש וויכטיקסטע אינם קאַמף קעגן אַנאַרכיזם, דעהאינע: די באַציאונג פון דער רעוואָלוציע צו דער מלוכע און די פראַגע וועגן דער מלוכע ביכלאַל. אין זיין בראָשור טיילן זיך אויס צוויי טיילן: איינער—אַ ליטעראַריש-היסטאָרישער, מיט אַ ווערטפולן מאַטעריאַל וועגן דער געשיכטע פון די אידייען פון שטירנער, פּרודאָן און אַנד. אַ צווייטער טייל, אַ פיליסטערישער, מיט דער אומגעלומפּערטער כקירע וועגן דעם, אַז אַן אַנאַרכיסט קאָן מען ניט אונטערשיידן פון אַ באַנדיט.

אַזאַ צונויפּפּאָרונג פון טעמע איז זייער קאָמיש און זייער כאַראַקטע-

ריסטיש פאַר פּלעכאַנאָווס גאַנצער אַרבעט אין דער צייט פון ערעוו רעוואָלו־ציע און אין מעשעך פון רעוואָלוציאָנערן פעריאָד אין רוסלאַנד: פּלעכאַנאָוו האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן אין די יאָרן 1905—1917 פאַר אַ האַלב דאָקטרי־נער, האַלב פיליסטער, פון די וואָס האָבן אין דער פּאָליטיק זיך נאָכגעשלעפּט נאָך דער בורזשואַזיע.

מיר האָבן געזען, ווי מאַרקס און ענגעלס האָבן, אין דער פּאָלעמיק מיט די אַנאַרכיסטן, אויפגעקלערט גענויער פון אַלץ זייערע אנשויאונגען אַף דער באַציאונג פון דער רעוואָלוציע צו דער מלוכע. בעאייס ענגעלס האָט אין 1891 יאָר אַרויסגעגעבן מאַרקס „קריטיק פון דער גאָטישער פּראָגראַם", האָט ער געשריבן, אַז „מיר (ד. ה. מאַרקס און ענגעלס) האָבן זיך געפונען דע־מאָלט אין סאַמע ברען פון קאַמף קעגן באקונינען און זיינע אַנאַרכיסטן—נאָך דעם האַאַגער קאָנגרעס פון (ערשטן) אינטערנאַציאָנאַל זיינען קוים פאַרביי צוויי יאָר".

די אַנאַרכיסטן האָבן זיך געפּרוּווט גראָד די פּאַריזער קאָמונע צו דער־קלערן פאַר אַזוי צו זאָגן, „זייערע", ווייל זי באַשטעטיקט קלוימערשט זייער טעאָריע. דערביי האָבן זיי אינגאַנצן ניט פאַרשטאַנען, וואָס די קאָמונע לערנט, און דעם אַנאַליז, וואָס מאַרקס האָט געמאַכט פון איר דערפאַרונג. קיין זאַך, וואָס זאָל אַפילע בעערעך צוקומען צום עמעס בענויגייע צו די קאָנ־קרעטע פּאָליטישע פראַגן: צו דאַרף מען צעברעכן די אַלטע מאַשין און דורך וואָס זאָל מען זי פאַרבייטן—האָט דער אַנאַרכיזם ניט געגעבן.

נאָר ריידן וועגן „אַנאַרכיזם און סאָציאַליזם", און דערביי פאַרשווייגן די גאַנצע פראַגע וועגן דער מלוכע, ניט באַמערקנדיק די גאַנצע אַנטוויק־לונג פון מאַרקסיזם פאר און נאָך דער קאָמונע, דאָס האָט געהייסן אומפאַר־מיידלעך זיך אַראָפּקייקלען צום אָפּאָרטוניזם. ווארום דער אפּאָרטוניזם דאַרף טאַקע מער פון אלץ האבן, אז די אָקאָרשט אָנגעוויזענע פראַגן זאָלן גאָרניט געשטעלט ווערן, דאָס אליין איז שוין אַ ניצאָכן פון אָפּאָרטוניזם.

## 2. קאַאוטסקעס פּאָלעמיק מיט די אפּאָרטוניסטן.

אין דער רוסישער ליטעראטור זיינען איבערגעזעצט, בלי סאָפעק, ניט אין אַן ערעך מער ווערק קאאוטסקעס, איידער אין א וואָסער עס איז אנדער ליטעראטור. ניט אומזיסט וויצלען זיך אנדערע דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראטן אז קאאוטסקען לייענט מען מער אין רוסלאנד, איידער אין דייטשלאנד (אגעוו גערעדט, איז אין אָט דעם וויץ פאראן מער היסטאָרישער אינהאלט, איידער עס קלערן יענע, וואָס האָבן אים געלאָזט אין גאנג. די רוסישע ארבעטער, וואָס האָבן אין 1905 יאָר ארויסגעוויזן אזא אומגעוויינליך שטארקן פארלאנג צו האָבן די בעסטע ווערק פון דער בעסטער סאָציאל־דעמאָקראטישער ליטעראטור אין דער וועלט און וואָס האָבן געקראָגן אזא צאָל איבערזעצונגען און אויס־גאבן פון דידאַקטישע ווערק, וואָס איז ניט געהערט געוואָרן אין אנדערע לענ־דער, האָבן דורכדעם גופע אריבערגעטראָגן, אזוי צו זאָגן, אפן יונגן באָדן פון

אונזער פּראָלעטארישער באוועגונג אף א פארגיכערטן וועג די גרויסע דערפּאַ-רונג פונם שכיינישן, מער פאָרגעשריטענעם לאנד).

באזונדערס באוואוסט איז בא אונז קאאוטסקי, כוץ זיין פּאָפּולערער אויס-טייטשונג פון מארקסיזם, דורך זיין פּאָלעמיק קעגן די אפּאָרטוניסטן מיט בערנשטיינען בעראָש. נאָר ס'איז קימאט ניט באוואוסט א פאקט, וואָס מע טאָר אים ניט פארשווייגן, ווען מע שטעלט זיך די אויפגאבע נאָכצושפּירן, ווי אזוי קאאוטסקי האָט זיך אראָפּגעקייקלט צו דער אומגלויבלעך שענדלעכער פארלאָרנ-קייט אין דעם פארטיידיקן דעם סאָציאַל-שאָוויניזם אין דער צייט פון גרעסטן קריזיס פון די יאָרן 1914—1915. דאָס איז דער פאקט, אז איידער ער איז ארויסגעטראָטן קעגן די אָנגעזועענסטע פאָרשטייער פונם אפּאָרטוניזם אין פראנקרייך (מילעראן און זשאָרעס) און אין דייטשלאנד (בערנשטיין), האָט קאאוטסקי זיך זייער שטארק געקווענקלט. די מארקסיסטישע „זאריא", וואָס האָט אין די יאָרן 1901—1902 דערשיינט אין שטוטגארט און האָט פארטיידיקט די רעוואָלוציאָנער-פּראָלעטארישע אנשויאונגען, איז געווען געצוואונגען צו פּאָ-לעמיזירן מיט קאאוטסקען, אָנרופן „גומעלאסטיקענע" זיין רעזאָלוציע אפן פאריזער אינטערנאציאָנאלן סאָציאליסטישן קאָנגרעס, וואָס איז געווען ניט קאלט און ניטווארעם און געבויגט צו שאָלעם בענויגייע צו די אפּארטוניסטן. אין דער דייטשישער ליטעראטור זיינען געווען אָפּגעדרוקט קאאוטסקיס בריוו, וואָס האָבן ארויסגעוויזן ניט קיין קלענערע קווענקלענישן זיינע, איידער ער איז ארויסגעטראָטן קעגן בערנשטיינען.

נאר ניט אין ערעך א גרעסערע באדייטונג האָט דאָס, וואס אין דער עצעם פּאָלעמיק זיינער קעגן די אפּארטוניסטן, אין זיין שטעלונג פון דער פרא-גע, אין דעם אויפן, ווי ער באטראכט די פּראגע, באמערקן מיר איצט, בעאייס מיר שטודירן די געשיכטע פון דער נייסטער פעלשונג אין מארקסיזם מי-צאד קאָאוטסקען, ווי אזוי ער האט זיך סיסטעמאטיש אלץ מער צוגערוקט צום אפּפארטוניזם אין דער פראגע וועגן דער מלוכע.

לאָמיר נעמען דאָס ערשטע גרויסע ווערק פון קאַאוטסקי קעגן אָפּאָרטו-ניזם, זיין בוך „בערנשטיין און די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּראָגראַם". קאאוטס-קי צעקלאַפּט בערנשטיינען אין אַלע פּראָטים. נאָר אָט וואָס עס איז כאַראַק-טעריסטיש.

אין זיינע טרויעריק-באַרימטע „פּאָרויסזעצונגען פון סאָציאַליזם", באַ-שולדיקט בערנשטיין דעם מאַרקסיזם אין „בלאַנקיזם" (די באַשולדיקונג ווערט זינט דעמאָלט טויזנט מאָל איבערגעכאַזערט דורך די אָפּאָרטוניסטן און ליבע-ראַלע בורזשוא אין רוסלאַנד קעגן די פאָרשטייער פון רעוואָלוציאָנערן מאַרק-סיזם—די באָלשעוויקעס). דערביי שטעלט זיך בערנשטיין ספּעציעל אָפּ אַף מאַרקס „בירגער-קריג אין פראנקרייך" און פּרואווט זיך—זייער ניט געלונגען, ווי מיר האָבן שוין געזעען—צו באַהויפּטן, אַז מארקס קוק אף דער דערפאַ-רונג פון דער קאָמונע איז דער זעלביקער, וואָס פרודאָנס שטאַנדפּונקט. בערנ-שטיינס באזונדערע אויפמערקזאַמקייט רופט ארויס יענער אויספיר מאַרקס, וואָס ער האָט אונטערגעשטריכן אין דער האַקדאָמע פון יאָר 1872 צום „קאָמו-

ניסטישן מאַניפעסט״, וואו עס שטייט געשריבן: „דער אַרבעטער-קלאַס קאָן ניט פאשעט נעמען אין זיינע הענט די פאַרטיקע מלוכע-מאַשין און לאָזן זי אין גאַנג צוליב זיינע אייגענע צוועקן״.

בערשטיינען איז אזוי „געפעלן״ געוואָרן אָט דער זאַץ, אז ניט ווינצי-קער פון דריי מאָל כאַזוערט ער אים איבער אין זיין בוך, דערביי טייטשט ער אים אויס אין אַ געפעלשטן, אָפּאָרטוניסטישן זין.

ווי מיר האָבן געזעען, וויל מאַרקס זאָגן, אז דער אַרבעטער קלאַס מוז צעקלאַפּן, צעברעכן, אויפרייסן (דעם אויסדרוק „אויפרייס״ גע-ברויכט ענגעלס) די גאַנצע מלוכע-מאַשין. און באַ בערנשטיינען קומט אויס, אז מאַרקס האָט קלוימערשט געוואָרנט דורך אָט די ווערטער די אַרבעטער, זיי זאָלן ניט זיין צופיל רעוואָלוציאָנער, בעאייס זיי וועלן פאַרכאַפּן די מאַכט.

קיין גרעבערע און מיעסערע פעלשונג פון מאַרקס געדאַנק קאָן מען זיך גאָר ניט אויסמאָלן.

וואָס זשע האָט געטאָן קאאוטסקי אין זיין ביז גאָר אויספירלעכער פּאָלע-מיק קעגן בערנשטיינען?

ער האָט זיך ארויסגעמאַכט פון צו אַנאַליזירן די גאנצע טיפקייט פון דער פעלשונג, וואָס דער אָפּאָרטוניזם איז באַגאַנגען בענויגייע צום מאַרקסיזם אין דעם פּונקט. ער האָט געבראַכט דאָס אויבן ציטירטע שטיק פון ענגעלסעס האַקדאָמע צו מאַרקס „בירגער-קריג״ און האָט דערביי געזאָגט, אז לויט מאַרקסן, קאָן דער ארבעטער קלאַס ניט פּאָשעט פאַרכאַפּן די פּאַרטיקע מלוכע-מאַשין, נאָר ביכלאַל גערעדט קאָן ער זי יאָ פאַרכאַפּן, און דאָס גאָר. וועגן דעם, אז בערנשטיין האָט אונטערגערוקט מאַרקסן פּונקט דעם הייפּעך דערפון, וואָס מאַרקס האָט מיט אַן עמעס געטראַכט, אז מאַרקס האט זינט דעם 1852-טן יאָר אַרויסגעשטעלט אַלס אויפגאבע פונם פּראָלעטאַריאַט צו „צעברעכן״ די מלוכע-מאַשין, וועגן דעם איז באַ קאאוטסקין קיין וואָרט ניטאָ.

ס׳איז ארויסגעקומען אזוי, אז דער עצעם כילעק צווישן מאַרקסיזם און אָפּאָרטוניזם בענויגייע צו דער פראַגע וועגן די אויפגאַבן פון דער פּראָלעטאַ-רישער רעוואָלוציע האָט זיך ארויסגעוויזן באַ קאאוטסקין פאַרשמירט.

„די לייזונג פון דער פראַגע וועגן דער פּראָבלעם פון דער פּראָלעטאַרי-שער דיקטאַטור—האָט קאוטסקי געשריבן „קעגן״ בערנשטיינען—קאָנען מיר גאַנץ רואיק איבערלאָזן פאַר דער צוקונפט״ (ז. 173 פון דער דייטשישער אויסגאַבע).

דאָס איז ניט קיין פּאָלעמיק קעגן אָפּאָרטוניזם, נאָר אין עצעם אַ האַנאָכע פאר אים; דאָס הייסט אָפּטרעטן די פּאָזיציעס דעם אָפּאָרטוניזם. וואָרום די אָפּאָרטוניסטן דאַרפן דערוויל ניט האָבן מער ווי „רואיק איבער-לאָזן פאַר דער צוקונפט״ אַל׳ע גרונט-פראגן וועגן די אויפגאַבן פון דער פּראָ-לעטאַרישער רעוואָלוציע.

מאַרקס און ענגעלס האָבן אין מעשעך פון פערציק יאָר, פונם יאָר 1852 ביז 1891, געלערנט דעם פּראָלעטאַריאַט, אז ער דאַרף צעברעכן די מלוכע-

מאשין. און קאאוטסקי האט אין יאָר 1899, אַנטקעגן די אָפּאָרטוניסטן, וואָס האָבן אינגאַנצן געפּעלשט אין מאַרקסיזם, אונטערגעשטעלט אָנשטאָט דער פראגע וועגן דעם, צי מוזן די ארבעטער דידאָזיקע מאַשין צעברעכן, די פראגע וועגן די קאָנקרעטע פאָרמען, ווי אזוי זי וועט צעבראָכן ווערן, און באהאלטן זיך אונטערן שוץ פון דעם „אומשטרייטבאַרן“ (און פרוכטלאָזן) פּי־ליסטערישן עמעס, אז וויסן אַפּריער די קאָנקרעטע פאָרמען קאָנען מיר ניט!

צווישן מאַרקסן און קאאוטסקין ליגט אַ טהאָם אין זייער באציאונג צו דער אויפגאַבע פון דער פּראָלעטארישער פּארטיי צוצוגרייטן דעם ארבעטער־קלאַס צו דער רעוואָלוציע.

לאָמיר נעמען דאָס וויטערדיקע, מער צייטיקע ווערק קאאוטסקעס, וואָס פאַרנעמט זיך אויך אין אַ גרויסער מאָס מיט אָפּלייקענען די פעלערן פונם אָפּאָרטוניזם. דאָס איז זיין בראָשור „וועגן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע“. דער מעכאַבער האָט דאָ גענומען פאַר זיין ספּעציעלער טעמע די פראגע וועגן דער „פּראָלעטארישער רעוואָלוציע“ און וועגן „פּראָלעטארישן רעזשים“. דער מע־כאַבער האט געגעבן אסאַך זייער ווערטפולס, אָבער דאַפקע די פראגע וועגן דער מלוכע האט ער אויסגעמיטן. אין דער בראָשור ווערט גערעדט או־מעטום וועגן דעם איינעמען די מלוכע־מאַכט, און גאָר, ד. ה. עס ווערט אויס־געקליבן אזא פאָרמולירונג, וואָס מאַכט אַ האַנאָכע די אָפּאָרטוניסטן, ווי ווייט זי דערלאָזט, אז עס איז מעגלעך צו פארכאַפּן די מאַכט, און דערביי ניט צע־שטערן די מלוכע־מאַשין. גראָד דאָס, וואס מארקס האט אין יאָר 1872 דער־קלערט פאר פאַרעלטערט אין דער פּראָגראם פון „קאָמוניסטישן מאַניפעסט“, מאכט קאאוטסקי ווידער אויפלעבן אין 1902 יאָר.

אין דער בראָשור איז פאַראן א ספּעציעלער פּאראגראף, געווידמעט די „פאָרמען און געווער פון דער סאָציאלער רעוואָלוציע“. דאָ ווערט גערעדט סאי וועגן פּאָליטישן מאַסן־שטרייק, סאי וועגן בירגער־קריג, סאי וועגן אזעל־כע „מאכט געצייג פון דער מאָדערנער גרויסער מלוכע, ווי די ביוראָקראטיע אין ארמיי“, אָבער וועגן דעם, וואָס קאָנען די ארבעטער שוין אָפּלערנען פון דער קאָמונע, איז קיין אָס ניטאָ. ענגעלס האט באַשיינפּערלעך, ניט אומזיסט געוואָרנט באזונדערס די דייטשישע סאָציאל־דעמאָקראטן פארן „איבערגלויבישן איראס האַקאוועד“ צו דער מלוכע.

קאאוטסקי גיט איבער די זאך אזוי: נאָכן ניצאָכן וועט דער פּראָלע־טאריאט „פאַרווירקלעכן די דעמאָקראטישע פּראָגראם“. וועגן דעם, וואָס האט דאָס יאר 1871 געגעבן נייס בעניגייע צו דער פראגע, ווי אזוי צו פארבייטן די בורזשואזע דעמאָקראטיע דורך דער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראטיע, וועגן דעם קיין איין וואָרט ניט. קאַאוטסקי פּאטערט אָפּ די זאך מיט אזעלכע באנא־ליטעטן, וואָס קלינגען אזוי „סאָליד“:

„ס'איז קלאָר פון זיך אַליין, אז מיר וועלן ניט קומען צו הערשאַפט באַ דער איצטיקער אָרדנונג. די רעוואָלוציע גופע איז אזא לאנג דויערנדיקער און טיפער קאַמף, וואָס וועט שוין באווייזן איבערצואנדערשן אונזער איצטיקע פּאָליטישע און סאָציאלע סטרוקטור“.

ס׳איז קיין ספּפעק ניט, אז דאָס איז, „קלאָר פון זיך אליין״, פּונקט ווי דער עמעס, אז פערד עסן האָבער, און אז די וואָלגע פאַלט אריין אין קאַספּישן יאם. ס׳איז נאָר א שאָד, וואָס דורך דער פעסטער און אָנגעבלאָזע־נער פראזע וועגן „טיפן״ קאמף ווערט אויסגעמייט די פראגע, וואָס איז אזוי וויכטיק פארן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאט, די פראגע וועגן דעם, אין וואָס אלזא דריקט זיך אויס די „טיפקייט״ פון זיין רעוואָלוציע בענויגייע צו דער מלוכע, בענויגייע צו דער דעמאָקראטיע, אנדערש ווי די פריערדיקע, ניט פּראָלעטארישע רעוואָלוציעס.

דורך דעם, וואָס קאאוטסקי מיידט אויס די דאָזיקע פראגע, מאכט ער פאַקטיש איין אָט דעם וויכטיקן פּונקט א האנאָכע דעם אָפּאָרטוניזם. און דאָ העלפט ניט, וואָס מיט ווערטער דערקלערט ער א מוירעדיקע מילכאָמע, וואָס ער שטרייכט אונטער די „אידייע פון דער רעוואָלוציע״ (אסאך ווערט האָט די דאָזיקע „אידייע״, ווען מע האט מוירע צו פּראָפּאגאנדירן צווישן ארבעטער די קאָנקרעטע אידייען פון דער רעוואָלוציע?), וואָס ער זאָגט: „רעוואָלוציאָ־נערער אידעאליזם פריער פון אלץ״, אָדער אז ער דערקלערט, אז די ענגלי־שע ארבעטער זיינען איצט „קוים עפּעס מער, איידער קליינבירגער״.

„אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, — שרייבט קאַאוטסקי, — קאָנען עקזיסטירן נעבן אַנאַנד... די פאַרשיידענע פאָרמען פון אונטערנעמונגען: אַ ביוראָקראַטישע (? ?), טרייד־יוניאָניסטישע, קאָאָפּעראַטיווע, אינדיווידואַליסטישע...

„ס׳זיינען, אַ שטייגער, פאַראַן אונטערנעמונגען, וואָס קאָנען ניט אויס־קומען אָן א ביוראָקראטישער (? ?) אָרגאַניזאציע — אַזעלכע זיינען די אייזנבאַ־נען. דאָ קאָן די דעמאָקראַטיע באַקומען אַזא אויסזעען: די אַרבעטער קלייבן אויס דעלעגאַטן, וואָס בילדן אַ מין פאַרלאַמענט, און אָט דער פאַרלאַמענט שטעלט איין די אַרבעטס־אָרדנונג און גיט אַכטונג אַף דער פארוואַלטונג פון ביוראָקראַטישן אַפּאַראט. אנדערע אונטערנעמונגען קאָנען ווערן איבערגעגעבן דער פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער־פאַרבאַנדן, די דריטע קאָן מען אָרגאַניזירן אַף קאָאָפּעראטיווע יעסוידעס״ (ז. 148 און 115 פון דער רוסישער איבערזע־צונג אין דער זשענעווער אויסגאַבע פון 1903 יאָר).

די דאָזיקע באַטראַכטונג איז פאַלש, איז א טריט אַף צוריק אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס מאַרקס און ענגעלס האָבן אין די 70־קער יאָרן אויפגעקלערט לויט דער דערפאַרונג. וואָס עס האָט געגעבן די קאָמונע.

אייזנבאַנען אונטערשיידן זיך מיט קיין זאַך ניט פונם שטאַנדפּונקט פון דער קלוימערשט נויטווענדיקער ביוראָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, פון אַלע אונטערנעמונגען פון דער גרויסער מאַשין־אינדוסטריע ביכלאַל, פון יעטווידער פאַבריק, פון אַ גרויסן מאַגאַזין, אַ גרויס קאַפּיטאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט־לעכער אונטערנעמונג. אין אַזעלכע אונטערנעמונגען פאָדערט די טעכניק עס זאָל אָפּגעהיט ווערן די שטרענגסטע דיסציפּלין, די גרעסטע פּינקטלעכקייט, אַז איטלעכער מוז טאָן דעם טייל אַרבעט, וואָס איז אים אָנגעוויזן. קעדיי עס זאל די גאַנצע אַרבעט ניט אָפּגעשטעלט ווערן, אָדער דער מעכאַניזם זאָל ניט פארדאָרבן ווערן, אָדער דער פּראָדוקט זאָל ניט גיין לעאיבעד. אין אַזעלכע

אונטערנעמונגען וועלן די אַרבעטער אוואַדע „אויסקלייבן דעלעגאַטן, וואָס וועלן בילדן אַ מין פּאַרלאַמענט“.

אָבער דערין שטעקט דאָך דער גאַנצער שפּיץ, אז אָט דער „מין פּאַרלאמענט“ וועט נ י ט זיין קיין פּאַרלאמענט אין זין פון די בורזשואַז-פּאַרלאַמענטאַרישע איינריכטונגען. דערין שטעקט טאקע דער גאנצער שפּיץ, אז אָט דער „מין פּאַרלאמענט“ וועט ניט בלויז „איינשטעלן אָרדנונג און אַכטונג געבן איבער דער פאַרוואַלטונג פון ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט“, ווי עס כאָלעמט זיך קאַאוטסקין, וואס זיין געדאנק שטייגט ניט אריבער די ראמען פון בורזשואזן פּאַרלאַמענטאריזם. אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט וועט דער „מין פּאַרלאמענט“ פון אַרבעטער-דעפּוטאטן אוואַדע איינשטעלן אָרדנונג און אַכטונג געבן אַף דער פאַרוואַלטונג פונם „אַפּאַראַט“, אָבער דערדאָזיקער אַפּאַראַט וועט ניט זיין קיין „ביוראָקראַטישער“. נאָכדעם ווי די אַרבעטער וועלן איינעמען די פּאָליטישע מאַכט, וועלן זיי צעקלאַפּן דעם ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט, צעברעכן אים ביזן גרונט, קיין שטיין אַף א שטיין ניט איבערלאָזן אין אים. אנשטאט דעם וועלן זיי איינשטעלן אַ נייעם אַפּאַראַט, וואָס באשטייט פון דיזעלביקע ארבעטער און אָנגעשטעלטע, און קעדיי אָט די נייע אָנגעשטעלטע זאָלן ניט ווערן קיין ביוראָקראַטן, וועלן באלד אָנגענומען ווערן מאָסמיטלען, וואס מארקס און ענגעלס האָבן זיי גענוי באַשריבן: 1) די אָנפירער וועלן זיין ניט בלויז געקליבן, נאָר מע וועט צו יעדער צייט זיי קאָנען אַראָפּזעצן; 2) זייער סכירעס וועט זיין ניט גרעסער פאר די סכירעס פון אַן ארבעטער; 3) איבערגיין טייקעף צו דעם, אַז אלע זאָלן אויספירן די פונקציעס פון קאָנטראָל און האַשגאָכע, אז אלע זאָלן אַף א צייט ווערן „ביוראָקראַטן“, קעדיי קיין איינער זאל ניט קאָנען ווערן קיין „ביוראָקראַט“.

קאַאוטסקי האָט אינגאנצן ניט דורכגעטראכט מאַרקס ווערטער „די קאָמונע איז געווען ניט קיין פּארלאמענטאַרישע, נאָר אַן אַרבעטער קאָרפּאָראַציע, וואָס גיט אַרויס געזעצן און אין דערזעלביקער צייט פירט זי זיי אויס“.

קאַאוטסקי האָט אינגאַנצן ניט פארשטאַנען דעם אונטערשייד צווישן בורזשואַזן פּאַרלאמענטאריזם, וואָס פאַרבינדט די דעמאָקראַטיע (ניט פאַרן פאָלק) מיטן ביוראָקראַטיזם (קעגן פאָלק),—און צווישן פּראָלעטאַרישן דעמאָקראַטיזם, וואס וועט באלד אָנעמען מיטלען אַף אונטערצוהאקן דעם ביוראָקראַטיזם באם וואָרצל און וואָס וועט זיין אימשטאנד דורכצופירן דאָס אלץ ביזן סאָף, ביז דער פולקומער אָפּשאַפונג פון ביוראָקראַטיזם, ביז דער פולקומער איינפירונג פון דער דעמאָקראַטיע פאַרן פאָלק.

קאַאוטסקי האָט דאָ ארויסגעוויזן אלץ דעמזעלביקן „אבערגלויבישן איראַס-האַקאָוועד“ צו דער מלוכע, די „אבערגלויבישע עמונע“ אין ביוראָקראַטיזם.

לאָמיר איבערגיין צום לעצטן און בעסטן ווערק קאַאוטסקיס קעגן די אָפּאָרטוניסטן, צו זיין בראָשור „דער וועג צו מאַכט“ (זי איז דערשינען אין יאָר 1909). דידאָזיקע בראָשור איז א גרויסער שריט פאָרויס, ווי ווייט עס ווערט אין איר גערעדט ניט וועגן דער רעוואָלוציאָנערער פּראָגראם ביכלאל,

ווי אין דער בראָשור פון יאָר 1899 קעגן בערנשטיינען, ניט וועגן די אויפ-גאבן פון דער סאָציאלער רעוואָלוציע אָן א שאיכעס צו דער צייט, ווען זי דאַרף אָנקומען, ווי אין דער בראָשור „סאָציאלע רעוואָלוציע" פון יאָר 1902, נאר וועגן די קאָנקרעטע טנאָאים, וואָס צווינגען אונז מוידע זיין, אַז עס קומט אָן די „צייט פון דער רעוואָלוציע".

דער מעכאַבער ווייזט אָן באַשטימט אף דער פארשאַרפונג פון די קלאסן-ווידערשפרוכן ביכלאל און אפן אימפעריאַליזם, וואָס שפּילט א באזונדערס גרויסע ראָלע אין דעם פראט. נאָך דעם „רעוואָלוציאָנערן פעריאָד פון די יאָרן 1789—1871 פאר מאירעוו-אייראָפּע, הויבט זיך אָן זינט דעם יאָר 1905 אן ענלעכער פעריאד פאַרן מיזרעך, דער וועלט-קריג רוקט זיך אָן מיט אַ מוירעדיקער גיכקייט. דער פּראָלעטאַריאט קאָן שוין מער ניט ריידן וועגן פרי-צייטיקער רעוואָלוציע". „מיר זיינען אריינגעטראָטן אין א רעוואָלוציאָנערן פעריאָד". „די רעוואָלוציאָנערע טקופע הויבט זיך אָן".

דידאָזיקע דערקלערוגגען זיינען גאַנץ קלאָר. דידאָזיקע בראָשור קאַ-אוטסקיס דאַרף דינען פאר א מאָס אף צו פאַרגלייכן דאָס, וואָס די דייטשישע סאָציאל-דעמאָקראַטיע האָט צוגעזאָגט צו זיין פאר דער אימפעריאַליס-טישער מילכאָמע און ווי נידעריק זי איז געפאלן (דערונטער אויך קאַאוטסקי גופע), בעאייס די מילכאָמע האָט אויסגעבראכן. „די איצטיקע לאַגע — האָט קאַאוטסקי געשריבן אין דער בראָשור, וואָס מיר באטראַכטן דאָ, — די איצ-טיקע לאגע האָט אין זיך די סאַקאָנע, אז אונז (ד. ה. די דייטשישע סאציאל-דעמאָקראַטיע) קאָן מען גרינג אָנעמען פאר אסאך מעסיקער, ווי מיר זיינען אין דער עמעסן". ארויסגעוויזן האָט זיך, אז אין דער עמעסן איז די דייט-שישע סאָציאל-דעמאָקראטישע פּאַרטיי ניט אין ערעך מעסיקער און אָפּאָרטו-ניסטישער, ווי זי האָט אויסגעזעען.

דערפאר איז נאָך מער כאַראַקטעריסטיש, וואס האַגאם קאַאוטסקי דער-קלערט אזוי באשטימט, אז עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן די צייט פון רעוואָ-לוציע, פונדעסטוועגן האָט ער אין אַ בראָשור, וואָס איז אָפּגעגעבן, לויט זיינע אייגענע רייד, אף צו באטראכטן די פראגע גראָד פון דער „פּאָליטישער רע-וואָלוציע", ווידער אמאָל אינגאנצן אויסגעמיטן די פראגע וועגן דער מלוכע.

פון דער סומע פון די אלע פאלן, ווען די פראגע איז אויסגעמיטן, פארשוויגן און פארשטעלט געוואָרן, האָט זיך געמוזט באַקומען יענער פולער איבערגאַנג צום אָפּאָרטוניזם, וואס וועגן דעם וועט אונז באלד אויסקומען צו ריידן.

די דייטשישע סאציאל-דעמאקראטיע האָט, דורך קאַאוטסקיס פארמיט-לונג, אזוי ווי דערקלערט: איך בלייב בא די רעוואָלוציאָנערע אנשויאונגען (אין יאר 1899). איך בין באזונדערס מוידע, אז די סאָציאַלע רעוואָלוציע פון פּראָלעטאריאט איז ניט אויסצומיידן (אין יאָר 1902). איך בין מוידע אז עס איז אָנגעקומען א נייע טקופע פון רעוואָלוציעס (אין יאָר 1909), נאר פּאָרט גיי איך צוריק לעגאבע דעם, וואס מאַרקס האָט גערעדט אין יאָר 1852, ווי-באלד עס ווערט געשטעלט די פראגע וועגן די אויפגאבן פון דער פּראָלע-טארישער רעוואָלוציע בענויגייע צו דער מלוכע (אין יאר 1912).

גראַד אַזוי איז געוואָרן געשטעלט די פראַגע גלייך אין דער פּאָלעמיק מיט פּאַנעקוקן.

## 3. קאַאוטסקיס פּאָלעמיק מיט פּאַנעקוקן.

פּאַנעקוק איז אַרויסגעטראָטן קעגן קאַאוטסקען, ווי אַ פאָרשטייער פון יענער „לינק-ראַדיקאַלער" שטרעמונג, וואָס צו איר האָבן געהערט ראָזאַ לוקסעמבורג, קאַרל ראַדעק און אַנד., און וואָס איז געשטאַנען פאַר אַ רעוואָ-ליאַנערער טאַקטיק און איז געווען פאַרבונדן דורך דער איבערצייגונג, אַז קאַאוטסקי גייט אַריבער צו דער פּאָזיציע פונם „צענטר", וועלכע האָט זיך פּרינציפּלאָז געוואַקלט צווישן מאַרקסיזם און אָפּאָרטוניזם. די ריכטיקייט פון אָט דעם קוק האָט פולקום באַוויזן די מילכאָמע, ווען די שטרעמונג פון „צענטר" (וואָס ווערט פאַלש אָנגערופן מאַרקסיסטישע) אָדער פון די „קאַ-אוטסקיאַנער" האָט זיך אינגאַנצן אַרויסגעשטעלט אין מיעסער נאַקעטקייט.

אינעם אַרטיקל „מאַסן אַקציעס און רעוואָלוציע" („נייע צייט", 1912 XXX, 2), וואָס באַרירט די פראַגע וועגן דער מלוכע, האָט פּאַנעקוק כאַראַק-טעריזירט קאַאוטסקיס פּאָזיציע, ווי אַ פּאָזיציע פון „פּאַסיוון ראַדיקאַליזם", „טע-אָריע פון ניט אַקטיוון וואַרטן", „קאַאוטסקי וויל ניט זעען דעם פּראָצעס פון דער רעוואָלוציע" (ז. 616). שטעלנדיק די פראַגע אַף אַזאַ אופן, איז פּאַנעקוק צוגעקומען צו דער טעמע, וואָס אינטערעסירט אונדז דאָ, וועגן די אויפגאַבן פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע בענוגע צו דער מלוכע.

„דער קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט — האָט ער געשריבן — איז ניט פּאָ-שעט אַ קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע וועגן דער מלוכע, נאָר אַ קאַמף קעגן דער מלוכע-מאַכט... דער אינהאַלט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע איז די פאַרניכטונג פון די מאַכט-געצייג פון דער מלוכע און זייער אַרויסשטוי-סונג (בוכשטעבלעך צעלאָזונג) דורך די מאַכט-געצייג פונם פּראָלעטאַריאַט... דער קאַמף הערט אויף דעמאָלט, ווען אַלס ענד-רעזולטאַט זיינער קומט אָן די פולקומע צערשטערונג פון דער מלוכע אָרגאַניזאַציע. די אָרגאַניזאַציע פון דער מערהייט באַווייזט איר גוואַורע דערמיט, וואָס זי פאַרניכטעט די אָרגאַ-ניזאַציע פון דער הערשנדיקער מינדערהייט" (ז. 548).

די פאָרמולירונג, אין וועלכער פּאַנעקוק האָט אויסגעדריקט זיינע געדאַנ-קען, האָט זייער גרויסע כעסרוינעס. אָבער זיין געדאַנק איז פּאָרט קלאָר, און ס'איז אינטערעסאַנט, ווי אַזוי קאַאוטסקי האָט אים דערווידערט.

„ביז איצט — האָט ער געשריבן — איז דער כילעק צווישן סאָציאַל-דעמאָקראַטן און אַנאַרכיסטן באַשטאַנען דערין, וואָס די ערשטע האָבן די מלוכע-מאַכט געוואָלט איינעמען, די צווייטע זי צעשטערן. פּאַנעקוק וויל אי דאָס אי יענץ" (ז. 724).

אויב פּאַנעקוקס אַרטיקל ליידט דערפון, וואָס עס איז ניט גענוג דייט-לעך און קאָנקרעט (מיר וועלן דאָ ניט ריידן וועגן אַנדערע כעסרוינעס, וואָס האָב ניט קיין שייַכעס צו אונזער טעמע), האָט קאַאוטסקי גענומען גראָד דעם פּרינ-

ציפּעלן טאָך פון דער זאַך, און אין דער פּרינציפּיעלער גרונט-פראַגע האט קאַאוטסקי אינגאַנצן פאַרלאָזט די פּאָזיציע פון מאַרקסיזם און איז אַריבערגעגאַנגען צום אָפּאָרטוניזם. דער אונטערשייד צווישן סאָציאַל-דעמאָקראַטן און אַנאַרכיסטן איז באַ אים דעפינירט אינגאַנצן פאַלש, דער מאַרקסיזם איז פאַרפעלשט און וואולגאַריזירט ביזן סאָף.

דער אונטערשייד צווישן מאַרקסיסטן און אנארכיסטן באַשטייט דערין, וואָס: 1) די ערשטע, בעאייס זיי שטעלן זיך אַ ציל אינגאַנצן מעוואַטל מאַכן די מלוכע, האַלטן זיי, אַז אָט דער ציל קאָן פאַרווירקלעכט ווערן ערשט נאָכדעם, ווען עס וועלן אָפּגעשאַפט ווערן די קלאַסן דורך דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, ווי דער רעזולטאַט פונם איינשטעלן דעם סאָציאַליזם, וואָס פירט צו דער אָפּשטארבונג פון דער מלוכע; די צווייטע ווילן אינגאַנצן מעוואַטל מאַכן די מלוכע פון היינט אַף מאָרגן, ווייל זיי ווייסן ניט, צו וואָסערע טנאָים קאָן די אָפּשאַפונג פאַרווירקלעכט ווערן. 2) די ערשטע האַלטן פאַר נויטיק, אַז נאָכדעם ווי דער פּראָלעטאַריאַט וועט האָבן איינגענומען די פּאָליטישע מאַכט, זאָל ער צעשטערן אינגאַנצן די אַלטע מלוכע-מאַשין און פאַרבייטן זי דורך אַ נייער, וואָס באַשטייט פון אן ז̧רגאַניזאַציע פון באַוואָפנטע אַרבעטער, לויטן טיפּ פון דער קאָמונע; די צווייטע, בעאייס זיי שטייען דערפאַר, אַז די מלוכע-מאשין זאָל צעשטערט ווערן, שטעלן זיך לאַכלוטין ניט קלאָר פאָר, דורך וואָס וועט זי דער פּראָלעטאַריאַט פאַרבייטן און ווי אזוי וועט ער אויסנוצן די רעוואָלוציאָנערע מאַכט; די אנארכיסטן לייקענען אַפילע אָפּ, אז דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאט דאַרף אויסנוצן די מלוכע-מאַכט, זיי האַלטן ניט פון דער רעוואָלוציאָנערער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. 3) די ערשטע פאָדערן, אז דער פּראָלעטאַריאט זאָל ווערן צוגעגרייט צו דער רעוואָלוציע דורך אויסנוצן די מאָדערנע מלוכע; די אַנאַרכיסטן זיינען קעגן דעם.

קעגן קאַאוטסקען איז דער מאַרקסיזם פאַרטראָטן גראָד דורך פאַנעקוקן אין דער געגעבענער דיסקוסיע. וואָרום דאַווקע מאַרקס האָט געלערנט, אז דער פּראָלעטאַריאט קאָן ניט פּאָשעט פאַרנעמען די מלוכע-מאַכט אין דעם זין, וואָס דער אלטער מלוכע-אַפּאַראט גייט איבער אין נייע הענט, נאָר ער מוז צעקלאַפּן, צעברעכן דעמדאָזיקן אַפּאַראַט, פאַרבייטן אים דורך א נייעם.

קאַאוטסקי גייט אוועק פון מאַרקסיזם צו די אָפּאָרטוניסטן. וואָרום באַ אים פאַרשווינדט אינגאַנצן גראָד אָט די צעשטערונג פון דער מלוכע-מאַשין, וואס די אָפּאָרטוניסטן קאָנען עס אינגאַנצן ניט אָנעמען, און ס׳בלייבט מער ניט א הינטער-טירל פאַר זיי אין דעם זין, וואס זיי קאנען אויסטייטשן דאָס „איינעמען״, ווי פּאָשעט קריגן די מערהייט שטימן.

קעדיי צו פאַרדעקן זיין פעלשונג פון מאַרקסיזם, באַגייט זיך קאַאוטסקי ווי אַ באָקי: ער גיט אויך א „ציטאַט״ פון מאַרקסן גופע. אין יאָר 1850 האָט מארקס געשריבן וועגן דעם, אז עס איז נויטיק, „די קראַפט זאָל באַשטימט קאָנצענטרירט ווערן אין די הענט פון דער מלוכע-מאַכט״. און קאַאוטסקי פרעגט מיט טריאומף: צו וויל ניט פאַנעקוק צעשטערן דעם „צענטראַליזם״?

דאָס איז שוין פראָסט א קונץ, וואָס איז ענלעך צו בערנשטיינס אויס-מישן איניינעם דעם מאַרקסיזם און דעם פּרודאָניזם און די אַנשויאונגען אף פעדעראַציע אָנשטאָט צענטראַליזם.

די „ציטאַטע", וואס קאַאוטסקי נעמט, האט קיין שום שאַיכעס ניט אַהער. צענטראַליזם קאָן זיין סאַי בא דער אלטער און סאַי בא דער נייער מלוכע-מאשין. ווען די אַרבעטער וועלן פריייווילליק פאַרייניקן זייערע באַוואָפנטע קוי-כעס, וועט דאס זיין אַ צענטראַליזם, נאר ער וועט זיך שטיצן אַף דער „פול-קומער צעשטערונג" פונם צענטראַליסטישן מלוכע-אַפּאַראט, פון דער שטענ-דיקער אַרמיי, פּאָליציי, ביוראָקראַטיע. קאַאוטסקי באַגייט זיך דאָ מאַמעש, ווי אַ שווינדלער, בעאייס ער פאַרשווייגט די גוט באַוואוסטע באטראכטונגען פון מאַרקסן און ענגעלסן וועגן דער קאָמונע און שלעפּט אַרויס א ציטאַטע, וואָס האט קיין שאַיכעס ניט צו דער פראַגע.

...„עפשער וויל פאנעקוק צעשטערן די מלוכע-פונקציעס פון די באַ-אמטע? — שרייבט קאַאוטסקי ווייטער.— נאָר מיר באַגייען זיך דאָך ניט אָן באַאמטע אפילע אין דער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע און אין דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, איז שוין אָפּגערעדט וועגן דער מלוכע-פּאַרוואַלטונג. אונזער פּראָגראַם פּאָדערט ניט, אז עס זאלן אָפּגעשאַפט ווערן די מלוכע-באַאמטע, נאָר אז די באַאמטע זאָלן אויסגעקליבן ווערן דורכן פּאָלק...

„בא אונז גייט די רייד ניט וועגן דעם, וואָס פאַר אַ אויסזעען עס וועט האָבן דער פאַרוואַלטונגס-אַפּאראַט אין דער „צוקונפטס-מלוכע", נאָר וועגן דעם, צי צעשטערט אונזער פּאָליטישער קאַמף די מלוכע-מאַכט, איידער מיר האָבן זי איינגענומען (אונטערגעשטרייכט פון קאַאוטסקין). וואָס פאַר א מיניסטעריום מיט זיינע באַאמטע וואָלט געקאנט ווערן אָפּגעשאַפט?" ס'ווערן אויסגערעכנט דאס בילדונגס-מיניסטעריום, יוסטיץ-מיניסטעריום, פי-נאַנץ-מיניסטעריום, קריגס-מיניסטעריום. „ניין, קיין איינס פון די איצטיקע מי-ניסטעריומס וועט ניט אָפּגעשאַפט ווערן דורך אונזער פּאָליטישן קאַמף קעגן דער רעגירונג... איך כאַזער איבער קעדיי אויסמיידן מיספאַרשטייעניש: דאָ גייט ניט די רייד וועגן דעם, וואָס פאַר א געשטאַלט וועט געבן די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דער „צוקונפטס-מלוכע", ווען זי וועט זיגן, נאָר וועגן דעם, ווי אַזוי אונזער אָפּאָזיציע בייט איבער די איצטיקע מלוכע" (ז. 725).

דאָס איז אַ בעפיירעשע פאַרדרייאונג. פאנעקוק האט געשטעלט די פראַגע דאַפקע וועגן דער רעוואָלוציע. דאָס איז סאַי אינם נאָמען פונם אַר-טיקל, סאַי אין די ציטירטע שטעלן קלאָר געמאַכט געוואָרן. אריבערשפּרינ-דיק אַף דער פראגע וועגן דער „אָפּאָזיציע", פאַרבייט טאקע קאַאוטסקי דעם רעוואָלוציאָנערן שטאַנדפּונקט אף אן אָפּאָרטוניסטישן. בא אים קומט אַרויס אזוי: איצט איז די אָפּאָזיציע, און נאָכן איינעמען די מאַכט וועלן מיר באַ-זונדערס ריידן. די רעוואָלוציע ווערט פאַרשוואונדן. דאס איז גראָד דאָס, וואָס די אָפּאָרטוניסטן האָבן נויטיק געהאַט.

ריידן רעדט זיך דאָ ניט וועגן אָפּאָזיציע, און ניט וועגן פּאָליטיש קאַמף ביכלאַל, נאָר טאַקע וועגן דער רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע באַ-

שטייט דערין, וואָס דער פּראָלעטאריאט צעשטערט דעם „פאַרוואלטונגס-אפּאראט״ און דעם גאַנצן מלוכע-אפּאראט און פאַרבייט אים דורך א נייעם, וואָס באַשטייט פון באַוואָפנטע אַרבעטער. קאַאוטסקי ווייזט ארויס אן „אַבער-גלויבישן איראַס האַקאָוועד״ די „מיניסטעריומס״, נאָר פאַרוואָס קאָנען זיי ניט פאַרביטן ווערן, לאָמיר זאָגן, דורך קאָמיסיעס פון ספּעציאַליסטן באַ די פול-מעכטיקע און אַלמעכטיקע ראַטן פון ארבעטער און סאָלדאַטן-דעפּוטאַטן?

דער עצעם טאָך פון דער זאַך באַשטייט גאָרניט דערין, צו וועלן בלייבן „מיניסטעריומס״, אָדער עס וועלן זיין קאָמיסיעס „ספּעציאַליסטן״, אָדער וואָסערע ס׳איז אַנדערע אינסטיטוציעס, דאָס איז ניט וויכטיק. דער טאָך באַשטייט דערין, צו בלייבט די אלטע מלוכע-מאַשין (וואָס איז מיט טויזנט פעדים פאַרבונדן מיט דער בורזשואַזיע און איז דורך און דורך אָנגעזאַפּט מיט איינגעשטאַנענקייט און רוטינע), אָדער זי ווערט צעשטערט און פאַרביטן דורך א נייער. די רעוואָלוציע דאַרף באַשטיין ניט דערין, אז דער נייער קלאַס זאָל קאָמאַנדעווען, פאַרוואַלטן מיט דער הילף פון דער אלטער מלוכע-מאַשין, נאָר דערין, אז ער זאָל צעברעכן דידאָזיקע מאַשין און קאָמאַנדעווען, פאַרוואלטן מיט דער הילף פון א נייער מאַשין — דעמדאָזיקן גרונט-געדאַנק פון מאַרקסיזם פאַרשמירט קאַאוטסקי, אָדער ער האט אים אינגאַנצן ניט פאַרשטאַנען.

זיין פראַגע מיקויעך די באַאַמטע באוויזט קלאָר, אז ער האָט ניט פאַרשטאנען, וואָס עס לערנט אונז די קאָמונע און מאַרקס לערע. „מיר באַגייען זיך ניט אָן באאמטע אין דער פאַרטיי אָרגאַניזאציע און אין דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע״.

מיר באַגייען זיך ניט אן באַאַמטע באַם קאַפּיטאַליזם, באַ דער הערשאַפט פון דער בורזשואזיע. דער פּראָלעטאַריאַט איז אונטערדריקט די האָרעפּאַשנע מאַסן זיינען פארשקלאַפט דורכן קאפּיטאליזם. באַם קאַפּיטאליזם איז דער דעמאָקראטיזם פאַרשימלט, צונויפגעקוועטשט, ארומגעשניטן, צעקאַליעטשעט דורך דער גאנצער סוויווע פון לוין-שקלאַפעריי, נויט און אָרימקייט פון די מאַסן, דעריבער און נאָר דעריבער ווערן די אָנגעשטעלטע אין אונזערע פּאָליטישע און פראָפעסיאָנעלע ארגאַניזאַציעס פארדאָרבן (אָדער גענויער גערעדט: זיי האָבן א טענדענץ צו ווערן פארדאָרבן) דורך דער סוויווע פון קאַפּיטאַליזם, און ווייזן ארויס א נויגונג צו ווערן ביוראָקראַטן, ד. ה. פריווילעגירטע מענטשן, וואָס זיינען אָפּגעריסן פון די מאַסן און שטייען איבער די מאַסן.

דערין שטעקט דער טאָך פונם ביוראָקראַטיזם, און קאָלזמאַן עס זיינען נאָך ניט עקספּראָפּריאירט די קאַפּיטאליסטן, קאָלזמאַן עס איז נאָך ניט ארָאָפּגעוואָרפן די בורזשואזיע, ביז דעמאָלט איז ניט אויסצומיידן א געוויסע „ביוראקראַטיזירונג״ אפילע פון פּראָלעטארישע אָנגעשטעלטע.

באַ קאַאוטסקין קומט אויס אזוי: ווי באַלד עס בלייבן אויסגעקליבענע אָנגעשטעלטע, הייסט עס, וועלן בלייבן באַאַמטע אויך בעאייסן סאָציאַליזם, וועט בלייבן א ביוראָקראַטיע! גראָד דאָס טאָקע איז ניט ריכטיק. גראד אפּן

ביישפיל פון דער קאָמונע האָט מאַרקס באוויזן, אַז בעאייסן סאָציאַליזם הער די אָנגעשטעלטע אויף צו זיין „ביוראָקראַטן", צו זיין „באַאַמטע", זיי הערן אויף צו זיין, ווי נאָר עס ווערט איינגעשטעלט, אַז כוץ דעם, וואָס די אָנגע שטעלטע ווערן אויסגעקליבן, קאָנען זיי ווערן אראָפּגעזעצט צו יעדער צייט און אז זיי באקומען סכירעס ניט מער, ווי אַ דורכשניטלעכער אַרבעטער, און ווי נאָר די פּאַרלאַמענטאַרישע איינריכטונגען ווערן פארביטן דורך „אַרבעטנ-דיקע, ד. ה., אַזעלכע, וואָס גיבן ארויס געזעצן און פירן זיי אליין דורך אין לעבן".

בעעצעם באַווייזט קאַאוטסקיס גאנצע אַרגומענטאַציע קעגן פּאַנעקוקן און באזונדערס דער גרויסארטיקער ארגומענט, אַז סאַי אין די פּראָפעסיאָנעלע, סאַ אין די פּאַרטייאישע ארגאניזאַציעס באַגייען מיר זיך ניט אָן באאמטע, אַז קאַאוטסקי כאַזערט איבער בערנשטיינס אלטע ארגומענטן קעגן מאַרקסיזם ביכ-לאַל. אין זיין רענעגאטישן בוך „די פארויסזעצונגען פון סאָציאליזם" האָט בערנשטיין מילכאָמע קעגן די אידייען פון „פּרימיטיווער" דעמאָקראַטיע, קעגן דעם, וואָס ער רופט אָן „דאָקטרינישער דעמאָקראַטיזם" — אימפּעראַטיווע מאַנ-דאַטן, אָנגעשטעלטע, וואָס באקומען ניט קיין געצאָלט, אָנמעכטיקע צענטראַלע פאַרוואַלטונג א. א. וו. קעדיי צו באַווייזן, ווי ווייט דער „פּרימיטיווער דע-מאָקראַטיזם" האַלט ניט אויס, איז בערנשטיין זיך סוימעך אף דער דערפארונג פון די ענגלישע טרייד-יוניאָנען, ווי עס טייטשט זי אויס דאָס פּאר פּאָלק וועב. פּאַר די 70 יאר פון זייער אַנטוויקלונג זאָלן די טרייד-יוניאָנען, וואָס האָבן קלוימערשט זיך אַנטוויקלט „אין פולער פרייהייט" (ז. 137 פון דער דייטשי-שער אויסגאַבע), זיך האָבן גראָד איבערצייגט, אז דער פּרימיטיווער דעמאָק-ראַטיזם טויג ניט און זיי האָבן אים דערפאַר פאַרביטן דורכן געוויינלעכן פּאַרלאַמענטאַריזם, פּאַרבונדן מיט ביוראָקראַטיזם.

אין דער עמעסן אָבער האָבן די טרייד-יוניאָנען זיך אנטוויקלט ניט „אין פולער פרייהייט", נאָר אין פולער קאַפּיטאַליסטישער קנעכטשאַפט. באַ אזא צושטאַנד קאָן מען, פארשטייט זיך, „ניט באַגיין זיך" אָן אַסאַך פּשאָ-רעס מיט דעם אומרעכט, געוואלט, ליגן, וואָס עס הערשט אומעטום, בעאייס די אָרימע מאַסע איז אויסגעשלאָסן פון די איניאנים פון דער „העכערער" פּאַר-וואַלטונג. בעאייסן סאָציאַליזם וועלן אַסאַך זאַכן פון דער „פּרימיטיווער דע-מאָקראַטיע" געוויס אָפּלעבן. ווארום דאָס ערשטע מאָל וועט דאָס געשעען אין דער געשיכטע פון די ציוויליזירטע געזעלשאַפטן, אז די מאסע פון דער באַ-פעלקערונג וועט זיך דערהויבן דערצו, אַז זי זאָל נעמען א זעלבשטענ-דיקן אָנטייל ניט נאָר אין אָפּשטימונגען און אין וואַלן, נאָר אויך אין דער טאָגטעגלעכער פאַרוואַלטונג. בעאייסן סאָציאליזם וועלן אלע פּאר-וואַלטן, איינער נאָכן אָנדערן, און וועלן זיך גיך צוגעוואוינען דערצו, אז קיי-נער זאָל ניט פארוואַלטן.

מאַרקס האָט מיט זיין געניאַלן קריטיש-אַנאַליטישן סייכל דערזעען אין די פּראַקטישע מאַסמיטלען פון דער קאָמונע יענעם איבערבראָך, וואָס פאר איר האָבן מוירע און ווילן פון אים ניט וויסן די אָפּאָרטוניסטן צוליב

פּאָכדאָנעס, ווייל זיי ווילן ניט איינרייסן אַף שטענדיק מיט דער בורזשואַזיע, און וואָס ווילן אויך ניט זעען די אַנאַרכיסטן, אָדער צוליב איילעניש, אָדער ווייל זיי פאַרשטייען ביכלאַל ניט די טנאָאים פון סאָציאַלע מאַסן איבערקערע-נישן. „מע טאָר ניט אַפילו קלערן וועגן צעשטערן די אלטע מלוכע-מאַשין, ווי וועלן מיר זיך באַגיין אָן מיניסטעריומס און אָן באַאַמטע״ — אַזוי כקירעט זיך דער אָפּאָרטוניסט, וואָס איז דורך און דורך אָנגעזאַפּט מיט פיליסטערטום און וואָס לוידאַי וואָס ער גלויבט ניט אין דער רעוואָלוציע און אין דער שאַפונג פון דער רעוואָלוציע, נאָר ער האָט פאַר איר טויט-שרעק (פונקט ווי עס האָבן מוירע פאַר איר אונזערע מענשעוויקעס און עסערן).

„מע דאַרף קלערן נאָר וועגן צעשטערן די אלטע מלוכע-מאַשין, עס איז ניט קעדאַי אריינצודרינגען אין דער קאָנקרעטער פאָדערונג פון די פריערדיקע פּראָלעטאַרישע רעוואלוציעס און צו אנאַליזירן, דורך וואָס און ווי אזוי צו פאַרבייטן דאָס, וואָס עס וועט צעשטערט״ — אזוי קלערט דער אַנאַרכיסט (פאַרשטייט זיך, דער בעסטער צווישן די אַנאַרכיסטן, און ניט אַזעלכער, וואָס שלעפּט זיך נאָך דער בורזשואזיע איינינעם מיט די ה״ה קראָפּאָטקינס און כעוורַאַיע), דעריבער באַקומט זיך אויך באַם אַנאַרכיסט אַ טאַקטיק פון איעש, און ניט פון אומראַכמאָנעסדיק דרייסטער רעוואָלוציאָנערער ארבעט איבער קאָנקרעטע אויפגאַבן, וואָס רעכנט זיך מיט די פּראַקטישע טנאָאים פון דער מאַסן באַוועגונג.

מאַרקס לערנט אונז אויסצומיידן ביידע פעלערן. ער לערנט צו זיין דרייסט ביזן סאָף אין דער צעשטערונג פון דער גאַנצער אלטער מלוכע-מאַשין, און צוגלייך לערנט ער צו שטעלן די פראַגע קאָנקרעט; די קאָמונע האָט געקאָנט אין עטלעכע וואָכן אָנהויבן צו בויען א נייע, פּראָלעטאַרישע, מלוכע-מאַשין, דורכגעפירט אזוי און אזוי די מאָסמיטלען צוליב פאַרגרעסערן דעם דעמאָקראַטיזם און אויסוואָרצלען דעם ביוראָקראַטיזם. לאָמיר זיך לערנען בא די קאָמונאַרן רעוואלוציאָנערע דרייסטקייט, לאָמיר באַטראַכטן זייערע פּראַקטישע שריט, ווי אָנגעמערקטע מאָסמיטלען, וואָס זיינען פּראַקטיש וויכטיק און באַלד מעגלעך דורכצופירן, און דעמאָלט, גייענדיק אַף דעם וועג, וועלן מיר קומען צו דער פולקומער צעשטערונג פון ביוראָקראַטיזם.

די מעגלעכקייט פון אזא צעשטערונג איז פאַרזיכערט דורכדעם, וואָס דער סאָציאַליזם וועט פאַרקירצן דעם ארבעט-טאָג, וועט אויפהויבן די מאַסן צו אַ נייעם לעבן, וועט אוועקשטעלן די מערהייט פון דער באַפעלקערונג אין אזעל-כע טנאָאים, וואָס גיבן די מעגלעכקייט אלעמען אָן אויסנאַם אויסצופירן „מלו-כע-פונקציעס״, און דאָס ברענגט דערצו, אז די מלוכע ביכלאַל מוז אָפּ-שטאַרבן אינגאנצן.

... „די אויפגאַבע פון מאַסן-שטרייק — שרייבט קאַאוטסקי ווייטער — קאָן קיינמאָל ניט באַשטיין דערין, צו צעשטערן די מלוכע-מאַכט, נאָר דע-רין, צו צווינגען די רעגירונג נאָכצוגעבן אין א וואָסער עס איז קאָנקרעטער פּראַגע אדער צו פאַרבייטן א רעגירונג, וואָס איז פיינטלעך דעם פּראָלעטאַרי-אַט, דורך א רעגירונג, וואָס קומט אים אַנטקעגן... אָבער קיינמאָל און בא קיי-

נע אומשטאַנדן קאָן דאָס (ד. ה., דער ניצאָכן פונם פראָלעטאַריאַט איבער א פײנטלעכער רעגירונג) ניט ברענגען צו דער צעשטערונג פון דער מלוכע-מאַכט, נאָר מער ניט צו א געװיסן איבערבײט פון די קרעפטן-פאַרהעלטענישן אין דער מלוכע-מאַכט גופע... און דער ציל פון אונזער פאָליטישן קאַמף בלײבט דערבײ, װי ביז איצט, אײנצונעמען די מלוכע-מאַכט דורכדעם, װאָס מיר װעלן באַקומען אַ מערהײט אין פאַרלאַמענט, און מיר װעלן מאַכן דעם פאַרלאַמענט פאַר אַן אױבערהאַר איבער דער רעגירונג" (ז. ז. 726, 727, 732)

דאָס איז שױן דער רײנסטער און װאולגאַרסטער אָפּאָרטוניזם. דאָ זאָגט מען זיך שױן אָפּ פון דער רעװאָלוציע פּאַקטיש, הגם מיט װערטער אַנער-קענט מען זי. קאַאוטסקיס געדאַנק גײט ניט װײטער, װי ביז „אַ רעגירונג, װאָס קומט אַנטקעגן דעם פּראָלעטאַריאַט" — אַ שריט צוריק צום פיליסטערטום אין פאַרגלײך מיטן יאָר 1847, װען דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" האָט פּראָקלאַמירט די „אָרגאַניזירונג פונם פּראָלעטאַריאַט — אַ הערשנדיקער קלאַס".

קאַאוטסקין װעט אױסקומען מאַכן שותפעס מיט די שײדעמאַנס, פּלעכאַנאָװס, װאַנדערװעלדעס, װאָס זײ אַלע זײנען מסכים צו קעמפן פאַר אַ רע-גירונג, װאָס „קומט אַנטקעגן דעם פּראָלעטאַריאַט".

און מיר װעלן גײן אַף אַ שפּאַלטונג מיט דידאָזיקע פאַרעטער פונם סאָציאַליזם און מיר װעלן קעמפן פאַר דער צעשטערונג פון דער גאַנצער אַלטער מלוכע-מאַשין, אַזױ, אַז דער באַװאָפנטער פּראָלעטאַריאַט אַלײן זאָל זײן די רעגירונג, דאָס איז די „גרױסע נאַפקעמינע".

קאַאוטסקען װעט אױסקומען צו זײן אין דער פײנער קאָמפּאַניע פון די לעגינס און דאַװידס, פון די פּלעכאַנאָװס, פּאָטרעסאָװס, צערעטעלים, טשערנאָװס, װאָס זײנען פולקום מסכים צו קעמפן פאַר דעם „איבערבײט פון די קרעפטן-פאַרהעלטענישן אין דער מלוכע-מאַכט גופע", פאַר באַקומען אַ מערהײט אין פאַרלאַמענט און פאַר דער אַלמעכטיקײט פונם פאַרלאַמענט איבער דער רעגי-רונג". דאָס איז דער אײדעלער ציל, װאו אַלץ קאָנען די אָפּאָרטוניסטן אָננעמען, װאו אַלץ בלײבט אין די ראַמען פון אַ בורזשואַזער פאַרלאַמענטאַרישער רע-פּובליק.

און מיר װעלן גײן אַף אַ שפּאַלטונג מיט אָפּאָרטוניסטן, און דער גאַנצער באַװאוסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט װעט זײן מיט אונז אין קאַמף ניט פאַר דעם „איבערבײט פון די קרעפטן-פאַרהעלטענישן", נאָר פאַר אַראָפּװאַרפן די בורזשואַזיע, פאַר צעשטערן דעם בורזשואַזן פאַרלאַמענטאַריזם, פאַר דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק פונם טיפּ פון דער קאָמונע אָדער דער רע-פּובליק פון די אַרבעטער און סאָלדאַטן-דעפּוטאַטן, פאַר דער רעװאָלוציאָנערער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

* * *

רעכטער פאַר קאַאוטסקין אינם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם שטײען אַזעלכע שטרעמונגען, װי די „סאָציאַליסטישע מאָנאַטס-העפטן" אין דײטשלאַנד לעגין, דאַװיד, קאָלב און אסאך אנד. צװישן דעם אױך די סקאַנדינאַװער

סטאונינג און בראַנטינג), די זשאָרעסיסטן און וואַנדערוועלדע אין פראנקרייך און בעלגיע, טוראַטי, טרעוועס און אַנד. פאָרשטייער פון רעכטן פליגל פון דער איטאַליענישער פּאַרטיי, די פאַביאַנער און די „אומאפּהענגיקע" „די אומאפּהענגיקע אַרבעטער-פּאַרטיי" (וואָס איז אין דער עמעסן שטענדיק געווען אָפּהענגיק פון די ליבעראלן) אין ענגלאַנד א. ד. גל. אַלע דידאָזיקע לייט, וואָס שפּילן אַ גרויסע, אָפטמאָלס אַ הערשנדיקע ראָלע אין דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַרבעט און אין דער פּובליציסטיק פון דער פּאַרטיי, לייקענען דירעקט אָפּ די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאריאַט, פירן דורך אָפּענעם אפּאָרטוניזם, פאַר דידאָזיקע לייט איז די „דיקטאַטור" פונם פּראָלעטאַריאַט „סויסער" די דעמאָקראַטיע!! זיי אונטערשיידן זיך בעצעם מיט קיין זאַך ניט ערנסט פון קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן.

ווען מיר נעמען אין אַכט אָט דעם אומשטאַנד האָבן מיר דאָס רעכט צו מאַכן דעם אויספיר, אַז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל מיט דער גרעסטער מערהייט פון זיינע אָפיציעלע פאָרשטייער האָט זיך אינגאנצן אַראָפּגעקייקלט צום אפּאָרטוניזם. די דערפאַרונג פון דער קאָמונע איז ניט בלויז פארגעסן געוואָרן, נאָר אויך געוואָרן פּאַרפעלשט. די אַרבעטער-מאַסן האָט מען ניט נאָר ניט געלערנט, אַז עס איז נאָענט די צייט, ווען זיי וועלן מוזן אַרויסטרעטן און צעברעכן די אַלטע מלוכע-מאַשין, פאַרבייטן זי דורך אַ נייער און מאַכן אַף אַזאַ אויפן זייער פּאָליטישע הערשאַפט פאַרן יעסאָד פון דער סאָציאַליסטישער איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט, — נאָר פאַרקערט, מע האָט די מאַסן געלערנט פונקט דעם הייפּעך. מע האָט דאָס „איינעמען די מאַכט" פאָרגעשטעלט אַזוי, אַז עס זיינען געבליבן טויזנטער הינטערטירלעך פאַרן אפּאָרטוניזם.

די פעלשונג און דאָס פאַרשווייגן די פראגע וועגן דער באציאונג פון דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע צו דער מלוכע, האָט געמוזט שפּילן א גרויסע ראָלע דעמאָלט, ווען די מלוכעס, וואס צוליב דער אימפעריאליסטישער קאָנקורענץ האָט זיך אין זיי פארשטארקט ביז גאָר דער מיליטערישער אפּאראט, זיינען געוואָרן עמעסע מיליטערישע כאַיעס, וואָס פארטיליקן מיליאָנען מענטשן צוליב דעם, קעדיי צו אנטשיידן דעם שטרייט, צי ענגלאנד אָדער דייטשלאנד, דער אָדער יענער פינאנץ-קאַפּיטאַל זאָל געוועלטיקן איבער דער וועלט.

---

## נאָכוואָרט צו דער ערשטער אויסגאַבע.

דידאָזיקע בראָשור איז אָנגעשריבן אין אַווגוסט און סענטיאַבר פון יאָר 1917. איך האָב שוין געהאַט צונויפגעשטעלט דעם פּלאַן פונם ווייטערדיקן, זי־בעטן קאַפּיטל: „די דערפאַרונג פון די רוסישע רעוואָלוציעס פון די יאָרן 1905 און 1917‟. נאָר כוצן קעפל האָב איך ניט באַוויזן אָנצושרייבן קיין איין שורע: געשטערט האָט דער פּאָליטישער קריזיס, דער ערעוו פון דער אָקטיאַבר־רע־וואָלוציע פון יאָר 1917. אַזאַ „שטערונג‟ קאָן נאָר פרייען. נאָר דעם צווייטן טייל פון דער בראָשור, (וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער „דערפאַרונג פון די רו־סישע רעוואָלוציעס פון די יאָרן 1905 און 1917‟) וועט עפשער אויסקומען אָפּלייגן אף א לאַנגער צייט; ס'איז אַנגענעמער און נוצלעכער דורכצומאַכן די „דערפאַרונג פון דער רעוואָלוציע‟, איידער וועגן איר צו שרייבן.

**דער מעכאַבער.**

פּעטראָגראַד, 30 נאָיאַבר, 1917

---

## פאָרוואָרט צו דער צווייטער אויסגאַבע.

די איצטיקע צווייטע אויסגאַבע ווערט געדרוקט קימאַט אָן ענדערונגען. עס איז נאָר צוגעגעבן דער 3־טער פּאַראַגראַף צום 2־טן קאַפּיטל.

**דער מעכאַבער.**

מאָסקווע, 17 דעקאַבר, 1918 יאָר

אָנגעשריבן אין אווגוסט — סענטיאַבר 1917 יאָר ארויסגעגעבן אין א באַזונדער בראָשור אין נאָיאַבר 1917 י. מיט דער אונטערשריפט ב. לענין (וו. אילאין).

---

# א י נ ה אַ ל ט

זייטל